# הברית החדשה

# דאס נייע טעסטאמענט

פון

# דעם משיח

אויפ'ס נייא איבערזעצט אין יודיש

פון

מרדכי שמואל בערגמאנן.



לאנדאן

1912.

בריטיש אונד אויסלענדישע ביבעל-געזעלשאפט.

The New Testament in Yiddish.
Bergmann's Revision of 1912.



### אינהאלטס פֿערצייכענים

פֿון

# דעם ברית החדשה.

# דִּיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוּרָה פוּן מַתִּיָה

1 דָאס בּוּךְ פוּן דֶער גֶעבּוּרְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, זוּהְן פוּן
2 דָוִד, זוּהְן פוּן אַבְרָהָם: אַבְרָהָם הָאט גֶעבּוֹירֶען יִצְחָק,
אוּנְד יִצְחָק הָאט גֶעבּוֹירֶען יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב, הָאט גֶעבּוֹירֶען
3 יְהוּדָה, אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער: אוּנְד יְהוּדָה הָאט גֶעבּוֹירֶען
פֶּרֶץ אוּנְד זֶרַח פוּן תָּמָר, אוּנְד פֶּרֶץ הָאט גֶעבּוֹירֶען חֶצְרוֹן,
4 אוּנְד חֶצְרוֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען רָם: אוּנְד רָם הָאט גֶעבּוֹירֶען
עַמִינָדָב, אוּנְד עַמִינָדָב הָאט גֶעבּוֹירֶען נַחְשׁוֹן, אוּנְד נַחְשׁוֹן
5 הָאט גֶעבּוֹירֶען שַׂלְמוֹן: אוּנְד שַׂלְמוֹן, הָאט גֶעבּוֹירֶען בּוֹעַז,
פוּן רָחָב, אוּנְד בּוֹעַז הָאט גֶעבּוֹירֶען עוֹבֵד פוּן רוּת, אוּנְד
6 עוֹבֵד הָאט גֶעבּוֹירֶען יִשַׁי: אוּנְד יִשַׁי הָאט גֶעבּוֹירֶען דָוִד
הַמֶלֶךְ. אוּנְד דָוִד הַמֶלֶךְ הָאט גֶעבּוֹירֶען שְׁלֹמֹה פוּן אִיהְר
7 וָואס אִיז גֶעוֶועֶן דָאס וַוייבּ פוּן אוּרִיָה: אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט
גֶעבּוֹירֶען רְחַבְעָם, אוּנְד רְחַבְעָם הָאט גֶעבּוֹירֶען אֲבִיָה, אוּנְד
8 אֲבִיָה הָאט גֶעבּוֹירֶען אָסָא: אוּנְד אָסָא הָאט גֶעבּוֹירֶען
יְהוֹשָׁפָט, אוּנְד יְהוֹשָׁפָט הָאט גֶעבּוֹירֶען יְהוֹרָם, אוּנְד יְהוֹרָם
9 הָאט גֶעבּוֹירֶען עֻזִיָהוּ: אוּנְד עֻזִיָהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען יוֹתָם,
אוּנְד יוֹתָם הָאט גֶעבּוֹירֶען אָחָז, אוּנְד אָחָז הָאט גֶעבּוֹירֶען
10 חִזְקִיָהוּ: אוּנְד חִזְקִיָהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען מְנַשֶׁה, אוּנְד מְנַשֶׁה
הָאט גֶעבּוֹירֶען אָמוֹן, אוּנְד אָמוֹן הָאט גֶעבּוֹירֶען יֹאשִׁיָהוּ:
11 אוּנְד יֹאשִׁיָהוּ הָאט גֶעבּוֹירֶען יְכָנְיָהוּ אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער אִין
12 דֶער צֵייט פוּן דֶער פֶּערְטְרַייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל: אוּנְד נָאךְ דֶער
פֶּערְטְרַייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל הָאט יְכָנְיָהוּ גֶעבּוֹירֶען שְׁאַלְתִּיאֵל,
13 אוּנְד שְׁאַלְתִּיאֵל הָאט גֶעבּוֹירֶען זְרֻבָּבֶל: אוּנְד זְרֻבָּבֶל הָאט
גֶעבּוֹירֶען אַבִיהוּד, אוּנְד אַבִיהוּד הָאט גֶעבּוֹירֶען אֶלְיָקִים,
14 אוּנְד אֶלְיָקִים הָאט גֶעבּוֹירֶען עַזוּר: אוּנְד עַזוּר הָאט גֶע־
בּוֹירֶען צָדוֹק, אוּנְד צָדוֹק הָאט גֶעבּוֹירֶען יָכִין, אוּנְד יָכִין
15 הָאט גֶעבּוֹירֶען אֱלִיהוּד: אוּנְד אֱלִיהוּד הָאט גֶעבּוֹירֶען
אֶלְעָזָר, אוּנְד אֶלְעָזָר הָאט גֶעבּוֹירֶען מַתָּן, אוּנְד מַתָּן הָאט
16 גֶעבּוֹירֶען יַעֲקֹב: אוּנְד יַעֲקֹב הָאט גֶעבּוֹירֶען יוֹסֵף דֶער מַאן
פוּן מִרְיָם, פוּן וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען יֵשׁוּעַ דֶער
17 הֵייסְט מָשִׁיחַ: אוּנְד פוּן דִיא גֶעבּוּרְט פוּן אַבְרָהָם בִּיז דָוִד
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִירְצֶען דוֹרוֹת; אוּנְד פוּן דָוִד בִּיז צוּ דֶער

פֶּערְטְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל פִירְצֶען דוֹרוֹת; אוּנְד פוּן דֶער
פֶּערְטְרֵייבּוּנְג קֵיין בָּבֶל בִּיז מָשִׁיחַ פִירְצֶען דוֹרוֹת.
18 אוּנְד דִיא גֶעבּוּרְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אַזוֹי גֶעוֶועזֶען, וֶוען
זֵיינֶע מוּטֶער מִרְיָם אִיז גֶעוֶועזֶען פֶּערְקְנַאסְט צוּ יוֹסֵף, אוּנְד
אֵיידֶער זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען, אִיז זִיא גֶעפִינֶען
19 גֶעוָוארֶען מְעוּבֶּרֶת פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: אָבֶּער אִיהְר מַאן
יוֹסֵף אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צַדִיק, אוּנְד הָאט זִיא נִיט גֶעוָואלְט
עֶפֶּענְטלִיךְ בֶּעשֶׁעהְמֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעדַאכְט זִיא שְׁטִיר־
20 לֶערְהֵייט אָפְּצוּלָאזֶען: אוּנְד וִויא עֶר הָאט זִיךְ דָאס אִיבֶּערְ־
לֶעגְט, זֶעה, הָאט זִיךְ אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר צוּ אִיהְם
בֶּעוִויזֶען אִין אַ חָלוֹם, אוּנְד גֶעזָאגְט, יוֹסֵף, בֶּן דָוִד, פָארְכְט
דִיךְ נִיט צוּ דִיר צוּ נֶעמֶען דֵיין וַוייבּ מִרְיָם; וָוארִין דָאס
וָואס אִיז אִין אִיהְר עֶנְטְפַאנְגֶען אִיז פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
21 אוּנְד זִיא וֶועט גֶעוִוינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען
רוּפֶען יֵשׁוּעַ, וָוארִין עֶר וֶועט זֵיין פָאלְק רֶעטֶען פוּן זֵיירֶע
22 זִינְד: אוּנְד דָאס אַלֶעס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם
וֶוערֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט פוּן דֶעם הַאר דוּרְךְ דֶעם נָבִיא,
23 וָואס הָאט גֶעזָאגְט: "זֶעה, דִיא יוּנְגְפְרוֹיא וֶועט שְׁוַואנְגֶער
וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט גֶעוִוינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד מֶען וֶועט זֵיין
נָאמֶען רוּפֶען עִמָּנוּאֵל", וָואס אִיז פֶּערְטֵייטְשְׁט גָאט מִיט
24 אוּנְס: אוּנְד וֶוען יוֹסֵף אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן שְׁלָאף הָאט
עֶר גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא דֶער מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר הָאט
אִיהְם גֶעהֵייסֶען, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין וַוייבּ צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען:
25 אוּנְד עֶר הָאט זִיא נִיט דֶערְקָאנְט בִּיז זִיא הָאט גֶעבּוֹירֶען
אַ זוּהְן, אוּנְד עֶר הָאט זֵיין נָאמֶען גֶערוּפֶען יֵשׁוּעַ:

## קַאפִּיטֶעל ב

1 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין בֵּית לֶחֶם פוּן
יְהוּדָה, אִין דִיא טֶעג פוּן הוֹרְדוֹס הַמֶלֶךְ, זֶעה, זֶענֶען חֲכָמִים
2 גֶעקוּמֶען פוּן מִזְרַח קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
וְואוּ אִיז דֶער וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען דֶער מֶלֶךְ
פוּן דִיא יוּדֶען? וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיין שְׁטֶערְן
אִין מִזְרַח, אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְס צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען:
3 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס הַמֶלֶךְ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ
4 דֶערְשְׁרָאקֶען, אוּנְד גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם מִיט אִיהְם: אוּנְד עֶר

הָאט פֶערְזַאמֶעלְט אַלֶע עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים פוּן
דֶעם פָאלְק, אוּנְד הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט ווָאוּ זָאל דֶער
מָשִׁיחַ גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם 5
גֶעזָאגְט, אִין בֵּית־לֶחֶם פוּן יְהוּדָה; וָוארִין אַזוֹי שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, (מיכה ה׳ א.)

״אוּנְד דוּא בֵּית לֶחֶם לַאנְד פוּן יְהוּדָה, בִּיסְט נִיט דִיא 6
קְלֵיינְסְטֶע צְוִוישֶׁען דִיא טוֹיזֶענְדֶע פוּן יְהוּדָה, וָוארִין
פוּן דִיר וֶועט אַרוֹיסְקוּמֶען אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער, דֶער
וֶועט זַיין אַ פַּאסְטוּךְ אִיבֶּער מֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל״:

דֶענְסְמָאל הָאט הוֹרְדוֹס גֶערוּפֶען דִיא חֲכָמִים שְׁטִילֶערְהֵייט, 7
אוּנְד הָאט בֵּייא זַייא גוּט אוֹיסְגֶעפָארְשְׁט דִיא צֵייט וֶוען
דֶער שְׁטֶערְן הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא 8
גֶעשִׁיקְט קֵיין בֵּית לֶחֶם, אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּנְד פָארְשְׁט
גַאנְץ גוּט וֶועגֶען דֶעם יוּנְגֶען קִינְד; אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט
אִיהְם גֶעפִינֶען, בְּרֶענְגְט מִיר תְּשׁוּבָה, אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ
גֶעהֶען מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען 9
דֶעם מֶלֶךְ אוֹיסְגֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד
אוּנְד זֶעה, דֶער שְׁטֶערְן, וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
אִין מִזְרַח, אִיז פָאר זַייא גֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
אוּנְד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אִיבֶּער דֶעם אָרְט ווָאוּ דָאס
יוּנְגֶע קִינְד אִיז גֶעוֶועזֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען 10
דֶעם שְׁטֶערְן, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעפְרֵייט מִיט אַ זֶעהְר
גְרוֹיסֶע פְרֵייד: אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אִים הוֹיז אַרֵיינְ־ 11
גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען דָאס יוּנְגֶע קִינְד מִיט
זַיינֶע מוּטֶער מִרְיָם, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט. אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אוֹיפְגֶעמַאכְט זַיירֶע אוֹצְרוֹת אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
מַתָּנוֹת, גָאלְד, ווֵייהְרוֹיךְ אוּנְד גֶעווִירְץ: אוּנְד זַייא זֶענֶען 12
גֶעוָוארְנְט גֶעוָוארֶען פוּן גָאט אִין אַ חָלוֹם, אַז זַייא זָאלֶען
זִיךְ נִיט אוּמְקֶעהְרֶען צוּ הוֹרְדוֹס, אַזוֹי זֶענֶען זַייא צוּרִיקְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ זַייעֶר לַאנְד בֵּייא אֵיין אַנְדֶערְן וֶועג:
אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען, זֶעה, הָאט זִיךְ אַ 13
מַלְאָךְ פוּן גָאט בֶּעווִיזֶען צוּ יוֹסֵף אִין אַ חָלוֹם, אוּנְד גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד נֶעם דָאס יוּנְגֶע קִינְד אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער,

אוּנְד אֶנְטְלוֹיף קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד זַייא דָארְט בִּיז אִיךְ וֶועל
דִיר זָאגֶען; וָוארִין הוֹרְדוֹס וֶועט דָאס יוּנְגֶע קִינְד זוּכֶען
14 כְּדֵי עֶר זָאל עֶם אוּמבְּרֶענְגֶען: אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס יוּנְגֶע קִינְד אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער
בַּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין מִצְרַיִם:
15 אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען בִּיז הוֹרְדוֹס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,
כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען דָאס וָוארְט, וָואס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם הַאר דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, וָואס הָאט גֶע־
16 זָאגְט "פוּן מִצְרַיִם הָאבּ אִיךְ גֶערוּפֶען מֵיין זוּהְן": וֶוען הוֹרְדוֹס
הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט גֶעוָוארֶען בַּייא דִיא
חֲכָמִים, הָאט עֶר זִיךְ זֶעהְר דֶערְצָארְנְט, אוּנְד הָאט אַהִינְגֶע־
שִׁיקְט אוּנְד גֶעהַרְגֶעט אַלֶע קִינְדֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין
בֵּית לֶחֶם אוּנְד אִין אַלֶע אִיהְרֶע גְרֶענְצֶען, פוּן צְוֵוייא יָאהְר
אוּנְד דְרוּנְטֶער. נָאךְ דֶער צַייט נָאךְ וָואס עֶר הָאט אוֹיסְגֶע־
17 פָּארְשְׁט בַּייא דִיא חֲכָמִים: דַאן אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארֶען וָואס
אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יִרְמְיָה הַנָּבִיא, וָואס הָאט גֶעזָאגְט:
18 "אַ קוֹל אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען אִין רָמָה, אַ קְלָאג אוּנְד
גֶעוויין אוּנְד גְרוֹיס בִּיטֶערְנִיס, רָחֵל וֵויינְט אִיבֶּער אִיהְרֶע
קִינְדֶער, אוּנְד וִויל נִיט גֶעטְרַייסְט וֶוערֶען, וֵוייל זַייא
זֶענֶען נִיט דָא": (ירמיה לא׳ טו׳)
19 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי הָאט זִיךְ אַ
מַלְאָךְ פוּן גָאט בֶּעוִויזֶען אִין אַ חָלוֹם צוּ יוֹסֵף אִין מִצְרַיִם:
20 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד נֶעם דָאס יוּנְגֶע
קִינְד אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד גֶעה קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל;
וָוארִין דִיא זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען וָואס הָאבֶּען גֶעזוּכְט דָאס
21 לֶעבֶּען פוּן דֶעם יוּנְגֶען קִינְד: אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס יוּנְגֶע קִינְד אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער,
22 אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל: אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט
גֶעהֶערְט אַז אַרְקְלוֹס הָאט רֶעגִירְט אִין יְהוּדָה אַנְשְׁטָאט
זַיין פָאטֶער הוֹרְדוֹס, הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט דָארְט אַהִין
צוּ גֶעהֶען; אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוָוארְנְט גֶעוָוארֶען אִין אַ
חָלוֹם, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן דֶעם
23 לַאנְד גָלִיל: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעוְואוֹינְט
אִין אַ שְׁטָאט וָואס הֵייסְט נְצֶרֶת, כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען

וָואס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים, אַז עֶר זָאל גֶערוּפֶען
װֶערֶען נָצְרִי:

## קאפיטעל ג

1 אִין יֶענֶע טֶעג אִיז יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶע־
2 פְּרֶעדִיגְט אִין דֶער מִדְבָּר פוּן יְהוּדָה: אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה; וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז
3 נָאהֶענְט: אוּנְד דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא
הָאט גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט, (ישעיה, מ׳ ג.)
"אַ קוֹל רוּפְט אוֹים אִין דֶער מִדְבָּר, מַאכְט פַּארְטִיג
דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר, מַאכְט גְלַייךְ זַיינֶע שְׁטֶעגֶען":
4 אוּנְד דֶער דָאזִיגֶער יוֹחָנָן אִיז גֶעוֶועזֶען אָנְגֶעטְהוּן מִיט אַ
קְלֵייד פוּן קֶעמֶעל הָאר אוּנְד אַ לֶעדֶערְנֶען גַארְטֶעל אַרוּם
זַיינֶע לֶענְדֶען, אוּנְד זַיינֶע שְׁפֵּייז אִיז גֶעוֶועזֶען הֵיישְׁרֶעקֶען
5 אוּנְד װִילְדֶער הָאנִיג: דַאן זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד גַאנְץ יְהוּדָה, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד
6 פוּן יַרְדֵן: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט בֵּייא אִיהְם
טוֹבְלֶן אִים שְׁטְרוֹים יַרְדֵן, אוּנְד הָאבֶּען מִתְוַדֶּה גֶעוֶועזֶען
7 זֵיירֶע זִינְד: אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען פִילֶע פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ זַיין טְבִילָה,
הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר שְׁלַאנְגֶענְגֶעשְׁלֶעכְט, װֶער
הָאט אֵייךְ גֶעוָוארְנְט אַז אִיהְר זָאלְט אַנְטְרִינֶען פוּן דֶעם
8 גְרִימְצָארְן וָואס װֶעט קוּמֶען? דְרוּם בְּרֶענְגְט פְּרוּכְט אַזוֹי
9 וִויא עֶס גֶעהֶערְט צוּ זַיין דוּרְךְ תְּשׁוּבָה טְהוּן: אוּנְד דֶענְקְט
נִיט אִין אֵיירֶער הַארְץ צוּ זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען אַבְרָהָם פַאר
אוּנְזֶער פָאטֶער; וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז גָאט קֶען פוּן
10 דִיזֶע שְׁטֵיינֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ אַבְרָהָם: אוּנְד
דִיא הַאק לִיגְט שׁוֹין אוֹיף דִיא וָוארְצֶעל פוּן דִיא בֵּיימֶער;
דְרוּם אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס בְּרֶענְגְט נִיט גוּטֶע פְּרוּכְט
װֶעט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען, אוּנְד אִין פֵייעֶר אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען:
11 זֶעהְט, אִיךְ טוֹבֵל אֵייךְ מִיט וַואסֶער תְּשׁוּבָה צוּ טְהוּן;
אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶער נָאךְ מִיר קוּמְט אִיז שְׁטַארְקֶער
פוּן מִיר, דֶעם אִיךְ בִּין נִיט װֶערְט זַיינֶע שִׁיךְ צוּ טְרָאגֶען;
עֶר װֶעט אֵייךְ טוֹבְלֶן מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט
12 פֵייעֶר: זַיינֶע װִינְד־שׁוֹפֶעל אִיז אִין זַיינֶע הַאנְד, אוּנְד עֶר

וֶועט זַיינֶע שֵׁייעֶר גוּט אוֹיסְרֵיינִיגֶען; אוּנְד וֶועט דָאס קָארְן
זַאמֶעלְן אִין זַיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרַיין, אָבֶּער דָאס שְׁטְרוֹי וֶועט
עֶר פֶערבְּרֶענֶען אִים פֵייעֶר וָואס אִיז נִיט פֶערְלָאשֶׁען:
13 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען פוּן גָלִיל צוּם יַרְדֵן צוּ יוֹחָנָן, אַז
14 עֶר זָאל זִיךְ בַּייא אִיהְם לָאזֶען טוֹבְלְן: אָבֶּער יוֹחָנָן הָאט
אִיהְם פֶערְוֶועהְרְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ דַארְף מִיךְ לָאזֶען
15 בֵּייא דִיר טוֹבֵלְן, אוּנְד קוּמְסְט דוּא צוּ מִיר? אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז עֶס אִיצְט
אַזוֹי זַיין, וָוארִין עֶס גֶעבִּירְט אוּנְס אַלֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ
16 דֶערְפִילֶען, דַאן הָאט עֶר אִיהְם גֶעלָאזְט: וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעטוֹבַלְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי אִיז עֶר בַּאלְד אוֹיס דֶעם וַואסֶער
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען; אוּנְד זֶעה, דֶער הִימֶעל הָאט זִיךְ אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט
אַרוּנְטֶערְקוּמֶען גְלֵייךְ וִויא אַ טוֹיבּ, קוּמֶענְדִיג אוֹיף אִיהְם:
17 אוּנְד זֶעה, אַ קוֹל פוּן הִימֶעל הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:

קאפיטעל ד

1 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אִין
דֶער מִדְבָּר אַרַיין, כְּדֵי פוּן דֶעם שָׂטָן גֶעפְּרִיפְט צוּ וֶוערֶען:
2 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעפַאסְט פִירְצִיג טֶעג אוּנְד פִירְצִיג
3 נֶעכְט, אִיז עֶר דֶערְנָאךְ הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען: אוּנְד דֶער
פְּרִיפֶער אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען
דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט, בֶּעפֶעהְל אַז דִיזֶע שְׁטֵיינֶער
4 זָאלֶען וֶוערֶען בְּרוֹיט: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, "דֶער מֶענְשׁ זָאל נִיט
לֶעבֶּען פוּן בְּרוֹיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט פוּן אִיטְלִיכֶען וָוארְט
5 וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל פוּן גָאט": דַאן נֶעמְט
אִיהְם דֶער שָׂטָן צוּ דֶער הֵיילִיגֶער שְׁטָאט, אוּנְד שְׁטֶעלְט
6 אִיהְם אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ: אוּנְד זָאגְט
צוּ אִיהְם וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט אַזוֹי וַוארְף דִיךְ
אַרוּנְטֶער; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, (תהלים צא׳ יא׳)
"עֶר וֶועט זַיינֶע מַלְאָכִים וֶועגֶען דִיר בֶּעפֶעהְלֶען, אוּנְד
זַייא וֶועלֶען דִיךְ אוֹיף דִיא הֶענְד טְרָאגֶען, אַז דוּא
זָאלְסְט נִיט דַיין פוּס אָנְשְׁטוֹיסֶען אָן אַ שְׁטֵיין":

אוּנד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶע־ 7
שְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט נִיט פְּרִיפֶען דֶעם הַאר דֵיין גָאט:
אוּנְד דֶער שָׂטָן נֶעמְט אִיהְם ווִידֶער אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג, 8
אוּנְד ווַייזְט אִיהְם אַלֶע קֶענִיגְרַייכֶע פוּן דֶער ווֶעלְט, אוּנְד
זֵיירֶע הֶערְלִיכְקַייט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס 9
אַלֶעס ווֶעל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען, ווֶען דוּא ווֶעסְט אַנִידֶער פַּאַ־
לֶען, אוּנְד ווֶעסְט דִיךְ צוּ מִיר בִּיקֶען: דַאן זָאגְט יֵשׁוּעַ צוּ 10
אִיהְם, גֶעה אַוֶועק פוּן מִיר, דוּא שָׂטָן; ווָארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט דִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם הַאר דֵיין גָאט,
אוּנְד אִיהְם אַלֵיין זָאלְסְט דוּא דִינֶען: דַאן הָאט אִיהְם דֶער 11
שָׂטָן פֶערְלָאזְט; אוּנְד זֶעה, מַלְאָכִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט:
אוּנְד ווֶען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט 12
גֶעווָארֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל: אוּנְד 13
עֶר הָאט פֶערְלָאזְט נְצָרֶת, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעוְואוֹינְט אִין כְּפַר־נַחוּם, ווָאס אִיז בֵּיים בָּארְטֶען פוּן דֶעם
יַם, אִין דִיא בֶּעגֶענְד פוּן זְבֻלוּן אוּנְד נַפְתָּלִי: כְּדֵי עֶס זָאל 14
מְקוּיָם ווֶעם אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא ווָאס זָאגְט:
,,דוּא לַאנְד זְבֻלוּן אוּנְד דָאס לַאנְד נַפְתָּלִי, דֶער ווֶעג פוּן 15
דֶעם יַם, אוֹיף יֶענֶער זַייט פוּן יַרְדֵן, גָלִיל פוּן דִיא גוֹיִם:
דָאס פָאלְק ווָאס זִיצְט אִין פִינְסְטֶערְנִיס, הָאט גֶעזֶעהֶען 16
אַ גְרוֹיס לִיכְט, צוּ דִיא ווָאס זִיצֶען אִים לַאנְד אוּנְד
שָׁאטֶען פוּן טוֹיט, אִיז לִיכְט אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען'':
פוּן דֶער צַייט אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען 17
אוּנְד צוּ זָאגֶען, טְהוּט תְּשׁוּבָה; ווָארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם
אִיז נָאהֶענְט: אוּנְד גֶעהֶענְדִיג בֵּיים יַם פוּן גָלִיל הָאט עֶר 18
גֶעזֶעהֶען צְווַייא בְּרִידֶער, שִׁמְעוֹן דֶער הֵייסְט פֶּעטְרוֹס, אוּנְד
אַנְדְרַי זֵיין בְּרוּדֶער, ווָאס הָאבֶּען גֶעווָארְפֶען אַ נֶעץ אִים
יַם אַרֵיין; ווָארִין זַייא זֶענֶען גֶעווֶעזֶען פִישֶׁער: אוּנְד עֶר הָאט 19
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פָאלְגְט מִיר נָאךְ, אוּנְד אִיךְ ווֶעל אֵייךְ
מַאכֶען צוּ פִישֶׁער פוּן מֶענְשֶׁען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גְלֵייךְ 20
זֵיירֶע נֶעצֶען פֶערְלָאזְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען ווַייטֶער גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶע־ 21
זֶעהֶען צְווַייא אַנְדֶערֶע בְּרִידֶער, יַעֲקֹב, דֶער זוּהְן פוּן זַבְדַי,

אוּנְד זַיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אִין אַ שִׁיף מִיט זַייעֶר פָּאטֶער
זַבְדַי, וָואס הָאבֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט זַייעֶרע נֶעצֶען; אוּנְד
22 עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גְלַייךְ פֶערְלָאזְט
דָאס שִׁיף אוּנְד זַייעֶר פָּאטֶער, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶע־
פָּאלְגְט;
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּנְד הָאט
גֶעלֶעהְרְט אִין זַייעֶרע שׁוּלֶען, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא
בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ, אוּנְד הָאט גֶעהַיילְט
אַלֶערְלַייא קְרַאנְקְהַייט אוּנְד שְׁמֶערְצֶען צְוִוישֶׁען דֶעם פָּאלְק:
24 אוּנְד זַיין שֵׁם אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין גַאנְץ סוּרְיָא; אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלֶערְלַייא קְרַאנְקֶע, אוּנְד
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוֶועזֶען מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע
קְרֶענְק אוּנְד שְׁמֶערְצֶען, אוּנְד וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים,
אוּנְד דִיא מְשֻׁגָענֶע אוּנְד גִיכְטבְּרִיכִיגֶע; אוּנְד עֶר הָאט זַייא
25 גֶעהַיילְט: אוּנְד פִיל לַייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן
גָלִיל אוּנְד פוּן דֶעקַאפָּלִים אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד פוּן יְהוּדָה
אוּנְד פוּן יֶענֶער זַייט יַרְדֵן:

קאפיטעל ה

1 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא לַייט, אִיז עֶר אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶער
2 גֶעזֶעצְט, זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען; אוּנְד
עֶר הָאט זַיין מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאט זַייא גֶעלֶעהְרְט
אוּנְד גֶעזָאגְט:
3 גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַ נִידֶערִיג גֶעמִיט;
4 וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז זַייעֶרְס: גֶעבֶּענְשְׁט זֶע־
נֶען דִיא וָואס טְרוֹיעֶרְן; וָוארִין זַייא וֶועלֶען גֶעטְרַייסְט
5 וֶוערֶען: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא זַאנְפְטמִיטִיגֶען; וָוארִין
6 זַייא וֶועלֶען דִיא עֶרְד יַרְשׁ׳נֶען: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא
וָואס הוּנְגֶערְן אוּנְד דוּרְשְׁטֶען נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקַייט; וָוארִין
7 זַייא וֶועלֶען גֶעזֶעטִיגְט וֶוערֶען: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא
בַּארֶעמְהֶערְצִיגֶען; וָוארִין זַייא וֶועלֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיג־
8 קַייט דֶערְלַאנְגֶען: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען
9 אַ רַיין הַארְץ; וָוארִין זַייא וֶועלֶען גָאט זֶעהֶען: גֶעבֶּענְשְׁט
זֶענֶען דִיא וָואס מַאכֶען שָׁלוֹם וָוארִין זַייא וֶועלֶען גֶערוּפֶען

10 װֶערֶען דִיא זִיהְן פוּן גָאט: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא װָאס
װֶערֶען פֶערְפָאלְגְט װֶעגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; װָארִין דָאס
11 מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז זֵייעֶרְס: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר װֶען
מֶען װֶעט אֵייךְ מְבַזֶה זַיין אוּן פֶערְפָאלְגֶען, אוּנְד װֶען
מֶען װֶעט פַאלְשְׁהֵייט אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען
12 אוֹיף אֵייךְ רֶעדֶען, מֵיינֶעט װֶעגֶען: פְרֵייעֶט אֵייךְ, אוּנְד
זֵייט פְרֶעהְלִיךְ: װָארִין אֵייעֶר שְׂכַר אִיז גְרוֹיס אִים
הִימֶעל: װָארִין אַזוֹי הָאבֶען זֵייא פֶערְפָאלְגְט דִיא נְבִיאִים
װָאס זֶענֶען פָאר אֵייךְ גֶעװֶעזֶען:
13 אִיהְר זֶענְט דָאס זַאלְץ פוּן דֶער עֶרְד; אָבֶּער װֶען דָאס
זַאלְץ פֶערְלִירְט דֶעם טַעַם, מִיט װָאס זָאל עֶס גֶעזַאלְצֶען
װֶערֶען? עֶס טוֹיגְט גָארנִיט מֶעהְר נוּר אַרוֹיסְגֶעװָארְפֶען
14 אוּנְד צוּטְרֶעטֶען צוּ װֶערֶען פוּן מֶענְשֶׁען: אִיהְר זֶענְט דָאס
לִיכְט פוּן דֶער װֶעלְט. אַ שְׁטָאט װָאס לִיגְט אוֹיף אַ בַּארְג
15 קָאן נִיט פֶערְבָּארְגֶען זַיין: מֶען צִינְדֶעט אוֹיךְ נִיט אָן אַ
לִיכְט, אוּנְד זֶעצְט עֶס אוּנְטֶער אַ מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף אַ
לֵייכְטֶער; אוּנְד עֶס לֵייכְט צוּ אַלֶע דִיא װָאס זֶענֶען אִים
16 הוֹיז: אַזוֹי לָאזְט אֵייעֶר לִיכְט לֵייכְטֶען פָאר מֶענְשֶׁען, אַז
זֵייא זָאלֶען זֶעהֶען אֵייעֶרֶע גוּטֶע װֶערְקֶע, אוּנְד זָאלֶען לוֹי־
בֶּען אֵייעֶר פָאטֶער װָאס אִיז אִים הִימֶעל:
17 מֵיינְט נִיט אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען דִיא תּוֹרָה אָדֶער דִיא נְבִיאִים
צוּ צֶערְשְׁטֶערֶען; אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ צֶערשְׁטֶערֶען,
18 נֵייעֶרְט צוּ דֶערְפִילֶען: דֶען בֶּאֱמֶת אִיךְ זָאג אֵייךְ, בִּיז הִימֶעל
אוּנְד עֶרְד װֶעט פֶערְגֶעהֶען, װֶעט נִיט אֵיין יוּד, אָדֶער אֵיין
קְלֵיינֶער פּוּנְקְט פֶערְגֶעהֶען פוּן דֶער תּוֹרָה, בִּיז אַלֶעס װֶעט
19 גֶעשֶׁעהֶען: דְרוּם װֶער עֶס װֶעט צֶערְשְׁטֶערֶען אֵיינֶע פוּן
דִיא קְלֵיינְסטֶע מִצְוֹת אוּנְד װֶעט מֶענְשֶׁען אַזוֹי לֶעהְרֶען, דֶער
װֶעט הֵייסֶען דֶער קְלֵיינְסטֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם; װֶער
עֶס װֶעט זֵייא אָבֶּער טְהוּן אוּנְד לֶעהְרֶען דֶער װֶעט גְרוֹיס
20 הֵייסֶען אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם: װָארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז װֶען
אֵייעֶר צִדְקוֹת װֶעט נִיט בֶּעסֶער זַיין װִיא דָאס צִדְקוֹת פוּן
דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים, אַזוֹי װֶעט אִיהְר גֶעװִיס נִיט
אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם:
21 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעװָארֶען צוּ דִיא

אִין אַלְטֶע צֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט הַרְגְנֶען. אוּנְד וֶוער
22 עֶס וֶועט הַרְגְנֶען וֶועט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם מִשְׁפָּט; אָבֶּער אִיךְ
זָאג אֵייךְ, אַז יֶעדֶער וָואס וֶועט זִיךְ אוּמְזִיסְט דֶערְצָארְנֶען
אוֹיף זֵיין בְּרוּדֶער וֶועט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם מִשְׁפָּט: אוּנְד וֶוער
עֶס וֶועט זֵיין בְּרוּדֶער רוּפֶען רֵיקָא, וֶועט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּ
דִיא סַנְהֶדְרִין; אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זָאגֶען דוּא נַאר, דֶער
23 וֶועט שׁוּלְדִיג זֵיין צוּם פֵייעֶר פוּן גֵיהִנָּם: דְרוּם וֶוען דוּא
ווִילְסְט מַקְרִיב זֵיין דֵיין קָרְבָּן אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ, אוּנְד דוּא
וֶועסְט דִיךְ דָארְט דֶערְמָאנֶען אַז דֵיין בְּרוּדֶער הָאט עֶפֶּעס
24 קֶעגֶען דִיר: אַזוֹי לָאז דָארְט אִיבֶּער דֵיין קָרְבָּן פָאר דֶעם
מִזְבֵּחַ אוּנְד גֶעה אוּנְד אִיבֶּערְבֶּעט דִיךְ צוּעֶרְשְׁט מִיט דֵיין
בְּרוּדֶער, אוּנְד דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא קוּמֶען אוּנְד מַקְרִיב זֵיין
25 דֵיין קָרְבָּן: מַאךְ בַּאלְד שָׁלוֹם מִיט דֵיין קְרִיגֶער, ווֵייל דוּא
בִּיסְט נָאךְ מִיט אִיהְם אוֹיף דֶעם וֶועג; כְּדֵי דֶער קְרִיגֶער
זָאל דִיךְ נִיט אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען צוּם שׁוֹפֵט, אוּנְד דֶער שׁוֹפֵט
וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען צוּם שׁוֹטֵר, אוּנְד דוּא וֶועסְט
26 אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען: בֶּאֱמֶת אִיךְ
זָאג דִיר, דוּא וֶועסְט פוּן דָארְטֶען נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען בִּיז דוּא
וֶועסְט בֶּעצָאלֶען דִיא לֶעצְטֶע פְּרוּטָה:
27 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא
28 אִין אַלְטֶע צֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט מְנַאֵף זֵיין: אָבֶּער אִיךְ
זָאג אֵייךְ, אַז וֶוער עֶס קוּקְט אוֹיף אַ ווֵייבּ כְּדֵי נָאךְ אִיהְר צוּ
גְלִיסְטֶען, דֶער הָאט שׁוֹין מִיט אִיהְר מְנַאֵף גֶעוֶוען אִין זֵיין
29 הַארְץ: אוּנְד וֶוען דֵיין רֶעכְטֶעס אוֹיג שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ,
רֵייס עֶס אַרוֹיס, אוּנְד וַוארְף עֶס אַוֶועק פוּן דִיר; וָוארִין עֶס
אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר אַז אֵיינְס פוּן דֵיינֶע גְלִידֶער זָאל
פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אוּנְד דֵיין גַאנְצֶער לֵייבּ זָאל נִיט אִין
30 גֵיהִנָּם אַרֵיין גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען דֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, הַאק זִיא אָפּ, אוּנְד וַוארְף זִיא
אַוֶועק פוּן דִיר; וָוארִין עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר אַז אֵיינְס
פוּן דֵיינֶע גְלִידֶער זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אוּנְד דֵיין גַאנְ־
צֶער לֵייבּ זָאל נִיט אִין גֵיהִנָּם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
31 עֶס אִיז אוֹיךְ גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, אַז וֶוער עֶס ווִיל זִיךְ פוּן
32 זֵיין ווֵייבּ שֵׁיידֶען, זָאל עֶר אִיהְר גֶעבֶּען אַ גֶט: אָבֶּער אִיךְ

זָאג אַייךְ, אַז וָוער עֶס וָועט זִיךְ פוּן זַיין ווייבּ שֵׁיידֶען, חוּץ
פוּן וָועגֶען זְנוּת, אַזוֹי מַאכְט עֶר זִיא פַאר אַ זוֹנָה, אוּנְד וָוער
עֶס נֶעמְט אַ גְרוּשָׁה, דֶער אִיז אַ נוֹאֵף:
33 אִיהְר הָאט ווייטֶער גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
צוּ דִיא אִין אַלְטֶע צייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ שְׁוָוערֶען,
34 אָבֶּער זָאלְסְט צוּם הַאר דַיינֶע שְׁבוּעוֹת הַאלְטֶען: אָבֶּער
אִיךְ זָאג אַייךְ, אִיהְר זָאלְט גָארנִיט שְׁוָוערֶען; נִיט בֵּיים
35 הִימֶעל, וָוארִין עֶס אִיז דֶער שְׁטוּהְל פוּן גָאט: אוּנְד נִיט
בֵּייא דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶס אִיז זַיינֶע פוּסְבַּאנְק; אוּנְד נִיט
בֵּייא יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין עֶס אִיז דִיא שְׁטָאט פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען
36 מֶלֶךְ: אוֹיךְ זָאלְסְט דוּא נִיט שְׁוָוערֶען בֵּייא דַיין קָאפּ,
וָוארִין דוּא קָאנְסְט נִיט אַיינֶע אַיינְצִיגֶע הָאר ווייס אָדֶער
37 שְׁוַוארְץ מַאכֶען: לָאז אָבֶּער אַייעֶר וָוארְט זַיין יָא, יָא,
נַיין, נַיין, אוּנְד וָואס אִיז מֶעהְר פוּן דִיזֶען אִיז פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען:
38 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, אַיין
39 אוֹיג פַאר אַיין אוֹיג אַ צָאהְן פַאר אַ צָאהְן: אָבֶּער אִיךְ זָאג
אַייךְ, אִיהְר זָאלְט נִיט ווידֶערשְׁטֶעהֶען דֶעם שְׁלֶעכְטֶען;
נֵייעֶרְט וָוען אַיינֶער וָועט דִיךְ שְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא רֶעכְטֶע
40 בַּאק אַזוֹי שְׁטֶעל אִיהְם אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיף: אוּנְד וָוען
אַיינֶער וָועט זִיךְ וָועלֶען מִיט דִיר קְרִיגֶען בֵּיים גֶערִיכְט דַיין
קְלַייד אַוֶועק צוּ נֶעמֶען אַזוֹי לָאז אִיהְם אוֹיךְ אִיבֶּער דַיין
41 מַאנְטֶעל: אוּנְד וָוען אַיינֶער וָועט דִיךְ נֵייטִיגֶען דוּא זָאלְסְט
מִיט אִיהְם גֶעהֶען אַיינֶע מֵייל, אַזוֹי גֶעה מִיט אִיהְם צְווייא:
42 גִיבּ צוּ דֶעם וָואס בֶּעט פוּן דִיר, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס וִויל
פוּן דִיר לֵייהֶען זָאלְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַוֶועקְקֶעהְרֶען:
43 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, דוּא
44 זָאלְסְט דַיין חָבֵר לִיבֶּען אוּנְד דַיין פֵיינְד הַאסֶען: אָבֶּער
אִיךְ זָאג אַייךְ, לִיבְּט אַייעֶרֶע פֵיינְד, בֶּענְשְׁט דִיא וָואס שֶׁעלְ-
טֶען אַייךְ, טְהוּט גוּטֶעס צוּ דִיא וָואס הַאסֶען אַייךְ, בֶּעט
45 פַאר דִיא וָואס בֶּעלֵיידִיגֶען אוּנְד פֶערְפָאלְגֶען אַייךְ: אַז
אִיהְר זָאלְט זַיין זִיהְן פוּן אַייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל; וָוארִין
עֶר לָאזְט זַיינֶע זוּן שַׁיינֶען אוֹיף דִיא שְׁלֶעכְטֶע אוּנְד אוֹיף
דִיא גוּטֶע, אוּנְד עֶר לָאזְט רֶעגְנֶען אִיבֶּער דִיא גֶערֶעכְטֶע

46 אוּנְד אוּנְגֶערֶעכְטֶע: וָוארִין וֶוען אִיהְר וֶועט נוּר לִיבֶּען דִיא
וָואס לִיבֶּען אֵייךְ, וָואס פַאר אַ שְׂכַר הָאט אִיהְר? טְהוּן נִיט
47 דִיא שְׁטַייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוֹיךְ אַזוֹי? אוּנְד וֶוען אִיהְר גְרִיסְט
נוּר אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, וָואס טְהוּט אִיהְר מֶעהְר וִויא זֵייא?
48 טְהוּן נִיט דִיא גוֹיִם אוֹיךְ אַזוֹי: דְרוּם זָאלְט אִיהְר זַיין פָאלְ־
קָאמֶען, אַזוֹי וִויא אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אִיז פָאלְקָאמֶען:

קאפיטעל ו

1 הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אֵייעֶר צְדָקָה גֶעבֶּען פָאר
מֶענְשֶׁען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פוּן זֵייא גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען, וֶוען
נִיט הָאט אִיהְר קֵיין שְׂכַר פוּן אֵייעֶר פָאטֶער אִים הִימֶעל:
2 דְרוּם וֶוען דוּא גִיבְּסְט צְדָקָה, זָאלְסְט דוּא נִיט פָאר דִיר
מִיט אַ שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אַזוֹי וִויא דִיא הֵייכְלֶער טְהוּן אִין דִיא
שׁוּלֶען אוּנְד אִין דִיא גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען
גֶעלוֹיבְּט וֶוערֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר
3 שְׂכַר אַוַדְאַי בֶּעקוּמֶען: אָבֶּער וֶוען דוּא גִיבְּסְט צְדָקָה, לָאז
נִיט דֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד וִויסֶען וָואס דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד
4 טְהוּט: אַז דֵיין צְדָקָה זָאל זַיין פַארְבָּארְגֶען! אוּנְד דֵיין
פָאטֶער וָואס זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען וֶועט דִיר בֶּעצָאלֶען:
5 אוּנְד וֶוען אִיהְר בֶּעטֶעט, זַייט נִיט וִויא דִיא הֵייכְלֶער;
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען לִיבּ צוּ בֶּעטֶען וֶוען זֵייא שְׁטֶעהֶען אִין
דִיא שׁוּלֶען אוּנְד אוֹיף דִיא עֶקֶען פוּן דִיא גַאסֶען, כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען פוּן מֶענְשֶׁען גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
6 זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר שְׂכַר אַוַדְאַי בֶּעקוּמֶען: אָבֶּער וֶוען דוּא
בֶּעטֶעסְט, גֶעה אִין דֵיינֶע שְׁטוּבּ אַרֵיין, אוּנְד שְׁלִיס צוּ דִיא
טְהִיר, אוּנְד בֶּעט צוּ דֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים פֶערְבָּארְ־
גֶענֶען, אוּנְד דֵיין פָאטֶער וָואס זֶעהְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען
7 וֶועט דִיר בֶּעצָאלֶען: אוּנְד וֶוען אִיהְר בֶּעטֶעט פְּלוֹידֶערְט
נִיט, אַזוֹי וִויא דִיא גוֹיִם טְהוּן; וָוארִין זֵייא מֵיינֶען זֵייא וֶוע־
8 לֶען דֶערְהֶערְט וֶוערֶען דוּרְךְ פִיל רֶעדֶען: דְרוּם זֵייט נִיט
גְלַייךְ אַזוֹי וִויא זֵייא; וָוארִין אֵייעֶר פָאטֶער ווייסְט וָואס
אִיהְר בֶּעדַארְפְט, נָאךְ אֵיידֶער אִיהְר אִיהְם דְרוּם בֶּעטֶעט:
9 דְרוּם זָאלְט אִיהְר אַזוֹי בֶּעטֶען,
10 ״אוּנְזֶער פָאטֶער דֶער דוּא בִּיזְט אִים הִימֶעל, גֶעהֵיילִיגְט
זָאל וֶוערֶען דֵיין נָאמֶען: דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ זָאל קוּמֶען,

דַיין ווִילֶען זָאל גֶעטְהוּן ווֶערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַזוֹי ווִיא
11 אִים הִימֶעל: גִיבּ אוּנְס הַיינְט אוּנְזֶער טֶעגְלִיך בְּרוֹיט:
12 אוּנְד פֶערְגִיבּ אוּנְס אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדֶען, אַזוֹי ווִיא מִיר
13 פֶערְגֶעבֶּען אוּנְזֶערֶע שׁוּלְדִיגֶער: אוּנְד פִיהְר אוּנְס נִיט
אִין פְּרִיפוּנְג, נֵייעֶרְט בֶּעהִיט אוּנְס פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען.
ווָארִין דַיין אִיז דָאס קֶענִיגְרַייך אוּנְד דִיא מַאכְט, אוּנְד
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, אוֹיף עֶבִּיג, אָמֵן״:
14 ווָארִין ווֶען אִיהְר ווֶעט מֶענְשֶׁען זַיירֶע פֶעהְלֶער פֶערְגֶעבֶּען,
אַזוֹי ווֶעט אֵייך אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אוֹיך פֶערְגֶעבֶּען:
15 אָבֶּער ווֶען אִיהְר ווֶעט מֶענְשֶׁען זַיירֶע פֶעהְלֶער נִיט פֶערְגֶעבֶּען,
אַזוֹי ווֶעט אֵייעֶר פָאטֶער אֵיירֶע פֶעהְלֶער אוֹיך נִיט פֶערְגֶעבֶּען:
16 אוּנְד ווֶען אִיהְר פַאסְט, זַייט נִיט ווִיא דִיא הֵייכְלֶער בֶּעטְרִיבְּט.
ווָארִין זֵייא מַאכֶען אַ טְרוֹירִיג פָּנִים, אַז דִיא לֵייט זָאלֶען זֶע־
הֶען זַייא פַאסְטֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיך אֵייך, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר
17 שְׂכַר שׁוֹין בֶּעקוּמֶען: אָבֶּער ווֶען דוּא פַאסְט, אַזוֹי זַאלְבּ
18 דַיין קָאפּ אוּנְד ווַאשׁ דַיין פָּנִים: אַז דוּא זָאלְסְט נִיט שֵׁיי־
נֶען פָאר מֶענְשֶׁען אַז דוּא פַאסְט, נֵייעֶרְט פָאר דַיין פָאטֶער
ווָאס אִיז אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען; אוּנְד דַיין פָאטֶער ווָאס זֶעהְט
אִים פֶערְבָּארְגֶענֶען ווֶעט דִיר בֶּעצָאלֶען:
19 זַאמֶעלְט אֵייך נִיט קֵיינֶע אוֹצְרוֹת אוֹיף דֶער עֶרְד, ווְאוּ דִיא
מִילְבּ אוּנְד רָאסְט פֶערְדַארְבְּט, אוּנְד ווְאוּ גַנָבִים בְּרֶעכֶען
20 אֵיין אוּנְד גַנְבֶענֶען: אָבֶּער זַאמֶעלְט אֵייך אוֹצְרוֹת אִים
הִימֶעל, ווְאוּ דִיא מִילְבּ אוּנְד רָאסְט פֶערְדַארְבְּט נִיט, אוּנְד
21 ווְאוּ גַנָבִים בְּרֶעכֶען נִיט אֵיין אוּנְד גַנְבֶענֶען נִיט: ווָארִין ווְאוּ
22 אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְט ווֶעט אֵייעֶר הַארְץ זַיין: דָאס אוֹיג
אִיז דָאס לִיכְט פוּן דֶעם לֵייבּ, דְרוּם ווֶען דַיין אוֹיג אִיז אֵיינְ־
23 פַאךְ, אַזוֹי ווֶעט דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ לִיכְטִיג זַיין: אָבֶּער ווֶען
דַיין אוֹיג אִיז בֵּייז, אַזוֹי ווֶעט דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ זַיין פִינְס־
טֶער. דְרוּם ווֶען דָאס לִיכְט ווָאס אִיז אִין דִיר אִיז פִינְסְ־
24 טֶערְנִיס, ווִיא גְרוֹיס אִיז דִיא פִינְסְטֶערְנִיס! קֵיינֶער קֶען צְווֵייא
הַארֶען דִינֶען; ווָארִין עֶנְטְווֶעדֶער עֶר ווֶעט אֵיינֶעם הַאסֶען
אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן לִיבּ הָאבֶּען, אָדֶער עֶר ווֶעט זִיךְ הַאלְטֶען
בֵּייא אֵיינֶעם אוּנְד ווֶעט דֶעם אַנְדֶערֶען פֶערְאַכְטֶען, אִיהְר
25 קֶענְט נִיט דִינֶען גָאט אוּנְד מָמוֹן: דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ,

זָארְגְט נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס אִיהְר זָאלְט עֶסֶען אוּנְד
וָואס אִיהְר זָאלְט טְרִינְקֶען; אוֹיךְ נִיט פַאר אֵייעֶר לֵייבּ
וָואס אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן; אִיז נִיט דָאס לֶעבֶּען מֶעהְר וִויא
26 דָאס עֶסֶען, אוּנְד דֶער לֵייבּ וִויא דָאס מַלְבּוּשׁ? קוּקְט אָן
דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל, וָוארִין זֵייא זֵייעֶן נִיט אוּנְד
שְׁנֵיידֶען נִיט אוּנְד זַאמְלֶען נִיט אִין שְׁפֵּייכְלֶער; אוּנְד אֵייעֶר
הִימְלִישֶׁער פָאטֶער שְׁפֵּייזְט זֵייא. זַייט אִיהְר נִיט פִיל בֶּע־
27 סֶער וִויא זֵייא? אוּנְד וֶוער אִיז דָא צְוִוישֶׁען אֵייךְ וָואס קֶען
28 דוּרְךְ זַיין זָארְגֶען אֵיינֶע אֵייל צוּ זַייעֶר לֶענְג צוּזֶעצֶען? אוּנְד
וָוארוּם זָארְגְט אִיהְר פַאר קְלֵיידוּנְג? קוּקְט אָן דִיא רוֹזֶען
אוֹיף דֶעם פֶעלְד וִויא זֵייא וַואקְסֶען; זֵייא אַרְבֵּייטֶען נִיט
29 אוּנְד שְׁפִּינֶען נִיט: אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז אַפִילוּ שְׁלֹמֹה
אִין זַיינֶע גַאנְצֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִיז נִיט גֶעקְלֵיידֶעט גֶעוֶועזֶען
30 אַזוֹי וִויא אֵיינֶם פוּן דִיזֶע: אוּנְד וֶוען גָאט בֶּעדֶעקְט אַזוֹי
דָאס גְרָאז פוּן דֶעם פֶעלְד, וָואס הֵיינְט אִיז דָא אוּנְד מָארְ־
גֶען וֶוערְד עֶס אִים פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, וֶועט עֶר נִיט
31 פִיל מֶעהְר אֵייךְ קְלֵיידֶען, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע? דְרוּם זָאלְט
אִיהְר נִיט זָארְגֶען אוּנְד זָאגֶען, וָואס וֶועלֶען מִיר עֶסֶען?
אָדֶער וָואס וֶועלֶען מִיר טְרִינְקֶען? אָדֶער מִיט וָואס
32 וֶועלֶען מִיר זִיךְ קְלֵיידֶען? וָוארִין דִיא גוֹיִם זוּכֶען דָאס אַלֶעס.
וָוארִין אֵייעֶר הִימְלִישֶׁער פָאטֶער וֵוייסְט אַז אִיהְר בֶּעדַארְפְט
33 דָאס אַלֶעס: אָבֶּער זוּכְט צוּעֶרְשְׁט זַיין קֶענִיגְרֵייךְ אוּנְד
זַיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס אַלֶעס וֶועט אֵייךְ צוּגֶע־
34 גֶעבֶּען וֶוערֶען: דְרוּם זָאלְט אִיהְר נִיט זָארְגֶען פַאר דֶעם
מָארְגֶענְדִיגֶען טָאג; וָוארִין דֶער מָארְגֶענְדִיגֶער טָאג וֶועט
פַאר דָאס זַיינִיגֶע זָארְגֶען. עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם טָאג
זַיין אִיבֶּעל:

## קאפיטעל ז

1 רִיכְטֶעט נִיט כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען:
2 וָוארִין מִיט דֶעם גֶערִיכְט וָואס אִיהְר רִיכְטֶעט, וֶועט אִיהְר
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען; אוּנְד מִיט דֶעם מָאס וָואס אִיהְר מֶעסְט,
3 וֶועט אֵייךְ גֶעמָאסְטֶען וֶוערֶען: אוּנְד פַארְוָואס זֶעהְסְט דוּא
דֶעם שְׁפָּאן וָואס אִיז אִין דֵיין בְּרוּדֶערְס אוֹיג, אוּנְד
בֶּעטְרַאכְסְט נִיט דֶעם בַּאלְקֶען וָואס אִיז אִין דֵיין אוֹיג?

אָדֶער וִויא דַארְפְסְט דוּא זָאגֶען צוּ דֵיין בְּרוּדֶער לָאז מִיךְ 4
אַרוֹיסְנֶעמֶען דֶעם שְׁפָּאן פוּן דֵיין אוֹיג, וֵוייל דָא אִיז אַ בַּאלְ־
קֶען אִין דֵיין אֵייגֶען אוֹיג? דוּא הֵייכְלֶער, נֶעם צוּעֶרְשְׁט 5
אַרוֹיס דֶעם בַּאלְקֶען פוּן דֵיין אוֹיג; אוּנְד דַאן וֶועסְט דוּא
קְלָאר זֶעהֶען דֶעם שְׁפָּאן אַרוֹיס צוּ נֶעמֶען פוּן דֵיין בְּרוּ־
דֶערְס אוֹיג:
גִיבְּט נִיט דָאס הֵיילִיגֶע צוּ הִינְד, אוּנְד וַוארְפְט נִיט דִיא פֶּערְ־ 6
לֶען פָאר דִיא חֲזֵרִים, וָוארִין זֵייא וֶועלֶען זֵייא מִיט זֵיירֶע
פִּיס צוּטְרֶעטֶען, אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ אוּמְקֶערֶען אוּנְד אֵייךְ
צוּרֵייסֶען:
בֶּעט אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען; זוּכְט אוּנְד 7
אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען; קְלַאפְּט אָן אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט וֶוערֶען: וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס בֶּעטֶעט בֶּעקוּמְט; 8
אוּנְד דֶער וָואס זוּכְט גֶעפִינְט; אוּנְד צוּ דֶעם וָואס קְלַאפְּט
אָן וֶועט אוֹיפְגֶעמַאכְט וֶוערֶען: אָדֶער וֶועלְכֶער מֶענְשׁ אִיז 9
דָא צְוִוישֶׁען אֵייךְ דֶעם זֵיין זוּהְן וֶועט בֶּעטֶען בְּרוֹיט, וֶועט
עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁטֵיין? אָדֶער וֶוען עֶר וֶועט אִיהְם בֶּע־ 10
טֶען אַ פִישׁ וֶועט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁלַאנְג? וֶוען אִיהְר 11
דֶען וָואס זֶענְט שְׁלֶעכְט, וֵוייסְט וִויא גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ
גֶעבֶּען צוּ אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט אֵייעֶר
פָאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל גוּטֶעס גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס
בֶּעטֶען פוּן אִיהְם? דְרוּם אַלֶעס וָואס אִיהְר וִוילְט אַז דִיא 12
מֶענְשֶׁען זָאלֶען צוּ אֵייךְ טְהוּן, טְהוּט אִיהְר אַזוֹי צוּ זֵייא;
וָוארִין דָאס אִיז דִיא תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים:
גֶעהְט אַרֵיין דוּרְךְ דֶעם עֶנְגֶען טוֹיעֶר. וָוארִין דָאס טוֹיעֶר אִיז 13
בְּרֵייט אוּנְד דֶער וֶועג אִיז גְרוֹיס וָואס פִיהְרְט צוּם פֶּערְ־
דַארְבֶּען, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען דִיא וָואס גֶעהֶען דַאדוּרְךְ: וֵוייל 14
דָאס טוֹיעֶר אִיז עֶנְג אוּנְד דֶער וֶועג אִיז שְׁמָאל וָואס פִיהְרְט
צוּם לֶעבֶּען, אוּנְד וֶוענִיג זֶענֶען דִיא וָואס גֶעפִינֶען עֶס:
הִיט אֵייךְ פַאר דִיא פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, וָואס קוּמֶען צוּ אֵייךְ 15
אִין קְלֵיידֶער פוּן שָׁאף, אוּנְד אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זֵייא רֵייךְ־
סֶענְדֶע וֶועלְף: בַּייא זֵיירֶע פְרוּכְט זָאלְט אִיהְר זֵייא 16
דֶערְקֶענֶען. קְלוֹיבְּט מֶען דֶען וֵויינְטְרוֹיבֶּען פוּן דֶערְנֶער,
אָדֶער פֵייגֶען פוּן דִיסְטְלֶען? אַזוֹי יֶעדֶער גוּטֶער בּוֹים טְרָאגְט 17

גוּטֶע פְרוּכְט, אָבֶּער אַ פוֹילֶער בּוֹים טְרָאגְט שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט:
18 אַ גוּטֶער בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע פְרוּכְט,
אוּנְד אַ פוֹילֶער בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגֶען קֵיינֶע גוּטֶע פְרוּכְט:
19 אִיטְלִיכֶער בּוֹים וָואס טְרָאגְט נִיט קֵיינֶע גוּטֶע פְרוּכְט וֶוערְד
20 אָבְּגֶעהַאקְט אוּנְד אִים פֵייעֶר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען: דְרוּם זָאלְט
21 אִיהְר זֵייא דֶערְקֶענֶען בֵּייא זֵיירֶע פְרוּכְט: נִיט יֶעדֶער
וָואס זָאגְט צוּ מִיר, הַאר, הַאר, וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם; נֵייעֶרְט דֶער וָואס טְהוּט דֶעם וִוילֶען פוּן מֵיין
22 פָאטֶער דֶער אִיז אִים הִימֶעל: עֶס וֶועלֶען פִילֶע צוּ מִיר
זָאגֶען אִין יֶענֶעם טָאג, הַאר, הַאר, הָאבֶּען מִיר נִיט אִין דֵיין
נָאמֶען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט? אוּנְד אִין דֵיין נָאמֶען שֵׁדִים אַרוֹיסְ־
גֶעטְרִיבֶּען? אוּנְד אִין דֵיין נָאמֶען פִילֶע וְואוּנְדֶער גֶעטְהוּן?
23 אוּנְד דַאן וֶועל אִיךְ צוּ זֵייא בֶּעקֶענֶען, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ קֵיינְ־
מָאל נִיט גֶעקֶענְט; גֶעהְט אַוֶועק פוּן מִיר, אִיהְר וָואס טְהוּט
אִיבֶּעל:
24 דְרוּם אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע מֵיינֶע װֶערְטֶער,
אוּנְד טְהוּט זֵייא, דֶער וֶועט גֶעגְלִיכֶען זַיין צוּ אַ קְלוּגֶען
מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט זֵיין הוֹיז אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען:
25 אוּנְד דֶער גָאסְרֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען, אוּן דִיא שְׁטְרוֹימֶע
זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא וִוינְדֶען הָאבֶּען גֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעשְׁטוֹיסֶען אוֹיף דֶעם הוֹיז, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אֵיינְ־
גֶעפַאלֶען; וָוארִין עֶס אִיז אוֹיף דֶעם פֶעלְזֶען גֶעגְרִינְדֶעט
26 גֶעוֶועזֶען: אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הֶערְט דִיזֶע מֵיינֶע װֶערְ־
טֶער, אוּנְד טְהוּט זֵייא נִיט, דֶער וֶועט גֶעגְלִיכֶען' זֵיין צוּ אַ
נַארִישֶׁען מַאן, וָואס הָאט גֶעבּוֹיעֶט זֵיין הוֹיז אוֹיף דֶעם
27 זַאמְד: אוּנְד דֶער גָאסְרֶעגֶען אִיז גֶעפַאלֶען, אוּנְד דִיא
שְׁטְרוֹימֶע זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא וִוינְדֶען הָאבֶּען גֶע־
בְּלָאזֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן דִיזֶען הוֹיז
אוּנְד עֶס אִיז אֵיינְגֶעפַאלֶען; אוּנְד דֶער פַאל דֶערְפוּן אִיז
גְרוֹים גֶעוֶועזֶען:
28 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען דִיא
29 לֵייט עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע: וָוארִין עֶר
הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט וִויא אֵיינֶער וָואס הָאט מַאכְט, אוּנְד נִיט
אַזוֹי וִויא דִיא סוֹפְרִים:

## קאפיטעל ח׳

1 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם בַּארְג אַרוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי
2 זֶענֶען אִיהְם פִיל לַייט נָאכְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זֶעה, אַ קְרֶע־
צִיגֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶע־
בִּיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא וִוילְסְט קֶענְסְט דוּא
3 מִיךְ רֵיינִיגֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט,
אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ וִויל; זַייא
גֶערֵיינִיגְט. אוּנְד גְלֵייךְ אִיז עֶר פוּן זַיינֶע קְרֶעץ גֶערֵיינִיגְט
4 גֶעוָוארֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא
זָאלְסְט עֶס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; נֵייעֶרְט גֶעה אוּנְד וֵוייז דִיךְ
פָאר דֶעם כֹּהֵן, אוּנְד זַייא מַקְרִיב דָאס קָרְבָּן וָואס משֶׁה
הָאט בֶּעפוֹילֶען, פַאר אַ צֵייגְנִים צוּ זַייא: (ויקרא יד׳ ב).
5 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר נָחוּם, אַזוֹי אִיז
אַ הוֹיפְּטמַאן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען:
6 אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, מֵיין דִינֶער לִיגְט אִין דֶעם הוֹיז
גִיכְטבְּרִיכִיג, אוּנְד אִיז זֶעהְר גֶעפֵּיינִיגְט: אוּנְד עֶר
7 הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל קוּמֶען אוּנְד אִיהְם
8 הֵיילֶען: אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז דוּא זָאלְסְט
אוּנְטֶער מֵיין דַאךְ קוּמֶען; אָבֶּער זָאג נוּר אַ וָוארְט אַזוֹי
9 וֶועט מֵיין דִינֶער גֶעהֵיילְט וֶוערֶען: וָוארִין אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ
מַאן אוּנְטֶער הֶערְשַׁאפְט, אוּנְד הָאבּ חַיִל אוּנְטֶער מִיר;
אוּנְד אִיךְ זָאג צוּ אֵיינֶעם גֶעה אַהִין, אַזוֹי גֶעהְט עֶר; אוּנְד
צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען, קוּם אַהֶער, אַזוֹי קוּמְט עֶר; אוּנְד צוּ
10 מֵיין קְנֶעכְט טְהוּא דָאס, אַזוֹי טְהוּט עֶר עֶס: אוּנְד וֶוען
יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ אַזֶעלְכֶען גְלוֹיבֶּען הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעפוּנֶען אַפִילוּ
11 אִין יִשְׂרָאֵל: אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען
פוּן מִזְרָח אוּנְד פוּן מַעֲרָב, אוּנְד וֶועלֶען זִיצֶען מִיט אַבְרָהָם
12 אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם: אוּנְד דִיא קִינְ־
דֶער פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ וֶועלֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען
אִין דִיא אוֹיסֶערֶע פִינְסְטֶערְנִיס; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין
13 אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם הוֹיפְּטמַאן,

גֶעה דֵיין וֶועג, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעגְלוֹיבְּט זָאל דִיר
גֶעשֶׁעהֶען. אוּנְד דֶער דִינֶער אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אִין
יֶענֶע שָׁעָה׃
14 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן פֶּעטְרוּס, הָאט
עֶר גֶעזֶעהֶען אַז זֵיינֶע שְׁווִיגֶער לִיגְט קְרַאנְק פוּן פִיבֶּער.
15 אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְרֶע הַאנְד אָנְגֶערִיהְרְט, אוּנְד דָאס פִיבֶּער
הָאט זִיא פֶערְלָאזְט, אוּנְד זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
16 הָאט זַייא בֶּעדִינְט. אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוֶועזֶען, הָאט
מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט פִילֶע וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט שֵׁדִים;
אוּנְד עֶר הָאט דִיא רוּחוֹת אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען מִיט אַ וָוארְט,
17 אוּנְד גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקֶע׃ אַז עֶס זָאל מְקוּיָם וֶוע־
רֶען וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא דֶער זָאגְט,
עֶר הָאט אוּנְזֶערֶע קְרֶענְק אוֹיף זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט
אוּנְזֶערֶע וֶועהְטִיג גֶעטְרָאגֶען׃ (ישעיה נג׳ ד׳ ה).
18 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיא לֵייט אַרוּם זִיךְ גֶעזֶעהֶען, הָאט
עֶר גֶעהֵייסֶען אַוֶועק גֶעהֶען אוֹיף יֶענֶער זֵייט פוּן דֶעם יַם׃
19 אוּנְד אַ סוֹפֵר אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, רַבִּי, אִיךְ וֶועל דִיר נָאכְפָאלְגֶען וָואהִין דוּא וֶועסְט
20 גֶעהֶען׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פוּקְסֶען
הָאבֶּען גְרִיבֶּער, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען
נֶעסְט; אָבֶּער דֶער בֶּן־אָדָם הָאט נִיט וְואוּ דֶעם קָאפּ אַנִידֶער
21 צוּ לֶעגֶען׃ אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט צוּ גֶעהֶען
22 אוּנְד מֵיין פָאטֶער בֶּעגְרָאבֶּען׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ, אוּנְד לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע זֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעגְרָאבֶּען׃
23 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִים שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען אִיהְם
24 זֵיינֶע תַּלְמִידִים נָאכְגֶעפָאלְגְט׃ אוּנְד זֶעה אַ גְרוֹיסֶער שְׁטוּרְם
אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם יַם, בִּיז דָאס שִׁיף אִיז בֶּעדֶעקְט גֶע־
25 וֶועזֶען מִיט דִיא וֶועלֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁלָאפֶען׃ אוּנְד
זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶע־
וֶועקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר הֶעלְף אוּנְס; מִיר וֶוערֶען פֶערְ־
26 לוֹירֶען׃ אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם פָארְכְט
אִיהְר אֵייךְ, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע? דַאן אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען

אוּנְד הָאט דֶעם ווִינְד אוּנְד דָאס יַם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד עֶס
27 עֶס אִיז גַאנְץ שְׁטִיל גֶעוָוארֶען: אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען
זִיךְ פֶערְווְאוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ מַאן אִיז עֶר,
אַז דֶער ווִינְד אוּנְד דָאס יַם גֶעהָארְכֶען אִיהְם?
28 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע זַייט צוּם
לַאנְד פוּן דִיא גַדְרִים אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט צְווֵייא
בֶּעזֶעסֶענֶע פוּן שֵׁדִים, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן צְווִישֶׁען
דִיא קְבָרִים, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זֶעהְר פִירְכְטֶערְלִיךְ,
אַז קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט דִיזֶעם וֶועג פַארְבֵּייא גֶע־
29 הֶען: אוּנְד זֶעה, זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס
הָאבֶּען מִיר מִיט דִיר צוּ טְהוּן דוּא זוּהְן פוּן גָאט? בִּיסְט
דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען אוּנְס צוּ פְּלָאגֶען פָאר דֶער צֵייט?
30 אוּנְד עֶס אִיז וֵוייט פוּן זֵייא גֶעוֶועזֶען אַ סְטַאדֶע פוּן פִילֶע
31 חֲזֵרִים פַּאסֶען: אוּנְד דִיא שֵׁדִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען,
אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט אוּנְס אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען, אַזוֹי
32 שִׁיק אוּנְס אַוֶועק אִין דִיא סְטַאדֶע פוּן חֲזֵרִים: אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אַהִין. אַזוֹי זֶענֶען זֵייא אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין דִיא חֲזֵרִים; אוּנְד זֶעה,
דִיא גַאנְצֶע סְטַאדֶע הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען פוּן אַ הוֹי־
כֶען אָרְט אִים יַם אַרֵיין, אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִים
33 וַואסֶער: אוּנְד דִיא פַּאסְטוּכֶער זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּנְד
זֶענֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אַלֶעס
דֶערְצֶעהְלְט, אוּנְד אוֹיךְ ווִיא עֶס אִיז דֶערְגַאנְגֶען מִיט דִיא
34 בֶּעזֶעסֶענֶע פוּן שֵׁדִים: אוּנְד זֶעה, דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען יֵשׁוּעַ עֶנְטְגֶעגֶען צוּ גֶעהֶען; אוּנְד וֶוען זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר
זָאל אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן זֵיירֶע גְרֶענְצֶען:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶר אִיז אַרִיבֶּערְגֶעפָאהְרֶען, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען
2 אִין זֵיינֶע שְׁטָאט: אוּנְד זֶעה, מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
בְּרַאכְט אֵיינֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גִיכְטבְּרִיכִיגֶער, אוּנְד
עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף אַ בֶּעט; אוּנְד ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט בֶּע־
זֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען,
3 זֵייא גֶעטְרֵייסְט, קִינְד, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען: אוּנְד

זֶעה, עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט, דִיזֶער
4 לֶעסְטֶערְט גָאט: אוּנְד יֵשׁוּעַ װִיסֶענְדִיג זֵיירֶע גֶעדַאנְקֶען
הָאט גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט אִיהְר שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען אִין
5 אֵיירֶע הֶערְצֶער? וָוארִין וֶועלְכֶעס אִיז גְרִינְגֶער צוּ זָאגֶען,
דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען; אָדֶער צוּ זָאגֶען שְׁטֶעה אוֹיף,
6 אוּנְד גֶעה אַרוּם? אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט װִיסֶען אַז דֶער בֶּן־
אָדָם הָאט מַאכְט אוֹיף דֶער עֶרְד זִינְד צוּ פֶערְגֶעבֶּען, (דַאן
זָאגְט עֶר צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען) שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דַיין בֶּעט,
7 אוּנְד גֶעה אַהֵיים: אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד אִיז
8 אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד װֶוען דִיא לַייט הָאבֶּען דָאס גֶעזֶע־
הֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פֶערְוְוִאוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גָאט
גֶעלוֹיבְּט, וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען אַזֶעלְכֶע מַאכְט צוּ מֶענְשֶׁען:
9 אוּנְד װֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר
גֶעזֶעהֶען אַ מַאן דֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אִים הוֹיז פוּן שְׁטַייעֶר,
דֶער הֵייסְט מַתְיָה, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג
מִיר נָאךְ, אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט:
10 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶועזֶען װֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אִים הוֹיז בֵּיים
עֶסֶען, זֶעה, זֶענֶען פִילֶע שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד זִינְדֶער
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט מִיט יֵשׁוּעַ אוּנְד
11 זֵיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד װֶוען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶע־
זֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, פַארְוָואס
עֶסְט אֵייעֶר רַבִּי מִיט דִיא שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד דִיא
12 זִינְדֶער? אוּנְד װֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען נִיט קֵיין
13 דָאקְטָאר, נֵייעֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק: אָבֶּער גֶעהְט
אוּנְד לֶערְנְט וָואס דָאס בֶּעדֵייט, אִיךְ בֶּעגֶעהְר גְנָאד אוּנְד
נִיט קָרְבָּנוֹת; וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיא צַדִיקִים צוּ
רוּפֶען נֵייעֶרְט דִיא זִינְדֶער: (שמואל א טו׳, כב׳).
14 דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פַאסְטֶען מִיר אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים,
15 אוּנְד דֵיינֶע תַּלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, װִיא קֶענֶען דִיא אוּנְטֶערְפִיהְרֶער טְרוֹיֶערְן
װֶוען דֶער חָתָן אִיז בֵּייא זֵייא? אָבֶּער דִיא טֶעג װֶועלֶען

קוּמֶען וֶוען דֶער חָתָן וֶועט פוּן זייא אַוֶועקגֶענוּמֶען וֶוערֶען.
16 אוּנְד דַאן וֶועלֶען זַייא פַאסְטֶען: אוּנְד קֵיינֶער פֶערְרִעכְט
נִיט אֵיין אַלְט קְלֵייד מִיט אַ שְׁטִיק פוּן נִיט נייעֶס
טוּךְ; וָוארִין דָאס צוּגֶעפְּלִיקְטֶע רֵייסְט אָפּ פוּן דְעם
17 קְלֵייד אוּנְד עֶס וֶוערְט אֵיין אַרְגֶערֶער רִיס: מֶען גִיסְט אוֹיךְ
נִיט קֵיין נֵייעֶן וַויין אִין אַלְטֶע לָאגֶעל אַרֵיין; וָוארִין זָאנְסְט
וֶוערֶען דִיא לָאגֶעל צוּרִיסֶען, אוּנְד דֶער וַויין וֶוערְד אוֹיס־
גֶעגָאסֶען אוּנְד דִיא לָאגֶעל וֶוערֶען פֶערְדָארְבֶּען; נֵייעֶרְט
מֶען גִיסְט נֵייעֶן וַויין אִין נֵייעֶ לָאגֶעל אַרֵיין, אוּנְד אַזוֹי
וֶוערֶען זַייא בֵּיידֶע גַאנְץ בְּעהַאלְטֶען:
18 אוּנְד וַוייל עֶר הָאט דִיזֶעס מִיט זַייא גֶערֶעט, זֶעה, אִיז אֵיין
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט
אוּנְד גֶעזָאגְט מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז אִיצְט גֶעשְׁטָארְבֶּען:
אָבֶּער קוּם דוּא אוּנְד לֶעג דֵיינֶע הַאנְד אוֹיף אִיהְר, אַזוֹי
19 וֶועט זִיא לֶעבֶּען: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
20 אִיז אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אוֹיךְ זַיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד
זֶעה, אַ פְרוֹיא וָואס הָאט צְוֶועלְף יָאהְר דֶעם בְּלוּטְגַאנְג גֶע־
הַאט, אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן הִינְטֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶע־
21 רִיהְרְט דָעם זוּים פוּן זַיין קְלֵייד: וָוארִין זִיא הָאט אִין זִיךְ
גֶעטְרַאכְט, וֶוען אִיךְ וֶועל נוּר זַיין קְלֵייד אָנְרִיהְרֶען, אַזוֹי
22 וֶועל אִיךְ גֶעזוּנְד וֶוערֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט אוּנְד הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, זַייא גֶע־
טְרֵייסְט מֵיינֶע טָאכְטֶער, דַיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד
גֶעמַאכְט. אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אִין יֶענֶער
23 שָׁעָה: אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא פֵּייפֶער אוּנְד
24 דָאס גֶעטִימֶעל פוּן דִיא לֵייט: אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, גֶעהְט
אַרוֹיס; וָוארִין דָאס מֶעדֶעל אִיז נִיט טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא
25 שְׁלָאפְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט: אוּנְד וֶוען
דִיא לֵייט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד; אוּנְד
26 דָאס מֶעדֶעל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד דֶער שֵׁם דֶערְפוּן
אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִים גַאנְצֶען לַאנְד:
27 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען

אִיהְם צְװֵייא בְּלִינְדֶע נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן
אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְס דוּא זוּהְן פוּן
28 דָוִד: אוּנְד װֶען עֶר אִיז אִים הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען דִיא
בְּלִינְדֶע צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, גְלוֹיבְּט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין אִים שְׁטַאנְד דָאס צוּ טְהוּן?
29 זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא הַאר: דַאן הָאט עֶר
זֵיירֶע אוֹיגֶען אָנְגֶערִיהְרְט אוּנְד גֶעזָאגְט, נָאךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
30 זָאל עֶס אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד זֵיירֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט גֶעװָארֶען. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעװָארְנְט אוּנְד
31 גֶעזָאגְט, זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל עֶס נִיט װִיסֶען: אָבֶּער װֶען
זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט אִים גַאנְצֶען לַאנְד:
32 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט מֶען צוּ אִיהְם
גֶעבְּרַאכְט אַ שְׁטוּמֶען מַאן, װָאס אִיז בֶּעזֶעסֶען פוּן
33 אַ שֵׁד: אוּנְד װֶען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען גֶעװָארֶען,
הָאט דֶער שְׁטוּמֶער גֶערֶעט, אוּנְד דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ
פֶערְװוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַזֶעלְכֶעס אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל
34 נִיט גֶעזֶעהֶען גֶעװָארֶען אִין יִשְׂרָאֵל: אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם
הַאר פוּן דִיא שֵׁדִים:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אַלֶע שְׁטֶעט אוּנְד דֶערְ־
פֶער, אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין זֵיירֶע שׁוּלֶען, אוּנְד גֶע־
פְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ, אוּנְד
גֶעהֵיילְט אַלֶערְלֵייא קְרַאנְקְהֵייט אוּנְד אַלֶערְלֵייא שְׁמֶערְצֶען:
36 אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא לֵייט הָאט עֶר אִיבֶּער
זֵייא רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט, װָארִין זֵייא זֶענֶען גֶעװֶעזֶען פֶערְ־
שְׁמַאכְט אוּנְד פֶערְשְׁפְּרֵייט װִיא שָׁאף װָאס הָאבֶּען קֵיין
37 פַּאסְטוּךְ נִיט: דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים,
דֶער קָארְנשְׁנִיט אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער דִיא אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען
38 װֶענִיג: דְרוּם בֶּעט צוּם הַאר פוּן דֶעם קָארְנשְׁנִיט, אַז עֶר
זָאל אַרוֹיסְשִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ זֵיין קָארְנשְׁנִיט:

קאפיטעל י

1 אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען זֵיינֶע צְװֶעלְף תַּלְמִידִים אוּנְד הָאט
זֵייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, אַז זֵייא

זָאלֶען זַייא אַרױסְטְרַייבֶּען, אוּנְד זָאלֶען הַיילֶען אַלֶערְלַייא
קְרַאנְקְהַייט אוּנְד אַלֶערְלַייא שְׁמֶערְצֶען׃
2 אוּנְד דָאס זֶענֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלְף שְׁלוּחִים;
דֶער עֶרְשְׁטֶער שִׁמְעוֹן, דֶער הֵייסְט פֶּעטְרוֹס. אוּנְד זַיין
בְּרוּדֶער אַנְדְרַי; יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדִי אוּנְד זַיין בְּרוּ־
3 דֶער יוֹחָנָן; פִילִיפּוֹס, אוּנְד בַּרְתַּלְמַי; תּוֹמָא אוּנְד מַתְיָה
דֶער שְׁטַייעֶר־אַיינְנֶעמֶער; יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפַי,
4 אוּנְד תַּדַי; שִׁמְעוֹן הַקַּנָּאִי, אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, דֶער
5 וָואס הָאט אִיהְם אוֹיךְ פֶערְמַסֶרְט׃ דִיזֶע צְוֶועלְף הָאט יֵשׁוּעַ
אוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט זַייא בֶּעפוֹילֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,
גֶעהְט נִיט אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דִיא גוֹיִם אוּנְד קוּמְט נִיט
6 אַרַיין אִין קֵיינֶע שְׁטָאט פוּן דִיא שׁוֹמְרוֹנִים׃ אָבֶּער גֶעהְט
לִיבֶּער צוּ דִיא פֶערְלוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל׃
7 אוּנְד וֶוען אִיהְר גֶעהְט אַהִין, פְּרֶעדִיגְט אוּנְד זָאגְט דָאס
8 מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען׃ הֵיילְט דִיא קְרַאנְקֶע,
וֶועקְט אוֹיף דִיא טוֹיטֶע, רַיינִיגְט דִיא קְרֶעצִיגֶע טְרֵייבְּט
אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים; אוּמְזוּסְט הָאט אִיהְר אַנְטְפַאנְגֶען, אוּמְ־
9 זוּסְט גִיבְּט׃ נֶעמְט נִיט קֵיין גָאלְד מִיט, אוּנְד קֵיין זִילְבֶּער,
10 אוּנְד קֵיין קוּפֶּער אִין אֵיירֶע בֵּייגַארְטֶעל׃ אוּנְד אוֹיךְ נִיט
קֵיינֶע רֵייזֶע טַאשׁ אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד קֵיינֶע צְוֵוייא רֶעק,
אוּנְד קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד קֵיין שְׁטֶעקֶען; וָוארִין דֶער אַרְבֵּיי־
11 טֶער אִיז וֶוערְט זַיין עֶסֶען׃ אוּנְד אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאט
אָדֶער דָארְף אִיהְר וֶועט אַרַיינְקוּמֶען, פְרֶעגְט נָאךְ וֶוער אִיז
דָארְט אַ ווִירְדִיגֶער מַאן, אוּנְד בְּלֵייבְּט בֵּייא אִיהְם בִּיז אִיהְר
12 וֶועט פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעהֶען׃ אוּנְד וֶוען אִיהְר קוּמְט אִין
13 אַ הוֹיז אַרַיין, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר עֶס גְרִיסֶען׃ אוּנְד וֶוען דָאס
הוֹיז אִיז וֶוערְט, זָאל אֵייעֶר פְרִידֶען דְרוֹיף קוּמֶען; וֶוען
עֶס אִיז אָבֶּער נִיט וֶוערְט, אַזוֹי זָאל זִיךְ אֵייעֶר פְרִידֶען צוּ
14 אֵייךְ אוּמְקֶעהְרֶען׃ אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען
אוּנְד וֶועט אֵיירֶע ווערְטֶער נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר גֶעהְט
אַרוֹיס פוּן דֶעם הוֹיז אָדֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, שָׁאקֶעלְט אָפּ
15 דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִיס׃ בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶס
וֶועט אִים יוֹם הַדִּין גְרִינְגֶער זַיין פַאר דֶעם לַאנְד פוּן סְדוֹם
אוּנְד עֲמוֹרָה, ווִיא פַאר יֶענֶער שְׁטָאט׃

16 זֶעהְט, אִיךְ שִׁיק אֵייךְ אוֹים וִויא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף;
דְרוּם זֵייט קְלוּג וִויא דִיא שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד אֵיינְפַאךְ וִויא דִיא
17 טוֹיבֶּען: אָבֶּער הִיט אֵייךְ פַאר דִיא מֶענְשֶׁען; וָוארִין זֵייא
וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד וֶועלֶען
18 אֵייךְ שְׁמֵייסֶען אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען: אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעפִיהְרְט
וֶוערֶען פָאר פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶענִיגֶע מֵיינֶעט וֶועגֶען, פַאר
19 אֵיין עֵדוּת צוּ זֵייא אוּנְד דִיא גוֹיִם: אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען
אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען, אַזוֹי זָארְגְט נִיט וִויא אוּנְד וָואס אִיהְר
זָאלְט רֶעדֶען; וָוארִין צוּ דֶער שָׁעָה וֶועט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען
20 וֶוערֶען וָואס אִיהְר זָאלְט רֶעדֶען: וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט
דִיא וָואס רֶעדֶען, נֵייעֶרְט עֶס אִיז דֶער גֵייסְט פוּן אֵייעֶר
21 פָאטֶער דֶער רֶעט אִין אֵייךְ: אוּנְד בְּרוּדֶער וֶועט בְּרוּ־
דֶער אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם טוֹיט, אוּנְד דֶער פָאטֶער זֵיין
קִינְד; אוּנְד קִינְדֶער וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען קֶעגֶען זֵייעֶרֶע
22 עֶלְטֶערֶען, אוּנְד וֶועלֶען זֵייא אוּמְבְּרֶענְגֶען: אוּנְד אִיהְר
וֶועט גֶעהַאסְט וֶוערֶען פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען פוּן מֵיין נָאמֶענְס
וֶועגֶען; אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט אוֹיס בִּיז צוּם סוֹף וֶועט
23 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ פֶערְפָאלְגֶען
אִין דִיזֶער שְׁטָאט, אַזוֹי אַנְטְלוֹיפְט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע;
וָוארִין בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר וֶועט נִיט דוּרְכְגֶעהֶען
דִיא שְׁטֶעט פוּן יִשְׂרָאֵל, בִּיז דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט קוּמֶען:
24 דֶער תַּלְמִיד אִיז נִיט אִיבֶּער זֵיין רַבִּי, אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אִיז
25 נִיט אִיבֶּער זֵיין הַאר: עֶס אִיז גֶענוּג פַאר דֶעם תַּלְמִיד אַז
עֶר זָאל זֵיין אַזוֹי וִויא זֵיין רַבִּי, אוּנְד דֶער קְנֶעכְט אַזוֹי וִויא
זֵיין הַאר. וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת גֶערוּפֶען בַּעַל
זְבוּב, וִויא פִיל מֶעהְר וֶועלֶען זֵייא זֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד אַזוֹי רוּ־
26 פֶען! דְרוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט פַאר זֵייא; וָוארִין קֵיין זַאךְ
אִיז נִיט פֶערְהוֹילֶען, וָואס וֶועט נִיט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְבָּארְגֶען, וָואס וֶועט נִיט בֶּע־
27 קַאנְט וֶוערֶען: וָואס אִיךְ זָאג אֵייךְ אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,
דָאס זָאגְט בֵּיים לִיכְט; אוּנְד וָואס אִיהְר הֶערְט מִיט דֶעם
28 אוֹיעֶר, דָאס רוּפְט אוֹיס אוֹיף דִיא דֶעכֶער: אוּנְד פָארְכְט
אֵייךְ נִיט פַאר דִיא וָואס טֵייטֶען דֶעם גוּף, אָבֶּער קֶענֶען
29 נִיט טֵייטֶען דִיא זֶעלֶע אוּנְד דֶעם גוּף אִין גֵיהִנֹּם: פַארְקוֹיפְט

מְעָן נִיט צְװֵייא פֵייגֶעל פַאר אַ פְּרוּטָה? אוּנְד קֵיינְס פוּן
30 זֵייא פַאלְט נִיט צוּ דֶער עֶרְד אָהְן אֵייעֶר פָאטֶער: דֶען
אַפִילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ זֶענֶען אַלֶע גֶעצֵיילְט:
31 דְרוּם פָארְכְט אֵייךְ נִיט, אִיהְר זֶענְט מֶעהְר װֶערְט װִיא פִילֶע
32 פֵייגֶעל: אִיטְלִיכֶער נוּן װָאס װֶעט מִיךְ בֶּעקֶענֶען פָאר מֶענְ־
שֶׁען, דֶעם װֶעל אִיךְ בֶּעקֶענֶען פָאר מֵיין פָאטֶער װָאס אִיז
33 אִים הִימֶעל: אָבֶער װֶער עֶס װֶעט מִיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פָאר
מֶענְשֶׁען, דֶעם װֶעל אִיךְ אוֹיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פָאר מֵיין פָא־
טֶער װָאס אִיז אִים הִימֶעל:
34 דֶענְקְט נִיט אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ שִׁיקֶען שָׁלוֹם אוֹיף
דֶער עֶרְד; אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען צוּ שִׁיקֶען שָׁלוֹם נֵייעֶרְט
35 אַ שְׁװֶערְד: װָארִין אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַ מֶענְשׁ שְׁטְרֵייטִיג
צוּ מַאכֶען מִיט זַיין פָאטֶער, אוּנְד אַ טָאכְטֶער מִיט אִיהְרֶע
36 מוּטֶער, אוּנְד אַ שְׁנוּר מִיט אִיהְרֶע שְׁװִינֶער: אוּנְד דִיא
פֵיינְד פוּן אַ מֶענְשׁ װֶעלֶען זַיין אַייגֶען הוֹיזְגֶעזִינְד זַיין:
37 װֶער עֶס לִיבְּט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער מֶעהְר װִיא מִיךְ, דֶער
אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט; אוּנְד װֶער עֶס לִיבְּט זוּהְן אָדֶער
טָאכְטֶער מֶעהְר װִיא מִיךְ דֶער אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט:
38 אוּנְד װֶער עֶס נֶעמְט נִיט זַיין קְרֵייץ אוּנְד פָאלְגְט מִיר נָאךְ,
39 דֶער אִיז מֵיינֶער נִיט װֶערְט: דֶער װָאס גֶעפִינְט זַיין לֶעבֶּען,
װֶעט עֶס פֶערְלִירֶען אוּנְד דֶער װָאס פֶערְלִירְט זַיין לֶעבֶּען
מֵיינֶעט װֶעגֶען, דֶער װֶעט עֶס גֶעפִינֶען:
40 דֶער װָאס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף, נֶעמְט אוֹיף דֶעם װָאס הָאט מִיךְ
41 גֶעשִׁיקְט: דֶער װָאס נֶעמְט אוֹיף אַ נָבִיא אִים נָאמֶען פוּן אַ
נָבִיא װֶעט נֶעמֶען דֶעם שְׂכַר פוּן אַ נָבִיא; אוּנְד דֶער װָאס
נֶעמְט אוֹיף אַ צַדִיק אִים נָאמֶען פוּן אַ צַדִיק, װֶעט נֶעמֶען
42 דֶעם שְׂכַר פוּן אַ צַדִיק: אוּנְד דֶער װָאס װֶעט גֶעבֶּען צוּ
טְרִינְקֶען נוּר אַ בֶּעכֶער מִיט קָאלְט װַאסֶער צוּ אֵיינֶעם פוּן
דִיזֶע קְלֵיינֶע, אִים נָאמֶען פוּן אַ תַּלְמִיד, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, עֶר װֶעט נִיט פֶערְלִירֶען זַיין שְׂכַר:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען יֵשׁוּעַ הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט זַיינֶע
צְװֶעלְף תַּלְמִידִים צוּ בֶּעפֶעהְלֶען, אַזוֹי אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען װֵייטֶ־
ער גֶעגַאנְגֶען צוּ לֶעהְרֶען אוּנְד פְּרֶעדִיגֶען אִין זֵיירֶע שְׁטֶעט:

2 אוּנְד וֶוען יוֹחָנָן הָאט גֶעהֶערְט אִים גֶעפֶּענְגְנִיס דִיא מַעֲשִׂים
פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
3 אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט: בִּיסְט דוּא דֶער וֶועלְכֶער זָאל
קוּמֶען, אָדֶער זָאלֶען מִיר וַוארְטֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען?
4 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גֶעהְט אוּנְד דֶערְצֶעהְלְט יוֹחָנָן וָואס אִיהְר הֶערְט אוּנְד זֶעהְט:
5 דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען ווִידֶער, אוּנְד דִיא לָאמֶע גֶעהֶען אַרוּם,
דִיא קְרֶעצִיגֶע וֶוערֶען גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד דִיא טוֹיבֶע הֶערֶען,
דִיא טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען אוֹיף, אוּנְד צוּ דִיא אָרֶעמֶע וֶוערְד
6 דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט: אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער
7 וָואס וֶועט זִיךְ נִיט אָן מִיר שְׁטְרוֹיכְלֶען: אוּנְד ווִיא זֵייא
זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דִיא לֵייט
צוּ זָאגֶען פוּן וֶועגֶען יוֹחָנָן, וָואס זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִין דֶער מִדְבָּר צוּ זֶעהֶען? אַ רָאהְר וָואס שָׁאקֶעלְט זִיךְ
8 פוּן דֶעם ווִינְד? וָואס דֶען זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
זֶעהֶען? אַ מֶענְשׁ אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אִין פֵיינֶע קְלֵיידֶער? זֶעהְט,
דִיא גֶעקְלֵיידֶעטֶע אִין פֵיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען אִין דִיא הֵייזֶער
9 פוּן קֶענִיגֶע: אָבֶּער וָואס דֶען זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען?
צוּ זֶעהֶען אַ נָבִיא? יָא אִיךְ זָאג אֵייךְ, אוּנְד נָאךְ מֶעהְר ווִיא
10 אַ נָבִיא: דָאס אִיז דֶער, פוּן וֶועלְכֶען עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
„זֶעה אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פָאר דִיר, דֶער וֶועט דֵיין וֶועג
11 פָאר דִיר צוּבְּרֵייטֶען״: בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, צְווִישֶׁען
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבּוֹירֶען פוּן ווֵייבֶּער אִיז נִיט אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען קֵיין גְרֶעסֶערֶער ווִיא יוֹחָנָן; אָבֶּער דֶער קְלֵיינְס־
12 טֶער אִים מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְרֶעסֶער ווִיא עֶר: אוּנְד פוּן
דִיא טֶעג פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אָן בִּיז אִיצְט טְהוּט דָאס מַלְכוּת
הַשָּׁמַיִם לֵיידֶען גֶעוַואלְט, אוּנְד דִיא גֶעוַואלְטִיגֶע עֶרְרוֹיבֶּען
13 עֶס: וָוארִין אַלֶע נְבִיאִים אוּנְד דִיא תּוֹרָה הָאבֶּען נְבִיאוֹת
14 גֶעזָאגְט בִּיז יוֹחָנָן: אוּנְד אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט דָאס אָנְנֶעמֶען,
15 דִיזֶער אִיז אֵלִיָּהוּ וֶועלְכֶער זָאל קוּמֶען: דֶער וָואס הָאט
16 אוֹירֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶערֶען: צוּ וָואס אָבֶּער זָאל
אִיךְ דִיזֶעם דוֹר פֶּערְגְלֵייכֶען? עֶס אִיז גְלֵייךְ צוּ קִינְדֶער
וָואס זִיצֶען אוֹיף דֶעם מַארְק, אוּנְד רוּפֶען זֵייעֶרֶע חֲבֵרִים:
17 אוּנְד זָאגֶען,

„מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפֵּייפְט, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶע־
טַאנְצְט; מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעקְלָאגְט, אוּנְד אִיהְר
הָאט נִיט גֶעטְרוֹיעֶרְט“:
וָוארִין יוֹחָנָן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד 18
נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַ שֵׁד:
דֶער בֶּן־אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶע־ 19
טְרוּנְקֶען, אוּנְד זֵייא זָאגֶען, זֶעהְט דֶער מֶענְשׁ אִיז אַ פְרֶעסֶער
אוּנְד אַ זוֹיפֶער, אַ פְרֵיינְד פוּן שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד
זִינְדֶער. אוּנְד דִיא חָכְמָה אִיז גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט גֶעוָוארֶען
פוּן אִיהְרֶע קִינְדֶער:
דַאן הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטְרָאף רֶעדֶען צוּ הַאלְטֶען צוּ 20
דִיא שְׁטֶעט אִין וֶועלְכֶע זַיינֶע מֵייסְטֶע נִסִים זֶענֶען גֶעשֶׂע־
הֶען, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן: וֶועה צוּ 21
דִיר, כּוֹרָזִין! וֶועה צוּ דִיר בֵּית־צַיְדָה! וָוארִין וֶוען דִיא נִסִים
וָואס זֶענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען זָאלְטֶען גֶעטְהוּן
וֶוערֶען אִין צוֹר אוּנְד צִידוֹן, אַזוֹי וָואלְטֶען זֵייא שׁוֹין לַאנְג
תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אִין זַאק אוּנְד אַשׁ: אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, 22
עֶס וֶועט אִים יוֹם הַדִין גְרִינְגֶער זַיין פַאר צוֹר אוּנְד צִידוֹן
וִויא פַאר אֵייךְ: אוּנְד דוּא כְּפַר־נָחוּם, דוּא בִּיסְט דֶערְהוֹיבֶּען 23
בִּיז צוּם הִימֶעל? דוּא וֶועסְט אַרוּנְטֶערְקוּמֶען בִּיז צוּם שְׁאוֹל
אַרַיין; וָוארִין וֶוען דִיא נִסִים וָואס זֶענֶען אִין דִיר גֶעטְהוּן
גֶעוָוארֶען זָאלְטֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין סְדוֹם, אַזוֹי וָואלְט עֶס
גֶעבְּלִיבֶּען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג: אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, 24
עֶס וֶועט גְרִינְגֶער זַיין פָאר דֶעם לַאנְד סְדוֹם אִים יוֹם הַדִין,
וִויא פַאר דִיר:
אִין יֶענֶער צֵייט הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ 25
דַאנְק דִיר, אָ פָאטֶער, הַאר פוּן הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, דֶער דוּא
הָאסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶערְהוֹילֶען פוּן דִיא קְלוּגֶע אוּנְד פֶערְ־
שְׂטֶענְדִיגֶע, אוּנְד הָאסְט זֵייא אַנְטפְּלֶעקְט צוּ קְלֵיינֶע קִינְדֶער:
יָא, פָאטֶער! וָוארִין עֶס אִיז דִיר אַזוֹי וְואוֹילְגֶעפַאלֶען: 26
אַלֶעס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פוּן מֵיין פָאטֶער; אוּנְד 27
קֵיינֶער קֶענְט נִיט דֶעם זוּהְן אוֹיסֶער דֶער פָאטֶער; אוּנְד
קֵיינֶער קֶענְט נִיט דֶעם פָאטֶער, אוֹיסֶער דֶער זוּהְן, אוּנְד
דֶער צוּ וֶועלְכֶען דֶער זוּהְן וֶועט אִיהְם וֶועלֶען אַנְטפְּלֶעקֶען:

28 קוּמְט צוּ מִיר אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען מִיד אוּנְד הָאבֶּען אַ
שְׁווֶערֶע לַאסְט אוֹיף זִיךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ רוּהֶע גֶעבֶּען:
29 נֶעמְט מֵיין יָאךְ אוֹיף אֵייךְ, אוּנְד לֶערֶענְט פוּן מִיר, וָוארִין
אִיךְ בִּין זַאנְפְטמוּטְהִיג אוּנְד דֶעמִיטְהִיג אִים הַארְץ, אוּנְד
30 אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען רוּהֶע צוּ אֵיירֶע זֶעלֶען: וָוארִין מֵיין יָאךְ
אִיז אָנְגֶענֶעהְם, אוּנְד מֵיינֶע לַאסְט אִיז לֵייכְט:

## קאפיטעל יב

1 אִין יֶענֶער צֵייט אִיז יֵשׁוּעַ גֶעגַאנְגֶען אִים שַׁבָּת דוּרְךְ דֶעם
וַואקסֶענְדֶען קָארְן, אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען הוּנְגְרִיג גֶע־
וֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען זַאנְגֶען אָפְּצוּרֵייסֶען אוּנְד
2 צוּ עֶסֶען: וִויא דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע תַּלְמִידִים טְהוּן דָאס וָואס
3 מֶען דַארְף נִיט טְהוּן אַם שַׁבָּת: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן
וֶוען עֶס הָאט אִיהְם גֶעהוּנְגֶערְט, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט
4 אִיהְם גֶעוֶועזֶען? וִויא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן
גָאט, אוּנְד הָאט גֶעגֶעסֶען דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס אִיז אִיהְם
נִיט דֶערְלוֹיבְּט גֶעוֶועזֶען צוּ עֶסֶען, אוֹיךְ נִיט צוּ דִיא וָואס
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט פַאר דִיא כֹּהֲנִים אַלֵיין?
5 אָדֶער הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט אִין דֶער תּוֹרָה, וִויא דִיא
כֹּהֲנִים זֶענֶען אִים שַׁבָּת אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מְחַלֵּל שַׁבָּת, אוּנְד
6 זֶענֶען אוּנְשׁוּלְדִיג? אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז דָא אִיז אֵיינֶער
7 דֶער אִיז גְרֶעסֶער וִויא דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ: וֶוען אִיהְר וָואלְט
אָבֶּער וִויסֶען וָואס דָאס בֶּעדֵייט, אִיךְ בֶּעגֶעהְר גְנָאד אוּנְד
נִיט קָרְבָּנוֹת אַזוֹי וָואלְט אִיהְר נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט דִיא אוּנְ־
8 שׁוּלְדִיגֶע: וָוארִין דֶער בֶּן אָדָם אִיז הַאר פוּן דֶעם שַׁבָּת:
9 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז אִין
10 זֵייעֶר שׁוּל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען: אוּנְד זֶעה, דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פֶערְדַארְטֶע הַאנְד. אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט
אִים שַׁבָּת צוּ הֵיילֶען? כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם קֶענֶען פֶערְ־
11 קְלָאגֶען: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶער מֶענְשׁ
אִיז דָא צְוִוישֶׁען אֵייךְ, וָואס זָאל הָאבֶּען אֵיין שָׁאף, אוּנְד
עֶס וֶועט אִין אַ גְרוּב אַרֵיינְפַאלֶען אִים שַׁבָּת, וֶועט עֶר עֶס

12 נִיט אָנְנֶעמֶען אוּנְד אַרוֹיסְהֵייבֶּען? וִויא פִיל מֶעהְר דֶען אִיז
אַ מֶענְשׁ בֶּעסֶער וִויא אַ שָׁאף? דְרוּם אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט
13 גוּטֶעס צוּ טְהוּן אִים שַׁבָּת: דַאן הָאט עֶר צוּם מַאן גֶעזָאגְט,
שְׁטְרֶעק אוֹיס דַיינֶע הַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט זִיא אוֹיסְגֶע־
שְׁטְרֶעקְט, אוּנְד זִיא אִיז ווִידֶער גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען אַזוֹי וִויא
14 דִיא אַנְדֶערֶע: אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
הָאבֶּען זַייא אַיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען אִיהְם אַז זַייא זָאלֶען
15 אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעווְאוּסְט,
אוּנְד אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד פִילֶע זֶענֶען
אִים נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַלֶע גֶעהֵיילְט:
16 אוּנְד עֶר הָאט זַייא בֶּעפוֹילֶען אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט
17 בֶּעקַאנְט מַאכֶען: כְּדֵי עֶס זָאל מְקוּיָם ווֶערֶען ווָאס אִיז
גֶעזָאגְט דוּרְךְ יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא, דֶער זָאגְט:
18 „זֶעה, מֵיין קְנֶעכְט, דֶעם אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט; מֵיין
גֶעלִיבְּטֶער אִין וֶועלְכֶען מֵיינֶע זֶעלֶע הָאט ווְאוֹילְגֶעפַאלֶען;
אִיךְ ווֶעל מֵיין גֵייסְט אוֹיף אִיהְם גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר ווֶעט
19 דֶערְקְלֶערֶען דָאס גֶערִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקֶער: עֶר ווֶעט
נִיט צַאנְקֶען, אוּנְד ווֶעט נִיט שְׁרַייעֶן; אוּנְד מֶען ווֶעט
20 זַיין קוֹל נִיט הֶערֶען אִין דִיא גַאסֶען: אַ צוּשְׁטוֹיסֶענֶעם
רָאהְר ווֶעט עֶר נִיט צוּבְּרֶעכֶען, אוּנְד רֵייכֶערְדִיגֶעם
פְלַאקְס ווֶעט עֶר נִיט פֶערְלֶעשֶׁען, בִּיז עֶר ווֶעט אוֹיסְ־
21 שִׁיקֶען דָאס גֶערִיכְט צוּם זִיג: אוּנְד דִיא פֶעלְקֶער
ווֶעלֶען הָאפֶען אִין זַיין נָאמֶען״: (ישעיה מב׳ א׳־ג׳).
22 דַאן הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אֵיינֶעם ווָאס הָאט גֶע־
הַאט אַ שֵׁד, בְּלִינְד אוּנְד שְׁטוּם; אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
הֵיילְט, אַז דֶער בְּלִינְדֶער אוּנְד שְׁטוּמֶער הָאט גֶערֶעט אוּנְד
23 גֶעזֶעהֶען: אוּנְד אַלֶע לֵייט הָאבֶּען זִיךְ גֶעווְאוּנְדֶערְט אוּנְד
24 גֶעזָאגְט, אִיז דָאס נִיט דֶער זוּהְן פוּן דָוִד? אוּנְד ווֶען דִיא
פְּרוּשִׁים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, עֶר
טְרֵייבְּט נִיט אַנְדֶערְשׁ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דֶען נוּר דוּרְךְ בַּעַל־
25 זְבוּב דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דִיא שֵׁדִים: אָבֶּער יֵשׁוּעַ
ווִיסֶענְדִיג זֵיירֶע גֶעדַאנְקֶען הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶעס
קֶענִיגְרֵייךְ ווָאס אִיז צוּטֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ, אוּנְד אִיטְלִיכֶע
שְׁטָאט אָדֶער הוֹיז ווָאס אִיז צוּטֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ קֶען נִיט

26 בְּעשְׁטֶעהֶען? אוּנְד וֶוען דֶער שָׂטָן טְרֵייבְּט אַרוֹיס דֶעם שָׂטָן,
אַזוֹי אִיז עֶר צוּטֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ; אוּנְד וִויא אַזוֹי קֶען
27 זַיין קֶענִיגְרַייךְ בְּעשְׁטֶעהֶען? אוּנְד וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס
דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב, דוּרְךְ וֶועמֶען טְרֵייבֶּען זֵייא
אֵיירֶע זִיהְן אַרוֹיס? דְרוּם זָאלֶען זֵייא אֵיירֶע רִיכְטֶער זַיין:
28 אָבֶּער וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט
פוּן גָאט, אַזוֹי אִיז דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט צוּ אֵייךְ גֶע־
29 קוּמֶען: אָדֶער וִויא אַזוֹי קֶען אֵיינֶער אַרֵיינְקוּמֶען אִים הוֹיז
פוּן אַ שְׁטַארְקֶען מַאן, אוּנְד אִיהְם זֵיינֶע זַאכֶען רוֹיבֶּען,
חוּץ אַז עֶר וֶועט צוּעֶרשְׁט דֶעם שְׁטַארְקֶען בִּינְדֶען? אוּנְד
30 דֶערְנָאךְ וֶועט עֶר אִיהְם זַיין הוֹיז רוֹיבֶּען: וֶוער עֶס אִיז נִיט
מִיט מִיר דֶער אִיז קֶעגֶען מִיר; אוּנְד וֶוער עֶס זַאמֶעלְט נִיט
31 מִיט מִיר דֶער צוּשְׁפְּרֵייט: דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אַלֶע
זִינְד אוּנְד לֶעסְטֶער וֶועט דֶעם מֶענְשׁ פֶּערְגֶעבֶּען וֶוערֶען,
אָבֶּער דָאס לֶעסְטֶערְן קֶעגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט דֶעם
32 מֶענְשׁ נִיט פֶּערְגֶעבֶּען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט רֶעדֶען
אַ וָוארְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם, אִיהְם וֶועט עֶס פֶּערְגֶעבֶּען
וֶוערֶען, אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט רֶעדֶען קֶעגֶען דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ, אִיהְם וֶועט עֶס נִיט פֶּערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, נִיט אוֹיף
33 דִיזֶער וֶועלְט, אוּנְד נִיט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט: עֶנְטְוֶועדֶער
מַאכְט דֶעם בּוֹים גוּט, אוּנְד דִיא פְרוּכְט גוּט, אָדֶער מַאכְט
דֶעם בּוֹים שְׁלֶעכְט אוּנְד דִיא פְרוּכְט שְׁלֶעכְט, וָוארִין אָן
34 דֶער פְרוּכְט דֶערְקֶענְט מֶען דֶעם בּוֹים: אִיהְר שְׁפְּרָאצוּנְג
פוּן שְׁלַאנְגֶען, וִויא אַזוֹי קֶענְט אִיהְר גוּטֶעס רֶעדֶען, וֶוען
אִיהְר זֶענְט שְׁלֶעכְט? וָוארִין פוּן דֶעם וָואס דָאס הַארְץ אִיז
35 אִיבֶּערְפִילְט רֶעט דָאס מוֹיל: אַ גוּטֶער מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס גוּטֶעס פוּן דֶעם גוּטֶען שַׂאךְ, אוּנְד אַ שְׁלֶעכְטֶער
מֶענְשׁ בְּרֶענְגְט אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶעס פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען שַׂאךְ:
36 אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פַאר יֶעדֶעם אוּנְנִיצְלִיכֶע וָוארְט,
דָאס דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען רֶעדֶען, וֶועלֶען זֵייא רֶעכֶענְ־
37 שַׁאפְט גֶעבֶּען אִים יוֹם הַדִּין: וָוארִין בֵּייא דֵיינֶע וֶוערְטֶער
וֶועסְט דוּא גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט וֶוערֶען, אוּנְד בֵּייא דֵיינֶע
וֶוערְטֶער וֶועסְט דוּא פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען:
38 דַאן הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים

גֶעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וִוינְשֶׁען הֵיינְט פוּן דִיר
39 אַ צֵייכֶען צוּ זֶעהֶען׃ אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר אוּנְד פוּן זְנוּת זוּכְט אַ
צֵייכֶען, אוּנְד עֶס וֶועט קַיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען
40 וֶוערֶען, אוֹיסֶער דָאס צֵייכֶען פוּן יוֹנָה הַנָבִיא׃ וָוארִין אַזוֹי
וִויא יוֹנָה אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דִיא גֶעדֶערְם פוּן דֶעם פִישׁ דְרַייא
טֶעג אוּנְד דְרַייא נֶעכְט, אַזוֹי וֶועט דֶער בֶּן־אָדָם זַיין דְרַייא
41 טֶעג אוּנְד דְרַייא נֶעכְט אִים הַארְץ פוּן דֶער עֶרְד׃ דִיא
מֶענְשֶׁען פוּן נִנְוֵה וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען צוּם גֶערִיכְט מִיט
דִיזֶען דוֹר, אוּנְד וֶועלֶען עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען, וָוארִין זַייא
הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן בַּייא דֶער פְּרֶעדִיגְט פוּן יוֹנָה; אוּנְד
42 זֶעה, דָא אִיז אַ גְרֶעסֶערֶער וִויא יוֹנָה׃ דִיא מַלְכָּה פוּן תֵּימָן
וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען צוּם גֶערִיכְט מִיט דִיזֶען דוֹר, אוּנְד וֶועט
עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען, וָוארִין זִיא אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דִיא
עֶקֶען פוּן דֶער וֶועלְט צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה פוּן שְׁלֹמֹה;
43 אוּנְד זֶעה דָא אִיז אַ גְרֶעסֶערֶער וִויא שְׁלֹמֹה׃ אוּנְד וֶוען
דֶער אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט גֶעהְט אַרוֹיס פוּן אַ מֶענְשׁ, אַזוֹי וַואנְ־
דֶערְט עֶר אַרוּם אִין עֶרְטֶער אָהְן וַואסֶער, אוּנְד זוּכְט רוּה,
44 אוּנְד גֶעפִינְט עֶס נִיט׃ דַאן זָאגְט עֶר, אִיךְ וֶועל וִוידֶער צוּ־
רִיק גֶעהֶען אִין מֵיין הוֹיז פוּן וַואנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעגַאנְ־
גֶען; אוּנְד וֶוען עֶר קוּמְט, גֶעפִינְט עֶר עֶס לֶעדִיג אוּנְד אוֹיס
45 גֶעקֶעהְרְט אוּנְד גֶעפּוּצְט׃ דַאן גֶעהְט עֶר אוּנְד נֶעמְט מִיט
זִיךְ זִיבֶּען אַנְדֶערֶע גֵייסְטֶער נָאךְ אַרְגֶער וִויא עֶר אַלֵיין,
אוּנְד זַייא קוּמֶען אַרֵיין אוּנְד וְואוֹינֶען דָארְט; אוּנְד דֶער
סוֹף פוּן דִיזֶען מֶענְשׁ אִיז נָאךְ אַרְגֶער וִויא פְרִיהֶער; אַזוֹי
וֶועט עֶס אוֹיךְ זַיין מִיט דִיזֶען שְׁלֶעכְטֶען דוֹר׃
46 דֶערְוַוייל עֶר הָאט נָאךְ צוּ דִיא לֵייט גֶערֶעט, זֶעה, זֶענֶען
נוּן זַיינֶע מוּטֶער אוּנְד בְּרִידֶער פוּן דְרוֹיסֶען גֶעשְׁטַאנֶען,
47 אוּנְד הָאבֶּען גֶעוָואלְט מִיט אִיהְם רֶעדֶען׃ אוּנְד אֵיינֶער הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דַיינֶע מוּטֶער אוּנְד דַיינֶע בְּרִידֶער
48 שְׁטֶעהֶען דְרוֹיסֶען אוּנְד וִוילֶען מִיט דִיר רֶעדֶען׃ אוּנְד עֶר
הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם
דָאס גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז מֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד וֶוער זֶענֶען
49 מֵיינֶע בְּרִידֶער? אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיינֶע

הָאנְד צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעהְט, מֵיינֶע מוּטֶער
50 אוּנְד מֵיינֶע בְּרִידֶער! וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט טְהוּן דֶעם ווִילֶען
פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל, דֶער אִיז מֵיין בְּרוּ־
דֶער, אוּנְד מֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד מֵיינֶע מוּטֶער:

## קאפיטעל יג

1 אִין יֶענֶעם טָאג אִיז יֵשׁוּעַ אוֹיס דֶעם הוֹיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
2 אוּנְד הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט בַּיים יַם: אוּנְד פִיל לֵייט
הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, אַזוֹי אַז עֶר אִיז גֶעגַאנְ־
גֶען זִיךְ צוּ זֶעצֶען אִין אַ שִׁיף; אוּנְד אַלֶע לֵייט זֶענֶען גֶע־
3 שְׁטַאנֶען בַּיים בָּארְטֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא פִיל גֶערֶעדט
אִין מְשָׁלִים אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה, אַ זֵייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
4 צוּ זֵייעֶן: אוּנְד ווִיא עֶר הָאט גֶעזֵייעֶט, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע זָא־
מֶען גֶעפַאלֶען בַּיים וֶועג, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל זֶענֶען גֶעקוּמֶען
5 אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען: אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען
גֶעפַאלֶען אוֹיף שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, וְואוּ זֵייא הָאבֶּען נִיט
גֶעהַאט פִיל עֶרְד; אוּנְד זֵייא זֶענֶען גְלֵייךְ אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט,
6 ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע עֶרְד: אוּנְד וֶוען
דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא פֶערְטְרִיקֶענְט; ווייל
זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע וְואוּרְצֶעל נִיט גֶעהַאט, זֶענֶען זֵייא פֶערְ־
7 דַארְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען
דֶערְנֶער; אוּנְד דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
8 הָאבֶּען זֵייא דֶערְשְׁטִיקְט: אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפַאלֶען
אוֹיף גוּטֶען גְרוּנְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען פְרוּכְט, עֶטְלִיכֶע
הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג, אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּנְד עֶטְ־
9 לִיכֶע דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג: דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען
לָאז עֶר הֶערֶען:
10 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס רֶעדְסְט דוּא צוּ זֵייא אִין מְשָׁלִים?
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צוּ
אֵייךְ אִיז עֶס גֶעגֶעבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען דִיא סוֹדוֹת פוּן
דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, אָבֶּער צוּ זֵייא אִיז עֶס נִיט גֶעגֶעבֶּען:
12 וָוארִין וֶוער עֶס הָאט, צוּ דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד
עֶר וֶועט אִיבְּרִיג הָאבֶּען; אָבֶּער דֶער וָואס הָאט נִיט, פוּן
דֶעם וֶועט דָאס וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען:

13 דֶעסְטְוֶועגֶען רֶעד אִיךְ צוּ זַייא אִין מְשָׁלִים, וָוארִין זֶעהֶענְ־
דִיג זֶעהֶען זַייא דָאךְ נִיט, אוּנְד הֶערֶענְדִיג הֶערֶען זַייא דָאךְ
14 נִיט, אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהֶען אוֹיךְ נִיט: אוּנְד אִין זַייא אִיז דֶערְ־
פִילְט דִיא נְבוּאָה פוּן יְשַׁעְיָה, וֶועלְכֶע זָאגְט,

״ הֶערֶענְדִיג וֶועט אִיהְר הֶערֶען, אוּנְד נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען;
אוּנְד זֶעהֶענְדִיג וֶועט אִיהְר זֶעהֶען, אוּנְד נִיט אֵיינְזֶעהֶען:
15 וָוארִין דָאס הַארְץ פוּן דִיזֶען פָאלְק אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זַיירֶע אוֹירֶען זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ הֶערֶען, אוּנְד זַיירֶע
אוֹיגֶען זֶענֶען צוּגֶעמַאכְט; אַז זַייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען
מִיט זַיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד הֶערֶען מִיט זַיירֶע אוֹירֶען, אוּנְד
פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט זַייעֶר הַארְץ, אוּנְד זִיךְ אוּמְקֶערֶען,
אוּנְד אִיךְ זָאל זַייא הֵיילֶען״: (ישעיה ו׳ ט׳ י׳).
16 אָבֶּער גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען אֵיירֶע אוֹיגֶען וֶוייל זַייא זֶעהֶען,
17 אוּנְד אֵיירֶע אוֹירֶען וֶוייל זַייא הֶערֶען: וָוארִין בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז פִילֶע נְבִיאִים אוּנְד צַדִיקִים הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט
צוּ זֶעהֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט, אוּנְד הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעזֶעהֶען:
18 דְרוּם הֶערְט אִיהְר דָאס מָשָׁל פוּן דֶעם זַייעֶר: אִיטְלִיכֶער
19 וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהְט
עֶס נִיט, אַזוֹי קוּמְט דֶער שְׁלֶעכְטֶער, אוּנְד רַייסְט אוֹיס דָאס
וָואס אִיז גֶעזַייעֶט גֶעוָוארֶען אִין זַיין הַארְץ. דָאס אִיז דָאס
20 וָואס עֶס אִיז גֶעזַייעֶט גֶעוָוארֶען בֵּיים וֶועג: אוּנְד דָאס וָואס
אִיז גֶעזַייעֶט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד אִיז
דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט, אוּנְד עֶר נֶעמְט עֶס גְלֵייךְ אָן
21 מִיט פְרֵייד: אָבֶּער עֶר הָאט נִיט אִין זִיךְ קֵיינֶע וָוארְצֶעל,
אוּנְד בְּלֵייבְּט נוּר פַאר אַ צַייט; אוּנְד וֶוען עֶס קוּמֶען לֵייד־
דֶען אוּנְד פֶערְפָאלְגוּנְג וֶועגֶען דֶעם וָוארְט, אַזוֹי וֶוערְד עֶר
22 בַּאלְד גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט: אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעזַייעֶט גֶע־
וָוארֶען צְוִוישֶׁען דֶערְנֶער, אִיז דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט
אוּנְד דִיא זָארְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דֶער בֶּעטְרוּג פוּן
רֵייכְטוּם, דֶערְשְׁטִיקְט דָאס וָוארְט, אוּנְד עֶס בְּלֵייבְּט אָהְן
23 פְרוּכְט: אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעזַייעֶט גֶעוָוארֶען אוֹיף גוּטֶען
גְרוּנְד אִיז דֶער וָואס הֶערְט דָאס וָוארְט אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהְט
עֶס, אוּנְד טְרָאגְט אוֹיךְ פְרוּכְט, עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג,
אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אוּנְד עֶטְלִיכֶע דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג:

24 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל פָארְגֶעלֶעגְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייך צוּ אַ מַאן
25 וָואס זֵייעֶט גוּטֶען זָאמֶען אִין זֵיין פֶעלְד: אוּנְד וָוען דִיא
מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעשְׁלָאפֶען, אִיז זֵיין פֵיינְד גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶעזֵייעֶט אוּנְקְרוֹיט צְוִוישֶׁען דֶעם וֵוייץ, אוּנְד אִיז אַוֶועקְ־
26 גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וָוען דָאס גְרָאז הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט,
אוּנְד הָאט פְרוּכְט גֶעטְרָאגֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ דָאס אוּנְקְרוֹיט
27 אוֹיךְ גֶעוִויזֶען: אוּנְד דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם בַּעַל הַבַּיִת זֶענֶען
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, הָאסְט דוּא
נִיט גֶעזַייעֶט גוּטֶען זָאמֶען אִין דֵיין פֶעלְד? פוּן וַואנֶען הָאט
28 עֶס דֶען דָאס אוּנְקְרוֹיט? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אַ פֵיינְד הָאט דָאס גֶעטְהוּן. אוּנְד דִיא קְנֶעכְט הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, ווִילְסְט דוּא דֶען אַז מִיר זָאלֶען אוֹיסְגֶעהֶען
29 אוּנְד עֶס אַיינְזַאמֶעלְן? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נֵיין! וָוארִין טָאמֶער וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס אוּנְקְרוֹיט אֵיינְ־
זַאמֶעלְן, וֶועט אִיהְר דֶערְמִיט דֶעם וֵוייץ אוֹיךְ אוֹיסְוְוארְצְ־
30 לֶען: לָאזְט זֵייא בֵּיידֶע צוּזַאמֶען וַואקְסֶען בִּיז צוּ דֶער
שְׁנִיטְצֵייט, אוּנְד אִין דֶער שְׁנִיטְצֵייט וֶועל אִיךְ זָאגֶען צוּ
דִיא שְׁנִיטֶער, זַאמֶעלְט צוּעֶרְשְׁט אֵיין דָאס אוּנְקְרוֹיט, אוּנְד
בִּינְט עֶס אִין בִּינְדְלֶעךְ, אַז מֶען זָאל עֶס פֶערְבְּרֶענֶען, אָבֶּער
זַאמֶעלְט דֶעם וֵוייץ אִין מֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אַרֵיין:
31 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל פָארְגֶעלֶעגְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ זֶענְפְקָארְן,
וָואס אַ מַאן הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד גֶעזֵייעֶט אִין זֵיין פֶעלְד:
32 דָאס אִיז קְלֵיינֶער ווִיא אַלֶע זָאמֶען, אָבֶּער וֶוען עֶס וַואקְסְט
אוֹיף אַזוֹי אִיז עֶס גְרֶעסֶער ווִיא אַלֶע קְרֵייטֶער, אוּנְד וֶוערְד
אַ בּוֹים אַזוֹי אַז דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל קוּמֶען אוּנְד בֶּע־
זֶעצֶען זִיךְ צְווִישֶׁען דִיא צְווֵייגֶען:
33 אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דָאס
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ זוֹיעֶרְטֵייג, וָואס אַ פְרוֹיא
הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד פֶערְבָּארְגֶען אִין דְרֵייא מָאס מֶעהְל,
בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז גֶעזֵייעֶרְט גֶעוָוארֶען:
34 דָאס אַלֶעס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא לֵייט אִין מְשָׁלִים
35 אוּנְד אָהְן מְשָׁלִים הָאט עֶר צוּ זֵייא נִיט גֶערֶעט: כְּדֵי עֶס

זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא,
דֶער זָאגְט,

״אִיךְ וֶועל אוֹיפְמַאכֶען מֵיין מוֹיל אִין מְשָׁלִים, אִיךְ וֶועל
רֶעדֶען וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג
פוּן דֶער וֶועלְט״: (תהלים עח׳ ב׳).

36 דַאן הָאט עֶר דִיא לֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוּנְד אִיז אִים הוֹיז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּ־
מֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶערְקְלֶעהְר אוּנְס דָאס מָשָׁל פוּן
37 דֶעם אוּנְקְרוֹיט פוּן דֶעם פֶעלְד: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶער וָואס זֵייעֶט דֶעם גוּטֶען זָאמֶען אִיז דֶער
38 בֶּן־אָדָם: דָאס פֶעלְד אִיז דִיא וֶועלְט; דֶער גוּטֶער זָאמֶען
זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ; אוּנְד דָאס אוּנְקְרוֹיט
39 זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען: דֶער פֵיינְד וָואס
הָאט עֶס גֶעזֵייעֶט אִיז דֶער שָׂטָן; דִיא שְׁנִיטְצֵייט אִיז דָאס
עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטְאַלְטֶער אוּנְד דִיא שְׁנִיטֶער זֶענֶען דִיא
40 מַלְאָכִים: דְרוּם אַזוֹי וִויא דָאס אוּנְקְרוֹיט וֶוערְד אֵיינְגֶעזַא־
מֶעלְט אוּנְד פֶערְבְּרֶענְט אִים פֵייעֶר, אַזוֹי וֶועט עֶס אוֹיךְ
41 זֵיין בֵּיים עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטְאַלְטֶער: דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
שִׁיקֶען זֵיינֶע מַלְאָכִים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵיינְזַאמְלֶען פוּן
זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אַלֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען, אוּנְד דִיא וָואס טְהוּן
42 אוּנְרֶעכְט: אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵייא אִים פֵייעֶרִיגֶען אוֹיפֶען
אַרֵיינְוַוארְפֶען; דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען:
43 דַאן וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים שֵׁיינֶען וִויא דִיא זוּן אִים קֶענִיגְ־
רֵייךְ פוּן זֵייעֶר פָאטֶער. דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען,
לָאז עֶר הֶערֶען:

44 דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ שַׁאץ וָואס אִיז פֶערְ־
בָּארְגֶען אִים פֶעלְד, וֶועלְכֶעס אַ מַאן גֶעפִינְט אוּנְד פֶערְ־
בָּארְגְט עֶס, אוּנְד פַאר שִׂמְחָה גֶעהְט עֶר אַוֶועק, אוּנְד
פֶערְקוֹיפְט אַלֶעס וָואס עֶר הָאט אוּנְד קוֹיפְט דָאס פֶעלְד:
45 וִוידֶער, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ סוֹחֵר וָואס
46 זוּכְט גוּטֶע פֶערְל; אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אַלֶעס
פֶערְקוֹיפְט אוּנְד הָאט זִיא גֶעקוֹיפְט:
47 וִוידֶער, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ נֶעץ וָואס
וֶוערְד אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד פַאנְגְט פוּן אַלֶערְלֵייא

48 מִינִים׃ אוּנְד וָוען עֶס אִיז פוּל גֶעוָוארֶען הָאט מֶען עֶס צוּם
בְּרֶעג אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד מֶען הָאט זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט
אוּנְד אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט דִיא גוּטֶע אִין דִיא כֵּלִים אַרֵיין, אוּנְד
49 דִיא שְׁלֶעכְטֶע הָאט מֶען אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען׃ אַזוֹי וֶועט עֶס
זַיין בַּיים עֶנְד פוּן דֶעם צַייטְאַלְטֶער׃ דִיא מַלְאָכִים וֶועלֶען
אוֹיסְגֶעהֶען, אוּנְד וֶועלֶען אָפְּשֵׁיידֶען דִיא רְשָׁעִים פוּן צְווִי־
50 שֶׁען דִיא צַדִיקִים׃ אוּנְד זַייא וֶועלֶען זַייא אִים פַייעֶרִיגֶען
אוֹיפֶען אַרֵיינְוַוארְפֶען; דָארְט וֶועט זַיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְ־
קְרִיצֶען׃
51 הָאט אִיהְר דָאס אַלֶעס פֶערְשְׁטַאנֶען? זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
52 גֶעזָאגְט, יָא׃ אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דְרוּם אִיטְ־
לִיכֶער סוֹפֵר וָואס אִיז גֶעלֶערְנְט צוּם מַלְכוּת הַשָׁמַיִם אִיז
גְלֵייךְ צוּ אַ בַּעַל הַבַּיִת, וָואס בְּרֶענְגְט אַרוֹיס פוּן זַיין שַׁאץ
נֵייעֶ אוּנְד אַלְטֶע זַאכֶען׃
53 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וָוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיזֶע מְשָׁלִים גֶע־
54 עֶנְדִיגְט, אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען׃ אוּנְד עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אִין זַיין אֵייגֶען לַאנְד אַרֵיין, אוּנְד עֶר הָאט
זַייא גֶעלֶעהְרְט אִין זַיירֶע שׁוּלֶען, אַז זַייא זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט
גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווִיא קוּמְט צוּ אִיהְם דִיזֶע
55 חָכְמָה אוּנְד דִיא נִסִים? אִיז עֶר נִיט דֶער זוּהְן פוּן דֶעם בּוֹי־
מֵייסְטֶער? אוּנְד הֵייסְט נִיט זַיינֶע מוּטֶער מִרְיָם? אוּנְד
זַיינֶע בְּרִידֶער יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי אוּנְד שִׁמְעוֹן אוּנְד יְהוּדָה?
56 אוּנְד זֶענֶען נִיט אַלֶע זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְן בַּייא אוּנְס? פוּן
57 וַואנֶען דֶען הָאט דִיזֶער דָאס אַלֶעס? אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט אַן אִיהְם. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אַ נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, אוֹיסֶער אִין זַיין לַאנְד אוּנְד אִין
58 זַיין הוֹיז׃ אוּנְד עֶר הָאט דָארְט נִיט פִיל נִסִים בֶּעווִיזֶען
וֶועגֶען זַיירֶען אוּנְגְלוֹיבֶּען׃

קאפיטעל יד

1 אִין יֶענֶער צַייט הָאט הוֹרְדוֹס דֶער פִירְפִירְשְׁט גֶעהֶערְט
2 דֶעם שֵׁם פוּן יֵשׁוּעַ׃ אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט,
דָאס אִיז יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל, עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא
3 טוֹיטֶע אוּנְד דְרוּם ווִירְקֶען אִין אִיהְם דִיא נִסִים׃ וָוארִין
הוֹרְדוֹס הָאט יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען,

אוּנְד אִים גֶעפֶּענְגְנִיס אַרַיינְגֶעזֶעצְט וֶועגֶען הוֹרְדִיָא דָאס וַוייבּ
פוּן זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס: וָוארִין יוֹחָנָן הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט, 4
עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז דוּא זָאלְסְט זִיא הָאבֶּען: אוּנְד עֶר 5
הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען, אָבֶּער עֶר הָאט מוֹרָא גֶע־
הַאט פָאר דִיא לֵייט וַוייל זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען
פַאר אַ נָבִיא: אוּנְד וֶוען מֶען הָאט גֶעהַאלְטֶען דֶעם גֶע־ 6
בּוּרְטְסְטָאג פוּן הוֹרְדוּס, הָאט דִיא טָאכְטֶער פוּן הוֹרְדִיָא
אִים מִיטֶען גֶעטַאנְצְט, אוּנְד זִיא אִיז הוֹרְדוּס גֶעפֶעלֶען:
דְרוּם הָאט עֶר אִיהְר צוּגֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁבוּעָה אַז עֶר וֶועט 7
אִיהְר גֶעבֶּען וָואס זִיא וֶועט פֶערְלַאנְגֶען: אוּנְד אַז זִיא אִיז 8
גֶעוֶועזֶען פְרִיהֶער אָנְגֶעלֶערְנְט פוּן אִיהְרֶע מוּטֶער, הָאט
זִיא גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דֶעם קָאפּ פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אוֹיף אַ
שִׁיסֶעל: אוּנְד דֶער מֶלֶךְ אִיז טְרוֹירִיג גֶעוֶועזֶען; דָאךְ וֶוע־ 9
גֶען דֶער שְׁבוּעָה, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען,
הָאט עֶר בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל אִיהְר גֶעבֶּען: אוּנְד עֶר 10
הָאט גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט יוֹחָנָן גֶעקֶעפְּט אִים גֶעפֶּענְגְנִיס:
אוּנְד זַיין קָאפּ אִיז גֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען אוֹיף אַ שִׁיסֶעל, אוּנְד 11
אִיז צוּם מֶעדֶעל גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ
אִיהְרֶע מוּטֶער: אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד 12
הָאבֶּען גֶענוּמֶען דֶעם גוּף, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעגְרָאבֶּען;
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט צוּ
יֵשׁוּעַ:
אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז עֶר פוּן דָארְט 13
אַלֵיין אַוֶּועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף אִין אַ וִוּיסְטֶען אָרְט;
אוּנְד וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט זֶענֶען זַייא אִיהְם
נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא שְׁטֶעט צוּ פוּס: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז 14
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען פִיל לֵייט; אוּנְד עֶר
הָאט אִיבֶּער זַייא רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט, אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט זַיירֶע
קְרַאנְקֶע: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען, זֶענֶען דִיא 15
תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
אַ מִדְבָּר, אוּנְד דִיא צֵייט אִיז שׁוֹין פָארְבֵּייא; שִׁיק דִיא
לֵייט אַוֶּועק אַז זַייא זָאלֶען גֶעהֶען אִין דֶערְפֶער אַרַיין, אוּנְד
זָאלֶען זִיךְ קוֹיפֶען צוּם עֶסֶען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא 16
גֶעזָאגְט, זַייא בֶּעדַארְפֶען נִיט אַוֶּועק צוּ גֶעהֶען, גִיבְּט אִיהְר

17 זֵייא צוּ עֶסְעֶן: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר
הָאבֶּען דָא נִיט מֶעהְר וִויא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד צְוֵייא פִישׁ:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט זֵייא אַהֶער צוּ מִיר: אוּנְד
19 עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא לֵייט זָאלֶען זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען אוֹיף
דֶעם גְרָאז, אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד
דִיא צְוֵייא פִישׁ אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען קֶעגֶען הִימֶעל,
אוּנְד אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט דָאס בְּרוֹיט צוּבְּרָאכֶען,
אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים
20 צוּ דִיא לֵייט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען, אוּנְד זֶענֶען
זַאט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז
אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ צְוֶועלְף קֶערְבּ פוּל:
21 אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַן עֶרֶךְ
פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד מֶענֶער, חוּץ פְרוֹיעֶן אוּנְד קִינְדֶער:
22 אוּנְד גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעצְוְואוּנְגֶען אִין אַ
שִׁיף אֵיינְצוּטְרֶעטֶען, אוּנְד פָאר אִיהְם צוּשִׁיפֶען צוּ דִיא אַנְ־
23 דֶערֶע זֵייט בִּיז עֶר וֶועט דִיא לֵייט אַוֶועקְשִׁיקֶען: אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט דִיא לֵייט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אִיז עֶר אַלֵיין אַרוֹיפְגֶעגַאנְ־
גֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צוּ בֶּעטֶען, אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד
24 גֶעוָוארֶען אִיז עֶר דָארְט אַלֵיין גֶעוֶועזֶען: אוּנְד דָאס שִׁיף
אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען פִילֶע פוּרְכֶען פוּן דֶעם לַאנְד, אוּנְד
אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דִיא וֶועלֶען, דֶען דֶער וִוינְד אִיז קֶעגֶען
25 זֵייא גֶעוֶועזֶען: אוּנְד אִין דֶער פִירְטֶען וַואךְ פוּן דֶער נַאכְט
אִיז יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעקוּמֶען, אוֹיף דֶעם יַם אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג:
26 אוּנְד וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם
יַם אַרוּמְגֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז אַ גֵייסְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן פַאר מוֹרָא:
27 אוּנְד גְלֵייךְ הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֵייט
28 גֶעטְרֵייסְט, אִיךְ בִּין עֶס, פָארְכְט אֵייךְ נִיט: אוּנְד פֶּעטְרוֹס
הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא בִּיזְט
עֶס, אַזוֹי לָאז מִיךְ צוּ דִיר קוּמֶען אוֹיף דֶעם וַואסֶער:
29 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט קוּם, אוּנְד פֶּעטְרוֹס אִיז אַרוּנְטֶערְ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם
30 וַואסֶער אַז עֶר זָאל קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ: אָבֶּער וֶוען עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען אַז דֶער וִוינְד אִיז שְׁטַארְק, הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט,

אוּנְד װֶען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְקֶען, הָאט עֶר גֶע־
שְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, רֶעטֶע מִיךְ: אוּנְד גְלֵייךְ הָאט 31
יֵשׁוּעַ דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
נוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אָ, דוּא קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶער,
פַארְוָואס הָאסְט דוּא גֶעצְוֵוייפֶעלְט? אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען 32
אִים שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט זִיךְ דֶער ווִינְד גֶעשְׁטִילְט:
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִים שִׁיף הָאבֶּען זִיךְ צוּ 33
אִיהְם גֶעבִּיקְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת דוּא בִּיסְט דֶער
זוּהְן פוּן גָאט:
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעשִׁיפְט אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען 34
צוּם לַאנְד גְנֵיסַר: אוּנְד וֶוען דִיא בֶּעוְואוֹינֶער פוּן יֶענֶעם 35
אָרְט הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט, הָאבֶּען זַייא אַרוּמְגֶעשִׁיקְט
אִין דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
אַלֶע קְרַאנְקֶע: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז זַייא 36
זָאלֶען נוּר אָנְרִיהְרֶען דֶעם זוֹים פוּן זַיין קְלֵייד, אוּנְד אַלֶע
דִיא וָואס הָאבֶּען אָנְגֶערִיהְרְט זֶענֶען גַאנְץ גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל טו

דַאן זֶענֶען דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד סוֹפְרִים גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ 1
פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט: פַארְוָואס זֶענֶען דַיינֶע 2
תַּלְמִידִים עוֹבֵר דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן דִיא עֶלְצְטֶע?
וָוארִין זַייא וַואשֶׁען זִיךְ נִיט דִיא הֶענְד וֶוען זַייא עֶסֶען בְּרוֹיט:
אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, 3
פַארְוָואס זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ עוֹבֵר דָאס גֶעבָּאט פוּן גָאט דוּרְךְ
אֵיירֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג? וָוארִין גָאט הָאט גֶעבָּאטֶען אוּנְד 4
גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט עֶהְרֶען דַיין פָאטֶער אוּנְד דַיינֶע מוּטֶער,
אוּנְד דֶער וָואס שֶׁעלְט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער זָאל גֶעווִיס
שְׁטַארְבֶּען: אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט זָאגֶען צוּ 5
זַיין פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, דָאס אִיז אַ קָרְבָּן וָואס דוּא
זָאלְסְט פוּן מִיר הֲנָאָה הָאבֶּען, עֶר וֶועט נִיט עֶהְרֶען זַיין
פָאטֶער אָדֶער זַיינֶע מוּטֶער: אוּנְד אִיהְר הָאט דָאס גֶעבָּאט 6
פוּן גָאט צֶערְשְׁטֶערְט דוּרְךְ אֵיירֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג: אִיהְר 7
הֵייכְלֶער, יְשַׁעְיָה הָאט מִיט רֶעכְט אוֹיף אֵייךְ נְבִיאוֹת גֶע־
זָאגְט, זָאגֶענְדִיג,
,,דִיזֶעס פָאלְק עֶהְרֶעט מִיךְ מִיט זַייעֶרֶע לִיפֶּען, אָבֶּער זַייעֶר 8

9 הַאַרְץ אִיז וַוייט פוּן מִיר: אָבֶּער אוּמְזוּסְט פִירְכְטֶעט עֶם
מִיךְ, אוּנְד לֶערְנְט זָאלְכֶע לֶעהְרֶע וָואס זֶענֶען גֶעבָּאטֶע
פוּן מֶענְשֶׁען: (ישעיה כט׳ יג׳).
10 אוּנְד עֶר הָאט דִיא לַייט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ זַייא
11 גֶעזָאגְט, הֶערְט צוּ אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהֶעט: נִיט דָאס וָואס קוּמְט
אִין מוֹיל אַרַיין מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרַיין, נֵייעֶרְט דָאס
וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן מוֹיל דָאס מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרַיין:
12 דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וַוייסְט דוּא אַז דִיא פְּרוּשִׁים וֶוען זַייא
הָאבֶּען דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט זֶענֶען גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט גֶעוָוארֶען:
13 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶע פְלַאנְץ
וָואס מֵיין הִימְלִישֶׁער פָאטֶער הָאט נִיט גֶעפְלַאנְצְט וֶועט
14 אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט וֶוערֶען: לָאזְט זַייא גֶעהֶען, זַייא זֶענֶען
בְּלִינְדֶע פִיהְרֶער פוּן דִיא בְּלִינְדֶע, אוּנְד וֶוען אַ בְּלִינְדֶער
פִיהְרְט אַ בְּלִינְדֶען, אַזוֹי פַאלֶען זַייא בֵּיידֶע אַרַיין אִין אַ
15 גְרוּב: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם
16 גֶעזָאגְט, דֶערְקְלֶער אוּנְס דָאס מָשָׁל: אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
17 זָאגְט, זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד? פֶערְשְׁטֶעהְט
אִיהְר נִיט, אַז אַלֶעם וָואס גֶעהְט אִין מוֹיל אַרַיין גֶעהְט אִין
18 בּוֹיךְ אַרַיין, אוּנְד וֶועט צוּם מִיסְט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען? אָבֶּער
דָאס וָואס גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מוֹיל דָאס קוּמְט פוּן דֶעם
19 הַארְץ, אוּנְד דָאס מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרַיין: וָוארִין פוּן
דֶעם הַארְץ קוּמֶען אַרוֹיס בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען, רְצִיחָה, נִיאוּף,
20 זְנוּת גְנֵבוֹת, פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען, לֶעסְטֶערוּנְגֶען: דָאס זֶענֶען
דִיא זַאכֶען וָואס מַאכֶען דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרַיין, אָבֶּער צוּ
עֶסֶען מִיט אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד מַאכְט דֶעם מֶענְשׁ נִיט
אוּנְרַיין:
21 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶע־
22 קוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן: אוּנְד זֶעה,
אַ פְרוֹיא אַ כְּנַעֲנִית אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דִיזֶע גְרֶענְצֶען,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער
מִיר, הַאר, דוּא זוּהְן פוּן דָוִד, מֵיינֶע טָאכְטֶער וֶוערְד זֶעהְר
23 גֶעפְּלָאגְט פוּן אַ שֵׁד: אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְר קֵיין וָוארְט נִיט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,

אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנד גֶעזָאגְט, שִׁיק זִיא אַוֶועק,
וָוארִין זִיא שְׁרַייט אוּנְס נָאךְ: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט 24
אוּנְד גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין נִיט גֶעשִׁיקְט אוּיסֶער צוּ דִיא פֶערְ־
לוֹירֶענֶע שָׁאף פוּן דֶעם הוֹיז יִשְׂרָאֵל: אוּנְד זִיא אִיז גֶע־ 25
קוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר,
הֶעלְף מִיר: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, 26
עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַוֶועקְצוּנֶעמֶען דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא
קִינְדֶער אוּנְד עֶס צוּ וַוארְפֶען פָאר דִיא הִינְטְלֶעךְ: אוּנְד זִיא 27
הָאט גֶעזָאגְט, יָא הַאר, אָבֶּער דִיא הִינְטְלֶעךְ עֶסֶען פוּן דִיא
בְּרֶעקְלֶעךְ וָואס פַאלֶען אַרוּפּ פוּן דֶעם טִישׁ פוּן זֵיירֶע הַא־
רֶען: דַאן הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר 28
גֶעזָאגְט, אָ פְרוֹיא, גְרוֹיס אִיז דַיין גְלוֹיבֶּען, עֶס זָאל דִיר
גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא ווִילְסְט. אוּנְד אִיהְרֶע טָאכְטֶער אִיז
גֶעהַיילְט גֶעוָוארֶען פוּן יֶענֶער שָׁעָה:
אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פוּן דָארְטֶען וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז 29
גֶעקוּמֶען צוּם יַם פוּן גָלִיל, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג
אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ דָארְט אַנִידֶער גֶעזֶעצְט:
אוּנְד פִיל לֵייט זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען וָואס הָאבֶּען מִיט 30
זִיךְ גֶעהַאט לָאמֶע, הִינְקֶעדִיגֶע, בְּלִינְדֶע, שְׁטוּמֶע, אוּנְד פִילֶע
אַנְדֶערֶע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אַנִידֶער גֶעוָוארְפֶען פָאר
זַיינֶע פִיס, אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעהַיילְט: אַזוֹי אַז דִיא לֵייט 31
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען, דִיא הִינְקֶעדִיגֶע זֶענֶען גֶעזוּנְד, אוּנְד
דִיא לָאמֶע גֶעהֶען אַרוּם, אוּנְד דִיא בְּלִינְדֶע זֶעהֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל:
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אוּנְד גֶע־ 32
זָאגְט, אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיא לֵייט, וָוארִין זַייא זֶענֶען
שׁוֹין דְרֵייא טֶעג מִיט מִיר גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט וָואס
צוּ עֶסֶען, אוּנְד אִיךְ וִויל זַייא נִיט נִיכְטֶערְן אַוֶועקְשִׁיקֶען,
כְּדֵי זַייא זָאלֶען נִיט פֶערְשְׁמַאכְטֶען אוֹיף דֶעם וֶועג: אוּנְד 33
זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען זָאלֶען
מִיר נֶעמֶען אִין דֶער מִדְבָּר אַזוֹי פִיל בְּרוֹיט אַזוֹי פִיל לֵייט
זַאט צוּ מַאכֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט וִויא 34
פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִיבֶּען,

35 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פִישְׁלֶעךְ: אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען אַז דִיא
36 לַייט זָאלֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אַנִידֶערְזֶעצֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט אוּנְד דִיא פִישׁ, אוּנְד הָאט
אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוּנְד הָאט זֵייא צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט
זֵייא גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים צוּ דִיא
37 לַייט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען אוּנְד זֶענֶען זַאט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וָואס אִיז אִיבֶּערְ־
38 גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ פוּל: אוּנְד דִיא
וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיר טוֹיזֶענְד מֶענֶער,
39 חוּץ פְרוֹיעֶן אוּנְד קִינְדֶער: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דִיא לַייט
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אִיז עֶר אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענְצֶען פוּן מַגַדָן:

קאפיטעל טז

1 אוּנְד דִיא פְרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט, אוּנְד פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט,
2 אַז עֶר זָאל זֵייא וֵוייזֶען אַ צֵייכֶען פוּן הִימֶעל: אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען עֶס אִיז
אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען זָאגְט אִיהְר, עֶס וֶועט שֶׁעהְנֶעם וֶועטֶער
3 זַיין, וָוארִין דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט: אוּנְד אִין דֶער פְרִיה,
עֶס וֶועט הֵיינְט זַיין אַ שְׁטוּרְם, וָוארִין דֶער הִימֶעל אִיז רוֹיט
אוּנְד טְרִיבּ. אִיהְר הֵייכְלֶער! אִיהְר קֶענְט פֶערְשְׁטֶעהֶען
דָאס אַנְזֶעהֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אָבֶּער דִיא צֵייכֶען פוּן דִיא
4 צֵייטֶען קֶענְט אִיהְר נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען? אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר
אוּנְד פוּן זְנוּת זוּכְט אַ צֵייכֶען, אוּנְד עֶס וֶועט זֵייא קֵיין
אַנְדֶער צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוֹיסֶער דָאס צֵייכֶען
פוּן יוֹנָה. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט אוּנְד אִיז אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען:
5 אוּנְד וֶוען דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע
זַייט פוּן דֶעם יַם, הָאבֶּען זֵייא פֶערְגֶעסֶען בְּרוֹיט מִיטְצוּ־
6 נֶעמֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט צוּ אוּנְד
הִיט אֵייךְ פָאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֵּייא זִיךְ גֶעדַאכְט דָאס אִיז וֵוייל מִיר
8 הָאבֶּען נִיט מִיטְגֶענוּמֶען קֵיין בְּרוֹיט: אוּנְד יֵשׁוּעַ דָאס
וִויסֶענְדִיג הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס דֶענְקְט אִיהְר

צְווִישֶׁען אֵייךְ, אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע, ווייל אִיהְר הָאט נִיט
9 קֵיין בְּרוֹיט? פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נָאךְ נִיט אוּנְד גֶעדֶענְקְט
אִיהְר נִיט דִיא פִינְף בְּרוֹיט פַאר דִיא־פִינְף טוֹיזֶענְד, אוּנְד
10 וִויא פִיל קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? אוּנְד אוֹיךְ דִיא
דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט פַאר דִיא פִיר טוֹיזֶענְד, אוּנְד וִויא פִיל
11 קֶערְבּ אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? וִויא פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר
נִיט אַז אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ נִיט גֶערֶעט פוּן בְּרוֹיט אִיהְר
זָאלְט אֵייךְ הִיטֶען פָאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
12 אוּנְד צַדוּקִים? דַאן הָאבֶּען זַייא פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר הָאט
זַייא נִיט גֶעהֵייסֶען זִיךְ הִיטֶען פָאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן בְּרוֹיט,
נֵייעֶרְט פָאר דִיא לֶעהְרֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד צַדוּקִים:
13 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דֶער גֶעגֶענְד פוּן קִיסְרִיָא
פִילִיפּוֹס, אַזוֹי הָאט עֶר זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶע־
14 זָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא מֶענְשֶׁען אַז דֶער בֶּן־אָדָם אִיז? אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶטְלִיכֶע זָאגֶען, יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל; אוּנְד
אַנְדֶערֶע, אֵלִיָהוּ; אוּנְד אַנְדֶערֶע, יִרְמְיָה, אָדֶער אֵיינֶער פוּן
15 דִיא נְבִיאִים: עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר
16 אַז אִיךְ בִּין? אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּע־
17 דִיגֶען גָאט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט דוּא שִׁמְעוֹן בַּר יוֹנָה; וָוארִין
פְלֵיישׁ אוּנְד בְּלוּט הָאבֶּען דָאס דִיר נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט, נֵייעֶרְט
18 מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל: אוּנְד אִיךְ זָאג דִיר אַז
דוּא בִּיסְט פֶּעטְרוֹס, אוּנְד אוֹיף דִיזֶען פֶעלְזֶען וֶועל אִיךְ
מֵיינֶע גֶעמֵיינְדֶע בּוֹיעֶן; אוּנְד דִיא טְהִירֶען פוּן שְׁאוֹל וֶוע־
19 לֶען זִיא נִיט אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען: אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דֶעם
שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם מַלְכוּת הַשָׁמַיִם; אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט
בִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין גֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל;
אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט לוֹיזְמַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וֶועט זַיין
20 לוֹיזְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל: דַאן הָאט עֶר דִיא תַּלְמִידִים
פֶערְבָּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען, אַז עֶר אִיז
דֶער מָשִׁיחַ:
21 פוּן דֶענְסְמָאל אָן הָאט יֵשׁוּעַ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זֵיינֶע תַּלְמִידִים
צוּ וֶוייזֶען, אַז עֶר מוּז גֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פִיל לֵיידֶען

פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד
מוּז גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם דְרַיי־
22 טֶען טָאג: אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען אִיהְם אָנְצוּשְׁרַייעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, חָלִילָה הַאר! דָאס
23 זָאל דִיר נִיט גֶעשֶׁעהֶען: אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד הָאט צוּ פֶּעטְרוּס גֶעזָאגְט, גֶעה הִינְטֶער מִיר, שָׂטָן,
דוּא בִּיסְט אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ מִיר, דֶען דוּא מֵיינְסְט נִיט
24 גָאטֶעס זַאכֶען, נֵייעֶרְט דִיא פוּן דִיא מֶענְשֶׁען: דַאן הָאט
יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוער עֶס וִויל מִיר נָאכְ־
פָאלְגֶען, דֶער זָאל זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד זֵיין
25 קְרֵייץ אוֹיפְנֶעמֶען אוּנְד מִיר נָאכְפָאלְגֶען: וָוארִין וֶוער עֶס
וִויל זֵיינֶע זֶעלֶע רֶעטֶען, דֶער וֶועט זִיא פֶערְלִירֶען; אוּנְד
וֶוער עֶס וֶועט זֵיינֶע זֶעלֶע פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען,
26 דֶער וֶועט זִיא גֶעפִינֶען: וָוארִין וָואס וֶועט עֶס דֶעם מֶענְ־
שֶׁען הֶעלְפֶען, וֶוען עֶר זָאל גֶעוִוינֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט,
אוּנְד וֶועט פֶערְלִירֶען זֵיינֶע זֶעלֶע? אָדֶער וָואס וֶועט אַ
27 מֶענְשׁ גֶעבֶּען אוּם זֵיינֶע זֶעלֶע? וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
קוּמֶען אִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זֵיין פָאטֶער מִיט זֵיינֶע
מַלְאָכִים; אוּנְד דַאן וֶועט עֶר בֶּעצָאלֶען אִיטְלִיכֶען נָאךְ
28 זֵיינֶע וֶוערְק בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען אֵיינִיגֶע וָואס
שְׁטֶעהֶען דָא וָואס וֶועלֶען דֶעם טוֹיט נִיט פֶערְזוּכֶען, בִּיז
זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶען אִין זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ:

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס, אוּנְד
יַעֲקֹב, אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט זַייא אַרוֹיפְגֶע־
2 בְּרַאכְט אוֹיף אַ הוֹיכֶען בַּארְג בַּייא זִיךְ אַלֵיין: אוּנְד עֶר אִיז
פָאר זַייא פֶערְעֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵיין פָּנִים הָאט גֶע־
שַׁיינְט וִויא דִיא זוּן, אוּנְד זֵיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וֵוייס
3 וִויא דָאס לִיכְט: אוּנְד זֶעה, מֹשֶׁה אוּנְד אֵלִיָּהוּ הָאבֶּען זִיךְ
4 צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען, אוּנְד הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶערֶעט: אוּנְד
פֶּעטְרוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, הַאר,
עֶס אִיז גוּט פַאר אוּנְס דָא צוּ זֵיין; אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט, וֶועל
אִיךְ דָא מַאכֶען דְרֵייא גֶעצֶעלְטֶען, אֵיינְס פַאר דִיר, אוּנְד
5 אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּנְד אֵיינְס פַאר אֵלִיָּהוּ: וֵוייל עֶר הָאט

נָאךְ גֶערֶעט, זֶעה, הָאט זַייא אַ לִיכְטִיגֶער וָואלְקֶען בֶּעדֶעקְט,
אוּנְד זֶעה, אַ קוֹל הָאט אוֹים דֶעם וָואלְקֶען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
מַיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן אִין וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ וְואוֹילְגֶעפַאלֶען,
הֶערְט אִיהְם צוּ: אוּנְד וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס 6
גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא אוֹיף זַייעֶר פָּנִים גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ זֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זַייא גֶעקוּמֶען, 7
אוּנְד הָאט זַייא אָנְגֶערִיהְרְט אוּנְד גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהְט אוֹיף
אוּנְד פָארְכְט אֵייךְ נִיט: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זַייעֶרֶע אוֹי־ 8
גֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, הָאבֶּען זַייא קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען חוּץ
יֵשׁוּעַ אַלֵיין:
אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם בַּארְג, 9
הָאט זַייא יֵשׁוּעַ גֶעבָּאטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם
נִיט זָאגֶען פוּן דֶער עֶרְשֵׁיינוּנְג, בִּיז דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן דֶעם טוֹיט: אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען 10
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זָאגֶען דִיא סוֹפְרִים
אַז אֵלִיָהוּ מוּז צוּעֶרְשְׁט קוּמֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט 11
אוּנְד גֶעזָאגְט, אֵלִיָהוּ קוּמְט בֶּאֱמֶת אוּנְד וֶועט אַלֶעס צוּ־
רֶעכְט מַאכֶען: אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אֵלִיָהוּ אִיז שׁוֹין 12
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט, נֵייעֶרְט
הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעטְהוּן וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט. אַזוֹי
וֶועט דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיךְ פוּן זַייא לֵיידֶען: דַאן הָאבֶּען דִיא 13
תַּלְמִידִים פֶערְשְׁטַאנֶען אַז עֶר הָאט צוּ זַייא גֶערֶעט וֶועגֶען
יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל:
אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ דִיא לֵייט, אַזוֹי אִיז אַ מַאן 14
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט פָאר אִיהְם גֶעקְנִיט אוּנְד
גֶעזָאגְט: הַאר, דֶערְבַּארֶעם דִיךְ אִיבֶּער מַיין זוּהְן, וָוארִין 15
עֶר אִיז מְשׁוּגָע אוּנְד לֵיידֶעט זֶעהְר, וָוארִין עֶר פַאלְט אָפְט
אִין פַייעֶר אַרַיין אוּנְד אָפְט אִין וַואסֶער אַרַיין: אוּנְד אִיךְ 16
הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט הֵיילֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט 17
אוּנְד גֶעזָאגְט, אָ אִיהְר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעס אוּנְד פֶערְקֶעהְרְטֶעס
דוֹר, וִויא לַאנְג וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ זַיין? וִויא לַאנְג וֶועל
אִיךְ מִיט אֵייךְ אוֹיסְהַאלְטֶען? בְּרֶענְגְט אִיהְם אַהֶער צוּ מִיר:
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד דֶער שֵׁד אִיז פוּן 18

אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דֶער יוּנְג אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶען
19 פוּן יֶענֶער שָׁעָה׃ דַאן זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ
יֵשׁוּעַ בַּייא זִיךְ אַלֵיין, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, פַארְוָואס
20 הָאבֶּען מִיר אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְטְרַייבֶּען? אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט וֶועגֶען אֵיירֶע אוּנְגְלוֹיבּוּנְג; וָוארִין
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען וִויא
אַ זֶענְפְקָארְן, אַזוֹי וֶועט אִיהְר זָאגֶען צוּ דִיזֶען בַּארְג, זֵייא
אַוֶועקְגֶערִיקְט פוּן הִיר דָארְט; אַזוֹי וֶועט עֶר אַוֶועקְגֶערִיקְט
וֶוערֶען; אוּנְד קֵיין זַאךְ וֶועט אֵייךְ נִיט אוּנְמֶעגְלִיךְ זַיין׃
21 (אָבֶּער דִיזֶער אַרְט גֶעהְט נִיט אַנְדֶערְשְׁט אַרוֹיס נֵייעֶרְט
דוּרְךְ גֶעבֶּעט אוּנְד פַאסְטֶען)׃
22 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען אִין גָלִיל, הָאט יֵשׁוּעַ
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוע־
23 רֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען׃ אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אִיהְם
הַרְגֶענֶען, אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר וִוידֶער
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען זֶעהְר טְרוֹירִיג גֶעוֶועזֶען׃
24 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר נָחוּם, זֶענֶען דִיא
וָואס נֶעמֶען אָפּ דֶעם הַאלְבֶּען שֶׁקֶל גֶעקוּמֶען צוּ פֶּעטְרוֹס,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, צָאלְט אֵייעֶר רַבִּי נִיט דֶעם הַאלְבֶּען
25 שֶׁקֶל? עֶר הָאט גֶעזָאגְט יָא, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִים הוֹיז
אַרַיינְגֶעקוּמֶען, הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם צוּעֶרְשְׁט גֶע־
זָאגְט, וִויא דֶענְקְסְט דוּא, שִׁמְעוֹן? פוּן וֶועמֶען נֶעמֶען דִיא
קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד צִינְז אָדֶער שְׁטֵייעֶר, פוּן זֵיירֶע קִינְ־
26 דֶער אָדֶער פוּן פְרֶעמְדֶע? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פוּן פְרֶעמְדֶע; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דְרוּם
27 זֶענֶען דִיא זִיהְן פְרֵייא׃ אָבֶּער אַז מִיר זָאלֶען זֵייא נִיט
שְׁטְרוֹיכְלֶען מַאכֶען, אַזוֹי גֶעה צוּם יַם אוּנְד וַוארְף אֵיין
אַנְגֶעל, אוּנְד נֶעם דֶעם פִישׁ וָואס וֶועט צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיפְ־
קוּמֶען; אוּנְד וֶוען דוּא וֶועסְט אוֹיפְמַאכֶען זַיין מוֹיל, אַזוֹי
וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען אַ מַטְבֵּעַ; נֶעם דָאס, אוּנְד גִיבּ עֶס צוּ
זֵייא פַאר מִיר אוּנְד פַאר דִיר׃

קאפיטעל יח

1 אִין יֶענֶער צַייט זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דֶען גְרֶעסֶער אִים מַלְכוּת

הַשָׁמַיִם? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אַ קְלֵיין קִינְד, 2
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט אִין מִיטֶען: אוּנְד גֶעזָאגְט, 3
בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט בֶּעקֶעהְ־
רֶען אוּנְד וֶועט זֵיין אַזוֹי וְוִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֶועט אִיהְר
נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִים מַלְכוּת הַשָׁמַיִם: וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ 4
עֶרְנִידֶערִיגֶען אַזוֹי וְוִיא דָאס קְלֵיינֶע קִינְד, דֶער אִיז דֶער
גְרֶעסֶערֶער אִים מַלְכוּת הַשָׁמַיִם: אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט אוֹיפְ־ 5
נֶעמֶען אַ קְלֵיין קִינְד אִין מֵיין נָאמֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף:
אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט שְׁטְרוֹיכְלֶען אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע 6
וָואס גְלוֹיבֶּען אָן מִיר, אַזוֹי אִיז פַאר אִיהְם בֶּעסֶער אַז אַ
מִיהְלְשְׁטֵיין זָאל אוֹיף זֵיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען וֶוערֶען, אוּנְד
עֶר זָאל דֶערְטְרוּנְקֶען וֶוערֶען אִין דֶער טִיפֶענֶעם פוּן דֶעם יַם:
וֶועה צוּ דֶער וֶועלְט פוּן וֶועגֶען שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען! וָוארִין עֶס 7
אִיז נֵייטִיג אַז שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען מוּזֶען קוּמֶען, אָבֶּער וֶועה צוּם
מֶענְשׁ דוּרְךְ וֶועמֶען דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג קוּמְט! אוּנְד וֶוען 8
דֵיינֶע הַאנְד אָדֶער דַיין פוּס מַאכְט דִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, הַאק
זִיא אָפּ אוּנְד וַוארְף זִיא אַוֶועק פוּן דִיר, עֶס אִיז גוּט פַאר
דִיר אִים לֶעבֶּען אַרֵייצוּגֶעהֶען הִינְקֶעדִיג אָדֶער לָאם, אֵיידֶער
דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען צְוֵייא הֶענְד אָדֶער צְוֵייא פִים אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען צוּ וֶוערֶען אִים עֶבִּיגֶען פֵייעֶר: אוּנְד וֶוען דַיין 9
אוֹיג מַאכְט דִיךְ שְׁטְרוֹיכְלֶען, רֵייס עֶס אוֹיס אוּנְד וַוארְף
עֶס אַוֶועק פוּן דִיר; עֶס אִיז גוּט פַאר דִיר אִים לֶעבֶּען
אַרֵיינְצוּגֶעהֶען מִיט אֵיין אוֹיג, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען
צְוֵייא אוֹיגֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען אִים פֵייעֶרִיגֶען גֵיהִנָם:
הִיט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאַכְטֶען אֵיינְס פוּן דִיזֶע 10
קְלֵיינֶע; וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז זֵיירֶע מַלְאָכִים אִים הִי־
מֶעל זֶעהֶען אִימֶער דָאס פָּנִים פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז
אִים הִימֶעל: (וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז גֶעקוּמֶען צוּ רֶעטֶען 11
דָאס וָואס אִיז פֶערְלוֹירֶען): וָואס דַאכְט זִיךְ אֵייךְ? וֶוען אַ 12
מֶענְשׁ וֶועט הָאבֶּען הוּנְדֶערְט שָׁאף, אוּנְד אֵיינְס פוּן
זֵייא פֶערְלִירְט זִיךְ, וֶועט עֶר דֶען נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען דִיא
נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג אוֹיף דִיא בֶּערְג, אוּנְד וֶועט אַוֶועקְגֶעהֶען
אוּנְד זוּכֶען דָאס פֶערְלוֹירֶענֶע? אוּנְד וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ 13
אַז עֶר גֶעפִינְט עֶס, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר פְרֵייט זִיךְ

מֶעהְר אִיבֶּער דֶעם, וִויא אִיבֶּער דִיא נֵיין אוּנְד נֵיינְצִיג וָואס
14 זֶענֶען נִיט פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען: אַזוֹי אִיז עֶס נִיט דֶער
ווִילֶען פוּן אֵייעֶר פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל אַז אֵיינְס
פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:
15 אוּנְד וֶוען דַיין בְּרוּדֶער הָאט גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען דִיר, גֶעה
אוּנְד שְׁטְרָאף אִיהְם צְווִישֶׁען דִיר אוּנְד אִיהְם אַלֵיין; וֶוען
עֶר וֶועט דִיךְ צוּהֶערֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא דַיין בְּרוּדֶער גֶעַ־
16 וְואוּנֶען: אָבֶּער וֶוען עֶר וֶועט דִיךְ נִיט צוּהֶערֶען, נֶעם מִיט
דִיר נָאךְ אֵיינֶעם אָדֶער צְוֵויא, אַז דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן
צְוֵויא אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת זָאל יֶעדֶע זַאךְ בֶּעשְׁטֶעטִיגְט
17 וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט זֵייא נִיט צוּהֶערֶען זָאג עֶס
צוּ דֶער קְהִלָּה; אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט צוּ דֶער קְהִלָּה אוֹיךְ
נִיט צוּהֶערֶען, אַזוֹי זָאל עֶר בַּייא דִיר זַיין אַזוֹי וִויא אַ גוֹי
18 אוּנְד וִויא אַ שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ
דָאס וָואס אִיהְר וֶועט בִּינְדֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועט זַיין
גֶעבּוּנְדֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דָאס וָואס אִיהְר וֶועט לוֹיזְ־
מַאכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד וֶועט זַיין לוֹיזְגֶעמַאכְט אִים הִימֶעל:
19 בֶּאֱמֶת ווִידֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען צְוֵויא פוּן אֵייךְ וֶועלֶען
אֵיינִיג וֶוערֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אִיבֶּער יֶעדֶע זַאךְ וָואס זֵייא
וֶועלֶען בֶּעטֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס פַאר זֵייא גֶעטְהוּן וֶוערֶען
20 פוּן מֵיין פָאטֶער וָואס אִיז אִים הִימֶעל: וָוארִין וְואוּ צְוֵויא
אָדֶער דְרֵייא קוּמֶען צוּזַאמֶען אִין מֵיין נָאמֶען דָא בִּין אִיךְ
אִין מִיטֶען:
21 דַאן אִיז פֶּעטְרוֹס צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, ווִיא פִיל מָאל זָאל מֵיין בְּרוּדֶער קֶעגֶען מִיר זִינְדִיגֶען,
22 אוּנְד אִיךְ זָאל אִיהְם פֶערגֶעבֶּען? בִּיז זִיבֶּען מָאל? אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג דִיר נִיט בִּיז זִיבֶּען
23 מָאל, נֵייעֶרְט בִּיז זִיבְּצִיג מָאל זִיבֶּען: דְרוּם אִיז דָאס
מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גְלֵייךְ צוּ אַ קֶענִיג, וָואס הָאט גֶעוָואלְט
24 רֶעכְנוּנְג נֶעמֶען פוּן זֵיינֶע קְנֶעכְט: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעכְנֶען, הָאט מֶען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ בַּעַל
25 חוֹב פוּן צֶעהְן טוֹיזֶענְד צֶענְטֶער זִילְבֶּער: אוּנְד וֶוען עֶר
הָאט נִיט גֶעהַאט צוּ בֶּעצָאלֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם זַיין הַאר
גֶעהֵייסֶען פַארְקוֹיפֶען, אוּנְד זַיין ווַייבּ אוּנְד קִינְדֶער, אוּנְד

אַלֶעם וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט אוּנְד צוּ בֶּעצָאלֶען: דֶער 26
קְנֶעכְט אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם
גֶעבִּיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט הַאר, הָאבּ גֶעדוּלְד מִיט מִיר, אוּנְד
אִיךְ װֶעל דִיר אַלֶעם בֶּעצָאלֶען: אוּנְד דֶער הַאר פוּן דִיזֶען 27
קְנֶעכְט הָאט רַחֲמָנוּת גֶעהַאט אוּנְד הָאט אִיהְם בֶּעפְרֵייט
אוּנְד הָאט אִיהְם דֶעם חוֹב פֶערְגֶעבֶּען: אוּנְד װִיא יֶענֶער 28
קְנֶעכְט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעפִינֶען אֵיינֶעם פוּן
דִיא מִיט־קְנֶעכְט, וָואס אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען הוּנְדֶערְט
גְרָאשֶׁען; אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּיים הַאלְז אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט בֶּעצָאל מִיר דֶעם חוֹב: אַזוֹי אִיז 29
דֶער־מִיטְקְנֶעכְט פַאר זֵיינֶע פִים גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, הָאבּ גֶעדוּלְד מִיט מִיר, אוּנְד אִיךְ
װֶעל דִיר אַלֶעם בֶּעצָאלֶען: אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט, 30
אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם אִים גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען, בִּיז עֶר װֶעט בֶּעצָאלֶען דֶעם חוֹב: אוּנְד װֶען 31
דִיא מִיט־קְנֶעכְט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
זֶענֶען זֵייא זֶעהְר בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶר הַאר דֶערְצֵיילְט אַלֶעם וָואס עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען: דַאן הָאט אִיהְם זֵיין הַאר גֶערוּפֶען, אוּנְד 32
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט, אִיךְ הָאבּ
דִיר פֶערְגֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶען חוֹב װֵייל דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־
בֶּעטֶען: הָאסְט דוּא נִיט אוֹיךְ גֶעזָאלְט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען מִיט 33
דֵיין מִיטְקְנֶעכְט, אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִיר רַחֲמָנוּת גֶע־
הַאט? אוּנְד זֵיין הַאר אִיז אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט 34
אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא פֵּיינִיגֶער, בִּיז עֶר װֶעט אַלֶעם
בֶּעצָאלֶען וָואס עֶר אִיז אִיהְם שׁוּלְדִיג גֶעוֶועזֶען: אַזוֹי װֶעט 35
מֵיין הִימְלִישֶׁער פָאטֶער אוֹיךְ טְהוּן צוּ אֵייךְ, װֶען אִיהְר
װֶעט נִיט אִיטְלִיכֶער זֵיין בְּרוּדֶער פוּן אֵיירֶען הֶערְצֶען
פֶערְגֶעבֶּען:

## קאפיטעל יט

אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִיזֶע 1
װֶערְטֶער, אִיז עֶר אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל, אוּנְד אִיז גֶע־
קוּמֶען אִין דִיא גְרֶענְצֶען פוּן יְהוּדָה, אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶע
זֵייט יַרְדֵן: אוּנְד פִיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען; 2

אוּנְד עֶר הָאט זֵייא דָארְט גֶעהֵיילְט:
3 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זֶענְען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְּרִיפְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֶעג מֶען אַ ווייבּ שֵׁיידֶען
4 וֶועגֶען יֶעדֶע זַאךְ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶע־
זָאגְט הָאט אִיהְר דֶען נִיט גֶעלֵיינְט, אַז דֶער וֶועלְכֶער הָאט
זֵייא בֶּעשַׁאפֶען פוּן אָנְפַאנְג, הָאט זֵייא זָכָר אוּנְד נְקֵבָה
5 בֶּעשַׁאפֶען: אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶעסְטְוֶועגֶען זָאל אַ מֶענְשׁ
פֶערְלָאזֶען זֵיין פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד זָאל זִיךְ
בֶּעהֶעפְטֶען אָן זֵיין ווייבּ, אוּנְד דִיא צְוֵוייא זָאלֶען זֵיין צוּ
6 אֵיין פְלֵיישׁ? אַזוֹי דֶען זֶענֶען זֵייא נִיט מֶעהְר צְוֵוייא, נֵיי־
עֶרְט אֵיין פְלֵיישׁ, דְרוּם וָואס גָאט הָאט צוּזַאמֶען פֶערְאֵיי־
7 נִיגְט, דָאס זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוּשֵׁיידֶען: זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואס הָאט דֶען משֶׁה גֶעבָּאטֶען אַז מֶען
8 זָאל אִיהר אַ גֶט גֶעבֶּען אוּנְד זִיא שֵׁיידֶען? עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, וֶועגֶען אֵייעֶרֶע הַארְטהַארְצִיגְקֵייט הָאט משֶׁה
אֵייךְ דֶערְלוֹיבְּט אֵייעֶרֶע ווייבֶּער צוּ שֵׁיידֶען; אָבֶּער פוּן
9 אָנְפַאנְג אִיז עֶס נִיט אַזוֹי גֶעוֶועזֶען: אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ,
אַז וֶוער עֶס וֶועט זֵיין ווייבּ שֵׁיידֶען חוּץ וֶועגֶען זְנוּת, אוּנְד
אֵיינֶע אַנְדֶערֶע נֶעמֶען דֶער אִיז מְזַנֶה; אוּנְד דֶער וָואס
10 נֶעמְט דִיא גְרוּשָׁה אִיז מְזַנֶה: זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיא זַאךְ אִיז אַזוֹי צְווִישֶׁען מַאן אוּנְד
11 ווייבּ, אַזוֹי אִיז עֶס נִיט גוּט חַתוּנָה צוּ הָאבֶּען: אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נִיט אַלֶע קֶענֶען דָאס וָוארְט אָנְנֶעמֶען,
12 אוֹיסֶער דִיא צוּ וֶועמֶען עֶס אִיז גֶעגֶעבֶּען: וָוארִין עֶס זֶענֶען
פֶערְהַאנֶען פֶערְשְׁנִיטֶענֶע, וָואס זֶענֶען אַזוֹי גֶעבּוֹירֶען פוּן
זֵייעֶר מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנֶען פֶערְשְׁנִי־
טֶענֶע, וָואס זֶענֶען פֶערְשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען בֵּייא מֶענְשֶׁען.
אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנֶען פֶערְשְׁנִיטֶענֶע, וָואס הָאבֶּען זִיךְ
זֶעלְבְּסְט פֶערְשְׁנִיטֶען וֶועגֶען דֶעם מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם, וֶוער עֶס
קֶען דָאס אָנְנֶעמֶען לָאז עֶר אָנְנֶעמֶען:
13 דַאן הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער כְּדֵי עֶר
זָאל דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא לֶעגֶען אוּנְד בֶּעטֶען, אוּנְד דִיא
14 תַּלְמִידִים הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
זָאגְט, לָאזְט דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ אוּנְד פֶערְבִּיט זֵייא נִיט צוּ

מִיר צוּ קוּמֶען וָוארִין פוּן זָאלְכֶע אִיז דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם:
15 אוּנְד עֶר הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֶעגְט, אוּנְד אִיז פוּן
דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
16 אוּנְד זֶעה, אֵיינֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, לֶעהְרֶער וָואס פַאר אַ גוּטֶעס זָאל אִיךְ טְהוּן כְּדֵי אִיךְ
17 זָאל בֶּעקוּמֶען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ וֶועגֶען דָאס גוּטֶע?
אֵיינֶער אִיז דֶער גוּטֶער; אָבֶּער וֶוען דוּא ווִילְסְט אִים לֶע־
18 בֶּען אַרֵיינְקוּמֶען אַזוֹי הִיט דִיא מִצְוֹת: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶע? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶּה זַיין, דוּא זָאלְסְט
19 נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען: עֶהְרֶע
דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד, דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען
20 דֵיין חַבֵר ווִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט: דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען; וָואס
21 פֶעהְלְט מִיר נָאךְ? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא
ווִילְסְט פָאלְקָאמֶען זַיין אַזוֹי גֶעה, פֶערְקוֹיף וָואס דוּא הָאסְט,
אוּנְד גִיבּ צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שַׁאץ
22 אִים הִימֶעל; אוּנְד קוּם, פָאלְג מִיר נָאךְ: אוּנְד ווִיא דֶער
יוּנְגֶער מַאן הָאט דָאס וָוארְט גֶעהֶערְט, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען טְרוֹיעֶרִיג; וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט פִיל פֶערְמֶעגֶען:
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז אַ רֵייכֶער וֶועט שְׁוֶוערְלִיךְ אַרֵיינְקוּמֶען אִים
24 מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם: אוּנְד ווִידֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז גְרִינְ־
גֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען דוּרְךְ דֶעם לָאךְ פוּן אַ
נָאדֶעל, ווִיא פַאר אַ רֵייכֶען אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ
25 פוּן גָאט: אוּנְד וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
זֶענֶען זֵייא זֶעהְר עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
26 זָאגְט, וֶוער קֶען דֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֵּייא מֶענְשֶׁען
אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ; אָבֶּער בֵּייא גָאט אִיז אַלֶעס מֶעגְלִיךְ:
27 דַאן הָאט פֶּעטְרוֹס גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְלָאזְט, אוּנְד הָאבֶּען דִיר נָאכְ־
28 גֶעפָאלְגְט, וָואס וֶועלֶען מִיר דֶערְפַאר הָאבֶּען? אוּנְד יֵשׁוּעַ

הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר וָואס
הָאט מִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט, אִין דָער וִוידֶערְגֶעבּוּרְט, וֶוען דָער
בֶּן־אָדָם וֶועט זִיצֶען אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל פוּן הֶערְלִיכְקֵייט,
אַזוֹי וֶועט אִיהְר אוֹיךְ זִיצֶען אוֹיף צְוֶועלְף שְׁטוּהְלֶען אוּנְד
29 וֶועט מִשְׁפָּטֶען דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל: אוּנְד
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט פֶערְלָאזְט הֵייזֶער אָדֶער בְּרִידֶער
אָדֶער שְׁוֶועסְטֶער, אָדֶער פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, אָדֶער
קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְדֶער פוּן מֵיין נָאמֶענְ׳ס וֶועגֶען, דֶער
וֶועט בֶּעקוּמֶען הוּנְדֶערְט מָאל אַזוֹי פִיל, אוּנְד עֶבִּיגֶעס לֶע־
30 בֶּען יַרְשֶׁענֶען: אָבֶּער פִילֶע וָואס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע וֶועלֶען
זֵיין לֶעצְטֶע; אוּנְד לֶעצְטֶע וֶועלֶען זֵיין עֶרְשְׁטֶע:

## קַאפִּיטֶעל כ

1 וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ בַּעַל הַבָּיִת, וָואס
אִיז אִים מָארְגֶען פְרִיה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ דִינְגֶען
2 פַאר זֵיין וֵויינְגָארְטֶען: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פֶערְגְלֵייכְט מִיט
דִיא אַרְבֵּייטֶער פַאר אַ גְרָאשֶׁען אַ טָאג, אוּנְד הָאט זֵייא
3 אַרֵיינְגֶעשִׁיקְט אִין זֵיין וֵויינְגָארְטֶען: אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער דְרִיטֶער שָׁעָה אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַנְ־
4 דֶערֶע שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם מַארְק: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִיהְר אוֹיךְ אִין דֶעם וֵויינְגָארְטֶען אַרֵיין,
5 אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען וָואס רֶעכְט אִיז: אַזוֹי זֶענֶען זֵייא
אַהִינְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער זֶעקְסְטֶער אוּנְד נֵיינְטֶער שָׁעָה, אוּנְד הָאט אוֹיךְ אַזוֹי
6 גֶעטְהוּן: אוּנְד אִין דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעפִינֶען אַנְדֶערֶע לֶעדִיג שְׁטֶעהֶען,
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס שְׁטֶעהְט אִיהְר דֶעם
7 גַאנְצֶען טָאג לֶעדִיג? זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֵוייל
קֵיינֶער הָאט אוּנְס נִיט גֶעדוּנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא
8 גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִיהְר אוֹיךְ אִים וֵויינְגָארְטֶען אַרֵיין: אוּנְד
אוֹיף דֶעם אָבֶענְד זָאגְט דֶער הַאר פוּן דֶעם וֵויינְגָארְטֶען
צוּ זֵיין פֶערְוַואלְטֶער, רוּף דִיא אַרְבֵּייטֶער, אוּנְד בֶּעצָאל
זֵייא זֵייעֶר לוֹין, אוּנְד הֶעבּ אָן פוּן דֶעם לֶעצְטֶען בִּיז צוּם
9 עֶרְשְׁטֶען: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען גֶעדוּנְגֶען גֶעוָוארֶען אִין
דֶער עֶלְפְטֶער שָׁעָה זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען בֶּעקוּמֶען

10 אִיטְלִיכֶער אַ גְרָאשֶׁען: אוּנְד וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעדַאכְט אַז זַייא וֶועלֶען מֶעהְר
בֶּעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּעקוּמֶען אִיטְלִיכֶער אַ
11 גְרָאשֶׁען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען עֶס בֶּעקוּמֶען, הָאבֶּען זַייא
12 גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען דֶעם בַּעַל הַבַּיִת: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דִיזֶע לֶעצְטֶע הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אֵיינֶע שָׁעָה, אוּנְד דוּא
הָאסְט זַייא מִיט אוּנְס גְלַייךְ גֶעמַאכְט, וָואס הָאבֶּען דֶער־
טְרָאגֶען דִיא לַאסְט פוּן דֶעם טָאג אוּנְד דִיא בְּרֶענֶענְדִיגֶע
13 הִיץ: אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ אֵיינֶעם
פוּן זַייא, מַיין פְרַיינְד, אִיךְ טְהוּא נִיט קֵיין אוּנְרֶעכְט; הָאסְט
14 דוּא דִיךְ נִיט מִיט מִיר פֶערְגְלַייכְט פַאר אַ גְרָאשֶׁען? נֶעם
דִיר דָאס דַיינִיגֶע, אוּנְד גֶעה אַוֶועק; אִיךְ וִויל דִיזֶען לֶעצְ־
15 טֶען גֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דִיר: מֶעג אִיךְ נִיט טְהוּן מִיט מֵיין
אֵייגֶענֶעם וָואס אִיךְ וִויל? אָדֶער אִיז דַיין אוֹיג שְׁלֶעכְט
16 וֵוייל אִיךְ בִּין גוּט? אַזוֹי וֶועלֶען דִיא לֶעצְטֶע זַיין עֶרְשְׁטֶע,
אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע לֶעצְטֶע:
17 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאט
עֶר גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים אָן דֶער זַייט, אוּנְד
18 אוֹיף דֶעם וֶועג הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט: זֶעה מִיר גֶעהֶען
אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶע־
לִיפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים;
19 אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם פֶערְשׁוּלְדִיגֶען צוּם טוֹיט; אוּנְד
זַייא וֶועלֶען אִיהְם אִיבֶּערְלִיפֶערֶען צוּ דִיא גוֹיִם אַז זַייא
זָאלֶען אִיהְם אוֹיסְשְׁפָּאטֶען אוּנְד שְׁמֵייסֶען אוּנְד קְרֵייצִיגֶען;
אוּנְד אִים דְרִיטֶען טָאג וֶועט עֶר אוֹיפְשְׁטֶעהֶען:
20 דַאן אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא מוּטֶער פוּן דִיא קִינְדֶער
פוּן זַבְדַי מִיט אִיהְרֶע זִיהְן, אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט,
21 אוּנְד עֶפֶּעס פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר
גֶעזָאגְט, וָואס ווילְסְט דוּא? זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֶעבִּיט אַז מֵיינֶע צְווייא זִיהְן זָאלֶען זִיצֶען, אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע לִינְקֶע אִין דַיין קֶע־
22 נִיגְרַייךְ: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיהְר ווייסְט נִיט וָואס אִיהְר פֶערְלַאנְגְט: קֶענְט אִיהְר טְרִינְ־
קֶען דֶעם כּוֹס וָואס אִיךְ וֶועל טְרִינְקֶען? זַייא הָאבֶּען צוּ

23 אִיהְם גֶעזָאגְט מִיר קֶענֶען: עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיין
כּוֹס װֶעט אִיהְר אַוַדְאַי טְרִינְקֶען, אַבֶּער צוּ זִיצֶען צוּ מֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד צוּ מֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז נִיט מֵיין צוּ
גֶעבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא פַאר װֶעמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט
24 פוּן מֵיין פָאטֶער: אוּנְד װֶען דִיא צֶעהְן הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאט עֶס זֵייא פֶערְדְרָאסֶען אִיבֶּער דִיא צְװֵייא בְּרִידֶער:
25 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר
װֵייסְט אַז דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיא פֶעלְקֶער הֶערְשֶׁען אִיבֶּער
26 זֵייא, אוּנְד דִיא פָארְנֶעהְמֶע גֶעװֶעלְטִיגֶען אִיבֶּער זֵייא: עֶס
זָאל נִיט אַזוֹי זֵיין צְװִישֶׁען אֵייךְ; נֵייעֶרְט װֶער עֶס װִיל
גְרוֹיס זֵיין צְװִישֶׁען אֵייךְ, דֶער זָאל זֵיין אֵייעֶר דִינֶער:
27 אוּנְד װֶער עֶס װִיל דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין צְװִישֶׁען אֵייךְ, דֶער
28 זָאל זֵיין אֵייעֶר קְנֶעכְט: אַזוֹי װִיא דֶער בֶּן־אָדָם אִיז נִיט
גֶעקוּמֶען בֶּעדִינְט צוּ װֶערֶען נֵייעֶרְט צוּ בֶּעדִינֶען אוּנְד זֵיין
לֶעבֶּען צוּ גֶעבֶּען אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר פִילֶע:
29 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרִיחוֹ זֶענֶען
30 אִיהְם פִיל לֵייט נָאכְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זֶעה, צְװֵייא בְּלִינְדֶע
זֶענֶען גֶעזֶעסֶען בֵּיים װֶעג, אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט
אַז יֵשׁוּעַ גֶעהְט פֶערְבֵּייא, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶע־
31 זָאגְט, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְס דוּא זוּהְן פוּן דָוִד: אוּנְד
דִיא לֵייט הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אַז זֵייא זָאלֶען שְׁטִיל
שְׁװֵייגֶען; אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער אוּנְס דוּא זוּהְן פוּן
32 דָוִד: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט זֵייא גֶערוּפֶען
אוּנְד גֶעזָאגְט װָאס װִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ טְהוּן?
33 זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, אַז אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען
34 זָאלֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיבֶּער זֵייא
רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אוּנְד הָאט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אָנְגֶערִיהְרְט,
אוּנְד גְלֵייךְ זֶענֶען זֵייא זֶעהֶענְדִיג גֶעװָארֶען אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶענֶעהְנְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין בֵּית פַּגֵי צוּם הַר הַזֵּתִים, דַאן הָאט יֵשׁוּעַ
2 אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צְװֵייא תַּלְמִידִים: אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,

גֶעהְט אַהִין צוּם דָארְף וָואס אִיז קֶעגֶען אֵייךְ, אוּנְד גְלֵייךְ
וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען אֵיין עֶזֶעל אָנְגֶעבּוּנְדֶען אוּנְד אַ פִּילְכֶען
דֶערְבֵּייא; בִּינְדֶעט זֵייא אוֹיף אוּנְד בְּרֶענְגְט זֵייא צוּ מִיר:
3 אוּנְד וֶוען אִימֶעצֶער וֶועט אֵייךְ עֶפֶּעס זָאגֶען, אַזוֹי זָאגְט
אִיהְר אַז דֶער הַאר בֶּעדַארְף זֵייא; אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא
4 בַּאלְד שִׁיקֶען: אוּנְד דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, כְּדֵי עֶס זָאל
מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם נָבִיא, דֶער זָאגְט:
5 „זָאגְט צוּ דֶער טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, זֶעה, דֵיין קֶענִיג
קוּמְט צוּ דִיר, זַאנְפְטמוּטִיג אוּנְד רֵייטֶענְדִיג אוֹיף אֵיין
עֶזֶעל, אוּנְד אוֹיף אַ פִּילְכֶען, דָאס יוּנְגֶע פוּן אֵיינֶע
עֶזֶעלִין“: (זכריה ט׳ ט׳).
6 אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן
7 אַזוֹי וִויא יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא בֶּעפוֹילֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
בְּרַאכְט דֶעם עֶזֶעל אוּנְד דָאס פִילְכֶען אוּנְד הָאבֶּען זֵיירֶע
קְלֵיידֶער דְרוֹיף גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיף זֵייא גֶע־
8 זֶעצְט: אוּנְד אַ סַךְ לֵייט הָאבֶּען זֵיירֶע קְלֵיידֶער אוֹיסְגֶע־
שְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג; אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען
צְווֵייגֶען פוּן דִיא בֵּיימֶער אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט
9 אוֹיף דֶעם וֶועג: אוּנְד דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם
אוּנְד נָאךְ אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט,
„הוֹשַׁעְנָה צוּם זוּהְן פוּן דָוִד, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וֶועלְכֶער
קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, הוֹשַׁעֲנָה אִין דֶער הוֹיךְ“:
10 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אִיז דִיא
גַאנְצֶע שְׁטָאט בֶּעוֶועגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
11 זָאגְט וֶוער אִיז דִיזֶער? אוּנְד דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דֶער נָבִיא, יֵשׁוּעַ, פוּן נְצָרֶת אִין גָלִיל:
12 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט
אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אַלֶע דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט אוּנְד
גֶעקוֹיפְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא
טִישׁ פוּן דִיא גֶעלְדְוֶועקְסְלֶער, אוּנְד דִיא שְׁטוּהְלֶען פוּן דִיא
13 וָואס הָאבֶּען דִיא טוֹיבֶּען פֶערְקוֹיפְט: אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הוֹיז זָאל גֶערוּפֶען
וֶוערֶען אַ הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט, אָבֶּער אִיהְר הָאט דֶערְפוּן
14 גֶעמַאכְט אַ הֵייל פוּן רוֹיבֶּער: אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם

גֶעקוּמֶען בְּלִינְדֶע אוּנְד קְרוּמֶע אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד עֶר
15 הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט: אוּנְד וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד
סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא ווְאוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶע־
טְהוּן, אוּנְד דִיא קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ אוּנְד גֶעזָאגְט, הוֹשַׁעֲנָא צוּם זוּהְן פוּן דָוִד, אַזוֹי
16 הָאט עֶס זֵייא פֶּערְדְרָאסֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הֶערְסְט דוּא וָואס דִיזֶע זָאגֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, יָא, הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶעלֵיינְט,
„פוּן דֶעם מוֹיל פוּן יוּנְגְלִינְגֶע אוּנְד קִינְדֶער הָאסְט דוּא
17 לוֹיבּ פָאלְקוּמֶען גֶעמַאכְט"? (תהלים ח׳ ג׳).
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶּערְלָאזְט, אוּנְד אִיז אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין בֵּית עֲנִיָה, אוּנְד הָאט דָארְט אִיבֶּערְ־
גֶענֶעכְטִיגְט:
18 אוּנְד צוּ מָארְגֶען פְרִיה וֶוען עֶר אִיז אִין דֶער שְׁטָאט אַרֵיינְ־
19 גֶעגַאנְגֶען, אִיז עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זֶעהֶען אַ פֵייגֶענְבּוֹים אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד אִיז צוּ גֶעגַאנְגֶען
דֶערְצוּ, אוּנְד הָאט דַארוֹיף נִיט מֶעהְר גֶעפוּנֶען חוּץ בְּלֶעטְ־
לֶעךְ אַלֵיין, אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶס זָאל נִיט
מֶעהְר קֵיינֶע פֵּירוֹת אוֹיף דִיר וַואקְסֶען אוֹיף עֶבִּיג. אוּנְד
20 בַּאלְד אִיז דֶער פֵייגֶענְבּוֹים פָערְדַארְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד וֶוען
דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶע־
ווְאוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, ווִיא בַּאלְד אִיז דֶער בּוֹים פֶּערְ־
21 דַארְט גֶעוָוארֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוען אִיהְר
זָאלְט הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען, אוּנְד זָאלְט נִיט צְווֵייפְלֶען, אַזוֹי
וֶועט אִיהְר נִיט אַלֵיין טְהוּן וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּם פֵייגֶענְ־
בּוֹים; נֵייעֶרְט וֶוען אִיהְר וֶועט אוֹיךְ זָאגֶען צוּ דִיזֶען בַּארְג,
דוּא זָאלְסְט דִיךְ אוֹיפְהֵייבֶּען אוּנְד זָאלְסְט אִים יַם אַרֵיינְ־
22 גֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועט עֶס גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד אַלֶעס
וָואס אִיהְר וֶועט פֶּערְלַאנְגֶען אִים גֶעבֶּעט מִיט גְלוֹיבֶּען,
אַזוֹי וֶועט אִיהְר עֶס דֶערְהַאלְטֶען:
23 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין, זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע
פוּן דֶעם פָאלְק, וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען

צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּרְךְ וָואס פַאר אַ מַאכְט טְהוּסְט דוּא
דִיזֶע זַאכֶען? אוּנְד וֶוער הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען?
24 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ ווִיל אֵייךְ אֵיין זַאךְ פְרֶעגֶען, אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר
דָאס זָאגֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ זָאגֶען דוּרְךְ וָואס
25 פַאר אַ מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען: דִיא טְבִילָה פוּן
יוֹחָנָן פוּן וַואנֶען אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען, פוּן דֶעם הִימֶעל, אָדֶער
פוּן מֶענְשֶׁען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיינַאנְדֶער אִיבֶּערְ־
גֶעלֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל, דַאן וֶועט עֶר זָאגֶען פַארְוָואס הָאט אִיהְר אִיהְם דֶען
26 נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? אוּנְד וֶוען מִיר וֶועלֶען זָאגֶען פוּן מֶענְשֶׁען,
אַזוֹי הָאבֶּען מִיר מוֹרָא פַאר דִיא לַייט, וָוארִין אַלֶע הַאלְ־
27 טֶען יוֹחָנָן פַאר אַ נָבִיא: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ יֵשׁוּעַ גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר ווִיסֶען נִיט. הָאט עֶר צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען דוּרְךְ וָואס פַאר אַ
28 מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען: אָבֶּער וָואס דַאכְט זִיךְ אֵייךְ?
אַ מַאן הָאט גֶעהַאט צְווֵייא זִיהְן; אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּם עֶרְשְׁטֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין זוּהְן, גֶעה אוּנְד
29 אַרְבֵּייט הֵיינְט אִין מֵיין ווֵיינְגָארְטֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל נִיט, דֶערְנָאךְ הָאט עֶר
30 זִיךְ בֶּעדַאכְט אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּם אַנְדֶערֶען, אוּנְד הָאט אוֹיךְ אַזוֹי גֶעזָאגְט, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל, אוּנְד אִיז נִיט
31 גֶעגַאנְגֶען: וֶועלְכֶער פוּן דִיא צְווֵייא הָאט גֶעטְהוּן דֶעם
ווִילֶען פוּן דֶעם פָאטֶער? זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט דֶער עֶרְשְׁ־
טֶער. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
אַז דִיא שְׁטֵייעֶרְאֵיינְנֶעמֶער אוּנְד דִיא הוּרֶען וֶועלֶען פְרִיהֶער
32 פוּן אֵייךְ אַרֵיינְקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: וָוארִין יוֹחָנָן
אִיז צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען אִים וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד
אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט; אָבֶּער דִיא שְׁטֵייעֶרְ־
אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד דִיא הוּרֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט; אוּנְד
וֶוען אִיהְר הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט אִיהְר אֵייךְ דָאךְ נִיט
בֶּעדַאכְט אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְם גְלוֹיבֶּען:
33 הֶערְט צוּ אֵיין אַנְדֶער מָשָׁל, דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בַּעַל הַבַּיִת,

וָואס הָאט גֶעפְּלַאנְצְט אַ וֵויינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאט אַ צוּים דְרוּם
גֶעמַאכְט, אוּנְד אַ קֶעלְטֶער דְרינֶען גֶעגְרָאבֶּען, אוּנְד הָאט
גֶעבּוֹיעֶט אַ טְהוּרְם, אוּנְד עֶס פֶּערְדוּנְגֶען צוּ וֵויינְגֶערְטְנֶער,
34 אוּנְד וֶוען דִיא צַייט פוּן פְרוּכְט אִיז גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
גֶעשִׁיקְט זַיינֶע קְנֶעכְט צוּ דִיא וֵויינְגֶערְטְנֶער, אַז זַייא זָאלֶען
35 זַיינֶע פְּרוּכְט צוּנֶעמֶען: אוּנְד דִיא וֵויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען
זַיינֶע קְנֶעכְט גֶענוּמֶען, אוּנְד אֵיינֶעם גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אֵיינֶעם
הָאבֶּען זַייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶען גֶעשְׁטֵיינִיגְט:
36 עֶר הָאט ווִידֶער אַנְדֶערֶע קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט, מֶעהְר ווִיא דִיא
עֶרְשְׁטֶע; אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ דִיזֶע אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן:
37 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זַיין זוּהְן צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט
38 גֶעזָאגְט, זַייא וֶועלֶען מֵיין זוּהְן עֶהְרֶען: אָבֶּער דִיא וֵויינְ־
גֶערְטְנֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם זוּהְן, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
צְווִישֶׁען אֵיינְאַנְדֶער גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ; קוּמְט,
לָאזֶען מִיר אִיהְם הַרְגֶענֶען אוּנְד זַיינֶע יְרוּשָׁה צוּנֶעמֶען:
39 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען
40 אוֹיס דֶעם וֵויינְגָארְטֶען אוּנְד גֶעהַרְגֶעט: דְרוּם וֶוען דֶער
הַאר פוּן דֶעם וֵויינְגָרְטֶען וֶועט קוּמֶען, וָואס וֶועט עֶר טְהוּן
41 צוּ דִיזֶע וֵויינְגֶערְטְנֶער? זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶר
וֶועט דִיזֶע רְשָׁעִים שְׁרֶעקְלִיךְ פֶערְנִיכְטֶען, אוּנְד וֶועט דֶעם
וֵויינְגָארְטֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ אַנְדֶערֶע וֵויינְגֶערְטְנֶער וָואס
וֶועלֶען אִיהְם דִיא פְרוּכְט אָפְּגֶעבֶּען אִין זַיינֶע צַייט:
42 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט גֶע־
לֵיינְט אִין דִיא שְׁרִיפְט,

„דֶער שְׁטֵיין וֶועלְכֶען דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְ־
פֶען, דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען; דָאס אִיז גֶע־
שֶׁעהֶען פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶס אִיז וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין
אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען“: (תהלים קיח׳ כב׳ כג).

43 דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וֶועט פוּן
אֵייךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
44 צוּ אַ פָאלְק וָואס בְּרֶענְגְט זַיינֶע פְרוּכְט: אוּנְד וֶוער עֶס
וֶועט פַאלֶען אוֹיף דִיזֶען שְׁטֵיין דֶער וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוע־
רֶען; אָבֶּער אוֹיף וֶועמֶען עֶר וֶועט פַאלֶען דֶעם וֶועט עֶר
45 צוּמָאלֶען: אוּנְד וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים

הָאבֶּען זַיינֶע מְשָׁלִים גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעוְואוּסְט
46 אַז עֶר רֶעט פוּן זַייא: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
זוּכְט צוּ נֶעמֶען, הָאבֶּען זַייא מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא לַייט,
וָוארִין זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ נָבִיא:

## קאפִּיטעל כב

1 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא וִוידֶער
2 גֶערֶעט אִין מְשָׁלִים אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז
גְלַייךְ צוּ אַ קֶענִיג וָואס הָאט גֶעמַאכְט אַ חַתוּנָה פַאר זַיין
3 זוּהְן; אוּנְד הָאט זַיינֶע קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט צוּ רוּפֶען דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעבֶּעטֶען גֶעוָוארֶען צוּ דֶער חַתוּנָה; אוּנְד זַייא הָא־
4 בֶּען נִיט גֶעוָואלְט קוּמֶען. אַזוֹי הָאט עֶר וִוידֶער אַנְדֶערֶע
קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאגְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
גֶעבֶּעטֶען, זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ מֵיינֶע סְעוּדָה פֶערְטִיג גֶעמַאכְט,
מֵיינֶע רִינְדֶער אוּנְד מֵיינֶע פֶעטֶע אָקְסֶען זֶענֶען גֶעשָׁאכְטֶען,
5 אוּנְד אַלֶעס אִיז פֶערְטִיג: קוּמְט צוּ דֶער חַתוּנָה: אָבֶּער
עֶס הָאט זַייא גָארְנִיט גֶעהַארְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אֵיינֶער אִין זַיין פֶעלְד אַרַיין, דֶער אַנְדֶערֶע צוּ
6 זַיין הַאנְדֶעל; אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא
קְנֶעכְט אוּנְד הָאבֶּען זַייא מִיט שַׁאנְד בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּנְד
7 אוּמְגֶעבְּרַאכְט; אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען,
אוּנְד הָאט זַיינֶע הֶערְשַׁארֶען אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט יֶענֶע
רוֹצְחִים אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט זַיירֶע שְׁטָאדְט פֶערְ־
8 בְּרֶענְט; דַאן הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא
חַתוּנָה אִיז אִיצְט פֶערְטִיג, אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען גֶעבֶּעטֶען
9 גֶעוָוארֶען זֶענֶען נִיט וֶוערְט; דְרוּם גֶעהְט אִיהְר צוּ דִיא
הוֹיפְּטְגַאסֶען, אוּנְד וֶועמֶען אִיהְר וֶועט גֶעפִינֶען בֶּעט אוֹיף
10 דֶער הַתוּנָה; אוּנְד דִיא קְנֶעכְט זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף
דִיא הוֹיפְּטְגַאסֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אַלֶע וֶועלְכֶע
זַייא הָאבֶּען גֶעפִינֶען, שְׁלֶעכְטֶע אוּנְד גוּטֶע, אוּנְד דִיא
11 חַתוּנָה אִיז גֶעוֶועזֶען פוּל מִיט גֶעסְט; אוּנְד וֶוען דֶער קֶענִיג
אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען דִיא גֶעסְט צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
דָארְט גֶעזֶעהֶען אַ מַאן וָואס הָאט נִיט אָנְגֶעטְהוּן קֵיין חַתוּנָה
12 קְלֵייד; אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פְרֵיינְד, וִויא אַזוֹי
בִּיסְט דוּא אַרַיינְגֶעקוּמֶען אָהְן אַ חַתוּנָה קְלֵייד? אוּנְד עֶר

13 אִיז פֶערְשְׁטוּמְט גֶעוָוארֶען; דַאן הָאט דֶער קֶענִיג גֶעזָאגְט
צוּ דִיא מְשָׁרְתִים, בִּינְד אִיהְם הֶענְד אוּנְד פִּים, אוּנְד וַוארְפְט
אִיהְם אַרוֹיס אִין דִיא אוֹיסֶערֶער פִינְסְטֶערְנִיס; דָארְט וֶועט
14 זַיין גֶעוויין אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען; וָוארִין פִילֶע זֶענֶען בֶּערוּפֶען,
אָבֶּער וֵוייניג זֶענֶען אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט:
15 דַאן זֶענֶען דִיא פְּרוּשִׁים אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אַיין
עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, וִויא זַייא זָאלֶען אִיהְם אִים רֶעדֶען פַאנְ־
16 גֶען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט זַיירֶע תַּלְמִידִים,
מִיט דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוֹס, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר
וִויסֶען אַז דוּא בִּיסְט אַיין אֶמֶתְ'ר מֶענְשׁ, אוּנְד לֶערְהְרְסְט
דֶעם וֶועג פוּן גָאט אִין וָוארְהֵייט, אוּנְד פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיי־
17 נֶעם נִיט, וָוארִין דוּא בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים; דְרוּם
זָאג אוּנְס וִויא דֶענְקְסְט דוּא? מֶעג מֶען גֶעבֶּען מַס צוּם
18 קֵייזֶער אָדֶער נִיט? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זֵייעֶר רִשְׁעַת בֶּע־
מֶערְקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, וָוארוּם פְּרוּפְט אִיהְר מִיךְ אִיהְר
19 הֵייכְלֶער? וַוייזְט מִיר דָאס גֶעלְד פוּן מַס; אוּנְד זַייא הָא־
20 בֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ מַטְבֵּעַ; אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, וֶועמֶעס אִיז דָאס בִּילְד, אוּנְד דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט?
21 זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶעם קֵייזֶערְ'ס; דַאן הָאט עֶר צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, דְרוּם גִיבְּט דֶעם קֵייזֶער וָואס אִיז דֶעם קֵייזֶערְ'ס
22 אוּנְד צוּ גָאט וָואס אִיז צוּ גָאט; אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָא־
בֶּען אִיהְם אָפְּגֶעלָאזְט אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען;
23 אִין דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג זֶענֶען דִיא צַדוּקִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען
וָואס זָאגֶען עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין תְּחִיַת הַמֵתִים; אוּנְד זַייא
24 הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי, מֹשֶׁה הָאט
גֶעזָאגְט, וֶוען אֵיינֶער שְׁטַארְבְּט אוּנְד הָאט קֵיינֶע קִינְדֶער
נִיט, אַזוֹי זָאל זַיין בְּרוּדֶער זַיין וַוייבּ הֵיירַאטֶען, אוּנְד
25 זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען זָאמֶען צוּ זַיין בְּרוּדֶער: עֶס זֶענֶען
בַּייא אוּנְס גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער, אוּנְד דֶער עֶרְשְׁ־
טֶער הָאט חַתוּנָה גֶעהַאט, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיין זָאמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר
26 אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זַיין וַוייבּ צוּ זַיין בְּרוּדֶער; אַזוֹי אִיז אוֹיךְ
גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם צְווייטֶען, אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען, בִּיז דִיא זִיבֶּען;

אוּנְד צוּלֶעצְט פוּן אַלֶע אִיז דָאס װײבּ אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען; 27
דְרוּם אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים װעמֶעם װעט זִיא זַיין פוּן דִיא 28
זִיבֶּען? װָארִין זַייא אַלֶע הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט; אוּנְד יֵשׁוּעַ 29
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר פֶערְפִיהְרְט אֵייךְ
װײל אִיהְר קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אוֹיךְ נִיט דִיא מַאכְט
פוּן גָאט; װָארִין אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים װעט מֶען נִיט חַתוּנָה 30
הָאבֶּען אוּנְד נִיט חַתוּנָה מַאכֶען, נֵייעֶרְט זַייא װעלֶען זַיין
װִיא דִיא מַלְאָכִים אִים הִימֶעל; אוּנְד װעגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים, 31
הָאט אִיהְר נִיט גֶעלֵיינְט װָאס אִיז צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט פוּן גָאט,
זָאגֶענְדִיג: אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶער גָאט 32
פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶער גָאט פוּן יַעֲקֹב. גָאט אִיז נִיט דֶער
גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע: אוּנְד 33
װען דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ
פֶערְװָאוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע לֶעהְרֶע:
אוּנְד װען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אַז עֶר הָאט דִיא 34
צַדוּקִים שְׁטִיל גֶעמַאכְט, הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט:
אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא, אַ בַּעַל תּוֹרָה, הָאט אִיהְם גֶעפְּרוּבְט, 35
אוּנְד גֶעפְרֶעגְט, רַבִּי, װָאס פַאר אַ מִצְוָה אִיז דִיא גְרוֹיסֶע
אִין דֶער תּוֹרָה? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא 36
זָאלְסְט דֶעם הַאר דַיין גָאט לִיבֶּען מִיט דַיין גַאנְצֶען הַארְץ,
אוּנְד מִיט דַיינֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע, אוּנְד מִיט דַיין גַאנְצֶען גֶעמִיט:
דָאס אִיז דִיא גְרוֹיסֶע אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה: אוּנְד דִיא 37
צְװייטֶע אִיז גְלֵייךְ צוּ אִיהְר, דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דַיין 38
חַבֵר װִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט: אִין דִיזֶע צְװייא מִצְוֹת הֶענְגְט דִיא 39
גַאנְצֶע תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים: 40
אוּנְד װען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זִיךְ אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט הָאט 41
זַייא יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט: װָאס דֶענְקְט אִיהְר 42
פוּן דֶעם מָשִׁיחַ? װעמֶעם זוּהְן אִיז עֶר? זַייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט דֶער זוּהְן פוּן דָוִד: עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, 43
װִיא אַזוֹי רֶעדְט רוּפְט אִיהְם דָוִד אִים גֵייסְט הַאר? װען עֶר
זָאגְט:
„דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זֶעץ דִיךְ צוּ 44
מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, בִּיז אִיךְ װעל גֶעבֶּען דַיינֶע פַיינְד
אוּנְטֶער דַיינֶע פִּיס“: (תהלים קי׳ א׳.)

45 דְרוּם, וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהְם הַאר, וִויא אִיז עֶר זַיין זוּהְן?
46 אוּנְד קֵיינֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶּעְרֶען אַ וָוארְט.
אוּנְד פוּן יֶענֶעם טָאג אָן הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט אוּנְטֶערְ־
שְׁטַאנֶען אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס צוּ פְרֶעגֶען:

## קאפיטעל כג

1 דַאן הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעדט צוּ דִיא לֵייט אוּנְד צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים:
2 אוּנְד גֶעזָאגְט, דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זִיצֶען אוֹיף
3 דֶעם שְׁטוּהְל פוּן מֹשֶׁה: דְרוּם אַלֶעס וָואס זֵייא הֵייסֶען אֵייךְ
הַאלְטֶען, דָאס טְהוּט אוּנְד הַאלְט. אָבֶּער נָאךְ זֵיירֶע מַעֲשִׂים
טְהוּט נִיט. וָוארִין זֵייא זָאגֶען אוּנְד טְהוּן עֶס נִיט:
4 אָבֶּער זֵייא בִּינְדֶען שְׁוֶוערֶע לַאסְטֶען וָואס מֶען קָאן נִיט
דֶערְטְרָאגֶען, אוּנְד לֶעגֶען זֵייא אוֹיף דִיא אַקְסֶעל פוּן מֶענְ־
שֶׁען, אָבֶּער זֵייא אַלֵיין ווִילֶען זֵייא נִיט מִיט אַ פִינְגֶער
5 אוֹיפְהֶעבֶּען: אוּנְד אַלֶע זֵיירֶע מַעֲשִׂים טְהוּן זֵייא אַז זֵייא
זָאלֶען גֶעזֶעהֶען וֶוערֶען פוּן מֶענְשֶׁען; דֶען זֵייא מַאכֶען
בְּרֵייט זֵיירֶע תְּפִילִין, אוּנְד מַאכֶען לַאנְג דִיא צִיצִית:
6 אוּנְד הָאבֶּען לִיבּ אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען אוֹיף סְעוּדוֹת, אוּנְד
7 צוּ שְׁטֶעהֶען אוֹיבֶּען אָן אִין דִיא שׁוּלֶען: אוּנְד אַז מֶען זָאל
זֵייא גְרִיסֶען אִין דִיא גַאסֶען, אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען
8 זֵייא רוּפֶען רַבִּי: אָבֶּער אִיהְר זֵייט נִיט גֶערוּפֶען רַבִּי,
וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר לֶעהְרֶער, אוּנְד אִיהְר זֶענְט בְּרִידֶער:
9 אוּנְד אִיהְר זָאלְט קֵיינֶעם נִיט רוּפֶען אֵייעֶר פָאטֶער אוֹיף
דֶער עֶרְד, וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר פָאטֶער וֶועלְכֶער אִיז
10 אִים הִימֶעל: אוּנְד אִיהְר זֵייט אוֹיךְ נִיט גֶערוּפֶען לֶעהְרֶער,
11 וָוארִין אֵיינֶער אִיז אֵייעֶר לֶעהְרֶער, דֶער מָשִׁיחַ: אָבֶּער
12 דֶער גְרֶעסֶערֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ זָאל זַיין אֵייעֶר דִינֶער: אוּנְד
וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְהֵייכֶען, דֶער וֶועט דֶערְ־
נִידֶערִיגְט וֶוערֶען; אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זִיךְ דֶערְנִידְרִיגֶען,
דֶער וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען:
13 אָבֶּער, וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער!
וָוארִין אִיהְר פֶערְשְׁלִיסְט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם פָאר דִיא
מֶענְשֶׁען, וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט קוּמְט נִיט אַרֵיין אוּנְד דִיא
וָואס ווִילֶען אַרֵיינְקוּמֶען לָאזְט אִיהְר נִיט אַרֵיין:
14 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין

אִיהְר שְׁלִינְגְט אַיין דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּנְד פַאר
אֵיין אוֹיסְרֶעד זֵייט אִיהְר לַאנְג מִתְפַּלֵל; דְרוּם וֶועט אִיהְר
מֶעהְר מִשְׁפָּט דֶערְהַאלְטֶען:
15 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין
אִיהְר פָארְט אַרוּם אִיבֶּער דֶעם יַם אוּנְד דִיא יַבָּשָׁה, אַז
אִיהְר זָאלְט מַאכֶען אַ גֵר, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז דָאס גֶעוָוארֶען,
אַזוֹי מַאכְט אִיהְר אִיהְם פַאר אַ בֶּן גֵיהִנָם נָאךְ צְוֵוייא מָאל
מֶעהְר וִויא אִיהְר:
16 וֶועה צוּ אֵייךְ, בְּלִינְדֶע פִיהְרֶער, וָואס אִיהְר זָאגְט, וֶוער עֶס
שְׁוֶוערְט בַּייא דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ־ דָאס אִיז גָארְנִיט; אָבֶּער
וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים גָאלְד פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ דֶער אִיז
17 שׁוּלְדִיג: אִיהְר נַארֶען אוּנְד בְּלִינְדֶע, וָוארִין וֶועלְכֶעס אִיז
גְרֶעסֶער, דָאס גָאלְד אָדֶער דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ וָואס הֵיילִיגְט
18 דָאס גָאלְד? אוּנְד וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים מִזְבֵּחַ, דָאס אִיז
גָארְנִיט; אָבֶּער וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים קָרְבָּן וָואס אִיז
19 דְרוֹיף, דֶער אִיז שׁוּלְדִיג: אִיהְר בְּלִינְדֶע; וָוארִין וֶועלְכֶעס
אִיז גְרֶעסֶער, דָאס קָרְבָּן אָדֶער דֶער מִזְבֵּחַ וָואס הֵיילִיגְט
20 דָאס קָרְבָּן? דְרוּם וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים מִזְבֵּחַ, דֶער
21 שְׁוֶוערְט דֶערְבַּייא, אוּנְד בַּייא אַלֶעס וָואס אִיז דְרוֹיף: אוּנְד
וֶוער עֶס שְׁוֶוערְט בֵּיים בֵּית הַמִקְדָשׁ, דֶער שְׁוֶוערְט דֶערְבַּייא,
22 אוּנְד בַּייא אִיהְם וָואס וְואוֹינְט דְרִינֶען: אוּנְד וֶוער עֶס
שְׁוֶוערְט בֵּיים הִימֶעל, דֶער שְׁוֶוערְט בַּייא דֶעם שְׁטוּהְל פוּן
גָאט, אוּנְד בַּייא אִיהְם וָואס זִיצְט דְרוֹיף:
23 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין
אִיהְר גִיבְּט מַעֲשֵׂר פוּן מִינְט אוּנְד עֶנִים אוּנְד קִימֶעל, אוּנְד
לָאזְט אוֹים דִיא וִויכְטֶעגֶערֶע זַאכֶען פוּן דֶער תּוֹרָה, דָאס
גֶערִיכְט, דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד דֶען גְלוֹיבֶּען; דִיזֶע
זַאכֶען בֶּעדַארְפְט אִיהְר צוּ טְהוּן, אוּנְד יֶענֶע נִיט אוֹיסְצוּ־
24 לָאזֶען: אִיהְר בְּלִינְדֶע פִיהְרֶער, וָואס זֵייהֶען אוֹים דִיא פְלִיג
אוּנְד פֶערְשְׁלִינְגֶען דָאס קֶעמֶעל:
25 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָוארִין
אִיהְר רֵייניגְט דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל פוּן אוֹיסְוֶוע־
נִיג, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען זֵייא פוּל מִיט רוֹיב אוּנְד
26 אוּנְרֵיינִיגְקֵייט: דוּא בְּלִינְדֶער פָּרוּשׁ, רֵיינִיג צוּם עֶרְשְׁטֶען

דֶעם בֶּעבֶּער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל פוּן אִינֶעוֶוענִיג, כְּדֵי זַייא
זָאלֶען אוֹיךְ רַיין זַיין פוּן אוֹיסֶעוֶוענִיג:
27 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער! וָואָ־
רִין אִיהְר זֶענְט גְלֵייךְ צוּ אִיבֶּערְגֶעוֵוייסְטֶע קְבָרִים וָואס
זֶעהֶען שֶׁעהְן אוֹיס פוּן דְרוֹיסֶען, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענֶען
זַייא פוּל מִיט טוֹיטֶע בֵּיינֶער, אוּנְד יֶעדֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט:
28 אַזוֹי זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ, פוּן דְרוֹיסֶען שֵׁיינְט אִיהְר צוּ דִיא
מֶענְשֶׁען פְרוּם, אָבֶּער אִינֶעוֶוענִיג זֶענְט אִיהְר פוּל מִיט
חֲנִיפָה אוּנְד אוּנְרֶעכְט:
29 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים, אִיהְר הֵייכְלֶער!
וָוארִין אִיהְר בּוֹיעֶט דִיא קְבָרִים פוּן דִיא נְבִיאִים, אוּנְד
30 פֶערְצִירְט דִיא מַצֵּבוֹת פוּן דִיא צַדִיקִים: אוּנְד אִיהְר זָאגְט,
וֶוען מִיר וָואלְטֶען גֶעוֶועזֶען אִין דִיא צֵייטֶען פוּן אוּנְזֶערֶע
פֶּעטֶער, אַזוֹי וָואלְטֶען מִיר נִיט מִיט זַייא קֵיין טְהֵייל גֶעהַאט
31 אִים בְּלוּט פוּן דִיא נְבִיאִים: אַזוֹי זֶענְט אִיהְר צוּ אֵייךְ
זֶעלְבְּסְט עֵדוּת, אַז אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא וָואס
32 הָאבֶּען דִיא נְבִיאִים אוּמְגֶעבְּרַאכְט: אִיהְר מַאכְט אוֹיךְ פוּל
33 דָאס מָאס פוּן אֵיירֶע פֶּעטֶער: אִיהְר שְׁלַאנְגֶען, דִיא
שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן עֶגְדִיסֶען, וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהְר אַנְטְרִינֶען
34 דָאס מִשְׁפָּט פוּן גֵיהִנָם? דְרוּם זֶעהְט אִיךְ שִׁיק צוּ אֵייךְ
נְבִיאִים אוּנְד חֲכָמִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא
וֶועט אִיהְר הַרְגֶענֶען אוּנְד קְרֵייצִיגֶען; אוּנְד עֶטְלִיכֶע וֶועט
אִיהְר שְׁמֵייסֶען אִין אֵיירֶע שׁוּלֶען, אוּנְד וֶועט זַייא יָאגֶען
35 פוּן אֵיינֶע שְׁטָאט צוּ דִיא אַנְדֶערֶע: כְּדֵי עֶס זָאל אוֹיף אֵייךְ
קוּמֶען אַלֶעס אוּנְשׁוּלְדִיגֶע בְּלוּט וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶע־
וָוארֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל הַצַדִיק
בִּיז צוּם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה בֶּן בֶּרֶכְיָה, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט
36 אוּמְגֶעבְּרַאכְט צְוִוישֶׁען דֶעם הֵיכָל אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ: בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, דָאס אַלֶעס וֶועט קוּמֶען אִיבֶּער דִיזֶען דוֹר:
37 יְרוּשָׁלַיִם! יְרוּשָׁלַיִם! וָואס הָאסְט גֶעטֵייטֶעט דִיא נְבִיאִים,
אוּנְד בֶּעשְׁטֵיינִיגְט דִיא וָואס זֶענֶען גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צוּ
דִיר, וִויא פִיל מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט דַיינֶע קִינְדֶער אַיינְ־
זַאמְלֶען וִויא אַ הִין זַאמֶעלְט אֵיין אִיהְרֶע יוּנְגֶע אוּנְטֶער
38 אִיהְרֶע פְלִיגֶעל, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט: זֶעה, אֵייעֶר

הױז װערד אײךְ װיסְט פֶערלָאזְט: װָארין אִיךְ זָאג אײךְ, 39
פוּן אִיצְט אָן װעט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען בִּיז אִיהְר װעט
זָאגֶען, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער, װעלְכֶער קוּמְט אִים נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר:

## קאפיטעל כד

אוּנד יֵשׁוּעַ אִיז אַרױסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ 1
אַװעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זײנֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּ־
מֶען אוּם אִיהְם צוּ װײזֶען דָאס גֶעבֵּײדֶע פוּן דֶעם בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זײא 2
גֶעזָאגְט, זֶעהְט אִיהְר נִיט דָאס אַלֶעס? בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אײךְ,
עֶס װעט הִיר נִיט אִיבֶּערְבְּלַײבֶּען אײן שְׁטײן אוֹיף אײן
אַנְדֶערֶען, װָאס װעט נִיט אַרוּפְּגֶעװָארְפֶען װערֶען:
אוּנְד װען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם הַר הַזֵּתִים, אַזוֹי זֶענֶען 3
זײנֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען בֵּיא זִיךְ אַלײן, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זָאג אוּנְס װען דִיזֶע זַאכֶען װעלֶען גֶעשֶׁע־
הֶען, אוּנְד װָאס אִיז דָאס צײכֶען פוּן דַײן קוּמֶען אוּנְד פוּן
דֶעם צײטְאַלְטֶער? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט 4
צוּ זײא גֶעזָאגְט, זֶעהְט אַז קֵיינֶער זָאל אײךְ נִיט פֶערְפִיהְרֶען:
װָארִין פִילֶע װעלֶען קוּמֶען אִין מַײן נָאמֶען, אוּנְד װעלֶען 5
זָאגֶען, אִיךְ בִּין דֶער מָשִׁיחַ; אוּנְד זײא װעלֶען פִילֶע פֶערְ־
פִיהְרֶען: אוּנְד אִיהְר װעט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת אוּנְד נָאכְ־ 6
רִיכְט פוּן מִלְחָמוֹת; זֶעהְט אַז אִיהְר זָאלְט אײךְ נִיט דֶערְ־
שְׁרֶעקֶען; װָארִין דִיזֶע זַאכֶען מוּזֶען גֶעשֶׁעהֶען, אָבֶּער
דֶער סוֹף אִיז נָאךְ נִיט: װָארִין אײן פָאלְק װעט אוֹיפְשְׁטֶע־ 7
הֶען קֶעגֶען אײן אַנְדֶערֶען פָאלְק אוּנְד אײן קֶענִיגְרַײךְ,
קֶעגֶען אײן אַנְדֶערֶען קֶענִיגְרַײךְ, אוּנְד עֶס װעט זַײן הוּנְ־
גֶערְסְנוֹיט אוּנְד עֶרְדְצִיטֶערְנִיס אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עֶרְטֶער: 8
דָאס אַלֶעס אִיז דֶער אָנְפַאנְג פוּן צָרוֹת: דַאן װעלֶען זײא 9
אײךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶער צָרָה אוּנְד װעלֶען אײךְ הַרְגֶענֶען,
אוּנְד אִיהְר װעט גֶעהַאסְט װערֶען בֵּיא אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן
מַײן נָאמֶענְס װעגֶען: אוּנְד דַאן װעלֶען פִילֶע שְׁטְרוֹיכְעלְן, 10
אוּנְד װעלֶען אײנֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִיבֶּערְעֶנְטְפֶערֶען, אוּנְד
אײנֶער דֶעם אַנְדֶערֶען הַאסֶען: אוּנְד עֶס װעלֶען אוֹיפְשְׁטֶע־ 11
הֶען פִילֶע פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּנְד װעלֶען פִילֶע פֶערְפִיהְרֶען:

12 אוּנְד וַוייל דָאס אוּנְרֶעכְט וֶועט זִיךְ פֶּערְמֶעהְרֶען, וֶועט דִיא
13 לִיבֶּע פוּן פִילֶע קַאלְט וֶוערֶען: אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט
14 אוֹיס בִּיז צוּם סוֹף, דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: אוּנְד
דִיזֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט
וֶוערֶען אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט פַאר אַ צֵייגְנִים צוּ אַלֶע
פֶעלְקֶער, אוּנְד דַאן וֶועט דֶער סוֹף קוּמֶען:
15 דְרוּם וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דִיא גְרֵייעֶל פוּן דֶער פֶּערְ־
וִוּיסְטוּנְג, וָואס אִיז גֶעזָאגְט פוּן דָנִיאֵל הַנָבִיא שְׁטֶעהֶענְדִיג
אִים הֵיילִיגֶען אָרְט;—דֶער וָואס לֵיינְט לָאז עֶר פֶּערְשְׁטֶעה־
16 הֶען:—דַאן לָאזֶען דִיא וָואס זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען
17 צוּ דִיא בֶּערְג; אוּנְד דֶער וָואס אִיז אוֹיף דֶעם דַאךְ לָאז
עֶר נִיט אַרוּנְטֶערְגֶעהֶען אוּם דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הוֹיז צוּ
18 נֶעמֶען; אוּנְד דֶער וָואס אִיז אִים פֶעלְד לָאז עֶר זִיךְ נִיט
19 צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען אוּם זַיין קְלֵייד צוּ נֶעמֶען: אוּנְד וֶועה
צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מְעוּבֶּרֶת, אוּנְד דִיא וָואס גֶעבֶּען צוּ
20 זֵייגֶען, אִין יֶענֶע טֶעג: אָבֶּער בֶּעטֶעט אִיהְר אַז אֵייעֶר
אַנְטְלוֹיפֶען זָאל נִיט זַיין אִים וִוינְטֶער, אָדֶער אִים שַׁבָּת:
21 וָוארִין דַאן וֶועט זַיין אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, אַזֶעלְכֶע וָואס אִיז
נִיט גֶעוֶוען פוּן אָנְפַאנְג דֶער וֶועלְט בִּיז אַצוּנְד, אוּנְד וֶועט
22 אוֹיךְ נִיט מֶעהְר זַיין: אוּנְד וֶוען דִיזֶע טֶעג זָאלֶען נִיט
פֶּערְקִירְצְט וֶוערֶען, אַזוֹי הֶעט קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערֶעטֶעט
גֶעוָוארֶען; אָבֶּער וֶועגֶען דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע וֶועלֶען
23 יֶענֶע טֶעג פֶּערְקִירְצְט וֶוערֶען: דַאן וֶוען אֵיינֶער וֶועט צוּ
אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, הִיר אִיז דֶער מָשִׁיחַ אָדֶער דָא; גְלוֹיבְּט
24 עֶס נִיט: וָוארִין עֶס וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פַאלְשֶׁע מְשִׁיחִים
אוּנְד פַאלְשֶׁע נְבִיאִים, אוּנְד זֵייא וֶוערְדֶען גְרוֹיסֶע צֵייכֶען
אוּנְד וְואוּנְדֶער וֵוייזֶען אַז זֵייא זָאלֶען פֶּערְפִיהְרֶען וֶוען עֶס
25 זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין אַפִילוּ דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע: זֶעהְט, אִיךְ
26 הָאבּ אֵייךְ פְרִיהֶער אָנְגֶעזָאגְט: דְרוּם וֶוען זֵייא וֶועלֶען צוּ
אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, עֶר אִיז אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי גֶעהְט נִיט
אַרוֹיס; זֶעהְט, עֶר אִיז אִין דִיא קַאמֶערְן, אַזוֹי גְלוֹיבְּט
27 עֶס נִיט; וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער בְּלִיק גֶעהְט אוֹיס פוּן
מִזְרָח אוּנְד שֵׁיינְט בִּיז צוּ מַעֲרָב, אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ זַיין
28 דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם בֶּן אָדָם: וְואוּ דִיא נְבֵלָה אִיז

דָארְט וֶועלֶען זִיךְ דִיא אָדְלֶער פֶערְזַאמְלֶען:
29 אוּנְד גְלֵייךְ נָאךְ דֶער צָרָה פוּן יֶענֶע טֶעג וֶועט דִיא זוּן
פִינְסְטֶער וֶוערֶען, אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט גֶעבֶּען אִיהְר
לִיכְט, אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען וֶועלֶען פוּן הִימֶעל פַאלֶען, אוּנְד
30 דִיא קְרֶעפְטֶען פוּן הִימֶעל וֶועלֶען זִיךְ בֶּעוֶועגֶען; אוּנְד דַאן
וֶועט זִיךְ בֶּעווַייזֶען דָאס צֵייכֶען פוּן דֶעם בֶּן אָדָם אִים הִי־
מֶעל, אוּנְד דַאן וֶועלֶען אַלֶע גֶעשְׁלֶעכְטֶער פוּן דֶער עֶרְד
טְרוֹיעֶרְן, אוּנְד וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם קוּמֶענְדִיג אִין
דִיא וָואלְקֶען פוּן הִימֶעל מִיט קְרַאפְט אוּנְד גְרוֹיסֶע הֶערְ־
31 לִיכְקֵייט: אוּנְד עֶר וֶועט אַרוֹיסְשִׁיקֶען זַיינֶע מַלְאָכִים מִיט
אַ גְרוֹיס קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אַיינְזַאמְלֶען
זַיינֶע אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן דִיא פִיר וִוינְדֶען פוּן אֵיין עֶק
הִימֶעל בִּיז צוּם אַנְדֶערֶען:
32 אָבֶּער לֶערְנְט אַ מָשָׁל פוּן דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, וֶוען זַיינֶע צְוֵויינ
וֶועט שׁוֹין פְרִישׁ, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹיס בְּלֶעטֶער, אַזוֹי
33 ווייסְט אִיהְר אַז דֶער זוּמֶער אִיז נָאהֶענְט: אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר,
וֶוען אִיהְר וֶועט דָאס אַלֶעס זֶעהֶען, זָאלְט אִיהְר וִויסֶען אַז
34 עֶס אִיז נָאהֶענְט בֵּייא דֶער טְהִיר: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ,
דִיזֶעס דוֹר וֶועט נִיט פֶערְגֶעהֶען, בִּיז דָאס אַלֶעס וֶועט גֶע־
35 שֶׁעהֶען: הִימֶעל אוּנְד עֶרְד וֶועלֶען פֶערְגֶעהֶען, אָבֶּער מֵיינֶע
36 וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִיט פֶערְגֶעהֶען: אָבֶּער פוּן יֶענֶעם טָאג
אוּנְד דֶער שָׁעָה וֵייס קֵיינֶער נִיט, אוֹיךְ נִיט דִיא מַלְאָכִים
פוּן הִימֶעל, אוֹיךְ נִיט דֶער זוּהְן, נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער אַלֵיין:
37 וָוארִין אַזוֹי וִויא דִיא טֶעג פוּן נֹחַ, אַזוֹי וֶועט זַיין דָאס קוּ־
38 מֶען פוּן דֶעם בֶּן אָדָם: וָוארִין אַזוֹי וִויא אִין דִיא טֶעג וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פָאר דֶעם מַבּוּל, זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד
גֶעטְרוּנְקֶען אוּנְד הָאבֶּען חַתוּנָה גֶעמַאכְט אוּנְד חַתוּנָה גֶע־
הַאט בִּיז צוּם טָאג וֶוען נֹחַ אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער
39 תֵּיבָה: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט בִּיז דָאס מַבּוּל אִיז
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא אַלֶע אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען; אַזוֹי וֶועט
40 אוֹיךְ זַיין דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם: דַאן וֶועלֶען צְוֵוייא
זַיין אוֹיף אֵיין פֶעלְד; אֵיינֶער וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען,
41 אוּנְד אֵיינֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוערֶען: צְוֵוייא פְרוֹיעֶן
וֶועלֶען מָאלֶען בֵּייא אֵיין מִיהְל; אֵיינֶע וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען

42 װערֶען, אוּנְד אֵיינֶע אִיבֶּערְגֶעלָאזְט װערֶען: דְרוּם װַאכְט,
װָארִין אִיהְר װֵייסְט נִיט אִין װֶעלְכֶען טָאג אֵייעֶר הַאר װֶעט
43 קוּמֶען: אָבֶּער װֵייסְט דָאס, װֶען דֶער בַּעַל הַבַּיִת װָאלְט
װִיסֶען אִין װֶעלְכֶער װַאךְ פוּן דֶער נַאכְט דֶער גַּנָּב װֶעט
קוּמֶען, אַזוֹי װָאלְט עֶר גֶעװַאכְט, אוּנְד װָאלְט נִיט גֶעלָאזְט
44 זַיין הוֹיז אֵיינְבְּרֶעכֶען: דְרוּם זַייט אִיהְר אוֹיךְ בְּעַרַייט, װָארִין
דֶער בֶּן אָדָם קוּמְט אִין אַ שָׁעָה, פוּן װֶעלְכֶע אִיהְר דֶענְקְט
45 נִיט: װֶער אִיז דֶען דֶער גֶעטְרַייעֶר אוּנְד קְלוּגֶער קְנֶעכְט
דֶעם זַיין הַאר הָאט גֶעשְׁטֶעלְט אִיבֶּער זַיין הוֹיזְגֶעזִינְד, אַז
46 עֶר זָאל זַייא גֶעבֶּען זַיירֶע שְׁפַּייז צוּ דֶער צַייט? גֶעבֶּענְשְׁט
אִיז דֶער קְנֶעכְט, װֶעלְכֶען זַיין הַאר, װֶען עֶר קוּמְט, װֶעט
47 אִיהְם גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּן: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר
װֶעט אִיהְם בֶּעשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער זַיין גַאנְצֶען פֶערְמֶעגֶען?
48 אָבֶּער װֶען יֶענֶער שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט װֶעט זָאגֶען אִין זַיין
49 הַארְץ, מַיין הַאר זוֹימְט זִיךְ צוּ קוּמֶען: אוּנְד װֶעט אָנְהוֹיבֶּען
זַיינֶע מִיטְקְנֶעכְט צוּ שְׁלָאגֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען מִיט שִׁכּוֹרִים:
50 אַזוֹי װֶעט דֶער הַאר פוּן יֶענֶעם קְנֶעכְט קוּמֶען אִין אַ טָאג
דֶעם עֶר עֶרְװַארְטֶעט נִיט אוּנְד אִין אַ שָׁעָה פוּן דֶער עֶר
51 װֵייסְט נִיט: אוּנְד עֶר װֶעט אִיהְם צֶערְשְׁנַיידֶען, אוּנְד אִיהְם
גֶעבֶּען זַיין טְהֵייל צְװִישֶׁען דִיא הֵייכְלֶער, דָארְט װֶעט זַיין
גֶעװֵיין אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען:

## קאפיטעל כה

1 דַאן װֶעט דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם גֶעגְלַייכְט זַיין צוּ צֶעהְן
יוּנְגְפְרוֹיעֶן, װָאס הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיירֶע לַאמְפֶּען, אוּנְד
2 זֶענֶען דֶעם חָתָן אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד פִינְף פוּן זַייא
3 זֶענֶען גֶעװֶעזֶען נַארִישׁ, אוּנְד פִינְף קְלוּג: װָארִין דִיא נַא־
רִישֶׁע הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיירֶע לַאמְפֶּען אוּנְד הָאבֶּען נִיט
4 קֵיין עֶהְל מִיטְגֶענוּמֶען: אָבֶּער דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶענוּמֶען
5 עֶהְל אִין זַיירֶע כֵּלִים מִיט זַיירֶע לַאמְפֶּען: אוּנְד װֶען דֶער
חָתָן הָאט זִיךְ גֶעזוֹימְט, אַזוֹי הָאבֶּען אַלֶע גֶעדְרִימֶעלְט אוּנְד
6 זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁלָאפֶען: אָבֶּער אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט אִיז
גֶעװָארֶען אַ גֶעשְׁרַייא, זֶעהְט דֶער חָתָן! גֶעהְט אִיהְם אַנְטְ־
7 קֶעגֶען: דַאן זֶענֶען אַלֶע דִיזֶע יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
8 אוּנְד הָאבֶּען זַיירֶע לַאמְפֶּען צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט: אוּנְד דִיא

נאַרִישֶׁע הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא קְלוּגֶע, גִיבְּט אוּנְס פוּן
9 אַייעֶר עֶהְל; וָוארִין אוּנְזֶערֶע לַאמְפֶּען גֶעהֶען אוֹיס: אוּנְד
דִיא קְלוּגֶע הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, נֵיין, טָאמֶער
װעט נִיט גֶענוּג זַיין פַאר אוּנְס אוּנְד פַאר אַייךְ; גֶעהְט
10 לִיבֶּער צוּ דִיא קְרֶעמֶער אוּנְד קוֹיפְט אַייךְ: אוּנְד וִויא זַייא
זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קוֹיפֶען אִיז דֶער חָתָן דֶערְוַוייל גֶעקוּמֶען,
אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען מִיט אִיהְם
אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער חַתוּנָה; אוּנְד דִיא טְהִיר אִיז צוּגֶע־
11 שְׁלָאסֶען גֶעוָארֶען: אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען דִיא אַנְדֶערֶע
יוּנְגְפְרוֹיעֶן אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, הַאר, הַאר,
12 עֶפֶען אוּנְס: אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
13 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אַייךְ, אִיךְ קֶען אַייךְ נִיט: דְרוּם וַואכְט,
וָוארִין אִיהְר וַוייסְט נִיט דֶעם טָאג אוּנְד דִיא שָׁעָה:
14 וָוארִין דָאס מַלְכוּת הַשָּׁמַיִם אִיז אַזוֹי וִויא אַ מַאן וָואס אִיז
אַװעקְגֶעפָארֶען, אוּנְד הָאט זַיינֶע קְנֶעכְט גֶערוּפֶען אוּנְד
15 הָאט זַייא זַיין פֶערְמֶעגֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען: אוּנְד עֶר הָאט
אֵיינֶעם פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶען
צְוֵוייא, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶען אֵיינְס; אִיטְלִיכֶען נָאךְ זַיינֶע
16 קְרַאפְט; אוּנְד אִיז אַװעקְגֶעפָארֶען: דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
דִיא פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער אִיז גְלֵייךְ גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
דֶערְמִיט גֶעהַאנְדֶעלְט, אוּנְד פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע פִינְף צֶענְטְנֶער:
17 אַזוֹי אוֹיךְ דֶער וָואס הָאט דִיא צְוֵוייא בֶּעקוּמֶען הָאט אוֹיךְ
18 פֶערְדִינְט אַנְדֶערֶע צְוֵוייא: אָבֶּער דֶער וָואס הָאט בֶּעקוּמֶען
אֵיינֶעם אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד אוּנְד
19 הָאט דָאס גֶעלְד פוּן זַיין הַאר פֶערְבָּארְגֶען: אוּנְד נָאךְ אַ
לַאנְגֶע צַייט אִיז דֶער הַאר פוּן דִיזֶע קְנֶעכְט צוּרִיק גֶעקוּמֶען,
20 אוּנְד הָאט זִיךְ מִיט זַייא בֶּערֶעכֶענְט: אוּנְד דֶער וָואס הָאט
דִיא פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶעבְּרַאכְט אַנְדֶערֶע פִינְף צֶענְטְנֶער, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
הַאר, דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פִינְף צֶענְטְנֶער זִילְ־
בֶּער, זֶעה אִיךְ הָאבּ מִיט זַייא פֶערְדִינְט נָאךְ פִינְף צֶענְטְנֶער:
21 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גַאנְץ שֶׁעהְן דוּא
גוּטֶער אוּנְד גֶעטְרַייעֶר קְנֶעכְט; דוּא בִּיסְט גֶעטְרַייא גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער וֶוענִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיךְ אָנְשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער פִילֶע

22 זַאכֶען, קוּם אַרֵיין צוּ דִיא פְרֵייד פוּן דֵיין הַאר: דֶער וָאס
הָאט דִיא צְוֵוייא צֶענְטֶער זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז אוֹיךְ גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא הָאסְט מִיר אִיבֶּערְגֶע־
גֶעבֶּען צְוֵוייא צֶענְטֶער זִילְבֶּער, זֶעה, אִיךְ הָאבּ מִיט זֵייא
23 פֶערְדִינְט נָאךְ צְוֵוייא צֶענְטֶער: זֵיין הַאר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גַאנְץ שֶׁעהְן, דוּא גוּטֶער אוּנְד גֶעטְרֵייעֶר קְנֶעכְט;
דוּא בִּיסְט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער וֶוענִיג, אַזוֹי וֶועל אִיךְ
דִיךְ אָנְשְׁטֶעלֶען אִיבֶּער פִילֶע זַאכֶען; קוּם אַרֵיין צוּ דִיא
24 פְרֵייד פוּן דֵיין הַאר: אוּנְד דֶער וָאס הָאט דֶעם אֵיינֶעם
צֶענְטֶער זִילְבֶּער בֶּעקוּמֶען אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ וֵויים אַז דוּא בִּיסְט אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ,
דוּא שְׁנֵיידְסְט וְואוּ דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייעֶט, אוּנְד זַאמֶעלְסְט
25 אֵיין פוּן וַואנֶען דוּא הָאסְט נִיט צוּשְׁטְרֵייט: אוּנְד אִיךְ הָאבּ
מִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ דֵיין צֶענְ־
טֶער זִילְבֶּער אִין דֶער עֶרְד פֶערְבָּארְגֶען, זֶעה, דוּא הָאסְט
26 דָאס דֵיינִיגֶע: אוּנְד זֵיין הַאר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁלֶעכְטֶער אוּנְד פוֹילֶער קְנֶעכְט,
דוּא הָאסְט גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ שְׁנֵייד וְואוּ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶע־
זֵייעֶט אוּנְד זַאמֶעל אֵיין פוּן וַואנֶען אִיךְ הָאבּ נִיט צוּשְׁטְרֵייט:
27 דְרוּם הָאסְט דוּא גֶעזָאלְט מֵיין גֶעלְד אַרֵיינְלֶעגֶען בֵּייא דִיא
וֶועקְסְלֶער, כְּדֵי וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ אָפּ־
28 נֶעמֶען דָאס מֵיינִיגֶע מִיט פְּרָאצֶענְט: דְרוּם נֶעם פוּן אִיהְם
אַוֶועק דֶעם צֶענְטֶער זִילְבֶּער, אוּנְד גִיבְּט עֶס צוּ דֶעם וָואס
29 הָאט דִיא צֶעהְן צֶענְטֶער: וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט צוּ
דֶעם וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד עֶר וֶועט נָאךְ אִיבְּרִיג
הָאבֶּען; אָבֶּער דֶער וָואס הָאט נִיט, פוּן דֶעם וֶועט אוֹיךְ
30 דָאס וָואס עֶר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען: אוּנְד וַוארְפְט
אַרוֹיס דֶעם אוּנְנוּצִיגֶען קְנֶעכְט צוּ דֶער פִינְסְטֶערְנִיס
דְרוֹיסֶען, דָארְט וֶועט זֵיין גֶעוֵויין אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען:
31 וֶוען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט קוּמֶען אִין זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד
אַלֶע מַלְאָכִים מִיט אִיהְם, דַאן וֶועט עֶר זִיצֶען אוֹיף זֵיין
32 כִּסֵא הַכָּבוֹד: אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען פָאר אִיהְם פֶערְ־
זַאמֶעלְט וֶוערֶען; אוּנְד עֶר וֶועט זֵייא פוּן אֵיינַאנְדֶער
שֵׁיידֶען, אַזוֹי וִויא אַ פַּאסְטוּךְ שֵׁיידֶעט אָפּ דִיא שָׁאף פוּן

33 דִיא צִיגֶען: אוּנְד עֶר וֶועט שְׁטֶעלֶען דִיא שָׁאף צוּ זֵיינֶע
34 רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד דִיא צִיגֶען צוּ דִיא לִינְקֶע: דַאן וֶועט
דֶער קֶענִיג זָאגֶען צוּ דִיא אָן זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, קוּמְט
אִיהְר גֶעבֶּענְשְׁטֶע פוּן מֵיין פָאטֶער, עֶרְבְּט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר אֵייךְ פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער
35 וֶועלְט: וָוארִין אִיךְ בִּין הוּנְגֶערִיג גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר הָאט
מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען; אִיךְ בִּין דוּרְשְׁטִיג גֶעוֶועזֶען אוּנְד
אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען; אִיךְ בִּין אֵיין אוֹרַח
36 גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען; אִיךְ בִּין נַא־
קֶעט גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעקְלֵיידֶעט; אִיךְ בִּין
קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ בֶּעזוּכְט; אִיךְ בִּין
אִים גֶעפֶענְגְנִיס גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר זֶענְט צוּ מִיר גֶעקוּ־
37 מֶען: דַאן וֶועלֶען דִיא צַדִיקִים צוּ אִיהְם עֶנְטְפֶערֶען אוּנְד
זָאגֶען, הַאר, וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ הוּנְגֶערִיג גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאבֶּען דִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען? אָדֶער דוּרְשְׁטִיג, אוּנְד
38 הָאבֶּען דִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען? אוּנְד וֶוען הָאבֶּען מִיר
דִיךְ אֵיין אוֹרַח גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבֶּען דִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען?
39 אָדֶער נַאקֶעט אוּנְד הָאבֶּען דִיךְ גֶעקְלֵיידֶעט? אוּנְד וֶוען
הָאבֶּען מִיר דִיךְ קְרַאנְק גֶעזֶעהֶען אָדֶער אִים גֶעפֶענְגְנִיס,
40 אוּנְד זֶענֶען צוּ דִיר גֶעקוּמֶען? אוּנְד דֶער קֶענִיג וֶועט עֶנְטְ־
פֶערֶען אוּנְד וֶועט צוּ זֵייא זָאגֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז
דָאס וָואס אִיהְר הָאט גֶעטְהוּן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֵיינְסְטֶע
פוּן דִיזֶע מֵיינֶע בְּרִידֶער, הָאט אִיהְר עֶס צוּ מִיר גֶעטְהוּן:
41 דַאן וֶועט עֶר זָאגֶען אוֹיךְ צוּ דִיא אָן זֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד,
גֶעהְט אַוֶועק פוּן מִיר אִיהְר פֶערְפְלוּכְטֶע, צוּם עֶבִּיגֶען פֵייר
עֶר וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר דֶעם שָׂטָן אוּנְד זֵיינֶע מַלְאָכִים:
42 וָוארִין אִיךְ בִּין הוּנְגֶערִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיר
נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ עֶסֶען; אִיךְ בִּין דוּרְשְׁטִיג גֶעוֶועזֶען אוּנְד
43 אִיהְר הָאט מִיר נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען: אִיךְ בִּין אֵיין
אוֹרַח גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט אַרֵיינְגֶענוּמֶען;
אִיךְ בִּין נַאקֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶעקְ־
לֵיידֶעט; אִיךְ בִּין קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִים גֶעפֶענְגְנִיס,
44 אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט בֶּעזוּכְט: דַאן וֶועלֶען זֵייא אוֹיךְ
צוּ אִיהְם עֶנְטְפֶערְן אוּנְד זָאגְען, הַאר, וֶוען הָאבֶּען מִיר דִיךְ

הוּנְגֶערִיג גֶעזֶעהֶען, אָדֶער דוּרְשְׁטִיג, אָדֶער אֵיין אוֹרַח,
אָדֶער נַאקֶעט, אָדֶער קְרַאנְק, אָדֶער אִים גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד
45 הָאבֶּען דִיךְ נִיט בֶּעדִינְט? דַאן וֶועט עֶר צוּ זֵייא עֶנְטְפֶערֶען
אוּנְד זָאגֶען, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דָאס וָואס אִיהְר
הָאט נִיט גֶעטְהוּן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינְסְטֶע, הָאט
46 אִיהְר עֶס נִיט צוּ מִיר גֶעטְהוּן: אוּנְד דִיזֶע וֶועלֶען אַוֶועק
גֶעהֶען צוּר עֶבִּיגֶע שְׁטְרָאף, אָבֶּער דִיא צַדִיקִים צוּם עֶבִּיגֶען
לֶעבֶּען:

## קאפיטעל כו

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶע
דִיזֶע וֶוערְטֶער, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים:
2 אִיהְר וֵוייסְט אַז נָאךְ צְוֵוייא טֶעג וֶועט זֵיין פֶּסַח, אוּנְד דֶער
בֶּן אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל גֶע־
3 קְרֵייצִיגְט וֶוערֶען: דַאן הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט דִיא רָאשֵׁי
כֹּהֲנִים, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, צוּם פַּאלַאסְט
4 פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קַיָפָא: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען יֵשׁוּעַ נֶעמֶען
5 מִיט לִיסְט, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען: אָבֶּער זֵייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט נִיט אִים יוֹם טוֹב, אַז עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיין
גֶערַאשׁ אִים פָאלְק:
6 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית־הִינִי, אִים הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן
7 דֶעם מְצוֹרָע: אוּנְד אַ פְרוֹיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען וָואס
הָאט גֶעהַאט אֵיין אַלְבַּאסְטֶער קְרִיגֶעל מִיט טְהֵיירֶען עֶהְל,
אוּנְד זִיא הָאט עֶס אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף זֵיין קָאפּ וֶוען עֶר
8 אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּיים טִישׁ: וְוִיא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס
גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶס זֵייא פֶערְדְרָאסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
9 גֶעזָאגְט, צוּ וָואס זָאל דִיא פֶערְשְׁוֶועְנְדוּנְג זֵיין? וָוארִין
דָאס הָאט גֶעקָאנְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען פַאר פִיל גֶעלְד,
10 אוּנְד צוּ דִיא אָרֶעמֶע גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ
הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זֶענְט אִיהְר דִיא פְרוֹיא מְצַעַר? וָוארִין זִיא הָאט אַ גוּטֶעס
11 וֶוערְק אָן מִיר גֶעטְהוּן: וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע הָאט אִיהְר
12 תָּמִיד מִיט אֵייךְ, אָבֶּער מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט תָּמִיד: וָוארִין וֶוען
זִיא הָאט דִיזֶעס עֶהְל אוֹיף מֵיין לֵייבּ אוֹיסְגֶעגָאסֶען, אַזוֹי

13 הָאט זיא דָאס גֶעטְהוּן פַאר מֵיינֶע קְבוּרָה: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אִין דֶער גַאנְצֶען וֶועלְט וְואוּ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וֶועט
גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען, דָא וֶועט מֶען אוֹיךְ דֶערְצֶעהְלֶען וָואס
זיא הָאט צוּ מִיר גֶעטְהוּן, צוּ אִיהְר אַנְדֶענְקֶען:
14 דַאן אִיז אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים:
15 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס ווילְט אִיהְר מִיר גֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל אִיהְם צוּ אֵייךְ אִיבֶּערְלִיפֶערֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ מִיט אִיהְם פֶערְגְלֵייכְט פַאר דְרֵייסִיג שְׁטִיק זִילְבֶּער:
16 אוּנְד פוּן דֶענְצְמָאל אָן הָאט עֶר אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעזוּכְט,
אַז עֶר זָאל אִיהְם צוּ זֵייא פֶערְמַסֶרְן:
17 אוּנְד אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חַג הַמַּצּוֹת זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ
ווילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען דִיר אָנְבְּרֵייטֶען פֶּסַח צוּ עֶסֶען?
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דִיא שְׁטָאט אַרַיין צוּ
אַ מַאן אוּנְד זָאגְט אִיהְם דֶער לֶעהְרֶער זָאגְט, מֵיינֶע צֵייט
אִיז נָאהֶענְט, אִיךְ וֶועל בֵּייא דִיר הַאלְטֶען פֶּסַח מִיט מֵיינֶע
19 תַּלְמִידִים: אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא
יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶּסַח פַארְטִיג
20 גֶעמַאכְט: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען הָאט עֶר
21 זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט מִיט דִיא צְוֶועלְף תַּלְמִידִים; אוּנְד
ווייל זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג
22 אִיךְ אֵייךְ, אַז אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט מִיךְ פֶערְמַסֶרְן: אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר בֶּעטְרִיבְּט, אוּנְד יֶעדֶער פוּן זֵייא הָאט
23 אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, הַאר, בִּין אִיךְ עֶס? אוּנְד עֶר הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶער וָואס טוּנְקְט אֵיין זֵיינֶע
הַאנְד מִיט מִיר אִין דֶער שִׁיסֶעל דִיזֶער וֶועט מִיךְ פֶערְמַסֶרְן:
24 דֶער בֶּן אָדָם גֶעהְט אַוֶועק אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִי-
בֶּען אוֹיף אִיהְם, אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ וֶועלְ-
כֶען דֶער בֶּן אָדָם וֶועט פֶערְמַסֶרְט וֶוערֶען; עֶס וָואלְט גוּט
גֶעוֶועזֶען פַאר יֶענְעם מֶענְשׁ וֶוען עֶר הֶעט נִיט גֶעבּוֹירֶען
25 גֶעוָוארֶען: אוּנְד יְהוּדָה, וָואס הָאט אִיהְם פֶערְמַסֶרְט הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי, בִּין אִיךְ עֶס? עֶר הָאט צוּ
26 אִיהְם גֶעזָאגְט דוּא הָאסְט עֶס גֶעזָאגְט: אוּנְד ווייל זֵייא

הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען בְּרוֹיט, אוּנְד
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען, אוּנְד
גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט עֶס,
27 דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ: אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם כּוֹס אוּנְד
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען אוּנְד
28 גֶעזָאגְט, טְרִינְקְט אַלֶע דֶערְפוּן; וָוארִין דָאס אִיז מֵיין בְּלוּט
פוּן דֶעם בְּרִית הַחֲדָשָׁה וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען פַאר פִילֶע צוּ
29 פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען: אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל
פוּן אַצוּנְד אָן נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דִיזֶער פְרוּכְט פוּן
דֶעם וֵויינְשְׁטָאק, בִּיז אָן דֶעם טָאג וֶוען אִיךְ טְרִינְק עֶס מִיט
30 אֵייךְ נֵייא אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן מֵיין פָאטֶער: אוּנְד וֶוען
זֵייא הָאבֶּען הַלֵל גֶעזוּנְגֶען, זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם
31 הַר הַזֵיתִים: דַאן הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דִיזֶע נַאכְט
וֶועט אִיהְר אֵייךְ אַלֶע אָן מִיר שְׁטְרוֹיכְלֶען; וָוארִין עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ וֶועל שְׁלָאגֶען דֶעם פַּאסְטוּךְ אוּנְד
דִיא שָׁאף פוּן דֶער סְטַאדֶע וֶועלֶען צֶערְשְׁטְרֵייט וֶוערֶען;
32 אָבֶּער נָאךְ מֵיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג וֶועל אִיךְ פָאר אֵייךְ
33 גֶעהֶען קֵיין גָלִיל: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אַלֶע זָאלֶען אָן דִיר שְׁטְרוֹיכְ־
לֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אָן דִיר קֵיינְמָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען:
34 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז אִין
דִיזֶער נַאכְט אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן וֶועסְט דוּא
35 מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען: פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ מוּז מִיט דִיר שְׁטַארְבֶּען, וֶועל אִיךְ דִיךְ
נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען; אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ אַלֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט:
36 דַאן אִיז יֵשׁוּעַ מִיט זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט וָואס וֶוערְט
גֶערוּפֶען גַת־שְׁמָנֵי; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא תַּלְמִידִים,
זִיצְט אִיהְר דָא, בִּיז אִיךְ וֶועל דָארְטֶען אַהִין גֶעהֶען אוּנְד
37 בֶּעטֶען: אוּנְד עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוֹס אוּנְד
דִיא צְוֵוייא זִיהְן פוּן זַבְדַי, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען טְרוֹיְרִיג
38 אוּנְד בֶּעטְרִיבְּט צוּ זֵיין: דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע זֶעלֶע אִיז זֶעהְר טְרוֹיְרִיג בִּיז צוּם טוֹיט, בְּלֵייבְּט דָא
39 אוּנְד וַואכְט מִיט מִיר: אוּנְד עֶר אִיז אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אוֹיף זֵיין פָּנִים גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט

גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער, אוֹיבּ עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ,
לָאז דִיזֶער כּוֹס פוּן מִיר פֶערְבֵּייא גֶעהֶען; אָבֶּער דָאךְ נִיט
40 אַזוֹי וִויא אִיךְ וִויל, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא דוּא וִוילְסְט: אוּנְד עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט זֵייא שְׁלָאפֶענְ־
דִיג גֶעפִינֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, קֶענְט אִיהְר
41 דֶען נִיט מִיט מִיר וַואכֶען אֵיינֶע שָׁעָה? וַואכְט אוּנְד בֶּעטֶעט
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען צוּ נִסָּיוֹן; דֶער גֵייסְט אִיז וִוילִיג
42 אָבֶּער דָאס פְלֵיישׁ אִיז שְׁוַואךְ: אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער דָאס
צְוֵייטֶע מָאל אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אוּנְד
גֶעזָאגְט, מֵיין פָּאטֶער, וֶוען דִיזֶער כּוֹס קֶען נִיט פוּן מִיר
פֶערְבֵּייא גֶעהֶען עֶס זֵייא דֶען אִיךְ זָאל אִיהְם טְרִינְקֶען,
43 אַזוֹי לָאז דֵיין וִוילֶען גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפִינֶען, וָוארִין זֵיירֶע
44 אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְ־
לָאזְט, אוּנְד אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט דָאס
דְרִיטֶע מָאל גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט וִוידֶער דִיא זֶעלְבִּיגֶע
45 וֶוערְטֶער גֶעזָאגְט: דַאן אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ דִיא תַּלְמִידִים
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁלָאפְט וֵוייטֶער אוּנְד רוּהְט
אֵייךְ אָפּ; זֶעהְט דִיא שָׁעָה אִיז נָאהֶענְט אוּנְד דֶער בֶּן אָדָם
46 וֶוערְד פֶערְמַסֶרְט אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא זִינְדֶער: שְׁטֶעהְט
אוֹיף, לָאזְט אוּנְס גֶעהֶען; זֶעהְט דֶער אִיז נָאהֶענְט וָואס
47 פֶערְמַסֶרְט מִיךְ: אוּנְד וַוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶעה,
אִיז יְהוּדָה אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף גֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיט
אִיהְם פִיל לֵייט מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד שְׁטֶעקֶען פוּן דִיא
48 עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק: אוּנְד דֶער
מָסֶר הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַ צֵייכֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶעם
49 וָואס אִיךְ וֶועל קִישֶׁען, דָאס אִיז עֶר, נֶעמְט אִיהְם: אוּנְד
גְלֵייךְ אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם
50 רַבִּי, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, פְרֵיינְד צוּ וָואס בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען? דַאן זֶענֶען
זֵייא צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען זֵיירֶע הֶענְד אוֹיף יֵשׁוּעַ גֶע־
51 לֶעגְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען: אוּנְד זֶעה, אֵיינֶער פוּן
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ, הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְ־
גֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד זֵיין שְׁוֶוערְד אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד

גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד הָאט אִיהְם
52 זַיין אוֹיעֶר אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען: דַאן הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעק דֵיין שְׁוֶוערְד צוּרִיק אִין אִיהְר אָרְט אַרֵיין, וָוארִין
אַלֶע דִיא וָואס נֶעמֶען דָאס שְׁוֶוערְד וֶועלֶען אוּמְקוּמֶען דוּרְךְ
53 דֶעם שְׁוֶוערְד: אָדֶער מֵיינְסְט דוּא אַז אִיךְ קֶען נִיט מֵיין
פָאטֶער בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט מִיר צוּשְׁטֶעלֶען מֶעהְר וִויא
54 צְוֶועלְף מַחֲנוֹת פוּן מַלְאָכִים? וִויא אַזוֹי דֶען וֶועט דִיא
55 שְׁרִיפְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען אַז עֶס מוּז אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען? אִין
יֶענֶער שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא לֵייט, זֶענְט אִיהְר
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען וִויא קֶעגֶען אַ רוֹיבֶּער מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד
שְׁטֶעקֶען אוּם מִיךְ צוּ נֶעמֶען? טֶעגְלִיךְ בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶען
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד הָאבּ גֶעלֶערֶענְט, אוּנְד אִיהְר הָאט
56 מִיךְ נִיט גֶענוּמֶען: אָבֶּער דָאס אִיז אַלֶעס גֶעשֶׁעהֶען כְּדֵי
דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא נְבִיאִים זָאלֶען מְקוּיָם וֶוערֶען, דַאן
הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע תַּלְמִידִים פֶערְלָאזְט אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעלָאפֶען:
57 אוּנְד דִיא וֶועלְכֶע הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען הָאבֶּען אִיהְם
אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט צוּ קַיָפָא דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וְואוּ דִיא סוֹפְרִים
58 אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוֶועזֶען: אוּנְד
פֶּעטְרוֹס אִיז אִיהְם פוּן וַוייטֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּם פַּא־
לַאסְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא מְשָׁרְתִים כְּדֵי עֶר זָאל זֶעהֶען דֶעם סוֹף:
59 אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען
פַאלְשֶׁע עֵדוּת גֶעזוּכְט אוֹיף יֵשׁוּעַ, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם
60 טֵייטֶען: אוּנְד פִילֶע פַאלְשֶׁע עֵדוּת זֶענֶען גֶעקוּמֶען אָבֶּער
זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע גֶעפִינֶען; אָבֶּער צוּלֶעצְט זֶענֶען גֶע־
61 קוּמֶען צְוֵוייא: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער הָאט גֶעזָאגְט
אִיךְ קֶען דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ פוּן גָאט צֶערְשְׁטֶערֶען אוּנְד
62 עֶס אִין דְרֵייא טֶעג אוֹיפְבּוֹיעֶן: אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט
דוּא גָארְנִיט? וָואס אִיז דָאס וָואס דִיזֶע זָאגֶען עֵדוּת, קֶע־
63 גֶען דִיר? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁוִויגֶען. אוּנְד דֶער כֹּהֵן
גָדוֹל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער דִיךְ בַּיים לֶע־
בֶּעדִיגֶען גָאט דוּא זָאלְסְט אוּנְס זָאגֶען אוֹיבּ דוּא בִּיסְט דֶער

64 מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דוּא הָאסְט עֶס גֶעזָאגְט; דָאךְ זָאג אִיךְ אֵייךְ, פוּן
אִיצְט אָן וֶועט אִיהְר זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם זִיצֶען אָן דִיא
רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה, אוּנְד קוּמֶען אוֹיף דִיא
65 וָואלְקֶען פוּן דֶעם הִימֶעל: דַאן הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל זַיינֶע
קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט גֶעלֶעסְטֶערְט;
וָואס בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת? זֶעהְט, אִיצְט הָאט
66 אִיהְר גֶעהֶערְט זַיינֶע לֶעסְטֶערוּנְג: וָואס דֶענְקְט אִיהְר?
אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, עֶר אִיז דֶעם
67 טוֹיט שׁוּלְדִיג: דַאן הָאבֶּען זַייא אִיהְם אִין פָּנִים גֶעשְׁפִּיגֶען
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
68 פַּאטְשְׁט: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט זָאג אוּנְס נְבוּאוֹת, דוּא
69 מָשִׁיחַ, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען? אוּנְד פֶּעטְרוֹס אִיז גֶע־
זֶעסֶען דְרוֹיסֶען אִים הוֹיף; אוּנְד אַ דִינְסְטמֶעדֶעל אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען
70 מִיט יֵשׁוּעַ פוּן גָלִיל: אוּנְד עֶר הָאט פַאר זַייא אַלֶע גֶע־
לֵייקֶענְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ ווֵייס נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט:
71 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּם טוֹיעֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי הָאט
אִיהְם אֵיינֶע אַנְדֶערֶע גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען, דִיזֶער אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען מִיט
72 יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי: אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער גֶעלֵייקֶענְט מִיט אַ
73 שְׁבוּעָה, אִיךְ קֶען נִיט דֶעם מַאן: אוּנְד נָאךְ אַ קְלֵיינֶע ווֵיילֶע
זֶענֶען גֶעקוּמֶען דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוֹס, בֶּאֱמֶת דוּא בִּיסְט אוֹיךְ אֵיינֶער
74 פוּן זַייא, וָוארִין דַיין לָשׁוֹן מַאכְט דִיךְ דֶערְקֶענֶען: דַאן
הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְלוּכֶען אוּנְד צוּ שְׁוֶוערֶען, אִיךְ
קֶען נִיט דֶעם מַאן; אוּנְד גְלֵייךְ הָאט דֶער הָאן גֶעקְרֵייט:
75 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעדֶענְקְט דָאס וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ ווִיא
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט קְרֵייעֶן,
וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרַייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען; אוּנְד עֶר אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט בִּיטֶער גֶעוֵויינְט:

## קאפּיטעל כז

1 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז מָארְגֶען פְרִיה גֶעוָוארֶען הָאבֶּען אַלֶע
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק אֵיין עֵצָה

גֶעהַאלְטֶען אִיבֶּער יֵשׁוּעַ אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען:
2 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען אוּנְד אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילָטוּס דֶעם גוּבֶערְנֶער:
3 דַאן וֶוען יְהוּדָה וָואס הָאט אִיהְם פֶערְמַסֶרְט הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט גֶעוָוארֶען הָאט עֶר חַרָטָה בֶּעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּרִיק גֶעבְּרַאכְט דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּער שְׁטִיק צוּ
4 דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע: אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט, אַז אִיךְ הָאבּ פֶערְמַסֶרְט אוּנְשׁוּלְדִיג בְּלוּט; אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס צוּ אוּנְס?
5 זֶעה דוּא דֶערְצוּ: אוּנְד עֶר הָאט דִיא זִילְבֶּער שְׁטִיק אַנִידֶער גֶעוָוארְפֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אִיז אַוֶועקְ־
6 גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעהָאנְגֶען: אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיא זִילְבֶּער שְׁטִיק גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז נִיט רֶעכְט אַז 'מֶען זָאל זַייא אִין דֶעם אוֹצָר אַרֵיינְוַוארְפֶען, וֵוייל זַייא זֶענֶען דֶער פְּרֵייז פוּן בְּלוּט:
7 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶערְפַאר גֶעקוֹיפְט דָאס פֶעלְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער כְּדֵי פְרֶעמְדֶע
8 דְרִינֶען צוּ בֶּעגְרָאבֶּען: דְרוּם וֶוערְט יֶענֶעם פֶעלְד גֶערוּפֶען
9 דָאס פֶעלְד פוּן בְּלוּט צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג: דַאן אִיז דֶערְ־ פִילְט גֶעוָוארֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ יִרְמְיָה הַנָבִיא זָאגֶענְדִיג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען דִיא דְרֵייסִיג זִילְבֶּער שְׁטִיק דֶעם פְּרֵייז פוּן אִיהְם וָואס אִיז גֶעשַׁאצְט גֶעוֶועזֶען, וֶועלְכֶען דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען גֶעשַׁאצְט:
10 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעגֶעבֶּען פַאר דֶעם פֶעלְד פוּן דֶעם טֶעפֶּער אַזוֹי וִויא דֶער הַאר הָאט מִיר גֶעבָּאטֶען:
11 אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶעם גוּבֶערְנֶער, אוּנְד דֶער גוּבֶערְנֶער הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט דוּא
12 זָאגְסְט עֶס: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פֶערְקְלָאגְט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע, הָאט עֶר גָארְנִיט
13 גֶעעֶנְטְפֶערְט: דַאן הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הֶערְסְט דוּא נִיט וִויא שְׁוֶוערֶע זַאכֶען זַייא זָאגֶען עֵדוּת קֶעגֶען דִיר?
14 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אַ וָוארְט, אַז דֶער
15 גוּבֶערְנֶער הָאט זִיךְ זֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶערְט: אוּנְד דֶער

גוּבֶערְנֶער פְלֶעגְט אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב אַ גֶעפַאנְגֶענֶען פְרַייא
16 לָאזֶען צוּם פָאלְק, וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעהַאט אַ וְואוֹיל בֶּעקַאנְטֶען גֶעפַאנְגֶענֶען וָואס הָאט
17 גֶעהֵייסֶען בַּר אַבָּא: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
הָאט פִּילָטוֹס צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶען ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ
זָאל צוּ אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן? בַּר־אַבָּא אָדֶער יֵשׁוּעַ וָואס הָאט
18 גֶעהֵייסֶען מָשִׁיחַ: וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט, אַז זַייא הָאבֶּען
אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען פַאר קִנְאָה:
19 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם רִיכְטֶער שְׁטוּהְל, הָאט
זַיין ווַייבּ צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט אוּנְד גֶעזָאגְט, הָאבּ דוּא גָארְ־
נִיט צוּ טְהוּן מִיט יֶענֶעם צַדִיק, וָוארִין אִיךְ הָאבּ
20 הֵיינְט פִיל גֶעלִיטֶען אִין אַ חָלוֹם וֶועגֶען אִיהְם: אָבֶּער דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען דִיא לֵייט אִיבֶּערְ־
גֶערֶעט, אַז זַייא זָאלֶען פֶערְלַאנְגֶען בַּר־אַבָּא, אוּנְד זָאלֶען
21 יֵשׁוּעַ אוּמְבְּרֶענְגֶען. אוּנְד דֶער גוּבֶּערְנֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶען פוּן דִיא צְוֵוייא ווִילְט
אִיהְר אַז אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ בֶּעפְרֵייעֶן? אוּנְד זַייא הָאבֶּען
22 גֶעזָאגְט, בַּר־אַבָּא: פִּילָטוֹס הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואס זָאל
אִיךְ דֶען טְהוּן צוּ יֵשׁוּעַ, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען מָשִׁיחַ? אַלֶע
23 הָאבֶּען גֶעזָאגְט לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס הָאט עֶר גֶעטְהוּן?
אָבֶּער זַייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט,
24 לָאז עֶר גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען: אוּנְד ווִיא פִּילָטוֹס הָאט גֶע־
זֶעהֶען אַז עֶס נִיצְט גָארְנִיט, נֵייעֶרְט אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
גְרֶעסֶער גֶעטִימֶעל, הָאט עֶר גֶענוּמֶען וַואסֶער, אוּנְד הָאט
זִיךְ דִיא הֶענְד אָפְּגֶעוַואשֶׁען פָאר דִיא לֵייט, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, אִיךְ בִּין אוּנְשׁוּלְדִיג וֶועגֶען דֶעם בְּלוּט פוּן דִיזֶען
25 צַדִיק; זֶעהְט אִיהְר דֶערְצוּ: אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זַיין בְּלוּט זָאל זַיין אוֹיף אוּנְס
26 אוּנְד אוֹיף אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער: דַאן הָאט עֶר צוּ זַייא בֶּע־
פְרַייעֶט בַּר־אַבָּא, אוּנְד הָאט גֶעלָאזְט יֵשׁוּעַ שְׁלָאגֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען:
27 דַאן הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען פוּן דֶעם גוּבֶּערְנֶער גֶע־
נוּמֶען יֵשׁוּעַ צוּם גֶערִיכְטְסְטְהוֹיף, אוּנְד הָאבֶּען דִיא גַאנְצֶע

28 בַּאנְדֶע צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַיינֶע קְלֵייד־
דֶער אָפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנְד אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ רוֹיטֶען מַאנְטֶעל:
29 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער אוּנְד
הָאבֶּען עֶס אוֹיף זַיין קָאפּ אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד אַ רָאהְר
אִין זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פָאר אִיהְם אַנִידֶער־
גֶעקְנִיעֶט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט אוּנְד גֶעזָאגְט,
30 שָׁלוֹם מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אוֹיף
אִיהְם גֶעשְׁפִּיגֶען הָאבֶּען זַייא גֶענוּמֶען דָאס רָאהְר אוּנְד
31 הָאבֶּען אִיהְם אוֹיף דֶעם קָאפּ גֶעשְׁלָאגֶען: אוּנְד וֶוען זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט הָאבֶּען זַייא אִיהְם דֶעם מַאנְטֶעל
אָפְּגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעטְהוּן
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט גֶעקְרֵייצִיגְט צוּ וֶוערֶען:
32 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען זַייא גֶעטְרָא־
פֶען אַ מַאן פוּן קוּרִינִי, אוּנְד זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען
שִׁמְעוֹן; דֶעם הָאבֶּען זַייא גֶעצְוְואוּנְגֶען אַז עֶר זָאל זַיין
33 קְרֵייץ טְרָאגֶען: אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין
אָרְט וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען גֻלְגָלְתָּא, וָואס הֵייסְט אֵיין אָרְט
34 פוּן אַ קָאפְּשֵׁייטֶעל הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְ־
קֶען וויין גֶעמִישְׁט מִיט גַאל, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט עֶס פֶּערְ־
35 זוּכְט הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט טְרִינְקֶען: אוּנְד וֶוען זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען זַייא זַיינֶע קְלֵיידֶער צוּ־
36 טְהֵיילְט אוּנְד הָאבֶּען דַארוֹיף גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען: אוּנְד וִויא
זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט הָאבֶּען זַייא אִיהְם דָארְט
37 גֶעהִיט: אוּנְד אִיבֶּער זַיין קָאפּ הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעזֶעצְט
זַיינֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיזֶער אִיז יֵשׁוּעַ דֶער
38 קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען: דַאן זֶענֶען צְוֵויא רוֹיבֶּער
מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוֶועזֶען, אֵיינֶער צוּ דִיא רֶעכְטֶע
39 הַאנְד, אוּנְד אֵיינֶער צוּ דִיא לִינְקֶע: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען
פֶּערְבַּייא גֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען
40 זֵייעֶרֶע קֶעפּ גֶעשָׁאקֶעלְט: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא וָואס
וַוארְפְסְט אֵיין דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד בּוֹיעֶסְט עֶס אוֹיף
אִין דְרֵייא טֶעג, רֶעטֶע דִיךְ זֶעלְבְּסְט. וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער
41 זוּהְן פוּן גָאט, קוּם אַרוּפּ פוּן דֶעם קְרֵייץ: דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען אִיהְם

42 אוֹיף אַזוֹי אוֹיםגֶעשְׁפֶּעט אוּנְד גֶעזָאגְט: עֶר הָאט אַנְדֶערֶע
גֶערֶעטֶעט, זִיךְ אַלֵיין קֶען עֶר נִיט רֶעטֶען, וֶוען עֶר אִיז דֶער
קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, לָאז עֶר אִיצְט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם
43 קְרֵייץ אוּנְד מִיר וֶועלֶען אִיהְם גְלוֹיבֶּען: עֶר הָאט פֶּערְ־
טְרוֹיעֶט אוֹיף גָאט, לָאז עֶר אִיהְם אִיצְט מַצִיל זַיין, וֶוען עֶר
ווִיל אִיהְם הָאבֶּען; וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער
44 זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד דִיא רוֹיבֶּער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען הָאבֶּען אִיהְם דָאס נֶעמְלִיכֶע פָארְ־
גֶעוָוארְפֶען:
45 אוּנְד פוּן דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶערְנִיס
אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד, בִּיז צוּ דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה:
46 אוּנְד אִין דִיא נֵייעֶנְטֶע שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אֵלִי אֵלִי לָמָה שְׁבַקְתַּנִי; דָאס
הֵייסְט, מֵיין גָאט מֵיין גָאט וָוארוּם הָאסְט דוּא מִיךְ פֶּערְ־
47 לָאזֶען? אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶע־
שְׁטַאנֶען, וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט
48 עֶר רוּפְט אֵלִיָהוּ: אוּנְד גְלֵייךְ אִיז אֵיינֶער פוּן זַייא צוּגֶע־
לָאפֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אַ שְׁוַואם, אוּנְד הָאט עֶס גֶעפִילְט
מִיט עֶסִיג, אוּנְד הָאט עֶס אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף אַ רָאהְר
49 אוּנְד אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען: אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לָאז זַיין, מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען אוֹיבּ אֵלִיָהוּ
50 וֶועט קוּמֶען אִיהְם צוּ רֶעטֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט ווִידֶער
גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּנְד אוֹיסְגֶעלָאזְט דִיא נְשָׁמָה:
51 אוּנְד זֶעה, דָאס פָּרוֹכֶת פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז אִין
צְווֵייעֶן צֶערְרִיסֶען גֶעוָוארֶען, פוּן אוֹיבֶּען אָן בִּיז אַרוּפּ,
אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד דִיא פֶּעלְזֶען הָאבֶּען
52 זִיךְ גֶעשְׁפַּלְטֶען: אוּנְד דִיא קְבָרִים הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט,
אוּנְד פִילֶע לֵייבֶּער פוּן דִיא הֵיילִיגֶע וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען
53 זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד זֶענֶען פוּן דִיא קְבָרִים אַרוֹיס־
גֶעקוּמֶען אִין דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ
54 פִילֶע בֶּעוִויזֶען: אוּנְד דֶער הוֹיפְּטְמַאן אוּנְד דִיא וָואס
הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעהִיט יֵשׁוּעַ, וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דִיא עֶרְדצִיטֶערְנִיס, אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען
זַייא זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז

55 גֶעוֶוען דָארְט פִילֶע פְרוֹיעֶן גֶעוֶועזֶען וָואס הָאבֶּען דָאס פוּן וַויִיטֶען צוּ־
גֶעזֶעהֶען, וֶועלְכֶע הָאבֶּען יֵשׁוּעַ פוּן גָלִיל נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד
56 הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט: אוּנְד עֶס אִיז צְוִוישֶׁען זֵייא גֶעוֶועזֶען
מִרְיָם הַמַגְדָלִית, אוּנְד מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב אוּנְד
יוֹסֵי, אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדַי:
57 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען אִיז גֶעקוּמֶען אַ רֵייכֶער
מַאן פוּן הָרָמָתַיִם, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, וָואס אִיז
58 אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעוֶועזֶען אַ תַּלְמִיד פוּן יֵשׁוּעַ: עֶר אִיז גֶעגַאנְ־
גֶען צוּ פִּילָטוֹס אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם לֵייבּ פוּן
יֵשׁוּעַ, דַאן הָאט פִּילָטוֹס בֶּעפוֹילֶען אִיהְם דֶעם לֵייבּ צוּ גֶעב־
59 בֶּען: אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶענוּמֶען דֶעם לֵייבּ, אוּנְד הָאט אִיהְם
60 אֵיינְגֶעוִוקֶעלְט אִין אַ לֵיילֶעךְ, אוּנְד הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶע־
לֶעגְט אִין זַיין אֵייגֶענֶעם נֵייעֶן קֶבֶר, וָואס עֶר הָאט אוֹיסְ־
גֶעהַאקְט אִים פֶעלְז, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אַ גְרוֹיסֶען
שְׁטֵיין אוֹיף דֶער טְהִיר פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶע־
61 גַאנְגֶען: אוּנְד עֶס זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען מִרְיָם הַמַגְדָלִית,
אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע מִרְיָם, וָואס זֶענֶען גֶעזֶעסֶען קֶעגֶענְאִיבֶּער
דֶעם קֶבֶר:
62 אוּנְד צוּ מָארְגֶען וָואס אִיז נָאךְ עֶרֶב יוֹם טוֹב, הָאבֶּען זִיךְ
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים פֶערְזַאמֶעלְט בֵּייא
63 פִּילָטוֹס: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט הַאר, מִיר גֶעדֶענְקֶען אַז
יֶענֶער בֶּעטְרִיגֶער הָאט גֶעזָאגְט וֶוען עֶר הָאט נָאךְ גֶעלֶעבְּט,
64 נָאךְ דְרֵייא טֶעג וֶועל אִיךְ אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: דְרוּם בֶּעפֶעל אַז
מֶען זָאל דָאס קֶבֶר בֶּעוַואכֶען בִּיז צוּם דְרִיטֶען טָאג, כְּדֵי
זַיינֶע תַּלְמִידִים זָאלֶען נִיט קוּמֶען, אוּנְד אִיהְם גַנְבֶענֶען אוּנְד
צוּ דֶעם פָאלְק זָאגֶען אַז עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא
טוֹיטֶע; אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע בֶּעטְרִיגֶערֵייא וֶועט אַרְגֶער זַיין
65 וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע: פִּילָטוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט
אַ וַואךְ, גֶעהְט אוּנְד מַאכְט עֶס זִיכֶער וִויא אִיהְר וֵוייסְט:
66 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען דָאס קֶבֶר זִיכֶער
גֶעמַאכְט מִיט אַ זִיגֶעל, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁטֶעלְט אַ וַואךְ:

## קאפיטעל כח

1 אוּנְד שְׁפֶּעט נָאךְ מוֹצָאֵי שַׁבָּת, וֶוען עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען

לִיכְטִיג צוּ וֶוערֶען, קֶעגֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אִין דֶער
וָואך, אִיז מִרְיָם הַמַגְדָלִית, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע מִרְיָם גֶעקוּ־
מֶען דָאס קֶבֶר צוּ זֶעהֶען: אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ 2
גְרוֹיס עֶרְדצִיטֶערְנִיס, וָוארִין אַ מַלְאָך פוּן דֶעם הַאר אִיז
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל, אוּנְד אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
אַוֶועקְגֶעוָאלְט דֶעם שְׁטֵיין אוּנְד אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען: אוּנְד 3
זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא אַ בְּלִיץ, אוּנְד זַיינֶע
קְלֵיידֶער וַויים וִויא שְׁנֵייא: אוּנְד דִיא וֶועכְטֶער הָאבֶּען גֶע־ 4
צִיטֶערְט פַאר מוֹרָא פוּן אִיהְם, אוּנְד זֶענֶען גֶעוָוארֶען וִויא
טוֹיטֶע: אוּנְד דֶער מַלְאָך הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ 5
דִיא פְרוֹיעֶן גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייך נִיט, וָוארִין אִיך וַויים אַז
אִיהְר זוּכְט יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶער אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען:
עֶר אִיז נִיט דָא, וָוארִין עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹי וִויא 6
עֶר הָאט גֶעזָאגְט; קוּמְט אוּנְד זֶעהְט דֶעם אָרְט וְואוּ דֶער
הַאר אִיז גֶעלֶעגֶען: אוּנְד גֶעהְט גֶעשְׁוִוינְד אוּנְד זָאגְט צוּ 7
זַיינֶע תַּלְמִידִים אַז עֶר אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען;
אוּנְד זֶעהְט עֶר גֶעהְט פָאר אֵייך קַיין גָלִיל. דָארְט וֶועט
אִיהְר אִיהְם זֶעהֶען; זֶעהְט, אִיך הָאב עֶס אֵייך גֶעזָאגְט:
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁוִוינְד אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם קֶבֶר 8
מִיט מוֹרָא אוּנְד מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, אוּנְד זֶענֶען גֶעלָאפֶען
עֶס צוּ דֶערְצֶעהְלֶען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד זֶעה, יֵשׁוּעַ 9
הָאט זֵייא בֶּעגֶעגֶענְט אוּנְד גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם צוּ אֵייך! אוּנְד
זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶע־
הַאלְטֶען בֵּייא דִיא פִּיס, אוּנְד הָאבֶּען זִיך צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט:
דַאן הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייך נִיט; גֶעהְט 10
אוּנְד זָאגְט צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער אַז זֵייא זָאלֶען אַוֶועקְגֶעהֶען
קַיין גָלִיל, אוּנְד דָארְט וֶועלֶען זֵייא מִיך זֶעהֶען:
אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, זֶעה, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן 11
דֶער וַואך אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען
דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אַלֶעס וָואס אִיז גֶע־
שֶׁעהֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיך פֶערְזַאמֶעלְט מִיט דִיא 12
עֶלְצְטֶע, אוּנְד הָאבֶּען אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעגֶעבֶּען פִיל גֶעלְד צוּ דִיא סָאלְדַאטֶען: אוּנְד הָאבֶּען גֶע־ 13
זָאגְט, זָאגְט אִיהְר אַז זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען

בַּייא דָער נַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעגַנְבֶעט, ווייל
14 מִיר הָאבֶּען גֶעשְׁלָאפֶען: אוּנְד וָוען דָער גוּבֶּערְנֶער וֶועט
דָאס הֶערֶען, אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אִיהְם אִיבֶּערְרֶעדֶען, אוּנְד
15 וֶועלֶען אֵייך זִיכֶער מַאכֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען
דָאס גֶעלְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן אַזוֹי ווִיא זֵייא זֶענֶען
בֶּעלֶעהְרְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיזֶע רֶעדֶע אִיז צְווִישֶׁען דִיא
יוּדֶען פֶערְשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
16 אוּנְד דִיא עֶלְף תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל, צוּם
17 בַּארְג וְואוּ יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא בֶּעפוֹילֶען: אוּנְד וָוען זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיך צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט;
18 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעצְווֵייפֶעלְט: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז צוּ
זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט מִיט זֵייא גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אַלֶע מַאכְט אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִים הִימֶעל אוּנְד
19 אוֹיף דֶער עֶרְד: דְרוּם גֶעהְט אוּנְד מַאכְט תַּלְמִידִים פוּן
אַלֶע פֶעלְקֶער, אִין דֶעם אִיהְר טוֹבֵלְט זֵייא אִים נָאמֶען פוּן
דֶעם פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם זוּהְן, אוּנְד פוּן דֶעם רוּחַ
20 הַקוֹדֶשׁ: אוּנְד לֶערְהְט זֵייא צוּ הִיטֶען אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ גֶעבָּאטֶען; אוּנְד זֶעהְט, אִיךְ בִּין אַלֶע טֶעג מִיט אֵייךְ,
בִּיז צוּם עֶנְד פוּן דֶעם צֵייטְאַלְטֶער:

# דִיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוֹרָה פוּן מַרְקוּס

1 דֶער אָנְהֵייבּ פוּן דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
2 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים,
„זֶעה אִיךְ שִׁיק מֵיין מַלְאָךְ פָאר דִיר, עֶר וֶועט דֵיין וֶועג
3 פָאר דִיר אָנְבְּרֵייטֶען: מַאכְט פֶערְטִיג דֶעם וֶועג פוּן
דֶעם הַאר, מַאכְט גְלַייךְ זַיינֶע שְׁטֶעגֶען": (מלאכי ג' א.)
4 אוּנְד יוֹחָנָן אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר, אוּנְד הָאט גֶע־
פְּרֶעדִיגְט דִיא טְבִילָה פוּן תְּשׁוּבָה צוּ פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען:
5 אוּנְד עֶס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס גַאנְצֶע לַאנְד
יְהוּדָה, אוּנְד אַלֶע לֵייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד זֶענֶען פוּן אִיהְם
גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען אִים שְׁטְרוֹים יַרְדֵן, אוּנְד הָאבֶּען מִתְוַדֶה
6 גֶעוֶועזֶען זֵיירֶע זִינְד: אוּנְד יוֹחָנָן אִיז גֶעקְלֵיידֶעט גֶעוֶועזֶען
אִין קֶעמֶעל הָאר, אוּנְד אַ לֶעדֶערְנֶער גַארְטֶעל אַרוּם זַיינֶע
לֶענְדֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעסֶען הֵיישְׁרֶעקֶען אוּנְד ווִילְדֶען
7 הָאנִיג: אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אַ שְׁטַארְ־
קֶערֶער פוּן מִיר קוּמְט נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט
אַז אִיךְ זָאל מִיךְ אַרוּפְּבֵּייגֶען אוּנְד דָאס שְׁנִירֶעל פוּן זַיינֶע
8 שִׁיךְ אוֹיפְבִּינְדֶען: אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעטוֹבֶלְט מִיט וַואסֶער,
אָבֶּער עֶר וֶועט אֵייךְ טוֹבֶלְן מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
9 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יֶענֶע טֶעג, וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶע־
קוּמֶען פוּן נְצָרֶת אִין גָלִיל, אוּנְד אִיז גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען
10 פוּן יוֹחָנָן אִים יַרְדֵן: אוּנְד גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז אוֹיס דֶעם
וַואסֶער אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען אַז דֶער הִימֶעל
הָאט זִיךְ גֶעשְׁפַּאלְטֶען, אוּנְד דֶעם גֵייסְט אַרוּפְּקוּמֶענְדִיג
11 וִויא אַ טוֹיבּ אוֹיף אִיהְם: אוּנְד אַ קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן
הִימֶעל, דוּא בִּיסְט מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין דִיר הָאבּ אִיךְ
וְואוֹילְגֶעפַאלֶען:
12 אוּנְד גְלֵייךְ הָאט דֶער גֵייסְט אִיהְם אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אִין דֶער
13 מִדְבָּר אַרֵיין: אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען פִירְצִיג טֶעג,
אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעפְּרוּפְט פוּן דֶעם שָׂטָן; אוּנְד עֶר אִיז
גֶעוֶועזֶען מִיט ווִילְדֶע חַיוֹת, אוּנְד דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען אִיהְם
בֶּעדִינְט:

14 אוּנְד נָאכְדֶעם וִויא יוֹחָנָן אִיז אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט גֶעוָוארֶען,
אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען קֵיין גָּלִיל, אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא
15 בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דִיא צֵייט אִיז דֶערְפִילְט, אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט אִיז נָאהֶענְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה, אוּנְד גְלוֹיבְּט אִין דֶער
בְּשׂוּרָה טוֹבָה:
16 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען בֵּיים יַם פוּן גָּלִיל, הָאט עֶר
גֶעזֶעהֶען שִׁמְעוֹן אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער אַנְדְרַי, וָואס הָאבֶּען
גֶעוָוארְפֶען אַ נֶעץ אִים יַם אַרֵיין וָוארִין זֵייא זֶענֶען גֶע־
17 וֶועזֶען פִישֶׁער: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פָאלְגְט
מִיר נָאךְ, אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ מַאכֶען פִישֶׁער פוּן מֶענְשֶׁען:
18 אוּנְד גְלֵייךְ הָאבֶּען זֵייא זֵייעֶרֶע נֶעצֶען פֶערְלָאזְט אוּנְד
19 הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט: אוּנְד וִויא עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען
אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען יַעֲקֹב דֶעם
זוּהְן פוּן זַבְדַי, אוּנְד זֵיין בְּרוּדֶער יוֹחָנָן, אוּנְד זֵייא זֶע־
נֶען גֶעוֶועזֶען אִים שִׁיף צוּרֶעכְט מַאכֶענְדִיג דִיא נֶעצֶען:
20 אוּנְד גְלֵייךְ הָאט עֶר זֵייא גֶערוּפֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
פֶערְלָאזְט זֵייעֶר פָאטֶער זַבְדַי אִים שִׁיף מִיט דִיא גֶעדוּנְגֶענֶע
לֵייט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
21 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר־נָחוּם. אוּנְד גְלֵייךְ
אִיז עֶר אַם שַׁבָּת גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרֵיין אוּנְד הָאט גֶע־
22 לֶעהְרְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעוְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע
לֶעהְרֶע; וָוארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט וֵויא אֵיינֶער וָואס
23 הָאט מַאכְט, אוּנְד נִיט אַזוֹי וִויא דִיא סוֹפְרִים: אוּנְד עֶס אִיז
גֶעוֶועזֶען, אִין זֵיירֶע שׁוּל אַ מַאן מִיט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט;
24 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט: וָואס הָאבֶּען מִיר
מִיט דִיר צוּ טְהוּן דוּא יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי? בִּיסְט דוּא גֶעקוּמֶען
אוּנְס צוּ פֶערְדַארְבֶּען? אִיךְ קֶען דִיךְ וֶוער דוּא בִּיסְט, דֶער
25 הֵיילִיגֶער פוּן גָאט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן,
אוּנְד גֶעזָאגְט, זֵייא פֶערְשְׁטוּמְט אוּנְד גֶעה אַרוֹיס פוּן אִיהְם:
26 אוּנְד דֶער אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט הָאט אִיהְם צֶערְרִיסֶען, אוּנְד
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד אִיז פוּן אִיהְם אַרוֹיס־
27 גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי
אַז זֵייא הָאבֶּען צְוִוישֶׁען אֵיינַאנְדֶער גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט,

װָאס אִיז דָאס? אִיז דָאס אַ נֵייעַ לֶעהְרֶע, מִיט מַאכְט, בֶּע־
פֶעהְלְט עֶר אוֹיךְ דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער אוּנְד זֵייא גֶעהָארְ־
28 כֶען אִיהְם: אוּנְד זַיין שֵׁם אִיז גְלֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אִיבֶּערְרַאל אִין דִיא גַאנְצֶע גֶעגֶענְד פוּן גָלִיל:
29 אוּנְד גְלֵייךְ זֶענֶען זֵייא אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן אוּנְד אַנְדְרַי,
30 מִיט יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן: אוּנְד דִיא שְׁװִיגֶער פוּן שִׁמְעוֹן
אִיז גֶעלֶעגֶען מִיט פִיבֶּער; אוּנְד גְלֵייךְ הָאבֶּען זֵייא אִיהְם
31 פוּן אִיהְר גֶעזָאגְט: אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
זִיא אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט זִיא אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען; אוּנְד דָאס פִיבֶּער הָאט זִיא פֶערְלָאזְט, אוּנְד זִיא
הָאט זֵייא בֶּעדִינְט:
32 אוּנְד װֶען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעװָארֶען װֶען דִיא זוּן אִיז אוּנְ־
טֶערְגֶעגַאנְגֶען, הָאט מֶען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַלֶע דִיא
װָאס זֶענֶען קְרַאנְק גֶעװֶעזֶען אוּנְד װָאס הָאבֶּען שֵׁדִים גֶע־
33 הַאט: אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט אִיז פֶערְזַאמֶעלְט גֶעװֶעזֶען
34 פָאר דֶער טְהִיר: אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילְט פִילֶע װָאס זֶענֶען
קְרַאנְק גֶעװֶעזֶען אוֹיף פֶערְשִׁידֶענֶע קְרֶענְק, אוּנְד הָאט
אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פִילֶע שֵׁדִים; אוּנְד הָאט דִיא שֵׁדִים נִיט
גֶעלָאזְט רֶעדֶען, װייל זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעקֶענְט:
35 אוּנְד אִין דֶער פְרִיה, װִיא עֶס אִיז נָאךְ פִינְסְטֶער גֶעװֶעזֶען,
אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
גֶעקוּמֶען צוּ אַ װִיסְטֶען אָרְט, אוּנְד הָאט דָארְט גֶעבֶּעטֶען:
36 אוּנְד שִׁמְעוֹן אוּנְד דִיא װָאס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעװֶעזֶען
37 הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט: אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפוּנֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַלֶע לֵייט זוּכֶען
38 דִיךְ: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר גֶעהֶען
צוּ אַנְדֶערֶע עֶרְטֶער צוּ דִיא שְׁטֶעט װָאס זֶענֶען נָאהֶענְט
אַז אִיךְ זָאל דָארְט אוֹיךְ פְּרֶעדִיגֶען; װָארִין דֶערְפָאר בִּין
39 אִיךְ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין זֵייעֶרֶע שׁוּלֶען אִין גַאנְץ גָלִיל, אוּנְד הָאט
דִיא שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען:
40 אוּנְד אַ קְרֶעצִיגֶער אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעבֶּעטֶען אוּנְד הָאט פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט

צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא ווִילְסְט קָאנְסְט דוּא מִיךְ רֵיין מַא־
41 כֶען: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארְמְט, אוּנְד
הָאט דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
רִיהְרְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ ווִיל, זֵייא
42 גֶערֵיינִיגְט: אוּנְד גְלֵייךְ זֶענֶען דִיא קְרֶעצְ פוּן אִיהְם
43 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר אִיז גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט אִיהְם שַׁארְףְ אָנְגֶעזָאגְט, הָאט עֶר אִיהְם גְלֵייךְ
44 אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא
זָאלְסְט קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען; נֵייעֶרְט גֶעה אַוֶועק אוּנְד וֵוייז
45 דִיךְ פָאר דֶעם כֹּהֵן. אוּנְד זַייא מַקְרִיב פַאר דֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג
46 וָואס מֹשֶׁה הָאט גֶעבָּאטֶען פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ זֵייא: אָבֶּער
עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיל בֶּע־
קַאנְט צוּ מַאכֶען, אוּנְד דִיא זַאךְ צוּ רִיהְמֶען אַזוֹי אַז עֶר
הָאט נִיט מֶעהְר גֶעקָאנְט עֶפֶענְטְלִיךְ אִין אַ שְׁטָאט אַרֵיינְקוּ־
מֶען. נֵייעֶרְט עֶר אִיז דְרוֹיסֶען גֶעוֶועזֶען אִין ווִיסְטֶע עֶרְטֶער,
אוּנְד מֶען אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן אַלֶע זֵייטֶען:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז עֶר ווִידֶערְגֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר־
נָחוּם, אוּנְד עֶס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אִים
2 הוֹיז: אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט אַזוֹי אַז עֶס
אִיז נִיט מֶעהְר פְּלַאץ גֶעוֶועזֶען פַאר זֵייא, נִיט אַמָאל פָאר
דֶער טְהִיר, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט דָאס וָוארְט:
3 אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט
אַ גִיכְטבְּרִיכִיגֶען, וָואס אִיז פוּן פִיעֶר מֶענְשֶׁען גֶעטְרָאגֶען
4 גֶעוָוארֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט צוּ אִיהְם
צוּקוּמֶען דוּרְךְ דִיא לֵייט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעדֶעקְט
דֶעם דַאךְ וְואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְ־
גֶעבְּרָאכֶען, אוּנְד אַרוּפְגֶעלָאזְט דָאס בֶּעט אוֹיף וֶועלְכֶען
5 דֶער גִיכְטבְּרִיכִיגֶער אִיז גֶעלֶעגֶען: אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזֶעהֶען זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם גִיכְטבְּרִי־
כִיגֶען, מֵיין זוּהְן, דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען:
6 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים זֶענֶען דָארְט גֶעזֶעסֶען,
7 אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעטְרַאכְט אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער: פַארְוָואס
רֶעט דִיזֶער אַזוֹי? עֶר לֶעסְטֶערְט. וֶוער קֶען זִינְדֶען פֶערְגֶעבֶּען

אוֹיסֶער גָאט אַלֵיין? אוּנְד יֵשׁוּעַ, גְלֵייךְ וִויסֶענְדִיג אִין זַיין 8
גַייסְט אַז זַייא הָאבֶּען אִין זִיךְ אַזוֹי גֶעטְרַאכְט, הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, פַארְוָואס דֶענְקְט אִיהְר אַזֶעלְכֶעס אִין אֵייעֶרֶע הַארְ־
צֶער? וָואס אִיז גְרִינְגֶער, צוּ זָאגֶען צוּ דֶעם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען 9
דֵיינֶע זִינְד זֶענֶען דִיר פֶערְגֶעבֶּען; אָדֶער צוּ זָאגֶען שְׁטֶעה
אוֹיף נֶעם דַיין בֶּעט, אוּנְד גֶעה אַרוּם? אָבֶּער אַז אִיהְר 10
זָאלְט וִויסֶען אַז דֶער בֶּן־אָדָם הָאט מַאכְט זִינְד צוּ פֶערְגֶע־
בֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד, זָאגְט עֶר צוּם גִיכְטבְּרִיכִיגֶען: אִיךְ 11
זָאג דִיר, שְׁטֶעה אוֹיף, אוּנְד נֶעם דַיין בֶּעט, אוּנְד גֶעה אִין
דַיין הוֹיז: אוּנְד גְלֵייךְ אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט 12
גֶענוּמֶען זַיין בֶּעט, אוּנְד אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פָאר זַייא אַלֶע
אַזוֹי אַז זַייא אַלֶע זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעלוֹיבְּט גָאט, אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶעס קֵיינְ־
מָאל נִיט גֶעזֶעהֶען:
אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער זַייט פוּן דֶעם 13
יַם; אוּנְד אַלֶע לֵייט זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר
הָאט זַייא גֶעלֶעהְרְט: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְ־ 14
גֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען לֵוִי דֶעם זוּהְן פוּן חַלְפַי, זִיצֶענְדִיג
אִים הוֹיז פוּן שְׁטֵייעֶר אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט פָאלְג
מִיר נָאךְ. אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט אִיהְם
נָאכְגֶעפָאלְגְט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר אִיז גֶע־ 15
זֶעסֶען בֵּיים טִישׁ אִין זַיין הוֹיז, אַז פִילֶע שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער
אוּנְד זִינְדֶער זֶענֶען אוֹיךְ גֶעזֶעסֶען מִיט יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע
תַּלְמִידִים, וָוארִין עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִילֶע וָואס זֶענֶען אִיהְם
נָאכְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וֶוען דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים 16
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר עֶסְט מִיט שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד
זִינְדֶער, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, עֶר עֶסְט
אוּנְד טְרִינְקְט מִיט שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד זִינְדֶער: אוּנְד 17
וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעזוּנְד בֶּעדַארְפֶען קֵיין דָאקְטָאר נִיט, נַייְ־
עֶרְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק; אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען דִיא
צַדִיקִים צוּ רוּפֶען נַייעֶרְט דִיא זִינְדֶער:
אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען 18
גֶעפַאסְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם

גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פַאסְטֶען דִיא תַלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן אוּנְד
19 פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד דֵיינֶע תַלְמִידִים פַאסְטֶען נִיט? אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, קֶענֶען דִיא אוּנְטֶערְפִיהְרֶער
פַאסְטֶען וַוייל דֶער חָתָן אִיז נָאךְ בֵּייא זֵייא? אַזוֹי לַאנְג
זֵייא הָאבֶּען דֶעם חָתָן מִיט זִיךְ, קֶענֶען זֵייא נִיט פַאסְטֶען:
20 אָבֶּער דִיא טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען וֶוען דֶער חָתָן וֶועט פוּן זֵייא
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דַאן וֶועלֶען זֵייא פַאסְטֶען אִין
21 יֶענֶעם טָאג: קֵיינֶער פֶערְרִיכְט נִיט אֵיין אַלְט קְלֵייד
מִיט אַ שְׁטִיק פוּן נֵייעֶם טוּךְ, וָוארִין אַזוֹי רֵייסְט דָאס
צוּגֶעפְלִיקְטֶע אָפּ דֶערְפוּן, דָאס נֵייעֶ פוּן דֶעם אַלְטֶען,
22 אוּנְד עֶס וֶוערְט אֵיין אַרְגֶערֶער רִיס: אוּנְד קֵיינֶער גִיסְט
נִיט נֵייעֶן וַויין אִין אַלְטֶע לָאגִיל אַרֵיין; וֶוען אַזוֹי, וֶועט
דֶער וַויין דִיא לָאגִיל צוּרֵייסֶען, אוּנְד דֶער וַויין אוּנְד דִיא
לָאגִיל וֶוערֶען פֶערְדָארְבֶּען; נֵייעֶרְט מֶען גִיסְט נֵייעֶן וַויין
אִין נֵייעֶ לָאגִיל אַרֵיין:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, וֶוען עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִים
שַׁבָּת דוּרְךְ דֶעם וַואקְסֶענְדֶעם קָארְן, אַז זֵיינֶע תַלְמִידִים
הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ וֶועג צוּ מַאכֶען, מִיט אָפְּרֵייסֶען דִיא
24 זַאנְגֶען אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה,
וָוארוּם טְהוּן זֵייא אִים שַׁבָּת וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט?
25 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט אִיהְר קֵיין מָאל נִיט
גֶעלֵיינְט וָואס דָוִד הָאט גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר הָאט נוֹיט גֶעהַאט
אוּנְד אִיז הוּנְגְרִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט
26 אִיהְם גֶעוֶועזֶען? וִויא עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים הוֹיז פוּן
גָאט, אִין דֶער צֵייט פוּן אֶבְיָתָר דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד הָאט
גֶעגֶעסֶען דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט צוּ
עֶסֶען אוֹיסֶער פַאר דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעגֶע־
27 בֶּען צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען? אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער שַׁבָּת אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען
פַאר דֶעם מֶענְשׁ אוּנְד נִיט דֶער מֶענְשׁ פַאר דֶעם שַׁבָּת.
28 אַזוֹי דֶען אִיז דֶער בֶּן אָדָם הַאר אוֹיךְ אִיבֶּער דֶעם שַׁבָּת:

קאפיטעל ג

1 אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרֵיין; אוּנְד זֶעם
אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פֶערְדַארְטֶע

הַאנְד: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוַואכְט, אוֹיבּ עֶר וֶועט 2
אִיהְם הֵיילֶען אִים שַׁבָּת, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִיהְם פֶּערְקְלָאגֶען:
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא 3
פֶערְדַארְטֶע הַאנְד, שְׁטֶעה אוֹיף אִין מִיטֶען: אוּנְד עֶר הָאט 4
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֶעג מַאן אִים שַׁבָּת גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְ־
טֶעס טְהוּן? לֶעבֶּען רֶעטֶען, אָדֶער טֵייטֶען? אוּנְד זַייא
הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף זַייא 5
אַרוּמְגֶעזֶעהֶען מִיט צָארְן, אוּנְד אִיז בֶּעטְרִיבְּט גֶעוֶועזֶען
אִיבֶּער דִיא הַארְטִיגְקֵייט פוּן זַיירֶע הֶערְצֶער, אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט צוּם מַאן, שְׁטְרֶעק אוֹיס דֵיינֶע הַאנְד; אוּנְד עֶר הָאט
זִיא אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אוּנְד זַיינֶע הַאנְד אִיז וִוידֶער גֶעזוּנְד
גֶעוָוארֶען: אוּנְד וֶוען דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, 6
הָאבֶּען זַייא גְלֵייךְ אֵיין עֵצָה גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען אִיהְם מִיט
דִיא לֵייט פוּן הוֹרְדוֹס, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען:
אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּם 7
יַם, אוּנְד אַ סַךְ מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל,
אוּנְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד פוּן יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד פוּן אֶדוֹם, אוּנְד 8
פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵן, אוּנְד פוּן דֶער גֶעגֶענְד פוּן צוֹר
אוּנְד צִידוֹן, אַ סַךְ מֶענְשֶׁען וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט וָואס
פַאר וֶוערְקֶע עֶר הָאט גֶעטְהוּן זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, אַז זַייא זָאלֶען 9
אִיהְם אָנְבְּרֵייטֶען אַ קְלֵיינֶעס שִׁיף, פוּן וֶועגֶען דִיא לֵייט, אַז
זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט שְׁטִיפֶּען: וָוארִין עֶר הָאט פִילֶע גֶע־ 10
הֵיילְט, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט פְּלָאגֶען זֶענֶען אִיהְם
אִיבֶּערְפַאלֶען, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם אָנְרִיהְרֶען: אוּנְד דִיא 11
אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער, וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, זֶענֶען
פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען; אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד עֶר הָאט זַייא 12
אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט בֶּעקַאנְט מַאכֶען:
אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט 13
צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען וֶועמֶען עֶר הָאט גֶעוָואלְט, אוּנְד זַייא זֶע־
נֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט צְוֶועלְף 14
אַז זַייא זָאלֶען מִיט אִיהְם זַיין, אוּנְד אַז עֶר זָאל זַייא אוֹיסְ־
שִׁיקֶען צוּ פְּרֶעדִיגֶען: אוּנְד אַז זַייא זָאלֶען הָאבֶּען מַאכְט 15

16 שֵׁדִים אַרוֹיס צוּ טְרַייבֶּען: אוּנְד עֶר הָאט דִיא צְוֶועלְף
אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד צוּ שִׁמְעוֹן הָאט עֶר דֶעם נָאמֶען גֶעגֶע־
17 בֶּען פֶּעטְרוֹס: אוּנְד יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן זַבְדַי, אוּנְד יוֹחָנָן
דֶעם בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד צוּ זַייא הָאט עֶר נֶעמֶען
18 גֶעגֶעבֶּען בְּנֵי רֶגֶשׁ, וָואס הֵייסְט זִיהְן פוּן דָאנֶער; אוּנְד
אַנְדְרַי, אוּנְד פִילִיפּוֹס, אוּנְד בַּר־תַּלְמַי, אוּנְד מַתְיָה, אוּנְד תוֹמָא,
אוּנְד יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן חַלְפִי, אוּנְד תַּדַי, אוּנְד שִׁמְעוֹן
19 הַקַנָאִי; אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת, וָואס הָאט אִיהְם אוֹיךְ
פֶערְמַסֶרְט:
20 אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין אַ הוֹיז גֶעקוּמֶען; אוּנְד דִיא לֵייט
זֶענֶען וִוידֶער צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי אַז זַייא הָאבֶּען אַפִילוּ
21 נִיט גֶעקָאנְט קֵיין בְּרוֹיט עֶסֶען: אוּנְד וָוען זַיינֶע קְרוֹבִים
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּם
אִיהְם צוּ הַאלְטֶען; וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר אִיז
22 פוּן זִינֶען גֶעקוּמֶען: אוּנְד דִיא סוֹפְרִים וָואס זֶענֶען אַרוּפְּגֶע־
קוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט בַּעַל־זְבוּב,
אוּנְד עֶר טְרַייבְּט אַרוֹיס דִיא שֵׁדִים דוּרְךְ דֶעם פִירְשְׁט פוּן
23 דִיא שֵׁדִים: אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ
זַייא גֶערֶעט אִין מְשָׁלִים, וִויא אַזוֹי קֶען דֶער שָׂטָן דֶעם
24 שָׂטָן אַרוֹיסְטְרַייבֶּען? אוּנְד וָוען אַ קֶענִיגְרַייךְ אִיז צוּטֵיילְט
קֶעגֶען זִיךְ, אַזוֹי קֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען:
25 אוּנְד וָוען אַ הוֹיז אִיז צוּטֵיילְט קֶעגֶען זִיךְ, אַזוֹי קֶען יֶענֶעם
26 הוֹיז נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען: אוּנְד וָוען דֶער שָׂטָן שְׁטֶעהְט אוֹיף
קֶעגֶען זִיךְ אוּנְד אִיז קֶעגֶען זִיךְ צוּטְהֵיילְט, אַזוֹי קֶען עֶר
27 נִיט בֶּעשְׁטֶעהֶען, נֵייעֶרְט עֶר הָאט אֵיין עֶנְד: אָבֶּער קֵיינֶער
קֶען נִיט אַרַיינְקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַ גִבּוֹר, אוּנְד זַיינֶע
כֵּלִים רוֹיבֶּען, אוֹיסְגֶענוּמֶען אַז עֶר וֶועט צוּעֶרְשְׁט דֶעם גִבּוֹר
28 בִּינְדֶען אוּנְד דַאן וֶועט עֶר זַיין הוֹיז רוֹיבֶּען: בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז אַלֶע זִינְד וֶועלֶען צוּ דִיא זִיהְן פוּן מֶענְשֶׁען
פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא לֶעסְטֶערוּנְג וָואס זַייא וֶועלֶען
29 לֶעסְטֶערְן: אָבֶּער דֶער וָואס וֶועט לֶעסְטֶערְן קֶעגֶען דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, דֶער הָאט אוֹיף עֶבִּיג קֵיינֶע פֶערְגֶעבּוּנְג נִיט
30 גֵייעֶרְט עֶר אִיז שׁוּלְדִיג פוּן אֵיינֶע עֶבִּיגֶע זִינְד: וָוארִין
זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט:

31 אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער אוּנְד זַיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען,
אוּנְד זֶענֶען דְרוֹיסֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט
32 אִיהְם רוּפֶען: אוּנְד דִיא לֵייט זֶענֶען אַרוּם אִיהְם גֶעזֶעסֶען,
אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, דַיינֶע מוּטֶער אוּנְד
33 דַיינֶע בְּרִידֶער דְרוֹיסֶען זוּכֶען דִיךְ: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְט־
פֶערְט אוּנְד צוּ זַייא גֶעזָאגְט, װער אִיז מֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד
34 מֵיינֶע בְּרִידֶער? אוּנְד קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִיא וָואס זֶענֶען אַרוּם
אִיהְם גֶעזֶעסֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זֶעה מֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד
35 מֵיינֶע בְּרִידֶער! וָוארִין װער עֶס װעט טְהוּן דֶעם וִוילֶען פוּן
גָאט דֶער אִיז מֵיין בְּרוּדֶער, אוּנְד שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד מוּטֶער:

## קַאפִּיטֶעל ד

1 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶען בַּייא דֶעם
יַם, אוּנְד אַ סַךְ לֵייט הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְזַאמֶעלְט, אַזוֹי
אַז עֶר אִיז אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז דְרוֹיף גֶע־
זֶעסֶען אִים יַם, אוּנְד אַלֶע לֵייט זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם
2 לַאנְד בַּיים יַם: אוּנְד עֶר הָאט זַייא פִיל גֶעלֶעהְרְט אִין מְשָׁלִים,
3 אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט אִין זַיינֶע לֶעהְרֶע: הֶערְט צוּ,
4 זֶעה, דֶער זַייעֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זַייעֶן: אוּנְד עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען װען עֶר הָאט גֶעזַייעֶט, זֶענֶען עֶטְלִיכֶע גֶע־
פַאלֶען בַּיים װעג, אוּנְד דִיא פֵייגֶעל זֶענֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
5 הָאבֶּען זַייא אוֹיפְגֶעפְרֶעסֶען: אוּנְד אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען
אוֹיף דֶעם שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, וְואוּ עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט
פִיל עֶרְד, אוּנְד גְלֵייךְ הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט, וֵוייל
6 עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע טִיפֶע עֶרְד: אוּנְד װען דִיא זוּן
אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי אִיז עֶס דֶערְהִיצְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד
וֵוייל עֶס הָאט נִיט גֶעהַאט קֵיינֶע וְואוּרְצֶעל אִיז עֶס פֶער־
7 דַארְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען
דִיא דֶערְנֶער, אוּנְד דִיא דֶערְנֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְשְׁטִיקְט, אוּנְד עֶס הָאט נִיט קֵיינֶע פְרוּכְט
8 גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד אַנְדֶערֶעס אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם
גוּטֶען גְרוּנְד אוּנְד הָאט גֶעבְּרַאכְט פְרוּכְט וָואס אִיז
אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד הָאט
גֶעטְרָאגֶען דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג, אָדֶער זֶעכְצִיגְפֶעלְטִיג, אָדֶער
9 הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס

הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶערֶען׃
10 אוּנְד װֶען עֶר אִיז אַלֵיין גֶעװֶעזֶען, הָאבֶּען דִיא װָאס זֶענֶען
אַרוּם אִיהְם גֶעװֶעזֶען מִיט דִיא צְװֶעלְף גֶעפְרֶעגְט װֶעגֶען דִיא
11 מְשָׁלִים׃ אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵייךְ אִיז גֶעגֶע־
בֶּען דֶער סוֹד פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אָבֶּער צוּ דִיא
12 װָאס זֶענֶען דְרוֹיסֶען אִיז אַלְצְדִינְג אִין מְשָׁלִים׃ כְּדֵי זֶע־
הֶענְדִיג זָאלֶען זֵייא זֶעהֶען, אוּנְד נִיט אֵיינְזֶעהֶען; אוּנְד
הֶערֶענְדִיג זָאלֶען זֵייא הֶערֶען, אוּנְד נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען; אַז
זֵייא זָאלֶען זִיךְ נִיט בֶּעקֶעהְרֶען, אוּנְד דִיא זִינְד זָאל זֵייא
13 פֶערְגֶעבֶּען װֶערֶען׃ אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֵייסְט
אִיהְר נִיט דִיזֶעם מָשָׁל? װִיא אַזוֹי װֶעט אִיהְר אַלֶע מְשָׁלִים
14 װִיסֶען? דֶער זֵייעֶר זֵייעט דָאס װָארְט׃ אוּנְד דָאס זֶענֶען
15 דִיא בֵּיים װֶעג, אִין װֶעמֶען דָאס װָארְט אִיז גֶעזֵייעט גֶעװָא־
רֶען; אוּנְד װֶען זֵייא הֶערֶען אַזוֹי קוּמְט גְלֵייךְ דֶער שָׂטָן,
אוּנְד נֶעמְט אַװֶעק דָאס װָארְט װָאס אִיז אִין זֵייא גֶעזֵייעט
16 גֶעװָארֶען׃ אוּנְד דָאס זֶענֶען אוֹיךְ דִיא װָאס זֶענֶען גֶעזֵייעט
אוֹיף דֶעם שְׁטֵיינֶערְדִיגֶען גְרוּנְד, װֶעלְכֶע, װֶען זֵייא הֶערֶען
17 דָאס װָארְט, נֶעמֶען זֵייא עֶס גְלֵייךְ אוֹיף מִיט פְרֵייד׃ אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע װָארְצֶעל אִין זִיךְ, אוּנְד בְּלֵייבֶּען נָאר
פַאר אַ צֵייט; דֶערְנָאךְ װֶען לֵיידֶען אוּנְד פֶערְפָאלְגוּנְגֶען
קוּמֶען דוּרְךְ דֶעם װָארְט, אַזוֹי שְׁטְרוֹיכְלֶען זֵייא גְלֵייךְ׃
18 אוּנְד אַנְדֶערֶע װָאס זֶענֶען צְװִישֶׁען דֶערְנֶער גֶעזֵייעט, זֶענֶען
19 דִיא װֶעלְכֶע הֶערֶען דָאס װָארְט׃ אוּנְד דִיא זָארְגֶען פוּן
דֶער װֶעלְט, אוּנְד דִיא בֶּעטְרִיגֶערֵייא פוּן רֵייכְטְהוּם, אוּנְד
דָאס גְלִיסְטֶען פוּן אַנְדֶערֶע זַאכֶען, קוּמֶען אַרֵיין אוּנְד דֶערְ־
20 שְׁטִיקֶען דָאס װָארְט, אוּנְד עֶס בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט׃ אוּנְד
דָאס זֶענֶען דִיא װֶעלְכֶע זֶענֶען גֶעזֵייעט גֶעװָארֶען אוֹיף
גוּטֶען גְרוּנְד; װֶעלְכֶע הֶערֶען דָאס װָארְט אוּנְד נֶעמֶען עֶס
אוֹיף, אוּנְד טְרָאגֶען פְרוּכְט, דְרֵייסִיגְפֶעלְטִיג, אָדֶער זֶעכְ־
צִיגְפֶעלְטִיג, אָדֶער הוּנְדֶערְטְפֶעלְטִיג׃
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט מֶען דֶען אַרֵיין אַ
לַאמְפּ אַז מֶען זָאל עֶס שְׁטֶעלֶען אוּנְטֶער אַ מֶעסְטֶעל, אָדֶער
אוּנְטֶער אַ בֶּעט, אוּנְד נִיט אַז מֶען זָאל עֶס אַרוֹיפְשְׁטֶעלֶען
22 אוֹיף אַ גֶעשְׁטֶעל? װָארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְבָּארְגֶען,

וָואס זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט װערֶען, אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז נִיט
23 פֶערְהוילֶען וָואס װעט נִיט בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט װערֶען: װער
24 עֶס הָאט אוירֶען צוּ הֶערֶען, לָאז עֶר הֶערֶען: אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט אַכְטוּנְג וָואס אִיהְר הֶערְט, מִיט דֶעם
מָאס אִיהְר מֶעסְט, װעט אַייךְ אוֹיךְ גֶעמָאסְטֶען װערֶען אוּנְד
25 מֶעהְר װעט אַייךְ גֶעגֶעבֶּען װערֶען: וָוארִין דֶער וָואס הָאט,
צוּ דֶעם װעט גֶעגֶעבֶּען װערֶען; אוּנְד דֶער וָואס הָאט נִיט,
פוּן דֶעם װעט אוֹיךְ דָאס וָואס עֶר הָאט אַװעקְגֶענוּמֶען
װערֶען:

26 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס קֶעניגְרַייךְ פוּן גָאט אִיז אַזוֹי
27 וִויא אַ מַאן וָואס וַוארְפְט זָאמֶען אִין גְרוּנְד: אוּנְד עֶר
שְׁלָאפְט, אוּנְד עֶר שְׁטֶעהְט אוֹיף בֵּייא נַאכְט אוּנְד בֵּייא
טָאג, אוּנְד דֶער זָאמֶען שְׁפְּרָאצְט אַרוֹיס, אוּנְד וַואקְסְט אוֹיף,
28 וִויא עֶר װייסְט נִיט: דִיא עֶרְד בְּרֶענְגְט פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט
פְרוּכְט, צוּם עֶרְשְׁטֶען דָאס גְרָאז, דֶערְנָאךְ דִיא זַאנְג, דֶערְ־
29 נָאךְ דְעם פוּלֶען װייץ אִין דֶער זַאנְג: אָבֶּער װען דִיא
פְרוּכְט אִיז צֵייטִיג, שִׁיקְט עֶר גְלֵייךְ דִיא קָאסֶע אַרוֹיס, וָוארִין
דִיא שְׁנִיט־צֵייט אִיז גֶעקוּמֶען:

30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי זָאלֶען מִיר פֶערְגְלֵייכֶען
דָאס קֶעניגְרַייךְ פוּן גָאט? אָדֶער וָואס פַאר אַ מָשָׁל זָאלֶען
31 מִיר גֶעבֶּען? עֶס אִיז וִויא אַ זֶענְפְקָארְן, וָואס װען עֶס אִיז
אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעזַייעֶט, אִיז קְלֵיינֶער וִויא אַלֶע זָאמֶען וָואס
32 אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד: אוּנְד װען עֶס אִיז גֶעזַייעֶט גֶעוָוארֶען
וַואקְסְט עֶס אוֹיף, אוּנְד װערְד גְרֶעסֶער וִויא אַלֶע קְרֵייטֶער,
אוּנְד בֶּעקוּמְט גְרוֹיסְע צְװייגֶען, אַזוֹי אַז דִיא פֵייגֶעל פוּן
דֶעם הִימֶעל קֶענֶען אוּנְטֶער זַיין שָׁאטֶען װאוֹינֶען:

33 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט דָאס וָוארְט, דוּרְךְ פִילֶע
זָאלְכֶע מְשָׁלִים, אַזוֹי וִויא זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעקָאנְט צוּהֶע־
34 רֶען: אָבֶּער אָהְן אַ מָשָׁל הָאט עֶר צוּ זַייא נִיט גֶערֶעט,
אוּנְד עֶר הָאט אַלֶעס צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים אוֹיסְגֶעלֶעגְט װען
זַייא זֶענֶען אַלֵיין גֶעוָועזֶען:

35 אוּנְד אִין יֶענֶעם טָאג, װען עֶס וַואר אָבֶּענְד, הָאט עֶר צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר אַרִיבֶּער גֶעהֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע
36 זַייט: אוּנְד װען זַייא הָאבֶּען דִיא לֵייט אַװעקְגֶעשִׁיקְט,

הָאבֶּען זַייא אִיהְם אַרַיינְגֶענוּמֶען אִין דֶעם שִׁיף אַזוֹי ווִיא
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען נָאךְ
37 אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גְרוֹיסֶער
שְׁטוּרְמְווִינְד, אוּנְד דִיא וֶועלֶען זֶענֶען אִים שִׁיף אַרַיינְגֶע־
38 קוּמֶען, אַזוֹי אַז עֶס אִיז שׁוֹין פוּל גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר אִיז
אוֹיף דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער זַייט פוּן דֶעם שִׁיף גֶעוֶועזֶען
שְׁלָאפֶענְדִיג אוֹיף דֶעם קִישֶׁען. אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער,
בֶּעקִימֶערְסְט דוּא דִיךְ נִיט אַז מִיר וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען?
39 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט דֶעם ווִינְד אָנְגֶע־
שְׁרִיעֶן, אוּנְד הָאט צוּם יַם גֶעזָאגְט, זַייא שְׁטִיל, אוּנְד זַייא
פֶערְשְׁטוּמְט! אוּן דֶער ווִינְד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס
40 אִיז אַ גְרוֹיסֶע שְׁטִילֶע גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, פַארְוָואס זַייט אִיהְר אַזוֹי שְׁרֶעקֶענְדִיג? ווִיא אִיז
41 עֶס אַז אִיהְר הָאט נִיט קֵיין גְלוֹיבֶּען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערֶען, וָואס פַאר אֵיינֶער אִיז דֶער אַז דֶער ווִינְד אוּנְד
דָאס יַם גֶעהָארְכֶען אִיהְם?

## קאַפּיטעל ה

1 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט פוּן
2 יַם, צוּם לַאנְד פוּן דִיא גְרָסִים: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיס־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שִׁיף, הָאט אִיהְם גְלֵייךְ בֶּעגֶעגֶענְט פוּן
3 דִיא קְבָרִים אַ מַאן מִיט אֵיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט: דֶער הָאט
זַיינֶע וְואוֹינוּנְג גֶעהַאט צְווִישֶׁען דִיא קְבָרִים. אוּנְד קֵיינֶער
הָאט אִיהְם נִיט גֶעקָאנְט בִּינְדֶען, אוֹיךְ נִיט מִיט אַ קֶעטֶע:
4 ווָארִין עֶר אִיז אָפְט גֶעבּוּנְדָען גֶעוָוארֶען מִיט בֶּענְדֶער אוּנְד
מִיט קֶעטֶען, אוּנְד עֶר הָאט דִיא קֶעטֶען צֶערְרִיסֶען, אוּנְד
דִיא בֶּענְדֶער צֶערְבְּרָאכֶען; אוּנְד קֵיינֶער הָאט נִיט כֹּחַ גֶע־
5 הַאט אִיהְם צוּ שְׁטִילֶען: אוּנְד עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען
טָאג אוּנְד נַאכְט צְווִישֶׁען דִיא קְבָרִים אוּנְד דִיא בֶּערְג,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד זִיךְ מִיט שְׁטֵיינֶער גֶעשְׁנִיטֶען:
6 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ פוּן ווַייטֶען גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר
7 צוּגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס הָאבּ

אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן, יֵשׁוּעַ זוּהְן פוּן גָאט דֶעם אַלֶער־
הֶעכְסְטֶען? אִיךְ בֶּעשְׁוֶער דִיךְ בַּייא גָאט פְלָאג מִיךְ נִיט:
8 וָוארִין עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַרוֹיס פוּן דֶעם מַאן
9 דוּא אוּנְרֵיינֶער גֵייסְט: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט וָואס
אִיז דַיין נָאמֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, מֵיין נָאמֶען אִיז
10 לֶעגְיָאן. וָוארִין מִיר זֶענֶען פִילֶע: אוּנְד עֶר הָאט זַייא זֶעהְר
גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל זַייא נִיט אַרוֹיסְשִׁיקֶען פוּן דֶעם לַאנְד:
11 אוּנְד עֶס אִיז דָארְט גֶעוֶועזֶען בַּייא דִיא בֶּערְג אַ גְרוֹיסֶע
12 סְטַאדֶע פוּן חֲזֵירִים פַּאסֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
בֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, שִׁיק אוּנְס אִין דִיא חֲזֵירִים, אַז מִיר
13 זָאלֶען צְוִוישֶׁען זַייא אַרֵיינְקוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא
דֶערְלוֹיבְּט. אוּנְד דִיא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא חֲזֵירִים, אוּנְד
דִיא סְטַאדֶע הָאט זִיךְ אַרוּנְטֶערְגֶעשְׁטִירְצְט פוּן אַ מְשׁוּפֶּע
אָרְט אִין יַם אַרֵיין קֶעגֶען צְוֵוייא טוֹיזֶענְד; אוּנְד זֶענֶען
14 דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען אִים יַם: אוּנְד דִיא פַּאסְטוּכֶער פוּן
דִיא חֲזֵירִים זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט
אִין דִיא שְׁטָאט אוּנְד אִין פֶעלְדֶער. אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְ־
15 גֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד זַייא זֶענֶען
גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם וָואס הָאט
גֶעהַאט דִיא לֶעגְיָאן פוּן דִיא שֵׁדִים, וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען
אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אוּנְד פֶערְנִינְפְטִיג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
16 פָארְכְטֶען: אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
עֶס דֶערְצֶעלְט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶעם וָואס הָאט גֶע־
17 הַאט דִיא שֵׁדִים, אוּנְד פוּן וֶועגֶען דִיא חֲזֵירִים: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל פוּן זֵיירֶע
18 גְרֶענְעִץ אַוֶועקְגֶעהֶען: אוּנְד וִויא עֶר אִיז אִים שִׁיף אַרֵיינְ־
גֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם דֶער וָואס הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים
19 גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל בַּייא אִיהְם זַיין: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט, נֵייעֶרְט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה
אַהֵיים צוּ דֵיינֶע פְרֵיינְד, אוּנְד דֶערְצֶעהְל זַייא וָואס דֶער הַאר
הָאט מִיט דִיר גֶעטְהוּן, אוּנְד וִויא עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּער דִיר
20 דֶערְבַּארֶעמְט: אוּנְד עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְּרֶעדִיגֶען אִין דֶעקַאפָּאלִים וָואס יֵשׁוּעַ

הָאט צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט:
21 אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז ווִידֶער אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף
אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט, הָאבֶּען זִיךְ פִיל לֵייט אַרוּם אִיהְם
22 פֶערְזַאמֶעלְט, אוּנְד עֶר אִיז בַּיים יַם גֶעוֶועזֶען: אוּנְד עֶס
אִיז צוּ אִיהְם צוּגֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער
שׁוּל מִיט דֶעם נָאמֶען יָאִיר, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
23 זֶעהֶען, אִיז עֶר אִיהְם צוּ דִיא פִּיס גֶעפַאלֶען: אוּנְד עֶר הָאט
אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער אִיז
אַם שְׁטַארְבֶּען, קוּם אוּנְד לֶעג דֵיינֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְר, כְּדֵי
24 זִיא זָאל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אוּנְד לֶעבֶּען: אוּנְד עֶר אִיז
מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד פִיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעדְרֶענְגְט:
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם
26 בְּלוּטְגַאנְג צְוֶועלְף יָאהְר: אוּנְד זִיא הָאט פִיל גֶעלִיטֶען פוּן
פִיל דָאקְטָארֶען, אוּנְד זִיא הָאט אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַלֶעס וָואס
זִיא הָאט גֶעהַאט, אוּנְד עֶס הָאט אִיהְר נִיט גֶעהָאלְפֶען, נֵייד
27 עֶרְט זִיא אִיז נָאךְ אַרְגֶער גֶעוָוארֶען: וֶוען זִיא הָאט גֶע־
הֶערְט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען דִיא לֵייט
פוּן הִינְטֶער אִיהְם, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִירְט זֵיין קְלֵייד:
28 וָוארִין זִיא הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ זָאל נוּר זֵיין קְלֵייד אָנְ־
29 רִירֶען וֶועל אִיךְ גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: אוּנְד גְלֵייךְ אִיז אִיהְר
בְּלוּטְגַאנְג פֶערְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען אוּנְד זִיא הָאט גֶעפִיהְלְט
אִין אִיהְר לֵייבּ אַז זִיא אִיז גֶעהֵיילְט פוּן אִיהְרֶע פְּלָאג:
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גְלֵייךְ גֶעפִיהְלְט אַז קְרַאפְט אִיז פוּן אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט צְווִישֶׁען
דִיא לֵייט אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט מֵיינֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶע־
31 רִירְט? אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
זֶעהְסְט אַז דִיא לֵייט דְרֶענְגֶען דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאגְסְט, וֶוער
32 הָאט מִיךְ אָנְגֶערִירְט? אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט צוּ
33 זֶעהֶען וֶוער עֶס הָאט דָאס גֶעטְהוּן: אוּנְד דִיא פְרוֹיא הָאט
זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אוּנְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, וֵוייל זִיא הָאט
גֶעווּיסְט וָואס אִיז צוּ אִיהְר גֶעשֶׁעהֶען; אוּנְד זִיא אִיז גֶע־
קוּמֶען אוּנְד אִיז פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט

צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דִיא גַאנְצֶע וָואהְרְהֵייט: אוּנְד עֶר הָאט 34
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, מֵיינֶע טָאכְטֶער, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ
גֶערֶעטֶעט, גֶעה אִין פְרִידֶען, אוּנְד זֵייא גֶעהֵיילְט פוּן דֵיינֶע
פְּלָאג:
וֵוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם הוֹיז 35
פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיינֶע
טָאכְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, פַארְוָואס בֶּעמִיהְסְט דוּא נָאךְ
דֶעם לֶעהְרֶער? אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט 36
וָואס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּם עֶלְצְטֶען
פוּן דֶער שׁוּל, פָארְכְט דִיךְ נִיט, גְלוֹיבּ נוּר: אוּנְד עֶר הָאט 37
קֵיינֶעם נִיט גֶעלָאזְט אִיהְם בֶּעגְלֵייטֶען, נָאר פֶּעטְרוֹס אוּנְד
יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב: אוּנְד זֵייא זֶענֶען 38
אַרֵיין גֶעקוּמֶען אִים הוֹיז פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּל,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דָאס גֶעטוּמֶעל, אוּנְד דִיא וָואס
הָאבֶּען זֶעהְר גֶעוֵויינְט אוּנְד גֶעקְלָאגְט: אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְ־ 39
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס לַארְמְט אִיהְר
אוּנְד וֵויינְט? דָאס מֶעדֶעל אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, נֵייעֶרְט
זִיא שְׁלָאפְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט. אָבֶּער 40
עֶר הָאט זֵייא אַלֶע אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען
דֶעם פָאטֶער אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם מֶעדֶעל, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ
דָאס מֶעדֶעל אִיז גֶעלֶעגֶען: אוּנְד עֶר הָאט דָאס מֶעדֶעל 41
בֵּייא דֶער הַאנְד גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
טַלְיְתָא קוּמִי, וָואס אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט, מֶעדֶעל, אִיךְ זָאג דִיר,
שְׁטֶעה אוֹיף: אוּנְד דָאס מֶעדֶעל אִיז גְלֵייךְ אוֹיפְגֶעשְׁטַא־ 42
נֶען, אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען: וָוארִין זִיא אִיז צְוֶועלְף יָאהְר
אַלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד גְלֵייךְ זֶענֶען זֵייא אוֹיסֶער זִיךְ גֶעוֶועזֶען
פַאר גְרוֹיס עֶרְשְׁטוֹינֶען: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא זֶעהְר פֶּערְ־ 43
בָּאטֶען אַז קֵיינֶער זָאל דָאס נִיט ווִיסֶען; אוּנְד עֶר הָאט
גֶעהֵייסֶען אַז מַאן זָאל אִיהְר צוּ עֶסֶען גֶעבֶּען:

## קאפיטעל ו

אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז גֶע־ 1
קוּמֶען צוּ זֵיין פָאטֶערְלַאנְד; אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען
אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וֶוען דֶער שַׁבָּת אִיז גֶעקוּמֶען, 2

הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהרֶען אִין דֶער שׁוּל; אוּנְד
פִּילֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְוְואוּנְ־
דֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען הָאט דִיזֶער דִיזֶע זַאכֶען
אוּנְד וָואס אִיז דָאס פַאר אַ חָכְמָה וָואס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען,
אוּנְד אַזֶעלְכֶע נִסִים וָואס זֶענְען גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ זַיינֶע הֶענְד:
3 אִיז עֶר נִיט דֶער בּוֹימֵייסְטֶער, דֶער זוּהְן פוּן מִרְיָם אוּנְד
דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב אוּנְד יוֹסֵי אוּנְד יְהוּדָה אוּנְד שִׁמְעוֹן?
אוּנְד זֶענֶען נִיט זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער דָא מִיט אוּנְס? אוּנְד זֵייא
4 הָאבֶּען זִיךְ אָן אִיהְם גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט אַ נָבִיא אִיז נִיט אָהְן כָּבוֹד, אוֹיסֶער אִין זַיין
אֵייגֶען לַאנְד אוּנְד צְווִישֶׁען זַיינֶע קְרוֹבִים, אוּנְד אִין זַיין
5 אֵייגֶען הוֹיז: אוּנְד עֶר הָאט דָארְט נִיט גֶעקֶענְט קֵיין נֵס
טְהוּן חוּץ עֶר הָאט זַיינֶע הֶענְד גֶעלֶעגְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע
6 קְרַאנְקֶע, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעהֵיילְט: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
גֶעוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען. אוּנְד עֶר אִיז
אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא דֶערְפֶער אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט:
7 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט
זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיסְצוּשִׁיקֶען צוּ צְווֵייא; אוּנְד הָאט צוּ
8 זֵייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער: אוּנְד עֶר
הָאט זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען גָארְנִיט מִיטְנֶעמֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג, אוֹיסֶער נוּר אַ שְׁטֶעקֶען; קֵיין רֵייזֶע זַאק
אוּנְד קֵיין בְּרוֹיט זַאק, אוּנְד קֵיין גֶעלְד אִים גַארְטֶעל:
9 אָבֶּער זֵייא זָאלֶען גֶעהֶען אִין שִׁיךְ אָנְגֶעטְהוּן, אוּנְד זָאלֶען
10 נִיט אָנְטְהוּן קֵיינֶע צְווֵייא רֶעק: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען אִין אַ הוֹיז,
בְּלֵייבְּט דְרִינֶען בִּיז אִיהְר וֶועט פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעהֶען:
11 אוּנְד וָואס פַאר אֵיין אָרְט וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, אוּנְד
זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ נִיט הֶערֶען, וֶוען אִיהְר גֶעהְט פוּן דָארְ־
טֶען אַוֶועק, שָׁאקֶעלְט אָפּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִּיס,
12 פַאר אַ צֵייגְנִים צוּ זֵייא: אוּנְד זֵייא זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
13 אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אַז מֶען זָאל תְּשׁוּבָה טְהוּן: אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פִילֶע שֵׁדִים, אוּנְד פִילֶע
קְרַאנְקֶע גֶעזַאלְבְּט מִיט עֶהְל אוּנְד גֶעהֵיילְט:
14 אוּנְד הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ הָאט וֶועגֶען אִיהְם גֶעהֶערְט; וָוארִין

זַיין נָאמֶען אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, דְרוּם וִוירְ־
15 קֶען דִיא נִסִים אִין אִיהְם: אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז
עֶר אִיז אֵלִיָהוּ. אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז אַ
16 נָבִיא, אַזוֹי וִויא אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים: אָבֶּער וֶוען
הוֹרְדוֹס הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דֶער
אִיז יוֹחָנָן, דֶעם אִיךְ הָאבּ דֶעם קָאפּ אַרוּפְּגֶענוּמֶען; עֶר אִיז
17 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: דֶען הוֹרְדוֹס הָאט גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט
יוֹחָנָן גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אִים גֶעפֶענְגְנִיס גֶעבּוּנְדֶען
וֶועגֶען הוֹרוֹדְיָא, דָאס וַוייבּ פוּן זַיין בְּרוּדֶער פִילִיפּוּס, וַוייל
18 עֶר הָאט זִיא גֶעהֵיירַאטֶעט: וָוארִין יוֹחָנָן הָאט צוּ הוֹרְדוֹס
גֶעזָאגְט, דוּא טוּרְסְט נִיט הָאבֶּען דֵיין בְּרוּדֶערְ׳ס וַוייבּ:
19 אוּנְד הוֹרוֹדְיָא הָאט אִיהְם פֵיינְד גֶעהַאט, אוּנְד הָאט אִיהְם
20 גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען; אוּנְד זִיא הָאט נִיט גֶעקָאנְט: וָוארִין
הוֹרְדוֹס הָאט זִיךְ גֶעפָּארְכְטֶען פָאר יוֹחָנָן, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעווּאוּסְט אַז עֶר אִיז אַ גֶערֶעכְטֶער אוּנְד הֵיילִיגֶער מַאן,
אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם בֶּעשִׁיצְט. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם
גֶעהֶערְט, אַזוֹי אִיז עֶר זֶעהְר בֶּעזָארְגְט גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאט
21 אִיהְם גֶערְן גֶעהֶערְט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ בֶּעשְׁטִימְ־
טֶער טָאג וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אוֹיף זַיין גֶעבּוּרְטְסְטָאג אַ סְעוּדָה
גֶעמַאכְט צוּ זַיינֶע גְרוֹיסֶע לֵייט אוּנְד אָפִיצִירֶע אִיבֶּער טוֹי־
22 זֶענְד, אוּנְד צוּ דִיא עֶלְצְטֶע פוּן גָלִיל: אוּנְד וֶוען דִיא
טָאכְטֶער פוּן הוֹרוֹדְיָא אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶע־
טַאנְצְט, אוּנְד אִיז הוֹרְדוֹס וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעזֶעסֶען; אַזוֹי הָאט דֶער קֶענִיג צוּם
מֶעדֶעל גֶעזָאגְט, פֶערְלַאנְג פוּן מִיר וָואס דוּא ווִילְסְט, אוּנְד
23 אִיךְ וֶועל עֶס דִיר גֶעבֶּען: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְר גֶעשְׁווְאוֹירֶען,
וָואס דוּא וֶועסְט פוּן מִיר פֶערְלַאנְגֶען וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען,
24 בִּיז צוּ דִיא הֶעלְפְט פוּן מֵיין קֶענִיגְרַייךְ: אוּנְד זִיא אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער גֶעזָאגְט, וָואס
זָאל אִיךְ פֶערְלַאנְגֶען? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט דֶעם קָאפּ
25 פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל: אוּנְד גְלֵייךְ אִיז זִיא אֵיילֶענְדִיג אַרַיינְ־
גֶעקוּמֶען צוּם קֶענִיג, אוּנְד הָאט פֶערְלַאנְגְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיךְ ווִיל אַז דוּא זָאלְסְט מִיר גְלֵייךְ גֶעבֶּען אוֹיף אַ שִׁיסֶעל

26 דֶעם קָאפּ פוּן יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל: אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז זֶעהְר
טְרוֹירִיג גֶעוָוארֶען, אָבֶּער וֶועגֶען דֶער שְׁבוּעָה אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶועזֶען, הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט אָפּ־
27 זָאגֶען: אוּנְד גְלֵייךְ הָאט דֶער קֶענִיג גֶעשִׁיקְט אַ לֵייבְּוֶועכְ־
טֶער, אוּנְד הָאט בֶּעפוֹילֶען זַיין קָאפּ צוּ בְּרֶענְגֶען; אוּנְד
עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעקֶעפְּט אִים גֶעפֶענְגְנִים:
28 אוּנְד הָאט זַיין קָאפּ גֶעבְּרַאכְט אִין אַ שִׁיסֶעל, אוּנְד הָאט
עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּם מֶעדֶעל, אוּנְד דָאס מֶעדֶעל הָאט עֶס גֶע־
29 גֶעבֶּען צוּ אִיהְרֶע מוּטֶער: אוּנְד וֶוען זַיינֶע תַּלְמִידִים הָא־
בֶּען דֶערְפוּן גֶעהֶערְט, זֶענֶען זַיא גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶענוּמֶען זַיין לֵייבּ, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין אַ
קֶבֶר:
30 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט צוּ יֵשׁוּעַ
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַלֶעס דֶערְצֶעהְלְט, וָואס זַייא הָאבֶּען
31 גֶעטְהוּן אוּנְד וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט: אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אִיהְר זֶעלְבְּסְט אַלֵיין אִין אַ וִוּיסְטֶען
אָרְט אַרֵיין אוּנְד רוּהֶעט אֵייךְ אוֹים אַבִּיסֶעל. וָוארִין פִּילֶע
זֶענֶען אַרֵיין אוּנְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט
32 דִיא נוֹיטִיגֶע צֵייט גֶעהַאט אַפִילוּ צוּ עֶסֶען: אוּנְד זַייא זֶע־
נֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף בְּייא זִיךְ אַלֵיין אִין אַ
33 וִוּיסְטֶען אָרְט אַרֵיין: אוּנְד פִּילֶע הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען
אַוֶועקְגֶעהֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט, אוּנְד זֶענֶען
אַהִין גֶעלָאפֶען צוּ פוּס פוּן אַלֶע שְׁטֶעט, אוּנְד זֶענֶען פְרִי־
34 הֶער פוּן זַייא אָנְגֶעקוּמֶען: אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיסְגֶע־
קוּמֶען, הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען פִיל לֵייט אוּנְד עֶר הָאט אִיבֶּער
זַייא רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא שָׁאףְ
35 וָואס הָאבֶּען קֵיין פַּאסְטוּךְ נִיט; אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען
36 זַייא פִילֶע זַאכֶען צוּ לֶעהְרֶען: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין
שְׁפֶּעט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ וִויסְטֶער אָרְט, אוּנְד
37 עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט גֶעוָוארֶען: שִׁיק זַיא אַוֶועק, אַז זַייא
זָאלֶען גֶעהֶען אַרוּם דִיא פֶעלְדֶער אוּנְד דִיא דֶערְפֶער, אוּנְד
38 זָאלֶען זִיךְ קוֹיפֶען וָואס צוּ עֶסֶען: אָבֶּער עֶר הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט אִיהְר זַייא צוּ עֶסֶען.

אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט זָאלֶען מִיר אַוֶועקְגֶע־
הֶען אוּנְד קוֹיפֶען פַאר צְוֵוייא הוּנְדֶערְט גְרָאשֶׁען בְּרוֹיט,
39 אוּנְד זָאלֶען זַייא גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, וִויא פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר? גֶעהְט אוּנְד זֶעהְט.
אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, פִינְף,
40 אוּנְד צְוֵוייא פִישׁ: אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעהֵייסֶען זִיךְ אַנִי־
41 דֶערְזֶעצֶען שׁוּרוֹת וַוייז אוֹיף דָאס גְרִינֶע גְרָאז: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אִין שׁוּרוֹת, צוּ הוּנְדֶערְט אוּנְד
42 צוּ פִינְפְצִיג: אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד
דִיא צְוֵוייא פִישׁ, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּלִיקְט צוּם הִימֶעל,
אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט דָאס בְּרוֹיט צוּ־
בְּרָאכֶען אוּנְד עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים אַז זַייא
זָאלֶען עֶס פָאר זַייא פָארְלֶעגֶען אוּנְד דִיא צְוֵוייא פִישׁ הָאט
43 עֶר פֶערְטְהֵיילְט צוּ אַלֶע: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעגֶעסֶען,
44 אוּנְד זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹי־
בֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ צְוֶועלְף קֶערְבּ פוּל אוּנְד פוּן דִיא
45 פִישׁ: אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען זֶענֶען
גֶעוֶועזֶען פִינְף טוֹיזֶענְד מַאן:
46 אוּנְד גְלֵייךְ הָאט עֶר זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעצְוָואוּנְגֶען זַייא זָא־
לֶען אִים שִׁיף אַרֵיינְגֶעהֶען, אוּנְד זָאלֶען פְרִיהֶער אַרִיבֶּערְ־
גֶעהֶען צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זַייט קֵיין בֵּית־צַיְדָה, בִּיז עֶר וֶועט
47 דִיא לַייט אַוֶועקְשִׁיקֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט פוּן זַייא אָפְּשִׁיד
גֶענוּמֶען אִיז עֶר אוֹיף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען מִתְפַּלֵל
48 צוּ זַיין: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען אִיז דָאס שִׁיף
גֶעוֶועזֶען אִין מִיטֶען יַם, אוּנְד עֶר אַלֵיין אוֹיף דֶעם לַאנְד:
49 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ שְׁוֶוער בֶּעמִיהְט
מִיט דֶעם רוּדֶערֶען, וָוארִין דֶער וִוינְד אִיז קֶעגֶען זַייא גֶע־
וֶועזֶען. אוּנְד קֶעגֶען דֶעם פִירְטֶען מִשְׁמָר פוּן דֶער נַאכְט אִיז
עֶר צוּ זַייא גֶעקוּמֶען אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג אוֹיף דֶעם יַם; אוּנְד
50 עֶר הָאט זַייא גֶעוָאלְט פַארְבַּייא גֶעהֶען: אוּנְד וִויא זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג אוֹיף דֶעם יַם, הָא־
בֶּען זַייא גֶעדַאכְט אַז עֶס אִיז אַ גֵייסְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
51 אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן: וָוארִין זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען. אוּנְד גְלֵייךְ הָאט עֶר מִיט

זַייא גֶערֶעט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זַייט גֶעטְרַייסְט
52 אִיךְ בִּין עֶס; פָאַרְכְט אֵייךְ נִיט: אוּנְד עֶר אִיז צוּ זַייא אִים
שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד דֶער ווִינְד הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט;
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר אִיבֶּער דֶעם מָאס פֶערְווְאוּנְ־
53 דֶערְט: ווָארִין זַייא הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אִיבֶּער דֶעם
בְּרוֹיט, אָבֶּער זַייעֶר הַארְץ אִיז פֶערְהַארְטֶעט גֶעוֶועזֶען:
54 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַרִיבֶּערְגֶעשִׁיפְט אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען
צוּם לַאנְד גִּנֵּסַר, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעאַנְקֶערְט צוּם בָּארְטֶען:
55 אוּנְד ווֶען זַייא זֶענֶען פוּן דֶעם שִׁיף אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט
56 מֶען אִיהְם גְלֵייךְ דֶערְקֶענְט: אוּנְד זֶענֶען אַרוּמְגֶעלָאפֶען
אִים גַאנְצֶען גֶעבִּיט, אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְצוּ־
טְרָאגֶען אוֹיף דִיא בֶּעטֶען דִיא ווָאס זֶענֶען קְרַאנְק גֶעוֶועזֶ־
57 זֶען, ווְאוּ זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר אִיז דָארְט: אוּנְד
ווִיא עֶר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא דֶערְפֶער, אָדֶער שְׁטֶעט,
אָדֶער פֶעלְדֶער, הָאבֶּען זַייא דִיא קְרַאנְקֶע אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט
אִין דִיא מַארְקֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז זַייא
זָאלֶען נוּר אָנְרִיהְרֶען דִיא עֶקֶען פוּן זַיין קְלֵייד; אוּנְד דִיא
ווָאס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶערִיהְרְט זֶענֶען גֶערֶעטֶעט גֶעווָארֶען:

קאפיטעל ז

1 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים, ווָאס
זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם פֶערְ־
2 זַאמֶעלְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶטְלִיכֶע פוּן
זַיינֶע תַּלְמִידִים עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט אוּנְרַיינֶע,—דָאס הֵייסְט
3 אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד: ווָארִין דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד אַלֶע
יוּדֶען עֶסֶען נִיט ווֶען זַייא וַואשֶׁען נִיט זָארְגְפֶעלְטִיג זַייעֶרֶע
הֶענְד, ווֵייל זַייא הַאלְטֶען דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן דִיא
4 עֶלְצְטֶע: אוּנְד ווֶען זַייא קוּמֶען פוּן דֶעם מַארְק, עֶסֶען זַייא
נִיט ווֶען זַייא רֵיינִיגֶען זִיךְ נִיט; אוּנְד דָא זֶענֶען פִילֶע אַנְ־
דֶערֶע זַאכֶען ווָאס זַייא הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען צוּ הַאלְטֶען,
ווִיא דִיא טְבִילָה פוּן בֶּעכֶער, אוּנְד טֶעפּ אוּנְד קוּפֶּערְנֶע
5 כֵּלִים: אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד סוֹפְרִים הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
פְרֶעגְט, פַארְווָאס גֶעהֶען דַיינֶע תַּלְמִידִים נִיט נָאךְ דִיא
אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן דִיא זְקֵנִים, נֵייעֶרְט עֶסֶען בְּרוֹיט מִיט
6 אוּנְגֶעוַואשֶׁענֶע הֶענְד? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,

יְשַׁעְיָה הָאט רֶעכְט נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט אוֹיף אֵייךְ הֵייכְלֶער,
„דִיזֶעם פָאלְק עֶהְרְט מִיךְ מִיט דִיא לִיפֶּען, אָבֶּער זֵייעֶר
7 הַארְץ אִיז דֶערְוַוייטֶערְט פוּן מִיר: אָבֶּער אוּמְזִיסְט בֶּע־
טֶען זַייא מִיךְ אָן, אוּנְד לֶערְנֶען לֶעהְרֶען וָואס זֶענֶען
גֶעבָּאטֶע פוּן מֶענְשֶׁען״: (ישעיה כט׳ יג׳).
8 אִיהְר הָאט פֶערְלָאזְט דִיא מִצְוָה פוּן גָאט, אוּנְד הַאלְט דִיא
9 אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן מֶענְשֶׁען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶע־
גֶעזָאגְט, ווָאוֹיל פַארְוַוארְפְט אִיהְר דָאס גֶעבָּאט פוּן גָאט אַז
10 אִיהְר זָאלְט הַאלְטֶען אֵיירֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג: וָוארִין משֶׁה
הָאט גֶעזָאגְט, עֶהְרֶע דַיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע מוּטֶער, אוּנְד
וֶוער עֶס שֶׁעלְט פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער דֶער זָאל גֶעווִיס
11 שְׁטַארְבֶּען: אָבֶּער אִיהְר זָאגְט, וֶוען אַ מֶענְשׁ וֶועט זָאגֶען
צוּ זַיין פָאטֶער אָדֶער זַיינֶע מוּטֶער, דָאס אִיז אַ קָרְבָּן,
דָאס הֵייסְט אַ נְדָבָה וָואס דוּא קֶענְסְט פוּן מִיר בֶּעקוּמֶען:
12 אִיהְר לָאזְט אִיהְם גָארְנִיט מֶעהְר טְהוּן פַאר זַיין פָאטֶער
13 אָדֶער מוּטֶער: אוּנְד אִיהְר מַאכְט שְׁוַואךְ דָאס וָוארְט פוּן
גָאט דוּרְךְ אֵיירֶע אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג, וָואס אִיהְר הָאט אִיבֶּערְ־
גֶעלִיפֶערְט, אוּנְד דֶערְגְלַייכֶען טְהוּט אִיהְר אַזָאלְכֶע פִילֶע
14 זַאכֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זִיךְ ווִידֶער גֶערוּפֶען דִיא לֵייט,
אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, הֶערְט מִיךְ אַלֶע צוּ, אוּנְד פֶערְ־
15 שְׁטֶעהְט: קֵיינֶע זַאךְ פוּן אוֹיסֶעוֵויינִיג פוּן דֶעם מֶענְשׁ וָואס
קוּמְט אִין אִיהְם אַרַיין קָאן אִיהְם אוּנְרֵיין מַאכֶען; נֵייעֶרְט
דִיא זַאכֶען וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשׁ מַאכֶען
16 אִיהְם אוּנְרֵיין: דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען לָאז עֶר
17 הֶערֶען: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִים הוֹיז פוּן דִיא
לֵייט הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען דֶעם
18 מָשָׁל: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זֶענְט אִיהְר אוֹיךְ
אַזוֹי אָהְן פֶערְשְׁטַאנְד? פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נִיט, אַז אַלֶעס
וָואס קוּמְט פוּן אוֹיסֶעוֵויינִיג אִין אַ מֶענְשׁ אַרַיין קָאן אִיהְם
19 נִיט אוּנְרֵיין מַאכֶען: וָוארִין עֶס קוּמְט נִיט אִין זַיין הַארְץ
אַרַיין, נֵייעֶרְט אִין בּוֹיךְ, אוּנְד גֶעהְט אַרוֹיס צוּם מִיסְט?
20 אַזוֹי הָאט עֶר אַלֶע זַאכֶען רֵיין גֶעמַאכְט: אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דָאס וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם מֶענְשׁ, דָאס מַאכְט
21 דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין: וָוארִין פוּן אִינְוֶוענִיג, פוּן דֶעם הַארְץ

פוּן דֶעם מֶענְשׁ קוּמֶען אַרוֹיס שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען, נִיאוּף,
22 גְנֵיבָה, רְצִיחָה: זְנוּת גְלִיסְטֶען, רִשְׁעוּת, בֶּעטְרִיגֶערַייא,
אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהַייט, אַיין אִיבֶּעל אוֹיג, לֶעסְטֶערוּנְג, שְׁטָאלְץ,
23 נַארִישְׁקֵייט: אַלֶע דִיזֶע שְׁלֶעכְטִיגְקֵייטֶען קוּמֶען אַרוֹיס פוּן
אִינְוֶוענִיג אוּנְד מַאכֶען דֶעם מֶענְשׁ אוּנְרֵיין:
24 אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא גְרֶענְעֶץ פוּן צוֹר אוּנְד צִידוֹן. אוּנְד עֶר
אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ הוֹיז, אוּנְד הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַז
קֵיינֶער זָאל וִויסֶען, אָבֶּער עֶר הָאט נִיט גֶעקֶענְט פֶערְבָּארְ־
25 גֶען בְּלֵייבֶּען: אָבֶּער אַ פְרוֹיא, וָואס אִיהְרֶע טָאכְטֶער הָאט
גֶעהַאט אַיין אוּנְרֵיינֶעם גֵייסְט, הָאט גְלֵייךְ פוּן אִיהְם גֶע־
הֶערְט, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד אִיז אִיהְם צוּ דִיא פִּיס גֶע־
26 פַאלֶען: אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ יְוָנִית פוּן אֲרַם
צוֹר. אוּנְד זִיא הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דֶעם שֵׁד
27 אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען אוֹיס אִיהְרֶע טָאכְטֶער: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, לָאזֶען דִיא קִינְדֶער צוּעֶרְשְׁט זַאט וֶוערֶען;
וָוארִין עֶס אִיז נִיט גוּט דָאס בְּרוֹיט פוּן דִיא קִינְדֶער אַוֶועקְ־
28 צוּנֶעמֶען, אוּנְד פָאר דִיא הִינְטְלֶעךְ צוּ וַוארְפֶען: אוּנְד זִיא
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יָא, הַאר!
אַפִילוּ דִיא הִינְטְלֶעךְ אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ עֶסֶען פוּן דִיא
29 קִינְדֶערְס בְּרֶעקְלֶעךְ: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט וֶועְ־
גֶען דִיזֶעם וָוארְט גֶעה, דֶער שֵׁד אִיז פוּן דֵיינֶע טָאכְטֶער
30 אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען זִיא אִיז אִין אִיהְר הוֹיז גֶעקוּמֶען
הָאט זִיא גֶעפִינֶען דָאס מֶעדֶעל לִיגֶענְדִיג אוֹיף דֶעם בֶּעט,
אוּנְד דֶער שֵׁד פוּן אִיהְר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
31 אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא גְרֶענְצֶען פוּן
צוֹר אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען דוּרְךְ צִידוֹן צוּם יַם פוּן גָלִיל, אִין
32 מִיטֶען דֶער גְרֶענְעֶץ פוּן דֶעקַאפּוֹלִיס: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ טוֹיבֶּען אוּנְד שְׁטוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם לֶעגֶען:
33 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דִיא לֵייט בֵּייא זִיךְ
אַלֵיין, אוּנְד הָאט דִיא פִינְגֶער אִין זֵיינֶע אוֹירֶען אַרֵיינְגֶע־
לֶעגְט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען, אוּנְד הָאט זֵיינֶע צוּנְג אָנְגֶע־
34 רִיהְרְט: אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען צוּם הִימֶעל, אוּנְד

הָאט גֶעזִיפְצְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֶפַּתַח, וָואס
35 הֵייסְט, מַאךְ דִיךְ אוֹיף: אוּנְד זַיינֶע אוֹירֶען זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אוּנְד דָאס בַּאנְד אִיז גְלֵייךְ לוֹיז גֶעוָוא־
רֶען פוּן זַיינֶע צוּנְג אוּנְד עֶר הָאט רִיכְטִיג גֶעשְׁפְּרָאכֶען:
36 אוּנְד עֶר הָאט זַייא פֶערְבָּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט
זָאגֶען; אָבֶּער וָואס מֶעהְר עֶר הָאט זַייא פֶערְבָּאטֶען, הָא־
37 בֶּען זַייא עֶס נָאךְ פִיל מֶעהְר בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער דֶעם מָאס פֶערְוְואוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען גוּט גֶעטְהוּן: עֶר מַאכְט דִיא טוֹיבֶּע
הֶערֶען אוּנְד דִיא שְׁטוּמֶע רֶעדֶען:

## קאפיטעל ח

1 אִין יֶענֶע טֶעג וֶוען דִיא לֵייט זֶענֶען ווִידֶער פִיל גֶעוֶועזֶען אוּנְד
הָאבֶּען גָארְנִיט גֶעהַאט צוּ עֶסֶען, הָאט יֵשׁוּעַ גֶערוּפֶען זַיינֶע
2 תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת
אוֹיף דִיא לַייט וָוארִין שׁוֹין דְרֵייא טֶעג בְּלֵייבֶּען זַייא בֵּייא
3 מִיר, אוּנְד הָאבֶּען גָארְנִיט צוּ עֶסֶען: אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל
זַייא פַאסְטֶענְדִיג אַהֵיים שִׁיקֶען, וֶועלֶען זַייא פֶערְשְׁמַאכֶען
אוֹיף דֶעם וֶועג; אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא קוּמֶען פוּן וַוייט
4 אַהֶער: אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, ווִיא
אַזוֹי קֶען מֶען דִיזֶע מִיט בְּרוֹיט זֶעטִיגֶען דָא אִין אַ מִדְבָּר?
5 אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט, ווִיא פִיל בְּרוֹיט הָאט אִיהְר?
6 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט זִיבֶּען. אוּנְד עֶר הָאט דִיא לֵייט
גֶעהֵייסֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אַנִידֶערְזֶעצֶען, אוּנְד הָאט
גֶענוּמֶען דִיא זִיבֶּען בְּרוֹיט, אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט,
אוּנְד הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים,
אַז זַייא זָאלֶען פָאר זַייא פָארְלֶעגֶען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען
7 זַייא פָאר דִיא לֵייט פָארְגֶעלֶעגְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶע־
הַאט עֶטְלִיכֶע קְלֵיינֶע פִישְׁלֶעךְ; אוּנְד עֶר הָאט דֶערִיבֶּער
אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט אוֹיךְ זַייא גֶעהֵייסֶען פָארְלֶע־
8 גֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד זֶענֶען זַאט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע
9 בְּרֶעקְלֶעךְ זִיבֶּען קֶערְבּ: אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
קֶעגֶען פִיר טוֹיזֶענְד, אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
10 אוּנְד בַּאלְד אִיז עֶר אִין אַ שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע

תַּלְמִידִים, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען אִין דֶער גֶעגֶענְד פוּן דַלְמָנוּתָא:
11 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען מִיט אִיהְם אַ וִיכּוּחַ אוּנְד הָאבֶּען פוּן אִיהְם פֶערְ־
לַאנְגְט אַ צֵייכֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אִיהְם צוּ פְּרִיפֶען:
12 אוּנְד עֶר הָאט טִיף גֶעזִיפְצְט אִין זַיין גֶעמִיט, אוּנְד גֶעזָאגְט,
וָוארוּם זוּכְט דִיזֶעס דוֹר אַ צֵייכֶען? בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
עֶס וֶועט צוּ דִיזֶעם דוֹר קֵיין צֵייכֶען נִיט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:
13 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פֶערְלָאזְט, אוּנְד אִיז ווִידֶער אַרֵיינְגֶע־
גַאנְגֶען אוֹיף דֶעם שִׁיף אוּנְד אִיז אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט
אַרִיבֶּערְגֶעקוּמֶען:
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פֶערְגֶעסֶען בְּרוֹיט מִיטְצוּנֶעמֶען, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען נִיט מֶעהְר מִיט זִיךְ גֶעהַאט ווִיא אֵיין בְּרוֹיט
15 אִים שִׁיף: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעבָּאטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,
זֶעהְט צוּ, הִיט אֵייךְ פָאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים,
16 אוּנְד פָאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן הוֹרְדוֹס: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעטַעַנֶעט ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט קֵיין בְּרוֹיט:
17 אוּנְד עֶר הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס הָאט אִיהְר גֶעטַעַנֶעט ווייל אִיהְר הָאט נִיט קֵיין
בְּרוֹיט? פֶערְנֶעמְט אִיהְר נָאךְ נִיט, אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר
18 דָאס נִיט? הָאט אִיהְר אֵייעֶר הַארְץ פֶערְשְׁטָאקְט? הָאט
אִיהְר אוֹיגֶען אוּנְד זֶעהְט נִיט? אוּנְד אוֹירֶען אוּנְד הֶערְט
19 נִיט? אוּנְד גֶעדֶענְקְט אִיהְר נִיט? וֶוען אִיךְ הָאב צוּבְּרָאכֶען
דִיא פִינְף בְּרוֹיט פַאר דִיא פִינְף טוֹיזֶענְד, ווִיא פִיל קֶערְבּ
פוּל מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט אִיהְר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? זֵייא הָאבֶּען
20 צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט צְוֶועלְף: אוּנְד וֶוען דִיא זִיבֶּען פַאר דִיא
פִיר טוֹיזֶענְד, ווִיא פִיל קֶערְבּ פוּל מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ הָאט
אִיהְר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט זִיבֶּען:
21 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר נָאךְ נִיט?
22 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין בֵּית צֵידָה, אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אַ בְּלִינְדֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
23 גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם אָנְרִיהְרֶען: אוּנְד עֶר הָאט דֶעם
בְּלִינְדֶען אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט אוֹיס דֶעם דָארְף, הָאט גֶעשְׁפִּיגֶען אִין זֵיינֶע
אוֹיגֶען, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט, אוּנְד

24 הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט זֶעהְסְט דוּא עֶפֶּעס? אוּנְד עֶר
הָאט אַרוֹיפְגֶעקוּקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ זֶעה מֶענְשֶׁען,
וָוארִין אִיךְ זֶעה זַייא אַזוֹי וִויא בַּיימֶער אַרוּמְגֶעהֶענְדִיג:
25 דֶערְנָאךְ הָאט עֶר ווִידֶער דִיא הֶענְד אוֹיף זַיינֶע אוֹיגֶען גֶע־
לֶעגְט, אוּנְד עֶר הָאט שַׁארְף גֶעקוּקְט, אוּנְד אִיז גֶעהֵיילְט
גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט אַלֶע זַאכֶען פוּן וַוייטֶען גֶעזֶעהֶען:
26 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אַהֵיים גֶעשִׁיקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, דוּא
זָאלְסְט נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אַפִילוּ נִיט אִים דָארְף:
27 אוּנְד יֵשׁוּעַ אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ
דִיא דֶערְפֶער פוּן קֵיסְרִין פוּן פִילִיפּוֹס; אוּנְד אוֹיף דֶעם
וֶועג הָאט עֶר זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא
28 גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא מֶענְשֶׁען אַז אִיךְ בִּין? אוּנְד זַייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט יוֹחָנָן הַמְטַבֵּל; אוּנְד אַנְדֶערֶע
29 אֵלִיָהוּ; אָבֶּער אַנְדֶערֶע אֵיינֶער פוּן דִיא נְבִיאִים: אוּנְד עֶר
הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט, וֶוער זָאגְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין? אוּנְד
פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
30 דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ: אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעבָּאטֶען
31 אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען פוּן אִיהְם: אוּנְד עֶר
הָאט זַייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעהְרֶען, אַז דֶער בֶּן־אָדָם מוּז פִיל
לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד
דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים, אוּנְד גֶעטֵייטֶעט
32 וֶוערֶען, אוּנְד נָאךְ דְרַייא טֶעג ווִידֶער אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: אוּנְד
עֶר הָאט דָאס וָוארְט עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעזָאגְט. אוּנְד פֶּעטְרוֹס
הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אָנְצוּ־
33 שְׁרַייעֶן: אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זַיינֶע
תַּלְמִידִים אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט פֶּעטְרוֹס אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק פוּן מִיר, שָׂטָן, וָוארִין דוּא טְרַאכְסְט
נִיט אוֹיף דִיא זַאכֶען פוּן גָאט, נֵייעֶרְט דִיא זַאכֶען פוּן מֶענְ־
34 שֶׁען: אוּנְד עֶר הָאט דִיא לֵייט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ זִיךְ
גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס ווִיל מִיר נָאכְ־
קוּמֶען, דֶער זָאל זִיךְ אַלֵיין פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד זַיין קְרֵייץ
35 אוֹיפְנֶעמֶען אוּנְד מִיר נָאכְפָאלְגֶען: וָוארִין וֶוער עֶס ווִיל
זַיין לֶעבֶּען רֶעטֶען, דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִירֶען; אוּנְד וֶוער
עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט וֶועגֶען אוּנְד

36 װָענֶען דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, דֶער װֶעט עֶס רֶעטֶען: װָארִין
װִיא װֶעט אַ מֶענְשׁ גֶעהָאלְפֶען װֶערֶען װֶען עֶר װֶעט
דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט גֶעװִינֶען, אוּנְד זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען?
37 װָארִין װָאס װֶעט אַ מֶענְשׁ גֶעבֶּען אַלְס אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר זַיין
38 לֶעבֶּען? דרוּם װֶער עֶס װֶעט זִיךְ שֶׁעהְמֶען מִיט מִיר אוּנְד
מִיט מֵיינֶע װֶערְטֶער אִין דִיזֶעם דוֹר פוּן זִינְד אוּנְד זְנוּת,
אַזוֹי װֶעט זִיךְ דֶער בֶּן־אָדָם מִיט אִיהְם אוֹיךְ שֶׁעהְמֶען, װֶען
עֶר קוּמְט אִין דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיין פָאטֶער מִיט דִיא
הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים:

## קאפיטעל ט

1 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס
זֶענֶען עֶטְלִיכֶע װָאס שְׁטֶעהֶען דָא, װָאס װֶעלֶען נִיט פֶערְזוּ־
כֶען דֶעם טוֹיט, בִּיז זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט קוּמֶען מִיט מַאכְט:
2 אוּנְד נָאךְ זֶעקְס טֶעג הָאט יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוֹס אוּנְד
יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד הָאט זֵייא אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוֹיף אַ
הוֹיכֶען בַּארְג בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט. אוּנְד עֶר אִיז פָאר זֵייא
3 פֶערְעֶנְדֶערְט גֶעװָארֶען: אוּנְד זַיינֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען גְלַאנְ־
צֶענְדִיג גֶעװָארֶען זֶעהְר װַייס, אַזוֹי װִיא קֵיין װֶעשֶׁער אוֹיף
4 דֶער עֶרְד הָאט זֵייא נִיט גֶעקָאנְט װַייס מַאכֶען: אוּנְד
אֵלִיָּהוּ אוּנְד מֹשֶׁה הָאבֶען זִיךְ צוּ זֵייא בֶּעװִיזֶען, אוּנְד
5 הָאבֶען גֶערֶעט מִיט יֵשׁוּעַ: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, רַבִּי, עֶס אִיז גוּט
פַאר אוּנְס דָא צוּ זַיין; אוּנְד לָאזֶען מִיר מַאכֶען דְרֵייא
גֶעצֶעלְטֶען; אֵיינְס פַאר דִיר, אוּנְד אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּנְד
6 אֵיינְס פַאר אֵלִיָּהוּ: װָארִין עֶר הָאט נִיט גֶעװוּאוּסְט װָאס עֶר
זָאל עֶנְטְפֶערֶען; װָארִין זֵייא זֶענֶען זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען
7 גֶעװָארֶען: אוּנְד אַ װָאלְקֶען אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא
בֶּעדֶעקְט; אוּנְד אַ קוֹל אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
װָאלְקֶען, דָאס אִיז מֵיין זוּהְן דֶער גֶעלִיבְּטֶער, הֶערְט אִיהְם
8 צוּ! אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פְּלִיצְלִינְג אוּמְגֶעזֶעהֶען,
הָאבֶּען זֵייא קֵיינֶעם נִיט מֶעהְר גֶעזֶעהֶען, נַייעֶרְט יֵשׁוּעַ
אַלֵיין מִיט זֵייא:
9 אוּנְד װֶען זֵייא זֶענֶען פוּן דֶעם בַּארְג אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי

דָאט עֶר זַייא פֶערְבָּאטֶען אַז זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם נִיט דֶערְ־
צֶעלֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, בִּיז דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
10 פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס
וָוארְט בַּייא זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם
אַנְדֶערֶען גֶעפְרֶעגְט, וָואס אִיז דָאס אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן דִיא
11 טוֹיטֶען! אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
פַארְוָואס זָאגֶען דִיא פְּרוּשִׁים אַז אֵלִיָהוּ מוּס צוּעֶרְשְׁט קוּמֶען?
12 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אֵלִיָהוּ קוּמְט צוּעֶרְשְׁט אוּנְד
שְׁטֶעלְט אַלֶעס צוּרֶעכְט; אוּנְד וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען
אוֹיף דֶעם בֶּן־אָדָם, אַז עֶר זָאל פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְאַכְ־
13 טֶעט וֶוערֶען? אָבֶּער אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אֵלִיָהוּ אִיז אוֹיךְ
גֶעקוּמֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן וָואס זַייא
הָאבֶּען גֶעוָואלְט, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף
אִיהְם:
14 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען הָאט עֶר
גֶעזֶעהֶען פִיל לֵייט אַרוּם זַייא, אוּנְד סוֹפְרִים מִיט זַייא
15 פְרָאגֶענְד: אוּנְד אַזוֹי בַּאלְד וִויא אַלֶע לֵייט הָאבֶּען אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד זֶענֶען צוּ־
16 גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעגְרִיסְט: אוּנְד עֶר הָאט זַייא
17 גֶעפְרֶעגְט, אִיבֶּער וָואס הָאט אִיהְר אַ וִיכּוּחַ? אוּנְד אֵיינֶער
פוּן דִיא לֵייט הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, לֶעהְרֶער, אִיךְ הָאבּ
18 מֵיין זוּהְן צוּ דִיר גֶעבְּרַאכְט וָואס הָאט אַ גֵייסְט: אוּנְד
וִויא אַהִין עֶר נֶעמְט אִיהְם אַזוֹי צֶערְרֵייסְט עֶר אִיהְם; אוּנְד
עֶר שׁוֹימְט, אוּנְד קְרִיצְט מִיט דִיא צֵיין, אוּנְד וֶוערְד פֶערְ־
דַארְט: אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ דֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, אַז
זַייא זָאלֶען אִיהְם אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט
19 גֶעקָאנְט: אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אָ אִיהְר אוּמְגְלוֹיבִּיגֶעס דוֹר, וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ בַּייא אֵייךְ
זַיין? וִויא לַאנְג זָאל אִיךְ לֵיידֶען? בְּרֶענְגְט אִיהְם אַהֶער
20 צוּ מִיר: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט.
אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם דֶער
גֵייסְט גְלֵייךְ צֶערִיסֶען; אוּנְד עֶר אִיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען,
21 אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט, אוּנְד גֶעשׁוֹימְט: אוּנְד עֶר הָאט
זַיין פָאטֶער גֶעפְרֶעגְט, וִויא לַאנְג אִיז עֶס זַייט דָאס אִיז

אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פוּן קִינְדְהַייט
22 אָן: אוּנְד אָפְט וַוארְפְט עֶר אִיהְם אִין פֵייעֶר אַרַיין אוּנְד
אָפְט אִין וַואסֶער, אַז עֶר זָאל אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; אָבֶּער
וֶוען דוּא קָאנְסְט עֶפֶּעס טְהוּן, אַזוֹי דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער
23 אוּנְס אוּנְד הֶעלְף אוּנְס: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
דוּא זָאגְסְט וֶוען דוּא קֶענְסְט! אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען מֶעגְלִיךְ
24 צוּ דֶעם וָואס גְלוֹיבְּט: דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם קִינְד הָאט
גְלֵייךְ גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ גְלוֹיבּ, הֶעלְף מֵיין
25 אוּנְגְלוֹיבֶּען: אוּנְד וִויא יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא לֵייט
לוֹיפֶען צוּנוֹיף, אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט אָנְגֶע־
שְׁרִיעֶן, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא שְׁטוּמֶער אוּנְד
טוֹיבֶּער גֵייסְט, אִיךְ בֶּעפֶעהְל דִיר, גֶעה אַרוֹיס פוּן אִיהְם,
26 אוּנְד קוּם נִיט מֶעהְר אִין אִיהְם אַרַיין: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאט אִיהְם זֶעהְר גֶערִיסֶען, אִיז עֶר אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען; אוּנְד עֶר אִיז גֶעוָוארֶען וִויא אַ טוֹיטֶער, אַזוֹי אַז
27 פִילֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז טוֹיט: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בֵּייא דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט אִיהְם
28 אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז אִים הוֹיז גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע תַּלְמִידִים
גֶעפְרֶעגְט בֵּייא זִיךְ אַלֵיין, פַארְוָואס הָאבֶּען מִיר אִיהְם נִיט
29 גֶעקָאנְט אַרוֹיסְטְרַייבֶּען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דִיזֶער מִין קֶען נִיט אַנְדֶערְשׁ אַרוֹיסְגֶעהֶען, אוֹיסֶער דוּרְךְ
גֶעבֶּעט:
30 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען
זַייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ גָלִיל; אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט
31 אַז קֵיינֶער זָאל פוּן אִיהְם וִויסֶען: וָוארִין עֶר הָאט זַיינֶע
תַּלְמִידִים בֶּעלֶעהְרְט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן־
אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן
מֶענְשֶׁען אַרַיין, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם הַרְגֶענֶען, אוּנְד וֶוען
עֶר וֶועט גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען נָאךְ דְרַייא טֶעג, וֶועט עֶר
32 אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט נִיט פֶערְ־
שְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען:
33 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין כְּפַר נַחוּם; אוּנְד וֶוען עֶר
אִיז אִים הוֹיז גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר זַייא גֶעפְרֶעגְט, וָואס אִיז

דָאס וָואס אִיהר הָאט צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעטַעֲנֶעט אוֹיף דֶעם
וֶועג? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען; וָוארִין זַייא הָאבֶּען 34
זִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג מִיטְאֵיינַאנְדֶער גֶעקְרִיגְט וֶוער אִיז דֶער
גְרֶעסֶערֶער: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט 35
גֶערוּפֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען
אֵיינֶער ווִיל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער, דֶער וֶועט זַיין דֶער
לֶעצְטֶער פוּן אַלֶע, אוּנְד דֶער מְשָׁרֵת פוּן אַלֶע: אוּנְד עֶר 36
הָאט גֶענוּמֶען אַ קְלֵיין קִינְד אוּנְד הָאט עֶס צְווִישֶׁען זַייא
גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד הָאט עֶס אִין דִיא אָרְמֶע גֶענוּמֶען, אוּנְד
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט: וֶוער עֶס וֶועט אֵיינֶם פוּן זָאלְכֶע 37
קִינְדֶער אוֹיפְנֶעמֶען אִין מֵיין נָאמֶען דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף;
אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען, דֶער נֶעמְט נִיט מִיךְ
אוֹיף, נֵייעֶרְט דֶעם וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
יוֹחָנָן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר הָאבֶּען אֵיינֶעם 38
גֶעזֶעהֶען וָואס טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין דֵיין נָאמֶען, אוּנְד
עֶר פָאלְגְט אוּנְס נִיט נָאךְ: אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם פֶערְ־
בָּאטֶען, ווַייל עֶר הָאט אוּנְס נִיט נָאכְגֶעפָאלְגְט: אָבֶּער 39
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְבִּיט אִיהְם נִיט; וָוארִין עֶס אִיז
קֵיינֶער נִיט פֶערְהַאנֶען וָואס וֶועט טְהוּן אַ ווְאוּנְדֶער אִין
מֵיין נָאמֶען, אוּנְד וֶועט בַּאלְד קֶענֶען שְׁלֶעכְטֶעס רֶעדֶען
אוֹיף מִיר: וָוארִין דֶער וָואס אִיז נִיט קֶעגֶען אוּנְס, דֶער 40
אִיז פַאר אוּנְס: וָוארִין וֶוער עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען צוּ 41
טְרִינְקֶען אַ בֶּעכֶער וַואסֶער אִין מֵיין נָאמֶען, ווַייל אִיהְר
גֶעהֶערְט צוּ מָשִׁיחַ, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶר וֶועט אוֹיף קֵיין
פַאל זַיין שְׂכַר נִיט פֶערְלִירֶען: אוּנְד וֶוער עֶס שְׁטְרוֹיכֶעלְט 42
אֵיינֶעם פוּן דִיא קְלֵיינֶע וָואס גְלוֹיבֶּען אִין מִיר, אַזוֹי וָואלְט
עֶס פַאר אִיהְם בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען, אַז אַ מִיהְלשְׁטֵיין וָואלְט
אַרוּם זַיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען, אוּנְד אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען דֵיינֶע הַאנְד שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ, הַאק זִיא 43
אָפּ; עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר אַז דוּא זָאלְסְט אַרֵיינְגֶעהֶען
אִים לֶעבֶּען אַלְס קְרִיפֶּעל, אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען בֵּיידֶע
הֶענְד, אוּנְד זָאלְסְט אַוֶועקְגֶעהֶען אִין גֵיהִנָם אַרֵיין, צוּם אוּנְ־
פֶערְלָאשֶׁענֶעם פֵייעֶר: אוּנְד וֶוען דֵיין פוּס שְׁטְרוֹיכֶעלְט 44
דִיךְ, הַאק אִיהְם אָפּ, עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר, אַז דוּא

זָאלְסְט אַרייַנְגֶעהֶען אִים לֶעבֶּען הִינְקֶעדִיג, אַיידֶער דוּא
זָאלְסְט בֵּיידֶע פִּיס הָאבֶּען אוּנְד זָאלְסְט אִין גֵיהִנָם אַרייַנְ־
45 גֶעוָוארְפֶען װֶערֶען: אוּנְד װֶען דֵיין אוֹיג שְׁטְרוֹיכֶעלְט דִיךְ,
רַייס עֶס אַרוֹיס. עֶס אִיז בֶּעסֶער פַאר דִיר, אַז דוּא זָאלְסְט
אַרייַנְגֶעהֶען אִים קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט מִיט אֵיין אוֹיג, אֵיידֶער
דוּא זָאלְסְט בֵּיידֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען אוּנְד זָאלְסְט אִין גֵיהִנָם
46 אַרייַנְגֶעוָוארְפֶען װֶערֶען: װְאוּ זֵייעֶר וָוארְם שְׁטַארְבְּט נִיט,
47 אוּנְד דָאס פֵייעֶר װֶערְד נִיט פֶערְלָאשֶׁען: וָוארִין אִיטְלִיכֶער
48 װֶערְד גֶעזַאלְצֶען װֶערֶען מִיט פֵייעֶר: זַאלְץ אִיז גוּט,
אָבֶּער װֶען דָאס זַאלְץ װֶערְד אוּנְזַאלְצִיג, מִיט וָואס װֶעט
אִיהְר עֶס זַאלְצֶען? הָאט זַאלְץ מִיט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד
לֶעבְּט בְּשָׁלוֹם אוּנְטֶער אֵייַנַאנְדֶער:

קאפיטעל י

1 אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶע־
קוּמֶען צוּ דִיא גְרֶענֶעץ פוּן יְהוּדָה, פוּן דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט
יַרְדֵן; אוּנְד דִיא לֵייט הָאבֶּען זִיךְ װִידֶער צוּ אִיהְם פֶערְ־
זַאמֶעלְט, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא װִידֶער גֶעלֶעהְרְט, אַזוֹי װִיא
2 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען זֵיינֶע גֶעוְואוֹינְהֵייט: אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים
זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, אִיז
עֶס דֶערְלוֹיבְּט אַז אַ מַאן זָאל זֵיין װַייבּ שֵׁיידֶען? אוּנְד
3 הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרִיפְט, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס הָאט אֵייךְ מֹשֶׁה גֶעבָּאטֶען?
4 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מֹשֶׁה הָאט דֶערְלוֹיבְּט אַז אַ
5 מַאן זָאל שְׁרֵייבֶּען אַ גֵט אוּנְד זָאל זִיא שֵׁיידֶען: אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶעגֶען אֵייעֶרֶע הַארְטֶע הֶערְצֶער
6 הָאט עֶר אֵייךְ דִיזֶעס גֶעבָּאט גֶעשְׁרִיבֶּען: אָבֶּער פוּן
דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן דֶעם בֶּעשֶׁעפֶענִיס הָאט גָאט בֶּעשַׁאפֶען
7 זָכָר אוּנְד נְקֵבָה: דְרוּם זָאל אַ מַאן פֶערְלָאזֶען זֵיין פָאטֶער
8 אוּנְד מוּטֶער אוּנְד זָאל זִיךְ בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זֵיין װַייבּ: אוּנְד
דִיא צְווֵייא זָאלֶען זֵיין אֵיין פְלֵיישׁ. אַזוֹי זֶענֶען זֵייא נִיט
9 מֶעהְר צְווֵייא, נֵייעֶרְט אֵיין פְלֵיישׁ: דְרוּם וָואס גָאט הָאט
10 פֶערְאֵיינִיגְט דָאס זָאל קֵיינֶער נִיט צוּשֵׁיידֶען: אוּנְד אִים
הוֹיז הָאבֶּען אִיהְם דִיא תַּלְמִידִים װִידֶער גֶעפְרֶעגְט װֶעגֶען
11 דִיזֶע זַאךְ אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶער עֶס װֶעט

זַיין וַוייבּ שֵׁיידֶען אוּנְד הֶעט אַיינֶע אַנְדֶערֶע נֶעמֶען, בֶּעגֶעהְט
12 עֶר זְנוּת מִיט אִיהְר: אוּנְד וֶוען זִיא שֵׁיידֶעט זִיךְ פוּן אִיהְר
מַאן, אוּנְד הָאט חַתוּנָה מִיט אַיין אַנְדֶערֶען בֶּעגֶעהְט זִיא
זְנוּת:
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אַז
עֶר זָאל זַייא אָנְרִיהְרֶען; אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זַייא
14 אָנְגֶעשְׁרִיעֶן: אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶס
אִיהְם פֶערְדְרָאסֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, לָאזְט
דִיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער צוּ מִיר קוּמֶען; פֶערְבִּיט זַייא נִיט;
15 וָוארִין פוּן אַזֶעלְכֶע אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט נִיט אָנְנֶעמֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט וִויא אַ קְלֵיין קִינְד, דֶער זָאל נִיט דְרִינֶען אַרֵיינְ־
16 קוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא אִין דִיא אָרְמֶע גֶענוּמֶען, אוּנְד
הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף זַייא גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאט זַייא גֶע־
בֶּענְשְׁט:
17 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין וֶועג אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אִיז אִיהְם אֵיי־
נֶער אַנְטְקֶעגֶען גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט פָאר אִיהְם אַנִידֶער
גֶעקְנִיעֶט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, גוּטֶער לֶעהְרֶער וָואס
18 זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל עֶבִּיגֶעם לֶעבֶּען יַרְשְׁנֶען? אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט פַארְוָואס רוּפְסְט דוּא מִיךְ
גוּט? קֵיינֶער אִיז גוּט, אוֹיסֶער אֵיינֶער דֶער אִיז גָאט:
19 דוּא קֶענְסְט דִיא גֶעבָּאטֶע, דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶה זַיין, דוּא
זָאלְסְט נִיט טֵייטֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶנֶען, דוּא זָאלְסְט
נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט רוֹיבֶּען, עֶהְרֶע
20 דַיין פָאטֶער אוּנְד מוּטֶער: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, לֶעהְרֶער דִיזֶע אַלֶע הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיין
21 יוּגֶענְד אָן: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַיין זַאךְ
פֶעהְלְט דִיר. גֶעה אוּנְד פֶערְקוֹיף וָואס דוּא הָאסְט, אוּנְד
גִיבּ צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אַ שַׁאץ אִים
22 הִימֶעל. אוּנְד קוּם פָאלְג מִיר נָאךְ: אוּנְד עֶר אִיז טְרוֹיְרִיג
בֶּעוֶועזֶען אִיבֶּער דִיזֶען וָוארְט, אוּנְד אִיז בֶּעטְרִיבְּט אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, וָוארִין עֶר הָאט פִיל פֶערְמֶעגֶען גֶעהַאט:
23 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט צוּ זַיינֶע

תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, וִויא שְׁוֶוער וֶועלֶען דִיא וָואס הָאבֶּען
24 רַייכְטוּם אִים קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אַרַיינְקוּמֶען: אוּנְד דִיא
תַּלְמִידִים זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוֶועזֶען אִיבֶּער זַיינֶע וֶוערְטֶער.
אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט וִוידֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, קִינְדֶער, וִויא שְׁוֶוער אִיז עֶס פַאר דִיא וָואס
פֶערְזִיכֶערְן זִיךְ אוֹיף רַייכְטוּם אִים קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט
25 אַרַיינְצוּקוּמֶען! עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְךְ דֶעם
לָאךְ פוּן אַ נָאדֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען, וִויא פַאר אַ רַייכֶען אִים
26 קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אַרַיינְצוּקוּמֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
נָאךְ מֶעהְר פֶערְוְוָאוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער צוּם אַנְ־
27 דֶערְן גֶעזָאגְט, וֶוער קֶען דֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אוּנְד
• יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, בֵּייא
מֶענְשֶׁען אִיז דָאס אוּנְמֶעגְלִיךְ, אָבֶּער נִיט בֵּייא גָאט; וָוארִין
28 בֵּייא גָאט אִיז אַלֶעס מֶעגְלִיךְ: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט אָנְגֶע־
הוֹיבֶּען צוּ אִיהְם צוּ זָאגֶען, זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס
29 פֶערְלָאזְט, אוּנְד הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט: יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז נִיט דָא אֵיינֶער
וָואס הָאט פֶערְלָאזְט הוֹיז, אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער שְׁוֶועסְטֶער,
אָדֶער מוּטֶער, אָדֶער פָאטֶער, אָדֶער קִינְדֶער, אָדֶער פֶעלְ־
30 דֶער, מַיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד וֶועגֶען דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה: וָואס
וֶועט נִיט בֶּעקוּמֶען הוּנְדֶערְטפֶעלְטִיג אִיצְט אִין דִיזֶער
צֵייט, הֵייזֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אוּנְד שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד מוּטֶער,
אוּנְד קִינְדֶער, אוּנְד פֶעלְדֶער, מִיט פֶערְפָאלְגוּנְג, אוּנְד אִים
קוּמֶענְדִיגֶען צֵייטאַלְטֶער, אִין יֶענֶער וֶועלְט דָאס עֶבִּיגֶע
31 לֶעבֶּען: אוּנְד פִילֶע וָואס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע וֶועלֶען זַיין
לֶעצְטֶע, אוּנְד דִיא לֶעצְטֶע עֶרְשְׁטֶע:
32 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ גֶעהֶען קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען; אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען נָאכְגֶע־
גַאנְגֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען. אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער
גֶענוּמֶען דִיא צְוֶועלְף, אוּנְד הָאט זֵייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
33 זָאגֶען וָואס עֶס וֶועט צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען: זֶעהְט, מִיר
גֶעהֶען אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען צוּ דִיא כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים;

אוּנְד זַייא װֶעלֶען אִיהְם דַן זַיין צוּם טוֹיט, אוּנְד װֶעלֶען
34 אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דִיא גוֹיִם: אוּנְד זַייא װֶעלֶען אִיהְם
אוֹיסְשְׁפֶּעטֶען אוּנְד װעלֶען אִיהְם שְׁמֵייסֶען אוּנְד װֶעלֶען
אוֹיף אִיהְם שְׁפֵּייעֶן אוּנְד װֶעלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; אוּנְד
נָאךְ דְרַייא טֶעג װֶעט עֶר װִידֶער אוֹיפְשְׁטֶעהֶען:
35 אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן דִיא זִיהְן פוּן זַבְדִי זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, מִיר װִילֶען אַז
36 דוּא זָאלְסְט אוּנְס טְהוּן װָאס מִיר װֶעלֶען דִיךְ בֶּעטֶען: אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, װָאס װִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל
37 אַייךְ טְהוּן? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ אוּנְס
אַז מִיר זָאלֶען זִיצֶען אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד
אֵיינֶער צוּ דֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד, אִין דֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט:
38 אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר װֵייסְט נִיט װָאס
אִיהְר פֶּערְלַאנְגְט. קֶענְט אִיהְר דֶעם כּוֹס טְרִינְקֶען װָאס
אִיךְ טְרִינְק? אוּנְד מִיט דֶער טְבִילָה גֶעטוֹבֶלְט װֶערֶען מִיט
39 דֶער אִיךְ בִּין גֶעטוֹבֶלְט? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, מִיר קֶענֶען. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר
װֶעט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס װָאס אִיךְ טְרִינְק, אוּנְד מִיט דֶער
טְבִילָה מִיט דֶער אִיךְ בִּין גֶעטוֹבֶלְט װֶעט אִיהְר אוֹיךְ
40 גֶעטוֹבֶלְט װֶערֶען: אָבֶּער צוּ זִיצֶען צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד אוּנְד צוּ מֵיינֶע לִינְקֶע הַאנְד אִיז נִיט מֵיין צוּ גֶעבֶּען,
41 נֵייעֶרְט צוּ דִיא פַאר װֶעמֶען עֶס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט: אוּנְד
װֶען דִיא צֶעהְן הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא אָנְגֶע־
42 הוֹיבֶּען בֵּייז צוּ זַיין אִיבֶּער יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן: אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט זַייא צוּ זִיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר װֵייסְט אַז דִיא װָאס זֶענֶען אָנְגֶעזֶעהֶען װִיא פִירְשְׁטֶען
פוּן דִיא גוֹיִם הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זַייא, אוּנְד דִיא גְרוֹיסֶע צְוִוי־
43 שֶׁען זַייא גֶעװָעלְטִיגֶען אִיבֶּער זַייא: אָבֶּער עֶס זָאל נִיט
אַזוֹי זַיין צְווִישֶׁען אַייךְ נֵייעֶרְט דֶער װָאס װִיל גְרוֹיס זַיין
44 צְווִישֶׁען אַייךְ, דֶער זָאל זַיין אַייעֶר דִינֶער: אוּנְד דֶער װָאס
װִיל זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער צְווִישֶׁען אַייךְ דֶער זָאל זַיין קְנֶעכְט
45 פוּן אַלֶע: װָארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז נִיט גֶעקוּמֶען בֶּע־
דִינְט צוּ װֶערֶען, נֵייעֶרְט צוּ בֶּעדִינֶען, אוּנְד זַיין לֶעבֶּען צוּ
גֶעבֶּען אֵיינֶע אוֹיסְלֵייזוּנְג פַאר פִילֶע:

46 אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין יְרִיחוֹ; אוּנְד וֶוען עֶר אִיז
פוּן יְרִיחוֹ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד פִיל
לַייט, אִיז דֶער בְּלִינְדֶער בֶּעטְלֶער בַּר־טִימַי, דֶער זוּהְן פוּן
47 טִימַי, גֶעזֶעסֶען בֵּיים וֶועג: אוּנְד ווִיא עֶר הָאט גֶעהֶערְט
אַז עֶס אִיז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ בֶּן דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער
48 מִיר: אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אַז עֶר זָאל
שְׁווַייגֶען. אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ פִיל מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן, דוּא
49 זוּהְן פוּן דָוִד, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז
שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רוּפְט אִיהְם, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען דֶעם בְּלִינְדֶען גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זַייא גֶעטְרַייסְט, שְׁטֶעה אוֹיף, עֶר רוּפְט דִיךְ:
50 אוּנְד עֶר הָאט זַיין מַאנְטֶעל אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד אִיז
51 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ: אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס
ווִילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן? אוּנְד דֶער בְּלִינְדֶער
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבּוֹנִי, אַז אִיךְ זָאל זֶעהֶענְדִיג
52 וֶוערֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק,
דַיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ גֶערֶעטֶעט. אוּנְד עֶר אִיז גְלֵייךְ
זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיף דֶעם וֶועג
נָאכְגֶעפָאלְגְט:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאהֶענְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם, קַיין
בֵּית־פַּגֵי אוּנְד בֵּית־הִינִי בֵּיים הַר הַזֵּיתִים, הָאט עֶר אַוֶועקְ־
2 גֶעשִׁיקְט צְווַייא פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דָארְף אַרַיין, וָואס אִיז קֶעגֶען אַייךְ,
אוּנְד גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר וֶועט דְרִינְגֶען אַרַיינְקוּמֶען, וֶועט
אִיהְר גֶעפִינֶען אַ יוּנְגֶען עֶזֶעל אָנְגֶעבּוּנְדֶען, אוֹיף וֶועלְכֶען
קַיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ נִיט גֶעזֶעסֶען; לָאזְט עֶס לוֹיז, אוּנְד
3 בְּרֶענְגְט עֶס: אוּנְד וֶוען אִימֶעצֶער וֶועט צוּ אַייךְ זָאגֶען,
פַארְוָואס טְהוּט אִיהְר דָאס? אַזוֹי זָאגְט, אַז דֶער הַאר
בֶּעדַארְף עֶס; אוּנְד גְלֵייךְ וֶועט עֶר עֶס אַהֶער שִׁיקֶען:
4 אוּנְד זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען
דֶעם יוּנְגֶען עֶזֶעל אָנְגֶעבּוּנְדֶען דְרוֹיסֶען בֵּייא דֶער טְהִיר

וְואוּ דִיא וֶועגֶען שֵׁיידֶען זִיךְ; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען עֶס לוֹיז
5 גֶעלָאזְט: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶע־
שְׁטַאנֶען הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּט אִיהְר, אַז
6 אִיהְר לָאזְט לוֹיז דֶעם יוּנְגֶען עֶזֶעל? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, אַזוֹי וְוִיא יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעהֵייסֶען. אוּנְד
7 זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעלָאזְט גֶעהֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶעם
יוּנְגֶען עֶזֶעל גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
קְלֵיידֶער דְרוֹיף גֶעלֶעגְט; אוּנְד עֶר אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען:
8 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיף דֶעם וֶועג אוֹיסְ־
גֶעשְׁפְּרֵייט; אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען צְוֵוייגֶען
9 פוּן דִיא פֶעלְדֶער: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען,
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט,

„הוֹשַׁעְנָא, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וֶועלְכֶער קוּמְט אִים
10 נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר: גֶעלוֹיבְּט אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער דָוִד, וָואס קוּמְט; הוֹשַׁעְנָא אִין
דֶער הֵייךְ“!

11 אוּנְד עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ; אוּנְד הָאט אוֹיף אַלֶעס אַרוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד וֶוען עֶס
אִיז שׁוֹין אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, אִיז עֶר אַרוֹסְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
בֵּית־הִינֵי מִיט דִיא צְוֶועלְף:
12 אוּנְד צוּ מָארְגֶען פְרִיה, וֶוען זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
13 פוּן בֵּית־הִינֵי, אִיז עֶר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר הָאט
דֶערְזֶעהֶען פוּן וֵוייטֶען אַ פֵייגֶענְבּוֹים, וָואס הָאט גֶעהַאט
בְּלֶעטֶער, אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען אוֹיבּ עֶר
וֶועט נִיט עֶפֶּעס דְרוֹיף גֶעפִינֶען, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּגֶע־
קוּמֶען, הָאט עֶר נִיט מֶעהְר גֶעפִינֶען וְוִיא בְּלֶעטֶער; וָוארִין
14 עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען דִיא צֵייט פוּן פֵייגֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֵיינֶער
זָאל נִיט מֶעהְר פוּן דִיר קֵיינֶע פֵּירוֹת עֶסֶען אוֹיף עֶבִּיג.
אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט:
15 אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְ־
צוּטְרֵייבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען פַארְקוֹיפְט אוּנְד גֶעקוֹיפְט

אין בּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט אוּמְגֶעוָוארְפֶען דִיא טִישׁ פוּן
דִיא וֶועקְסְלֶער, אוּנְד דִיא שְׁטוּהְלֶען פוּן דִיא טוֹיבֶּען־
16 הֶענְדְלֶער: אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעלָאזְט אַז אִימֶעצֶער זָאל
17 אַ כֵּלִי דוּרכטְרָאגֶען דוּרךְ דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעלֶעהְרְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, שְׁטֶעהְט עֶס
נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הוֹיז זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען אַ הוֹיז פוּן
גֶעבֶּעט צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער? אָבֶּער אִיהְר הָאט עֶס גֶעמַאכְט
18 צוּ אַ הֶעלֶע פוּן רוֹיבֶּער: אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעזוּכְט וִויא זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוּמבְּרֶענְגֶען; וָוארִין זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ פָאר אִיהְם גֶעפָארְכְטֶען, וֵוייל אַלֶע לֵייט הָאבֶּען
זִיךְ פֶערוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער זֵיינֶע לֶעהְרֶע:
19 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶענְד גֶעוָוארֶען, זֶענֶען זֵייא אוֹיס דֶער
שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
20 אוּנְד אִין דֶער פְרִיה וֶוען זֵייא זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען,
הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים פֶערְדַארְט פוּן דֶער
21 וואוּרְצֶעל: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, זֶעה, דֶער פֵייגֶענְבּוֹים וָואס דוּא
22 הָאסְט גֶעשָׁאלְטֶען אִיז פֶערְדַארְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאט גְלוֹיבֶּען
23 אִין גָאט: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וֶוער עֶס וֶועט זָאגֶען צוּ
דִיזֶען בַּארְג, זֵייא אַוֶועק גֶערִיקְט אוּנְד אִים יָם אַרֵיינְגֶע־
וָוארְפֶען, אוּנְד וֶועט נִיט צְוֵוייפְלֶען אִין זֵיין הַארְץ, נֵייעֶרְט
הָאט גְלוֹיבֶּען אַז דָאס וָואס עֶר זָאגְט וֶועט גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי
24 וֶועט דָאס צוּ אִיהְם זֵיין: דְרוּם זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַלֶעס וָואס
אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען אוּנְד פֶערלַאנְגֶען, גְלוֹיבְּט אַז אִיהְר
25 דֶערְהַאלְט, אוּנְד עֶס וֶועט צוּ אֵייךְ זֵיין: אוּנְד וֶוען אִיהְר
שְׁטֶעהְט אוּנְד בֶּעטֶעט, אַזוֹי פֶערְגִיבְּט וֶוען אִיהְר הָאט עֶפֶּעס
קֶעגֶען אֵיינֶעם, אַז אֵייעֶר פָאטֶער וֶועלְכֶער אִיז אִים הִימֶעל
זָאל אֵייךְ אוֹיךְ פֶערְגֶעבֶּען אֵייעֶרֶע פֶעהְלֶער:
26 אוּנְד זֵייא זֶענֶען ווידֶער גֶעקוּמֶען קַיין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא
27 עֶלְצְטֶע: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיט וָואס

פַאר אַ מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיזֶע זַאכֶען? אוּנְד וֶוער הָאט
דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַז דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען
טְהוּן? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אֵייךְ 28
אוֹיךְ אַ זַאךְ פְרֶעגֶען, אוּנְד עֶנְטְפֶערְט מִיר, אוּנְד אִיךְ וֶועל
אֵייךְ זָאגֶען מִיט וָואס פַאר אַ מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע
זַאכֶען: דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען פוּן הִימֶעל 29
אָדֶער פוּן מֶענְשֶׁען? עֶנְטְפֶערְט מִיר: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען 30
צְווִישֶׁען זִיךְ אִיבֶּערְלֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען מִיר וֶועלֶען
זָאגֶען פוּן הִימֶעל; אַזוֹי וֶועט עֶר זָאגֶען, פַארְוָואס הָאט
אִיהְר אִיהְם דֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? אָבֶער וֶוען מִיר וֶועלֶען 31
זָאגֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען
פָאר דִיא לֵייט; וָוארִין זַייא הָאבֶּען יוֹחָנָן גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ
נָבִיא: אוּנְד זַייא הָאבְּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט 32
צוּ יֵשׁוּעַ, מִיר ווִיסֶען נִיט. אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג אֵייךְ אוֹיךְ נִיט מִיט וָואס פַאר אַ מַאכְט
אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען:

## קאפיטעל יב

אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זַייא צוּ רֶעדֶען אִין מְשָׁלִים, 1
אַ מַאן הָאט גֶעפְלַאנְצְט אַ ווֵיינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאט אַרוּם
אִיהְם גֶעמַאכְט אַ צוֹים, אוּנְד הָאט גֶעגְרָאבֶּען אַ קֶעלְטֶער
אוּנְד הָאט גֶעבּוֹיט אַ טְהוּרְם, אוּנְד הָאט אִיהְם פֶערְדוּנְגֶען
צוּ ווֵיינְגֶערְטְנֶער, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען: אוּנְד מִיט 2
דֶער צֵייט הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט אַ קְנֶעכְט צוּ דִיא ווֵיינְגֶערְט־
נֶער, אַז עֶר זָאל פוּן זַייא נֶעמֶען דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם
ווֵיינְגָארְטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד 3
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: אוּנְד 4
עֶר הָאט ווִידֶער צוּ זַייא אֵיין אַנְדֶערן קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט;
אִיהְם הָאבֶּען זַייא אוֹיךְ דֶען קָאפּ צוּשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
אִיהְם מִיט שַׁאנְד בֶּעהַאנְדֶעלְט: אוּנְד עֶר הָאט אֵיין אַנְדֶערְן 5
גֶעשִׁיקְט, אִיהְם הָאבֶּען זַייא אוֹיךְ גֶעהַרְגֶעט; אוּנְד נָאךְ
פִילֶע אַנְדֶערֶע, עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד
עֶטְלִיכֶע גֶעהַרְגֶעט: אוּנְד עֶר הָאט נָאךְ גֶעהַאט אֵיין אֵיינְ־ 6
צִיגֶען גֶעלִיבְּטֶען זוּהְן, אִיהְם הָאט עֶר צוּלֶעצְט צוּ זַייא
גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זַייא וֶועלֶען מֵיין זוּהְן עֶהְרֶען:

7 אָבֶּער יֶענֶע וויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערְן, דָאס אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט אוּנְד לָאזְט אוּנְס אִיהְם
8 הַרְגֶענֶען, אוּנְד דִיא יְרוּשָׁה וֶועט אוּנְזֶער זַיין: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַרְגֶעט, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶעם וויינְגָארְטֶען אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען:
9 וָואס וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם וויינְגָארְטֶען טְהוּן? עֶר וֶועט
קוּמֶען אוּנְד עֶר וֶועט דִיא וויינְגֶערְטְנֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד
10 וֶועט דֶעם וויינְגָארְטֶען צוּ אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען: הָאט אִיהְר
אוֹיךְ נִיט גֶעלֵיינְט דִיזֶע שְׁרִיפְט,
"דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹימֵייסְטֶער הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען,
11 דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען: דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען
פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד עֶס אִיז וְואוּנְדֶערְלִיךְ אִין אוּנְזֶערֶע
אוֹיגֶען"? (תהלים קיח' כא' כב'.)
12 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען; אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען פַאר דִיא לֵייט; וָוארִין זַייא הָאבֶּען
גֶעוְואוּסְט אַז עֶר הָאט קֶעגֶען זַייא דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט;
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְלָאזְט אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶע-
גַאנְגֶען:
13 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא
פְּרוּשִׁים אוּנְד פוּן הוֹרְדוּס לֵייט, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם
14 פַאנְגֶען אִים רֶעדֶען: אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, מִיר וִויסֶען אַז דוּא בִּיסְט
וָואהְרְהַאפְטִיג, אוּנְד פְרֶעגְסְט נָאךְ קֵיינֶעם נִיט. וָוארִין דוּא
בִּיסְט קֵיין מֶענְשׁ נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, נֵייעֶרְט דוּא לֶעהְרְסְט
דֶעם וֶועג פוּן גָאט אִין וָואהְרְהֵייט; אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט מַ'ס
צוּ גֶעבֶּען צוּם קֵייסֶר, אָדֶער נִיט? זָאלֶען מִיר גֶעבֶּען, אָדֶער
15 נִיט גֶעבֶּען? אָבֶּער עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט זַיירֶע הֵייכְלֶערַייא,
אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פַארְוָואס פְּרוּפְט אִיהְר מִיךְ?
16 בְּרֶענְגְט מִיר אַ גְרָאשֶׁען, אַז אִיךְ זָאל עֶס זֶעהֶען? אוּנְד
זַייא הָאבֶּען עֶס גֶעבְּרַאכְט. אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
וֶועמֶעס אִיז דִיזֶעס בִּילְד אוּנְד אוֹיפְשְׁרִיפְט? אוּנְד זַייא
17 הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶעם קֵייסֶער'ס: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גִיבְּט דֶעם קֵייסֶער וָואס אִיז דֶעם
קֵייסֶער'ס, אוּנְד צוּ גָאט וָואס אִיז גָאט'ס. אוּנְד זַייא

18 הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער אִיהְם: אוּנְד דִיא צַדוּקִים
זָענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס זָאגֶען אַז עֶס אִיז קֵיין תְּחִיַּת
הַמֵּתִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט:
19 רַבִּי, משֶׁה הָאט אוּנְס גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז וֶוען דֶער בְּרוּדֶער פוּן
אַ מֶענְשׁ וָואט שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד וֶועט אִיבֶּערְלָאזֶען זַיין וַוייבּ
אוּנְד וֶועט קֵיינֶע קִינְדֶער לָאזֶען, זָאל זַיין בְּרוּדֶער זַיין וַוייבּ
נֶעמֶען, אוּנְד זָאל קִינְדֶער אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צוּ זַיין בְּרוּדֶער:
20 דָא זָענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער, אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער
הָאט גֶענוּמֶען אַ וַוייבּ, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד
21 הָאט קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזְט: אוּנְד דֶער צְוֵוייטֶער
הָאט זִיא גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד הָאט אוֹיךְ
קֵיינֶע קִינְדֶער נִיט גֶעלָאזְט. אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער דְרִיטֶער:
22 אוּנְד דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט
גֶעלָאזְט קֵיינֶע קִינְדֶער, צוּלֶעצְט פוּן אַלֶע אִיז דִיא פְרוֹיא
23 אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען: דְרוּם אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, וֶוען זַייא
וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין, וֶועלְכֶער פוּן זַייא וֶועט זִיא הָאבֶּען
פַאר אַ וַוייבּ? וָוארִין דִיא זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא גֶעהַאט פַאר
24 אַ וַוייבּ: יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, פֶערְאִירְט אִיהְר אֵייךְ דֶען נִיט דַארוּם, וַוייל אִיהְר
קֶענְט נִיט דִיא שְׁרִיפְט, אוֹיךְ נִיט דִיא מַאכְט פוּן גָאט?
25 וָוארִין וֶוען זַייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, אַזוֹי
וֶועלֶען זַייא נִיט הֵייַראטֶען, אוּנְד נִיט פֶערְהֵייַראטֶעט וֶוע־
26 רֶען, נֵייעֶרְט זָענֶען וְוִיא דִיא מַלְאָכִים אִים הִימֶעל: אָבֶּער
וֶועגֶען דִיא טוֹיטֶע, דָאס זַייא שְׁטֶעהֶען אוֹיף, הָאט אִיהְר
נִיט גֶעלֵייעֶנְט אִים סֵפֶר פוּן משֶׁה, וְוִיא גָאט הָאט צוּ אִיהְם
גֶערֶעט פוּן דֶעם דָארְנְבּוּשׁ? אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
דֶער גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶער גָאט פוּן
27 יַעֲקֹב: עֶר אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן
28 דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע. אִיהְר פֶערְאִירְט אֵייךְ זֶעהְר: אוּנְד אֵיינֶער
פוּן דִיא סוֹפְרִים אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, וָואס הָאט זַייא
גֶעהֶערְט צוּזַאמֶען מְפַלְפֵּל זַיין, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר
הָאט זַייא גוּט גֶעעֶנְטְפֶערְט. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט,
29 וָואס פַאר אַ מִצְוָה אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פוּן אַלֶע? אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דִיא עֶרְשְׁטֶע אִיז, הֶער יִשְׂרָאֵל, דֶער הַאר

30 אוּנְזֶער גָאט אִיז אֵיין הַאר: אוּנְד דוּא זָאלְסְט לִיבֶּען דֶעם
הַאר דַיין גָאט מִיט דֵיין גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט דֵיינֶע
גַאנְצֶער זֶעלֶע, אוּנְד מִיט דֵיין גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד
מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע קְרַאפְט. דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה:
31 דִיא צְווֵייטֶע אִיז דִיזֶע, דוּא זָאלְסְט דֵיין חַבֵר לִיבֶּען וִויא
דִיךְ זֶעלְבְּסְט; עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע מִצְוָה גְרֶעסֶער
32 וִויא דִיזֶע: אוּנְד דֶער סוֹפֵר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוֹיל
לֶעהְרֶער, דוּא הָאסְט וָואהְרְהַאפְטִיג גֶעזָאגְט. אַז עֶר אִיז
33 אֵיינֶער, אוּנְד עֶס אִיז קֵיין אַנְדֶערֶער נִיט חוּץ אִיהְם: אוּנְד
אִיהְם צוּ לִיבֶּען מִיט דֶעם גַאנְצֶען הַארְץ, אוּנְד מִיט דֶעם
גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד מִיט דֶער גַאנְצֶער קְרַאפְט, אוּנְד
זֵיין חַבֵר צוּ לִיבֶּען וִויא זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אִיז מֶעהְר פוּן אַלֶע
34 עוֹלוֹת אוּנְד זְבָחִים: אוּנְד וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר
הָאט קְלוּג גֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
בִּיסְט נִיט וַוייט פוּן דֶעם קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט. אוּנְד קֵיינֶער
הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואגְט אִיהְם נָאךְ עֶפֶּעס מֶעהְר צוּ פְרֶעגֶען:
35 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר
הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ, וִויא אַזוֹי זָאגֶען דִיא
36 סוֹפְרִים אַז דֶער מָשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן דָוִד? וָוארִין דָוִד
זֶעלְבְּסְט הָאט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, „דֶער הַאר
הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זִיץ דוּא צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד, בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד אַ פוּסְשְׁטוּל צוּ
37 דֵיינֶע פִיס“: דְרוּם וֶוען דָוִד רוּפְט אִיהְם זֶעלְבְּסְט הַאר,
וִויא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען זֵיין זוּהְן? אוּנְד פִיל לֵייט
38 הָאבֶּען אִיהְם גֶערְן גֶעהֶערְט: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִין
זֵיינֶע לֶעהְרֶע, הִיט אֵייךְ פָאר דִיא סוֹפְרִים, וָואס הָאבֶּען
גֶערְן צוּ גֶעהֶען אִין לַאנְגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד גֶעגְרִיסְט צוּ
39 וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען: אוּנְד שְׁטֶעהֶען גֶערְן אוֹיבֶּען אָן
אִין דִיא שׁוּהְלֶען, אוּנְד זִיצֶען אוֹיבֶּען אָן אוֹיף סְעוּדוֹת:
40 וָואס עֶסֶען אוֹיף דִיא הֵייזֶער פוּן אַלְמָנוֹת, אוּנְד פַאר אֵיין
אוֹיסְרַייד זֶענֶען זֵייא לַאנְג מִתְפַּלֵל. דִיזֶע וֶועלֶען אַ
41 גְרֶעסֶער מִשְׁפָּט אַנְטְפַאנְגֶען: אוּנְד עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען קֶע־
גֶענְאִיבֶּער דֶעם אוֹצָר, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען וִויא דִיא לֵייט
וַוארְפֶען אַרַיין גֶעלְד אִין דֶעם אוֹצָר, אוּנְד פִילֶע רֵייכֶע

42 הָאבֶּען פִיל אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען: אוּנְד אֵיינֶע אָרְמֶע אַלְמָנָה
אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צְוַויא פְּרוּטוֹת,
43 דָאס מַאכֶען אוּים אַ פִירְטֶעל גְרָאשֶׁען: אוּנְד עֶר הָאט זַיינֶע
תַּלְמִידִים צוּגֶערוּפֶען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז דִיזֶע אָרְמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וִויא אַלֶע וָואס הָאבֶען אִין דֶעם קַאסְטֶען
44 אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען: וָוארִין אַלֶע הָאבֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען פוּן
דֶעם וָואס זֵייא הָאבֶען אִיבְּרִיג, אַבֶּער זִיא הָאט פוּן
אִיהְרֶע אָרֶעמְקֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אַלֶעס וָואס זִיא הָאט,
אַפִילוּ אִיהְרֶע גַאנְצֶע דֶערְנֶעהְרוּנְג:

## קאַפּיטעל יג

1 וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי
הָאט אֵיינֶער פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, זֶעה,
וָואס פַאר שְׁטֵיינֶער אוּנְד וָואס פַאר אַ גֶעבֵּייד הִיר אִיז:
2 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעהְסְט דוּא דִיזֶעם גְרוֹי-
סֶע גֶעבֵּייד? דָא וֶועט נִיט בְּלֵייבֶּען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם
3 אַנְדֶערְן וָואס וֶועט נִיט אַרוּפְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם הַר הַזֵיתִים קֶעגֶענְאִיבֶּער דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאבֶּען אִיהְם פֶּעטְרוֹס אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן
4 אוּנְד אַנְדְרַי בֵּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפְרֶעגְט: זָאג אוּנְס וֶוען
וֶועלֶען דִיזֶע זַאכֶען זַיין, אוּנְד וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען וֶוען
5 דִיזֶע אַלֶע וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זֵייא צוּ זָאגֶען, הִיט אֵייךְ אַז קֵיינֶער זָאל
6 אֵייךְ נִיט פֶערְפִירֶען: וָוארִין פִילֶע וֶועלֶען קוּמֶען אִין מֵיין
נָאמֶען, אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען אִיךְ בִּין עֶס, אוּנְד וֶועלֶען פִילֶע
7 פֶערְפִירֶען: אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת
אוּנְד גֶערֵייד פוּן מִלְחָמוֹת, דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. וָוארִין
דָאס מוּס גֶעשֶׁעהֶען, אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז נָאךְ נִיט דָא:
8 וָוארִין אֵיין פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען אֵיין אַנְדֶער
פָאלְק, אוּנְד אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן. עֶס וֶועט
זַיין עֶרְדְצִיטֶערְנִים אִין עֶטְלִיכֶע עֶרְטֶער, עֶס וֶועט זַיין
9 הוּנְגֶער; דִיזֶע זֶענֶען דֶער אָנְהוֹיבּ פוּן וֵוייטָאג: גִיבְּט אַכְט
אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְלִיפֶערְן צוּ
דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד אִין דִיא שׁוּהְלֶען וֶועט אִיהְר גֶעשְׁלָאגֶען

װֶערֶען, אוּנְד אִיהְר װֶעט פָאַרְגֶעשְׁטֶעלְט װֶערֶען פָאַר
פִירְשְׁטֶען אוּנְד קֶענִיגֶע פוּן מֵיינֶעט װֶעגֶען, פַאר אֵיין
10 צֵייגְנִים צוּ זֵייא: אוּנְד דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה מוּס צוּעֶרְשְׁט
11 גֶעפְּרֶעדִיגְט װֶערֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער: אוּנְד װֶען זֵייא
װֶעלֶען אֵייךְ אַװֶעקְפִיהְרֶען אוּנְד אִיבֶּערְלִיפֶערְן, זָארְגְט נִיט
װָאס אִיהְר זָאלְט רֶעדֶען, נֵייעֶרְט װָאס עֶס װֶעט אֵייךְ גֶע־
גֶעבֶּען װֶערֶען אִין דֶערְזֶעלְבִּיגֶער שָׁעָה, דָאס זָאלְט אִיהְר
רֶעדֶען. װָארִין עֶס אִיז נִיט אִיהְר דִיא רֶעדֶען, נֵייעֶרְט
12 דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: אוּנְד אַ בְּרוּדֶער װֶעט אַ בְּרוּדֶער
אִיבֶּערְלִיפֶערְן צוּם טוֹיט, אוּנְד אַ פָאטֶער אַ קִינְד. אוּנְד
קִינְדֶער װֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֵיין קֶעגֶען זֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד
13 װֶעלֶען זֵייא אוּמְבְּרֶענְגֶען: אוּנְד אִיהְר װֶעט גֶעהַאסְט װֶע־
רֶען בֵּייא אַלֶע פוּן מֵיין נָאמֶענְס װֶעגֶען. אָבֶּער דֶער װָאס
הַאלְט אוֹיס בִּיז צוּם סוֹף, דֶער װֶעט גֶערֶעטֶעט װֶערֶען:
14 אוּנְד װֶען אִיהְר װֶעט זֶעהֶען דִיא אוּמְװִירְדִיגְקֵייט פוּן דֶער
גְרֵייעֶל שְׁטֶעהֶענְדִיג װִיא עֶס קֶעהְר נִיט צוּ שְׁטֵיין— דֶער
װָאס לֵייעֶנְט לָאז עֶר פֶערְשְׁטֵיין—אַזוֹי לָאזֶען דִיא װָאס
15 זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג: אוּנְד דֶער
װָאס אִיז אוֹיף דֶעם דַאךְ, לָאז עֶר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אוּם
16 עֶפֶּעס אוֹיס זֵיין הוֹיז צוּ נֶעמֶען: אוּנְד דֶער װָאס אִיז אִים
פֶעלְד, לָאז עֶר זִיךְ נִיט צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען אוּם זֵיינֶע
17 קְלֵיידֶער צוּ נֶעמֶען: אוּנְד װֶעה צוּ דִיא װָאס זֶענֶען
שְׁװַאנְגֶער, אוּנְד דִיא װָאס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען אִין דִיזֶע טֶעג:
18 אָבֶּער בֶּעטֶעט, דָאס עֶס זָאל נִיט זֵיין אִים װִינְטֶער: װָארִין
19 אִין דִיזֶע צֵייטֶען װֶעט זֵיין אַ צָרָה, װָאס אַזָאלְכֶע אִיז נִיט
גֶעװֶעזֶען פוּן אָנְפַאנְג פוּן דֶעם בֶּעשֶׁעפֶענִיס װָאס גָאט
הָאט בֶּעשַׁאפֶען בִּיז אַצוּנְד, אוּנְד עֶס װֶעט אוֹיךְ נִיט מֶעהְר
20 אַזוֹי זֵיין: אוּנְד װֶען דֶער הַאר הֶעט נִיט פֶערְקִירְצְט דִיא
טֶעג, הֶעט קֵיין מֶענְשׁ נִיט גֶערֶעטֶעט גֶעװָארֶען. אָבֶּער
פוּן װֶעגֶען דִיא אוֹיסְדֶערְװֵיילְטֶע װָאס עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְ־
21 װֵיילְט, הָאט עֶר דִיא טֶעג פֶערְקִירְצְט: אוּנְד דַאן װֶען אֵיי־
נֶער װֶעט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעהְט, הִיר אִיז דֶער מָשִׁיחַ, זֶעהְט
22 דָארְט, זָאלְט אִיהְר נִיט גְלוֹיבֶּען: װָארִין עֶס װֶעלֶען פַאלְשֶׁע
מְשִׁיחִים אוּנְד פַאלְשֶׁע נְבִיאִים אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: אוּנְד װֶעלֶען

גֶעבֶּען צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער, כְּדֵי צוּ פֶּערְפִיהְרֶען אֲפִילוּ
23 דִיא אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְטֶע, וֶוען עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין: אָבֶּער
הִיט אֵייךְ. זֶעהְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַלֶעס פְרִיהֶער אוֹיסְגֶע־
24 זָאגְט: אָבֶּער אִין דִיזֶע צֵייטֶען, נָאךְ יְענֶער צָרָה, וֶועט דִיא
זִין פִינְסְטֶער וֶוערֶען, אוּנְד דִיא לְבָנָה וֶועט נִיט גֶעבֶּען
25 אִיהְר לִיכְט: אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען וֶועלֶען פוּן הִימֶעל
אַרוּפְּפַאלֶען, אוּנְד דִיא מַאכְטֶען וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל
26 וֶועלֶען בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען: אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועלֶען זַייא זֶעהֶען
דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶענְדִיג אִין דִיא וָואלְקֶענְס מִיט גְרוֹיסֶע
27 מַאכְט אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט: אוּנְד דַאן וֶועט עֶר זַיינֶע מַלְאָכִים
אוֹיסְשִׁיקֶען אוּנְד וֶועט זַיינֶע אוֹיסְדֶערְוֶוייְלְטֶע אֵיינְזַאמֶעלְן
פוּן דִיא פִיר וִוינְדֶען, פוּן דֶעם עֶק פוּן דֶער עֶרְד בִּיז צוּם
28 עֶק פוּן הִימֶעל: אָבֶּער לֶערְנְט אַ מָשָׁל פוּן דֶעם פֵייגֶענְ־
בּוֹים. וֶוען זַיינֶע צְוֵוייג אִיז שׁוֹין פְרִישׁ, אוּנְד בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס בְּלֶעטֶער, וֵוייסְט אִיהְר אַז דֶער זוּמֶער אִיז נָאהְנְט:
29 אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר, וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען אַז דִיזֶע זַאכֶען
גֶעשֶׁעהֶען, וֵוייסְט אִיהְר אַז עֶס אִיז נָאהְנְט בַּייא דֶער טְהִיר:
30 בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ דִיזֶעס גֶעשְׁלֶעכְט וֶועט נִיט פֶערְבַּייא
31 גֶעהֶען בִּיז דָאס אַלֶעס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען: הִימֶעל אוּנְד עֶרְד
וֶועלֶען פֶערְבַּייא גֶעהֶען, אָבֶּער מֵיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִיט
32 פֶערְבַּייא גֶעהֶען: אָבֶּער פוּן דִיזֶען טָאג אָדֶער דִיא שָׁעָה
וֵוייס קֵיינֶער נִיט, אוֹיךְ נִיט דִיא מַלְאָכִים אִים הִימֶעל, אוּנְד
33 אוֹיךְ נִיט דֶער זוּהְן נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער: הִיט אֵייךְ, וַואכְט.
34 וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט נִיט וֶוען דִיא צֵייט אִיז: עֶס אִיז אַזוֹי
וִויא אַ מַאן וָואס פָארְט אַוֶועק, אוּנְד לָאזְט זַיין הוֹיז, אוּנְד
גִיבְּט דִיא מַאכְט צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען זַיינֶע
אַרְבַּייט אוּנְד בֶּעפֶעלְט דֶעם שׁוֹמֵר אַז עֶר זָאל וַואכֶען:
35 דְרוּם וַואכְט אִיהְר, וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט נִיט וֶוען דֶער הַאר
פוּן דֶעם הוֹיז וֶועט קוּמֶען, אוֹיף דֶעם אָבֶענְד, אָדֶער אִין
מִיטֶען דֶער נַאכְט, אָדֶער וֶוען דֶער הָאן קְרֵייעֶט, אָדֶער
36 אִין דֶער פְרִיה: טָאמֶער וֶועט עֶר קוּמֶען פְּלוּצְלוּנְג אוּנְד
37 וֶועט אֵייךְ גֶעפִינֶען שְׁלָאפֶענְדִיג: אוּנְד וָואס אִיךְ זָאג צוּ
אֵייךְ, דָאס זָאג אִיךְ צוּ אַלֶע, וַואכְט:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד נָאךְ צְוֵייא טֶעג אִיז גֶעוֶועזֶען פֶּסַח, אוּנְד דֶער חַג
הַמַּצּוֹת. אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען
גֶעזוּכְט וִויא אַזוֹי זַייא זָאלֶען אִיהְם נֶעמֶען מִיט לִיסְט אוּנְד
2 זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נִיט
אַם יוֹם טוֹב, כְּדֵי עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיין אוֹפְרוּר צְוִוישֶׁען
3 דֶעם פָּאלְק: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית עֲנְיָה אִים
הְוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם מְצוֹרָע, וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען בַּיים
טִישׁ, אַזוֹי אִיז גֶעקוּמֶען אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אַ
קְרִיגֶעל מִיט אֵייל פוּן זֶעהְר טֵייעֶרֶען נֵרְד: אוּנְד זִיא הָאט
דָאס קְרִיגֶעל צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף זֵיין קָאפּ
4 אוֹיסְגֶעגָאסֶען: אוּנְד עֶס זֶענֶען אֵיינִיגֶע גֶעוֶועזֶען וָואס
הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶרְגֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, צוּ וָואס אִיז
דִיזֶע פֶערְשְׁוֶוענְדוּנְג פוּן דֶעם מֹר גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען?
5 וָוארִין דִיזֶעס מֹר הָאט גֶעקֶענְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערֶען פַאר
מֶעהְר וִויא דְרֵייא הוּנְדֶערְט גִילְדֶען, אוּנְד צוּ דִיא אָרֶעמֶע
גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען. אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְר גֶע־
6 מוּרְמֶעלְט: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט זִיא גֶעהֶען,
וָוארוּם קְרֶענְקְט אִיהְר זִיא? זִיא הָאט אַ גוּטֶעס וֶוערְק אָן
7 מִיר גֶעטְהוּן: וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע הָאט אִיהְר תָּמִיד מִיט
אֵייךְ, אוּנְד וֶוען אִיהְר ווִילְט קֶענְט אִיהְר זַייא גוּטֶעס טְהוּן
8 אָבֶּער מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט תָּמִיד: זִיא הָאט גֶעטְהוּן וָואס
זִיא הָאט גֶעקֶענְט, זִיא אִיז פָארְגֶעקוּמֶען כְּדֵי זִיא זָאל מֵיין
9 לֵייבּ צוּ דֶער קְבוּרָה זַאלְבֶּען: בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, וְואוּ
דָאס עֶוַואנְגֶעלִיוּם וֶועט גֶעפְּרֶעדִיגְט וֶוערֶען אִין דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט, אַזוֹי וֶועט מֶען דָאס אוֹיךְ דֶערְצֶעלֶען וָואס זִיא
10 הָאט גֶעטְהוּן, צוּ אִיהְר אַנְדֶענְקֶען: אוּנְד יְהוּדָה אִישׁ
קְרִיּוֹת אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף, אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם צוּ זַייא אִיבֶּערְלִיפֶערְן:
11 אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶע־
פְרֵייט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶערְשְׁפְּרָאכֶען גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען.
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט אַ גוּנְסְטִיגֶע צֵייט אִיהְם צוּ אִיבֶּערְ־
12 גֶעבֶּען: אוּנְד אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן חַג הַמַּצּוֹת וֶוען
זַייא שֶׁעכְטֶען דָאס קָרְבַּן פֶּסַח, הָאבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּ

אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ ווילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען גֶעהְן אוּנְד
13 אָנְבְּרֵייטֶען דָאס דוּא זָאלְסְט עֶסֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח? אוּנְד
עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט צְווייא פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אִין דִיא שְׁטָאט אַרַיין; אוּנְד אַ מַאן
וֶועט אַייךְ בֶּעגֶעגְנֶען, וָואס טְרָאגְט אַ קְרוּג מִיט וַואסֶער,
14 פָאלְגְט אִיהְם נָאךְ: אוּנְד וְואוּ אַהִין עֶר וֶועט אַרַיינְגֶעהֶען,
זָאגְט צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, דֶער רַבִּי לָאזְט דִיר זָאגֶען, וְואוּ
אִיז מַיינֶע גַאסְט־שְׁטוּבּ וְואוּ אִיךְ זָאל עֶסֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח
15 מִיט מַיינֶע תַּלְמִידִים? אוּנְד עֶר וֶועט אַייךְ ווייזֶען אַ גְרוֹיסֶע
אוֹיבֶּערֶע שְׁטוּבּ, אוֹיסְגֶעצִירְט אוּנְד אָנְגֶעבְּרֵייט דָארְט זָאלְט
16 אִיהְר פַארְטִיג מַאכֶען פַאר אוּנְס: אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים זֶע־
נֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִיא
שְׁטָאט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַזוֹי וויא עֶר הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט. אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעבְּרֵייט דָאס קָרְבָּן
17 פֶּסַח: אוּנְד אוֹיף דֶעם אָבֶענְד אִיז עֶר גֶעקוּמֶען מִיט דִיא
18 צְוֶועלְף: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אַייךְ, דָאס אַיינֶער פוּן אַייךְ וָואס עֶסְט מִיט מִיר וֶועט מִיךְ
19 פֶערְמַסֶרְן: זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְרוֹירֶען, אוּנְד
הָאבֶּען אַיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דָאס?
20 אוּנְד אַיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט, בִּין אִיךְ דָאס? אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אַיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף,
21 וָואס טוּנְקְט מִיט מִיר אַיין אִין דֶער שִׁיסֶעל: וָוארִין דֶער
בֶּן אָדָם וֶועט גֶעהֶען אַזוֹי וויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף
אִיהְם. אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרךְ וֶועמֶען דֶער בֶּן
אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען. עֶס וֶוער גוּט פַאר דִיזֶען
22 מֶענְשׁ וֶוען עֶר הֶעט נִיט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען: אוּנְד וויִיל
זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶענוּמֶען בְּרוֹיט אוּנְד
הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט עֶס צֶערְבְּרָאכֶען, אוּנְד צוּ
זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד גֶעזָאגְט, נֶעמְט; דָאס אִיז מַיין לַייבּ:
23 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַ כּוֹס, אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט,
אוּנְד הָאט עֶס צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַלֶע
24 דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דָאס
אִיז מַיין בְּלוּט פוּן דֶעם נַייעֶן בּוּנְד, וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען

25 פַאר פִילֶע: בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר
טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְרוּכְט פוּן דֶעם ווייִנְשְׁטָאק, בִּיז אָן דֶעם
טָאג וֶוען אִיךְ וֶועל עֶס טְרִינְקֶען נֵייא אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
26 פוּן גָאט: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען הַלֵל גֶעזוּנְגֶען, זֶענֶען זֵייא
27 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם הַר הַזֵיתִים: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, אִיהְר אַלֶע וֶועט אֵייךְ אָן מִיר אָנְשְׁטוֹיסֶען. וָוארִין
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ וֶועל דֶעם הִירְט שְׁלָאגֶען, אוּנְד
28 דִיא שָׁאף וֶועלֶען צֶערְשְׁפְּרֵייט וֶוערֶען: אָבֶּער נָאךְ מֵיינֶע
29 אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג, וֶועל אִיךְ פָאר אֵייךְ גֶעהְן קֵיין גָלִיל: אוּנְד
פֶּטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אַלֶע זָאלֶען זִיךְ אָנ־
30 שְׁטוֹיסֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ דָאךְ נִיט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז הֵיינְט אִין דִיזֶער
נַאכְט, אֵיידֶער דֶער הָאן וֶועט צְווֵייא מָאל קְרֵייעֶן, וֶועסְט
31 דוּא מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען: אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ
אֵייפְרִיגֶער גֶערֶעט, וֶוען אִיךְ זָאל מוּזֶען מִיט דִיר שְׁטַארְבֶּען,
וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְלֵייקֶענֶען. אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ
32 אַלֶע גֶעזָאגְט: אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אֵיין אָרְט,
וָואס אִיז גֶערוּפֶען גַת־שְׁמָנִים, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
33 זֵיינֶע תַּלְמִידִים, זִיצְט אִיהְר הִיר בִּיז אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען: אוּנְד
עֶר הָאט מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן.
אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פָארְכְטֶען אוּנְד צוּ בֶּעטְרִי־
34 בֶּען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, מֵיין גֶעמִיט אִיז
זֶעהְר טְרוֹירִיג בִּיז אָן דֶעם טוֹיט. בְּלֵייבְּט הִיר אוּנְד וַואכְט:
35 אוּנְד עֶר אִיז אַבִּיסֶעל ווייטֶער גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז צוּ דֶער
עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, דָאס וֶוען עֶס אִיז
36 מֶעגְלִיךְ, זָאל דִיזֶע שָׁעָה פוּן אִיהְם פֶערְבֵּייא גֶעהְן: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אַבָּא, פָאטֶער, אַלֶעס אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא דִיר.
נֶעם אַוֶועק דִיזֶען כּוֹס פוּן מִיר. דָאךְ נִיט וָואס אִיךְ וִויל,
37 נֵייעֶרְט וָואס דוּא ווִילְסְט: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט זֵייא שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפוּנֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ
פֶּעטְרוּס, שִׁמְעוֹן, שְׁלָאפְסְט דוּא? הָאסְט דוּא נִיט גֶעקֶענְט
38 וַואכֶען אֵיינֶע שָׁעָה? וַואכְט אוּנְד בֶּעטֶעט, אַז אִיהְר זָאלְט
נִיט קוּמֶען אִין פֶערְזוּכוּנְג. דֶער גֵייסְט אִיז ווִילִיג, אָבֶּער
39 דָאס פְלֵיישׁ אִיז שְׁוַואךְ: אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען

אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט דִיא זֶעלְבִּיגֶע רֵייד גֶערֶעט:
40 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, הָאט עֶר זַייא וִוידֶער
שְׁלָאפֶענְדִיג גֶעפוּנֶען, וָוארִין זַיירֶע אוֹיגֶען זֶענֶען שְׁוֶוער
גֶעוֶועזֶען. אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס זַייא זָאלֶען
41 אִיהְם עֶנְטְפֶערְן: אוּנְד עֶר אִיז דָאס דְרִיטֶע מָאל גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, שְׁלָאפְט וַוייטֶער אוּנְד רוּהְט
אַייךְ אָפּ. עֶס אִיז גֶענוּג, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען. זֶעה,
דֶער בֶּן אָדָם אִיז אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט אִין דִיא הֶענְד פוּן
42 זִינְדֶער: שְׁטֶעהְט אוֹיף, לָאזְט אוּנְס גֶעהֶען. זֶעה, דֶער יֶע־
43 נִיגֶער וָואס פֶערְמַסֶרְט מִיךְ אִיז נָאהֶנְט: אוּנְד וַוייל עֶר
הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אִיז גְלֵייךְ יְהוּדָה, אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף
גֶעקוּמֶען, אוּנְד מִיט אִיהְם פִיל לֵייט מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד
שְׁטֶעקֶענְס, פוּן דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים אוּנְד
44 עֶלְצְטֶע: אוּנְד דֶער וָואס אִיהְם פֶערְמַסֶרְט הָאט
זַייא גֶעגֶעבֶּען אַ צֵייכֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דֶעם וָואס
אִיךְ וֶועל קִישֶׁען דֶער אִיז עֶר. נֶעמְט אִיהְם אוּנְד פִיהְרְט
45 אִיהְם זִיכֶער אַוֶועק: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אִיז עֶר
בַּאלְד צוּ אִיהְם צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, רַבִּי, רַבִּי!
46 אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעקוּשְׁט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַיירֶע
47 הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען: אוּנְד
אֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דֶערְבַּייא גֶעשְׁטַאנֶען הָאט זַיין
שְׁוֶוערְד אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט
פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד הָאט אִיהְם דָאס אוֹיעֶר אָפְּגֶע־
48 שְׁנִיטֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען וִויא קֶעגֶען אַ רוֹיבֶּער
49 מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד שְׁטֶעקֶענְס אוּם מִיךְ צוּ נֶעמֶען: אִיךְ
בִּין טֶעגְלִיךְ מִיט אַייךְ גֶעוֶועזֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד
הָאבּ גֶעלֶעהְרְט, אוּנְד אִיהְר הָאט מִיךְ נִיט גֶענוּמֶען. אָבֶּער
50 דִיא שְׁרִיפְט מוּז מְקוּיָם וֶוערֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
51 אַלֶע פֶערְלָאזֶען אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען: אוּנְד אַ יוּנְ־
גֶער מַאן הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ
לֵיילֶעךְ אַרוּם זַיין נַאקֶעטֶען לֵייבּ. אוּנְד דִיא יוּנְגֶע לֵייט
52 הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט דָאס לֵיילֶעךְ אִיבֶּערְ־
53 גֶעלָאזְט, אוּנְד אִיז פוּן זַייא נַאקֶעט אַוֶועקְגֶעלָאפֶען: אוּנְד

זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ אַוועקגֶעפִּירְט צוּם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא סוֹפְרִים הָאבֶּען
54 זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט: אוּנְד פֶּעטְרוֹס אִיז אִיהְם פוּן וַוייטֶען
נָאכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז אִין פַּאלַאסְט אַרֵיין פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל.
אוּנְד עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט דִיא מְשָׁרְתִים, אוּנְד הָאט זִיךְ
55 גֶעוַוארְמְט בַּיים פֵייעֶר: אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא
גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען גֶעזוּכְט עֵדוּת קֶעגֶען יֵשׁוּעַ, אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען:
56 אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען פַּאלְשׁ עֵדוּת גֶעזָאגְט קֶעגֶען
57 אִיהְם, אָבֶּער זֵייעֶר עֵדוּת אִיז נִיט אֵיינִיג גֶעוֶועזֶען: אוּנְד
עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען פַּאלְשׁ עֵדוּת
58 גֶעזָאגְט קֶעגֶען אִיהְם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מִיר הָאבֶּען
אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען, אִיךְ וִויל אַרוּפְוַוארְפֶען דָאס בֵּית
הַמִקְדָשׁ וָואס אִיז מִיט הֶענְד גֶעמַאכְט, אוּנְד אִין דְרֵייא
טֶעג וֶועל אִיךְ אוֹיפְבּוֹיעֶן אֵיין אַנְדֶערֶעם וָואס אִיז נִיט מִיט
59 הֶענְד גֶעמַאכְט: אָבֶּער זֵייעֶר עֵדוּת אִיז אוֹיךְ נִיט אֵיינִיג
60 גֶעוֶועזֶען: אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין
דֶער מִיטֶען, אוּנְד הָאט יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
עֶנְטְפֶערְסְט דוּא גָארְנִיט? וָואס זָאגֶען דִיזֶע קֶעגֶען דִיר?
61 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעשְׁווִיגֶען אוּנְד הָאט גָארְנִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט.
דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אִיהְם ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיזְט דוּא דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן דֶעם
62 גֶעבֶּענְשְׁטֶען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין. אוּנְד
אִיהְר וֶועט זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם זִיצֶען בַּייא דֶער רֶעכְטֶע
הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה, אוּנְד קוּמֶענְדִיג אִין דִיא וָואלְקֶענְס
63 פוּן דֶעם הִימֶעל: אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט זֵיינֶע קְלֵיידֶער
צֶערְרִיסֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ
64 מֶעהְר עֵדוּת: אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דִיא לֶעסְטֶערוּנְג. וָואס
דֶענְקְט אִיהְר? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַלֶע פֶערְאוּרְ־
65 טְהֵיילְט אַז עֶר אִיז דֶעם טוֹיט שׁוּלְדִיג: אוּנְד עֶטְלִיכֶע
הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אִיהְם צוּ שְׁפֵּייעֶן, אוּנְד זֵיין פָּנִים
צוּצוּדֶעקֶען, אוּנְד אִיהְם שְׁלָאגֶען, אוּנְד צוּ אִיהְם זָאגֶען, זָאג
נְבוּאוֹת. אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אִיבֶּער
66 דֶעם פָּנִים: אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוֹס אִיז גֶעוֶועזֶען הִינְטֶער אִיהְם

אִין פַּאלַאסְט, אִיז אֵיינֶע פוּן דִיא דִינְסְט פוּן כֹּהֵן גָדוֹל
67 גֶעקוּמֶען: אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּעטְרוּס וְויא עֶר הָאט
זִיךְ אָנְגֶעוַוארְמְט, הָאט זִיא אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט
68 גֶעזָאגְט, דוּא הַאסְט אוֹיךְ מִיט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי: אָבֶּער עֶר
הָאט גֶעלֵייקֶענְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵויס נִיט אוּנְד
פֶערְשְׁטֵייא נִיט וָואס דוּא זָאגְסְט; אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען דְרוֹיסֶען אִים פָארְהוֹיף אַרַיין אוּנְד דֶער הָאן הָאט
69 גֶעקְרֵייעֶט: אוּנְד אַ דִינְסְט מֶעדֶעל הָאט אִיהְם וְוידֶער גֶע־
זֶעהֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ דִיא וָואס זֶע־
70 נֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, דֶער אִיז אֵיינֶער פוּן זֵייא: אָבֶּער
עֶר הָאט וְוידֶער גֶעלֵייקֶענְט; אוּנְד נָאךְ אַ קְלֵיינֶע וֵוילֶע,
הָאבֶּען דִיא וָואס זֶענְען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען וְוידֶער גֶע־
זָאגְט צוּ פֶּעטְרוּס, דוּא בִּיסְט גֶעוִויס אֵיינֶער פוּן זֵייא, וָוארִין
71 דוּא בִּיסְט אוֹיךְ פוּן גָלִיל: אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
פְלוּכֶען אוּנְד צוּ שְׁוֶוערֶען, אִיךְ קֶען נִיט דֶעם מֶענְשׁ פוּן
72 וֶועלְכֶען אִיהְר רֶעט: אוּנְד גְלֵייךְ הָאט דֶער הָאן צוּם צְוֵויי־
טֶען מָאל גֶעקְרֵייעֶט, אוּנְד פֶּעטְרוּס הָאט זִיךְ דֶערְמָאנְט
אִין דֶעם וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער
דֶער הָאן וֶועט צְוֵוייא מָאל קְרֵייעֶן, וֶועסְט דוּא מִיךְ דְרֵייא
מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ דָאס אִיבֶּערְ־
גֶעלֶעגְט הָאט עֶר גֶעוֵויינְט:

קאפיטעל טו

1 אוּנְד גְלֵייךְ אִין דֶער פְרִיה הָאבֶּען דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אֵיין
עֵצָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין, אוּנְד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעבּוּנְדֶען אוּנְד
2 אַוֶועקְגֶעפִירְט, אוּנְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִּילָטוּס: אוּנְד
פִּילָטוּס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, בִּיסְט דוּא דֶער קֶענִיג פוּן
דִיא יוּדֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ
3 אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֶס: אוּנְד דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים
4 הָאבֶּען פִיל זַאכֶען קֶעגֶען אִיהְם גֶעזָאגְט: אוּנְד פִּילָטוּס
הָאט אִיהְם וְוידֶער גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, עֶנְטְ־
פֶערְסְט דוּא גָארְנִיט? זֶעה, וְויא פִיל שְׁוֶוערֶע זַאכֶען זֵייא
5 זָאגֶען קֶעגֶען דִיר: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט וֵוייטֶער גָארְנִיט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, אַזוֹי דָאס פִּילָטוּס הָאט זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט:

6 אוּנְד עֶר פְלֶעגְט זַייא אִין יוֹם טוֹב אַ גֶעפַאנְגֶענֶעם פְרַייא
7 צוּ לָאזֶען, וָועלְכֶען זַייא הָאבֶּען בֶּעגֶערְט: אוּנְד עֶס אִיז
דָא גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־אַבָּא, וָואס
אִיז גֶעפַאנְגֶען מִיט דִיא וָואס הָאבֶּען אַיין אוֹיפְשְׁטַאנְד גֶע־
מַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִין דֶעם אוֹיפְשְׁטַאנְד אַ רְצִיחָה גֶע־
8 טְהוּן: אוּנְד דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל זַייא טְהוּן וִויא אַלֶע
9 צַייט: אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, ווִילְט אִיהְר אַז אִיךְ זָאל אַייךְ פְרַייא לָאזֶען דֶעם
10 קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? וָוארִין עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט אַז דִיא
רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶועגֶען קִנְאָה:
11 אָבֶּער דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיא לֵייט אָנְגֶערֵייצְט, אַז
12 עֶר זָאל זַייא בֶּעסֶער פְרַייא לָאזֶען בַּר־אַבָּא: אוּנְד פִּילָטוֹס
הָאט ווִידֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואס
ווִילְט אִיהְר דֶען אַז אִיךְ זָאל טְהוּן צוּ דֶעם וָואס אִיהְר
13 רוּפְט דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען ווִידֶער
14 אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, קְרֵייצִיג אִיהְם: אוּנְד פִּילָטוֹס הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אֵיין בֵּייז הָאט עֶר דֶען גֶעטְהוּן? אָבֶּער
15 זַייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן, קְרֵייצִיג אִיהְם: אוּנְד
פִּילָטוֹס הָאט גֶעוָואלְט דִיא לֵייט צוּלִיבּ טְהוּן, אוּנְד הָאט
צוּ זַייא פְרַייא גֶעלָאזְט בַּר־אַבָּא, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ
גֶעלָאזְט שְׁלָאגֶען, הָאט עֶר אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אַז עֶר
16 זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען: אוּנְד דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען
אִיהְם אַרֵיינְגֶעפִירְט אִין דֶעם הוֹיף אַרֵיין, וָואס הֵייסְט
פְּרֶעטָארִיוּם, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דֶעם גַאנְ־
17 צֶען בּוּנְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ פּוּרְפֶּער
קְלֵייד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען אַ קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער,
18 אוּנְד הָאבֶּען עֶס אוֹיף זַיין קָאפּ אוֹיפְגֶעזֶעצְט: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גְרִיסֶען, שָׁלוֹם דוּא מֶלֶךְ פוּן
19 דִיא יוּדֶען! אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען אִיבֶּער דֶעם
קָאפּ מִיט אַ שְׁטֶעקֶען, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁפִּיגֶען.
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַנִידֶער גֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם
20 גֶעבִּיקְט: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפָּאט, אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא אִיהְם דָאס פּוּרְפֶּער קְלֵייד אָפְּגֶעצוֹיגֶען, אוּנְד

הָאבֶּען אִיהְם אָנְגעטְהוּן זַיינֶע אֵיינֶענֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעפִירְט אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם קְרֵייצִיגֶען:
21 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעצְווְאוּנְגֶען אֵיינֶעם, שִׁמְעוֹן פוּן קוּרִינִי,
דֶעם פָּאטֶער פוּן אַלֶכְּסַנְדֶר אוּנְד רוּפוּס, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען
22 פוּן פֶעלְד אַז עֶר זָאל טְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפִיהְרְט צוּ דֶעם אָרְט גָלְגָלְתָּא, דָאס הֵייסְט אוֹיף
23 יוּדִישׁ, אֵיין אָרְט פוּן אַ קָאפְּשֵׁייטֶעל: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען וויין גֶעמִישְׁט מִיט מֹר, אָבֶּער
24 עֶר הָאט עֶס נִיט גֶענוּמֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
קְרֵייצִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ זַיינֶע קְלֵיידֶער גֶעטֵיילְט, אוּנְד
הָאבֶּען דְרוֹיף גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען וָואס אִיטְלִיכֶער זָאל נֶעמֶען:
25 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה אוּנְד זַייא הָאבֶּען
26 אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט: אוּנְד דִיא אוֹיפְשְׁרִיפְט פוּן זַיינֶע פֶערְ־
שׁוּלְדִיגוּנְג אִיז אוֹיבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען, דֶער קֶענִיג
27 פוּן דִיא יוּדֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט צְווֵייא
רוֹיבֶּערְס מִיט אִיהְם, אֵיינֶעם צוּ דֶער רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד
28 אֵיינֶעם צוּ דִיא לִינְקֶע: אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט אִיז מְקוּיָם גֶע־
וָוארֶען וָואס זָאגְט, „אוּנְד עֶר וַואר גֶערֶעכֶענְט מִיט דִיא
29 אִיבֶּערְטְרֶעטֶער“: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְבֵּייא גֶעגַאנְ־
גֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשָׁאקֶעלְט
מִיט דִיא קֶעפּ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַהַא! דוּא וָואס
וַוארְפְסְט אַרוּפּ דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד בּוֹיעֶסְט עֶס אוֹיף
30 אִין דְרֵייא טֶעג: רֶעטֶע דִיךְ זֶעלְבְּסְט אוּנְד קוּם אַרוּפּ פוּן
31 דֶעם קְרֵייץ: אוּנְד אַזוֹי הָאבֶּען אוֹיךְ דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים צְווִי־
שֶׁען זִיךְ גֶעשְׁפֶּעט אוּנְד הָאבֶּען מִיט דִיא סוֹפְרִים גֶעזָאגְט,
אַנְדֶערֶע הָאט עֶר גֶערֶעטֶעט זִיךְ זֶעלְבְּסְט קֶען עֶר נִיט רֶע־
32 טֶען: לָאז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער קֶענִיג פוּן יִשְׂרָאֵל, אִיצְט אַרוּפּ
קוּמֶען פוּן דֶעם קְרֵייץ, דָאס מִיר זָאלֶען זֶעהֶען אוּנְד גְלוֹי־
בֶּען. אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוֶועזֶען
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ אַזוֹי פֶערְאַכְטֶעט:
33 אוּנְד אִין דִיא זֶעקְסְטֶע שָׁעָה אִיז עֶס פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען
אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד בִּיז פוּן דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה:
34 אוּנְד אִין דִיא נֵייעֶנְטֶע שָׁעָה הָאט יֵשׁוּעַ גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אֱלָהִי! אֱלָהִי! לָמָּה שְׁבַקְתַּנִי;

דָאס אִיז פֶערְטֶייטְשְׁט, מֵיין גָאט, מֵיין גָאט, וָוארוּם הָאסְט
35 דוּא מִיךְ פֶערְלָאזְען? אוּנְד עֶטְלִיכֶע וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא
גֶעשְׁטַאנֶען, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
36 זֶעה, עֶר רוּפְט אֵלִיָהוּ: אוּנְד אֵיינֶער אִיז צוּגֶעלָאפֶען, אוּנְד
הָאט אָנְגֶעפִילְט אַ שְׁוַואם מִיט עֶסִיג, אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף
אַ שְׁטֶעקֶען אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּ
טְרִינְקֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, לָאזְט זֵיין, מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען
אוֹיבּ אֵלִיָהוּ וֶועט קוּמֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִיהְם אַרוּפְּנֶעמֶען:
37 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד אִיז פֶערְ־
38 גַאנְגֶען: אוּנְד דָאס פָּרוֹכֶת פוּן בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז אִין צְוֵויעֶן
39 צֶערְרִיסֶען גֶעוָוארֶען, פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרוּפ: אוּנְד וֶוען
דֶער הוֹיפְּטְמַאן וָואס אִיז קֶעגֶענְאִיבֶּער אִיהְם גֶעשְׁטַאנֶען,
הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט אַזוֹי גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד אִיז פֶערְ־
גַאנְגֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן אִיז גֶעווִיס גֶעוֶועזֶען
40 דֶער זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד עֶס וַוארֶען אוֹיךְ פְרוֹיעֶן וָואס
הָאבֶּען פוּן וַוייטֶען צוּגֶעזֶעהֶען, אוּנְד צְווִישֶׁען זֵייא אִיז
גֶעוֶועזֶען מִרְיָם הַמַגְדָלִית, אוּנְד מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב
41 דֶעם קְלֵיינֶעם אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן יוֹסֵי, אוּנְד שְׁלוֹמִית: דִיזֶע
הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ נָאכְגֶעפָאלְגְט וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין גָלִיל אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט; אוּנְד פִילֶע אַנְדֶערֶע
וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם:
42 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז אָבֶּענְד גֶעוָוארֶען, וַוייל עֶס אִיז דִיא
43 אָנְבְּרֵייטוּנְג, דָאס הֵייסְט עֶרֶב שַׁבָּת גֶעוֶועזֶען: אַזוֹי אִיז גֶע־
קוּמֶען יוֹסֵף הָרָמָתִי, אֵיין אָנְגֶעזֶעהֶענֶער רַאטְהְס־הַאר, וָואס
הָאט אוֹיךְ אַלֵיין גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט.
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואגְט, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּ פִּילָטוּס,
44 אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען פַאר דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ: אוּנְד פִּילָטוּס
45 הָאט זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין טוֹיט: אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט פוּן דֶעם הוֹיפְּטְמַאן, הָאט עֶר גֶע־
46 גֶעבֶּען דֶעם לֵייבּ צוּ יוֹסֵף: אוּנְד עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט אַ פֵיין
לֵיילֶעךְ אוּנְד הָאט אִיהְם אַרוּפְּגֶענוּמֶען, אוּנְד אִין דֶעם לֵיי־
לֶעךְ אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט, אוּנְד אַרֵיינְגֶעלֵייגְט אִין אַ קֶבֶר וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיסְגֶעהַאקְט אוֹיס אַ פֶעלְזֶען אוּנְד הָאט
אַרוֹיפְגֶעוַואלְגֶערְט אַ שְׁטֵיין אוֹיף דֶער טִיר פוּן דֶעם קֶבֶר:

אוּנְד מִרְיָם הַמַּגְדָלִית, אוּנְד מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יוֹסֵי 47
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וְואוּ עֶר אִיז גֶעלֶעגְט גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל טז

אוּנְד נָאךְ מוֹצָאֵי שַׁבָּת הָאבֶּען מִרְיָם הַמַּגְדָלִית אוּנְד מִרְיָם 1
דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד שְׁלוֹמִית גֶעקוֹיפְט בְּשָׂמִים אַייל,
אַז זַייא זָאלֶען גֶעהְן אוּנְד זָאלֶען אִיהְם בַּאלְזַאמִירֶען: אוּנְד 2
זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן
דֶער וָואךְ גַאנְץ פְרִיה, וֶוען דִיא זוּן אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען:
אוּנְד זַייא הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעזָאגְט, וֶוער וֶועט אוּנְס 3
דֶעם שְׁטֵיין אַוֶועקְוַואלְגֶערֶען פוּן דֶער טִיר פוּן קֶבֶר? אוּנְד 4
זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
דֶער שְׁטֵיין אִיז אַוֶועקְגֶעוַואלְגֶערְט גֶעוָוארֶען. דֶען עֶר אִיז
זֶעהְר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען: אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין דֶעם קֶבֶר 5
אַרַיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַ יוּנְגֶען מַאן זִיצֶען
צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד, גֶעקְלֵיידֶעט אִין אַ וַוייס קְלֵייד. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא 6
גֶעזָאגְט. שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. אִיהְר זוּכְט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי וָואס
אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען, עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר אִיז
נִיט הִיר. זֶעהְט דֶעם אָרְט וְואוּ זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעגְט:
אָבֶּער גֶעהְט אוּנְד זָאגְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד פֶּטְרוֹס, אַז 7
עֶר גֶעהְט פָאר אֵייךְ קַיין גָלִיל. דָארְט וֶועט אִיהְר אִיהְם
זֶעהֶען וְויא עֶר הָאט צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט: אוּנְד זַייא זֶענֶען 8
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעלָאפֶען פוּן דֶעם קֶבֶר,
וָוארִין צִיטֶערְנִיס אוּנְד שְׁרֶעקֶען אִיז זַייא אָנְגֶעקוּמֶען. אוּנְד
זַייא הָאבֶּען צוּ קֵיינֶעם גָארְנִיט גֶעזָאגְט. וָוארִין זַייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פְרִיה 9
אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ, הָאט עֶר זִיךְ צוּם
עֶרְשְׁטֶען בֶּעוִויזֶען צוּ מִרְיָם הַמַּגְדָלִית, פוּן וֶועלְכֶער עֶר
הָאט זִיבֶּען שֵׁדִים אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען: זִיא אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד 10
הָאט עֶס דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעוֶוע־
זֶען, וַויל זַייא הָאבֶּען גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּנְד גֶעוויינְט: אוּנְד 11
וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר לֶעבְּט, אוּנְד אִיז פוּן
אִיהְר גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְר נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט: דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ אִין אֵיינֶע אַנְדֶערֶע 12

גֶעשְׁטַאלְט בֶּעוִויזֶען צוּ צְוֵוייא פוּן זֵייא, אַזוֹי ווִיא זֵייא
13 זֶענֶען אִין פֶעלְד אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע.
14 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: צוּלֶעצְט הָאט
עֶר זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ דִיא עֶלְף, וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעסֶען צוּ
טִישׁ, אוּנְד הָאט זֵייא פָארְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט
אוּנְד פֶערְשְׁטָאפְּטֶעס הַארְץ, וַוייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט
דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען נָאכְדֶעם ווִיא עֶר אִיז
15 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט
אִיהְר צוּ דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנְד פְּרֶעדִיגְט דָאס עֶוַואנְגֶע־
16 לִיוּם צוּ אִיטְלִיכֶע בֶּעשֶׁעפֶענִים: דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אוּנְד
ווערְט גֶעטוֹיפְט דֶער וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען. אָבֶּער דֶער
17 וָואס גְלוֹיבְּט נִיט, וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען: אוּנְד דִיזֶע
צֵייכֶען וֶועלֶען נָאכְפָאלְגֶען דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען. זֵייא וֶועלֶען
שֵׁדִים אַרוֹיסְטְרֵייבֶּען אִין מֵיין נָאמֶען. זֵייא וֶועלֶען רֶעדֶען
18 מִיט נֵייעֶ שְׁפְּרַאכֶען: זֵייא וֶועלֶען שְׁלַאנְגֶען אוֹיפְהֵייבֶּען.
אוּנְד וֶוען זֵייא וֶועלֶען עֶפֶּעס טוֹיטְלִיכֶעס טְרִינְקֶען, אַזוֹי
וֶועט זֵייא נִיט שָׁאדֶען. זֵייא וֶועלֶען זֵייעֶרֶע הֶענְד לֶעגֶען
19 אוֹיף קְרַאנְקֶע, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען גֶעזוּנְד וֶוערֶען: אוּנְד
נָאכְדֶעם ווִיא דֶער הַאר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט, אִיז עֶר
אַרוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד גֶעזֶעסֶען צוּ
20 דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט: אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער, אוּנְד
דֶער הַאר הָאט מִיט זֵייא גֶעוִוירְקְט. אוּנְד הָאט דָאס
וָוארְט פֶערְשְׁטַארְקְט דוּרְךְ דִיא צֵייכֶען וָואס הָאבֶּען
נָאכְגֶעפָאלְגְט:

---

# דִּיא הֵייליגֶע בְּשׂוֹרָה פוּן לוּקַאס

1 זֵייטְדֶעם פִילֶע הָאבֶּען אוּנְטֶערְנוּמֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אַ
דֶערְצֶעהְלוּנְג פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען אוּנְס
2 זִיכֶער דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען: וְוִיא זֵייא הָאבֶּען אוּנְס אִיבֶּערְ־
לִיפֶערְט, וָואס הָאבֶּען פוּן אָנְהֵייבּ אָן זֶעלְבְּסְט גֶעזֶעהֶען,
3 אוּנְד זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא דִינֶער פוּן דֶעם וָוארְט: אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ עֶס אוֹיךְ פַאר גוּט אֵיינְגֶעזֶעהֶען, נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ
הָאבּ פוּן אָנְהֵייבּ אַלֶעם זָארְגְפֶעלְטִיג נָאכְגֶעפָארְשְׁט, אַז אִיךְ
4 זָאל דִיר שְׁרֵייבֶּען כְּסֵדֶר, מֵיין לִיבֶּער תְּאוֹפִלוֹת: אַז דוּא
זָאלְסְט וִויסֶען דִיא זִיכֶערְהֵייט פוּן דִיא זַאכֶען אִין וֶועלְכֶע
דוּא בִּיסְט גֶעלֶעהְרְט:
5 עֶס אִיז גֶעוֶועזָען אִין דִיא טֶעג פוּן הוֹרְדוֹס קֶענִיג פוּן
יְהוּדָה, אַ כֹּהֵן פוּן דֶעם מִשְׁמָר פוּן אֲבִיָה, וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען זְכַרְיָה; אוּנְד זֵיין וַוייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא
6 טֶעכְטֶער פוּן אַהֲרֹן, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען אֱלִישֶׁבַע: אוּנְד
זֵייא זֶענֶען בֵּיידֶע גֶערֶעכְט גֶעוֶועזֶען פָאר גָאט, אוּנְד זֶענֶען
נָאכְגֶעגַאנְגֶען אַלֶע מִצְוֹת אוּנְד גֶעזֶעץ פוּן דֶעם הַאר אָהְן
7 טָאדֶעל: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען קֵיין קִינְד נִיט גֶעהַאט, וָוארִין
אֱלִישֶׁבַע אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶע עֲקָרָה, אוּנְד זֵייא זֶענֶען שׁוֹין
בֵּיידֶע גֶעוֶועזֶען אִין אִיהְרֶע אַלְטֶע יָאהְרֶען:
8 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט גֶעדִינְט פָאר גָאט אִין
9 דֶעם סֵדֶר פוּן זֵיין מִשְׁמָר: אַזוֹי אִיז דָאס גֶעוֶועזֶען נָאךְ
דֶער גֶעוְואוֹינְהֵייט פוּן דֶער כְּהוּנָה זֵיין גוֹרָל, אַז עֶר זָאל
אַרֵיינְגֶעהֶען אִים הֵיכָל פוּן דֶעם הַאר כְּדֵי צוּ רֵייכֶערְן
10 קְטוֹרֶת: אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט דְרוֹיסֶען מִתְפַּלֵל
11 גֶעוֶועזֶען אִין דֶער שָׁעָה פוּן קְטוֹרֶת: אוּנְד אַ מַלְאָךְ פוּן
דֶעם הַאר הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען
12 צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ פוּן קְטוֹרֶת: אוּנְד
וֶוען זְכַרְיָה הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען,
13 אוּנְד אַ מוֹרָא אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען: אָבֶּער דֶער מַלְאָךְ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, זְכַרְיָה, וָוארִין דֵיין

גֶעבֶּעט אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיין וַוייבּ אֶלִישֶׁבַע
וֶועט דִיר גֶעווִינֶען אַ זוּהְן, אוּנְד דוּא זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען
14 רוּפֶען יוֹחָנָן: אוּנְד דוּא וֶועסְט הָאבֶּען שִׂמְחָה אוּנְד פְרֵייד,
15 אוּנְד פִילֶע וֶועלֶען זִיךְ פְרֵייעֶן אִיבֶּער זַיינֶע גֶעבּוּרְט: וָוארִין
עֶר וֶועט זֵיין גְרוֹיס פָאר דֶעם הַאר; אוּנְד עֶר זָאל נִיט
טְרִינְקֶען קֵיין וַויין אוּנְד קֵיינֶע שְׁטַארְקֶע גֶעטְרֶענְק, אוּנְד עֶר
וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ נָאךְ פוּן זֵיין
16 מוּטֶערְס לֵייבּ: אוּנְד עֶר וֶועט ווִידֶערְקֶערֶען פִילֶע פוּן דִיא
17 דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל צוּ דֶעם הַאר זֵייעֶר גָאט: אוּנְד עֶר וֶועט
פָאר אִיהְם גֶעהֶען אִים גֵייסְט אוּנְד קְרַאפְט פוּן אֵלִיָהוּ, אַז
עֶר זָאל ווִידֶערְקֶעהְרֶען דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא פֶעטֶער צוּ
דִיא קִינְדֶער, אוּנְד דִיא ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע צוּ דֶער חָכְמָה פוּן
דִיא צַדִיקִים, אָנְצוּבְּרֵייטֶען פָאר דֶעם הַאר אַ פָארְבֶּערֵייר־
18 טֶעטֶעם פָאלְק: אוּנְד זְכַרְיָה הָאט צוּ דֶעם מַלְאָךְ גֶעזָאגְט,
מִיט וָואס זָאל אִיךְ דָאס ווִיסֶען? וָוארִין אִיךְ בִּין אֵיין אַלְ־
טֶער מַאן, אוּנְד מֵיין וַוייבּ אִיז שׁוֹין אִין אִיהְרֶע אַלְטֶע
19 יָאהְרֶען: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין גַבְרִיאֵל, וָואס שְׁטֶעהְט פָאר גָאט.
אוּנְד אִיךְ בִּין גֶעשִׁיקְט מִיט דִיר צוּ רֶעדֶען, אוּנְד דִיר דִיזֶע
20 בְּשׂוֹרָה צוּ בְּרֶענְגֶען: אוּנְד זֶעה, דוּא וֶועסְט שְׁטוּם וֶוערֶען,
אוּנְד וֶועסְט נִיט קֶענֶען רֶעדֶען, בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען דָאס
וֶועט גֶעשֶׁעהֶען; ווייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט מֵיינֶע
ווערְטֶער, וָואס וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִין זֵייעֶר צֵייט:
21 אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף זְכַרְיָה, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט דָאס עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי לַאנְג גֶעזוֹימְט
22 אִים הֵיכָל: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען הָאט עֶר נִיט
מִיט זֵייא גֶעקֶענְט רֶעדֶען; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט,
אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג אִים הֵיכָל אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעווִינְקְט, אוּנְד אִיז שְׁטוּם גֶעבְּלִיבֶּען:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען דִיא טֶעג פוּן זַיינֶע עֲבוֹדָה
הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, אִיז עֶר אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען:
24 אוּנְד נָאךְ דִיזֶע טֶעג אִיז זֵיין וַוייבּ אֶלִישֶׁבַע מְעוּבֶּרֶת
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זִיא הָאט זִיךְ פֶערְבָּארְגֶען פִינְף חֳדָשִׁים,
25 אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט: אַזוֹי הָאט דֶער הַאר צוּ מִיר גֶעטְהוּן

אִין דִיא טֶעג וֶוען עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶעזֶעהֶען אַוֶועקְצוּנֶעמֶען
מֵיינֶע שַׁאנְד פוּן צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען:
26 אוּנְד אִים זֶעקְסְטֶען חוֹדֶשׁ אִיז דֶער מַלְאָךְ גַבְרִיאֵל גֶעשִׁיקְט
גֶעוָוארֶען פוּן גָאט צוּ אַ שְׁטָאט אִין גָלִיל, וָואס הֵייסְט
27 נָצְרֶת: צוּ אַ בְּתוּלָה פֶערְלוֹיבְּט מִיט אַ מַאן וָואס הָאט גֶע־
הֵייסֶען יוֹסֵף, פוּן דֶעם הוֹיז פוּן דָוִד, אוּנְד דִיא בְּתוּלָה הָאט
28 גֶעהֵייסֶען מִרְיָם: אוּנְד עֶר אִיז צוּ אִיהְר גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם צוּ דִיר, בֶּעגְנֶעדִיגְטֶע. דֶער הַאר אִיז
29 מִיט דִיר: אוּנְד זִיא אִיז דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אִיבֶּער
דֶעם וָוארְט. אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, וָואס פַאר אַ גְרִיס אִיז
30 דָאס? אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט פָארְכְט דִיךְ
31 נִיט, מִרְיָם, וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעפִינֶען גְנָאד בַּייא גָאט: אוּנְד
זֶעה, דוּא וֶועסְט מְעוּבֶּרֶת וֶוערֶען, אוּנְד וֶועסְט גֶעוִוינֶען אַ
32 זוּהְן, אוּנְד זָאלְסְט זֵיין נָאמֶען רוּפֶען יֵשׁוּעַ: עֶר וֶועט זֵיין
גְרוֹיס, אוּנְד וֶועט אָנְגֶערוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן פוּן דֶעם
אוֹיבֶּערְשְׁטֶען. אוּנְד דֶער הַאר גָאט וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען דֶעם
33 שְׁטוּהְל פוּן זֵיין פָאטֶער דָוִד: אוּנְד עֶר וֶועט רֶעגִירֶען
אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן יַעֲקֹב אוֹיף עֶבִּיג אוּנְד צוּ זֵיין קֶע־
34 נִיגְרֵייךְ וֶועט נִיט זֵיין קֵיין עֶנְד: אוּנְד מִרְיָם הָאט צוּם מַלְאָךְ
גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי וֶועט דָאס גֶעשֶׁעהֶען, דֶען אִיךְ קֶען נִיט
35 קֵיין מַאן? אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט אוֹיף דִיר קוּמֶען,
אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְ־
שַׁאטֶען; דְרוּם וֶועט אוֹיךְ דָאס הֵיילִיגֶע גֶעבּוֹירֶענֶע אָנְגֶע־
36 רוּפֶען וֶוערֶען דֶער זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד זֶעה, דֵיינֶע קְרוֹבָה
אֱלִישֶׁבַע אִיז אוֹיךְ מְעוּבֶּרֶת גֶעוָוארֶען מִיט אַ זוּהְן אוֹיף
אִיהְרֶע עֶלְטֶער; אוּנְד דָאס אִיז דֶער זֶעקְסְטֶער חֹדֶשׁ בַּייא
37 אִיהְר, וֶועלְכֶע אִיז גֶערוּפֶען אֵיינֶע עֲקָרָה: וָוארִין בַּייא גָאט
38 אִיז קֵיין זַאךְ נִיט אוּנְמֶעגְלִיךְ: אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט,
זֶעה, דִיא דִינְסְטְמוֹיד פוּן דֶעם הַאר, לָאז עֶס מִיר גֶעשֶׁעהֶען
אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט. אוּנְד דֶער מַלְאָךְ אִיז פוּן
אִיהְר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
39 אוּנְד מִרְיָם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִין דִיזֶע טֶעג, אוּנְד אִיז
גֶעשְׁוִוינְד גֶעגַאנְגֶען צוּם גֶעבִּירְג צוּ אַ שְׁטָאט פוּן יְהוּדָה:

40 אוּנְד אִיז אַרַיין גֶעקוּמֶען אִים הױז פוּן זְכַרְיָה, אוּנְד הָאט
41 אֱלִישֶׁבַע גֶעגְרִיסְט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען אֱלִישֶׁבַע
הָאט גֶעהֶערְט דֶעם גְרוּס פוּן מִרְיָם, אִיז דָאס קִינְד גֶע־
שְׁפְּרוּנְגֶען אִין אִיהְר לֵייבּ; אוּנְד אֱלִישֶׁבַע אִיז דֶערְפִילְט
42 גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט בִּיסְט דוּא צְוִוי־
שֶׁען פְרוֹיעֶן, אוּנְד גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דִיא פְרוּכְט פוּן דֵיין לֵייבּ:
43 אוּנְד פוּן וַואנֶען קוּמְט דָאס צוּ מִיר, אַז דִיא מוּטֶער פוּן
44 מֵיין הַאר זָאל צוּ מִיר קוּמֶען? וָוארִין זֶעה גְלֵייךְ וִויא דִיא
שְׁטִים פוּן דֵיין גְרוּס אִיז צוּ מֵיינֶע אוֹירֶען גֶעקוּמֶען, הָאט
45 דָאס קִינְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִין מֵיין לֵייבּ פַאר פְרֵייד: אוּנְד
גֶעבֶּענְשְׁט אִיז זִיא וָואס גְלוֹיבְּט, וָוארִין עֶס וֶועט דֶערְפִילְט
וֶוערֶען דָאס וָואס אִיז צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם
46 הַאר: אוּנְד מִרְיָם הָאט גֶעזָאגְט,
מֵיינֶע זֶעלֶע דֶערְהֵייכְט דֶעם הַאר, אוּנְד מֵיין גֵייסְט הָאט
47 זִיךְ גֶעפְרֵייעֶט אִין גָאט מֵיין רֶעטֶער; וָוארִין עֶר הָאט
48 אָנְגֶעזֶעהֶען דִיא נִידְרִיגְקֵייט פוּן זֵיינֶע דִינֶערִין: וָוארִין
זֶעה, פוּן אִיצְט אָן וֶועלֶען מִיךְ אַלֶע דוֹרוֹת גְלִיקְלִיךְ
49 נֶענֶען; וָוארִין דֶער מֶעכְטִיגֶער הָאט מִיר גְרוֹיסֶע זַאכֶען
50 גֶעטְהוּן, אוּנְד הֵיילִיג אִיז זֵיין נָאמֶען: אוּנְד זֵיינֶע גְנָאד
51 אִיז צוּ דִיא וָואס פָארְכְטֶען אִיהְם פוּן דוֹר צוּ דוֹר: עֶר
הָאט גֶעטְהוּן גְבוּרוֹת מִיט זֵיין אָרֶעם; עֶר הָאט צֶערְ־
שְׁפְּרֵייט דִיא שְׁטָאלְצֶע אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר
52 הַארְץ: עֶר הָאט אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען דִיא מֶעכְטִיגֶע פוּן
זֵייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד הָאט דֶערְהוֹיבֶּען דִיא נִידְרִיגֶע:
53 דִיא הוּנְגֶערִיגֶע הָאט עֶר גֶעזֶעטִיגְט מִיט גוּטֶע זַאכֶען,
54 אוּנְד דִיא רֵייכֶע הָאט עֶר לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: עֶר
הָאט גֶעהָאלְפֶען זֵיין קְנֶעכְט יִשְׂרָאֵל, אוּן הָאט גֶעדֶענְקְט
55 אָן זֵיינֶע בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט: אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶערֶעט
צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, צוּ אַבְרָהָם אוּנְד צוּ זֵיין זָאמֶען אוֹיף
עֶבִּיג:
56 אוּנְד מִרְיָם אִיז מִיט אִיהְר גֶעבְּלִיבֶּען קֶענֶען דְרֵייא חָדָשִׁים,
אוּנְד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּ אִיהְר הוֹיז:
57 אוּנְד צוּ אֱלִישֶׁבַע אִיז דִיא צֵייט דֶערְפִילְט אַז זִיא זָאל

58 גֶעווִינֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעוְואוּנֶען אַ זוּהְן: אוּנְד אִיהְרֶע
שְׁכֵנִים אוּנְד קְרוֹבִים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דֶער הַאר הָאט
מִיט אִיהְם גְרוֹים חֶסֶד גֶעטְהוּן, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מִיט
59 אִיהְר גֶעפְרֵייט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִים אַכְטֶען טָאג
אַז זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען דָאס קִינְד מַל צוּ זַיין, הָאבֶּען זֵייא
אִיהְם גֶערוּפֶען זְכַרְיָה, נָאךְ דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין פָּאטֶער:
60 אָבֶּער זַיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, נִיט
61 אַזוֹי, נֵייעֶרְט עֶר זָאל גֶערוּפֶען וֶוערֶען יוֹחָנָן: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט צְווִישֶׁען דֵיינֶע
62 קְרוֹבִים וָואס אִיז גֶערוּפֶען בֵּייא דִיזֶעם נָאמֶען: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעווִינְקְט צוּ זַיין פָּאטֶער וָואס פַאר אַ נָאמֶען עֶר
63 ווִיל אִיהְם גֶעבֶּען: אוּנְד עֶר הָאט פֶּערְלַאנְגְט אַ שְׁרַייבּ־
טָאפֶעל, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען, זַיין נָאמֶען אִיז יוֹחָנָן; אוּנְד
64 זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶּערְווְאוּנְדֶערְט: אוּנְד זַיין מוֹיל אוּנְד
זַיינֶע צוּנְג זֶענֶען גְלֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר
65 הָאט גֶערֶעט אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט: אוּנְד אַ פוּרְכְט אִיז
גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶע שְׁכֵנִים; אוּנְד אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען
דֶערְצֶעהְלְט גֶעוָוארֶען אִיז דֶעם גַאנְצֶען גֶעבִּירְג פוּן יְהוּדָה;
66 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען עֶס זִיךְ צוּ
הַארְץ גֶענוּמֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ קִינְד וֶועט דָאס
זַיין? וָוארִין דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיז מִיט אִיהְם גֶע־
67 וֶועזֶען: אוּנְד זַיין פָּאטֶער זְכַרְיָה אִיז דֶערְפִילְט גֶעוֶועזֶען
מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט:
68 גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער הַאר דֶער גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל, וָוארִין
עֶר הָאט בֶּעזוּכְט אוּנְד הָאט אוֹיסְלֶעזוּנְג גֶעווִירְקְט פַאר
69 זַיין פָּאלְק; אוּנְד הָאט אוּנְס אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אַ הָארְן
70 פוּן רֶעטוּנְג אִין דֶעם הוֹיז פוּן זַיין קְנֶעכְט דָוִד: אַזוֹי
ווִיא עֶר הָאט גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן זַיינֶע הֵיילִיגֶע
71 נְבִיאִים פוּן עֶבִּיג אָן, אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען
פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד פוּן דִיא הַאנְד פוּן אַלֶע וָואס
72 הָאבֶּען אוּנְס פֵיינְד; אַז עֶר זָאל טְהוּן חֶסֶד מִיט אוּנְזֶערֶע
73 אָבוֹת, אוּנְד זָאל גֶעדֶענְקֶען זַיין הֵיילִיגֶען בְּרִית; דִיא
שְׁבוּעָה וָואס עֶר הָאט גֶעשְׁווְאוֹירֶען צוּ אוּנְזֶער פָּאטֶער
74 אַבְרָהָם: אַז עֶר זָאל אוּנְס גֶעבֶּען אַז מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט

וֶוערֶען פוּן דֶער הַאנְד פוּן אוּנְזֶערֶע פֵיינְד, אוּנְד זָאלֶען
75 אִיהְם דִינֶען אָהְן פוּרְכְט: אִין הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד גֶערֶעכְ־
76 טִיגְקֵייט פָאר אִיהְם אַלֶע טֶעג: אוּנְד דוּא קִינְד, וֶועסְט
גֶערוּפֶען וֶוערֶען נָבִיא פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען, וָוארִין
דוּא וֶועסְט גֶעהֶען פָאר דֶעם הַאר זַיין וֶועג צוּ בֶּערֵייטֶען:
77 צוּ גֶעבֶּען דֶערְקֶענְטְנִים פוּן רֶעטוּנְג צוּ זַיין פָאלְק, אִין
78 דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זַייעֶרֶע זִינְד: דוּרְךְ דִיא בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט פוּן אוּנְזֶער גָאט, אִין וֶועם דֶער אוֹיפְגַאנְג
79 פוּן דֶער הוֹיךְ הָאט אוּנְס בֶּעזוּכְט: צוּ לֵייכְטֶען דִיא וָואס
זִיצֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער אוּנְד אִים שָׁאטֶען פוּן טוֹיט,
צוּ פִיהְרֶען אוּנְזֶערֶע פִים אִין דֶעם וֶועג פוּן שָׁלוֹם.
80 אוּנְד דָאס קִינְד הָאט גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט
אִים גֵייסְט, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער מִדְבָּר בִּיז צוּ
דֶעם טָאג וֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ יִשְׂרָאֵל:

קאפיטעל ב

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין יֶענֶע טֶעג, דָאס אַ גֶעבָּאט אִיז
אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם קֵייסָר אוֹיגוּסְטוּס אַז דִיא גַאנְצֶע
2 וֶועלְט זָאל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען: דִיזֶע אֵיינְשְׁרֵייבּוּנְג אִיז
צוּעֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהֶען, וֶוען קוּרִינוֹס אִיז גֶעוֶועזֶען גוּבֶּערְנֶער
3 פוּן סוּרְיָא: אוּנְד אַלֶע זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען צוּ
4 וֶוערֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זַיינֶע אֵייגֶענֶע שְׁטָאט: אוּנְד יוֹסֵף
אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל פוּן דֶער שְׁטָאט נְצָרֶת קֵיין יְהוּדָה
צוּ אַ שְׁטָאט פוּן דָוִד, וָואס אִיז גֶערוּפֶען בֵּית־לֶחֶם, וֵוייל
עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם הוֹיז אוּנְד דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן דָוִד:
5 אַז עֶר זָאל אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען מִיט מִרְיָם זַיינֶע פֶערְ־
6 קְנַאסְטֶע, אוּנְד זִיא אִיז מְעוּבֶּרֶת גֶעוֶועזֶען: אוּנְד וֵוייל זֵייא
זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען, זֶענֶען אִיהְרֶע טֶעג דֶערְפִילְט גֶע־
7 וָוארֶען אַז זִיא זָאל גֶעוִוינֶען: אוּנְד זִיא הָאט גֶעוִוינֶען אִיהְר
עֶרְשְׁטגֶעבּוֹירֶענֶע זוּהְן, אוּנְד הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט
אִין ווִינְדְלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶעלֶעגְט אִין אַ שְׁלוֹיבּ,
וָוארִין עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין אָרְט אִין דֶעם גַאסְטְהוֹיז:
8 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פַּאסְטוּכֶער אִין דִיזֶעלְבִּיגֶע
גֶעגֶענְד, וָואס הָאבֶּען גֶענֶעכְטִיגְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד
9 הָאבֶּען גֶעהִיט זַיירֶע סְטַאדֶע בֵּייא נַאכְט: אוּנְד אַ מַלְאָךְ

פוּן דֶעם הַאר אִיז בַּייא זַייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דִיא הֶערְ־
לִיכְקֵייט פוּן דֶעם הַאר הָאט אַרוּם זַייא גֶעשַׁיינְט, אוּנְד זַייא
10 הָאבֶּען זִיךְ זֶעהְר גֶעפָאַרְכְטֶען: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט, וָוארִין אִיךְ בְּרֶענְג אֵייךְ אַ
בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, וָואס וֶועט זַיין צוּ אַלֶע
11 פֶעלְקֶער: וָוארִין הֵיינְט אִיז צוּ אֵייךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען
אַ רֶעטֶער אִין דֶער שְׁטָאט פוּן דָוִד, וֶועלְכֶער אִיז דֶער הַאר
12 מָשִׁיחַ: אוּנְד דָאס וֶועט אֵייךְ זַיין אַ צֵייכֶען אִיהְר וֶועט
גֶעפִינֶען דָאס קִינְד אֵיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין וִוינְדְלֶען, אוּנְד עֶס
13 לִיגְט אִין אַ קָארִיטֶע: אוּנְד פְּלִיצְלִינְג אִיז מִיט דֶעם מַלְאָךְ
גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶע שַׂאר פוּן הִימֶעל, וָואס הָאבֶּען גֶעלוֹיבְּט
גָאט אוּנְד גֶעזָאגְט:

14 „עֶהְרֶע צוּ גָאט אִין דֶער הוֹיךְ, אוּנְד פְרִידֶען אוֹיף דֶער
עֶרְד, צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען אַ גוּטֶער וִוילֶען“:

15 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען דִיא מַלְאָכִים זֶענֶען פוּן זַייא
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין הִימֶעל אַרַיין, הָאבֶּען דִיא פַּאסְטוּכֶער
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר אִיצְט גֶעהֶען
קַיין בֵּית־לֶחֶם, אוּנְד זֶעהֶען דִיזֶע זַאךְ וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען
16 וֶועלְכֶע דֶער הַאר הָאט אוּנְס צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן: אוּנְד
זַייא זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען
מִרְיָם אוּנְד יוֹסֵף אוּנְד דָאס קִינְד לִיגֶענְדִיג אִין אַ קָארִיטֶע:
17 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זַייא בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט דִיא זַאךְ וָואס אִיז צוּ זַייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען
18 דִיזֶעם קִינְד: אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוָואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא זַאכֶען וָואס דִיא
19 פַּאסְטוּכֶער הָאבֶּען צוּ זַייא גֶעזָאגְט: אָבֶּער מִרְיָם הָאט
אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען אִין אַכְט גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט
20 דֶערְאִיבֶּער גֶעטְרַאכְט אִין אִיהְר הַארְץ: אוּנְד דִיא פַּאסְ־
טוּכֶער זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדַאנְקְט אוּנְד
גֶעלוֹיבְּט גָאט פַאר אַלֶע זַאכֶען וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט
אוּנְד גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז צוּ זַייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען:
21 אוּנְד וֶוען אַכְט טָאג זֶענֶען דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען אִיהְם מַל
צוּ זַיין, הָאט מֶען אִיהְם אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען יֵשׁוּעַ, וָואס אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער נָאמֶען וָואס דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעגֶעבֶּען

אֵײדֶער עֶר אִיז גֶעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אִים לֵײבּ:
22 אוּנְד װֶען דִיא טֶעג פוּן אִיהְרֶע רֵײנִיגוּנְג זֶענֶען דֶערְפִילְט
גֶעוָוארֶען נָאךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוֹיפְגֶע־
בְּרַאכְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם פָאר דֶעם הַאר
23 שְׁטֶעלֶען: אַזוֹי װִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה
פוּן דֶעם הַאר, אַז אִיטְלִיכֶער זָכָר וָואס עֶפֶענְט דֶעם מוּטֶערְס־
24 לֵייבּ זָאל גֶערוּפֶען װֶערֶען הֵיילִיג צוּם הַאר: אוּנְד אַז זֵייא
זָאלֶען בְּרֶענְגֶען אַ קָרְבָּן, אַזוֹי װִיא עֶס אִיז גֶעזָאגְט אִין
דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר, אַ פָּאר טוּרְטֶעל טוֹיבֶּען, אָדֶער
צְוֵוייא יוּנְגֶע טוֹיבֶּען:
25 אוּנְד זֶעה, עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן אִין יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען שִׁמְעוֹן, אוּנְד דִיזֶער מַאן אִיז גֶעוֶועזֶען גֶערֶעכְט
אוּנְד פְרוּם אוּנְד עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דֶער נֶחָמָה פוּן
יִשְׂרָאֵל, אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אִיהְם:
26 אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם אַנְטפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ, אַז עֶר װֶעט נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט אֵיידֶער עֶר הָאט
27 גֶעזֶעהֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן דֶעם הַאר: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין; אוּנְד װֶען דִיא
עֶלְטֶערֶען הָאבֶּען דָאס קִינְד אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אַז זֵייא זָאלֶען
28 מִיט אִיהְם טְהוּן נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן דֶער תּוֹרָה: אַזוֹי הָאט
עֶר אִיהְם אִין זֵיינֶע אָרֶעם גֶענוּמֶען; אוּנְד הָאט גָאט גֶע־
לוֹיבְּט אוּנְד גֶעזָאגְט:
29 „אַצוּנְד שִׁיקְסְט דוּא אַוֶועק דֵיין קְנֶעכְט, הַאר, אִין פְרִיי־
30 דֶען נָאךְ דֵיין וָוארְט: וָוארִין מֵיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶע־
31 זֶעהֶען דֵיינֶע יְשׁוּעָה: וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר
32 אַלֶע פֶעלְקֶער: אַ לִיכְט צוּ דֶערְלֵייכְטֶען דִיא פֶעלְקֶער,
אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֵיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל“:
33 אוּנְד זֵיין פָאטֶער אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְוּאוּנְ־
דֶערְט אִיבֶּער דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען פוּן אִיהְם גֶערֶעט גֶע־
34 וָוארְען: אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט צוּ מִרְיָם זֵיינֶע מוּטֶער, זֶעה עֶר אִיז גֶעזֶעצְט צוּם
פַאל אוּנְד אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן פִילֶע אִין יִשְׂרָאֵל אוּנְד צוּ אַ
35 צֵייכֶען וָואס װֶעט װִידֶערְשְׁפְּרָאכֶען װֶערֶען: אוּנְד דוּרְךְ
דֵיינֶע אֵייגֶענֶע זֶעלֶע װֶעט אַ שְׁוֶוערְד דוּרְכְגֶעהֶען, אַז דִיא

גֶעדַאנְקֶען פוּן פִילֶע הערצער זָאלֶען אַנְטפּלֶעקְט װֶערֶען:
אוּנְד דָארְט אִיז גֶעװֶעזֶען אַ נְבִיאָה, חַנָּה דִיא טָאכְטֶער 36
פוּן פְּנוּאֵל, פוּן שֵׁבֶט אָשֵׁר; זִיא אִיז שׁוֹין זֶעהְר אַלְט גֶע־
װֶעזֶען, אוּנְד הָאט גֶעלֶעבְּט מִיט אַ מַאן זִיבֶּען יָאהְר פוּן
אִיהְרֶע יוּנְגְפְרוֹישַׁאפְט: אוּנְד זִיא אִיז גֶעװֶעזֶען אֵיינֶע אַלְמָנָה 37
קֶעגֶען פִיר אוּנְד אַכְצִיג יָאהְר, װֶעלְכֶע הָאט נִיט אָפְּגֶעלָאזְט
פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ נֵייעֶרְט הָאט גֶעדִינְט מִיט פַאסְטֶען אוּנְד
גֶעבֶּעט טָאג אוּנְד נַאכְט: אוּנְד צוּ דֶער זֶעלְבִּיגֶער שָׁעָה 38
אִיז זִיא גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעלוֹיבְּט דֶעם הַאר גָאט,
אוּנְד הָאט פוּן אִיהְם גֶערֶעט צוּ אַלֶע װָאס הָאבֶּען גֶעװַארְט
אוֹיף דִיא אוֹיסְלֶעזוּנְג פוּן יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען 39
אַלֶעס דֶערְפִילְט נָאךְ דֶער תּוֹרָה פוּן דֶעם הַאר, הָאבֶּען
זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין גָלִיל צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע שְׁטָאט
נְצָרֶת:
אוּנְד דָאס קִינְד הָאט גֶעװַאקְסֶען, אוּנְד אִיז גֶעװֶעזֶען שְׁטַארְק 40
אוּנְד דֶערְפִילְט מִיט חָכְמָה, אוּנְד דִיא גְנָאד פוּן גָאט אִיז
אוֹיף אִיהְם גֶעװֶעזֶען:
אוּנְד זֵיינֶע עֶלְטֶערֶען זֶענֶען אַלֶע יָאהְר גֶעגַאנְגֶען קֵיין 41
יְרוּשָׁלַיִם צוּם חַג הַפֶּסַח: אוּנְד װֶען עֶר אִיז צְװֶעלְף יָאהְר 42
אַלְט גֶעװָארֶען, זֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן יוֹם טוֹב: אוּנְד װֶען דִיא טֶעג זֶענֶען 43
גֶעעֶנְדִיגְט גֶעװָארֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד
דָאס קִינְד יֵשׁוּעַ אִיז צוּרִיק גֶעבְּלִיבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד
זֵיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען עֶס נִיט גֶעװוּסְט: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען 44
גֶעדַאכְט אַז עֶר אִיז צְװִישֶׁען דִיא אוֹרְחִים, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
גֶעגַאנְגֶען אַ טָאג רֵייזֶע, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צְװִישֶׁען
זֵייעֶרֶע קְרוֹבִים אוּנְד בֶּעקַאנְטֶע: אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען 45
אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען זֶענֶען זֵייא אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען נָאךְ 46
דְרַייא טֶעג הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעפִינֶען אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ
זִיצֶענְדִיג צְװִישֶׁען דִיא לֶעהְרֶער, װְאוּ עֶר הָאט זֵייא אוֹיךְ
צוּגֶעהֶערְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעפְרֶעגְט: אוּנְד אַלֶע װָאס 47
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זֶענֶען עֶרְשְׁטוֹינְט אִיבֶּער זֵיין פֶערְ־
שְׁטַאנְד אוּנְד זֵיינֶע תְּשׁוּבוֹת: אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם 48

אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד, אִיז אִיהְם אַ מַאן עֶנְטְקֶעגֶע־
גֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט, וָואס הָאט גֶעהַאט שֵׁדִים אַ
לַאנְגֶע צֵייט, אוּנְד הָאט קֵיין קְלֵייד נִיט גֶעהַאט, אוּנְד הָאט
נִיט גֶעוְואוֹינְט אִין קֵיין הוֹיז, נֵייעֶרְט צְווִישֶׁען דִיא קְבָרִים:
28 ווִיא עֶר הָאט יֵשׁוּעַ דֶערְזֶעהֶען, אִיז עֶר פָאר אִיהְם אַנִידֶערְ־
גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, וָואס הָאבּ
אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן, יֵשׁוּעַ, זוּהְן פוּן גָאט דֶעם אוֹיבֶּערְ־
29 שְׁטֶען? אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פְּלָאג מִיךְ נִיט: וָוארִין עֶר הָאט
דֶעם אוּנְרֵיינֶעם רוּחַ גֶעבָּאטֶען אַז עֶר זָאל אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן
דֶעם מַאן, וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם אָפְּטְמָאל גֶעחַאפְּט; אוּנְד
עֶר וַואר גֶעבּוּנְדֶען מִיט קֵייטֶען, אוּנְד וַואר גֶעבּוּנְדֶען גֶע־
הַאלְטֶען, אָבֶּער עֶר הָאט דִיא בֶּענְדֶער צֶערִיסֶען, אוּנְד וַואר
30 גֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם שֵׁד אִין דִיא ווִיסְטֶע עֶרְטֶער: אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דֵיין
נָאמֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לֶעגִיאָן, וָוארִין פִילֶע
31 שֵׁדִים זֶענֶען אִין אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זֵייא נִיט בֶּעפֶעהְלֶען אִין דֶער
32 טִיפֶענִיס אַרֵיינְצוּגֶעהְן: אוּנְד דָארְט וַואר אַ סְטַאדֶע פוּן
חֲזִירִים וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפַאשֶׁעט אוֹיף דֶעם בַּארְג, אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל זֵייא דֶערְלוֹיבֶּען
צְווִישֶׁען זֵייא אַרֵיינְצוּגֶעהֶען אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא דֶערְלוֹיבְּט:
33 אוּנְד דִיא שֵׁדִים זֶענֶען פוּן דֶעם מַאן אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צְווִישֶׁען דִיא חֲזִירִים, אוּנְד דִיא סְטַאדֶע
הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעשְׁטִירְצְט פוּן אַ מְשׁוּפֶּעדִיגֶען אָרְט אִין יַם
34 אַרֵיין, אוּנְד זֶענֶען דֶערְשְׁטִיקְט גֶעוָוארֶען: וֶוען דִיא פַּאסְ־
טוּכֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענֶען זֵייא
אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס
35 דֶערְצֶעהְלְט אִין דִיא שְׁטֶעט אוּנְד אִין דִיא דֶערְפֶער: אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ זֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען
דֶעם מַאן פוּן וֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
זִיצֶען צוּ דִיא פִיס פוּן יֵשׁוּעַ, אָנְגֶעקְלֵיידֶעט אוּנְד בֵּיים שֵׂכֶל;
36 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען: אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען
עֶס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט ווִיא אַזוֹי דֶער וָואס

37 הָאט גֶעהַאט דִיא שֵׁדִים אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק פוּן דֶער גֶעגֶענְד פוּן דִיא גְדְרוֹנִים הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל פוּן זֵייא אַוֶועקְגֶעהְן,
וָוארִין אַ גְרוֹיסֶע פוּרְכְט הָאט זֵייא אָנְגֶענוּמֶען. אַזוֹי אִיז
עֶר אִין דֶעם שִׁיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
38 קֶערְט: אוּנְד דֶער מַאן פוּן וֶועלְכֶען דִיא שֵׁדִים זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל מִיט אִיהְם
זַיין, אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאט גֶע־
39 זָאגְט: גֶעה צוּרִיק צוּ דֵיין הוֹיז אַרֵיין אוּנְד דֶערְצֶעהְל וָואס
פַאר גְרוֹיסֶע זַאכֶען גָאט הָאט צוּ דִיר גֶעטְהוּן. אוּנְד עֶר
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען אִין דֶער
גַאנְצֶער שְׁטָאט וָואס פַאר גְרוֹיסֶע זַאכֶען יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
40 אִיהְם גֶעטְהוּן: אוּנְד עֶס וַואר וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶערְט, אַזוֹי הָאט אִיהְם דָאס פָאלְק אוֹיפְגֶענוּמֶען. וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען אַלֶע אוֹיף אִיהְם גֶעוַוארְט:
41 אוּנְד נוּן אִיז גֶעקוּמֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יָאִיר,
אוּנְד עֶר וַואר אַ פַּרְנֵס פוּן דֶער שׁוּל. אוּנְד עֶר אִיז יֵשׁוּעַ
צוּ דִיא פִים גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר
42 זָאל אִין זֵיין הוֹיז אַרֵיינְקוּמֶען: וָוארִין עֶר הָאט גֶעהַאט
אֵיינֶע אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער פוּן צְוֶועלְף יָאהְר, אוּנְד זִיא וַואר
קָרוֹב לְמִיתָה. אָבֶּער וִוִיא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען
אִיהְם דִיא לֵייט גֶעשְׁטוּפְּט:
43 אוּנְד דָא וַואר אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהַאט אַ בְּלוּטְפְלוּס
צְוֶועלְף יָאהְר, אוּנְד וָואס הָאט פֶערְבְּרַאכְט אִיהְר גַאנְץ
פֶערְמֶעגֶען אוֹיף דָאקְטָארְס, אוּנְד הָאט בֵּייא קֵיינֶעם נִיט
44 גֶעקֶענְט גֶעהֵיילְט וֶוערֶען: אוּנְד זִיא אִיז פוּן הִינְטֶער אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אָנְגֶערִיהְרְט דִיא צִיצִית פוּן זֵיין קְלֵייד,
אוּנְד אִיהְר בְּלוּטְפְלוּס אִיז בַּאלְד שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען:
45 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט מִיךְ אָנְגֶערִירְט?
וֶוען אַלֶע הָאבֶּען גֶעלֵייקֶענְט, אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוֹס אוּנְד דִיא
וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר דָאס פָאלְק שְׁטִיפֶּען
אוּנְד דְרִיקֶען דִיךְ, אוּנְד דוּא זָאגְסְט וֶוער הָאט מִיךְ אָנְגֶע־
46 רִיהְרְט? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, אִימֶעצֶער הָאט מִיךְ
אָנְגֶערִירְט, וָוארִין אִיךְ וֵוייס אַז גְבוּרָה אִיז פוּן מִיר

אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: וֶוען דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִיא וַואר 47
נִיט פֶערְבָּארְגֶען, אַזוֹי אִיז זִיא גֶעקוּמֶען צִיטֶערְנְדִיג, אוּנְד
אִיז פָאר אִיהְם אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט עֶס גֶעזָאגְט
פָאר דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק וָוארוּם זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶערִירְט,
אוּנְד וְוִיא אַזוֹי זִיא אִיז בַּאלְד גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר 48
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, זַייא גֶעטְרֵייסְט טָאכְטֶער, דַיין גְלוֹי־
בֶּען הָאט דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט. גֶעה אִין פְרִידֶען:
וַוייל עֶר הָאט נָאךְ גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אִיז אֵיינֶער גֶעקוּמֶען פוּן 49
דֶעם פַּרְנֵס פוּן דֶער שׁוּהְל, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַיינֶע
טָאכְטֶער אִיז טוֹיט, בֶּעמִיה דֶעם רַבִּי נִיט מֶעהְר! אָבֶּער 50
וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
פָארְכְט דִיךְ נִיט. גְלוֹיבּ נוּר אַזוֹי וֶועט זִיא גֶעזוּנְד וֶוערֶען:
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין דֶעם הוֹיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר 51
קֵיינֶעם נִיט גֶעלָאזְט אַרֵיינְקוּמֶען, נַייעֶרְט פֶּעטְרוֹס אוּנְד
יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד דֶעם פָאטֶער אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן
דֶעם קִינְד: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַלֶע גֶעוֵויינְט, אוּנְד הָאבֶּען 52
אִיבֶּער אִיהְר גֶעקְלָאגְט, אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֵויינְט נִיט,
זִיא אִיז נִיט טוֹיט, נֵייעֶרְט זִיא שְׁלָאפְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען 53
אִיהְם אוֹיסְגֶעלַאכְט, וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז זִיא אִיז
טוֹיט: אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַלֶע אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר 54
הָאט זִיא אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד. אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֶעדֶעל, שְׁטֶעה אוֹיף: אוּנְד אִיהְר גֵייסְט 55
אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען. אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען מֶען זָאל
אִיהְר גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען: אוּנְד אִיהְרֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיךְ 56
זֶעהְר פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אָבֶּער עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעזָאגְט אַז
זַייא זָאלֶען קֵיינֶעם זָאגֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען:

## קאַפּיטעל ט

אוּנְד עֶר הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען זַיינֶע צְוֶועלְף תַּלְמִידִים, 1
אוּנְד הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אוּנְד גֶעוַואלְט אִיבֶּער אַלֶע
שֵׁדִים, אוּנְד קְרַאנְקְהֵייטֶען צוּ הֵיילֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא 2
אוֹיסְגֶעשִׁיקְט צוּ פְּרֶעדִיגֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד
צוּ הֵיילֶען דִיא קְרַאנְקֶע: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, 3
נֶעמְט גָארְנִיט מִיט אוֹיף דֶעם וֶועג, קֵיין שְׁטֶעקֶען, קֵיין זַאק
קֵיין בְּרוֹיט אוּנְד קֵיין זִילְבֶּער, אוּנְד הָאט נִיט צְוֵוייא רֶעק

4 פַאר אֵיין מַאן: אוּנְד אִין וָואס פַאר אַ הוֹיז אִיהְר וֶועט
אַרֵיינְקוּמֶען בְּלֵייבְּט דָארְטֶען, אוּנְד פוּן דַאנֶען גֶעהְט וַוייטֶ־
5 טֶער אוּנְד וֶוער עֶם וֶועט אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, וֶוען אִיהְר
גֶעהְט אַרוֹיס פוּן דִיזֶער שְׁטָאט, אַזוֹי שָׁאקֶעלְט אַפִּילוּ אָפּ
6 דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן אֵיירֶע פִים, פַאר אֵיין עֵדוּת צוּ זֵייא: אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין
דִיא דֶערְפֶער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעהֵיילְט אִין אַלֶע עֶרְטֶער:
7 אוּנְד הוֹרְדוֹס דֶער פִירְשְׁט הָאט גֶעהֶערְט פוּן אַלֶע זַאכֶען
וָואס זֶענֶען גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶר וַואר בֶּעזָארְגְט,
וַוייל עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז יוֹחָנָן אִיז פוּן טוֹיט אוֹיפְ־
8 גֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד עֶטְלִיכֶע אַז אֵלִיָהוּ הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען;
אוּנְד אַנְדֶערֶע, אַז אֵיינֶער פוּן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז אוֹיפְ־
9 גֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד הוֹרְדוֹס הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאבּ אִיךְ
דֶעם קָאפּ אַרוּפְּגֶענוּמֶען. אָבֶּער וֶוער אִיז דֶער פוּן וֶועלְ־
כֶען אִיךְ הֶער דִיזֶע זַאכֶען? אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעוִוינְשְׁט
צוּ זֶעהֶען:
10 וֶוען דִיא שְׁלוּחִים הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט אַלֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעטְהוּן.
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז אַלֵיין אַוֶועקְגֶעגַאנְ־
גֶען צוּ אַ וִוִיסְטֶען אָרְט פוּן דֶער שְׁטָאט וָואס הֵייסְט בֵּית־
11 צַיְדָה: אוּנְד וִויא דָאס פָאלְק הָאט דָאס גֶעוְואוּסְט, הָאבֶּען
זֵייא אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט. אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אוֹיפְגֶענוּמֶען
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵיילְט דִיא וָואס הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט רְפוּאָה;
12 וֶוען דֶער טָאג הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פֶערְבֵּייא צוּ גֶעהְן, זֶענֶען
דִיא צְוֶועלְף צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, שִׁיק דָאס פָאלְק אַוֶועק, אַז זֵייא זָאלֶען אַרוּמְגֶעהֶען
צוּ דִיא דֶערְפֶער אוּנְד פֶעלְדֶער, אוּנְד זָאלֶען אִיבֶּערְנֶעכְ־
טִיגֶען אוּנְד זָאלֶען שְׁפֵּייז בֶּעקוּמֶען, וָוארִין מִיר זֶענֶען דָא
13 אִין אַ וִוִיסְטֶען אָרְט: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
גִיבְּט אִיהְר זֵייא צוּ עֶסֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
הָאבֶּען נִיט מֶעהְר וִויא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד צְוֵוייא פִישׁ,
אוֹיסְגֶענוּמֶען מִיר וֶועלֶען גֶעהֶען אוּנְד קוֹיפֶען עֶסֶען פַאר

14 דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק: וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אֵיין עֶרֶךְ
פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען, אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים
15 גֶעזָאגְט, זֶעצְט זַייא אַנִידֶער אִין חֲבוּרוֹת צוּ פוּפְצִיג: אוּנְד
זַייא הָאבֶּען אַזוֹי גֶעטְהוּן אוּנְד הָאבֶּען זַייא אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט:
16 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא פִינְף בְּרוֹיט אוּנְד דִיא צְוַוייא
פִישׁ, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעקוּקְט צוּם הִימֶעל, אוּנְד הָאט אִי־
בֶּער זַייא אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶר הָאט עֶס צֶערבְּרָאכֶען,
אוּנְד הָאט עֶס גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים אַז זַייא זָאלֶען
17 עֶס דֶעם פָאלְק פָארְלֶעגֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
אוּנְד זֶענֶען אַלֶע זַאט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
וָואס אִיז זַייא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ, צְוֶועלְף
קֶערְבּ:
18 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר הָאט בֶּעזוּנְדֶער גֶעבֶּעטֶען,
אַזוֹי וָוארֶען זֵיינֶע תַּלְמִידִים מִיט אִיהְם, הָאט עֶר זַייא גֶע־
פְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער זָאגֶען דִיא לֵייט אַז אִיךְ בִּין?
19 אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן דֶער
מְטַבֵּל. אָבֶּער אַנְדֶערֶע אֵלִיָּהוּ, אוּנְד אַנְדֶערֶע, אַז אַ נָבִיא
20 פוּן דִיא אַלְטֶע נְבִיאִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אָבֶּער וֶוער זָאגְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין? אוּנְד
פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶער מָשִׁיחַ פוּן
21 גָאט: אָבֶּער עֶר הָאט זַייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאט זַייא
22 אָנְגֶעזָאגְט זַייא זָאלֶען דָאס קֵיינֶעם נִיט זָאגֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, דֶער בֶּן־אָדָם מוּס פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְ־
וָוארְפֶען וֶוערֶען פוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד גֶעטֵייטֶעט וֶוערֶען, אוּנְד אוֹיפְשְׁטֶעהֶען
אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג:
23 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אַלֶע גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס ווִיל מִיר נָאכְקוּ־
מֶען דֶער זָאל זִיךְ זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען, אוּנְד לָאז עֶר
24 טֶעגְלִיךְ נֶעמֶען זֵיין קְרֵייץ אוּנְד מִיר נָאכְפָאלְגֶען: וָוארִין
וֶוער עֶס ווִיל זַיין לֶעבֶּען רֶעטֶען, דֶער וֶועט עֶס פֶערְלִירֶען,
אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען פוּן מֵיינֶעט
25 וֶועגֶען, דֶער וֶועט עֶס רֶעטֶען: וָוארִין וָואס הֶעלְפְט עֶס דֶעם
מֶענְשׁ, וֶוען עֶר גֶעווִינְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אוּנְד פֶערְלִירְט
26 זִיךְ אַלֵיין אָדֶער עֶר וֶוערְט בֶּעשֶׁעדִיגְט? וָוארִין וֶוער עֶס

װֶעט זִיךְ שֶׁעמֶען מִיט מִיר אוּנְד מֵיינֶע װֶערְטֶער, מִיט דֶעם
װֶעט זִיךְ דֶער בֶּן־אָדָם אוֹיךְ שֶׁעמֶען, װֶען עֶר װֶעט קוּמֶען
אִין זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד פוּן זֵיין פָאטֶער אוּנְד פוּן דִיא
27 הֵיילִיגֶע מַלְאָכִים: אָבֶער בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס זֶענֶען
דָא עֶטְלִיכֶע װָאס שְׁטֶעהֶען הִיר, װָאס װֶעלֶען נִיט פֶערְזוּכֶען
דֶעם טוֹיט, בִּיז זֵייא װֶעלֶען זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:
28 אוּנְד עֶס װַאר אִין אַכְט טָאג נָאךְ דִיזֶע רֶעדֶען, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶענוּמֶען פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד יַעֲקֹב, אוּנְד אִיז
29 אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צוּ בֶּעטֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ
דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיין פָּנִים פֶערְעֶנְדֶערְט אוּנְד זֵיינֶע
30 קְלֵיידֶער זֶענֶען װֵייס גֶעװָארֶען: אוּנְד זֶעה, צְװֵייא מֶענֶער
הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶערֶעט, י דִיא װַארֶען מֹשֶׁה אוּנְד אֵלִיָהוּ:
31 װֶעלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ בֶּעװִיזֶען אִין הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד הָאבֶּען
גֶערֶעט פוּן זֵיין אוֹיסְגַאנְג, װָאס עֶר װֶעט דֶערְפִילֶען אִין
32 יְרוּשָׁלַיִם: אָבֶער פֶּעטְרוֹס אוּנְד דִיא װָאס װַארֶען מִיט אִיהְם
הָאבֶּען שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאפֶען, אוּנְד װִיא זֵייא זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעװַאכְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט,
אוּנְד דִיא צְװֵייא מֶענֶער װָאס זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעשְׁטַא־
33 נֶען: אוּנְד עֶס װַאר װֶען זֵייא זֶענֶען פוּן אִיהְם אַװֶעקְגֶע־
גַאנְגֶען, הָאט פֶּעטְרוֹס גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, עֶס אִיז גוּט פַאר
אוּנְס דָא צוּ זֵיין. אוּנְד לָאזֶען מִיר מַאכֶען דְרֵייא גֶע־
צֶעלְטֶען, אֵיינְס פַאר דִיר, אוּנְד אֵיינְס פַאר מֹשֶׁה, אוּנְד
אֵיינְס פַאר אֵלִיָהוּ. װָארִין עֶר הָאט נִיט גֶעװְאוּסְט װָאס עֶר
34 זָאגְט: װֶען עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט, אִיז אַ װָאלְקֶען גֶעקוּמֶען
אוּנְד הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעדֶעקְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען װֶען זֵייא זֶענֶען אִין דֶעם װָאלְקֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען:
35 אוּנְד עֶס װַאר אַ קוֹל פוּן דֶעם װָאלְקֶען, װָאס הָאט גֶעזָאגְט,
36 דִיזֶער אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, הֶערְט אִיהְם צוּ: אוּנְד װִיא
דִיא שְׁטִימֶע װַאר פֶערְבֵּייא, אִיז יֵשׁוּעַ אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען קֵיינֶעם
נִיט גֶעזָאגְט אִין דִיזֶע טֶעג פוּן קֵיינֶע זַאךְ װָאס זֵייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען:
37 אוּנְד עֶס װַאר אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן טָאג, װֶען זֵייא זֶענֶען
אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם בַּארְג, הָאט אִיהְם אַ גְרוֹיס

38 פָּאלְק בֶּעגֶעגְנֶעט: אוּנְד זֶעה, אַ מַאן פוּן דֶעם פָאלְק
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, זֶעה אוֹיף
39 מַיין זוּהְן, וָוארִין עֶר אִיז מַיין אֵיינְצִיגֶער: אוּנְד זֶעה, אַ
רוּחַ נֶעמְט אִיהְם, אוּנְד עֶר שְׁרֵייעֶט פְּלִיצְלִינְג, אוּנְד עֶר
רַייסְט אִיהְם בִּיז עֶר שׁוֹימְט, אוּנְד עֶר גֶעהְט קוֹים פוּן אִיהְם
40 אַוֶועק, וֶוען עֶר הָאט אִיהְם צוּשְׁמִוֹיסֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעבֶּעטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אַרוֹיסְ־
41 טְרֵייבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט אִיהְר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶעם אוּנְד פֶערְ־
קֶערְטֶעס דוֹר, וְוִיא לַאנְג וֶועל אִיךְ נָאךְ מִיט אֵייךְ גֶעדוּלְד
42 הָאבֶּען? בְּרֶענְג דֵיין זוּהְן אַהֶער: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּ
אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, הָאט אִיהְם דֶער שֵׁד גֶעריסֶען אוּנְד גֶע־
מִיטְשֶׁעט; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט דֶעם אוּנְרֵיינֶעם רוּחַ אָנְגֶע־
שְׁרִיעֶן, אוּנְד הָאט דָאס קִינְד גֶעהֵיילְט, אוּנְד הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵיין פָאטֶער:
43 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְוְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא הֶערְ־
לִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד וֶוען אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט
אִיבֶּער אַלֶעם וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע
44 תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט: לֶעגְט דִיזֶע וֶוערְטֶער אִין אֵייעֶרֶע
אוֹירֶען, וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען
45 אִין דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאךְ
נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, אוּנְד עֶס וַואר פוּן זֵייא פֶערְבָּארְגֶען אַז
זֵייא זָאלֶען עֶס נִיט בֶּעגְרֵייפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען אִיהְם וֶועגֶען דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ צוּ פְרֶעגֶען:
46 אוּנְד דָא אִיז אַ גֶעדַאנְקֶען אִין זֵייא אַרֵיינְגֶעקוּמֶען וֶועלְ־
47 כֶער פוּן זֵייא אִיז דֶער גְרֶעסְטֶער: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
וְואוּסְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן זֵייעֶר הַארְץ, אוּנְד עֶר הָאט אַ
קִינְד אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט עֶס בֵּייא זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט:
48 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס וֶועט דָאס קִינְד
אוֹיפְנֶעמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף; אוּנְד
וֶוער עֶס וֶועט מִיךְ אוֹיפְנֶעמֶען, דֶער נֶעמְט אוֹיף אִיהְם וָואס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט; וָוארִין דֶער וָואס אִיז דֶער קְלֶענְסְטֶער
צְווִישֶׁען אֵייךְ אַלֶע, דֶער וֶועט דֶער עֶרְשְׁטֶער זֵיין:
49 אוּנְד יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר

הָאבֶּען אִימִיצֶען גֶעזֶעהֶען וָואס טְרֵייבְּט אַרוֹיס שֵׁדִים אִין
דֵיין נָאמֶען, אוּנְד מִיר הָאבֶּען אִיהְם פֶערְוֶוערְט, וֵוייל עֶר
50 פָּאלְגְט אוּנְס נִיט נָאךְ: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פֶערְוֶוערְט אִיהְם נִיט. וָוארִין וֶוער עֶס אִיז נִיט קֶעגֶען אוּנְס
51 אִיז פַאר אוּנְס: אוּנְד עֶס וַואר וֶוען דִיא צֵייט וַואר דֶערְ־
פִילְט אַז עֶר זָאל אַרוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, הָאט עֶר זֵיין פָּנִים
52 מִיט כַּוָּנָה גֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד עֶר הָאט שְׁלוּחִים
פָאר זִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין אַ דָארְף פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים,
53 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען פַאר אִיהְם פֶערְטִיג מַאכֶען: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְגֶענוּמֶען, וֵוייל זֵיין פָּנִים וַואר גֶעקֶעהְרְט
54 גְלֵייךְ וִויא עֶר וָואלְט גֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: וֶוען זֵיינֶע
תַּלְמִידִים יַעֲקֹב אוּנְד יוֹחָנָן הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען
זֵייא גֶעזָאגְט, הַאר, ווִילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען הֵייסֶען פֵייְ־
עֶר פוּן הִימֶעל אַרוּפְקוּמֶען, אַז עֶס זָאל זֵייא פֶערְצֶערֶען,
55 אַזוֹי וִויא אֵלִיָּהוּ הָאט גֶעטְהוּן? אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט זֵייא אָנְגֶעשְׁרִיעֶן, (אִיהְר וֵוייסְט נִיט
56 פוּן וָואס פַאר אַ גֵייסְט אִיהְר זֶענְט): וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם
אִיז נִיט גֶעקוּמֶען דָאס לֶעבֶּען פוּן מֶענְשֶׁען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען
נֵייעֶרְט צוּ דֶערְהַאלְטֶען. אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִין
אֵיין אַנְדֶערְן דָארְף אַרֵיין:
57 אוּנְד עֶס וַואר וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג,
הָאט אַ מַאן צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ וֶועל דִיר נָאכְ־
58 פָאלְגֶען וְואוּ אַהִין דוּא וֶועסְט גֶעהְן: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, דִיא פוּקְסֶען הָאבֶּען לֶעכֶער, אוּנְד דִיא פֵייְ־
גֶעל פוּן דֶעם הִימֶעל הָאבֶּען נֶעסְטֶען, אָבֶּער דֶער בֶּן־אָדָם
59 הָאט נִיט וְואוּ דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען: אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אֵיין אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ, אָבֶּער עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, הַאר, דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט צוּ גֶעהְן אַז אִיךְ זָאל
60 מֵיין פָאטֶער בֶּעגְרָאבֶּען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, לָאזֶען דִיא טוֹיטֶע זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע טוֹיטֶע בֶּעְ־
גְרָאבֶּען, אָבֶּער דוּא גֶעה אוּנְד פְּרֶעדִיג דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
61 גָאט: אוּנְד ווִידֶער אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ
וִויל דִיר נָאכְפָאלְגֶען, אָבֶּער דֶערְלוֹיבּ מִיר צוּעֶרְשְׁט אַז

אִיךְ זָאל מִיךְ גֶעזֶעגְנֶען מִיט מֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד: אָבֶּער יֵשׁוּעַ 62
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֵיין מֶענְשׁ וָואס לֶעגְט זַיינֶע הַאנְד
צוּם אַקֶער אוּנְד קוּקְט הִינְטֶער זִיךְ, טוֹיג פַאר דֶעם
קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט:

## קאפיטעל י

נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאט דֶער הַאר אָנְגֶעשְׁטֶעלְט נָאךְ זִיבְּצִיג 1
אַנְדֶערֶע, אוּנְד הָאט זֵייא פָּאר אִיהְם אוֹיסְגֶעשִׁיקְט אִין
אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט אוּנְד אָרְט אַרֵיין, וְואוּ אַהִין עֶר הָאט
גֶעוָואלְט קוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער 2
שְׁנִיט (פוּן תְּבוּאָה) אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער דִיא אַרְבֵּייטֶער זֶענֶען
וֶוענִיג, דְרוּם בֶּעט דֶעם הַאר פוּן דֶעם שְׁנִיט, אַז עֶר זָאל
שִׁיקֶען אַרְבֵּייטֶער צוּ זַיין שְׁנִיט: גֶעהְט, זֶעהְט אִיךְ שִׁיק 3
אֵייךְ וְויא שָׁאף צְווִישֶׁען וֶועלְף: טְרָאגְט נִיט מִיט קֵיין בֵּייד 4
טֶעל, אוּנְד קֵיין רֵייזֶע טַאשׁ, אוּנְד קֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד גְרִיסְט
קֵיינֶעם אוֹיף דֶעם וֶועג: אוּנְד אִין וָואס פַאר אַ הוֹיז אִיהְר 5
וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען זָאגְט צוּ עֶרְשְׁט שָׁלוֹם צוּ דֶעם הוֹיז:
אוּנְד וֶוען אַ זוּהְן פוּן שָׁלוֹם וֶועט דָארְטֶען זַיין, וֶועט אֵייעֶר 6
שָׁלוֹם אוֹיף אִיהְם רוּהֶען, אוּנְד וֶוען נִיט אַזוֹי וֶועט עֶס זִיךְ
צוּ אֵייךְ אוּמְקֶערֶען: אוּנְד בְּלֵייבְּט אִין דֶעם דָאזִיגֶען הוֹיז 7
אוּנְד עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט וָואס זֵייא הָאבֶּען, וָוארִין דֶער אַרְ־
בֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זַיין שְׂכַר; גֶעהְט נִיט פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז:
אוּנְד אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאט אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד 8
זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען, עֶסְט וָואס מֶען שְׁטֶעלְט אֵייךְ
פָאר: אוּנְד הֵיילְט דִיא וָואס זֶענֶען קְרַאנְק, אוּנְד זָאגְט צוּ 9
זֵייא, דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט אִיז צוּ אֵייךְ נָאהֶנְט גֶעקוּ־
מֶען: אָבֶּער אִין וָואס פַאר אַ שְׁטָאט אִיהְר וֶועט אַרֵיינְקוּ־ 10
מֶען אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵייךְ נִיט אוֹיפְנֶעמֶען, גֶעהְט אַרוֹיס
אִין אִיהְרֶע גַאסֶען אוּנְד זָאגְט: אַפִילוּ דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן 11
אֵייעֶרֶע שְׁטָאט וָואס קְלֶעבְּט אָן אוּנְס, טְהוּן מִיר קֶעגֶען
אֵייךְ אָפְּשָׁאקְלֶען, אָבֶּער וֵוייסְט דָאס אַז דָאס קֶענִיגְרַייךְ
פוּן גָאט אִיז צוּ אֵייךְ נָאהֶנְט גֶעקוּמֶען: אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז 12
עֶס וֶועט גְרִינְגֶער זַיין פַאר סְדוֹם אִין דִיזֶען טָאג, וְויא פַאר
דִיזֶער שְׁטָאט:
וֶועה צוּ דִיר כּוֹרָזִין, וֶועה צוּ דִיר בֵּית־צַיְדָה, וָוארִין וֶוען 13

דיא גְבוּרוֹת וָואס זֶענֶען אִין אֵייךְ גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען, וָואלְ־
טֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען אִין צוֹר אוּנְד צִידוֹן, אַזוֹי וָואלְטֶען
זַייא שׁוֹין לַאנְג גֶעזֶעסֶען אִין זַאק אוּנְד אַשׁ אוּנְד תְּשׁוּבָה
14 גֶעטְהוּן: אָבֶּער עֶס וֶועט בַּיים מִשְׁפָּט גְרִינְגֶער זַיין פַאר
15 צוֹר אוּנְד צִידוֹן וִויא פַאר אֵייךְ: אוּנְד דוּא כְּפַר־נָחוּם, וָואס
דוּא בִּיסְט דֶערְהֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל, וֶועסְט עֶרְנִידֶערְט
16 וֶוערֶען בִּיז אִין דֶעם שְׁאוֹל: דֶער וָואס הֶערְט אֵייךְ צוּ,
הֶערְט מִיךְ צוּ. אוּנְד וֶוער עֶס פֶערְוַוארְפְט אֵייךְ, פֶערְ־
וַוארְפְט מִיךְ, אוּנְד וֶוער עֶס פֶערְוַוארְפְט מִיךְ דֶער פֶערְ־
17 וַוארְפְט דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דִיא זִיבְּצִיג
זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט פְרֵייד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
הַאר, אַפִילוּ דִיא שֵׁדִים זֶענֶען צוּ אוּנְס אוּנְטֶערְטֶענִיג אִין
18 דַיין נָאמֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
גֶעזֶעהֶען דֶעם שָׂטָן אַרוּפְּפַאלֶען פוּן הִימֶעל וִויא אַ בְּלִיץ:
19 זֶעהְט, אִיךְ גִיבּ אֵייךְ מַאכְט צוּ טְרֶעטֶען אוֹיף שְׁלַאנְגֶען אוּנְד
שְׁקָארְפִּיָאנֶען אוּנְד אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶען מַאכְט פוּן דֶעם
20 פֵיינְד, אוּנְד קֵיין זַאךְ וֶועט אֵייךְ שָׁאדֶען: אָבֶּער פְרֵייט
אֵייךְ נִיט אִיבֶּער דֶעם, וָואס דִיא רוּחוֹת זֶענֶען צוּ אֵייךְ
אוּנְטֶערְטֶענִיג. פְרֵייט אֵייךְ לִיבֶּער, וַוייל אֵיירֶע נֶעמֶען
זֶענֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶעם הִימֶעל:
21 אִין דֶער דָאזִיגֶער שָׁעָה הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ גֶעפְרֵייט אִין דֶעם
גֵייסְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ דַאנְק דִיר פָאטֶער, הַאר פוּן
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, דָאס דוּא הָאסְט דִיזֶע זַאכֶען פֶערְהוֹילֶען
פוּן דִיא חֲכָמִים אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע, אוּנְד דוּא הָאסְט זַייא
אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ יוּנְגֶע קִינְדֶער. יוֹא, פָאטֶער וָוארִין עֶס אִיז
22 דִיר אַזוֹי וְואוֹיל גֶעפַאלֶען: אַלֶעס אִיז מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶע־
בֶּען פוּן מֵיין פָאטֶער, אוּנְד קֵיינֶער וֵוייסְט נִיט וֶוער דֶער
זוּהְן אִיז אוֹיסֶער דֶער פָאטֶער, אוּנְד וֶוער דֶער פָאטֶער אִיז
אוֹיסֶער דֶער זוּהְן, אוּנְד דֶער צוּ וֶועמֶען דֶער זוּהְן וִויל
אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקֶען:
23 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים אוּנְד גֶע־
זָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא אוֹיגֶען וָואס זֶעהֶען דָאס וָואס
24 אִיהְר זֶעהְט: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז פִילֶע נְבִיאִים אוּנְד
מְלָכִים הָאבֶּען גֶעוָואלְט זֶעהֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט, אוּנְד

הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען. אוּנְד צוּ הֶערֶען וָואס אִיהְר הֶערְט,
אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט:
25 אוּנְד זֶעה, אַ גֶעווִיסֶער בַּעַל תּוֹרָה אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעפְּרוּפְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, וָואס זָאל
26 אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל יַרְשְׁנְ'ן דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען: אָבֶּער
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
27 דֶער תּוֹרָה? וִויא אַזוֹי לֵיינְסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט דֶעם הַאר, דֵיין גָאט,
לִיבֶּען מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע זֶעלֶע אוּנְד מִיט דֵיינֶע גַאנְצֶע
קְרַאפְט אוּנְד מִיט דֵיין גַאנְצֶען פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד לִיבּ דֵיין
28 חַבֵר וִויא דִיךְ אַלֵיין: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
הָאסְט רֶעכְט גֶעעֶנְטְפֶערְט; טְהוּא דָאס אוּנְד דוּא וֶועסְט
29 לֶעבֶּען: אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶוער אִיז מֵיין חַבֵר?
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערט אוּנְד גֶעזָאגְט אַ מַאן אִיז
אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קַיין יְרִיחוֹ אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶע־
פַאלֶען צְווִישֶׁען רוֹיבֶּער וָואס הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
31 אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם הַאלְבּ טוֹיט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט: אוּנְד
עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַז אַ כֹּהֵן אִיז דֶעם וֶועג אַרוּנְטֶער
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִיז עֶר
32 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט: דֶעסְגְלֵייכֶען אַ
לֵוִי אִיז צוּ דֶעם אָרְט גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד עֶר אִיז פֶערְבַּייא גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַייט:
33 אָבֶּער אַ גֶעווִיסֶער שֹׁמְרוֹנִי וָואס הָאט גֶערֵייזְט, אִיז צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר
34 אִיבֶּער אִיהְם רַחְמָנוּת גֶעהַאט: אוּנְד עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאט זַיינֶע ווּאוּנְדֶען פֶערְבּוּנְדֶען, אוּנְד הָאט אִין זַייא
אַרֵיינְגֶעגָאסֶען אֵייל אוּנְד וַויין. אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיף זַיינֶע
בְּהֵמָה אַרוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אִין אַיינֶע הֶערְבֶּערְגֶע
אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט אוֹיף אִיהְם אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען:
35 אוּנְד אִין דֶער פְּרִיא וֶוען עֶר אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען צְווֵייא גִילְדֶען אוּנְד הָאט זַייא גֶע־
גֶעבֶּען צוּם ווִירְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ אוֹיף

אִיהְם אֶכְטוּנְג, אוּנְד וָואס דוּא וֶועסְט מֶעהְר אוֹיסְגֶעבֶּען,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ דִיר בֶּעצָאלֶען וֶוען אִיךְ וֶועל צוּרִיקְקוּמֶען:
36 וֶועלְכֶער פוּן דִיא דְרֵייא, דַאכְט זִיךְ דִיר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
חַבֵר פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעפַאלֶען צְווִישֶׁען דִיא רוֹיבֶּער:
37 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט מִיט אִיהְם חֶסֶד
גֶעטְהוּן. אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אוּנְד
טְהוּא דוּא דֶעסְגְלֵייכֶען:
38 אוּנְד עֶס וַואר וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אִיז עֶר אִין
אֵיין דָארְף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. אוּנְד אַ פְרוֹיא וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען מַרְתָּא הָאט אִיהְם אַרֵיינְגֶענוּמֶען אִין אִיהְר הוֹיז:
39 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ שְׁוֶועסְטֶער וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
מִרְיָם, וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעזֶעסֶען בֵּייא דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ,
40 אוּנְד הָאט צוּגֶעהֶערְט זֵיינֶע רֵייד: אָבֶּער מַרְתָּא הָאט זִיךְ
בֶּעמִיהְט מִיט פִיל דִינְגֶען; אוּנְד זִיא אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, פְרֶעגְסְט דוּא נִיט דֶערְנָאךְ דָאס מֵיינֶע
שְׁוֶועסְטֶער הָאט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעלָאזְט צוּ בֶּעדִינְגֶען?
41 דְרוּם זָאג אִיהְר אַז זִיא זָאל מִיר הֶעלְפֶען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, מַרְתָּא,
מַרְתָּא, דוּא זָארְגְסְט אוּנְד בֶּעמִיהְסְט זִיךְ וֶועגֶען פִילֶע זַא־
42 כֶען: אָבֶּער אֵיין זַאךְ אִיז נֵייטִיג. אוּנְד מִרְיָם הָאט זִיךְ
דָאס גוּטֶע טֵייל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, וָואס וֶועט נִיט פוּן אִיהְר
אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען:

## קאפיטעל יא

1 עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף אַ גֶעוִויסֶען
אָרְט הָאט עֶר מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶע־
הֶערְט, אַזוֹי הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאר, לֶעהְר אוּנְס צוּ בֶּעטֶען, אַזוֹי וִויא יוֹחָנָן הָאט
2 אוֹיךְ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעלֶעהְרְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר בֶּעט, זָאגְט, אוּנְזֶער פָאטֶער וָואס דוּא
בִּיסְט אִים הִימֶעל, גֶעהֵיילִיגְט זָאל זֵיין דֵיין נָאמֶען. מֶעג
דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קוּמֶען. דֵיין ווִילֶען זָאל בֶּעטְהוּן וֶוערֶען
3 אוֹיף דֶער עֶרְד, אַזוֹי וִויא אִים הִימֶעל: גִיב אוּנְס יֶעדֶען
4 טָאג אוּנְזֶער בְּרוֹיט: אוּנְד פֶערְגִיב אוּנְס אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען.
וָוארִין מִיר פֶערְגֶעבֶּען אוֹיךְ אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְס

שׁוּלְדִיג. אוּנְד בְּרֶענְג אוּנְס נִיט אִין קֵיינֶער פְּרִיפוּנְג, נֵייעֶרְט
5 בֶּעהִיט אוּנְס פוּן דֶעם אִיבֶּעל: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ װָאס הָאט אַ פְרֵיינְד, אוּנְד עֶר
װֶעט צוּ אִיהְם גֶעהְן אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט, אוּנְד װֶעט צוּ
6 אִיהְם זָאגֶען, פְרֵיינְד, בָּארְג מִיר דְרֵייא בְּרוֹיט: װָארִין אַ
פְרֵיינְד אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם װֶעג, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
7 אִיהְם נִיט װָאס פָארְצוּלֶעגֶען! אוּנְד דֶער פוּן אִינְוֶוענִיג װֶעט
עֶנְטְפֶערֶען אוּנְד זָאגֶען, זֵייא מִיךְ נִיט מַטְרִיחַ. דִיא טִיר אִיז
שׁוֹין פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד מֵיינֶע קִינְדֶער זֶענֶען מִיט מִיר
אִים בֶּעט, אִיךְ קֶען נִיט אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנְד צוּ דִיר גֶעבֶּען:
8 אִיךְ זָאג אֵייךְ, װֶען עֶר װֶעט אוֹיךְ נִיט װֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן
אוּנְד אִיהְם גֶעבֶּען װֵייל עֶר אִיז זֵיין פְרֵיינְד, אָבֶּער װֶעגֶען
זֵיין חוּצְפַּאדִיגֶעס בֶּעטֶען װֶעט עֶר אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנְד װֶעט
9 אִיהְם גֶעבֶּען אַזוֹי פִיל װִיא עֶר בֶּעדַארְף: אוּנְד אִיךְ זָאג
אֵייךְ, בֶּעטֶעט, אוּנְד עֶס װֶעט אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען. זוּכְט,
אוּנְד אִיהְר װֶעט גֶעפִינֶען. קְלַאפְּט אָן, אוּנְד עֶס װֶעט אֵייךְ
10 אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען: װָארִין אִיטְלִיכֶער װָאס בֶּעטֶעט,
קְרִיגְט, אוּנְד דֶער װָאס זוּכְט, גֶעפִינְט, אוּנְד צוּ דֶעם װָאס
11 קְלַאפְּט אָן, װֶעט עֶס אוֹיפְגֶעמַאכְט װֶערֶען: אוּנְד װֶער אִיז
אַ פָאטֶער צְװִישֶׁען אֵייךְ, װָאס װֶען זֵיין זוּהְן װֶעט בֶּעטֶען
אוּם בְּרוֹיט, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁטֵיין? אוּנְד װֶען עֶר
װֶעט בֶּעטֶען אַ פִישׁ, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁלַאנְג אַנְ־
12 שְׁטַאט אַ פִישׁ? אָדֶער װֶען עֶר װֶעט בֶּעטֶען אֵיין
13 אֵיי, װֶעט עֶר אִיהְם גֶעבֶּען אַ שְׁקָארְפִּיאָן? דְרוּם װֶען אִיהְר
װָאס זֶענְט שְׁלֶעכְט, װֵייסְט צוּ גֶעבֶּען גוּטֶע מַתָּנוֹת צוּ אֵייעֶרֶע
קִינְדֶער, װִיא פִיל מֶעהְר װֶעט דֶער פָאטֶער אִים הִימֶעל
גֶעבֶּען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ צוּ דִיא װָאס בֶּעטֶען אִיהְם:
14 אוּנְד עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אַ שֵׁד, אוּנְד עֶר װַאר שְׁטוּם.
אוּנְד עֶס װַאר װֶען דֶער שֵׁד אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, הָאט דֶער
שְׁטוּמֶער גֶערֶעט. אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעװְאוּנְדֶערְט:
15 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר טְרֵייבְּט אַרוֹיס
16 שֵׁדִים דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב דֶעם פִירְשְׁט פוּן דִיא שֵׁדִים: אוּנְד
אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרוּפְט, אוּנְד הָאבֶּען פוּן אִיהְם
17 פֶערְלַאנְגְט אַ צֵייכֶען פוּן הִימֶעל: אָבֶּער עֶר װִיסֶענְדִיג זֵייעֶרֶע

גֶעדַאנְקֶען, הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶעס קֶענִיגְרֵייךְ וָואס
אִיז מִיט זִיךְ צוּטְהֵיילְט, וֶוערְט פֶערְוִויסְט, אוּנְד אַ הוֹיז וָואס
18 אִיז מִיט זִיךְ צוּטְהֵיילְט, פַאלְט אֵיין׃ אוּנְד וֶוען דֶער שָׂטָן
אִיז מִיט זִיךְ צוּטְהֵיילְט, וְוִיא אַזוֹי זָאל זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ בֶּע־
שְׁטֶעהְן? וָוארִין אִיהְר זָאגְט, אַז אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים
19 דוּרְךְ בַּעַל־זְבוּב׃ אוּנְד וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים דוּרְךְ
בַּעַל־זְבוּב, דוּרְךְ וֶועמֶען טְהוּן זֵייא אֵייעֶרֶע קִינְדֶער אַרוֹיסְ־
20 טְרֵייבֶּען? דְרוּם וֶועלֶען זֵייא זֵיין אֵייעֶרֶע רִיכְטֶער׃ אָבֶּער
וֶוען אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים מִיט דֶעם פִינְגֶער פוּן גָאט,
אַזוֹי אִיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אַוַדַאי צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען׃
21 וֶוען אֵיין שְׁטַארְקֶער אוּנְד גֶעוַואפֶענְטֶער מַאן הִיט זֵיין
22 אֵייגֶען הוֹיז, אַזוֹי אִיז זֵיין פֶערְמֶעגֶען זִיכֶער׃ אָבֶּער וֶוען
אֵיין שְׁטַארְקֶערֶער פוּן אִיהְם וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט אִיהְם
בֶּייקוּמֶען, אַזוֹי וֶועט עֶר אַוֶועקְנֶעמֶען זֵיין וַואפֶען אִין וָועלְ־
כֶער עֶר הָאט זִיךְ פֶערְזִיכֶערְט, אוּנְד וֶועט זֵיין רוֹיבּ צוּ־
23 טְהֵיילֶען׃ דֶער וָואס אִיז נִיט מִיר, אִיז קֶעגֶען מִיר, אוּנְד
24 דֶער וָואס זַאמֶעלְט נִיט מִיט מִיר, דֶער צֶערְשְׁפְּרֵייט׃ וֶוען
דֶער אוּמְרֵיינֶער רוּחַ גֶעהְט אַרוֹיס פוּן אַ מֶענְשׁ, אַזוֹי גֶעהְט
עֶר אַרוּם אִין טְרוּקֶענֶע עֶרְטֶער, אוּנְד זוּכְט רוּהֶ, אוּנְד גֶע־
פִינְט זִיא נִיט. אַזוֹי זָאגְט עֶר, אִיךְ וֶועל מִיךְ אוּמְקֶערֶען צוּ
25 מֵיין הוֹיז, פוּן וַואנֶען אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען׃ אוּנְד וֶוען
עֶר קוּמְט, גֶעפִינְט עֶר עֶס אוֹיסְגֶעקֶעקֶערְט אוּנְד אוֹיסְגֶעצִירְט׃
26 אַזוֹי גֶעהְט עֶר אוּנְד נֶעמְט זִיבֶּען אַנְדֶערֶע רוּחוֹת נָאךְ עֶרְ־
גֶער וִויא עֶר, אוּנְד קוּמֶען אוּנְד וְואוֹינֶען דָארְט. אוּנְד דֶער
סוֹף פוּן דֶעם מֶענְשׁ אִיז אַרְגֶער וִויא דֶער אָנְהֵייבּ׃
27 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען גֶעזָאגְט,
אַזוֹי הָאט אַ פְרוֹיא פוּן צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק אִיהְר קוֹל
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער לֵייבּ וָואס
הָאט דִיךְ גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד דִיא בְּרִיסְטֶען וָואס דוּא הָאסְט
28 גֶעזֵייגְט׃ אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, לִיבֶּער זֶענֶען דִיא גֶע־
בֶּענְשְׁט, וָואס הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט אוּנְד הַאלְטֶען
עֶס׃
29 אוּנְד וֶוען דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר
אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען, דָאס אִיז אַ שְׁלֶעכְטֶעס דוֹר עֶס

זוּכְט אַ צֵייכֶען; אָבֶּער קֵיין אַנְדֶער צֵייכֶען װֶעט זֵייא נִיט
גֶעגֶעבֶּען װֶערֶען, אוֹיסֶער דָאס צֵייכֶען פוּן יוֹנָה הַנָבִיא:
וָוארִין אַזוֹי וִויא יוֹנָה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צֵייכֶען צוּ דִיא לֵייט 30
פוּן נִינְוֵה, אַזוֹי װֶעט דֶער בֶּן אָדָם זַיין צוּ דִיזֶען דוֹר: דִיא 31
מַלְכָּה פוּן דָרוֹם װֶעט אוֹיפְשְׁטֶעהְן אִין דֶעם מִשְׁפָּט מִיט דִיא
לֵייט פוּן דִיזֶען דוֹר, אוּנְד װֶעט זֵייא פֶערְשׁוּלְדִיגֶען. וָוארִין
זִיא אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם עֶק װֶעלְט צוּ הֶערֶען דִיא חָכְמָה
פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד זֶעה, אַ גְרֶעסֶערֶער וִויא שְׁלֹמֹה אִיז דָא:
דִיא לֵייט פוּן נִינְוֵה װֶעלֶען אוֹיפְשְׁטֶעהְן אִין דֶעם מִשְׁפָּט 32
מִיט דִיזֶען דוֹר, אוּנְד װֶעלֶען עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן בֵּייא דֶער דְרָשָׁה פוּן יוֹנָה,
אוּנְד זֶעה, אַ גְרֶעסֶערֶער פוּן יוֹנָה אִיז דָא: אוּנְד קֵיינֶער 33
צִינְדֶעט נִיט אָן אַ לָאמְפּ אוּנְד שְׁטֶעלְט זִיא אִין אַ פֶערְ־
בָּארְגֶענֶעם אָרְט, אָדֶער אוּנְטֶער אַ מֶעסְטֶעל, נֵייעֶרְט אוֹיף
אַ גֶעשְׁטֶעל אַז דִיא וָואס קוּמֶען אַרֵיין זָאלֶען זֶעהֶען דָאס
לִיכְט: דָאס לִיכְט פוּן דֶעם לֵייבּ אִיז דָאס אוֹיג. דְרוּם װֶען 34
דַיין אוֹיג אִיז אֵיינְפַאךְ, אַזוֹי אִיז דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ לִיכְטִיג,
אָבֶּער װֶען עֶס אִיז אִיבֶּעל, אַזוֹי אִיז דַיין לֵייבּ פִינְסְטֶער:
דְרוּם זֶעה, אַז דָאס לִיכְט וָואס אִיז אִין דִיר זָאל נִיט פִינְסְ־ 35
טֶער זַיין: דְרוּם װֶען דַיין גַאנְצֶער לֵייבּ אִיז לִיכְטִיג, אוּנְד 36
קֵיין טְהֵייל דֶערְפוּן אִיז נִיט פִינְסְטֶער, אַזוֹי װֶעט דָאס גַאנְצֶע
לִיכְטִיג זַיין, אַזוֹי וִויא אַ לָאמְפּ וָואס לֵייכְט דִיר בֵּייא זֵיינֶע
שֵׁיינוּנְג:
אוּנְד װֶען עֶר הָאט גֶערֶעט, אַזוֹי הָאט אִיהְם אַ פָּרוּשׁ 37
גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל בֵּייא אִיהְם מִיטָאג עֶסֶען. אוּנְד
עֶר אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זִיךְ צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט:
װֶען דֶער פָּרוּשׁ הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְ־ 38
דֶערְט ווייל עֶר הָאט זִיךְ נִיט פְרִיהֶער גֶעוַואשֶׁען פַאר דֶער
מָאלְצֵייט: אָבֶּער דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִיהְר 39
פְּרוּשִׁים רֵיינִיגְט אַצוּנְד דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד דִיא שִׁיסֶעל פוּן
אוֹיסְוֶוענִיג, אָבֶּער אִינְוֶוענִיג זֶענֶען זֵייא פוּל מִיט רוֹיבּ אוּנְד
רִשְׁעוֹת: אִיהְר נַארֶען הָאט נִיט דֶער וָואס הָאט גֶעמַאכְט 40
דָאס אוֹיסְוֶוענִיגְסְטֶע, אוֹיךְ דָאס אִינְוֶוענִיגְסְטֶע גֶעמַאכְט?
אָבֶּער גִיבְּט צְדָקָה פוּן דֶעם וָואס אִיהְר הָאט, אוּנְד אַזוֹי 41

42 אִיז אַלֶעם רֵיין צוּ אֵייךְ: אָבֶּער וֶועה צוּ אֵייךְ פְּרוּשִׁים!
וָוארִין אִיהְר גִיבְּט מַעֲשֵׂר פוּן מִינְט אוּנְד פִּיגַם אוּנְד אַלֶערְ־
לַייא גֶעוֶוירְץ; אוּנְד גֶעהְט פַארְבֵּייא דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
אוּנְד דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאט! דִיזֶע זֶענְט אִיהְר מְחוּיָב
43 צוּ טְהוּן, אוּנְד יֶענֶע אוֹיךְ נִיט צוּ פֶערְלָאזֶען! וֶועה צוּ
אֵייךְ פְּרוּשִׁים! וָוארִין אִיהְר לִיבְּט אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען אִין
דִיא שׁוּלֶען אוּנְד גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען:
44 וֶועה צוּ אֵייךְ סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים! אִיהְר הֵייכְלֶערְס!
אִיהְר זֶענְט וִויא אוּנְגֶעזֶעהֶענֶע קְבָרִים, וָואס דִיא לֵייט גֶעהְן
45 אוֹיף זֵייא אוּנְד וִויסֶען עֶס נִיט: אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא בַּעֲלֵי
תוֹרָה הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
לֶעהְרֶער, וֶוען דוּא זָאגְסְט דָאס, אַזוֹי טְהוּסְט דוּא אוּנְס אוֹיךְ
46 בֶּעלֵיידִיגֶען: אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט. וֶועה צוּ אֵייךְ אוֹיךְ,
אִיהְר בַּעֲלֵי תוֹרָה! וָוארִין אִיהְר טְהוּט דִיא לֵייט בֶּעלָאדֶען
מִיט לַאסְטֶען וָואס זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ דֶערְטְרָאגֶען, אוּנְד
אִיהְר זֶעלְבְּסְט טְהוּט דִיא לַאסְטֶען נִיט אָנְרִירֶען מִיט אֵיינֶעם
47 פוּן אֵיירֶע פִינְגֶער: וֶועה צוּ אֵייךְ וָוארִין אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף
דִיא קְבָרִים פוּן דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען
48 זֵייא אוּמְגֶעבְּרַאכְט: אַזוֹי בֶּעצֵייגְט אִיהְר אוּנְד בֶּעוִוילִיגְט
דִיא מַעֲשִׂים פוּן אֵייעֶרֶע אָבוֹת, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זֵייא
אוּמְגֶעבְּרַאכְט, אָבֶּער אִיהְר בּוֹיעֶט אוֹיף זֵייעֶרֶע קְבָרִים:
49 דְרוּם זָאגְט אוֹיךְ דִיא חָכְמָה פוּן גָאט, אִיךְ וֶועל צוּ זֵייא
שִׁיקֶען נְבִיאִים אוּנְד שְׁלוּחִים, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען אֵיין טְהֵייל
50 פוּן זֵייא אוּמְבְּרֶענְגֶען אוּנְד פֶערְפָאלְגֶען: כְּדֵי דָאס בְּלוּט
פוּן אַלֶע נְבִיאִים, וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען פוּן אָנְ־
פַאנְג פוּן דֶער וֶועלְט, זָאל פֶערְלַאנְגְט וֶוערֶען פוּן דִיזֶען
51 דוֹר: פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן הֶבֶל בִּיז צוּ דֶעם בְּלוּט פוּן זְכַרְיָה,
וָואס אִיז פֶערְגָאסֶען גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען דֶעם מִזְבֵּחַ אוּנְד
בֵּית הַמִקְדָשׁ, יוֹא, אִיךְ זָאג אֵייךְ, עֶס וֶועט פֶערְלַאנְגְט וֶוע־
52 וֶוערֶען פוּן דִיזֶען דוֹר: וֶועה צוּ אֵייךְ בַּעֲלֵי תוֹרָה! וָוארִין
אִיהְר הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט.
אִיהְר אַלֵיין קוּמְט נִיט אַרֵיין, אוּנְד אִיהְר פֶערְהִיט דִיא וָואס
53 ווִילֶען אַרֵיינְקוּמֶען: ווִיא עֶר הָאט דָאס צוּ זֵייא גֶערֶעט,
הָאבֶּען זִיךְ דִיא סוֹפְרִים אוּנְד פְּרוּשִׁים אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט

אִיהְם זֶעהְר צוּ קְרִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶערֵייצְט צוּ
54 רֶעדֶען פוּן פִילֶע זַאכֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם
גֶעלוֹיעֶרְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזוּכְט אַז זַייא זָאלֶען עֶפֶּעס חַאַ־
פֶּען פוּן זַיין מוֹיל (כְּדֵי זַייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם אַ מְסִירָה
אָנְגֶעבֶּען):

## קאַפִּיטעל יב

1 אוּנְד וֶוען פִיל טוֹיזֶענְדֶע פוּן דֶעם פָאלְק הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
זַאמֶעלְט, בִּיז זַייא הָאבֶּען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן גֶעטְרֶעטֶען,
אַזוֹי הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים,
צוּעֶרְשְׁט הִיט אֵייךְ פַאר דֶעם זוֹיעֶרְטֵייג פוּן דִיא פְּרוּשִׁים,
2 וָואס אִיז הֵייכְלֶערַייא: וָוארִין קֵיין זַאךְ אִיז נִיט פֶערְהוֹילֶען,
וָואס וֶועט נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד פֶערְבָּארְגֶען, וָואס
3 וֶועט נִיט צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן וֶוערֶען: דְרוּם וָואס אִיהְר הָאט
גֶעזָאגְט אִין דֶער פִינְסְטֶער, וֶועט גֶעהֶערְט וֶוערֶען בַּיים
לִיכְט. אוּנְד וָואס אִיהְר הָאט אִין דֶעם אוֹיעֶר אֵיינְגֶערוּימְט
אִין דִיא שְׁטוּבֶּען, וֶועט אוֹיסְגֶערוּפֶען וֶוערֶען אוֹיף דִיא
4 דֶעכֶער: אוּנְד אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ מֵיינֶע פְרֵיינְד, פָארְכְט
אֵייךְ נִיט פָאר דִיא וָואס טֵייטֶען דֶעם לֵייבּ אוּנְד דֶערְנָאךְ
5 קֶענֶען זַייא נִיט מֶעהְר טְהוּן: אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייךְ וַוייזֶען
וֶועמֶען אִיהְר זָאלְט פָארְכְטֶען, פָארְכְט אֵייךְ פַאר דֶעם
וֶועלְכֶער נָאכְדֶעם עֶר הָאט גֶעטֵייטֶעט הָאט עֶר מַאכְט אִין
גֵיהִנָם אַרַיינְצוּוַארְפֶען; יוֹא אִיךְ זָאג אֵייךְ, פָארְכְט אֵייךְ
6 פָאר אִיהְם: וֶוערֶען נִיט פִינְף פֵייגֶעל פֶערְקוֹיפְט פַאר
צְוֵוייא אִטָר, אוּנְד נִיט אֵיינֶער פוּן זַייא אִיז פוּן גָאט פֶערְ־
7 גֶעסֶען: אוּנְד אַפִילוּ דִיא הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ זֶענֶען אַלֶע
גֶעצֶעהְלְט, פָארְכְט אֵייךְ נִיט. אִיהְר זֶענְט מֶעהְר וֶוערְט וִויא
8 פִילֶע פֵייגֶעל: אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט
מִיךְ בֶּעקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶעם וֶועט אוֹיךְ דֶעם בֶּן־אָדָם
9 בֶּעקֶענֶען פָאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט: אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט
מִיךְ פֶערְלֵייקֶענֶען פָאר מֶענְשֶׁען, דֶער וֶועט פֶערְלֵייקֶענְט
10 וֶוערֶען פָאר דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט: אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט
רֶעדֶען אַ וָוארְט קֶעגֶען דֶעם בֶּן־אָדָם, דֶעם וֶועט עֶס פֶערְ־
גֶעבֶּען וֶוערֶען. אָבֶּער צוּ דֶעם וָואס לֶעסְטֶערְט דֶעם רוּחַ
11 הַקוֹדֶשׁ וֶועט עֶס נִיט פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען זַייא

וֶועלֶען אֵייךְ בְּרֶענְגֶען אִין דִיא שׁוּלֶען אַרַיין פָאר דִיא
הֶערְשֶׁער אוּנְד גֶעוֶועלְטִיגֶער, זָארְגְט נִיט וִויא אַזוֹי אָדֶער
12 וָואס אִיהְר זָאלְט זָאגֶען: וָוארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וֶועט
אֵייךְ לֶערְנֶען אִין דִיזֶער שָׁעָה וָואס אִיהְר בֶּעדַארְפְט צוּ
זָאגֶען:
13 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דֶעם פָאלְק הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְ־
רֶער, זָאג צוּ מֵיין בְּרוּדֶער אַז עֶר זָאל דִיא יְרוּשָׁה מִיט
14 מִיר צוּטְהֵיילֶען: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ,
וֶוער הָאט מִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר אַ שׁוֹפֵט אָדֶער אַ צוּטֵיילֶער
15 צְווִישֶׁען אֵייךְ: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט גִיט אַכְטוּנְג
אוּנְד הִיט אֵייךְ פַאר גֵייצִיגְקֵייט, וָוארִין דָאס לֶעבֶּען פוּן
16 דֶעם מֶענְשׁ בֶּעשְׁטֶעהְט נִיט אִין פִיל פֶערְמֶעגֶען: אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט אַ מָשָׁל אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס לַאנְד פוּן
17 אַ רֵייכֶען מַאן הָאט פִיל פְרוּכְט גֶעטְרָאגֶען: אוּנְד עֶר הָאט
בֵּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן?
וָוארִין אִיךְ וֵויים נִיט וְואוּ מֵיינֶע פְרוּכְט אֵיינְצוּזַאמְלֶען:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל אַזוֹי טְהוּן. אִיךְ וֶועל
מֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער אָפְּבְּרֶעכֶען, אוּנְד וִויל גְרֶעסֶערֶע בּוֹיעֶן.
אוּנְד אִיךְ וֶועל דָארְטֶען אֵיינְזַאמֶעלְן אַלֶע מֵיינֶע תְּבוּאוֹת
19 אוּנְד מֵיין פֶערְמֶעגֶען: אוּנְד אִיךְ וֶועל זָאגֶען צוּ מֵיינֶע
זֶעלֶע, זֶעלֶע דוּא הָאסְט לִיגֶען פִיל גוּטֶעס אוֹיף פִילֶע
יָאהְרֶען, הָאבּ רוּה, עֶס אוּנְד טְרִינְק אוּנְד זֵייא פְרֶעלִיךְ:
20 אָבֶּער גָאט הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא נַאר, דִיזֶע נַאכְט
וֶועט מֶען דֵיינֶע נְשָׁמָה פוּן דִיר פֶערְלַאנְגֶען, אוּנְד וֶועמֶעס
21 וֶועט דָאס זַיין וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעבְּרֵייט: אַזוֹי אִיז דֶער
וָואס זַאמֶעלְט זִיךְ אֵיין אוֹצָר, אוּנְד אִיז נִיט רֵייךְ צוּ גָאט:
22 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, דְרוּם זָאג אִיךְ
אֵייךְ, זָארְגְט נִיט פַאר אֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס אִיהְר זָאלְט
עֶסֶען, אוּנְד פַאר דֶעם לֵייבּ, וָואס אִיהְר זָאלְט אָנְטְהוּן:
23 דָאס לֶעבֶּען אִיז מֶעהְר וִויא דִיא שְׁפֵּייז, אוּנְד דֶער לֵייבּ
24 וִויא דָאס קְלֵייד: בֶּעטְרַאכְט דִיא רָאבֶּען. וָוארִין זֵייא
זֵייעֶן נִיט אוּנְד שְׁנֵיידֶען נִיט, אוּנְד הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע קַאמֶערְן
מֶערְן אוּנְד קֵיינֶע שְׁפֵּייכְלֶער, אוּנְד גָאט שְׁפֵּייזְט זֵייא.
25 וִויא פִיל מֶעהְר זֶענְט אִיהְר וֶוערְט וִויא דִיא פֵייגֶעל? אוּנְד

װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ קֶען דוּרךְ זָארְגֶען אֵיינֶע אֵייל צוּזֶעצֶען
צוּ זַיינֶע הוֹיךְ? דְרוּם װֶען אִיהְר קֶענְט נִיט טְהוּן דָאס װֶע־ 26
נִיגְסְטֶע, װָארוּם זָארְגְט אִיהְר פַאר דֶעם אִיבְּרִיגֶען? קוּקְט 27
אָן דִיא רוֹיזֶען װִיא זֵייא װַאקְסֶען. זֵייא אַרְבֵּייטֶען נִיט אוּנְד
שְׁפִּינֶען נִיט. אוּנְד אִיךְ זָאג אַייךְ, אַז שְׁלֹמֹה אִין זֵיינֶע גַאנְ־
צֶע הֶערְלִיכְקֵייט װַאר נִיט גֶעקְלֵיידֶעט װִיא אֵיינְס פוּן דִיזֶע:
אוּנְד װֶען גָאט בֶּעדֶעקְט אַזוֹי דָאס גְרָאז, װָאס אִיז הֵיינְט 28
אוֹיף דֶעם פֶעלְד, אוּנְד מָארְגֶען װֶערְט עֶס אִין אוֹיפֶען
אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען, װִיא פִיל מֶעהְר װֶעט עֶר אֵייךְ קְלֵיידֶען
אִיהְר קְלֵיינְגְלוֹיבִּיגֶע: אוּנְד זוּכְט אִיהְר נִיט װָאס אִיהְר זָאלְט 29
עֶסֶען, אוּנְד װָאס אִיהְר זָאלְט טְרִינְקֶען, אוּנְד הָאט נִיט קֵיין
אוּנְרוּהִיג גֶעמִיט: װָארִין דָאס אַלֶעס זוּכֶען דִיא פֶעלְקֶער 30
פוּן דֶער װֶעלְט, אוּנְד אֵייעֶר פָאטֶער װֵייסְט אַז אִיהְר הָאט
דָאס נֵייטִיג: אָבֶּער זוּכְט אִיהְר דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד 31
דָאס אַלֶעס װֶעט אֵייךְ צוּגֶעגֶעבֶּען װֶערֶען; פָארְכְט אֵייךְ 32
נִיט, אִיהְר קְלֵיינֶע סְטַאדֶע, װָארִין עֶס אִיז אֵייעֶר פָאטֶערְס
װָאוֹילְגֶעפַאלֶען אַז עֶר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ:
פֶערְקוֹיפְט װָאס אִיהְר הָאט, אוּנְד גִיבְּט צְדָקָה. מַאכְט 33
אֵייךְ בֵּייטֶעל װָאס װֶערֶען נִיט אַלְט, אַ שַׁאץ אִין דֶעם
הִימֶעל װָאס װֶערְט נִיט גֶעמִינֶערְט, װְאוּ קֵיין גַנָב קוּמְט
נִיט נָאהְנְט, אוּנְד װְאוּ דִיא מִילְב פֶערְדַארְבְּט נִיט: װָארִין 34
װְאוּ אֵייעֶר אוֹצָר אִיז, דָארְטֶען װֶעט אֵייעֶר הַארְץ אוֹיךְ
זַיין:
לָאזֶען אֵיירֶע לֶענְדֶען זַיין גֶעגַארְטֶעלְט, אוּנְד אֵיירֶע לִיכְט 35
בְּרֶענֶען: אוּנְד זֵייט אִיהְר גְלֵייךְ צוּ דִיא לֵייט װָאס װַארְטֶען 36
אוֹיף זֵייעֶר הַאר, װֶען עֶר װֶעט צוּרִיקְקוּמֶען פוּן דֶער חַתוּנָה,
כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם בַּאלְד אוֹיפְמַאכֶען, װֶען עֶר װֶעט
קוּמֶען אוּנְד װֶעט אָנְקְלַאפֶּען: גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיזֶע 37
קְנֶעכְט װֶעלְכֶע, װֶען דֶער הַאר װֶעט קוּמֶען, אוּנְד
װֶעט זֵייא גֶעפִינֶען װַאכֶען. בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר
װֶעט זִיךְ אַרוּמְגַארְטֶעלְן, אוּנְד װֶעט זֵייא לָאזֶען אַנִידֶערְ־
זֶעצֶען, אוּנְד װֶעט קוּמֶען אוּנְד װֶעט זֵייא בֶּעדִינֶען: אוּנְד 38
װֶען עֶר װֶעט קוּמֶען אִין דֶעם אַנְדֶערְן מִשְׁמָר פוּן דֶער
נַאכְט, אָדֶער אִין דֶעם דְרִיטֶען מִשְׁמָר, אוּנְד װֶעט זֵייא אַזוֹי

39 גֶעפִינֶען גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיזֶע קְנֶעכְט: אוּנְד דָאס זָאלְט
אִיהְר וִויסֶען, אַז וֶוען דֶער בַּעַל הַבַּיִת וָואלְט וִויסֶען אִין
וֶועלְכֶער שָׁעָה דֶער גַנָב וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי הֶעט עֶר גֶע־
וַואכְט, אוּנְד הֶעט נִיט גֶעלָאזְט זַיין הוֹיז אַיינְבְּרֶעכֶען:
40 דרוּם זַייט אִיהְר אוֹיךְ בְּערֵייט. וָוארִין דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט
קוּמֶען אִין אַ שָׁעָה וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ נִיט רִיכְטֶען:
41 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר זָאגְסְט דוּא
42 דָאס מָשָׁל צוּ אוּנְס, אָדֶער אוֹיךְ צוּ אַלֶע? אָבֶער דֶער הַאר
הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער אִיז דֶען אַ גֶעטְרֵייעֶר אוּנְד קְלוּגֶער
הוֹיזְהַאלְטֶער, וָואס זַיין הַאר וֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער זַיין
הוֹיזְגֶעזִינְד, אַז עֶר זָאל זֵייא גֶעבֶּען זֵיירֶע שְׁפֵּייז צוּ דֶער
43 צַייט: גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער קְנֶעכְט, וָואס וֶוען זַיין הַאר וֶועט
44 קוּמֶען אוּנְד וֶועט אִיהְם גֶעפִינֶען אַזוֹי טְהוּן: בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶר וֶועט אִיהְם זֶעצֶען אִיבֶּער אַלֶע זַיינֶע
45 גִיטֶער: אָבֶער וֶוען דִיזֶער קְנֶעכְט וֶועט זִיךְ טְרַאכְטֶען אִין
זַיין הַארְץ, מַיין הַאר זוּמְט זִיךְ קוּמֶען, אוּנְד וֶועט אָנְהֵייבֶּען
צוּ שְׁלָאגֶען דִיא יוּנְגֶען אוּנְד דִיא דִינְסְטמֶעדֶען, אוּנְד צוּ
46 עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד שִׁכּוֹרְן: אַזוֹי וֶועט דֶער הַאר פוּן
יֶענֶעם קְנֶעכְט קוּמֶען אִין אַ טָאג וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ נִיט
רִיכְטֶען אוֹיף אִיהְם, אוּנְד אִין אַ שָׁעָה וֶוען עֶר וֶועט נִיט
וִויסֶען, אוּנְד וֶועט אִיהְם אִין שְׁטִיקֶער צֶערְשְׁנֵיידֶען, אוּנְד
47 וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען זַיין חֵלֶק מִיט דִיא אוּמְגְלוֹיבִּיגֶע: אָבֶער
דֶער קְנֶעכְט וָואס וֵוייס זַיין הַאר'ס ווִילֶען, אוּנְד אִיז נִיט
בֶּערֵייט, אוּנְד טְהוּט נִיט נָאךְ זַיין ווִילֶען, דֶער וֶועט אַ סַךְ
48 שְׁלֶעג בֶּעקוּמֶען: אָבֶער דֶער וָואס וֵוייסְט נִיט, אוּנְד טְהוּט
דָאס וָואס אִיז וֶוערְט שְׁלֶעג, דֶער וֶועט וֶוענִיג שְׁלֶעג בֶּע־
קוּמֶען, וָוארִין צוּ דֶעם וָואס וֶוערְט פִיל גֶעגֶעבֶּען, פוּן דֶעם
וֶועט פִיל פֶערְלַאנְגְט וֶוערֶען, אוּנְד דֶעם וָואס מֶען טְהוּט
פִיל פֶערְטְרוֹיעֶן, פוּן דֶעם וֶועט מֶען פִיל פָארְדֶערְן:
49 אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַ פֵייעֶר צוּ וַוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
50 אוּנְד וָואס ווִיל אִיךְ וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין אָנְגֶעצוּנְדֶען? אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אַ טְבִילָה גֶעטוֹבֶלְט צוּ וֶוערֶען, אוּנְד ווִיא עֶס
51 אִיז מִיר אַנְגְסְט בִּיז עֶס וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען: מֵיינְט אִיהְר אַז
אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ גֶעבֶּען שָׁלוֹם אוֹיף דֶער עֶרְד? אִיךְ

זָאג אֵייךְ, נַיין, נֵייעֶרְט אַ מַחְלוֹקָה: וָוארִין פוּן אַצוּנְד אָן 52
וֶועלֶען פִינְף צֶערְטְהֵיילְט זַיין אִין אֵיין הוֹיז, דְרַייא קֶעגֶען
צְוֵוייא אוּנְד צְווִייא קֶעגֶען דְרַייא: דֶער פָּאטֶער וֶועט זַיין 53
קֶעגֶען דֶעם זוּהְן, אוּנְד דֶער זוּהְן קֶעגֶען דֶעם פָּאטֶער; דִיא
מוּטֶער קֶעגֶען דִיא טָאכְטֶער, אוּנְד דִיא טָאכְטֶער קֶעגֶען
דֶער מוּטֶער; דִיא שְׁווִיגֶער קֶעגֶען דֶער שְׁנִיר; אוּנְד דִיא
שְׁנִיר קֶעגֶען דֶער שְׁווִיגֶער:
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָּאלְק, וֶוען אִיהְר זֶעהְט דֶעם 54
וָואלְקֶען אוֹיפְגֶעהְן פוּן מַעֲרָב זַייט, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר בַּאלְד,
עֶס קוּמְט רֶעגֶען, אוּנְד עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹי: אוּנְד וֶוען דֶער 55
דָרוֹם ווִינְד בְּלָאזְט, אַזוֹי זָאגְט אִיהְר, עֶס וֶועט זַיין הִייץ,
אוּנְד עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹי: אִיהְר הֵייכְלֶער, אִיהְר ווֵייסְט ווִיא 56
צוּ רִיכְטֶען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד,
אָבֶּער דִיזֶע צֵייט ווֵייסְט אִיהְר נִיט אוֹיסְצוּפָארְשֶׁען: אוּנְד 57
וָוארוּם טְהוּט אִיהְר נִיט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט רִיכְטֶען וָואס אִיז
רֶעכְט: וֶוען דוּא גֶעהְסְט מִיט דַיין קְרִיגֶער צוּם רִיכְטֶער, 58
אַזוֹי גִיבּ דִיר מִיה אוֹיף דֶעם וֶועג, אַז דוּא זָאלְסְט פוּן אִיהְם
לוֹיז וֶוערֶען; וָוארִין טָאמֶער וֶועט עֶר דִיךְ שְׁלֶעפֶּען צוּם
רִיכְטֶער, אוּנְד דֶער רִיכְטֶער וֶועט דִיךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם
גֶערִיכְטְס־דִינֶער, אוּנְד דֶער גֶערִיכְטְס־דִינֶער וֶועט דִיךְ אִין
דֶעם גֶעפֶּענְגְנִיס אַרַיינְוַוארְפֶען: אִיךְ זָאג דִיר, דוּא וֶועסְט 59
פוּן דָארְט נִיט אַרוֹיסְקוּמֶען, בִּיז דוּא וֶועסְט בֶּעצָאלֶען דִיא
לֶעצְטֶע פְּרוּטָה:

## קאפיטעל יג

אוּנְד צוּ יֶענֶער צֵייט וַוארֶען עֶטְלִיכֶע מִיט אִיהְם וָואס הָא־ 1
בֶּען אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט פוּן דִיא גְלִילִים, וָואס פִּילָטוֹס הָאט
זֵייעֶר בְּלוּט גֶעמִישְׁט מִיט זֵייעֶרֶע קָרְבָּנוֹת: אוּנְד יֵשׁוּעַ 2
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶענְקְט אִיהְר
אַז דִיזֶע גְלִילִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְרֶעסֶערֶע זִינְדֶער ווִיא אַלֶע
אַנְדֶערֶע גְלִילִים, ווַייל זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעלִיטֶען? אִיךְ 3
זָאג אֵייךְ, נַיין, נֵייעֶרְט וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן
אַזוֹי וֶועט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ אוּמְקוּמֶען: אָדֶער דִיא אַכְט־ 4
צֶעהְן אוֹיף וֶועלְכֶע דֶער טְהוּרְם אִיז גֶעפַאלֶען אִין שִׁילֹחַ,
אוּנְד הָאט זֵייא גֶעטֵייטְעט, דֶענְקְט אִיהְר אַז זֵייא וַוארֶען

מֶעהְר שׁוּלְדִיג װיא אַלֶע אַנְדֶערֶע לֵייט װָאס הָאבֶּען גֶע־
5 װְאוֹינְט אִין יְרוּשָׁלַיִם? אִיךְ זָאג אֵייךְ, נֵיין, נֵייעֶרְט װֶוען
אִיהְר װֶועט נִיט תְּשׁוּבָה טְהוּן, אַזוֹי װֶועט אִיהְר אַלֶע אוֹיךְ
אַזוֹי אוּמְקוּמֶען:
6 אוּנְד עֶר הָאט דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט, אַ גֶעװִיסֶער מַאן הָאט
גֶעפְּלַאנְצְט אַ פֵייגֶענְבּוֹים אִין זֵיין װַיינְגָארְטֶען; אוּנְד עֶר
אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט דְרוֹיף גֶעזוּכְט פְרוּכְט אוּנְד הָאט
7 קֵיינֶע גֶעפוּנֶען: אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵיין װַיינְגֶערְטְנֶער גֶע־
זָאגְט, זֶעה, אִיךְ קוּם שׁוֹין דְרֵייא יָאהְר זוּכֶענְדִיג פְּרוּכְט פוּן
דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים אוּנְד גֶעפִין קֵיינֶע; הַאק אִיהְם אָפּ, װָארוּם
8 מַאכְט עֶר דִיא עֶרְד אוּנְנוּצִיג? אָבֶּער עֶר הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, לָאז אִיהְם נָאךְ
שְׁטֶעהֶען דָאס יָאהְר, בִּיז אִיךְ װֶועל אִיהְם אַרוּמְגְרוּבֶּען,
9 אוּנְד װֶועל אִיהְם מִיסְטִיגֶען? טָאמֶער װֶועט עֶר פְּרוּכְט
בְּרֶענְגֶען. אוּנְד װֶוען נִיט אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם דֶערְנָאךְ
אָפְּהַאקֶען:
10 אוּנְד עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין אֵיינֶע פוּן דִיא שׁוּלֶען אַם
11 שַׁבָּת: אוּנְד דָא װַאר אַ פְרוֹיא װָאס הָאט גֶעהַאט אַ קְרַאנְ־
קֶעם גֶעמִיט שׁוֹין אַכְטְצֶעהְן יָאהְר; אוּנְד זִיא װַאר אֵיינְ־
גֶעבּוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ בְּשׁוּם אוֹפָן נִיט גֶעקֶענְט אוֹיפְ־
12 הֶעבֶּען: װֶוען יֵשׁוּעַ הָאט זִיא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיא
גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא דוּא בִּיזְט
13 לוֹיז פוּן דֵיינֶע קְרַאנְקְהֵייט: אוּנְד עֶר הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף
אִיהְר גֶעלֶעגְט, אוּנְד זִיא װַאר גְלֵייךְ אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט, אוּנְד
14 הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט: אָבֶּער דֶער פַּרְנָס פוּן דֶער שׁוּהְל הָאט
זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט, װֵייל יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֵיילְט אַם שַׁבָּת, אוּנְד
עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּם פָאלְק גֶעזָאגְט, דָא זֶענֶען
זֶעקְס טֶעג אִין װֶועלְכֶע מֶען דַארְף אַרְבֵּייטֶען; דְרוּם קוּמְט
אִין דִיזֶע טֶעג אוּנְד װֶוערְט גֶעהֵיילְט, אָבֶּער נִיט אַם שַׁבָּת:
15 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיהְר הֵייכְלֶער, טְהוּט נִיט אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ אַם שַׁבָּת
זֵיין אָקְס אָדֶער זֵיין עֶזֶעל פוּן דֶעם שְׁטַאל אָפְּבִּינְדֶען, אוּנְד
16 פִיהְרְט אִיהְם אָנְטְרִינְקֶען? אוּנְד דִיזֶע פְרוֹיא װָאס אִיז אַ
טָאכְטֶער פוּן אַבְרָהָם, װָאס דֶער שָׂטָן הָאט זִיא שׁוֹין

אַכְטְצֶעהְן יָאהְר גֶעבּוּנְדֶען, זָאל זִיא נִיט אַם שַׁבָּת פוּן דִיזֶען
17 בּוּנְד לוֹיז גֶעמַאכְט וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶע־
זָאגְט, אַזוֹי זֶענֶען אַלֶע זַיינֶע שׂוֹנְאִים פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען.
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט זִיךְ גֶעפְרַייט אִיבֶּער אַלֶע
וְואוּנְדֶערְבַּארֶע זַאכֶען וָואס וַוארֶען דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען:
18 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ וָואס אִיז דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן
19 גָאט גְלַייךְ, אוּנְד צוּ וָואס זָאל אִיךְ עֶס גְלַייכֶען? עֶס אִיז
גְלַייךְ צוּ זָאמֶען פוּן זֶענְפְט, וָואס אַ מַאן הָאט גֶענוּמֶען
אוּנְד הָאט אִין זַיין גָארְטֶען אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען. אוּנְד עֶס
הָאט אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ גְרוֹיסֶער בּוֹים,
אוּנְד דִיא פֵייגֶעל פוּן הִימֶעל הָאבֶּען גֶעווְאוֹינְט צְווִישֶׁען
זַיינֶע צְוַוייגֶען:
20 אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער גֶעזָאגְט, צוּ וָואס זָאל אִיךְ גְלַייכֶען
21 דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט? עֶס אִיז גְלַייךְ צוּ זוֹיעֶרְטַייג וָואס
אַ פְרוֹיא הָאט גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט פֶערְבָּארְגֶען אִין דְרַייא
מֶעסְטְלֶעךְ מֶעהְל, בִּיז דָאס גַאנְצֶע אִיז זוֹיעֶר גֶעוָוארֶען:
22 אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטֶעט אוּנְד דֶערְ־
פֶער, אוּנְד הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּנְד הָאט זַיין וֶועג גֶענוּמֶען
קֵיין יְרוּשָׁלַיִם:
23 אוּנְד אֵיינֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֶועלֶען וֶוענִיג
24 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט: בֶּע־
מִיהְט אֵייךְ אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ דֶעם עֶנְגֶען טוֹיעֶר אַרַיינְ־
קוּמֶען. וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ פִילֶע וֶועלֶען זוּכֶען אַרַיינְצוּ־
25 קוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען נִיט קֶענֶען: וֶוען דֶער בַּעַל־הַבַּיִת וֶועט
אוֹיפְשְׁטֶעהְן, אוּנְד וֶועט דִיא טִיר צוּשְׁלִיסֶען, אוּנְד אִיהְר
וֶועט אָנְהֶעבֶּען פוּן דְרוֹיסֶען צוּ שְׁטֶעהְן, אוּנְד אָן דֶער טִיר
צוּ קְלַאפֶּען. אוּנְד צוּ זָאגֶען, הַאר, הַאר! עֶפֶען אוּנְס, אַזוֹי
וֶועט עֶר עֶנְטְפֶערְן אוּנְד וֶועט צוּ אֵייךְ זָאגֶען, אִיךְ קֶען
26 אֵייךְ נִיט פוּן וַואנֶען אִיהְר זֶענְט: דַאן וֶועט אִיהְר אָנְהֶע־
בֶּען צוּ זָאגֶען, מִיר הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען פַאר
27 דִיר, אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעלֶערְנְט אִין אוּנְזֶערֶע גַאסֶען: אַזוֹי
וֶועט עֶר זָאגֶען, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אִיךְ קֶען אֵייךְ נִיט פוּן
וַואנֶען אִיהְר זֶענְט, גֶעהְט אַוֶועק פוּן מִיר אַלֶע, אִיהְר
28 אִיבֶּעלְטְהֶעטֶער: דָארְטֶען וֶועט זַיין גֶעוויין אוּנְד צֵיינְקְרִיצֶען,

ווען אִיהְר ווֶעט זֶעהֶען אַבְרָהָם יִצְחָק אוּנד יַעֲקֹב, אוּנד אַלֶע
נְבִיאִים, אִין דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנד אֵייךְ זֶעלְבּסְט
29 אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען: אוּנד זֵייא ווֶעלֶען קוּמֶען פוּן מִזְרָח אוּנד
מַעֲרָב, אוּנד פוּן צָפוֹן אוּנד דָרוֹם, אוּנד ווֶעלֶען זִיךְ אַנִידֶער
30 זֶעצֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: אוּנד זֶעה, דָא זֶענֶען
לֶעצְטֶע וָואס זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע אוּנד דָא זֶענֶען עֶרְשְׁטֶע וָואס
ווֶעלֶען זֵיין לֶעצְטֶע:
31 אִין דִיזֶען טָאג זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַרוֹיס, אוּנד
קוּם אַוֶועק פוּן דַאנֶען, וָוארִין הוֹרְדוֹס וִויל דִיךְ הַרְגֶענֶען:
32 אוּנד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּנד זָאגְט דֶעם
דָאזִיגֶען פוּקְס, זֶעה, אִיךְ טְרֵייבּ אַרוֹיס שֵׁדִים אוּנד אִיךְ
טְהוּא הֵיילֶען הֵיינְט אוּנד מָארְגֶען אוּנד אִין דֶעם דְרִיטֶען
33 טָאג ווֶעל אִיךְ פָאלְקָאמֶען ווֶערֶען: אָבֶּער אִיךְ מוּס אַרוּמְ־
גֶעהֶען הֵיינְט, מָארְגֶען אוּנד אִיבֶּערְמָארְגֶען; וָוארִין עֶס קֶען
נִיט זֵיין אַז אַ נָבִיא זָאל אוּמְקוּמֶען אוֹיסֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם:
34 יְרוּשָׁלַיִם, יְרוּשָׁלַיִם, וָואס הַרְגֶעסְט דִיא נְבִיאִים, אוּנד
שְׁטֵיינִיגְסְט דִיא וָואס זֶענֶען צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט; וִויא פִּיל
מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט דֵיינֶע קִינְדֶער אֵיינְזַאמְלֶען, אַזוֹי
וִויא אַ הִין זַאמֶעלְט אֵיין אִיהְרֶע יוּנְגֶע הִינְלֶעךְ אוּנְטֶער
35 אִיהְרֶע פְלִיגֶעל אוּנד אִיהְר הָאט נִיט גֶעוָואלְט: זֶעהְט, אֵייעֶר
הוֹיז ווֶערְט אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וִוימְט, אוּנד אִיךְ זָאג
אֵייךְ, אִיהְר ווֶעט מִיךְ נִיט זֶעהֶען בִּיז אִיהְר ווֶעט זָאגֶען,
גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וָואס קוּמְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר (גָאט):

## קאפיטעל יד

1 אוּנד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען ווֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אִין הוֹיז אַרֵיין
פוּן אֵיין עֶלְצְטֶען פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, אַז עֶר זָאל בְּרוֹיט עֶסֶען
2 אַם שַׁבָּת, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם בֶּעוַואכְט: אוּנד זֶעה,
דָא וַואר אַ מַאן פָאר אִיהְם וָואס הָאט גֶעהַאט, דִיא וַואסֶער־
3 זוּכְט: אוּנד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנד הָאט גֶעזָאגְט
צוּ דִיא גֶעזֶעצְלֶעהְרֶער אוּנד פְּרוּשִׁים מֶעג מֶען הֵיילֶען
4 אַם שַׁבָּת אָדֶער נִיט? אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען. אוּנד
עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנד הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט, אוּנד הָאט

5 אִיהְם גֶעלָאזְט גֶעהְן: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער פוּן אֵייךְ, וֶוען זַיין עֶזֶעל אָדֶער זַיין
אָקְס וֶועט אַרֵיינְפַאלֶען אִין אַ בְּרוּנֶען, וֶועט עֶר עֶס נִיט
6 בַּאלְד אַרוֹיסְצִיהֶען אַם שַׁבָּת? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיף
דֶעם נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְפֶערְן:
7 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַ מָשָׁל צוּ דִיא אֵיינְגֶעלַאדֶענֶע
גֶעסְט, וִויא עֶר הָאט גֶעמֶערְקְט אַז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיסְגֶע־
וֶועהְלְט אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:
8 וֶוען דוּא וֶועסְט בֵּייא אֵיינֶעם אֵיינְגֶעלַאדֶען אוֹיף אַ חַתוּנָה,
אַזוֹי זֶעץ דִיךְ נִיט אוֹיבֶּען אָן. וָוארִין טָאמֶער וֶועט אַ גְרֶע־
9 סֶערֶער גַאסְט בֵּייא אִיהְם אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶוערֶען: אוּנְד
דֶער וָואס הָאט דִיךְ אוּנְד אִיהְם אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶועט קוּמֶען,
אוּנְד וֶועט צוּ דִיר זָאגֶען, מַאךְ פְּלַאץ פַאר דִיזֶען; אוּנְד
דוּא וֶועסְט אָנְהֶעבֶּען מִיט בּוּשָׁה דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט
10 צוּ נֶעמֶען: אָבֶּער וֶוען דוּא וֶוערְסְט אֵיינְגֶעלַאדֶען, אַזוֹי
גֶעה אוּנְד זֶעץ דִיךְ אוֹיף דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען אָרְט; דָאס
וֶוען דֶער וָואס הָאט דִיךְ אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶועט קוּמֶען, וֶועט
עֶר צוּ דִיר זָאגֶען, פְרֵיינְד, גֶעה וֵוייטֶער אַרוֹיף, אַזוֹי וֶועסְט
דוּא הָאבֶּען כָּבוֹד פָאר דִיא וָואס זִיצֶען מִיט דִיר צוּ טִישׁ:
11 וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט זִיךְ דֶערְהֵייכֶען וֶועט דֶערְ־
נִידְרִיגְט וֶוערֶען, אוּנְד דֶער וָואס וֶועט זִיךְ דֶערְנִידְרִיגֶען,
דֶער וֶועט דֶערְהֵייכְט וֶוערֶען:
12 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם אֵיינְגֶעלַא־
דֶען, וֶוען דוּא מַאכְסְט אֵיין מִיטָאגְסְמָאל, אָדֶער אֵיין
אַבֶּענְדְמָאל, רוּף נִיט דֵיינֶע פְרֵיינְד אוּנְד דֵיינֶע בְּרִידֶער
אוּנְד דֵיינֶע קְרוֹבִים, אָדֶער דֵיינֶע רֵייכֶע שְׁכֵנִים; וָוארִין
טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא דִיךְ אוֹיךְ אֵיינְלַאדֶען אוּנְד דוּא וֶועסְט
13 הָאבֶּען אַ בֶּעלוֹינוּנְג: אָבֶּער וֶוען דוּא מַאכְסְט אַ סְעוּדָה,
אַזוֹי רוּף דִיא אָרֶעמֶע אוּנְד דִיא קְרִיפֶּעל, אוּנְד דִיא הִינְקֶעְ־
14 דִיגֶע, אוּנְד דִיא בְּלִינְדֶע: אוּנְד דוּא וֶועסְט גֶעבֶּענְשְׁט זַיין;
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען דִיר נִיט מִיט וָואס צוּ בֶּעלוֹינֶען. אָבֶּער
עֶס וֶועט דִיר בֶּעצָאלְט וֶוערֶען אִין דִיא אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן
דִיא צַדִיקִים:
15 וֶוען אֵייגֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם צוּם טִישׁ

גֶעזֶעסֶען הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס וֶועט עֶסֶען בְּרוֹיט אִין
16 דֶעם קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַ מַאן הָאט גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיס אָבֶּענְדְמָאהְל, אוּנְד הָאט
17 פִילֶע אֵיינְגֶעלַאדֶען: אוּנְד צוּ דֶער שָׁעָה פוּן דֶער מָאלְצַייט
הָאט עֶר זַיין קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט עֶר זָאל זָאגֶען צוּ דִיא וָואס
וַוארֶען גֶעלַאדֶען, קוּמְט; וָוארִין אַלֶעס אִיז שׁוֹין פַארְטִיג:
18 אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַלֶע מִיט אֵיין מָאל צוּ
עֶנְטְשׁוּלְדִיגֶען. דֶער עֶרְשְׁטֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ
הָאבּ גֶעקוֹיפְט אַ פֶעלְד, אוּנְד אִיךְ מוּז גֶעהְן אוּנְד עֶס זֶע־
19 הֶען. אִיךְ בֶּעט דִיךְ זַייא מִיר מוֹחֵל: אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט פִינְף יָאךְ אָקְסֶען, אוּנְד
אִיךְ גֶעה זַייא פְּרוּבֶּען; אִיךְ בֶּעט דִיךְ זַייא מִיר מוֹחֵל:
20 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ אַ וַוייבּ גֶע־
21 נוּמֶען, אוּנְד דֶעסְטְוֶועגֶען קֶען אִיךְ נִיט קוּמֶען: אוּנְד דִיזֶער
קְנֶעכְט אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט דָאס זַיין הַאר דֶערְצֶעלְט,
אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער בַּעַל הַבַּיִת גֶעבֵּייזֶערְט, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט צוּ זַיין קְנֶעכְט, גֶעה גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס אִין דִיא גַאסֶען
פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַהֶער דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד
22 בְּלִינְדֶע, אוּנְד דִיא קְרִיפֶּעל: אוּנְד דֶער קְנֶעכְט הָאט גֶע־
זָאגְט, הַאר, עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט בֶּע־
23 פוֹילֶען, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ דָא פְּלַאץ: אוּנְד דֶער הַאר הָאט
גֶעזָאגְט צוּם קְנֶעכְט, גֶעה אַרוֹיס צוּ דִיא לַאנְד שְׁטְרַאסֶען
אוּנְד דִיא צוֹימֶען אוּנְד נֵייט זַייא אַרַיינְצוּקוּמֶען, כְּדֵי מֵיין
24 הוֹיז זָאל זַיין פוּל: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז קֵיינֶער פוּן
דִיזֶע לֵייט וָואס וַוארֶען אֵיינְגֶעלַאדֶען וֶועלֶען פֶּערְזוּכֶען
פוּן מֵיינֶע מָאהְלְצַייט:
25 אוּנְד פִיל פָּלְאק אִיז מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט
26 זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט: וֶוען אֵיינֶער
קוּמְט צוּ מִיר, אוּנְד הָאט נִיט פֵיינְד זַיין אֵייגֶענֶעם פָאטֶער
אוּנְד מוּטֶער, אוּנְד וַוייבּ אוּנְד קִינְדֶער, אוּנְד בְּרוּדֶער אוּנְד
שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד אַפִילוּ זַיין אֵייגֶענֶעם לֶעבֶּען, דֶער קֶען
27 נִיט זַיין מֵיין תַּלְמִיד: אוּנְד וֶוער עֶס טְרָאגְט נִיט מֵיין קְרַייץ
אוּנְד קוּמְט נָאךְ מִיר דֶער קֶען נִיט זַיין מֵיין תַּלְמִיד:

וָוארִין וֶועלְכֶער פוּן אֵייךְ, וָואס וֶועט וֶועלֶען אַ טְהוּרְם בּוֹיעֶן, 28
וֶועט זִיךְ נִיט צוּעֶרְשְׁט אַנִידֶערְזֶעצֶען אוּנְד בֶּערֶעכְנֶען דִיא
הוֹצָאוֹת, אוֹיבּ עֶר הָאט עֶס מִיט וָואס אוֹיסְצוּפִיהְרֶען?
וָוארִין טָאמֶער וֶוען עֶר וֶועט לֶעגֶען דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד וֶועט 29
עֶס נִיט קֶענֶען עֶנְדִיגֶען, אַזוֹי וֶועלֶען אִיהְם אַלֶע וָואס זֶעהֶען
עֶס אָנְהֶעבֶּען אוֹיסְצוּשְׁפֶּעטֶען: אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען, דִיזֶער 30
מַאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ בּוֹיעֶן, אוּנְד הָאט נִיט גֶעקֶענְט
עֶנְדִיגֶען: אָדֶער וֶועלְכֶער קֶענִיג וָואס גֶעהְט אַרוֹיס מִלְחָמָה 31
צוּ הַאלְטֶען מִיט אֵיין אַנְדֶערְן קֶענִיג, זֶעצְט זִיךְ נִיט צוּעֶרְשְׁט
אַנִידֶער, אוּנְד טְהוּט זִיךְ בֶּערָאטֶען, אוֹיבּ עֶר קֶען מִיט
צֶעהְן טוֹיזֶענְד אַנְטְקֶעגֶען גֶעהְן דֶעם וָואס קוּמְט קֶעגֶען
אִיהְם מִיט צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד: וֶוען נִיט, וֶוען דֶער אַנְדֶערֶער 32
אִיז נָאךְ וַוייט, אַזוֹי שִׁיקְט עֶר אַ שָׁלִיחַ אוּנְד בֶּעט פַּאר
שָׁלוֹם: אַזוֹי אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ וָואס פֶערְלָאזְט נִיט 33
אַלֶעס וָואס עֶר הָאט, קֶען נִיט זַיין מֵיין תַּלְמִיד: זַאלְץ אִיז 34
גוּט. אָבֶּער וֶוען דָאס זַאלְץ פֶערְלִירְט דֶעם טַעַם, מִיט וָואס
זָאל עֶס גֶעזַאלְצֶען וֶוערֶען? עֶס טוֹיגְט נִיט מֶעהְר, נִיט 35
פַאר דֶעם לַאנְד, אוּנְד נִיט פַאר דֶעם מִיסְט. נֵייעֶרְט מֶען
וַוארְפְט עֶס אַרוֹיס; דֶער וָואס הָאט אוֹירֶען צוּ הֶערֶען לָאז
עֶר הֶערֶען:

## קאפיטעל טו

אוּנְד אַלֶע שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער אוּנְד זִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ צוּ 1
אִיהְם גֶענֶעהְנְט, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען: אוּנְד דִיא 2
פְּרוּשִׁים אוּנְד סוֹפְרִים הָאבֶּען גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דִיזֶער נֶעמְט אוֹיף זִינְדֶער, אוּנְד עֶסְט מִיט זֵייא:
אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא דָאס מָשָׁל גֶערֶעט, אוּנְד גֶעזָאגְט: 3
וֶועלְכֶער מֶענְשׁ צְווִישֶׁען אֵייךְ וָואס הָאט הוּנְדֶערְט שָׁאף, 4
אוּנְד פֶערְלִירְט אֵיינְס פוּן זֵייא, לָאזְט נִיט אִיבֶּער דִיא נַיין
אוּנְד נַיינְצִיג אִין דֶער וִוסְטֶע, אוּנְד גֶעהְט נָאךְ דָאס פֶערְ־
לוֹירֶענֶע, בִּיז עֶר גֶעפִינְט עֶס? אוּנְד וֶוען עֶר הָאט עֶס 5
גֶעפוּנֶען אַזוֹי לֶעגְט עֶר עֶס אוֹיף זַיינֶע אַקְסֶעל, אוּנְד פְרֵייעֶט
זִיךְ: אוּנְד וֶוען עֶר קוּמְט אַהֵיים, רוּפְט עֶר צוּזַאמֶען זַיינֶע 6
פְרֵיינְד אוּנְד שְׁכֵנִים, אוּנְד זָאגְט צוּ זֵייא, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט
מִיר, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען מֵיין שָׁאף וָואס וַואר

7 פֶערלוירֶען: אִיךְ זָאג אייךְ, אַז אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ זַיין אַ
שִׂמְחָה אִיבֶּער אֵיין זִינְדֶער וָואס טְהוּט תְּשׁוּבָה, מֶעהר וִויא
אִיבֶּער נַיין אוּנְד נֵיינְצִיג צַדִיקִים, וָואס בֶּעדַארְפֶען נִיט
תְּשׁוּבָה:
8 אָבֶּער וֶועלְכֶע פְרוֹיא וָואס הָאט צֶעהְן מַטְבְּעוֹת, וֶוען זִיא
פֶערלִירְט אֵיינֶע, צִינְדֶעט זִיא נִיט אָן אַ לִיכְט, אוּנְד קֶעהְרְט
9 אוֹיס דָאס הוֹיז, אוּנְד זוּכְט גוּט, בִּיז זִיא גֶעפִינְט עֶס? אוּנְד
וֶוען זִיא הָאט עֶס גֶעפוּנֶען, רוּפְט זִיא צוּזַאמֶען אִיהְרֶע
פְרֵיינְד אוּנְד שְׁכֵנִים, אוּנְד זָאגְט, פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט מִיר,
וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען דִיא מַטְבֵּעַ וָואס אִיךְ הָאבּ פֶער־
10 לוירֶען: אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אַזוֹי וֶועט זַיין אַ שִׂמְחָה פָאר
דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט אִיבֶּער אֵיין זִינְדֶער וָואס טְהוּט
תְּשׁוּבָה:
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַ מַאן הָאט גֶעהַאט צְוֵוייא זִיהְן:
12 אוּנְד דֶער יוּנְגֶערֶער פוּן זַייא הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאטֶער,
פָאטֶער, גִיבּ מִיר דָאס חֵלֶק פוּן דֶעם פֶערְמֶעגֶען וָואס
גֶעהֶערְט מִיר. אוּנְד עֶר הָאט זַיין פֶערְמֶעגֶען צְוִוישֶׁען זַייא
13 גֶעטְהֵיילְט: אוּנְד נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג הָאט דֶער יוּנְגֶער זוּהְן
אַלֶעס צוּזַאמֶען גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען אִין אַ
וַויִיט לַאנְד אַרֵיין, אוּנְד הָאט דָארְטֶען זַיין פֶערְמֶעגֶען
14 פֶערְשְׁוֶוענְדֶעט אִין אֵיין אוֹיסְגֶעלַאסֶענֶעם לֶעבֶּען: וֶוען עֶר
הָאט אַלֶעס פֶערְצֶעהְרְט, אַזוֹי וַואר אַיין שְׁטַארְקֶער הוּנְגֶער
אִין דֶעם לַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין דֶער נוֹיט
15 צוּ זַיין: אוּנְד עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט
צוּ אֵיין אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶעם לַאנְד. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
16 גֶעשִׁיקְט אִין זַיינֶע פֶעלְדֶער אַרֵיין חֲזֵירִים צוּ הִיטֶען: אוּנְד
עֶר הָאט גֶעוָואלְט זַיין בּוֹיךְ אָנְפִילֶען מִיט שָׁאלֶעכְץ וָואס
דִיא חֲזֵירִים הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען. אוּנְד קֵיינֶער הָאט אִיהְם נִיט
17 גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, וִויא פִיל מְשָׁרְתִים פוּן מֵיין פָאטֶער הָאבֶּען בְּרוֹיט
18 גֶענוּג אוּנְד אִיבְּרִיג, אוּנְד אִיךְ קוּם אוּם פַאר הוּנְגֶער: אִיךְ
וֶועל אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנְד וֶועל גֶעהְן צוּ מֵיין פָאטֶער, אוּנְד
וֶועל צוּ אִיהְם זָאגֶען, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְדִיגְט קֶעגֶען
19 דֶעם הִימֶעל, אוּנְד פָאר דִיר: אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר וֶוערְט

דַײן זוּהְן צוּ הֵײסֶען. מַאךְ מִיךְ וִויא אֵײנֶעם פוּן דֵײנֶע
20 גֶעדוּנְגֶענֶע מְשָׁרְתִים: אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַײן פָאטֶער; אוּנְד וֶוען עֶר וַואר נָאךְ וַוייט
פוּן אִיהְם, אַזוֹי הָאט אִיהְם זַײן פָאטֶער גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט
רַחֲמָנוּת בֶּעקוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעלָאפֶען אוּנְד אִיז אִיהְם אוֹיף
21 דֶעם הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעקִישְׁט: אָבֶּער
דֶער זוּהְן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאטֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעזִינְ־
דִיגְט קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל אוּנְד קֶעגֶען דִיר, אוּנְד בִּין נִיט
22 מֶעהְר וֶוערְט דַײן זוּהְן צוּ הֵײסֶען: אוּנְד דֶער פָאטֶער הָאט
גֶעזָאגְט צוּ זַײנֶע קְנֶעכְט, בְּרֶענְגְט גִיךְ אַרוֹיס דָאס בֶּעסְטֶע
קְלֵײד אוּנְד טְהוּט אִיהְם אָן, אוּנְד גִיבְּט אִיהְם אַ רִינְג אוֹיף
23 זַײנֶע הַאנְד, אוּנְד שִׁיךְ אוֹיף דִיא פִים: אוּנְד בְּרֶענְגְט דָאס
פֶעטֶע קַאלְב אוּנְד שֶׁעכְט עֶס; אוּנְד לָאזֶען מִיר עֶסֶען,
24 אוּנְד זִיךְ פְרֵײעֶן: וָוארִין דִיזֶער מֵײן זוּהְן וַואר טוֹיט
אוּנְד עֶר לֶעבְּט ווִידֶער; עֶר וַואר פֶערְלוֹירֶען, אוּנְד עֶר אִיז
גֶעפוּנֶען, אוּנְד זַײא הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְרֶעהְלִיךְ צוּ זַײן:
25 אָבֶּער זַײן עֶלְצְטֶער זוּהְן וַואר אִים פֶעלְד, אוּנְד ווִיא עֶר
אִיז נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען צוּם הוֹיז, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעהֶערְט
26 זִינְגֶען אוּנְד טַאנְצֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶערוּפֶען אֵײנֶעם פוּן
זַײנֶע יוּנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעפְרֶעגְט וָואס דָאס בֶּעדַײט:
27 אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דַײן בְּרוּדֶער אִיז גֶעקוּמֶען.
אוּנְד דַײן פָאטֶער הָאט גֶעשָׁאכְטֶען דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ,
28 ווייל עֶר הָאט אִיהְם גֶעזוּנְד ווִידֶער אַנְטְפַאנְגֶען: אַזוֹי הָאט
עֶס אִיהְם פֶערְדְרָאסֶען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט גֶעווָאלְט אַרֵײנְ־
קוּמֶען. אוּנְד זַײן פָאטֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
29 אִיהְם גֶעבֶּעטֶען: אָבֶּער עֶר הָאט דֶעם פָאטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ דִין דִיר שׁוֹין אַזוֹי פִיל יָאהְר, אוּנְד
הָאבּ נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט עוֹבֵר גֶעווֶעזֶען דַײן גֶעבָּאט, אוּנְד
דוּא הָאסְט מִיר נָאךְ קֵיינְמָאל גֶעגֶעבֶּען אַ צִיגֶעלֶע אַז אִיךְ
30 זָאל מִיךְ פְרֶעהְלִיךְ מַאכֶען מִיט מֵײנֶע פְרֵײנְד: אָבֶּער וֶוען
דִיזֶער דַײן זוּהְן אִיז גֶעקוּמֶען, וָואס הָאט דַײן פֶערְמֶעגֶען
פֶערְבְּרַאכְט מִיט הוּרֶען, הָאסְט דוּא אִיהְם גֶעשָׁאכְטֶען
31 דָאס פֶעטֶע קַאלְבּ: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵײן
זוּהְן דוּא בִּיסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט מִיר אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיךְ

32 הָאבּ אִיז דֵיין: מֶען הָאט זִיךְ בֶּעדאַרפְט פְרֵייעֶן אוּנְד
פְרֶעהלִיךְ זֵיין, וָואַרִין דִיזֶער דֵיין בְּרוּדֶער וַואר טוֹיט, אוּנְד
עֶר לֶעבְּט וִוידֶער; עֶר וַואר פֶערְלוֹירֶען אוּנְד אִיז גֶעפוּנֶען:

## קאפיטעל טז

1 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט עֶס וַואר אַ
רֵייכֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט אַ הוֹיזְהַאלְטֶער, אוּנְד עֶר
וַואר בֵּייא אִיהְם אָנְגֶעקְלָאגְט, אַז עֶר הָאט זֵיין פֶערְמֶעגֶען
2 פֶערְשְׁוֶוענְדֶעט: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס אִיךְ הֶער פוּן דִיר? גִיבּ
אָפּ אַ רֶעכֶענוּנְג פוּן דֵיינֶע הוֹיזְהַאלְטוּנְג, וָואַרִין דוּא קֶענְסְט
3 נִיט מֶעהְר מֵיין הוֹיזְהַאלְטֶער זֵיין: אוּנְד דֶער הוֹיזְהַאלְטֶער
הָאט זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? מֵיין הַאר נֶעמְט
פוּן מִיר אַוֶועק דִיא הוֹיזְהַאלְטוּנְג. גְרוּבֶּען קֶען אִיךְ נִיט,
4 אוּנְד צוּ בֶּעטְלֶען שֶׁעם אִיךְ מִיךְ: אִיךְ וֵויים וָואס אִיךְ זָאל
טְהוּן, אַז וֶוען אִיךְ בִּין אָפְּגֶעזֶעצְט פוּן דִיא הוֹיזְהַאלְטוּנְג,
5 זָאלֶען זֵייא מִיךְ אִין זֵיירֶע הֵייזֶער אַרֵיינְנֶעמֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶערוּפֶען אַלֶע בַּעֲלֵי חוֹבוֹת פוּן זֵיין הַאר, אוּנְד הָאט
צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעזָאגְט, וִויא פִיל בִּיסְט דוּא מֵיין הַאר שׁוּלְ־
6 דִיג? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט הוּנְדֶערְט מָאס עֶהְל, אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב, אוּנְד זֶעץ דִיךְ גִיךְ אַנִי־
7 דֶער, אוּנְד שְׁרֵייבּ אוֹיף פוּפְצִיג: דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּם
אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, אוּנְד וִויא פִיל בִּיסְט דוּא שׁוּלְדִיג? אוּנְד
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הוּנְדֶערְט מֶעסְטְלֶעךְ וֵוייץ; אַזוֹי הָאט
עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֶעם דֵיין שְׁטַר חוֹב, אוּנְד שְׁרֵייבּ גִיךְ
8 אַכְטְצִיג: אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעלוֹיבְּט דֶעם אוּנְגֶערֶעכְ־
טֶען הוֹיזְהַאלְטֶער, וֵוייל עֶר הָאט קְלוּג גֶעטְהוּן; וָואַרִין דִיא
קִינְדֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט זֶענֶען קְלוּגֶער פַאר זֵייעֶר גֶע־
9 שְׁלֶעכְט וִויא דִיא קִינְדֶער פוּן דֶעם לִיכְט: אוּנְד אִיךְ זָאג
אֵייךְ, מַאכְט אֵייךְ פְרֵיינְד פוּן דֶעם אוּנְגֶערֶעכְטֶען מָמוֹן, אַז
וֶוען עֶס וֶועט פֶעהְלֶען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא אֵייךְ אַרֵיינְנֶעמֶען
10 אִין אֵייבִּיגֶע וְואוֹינוּנְגֶען: דֶער וָואס אִיז גֶעטְרֵייא אִין דֶעם
וֶוענִיגְסְטֶען, אִיז אוֹיךְ גֶעטְרֵייא אִין פִילֶען, אוּנְד דֶער וָואס
אִיז אוּמְגֶערֶעכְט אִין דֶעם וֶוענִיגְסְטֶען, אִיז אוֹיךְ אוּמְגֶע־
11 רֶעכְט אִין פִילֶען: דְרוּם וֶוען אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעטְרֵייא

גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען מָמוֹן, װער װֶעט אֵייך
12 אָנְפֶערְטְרױעֶן דָאס װָאהְרְהַאפְטִיגֶע: אוּנְד װֶען אִיהְר זֶענְט
אִין דֶעם פְרֶעמְדֶענְס נִיט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען, װער װֶעט אֵייך
13 דָאס אֵיירִיגֶע גֶעבֶּען? קֵיין קְנֶעכְט קֶען דִינֶען צְוֵייא הַא־
רֶען; װָארִין עֶנְטְװֶעדֶער עֶר װֶעט אֵיינֶעם פֵיינְד הָאבֶּען,
אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען; אָדֶער עֶר װֶעט זִיךְ הַאלְטֶען
אָן אֵיינֶעם, אוּנְד װֶעט דֶעם אַנְדֶערְן פֶערַאכְטֶען, אִיהְר קֶענְט
נִיט דִינֶען גָאט אוּנְד מָמוֹן:
14 אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים װָאס װַארֶען גֵייצִיג, הָאבֶּען דָאס אַלֶעס
15 גֶעהֶערְט; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט: אוּנְד עֶר
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט דִיא װָאס טְהוּן זִיךְ
רֶעכְטְפֶּערְטִיגֶען פָאר מֶענְשֶׁען, אָבֶּער גָאט קֶענְט אֵייא־
רֶע הֶערְצֶער, װָארִין דָאס װָאס אִיז הוֹיךְ גֶעמַאכְט
16 צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען, אִיז אֵיין גְרֵייעֶל פָאר גָאט: דִיא תּוֹרָה
אוּנְד דִיא נְבִיאִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בִּיז צוּ יוֹחָנָן, אוּנְד פוּן
דֶענְסְמָאל אָן װֶערְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט,
17 אוּנְד אִיטְלִיכֶער דְרִינְגְט זִיךְ אַרֵיין: אַבֶּער עֶס אִיז גְרִינְגֶער
אַז הִימֶעל אוּנְד עֶרְד זָאל פַארְגֶעהֶען אֵיידֶער אֵיינֶע נְקוּדָּה
18 פוּן דֶער תּוֹרָה זָאל פַאלֶען: אִיטְלִיכֶער װָאס שֵׁיידֶעט זֵיין
װֵייבּ, אוּנְד נֶעמְט אֵיינֶע אַנְדֶערֶע, דֶער אִיז מְזַנֶה, אוּנְד װֶער
עֶס נֶעמְט דִיא װָאס אִיז אֵיינֶע גְרוּשָׁה פוּן אִיהְר מַאן אִיז
מְזַנֶה:
19 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רֵייכֶער מַאן װָאס װַאר גֶעקְלֵיידֶעט אִין
פּוּרְפּוּר אוּנְד פֵיינֶע לֵיינְוַואנְד, אוּנְד הָאט אַלֶע טָאג גֶעלֶעבְּט
20 מִיט תַּעֲנוּג אוּנְד פְרֵייד: אוּנְד דָא װַאר אֵיין אָרֶעמֶער מַאן
װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען אֶלְעָזָר, װָאס װַאר אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט
21 בֵּייא זֵיין טוֹיעֶר פוּל מִיט בְּלָאטֶערְן: אוּנְד עֶר הָאט בַּא־
גֶעהְרְט זִיךְ צוּ זֶעטִיגֶען מִיט דִיא בְּרֶעקְלֶעךְ װָאס פַאלֶען
אַרוּפּ פוּן דֶעם רֵייכֶען מַאנְס טִישׁ, אָבֶּער דִיא הִינְט זֶענֶען
נָאךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעקְט זֵיינֶע בְּלָאטֶערְן:
22 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען װֶען דֶער אָרֶעמֶער מַאן אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען אִיז עֶר פוּן דִיא מַלְאָכִים גֶעטְרָאגֶען גֶעוָארֶען
צוּ אַבְרָהָם׳ס שׁוֹיס, אוּנְד דֶער רֵייכֶער אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָאר־
23 בֶּען אוּנְד אִיז בֶּעגְרָאבֶּען גֶעוָארֶען: אוּנְד װֶען עֶר װַאר

אין יְסוּרִים אִין גֵיהִנָם, אַזוֹי הָאט עֶר זַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַבְרָהָם פוּן װײטֶען אוּנְד
24 אֶלְעָזָר אִין זַיין שׂוֹיס: אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶע־
זָאגְט, פָּאטֶער אַבְרָהָם, דֶערְבַּארְם דִיךְ אִיבֶּער מִיר, אוּנְד
שִׁיק אֶלְעָזָר, אַז עֶר זָאל אֵיינְטוּנְקֶען דֶעם שְׁפִּיץ פוּן זַיין
פִינְגֶער אִין דֶעם װַאסֶער, אוּנְד זָאל מֵיינֶע צוּנְג אָפְּקִיהְלֶען
25 װָארִין אִיךְ לֵייד יְסוּרִים אִין דֶער פְלַאם: אָבֶּער אַבְרָהָם
הָאט גֶעזָאגְט, קִינְד, גֶעדֶענְק אַז דוּא הָאסְט גוּטֶע זַאכֶען
אָפְּגֶענוּמֶען בֵּייא דֵיין לֶעבֶּען, אוּנְד אֶלְעָזָר הָאט אוֹיךְ דִיא
שְׁלֶעכְטֶע אָפְּגֶענוּמֶען; אוּנְד אַצוּנְד־װֶערְט עֶר גֶעטְרֵייסְט,
26 אוּנְד דוּא הָאסְט יְסוּרִים: אוּנְד אִיבֶּער דֶעם אַלֶעם אִיז דָא
צְוִוישֶׁען אוּנְס אוּנְד אֵייךְ אַ גְרוֹיסֶער אָפְּגְרוּנְד גֶעזֶעצְט, אַז
דִיא װָאס װִילֶען פוּן דַאנֶען צוּ אֵייךְ אַרִיבֶּערְגֶעהֶען, קֶענֶען
נִיט, אוּנְד דִיא פוּן יֶענֶער זֵייט קֶענֶען אוֹיךְ נִיט צוּ אוּנְס
27 אַרִיבֶּערְקוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דְרוּם בֶּעט אִיךְ
דִיךְ, פָּאטֶער, אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם שִׁיקֶען צוּ מֵיין פָּא־
28 טֶערְ׳ס הוֹיז: װָארִין אִיךְ הָאבּ פִינְף בְּרִידֶער, אַז עֶר
זָאל צוּ זֵייא בֶּעצֵייגֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ נִיט אַרֵיינְ־
29 קוּמֶען צוּ דִיזֶען אָרְט פוּן יְסוּרִים: אוּנְד אַבְרָהָם הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, זֵייא הָאבֶּען תּוֹרַת מֹשֶׁה אוּנְד דִיא נְבִיאִים
30 לָאזֶען זֵייא זֵייא צוּהֶערֶען: אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נֵיין,
פָּאטֶער אַבְרָהָם, נֵייעֶרְט װֶען אֵיינֶער װֶעט צוּ זֵייא קוּמֶען
31 פוּן דִיא טוֹיטֶע װֶעלֶען זֵייא תְּשׁוּבָה טְהוּן: אוּנְד עֶר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֶען זֵייא הֶערֶען נִיט צוּ תּוֹרַת מֹשֶׁה
אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי װֶעלֶען זֵייא אוֹיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען װֶען
אֵיינֶער װֶעט פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶען:

## קאפיטעל יז

1 עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז
שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען זָאלֶען נִיט קוּמֶען, אָבֶּער װֶעה צוּ דֶעם
2 דוּרְךְ װֶעמֶען זֵייא קוּמֶען: עֶס װָאלְט פַאר אִיהְם בֶּעסֶער
גֶעװֶעזֶען, אַז אַ מִיהְלשְׁטֵיין זָאל אוֹיף זַיין הַאלְז גֶעהָאנְגֶען
װֶערֶען, אוּנְד מֶען זָאל אִיהְם אִין יַם אַרֵיינְװַארְפֶען, אֵיידֶער
עֶר זָאל גוֹרֵם זַיין אֵיינֶעם פוּן דִיזֶע קְלֵיינֶע צוּ שְׁטְרוֹיכְלֶען:
3 גִיט אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, װֶען דֵיין בְּרוּדֶער זִינְדִיגְט

קֶעגֶען דִיר אַזוֹי שְׁטְרָאף אִיהְם; אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט חַרָטָה
הָאבֶּען אַזוֹי פֶערְגִיבּ אִיהְם׃ אוּנְד וֶוען עֶר וֶועט קֶעגֶען דִיר 4
זִיבֶּען מָאל אַ טָאג זִינְדִיגֶען, אוּנְד וֶועט זִיךְ זִיבֶּען מָאל אִין
טָאג צוּ דִיר אוּמְקֶערֶען, אוּנְד וֶועט זָאגֶען, אִיךְ הָאבּ חַרָטָה,
אַזוֹי זָאלְסְט דוּא אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען;
אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל (שְׁלִיחִים) הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם 5
הַאר, גִיבּ אוּנְס מֶעהְר גְלוֹיבֶּען׃ אָבֶּער דֶער הַאר הָאט גֶע־ 6
זָאגְט, וֶוען אִיהְר וָואלְט גֶעהַאט גְלוֹיבֶּען אַזוֹי וִויא אַ זָאמֶען
פוּן זֶענְפְט, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר גֶעזָאגְט צוּ דִיזֶען מוֹילְבֶּער־
בּוֹים, וֶוער דוּא אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט, אוּנְד זַייא גֶעפְלַאנְצְט
אִין דֶעם יַם, אַזוֹי וֶועט עֶר אֵייךְ צוּהֶערֶען׃ אוּנְד וֶועלְכֶער 7
פוּן אֵייךְ וָואס הָאט אַ קְנֶעכְט וָואס אַקֶערְט אָדֶער פִיטֶערְט
דִיא שָׁאף, אוּנְד וֶועט צוּ אִיהְם זָאגֶען אַזוֹי בַּאלְד וִויא עֶר
קוּמְט פוּן דֶעם פֶעלְד, גֶעה אוּנְד זֶעץ דִיךְ צוּם טִישׁ׃ אָבֶּער 8
וֶועט עֶר דֶען נִיט צוּ אִיהְם זָאגֶען, מַאךְ פַארְטִיג וָואס אִיךְ
זָאל עֶסֶען צוּם אָבֶּענְדְמָאל, אוּנְד גַארְטֶעל דִיךְ אַרוּם, אוּנְד
בֶּעדִין מִיךְ בִּיז אִיךְ הָאבּ גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען אוּנְד
דֶערְנָאךְ זָאלְסְט דוּא עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען׃ וֶועט עֶר זִיךְ 9
בֶּעדַאנְקֶען צוּ דֶעם קְנֶעכְט, וֵוייל עֶר הָאט גֶעטְהוּן וָואס עֶר
הָאט אִיהְם בֶּעפוֹילֶען? אִיךְ דֶענְק אַז נֵיין׃ אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר. 10
וֶוען אִיהְר וֶועט הָאבֶּען אַלֶעס גֶעטְהוּן וָואס אִיז אֵייךְ גֶע־
בָּאטֶען, אַזוֹי זָאגְט, מִיר זֶענֶען אוּנְנִיצְלִיכֶע קְנֶעכְט וָוארִין
מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן, דָאס וָואס מִיר זֶענֶען מְחוּיָב גֶעוֶועזֶען
צוּ טְהוּן׃
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, 11
אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיךְ דוּרךְ שׁוֹמְרוֹן אוּנְד גָלִיל גֶעגַאנְגֶען׃
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז אִין אַ דָארְף אַרַיינְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען 12
אִיהְם בֶּעגֶעגֶענְט צֶעהְן קְרֶעצִיגֶע וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פוּן
וֵוייטֶען׃ אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייעֶר קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד גֶע־ 13
זָאגְט, יֵשׁוּעַ, מֵייסְטֶער. הָאבּ רַחְמָנוֹת אִיבֶּער אוּנְס׃ אוּנְד 14
וִויא עֶר הָאט זַייא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, גֶעהְט
אוּנְד וֵוייזְט אֵייךְ צוּ דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען
זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַזוֹי וַוארֶען זַייא גֶערֵיינִיגְט׃
אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז 15

גֶעהֵיילְט, הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט גָאט גֶע־
16 לוֹיבְּט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל: אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף דֶעם פָּנִים
גֶעפַאלֶען פַאר.זַיינֶע פִים אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעדַאנְקְט, אוּנְד
17 עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שֹׁמְרוֹנִי: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶענֶען נִיט צֶעהְן גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען?
18 אָבֶּער וְואוּ זֶענֶען דִיא נַיין: הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גֶע־
פוּנֶען וָואס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט כָּבוֹד צוּ גֶעבֶען צוּ גָאט,
19 אוֹיסֶער דִיזֶער פְרֶעמְדֶער: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֶעה דֵיין וֶועג, דֵיין גְלוֹיבֶּען הָאט דִיךְ
גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט:
20 אוּנְד וֶוען עֶר וַואר גֶעפְרֶעגְט בֵּייא דִיא פְּרוּשִׁים, וֶוען דָאס
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וֶועט קוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זֵייא
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט
21 קוּמְט נִיט מִיט בֶּעמֶערְקוּנְג: אוּנְד מֶען וֶועט נִיט זָאגֶען,
זֶעה, הִיר אִיז עֶס, אָדֶער זֶעה דָארְט, וָוארִין זֶעה דָאס קֶע־
נִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז אִין אֵייךְ:
22 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט דִיא טֶעג קוּ־
מֶען, וֶוען אִיהְר וֶועט בֶּעגֶעהְרֶען צוּ זֶעהֶען, אֵיינְם פוּן דִיא
טֶעג פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם אוּנְד אִיהְר וֶועט עֶס נִיט זֶעהֶען:
23 אוּנְד זֵייא וֶועלֶען צוּ אֵייךְ זָאגֶען, זֶעה דָא, אָדֶער זֶעה
24 דָארְט, גֶעהְט נִיט אַרוֹיס, אוּנְד פָאלְגְט זֵייא נִיט נָאךְ: וָוארִין
אַזוֹי וִויא דֶער בְּלִיץ וָואס בְּלִיצְט פוּן אֵיין עֶק פוּן אוּנְטֶער
דֶעם הִימֶעל, אוּנְד שֵׁיינְט בִּיז צוּם אַנְדֶערֶען עֶק אוּנְטֶער
דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וֶועט דֶער בֶּן־אָדָם זַיין אִין זַיין טָאג:
25 אָבֶּער צוּעֶרְשְׁט מוּס עֶר פִיל לֵיידֶען, אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען
26 וֶוערֶען פוּן דִיזֶען דוֹר: אוּנְד אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
אִין דִיא טֶעג פוּן נֹחַ, אַזוֹי וֶועט עֶס אוֹיךְ זַיין אִין דִיא טֶעג
27 פוּן דֶעם בֶּן־אָדָם: זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶע־
טְרוּנְקֶען, זֵייא הָאבֶּען חֲתוּנָה גֶעהַאט, אוּנְד הָאבֶּען חֲתוּנָה
גֶעמַאכְט, בִּיז צוּ דֶעם טָאג וֶוען נֹחַ אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
דֶער תֵּיבָה, אוּנְד דָאס מַבּוּל אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט זֵייא
28 אַלֶע אוּמְגֶעבְּרַאכְט: גְלֵייךְ דֶעם וִויא עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דִיא טֶעג פוּן לוֹט, זֵייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶע־
טְרוּנְקֶען, זֵייא הָאבֶּען גֶעקוֹיפְט, זֵייא הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט,

29 זייא הָאבֶּען גֶעפְּלַאנְצְט, זייא הָאבֶּען גֶעבּוֹיעֶט: אָבֶּער אִין
דֶעם טָאג וֶוען לוֹט אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס סְדוֹם הָאט
עֶס גֶערֶעגֶענְט מִיט פֵייעֶר אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל פוּן הִימֶעל, אוּנְד
30 הָאט זייא אַלֶע אוּמְגֶעבְּרַאכְט: אַזוֹי וֶועט עֶס זַיין אִין דֶעם
31 טָאג וֶוען דֶער בֶּן־אָדָם וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען: אִין יֶענֶעם
טָאג, דֶער וָואס וֶועט זַיין אוֹיף דֶעם דַאךְ, אוּנְד זַיינֶע
כֵּלִים אִין הויז, לָאז עֶר נִיט אַרוּפְּגֶעהֶען כְּדֵי זייא צוּ נֶע־
מֶען, אוּנְד דֶער וָואס אִיז אִים פֶעלְד, לָאז עֶר זִיךְ אוֹיךְ נִיט
32 צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען: גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם וַוייבּ פוּן לוֹט:
33 דֶער וָואס וֶועט זוּכֶען זַיין לֶעבֶּען מַצִיל צוּ זַיין, דֶער וֶועט
עֶס פֶערְלִירֶען, אוּנְד וֶוער עֶס וֶועט זַיין לֶעבֶּען פֶערְלִירֶען,
34 דֶער וֶועט עֶס דֶערְהַאלְטֶען: אִיךְ זָאג אַייךְ, אִין יֶענֶער
נַאכְט וֶועלֶען זַיין צְוֵוייא אִין אַיין בֶּעט, אַיינֶער וֶועט אַוֶועקְ־
גֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט
35 וֶוערֶען: צְוֵוייא וַוייבֶּער וֶועלֶען צוּזַאמֶען מָאלֶען, אַיינֶע
וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דִיא אַנְדֶערֶע וֶועט אִיבֶּערְ־
36 גֶעלָאזְט וֶוערֶען: (צְוֵוייא וֶועלֶען זַיין אִין אַיין פֶעלְד, אַיי־
נֶער וֶועט אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט
37 אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וֶוערֶען): אוּנְד זייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט
אוּנְד צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַוְואוּ הַאר? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זייא
גֶעזָאגְט, וְואוּ דִיא נְבֵלָה אִיז, דָארְטֶען וֶועלֶען זִיךְ דִיא
אָדְלֶער אַיינְזַאמְלֶען:

## קאפיטעל יח

1 אוּנְד עֶר הָאט זייא גֶעזָאגְט אַ מָשָׁל, אַז זייא זָאלֶען תָּמִיד
2 בֶּעטֶען אוּנְד נִיט מִיד וֶוערֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ רִיכְטֶער אִין אַ שְׁטָאט וָואס הָאט זִיךְ נִיט
גֶעפָארְכְטֶען פַאר גָאט, אוּנְד הָאט קֵיין מֶענְשׁ גֶעשֶׁעצְט:
3 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַיינֶע אַלְמָנָה אִין יֶענֶער שְׁטָאט
אוּנְד זִיא אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זייא
4 דִיךְ נוֹקֵם אַן מֵיין קְרִיגֶער: אוּנְד עֶר הָאט פַאר אַ צֵייט
נִיט גֶעוָואלְט: אָבֶּער דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט, הָאטְשֶׁע
5 אִיךְ פָארְכְט נִיט גָאט, אוּנְד שֶׁעץ קֵיין מֶענְשׁ: דָאךְ וַוייל
דִיזֶע אַלְמָנָה גִיבְּט מִיר אַזוֹי פִיל מִיה, אַזוֹי וֶועל אִיךְ פַאר
אִיהְר אַ נְקָמָה טְהוּן, אַז זִיא זָאל מִיךְ נִיט מִיד מַאכֶען מִיט

6 איהר פיל קומען, דער האר האט געזאגט, הערט וואס דער
7 אומגערעכטער ריכטער זאגט: אונד זאל ניט גאט איינע
נקמה טהון פאר זיינע אויסדערוועהלטע, וואס שרייען צו
איהם טאג אונד נאכט, חאטשע ער האט מיט זייא געדולד?
8 איך זאג אייך, אז ער וועט באלד פאר זייא איינע נקמה
טהון; אבער ווען דער בן־אדם וועט קומען וועט ער גע־
פינען גלויבען אויף דער ערד?
9 אונד ער האט אויך דאס משל געזאגט צו עטליכע וואס
האבען פערטרויעט אין זיך אליין אז זייא זענען צדיקים,
10 אונד האבען דיא איבריגע פעראכטעט: צוויא מענשען
זענען ארויפגעגאנגען אין בית המקדש צו בעטען. איינער
וואר א פרוש, אונד דער אנדערער ווארא שטייער־איינ־
11 נעמער: דער פרוש איז געשטאנען אונד האט אזוי גע־
בעטען, או גאט! איך דאנק דיר דאס איך בין ניט וויא
אנדערע מענשען, רויבער, אומגערעכטע אונד נואפים,
12 אדער אזוי וויא דיזער שטייער־איינעמער: איך פאסט
צווייא מאל א וואך, איך גיב מעשר פון אלעם וואס איך
13 בעזיץ: אבער דער שטייער־איינעמער איז געשטאנען
פון ווייטען, אונד האט ניט אפילו געוואלט אויפהעבען דיא
אויגען צום הימעל, נייערט ער האט זיך אויף דעם הארץ
געשלאגען, אונד האט געזאגט, או גאט דערבארם דיך
14 איבער מיר, דעם זינדער: איך זאג אייך, דער מאן איז
אהיים געגאנגען מעהר גערעכטפערטיגט וויא דער אנ־
דערער; ווארין איטליכער וואס דערהייבט זיך זעלבסט,
וועט דערנידריגט ווערען, אבער דער וואס דערנידריגט
זיך זעלבסט, וועט דערהייבט ווערען:
15 אונד מען האט צו איהם געבראכט קליינע קינדער, אז ער
זאל זייא אנריהרען; ווען דיא תלמידים האבען עס געזע־
16 הען האבען זייא זייא אנגעשריען: אבער ישוע האט זייא
צו זיך גערופען, אונד האט געזאגט, לאזט דיא קינדער־
לעך צו מיר קומען, אונד פערבּיט זייא ניט; ווארין פון
17 אזוינע איז דאס קעניגרייך פון גאט: באמת זאג איך אייך,
ווער עס וועט ניט אננעמען דעם קעניגרייך פון גאט וויא
א קליין קינד, דער וועט דרינען ניט אריינקומען:

18 אוּנְד אֵיין עֶלְצְטֶער הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, גוּטֶער
לֶעהְרֶער, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ זָאל יַרְשֶׁענֶען דָאס
19 עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען? אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם
רוּפְסְט דוּא מִיךְ גוּטֶער? קֵיינֶער אִיז נִיט גוּט גֶייעֶרְט
20 אֵיינֶער דָאס אִיז גָאט: דוּא קֶענְסְט דִיא מִצְוֹת; דוּא זָאלְסְט
נִיט מְזַנֶה זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט
טוֹיט שְׁלָאגֶען, דוּא זָאלְט נִיט פַאלְשׁ עֵדוּת זָאגֶען; עֶהְרֶע
21 דַיין פָאטֶער אוּנְד דַיינֶע מוּטֶער: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דָאס אַלֶעס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאלְטֶען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף:
22 ווִיא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, נָאךְ אֵיינֶע זַאךְ פֶעהְלְט דִיר; פֶערְקוֹיף אַלֶעס וָואס
דוּא הָאסְט, אוּנְד פֶערְטֵייל עֶס צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט, אוּנְד
דוּא וֶועסְט הָאבֶּען אֵיין אוֹצָר אִין הִימֶעל, אוּנְד קוּם פָאלְג
23 מִיר נָאךְ: אָבֶּער ווֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט, אִיז עֶר
זֶעהְר טְרוֹירִיג גֶעוָוארֶען, וָוארִין עֶר וַואר אַ גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר:
24 ווֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר וַואר טְרוֹירִיג, אַזוֹי הָאט
עֶר גֶעזָאגְט, ווִיא שְׁוֶוער אִיז עֶס פַאר דִיא וָואס הָאבֶּען
25 רֵייכְטְהוּם אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: וָוארִין
עֶס אִיז גְרִינְגֶער פַאר אַ קֶעמֶעל דוּרְכְצוּגֶעהֶען דוּרְךְ
דֶעם לָאךְ פוּן אַ נָאדֶעל ווִיא פַאר אַ רֵייכֶען אַרֵיינְצוּ־
26 קוּמֶען אִין קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען דָאס
גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווֶער קֶען דֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען?
27 אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ בֵּייא
מֶענְשֶׁען אִיז מֶעגְלִיךְ בֵּייא גָאט:
28 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, מִיר הָאבֶּען אַלֶעס פֶערְ־
29 לָאזְט, אוּנְד הָאבֶּען דִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט
פֶערְהַאנֶען, וָואס הָאט פֶערְלָאזְט אַ הוֹיז, אָדֶער עֶלְטֶערְן,
אָדֶער בְּרִידֶער, אָדֶער ווַייבּ, אָדֶער קִינְדֶער, וֶועגֶען דֶעם
30 קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: וָואס וֶועט נִיט דֶערְהַאלְטֶען פִיל
מָאל מֶעהְר אִין דִיזֶע צֵייט, אוּנְד עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען אוֹיף
יֶענֶער וֶועלְט:
31 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דִיא צְווֶעלְף אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, נוּן גֶעהֶען מִיר אַרוֹיף קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אַלֶעס

וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְךְ דִיא נְבִיאִים אוֹיף דֶעם בֶּן־אָדָם
32 וֶועט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט וֶוערֶען: וָוארִין עֶר וֶועט אִיבֶּערְגֶעעֶנְטְ־
פֶּערְט וֶוערֶען צוּ דִיא גוֹיִם, אוּנְד וֶועט אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט וֶוע־
רֶען אוּנְד שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט וֶוערֶען, אוּנְד אָנְגֶעשְׁפִּיגֶען
33 וֶוערֶען: אוּנְד זַייא וֶועלֶען אִיהְם שְׁמֵייסֶען מִיט רִיטֶער,
אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם טֵייטֶען, אוּנְד אִין דֶעם דְרִיטֶען טָאג
34 וֶועט עֶר וִוידֶער אוֹיפְשְׁטֶעהְן: אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֵיינֶע פוּן
דִיזֶע זַאכֶען פֶּערְשְׁטַאנֶען. אוּנְד דִיזֶע רֵייד וַואר פוּן זַייא
פֶּערְבָּארְגֶען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעוְואוּסְט וָואס
אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען:
35 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ
יְרִיחוֹ, אִיז אַ בְּלִינְדֶער גֶעזֶעסֶען בַּיים וֶועג, אוּנְד הָאט גֶע־
36 בֶּעטֶעלְט: וִויא עֶר הָאט גֶעהֶערְט דָאס פָאלְק פֶּערְבֵּייא
37 גֶעהֶען, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט וָואס דָאס אִיז: אוּנְד זַייא הָא־
38 בֶּען אִיהְם גֶעזָאגְט, אַז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי גֶעהְט פֶּערְבֵּייא: אוּנְד
עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, בֶּן־דָּוִד דֶערְבַּארְם דִיךְ
39 אִיבֶּער מִיר: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פָאר אִיהְם גֶעגַאנְגֶען
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אַז עֶר זָאל שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען.
אָבֶּער עֶר הָאט נָאךְ מֶעהְר גֶעשְׁרִיעֶן, בֶּן־דָּוִד דֶערְבַּארְם
40 דִיךְ אִיבֶּער מִיר: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז שְׁטִיל גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען צוּ זִיךְ בְּרֶענְגֶען; אוּנְד וִויא עֶר אִיז
41 נָאהְנְט גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר אִיהְם גֶעפְרֶעגְט: אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, וָואס וִוילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל דִיר טְהוּן? אוּנְד עֶר
42 הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אַז אִיךְ זָאל זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוער זֶעהֶענְדִיג, דַיין גְלוֹיבֶּען הָאט
43 דִיךְ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט: אוּנְד עֶר אִיז גְלֵייךְ זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוא־
רֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד הָאט גָאט
גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס
גֶעזֶעהֶען הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט:

קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז בֶּעגַאנְגֶען דוּרְךְ
2 יְרִיחוֹ: אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵיי־
סֶען זַכַּיאוּס, אוּנְד עֶר וַואר דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן
דִיא שְׁטֵייעֶר־אֵיינְנֶעמֶער, אוּנְד עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען רַייךְ:

אוּנְד עֶר הָאט גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ צוּ זֶעהֶען װֶער עֶר אִיז, אוּנְד 3
הָאט נִיט גֶעקָאנְט, װעגֶען דֶעם גֶעדְרֶענְג, װײל עֶר װַאר אַ
קְלֵיינֶער מַאן: אוּנְד עֶר אִיז פָאר אִיהְם גֶעלָאפֶען, אוּנְד אִיז 4
אַרוֹיפְגֶעקְלֶעטֶערְט אוֹיף אַ מוֹילְבֶּער־בּוֹים, כְּדֵי עֶר זָאל
אִיהְם זֶעהֶען, װָארִין עֶר הָאט גֶעזָאלְט דָארְטֶען פֶערְבֵּייא
גֶעהֶען: אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ אִיז צוּ דֶעם אָרְט גֶעקוּמֶען, אַזוֹי 5
הָאט עֶר אַרוֹיפְגֶעקוּקְט אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד עֶר
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַכִּיאוּס קוּם גֶעשְׁװִינְד אַרוּפ װָארִין
אִיךְ מוּס הֵיינְט אִין דֵיין הוֹיז בְּלֵייבֶּען: אוּנְד עֶר אִיז גֶע־ 6
שְׁװִינְד אַרוּפְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אַנְטְפַאנְגֶען מִיט
פְרֵייד: אוּנְד װִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא 7
אַלֶע גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר גֶעהְט אַרֵיין
צוּ זֵיין אַ גַאסְט צוּ אַ זִינְדִיגֶען מַאן: אוּנְד זַכִּיאוּס אִיז 8
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּם הַאר, זֶעה, הַאר, אִיךְ
גִיבּ דִיא הֶעלְפְט פוּן מֵיין פֶערְמֶעגֶען צוּ דִיא אָרֶעמֶע, אוּנְד
װֶען אִיךְ הָאבּ פוּן אֵיינֶעם עֶפֶּעס גֶערוֹיבְּט, אַזוֹי גִיבּ אִיךְ
עֶס אָפּ פִירְפֶעלְטִיג: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, 9
הֵיינְט אִיז דִיא יְשׁוּעָה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צוּ דִיזֶעם הוֹיז, װֵייל
עֶר אִיז אוֹיךְ אַ זוּהְן פוּן אַבְרָהָם: װָארִין דֶער בֶּן־אָדָם אִיז 10
גֶעקוּמֶען צוּ רֶעטֶען דָאס װָאס אִיז פֶערְלוֹירֶען:
אוּנְד װֶען זֵייא הָאבֶּען דָאס צוּגֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר װִי־ 11
דֶער אַ מָשָׁל גֶעזָאגְט, װֵייל עֶר װַאר נָאהֶנְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד װֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעדֶענְקְט אַז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט װֶעט בַּאלְד דֶערְשֵׁיינֶען: דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַ 12
גֶעװִיסֶער עֶדֶעלְמַאן אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ װֵייט לַאנְד
אַרֵיין; כְּדֵי עֶר זָאל אַ קֶענִיגְרֵייךְ אֵיינְנֶעמֶען, אוּנְד װִידֶער
צוּרִיקְקוּמֶען: װֶען עֶר הָאט גֶערוּפֶען זֵיינֶע צֶעהְן קְנֶעכְט, 13
הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען צֶעהְן פוּנְט אוּנְד הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, הַאנְדֶעלְט דֶערְמִיט בִּיז אִיךְ װֶעל צוּרִיק
קוּמֶען: אוּנְד זֵיינֶע שְׁטָאטְלֵייט הָאבֶּען אִיהְם פֵיינְד 14
גֶעהַאט אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעשִׁיקְט שְׁלוּחִים, אוּנְד
גֶעזָאגְט, מִיר װִילֶען נִיט אַז דִיזֶער זָאל אִיבֶּער אוּנְס גֶע־
װֶעלְטִיגֶען: אוּנְד עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען װֶען עֶר אִיז צוּרִיקְגֶע־ 15
קוּמֶען, װִיא עֶר הָאט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ אֵיינְגֶענוּמֶען, אַזוֹי

הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען דִיא קְנֶעכְט צוּ זִיךְ רוּפֶען, צוּ וֶועלְכֶע
עֶר הָאט דָאס גֶעלְד גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל וִויסֶען וָואס
16 אִיטְלִיכֶער הָאט פֶערְדִינְט מִיט הַאנְדֶעלְן: אַזוֹי אִיז דֶער
עֶרְשְׁטֶער גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, דֵיין פוּנְט
17 הָאט פֶערְדִינְט צֶעהְן פוּנְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
פֵיין, דוּא גוּטֶער קְנֶעכְט. וַוייל דוּא בִּיסְט גֶעטְרֵייא גֶעוֶועז־
זֶען אִין אַבִּיסֶעל, אַזוֹי הָאבּ דוּא צוּ הֶערְשֶׁען אִיבֶּער צֶעהְן
18 שְׁטֶעט: אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶע־
19 זָאגְט, הַאר, דֵיין פוּנְט הָאט פֶערְדִינְט פִינְף פוּנְט: אוּנְד עֶר
הָאט אוֹיךְ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זַייא דוּא אִיבֶּער פִינְף שְׁטֶעט:
20 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
דָא אִיז דֵיין פוּנְט, וָואס אִיךְ הָאבּ בֶּעהַאלְטֶען אִין אַ טִיכֶעל:
21 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פָאר דִיר מוֹרָא גֶעהַאט. וַוייל דוּא בִּיסְט
אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ. דוּא גֶעמְסְט וָואס דוּא הָאסְט נִיט אַנִי־
דֶערְגֶעלֶעגְט, אוּנְד שְׁנֵיידֶעסְט וָואס דוּא הָאסְט נִיט גֶעזֵייעֶט:
22 עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט. פוּן דֵיין אֵייגֶען מוֹיל וֶועל אִיךְ
דִיךְ רִיכְטֶען, דוּא שְׁלֶעכְטֶער קְנֶעכְט. דוּא הָאסְט גֶעוְואוּסְט
אַז אִיךְ בִּין אַ הַארְטֶער מֶענְשׁ, אוּנְד אַז אִיךְ נֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ
נִיט אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט, אוּנְד שְׁנֵייד וָואס אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעזֵייעֶט:
23 וָוארוּם הָאסְט דוּא דֶען נִיט מֵיין גֶעלְד אַרֵיינְגֶעגֶעבֶּען אִין
דֶער בַּאנְק? דָאס בֵּייא מֵיין צוּרִיקְקוּמֶען וָואלְט אִיךְ עֶס
24 פֶערְלַאנְגְט מִיט פְּרָאצֶענְט: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, נֶעמְט פוּן אִיהְם דָאס
פוּנְט אוּנְד גִיבְּט עֶס צוּ דֶעם וָואס הָאט דִיא צֶעהְן פוּנְט:
25 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר עֶר הָאט צֶעהְן
26 פוּנְט: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס הָאט
וֶועט גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען, אוּנְד פוּן דֶעם וָואס הָאט נִיט, וֶועט
27 דָאס וָואס עֶר הָאט אוֹיךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען: אָבֶּער
דִיזֶע מֵיינֶע פֵיינְד, וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט אַז אִיךְ זָאל
אִיבֶּער זֵייא הֶערְשֶׁען, בְּרֶענְגְט זֵייא אַהֶער אוּנְד הַרְגֶעט
פָאר מִיר:
28 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר בֶּעפָאר זֵייא
29 אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר אִיז
גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ בֵּית־פַּגֵי אוּנְד בֵּית־הִינֵי, צוּם בַּארְג וָואס

הֶערְט גֶערוּפֶען הַר הַזֵיתִים, אַזוֹי הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט צְוֵוייא
פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט גֶעהְט אִין דֶעם 30
דָארְף אַרֵיין וָואס אִיז קֶעגֶען אִיבֶּער אֵייךְ, אוּנְד וֶוען
אִיהְר וֶועט דְרִינֶען אַרֵיינְקוּמֶען, וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען אַ יוּנְג
עֶזֶעלֶע אָנְגֶעבּוּנְדֶען, אוֹיף וֶועלְכֶען קֵיין מֶענְשׁ אִיז נָאךְ
נִיט גֶעזֶעסֶען. בִּינְט עֶס לוֹיז אוּנְד בְּרֶענְגְט עֶס אַהֶער: אוּנְד 31
וֶוען אִימִיצֶער וֶועט אֵייךְ פְרֶעגֶען, וָוארוּם לָאזְט אִיהְר עֶס
לוֹיז? אַזוֹי זָאלְט אִיהְר צוּ אִיהְם זָאגֶען, אַז דֶער הַאר בֶּעַ־
דַארְף עֶס: אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען גֶעשִׁיקְט, זֶענֶען אַוֶועקְ־ 32
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעַ־
זָאגְט: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס יוּנְגֶע עֶזֶעלֶע אוֹיפְ־ 33
גֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי הָאבֶּען דִיא הַארֶען דֶערְפוּן צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וָוארוּם בִּינְט אִיהְר אוֹיף דָאס יוּנְגֶע עֶזֶעלֶע: אוּנְד זֵייא 34
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער הַאר בֶּעדַארְף עֶס: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען 35
עֶס גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען זֵיירֶע קְלֵיידֶער אַרוֹיפְ־
גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶעם יוּנְגֶען עֶזֶעלֶע. אוּנְד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ
דְרוֹיף גֶעזֶעצְט: אוּנְד וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאַ־ 36
בֶּען זֵייא זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייט אוֹיף דֶעם וֶועג:
אוּנְד וִויא עֶר אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּם אַרוּפְגַאנְג פוּן 37
הַר הַזֵיתִים, הָאבֶּען דִיא גַאנְצֶע מֶענְגֶע תַּלְמִידִים אָנְגֶעהוֹי־
בֶּען גָאט צוּ לוֹיבֶּען מִיט שִׂמְחָה אוּנְד מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל
פַאר אַלֶע גְבוּרוֹת וָואס זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען: אוּנְד זֵייא 38
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער קֶענִיג וָואס קוּמְט אִין
דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, שָׁלוֹם אִין הִימֶעל אוּנְד
כָּבוֹד אִין דֶער הֵייךְ: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים פוּן 39
צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער,
שְׁרֵייא אָן דֵיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט 40
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז וֶוען דִיזֶע
וֶועלֶען שְׁטִיל שְׁוַוייגֶען, אַזוֹי וֶועלֶען דִיא שְׁטֵיינֶער אוֹיסְ־
שְׁרֵייעֶן:
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז נָאהְנְט גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט דִיא שְׁטָאט 41
גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר אִיבֶּער אִיהְר גֶעוַויינְט: אוּנְד עֶר הָאט 42
גֶעזָאגְט, הַלְוַאי וָואלְסְט דוּא גֶעוָואוּסְט, אַפִילוּ אִין דִיזֶען
טָאג דִיא זַאכֶען וָואס קֶערֶען צוּ דֵיין פְרִידֶען! אָבֶּער נוּן

43 וָוענֶען זַייא פֶערְבָּארְגֶען פוּן דַיינֶע אוֹיגֶען: וָוארִין דִיא טֶעג
וָועלֶען אִיבֶּער דִיר קוּמֶען, וָוען דַיינֶע פֵיינְד וָועלֶען אַ גְרוּבּ
ארוּם דִיר גְרוּבֶּען, אוּנְד וָועלֶען דִיךְ אַרוּמְרִינְגְלֶען, אוּנְד
44 וָועלֶען דִיךְ בֶּעלַאגֶערְן פוּן אַלֶע זַייטֶען: אוּנְד זַייא וָועלֶען
דִיךְ אַנִידֶערְוַוארְפֶען, אוּנְד דַיינֶע קִינְדֶער אִין דִיר; אוּנְד
זַייא וָועלֶען אִין דִיר נִיט אִיבֶּערְלָאזֶען אֵיין שְׁטֵיין אוֹיף
דֶעם אַנְדֶערֶען, וַוייל דוּא הָאסְט נִיט גֶעוְואוּסְט דִיא צַייט
וָוען דוּא בִּיסְט גֶעדֶענְקְט גֶעוָוארֶען:
45 אוּנְד עֶר אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסְצוּוַארְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען דְרִינֶען
46 גֶעקוֹיפְט אוּנְד פַארְקוֹיפְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, מֵיין הוֹיז אִיז אַ הוֹיז פוּן גֶעבֶּעט:
אָבֶּער אִיהְר הָאט עֶס גֶעמַאכְט צוּ אַ הֶעלֶע פוּן רוֹיבֶּער:
47 אוּנְד עֶר הָאט טֶעגְלִיךְ גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית־הַמִקְדָשׁ; אוּנְד
דִיא רָאשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם
48 פָאלְק הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען וָואס צוּ טְהוּן. וָוארִין דָאס גַאנְצֶע פָאלְק
הָאט זִיךְ אָן אִיהְם גֶעהַאלְטֶען אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם הֶערֶען:

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָועזֶען אַן אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעג, וָוען עֶר
הָאט דִיא לֵייט גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם בֵּית־הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוּרָה זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
אוּנְד דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
2 אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, זָאג אוּנְס
דוּרְךְ וָועלְכֶער מַאכְט טְהוּסְט דוּא דִיא דָאזִיגֶע זַאכֶען,
אָדֶער וֶוער אִיז דֶער וָואס הָאט דִיר דִיזֶע מַאכְט גֶעגֶעבֶּען:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיךְ וָועל אֵייךְ אֵיין זַאךְ פְרֶעגֶען אוּנְד זָאגְט עֶס מִיר:
4 דִיא טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן וַואר זִיא פוּן הִימֶעל אָדֶער פוּן מֶענְ־
5 שֶׁען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶעטַעֲנֶהְעט אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָוען מִיר וָועלֶען זָאגֶען פוּן הִימֶעל, וָועט
6 עֶר זָאגֶען וָוארוּם הָאט אִיהְר אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: אוּנְד
וָוען מִיר וָועלֶען זָאגֶען פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וָועט אוּנְס דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען; וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט

7 אַז יוֹחָנָן וַואר אַ נָבִיא: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז
8 זֵייא וֵוייסֶען נִיט פוּן וַואנֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אַזוֹי וֶועל אִיךְ אֵייךְ אוֹיךְ נִיט זָאגֶען, דוּרְךְ וֶועלְכֶע
מַאכְט אִיךְ טְהוּא דִיזֶע זַאכֶען:
9 אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּם פָּאלְק דָאס מָשָׁל צוּ זָאגֶען,
אַ מַאן הָאט גֶעפְּלַאנְצְט אַ וֵוויינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ וֵוויינְגֶערְטְנֶער, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעפָארֶען
10 אוֹיף אַ לַאנְגֶע צֵייט: אוּנְד צוּ דֶער פְּרוּכְטצֵייט הָאט עֶר
גֶעשִׁיקְט אַ קְנֶעכְט צוּ דִיא וֵוויינְגֶערְטנֶער, אַז זֵייא זָאלֶען
אִיהְם גֶעבֶּען פוּן דִיא פְּרוּכְט פוּן דֶעם וֵוויינְגָארְטֶען. אָבֶּער
דִיא וֵוויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
11 אִיהְם לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער אֵיין
אַנְדֶערְן קְנֶעכְט גֶעשִׁיקְט אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דֶעם אוֹיךְ גֶע־
שְׁלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּנְד
12 הָאבֶּען אִיהְם לֶעדִיג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט: אוּנְד עֶר הָאט וִוידֶער
גֶעשִׁיקְט אַ דְרִיטֶען אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם פֶערְוְואוּנְדֶעט
13 אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען: אַזוֹי הָאט דֶער הַאר
פוּן דֶעם וֵוויינְגָארְטֶען גֶעזָאגְט, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אִיךְ
וֶועל שִׁיקֶען מֵיין גֶעלִיבְּטֶען זוּהְן, טָאמֶער, וֶוען זֵייא וֶוע־
לֶען אִיהְם זֶעהֶען, וֶועלֶען זֵייא אִיהְם אִין כָּבוֹד הַאלְטֶען:
14 אָבֶּער וֶוען דִיא וֵוויינְגֶערְטְנֶער הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָא־
בֶּען זֵייא צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעדט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער
אִיז דֶער יוֹרֵשׁ, קוּמְט לָאזֶען מִיר אִיהְם טוֹיטֶען, כְּדֵי דִיא
15 יְרוּשָׁה זָאל אוּנְזֶער זֵיין: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶע־
וָוארְפֶען פוּן דֶעם וֵוויינְגָארְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעטוֹי־
טֶעט, דְרוּם וָואס וֶועט דֶער הַאר פוּן דֶעם וֵוויינְגָארְטֶען צוּ
16 זֵייא טְהוּן? עֶר וֶועט קוּמֶען אוּנְד וֶועט דִיא דָאזִיגֶע וֵוויינְ־
גֶערְטְנֶער אוּמְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד וֶועט דֶעם וֵוויינְגָארְטֶען צוּ
אַנְדֶערֶע גֶעבֶּען; אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
17 הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, חָלִילָה: אָבֶּער עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶע־
זֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס שְׁטֶעהְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען? דֶער שְׁטֵיין וָואס דִיא בּוֹיעֶרְס הָאבֶּען פֶערְוָוארְ־
18 פֶען, דֶער אִיז גֶעוָוארֶען צוּם עֶקְשְׁטֵיין: אִיטְלִיכֶער וָואס
פַאלְט אוֹיף דִיזֶען שְׁטֵיין וֶועט צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען. אָבֶּער

אוֹיף װֶעמֶען עֶר װֶעט פַאלֶען, דֶעם װֶעט עֶר צוּמַאלֶען׃
19 אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד סוֹפְרִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט
צוּ פַאנְגֶען אִין דִיזֶער שָׁעָה, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק. װָארִין זַייא הָאבֶּען גֶעװְאוּסְט
20 אַז עֶר הָאט אוֹיף זַייא דָאס מָשָׁל גֶעזָאגְט׃ אוּנְד זַייא הָא־
בֶּען אִיהְם בֶּעװַאכְט אוּנְד הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט שְׁפִּיאָנֶען
װָאס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְשְׁטֶעלְט אַז זַייא זֶענֶען פְרוּם, כְּדֵי זַייא
זָאלֶען אִיהְם פַאנְגֶען אִין זַיינֶע רֶעדֶען, אוּנְד זָאלֶען אִיהְם
אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ דֶער מַאכְט אוּנְד גֶעװַאלְד פוּן דֶעם גוּבֶּערְ־
21 נֶער׃ אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, לֶעהְ־
רֶער, מִיר װִיסֶען אַז דוּא רֶעדְסְט אוּנְד לֶעהְרְסְט רִיכְטִיג, אוּנְד
בִּיסְט קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים, נֵייעֶרְט דוּא לֶעהְרְסְט דֶעם
22 װֶעג פוּן גָאט װָאהְרְהַאפְטִיג׃ אִיז עֶס אוּנְס דֶערְלוֹיבְּט צוּ
23 גֶעבֶּען מַס צוּם קֵיסָר, אָדֶער נִיט? אָבֶּער עֶר הָאט פֶערְ־
שְׁטַאנֶען זַיירֶע לִיסְט, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, װָארוּם
24 פְּרוּפְט אִיהְר מִיךְ? װַייזְט מִיר אַ גִילְדֶען. װֶעמֶעס צוּרָה
אוּנְד אוֹיפְשְׁרִיפְט הָאט עֶס? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט
25 אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶעם קֵיסָר׳ס׃ אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
דְרוּם גִיבְּט צוּ דֶעם קֵיסָר װָאס גֶעהֶערְט צוּם קֵיסָר, אוּנְד
26 צוּ גָאט װָאס גֶעהֶערְט צוּ גָאט׃ אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם
נִיט גֶעקֶענְט פַאנְגֶען אִין זַיינֶע רֶעדֶע פַאר דֶעם פָאלְק,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ פֶערְװְאוּנְדֶערְט אִיבֶּער זַיינֶע עֶנְטְפֶער,
אוּנְד הָאבֶּען שְׁטִיל גֶעשְׁװִיגֶען׃
27 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צַדוּקִים זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
װָאס זָאגֶען עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנֶען קֵיין תְּחִיַת הַמֵתִים,
28 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט׃ לֶעהְרֶער,
משֶׁה הָאט אוּנְס גֶעשְׁרִיבֶּען, װֶען אַ בְּרוּדֶער װָאס הָאט אַ
װַייבּ, שְׁטַארְבְּט אָהְן קִינְדֶער, אַזוֹי זָאל זַיין בְּרוּדֶער דָאס
װַייבּ נֶעמֶען אוּנְד זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען קִינְדֶער צוּ זַיין בְּרוּ־
29 דֶער׃ נוּן עֶס זֶענֶען גֶעװֶעזֶען זִיבֶּען בְּרִידֶער, אוּנְד דֶער
עֶרְשְׁטֶער הָאט אַ װַייבּ גֶענוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
30 אָהְן קִינְדֶער׃ אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער הָאט גֶענוּמֶען דָאס
31 װַייבּ, אוּנְד אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהְן קִינְדֶער׃ אוּנְד דֶער
דְרִיטֶער הָאט זִיא גֶענוּמֶען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ אַלֶע זִיבֶּען,

אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֵיינֶע קִינְדֶער אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּנְד זֶענֶען
גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד צוּ לֶעצְט פוּן אַלֶע אִיז דָאס וַוייבּ 32
אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען: דְרוּם אִין תְּחִיַּת הַמֵּתִים, וֶועמֶעם וַוייבּ 33
וֶועט זִיא זַיין צְווִישֶׁען זַייא: וָוארִין אַלֶע זִיבֶּען הָאבֶּען זִיא
גֶעהַאט פַאר אַ וַוייבּ: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד 34
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דִיא קִינְדֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט הָאבֶּען
חַתוּנָה אוּנְד מַאכֶען חַתוּנָה: אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען וֶוערְט 35
יֶענֶע וֶועלְט צוּ הָאבֶּען אוּנְד תְּחִיַּת הַמֵּתִים, הָאבֶּען נִיט
חַתוּנָה אוּנְד מַאכֶען נִיט חַתוּנָה: אוּנְד זַייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט 36
מֶעהְר שְׁטַארְבֶּען, וָוארִין זַייא זֶענֶען גְלַייךְ צוּ דִיא מַלְאָכִים,
אוּנְד זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, וַוייל זַייא זֶענֶען דִיא קִינְ־
דֶער פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים: אוּנְד אַז דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען אוֹיפְ־ 37
שְׁטֶעהֶען, הָאט אַפִילוּ מֹשֶׁה גֶעוִויזֶען אִים דָארְנְבּוּשׁ, וֶוען
עֶר רוּפְט דֶעם הַאר, דֶעם גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד דֶעם גָאט
פוּן יִצְחָק, אוּנְד דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב: נוּן אִיז עֶר נִיט דֶער 38
גָאט פוּן דִיא טוֹיטֶע, נֵייעֶרְט פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע. וָוארִין
אַלֶע לֶעבֶּען צוּ אִיהְם: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים הָא־ 39
בֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער דוּא הָאסְט רֶעכְט
גֶעזָאגְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט מֶעהְר אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען 40
אִיהְם עֶפֶּעס צוּ פְרֶעגֶען:
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי זָאגֶען זַייא אַז 41
מָשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן דָוִד? וָוארִין דָוִד אַלֵיין זָאגְט אִין 42
סֵפֶר תְּהִלִּים, דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זֶעץ
דִיךְ צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד: בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע 43
פֵיינְד פַאר אֵיין פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִיס: דְרוּם וֶוען דָוִד 44
רוּפְט אִיהְם הַאר, ווִיא אַזוֹי אִיז עֶר דֶען זַיין זוּהְן?
אוּנְד וֶוען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק הָאט גֶעהֶערְט, הָאט עֶר צוּ 45
זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט: הִיט אֵייךְ פַאר דִיא סוֹפְרִים, 46
וָואס הָאבֶּען גֶערְן אַרוּמְצוּגֶעהְן אִין לַאנְגֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד
הָאבֶּען לִיבּ גֶעגְרִיסְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא גַאסֶען, אוּנְד אוֹי־
בֶּען אָן צוּ זִיצֶען אִין דִיא שׁוּלֶען, אוּנְד אוֹיבֶּען אָן צוּ זִיצֶען
אוֹיף סְעוּדוֹת: וָואס טְהוּן אֵיינְשְׁלִינְגֶען דִיא הֵייזֶער פוּן 47
אַלְמָנוֹת, אוּנְד בֶּעטֶען לַאנְג פַאר אֵיין אוֹיסְרֶעד; דִיזְע
וֶועלֶען בֶּעקוּמֶען, אַ גְרֶעסֶערֶעם מִשְׁפָּט:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד אַרוּמְקוּקֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען רֵייכֶע לֵייט וָואס
הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען זֵייעֶרֶע נְדָבוֹת אִין דֶעם אוֹצָר אַרֵיין
2 פוּן זֵייעֶר עַשִׁירוּת׃ אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע
אָרֶעמֶע אַלְמָנָה וָואס הָאט דָארְטֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צְוֵויא
3 פְּרוּטוֹת׃ אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז
דִיזֶע אָרֶעמֶע אַלְמָנָה הָאט מֶעהְר אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וִויא זֵייא
4 אַלֶע׃ וָוארִין אַלֶע דִיזֶע הָאבֶּען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען צוּ דֶער
נְדָבָה פוּן גָאט פוּן דֶעם וָואס זֵייא הָאבֶּען אִיבְּרִיג, אָבֶּער
זִיא הָאט פוּן אִיהְרֶע אָרֶעמְקֵייט אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען דִיא
גַאנְצֶע מִחְיָה וָואס זִיא הָאט גֶעהַאט׃
5 אוּנְד וָוען עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶערֶעט פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ,
וִויא עֶס אִיז גֶעצִירְט מִיט גוּטֶע שְׁטֵיינֶער אוּנְד מִיט מַתָּנוֹת
6 הָאט עֶר גֶעזָאגְט׃ דָאס וָואס אִיהְר זֶעהְט, עֶס וֶועלֶען קוּ־
מֶען דִיא טֶעג, וֶוען אֵיין שְׁטֵיין וֶועט נִיט אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען
אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן, וָואס וֶועט נִיט צוּוָוארְפֶען וֶוערֶען׃
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער,
וֶוען וֶועט דָאס זַיין? אוּנְד וָואס אִיז דָאס צֵייכֶען וֶוען דִיזֶע
8 זַאכֶען וֶועלֶען גֶעשֶׁעהֶען? אָבֶּער עֶר הָאט גֶעזָאגְט, זֶעהְט,
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְפִיהְרְט וֶוערֶען, וָוארִין פִילֶע וֶוע־
לֶען קוּמֶען אִין מֵיין נָאמֶען, אוּנְד וֶועלֶען זָאגֶען, אִיךְ בִּין
עֶס, אוּנְד דִיא צֵייט אִיז נָאהְנְט, דְרוּם גֶעהְט זֵייא נִיט נָאךְ׃
9 אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט הֶערֶען פוּן מִלְחָמוֹת אוּנְד גֶעטִימֶעל
אַזוֹי דֶערְשְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט. וָוארִין דִיזֶע זַאכֶען מוּזֶען,
צוּעֶרְשְׁט גֶעשֶׁעהֶען; אָבֶּער דֶער סוֹף אִיז נִיט בַּאלְד,
10 דַאן הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵיין פָאלְק וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהְן׃
קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערְן פָאלְק, אוּנְד אֵיין קֶענִיגְרֵייךְ קֶעגֶען
11 דֶעם אַנְדֶערְן קֶענִיגְרֵייךְ׃ אוּנְד עֶס וֶועט זַיין גְרוֹיס עֶרְד־
צִיטֶערְנִיס אִין פֶערְשִׁידֶענֶע עָרְטֶער, אוּנְד הוּנְגֶער אוּנְד
מַגֵפָה. אוּנְד עֶס וֶועלֶען זַיין פִירְכְטֶערְלִיכֶע אוּנְד גְרוֹיסֶע
12 צֵייכֶען פוּן הִימֶעל׃ אוּנְד בֶּעפָאר אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען
זֵייא דִיא הֶענְד אוֹיף אֵייךְ לֶעגֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ פֶערְ־
פָאלְגֶען, אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא שׁוּלֶען,
אוּנְד אִין גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד אִיהְר וֶועט גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען

פָאר מְלָכִים אוּנְד גוּבֶּערְנֶערְס פוּן מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען׃
אוּנְד דָאס וֶועט אֵייךְ זַיין פַאר אֵיין עֵדוּת׃ דְרוּם נֶעמְט 13
אֵייךְ צוּם הַארְצֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פְרִיהֶר זָארְגֶען וִויא 14
אַזוֹי אִיהְר זָאלְט אֵייךְ פֶּערְעֶנְטְפֶערְן׃ וָוארִין אִיךְ וֶועל אֵייךְ 15
גֶעבֶּען אַ מוֹיל אוּנְד חָכְמָה, וָואס אַלֶע אֵיירֶע גֶעגְנֶער,
וֶועלֶען אֵייךְ נִיט קֶענֶען ווִידֶערְשְׁפְּרֶעכֶען אוּנְד ווִידֶערְ־
שְׁטֶעהֶען׃ אוּנְד אִיהְר וֶועט אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעלִיפֶערְט וֶוערֶען, 16
פוּן אֵיירֶע עֶלְטֶערְן, אוּנְד בְּרִידֶער, אוּנְד קְרוֹבִים, אוּנְד
פְרֵיינְד, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ וֶועלֶען זֵייא לָאזֶען אוּמְ־
בְּרֶענְגֶען׃ אוּנְד אִיהְר וֶועט פוּן אַלֶע גֶעהַאסְט וֶוערֶען, 17
וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען׃ אָבֶּער אֵיין הָאר פוּן אֵייעֶר קָאפּ וֶועט 18
אוֹיךְ נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען׃ אִין אֵיירֶע גֶעדוּלְד דֶערְ־ 19
הַאלְט אֵיירֶע נְשָׁמוֹת׃ אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט זֶעהֶען יְרוּשָׁלַיִם 20
בֶּעלַאגֶערְט מִיט חַיָלוֹת, דֶענְסְטְמָאל זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען אַז
אִיהְרֶע פֶערְוִויסְטוּנְג אִיז נָאהְנְט׃ דֶענְסְטְמָאל לָאזֶען דִיא 21
וָואס זֶענֶען אִין יְהוּדָה אַנְטְלוֹיפֶען צוּ דִיא בֶּערְג, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶעם לַאנְד, לָאזֶען זֵייא דְרִינֶען נִיט אַרֵיינְ־
קוּמֶען׃ וָוארִין דָאס זֶענֶען דִיא טֶעג פוּן נְקָמָה, אַז אַלֶעס 22
וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען׃ אוּנְד וֶועה צוּ דִיא 23
וָואס זֶענֶען שְׁוַואנְגֶער, אוּנְד וָואס גֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען אִין
יֶענֶע טֶעג; וָוארִין עֶס וֶועט זַיין אַ גְרוֹיסֶע צָרָה אִים לַאנְד,
אוּנְד אֵיין גְרִימְצָארְן אִיבֶּער דִיזֶען פָאלְק׃ אוּנְד זֵייא וֶוע־ 24
לֶען פַאלֶען דוּרְךְ דֶער שַׁארְף פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, אוּנְד וֶוע־
לֶען פֶערְטְרִיבֶּען וֶוערֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד יְרוּשָׁלַיִם
וֶועט צוּטְרֶעטֶען וֶוערֶען פוּן דִיא גוֹיִם, בִּיז דִיא צֵייטֶען פוּן
דִיא גוֹיִם וֶועלֶען דֶערְפִילְט וֶוערֶען׃
אוּנְד עֶס וֶועלֶען זַיין צֵייכֶען אִין דֶער זוּן, אוּנְד אִין דֶער 25
לְבָנָה, אוּנְד אִין דִיא שְׁטֶערְן, אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד צָרוֹת
פוּן פֶעלְקֶער פַאר אַנְגְסְט וֶועגֶען דֶעם רוֹישֶׁען פוּן דֶעם יַם׃
דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען חַלֶעשֶׁען פַאר פוּרְכְט, אוּנְד וַוארְטֶען 26
אוֹיף דִיא זַאכֶען וָואס וֶועלֶען קוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט, וָוא־
רִין דִיא מַאכְט פוּן הִימֶעל וֶועט זִיךְ בֶּעוֶועגֶען׃ אוּנְד דַאן 27
וֶועלֶען זֵייא זֶעהֶען דֶעם בֶּן־אָדָם קוּמֶען אִין אַ וָואלְקֶען
מִיט מַאכְט אוּנְד מִיט גְרוֹיסֶע הֶערְלִיכְקֵייט׃ אוּנְד וֶוען 28

דיזע זאכען װעלען אָנהעבען צוּ געשעהען, אַזוֹי זעהט
אַרוֹיף אוּנד הֶעבּט אוֹיף אײַרע קעפּ, װאָרין אײַרע גאוּלָה
29 איז נאָהענט: אוּנד ער האָט צוּ זייא געזאָגט אַ מָשָׁל, זעהט
30 אָן דעם פֵיינֶענבּוֹים אוּנד אַלֶע בּוֹימֶער: װען זייא שְׁפּרָאָ־
צען שוֹין אַרוֹיס, אַזוֹי זעהט אִיהר אוּנד װייסט בּייא אייך
31 אַז דער זוּמֶער איז שוֹין נאָהענט: אוּנד אַזוֹי אוֹיך אִיהר,
װען אִיהר װעט זעהען אַז אַלֶע דִיזֶע זאַכען געשעהען,
32 זאָלט אִיהר װיסען אַז דאָס קֶענִיגְרייך איז נאָהענט: פַאר־
װאָהר איך זאָג אייך, אַז דאָס דאָזיגע געשְׁלעכט װעט נִיט
33 פַארבּייא געהן, בּיז אַלֶעם װעט געשעהען: הִימֶעל אוּנד
עֶרד װעלען פֶערגעהען, אָבֶּער מֵיינֶע װערטֶער װעלען נִיט
פֶערגעהן:
34 אָבֶּער הִיט אייך אַז אײַרע הערצער זאָלען נִיט שְׁװער
זיין מִיט פְרֶעסֶען אוּנד זוֹיפֶען, אוּנד מִיט דִיא זאָרגען פוּן
דִיזען לֶעבּען, אוּנד אַזוֹי װעט דִיזער טאָג פְּלוּצְלוּנג אוֹיף
35 אייך קוּמֶען: װאָרין ער װעט קוּמֶען אַזוֹי װיא אַ שְׁטְרוֹיכְ־
לוּנג אִיבּער דִיא װאָס װאוֹינֶען אוֹיף דער גאַנְצֶע עֶרד:
36 דְרוּם װאַכְט אוּנד בֶּעט אַלֶע צייט, אַז אִיהר זאָלט שְׁטאַרְק
זיין צוּ ענְטְרִינֶען דאָס אַלֶעם װאָס װעט געשעהען, אוּנד צוּ
שְׁטעהן פאַר דעם בֶּן־אָדָם:
37 אוּנד ער האָט געלֶערנְט יעדען טאָג אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ,
אוּנד יעדֶע נאַכְט איז ער אַרוֹיסגעגאַנגען אוּנד האָט אִיבּער־
נעכְטִיגט אוֹיף דעם בּארג װאָס װערט גערוּפֶען דער הַר
38 הַזֵיתִים: אוּנד דאָס גאַנְצֶע פָאלְק איז צוּ אִיהם געקוּמֶען
גאַנְץ פְרִיה אין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַריין, זייא זאָלען אִיהם
הֶערען:

## קאפיטעל כב

1 אוּנד דער יוֹם טוֹב, חַג הַמַצוֹת, איז נאָהענט געקוּמֶען, װאָס
2 װערט אָנגערוּפֶען פֶּסַח: אוּנד דִיא ראָשֵׁי כֹּהֲנִים אוּנד דִיא
סוֹפְרִים האָבּען געזוּכְט װיא אַזוֹי זייא זאָלען אִיהם אוּמ־
בְּרענגען; װאָרין זייא האָבען מוֹרָא געהאַט פַאר דעם
פָאלְק:
3 אוּנד דער שָׂטָן איז אַריינגעקוּמֶען אין יְהוּדָה, װאָס האָט
געהייסֶען אִישׁ קְרִיוֹת, אוּנד ער װאַר אײנֶער פוּן דִיא

4 צְוֶועלְף: אוּנְד עֶר אִיז אַוֶּועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט
מִיט דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא הוֹיפְּטְלֵייט, וִוִיא אַזוֹי
5 עֶר זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפְרֵייט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעזָאגְט גֶעלְד צוּ גֶעבֶּען:
6 אוּנְד עֶר הָאט אַיינְגֶעוִוילִיגְט אוּנְד הָאט אָפְּגֶעוַוארְט אַ גֶע־
לֶעגֶענְהֵייט, אַז עֶר זָאל אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְגֶעבֶּען, וֶוען
דָאס פָּאלְק אִיז נִיט מִיט אִיהְם:
7 אוּנְד דֶער טָאג פוּן מַצּוֹת אִיז גֶעקוּמֶען, וֶוען מֶען מוּז מַקְרִיב
8 זֵיין דָאס קָרְבָּן פֶּסַח: אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פֶּעטְרוֹס אוּנְד
יוֹחָנָן אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, גֶעהְט אוּנְד גְרֵייט אָן פַאר אוּנְס
9 דָאס קָרְבָּן פֶּסַח, אַז מִיר זָאלֶען עֶס עֶסֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וְואוּ וִוילְסְט דוּא אַז מִיר זָאלֶען עֶס אָנְ־
10 גְרֵייטֶען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט וֶוען אִיהְר
וֶועט קוּמֶען אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, וֶועט אֵייךְ בֶּעגֶעגֶענֶען
אַ מַאן וָואס טְרָאגְט אַ קְרִיג מִיט וַואסֶער. פָאלְגְט אִיהְם
11 נָאךְ צוּ דֶעם הוֹיז וְואוּ עֶר גֶעהְט אַרֵיין: אוּנְד זָאגְט צוּ
דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, דֶער לֶעהְרֶער זָאגְט צוּ דִיר, וְואוּ אִיז דָאס
גַאסְט־צִימֶער, וְואוּ אִיךְ זָאל עֶסֶען דָאס קָרְבָּן פֶּסַח מִיט
12 מֵיינֶע תַּלְמִידִים? אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ וַוייזֶען אַ גְרוֹיסֶע
13 אוֹיבֶּערְשְׁטֶע שְׁטוּבּ אוֹיסְגֶעצִירְט. דָארְטֶען גְרֵייט אָן: אוּנְד
זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנֶען אַזוֹי וִוִיא עֶר
הָאט גֶעזָאגְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט דָאס קָרְבָּן
14 פֶּסַח: אוּנְד וֶוען דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אוּנְד דִיא צְוֶועלְף אַפָּאסְטֶעל מִיט אִיהְם:
15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גֶעוִוינְשְׁט
אוּנְד בֶּעגֶעהְרְט דִיזֶעס קָרְבָּן פֶּסַח מִיט אֵייךְ צוּ עֶסֶען, פָאר
16 מֵיין לֵיידֶען: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ אַז אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר
דֶערְפוּן עֶסֶען, בִּיז עֶס וֶועט דֶערְפִילְט וֶוערֶען אִים קֶענִיגְ־
17 רֵייךְ פוּן גָאט: אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם בֶּעכֶער אוּנְד
הָאט גֶעדַאנְקְט אוּנְד גֶעזָאגְט, נֶעמְט דָאס, אוּנְד פֶערְטֵיילְט
18 עֶס צְוִוישֶׁען אֵייךְ: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז אִיךְ וֶועל
נִיט מֶעהְר טְרִינְקֶען פוּן דֶער פְרוּכְט פוּן דֶעם וַויינְשְׁטָאק
בִּיז דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט וֶועט קוּמֶען:
19 אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט אוּנְד הָאט גֶעדַאנְקְט, אוּנְד

הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען. אוּנְד הָאט עֶס צוּ זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ, וָואס וֶוערְט פַאר אֵייךְ
20 גֶעגֶעבֶּען, טְהוּט דָאס צוּ מֵיין גֶעדֶעכְטְנִיס: אַזוֹי אוֹיךְ דֶעם
בֶּעכֶער נָאךְ דֶעם אָבֶענְד־עֶסֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דִיזֶער בֶּעכֶער אִיז דֶער נַייעֶר בְּרִית אִין מֵיין בְּלוּט, וָואס
וֶוערְט פֶערְגָאסֶען פַאר אֵייךְ:
21 אָבֶּער זֶעהְט דִיא הַאנְד פוּן דֶעם מוֹסֵר אִיז מִיט מִיר בַּייא
22 דֶעם טִישׁ: דֶען דֶער בֶּן־אָדָם גֶעהְט טַאקֶע אַזוֹי וִויא עֶס אִיז
בֶּעשְׁטִימְט (נִגְזַר גֶעוָוארֶען). אָבֶּער וֶועה צוּ דֶעם מֶענְשׁ דוּרְךְ
23 וֶועלְכֶען עֶר וֶוערְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ צוּ פְרֶעגֶען, וֶועלְכֶער פוּן זַייא וֶועט
דֶער זַיין וָואס וֶועט דָאס טְהוּן:
24 אוּנְד עֶס אִיז עֶנְטְשְׁטַאנֶען אַ וִויכּוּחַ צְווִישֶׁען זַייא וֶועלְכֶער
25 פוּן זַייא זָאל אַז דֶער גְרֶעסְטֶער בֶּעטְרַאכְט וֶוערֶען: אָבֶּער
עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דִיא מְלָכִים פוּן דִיא פֶעלְקֶער
הֶערְשֶׁען אִיבֶּער זַייא, אוּנְד דִיא וָואס גֶעוֶועלְטִיגֶען אִיבֶּער
26 זַייא הֵייסֶען וְואוֹילְטְהֶעטֶער: אָבֶּער זַייט אִיהְר נִיט אַזוֹי,
נֵייעֶרְט דֶער גְרֶעסְטֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ זָאל זַיין אַזוֹי וִויא
דֶער יוּנְגְסְטֶער. אוּנְד דֶער פִיהְרֶער אַזוֹי וִויא דֶער מְשָׁרֵת:
27 וָוארִין וֶוער אִיז גְרֶעסֶער, דֶער וָואס זִיצְט בַּיים טִישׁ, אָדֶער
דֶער וָואס בֶּעדִינְט? אִיז עֶס נִיט דֶער וָואס זִיצְט בַּיים טִישׁ?
28 אָבֶּער אִיךְ בִּין צְווִישֶׁען אֵייךְ אַזוֹי וִויא אַ מְשָׁרֵת: אָבֶּער
אִיהְר זֶענְט דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעבְּלִיבֶּען אִין מֵיינֶע
29 פְּרִיפוּנְגֶען: אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ בֶּעשְׁטֶעלֶען אַ קֶענִיגְרֵייךְ,
30 אַזוֹי וִויא מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר בֶּעשְׁטֶעלְט: אַז אִיהְר
זָאלְט עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען בַּייא מֵיין טִישׁ אִין מֵיין קֶענִיגְ־
רֵייךְ, אוּנְד זָאלְט זִיצֶען אוֹיף שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד רִיכְטֶען דִיא
צְוֶועלְף שְׁבָטִים פוּן יִשְׂרָאֵל:
31 אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן, שִׁמְעוֹן, זֶעה, דֶער
שָׂטָן הָאט בֶּעגֶעהְרְט אַז עֶר זָאל אֵייךְ זִיפֶּען וִויא וַוייץ:
32 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר גֶעבֶּעטֶען, אַז דַיין גְלוֹיבֶּען זָאל
דִיר נִיט פֶעהְלֶען. אוּנְד וֶוען דוּא הָאסְט אַמָאל תְּשׁוּבָה גֶעעְ־
33 טְהוּן, אַזוֹי שְׁטַארְק דַיינֶע בְּרִידֶער: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר אִיךְ בִּין בֶּערַייט מִיט דִיר אִין

34 גֶעפֶּענְגְנִיס צוּ גֶעהְן, אוּנְד אוֹיךְ צוּם טוֹיט: אָבֶער עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאג דִיר פֶּעטְרוּס, דֶער הָאן וֶועט הַיינְט נִיט
קְרֵייעֶן, אֵיידֶער דוּא וֶועסְט דְרֵייא מָאל אָפְּלֵייקֶענֶען אַז
דוּא קֶענְסְט מִיךְ נִיט:
35 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶע־
שִׁיקְט אָהְן אַ בֵּייטֶעל, אוּנְד אָהְן אַ זַאק אוּנְד אָהְן שִׁיךְ,
הָאט אֵייךְ עֶפֶּעס גֶעפֶעהְלְט? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט
36 קֵיין שׁוּם זַאךְ: אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אָבֶּער אַצוּנְד,
וֶוער עֶס הָאט אֵיין בֵּייטֶעל, לָאז עֶר אִיהְם מִיט נֶעמֶען,
אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ אַ רֵייזֶע טַאשׁ. אוּנְד וֶוער עֶס הָאט נִיט
קֵיין שְׁוֶוערְד, לָאז עֶר זַיין קְלֵייד פֶּערְקוֹיפֶען אוּנְד לָאז עֶר
37 זִיךְ אֵיינְס קוֹיפֶען: וָוארִין אִיךְ זָאג אֵייךְ, אַז דָאס מוּז דֶערְ־
פִילְט וֶוערֶען אִין מִיר, וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד עֶר
וַואר גֶעצֶעהְלְט צְווִישֶׁען דִיא אוּמְגֶערֶעכְטֶע, וָוארִין דָאס
38 וָואס מִיר בֶּעטְרֶעפֶט הָאט אַ תַּכְלִית: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט הַאר, דָא זֶענֶען צְווייא שְׁוֶוערְדֶען. אוּנְד עֶר הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶענוּג:
39 אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וִויא גֶעוֶועהְנְלִיךְ צוּם הַר
הַזֵּתִים. אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט:
40 וֶוען עֶר וַואר אוֹיף דִיזֶען אָרְט, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, בֶּעט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען אִין קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג:
41 אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ פוּן זַייא אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט, אַזוֹי וֵוייט וִויא
מֶען קֶען אַ שְׁטֵיין וַוארְפֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַנִידֶערְגֶע־
42 קְנִיעֶט אוּנְד גֶעבֶּעטֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער,
וֶוען דוּא ווִילְסְט, נֶעם אַוֶועק דִיזֶען בֶּעכֶער פוּן מִיר. דָאךְ
43 נִיט מֵיין ווִילֶען, נֵייעֶרְט דֵיין ווִילֶען זָאל גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד
אַ מַלְאָךְ פוּן הִימֶעל הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווִיזֶען, אוּנְד הָאט
44 אִיהְם גֶעשְׁטַארְקְט: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין אַ
שְׁמֶערְצְלִיךְ קַאמְפְּף, הָאט עֶר עֶרְנְסְטֶער גֶעבֶּעטֶען. אוּנְד
זַיין שְׁווייס אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען צוּ דֶער עֶרְד אַזוֹי וִויא גְרוֹיסֶע
45 טְרָאפֶּען בְּלוּט: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם גֶעבֶּעט אוֹיפְ־
גֶעשְׁטַאנֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאט
46 זַייא גֶעפוּנֶען שְׁלָאפֶען פַאר צַעַר: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט וָוארוּם שְׁלָאפְט אִיהְר? שְׁטֶעהְט אוֹיף אוּנְד בֶּעטֶעט,

אַז אִיהְר זָאלְט נִיט קוּמֶען אִין קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג׃
47 ווייל עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, אַזוֹי זֶענֶען לֵייט גֶעקוּמֶען, אוּנְד
אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְףְ וָאס הָאט גֶעהֵייסֶען יְהוּדָה, אִיז
פָאר זֵייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּ יֵשׁוּעַ,
48 אִיהְם צוּ קִישֶׁען׃ אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
49 יְהוּדָה, אִיבֶּערְגִיבְּסְט דוּא דֶעם בֶּן־אָדָם מִיט אַ קִישׁ׃ וֶוען
דִיא וָאס וַוארֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָאס עֶס וֶועט
גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, זָאלֶען מִיר
שְׁלָאגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד׃
50 אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן
דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד הָאט אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע אוֹיעֶר אָפְּ־
51 גֶעשְׁנִיטֶען׃ אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, לָאזְט עֶס אַזוֹי וַוייט זַיין. אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם
52 דָאס אוֹיעֶר אָנְגֶערִירְט, אוּנְד אִיהְם גֶעהֵיילְט׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע, וָאס זֶענֶען צוּ
אִיהְם גֶעקוּמֶען, זֶענְט אִיהְר אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען ווִיא קֶעגֶען אַ
53 רוֹיבֶּער מִיט שְׁוֶוערְדֶען אוּנְד מִיט שְׁטֶעקֶען? וֶוען אִיךְ וַואר
מִיט אֵייךְ טֶעגְלִיךְ אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, הָאט אִיהְר נִיט
דִיא הֶענְד אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט קֶעגֶען מִיר; אָבֶּער דָאס אִיז
אֵיירֶע שָׁעָה, אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן פִינְסְטֶערְנִים׃
54 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְ־
גֶעפִירְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט אִין הוֹיז אַרַיין פוּן
דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל. אָבֶּער פֶּעטְרוֹס הָאט אִיהְם פוּן וַוייטֶען
55 נָאכְגֶעפָאלְגְט׃ אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעצִינְדֶען אַ פֵייעֶר
אִין מִיטֶען הוֹיף, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, אַזוֹיא
56 הָאט זִיךְ פֶּעטְרוֹס צְווִישֶׁען זֵייא גֶעזֶעצְט׃ אוּנְד אַ גֶעווִיסֶעס
מֶעדְעל הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען זִיצֶען בֵּיים פֵייעֶר, אוּנְד הָאט
אִיהְם שַׁארְףְ אָנְגֶעקוּקְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דִיזֶער וַואר
57 אוֹיךְ מִיט אִיהְם׃ אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם פֶערְלֵייקֶענְט, אוּנְד
58 הָאט גֶעזָאגְט, וַוייבּ אִיךְ קֶען אִיהְם נִיט׃ אוּנְד נָאךְ אַ קְלֵיינֶע
ווייל הָאט אִיהְם אֵיין אַנְדֶערֶער גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
זָאגְט, דוּא בִּיסְט אוֹיךְ פוּן זֵייא; אָבֶּער פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעזָאגְט
59 מֶענְשׁ אִיךְ בִּין נִיט׃ אוּנְד קֶעגֶען אַ שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער הָאט

אײן אַנְדֶערֶער גֶעזָאגְט מִיט גֶעװִיסְהַײט, בֶּאֱמֶת, דִיזֶער װַאר
60 אױךְ מִיט אִיהְם, װײל עֶר אִיז אױךְ פוּן גָלִיל: אָבֶּער
פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעזָאגְט, מֶענְשׁ אִיךְ װײס נִיט װָאס דוּא
זָאגְסְט, אוּנְד װֶען עֶר הָאט נָאךְ גֶערֶעט, הָאט דֶער הָאן
61 גֶעקְרֵייעֶט: אוּנְד דֶער הַאר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד
הָאט פֶּעטְרוֹס אָנְגֶעזֶעהֶען. אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט זִיךְ דֶערְ־
מָאנְט אָן דֶעם װָארְט פוּן דֶעם הַאר, װִיא עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, אֵײדֶער דֶער הָאן װֶעט קְרֵייעֶן, װֶעסְט דוּא מִיךְ
62 דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען: אוּנְד פֶּעטְרוֹס אִיז אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט בִּיטֶערְלִיךְ גֶעװֵיינְט:
63 אוּנְד דִיא לֵייט װָאס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעהַאלְטֶען, הָאבֶּען אִיהְם
64 אױסְגֶעשְׁפֶּעט אוּנְד גֶעשְׁלָאגֶען: אוּנְד װֶען זַייא הָאבֶּען
אִיהְם דִיא אױגֶען פֶערְבּוּנְדֶען, הָאבֶּען זַייא אִיהְם אִיבֶּער
דֶעם פָּנִים גֶעפַּאטְשְׁט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, זָאג נְבוּאוֹת, װֶער דָאס אִיז װָאס הָאט דִיךְ גֶע־
65 שְׁלָאגֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען פִילֶע אַנְדֶערֶע לֶעסְטֶערוּנְגֶען
קֶעגֶען אִיהְם גֶערֶעט:
66 אוּנְד װֶען עֶס אִיז טָאג גֶעװָארֶען הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט
דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים,
אוּנְד דִיא סוֹפְרִים, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ
67 זַייעֶרֶע סַנְהֶדְרִין, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט: װֶען דוּא בִּיסְט
דֶער מָשִׁיחַ זָאג אוּנְס, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, װֶען
אִיךְ װֶעל עֶס אֵייךְ זָאגֶען, װֶעט אִיהְר עֶס נִיט גְלױבֶּען:
68 אוּנְד װֶען אִיךְ װֶעל אֵייךְ פְרֶעגֶען װֶעט אִיהְר מִיר נִיט עֶנְטְ־
69 פֶערְן: פוּן אַצוּנְד אָן װֶעט דֶער בֶּן־אָדָם זִיצֶען צוּ דֶער
70 רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן דֶער גְבוּרָה פוּן גָאט: אוּנְד זַייא הָא־
בֶּען אַלֶע גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער זוּהְן פוּן גָאט? אוּנְד עֶר
71 הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זָאגְט אַז אִיךְ בִּין: אוּנְד זַייא
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, װָאס בֶּעדַארְפֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר עֵדוּת?
װָארִין מִיר הָאבֶּען אַלֵיין גֶעהֶערְט פוּן זַיין אױגֶען מוֹיל:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג זֶענֶען אױפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
2 הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ פִּילָטוֹס: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם אָנְגֶעהױבֶּען אָנְצוּקְלָאגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר

הָאבֶּען אִיהְם גֶעפוּנֶען דָאס פָאלְק פֶערְפִירֶען אוּנְד פֶערְבִּיטֶען
דֶעם קֵיסָר מַס צוּ גֶעבֶּען, אוּנְד עֶר זָאגְט אַז עֶר אִיז דֶער
3 מֶלֶךְ הַמָשִׁיחַ: אוּנְד פִּילָטוּס הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען? אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דוּא זָאגְסְט עֶס:
4 אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס גֶעזָאגְט צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד
צוּם פָאלְק, אִיךְ גֶעפִין נִיט קֵיין אוּמְרֶעכְט אִין דִיזֶען מֶענְשׁ:
5 אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נָאךְ שְׁטַארְקֶער גֶעזָאגְט, עֶר הֶעצְט
אוֹיף דָאס פָאלְק אִים גַאנְצֶע לַאנְד יְהוּדָה, אוּנְד הֶעבְּט אָן
6 פוּן גָלִיל בִּיז צוּ דִיזֶעם אָרְט: אָבֶּער וִויא פִּילָטוּס הָאט עֶס
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ דֶער מַאן אִיז פוּן גָלִיל:
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר גֶעהֶערְט צוּ
דֶער רֶעגִירוּנְג פוּן הוֹרְדוֹס, הָאט עֶר אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ
הוֹרְדוֹס, דֶער אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט וַואר אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין יֶענֶער
צֵייט:
8 אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר זִיךְ זֶעהְר
גֶעפְרֵייט. וָוארִין עֶר הָאט אִיהְם שׁוֹין לַאנְג פֶערְלַאנְגְט צוּ
זֶעהֶען ווייל עֶר הָאט פִילֶע זַאכֶען פוּן אִיהְם גֶעהֶערְט.
אוּנְד עֶר הָאט גֶעהָאפְט צוּ זֶעהֶען, אַז אַ וְואוּנְדֶער זָאל
9 דוּרְךְ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיסְגֶעפְרֶעגְט
מִיט אַ סַךְ וֶוערְטֶער, אָבֶּער עֶר הָאט אִיהְם גָארְנִיט גֶע־
10 עֶנְטְפֶערְט: אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא סוֹפְרִים
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר שְׁטַארְק אָנְגֶע־
11 קְלָאגְט: אוּנְד הוֹרְדוֹס מִיט זֵיינֶע אָפִיצִירֶען הָאבֶּען אִיהְם
פֶערְשֶׁעמְט אוּנְד אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַ גְלֶענְ־
צִיגֶעם קְלֵייד אָנְגֶעטְהוּן, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם צוּרִיקְגֶעשִׁיקְט
12 צוּ פִּילָטוּס: אוּנְד פִּילָטוּס אוּנְד הוֹרְדוֹס זֶענֶען אִין דֶעם
דָאזִיגֶען טָאג פְרֵיינְד גֶעוָוארֶען. וָוארִין פְרִיהֶר זֶענֶען זֵייא
מִיט אֵיינַאנְדֶער אִין פֵיינְדְשַׁאפְט גֶעוֶועזֶען:
13 אוּנְד וֶוען פִּילָטוּס הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע
14 כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דָאס פָאלְק: הָאט עֶר
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר הָאט צוּ מִיר דִיזֶען מַאן גֶעבְּרַאכְט
וִויא אַ פֶערְפִירֶער פוּן דֶעם פָאלְק, אוּנְד זֶעה, אִיךְ הָאבּ
אִיהְם פֶערְהֶערְט, פַאר אֵייךְ, אוּנְד הָאבּ גָאר קֵיין אוּמְרֶעכְט

נִיט גֶעפוּנֶען אִין דִיזֶען מֶענְשׁ, פוּן וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס
15 אִיהְר הָאט אִיהְם אָנְגֶעקְלָאגְט: אוּנְד אַפִילוּ הוֹרְדוֹס אוֹיךְ
נִיט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גָארְנִיט גֶעטְהוּן וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט:
16 דְרוּם וֶועל אִיךְ אִיהְם לָאזֶען שְׁלָאגֶען אוּנְד וֶועל אִיהְם בֶּע־
17 פְרֵייעֶן: (וָוארִין עֶר הָאט זֵייא גֶעמוּסְט אֵיינֶעם לוֹיז לָאזֶען
18 אוֹיף יוֹם טוֹב): אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע מִיט אֵיין מָאל
גֶעשְׁרִיגֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַוֶועק מִיט דִיזֶען, אוּנְד
19 לָאז אוּנְס פְרֵייא בַּר־אַבָּא: (דֶער וָואס וַואר אִין דֶעם גֶע־
פֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען וֶועגֶען אֵיין אוֹיפְשְׁטַאנְד וָואס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד פַאר אַ רְצִיחָה):
20 דָארוּם הָאט פִּילָטוֹס וִוידֶער צוּ זֵייא אוֹיסְגֶערוּפֶען, וֵוייל
21 עֶר הָאט גֶעוָואלְט יֵשׁוּעַ בֶּעפְרֵייעֶן: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶע־
22 שְׁרִיגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, קְרֵייצִיג אִיהְם: אוּנְד עֶר הָאט דָאס
דְרִיטֶע מָאל צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶעס הָאט
עֶר דֶען גֶעטְהוּן? אִיךְ הָאבּ אִין אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען קֵיינֶע
אוּרְזַאךְ פוּן טוֹיט; דְרוּם וֶועל אִיךְ אִיהְם לָאזֶען שְׁלָאגֶען,
23 אוּנְד וֶועל אִיהְם לוֹיז לָאזֶען: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען דְרוֹיף
גֶעדְרוּנְגֶען מִיט גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת, אוּנְד הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט אַז
עֶר זָאל גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען: אוּנְד זֵייעֶרֶע קוֹלוֹת אוּנְד דִיא
24 קוֹלוֹת פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען בֵּייגֶעקוּמֶען: אוּנְד
פִּילָטוֹס הָאט גֶעמִשְׁפָּט, אַז עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען וִויא זֵייא
25 הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא בֶּעפְרֵייט דֶעם
וָואס וַואר אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען פַאר אֵיין
אוֹיפְשְׁטַאנְד אוּנְד רְצִיחָה, וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען פֶערְלַאנְגְט,
אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט עֶר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייעֶר וִוילֶען:
26 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִירְט, הָאבֶּען זֵייא
אָנְגֶענוּמֶען אֵיינֶעם שִׁמְעוֹן פוּן קוּרִינִי, וִויא עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען פוּן דֶעם פֶעלְד, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם אַרוֹיפְגֶע־
לֶעגְט דָאס קְרֵייץ, אַז עֶר זָאל עֶס טְרָאגֶען נָאךְ יֵשׁוּעַ:
27 אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן לֵייט הָאבֶּען אִיהְם נָאכְ־
גֶעפָאלְגְט, אוּנְד ווייבֶּער וָואס הָאבֶּען גֶעקְלָאגְט אוּנְד
28 גֶעטְרוֹיעֶרְט אִיבֶּער אִיהְם: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זֵייא
אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, טֶעכְטָער פוּן יְרוּשָׁלַיִם,

וֵויינְט נִיט אִיבֶּער מִיר, נֵייעֶרְט וֵויינְט אִיבֶּער אֵייךְ אַלֵיין,
29 אוּנְד אִיבֶּער אֵייעֶרֶע קִינְדֶער: וָוארִין זֶעה, דִיא טֶעג קוּמֶען
וֶוען מֶען וֶועט זָאגֶען גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא אוּמְטְרַאכְטִיגֶע,
אוּנְד דִיא לֵייבֶּער וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעווִֹאוּגֶען, אוּנְד דִיא
30 בְּרִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגֶעבֶּען צוּ זֵייגֶען: דֶענְסְטְמָאל
וֶועלֶען זֵייא אָנְהֶעבֶּען צוּ זָאגֶען צוּ דִיא בֶּערְג, פַּאלְט אִיבֶּער
31 אוּנְס, אוּנְד צוּ דִיא הוֹיכֶע בֶּערְג, דֶעקְט אוּנְס צוּ: וָוארִין
וֶוען זֵייא טְהוּן דִיזֶע זַאכֶען צוּ אַ גְרִינֶעם בּוֹים, וָואס וֶועט
גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶעם פֶערְדַארְטֶען?
32 אוּנְד צְוֵייא אַנְדֶערֶע רְשָׁעִים וַוארֶען אוֹיךְ אַהִין גֶעפִיהְרְט,
33 אַז זֵייא זָאלֶען מִיט אִיהְם גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען
זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען צוּ אַיין אָרְט וָואס וֶוערְט אָנְגֶערוּפֶען
גֻלְגוֹלֶת, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אוּנְד דִיא רְשָׁעִים דָארְטֶען
גֶעקְרֵייצִיגְט, אֵיינֶעם צוּ זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, אוּנְד דֶעם
אַנְדֶערְן צוּ דֶער לִינְקֶען:
34 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, פָאטֶער, פֶערְגִיבּ זֵייא; וָוארִין
זֵייא ווִֹיסֶען נִיט וָואס זֵייא טְהוּן; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵיינֶע
35 קְלֵיידֶער גֶעטֵיילְט, אוּנְד הָאבֶּען גוֹרָל גֶעוָוארְפֶען: אוּנְד
דָאס פָאלְק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט צוּגֶעזֶעהֶען; אוּנְד
דִיא עֶלְצְטֶע הָאבֶּען אִיהְם מִיט זֵייא אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַנְדֶערֶע גֶעהָאלְפֶען, לָאז עֶר זִיךְ
אַלֵיין הֶעלְפֶען; וֶוען עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ דֶער אוֹיסְדֶערְ־
וֶועהְלְטֶער פוּן גָאט:
36 אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער הָאבֶּען אִיהְם אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט, אוּנְד
זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
37 עֶסִיג: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער
38 קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען, אַזוֹי רֶעטֶע דִיךְ אַלֵיין: אוּנְד אֵיינֶע
אוֹיפְשְׁרִיפְט וַואר אִיבֶּער אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט גְרִיכִישֶׁע
אוּנְד לַאטֵיינִישֶׁע אוּנְד הֶעבְּרֶעאִישֶׁע בּוּכְשְׁטַאבֶּען

דִיזֶער אִיז דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען:

39 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא רְשָׁעִים וָואס וַואר גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאט
אִיהְם גֶעלֶעסְטֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא בִּיסְט דֶער
40 מָשִׁיחַ, אַזוֹי הֶעלְף דִיר אַלֵיין אוּנְד אוּנְס: אָבֶּער דֶער אַנְ־
דֶערֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁרִיעֶן,

אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הָאסְט דוּא דֶען נִיט מוֹרָא פַאר גָאט,
זֶעהֶענְדִיג וִויא דוּא בִּיסְט אוֹיךְ אִין דֶער זֶעלְבֶּער שְׁטְרָאף?
41 אוּנְד מִיר זֶענֶען מִיט רֶעכְט פֶערְשׁוּלְדִיגְט; וָוארִין מִיר
בַּאקוּמֶען מִיט רֶעכְט דָאס וָואס אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים הָאבֶּען
פֶערְדִינְט. אָבֶּער דִיזֶער מַאן הָאט גָאר קֵיין אוּמְרֶעכְט
42 גֶעטְהוּן: אוּנְד עֶר הָאט צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, הַאר, גֶעדֶענְק
43 אָן מִיר, וֶוען דוּא קוּמְסְט אַרֵיין אִין דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ: אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַארְוָואהְר אִיךְ זָאג דִיר,
הֵיינְט וֶועסְט דוּא מִיט מִיר זֵיין אִין גַן עֵדֶן:
44 אוּנְד עֶס וַואר קֶעגֶען דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה, אוּנְד עֶס וַואר
פִינְסְטֶער אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד בִּיז צוּ דֶער נֵיינְטֶער
45 שָׁעָה: אוּנְד דִיא זוּן אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס
פָּרוֹכֶת פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל אִיז אִין מִיטֶען צוּרִיסֶען גֶעוָוא־
46 רֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, פָּאטֶער, אִיךְ בֶּעפֶעהְל מֵיין גֵייסְט אִין דֵיינֶע
הַאנְד אַרֵיין; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר
דִיא נְשָׁמָה אוֹיסְגֶעלָאזְט:
47 וִויא דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען,
הָאט עֶר גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד גֶעזָאגְט, ווירְקְלִיךְ דִיזֶער
48 מֶענְשׁ וַואר אַ צַדִיק: אוּנְד אַלֶע לֵייט וָואס זֶענֶען צוּזַא־
מֶענְגֶעקוּמֶען צוּ דִיזֶער זֶעהוּנְג, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוֹיף דֶער
49 בְּרוּסְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט: אוּנְד אַלֶע זֵיינֶע
פְרֵיינְד, אוּנְד דִיא וַוייבֶּער וָואס הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט
פוּן גָלִיל, זֶענֶען פוּן וַוייטֶען גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבֶּען דָאס
צוּגֶעזֶעהֶען:
50 אוּנְד דָא וַואר אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוֹסֵף, וָואס וַואר
51 אַ יוֹעֵץ, אוּנְד אַ גוּטֶער אוּנְד גֶערֶעכְטֶער מַאן: (וֶועלְכֶער
הָאט נִיט בֶּעוִוילִיגְט אִין זֵייעֶרֶע עֵצָה אוּנְד זֵייעֶר וֶוערְק.)
עֶר וַואר פוּן אֲרִמָתִי, אַ יוּדִישֶׁע שְׁטָאט, אוּנְד הָאט אַלֵיין
52 אוֹיךְ גֶעוַוארְט אוֹיף דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: דִיזֶער אִיז
גֶעקוּמֶען צוּ פִּילָטוֹס אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם לֵייבּ פוּן
53 יֵשׁוּעַ: אוּנְד עֶר הָאט עֶס אַרוּפְּגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט עֶס
אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַ לֵיילֶעךְ, אוּנְד הָאט עֶס אַרֵיינְגֶעלֶעגְט

אִין אֵיין אוֹיסְגֶעהַאקְטֶען קֵבֶר אִין דֶעם פֶעלְז ווְאוּ קֵיינֶער
54 אִיז נָאךְ נִיט גֶעלֶעגֶען: אוּנְד עֶס וַואר עֶרֶב יוֹם טוֹב, אוּנְד
55 נָאהֶנְט צוּ שַׁבָּת: אוּנְד אוֹיךְ דִיא ווֵייבֶּער וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען פוּן גָלִיל, הָאבֶּען נָאכְגֶעפָאלְגְט,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס קֵבֶר, אוּנְד ווְאוּ זֵיין לֵייבּ וַואר
56 אַרֵיינְגֶעלֶעגְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד
הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט בְּשָׂמִים, אוּנְד מֹר. אוּנְד אַם שַׁבָּת הָאבֶּען
זֵייא גֶערוּהְט נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט נָאךְ:

קאפיטעל כד

1 אוּנְד אָן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ זֶענֶען זֵייא
גַאנְץ פְרִיה גֶעקוּמֶען צוּם קֵבֶר, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט דִיא
בְּשָׂמִים וָואס זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעגְרֵייט, אוּנְד אַנְדֶערֶע וַוארֶען
2 מִיט זֵייא: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דֶעם שְׁטֵיין אַוֶועקְ־
3 גֶעוַואלְגֶערְט פוּן דֶעם קֵבֶר: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְ־
גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעפוּנֶען דֶעם לֵייבּ פוּן דֶעם הַאר
4 יֵשׁוּעַ: אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וֶוען זֵייא וַוארֶען זֶעהְר
פֶערְצָאגְט וֶועגֶען דֶעם אַזוֹי זֶענֶען צְווֵייא מֶענְשֶׁען בֵּייא
5 זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אִין גְלַאנְצֶענְדִיגֶע קְלֵיידֶער: אוּנְד וִויא
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען זֵייעֶר פָּנִים צוּ
דֶער עֶרְד גֶענֵייגְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
6 זוּכְט אִיהְר דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען צְווִישֶׁען דִיא טוֹיטֶע? עֶר אִיז
נִיט דָא, נֵייעֶרְט עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען. גֶעדֶענְקְט וָואס
7 עֶר הָאט אֵייךְ גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר וַואר נָאךְ אִין גָלִיל: וִויא
עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז דֶער בֶּן־אָדָם מוּס אִיבֶּערְגֶעבֶּען
וֶוערֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן זִינְדֶער, אוּנְד גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען,
8 אוּנְד אִים דְרִיטֶען טָאג אוֹיפְשְׁטֶעהְן: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ
9 דֶערְמָאנְט אָן זֵיינֶע וֶוערְטֶער: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּמְ־
גֶעקֶערְט פוּן דֶעם קֵבֶר, אוּנְד הָאבֶּען דָאס אַלֶעם דֶערְצֶעהְלְט
10 צוּ דִיא עֶלְף אוּנְד צוּ אַלֶע אִיבְּרִיגֶע: אוּנְד עֶס וַוארֶען
מִרְיָם מַגְדַלֶנָה, אוּנְד יוֹחָנָה, אוּנְד מִרְיָם דִיא מוּטֶער פוּן יַעֲקֹב,
אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע מִיט זֵייא, וָואס הָאבֶּען דָאס דֶערְצֶעהְלְט
11 צוּ דִיא שְׁלוּחִים: אוּנְד דִיזֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען בֵּייא זֵייא
אָנְגֶעזֶעהֶען גֶעוֶועזֶען וִויא נַארִישְׁקֵייט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא נִיט גֶעגְלוֹיבְּט:

12 אָבֶּער פֶּעטְרוּס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז גֶעלָאפֶען צוּם
קֶבֶר. אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען
דִיא תַּכְרִיכִים בֶּעזוּנְדֶער לִיגֶען. אַזוֹי אִיז עֶר אַוֶּעקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט וָואס עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען:
13 אוּנְד צְוַויא פוּן זַייא זֶענֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען טָאג גֶעגַאנְגֶען
אִין אַ דָארְף וָואס הֵייסְט עַמָאוּס וָואס אִיז זֶעכְצִיג אַקֶער
14 פֶעלְד וַוייט פוּן יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד זַייא הָאבֶּען מִיט אֵיינְאַנְ־
דֶער גֶעשְׁמוּסְט וֶוענֶען אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען וָואס הָאבֶּען זִיךְ
15 גֶעטְרָאפֶען: אוּנְד עֶס וַואר וִויא זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁמוּסְט
אוּנְד גֶעטַעֲנֶעט, אַזוֹי הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט גֶענֶעהֶנְט
16 אוּנְד אִיז מִיט זַייא גֶעגַאנְגֶען: אָבֶּער זַיירֶע אוֹיגֶען וַוארֶען
17 צוּגֶעהַאלְטֶען, אַז זַייא זָאלֶען אִיהְם נִיט דֶערְקֶענֶען: אוּנְד
עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וָואס פַאר עִנְיָנִים זֶענֶען דִיא
אִיבֶּער וֶועלְכֶע אִיהְר טַעֲנֶעט מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶעהֶענְדִיג אוּנְד
18 זֶענְט טְרוֹיעֶרִיג? אוּנְד אֵיינֶער פוּן זַייא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען
קְלֶעאָפַּאס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען אַלֵיין
אַ פְרֶעמְדֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֵוייסְט נִיט וָואס אִיז
19 דְרִינֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין דִיזֶע טֶעג? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא
גֶעזָאגְט. וָואס פַאר זַאכֶען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דָאס פוּן וֶועגֶען יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי, וָואס וַואר אַ
נָבִיא, מֶעכְטִיג אִין מַעֲשִׂים פָאר גָאט אוּנְד דֶעם גַאנְצֶען
20 פָאלְק: אוּנְד וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד אוּנְזֶערֶע
אוֹיבֶּערְשְׁטֶע הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם מִשְׁפָּט פוּן
21 טוֹיט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט: אָבֶּער מִיר הָאבֶּען
גֶעהָאפְט אַז עֶר אִיז דֶער וָואס וֶועט יִשְׂרָאֵל אוֹיסְלֶעזֶען.
אוּנְד אִיבֶּער דֶעם אַלֶעם, אִיז הֵיינְט דֶער דְרִיטֶער טָאג זִינְט
22 דָאס אַלֶעם אִיז גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד עֶטְלִיכֶע וַוייבֶּער פוּן
אוּנְס הָאבֶּען אוּנְס דֶערְשְׁרָאקֶען, וָוארִין זַייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶ־
23 זֶען גַאנְץ פְרִיה בַּייא דֶעם קֶבֶר: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען
נִיט גֶעפוּנֶען זַיין לֵייבּ, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אַז זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַ גֶעזִיכְט פוּן מַלְאָכִים:
24 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אוּנְס זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען צוּם קֶבֶר, אוּנְד הָאבֶּען אַזוֹי גֶעפוּנֶען וִויא דִיא
וַוייבֶּער הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָבֶּער אִיהְם הָאבֶּען זַייא נִיט

25 גֶעזֶעהֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר אוּנְפֶערְ־
שְׁטֶענְדִיגֶע אוּנְד שְׁוֶוערְהַארְצִיגֶע! וָואס אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט
26 אַלֶעס וָואס דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט: מוּס דֶען נִיט דֶער
מָשִׁיחַ דָאס לֵיידֶען, אוּנְד אִין זֵיינֶער הֶערְלִיכְקֵייט אַרֵיינְקוּ־
27 מֶען? אוּנְד עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן (תּוֹרַת) מֹשֶׁה אוּנְד
אַלֶע נְבִיאִים, אוּנְד הָאט זֵייא אוֹיסְגֶעלֶעגְט אִין דֶער גַאנְצֶען
28 שְׁרִיפְט וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זִיךְ גֶענֶעהֶנְט צוּם דָארְף וְואוּ אַהִין זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען.
אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט גְלֵייךְ וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט
29 ווייטֶער גֶעהְן: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, בְּלֵייבּ מִיט אוּנְס, וָוארִין עֶס אִיז פַאר
נַאכְט, אוּנְד דֶער טָאג נֵייגְט זִיךְ אָפּ, אַזוֹי אִיז עֶר אַרֵיינְגֶע־
30 גַאנְגֶען מִיט זֵייא צוּ בְּלֵייבֶּען: אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט
זִיךְ מִיט זֵייא צוּם טִישׁ גֶעזֶעצְט, הָאט עֶר גֶענוּמֶען בְּרוֹיט
אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּנְד
31 עֶס צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען וַוארֶען אוֹיפְגֶע־
מַאכְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט, אָבֶּער עֶר אִיז
32 פוּן זֵייא פֶערְשְׁוְואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, הָאט נִיט אוּנְזֶער הַארְץ אִין אוּנְס
גֶעבְּרֶענְט, וֶוען עֶר הָאט מִיט אוּנְס גֶערֶעט אוֹיף דֶעם וֶועג,
33 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוּנְס דִיא שְׁרִיפְט אוֹיסְגֶעלֶעגְט? אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אִין דֶער זֶעלְבֶּער שָׁעָה אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
זֶענֶען צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפוּנְען
דִיא עֶלְף אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט זֵייא פֶערְזַאמֶעלְט!
34 וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער הַאר אִיז בֶּאֱמֶת אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען,
35 אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ פֶּעטְרוּס: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
דֶערְצֶעהְלְט וָואס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, אוּנְד
וִויא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט בֵּיים בְּרוֹיט צוּבְּרֶעכֶען:
36 אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען דִיזֶע זַאכֶען גֶערֶעט, אַזוֹי אִיז עֶר
זֶעלְבְּסְט צְווִישֶׁען זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען. אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
37 גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם: אוּנְד זֵייא וַוארֶען דֶערְשְׁרָאקֶען
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז
38 זֵייא זֶעהֶען אַ גֵייסְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
זֵייט אִיהְר דֶערְשְׁרָאקֶען? אוּנְד וָוארוּם קוּמֶען זָאלְכֶע

39 גֶעדַאנְקֶען אִין אֵיירֶע הֶערְצֶער אַרַיין? זֶעהְט מֵיינֶע הֶענְד
אוּנְד מֵיינֶע פִּיס, אַז אִיךְ בִּין דָאס זֶעלְבְּסְט. פִּיהְלְט מִיךְ
אוּנְד זֶעהְט. וָוארִין אַ גֵייסְט הָאט קֵיין פְלֵיישׁ אוּנְד בֵּיין,
40 אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶעהְט אַז אִיךְ הָאבּ: אוּנְד וִויא עֶר הָאט
דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר זֵייא גֶעוִויזֶען זַיינֶע הֶענְד אוּנְד זַיינֶע
41 פִּיס: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעגְלוֹיבְּט פַאר שִׂמְחָה,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְוָאוּנְדֶערְט; הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
42 הָאט אִיהְר דָא עֶפֶּעס צוּ עֶסֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
43 גֶעגֶעבֶּען אַ שְׁטִיק גֶעבְּרָאטֶענֶע פִישׁ: אוּנְד עֶר הָאט עֶס
44 גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט פַאר זֵייא גֶעגֶעסֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, דָאס זֶענֶען דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ
אֵייךְ גֶערֶעט וֶוען אִיךְ וַואר נָאךְ מִיט אֵייךְ, אַז אַלֶעס מוּז
מְקוּיָם וֶוערֶען וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען מִיר אִין תּוֹרַת
45 מֹשֶׁה, אוּנְד אִין דִיא נְבִיאִים, אוּנְד אִין תְּהִלִּים: דַאן הָאט
עֶר זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אוֹיפְגֶעמַאכְט, אַז זֵייא זָאלֶען פֶערְ־
46 שְׁטֶעהְן דִיא שְׁרִיפְט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַזוֹי
אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז דֶער מָשִׁיחַ זָאל לֵיידֶען, אוּנְד פוּן דֶעם
47 טוֹיט אוֹיפְשְׁטֶעהְן דֶעם דְרִיטֶען טָאג: אוּנְד אַז מֶען זָאל
אִין זַיין נָאמֶען פְּרֶעדִיגֶען תְּשׁוּבָה אוּנְד פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
זִינְדֶען צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער, אוּנְד מֶען זָאל אָנְהֵייבֶּען אִין
48 יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד אִיהְר זֶענְט צֵייגֶען פוּן דִיזֶע זַאכֶען: אוּנְד
49 זֶעהְט, אִיךְ וֶועל אוֹיף אֵייךְ שִׁיקֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן מֵיין
פָאטֶער. אָבֶּער בְּלֵייבְּט אִיהְר אִין דֶער שְׁטָאט, בִּיז אִיהְר
וֶועט אָנְגֶעטְהוּן וֶוערֶען מִיט מַאכְט פוּן דֶער הֵייךְ:
50 אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט בִּיז בֵּית־הִינִי, אוּנְד הָאט
זַיינֶע הֶענְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען. אוּנְד הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט:
51 אוּנְד עֶס וַואר וֶוען עֶר הָאט זֵייא גֶעבֶּענְשְׁט, אִיז עֶר אַוֶועק
פוּן זֵייא, אוּנְד וַואר אַרוֹיפְגֶעטְרָאגֶען אִין דֶעם הִימֶעל אַרַיין:
52 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט, אוּנְד זֶענֶען צוּרִיקְ־
53 גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה: אוּנְד זֵייא
זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד
הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט:

---

# דִיא הֵיילִיגֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן יוֹחָנָן

1 אִים אָנְהֵייבּ אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס וָוארְט, אוּנְד דָאס וָוארְט
אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט גָאט אוּנְד דָאס וָוארְט אִיז גֶעוֶועזֶען
2 גָאט: דָאס זֶעלְבִּיגֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אִים אָנְהֵייבּ מִיט גָאט:
3 אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אָהְן אִיהְם
4 אִיז גָארְנִיט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, וָואס אִיז גֶעמַאכְט: אִין
אִיהְם אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס לֶעבֶּען, אוּנְד דָאס לֶעבֶּען אִיז
5 גֶעוֶועזֶען דָאס לִיכְט פוּן דִיא מֶענְשֶׁען: אוּנְד דָאס לִיכְט
שֵׁיינְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִים, אוּנְד דִיא פִינְסְטֶערְנִים הָאט
עֶס נִיט בֶּעגְרִיפֶען:
6 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן גֶעשִׁיקְט פוּן גָאט, וָואס הָאט גֶע־
7 הֵייסֶען יוֹחָנָן: דִיזֶער אִיז גֶעקוּמֶען פַאר אַ צֵייגְנִים, אַז עֶר
זָאל בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען דֶעם לִיכְט, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען דוּרְךְ
8 אִיהְם גְלוֹיבֶּען: עֶר אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען דָאס לִיכְט, נֵייעֶרְט
עֶר אִיז גֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען צוּ בֶּעצֵייגֶען וֶועגֶען דֶעם לִיכְט:
9 דָאס אִיז דִיא וָואהְרֶע לִיכְט, וָואס לֵייכְט אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ
10 וָואס קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין: עֶר אִיז אִין דֶער
וֶועלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא וֶועלְט אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶעמַאכְט,
11 אוּנְד דִיא וֶועלְט הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט: עֶר אִיז גֶעקוּמֶען
צוּ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע, אוּנְד דִיא זֵיינִיגֶע הָאבֶּען אִיהְם נִיט אָנְ־
12 גֶענוּמֶען: אָבֶּער וִויא פִיל עֶס הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען,
צוּ דִיא הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען מַאכְט אַז זֵייא זָאלֶען וֶוערֶען
קִינְדֶער פוּן גָאט, צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען:
13 וָואס זֶענֶען נִיט פוּן בְּלוּט גֶעבּוֹירֶען, אוּנְד נִיט פוּן דֶעם
וִוילֶען פוּן פְלֵיישׁ, אוּנְד נִיט פוּן דֶעם וִוילֶען פוּן מֶענְשֶׁען,
נֵייעֶרְט פוּן גָאט:
14 אוּנְד דָאס וָוארְט אִיז גֶעוָוארֶען פְלֵיישׁ, אוּנְד הָאט צְוִוישֶׁען
אוּנְס גֶעוְואוֹינְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זֵיינֶע הֶערְלִיכְ־
קֵייט, וִויא דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם אֵיינְצִיגֶען זוּהְן פוּן
15 דֶעם פָאטֶער, פוּל מִיט גֶענָאד אוּנְד וָואהְרְהֵייט: יוֹחָנָן
הָאט אוֹיף אִיהְם בֶּעצֵייגְט, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, דֶער

וָואס קוּמְט נָאךְ מִיר אִיז פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען, וָוארִין עֶר אִיז
16 פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען: אוּנְד פוּן זַיינֶער פוּלְהַייט הָאבֶּען
17 מִיר אַלֶע דֶערְהַאלְטֶען, אוּנְד גֶענָאד אוֹיף גֶענָאד: וָוארִין
דִיא תּוֹרָה אִיז דוּרְךְ מֹשֶׁה גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, גֶענָאד אוּנְד
18 וָואהְרְהַייט אִיז גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: קֵיינֶער הָאט
גָאט קֵיינְמָאל גֶעזֶעהֶען; דֶער אֵיינְצִיגֶער זוּהְן, וָואס אִיז
אִין דֶעם שׁוֹיס פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶער הָאט אִיהְם בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט:
19 אוּנְד דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִיס פוּן יוֹחָנָן, וֶוען דִיא יוּדֶען פוּן
יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט כֹּהֲנִים אוּנְד לְוִיִּם אַז זַייא זָאלֶען
20 אִיהְם פְרֶעגֶען, וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט מוֹדֶה
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאט נִיט גֶעלֵייקֶענְט, נֵייעֶרְט הָאט מוֹדֶה
21 גֶעוֶועזֶען, אִיךְ בִּין נִיט דֶער מָשִׁיחַ: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס דֶען? בִּיסְט דוּא אֵלִיָּהוּ? אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט. בִּיסְט דוּא דֶער נָבִיא? אוּנְד
22 עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט נֵיין: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, וֶוער בִּיסְט דוּא? אַז מִיר זָאלֶען אַיין עֶנְטְפֶער
גֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען אוּנְס גֶעשִׁיקְט; וָואס זָאגְסְט
23 דוּא וֶועגֶען דִיר זֶעלְבְּסְט? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
"אִיךְ בִּין אַ קוֹל פוּן אֵיינֶעם וָואס שְׁרֵייעֶט אִין דֶער
מִדְבָּר, מַאכְט גְלֵייךְ דֶעם וֶועג פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי
24 וִויא יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט גֶעזָאגְט": אוּנְד זַייא זֶענֶען
25 גֶעשִׁיקְט גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא פְּרוּשִׁים: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, אוּנְד צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָוארוּם טוֹבֶלְסְט
דוּא דֶען, וֶוען דוּא בִּיסְט נִיט דֶער מָשִׁיחַ אוּנְד נִיט אֵלִיָּהוּ,
26 אוּנְד נִיט דֶער נָבִיא? יוֹחָנָן הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיךְ טוֹבֵל מִיט וַואסֶער, אָבֶּער דָא שְׁטֶעהְט אֵיינֶער
27 צְווִישֶׁען אֵייךְ, וֶועלְכֶען אִיהְר קֶענְט נִיט; דֶער אִיז עֶר וָואס
קוּמְט נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אַז אִיךְ זָאל דָאס
28 שְׁנִירֶעל פוּן זַיינֶע שִׁיךְ אוֹיפְבִּינְדֶען: דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען
אִין בֵּית־הִינִי אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט יַרְדֵּן, וְואוּ יוֹחָנָן הָאט
גֶעטוֹבֶלְט:
29 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן טָאג הָאט יוֹחָנָן גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם
קוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס לַאם פוּן גָאט וָואס

30 נֶעמְט. אַוֶועק דִיא זִינְד פוּן דֶער וֶועלְט׃ דָאס אִיז דֶער פוּן
וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, נָאךְ מִיר קוּמְט אַ מַאן, וָואס אִיז
פָאר מִיר גֶעוֶועזֶען, וָוארִין עֶר אִיז צוּעֶרְשְׁט פָאר מִיר׃
31 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל
אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען צוּ יִשְׂרָאֵל, דְרוּם בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד
32 טוֹבֵל מִיט וַואסֶער׃ אוּנְד יוֹחָנָן הָאט בֶּעצֵייגְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם גֵייסְט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן הִימֶעל וִויא
33 אַ טוֹיבּ, אוּנְד עֶר אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען׃ אוּנְד אִיךְ
הָאבּ אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט; נֵייעֶרְט דֶער וָואס הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹבֵלְן מִיט וַואסֶער, דֶער הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט,
אוֹיף וֶועמֶען דוּא וֶועסְט זֶעהֶען דֶעם גֵייסְט אַרוּפְּקוּמֶען,
אוּנְד אוֹיף אִיהְם בְּלֵייבֶּען, דֶער אִיז עֶר וָואס טוֹבֵלְט מִיט
34 דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ׃ אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבּ
בֶּעצֵייגְט, אַז דִיזֶער אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט׃
35 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְען טָאג אִיז יוֹחָנָן ווִידֶער גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד
36 צְווֵייא פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים׃ אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ
וִויא עֶר גֶעהְט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דָאס לַאם פוּן
37 גָאט׃ אוּנְד דִיא צְווֵייא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט
38 רֶעדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ נָאכְגֶעפָאלְגְט׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ
הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זֵייא גֶעזֶעהֶען נָאכְ־
פָאלְגֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָואס זוּכְט אִיהְר?
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, וָואס אִיז פֶּערְ־
39 טֵייטְשְׁט לֶעהְרֶער, ווְאוּ ווְאוֹינְסְט דוּא? עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, קוּמְט אוּנְד זֶעהְט. זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען ווְאוּ עֶר הָאט גֶעווְאוֹינְט, אוּנְד זֶענֶען
יֶענֶעם טָאג בֵּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
40 קֶעגֶען דִיא צֶעהְנְטֶע שָׁעָה׃ אַנְדְרַי דֶער בְּרוּדֶער פוּן שִׁמְעוֹן
פֶּעטְרוֹס אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פוּן דִיא צְווֵייא וָואס הָאבֶּען
גֶעהֶערְט יוֹחָנָן רֶעדֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט׃
41 דִיזֶער הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעפִינֶען זֵיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער
שִׁמְעוֹן, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען
דֶעם מָשִׁיחַ וָואס אִיז פֶּערְטֵייטְשְׁט אוֹיף גְרִיכִישׁ קְרִיסְטוּס׃
42 עֶר הָאט אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ יֵשׁוּעַ; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד גֶעזָאגְט. דוּא בִּיסְט שִׁמְעוֹן, זוּהְן פוּן יוֹחָנָן,

דוּא זָאלְסְט גֶערוּפֶען װֶערֶען כֵּיפָא, וָואס אִיז פֶערְטַייטְשְׁט
אַ פֶעלְז׃
43 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט יֵשׁוּעַ גֶעוָואלְט גֶעהֶען קֵיין
גָלִיל, אוּנְד הָאט גֶעפִינֶען פִילִיפּוֹס, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
44 זָאגְט פָאלְג מִיר נָאךְ׃ אוּנְד פִילִיפּוֹס אִיז גֶעװֶעזֶען פוּן בֵּית־
45 צַיְדָה דִיא שְׁטָאט פוּן אַנְדְרַי אוּנְד פֶּעטְרוֹס׃ פִילִיפּוֹס הָאט
גֶעפִינֶען נְתַנְאֵל, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
גֶעפִינֶען דֶעם פוּן װֶעלְכֶען מֹשֶׁה הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער
תּוֹרָה, אוּנְד דִיא נְבִיאִים, יֵשׁוּעַ דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף אוֹיס
נְצָרַת׃ אוּנְד נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קֶען עֶפֶּעס
46 גוּטֶעס אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן נְצָרַת? פִילִיפּוֹס הָאט צוּ אִיהְם
47 גֶעזָאגְט, קוּם אוּנְד זֶעה׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזֶעהֶען נְתַנְאֵל
צוּ אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה, אֵיין
אֶמֶתֶער בֶּן יִשְׂרָאֵל, אִין װֶעלְכֶען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיינֶע
48 פַאלְשְׁהֵייט׃ נְתַנְאֵל הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פוּן וַואנֶען
קֶענְסְט דוּא מִיךְ? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אֵיידֶער פִילִיפּוֹס הָאט דִיךְ גֶערוּפֶען, װֶען
דוּא בִּיסְט גֶעװֶעזֶען אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְבּוֹים, הָאבּ אִיךְ
49 דִיךְ גֶעזֶעהֶען׃ נְתַנְאֵל הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, רַבִּי, דוּא בִּיסְט דֶער
50 זוּהְן פוּן גָאט, דוּא בִּיסְט דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל׃ יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֶוייל אִיךְ הָאבּ
דִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם פֵייגֶענְ־
בּוֹים גְלוֹיבְּסְט דוּא? דוּא װֶעסְט זֶעהֶען גְרֶעסֶערֶע זַאכֶען
51 וִויא דִיזֶע׃ אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיהְר װֶעט זֶעהֶען דֶעם הִימֶעל אָפֶען,
אוּנְד דִיא מַלְאָכִים פוּן גָאט אַרוֹיפְגֶעהֶען אוּנְד אַרוּפְּקוּמֶען
אוֹיף דֶעם בֶּן אָדָם׃

## קאפיטעל ב

1 אוּנְד אִים דְרִיטֶען טָאג אִיז גֶעװֶעזֶען אַ חֲתוּנָה אִין קָנֶה
פוּן גָלִיל, אוּנְד דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ אִיז דָארְט גֶעװֶעזֶען׃
2 אוּנְד יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אוֹיךְ גֶעבֶּעטֶען גֶע־
3 וָוארֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה׃ אוּנְד װֶען עֶס הָאט זֵייא גֶע־
פֶעהְלְט װַיין, הָאט דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
4 זֵייא הָאבֶּען קֵיין װַיין׃ אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,

וָואס הָאבּ אִיךְ מִיט דִיר צוּ טְהוּן פְרוֹיא? מֵיינֶע שָׁעָה אִיז
5 נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען: זֵיינֶע מוּטֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
6 מְשָׁרְתִים, וָואס עֶר וֶועט אֵייךְ זָאגֶען דָאס טְהוּט: אוּנְד עֶס
זֶענֶען דָארְט אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוֶעזֶען זֶעקְס שְׁטֵיינֶערְנֶע
וַואסֶערְקְרִיג נָאךְ דֶער גֶעוְואוֹינְהֵייט פוּן דֶער רֵיינִיגוּנְג פוּן
דִיא יוּדֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס הָאט גֶעהַאלְטֶען צְוֵוייא אָדֶער
7 דְרֵייא מָאס: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, פִילְט אָן דִיא
קְרִיג מִיט וַואסֶער. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעפִילְט בִּיז
8 אַרוֹיף: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נוּן שֶׁעפְּט אָן
אוּנְד טְרָאגְט צוּ דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען פוּן דֶער סְעוּדָה. אוּנְד
9 זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען: וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער
סְעוּדָה הָאט פֶערְזוּכְט דָאס וַואסֶער וָואס אִיז וֵויין גֶעוָוארֶען,
(אוּנְד הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן וַואנֶען עֶס אִיז, אָבֶּער דִיא
מְשָׁרְתִים וָואס הָאבֶּען דָאס וַואסֶער אָנְגֶעשֶׁעפְּט הָאבֶּען
גֶעוְואוּסְט); הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶער סְעוּדָה גֶעַ־
10 רוּפֶען דֶעם חָתָן: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיטְ־
לִיכֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעלְט צוּעֶרְשְׁט אַנִידֶער דֶעם גוּטֶען וֵויין,
אוּנְד וֶוען מֶען הָאט זִיךְ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען, אַזוֹי גִיבְּט עֶר דֶעם
עֶרְגֶערֶען, אָבֶּער דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען דֶעם גוּטֶען וֵויין
11 בִּיז אַצוּנְד: דָאס אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע וְואוּנְדֶער וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעטְהוּן אִין קָנָה פוּן גָלִיל, אוּנְד הָאט אַנְטְפְּלֶעקְט
זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִין אִיהְם
12 גֶעגְלוֹיבְּט: נָאכְדֶעם אִיז עֶר אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין כְּפַר נַחוּם,
אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד זֵיינֶע בְּרִידֶער אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים
מִיט אִיהְם; אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְט נִיט לַאנְג גֶעבְּלִיבֶּען:
13 אוּנְד דֶער פֶּסַח פוּן דִיא יוּדֶען אִיז נָאהְנְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
14 יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד עֶר הָאט
גֶעפִינֶען אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ דִיא וָואס הָאבֶּען פֶערְקוֹיפְט
אָקְסֶען אוּנְד שָׁאף אוּנְד טוֹיבֶּען, אוּנְד דִיא וֶועקְסְלֶער
15 זִיצֶענְדִיג: אוּנְד עֶר הָאט גֶעמַאכְט אַ קַאנְטְשִׁיק פוּן
שְׁטְרִיקְלֶעךְ, אוּנְד הָאט אַלֶע אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם בֵּית
הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא שָׁאף אוּנְד אוֹיךְ דִיא אָקְסֶען, אוּנְד הָאט
אוֹיסְגֶעשִׁיט דָאס גֶעלְד פוּן דִיא וֶועקְסְלֶער, אוּנְד הָאט אוּמְ־
16 גֶעוָוארְפֶען דִיא טִישֶׁען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ דִיא

טוֹיבֶּענְהֶענְדְלֶער גֶעזָאגְט, נֶעמְט דִיזֶע זַאכֶען פוּן דַאנֶען
אַוֶועק, מַאכְט נִיט דָאס הוֹיז פוּן מֵיין פָאטֶער, אַ הוֹיז פוּן
הַאנְדֶעל: אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְמָאנְט, אַז 17
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא קִנְאָה פוּן דַיין הוֹיז הָאט מִיךְ
פֶערְצֶעהְרְט: דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען 18
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ צֵייכֶען וֵוייזְט דוּא אוּנְס,
אַז דוּא טְהוּסְט דִיזֶע זַאכֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד 19
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, צוּשְׁטֶערְט דִיזֶעם טֶעמְפֶּעל, אוּנְד
אִין דְרֵייא טֶעג וֶועל אִיךְ אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען: אַזוֹי הָאבֶּען 20
דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, אִין זֶעקְס אוּנְד פִירְצִיג יָאהְר אִיז דִיזֶער
טֶעמְפֶּעל גֶעבּוֹיעֶט גֶעוָוארֶען, אוּנְד וֶועסְט דוּא אִיהְם אִין
דְרֵייא טֶעג אוֹיפְשְׁטֶעלֶען? אָבֶּער עֶר הָאט גֶערֶעט וֶועגֶען 21
דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן זֵיין לֵייבּ: דְרוּם וֶוען עֶר אִיז פוּן דֶעם 22
טוֹיט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעדֶענְקְט
אַז עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אִין
דֶער שְׁרִיפְט אוּנְד אִין דֶעם וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט:
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אַם פֶּסַח אוֹיף 23
דֶעם יוֹם טוֹב הָאבֶּען פִילֶע גֶעגְלוֹיבְּט אָן זֵיין נָאמֶען, וֶוען
זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיינֶע וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן:
אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ צוּ זֵייא נִיט פֶערְטְרוֹיעֶט, וֵוייל עֶר 24
הָאט אַלֶע גֶעקֶענְט: אוּנְד עֶר הָאט נִיט בֶּעדַארְפְט אַז 25
אִימִיצֶער זָאל צֵיינְנִים גֶעבֶּען אוֹיף מֶענְשֶׁען, וָוארִין עֶר הָאט
גֶעוְואוּסְט וָואס אִיז אִין דֶעם מֶענְשׁ:

קאפיטעל ג

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן פוּן דִיא פְּרוּשִׁים, וָואס הָאט גֶע־ 1
הֵייסֶען נִיקוֹדִימוּס, אַ קָצִין פוּן דִיא יוּדֶען: דִיזֶער אִיז גֶע־ 2
קוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ בֵּייא נַאכְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רַבִּי, מִיר ווִיסֶען אַז דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען פוּן גָאט ווִיא אַ
לֶעהְרֶער, וָוארִין קֵיינֶער קָאן נִיט טְהוּן דִיא וְואוּנְדֶער וָואס
דוּא טְהוּסְט אוֹיסֶער גָאט אִיז מִיט אִיהְם: יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־ 3
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג
אִיךְ דִיר, עֶס זֵייא דֶען אַ מֶענְשׁ וֶוערְט ווִידֶער אַמָאל
גֶעבּוֹירֶען, קָאן עֶר נִיט זֶעהֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:

4 נִיקוֹדִימוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי קָאן אַ מַאן
גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען וֶוען עֶר אִיז אַלְט? קָאן עֶר דָאס צְוֵויישֶׁע
מָאל אַרֵיינְקוּמֶען אִין זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד גֶעבּוֹירֶען
5 וֶוערֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
דִיר, עֶס זֵייא דֶען אַ מֶענְשׁ וֶוערְט גֶעבּוֹירֶען פוּן וַואסֶער
אוּנְד פוּן דֶעם גֵייסְט, קָאן עֶר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען אִים קֶע־
6 נִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: דָאס וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ
אִיז פְלֵיישׁ, אוּנְד דָאס וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן דֶעם גֵייסְט
7 אִיז גֵייסְט: פֶערְוְואוּנְדֶער דִיךְ נִיט אַז אִיךְ הָאבּ דִיר גֶע־
8 זָאגְט, אִיהְר מוּסְט ווִידֶער אַמָאל גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען: דֶער
ווִינְד בְּלָאזְט וְואוּ עֶר ווִיל, אוּנְד דוּא הֶערְסְט זֵיין קוֹל,
אָבֶּער דוּא וֵוייסְט נִיט פוּן וַואנֶען עֶר קוּמְט, אוּנְד וְואוּ
אַהִין עֶר גֶעהְט; אַזוֹי אִיז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז גֶעבּוֹירֶען
9 פוּן דֶעם גֵייסְט: נִיקוֹדִימוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט
10 צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי קָאן דָאס זֵיין? יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶער
לֶעהְרֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד וֵוייסְט נִיט דִיזֶע זַאכֶען:
11 בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, אַז מִיר רֶעדֶען וָואס מִיר
ווִיסֶען, אוּנְד בֶּעצֵייגֶען וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען, אוּנְד
12 אִיהְר נֶעמְט נִיט אָן אוּנְזֶער צֵייגְנִיס: וֶוען אִיךְ הָאבּ צוּ
אֵייךְ עֶרְדִישֶׁע זַאכֶען גֶעזָאגְט אוּנְד אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט, ווִיא
אַזוֹי וֶועט אִיהְר גְלוֹיבֶּען, וֶוען אִיךְ זָאג אֵייךְ הִימְלִישֶׁע
13 זַאכֶען? אוּנְד קֵיינֶער אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם
הִימֶעל אַרֵיין, נֵייעֶרְט דֶער וָואס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן
14 דֶעם הִימֶעל, דֶער בֶּן־אָדָם וָואס אִיז אִים הִימֶעל: אוּנְד
ווִיא מֹשֶׁה הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא שְׁלַאנְג אִין דֶער מִדְבָּר,
15 אַזוֹי מוּס דֶער בֶּן אָדָם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען: אַז אִיטְלִי־
כֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל הָאבֶּען דָאס עֶבִּיגֶע
לֶעבֶּען: •

16 וָוארִין גָאט הָאט דִיא וֶועלְט אַזוֹי גֶעלִיבְּט, דָאס עֶר הָאט
גֶעגֶעבֶּען זֵיין אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶען זוּהְן, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס
גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען נֵייעֶרְט,
17 זָאל הָאבֶּען דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען: וָוארִין גָאט הָאט נִיט
גֶעשִׁיקְט זֵיין זוּהְן אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיין אַז עֶר זָאל דִיא

װעלט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; נֵייעֶרְט אַז דִיא װֶעלְט זָאל דוּרְךְ
18 אִיהְם גֶערֶעטֶעט װֶערֶען: דֶער װָאס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם אִיז
נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט; דֶער װָאס גְלוֹיבְּט נִיט אִיז שׁוֹין פֶערְ־
פֶערְשׁוּלְדִיגְט, װֵייל עֶר הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם נָאמֶען
19 פוּן דֶעם אֵיינְגֶעבּוֹירֶענֶען זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד דָאס אִיז
דָאס מִשְׁפָּט, אַז דָאס לִיכְט אִיז אִין דִיא װֶעלְט אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעלִיבְּט דִיא פִינְסְטֶערְ־
נִיס מֶעהְר װִיא דָאס לִיכְט, װָארִין זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים זֶענֶען
20 שְׁלֶעכְט גֶעװֶעזֶען: װָארִין אִיטְלִיכֶער װָאס טְהוּט בֵּייזֶעס
הָאט פֵיינְד דָאס לִיכְט, אוּנְד קוּמְט נִיט צוּם לִיכְט, כְּדֵי
21 זֵיינֶע מַעֲשִׂים זָאלֶען נִיט בֶּעשְׁטְרָאפְט װֶערֶען: אָבֶּער דֶער
װָאס טְהוּט דִיא װָאהְרְהֵייט קוּמְט צוּם לִיכְט, אַז זֵיינֶע
מַעֲשִׂים זָאלֶען אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען, אַז זֵייא זֶענֶען אִין גָאט
גֶעטְהוּן:
22 נָאכְדֶעם אִיז יֵשׁוּעַ אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם
לַאנְד פוּן יְהוּדָה, אוּנְד דָארְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט זֵייא אוּיפְ־
23 גֶעהַאלְטֶען, אוּנְד הָאט גֶעטוֹבֶלְט: אוּנְד יוֹחָנָן הָאט אוֹיךְ
גֶעטוֹבֶלְט אִין עֵינוֹן נָאהֶענְט צוּ שָׁלוֹם, װָארִין עֶס אִיז דָארְט
גֶעװֶעזֶען פִיל װַאסֶער, אוּנְד מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט
24 גֶעװָארֶען: װָארִין יוֹחָנָן אִיז נָאךְ נִיט גֶעװֶעזֶען אִין דֶעם
גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעװָארְפֶען:
25 עֶס אִיז גֶעװֶעזֶען אַ קְרִיג צְװִישֶׁען דִיא תַּלְמִידִים פוּן יוֹחָנָן
26 אוּנְד יוּדֶען װֶעגֶען דִיא רֵיינִיגוּנְג: אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶע־
קוּמֶען צוּ יוֹחָנָן אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דֶער
װָאס אִיז מִיט דִיר גֶעװֶעזֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט יַרְדֵן,
אוֹיף װֶעלְכֶען דוּא הָאסְט בֶּעצֵייגְט, זֶעה עֶר טוֹבֶלְט, אוּנְד
27 אַלֶע קוּמֶען צוּ אִיהְם: יוֹחָנָן הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶע־
גֶעזָאגְט, אַ מֶענְשׁ קָאן קֵיין זַאךְ נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אוּיסֶער
28 עֶס הֶערְט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶעם הִימֶעל: אִיהְר אַלֵיין
זֶענְט מֵיינֶע עֵדוּת, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט דֶער
29 מָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין פָאר אִיהְם גֶעשִׁיקְט: װֶער עֶס הָאט
דִיא כַּלָּה, דֶער אִיז דֶער חָתָן; אָבֶּער דֶער פְרֵיינְד פוּן דֶעם
חָתָן, װָאס שְׁטֶעהְט אוּנְד הֶערְט אִיהְם, דֶער פְרֵייט זִיךְ זֵעהְר
װֵעגֶען דֶעם קוֹל פוּן דֶעם חָתָן; דְרוּם אִיז דִיזֶע מֵיינֶע

30 פְרֵייד דֶערפִילְט: עֶר מוּז גְרֶעסֶער וֶוערֶען אָבֶּער אִיךְ מוּז
קְלֵיינֶער וֶוערֶען:
31 דֶער וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן אוֹיבֶּען אִיז אִיבֶּער אַלֶעם; דֶער
וָואס אִיז פוּן דֶער עֶרְד גֶעהֶערְט צוּ דֶער עֶרְד, אוּנְד רֶעט
פוּן דֶער עֶרְד; דֶער וָואס קוּמְט פוּן דֶעם הִימֶעל אִיז אִיבֶּער
32 אַלֶעם: וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט דָאס בֶּע־
33 צֵייגְט עֶר אוּנְד קֵיינֶער נֶעמְט נִיט אָן זַיין צֵייגְנִיס: דֶער
וָואס נֶעמְט אָן זַיין צֵייגְנִיס הָאט זַיינֶע חֲתִימָה גֶעגֶעבֶּען אַז
34 גָאט אִיז אֱמֶת: וָוארִין וֶועמֶען גָאט הָאט גֶעשִׁיקְט, דֶער
רֶעט דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט; וָוארִין גָאט גִיבְּט נִיט דֶעם
35 גֵייסְט מִיט מָאס: דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, אוּנְד הָאט
36 אַלֶעם אִין זַיינֶע הַאנְד גֶעגֶעבֶּען: דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן
דֶעם זוּהְן הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען; אָבֶּער דֶער וָואס גְלוֹיבְּט
נִיט אָן דֶעם זוּהְן וֶועט נִיט זֶעהֶען לֶעבֶּען, נֵייעֶרְט דֶער
צָארְן פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אוֹיף אִיהְם:

## קאפיטעל ד

1 דְרוּם וֶוען דֶער הַאר הָאט גֶעוְואוּסְט אַז דִיא פְּרוּשִׁים הָא־
בֶּען גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ מַאכְט אוּנְד טוֹבְלְט מֶעהְר תַּלְמִידִים
2 וִויא יוֹחָנָן: חָאטְשׁ יֵשׁוּעַ אַלֵיין הָאט נִיט גֶעטוֹבֶלְט, נֵייעֶרְט
3 זַיינֶע תַּלְמִידִים: אַזוֹי הָאט עֶר פֶערְלָאזְט יְהוּדָה, אוּנְד אִיז
4 ווִידֶער גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל: אוּנְד עֶר הָאט גֶעמוּזְט דוּרְכְ־
5 גֶעהֶען דוּרְךְ שֹׁמְרוֹן: דְרוּם אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ אַ שְׁטָאט
פוּן שֹׁמְרוֹן וָואס הֵייסְט סוּכַר, נָאהֶענְט צוּ דֶעם לַאנְד וָואס
6 יַעֲקֹב הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ זַיין זוּהְן יוֹסֵף: אוּנְד דָארְט אִיז
גֶעוֶועזֶען דֶער בְּרוּנֶען פוּן יַעֲקֹב; אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז דְרוּם
מִיד גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם וֶועג, אוּנְד הָאט זִיךְ אַזוֹי אַנִידֶער־
גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם בְּרוּנֶען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען
7 דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה: אוּנְד אַ פְרוֹיא אִיז גֶעקוּמֶען פוּן
שֹׁמְרוֹן וַואסֶער צוּ שֶׁעפֶּען; יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט,
8 גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען: וָוארִין זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען אִין דִיא שְׁטָאט, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען קוֹיפֶען צוּ עֶסֶען:
9 דִיא פְרוֹיא פוּן שֹׁמְרוֹן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא אַזוֹי
פֶערְלַאנְגְסְט דוּא צוּ טְרִינְקֶען פוּן מִיר, וָואס דוּא בִּיסְט אַ
יְהוּדִי אוּנְד אִיךְ בִּין אַ שֹׁמְרוֹנִית? וָוארִין דִיא יוּדֶען הָאבֶּען

10 נִיט קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט דִיא שֹׁמְרוֹנִים: יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא זָאלְסְט
ווִיסֶען דִיא מַתָּנָה פוּן גָאט, אוּנְד וֶוער עֶס אִיז וָואס זָאגְט
צוּ דִיר גִיבּ מִיר צוּ טְרִינְקֶען, אַזוֹי וָואלְסְט דוּא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד עֶר וָואלְט דִיר גֶעגֶעבֶּען לֶעבֶּעדִיגֶעס וַואסֶער:
11 זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא הָאסְט דָאךְ נִיט קֵיין
אֵיימֶער, אוּנְד דֶער בְּרוּנֶען אִיז טִיף; פוּן וַואנֶען הָאסְט דוּא
12 דֶען דָאס לֶעבֶּעדִיגֶע וַואסֶער? בִּיסְט דוּא גְרֶעסֶער ווִיא
אוּנְזֶער פָּאטֶער יַעֲקֹב, וָואס הָאט אוּנְס דָאס בְּרוּנֶען גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְפוּן גֶעטְרוּנְקֶען, אוּנְד זֵיינֶע קִינְדֶער
13 אוּנְד זֵיינֶע בְּהֵמוֹת? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ
אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיטְלִיכֶער וָואס טְרִינְקְט פוּן דִיזֶען וַואסֶער
14 וֶועט ווִידֶער דוּרְשְׁטִיג וֶוערֶען: אָבֶּער וֶוער עֶס וֶועט טְרִינְקֶען פוּן דֶעם וַואסֶער וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען, דֶער
וֶועט אוֹיף עֶבִּיג נִיט דוּרְשְׁטִיג זֵיין, נֵייעֶרְט דָאס וַואסֶער
וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען, וֶועט אִין אִיהְם וֶוערֶען אַ
בְּרוּנֶען פוּן וַואסֶער וָואס קְוֶועלְט צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען:
15 דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, גִיבּ מִיר דִיזֶעס
וַואסֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט דוּרְשְׁטִיג זֵיין; אוּנְד זָאל נִיט
16 אַהֶער קוּמֶען צוּ שֶׁעפֶּען: עֶר הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, גֶעה
17 רוּף דֵיין מַאן, אוּנְד קוּם אַהֶער: דִיא פְרוֹיא הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מַאן; יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט רֶעכְט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ נִיט
18 קֵיין מַאן: וָוארִין דוּא הָאסְט גֶעהַאט פִינְף מֶענֶער, אוּנְד
דֶעם וָואס דוּא הָאסְט אַצוּנְד אִיז נִיט דֵיין מַאן, דָאס הָאסְט
19 דוּא וָואהְר גֶעזָאגְט: דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
20 הַאר, אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט אַ נָבִיא: אוּנְזֶערֶע פֶעטֶער
הָאבֶּען אוֹיף דִיזֶען בַּארְג גֶעבֶּעטֶען; אוּנְד אִיהְר זָאגְט, אַז
21 אִין יְרוּשָׁלַיִם אִיז דֶער אָרְט וְואוּ מֶען מוּז בֶּעטֶען: יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא גְלוֹיבּ מִיר אַז עֶס קוּמְט אַ
שָׁעָה, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט בֶּעטֶען צוּם פָּאטֶער אוֹיף דִיזֶען
22 בַּארְג אוּנְד אוֹיךְ נִיט אִין יְרוּשָׁלַיִם: אִיהְר בֶּעטֶעט וָואס
אִיהְר ווֵייסְט נִיט, מִיר בֶּעטֶען וָואס מִיר ווִיסֶען; וָוארִין דִיא
23 יְשׁוּעָה אִיז פוּן דִיא יוּדֶען: אָבֶּער עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה,

אוּנְד אַצוּנְד אִיז, וֶוען דִיא וָואהְרֶע אָנְבֶּעטֶער וֶועלֶען בֶּעטֶען
צוּם פָאטֶער אִים גֶייסְט אוּנְד אִין וָואהְרְהֵייט; וָוארִין דֶער
24 פָאטֶער זוּכְט אַזֶעלְכֶע אָנְבֶּעטֶער: גָאט אִיז גֵייסְט; אוּנְד דִיא
וָואס בֶּעטֶען אִיהְם אָן, מוּזֶען אִיהְם אָנְבֶּעטֶען אִים גֵייסְט
25 אוּנְד אִין וָואהְרְהֵייט: דִיא פְרוֹיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ וֵוייס אַז דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט, וָואס הֵייסְט קְרִיסְטוּס; וֶוען
26 עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר אוּנְס אַלֶעס זָאגֶען: יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶערְזֶעלְבֶּע וָואס רֶעד מִיט
דִיר:
27 אוּנְד דֶערְנָאךְ זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט אַז עֶר הָאט מִיט אַ פְרוֹיא גֶערֶעט;
אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעזָאגְט, וָואס זוּכְסְט דוּא, אָדֶער
28 וָואס רֶעדְסְט דוּא מִיט אִיהְר? דַאן הָאט דִיא פְרוֹיא אִיהְר
וַואסֶערְקְרִיג אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין
29 דִיא שְׁטָאט, אוּנְד הָאט צוּ דִיא מֶענְשֶׁען גֶעזָאגְט: קוּמְט
זֶעהְט אַ מַאן וָואס הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ
30 גֶעטְהוּן; אִיז עֶר נִיט דֶער מָשִׁיחַ? זַייא זֶענֶען אוֹיס דֶער
שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען:
31 אִין דֶער צְווִישֶׁען הָאבֶּען אִיהְם זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעבֶּעטֶען,
32 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, רַבִּי, עֶס: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שְׁפֵּייז צוּ עֶסֶען, וָואס אִיהְר
33 וֵוייסְט נִיט: דְרוּם הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים צְווִישֶׁען זִיךְ גֶע־
זָאגְט, הָאט אִיהְם אִימֶעצֶער עֶפֶּעס גֶעבְּרַאכְט צוּ עֶסֶען?
34 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֵיינֶע שְׁפֵּייז אִיז אַז אִיךְ זָאל
טְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד
35 אַז אִיךְ זָאל זַיין וֶוערְק פָאלְקָאמֶען מַאכֶען: זָאגְט אִיהְר
נִיט אַז עֶס זֶענֶען נָאךְ פִּיעֶר חֲדָשִׁים, אוּנְד דֶערְנָאךְ וֶועט
דִיא שְׁנִיטְצֵייט קוּמֶען? זֶעה, אִיךְ זָאג אֵייךְ, הֶעבְּט אוֹיף
אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד קוּקְט אָן דִיא פֶעלְדֶער, אַז זַייא זֶענֶען
36 שׁוֹין וֵוייס פַאר דִיא שְׁנִיטְצֵייט: אוּנְד דֶער וָואס שְׁנֵיידֶעט
בַּאקוּמְט לוֹין, אוּנְד זַאמֶעלְט פְרוּכְט צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען,
אַז דֶער וָואס זֵייעֶט אוּנְד דֶער וָואס שְׁנֵיידְט זָאלֶען זִיךְ צוּ־
37 זַאמֶען פְרֵייעֶן: וָוארִין אִין דֶעם אִיז דָאס וָוארְט וָואהְר,
אַז אֵיינֶער אִיז דֶער וָואס זֵייעֶט אוּנְד אַ אַנְדֶערֶער אִיז דֶער

38 וָואס שְׁנֵיידֶעט: אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט צוּ שְׁנֵיידֶען אִין
דֶעם וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעאַרְבֵּייט; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶע־
אַרְבֵּייט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט אִין זֵייעֶרֶע אַרְבֵּייט אֵיינְגֶע־
טְרֶעטֶען:
39 אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא שֹׁמְרוֹנִים אוֹיס דִיזֶער שְׁטָאט, הָאבֶּען
אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט, דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶער פְרוֹיא,
וָואס זִיא הָאט בֶּעצֵייגְט, אַז עֶר הָאט מִיר אַלֶעס גֶעזָאגְט
40 וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן: דְרוּם וֶוען דִיא שֹׁמְרוֹנִים זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל
בַּייא זֵייא בְּלֵייבֶּען; אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען צְווֵייא
41 טֶעג: אוּנְד פִיל מֶעהְר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דוּרְךְ זֵיין אֵייגֶען
42 וָוארְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ דֶער פְרוֹיא גֶעזָאגְט, מִיר
גְלוֹיבֶּען נִיט מֶעהְר דוּרְךְ דֵיינֶע רֶעדֶע; וָוארִין מִיר הָאבֶּען
אִיהְם גֶעהֶערְט, אוּנְד וִויסֶען אַז עֶר אִיז בֶּאֱמֶת דֶער מָשִׁיחַ,
דֶער דֶערְלֶעזֶער פוּן דֶער וֶועלְט:
43 אוּנְד נָאךְ דִיא צְווֵייא טֶעג אִיז עֶר פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְ־
44 גֶעגַאנְגֶען קֵיין גָלִיל: וָוארִין יֵשׁוּעַ זֶעלְבְּסְט הָאט בֶּעצֵייגְט,
אַז אַ נָבִיא הָאט נִיט קֵיין כָּבוֹד אִין זֵיין אֵייגֶען לַאנְד:
45 דְרוּם וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין גָלִיל, הָאבֶּען אִיהְם דִיא
מֶענְשֶׁען פוּן גָלִיל אוֹיפְגֶענוּמֶען, וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
אַלֶעס וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף דֶעם יוֹם
טוֹב; וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ גֶעקוּמֶען צוּם יוֹם טוֹב:
46 עֶר אִיז דְרוּם וִוידֶער גֶעקוּמֶען קֵיין קָנָה אִין גָלִיל, וְואוּ עֶר
הָאט דָאס וַואסֶער גֶעמַאכְט וַויין, אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַן
עֶדֶעלְמַאן וָואס זֵיין זוּהְן אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אִין כְּפַר־
47 נַחוּם: וֶוען עֶר הָאט גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען פוּן
יְהוּדָה קֵיין גָלִיל, אִיז עֶר צוּ אִיהְם גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אַרוּפְּקוּמֶען אוּנְד זָאל זֵיין
זוּהְן הֵיילֶען; וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט צוּם טוֹיט:
48 יֵשׁוּעַ הָאט דְרוּם צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט
זֶעהֶען קֵיינֶע צֵייכֶען אוּנְד וואוּנְדֶער וֶועט אִיהְר נִיט גְלוֹי־
49 בֶּען: דֶער עֶדֶעלְמַאן הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, קוּם
50 אַיידֶער מֵיין קִינְד שְׁטַארְבְּט: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גֶעה אַהֵיים, דֵיין זוּהְן לֶעבְּט; אוּנְד דֶער מַאן הָאט גֶעגְלוֹיבְּט

דָאס וָוארְט וָואס יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיז
51 אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וִויא עֶר אִיז אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען,
זֶענֶען אִיהְם זֵיינֶע קְנֶעכְט אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען, אוּנְד
52 הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֵיין קִינְד לֶעבְּט: עֶר הָאט דְרוּם זֵייא
גֶעפְרֶעגְט דִיא שָׁעָה וֶוען עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעסֶער צוּ
וֶוערֶען; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, נֶעכְטֶען
אִין דֶער זִיבֶּעטֶער שָׁעָה הָאט אִיהְם דָאס פִיבֶּער פֶערְלָאזְט:
53 אַזוֹי הָאט דֶער פָאטֶער גֶעוְואוּסְט אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
דֶער זֶעלְבֶּער שָׁעָה, וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט דֵיין
זוּהְן לֶעבְּט; אוּנְד עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד זֵיין גַאנְצֶעס
54 הוֹיזְגֶעזִינְד: דָאס אִיז ווִידֶער דָאס צְוֵוייטֶע וְואוּנְדֶער וָואס
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה קֵיין
גָלִיל:

## קאפיטעל ה

1 נָאכְדֶעם אִיז גֶעוֶועזֶען אַ יוֹם טוֹב פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד
2 יֵשׁוּעַ אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד עֶס אִיז אִין
יְרוּשָׁלַיִם בֵּייא דֶעם שָׁאפְּטוֹיעֶר אַ טֵייךְ, וָואס אִיז גֶערוּפֶען
אוֹיףְ הֶעבְּרֶעאִישׁ בֵּית־חַסְדָא, וָואס הָאט פִינְףְ הַאלְלֶען:
3 אִין דִיזֶע זֶענֶען גֶעלֶעגֶען אַ סַךְ קְרַאנְקֶע, בְּלִינְדֶע, הִינְקֶענְ־
דִיגֶע, פֶערְדַארְטֶע, וָואס הָאבֶּען גֶעוַוארְט אַז דָאס וַואסֶער
4 זָאל זִיךְ בֶּעוֶועגֶען: וָוארִין אַ מַלְאָךְ אִיז צוּ צֵייטֶען אִין
דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט דָאס וַואסֶער בֶּעְ־
וְואוֹיגֶען; דְרוּם וֶוער עֶס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען
נָאךְ דֶער בֶּעוֶועגוּנְג פוּן דֶעם וַואסֶער, דֶער אִיז גֶעזוּנְד
גֶעוָוארֶען פוּן וָואס פַאר אַ קְרַאנְקְהֵייט עֶר הָאט גֶעהַאט:
5 אוּנְד דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מַאן וָואס אִיז אַכְט
6 אוּנְד דְרֵייסִיג יָאהְר קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען: וִויא יֵשׁוּעַ הָאט
אִיהְם גֶעזֶעהֶען לִיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעוְואוּסְט אַז עֶר אִיז
שׁוֹין לַאנְג אַזוֹי גֶעלֶעגֶען, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
7 ווִילְסְט דוּא גֶעהֵיילְט וֶוערֶען? דֶער קְרַאנְקֶער הָאט אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין מֶענְשׁ, אַז עֶר זָאל
מִיךְ אִין דֶעם טֵייךְ אַרֵיינְלָאזֶען וֶוען דָאס וַואסֶער בֶּעוֶועגְט זִיךְ:
אוּנְד וַוייל אִיךְ קוּם, גֶעהְט אֵיין אַנְדֶערֶער פַאר מִיר אַרֵיין:
8 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף, נֶעם דֵיין בֶּעט

אוּנְד גֶעה אַרוּם: אוּנְד גְלֵייךְ אִיז דֶער מַאן גֶעהֵיילְט 9
גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען זַיין בֶּעט, אוּנְד אִיז אַרוּמְ־
גֶעגַאנְגֶען:
אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שַׁבָּת אִין יֶענֶעם טָאג; אַזוֹי הָאבֶּען 10
דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט צוּ דֶעם וָואס אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען,
עֶס אִיז שַׁבָּת, אוּנְד עֶס אִיז נִיט דֶערְלוֹיבְּט אַז דוּא זָאלְסְט
טְרָאגֶען דַיין בֶּעט: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, דֶער 11
וָואס הָאט מִיךְ גֶעהֵיילְט, דֶער הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם
דַיין בֶּעט אוּנְד גֶעה אַרוּם: זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, 12
וֶוער אִיז דֶער מַאן וָואס הָאט צוּ דִיר גֶעזָאגְט, נֶעם דַיין
בֶּעט אוּנְד גֶעה אַרוּם? אוּנְד דֶער וָואס אִיז גֶעהֵיילְט גֶע־ 13
וָוארֶען הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט וֶוער עֶר אִיז; וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וַוייל עֶס זֶענֶען פִיל לֵייט גֶעוֶועזֶען אִין
דֶעם אָרְט: דֶערְנָאךְ הָאט אִיהְם יֵשׁוּעַ גֶעפוּנֶען אִין דֶעם 14
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה דוּא בִּיסְט
גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען; זִינְדִיג נִיט מֶעהְר, כְּדֵי עֶס זָאל דִיר
נִיט עֶרְגֶער וֶוערֶען: אוּנְד דֶער מַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, 15
אוּנְד הָאט צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט אַז עֶס אִיז יֵשׁוּעַ, וָואס
הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט: אוּנְד דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען יֵשׁוּעַ 16
פֶערְפָאלְגְט, וַוייל עֶר הָאט דָאס גֶעטְהוּן אַם שַׁבָּת: אָבֶּער 17
עֶר הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, מַיין פָאטֶער וֶוערְקְט בִּיז אַצוּנְד,
אוּנְד אִיךְ וֶוערְק: דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען נָאךְ מֶעהְר גֶע־ 18
זוּכְט אִיהְם צוּ הַרְגֶענֶען, וַוייל עֶר הָאט נִיט אַלֵיין מְחַלֵל
שַׁבָּת גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט, אַז גָאט אִיז
זַיין אֵייגֶענֶער פָאטֶער, אוּנְד הָאט זִיךְ גְלֵייךְ גֶעמַאכְט צוּ
גָאט:
דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, 19
בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער זוּהְן קָאן גָארְנִיט טְהוּן
פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, חוּץ דָאס וָואס עֶר זֶעהְט דֶעם פָאטֶער
טְהוּן; וָוארִין דִיא זַאכֶען וָואס עֶר טְהוּט, דִיזֶע טְהוּט אוֹיךְ
דֶער זוּהְן: וָוארִין דֶער פָאטֶער לִיבְּט דֶעם זוּהְן, אוּנְד 20
וַוייזְט אִיהְם אַלֶעם וָואס עֶר טְהוּט, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם
גְרֶעסֶערֶע וֶוערְקֶע ווִיא דִיזֶע וַוייזֶען, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
וְואוּנְדֶערְן: וָוארִין אַזוֹי ווִיא דֶער פָאטֶער וֶועקְט אוֹיף דִיא 21

טוֹיטֶע אוּנְד מַאכְט זֵייא לֶעבֶּען, אַזוֹי מַאכְט דֶער זוּהְן אוֹיךְ
22 לֶעבֶּען װעמֶען עֶר װִיל: װָארִין דֶער פָּאטֶער רִיכְטֶעט
קֵיינֶעם, נֵייעֶרְט עֶר הָאט דָאס גַאנְצֶע מִשְׁפָּט צוּ דֶעם זוּהְן
23 גֶעגֶעבֶּען: כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען עֶהְרֶען דֶעם זוּהְן, אַזוֹי װִיא
זֵייא עֶהְרֶען דֶעם פָּאטֶער; װער עֶס עֶהְרְט נִיט דֶעם זוּהְן,
דֶער עֶהְרְט נִיט דֶעם פָּאטֶער װָאס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט:
24 בְּאֶמֶת, בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, װער עֶס הֶערְט מֵיין װָארְט,
אוּנְד גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, דֶער הָאט
עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען; אוּנְד עֶר װעט נִיט קוּמֶען צוּם גֶערִיכְט,
25 נֵייעֶרְט אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען פוּן טוֹיט צוּם לֶעבֶּען: בְּאֶמֶת,
בְּאֶמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה, אוּנְד אִיז
אַצוּנְד, װען דִיא טוֹיטֶע װעלֶען הֶערֶען דָאס קוֹל פוּן
דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד דִיא װָאס הֶערֶען װעלֶען לֶע־
26 בֶּען: װָארִין אַזוֹי װִיא דֶער פָּאטֶער הָאט לֶעבֶּען אִין זִיךְ
זֶעלְבְּסְט, אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ צוּם זוּהְן גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל
27 הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אוֹיךְ
מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִשְׁפָּט הַאלְטֶען, װֵייל עֶר אִיז
28 דֶער בֶּן אָדָם: פֶּערְװאוּנְדֶערְט אֵייךְ נִיט אִיבֶּער דֶעם, װָארִין
עֶס קוּמְט אַ שָׁעָה, װען אַלֶע װָאס זֶענֶען אִין דִיא קְבָרִים
29 װעלֶען הֶערֶען זֵיין קוֹל: אוּנְד װעלֶען אַרוֹיסְגֶעהֶען,
דִיא װָאס הָאבֶּען גוּטֶעס גֶעטְהוּן צוּ אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן
לֶעבֶּען, אוּנְד דִיא װָאס הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן צוּ
אוֹיפְשְׁטֶעהוּנְג פוּן מִשְׁפָּט:
30 אִיךְ קָאן פוּן מִיר אַלֵיין גָארְנִיט טְהוּן; אַזוֹי װִיא אִיךְ הֶער
רִיכְטֶע אִיךְ, אוּנְד מֵיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט, װָארִין אִיךְ
זוּךְ נִיט מֵיין װִילֶען נֵייעֶרְט דֶעם װִילֶען פוּן דֶעם װָאס
31 הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: װען אִיךְ בֶּעצֵייג אוֹיף מִיר זֶעלְבְּסְט,
32 אִיז מֵיין צֵייגְנִיס נִיט װָאהְר: עֶס אִיז אֵיין אַנְדֶערֶער װָאס
בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר, אוּנְד אִיךְ װֵייס דָאס צֵייגְנִיס װָאס עֶר
33 בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר אִיז װָאהְר: אִיהְר הָאט גֶעשִׁיקְט צוּ
34 יוֹחָנָן, אוּנְד עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט צוּ דֶער װָאהְרְהֵייט: אָבֶּער
אִיךְ נֶעם נִיט קֵיין צֵייגְנִיס פוּן אַ מֶענְשׁ, אָבֶּער דָאס
35 זָאג אִיךְ, אַז אִיהְר זָאלְט גֶערֶעטֶעט װערֶען: עֶר אִיז גֶע־
װעזֶען דִיא בְּרֶענְלַאמְפּ װָאס שֵׁיינְט, אוּנְד אִיהְר הָאט

36 אֵייךְ גֶעוָואלְט פַאר אַ צֵייט פְרֵייעֶן אָן זַיין לִיכְט: אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ אַ גְרֶעסֶערֶעס צֵייגְנִיס וִויא דָאס צֵייגְנִיס פוּן
יוֹחָנָן; וָוארִין דִיא וֶוערְקֶע וָואס דֶער פָאטֶער הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען אַז אִיךְ זָאל זַייא פָאלְקָאמֶען מַאכֶען, דִיזֶע וֶוערְקֶע
וָואס אִיךְ טְהוּא בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר, אַז דֶער פָאטֶער הָאט
37 מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דֶער פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט
הָאט זֶעלְבְּסְט אוֹיף מִיר בֶּעצֵייגְט; אִיהְר הָאט זַיין קוֹל
קַיינְמָאל נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד זַיינֶע גֶעשְׁטַאלְט נִיט גֶעזֶע־
38 הֶען: אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט זַיין וָוארְט אִין אֵייךְ וְואוֹינֶען,
וָוארִין וֶועמֶען עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם גְלוֹיבְּט אִיהְר נִיט:
39 אִיהְר פָארְשְׁט דִיא שְׁרִיפְטֶען, וָוארִין אִיהְר מֵיינְט אַז אִין
זַייא הָאט אִיהְר עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען; אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען עֶס
40 וָואס בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר: אוּנְד אִיהְר ווִילְט נִיט צוּ מִיר
41 קוּמֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען לֶעבֶּען: אִיךְ נֶעם נִיט קֵיין
42 כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען: אָבֶּער אִיךְ קֶען אֵייךְ אַז אִיהְר הָאט נִיט
43 דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט אִין אֵייךְ: אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין מֵיין
פָאטֶערְס נָאמֶען, אוּנְד אִיהְר נֶעמְט מִיךְ נִיט אָן; וֶוען אֵיין
אַנְדֶערֶער וֶועט קוּמֶען אִין זַיין אֵייגֶענֶעם נָאמֶען, דֶעם וֶועט
44 אִיהְר אָנְנֶעמֶען: וִויא אַזוֹי קֶענְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען וָואס נֶעמְט
כָּבוֹד אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנְד זוּכְט נִיט דֶעם כָּבוֹד
45 וָואס אִיז פוּן גָאט אַלֵיין? דֶענְקְט נִיט אַז אִיךְ וֶועל אֵייךְ
פֶערְקְלָאגֶען פַאר דֶעם פָאטֶער; עֶס אִיז אֵיינֶער וָואס
פֶערְקְלָאגְט אֵייךְ, מֹשֶׁה, אוֹיף דֶעם אִיהְר זֶעצְט אֵייעֶרֶע
46 הָאפְנוּנְג: וָוארִין וֶוען אִיהְר וָואלְט אָן מֹשֶׁה גֶעגְלוֹיבְּט, אַזוֹי
וָואלְט אִיהְר אָן מִיר אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט; וָוארִין עֶר הָאט פוּן
47 מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען: אָבֶּער וֶוען אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט זַיינֶע שְׁרִיפְט,
וִויא אַזוֹי וֶועט אִיהְר גְלוֹיבֶּען מֵיינֶע וֶוערְטֶער?

## קאפיטעל ו

1 נָאכְדֶעם אִיז יֵשׁוּעַ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט
2 פוּן דֶעם יַם הַגָלִיל: וָואס אִיז דָאס יַם פוּן טְבַרְיָה: אוּנְד
פִיל לֵייט זֶענֶען אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, וָוארִין זַייא הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען זַיינֶע ווְאוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דִיא
3 קְרַאנְקֶע: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אוֹיף דֶעם בַּארְג אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
4 אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד עֶס אִיז

כָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּם חַג הַפֶּסַח, וָואס אִיז דֶער יוֹם טוֹב
5 פוּן דִיא יוּדֶען: דְרוּם וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דִיא אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז פִיל לֵייט זֶענֶען
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאט עֶר צוּ פִילִיפּוּס גֶעזָאגְט, פוּן
וַואנֶען זָאלֶען מִיר בְּרוֹיט קוֹיפֶען אַז דִיזֶע זָאלֶען עֶסֶען?
6 אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט כְּדֵי אִיהְם צוּ פְּרוּפֶען; וָוארִין
7 עֶר הָאט גֶעוְואוּסְט וָואס עֶר וֶועט טְהוּן: פִילִיפּוּס הָאט
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, צְוֵוייא הוּנְדֶערְט גוּלְדֶען בְּרוֹיט אִיז נִיט
גֶענוּג פַאר זֵייא, אַז אִיטְלִיכֶער פוּן זֵייא זָאל נוּר אַ שְׁטִי־
8 קֶעל נֶעמֶען: אַנְדְרַי, אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, דֶער
9 בְּרוּדֶער פוּן שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס, הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט: דָא
אִיז אַ יוּנְגֶעל, וָואס הָאט פִינְף גֶערְשְׁטֶענֶע בְּרוֹיט אוּנְד
צְוֵוייא פִישְׁלֶעךְ, אָבֶּער וָואס אִיז דָאס פַאר אַזוֹי פִיל:
10 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, הֵייסְט דִיא מֶענְשֶׁען אַז זֵייא
זָאלֶען זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען; אוּנְד דָא אִיז פִיל גְרָאז גֶעוֶועזֶען
אוֹיף דֶעם אָרְט; אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא מֶענְשֶׁען אַנִידֶערְ־
11 גֶעזֶעצְט קֶענֶען פִינְף טוֹיזֶענְד אִין דֶער צָאל: יֵשׁוּעַ הָאט
גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט, אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט, אוּנְד
הָאט עֶס פֶערְטְהֵיילְט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶע־
זֶעצְט, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ פוּן דִיא פִישְׁלֶעךְ וִויא פִיל זֵייא
12 הָאבֶּען גֶעוָואלְט: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעזֶעטִיגְט גֶע־
וָוארֶען, הָאט עֶר צוּ זֵיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, נֶעמְט צוּזַאמֶען
דִיא אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע בְּרֶעקְלֶעךְ, אַז עֶס זָאל גָארְנִיט
13 פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט צְוֶועלְף קֶערְבּ מִיט בְּרֶעקְלֶעךְ פוּן
דִיא פִינְף גֶערְשְׁטֶענֶע בְּרוֹיט, וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען
פוּן דֶעם וָואס אִיז אִיבְּרִיג פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען:
14 דְרוּם וֶוען דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס וְואוּנְדֶער
וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז
גֶעווִיס דֶער נָבִיא, וָואס זָאל קוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט:
15 וָוארִין וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוְואוּסְט אַז זֵייא וֶועלֶען קוּמֶען
אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם נֶעמֶען מִיט גֶעוַואלְד, אַז זֵייא זָאלֶען
אִיהְם פַאר אַ מֶלֶךְ מַאכֶען, אַזוֹי אִיז עֶר ווִידֶער אַלֵיין
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בַּארְג:

16 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אָבֶענְד, זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים
17 צוּם יַם אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זַייא זֶענֶען אִין אַ שִׁיף אַרַיינְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אִיבֶּער דֶעם יַם אַרִיבֶּערְגֶעפָארֶען
קַיין כְּפַר נָחוּם; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער, אוּנְד
18 יֵשׁוּעַ אִיז צוּ זַייא נִיט גֶעקוּמֶען: אוּנְד דָאס יַם הָאט זִיךְ
גֶעהוֹיבֶּען, דוּרְךְ אַ גְרוֹיסֶען ווִינְד וָואס הָאט גֶעבְּלָאזֶען:
אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶערוּדֶערְט קֶעגֶען פִינְף אוּנְד צְוַואנְ־
19 צִיג אָדֶער דְרַייסִיג אַקֶער פֶעלְד ווַייט: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ אַרוּמְגֵיין אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד עֶר וַואר
נָאהֶענְט צוּ דֶעם שִׁיף. אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען:
20 אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס, פָארְכְט אֵייךְ
21 נִיט: אַזוֹיא הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעוָואלְט אִין דֶעם שִׁיף
אַרַיינְנֶעמֶען; אוּנְד דָאס שִׁיף אִיז בַּאלְד גֶעוֶועזֶען בַּייא
דֶעם לַאנְד וְואוּ אַהִין זַייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען:
22 אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאבֶּען דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען
גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט יַם גֶעזֶעהֶען אַז
עֶס אִיז נִיט דָארְט גֶעוֶועזֶען קַיין אַנְדֶערֶעם שִׁיף אוֹיסֶער
אֵיינְס, אוּנְד אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט אַרַיינְגֶעקוּמֶען מִיט זַיינֶע
תַּלְמִידִים אִין דֶעם שִׁיף, נֵייעֶרְט זַיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען אַלֵיין
23 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: עֶס זֶענֶען אַנְדֶערֶע שִׁיפֶען גֶעקוּמֶען
פוּן טְבֵרְיָה, נָאהֶענְט צוּ דֶעם אָרְט וְואוּ זַייא הָאבֶּען דָאס
בְּרוֹיט גֶעגֶעסֶען, נָאכְדֶעם עֶר הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט:
24 דְרוּם וֶוען דִיא לֵייט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז נִיט
דָארְט, אוּנְד זַיינֶע תַּלְמִידִים אוֹיךְ נִיט, זֶענֶען זַייא אִין דִיא
שִׁיפֶען אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קַיין כְּפַר־נַחוּם,
25 אוּנְד הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעזוּכְט: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען אִיהְם
גֶעפִינֶען אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַייט הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶע־
26 זָאגְט, רַבִּי, וֶוען בִּיסְט דוּא אַהֶער גֶעקוּמֶען? יֵשׁוּעַ הָאט
זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, אִיהְר זוּכְט מִיךְ נִיט ווַייל אִיהְר הָאט וְואוּנְדֶער גֶע־
זֶעהֶען, נֵייעֶרְט ווַייל אִיהְר הָאט גֶעגֶעסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט
27 אוּנְד זֶענְט זַאט גֶעוָוארֶען: אַרְבַּייט נִיט פַאר דִיא שְׁפֵּייז
וָואס וֶוערְט פֶערְלוֹירֶען, נֵייעֶרְט פַאר דִיא שְׁפֵּייז וָואס בְּלֵייבְּט
צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען, וָואס דֶער בֶּן אָדָם וֶועט אֵייךְ גֶעבֶּען;

28 וָוארִין אִיהְם הָאט גָאט דֶער פָאטֶער פֶערְזִיגֶעלְט: אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן, אַז
29 מִיר זָאלֶען וֶוערְקֶען דִיא וֶוערְק פוּן גָאט? יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דָאס וֶוערְק
פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וֶועלְכֶען עֶר
30 הָאט גֶעשִׁיקְט: דְרוּם הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס
פַאר אַ וְואוּנְדֶער טְהוּסְט דוּא דֶען, אַז מִיר זָאלֶען זֶעהֶען
31 אוּנְד זָאלֶען דִיר גְלוֹיבֶּען? וָואס וֶוערְקְסְט דוּא? אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען מָן אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען בְּרוֹיט פוּם
32 הִימֶעל צוּ עֶסֶען: אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, מֹשֶׁה הָאט אֵייךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען דָאס
בְּרוֹיט פוּם הִימֶעל, אָבֶּער מֵיין פָאטֶער גִיבְּט אֵייךְ דָאס
33 וָואהְרֶע בְּרוֹיט פוּם הִימֶעל: וָוארִין דָאס בְּרוֹיט פוּן גָאט
אִיז דֶער וָואס קוּמְט אַרוּפ פוּן הִימֶעל אוּנְד גִיבְּט לֶעבֶּען
34 צוּ דֶער וֶועלְט: דְרוּם הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
35 הַאר גִיבּ אוּנְס בֶּעשְׁטֶענְדִיג דִיזֶעס בְּרוֹיט: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט פוּן לֶעבֶּען, דֶער וָואס
קוּמְט צוּ מִיר וֶועט נִיט הוּנְגְרִיג זַיין, אוּנְד דֶער וָואס גְלוֹיבְּט
36 אָן מִיר וֶועט קֵיינְמָאל נִיט דוּרְשְׁטִיג זַיין: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט
37 נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: אַלֶעס וָואס דֶער פָאטֶער גִיבְּט מִיר וֶועט
צוּ מִיר קוּמֶען, אוּנְד דֶער וָואס קוּמְט צוּ מִיר דֶעם וֶועל
38 אִיךְ נִיט אַרוֹיסְוַוארְפֶען: וָוארִין אִיךְ בִּין אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם הִימֶעל, נִיט אַז אִיךְ זָאל מֵיין ווִילֶען טְהוּן, נֵייעֶרְט
39 דֶעם ווִילֶען פוּן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דָאס
אִיז דֶער ווִילֶען פוּן דֶעם פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט,
אַז אִיךְ זָאל נִיט פֶערְלִירֶען פוּן אַלֶעם וָואס עֶר הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל עֶס אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אִין דֶעם
40 לֶעצְטֶען טָאג: אוּנְד דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן מֵיין פָאטֶער,
אַז אִיטְלִיכֶער וָואס זֶעהְט דֶעם זוּהְן אוּנְד גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם,
זָאל הָאבֶּען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג:
41 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען וֶועגֶען אִיהְם גֶעמוּרְמֶעלְט, וֵוייל עֶר

הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען
42 פוּם הִימֶעל: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז עֶר נִיט יֵשׁוּעַ,
דֶער זוּהְן פוּן יוֹסֵף, וָואס מִיר קֶענֶען דֶעם פָּאטֶער אוּנְד
דִיא מוּטֶער? ווִיא אַזוֹי זָאגְט עֶר דֶען, אִיךְ בִּין אַרוּפְגֶע־
43 קוּמֶען פוּם הִימֶעל? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ זַייא
44 גֶעזָאגְט, מוּרְמֶעלְט נִיט צְווִישֶׁען אֵיינַאנְדֶער? קֵיינֶער קֶען
צוּ מִיר קוּמֶען, אוֹיסֶער דֶער פָּאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶע־
שִׁיקְט צִיהְט אִיהְם, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אִין
45 דֶעם לֶעצְטֶען טָאג: עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיא
נְבִיאִים, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אַלֶע גֶעלֶעהְרְט זַיין פוּן גָאט;
אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט גֶעהֶערְט פוּם פָּאטֶער, אוּנְד הָאט
46 פוּן אִיהְם גֶעלֶערְנְט, קוּמְט צוּ מִיר: נִיט אַז אִימֶעצֶער הָאט
גֶעזֶעהֶען דֶעם פָּאטֶער, נֵייעֶרְט דֶער וָואס אִיז פוּן גָאט,
47 דֶער הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם פָּאטֶער: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
48 אֵייךְ, וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען: אִיךְ
49 בִּין דָאס בְּרוֹיט פוּן לֶעבֶּען: אֵייעֶרֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶע־
50 סֶען מָן אִין דֶער מִדְבָּר אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען: דָאס
אִיז דָאס בְּרוֹיט וָואס קוּמְט אַרוּפ פוּם הִימֶעל, אַז אַ מֶענְשׁ
51 וֶועט דֶערְפוּן עֶסֶען וֶועט נִיט שְׁטַארְבֶּען: אִיךְ בִּין דָאס
לֶעבֶּעדִיגֶע בְּרוֹיט, וָואס אִיז פוּם הִימֶעל אַרוּפְגֶעקוּמֶען;
וֶוער עֶס וֶועט עֶסֶען פוּן דִיזֶעס בְּרוֹיט, וֶועט אוֹיף עֶבִּיג
לֶעבֶּען; אוּנְד דָאס בְּרוֹיט וָואס אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען אִיז מֵיין
פְלֵיישׁ פַאר דֶעם לֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט:
52 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעקְרִיגְט אוּנְד גֶעזָאגְט,
ווִיא אַזוֹי קָאן אוּנְס דִיזֶער גֶעבֶּען זַיין פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען?
53 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,
וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּן דֶעם בֶּן אָדָם
אוּנְד וֶועט נִיט טְרִינְקֶען זַיין בְּלוּט, הָאט אִיהְר קֵיין לֶעבֶּען
54 נִיט אִין אֵייךְ: וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין פְלֵיישׁ אוּנְד טְרִינְקְט
מֵיין בְּלוּט, הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
55 אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג: וָוארִין מֵיין פְלֵיישׁ אִיז
וָואהְרְהַאפְטִיגֶע שְׁפֵּייז, אוּנְד מֵיין בְּלוּט אִיז וָואהְרְהַאפְטִיגֶעס
56 גֶעטְרֶענְק: וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין פְלֵיישׁ אוּנְד טְרִינְקְט מֵיין
57 בְּלוּט, דֶער וְואוֹינְט אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין אִיהְם: אַזוֹי

וִויא דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער פָּאטֶער הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד
אִיךְ לֶעבּ דוּרְךְ דֶעם פָּאטֶער, אַזוֹי װֶער עֶס עֶסְט מִיךְ,
58 דֶער װֶעט אוֹיךְ לֶעבֶּען דוּרְךְ מִיר: דָאס אִיז דָאס בְּרוֹיט
װָאס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן הִימֶעל, נִיט אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע
אָבוֹת הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען; װֶער עֶס
59 עֶסְט דִיזֶעס בְּרוֹיט װֶעט עֶבִּיג לֶעבֶּען: דִיזֶעס הָאט עֶר
גֶעזָאגְט אִין דֶער שׁוּל, װֶען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין כְּפַר
נַחוּם:
60 פִילֶע פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים, װֶען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דָאס אִיז אַ הַארְטֶעס װָארְט; װֶער קָאן
61 עֶס הֶערֶען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִין זִיךְ גֶעװְאוּסְט אַז זַיינֶע
תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיבֶּער דֶעם גֶעמוּרְמֶעלְט, אוּנְד הָאט צוּ
62 זַייא גֶעזָאגְט, אִיז דָאס אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג צוּ אֵייךְ? וִויא,
װֶען אִיהְר װֶעט זֶעהֶען דֶעם בֶּן אָדָם אַרוֹיפְגֶעהֶען װְאוּ עֶר
63 אִיז פְרִיהֶער גֶעװֶעזֶען? עֶס אִיז דֶער גֵייסְט װָאס מַאכְט
לֶעבֶּעדִיג; דָאס פְלֵיישׁ נִיצְט גָארְנִיט; דִיא װֶערְטֶער װָאס
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט דִיא זֶענֶען גֵייסְט, אוּנְד דִיא
64 זֶענֶען לֶעבֶּען: אָבֶּער דָא זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ װָאס
גְלוֹיבֶּען נִיט; װָארִין יֵשׁוּעַ הָאט גֶעװְאוּסְט פוּן אָנְהֵייבּ
װֶעלְכֶע דִיא זֶענֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד װֶעלְ-
65 כֶער עֶס אִיז װָאס װֶעט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען: אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, דְרוּם הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז קֵיינֶער קָאן
נִיט צוּ מִיר קוּמֶען עֶס זַייא דֶען אַז עֶס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען
פוּן דֶעם פָּאטֶער:
66 נָאכְדֶעם זֶענֶען פִילֶע פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען,
67 אוּנְד זֶענֶען נִיט מֶעהְר מִיט אִיהְם אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, צוּ דִיא צְװֶעלְף, וִוילְט אִיהְר אוֹיךְ
68 אַװֶעקְגֶעהֶען? שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
הַאר צוּ װֶעמֶען זָאלֶען מִיר גֶעהֶען? דוּא הָאסְט דִיא װֶער-
69 טֶער פוּן עֶבִּיגֶעם לֶעבֶּען; אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
אוּנְד דֶערְקֶענְט אַז דוּא בִּיסְט דֶער הֵיילִיגֶער פוּן
70 גָאט, יֵשׁוּעַ הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, הָאבּ אִיךְ אֵייךְ נִיט
צְװֶעלְף אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְט? אוּנְד אֵיינֶער פוּן אֵייךְ אִיז אַ
71 שָׂטָן: דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוֹיף יְהוּדָה דֶער זוּהְן פוּן אִישׁ

קְרִיוֹת, וָוארִין עֶר וֶועט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען, וָואס אִיז
אֵיינֶער פוּן דִיא צְוֶועלְף׃

קאפיטעל ז

אוּנְד נָאכְדֶעם אִיז יֵשׁוּעַ אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין גָלִיל; וָוארִין 1
עֶר הָאט נִיט גֶעוָואלְט אַרוּמְגֶעהֶען אִין יְהוּדָה, וֵוייל דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ הַרְגֶענֶען׃ אוּנְד דֶער 2
יוּדִישֶׁער יוֹם טוֹב חַג הַסוּכּוֹת אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען׃
אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע בְּרִידֶער צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַוֶועק 3
פוּן דַאנֶען, אוּנְד גֶעה קֵיין יְהוּדָה, אַז דֵיינֶע תַּלְמִידִים זָאלֶען
זֶעהֶען דִיא וֶוערְקֶע וָואס דוּא טְהוּסְט׃ וָוארִין קֵיינֶער טְהוּט 4
עֶפֶּעס אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם, אוּנְד וִויל זֶעלְבְּסְט עֶפֶענְטְלִיךְ
בֶּעקַאנְט זַיין; וֶוען דוּא טְהוּסְט דִיזֶע זַאכֶען, וֵוייז דִיךְ צוּ
דֶער וֶועלְט׃ וָוארִין זַיינֶע בְּרִידֶער הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט אָן אִיהְם 5
גֶעגְלוֹיבְּט׃ דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מַיינֶע צֵייט 6
אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען, אָבֶּער אֵיירֶע צֵייט אִיז בֶּעשְׁטֶענְדִיג
פַארְטִיג׃ דִיא וֶועלְט קָאן אֵייךְ נִיט הַאסֶען, אָבֶּער מִיךְ 7
הָאט זִיא גֶעהַאסְט, וֵוייל אִיךְ בֶּעצֵייג קֶעגֶען אִיהְר, אַז
אִיהְרֶע וֶוערְקֶע זֶענֶען שְׁלֶעכְט׃ גֶעהְט אִיהְר אַרוֹיף צוּ 8
דִיזֶען יוֹם טוֹב; אִיךְ גֶעה נָאךְ נִיט אַרוֹיף צוּ דִיזֶען יוֹם
טוֹב. וָוארִין מַיינֶע צֵייט אִיז נָאךְ נִיט דֶערְפִילְט׃ וֶוען עֶר 9
הָאט דָאס צוּ זַייא גֶעזָאגְט אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען אִין גָלִיל׃
אָבֶּער וֶוען זַיינֶע בְּרִידֶער זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען צוּם יוֹם 10
טוֹב, דַאן אִיז עֶר אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, נִיט עֶפֶענְטְלִיךְ,
נֵייעֶרְט אִים פֶערְבָּארְגֶענֶעם; דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶע־ 11
זוּכְט אִים יוֹם טוֹב, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז עֶר?
אוּנְד דָא אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיס גֶעמוּרְמֶעל צְווִישֶׁען דֶעם
פָאלְק וֶועגֶען אִיהְם; עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אַ 12
גוּטֶער מַאן; אָבֶּער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, נֵיין, נֵייעֶרְט
עֶר פֶערְפִיהְרְט דָאס פָאלְק׃ אָבֶּער קֵיינֶער הָאט פוּן אִיהְם 13
נִיט עֶפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט, פָאר פוּרְכְט פַאר דִיא יוּדֶען׃
אוּנְד שׁוֹין אִין מִיטֶען יוֹם טוֹב אִיז יֵשׁוּעַ אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ 14
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט׃ דְרוּם הָאבֶּען זִיךְ 15
דִיא יוּדֶען פֶערְוואוּנְדֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, וְויא אַזוֹי קֶען
דִיזֶער מַאן דִיא שְׁרִיפְטֶען, וֶוען עֶר הָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶע־

16 לֶערְנְט? יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיינֶע
לֶעהְרֶע אִיז נִיט מֵיינֶע, נֵייעֶרְט פוּן אִיהְם וָואס הָאט מִיךְ
17 גֶעשִׁיקְט: וֶוען אֵיינֶער ווִיל זַיין ווִילֶען טְהוּן, אַזוֹי וֶועט עֶר
ווִיסֶען פוּן דֶער לֶעהְרֶע, אוֹיבּ עֶס אִיז פוּן גָאט, אָדֶער אִיךְ
18 רֶעד פוּן מִיר אַלֵיין: דֶער וָואס רֶעט פוּן זִיךְ אַלֵיין זוּכְט
זַיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד, אָבֶּער דֶער וָואס זוּכְט דֶעם כָּבוֹד פוּן
דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט, דֶער אִיז וָואהְר, אוּנְד עֶס
19 אִיז קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט אִין אִיהְם: הָאט אֵייךְ נִיט משֶׁה
גֶעגֶעבֶּען דִיא תּוֹרָה, אוּנְד קֵיינֶער פוּן אֵייךְ הַאלְט דִיא
20 תּוֹרָה? וָוארוּם זוּכְט אִיהְר מִיךְ צוּ טֵייטֶען? דִיא לֵייט
הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט דוּא הָאסְט אַ שֵׁד, וֶוער זוּכְט דִיךְ צוּ
21 טֵייטֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אֵיין וֶוערְק הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן אוּנְד אִיהְר ווְאוּנְדֶערְט
22 אֵייךְ אַלֶע: דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט אֵייךְ משֶׁה גֶעגֶעבֶּען דִיא
מִילָה, נִיט ווֵייל עֶס אִיז פוּן משֶׁה נֵייעֶרְט פוּן דִיא אָבוֹת,
23 אוּנְד אִיהְר טְהוּט אַם שַׁבָּת אַ מֶענְשׁ מַל זַיין: וֶוען אַ
מֶענְשׁ עֶנְטְפַאנְגְט אַם שַׁבָּת מִילָה, כְּדֵי תּוֹרַת משֶׁה זָאל נִיט
פֶערְשְׁטֶערְט ווֶערֶען, עֶרְגֶערְט אִיהְר אֵייךְ אִיבֶּער מִיר, ווֵייל
24 אִיךְ הָאבּ אַ מֶענְשׁ גַאנְץ גֶעזוּנְד גֶעמַאכְט אַם שַׁבָּת?
רִיכְטֶעט נִיט נָאךְ דֶעם אָנְזֶעהְעֶן נֵייעֶרְט רִיכְטֶעט
גֶערֶעכְט מִשְׁפָּט:
25 דְרוּם הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פוּן יְרוּשָׁלַיִם גֶעזָאגְט, אִיז
26 דָאס נִיט דֶער וֶועלְכֶען זֵייא זוּכֶען צוּ טֵייטֶען? זֶעה עֶר רֶעט
עֶפֶענְטְלִיךְ, אוּנְד זֵייא זָאגֶען אִיהְם גָארְנִיט; ווִיסֶען דֶען
27 דִיא עֶלְצְטֶע גֶעווִיס אַז עֶר אִיז דֶער מָשִׁיחַ: אָבֶּער מִיר
קֶענֶען דָאךְ דִיזֶען, פוּן וַואנֶען עֶר אִיז; אָבֶּער וֶוען דֶער
28 מָשִׁיחַ קוּמְט ווֵייסְט קֵיינֶער נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז: יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן וֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ
אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר קֶענְט מִיךְ, אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט פוּן
וַואנֶען אִיךְ בִּין; אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען פוּן מִיר
זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער דֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אִיז וָואהְר
29 וֶועלְכֶען אִיהְר קֶענְט נִיט: אָבֶּער אִיךְ קֶען אִיהְם, וָוארִין
אִיךְ בִּין פוּן אִיהְם, אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
30 זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזוּכְט צוּ נֶעמֶען, דְרוּם הָאט קֵיינֶער

אוֹיף אִיהְם דִיא הַאנְד גֶעלֶעגְט, וָוארִין זַיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ
31 נִיט גֶעקוּמֶען: אָבֶּער פִילֶע פוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען אָן אִיהְם
גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט, וֶועט עֶר
דֶען מֶעהְר וְואוּנְדֶער טְהוּן וִויא דִיזֶע וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן?
32 דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא לֵייט הָאבֶּען דָאס
וֶועגֶען אִיהְם גֶעמוּרְמֶעלְט, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד
דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט מְשָׁרְתִים, אַז זַייא זָאלֶען
33 אִיהְם נֶעמֶען: אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זַייא גֶעזָאגְט, נָאךְ אַ
קְלֵיינֶע צֵייט בִּין אִיךְ מִיט אֵייךְ, אוּנְד אִיךְ גֶעה צוּ דֶעם
34 וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען אוּנְד וֶועט
מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען; אוּנְד וְואוּ אִיךְ בִּין, דָארְט אַהִין קֶענְט
35 אִיהְר נִיט קוּמֶען: אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען אֵיינֶער צוּם אַנְ־
דֶערֶען גֶעזָאגְט, וְואוּ אַהִין וֶועט עֶר גֶעהֶען אַז מִיר
וֶועלֶען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען, וֶועט עֶר גֶעהֶען צְווִישֶׁען דִיא
פֶערְשְׁטוֹיסֶענֶע צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם אוּנְד וֶועט דִיא גוֹיִם לֶעהְ־
36 רֶען? וָואס אִיז דָאס וָוארְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר
וֶועט מִיךְ זוּכֶען אוּנְד וֶועט מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען; אוּנְד וְואוּ
אִיךְ בִּין קֶענְט אִיהְר נִיט אַהִין קוּמֶען?
37 אוּנְד אָן דֶעם לֶעצְטֶען טָאג, וָואס אִיז דֶער גְרוֹיסֶער טָאג
פוּן דֶעם יוֹם טוֹב, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶע־
שְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס אִיז דוּרְשְׁטִיג, לָאז עֶר צוּ
38 מִיר קוּמֶען אוּנְד טְרִינְקֶען: דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר,
וִויא דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, פוּן זַיין לֵייבּ וֶועלֶען אַרוֹיסְפְלִיסֶען
39 טֵייכֶען פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע וַואסֶער: אוּנְד דָאס הָאט עֶר גֶע־
זָאגְט וֶועגֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען אָן
אִיהְם וֶועלֶען דֶערְהַאלְטֶען; וָוארִין דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אִיז
נָאךְ נִיט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, וֵוייל יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט פֶערְ־
40 הֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען: דְרוּם אֵייניגֶע פוּן דִיא לֵייט, וֶוען זַייא
הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז
41 גֶעווִיס דֶער נָבִיא: אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיז דֶער
מָשִׁיחַ; אוּנְד אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט קוּמְט דֶען דֶער
42 מָשִׁיחַ אַרוֹיס פוּן גָלִיל? הָאט נִיט דִיא שְׁרִיפְט גֶעזָאגְט,
אַז דֶער מָשִׁיחַ קוּמְט אַרוֹיס פוּן זֶרַע דָוִד, אוּנְד פוּן בֵּית־
43 לֶחֶם, דִיא שְׁטָאט וְואוּ דָוִד אִיז גֶעוֶועזֶען? דְרוּם אִיז גֶע־

וֶוען אַ קְרִינֶערֵייא אִיבֶּער אִיהְם צְווִישֶׁען דִיא לֵייט:
44 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט נֶעמֶען,
אָבֶּער קֵיינֶער הָאט נִיט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט:
45 דְרוּם זֶענֶען דִיא מְשָׁרְתִים גֶעקוּמֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים
אוּנְד פְּרוּשִׁים, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וָוארוּם
46 הָאט אִיהְר אִיהְם נִיט גֶעבְּרַאכְט? דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען
גֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיינְמָאל הָאט אַ מֶענְשׁ גֶערֶעט אַזוֹי וִויא דִיזֶער
47 מַאן: דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, זֶענְט
48 אִיהְר אוֹיךְ פֶערְפִיהְרְט? הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע
49 אָדֶער פוּן דִיא פְּרוּשִׁים אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט? אָבֶּער דִיזֶע
לֵייט וָואס קֶענֶען נִיט דִיא תּוֹרָה זֶענֶען פֶערְשָׁאלְטֶען:
50 נִיקוֹדִימוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, (דֶער וָואס אִיז אֵיינֶער
51 פוּן זֵייא אוּנְד צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען בֵּייא נַאכְט): רִיכְטֶעט
אוּנְזֶערֶע תּוֹרָה אַ מֶענְשׁ, אֵיידֶער מֶען הָאט אִיהְם פֶערְהֶערְט
52 אוּנְד מֶען ווייסְט וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן? זֵייא הָאבֶּען גֶע־
עֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא דֶען
אוֹיךְ פוּן גָלִיל: פָארְשׁ אוּנְד זֶעה, אַז פוּן גָלִיל שְׁטֶעהְט
53 נִיט אוֹיף קֵיין נָבִיא: אוּנְד אִיטְלִיכֶער אִיז אַהֵיימְגֶעגַאנְגֶען:

## קאפיטעל ח

1 יֵשׁוּעַ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם הַר הַזֵּתִים: אוּנְד אִין דֶער
2 פְרִיה אִיז עֶר ווִידֶער גֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין,
אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען; אוּנְד עֶר
3 הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאט זֵייא גֶעלֶעהְרְט: אוּנְד
דִיא סוֹפְרִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
אַ פְרוֹיא וָואס מֶען הָאט גֶעחַאפְּט אִין זְנוּת, אוּנְד זֵייא
4 הָאבֶּען זִיא אִין מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, לֶעהְרֶער, דִיזֶע פְרוֹיא אִיז גֶעחַאפְּט גֶע־
5 וָוארֶען בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה אִין זְנוּת: אוּנְד משֶׁה אִין דֶער תּוֹרָה
הָאט אוּנְס גֶעבָּאטֶען, אַז מֶען זָאל אַזֶעלְכֶע פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען;
6 דְרוּם וָואס זָאגְסְט דוּא? אוּנְד דָאס הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְּרוּפְט, אַז זֵייא זָאלֶען עֶפֶּעס הָאבֶּען
אִיהְם צוּ פֶערְקְלָאגֶען. אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אַרוּפְּגֶעבּוֹיגֶען,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט דֶעם פִינְגֶער אוֹיף דֶער עֶרְד:
7 אָבֶּער וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם וֵוייטֶער גֶעפְרֶעגְט, הָאט עֶר

זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער וָואס
אִיז אָהְן זִינְד צְווִישֶׁען אַייךְ, דֶער זָאל צוּם עֶרְשְׁטֶען דֶעם
8 שְׁטֵיין אוֹיף אִיהְר וַוארְפֶען: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ ווִידֶער
אַרוֹיפְגֶעבּוֹיגֶען, אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף דֶער עֶרְד:
9 אוּנְד ווִיא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּנְד זֶענֶען אִין זֵייעֶר
הַארְץ גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעווָארֶען, זֶענֶען זֵייא אֵיינֶער נָאךְ דֶעם
אַנְדֶערֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען בִּיז דֶעם יוּנְגְסְ־
טֶען; אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד דִיא פְרוֹיא
10 אִיז אִין מִיטֶען גֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶע־
הוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט קֵיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער דִיא
פְרוֹיא, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, ווְאוּ זֶענֶען דִיא
וָואס הָאבֶּען דִיךְ פֶערְקְלָאגְט? הָאט דִיךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְ־
11 שׁוּלְדִיגְט? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט קֵיינֶער נִיט, הַאר,
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, אִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיג
דִיךְ אוֹיךְ נִיט, גֶעה, אוּנְד זִינְדִיג נִיט מֶעהְר:
12 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין דָאס לִיכְט פוּן דֶער וֶועלְט; וֶוער עֶס פָאלְגְט מִיר
נָאךְ ווֶעט נִיט אַרוּמְגֶעהֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער, נֵייעֶרְט עֶר
13 ווֶעט הָאבֶּען דָאס לִיכְט פוּן לֶעבֶּען: דְרוּם הָאבֶּען דִיא
פְּרוּשִׁים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בֶּעצֵייגְסְט אוֹיף דִיר אַלֵיין;
14 דֵיין צֵייגְנִיס אִיז נִיט וָואהְר: יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, הָאטְשֶׁע אִיךְ בֶּעצֵייג אוֹיף מִיר אַלֵיין
אִיז דָאךְ מֵיין צֵייגְנִיס וָואהְר; ווָארִין אִיךְ ווֵייס פוּן וַואנֶען
אִיךְ קוּם אוּנְד ווְאוּ אַהִין אִיךְ גֶעה; אָבֶּער אִיהְר ווֵייסְט
15 נִיט פוּן וַואנֶען אִיךְ קוּם, אוּנְד ווְאוּ אַהִין אִיךְ גֶעה: אִיהְר
16 רִיכְטֶעט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אִיךְ רִיכְטֶע קֵיינֶעם נִיט: אוּנְד
וֶוען אִיךְ רִיכְטֶע, אַזוֹי אִיז מֵיין מִשְׁפָּט וָואהְר; ווָארִין אִיךְ
בִּין נִיט אַלֵיין, נֵייעֶרְט אִיךְ אוּנְד דֶער פָאטֶער וָואס הָאט
17 מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אֵייר־
רֶע תּוֹרָה, אַז דָאס צֵייגְנִיס פוּן צְווֵייא מֶענְשֶׁען אִיז וָואהְר:
18 אִיךְ בִּין אֵיינֶער וָואס בֶּעצֵייג אוֹיף מִיר אַלֵיין, אוּנְד דֶער
19 פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט בֶּעצֵייגְט אוֹיף מִיר: אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווְאוּ אִיז דֵיין פָאטֶער? יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אִיהְר קֶענְט מִיךְ נִיט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט מֵיין

פָּאטֶער; װֶוען אִיהְר װָאלְט מִיךְ גֶעקֶענְט, אַזוֹי װָאלְט אִיהְר
20 מֵיין פָּאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט: דִיזֶע װֶוערְטֶער הָאט עֶר גֶע־
רֶעט אִין דֶעם אוֹצָר, װֶוען עֶר הָאט גֶעלֶעהְרְט אִין בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ; אוּנְד קֵיינֶער הָאט אִיהְם נִיט גֶענוּמֶען, װָארִין
זֵיינֶע שָׁעָה אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען:
21 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ װִידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה אַװֶועק,
אוּנְד אִיהְר װֶועט מִיךְ זוּכֶען, אוּנְד װֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין
אֵיירֶע זִינְד; װְאוּ אִיךְ גֶעה, דָארְט אַהִין קֶענְט אִיהְר נִיט
22 קוּמֶען: דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, װֶועט עֶר זִיךְ
אַלֵיין טֵייטֶען, אַז עֶר זָאגְט, װְאוּ אִיךְ גֶעה קֶענְט אִיהְר נִיט
23 קוּמֶען? אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט פוּן
אוּנְטֶען, אִיךְ בִּין פוּן אוֹיבֶּען; אִיהְר זֶענְט פוּן דִיזֶער װֶועלְט,
24 אִיךְ בִּין נִיט פוּן דִיזֶער װֶועלְט: דְרוּם הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אַז
אִיהְר װֶועט שְׁטַארְבֶּען אִין אֵיירֶע זִינְד; װָארִין װֶוען אִיהְר
װֶועט נִיט גְלוֹיבֶּען אַז אִיךְ בִּין עֶר, װֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען
25 אִין אֵיירֶע זִינְד: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, װֶוער
בִּיסְט דוּא? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, דֶער װָאס אִיךְ
26 הָאבּ צוּ אֵייךְ פוּן אָנְהֵייבּ גֶעזָאגְט: אִיךְ הָאבּ פִיל װֶועגֶען
אֵייךְ צוּ רֶעדֶען אוּנְד צוּ רִיכְטֶען; אָבֶּער דֶער װָאס הָאט
מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִיז װָאהְר, אוּנְד װָאס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן
27 אִיהְם, דָאס רֶעד אִיךְ צוּ דֶער װֶועלְט: זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶע־
װְאוּסְט, אַז עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט װֶועגֶען דֶעם פָּאטֶער:
28 אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, װֶוען אִיהְר װֶועט דֶעם בֶּן
אָדָם אוֹיפְהֶעבֶּען, דַאן װֶועט אִיהְר װִיסֶען אַז אִיךְ בִּין עֶר,
אוּנְד אִיךְ טְהוּא גָארְנִיט פוּן מִיר אַלֵיין, נֵייעֶרְט אַזוֹי װִיא
29 מֵיין פָּאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלֶעהְרְט, דָאס רֶעד אִיךְ: אוּנְד
דֶער װָאס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִיז מִיט מִיר; דֶער פָּאטֶער
הָאט מִיךְ נִיט גֶעלָאזְט אַלֵיין, װָארִין אִיךְ טְהוּא בֶּעשְׁטֶענְדִיג
30 דָאס װָאס גֶעפֶעלְט אִיהְם: װֶוען עֶר הָאט דִיזֶעס גֶערֶעט
הָאבֶּען פִילֶע אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט:
31 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען װָאס הָאבֶּען אָן
אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט, װֶוען אִיהְר בְּלֵייבְּט בֵּייא מֵיין װָארְט, אַזוֹי
32 זֶענְט אִיהְר בֶּאֱמֶת מֵיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד אִיהְר װֶועט װִיסֶען
דִיא װָאהְרְהֵייט, אוּנְד דִיא װָאהְרְהֵייט װֶועט אֵייךְ פְרֵייא

33 מַאכֶען: זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיר זֶענֶען דֶער
זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם: אוּנְד מִיר זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט צוּ
אִימִיצֶען קְנֶעכְט גֶעוֶועזֶען, וִויא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא אִיהְר וֶועט
34 בֶּעפְרֵייט וֶוערֶען: יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, בֶּאֱמֶת,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט אִיז אַ
35 קְנֶעכְט פוּן דֶער זִינְד: אוּנְד דֶער קְנֶעכְט בְּלֵייבְּט נִיט
36 תָּמִיד אִים הויז; דֶער זוּהְן בְּלֵייבְּט תָּמִיד: דְרוּם וֶוען דֶער
זוּהְן וֶועט אֵייךְ פְרֵייא מַאכֶען וֶועט אִיהְר וִוירְקְלִיךְ פְרֵייא
37 זַיין: אִיךְ ווייס אַז אִיהְר זֶענְט דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם;
אָבֶער אִיהְר זוּכְט מִיךְ צוּ הַרְגֶענֶען, וָוארִין מֵיין וָוארְט הָאט
38 נִיט קֵיין פְּלַאץ אִין אֵייךְ: אִיךְ רֶעד וָואס אִיךְ הָאב גֶעזֶעהֶען
בַּייא מַיין פָאטֶער; אוּנְד אִיהְר טְהוּט וָואס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען
39 בַּייא אֵייעֶר פָאטֶער: זֵייא הָאבֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אַבְרָהָם אִיז אוּנְזֶער פָאטֶער; יֵשׁוּעַ הָאט
צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר וָואלְט גֶעוֶועזֶען דִיא קִינְדֶער
פוּן אַבְרָהָם, וָואלְט אִיהְר גֶעטְהוּן דִיא וֶוערְקֶע פוּן אַבְרָהָם:
40 אָבֶער אַצוּנְד זוּכְט אִיהְר מִיךְ צוּ הַרְגֶענֶען, אַ מֶענְשׁ וָואס
הָאט דִיא וָאהְרְהֵייט צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, וָואס אִיךְ הָאב גֶע־
41 הֶערְט פוּן גָאט; דָאס הָאט אַבְרָהָם נִיט גֶעטְהוּן: אִיהְר
טְהוּט דִיא וֶוערְק פוּן אֵייעֶר פָאטֶער. זֵייא הָאבֶען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, מִיר זֶענֶען נִיט גֶעבּוֹירֶען פוּן זְנוּת; מִיר הָאבֶּען
42 אַ פָאטֶער, דֶער אִיז גָאט: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וֶוען גָאט וָואלְט גֶעוֶועזֶען אֵייעֶר פָאטֶער, וָואלְט אִיהְר מִיךְ
גֶעלִיבְּט, וָוארִין אִיךְ בִּין אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד בִּין גֶעקוּמֶען
פוּן גָאט; דֶען אִיךְ בִּין נִיט פוּן מִיר אַלֵיין גֶעקוּמֶען, נֵייד־
43 עֶרְט עֶר הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: וָוארוּם פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהְר
נִיט מֵיינֶע רֶעד? וֵוייל אִיהְר קֶענְט נִיט הֶערֶען מֵיין וָוארְט.
44 אִיהְר זֶענְט פוּן אֵייעֶר פָאטֶער דֶעם שָׂטָן, אוּנְד אִיהְר ווִילְט
טְהוּן דִיא גְלִיסְטֶען פוּן אֵייעֶר פָאטֶער, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
רוֹצֵחַ פוּן אָנְהֵייבּ, אוּנְד אִיז נִיט בֶּעשְׁטַאנֶען אִין דֶער
וָאהְרְהֵייט, ווֵייל עֶס אִיז קֵיין אֱמֶת נִיט אִין אִיהְם; וֶוען עֶר
רֶעט אַ לִיגֶען, אַזוֹי רֶעט עֶר פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, וָוארִין עֶר
45 אִיז אַ לִיגְנֶער, אוּנְד דֶער פָאטֶער דֶערְפוּן: אָבֶּער ווִייל
אִיךְ זָאג דִיא וָאהְרְהֵייט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט אִיהְר מִיר נִיט:

46 װֶעלְכֶער פוּן אֵייךְ קֶען מִיךְ בֶּעװֵייזֶען אִין אַ זִינְד? װֶען
אִיךְ זָאג דִיא װָאהְרְהֵייט װָארוּם גְלוֹיבְּט אִיהְר מִיר נִיט?
47 דֶער װָאס אִיז פוּן גָאט, הֶערְט דִיא װֶערְטֶער פוּן גָאט;
װייל אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן גָאט דָארוּם הֶערְט אִיהְר נִיט:
48 דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעעֶנְטפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הָאבֶּען מִיר נִיט ־רעכְט גֶעזָאגְט, אַז דוּא בִּיסְט אַ
49 שֹׁמְרוֹנִי, אוּנְד הָאסְט אַ שֵׁד? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, אִיךְ
הָאבּ נִיט קֵיין שֵׁד, נייעֶרְט אִיךְ עֶהְרֶע מֵיין פָאטֶער, אוּנְד
50 אִיהְר זֶענְט מִיךְ מְבַיֵּשׁ: אָבֶּער אִיךְ זוּךְ נִיט מֵיין כָּבוֹד,
51 עֶס אִיז דָא אֵיינֶער װָאס זוּכְט אוּנְד רִיכְטֶעט: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, װֶער עֶס װֶעט הַאלְטֶען מֵיין װָארְט, װֶעט
52 נִיט זֶעהֶען דֶעם טוֹיט אוֹיף עֶבִּיג: דִיא יוּדֶען הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, אַצוּנְד װִיסֶען מִיר אַז דוּא הָאסְט אַ שֵׁד;
אַבְרָהָם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אוּנְד דוּא
זָאגְסְט, װֶער עֶס װֶעט הַאלְטֶען מֵיין װָארְט װֶעט נִיט פֶערְ־
53 זוּכֶען דְעם טוֹיט אוֹיף עֶבִּיג: בִּיסְט דוּא גְרֶעסֶער װִיא
אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם, װָאס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען? אוּנְד דִיא
נְבִיאִים זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען; װֶעמֶען מַאכְסְט דוּא זִיךְ
54 אַלֵיין? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, װֶען אִיךְ טְהוּא מִיךְ אַלֵיין
עֶהְרֶען, אַזוֹי אִיז מֵיין כָּבוֹד גָארְנִיט; עֶס אִיז מֵיין פָאטֶער
װָאס טְהוּט מִיךְ עֶהְרֶען, אוֹיף דֶעם אִיהְר זָאגְט אַז עֶר אִיז
55 אֵייעֶר גָאט: אוּנְד אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט, אָבֶּער
אִיךְ קֶען אִיהְם. אוּנְד װֶען אִיךְ זָאג אַז אִיךְ קֶען אִיהְם נִיט,
װֶעל אִיךְ זַיין אַ לִיגְנֶער גְלֵייךְ װִיא אִיהְר, אָבֶּער אִיךְ קֶען
56 אִיהְם אוּנְד הַאלְט זַיין װָארְט: אַבְרָהָם אֵייעֶר פָאטֶער הָאט
זִיךְ גֶעפְרֵייט אַז עֶר זָאל זֶעהֶען מֵיין טָאג; אוּנְד עֶר הָאט
57 גֶעזֶעהֶען אוּנְד אִיז פְרֶעהְלִיךְ גֶעװֶעזֶען: דְרוּם הָאבֶּען דִיא
יוּדֶען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט נָאךְ נִיט פוּפְצִיג יָאהְר
58 אַלְט, אוּנְד הָאסְט דוּא אַבְרָהָם גֶעזֶעהֶען? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אֵיידֶער אַבְרָהָם
59 אִיז גֶעװֶעזֶען בִּין אִיךְ: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען שְׁטֵיינֶער
זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם װַארְפֶען; אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ
פֶערְבָּארְגֶען, אוּנְד אִיז פוּן בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד צְװִישֶׁען זֵייא דוּרְכְגֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז פֶערְבֵּייגֶעגַאנְגֶען:

## קאפיטעל ט

אוּנְד וִויא עֶר אִיז פֶערְבַּייא גֶעגַאנְגֶען הָאט עֶר גֶעזֶעהֶען 1
אַ מַאן וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען בְּלִינְד פוּן זַיינֶע גֶעבּוּרְט אָן: אוּנְד 2
זַיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רַבִּי,
וֶוער הָאט גֶעזִינְדִיגְט, דִיזֶער אָדֶער זַיינֶע עֶלְטֶערְן, אַז עֶר
אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, 3
נִיט עֶר אַלֵיין הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד אוֹיךְ נִיט זַיינֶע עֶלְטֶערְן;
נייעֶרְט כְּדֵי דִיא וֶוערְק פוּן גָאט זָאלֶען אִין אִיהְם בַּאוִויזֶען
וֶוערֶען: אִיךְ מוּס וֶוערְקֶען דִיא וֶוערְק פוּן אִיהְם וָואס הָאט 4
מִיךְ גֶעשִׁיקְט אַזוֹי לַאנְג עֶס אִיז טָאג; דִיא נַאכְט קוּמְט,
וֶוען קֵיינֶער קָאן נִיט וֶוערְקֶען: בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין אוֹיף דֶער 5
וֶועלְט בִּין אִיךְ דָאס לִיכְט פוּן דֶער וֶועלְט: וֶוען עֶר הָאט 6
דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶעשְׁפִּיגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד
הָאט גֶעמַאכְט לֶעהְם פוּן דֶעם שְׁפֵּייעֶכְץ אוּנְד הָאט בֶּעשְׁמִירְט
דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם בְּלִינְדֶען מִיט דֶעם לֶעהְם; אוּנְד עֶר 7
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה וַואשׁ דִיךְ אִין דֶעם טֵייךְ שִׁילֹחַ,
וָואס אִיז פֶערְטֵייטְשְׁט גֶעשִׁיקְט; דְרוּם אִיז עֶר אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען זֶעהֶענְ־
דִיג: דִיא שְׁכֵנִים, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם פְרִיהֶער 8
גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בֶּעטְלֶער, הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
אִיז עֶס נִיט דֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶעלְט?
מַאנְכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶס אִיז דֶער; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען 9
גֶעזָאגְט, נֵיין, עֶר אִיז אִיהְם עֶהְנְלִיךְ; עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין עֶס: דְרוּם הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וִויא 10
זֶענֶען דֶען דַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען? עֶר הָאט 11
גֶעעֶנְטְפֶערְט, דֶער מַאן וָואס הֵייסְט יֵשׁוּעַ הָאט גֶעמַאכְט
לֶעהְם, אוּנְד הָאט מֵיינֶע אוֹיגֶען בֶּעשְׁמִירְט, אוּנְד הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה צוּם טֵייךְ שִׁילֹחַ אוּנְד וַואשׁ דִיךְ; אַזוֹי
בִּין אִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ מִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד
אִיךְ בִּין זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם 12
גֶעזָאגְט, וְואוּ אִיז עֶר? עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ וֵוייס נִיט:
זֵייא הָאבֶּען גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא פְּרוּשִׁים דֶעם וָואס אִיז 13
פְרִיהֶער בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען שַׁבָּת וֶוען 14
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעמַאכְט דֶעם לֶעהְם, אוּנְד הָאט אִיהְם דִיא

15 אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט: דְרוּם הָאבֶּען אִיהְם דִיא פְּרוּשִׁים אוֹיךְ
ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט, ווִיא אַזוֹי עֶר אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען.
אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, עֶר הָאט גֶעלֶעגְט לֶעהְם
אוֹיף מֵיינֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעוַואשֶׁען, אוּנְד
16 בִּין זֶעהֶענְדִיג: אַזוֹי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים
גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן אִיז נִיט פוּן גָאט, ווָארִין עֶר הַאלְט נִיט
דֶעם שַׁבָּת. אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, ווִיא אַזוֹי קֶען אַ מֶענְשׁ
ווָאס אִיז אַ זִינְדֶער אַזֶעלְכֶע ווְאוּנְדֶער טְהוּן? אוּנְד עֶס אִיז
17 גֶעוֶועזֶען אַ צַאנְקֶערַייא צְווִישֶׁען זַייא: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא
ווִידֶער צוּם בְּלִינְדֶען גֶעזָאגְט, ווָאס זָאגְסְט דוּא ווֶעגֶען אִיהְם,
אַז עֶר הָאט דֵיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט? אוּנְד עֶר הָאט
18 גֶעזָאגְט, עֶר אִיז אַ נָבִיא: דְרוּם הָאבֶּען דִיא יוּדֶען ווֶעגֶען
אִיהְם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז
זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, בִּיז זַייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דִיא עֶלְטֶערְן
19 פוּן דֶעם ווָאס אִיז זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען
זַייא גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיז דֶער אֵייעֶר זוּהְן, ווָאס
אִיהְר זָאגְט אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען? ווִיא
20 אַזוֹי אִיז עֶר דֶען אַצוּנְד זֶעהֶענְדִיג? אַזוֹי הָאבֶּען זַיינֶע
עֶלְטֶערְן גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר ווִיסֶען אַז עֶר אִיז
אוּנְזֶער זוּהְן, אוּנְד אַז עֶר אִיז בְּלִינְד גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען;
21 אָבֶּער ווִיא אַזוֹי עֶר זֶעהְט אַצוּנְד ווִיסֶען מִיר נִיט; אָדֶער
ווֶער עֶס הָאט אִיהְם דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט ווִיסֶען מִיר
נִיט; עֶר אִיז שׁוֹין גְרוֹיס, פְרֶעגְט אִיהְם עֶר ווֶעט פַאר זִיךְ
22 אַלֵיין רֶעדֶען: דָאס הָאבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערְן גֶעזָאגְט, ווַייל
זַייא הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט פָאר דִיא יוּדֶען; ווָארִין דִיא יוּדֶען
הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין פֶערְאֵיינִיגְט, אַז ווֶען אֵיינֶער ווֶעט אִיהְם
בֶּעקֶענֶען פַאר דֶעם מָשִׁיחַ, זָאל עֶר פוּן דֶער שׁוּל אַרוֹיסְ־
23 גֶעוָוארְפֶען ווֶערֶען: דֶעסְטְווֶעגֶען הָאבֶּען זַיינֶע עֶלְטֶערְן
גֶעזָאגְט, עֶר אִיז שׁוֹין גְרוֹיס, פְרֶעגְט אִיהְם:
24 דְרוּם הָאבֶּען זַייא דָאס צְווֵייטֶע מָאל גֶערוּפֶען דֶעם מַאן
ווָאס אִיז בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גִיבּ כָּבוֹד צוּ גָאט; מִיר ווִיסֶען אַז דִיזֶער מַאן אִיז אַ זִינְדֶער:
25 דְרוּם הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוֹיבּ עֶר אִיז אַ זִינְדֶער ווֵייס
אִיךְ נִיט; אֵיין זַאךְ ווֵייס אִיךְ, אַז אִיךְ בִּין בְּלִינְד גֶעוֶועזֶען,

אוּנְד אַצוּנְד זֶעה אִיךְ: דרוּם הָאבֶּען זַייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, 26
וָואס הָאט עֶר דִיר גֶעטְהוּן? וִויא אַזוֹי הָאט עֶר דַיינֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעמַאכְט? עֶר הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ אַייךְ 27
שׁוֹין גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיהְר הָאט נִיט גֶעהֶערְט; וָוארוּם וִוילְט
אִיהְר עֶס וִוידֶער הֶערֶען? וִוילְט אִיהְר אוֹיךְ זַיינֶע תַּלְמִידִים
וֶוערֶען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעזִידֶעלְט אוּנְד גֶעזָאגְט, 28
דוּא בִּיסְט זַיין תַּלְמִיד, אָבֶּער מִיר זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן
משֶׁה: מִיר וִויסֶען אַז גָאט הָאט גֶערֶעט צוּ משֶׁה; אָבֶּער 29
דִיזֶען, וִויסֶען מִיר נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז: דֶער מַאן הָאט 30
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִין דֶעם אִיז דָאס
וְואוּנְדֶער אַז אִיהְר וֵוייסְט נִיט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, אוּנְד דָאךְ
הָאט עֶר מַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט: מִיר וִויסֶען אַז גָאט 31
דֶערְהֶערְט נִיט קֵיין זִינְדֶער: נֵייעֶרְט וֶוער עֶס אִיז אַ יְרֵא
אֱלֹהִים אוּנְד טְהוּט זַיין וִוילֶען, דֶעם דֶערְהֶערְט עֶר: פוּן 32
עֶבִּיג אָן אִיז עֶס נִיט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען, אַז אִימִיצֶער הָאט
אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא אוֹיגֶען פוּן אַ גֶעבּוֹירֶענֶעם בְּלִינְדֶען;
וֶוען דִיזֶער זָאל נִיט זַיין פוּן גָאט, וָואלְט עֶר גָארְנִיט גֶעקָאנְט 33
טְהוּן: זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם 34
גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט גָאר אִין גַאנְצֶען אִין זִינְדֶען גֶעבּוֹירֶען,
אוּנְד לֶערֶענְסְט דוּא אוּנְס? אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיס־
גֶעוָוארְפֶען:
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעהֶערְט אַז זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, 35
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעפִינֶען הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
גְלוֹיבְּסְט דוּא אָן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט? עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט 36
אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער אִיז עֶר דֶען אַז אִיךְ זָאל אָן אִיהְם
גְלוֹיבֶּען? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא הָאסְט אִיהְם 37
אוֹיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דֶער וָואס רֶעט מִיט דִיר, אִיז עֶר:
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, אִיךְ גְלוֹיבּ; אוּנְד עֶר הָאט 38
זִיךְ צוּ אִיהְם גֶעבִּיקְט: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט צוּם מִשְׁפָּט 39
בִּין אִיךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען, אַז דִיא וָואס זֶעהֶען
נִיט זָאלֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא וָואס זֶעהֶען זָאלֶען בְּלִינְד
וֶוערֶען: עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא פְּרוּשִׁים וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם 40
גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, זֶענֶען מִיר דֶען אוֹיךְ בְּלִינְד? יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא 41

גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר זָאלְט בְּלִינְד זֵיין, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר נִיט
קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אָבֶּער אַצוּנְד, זָאגְט אִיהְר, מִיר זֶעהֶען
אַזוֹי בְּלֵייבְּט אֵיירֶע זִינְד:

קאפיטעל י

1 בְּאֱמֶת בְּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער וָואס קוּמְט נִיט אַרֵיין
אִין דֶעם שָׁאפְשְׁטַאל דוּרְךְ דִיא טְהִיר, נֵייעֶרְט עֶר שְׁטֵייגְט
אַנְדֶערְשְׁט וְואוּ אַרֵיין, דֶער אִיז אַ גַנָב אוּנְד אַ רוֹיבֶּער:
2 אָבֶּער דֶער וָואס קוּמְט אַרֵיין דוּרְךְ דִיא טְהִיר אִיז דֶער
3 פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא שָׁאף: דֶער טְהִיר הִיטֶער עֶפֶענְט אִיהְם,
אוּנְד דִיא שָׁאף הֶערֶען זֵיין קוֹל; אוּנְד עֶר רוּפְט זֵיינֶע
4 אֵייגֶענֶע שָׁאף בֵּיים נָאמֶען, אוּנְד פִּיהְרְט זֵייא אַרוֹים: וֶוען
עֶר פִיהְרְט אַרוֹיס אַלֶע זֵיינֶע אֵייגֶענֶע, גֶעהְט עֶר פָאר זֵייא,
אוּנְד דִיא שָׁאף פָאלְגֶען אִיהְם נָאךְ, וֵוייל זֵייא קֶענֶען זֵיין קוֹל:
5 אָבֶּער אַ פְרֶעמְדֶען וֶועלֶען זֵייא נִיט נָאכְפָאלְגֶען, נֵייעֶרְט
לוֹיפֶען פוּן אִיהְם אַוֶעק, וָוארִין זֵייא קֶענֶען נִיט דָאס קוֹל
6 פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע: דִיזֶעם מָשָׁל הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט; אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר הָאט
צוּ זֵייא גֶערֶעט:
7 דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, בְּאֱמֶת, בְּאֱמֶת
8 זָאג אִיךְ אֵייךְ, אִיךְ בִּין דִיא טְהִיר פוּן דִיא שָׁאף: אַלֶע
וָואס זֶענֶען פָאר מִיר גֶעקוּמֶען זֶענֶען גַנָבִים אוּנְד רוֹיבֶּער;
9 אָבֶּער דִיא שָׁאף הָאבֶּען זֵייא נִיט צוּגֶעהֶערְט: אִיךְ בִּין
דִיא טְהִיר; וֶוער עֶס וֶועט דוּרְךְ מִיר אַרֵיינְקוּמֶען, דֶער
וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט אַרֵיינְגֶעהֶען אוּנְד
10 אַרוֹיסְגֶעהֶען, אוּנְד וֶועט פַּאשְׁע גֶעפִינֶען: דֶער גַנָב קוּמְט
נִיט אַרֵיין, נֵייעֶרְט אַז עֶר זָאל גַנְבֶענֶן אוּנְד שֶׁעכְטֶען אוּנְד
אוּמְבְּרֶענְגֶען, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אַז זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען
11 לֶעבֶּען, אוּנְד זָאלֶען עֶס נָאךְ מֶעהְר הָאבֶּען: אִיךְ בִּין דֶער
גוּטֶער פַּאסְטוּךְ, דֶער גוּטֶער פַּאסְטוּךְ לֶעגְט זֵיין לֶעבֶּען
12 אַנִידֶער פַאר דִיא שָׁאף: דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער וָואס אִיז נִיט
דֶער פַּאסְטוּךְ וָואס דִיא שָׁאף זֶענֶען נִיט זֵיינֶע אֵייגֶענֶע,
זֶעהְט דֶעם וָואלְף קוּמֶען, אוּנְד פֶערְלָאזְט דִיא שָׁאף אוּנְד
אַנְטְלוֹיפְט, אוּנְד דֶער וָואלְף חַאפְּט אוּנְד צוּשְׁפְּרֵייט זֵייא:
13 עֶר אַנְטְלוֹיפְט ווייל עֶר אִיז אַ גֶעדוּנְגֶענֶער, אוּנְד זָארְגְט

14 נִיט פַאר דִיא שָׁאף: אִיךְ בִּין דֶער גוּטֶער פַּאסְטוּךְ, אוּנְד
15 אִיךְ קֶען דִיא מֵיינֶע, אוּנְד דִיא מֵיינֶע קֶענֶען מִיךְ: אַזוֹי
וִויא דֶער פָאטֶער קֶען מִיךְ, אוּנְד אִיךְ קֶען דֶעם פָאטֶער,
16 אוּנְד אִיךְ לֶעג אַנִידֶער מֵיין לֶעבֶּען פַאר דִיא שָׁאף: אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערֶע שָׁאף, וָואס זֶענֶען נִיט פוּן דִיזֶען שְׁטַאל,
אוֹיךְ דִיזֶע מוּס אִיךְ בְּרֶענְגֶען, אוּנְד זַייא וֶועלֶען מֵיין קוֹל
הֶערֶען, אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַיינֶע הֶערְדֶע אוּנְד אַיין פַּאסְ־
17 טוּךְ: דְרוּם לִיבְּט מִיךְ דֶער פָאטֶער, וַוייל אִיךְ לֶעג אַנִידֶער
מֵיין לֶעבֶּען, אַז אִיךְ זָאל עֶס ווִידֶער דֶערְהַאלְטֶען:
18 קֵיינֶער נֶעמְט עֶס נִיט פוּן מִיר, נֵייעֶרְט אִיךְ לֶעג עֶס אַנִי־
דֶער פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט; אִיךְ הָאבּ מַאכְט עֶס אַנִידֶערְצוּ־
לֶעגֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מַאכְט עֶס ווִידֶער צוּ נֶעמֶען;
דִיזֶעס גֶעבָּאט הָאבּ אִיךְ בֶּעקוּמֶען פוּן מֵיין פָאטֶער:
19 עֶס אִיז ווִידֶער גֶעוֶועזֶען אַ קְרִיג צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען אִיבֶּער
20 דִיזֶע וֶוערְטֶער: אוּנְד פִילֶע פוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶר הָאט
אַ שֵׁד אוּנְד אִיז מְשׁוּגָע; פַארְוָואס הֶערְט אִיהְר אִיהְם צוּ?
21 אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דִיזֶע רֶעדֶען זֶענֶען נִיט פוּן אַיינֶעם
וָואס הָאט אַ שֵׁד; קֶען אַ שֵׁד אוֹיפְמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען פוּן
אַ בְּלִינְדֶען?
22 עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען חֲנוּכָּה אִין יְרוּשָׁלַיִם; אוּנְד עֶס אִיז גֶע־
23 וֶועזֶען ווִינְטֶער: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית
24 הַמִקְדָשׁ אִין דֶעם פָּלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה: אַזוֹי הָאבֶּען אִיהְם דִיא
יוּדֶען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווִיא
לַאנְג וֶועסְט דוּא אוּנְס אִין סָפֵק הַאלְטֶען? וֶוען דוּא בִּיסְט
25 מָשִׁיחַ זָאג אוּנְס עֶפֶענְטְלִיךְ: יֵשׁוּעַ הָאט זַייא גֶעעֶנְטְפֶערְט,
אִיךְ הָאבּ צוּ אַייךְ גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט; דִיא
וֶוערְק וָואס אִיךְ טְהוּא אִים נָאמֶען פוּן מֵיין פָאטֶער, דִיזֶע
26 בֶּעצֵייגֶען אוֹיף מִיר: אָבֶּער אִיהְר גְלוֹיבְּט נִיט, וָוארִין
27 אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן מֵיינֶע שָׁאף: מֵיינֶע שָׁאף הֶערֶען מֵיין
קוֹל, אוּנְד אִיךְ קֶען זַייא, אוּנְד זַייא פָאלְגֶען מִיר נָאךְ:
28 אוּנְד אִיךְ גִיבּ זַייא עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען אוּנְד זַייא וֶועלֶען קֵיינְ־
מָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט זַייא נִיט
29 פוּן מֵיינֶע הַאנְד אוֹיסְרֵייסֶען: מֵיין פָאטֶער וָואס הָאט זַייא
מִיר גֶעגֶעבֶּען אִיז גְרֶעסֶער ווִיא אַלֶע, אוּנְד קֵיינֶער קָאן

30 פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם פָּאטֶער אוֹיסְרַייסֶען. אִיךְ אוּנְד דֶער
31 פָּאטֶער זֶענֶען אֵיינְס: דִיא יוּדֶען הָאבֶּען וִוידֶער אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶּען שְׁטֵיינֶער אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיף אִיהְם וַוארְפֶען:
32 יֵשׁוּעַ הָאט זֵייא גֶעעֶנְטפֶערְט, פִילֶע גוּטֶע וֶוערְק הָאבּ אִיךְ
אֵייךְ גֶעווִיזֶען פוּן דֶעם פָּאטֶער; וֶועגֶען וֶועלְכֶע פוּן
33 דִיזֶע וֶוערְק פֶערְשְׁטֵיינִיגְט אִיהְר מִיךְ? דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען דִיךְ נִיט פַאר אַ
גוּטֶעס וֶוערְק, נֵייעֶרְט פַאר אַ לֶעסְטֶערוּנְג, אוּנְד וֵוייל דוּא
34 בִּיסְט אַ מֶענְשׁ אוּנְד מַאכְסְט דִיךְ זֶעלְבְּסְט אַ גָאט: יֵשׁוּעַ
הָאט זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, שְׁטֶעהְט עֶס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
35 אֵיירֶע תּוֹרָה, אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיהְר זֶענְט גֶעטֶער? וֶוען
עֶר רוּפְט זֵייא גֶעטֶער צוּ וֶועלְכֶע דָאס וָוארְט פוּן גָאט
אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט קֶען נִיט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען:
36 זָאגְט אִיהְר אוֹיף אִיהְם דֶעם דֶער פָּאטֶער הָאט גֶעהֵיילִיגְט
אוּנְד אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט, דוּא לֶעסְטֶערְסְט, וֵוייל אִיךְ
37 הָאבּ גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער זוּהְן פוּן גָאט? וֶוען אִיךְ טְהוּא
38 נִיט דִיא וֶוערְק פוּן מֵיין פָּאטֶער, גְלוֹיבְּט מִיר נִיט: אָבֶּער
וֶוען אִיךְ טְהוּא, וֶוען אַפִילוּ אִיהְר גְלוֹיבְּט מִיר נִיט, אַזוֹי
גְלוֹיבְּט דִיא וֶוערְק, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען, אוּנְד זָאלְט
דֶערְקֶענֶען אַז דֶער פָּאטֶער אִיז אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין
39 דֶעם פָּאטֶער: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא אִיהְם וִוידֶער גֶעזוּכְט צוּ
נֶעמֶען; אָבֶּער עֶר אִיז פוּן זֵיירֶע הֶענְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
40 אוּנְד עֶר אִיז וִוידֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא אַנְדֶערֶע זֵייט
יַרְדֵן, צוּ דֶעם אָרְט וְואוּ יוֹחָנָן הָאט צוּעֶרְשְׁט גֶעטוֹבֶלְט,
41 אוּנְד עֶר אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען: אוּנְד פִילֶע זֶענֶען צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזַאגְט, יוֹחָנָן הָאט קֵיין וְואוּנְדֶער
נִיט גֶעטְהוּן, אָבֶּער אַלֶעס וָואס יוֹחָנָן הָאט פוּן אִיהְם גֶע־
42 זָאגְט אִיז וָואהְר: אוּנְד פִילֶע הָאבֶּען דָארְט אָן אִיהְם
גֶעגְלוֹיבְּט:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גֶעווִיסֶער קְרַאנְקֶער, אֶלְעָזָר פוּן
בֵּית־הִינִי, פוּן דֶעם דָארְף פוּן מִרְיָם אוּנְד אִיהְרֶע שְׁוֶועסְ־
2 טֶער מַרְתָּא: עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מִרְיָם וָואס הָאט דֶעם הַאר
מִיט מֹר גֶעזַאלְבְּט, אוּנְד הָאט אָפְּגֶעווִישְׁט זֵיינֶע פִיס מִיט

אִיהְרֶע הָאר, וָזאס אִיהְר בְּרוּדֶער אֶלְעָזָר אִיז קְרַאנְק גֶע־
3 וֶועזֶען: דְרוּם הָאבֶּען דִיא שְׁוֶועסְטֶער צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר, זֶעה, דֶער וֶועמֶען דוּא לִיבְּסְט אִיז
4 קְרַאנְק: וְוִיא יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
דִיזֶע קְרַאנְקְהֵייט אִיז נִיט צוּם טוֹיט, נֵייעֶרְט צוּ דֶעם כָּבוֹד
פוּן גָאט, כְּדֵי דֶער זוּהְן פוּן גָאט זָאל דוּרְךְ דֶעם פֶערְ־
5 הֶערְלִיכְט וֶוערֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט מַרְתָּא אוּנְד
6 אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד אֶלְעָזָר: דְרוּם וֶוען עֶר הָאט גֶע־
הֶערְט אַז עֶר אִיז קְרַאנְק אִיז עֶר גֶעבְּלִיבֶּען צְווייא טֶעג
7 אִין דֶעם אָרְט וְואוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען: דֶערְנָאךְ הָאט עֶר
צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר ווִידֶערְגֶעהֶען קֵיין
8 יְהוּדָה: דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, רַבִּי, דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען דִיךְ עֶרְשְׁט גֶעזוּכְט צוּ פֶערְשְׁטֵיינִיגֶען, אוּנְד
9 גֶעהְסְט דוּא ווִידֶער אַהִין? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטפֶערְט, זֶענֶען
נִיט צְוֶועלְף שָׁעָה אִין דֶעם טָאג? וֶוען אֵיינֶער גֶעהְט אַרוּם
בַּייא טָאג אַזוֹי שְׁטְרוֹיכֶעלְט עֶר זִיךְ נִיט, וָוארִין עֶר
10 זֶעהְט דָאס לִיכְט פוּן דִיזֶער וֶועלְט: אָבֶּער וֶוער עֶס גֶעהְט
אַרוּם בַּייא נַאכְט, שְׁטְרוֹיכֶעלְט זִיךְ, ווַייל עֶס אִיז קֵיין לִיכְט
11 נִיט אִין אִיהְם: דִיזֶע וֶוערְטֶער הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוּנְד
דֶערְנָאךְ הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אוּנְזֶער פְרֵיינְד אֶלְעָזָר
שְׁלָאפְט; אָבֶּער אִיךְ גֶעה אַז אִיךְ זָאל אִיהְם אוֹיפְוֶועקֶען:
12 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא תַּלְמִידִים צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר וֶוען עֶר
13 שְׁלָאפְט וֶועט עֶר גֶעזוּנְד וֶוערֶען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
רֶעט פוּן זַיין טוֹיט, דָאךְ הָאבֶּען זֵייא גֶעמֵיינְט אַז עֶר רֶעט
14 פוּן זַיין רוּהֶען אִין שְׁלָאף: דַאן הָאט יֵשׁוּעַ עֶפֶענְטְלִיךְ צוּ
15 זֵייא גֶעזָאגְט, אֶלְעָזָר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען: אוּנְד אִיךְ
פְרֵייעֶ מִיךְ פוּן אֵייעֶרְעט וֶועגֶען, אַז אִיךְ בִּין נִיט דָארְט גֶע־
וֶועזֶען, אַז אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען, אָבֶּער לָאזֶען מִיר צוּ
16 אִיהְם גֶעהֶען: אַזוֹי הָאט תּוֹמָא, וָזאס אִיז גֶערוּפֶען דִידוּמוֹס,
צוּ זַיינֶע מִיט־תַּלְמִידִים גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ גֶעהֶען,
אַז מִיר זָאלֶען מִיט אִיהְם שְׁטַארְבֶּען:
17 דְרוּם וֶוען יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַז עֶר אִיז
18 שׁוֹין גֶעוֶועזֶען פִיעֶר טֶעג אִים קֶבֶר: אוּנְד בֵּית־הִינִי אִיז
נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּ יְרוּשָׁלַיִם, קֶענֶען פוּפְצֶען אַקֶער פֶעלְד

19 וֵוייט: אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ מַרְתָּא
אוּנְד מִרְיָם, אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא טְרֵייסְטֶען וֶועגֶען זֵייעֶר
20 בְּרוּדֶער: אוּנְד וֶוען מַרְתָּא הָאט גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט,
אִיז זִיא אִיהְם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען; אָבֶּער מִרְיָם אִיז אִין
21 הוֹיז גֶעזֶעסֶען: אַזוֹי הָאט מַרְתָּא גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ, הַאר,
וֶוען דוּא וָואלְסְט דָא גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואלְט מֵיין בְּרוּדֶער
22 נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען: אוּנְד אִיךְ וֵויים אַז אַפִילוּ אַצוּנְד, וָואס
23 דוּא וֶועסְט בֶּעטֶען פוּן גָאט, וֶועט דִיר גָאט גֶעבֶּען: יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, דֵיין בְּרוּדֶער וֶועט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען:
24 מַרְתָּא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ וֵויים אַז עֶר וֶועט אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען אִין דֶער אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג אִין דֶעם לֶעצְטֶען טָאג:
25 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג
אוּנְד דָאס לֶעבֶּען: וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וֶוען עֶר אִיז
26 אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי וֶועט עֶר דָאךְ לֶעבֶּען: אוּנְד דֶער
וֶוער עֶס לֶעבְּט אוּנְד גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וֶועט אוֹיף עֶבִּיג נִיט
27 שְׁטַארְבֶּען, גְלוֹיבְּסְט דוּא דָאס? זִיא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
יָא הַאר, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דוּא בִּיסְט דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן
28 פוּן גָאט וָואס קוּמְט אִין דֶער וֶועלְט: אוּנְד וֶוען זִיא הָאט
דָאס גֶעזָאגְט, אִיז זִיא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען
אִיהְרֶע שְׁוֶועסְטֶער מִרְיָם שְׁטִילֶערְהֵייט, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
29 דֶער לֶעהְרֶער אִיז דָא אוּנְד עֶר רוּפְט דִיךְ: אוּנְד וֶוען זִיא
הָאט דָאס גֶעהֶערְט אִיז זִיא גֶעשְׁווִינְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
30 אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען: אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז נָאךְ נִיט אִים דָארְף
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, נֵייעֶרְט אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם אָרְט וְואוּ
מַרְתָּא הָאט אִיהְם גֶעטְרָאפֶען:
31 דְרוּם דִיא יוּדֶען, וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְר אִים הוֹיז גֶעוֶועזֶען
אוּנְד הָאבֶּען זִיא גֶעטְרֵייסְט, וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
מִרְיָם אִיז פְלִיצְלִינְג אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען, זֶענֶען זֵייא אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, זִיא גֶעהְט אַוֶועק צוּם קֶבֶר, אַז זִיא זָאל דָארְט
32 וֵויינֶען: דְרוּם וֶוען מִרְיָם אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען וְואוּ יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אִיז זִיא אִיהְם צוּ דִיא
פִיס גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוען דוּא
וָואלְסְט דָא גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וָואלְט מֵיין בְּרוּדֶער נִיט גֶע־

33 שְׁטַארְבֶּען: דרום ווען יֵשׁוּעַ האט גֶעזֶעהֶען אַז זיא האט
גֶעוויינְט, אוּנְד אַז דיא יוּדֶען וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְר הָאבֶּען
גֶעוויינְט, הָאט ער גֶעזִיפְצְט אִים גֵייסְט, אוּנְד הָאט זִיךְ
34 מְצַעַר גֶעוֶועזֶען: אוּנְד ער הָאט גֶעזָאגְט, ווּאוּ הָאט אִיהְר
אִיהְם גֶעלֶעגְט? זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, קוּם
35 אוּנְד זֶעה: יֵשׁוּעַ הָאט גֶעוויינְט: אַזוֹי הָאבֶּען דִיא יוּדֶען
36 גֶעזָאגְט, זֶעהְט ווִיא ער הָאט אִיהְם גֶעלִיבְּט: אוּנְד עֶטְלִיכֶע
37 פוּן זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דֶער וָואס הָאט דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם בְּלִינְדֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, וָואלְט ער נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען
38 אַז אוֹיךְ דִיזֶער זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען? אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ ווִידֶער
אִין זִיךְ גֶעזִיפְצְט, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר, אוּנְד עֶס
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ הֶעלֶע, אוּנְד אַ שְׁטֵיין אִיז דְרוֹיף גֶעלֶעגֶען:
39 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעזָאגְט, נֶעמְט אַוֶועק דֶעם שְׁטֵיין. מַרְתָּא דִיא
שְׁוֶועסְטֶער פוּן דֶעם טוֹיטֶען, הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר,
40 ער שְׁטִינְקְט שׁוֹין, וָוארִין ער אִיז פִיעֶר טֶעג טוֹיט: יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, הָאבּ אִיךְ דִיר נִיט גֶעזָאגְט, ווען
דוּא ווֶעסְט גְלוֹיבֶּען אַזוֹי ווֶעסְט דוּא זֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְ־
41 קֵייט פוּן גָאט: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא דֶעם שְׁטֵיין אַוֶועקְגֶענוּמֶען,
אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, פָאטֶער אִיךְ דַאנְק דִיר אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־
42 הֶערְט: אִיךְ הָאבּ גֶעווּאוּסְט אַז דוּא הֶערְסְט מִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג,
אָבֶּער ווֶעגֶען דֶעם פָאלְק וָואס שְׁטֶעהְט אַרוּם הָאבּ אִיךְ דָאס
גֶעזָאגְט, אַז זַייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶע־
43 שִׁיקְט: אוּנְד ווען ער הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט ער גֶעשְׁרִיעֶן
44 מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אֶלְעָזָר, קוּם אַרוֹיס: אוּנְד דֶער טוֹיטֶער
אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, גֶעבּוּנְדֶען פִים אוּנְד הֶענְד מִיט דִיא
תַּכְרִיכִין, אוּנְד זַיין פָּנִים אִיז פֶערְבּוּנְדֶען גֶעוֶועזֶען מִיט אַ
טִיכֶעל. יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בִּינְדֶעט אִיהְם אוֹיף,
אוּנְד לָאזְט אִיהְם גֶעהֶען:
45 דְרוּם פִילֶע יוּדֶען וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ מִרְיָם, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען וָואס יֵשׁוּעַ הָאט גֶעטְהוּן, הָאבֶּען אָן אִיהְם
46 גֶעגְלוֹיבְּט: אָבֶּער עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
צוּ דִיא פְּרוּשִׁים, אוּנְד הָאבֶּען זַייא דֶערְצֶעהְלְט וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעטְהוּן:

47 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים פֶּערְ־
זַאמֶעלְט דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען מִיר
48 טְהוּן, וָוארִין דִיזֶער מַאן טְהוּט פִיל צֵייכֶען? וֶוען מִיר וֶועלֶ־
לֶען אִיהְם אַזוֹי לָאזֶען, וֶועלֶען אַלֶע אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען;
אוּנְד דִיא רוֹימֶער וֶועלֶען קוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען אַוֶועקְנֶעמֶען
49 אוּנְזֶער אָרְט אוּנְד אוּנְזֶער פָאלְק: אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען קַיָפָא, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער
כֹּהֵן גָדוֹל אִין יֶענֶעם יָאהְר, הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר
50 ווייסְט גָארְנִיט: אוּנְד אִיהְר בֶּעטְרַאכְט נִיט אַז עֶס אִיז גוּט
פַאר אוּנְס אַז אֵיין מֶענְשׁ זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק,
אוּנְד אַז דָאס גַאנְצֶע פָאלְק זָאל נִיט פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען:
51 אוּנְד דָאס הָאט עֶר נִיט גֶעזָאגְט פוּן זִיךְ זֶעלְבּסְט, נֵייעֶרְט
ווייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִין יֶענֶעם יָאהְר,
הָאט עֶר נְבִיאוֹת גֶעזָאגְט אַז יֵשׁוּעַ וֶועט פַאר דֶעם פָאלְק
52 שְׁטַארְבֶּען: אוּנְד נִיט פַאר דֶעם פָאלְק אַלֵיין נֵייעֶרְט אַז
עֶר זָאל אִין אֵיינֶעם אֵיינְזַאמְלֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט וָואס
53 זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא פוּן דֶעם טָאג אָן
אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם טֵייטֶען:
54 דְרוּם אִיז יֵשׁוּעַ נִיט מֶעהְר עֶפֶענְטְלִיךְ אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
צְוִוישֶׁען דִיא יוּדֶען, נֵייעֶרְט אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶע־
גַאנְגֶען צוּ אֵיין אָרְט נָאהֶענְט פוּן דֶער מִדְבָּר, צוּ אַ שְׁטָאט
וָואס הֵייסְט אֶפְרַיִם; אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ דָארְט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען
55 מִיט דִיא תַּלְמִידִים: אוּנְד עֶס אִיז נָאהֶענְט גֶעוֶועזֶען צוּם
יוּדִישֶׁען חַג הַפֶּסַח, אוּנְד פִילֶע זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן
דֶעם לַאנְד קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף פֶּסַח, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ
56 רֵיינִיגֶען: אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעזוּכְט יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען
צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט וֶוען זֵייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין בֵּית
הַמִּקְדָשׁ, וָואס דֶענְקְט אִיהְר? אַז עֶר וֶועט נִיט קוּמֶען צוּם
57 יוֹם טוֹב? אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ גֶעבָּאט, אַז וֶוען אִימֶעצֶער וֶועט
וִויסֶען וְואוּ עֶר אִיז, זָאל עֶר עֶס אָנְזָאגֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
אִיהְם נֶעמֶען:

## קאפיטעל יב

1 דְרוּם זֶעקְס טֶעג פַאר דֶעם פֶּסַח, אִיז יֵשׁוּעַ גֶעקוּמֶען קֵיין

בֵּית־הִינִי, װאוּ אֶלְעָזָר דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער אִיז גֶעוָועזֶען,
2 וָועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוָועקְט: אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דָארְט אֵיין אָבֶּענְדְמָאהְל גֶעמַאכְט, אוּנְד
מַרְתָּא הָאט בֶּעדִינְט; אָבֶּער אֶלְעָזָר אִיז גֶעוָועזֶען אֵיינֶער
3 פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם בֵּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען: אַזוֹי
הָאט מִרְיָם גֶענוּמֶען אַ פוּנְט פוּן טֵייעֶרֶען מֹר נֵרְדְ, אוּנְד
הָאט גֶעזַאלְבְּט דִיא פִּיס פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט זֵיינֶע פִּיס
אָבְּגֶעוִוישְׁט מִיט אִיהְרֶע הָאר; אוּנְד דָאס הוֹיז אִיז פִיל גֶע־
4 וָועזֶען מִיט דֶעם רֵיחַ פוּן דֶעם מֹר: אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע
תַּלְמִידִים יְהוּדָה אִישׁ קְרִיוֹת, וָואס הָאט אִיהְם גֶעזָאלְט
5 אִיבֶּערְגֶעבֶּען, הָאט גֶעזָאגְט: וָוארוּם אִיז נִיט דִיזֶעס מֹר
פֶערְקוֹיפְט גֶעוָוארֶען פַאר דְרֵייא הוּנְדֶערְט גִילְדֶען, אוּנְד
6 צוּ דִיא אָרֶעמֶע לֵייט גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד דָאס הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, נִיט וֵוייל עֶר הָאט פַאר דִיא אָרֶעמֶע לֵייט גֶעזָארְגְט,
נֵייעֶרְט וֵוייל עֶר אִיז גֶעוָועזֶען אַ גַנָב, אוּנְד הָאט דֶעם בֵּיי־
טֶעל גֶעהַאט, אוּנְד הָאט גֶעטְרָאגֶען וָואס אִיז דְרִינֶען
7 אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען: דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, לָאז
זִיא, זִיא הָאט עֶס בֶּעהַאלְטֶען צוּם טָאג פוּן מֵיינֶע קְבוּרָה;
8 וָוארִין דִיא אָרֶעמֶע לֵייט הָאט אִיהְר בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט אֵייךְ,
אָבֶּער מִיךְ הָאט אִיהְר נִיט בֶּעשְׁטֶענְדִיג:
9 פִיל לֵייט פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעוְואוּסְט אַז עֶר אִיז דָארְט,
אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען, נִיט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ אַלֵיין, נֵייעֶרְט
אַז זֵייא זָאלֶען אוֹיךְ אֶלְעָזָר זֶעהֶען וָועלְכֶען עֶר הָאט פוּן
10 דֶעם טוֹיט אוֹיפְגֶעוָועקְט: אָבֶּער דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען
אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אֶלְעָזָר אוֹיךְ הַרְגֶע־
נֶען: וָוארִין פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְם אִיבֶּערְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען אָן יֵשׁוּעַ גֶעגְלוֹיבְּט:
12 דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג וֶוען פִיל לֵייט וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם
יוֹם טוֹב, הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז יֵשׁוּעַ קוּמְט קַיין יְרוּשָׁלַיִם:
13 הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען דִיא צְוֵוייגֶען פוּן טֵייטֶעלְבּוֹימֶער,
אוּנְד זֶענֶען אִיהְם אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעשְׁרִיעֶן,
הוֹשַׁעְנָא, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער וָועלְכֶער קוּמְט אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר, דֶער מֶלֶךְ פוּן יִשְׂרָאֵל: תהלים קי"ח.

14 אוּנְד יֵשׁוּעַ ווֶען עֶר הָאט גֶעפוּנֶען אַ יוּנְגֶעס עֶזֶעלֶע, הָאט
זִיךְ דְרוֹיף גֶעזֶעצְט, אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען:
15 פָאֶרְכְט דִיךְ נִיט דוּא טָאכְטֶער פוּן צִיוֹן, זֶעה, דֵיין קֶענִיג
קוּמְט, רֵייטֶענְדִיג אוֹיף אַ פִילְכֶען פוּן אַן עֶזֶעל: זכריה י״ב
16 זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען עֶס צוּעֶרְשְׁט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען.
נֵייעֶרְט ווֶען יֵשׁוּעַ אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעווָארֶען, דַאן הָאבֶּען
זֵייא גֶעדֶענְקְט, אַז דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען ווֶעגֶען אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען
17 אוּנְד אַז זֵייא הָאבֶּען דָאס צוּ אִיהְם גֶעטְהוּן: דְרוּם דִיא
לֵייט ווָאס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעווֶעזֶען ווֶען עֶר הָאט אֶלְעָזָר
אַרוֹיסְגֶערוּפֶען פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
18 פוּן דִיא טוֹיטֶע: דֶעסְטְווֶעגֶען זֶענֶען אִיהְם דִיא לֵייט אַנְטְ־
קֶעגֶען גֶעקוּמֶען, ווֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז עֶר הָאט
19 דִיזֶעס צֵייכֶען גֶעטְהוּן: אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פְּרוּשִׁים אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן גֶעזָאגְט, זֶעהְט אִיהְר, אַז עֶס נוּצְט גָארְנִיט;
דִיא ווֶעלְט גֶעהְט אִיהְם נָאךְ:
20 אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעווֶעזֶען עֶטְלִיכֶע גְרִיכֶען צְווִישֶׁען דִיא
ווָאס זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב צוּ בֶּעטֶען:
21 אַזוֹי זֶענֶען דִיזֶע גֶעקוּמֶען צוּ פִילִיפּוֹס אוֹים בֵּית־צַיְדָה אִין
גָלִיל, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעפְרֶעגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, הַאר,
22 מִיר ווִילֶען יֵשׁוּעַ זֶעהֶען: פִילִיפּוֹס אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
עֶס גֶעזָאגְט צוּ אַנְדְרַי; אַנְדְרַי אוּנְד פִילִיפּוֹס זֶענֶען גֶע־
23 קוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעזָאגְט צוּ יֵשׁוּעַ: אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט
זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען
24 אַז דֶער בֶּן אָדָם זָאל פֶערְהֶערְלִיכְט ווֶערֶען: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת
זָאג אִיךְ אֵייךְ, ווֶען דָאס קֶערֶענְדֶעל פוּן ווֵייץ פַאלְט נִיט
אִין דֶער עֶרְד אוּנְד שְׁטַארְבְּט, בְּלֵייבְּט עֶס אַלֵיין; אָבֶּער
25 ווֶען עֶס שְׁטַארְבְּט, אַזוֹי טְרָאגְט עֶס פִיל פְרוּכְט: ווֶער עֶס
לִיבְּט זֵיין לֶעבֶּען פֶערְלִירְט עֶס; אוּנְד ווֶער עֶס הַאסְט זֵיין
לֶעבֶּען אִין דִיזֶער ווֶעלְט, דֶער ווֶעט עֶס דֶערְהַאלְטֶען צוּם
26 עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען: ווֶען אֵיינֶער ווִיל מִיר דִינֶען, לָאז עֶר מִיר
נָאכְפָאלְגֶען, אוּנְד ווְאוּ אִיךְ בִּין, דָארְט ווֶעט מֵיין דִינֶער
אוֹיךְ זֵיין; ווֶער עֶס ווִיל מִיר דִינֶען דֶעם ווֶעט מֵיין פָאטֶער
27 עֶהְרֶען: אַצוּנְד אִיז מֵיינֶע זֶעעֶלֶע בֶּעטְרִיבְּט גֶעווָארֶען,
אוּנְד ווָאס זָאל אִיךְ זָאגֶען, פָאטֶער, זֵייא מִיךְ מַצִיל פוּן

דִיזֶער שָׁעָה; אָבֶּער דֶעסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ צוּ דִיזֶער שָׁעָה
28 גֶעקוּמֶען: פָּאטֶער פֶערְהֶערְלִיךְ דֵיין נָאמֶען. אַזוֹי אִיז אַ
קוֹל פוּן הִימֶעל גֶעקוּמֶען, אִיךְ הָאבּ עֶס אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט,
29 אוּנְד אִיךְ וֶועל עֶס ווִידֶער פֶערְהֶערְלִיכֶען: דְרוּם דִיא לֵייט
וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אַז עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ דוּנֶער; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען
30 גֶעזָאגְט אַז אַ מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט: יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס קוֹל אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען פוּן
31 מֵיינֶעט וֶועגֶען: אַצוּנְד אִיז דָאס גֶערִיכְט פוּן דִיזֶער וֶועלְט;
אַצוּנְד וֶוערְט דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיזֶער וֶועלְט דְרוֹיסֶען
32 אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען: אוּנְד אִיךְ, וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
וֶוערֶען פוּן דֶער עֶרְד, וֶועל אִיךְ אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ מִיר
33 צִיהֶען: דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ בֶּעדֵייטֶען מִיט וָואס
34 פַאר אַ טוֹיט עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען: דְרוּם הָאבֶּען אִיהְם דִיא
לֵייט גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן דֶער תּוֹרָה, אַז
דֶער מָשִׁיחַ וֶועט עֶבִּיג בְּלֵייבֶּען, אוּנְד ווִיא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא
אַז דֶער בֶּן אָדָם מוּז אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען? וֶוער אִיז
35 דִיזֶער בֶּן אָדָם? אַזוֹי הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, נָאךְ
אַ קוּרְצֶע צֵייט אִיז דָאס לִיכְט בֵּייא אֵייךְ; גֶעהְט
אַרוּם בְּשַׁעַת אִיהְר הָאט דָאס לִיכְט, כְּדֵי דִיא פִינְסְטֶערְנִיס
זָאל אֵייךְ נִיט אִיבֶּערְפַאלֶען; וָוארִין דֶער וָואס גֶעהְט אַרוּם
אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס ווֵייסְט נִיט וְואוּ אַהִין עֶר גֶעהְט:
36 בְּשַׁעַת אִיהְר הָאט דָאס לִיכְט גְלוֹיבְּט אָן דֶעם לִיכְט, אַז
אִיהְר זָאלְט וֶוערֶען קִינְדֶער פוּן לִיכְט:
דָאס הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
37 הָאט זִיךְ פוּן זֵייא פֶערְבָּארְגֶען: אָבֶּער חָאטְשֶׁע עֶר הָאט
אַזוֹי פִיל צֵייכֶען פָאר זֵייא גֶעטְהוּן, הָאבֶּען זֵייא דָאךְ נִיט
38 אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט; כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא
זָאל מְקוּיָם וֶוערֶען, וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער הָאט
גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְזֶער בֶּערִיכְט? אוּנְד צוּ וֶועמֶען אִיז דֶער
39 אָרֶעם פוּן דֶעם הַאר אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען? דֶעסְטְוֶועגֶען
הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעקֶענְט גְלוֹיבֶּען, וָוארִין יְשַׁעְיָה הָאט ווִידֶער
40 גֶעזָאגְט; עֶר הָאט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען בְּלִינְד גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
פֶערְהַארְטֶעט זֵייעֶר הַארְץ, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען מִיט

דִיא אוֹיגֶען, אוּנְד פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט דֶעם הַארְץ, אוּנְד
41 זָאלֶען אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַייא הֵיילֶען: דִיזֶע
זַאכֶען הָאט יְשַׁעְיָה גֶעזָאגְט, ווייל עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען זַיינֶע
42 הֶערלִיכְקֵייט, אוּנְד הָאט פוּן אִיהְם גֶערֶעט: אָבֶּער דָאךְ
הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא עֶלְצְטֶע אוֹיךְ אָן אִיהְם גֶעגְלוֹיבְּט,
נֵייעֶרְט וֶועגֶען דִיא פְּרוּשִׁים הָאבֶּען זַייא עֶס נִיט בֶּעקֶענְט,
אַז זַייא זָאלֶען נִיט אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען וֶוערֶען:
43 וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעלִיבְּט דֶעם כָּבוֹד פוּן מֶענְשֶׁען מֶעהְר
וִויא דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט:
44 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס גְלוֹיבְּט
אָן מִיר, דֶער גְלוֹיבְּט נִיט אִין מִיר, נֵייעֶרְט אָן אִיהְם וָואס
45 הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דֶער וָואס זֶעהְט מִיךְ, זֶעהְט אִיהְם
46 וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער
וֶועלְט פַאר אַ לִיכְט, אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן מִיר
47 זָאל נִיט בְּלֵייבֶּען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס: אוּנְד וֶוער עֶס
הֶערְט מֵיינֶע וֶוערְטֶער אוּנְד הַאלְט זַייא נִיט, דֶעם רִיכְטֶע
אִיךְ נִיט; וָוארִין אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען אַז אִיךְ זָאל דִיא
וֶועלְט רִיכְטֶען, נֵייעֶרְט אַז אִיךְ זָאל דִיא וֶועלְט רֶעטֶען:
48 וֶוער עֶס אִיז מִיךְ מְבַזֶה, אוּנְד נֶעמְט נִיט אָן מֵיינֶע וֶוערְ־
טֶער, דֶער הָאט אֵיינֶעם וָואס רִיכְטֶעט אִיהְם; דָאס וָוארְט
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעט, דָאס וֶועט אִיהְם רִיכְטֶען אִין דֶעם
49 לֶעצְטֶען טָאג: וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פוּן מִיר אַלֵיין גֶערֶעט,
נֵייעֶרְט דֶער פָאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, הָאט מִיר אַ
גֶעבָּאט גֶעגֶעבֶּען, וָואס אִיךְ זָאל זָאגֶען אוּנְד וָואס אִיךְ זָאל
50 רֶעדֶען: אוּנְד אִיךְ ווייס אַז זַיין גֶעבָּאט אִיז עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען.
דְרוּם וָואס אִיךְ רֶעד, דָאס רֶעד אִיךְ אַזוֹי וִויא דֶער פָאטֶער
הָאט מִיר גֶעזָאגְט:

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד פַאר דֶעם יוֹם טוֹב פוּן פֶּסַח, וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעוְואוּסְט אַז זַיינֶע שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל אַוֶועקְ־
גֶעהֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט צוּם פָאטֶער, וִויא עֶר הָאט גֶעלִיבְּט
דִיא זַיינִיגֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר
2 זַייא גֶעלִיבְּט בִּיז צוּם עֶנְד: אוּנְד בְּשַׁעַת דֶעם אָבֶּענְדְמָאל,
וֶוען דֶער שָׂטָן הָאט שׁוֹין אַרֵיינְגֶעטְהוּן אִין דֶעם הַארְץ

פוּן יְהוּדָה אִישׁ קְרִיּוֹת, זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן אַז עֶר זָאל אִיהְם
3 פֶערְמַסֶרְן: יֵשׁוּעַ ווִיסֶענְדִיג אַז דֶער פָּאטֶער הָאט אִיהְם
אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זַיינֶע הֶענְד אַרַיין, אוּנְד אַז עֶר
4 אִיז פוּן גָאט גֶעקוּמֶען אוּנְד גֶעהְט צוּ גָאט: אִיז עֶר אוֹיפְגֶע־
גֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם אָבֶּענְדְמָאל, אוּנְד הָאט דִיא קְלֵיידֶער
אָן דֶער זַייט גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען אַ הַאנְדְטוּךְ,
5 אוּנְד הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט: דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אַרַיינְ־
גֶעגָאסֶען וַואסֶער אִים בֶּעקֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ
וַואשֶׁען דִיא פִיס פוּן דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד אָפְּצוּווִישֶׁען מִיט
דֶעם הַאנְדְטוּךְ מִיט ווֶעלְכֶעם עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט
6 גֶעוֶועזֶען: ווֶען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס, הָאט
עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וַואשְׁסְט דוּא מֵיינֶע פִיס?
7 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
וָואס אִיךְ טְהוּא דָאס ווֵייסְט דוּא נִיט אַצוּנְד, אָבֶּער דוּא
8 ווֶעסְט עֶס שְׁפֶּעטֶער ווִיסֶען: פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, דוּא זָאלְסְט קֵיינְמָאל נִיט וַואשֶׁען מֵיינֶע פִיס. יֵשׁוּעַ
הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, ווֶען אִיךְ וַואשׁ דִיךְ נִיט אַזוֹי
9 הָאסְט דוּא קֵיין טְהֵייל אָן מִיר: שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, נִיט אַלֵיין מֵיינֶע פִיס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ דִיא
10 הֶענְד אוּנְד דֶעם קָאפּ: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, ווֶער
עֶס אִיז אָפְּגֶעוַואשֶׁען גֶעוָוארֶען בֶּעדַארְף נִיט מֶעהְר נֵייעֶרְט
דִיא פִיס צוּ וַואשֶׁען, אָבֶּער אִיז גַאנְץ רַיין; אוּנְד אִיהְר
זֶענְט רַיין, אָבֶּער נִיט אַלֶע: וָוארִין עֶר הָאט גֶעווְאוּסְט ווֶער
11 עֶס ווֶעט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען: דְרוּם הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיהְר
זֶענְט נִיט אַלֶע רַיין:
12 אַזוֹי ווֶען עֶר הָאט זַיירֶע פִיס גֶעוַואשֶׁען הָאט עֶר גֶענוּמֶען
זַיינֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאט זִיךְ ווִידֶער אָנְגֶעלֶעהְנְט, אוּנְד
הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, ווֵייסְט אִיהְר וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
13 גֶעטְהוּן? אִיהְר רוּפְט מִיךְ לֶעהְרֶער אוּנְד הַאר, אוּנְד אִיהְר
14 זָאגְט רֶעכְט, וָוארִין אִיךְ בִּין עֶס: דֶען ווֶען אִיךְ אֵייעֶר הַאר
אוּנְד לֶעהְרֶער, הָאבּ אֵיירֶע פִיס גֶעוַואשֶׁען, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר
15 אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן דִיא פִיס וַואשֶׁען: וָוארִין אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ אַ בֵּיישְׁפִּיל גֶעגֶעבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט טְהוּן ווִיא
16 אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעטְהוּן: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ,

אַ קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער פוּן זַיין הַאר, אָדֶער אַ שָׁלִיחַ
17 גְרֶעסֶער וִויא דֶער וָואס הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט: וֶוען אִיהְר
וַוייסְט דִיזֶע זַאכֶען, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר וֶוען אִיהְר טְהוּט
18 זַייא: אִיךְ זָאג עֶס נִיט וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע; אִיךְ וַוייס וֶועמֶען
אִיךְ הָאבּ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט. נֵייעֶרְט אַז דִיא שְׁרִיפְט זָאל
מְקוּיָם וֶוערֶען, וֶוער עֶס עֶסְט מֵיין בְּרוֹיט, הָאט זַיין טְרִיט
19 קֶעגֶען מִיר אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען: אַצוּנְד זָאג אִיךְ עֶס אֵייךְ אֵיידֶער
עֶס גֶעשֶׁעהְט, אַז עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען זָאלְט אִיהְר גְלוֹיבֶּען אַז
20 אִיךְ בִּין עֶס: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער וָואס נֶעמְט
אוֹיף דֶעם וֶועמֶען אִיךְ וֶועל שִׁיקֶען, דֶער נֶעמְט מִיךְ אוֹיף,
אוּנְד דֶער וָואס נֶעמְט מִיךְ אוֹיף, נֶעמְט אוֹיף דֶעם וָואס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
21 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר בֶּעטְרִיבְּט גֶעוָוארֶען
אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד הָאט בֶּעצֵייגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, בֶּאֱמֶת,
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועט מִיךְ אִיבֶּערְ־
22 גֶעבֶּען: דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן
גֶעקוּקְט, אוּנְד זֶענֶען אִין סָפֵק גֶעוֶועזֶען אוֹיף וֶועמֶען עֶר
23 הָאט דָאס גֶעזָאגְט: אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶועלְכֶען
יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט גֶעוֶועזֶען אָן דֶער
24 בְּרוּסְט פוּן יֵשׁוּעַ: אַזוֹי הָאט שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס צוּ אִיהְם
גֶעווִינְקְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָארְשׁ נָאךְ וֶוער עֶס
25 אִיז אוֹיף וֶועמֶען עֶר הָאט עֶס גֶעזָאגְט: אוּנְד דֶער וָואס
וַואר אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף דֶער בְּרוּסְט פוּן יֵשׁוּעַ, הָאט צוּ
26 אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער אִיז עֶר? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט,
עֶס אִיז דֶער צוּ וֶועלְכֶען אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען דֶעם בִּיסֶען, וֶוען
אִיךְ הָאבּ עֶס אֵיינְגֶעטוּנְקְט. וֶוען עֶר הָאט דֶעם בִּיסֶען
אֵיינְגֶעטוּנְקְט, הָאט עֶר עֶס גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ
27 יְהוּדָה זוּהְן פוּן שִׁמְעוֹן אִישׁ־קְרִיוֹת: אוּנְד נָאךְ דֶעם
בִּיסֶען אִיז דֶער שָׂטָן אִין אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען. דְרוּם הָאט
יֵשׁוּעַ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וָואס דוּא טְהוּסְט, טְהוּא גֶעשְׁווִינְד:
28 אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא וָואס זֶענֶען בֵּיים טִישׁ גֶעזֶעסֶען הָאט
29 גֶעווּאוּסְט צוּ וָואס עֶר הָאט אִיהְם דָאס גֶעזָאגְט: וָוארִין
עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעמֵיינְט, וַוייל יְהוּדָה הָאט דֶעם בֵּייטֶעל
גֶעהָאט, אַז יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, קוֹיף אֵיין וָואס

מִיר הָאבֶּען נֵייטִיג אוֹיף דֶעם יוֹם טוֹב, אָדֶער אַז עֶר זָאל
30 עֶפֶּעס צוּ דִיא אָרְמֶע לֵייט גֶעבֶּען: אַזוֹי וָוען עֶר הָאט גֶע־
נוּמֶען דֶעם בִּיסֶען אִיז עֶר גְלֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד עֶס
אִיז נַאכְט גֶעוָוארֶען:
31 דְרוּם וָוען עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט,
32 אַצוּנְד אִיז דֶער בֶּן־אָדָם פֶערְהֶערְלִיכְט אִין אִיהְם; אִיז
גָאט פֶערְהֶערְלִיכְט אִין אִיהְם, אַזוֹי וֶועט אִיהְם גָאט אוֹיךְ
אִין זִיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען, אוּנְד גְלֵייךְ וֶועט עֶר אִיהְם פֶערְ־
33 הֶערְלִיכֶען: קְלֵיינֶע קִינְדֶער, נָאךְ אַ קְלֵיינֶע ווייֶלֶע בִּין אִיךְ
בֵּייא אֵייךְ; אִיהְר וֶועט מִיךְ זוּכֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ
גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה, קֶענְט אִיהְר נִיט
34 קוּמֶען, אַזוֹי זָאג אִיךְ צוּ אֵייךְ אַצוּנְד: אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט
גִיבּ אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן לִיבֶּען;
אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלִיבְּט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ
35 אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען: אִין דִיזֶעם וֶועלֶען אַלֶע
ווִיסֶען אַז אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע תַּלְמִידִים, וֶוען אִיהְר הָאט לִיבֶּע
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען:
36 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וְואוּ אַהִין
גֶעהְסְט דוּא? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וְואוּ אַהִין אִיךְ גֶעה,
קֶענְסְט דוּא מִיר אַצוּנְד נִיט נָאכְפָאלְגֶען, אָבֶּער דֶערְנָאךְ
37 וֶועסְט דוּא מִיר נָאכְפָאלְגֶען: פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, הַאר, וָוארוּם קָאן אִיךְ דִיר אַצוּנְד נִיט נָאכְפָאלְגֶען?
38 אִיךְ וֶועל מֵיין לֶעבֶּען פַאר דִיר אַנִידֶערְלֶעגֶען: יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט וֶועסְט דוּא דֵיין לֶעבֶּען פַאר מִיר אַנִידֶערְ־
לֶעגֶען? בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ דִיר, דֶער הָאן וֶועט נִיט
קְרֵייעֶן, בִּיז דוּא וֶועסְט מִיךְ דְרֵייא מָאל פֶערְלֵייקֶענֶען:

## קאפיטעל יד

1 לָאז אֵייעֶר הַארְץ נִיט דֶערְשְׁרָאקֶען זַיין; אִיהְר גְלוֹיבְּט
2 אָן גָאט, גְלוֹיבְּט אוֹיךְ אָן מִיר: אִין מֵיין פָאטֶערְס הוֹיז
זֶענֶען דָא פִילֶע ווְאוֹינוּנְגֶען; וֶוען עֶס וָואלְט נִיט אַזוֹי זַיין,
וָואלְט אִיךְ אֵייךְ גֶעזָאגְט; וָוארִין אִיךְ גֶעה אַוֶועק, אַז אִיךְ
3 זָאל פַאר אֵייךְ אֵיין אָרְט צוּבֶּערֵייטֶען: אוּנְד וֶוען אִיךְ גֶעה
אַוֶועק אוּנְד אֵיין אָרְט פַאר אֵייךְ צוּבֶּערֵייטֶען, וֶועל אִיךְ
ווִידֶער קוּמֶען אוּנְד וֶועל אֵייךְ צוּ מִיר אוֹיךְ נֶעמֶען, אַז

4 אִיהְר זֶעלְבּסְט זָאלְט דָארְט זַיין וְואוּ אִיךְ בִּין: אוּנְד וְואוּ
אַהִין אִיךְ גֶעה וֵוייסְט אִיהְר, אוּנְד דֶעם וֶועג וַוייסְט אִיהְר:
5 תּוֹמָא הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, מִיר וִויסֶען נִיט וְואוּ
6 אַהִין דוּא גֶעהְסְט, וִויא אַזוֹי וִויסֶען מִיר דֶעם וֶועג? יֵשׁוּעַ
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער וֶועג אוּנְד דִיא
וָואהְרְהֵייט אוּנְד דָאס לֶעבֶּען; קֵיינֶער קוּמְט נִיט צוּם פָּא־
7 טֶער, אוֹיסֶער דוּרְךְ מִיר: וֶוען אִיהְר וָואלְט מִיךְ גֶעקֶענְט,
אַזוֹי וָואלְט אִיהְר מֵיין פָּאטֶער אוֹיךְ גֶעקֶענְט, פוּן אַצוּנְד
8 אָן קֶענְט אִיהְר אִיהְם, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען: פִילִיפּוֹס
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וֵוייז אוּנְס דֶעם פָּאטֶער, אוּנְד
9 עֶס אִיז גֶענוּג פַאר אוּנְס: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אִיךְ בִּין אַזוֹי לַאנְג מִיט אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאסְט דוּא
מִיךְ נִיט גֶעקָאנְט, פִילִיפּוֹס? וֶוער עֶס הָאט מִיךְ גֶעזֶעהֶען,
הָאט דֶעם פָּאטֶער גֶעזֶעהֶען; וִויא אַזוֹי זָאגְסְט דוּא, וֵוייז
10 אוּנְס דֶעם פָּאטֶער? גְלוֹיבְּסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ בִּין אִין דֶעם
פָּאטֶער, אוּנְד דֶער פָּאטֶער אִין מִיר? דִיא וֶוערְטֶער וָואס
אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ רֶעד אִיךְ נִיט פוּן מִיר זֶעלְבְּסְט,
נֵייעֶרְט דֶער פָּאטֶער וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר טְהוּט דִיא
11 וֶוערְקֶע: גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ בִּין אִים פָּאטֶער, אוּנְד דֶער
פָּאטֶער אִין מִיר; אָבֶּער וֶוען נִיט, אַזוֹי גְלוֹיבְּט מִיר וֶוע־
12 גֶען דִיא וֶוערְקֶע: בֶּאֱמֶת, בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, דֶער וָואס
גְלוֹיבְּט אָן מִיר, וֶועט אוֹיךְ טְהוּן דִיא וֶוערְקֶע וָואס אִיךְ
טְהוּא, אוּנְד עֶר וֶועט גְרֶעסֶערֶע וִויא דִיזֶע טְהוּן, וֵוייל אִיךְ
13 גֶעה צוּם פָּאטֶער: אוּנְד וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען אִין מֵיין
נָאמֶען, דָאס וֶועל אִיךְ טְהוּן, אַז דֶער פָּאטֶער זָאל פֶערְ־
14 הֶערְלִיכְט וֶוערֶען אִים זוּהְן: וֶוען אִיהְר וֶועט עֶפֶּעס בֶּעטֶען
אִים מֵיין נָאמֶען, וֶועל אִיךְ עֶס טְהוּן:
15 וֶוען אִיהְר לִיבְּט מִיךְ, וֶועט אִיהְר מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע הַאלְטֶען:
16 אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען דֶעם פָּאטֶער, אוּנְד עֶר וֶועט אֵייךְ
גֶעבֶּען אֵיין אַנְדֶערְן טְרֵייסְטֶער, אַז עֶר זָאל בֵּייא אֵייךְ
17 אוֹיף עֶבִּיג בְּלֵייבֶּען: דֶעם גֵייסְט פוּן וָואהְרְהֵייט, וֶועלְכֶען
דִיא וֶועלְט קָאן נִיט אַנְנֶעמֶען, וֵוייל זִיא זֶעהְט אִיהְם נִיט,
אוּנְד קָאן אִיהְם נִיט; אִיהְר קֶענְט אִיהְם וָוארִין עֶר בְּלֵייבְּט
18 בֵּייא אֵייךְ, אוּנְד וֶועט אִין אֵייךְ זַיין: אִיךְ וֶועל אֵייךְ נִיט

19 אִיבֶּערְלָאזֶען יְתוֹמִים, אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ קוּמֶען: נָאךְ אַ
קְלֵיינֶע ווַיילֶע אוּנְד דִיא וֶועלְט זֶעהְט מִיךְ נִיט מֶעהְר; אָבֶּער
אִיהְר זֶעהְט מִיךְ, ווַייל אִיךְ לֶעבּ וֶועט אִיהְר אוֹיךְ לֶעבֶּען:
20 אִין יֶענֶעם טָאג וֶועט אִיהְר ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין אִין מֵיין
פָּאטֶער, אוּנְד מֵיין פָּאטֶער אִיז אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין
21 אֵייךְ: דֶער וָואס הָאט מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע אוּנְד הַאלְט זֵייא,
דֶער אִיז עֶס וָואס לִיבְּט מִיךְ; אוּנְד דֶער וָואס לִיבְּט מִיךְ
וֶועט גֶעלִיבְּט זַיין בֵּייא מֵיין פָּאטֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם
22 לִיבֶּען, אוּנְד וֶועל מִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעווַייזֶען: יְהוּדָה, (נִיט
אִישׁ־קְרִיּוֹת) הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס אִיז דָאס
אַז דוּא וֶועסְט דִיךְ צוּ אוּנְס בֶּעווַייזֶען, אוּנְד נִיט צוּ דֶער
23 וֶועלְט: יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, וֶוער עֶס לִיבְּט מִיךְ, דֶער וֶועט מֵיין וָוארְט הַאלְטֶען;
אוּנְד מֵיין פָּאטֶער וֶועט אִיהְם לִיבֶּען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען צוּ
אִיהְם קוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען אַ ווְאוֹינוּנְג בֵּייא אִיהְם מַאכֶען:
24 וֶוער עֶס לִיבְּט מִיךְ נִיט, דֶער הַאלְט נִיט מֵיינֶע וֶוערְטֶער;
אוּנְד דָאס וָוארְט וָואס אִיהְר הֶערְט אִיז נִיט מֵיין, נֵייעֶרְט
פוּן דֶעם פָּאטֶער וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט:
25 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, ווַייל אִיךְ בִּין נָאךְ
26 בֵּייא אֵייךְ; אָבֶּער דֶער טְרֵייסְטֶער דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ,
דֶעם דֶער פָּאטֶער וֶועט שִׁיקֶען אִין מֵיין נָאמֶען, עֶר וֶועט
אֵייךְ אַלֶעס לֶעהְרֶען, אוּנְד וֶועט אֵייךְ דֶערְמָאנֶען אָן אַלֶעס
27 וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט: פְרִידֶען לָאז אִיךְ אֵייךְ
אִיבֶּער, מֵיין פְרִידֶען גִיבּ אִיךְ אֵייךְ. לָאז אֵייעֶר הַארְץ נִיט
28 דֶערְשְׁרָאקֶען זַיין, אוּנְד לָאז עֶס זִיךְ נִיט פָארְכְטֶען: אִיהְר
הָאט גֶעהֶערְט אַז אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעה
אַוֶועק אוּנְד קוּם ווִידֶער צוּ אֵייךְ. וֶוען אִיהְר וָואלְט מִיךְ
גֶעלִיבְּט, אַזוֹי וָואלְט אִיהְר אֵייךְ גֶעפְרֵייט, ווַייל אִיךְ גֶעה
צוּם פָּאטֶער, וָוארִין דֶער פָּאטֶער אִיז גְרֶעסֶער ווִיא אִיךְ:
29 אוּנְד אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ עֶס צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אֵיידֶער עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען, אַז וֶוען עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען זָאלְט אִיהְר
30 גְלוֹיבֶּען: אִיךְ וֶועל ווַייטֶער נִיט פִיל מִיט אֵייךְ רֶעדֶען,
וָוארִין דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶער וֶועלְט קוּמְט; אוּנְד עֶר הָאט
31 גָארְנִיט אִין מִיר: אָבֶּער אַז דִיא וֶועלְט זָאל ווִיסֶען אַז אִיךְ

לִיבּ דֶעם פָּאטֶער, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער פָּאטֶער הָאט מִיר
גֶעבָּאטֶען, אַזוֹי טְהוּא אִיךְ. שְׁטֶעהְט אוֹיף, לָאזְט אוּנְס פוּן
דַאנֶען אַװעקְגֶעהֶען׃

## קאפיטעל טו

1 אִיךְ בִּין דֶער וָואהְרֶער וַויינְשְׁטָאק, אוּנְד מֵיין פָּאטֶער אִיז
2 דֶער וַויינְגֶערְטְנֶער׃ אִיטְלִיכֶער צְוַוייג אִין מִיר וָואס טְרָאגְט
נִיט קֵיינֶע פְרוּכְט, דֶעם נֶעמְט עֶר אַװעק; אוּנְד אִיטְלִיכֶער
צְוַוייג וָואס טְרָאגְט פְרוּכְט, רֵיינִיגְט עֶר, כְּדֵי עֶס זָאל
3 מֶעהְר פְרוּכְט טְרָאגֶען׃ אִיהְר זֶענְט שׁוֹין רֵיין דוּרְךְ דֶעם
4 וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט׃ בְּלֵייבְּט אִין מִיר
אוּנְד אִיךְ אִין אֵייךְ. אַזוֹי וִויא דִיא צְוַוייג קָאן קֵיינֶע פְרוּכְט
נִיט טְרָאגֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין, עֶס זַייא דֶען אַז עֶס בְּלֵייבְּט אִין
דֶעם וַויינְשְׁטָאק, אַזוֹי קָאנְט אִיהְר אוֹיךְ נִיט, עֶס זַייא דֶען אַז
5 אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין מִיר׃ אִיךְ בִּין דֶער וַויינְשְׁטָאק, אִיהְר
זֶענְט דִיא צְוַוייגֶען. דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ
אִין אִיהְם דֶער טְרָאגְט פִיל פְרוּכְט, וָוארִין אָהְן מִיר קָאנְט
6 אִיהְר גָארְנִיט טְהוּן׃ וֶוער עֶס בְּלֵייבְּט נִיט אִין מִיר, וֶוערְט
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אַזוֹי וִויא אַ צְוַוייג אוּנְד וֶוערְט פֶערְדַארְט,
אוּנְד מֶען נֶעמְט זַייא צוּנוֹיף אוּנְד וַוארְפְט זַייא אִים פַייעֶר
7 אַרַיין אוּנְד זַייא זֶענֶען פֶערְבְּרֶענְט׃ וֶוען אִיהְר בְּלֵייבְּט אִין
מִיר, אוּנְד מֵיינֶע וֶוערְטֶער בְּלֵייבֶּען אִין אֵייךְ, וֶועט אִיהְר
בֶּעטֶען וָואס אִיהְר ווִילְט, אוּנְד עֶס וֶועט אֵייךְ גֶעשֶׁעהֶען׃
8 דַארִין אִיז מֵיין פָּאטֶער פֶערְהֶערְלִיכְט, אַז אִיהְר זָאלְט פִיל
פְרוּכְט טְרָאגֶען; אוּנְד אַזוֹי וֶועט אִיהְר זַיין מֵיינֶע תַּלְמִידִים׃
9 אַזוֹי וִויא דֶער פָּאטֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
10 אֵייךְ גֶעלִיבְּט; בְּלֵייבְּט אִין מֵיינֶע לִיבֶּע׃ וֶוען אִיהְר וֶועט
הַאלְטֶען מֵיינֶע גֶעבָּאטֶע, וֶועט אִיהְר בְּלֵייבֶּען אִין מֵיינֶע
לִיבֶּע, אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעהַאלְטֶען דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן
מֵיין פָּאטֶער, אוּנְד בְּלֵייבּ אִין זֵיינֶע לִיבֶּע׃
11 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, אַז מֵיינֶע פְרֵייד
זָאל אִין אֵייךְ זַיין, אוּנְד אַז אֵיירֶע פְרֵייד זָאל דֶערְפִילְט
12 וֶוערֶען׃ דָאס אִיז מֵיין גֶעבָּאט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם
13 אַנְדֶערֶען לִיבֶּען אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעלִיבְּט׃ קֵיינֶער
הָאט נִיט גְרֶעסֶערֶע לִיבֶּע וִויא דִיזֶע, אַז אֵיינֶער זָאל זַיין

14 לֶעבֶּען אַנִידֶערלֶעגֶען פַאר זַיינֶע פְרֵיינְד: אִיהְר זֶענְט מֵיינֶע
15 פְרֵיינְד וֶוען אִיהְר טְהוּט וָואס אִיךְ גֶעבִּיט אֵייךְ: אִיךְ רוּף
אֵייךְ נִיט מֶעהְר קְנֶעכְט, וָוארִין דֶער קְנֶעכְט וֵוייסְט נִיט
וָואס זַיין הַאר טְהוּט; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶערוּפֶען פְרֵיינְד,
וָוארִין אַלֶעס וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן מֵיין פָּאטֶער,
16 הָאבּ אִיךְ אֵייךְ צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן: אִיהְר הָאט נִיט מִיךְ
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט,
אוּנְד הָאבּ אֵייךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז אִיהְר זָאלְט גֶעהֶען אוּנְד
טְרָאגֶען פְּרוּכְט, אוּנְד אֵיירֶע פְּרוּכְט זָאל בְּלֵייבֶּען, אַז וָואס
אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען דֶעם פָּאטֶער אִין מֵיין נָאמֶען, זָאל
17 עֶר אֵייךְ גֶעבֶּען: דָאס גֶעבִּיט אִיךְ אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען:
18 וֶוען דִיא וֶועלְט הַאסְט אֵייךְ, אַזוֹי וֵוייסְט אִיהְר אַז זִיא הָאט
19 מִיךְ פְרִיהֶער פוּן אֵייךְ גֶעהַאסְט: וֶוען אִיהְר זָאלְט זַיין פוּן
דֶער וֶועלְט, אַזוֹי וָואלְט דִיא וֶועלְט דִיא אִיהְרִיגֶע גֶעלִיבְּט;
אָבֶּער וַוייל אִיהְר זֶענְט נִיט פוּן דֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט פוּן דֶער וֶועלְט דְרוּם הַאסְט
20 אֵייךְ דִיא וֶועלְט: גֶעדֶענְקְט דָאס וָוארְט וָואס אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ גֶעזָאגְט, דֶער קְנֶעכְט אִיז נִיט גְרֶעסֶער וִויא זַיין הַאר,
וֶוען זַייא הָאבֶּען מִיךְ פֶערְפָאלְגְט, אַזוֹי וֶועלֶען זַייא אֵייךְ
אוֹיךְ פֶערְפָאלְגֶען; וֶוען זַייא הָאבֶּען מֵיין וָוארְט גֶעהַאלְטֶען,
21 אַזוֹי וֶועלֶען זַייא אוֹיךְ אֵייעֶרְס הַאלְטֶען: אָבֶּער דָאס אַלֶעס
וֶועלֶען זַייא אֵייךְ טְהוּן פוּן מֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען, וַוייל זַייא
22 קֶענֶען נִיט דֶעם וָואס הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: וֶוען אִיךְ וָואלְט
נִיט גֶעקוּמֶען אוּנְד וָואלְט צוּ זַייא נִיט גֶערֶעט, אַזוֹי וָואלְ־
טֶען זַייא קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אָבֶּער אַצוּנְד הָאבֶּען זַייא קֵיינֶע
23 אוֹיסְרֶעד נִיט פַאר זֵיירֶע זִינְד: וֶוער עֶס הַאסְט מִיךְ, דֶער
24 הַאסְט אוֹיךְ מֵיין פָּאטֶער: וֶוען אִיךְ וָואלְט נִיט צְוִוישֶׁען זַייא
גֶעטְהוּן דִיא מַעֲשִׂים וָואס קֵיין אַנְדֶערֶער הָאט נִיט גֶעטְהוּן,
וָואלְטֶען זַייא קֵיינֶע זִינְד גֶעהַאט; אַצוּנְד הָאבֶּען זַייא גֶע־
25 זֶעהֶען אוּנְד גֶעהַאסְט מִיךְ אוּנְד אוֹיךְ מֵיין פָּאטֶער: אָבֶּער
דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז דָאס וָוארְט זָאל מְקוּיָּם וֶוערֶען וָואס
אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אִין זֵיירֶע תּוֹרָה, זַייא הָאבֶּען מִיךְ אוּמְזִיסְט
26 גֶעהַאסְט: וֶוען דֶער טְרֵייסְטֶער וֶועט קוּמֶען, וֶועלְכֶען אִיךְ

װֶעל אֵייךְ שִׁיקֶען פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶעם גֵייסְט פוּן װָאהְר־
הֵייט, װָאס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם פָאטֶער, דֶער װֶעט אוֹיף
27 מִיר בֶּעצֵייגֶען: אוּנְד אִיהְר בֶּעצֵייגְט אוֹיךְ, װָארִין. אִיהְר
זֶענְט מִיט מִיר פוּן אָנְהֵייב גֶעװֶעזֶען:

## קאפיטעל טז

1 דִיזֶע זַאכֶען הָאב אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
2 נִיט אָנְשְׁטוֹיסֶען: זֵייא װֶעלֶען אֵייךְ אוֹיס דִיא שׁוּלֶען אַרוֹיס־
װַארְפֶען; אוּנְד דִיא שָׁעָה קוּמְט, אַז אִיטְלִיכֶער װָאס הַרְגֶעט
3 אֵייךְ װֶעט מֵיינֶען אַז עֶר טְהוּט גָאט אַ דִינְסְט: אוּנְד דָאס
װֶעלֶען זֵייא טְהוּן, װֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט דֶעם פָאטֶער גֶע־
4 קֶענְט אוּנְד אוֹיךְ נִיט מִיךְ: אָבֶּער דָאס הָאב אִיךְ צוּ אֵייךְ
גֶערֶעט, אַז װֶען דִיא שָׁעָה קוּמְט, אִיהְר זָאלְט דְרַאן גֶע־
דֶענְקֶען, אַז אִיךְ הָאב זֵייא אֵייךְ גֶעזָאגְט; אוּנְד דִיזֶעם הָאב
אִיךְ אֵייךְ נִיט גֶעזָאגְט פוּן אָנְהֵייב, װֵייל אִיךְ בִּין מִיט אֵייךְ
5 גֶעװֶעזֶען: אָבֶּער אַצוּנְד גֶעה אִיךְ אַװֶעק צוּ דֶעם װָאס
הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד קֵיינֶער פוּן אֵייךְ פְרֶעגְט מִיךְ װְאוּ
6 אַהִין גֶעהְסְט דוּא? אָבֶּער װֵייל אִיךְ הָאב דִיזֶעס צוּ אֵייךְ
7 גֶערֶעט אִיז אֵייעֶר הַארְץ פוּל מִיט צַעַר: אָבֶּער אִיךְ זָאג
אֵייךְ דִיא װָאהְרְהֵייט, עֶס פַּאסְט פַאר אֵייךְ אַז אִיךְ זָאל
אַװֶעקְגֶעהֶען; װָארִין װֶען אִיךְ גֶעה נִיט אַװֶעק, אַזוֹי װֶעט
דֶער טְרֵייסְטֶער צוּ אֵייךְ נִיט קוּמֶען; אָבֶּער װֶען אִיךְ גֶעה,
8 װֶעל אִיךְ אִיהְם צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען: אוּנְד װֶען עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען װֶעט עֶר דִיא װֶעלְט שְׁטְרָאפֶען װֶעגֶען זִינְד אוּנְד
9 װֶעגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד װֶעגֶען מִשְׁפָּט: װֶעגֶען זִינְד
10 װֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט אָן מִיר גֶעגְלוֹיבְּט: װֶעגֶען גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט װֵייל אִיךְ גֶעה צוּ דֶעם פָאטֶער, אוּנְד אִיהְר זֶעהְט מִיךְ
11 נִיט מֶעהְר: װֶעגֶען מִשְׁפָּט, װֵייל דֶער פִירְשְׁט פוּן דִיזֶער
12 װֶעלְט װֶערְט גֶערִיכְטֶעט: אִיךְ הָאב נָאךְ פִילֶעס צוּ אֵייךְ
צוּ זָאגֶען אָבֶּער אִיהְר קָאנְט עֶס אַצוּנְד נִיט דֶערְטְרָאגֶען:
13 אָבֶּער װֶען דֶער גֵייסְט פוּן װָאהְרְהֵייט װֶעט קוּמֶען, װֶעט עֶר
אֵייךְ פִיהְרֶען אִין אַלֶער װָאהְרְהֵייט; װָארִין עֶר װֶעט נִיט
רֶעדֶען פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט װָאס עֶר װֶעט הֶערֶען
װֶעט עֶר רֶעדֶען, אוּנְד עֶר װֶעט אֵייךְ זָאגֶען דָאס װָאס
14 װֶעט מִיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען, װָארִין עֶר װֶעט פוּן דֶעם

15 מֵיינֶעם נֶעמֶען אוּנְד וֶועט עֶס אֵייךְ אָנְזָאגֶען: אַלֶע זַאכֶען
וֶועלְכֶע דֶער פָּאטֶער הָאט זֶענֶען מֵיינֶע, דְרוּם הָאבּ אִיךְ
גֶעזָאגְט, אַז עֶר וֶועט פוּן דֶעם מֵיינֶעם נֶעמֶען אוּנְד וֶועט
עֶס אֵייךְ אָנְזָאגֶען:
16 אִין אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּנְד
ווִידֶער אִין אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ זֶעהֶען:
17 אַזוֹי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פוּן זַיינֶע תַּלְמִידִים צְווִישֶׁען זִיךְ גֶע־
זָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס עֶר זָאגְט צוּ אוּנְס, אִין אַ קְלֵיינֶע
ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּנְד ווִידֶער אִין אַ קְלֵיינֶע
ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ זֶעהֶען? אוּנְד ווַייל אִיךְ גֶעה צוּם
18 פָּאטֶער? אַזוֹי הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, וָואס אִיז דָאס וָואס עֶר
זָאגְט דִיא קְלֵיינֶע ווַיילֶע? מִיר ווִיסֶען נִיט וָואס עֶר רֶעט:
19 יֵשׁוּעַ הָאט גֶעווְאוּסְט אַז זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט
פְרֶעגֶען, אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, פְרֶעגְט אִיהְר אֵייךְ
וֶועגֶען דִיזֶען צְווִישֶׁען אֵיינְאַנְדֶער ווַייל אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט,
אִין אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ נִיט זֶעהֶען, אוּנְד
20 ווִידֶער אִין אַ קְלֵיינֶע ווַיילֶע וֶועט אִיהְר מִיךְ זֶעהֶען? בֶּאֱמֶת
בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר וֶועט ווֵיינֶען אוּנְד קְלָאגֶען,
אָבֶּער דִיא וֶועלְט וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן; אִיהְר וֶועט טְרוֹירִיג
21 זַיין, אָבֶּער אֵייעֶר טְרוֹיעֶר וֶועט וֶוערֶען צוּ פְרֵייד: אַ פְרוֹיא
וֶוען זִיא גֶעהְט צוּקִינְד אִיז טְרוֹירִיג, ווַייל אִיהְרֶע צֵייט אִיז
גֶעקוּמֶען; אָבֶּער וֶוען דָאס קִינְד אִיז גֶעבּוֹירֶען אַזוֹי גֶע־
דֶענְקְט זִיא נִיט מֶעהְר דִיא אַנְגְסְט, פָאר פְרֵייד אַז אַ מֶענְשׁ
22 אִיז אִין דֶער וֶועלְט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען: דְרוּם הָאט אִיהְר
אוֹיךְ אַצוּנְד צַעַר; אָבֶּער אִיךְ וֶועל אֵייךְ ווִידֶער זֶעהֶען,
אוּנְד אֵייעֶר הַארְץ וֶועט זִיךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד קֵיינֶער וֶועט
23 אֵיירֶע פְרֵייד פוּן אֵייךְ נִיט נֶעמֶען: אוּנְד אִין יֶענֶעם טָאג
וֶועט אִיהְר מִיךְ גָארְנִיט פְרֶעגֶען: בֶּאֱמֶת בֶּאֱמֶת זָאג אִיךְ
אֵייךְ, וָואס אִיהְר וֶועט בֶּעטֶען דֶעם פָּאטֶער אִין מֵיין נָאמֶען
24 וֶועט עֶר אֵייךְ גֶעבֶּען: בִּיז אַצוּנְד הָאט אִיהְר גָארְנִיט גֶע־
בֶּעטֶען אִין מֵיין נָאמֶען; בֶּעטֶעט אוּנְד אִיהְר וֶועט דֶערְ־
הַאלְטֶען, אַז אֵיירֶע פְרֵייד זָאל גַאנְץ פוּל זַיין:
25 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעזָאט אִין מְשָׁלִים, אָבֶּער
דִיא שָׁעָה קוּמְט וֶוען אִיךְ וֶועל נִיט מֶעהְר אִין מְשָׁלִים צוּ

אֵייךְ רֶעדֶען, נֵייעֶרְט עֶפֶּענְטְלִיךְ װֶעל אִיךְ אֵייךְ זָאגֶען װֶע־
26 גֶען דֶעם פָּאטֶער: אִין יֶענֶעם טָאג װֶעט אִיהְר בֶּעטֶען אִין
מֵיין נָאמֶען, אוּנְד אִיךְ זָאג אֵייךְ נִיט אַז אִיךְ װֶעל דֶעם
27 פָּאטֶער װֶעגֶען אֵייךְ בֶּעטֶען: װָארִין דֶער פָּאטֶער
זֶעלְבְּסְט לִיבְּט אֵייךְ, װֵייל אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט, אוּנְד
28 הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אַז אִיךְ בִּין פוּן גָאט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: אִיךְ
בִּין פוּן דֶעם פָּאטֶער אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד בִּין גֶעקוּמֶען אִין
דֶער װֶעלְט; װִידֶער פֶערְלָאז אִיךְ דִיא װֶעלְט, אוּנְד גֶעה צוּם
29 פָּאטֶער: זֵיינֶע תַּלְמִידִים הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זֶעה,
אַצוּנְד רֶעדְסְט דוּא עֶפֶענְטְלִיךְ, אוּנְד זָאגְסְט גָארְנִיט קֵיין
30 מָשָׁל: אַצוּנְד װִיסֶען מִיר אַז דוּא װֵייסְט אַלֶעם אוּנְד בֶּע־
דַארְפְסְט נִיט אַז אִימִיצֶער זָאל דִיךְ פְרֶעגֶען, דַאדוּרְךְ גְלוֹי־
31 בֶּען מִיר אַז דוּא בִּיסְט פוּן גָאט אוֹסְגֶעגַאנְגֶען: יֵשׁוּעַ הָאט
32 זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַצוּנְד גְלוֹיבְּט אִיהְר? זֶעה עֶס קוּמְט אַ
שָׁעָה, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען, אַז אִיהְר װֶעט צוּשְׁפְּרֵייט װֶע־
רֶען אִיטְלִיכֶער צוּ זֵיינֶע, אוּנְד װֶעט מִיךְ אַלֵיין אִיבֶּערְלָאזֶען,
אָבֶּער אִיךְ בִּין נִיט אַלֵיין, װָארִין דֶער פָּאטֶער אִיז מִיט מִיר:
33 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶערֶעט, אַז אִיהְר זָאלְט אִין
מִיר הָאבֶּען פְרִידֶען, אִין דֶער װֶעלְט װֶעט אִיהְר הָאבֶּען
צָרוֹת; אָבֶּער זֵייט אִיהְר גֶעטְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ דִיא װֶעלְט
בֵּייגֶעקוּמֶען:

## קאפיטעל יז

1 דִיזֶע זַאכֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶערֶעט, אוּנְד הָאט זֵיינֶע אוֹיגֶען
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, פָּאטֶער,
דִיא שָׁעָה אִיז גֶעקוּמֶען; פֶערְהֶערְלִיךְ דֵיין זוּהְן, אַז דֶער זוּהְן
2 זָאל דִיךְ אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכֶען: אַזוֹי װִיא דוּא הָאסְט
אִיהְם מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּער אַלֶעם פְלֵיישׁ, אַז עֶר זָאל
גֶעבֶּען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען צוּ אַלֶע װָאס דוּא הָאסְט אִיהְם גֶע־
3 גֶעבֶּען: אוּנְד דָאס אִיז דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען
דִיךְ קֶענֶען, דֶעם אֵיינְצִיגֶען װָאהְרֶען גָאט, אוּנְד יֵשׁוּעַ
4 הַמָּשִׁיחַ דֶעם דוּא הָאסְט גֶעשִׁיקְט: אִיךְ הָאבּ דִיךְ פֶערְ־
הֶערְלִיכְט אוֹיף דֶער עֶרְד; אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְדִיגְט דָאס װֶערְק
5 װָאס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּ טְהוּן: אוּנְד אַצוּנְד פָּא־
טֶער, פֶערְהֶערְלִיךְ דוּא מִיךְ זֶעלְבְּסְט, מִיט דֶער הֶערְלִיכְקֵייט

וָואס איך הָאבּ בֵּייא דִיר גֶעהַאט, אֵיידֶער דִיא וֶועלְט אִיז
בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען׃ אִיךְ הָאבּ דֵיין נָאמֶען אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ 6
דִיא מֶענְשֶׁען וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט,
זֵייא זֶענֶען דֵיינֶע גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דוּא הָאסְט זֵייא מִיר גֶע־
גֶעבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֵיין וָוארְט גֶעהַאלְטֶען׃ אַצוּנְד 7
הָאבֶּען זֵייא גֶעוְואוּסְט, אַז אַלֶעס וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶע־
גֶעבֶּען אִיז פוּן דִיר׃ וָוארִין דִיא וֶוערְטֶער וָואס דוּא הָאסְט 8
מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ זֵייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
זֵייא אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעוִויס גֶעוְואוּסְט אַז אִיךְ בִּין
פוּן דִיר אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אַז דוּא
הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט׃ אִיךְ בֶּעט וָועגֶען זֵייא, אִיךְ בֶּעט 9
נִיט וֶועגֶען דֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט וֶועגֶען דִיא וָואס דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען דֵיינֶע׃ אוּנְד אַלֶעס וָואס 10
אִיז מֵיין אִיז דֵיין, אוּנְד וָואס אִיז דֵיין אִיז מֵיין, אוּנְד אִיךְ
בִּין אִין זֵייא פֶערְהֶערְלִיכְט׃ אוּנְד אִיךְ בִּין נִיט מֶעהְר אִין 11
דֶער וֶועלְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּנְד אִיךְ
קוּם צוּ דִיר, הֵיילִיגֶער פָאטֶער, דֶערְהַאלְט זֵייא אִין דֵיין
נָאמֶען וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען, אַז זֵייא זָאלֶען זֵיין
אֵיינְס אַזוֹי וִויא מִיר׃ וֶוען אִיךְ בִּין מִיט זֵייא גֶעוֶועזֶען הָאבּ 12
אִיךְ זֵייא דֶערְהַאלְטֶען אִין דֵיין נָאמֶען וָואס דוּא הָאסְט
מִיר גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעהִיט, אוּנְד קֵיינֶער
פוּן זֵייא אִיז נִיט פֶערְלוֹירֶען, חוּץ דֶער זוּהְן פוּן פֶערְדַארְ־
בֶּען, כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען׃ אָבֶּער אַצוּנְד 13
קוּם אִיךְ צוּ דִיר, אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען רֶעד אִיךְ אִין דֶער
וֶועלְט, אַז זֵייא זָאלֶען מֵיינֶע פְרֵייד אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְ־
פִילְט הָאבֶּען׃ אִיךְ הָאבּ זֵייא דֵיין וָוארְט גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד 14
דִיא וֶועלְט הָאט זֵייא גֶעהַאסְט, וַוייל זֵייא זֶענֶען נִיט
פוּן דֶער וֶועלְט אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין נִיט פוּן דֶער וֶועלְט׃
אִיךְ בֶּעט נִיט אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְ־ 15
נֶעמֶען, נֵייעֶרְט אַז דוּא זָאלְסְט זֵייא הִיטֶען פוּן דֶעם אִיבֶּעל׃
זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן דֶער וֶועלְט אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין נִיט פוּן 16
דֶער וֶועלְט׃ הֵיילִיג זֵייא אִין דִיא וָואהְרְהֵייט, דֵיין וָוארְט 17
אִיז וָואהְרְהֵייט׃ אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ אִין דֶער וֶועלְט 18
גֶעשִׁיקְט, הָאבּ אִיךְ זֵייא אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט׃

19 אוּנְד פוּן זַייעֶרְט וֶועגֶען הֵיילִיגֶע אִיךְ מִיךְ, אַז זַייא זָאלֶען
אוֹיךְ גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען אִין דֶער וָואהְרְהֵייט:
20 אָבֶּער אִיךְ בֶּעט נִיט פַאר דִיא דָאזִיגֶע אַלֵיין, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
פַאר דִיא וָואס וֶועלֶען אָן מִיר גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ זֵייעֶר וָוארְט;
21 אַז אַלֶע זָאלֶען אֵיינְם זַיין, אַזוֹי וִויא דוּא פָאטֶער, בִּיסְט
אִין מִיר, אוּנְד אִיךְ אִין דִיר, אַזוֹי זָאלֶען זַייא אוֹיךְ זַיין
אֵיינְם אִין אוּנְס אַז דִיא וֶועלְט זָאל גְלוֹיבֶּען אַז דוּא הָאסְט
22 מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא הָאסְט מִיר
גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ זַייא גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען זַיין
23 אֵיינְם אַזוֹי וִויא מִיר זֶענֶען אֵיינְם: אִיךְ אִין זַייא, אוּנְד דוּא
אִין מִיר, אַז זַייא זָאלֶען פָאלְקָאמֶען זַיין אִין אֵיינֶעם, כְּדֵי
דִיא וֶועלְט זָאל וִויסֶען אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט, אוּנְד
הָאסְט זַייא גֶעלִיבְּט אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט:
24 פָאטֶער, אִיךְ וִויל אַז אוֹיךְ דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶע־
בֶּען זָאלֶען מִיט מִיר זַיין וְואוּ אִיךְ בִּין, אַז זַייא זָאלֶען
זֶעהֶען מֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען,
וָוארִין דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט פָאר דִיא גְרִינְדוּנְג פוּן דִיא
25 וֶועלְט: גֶערֶעכְטֶער פָאטֶער, דִיא וֶועלְט הָאט דִיךְ נִיט
גֶעקֶענְט, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעקֶענְט, אוּנְד דִיזֶע הָאבֶּען
26 גֶעווְאוּסְט אַז דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעשִׁיקְט: אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא
דֵיין נָאמֶען צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן אוּנְד וֶועל זַייא צוּ וִויסֶען
טְהוּן, אַז דִיא לִיבֶּע מִיט וֶועלְכֶער דוּא הָאסְט מִיךְ גֶעלִיבְּט
זָאל אִין זַייא זַיין, אוּנְד אִיךְ אִין זַייא:

קאפיטעל יח

1 וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט
זֵיינֶע תַּלְמִידִים אִיבֶּער דֶעם בָּאךְ קִדְרוֹן; דָארְט אִיז גֶעוֶועזֶען
אַ גָארְטֶען, אוּנְד עֶר אוּנְד זֵיינֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען דְרִינֶען
2 אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד יְהוּדָה דֶער מוֹסֵר הָאט פוּן דֶעם
אָרְט גֶעווְאוּסְט, וָוארִין יֵשׁוּעַ אִיז דָארְט אָפְט צוּזַאמֶענְגֶע־
3 קוּמֶען מִיט זֵיינֶע תַּלְמִידִים: אַזוֹי הָאט יְהוּדָה גֶענוּמֶען דִיא
בַּאנְדֶע פוּן סָאלְדַאטֶען אוּנְד מְשָׁרְתִים פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא פְּרוּשִׁים, אוּנְד אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען מִיט
4 לָאמְפֶּען אוּנְד פַאקֶעל אוּנְד וַואפֶען: דְרוּם וֶוען יֵשׁוּעַ הָאט
אַלֶעס גֶעווְאוּסְט וָואס וֶועט אוֹיף אִיהְם קוּמֶען, אִיז עֶר אַרוֹים

גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, וֶועמֶען זוּכְט אִיהְר?
זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי. עֶר הָאט צוּ 5
זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין עֶר. אוּנְד יְהוּדָה דֶער מוֹסֵר אִיז אוֹיךְ
מִיט זַייא גֶעשְׁטַאנֶען: דְרוּם וֶוען עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, 6
אִיךְ בִּין עֶר, אַזוֹי זֶענֶען זַייא צוּרִיקְגֶעטְרֶעטֶען אוּנְד זֶענֶען
צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען: אַזוֹי הָאט עֶר זַייא וִוידֶער גֶעפְרֶעגְט, 7
וֶועמֶען זוּכְט אִיהְר? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ
הַנָּצְרִי: יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעזָאגְט, 8
אַז אִיךְ בִּין עֶר; דְרוּם וֶוען אִיהְר זוּכְט מִיךְ, לָאזְט דִיזֶע
גֶעהֶען: כְּדֵי עֶס זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס עֶר הָאט 9
גֶעזָאגְט, פוּן דִיא וָואס דוּא הָאסְט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ
קֵיינֶעם נִיט פֶערְלוֹירֶען: דְרוּם הָאט שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס אַ 10
שְׁוֶוערְד גֶעהַאט, אוּנְד הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאט
גֶעשְׁלָאגֶען דֶעם קְנֶעכְט פוּן דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל, אוּנְד הָאט
אִיהְם דָאס רֶעכְטֶע אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט; אוּנְד דֶער קְנֶעכְט
הָאט גֶעהֵייסֶען מַלְכוּס: דְרוּם הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ 11
פֶּעטְרוֹס, שְׁטֶעק דַיין שְׁוֶוערְד אַרֵיין אִין דֶער שֵׁייד; זָאל
אִיךְ נִיט טְרִינְקֶען דֶעם כּוֹס וָואס מֵיין פָאטֶער הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען?
דְרוּם הָאבֶּען דִיא בַּאנְדֶע אוּנְד דֶער הוֹיפְּטמַאן אוּנְד דִיא 12
מְשָׁרְתִים פוּן דִיא יוּדֶען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
גֶעבּוּנְדֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעפִיהְרְט 13
צוּ חָנָן, וָוארִין עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער שְׁוֶוער פוּן קַיָפָא, וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען כֹּהֵן גָּדוֹל אִין יֶענֶעם יָאהְר: עֶס אִיז קַיָפָא וָואס 14
הָאט דִיא יוּדֶען גֶערָאטֶען, אַז עֶס אִיז גוּט אַז אֵיין מֶענְשׁ
זָאל שְׁטַארְבֶּען פַאר דֶעם פָאלְק:
אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד הָאבֶּען 15
יֵשׁוּעַ נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד יֶענֶער תַּלְמִיד אִיז בֶּעקַאנְט
גֶעוֶועזֶען בַּייא דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל, אוּנְד עֶר אִיז מִיט יֵשׁוּעַ
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם הוֹיף פוּן דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל: אָבֶּער 16
פֶּעטְרוֹס אִיז דְרוֹיסֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶער טְהִיר. אַזוֹי אִיז
דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד וָואס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוֶועזֶען בַּייא
דֶעם כֹּהֵן גָּדוֹל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶערֶעט מִיט דֶער
טְהִיר־הִיטֶערִן, אוּנְד הָאט פֶּעטְרוֹס אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט: אַזוֹי 17

הָאט דָאס מְעדֶעל וָואס הָאט דִיא טְהִיר גֶעהִיט צוּ פֶּעטְרוֹס
גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא נִיט אוֹיךְ פוּן דִיא תַּלְמִידִים פוּן דִיזֶען
18 מַאן? עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִיךְ בִּין נִיט: אוּנְד דִיא קְנֶעכְט
אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעמַאכְט
אַ פַייעֶר פוּן קוֹילֶען, וָוארִין עֶס אִיז קַאלְט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַוארְמְט; אוּנְד פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיךְ מִיט זֵייא
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוַוארְמְט:
19 אַזוֹי הָאט דֶער כֹּהֵן גָדוֹל יֵשׁוּעַ גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען זֵיינֶע
20 תַּלְמִידִים אוּנְד וֶועגֶען זֵיינֶע לֶעהְרֶע: יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ עֶפֶענְטְלִיךְ גֶערֶעט צוּ דֶער וֶועלְט;
אִיךְ הָאבּ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעלֶעהְרְט אִין דֶער שׁוּל אוּנְד אִין
דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, וְואוּ אַלֶע יוּדֶען קוּמֶען צוּזַאמֶען, אוּנְד
21 אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם הָאבּ אִיךְ גָארְנִיט גֶערֶעט; פַארְוָואס
פְרֶעגְסְט דוּא מִיךְ? פְרֶעג דִיא וָואס הָאבֶּען מִיךְ גֶעהֶערְט
וָואס אִיךְ הָאבּ צוּ זֵייא גֶערֶעט; זֶעה זֵייא ווִיסֶען וָואס אִיךְ
22 הָאבּ גֶעזָאגְט: אוּנְד ווִיא עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט
אֵיינֶער פוּן דִיא מְשָׁרְתִים וָואס אִיז דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען
יֵשׁוּעַ אוֹיף דֶעם פָּנִים גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, עֶנְטְפֶערְסְט
23 דוּא אַזוֹי דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל? יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט,
וֶוען אִיךְ הָאבּ שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט, זָאג עֵדוּת אוֹיף דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען; אָבֶּער וֶוען גוּטֶעס וַוארוּם שְׁלָאגְסְט דוּא מִיךְ?
24 דְרוּם הָאט אִיהְם חָנָן גֶעשִׁיקְט גֶעבּוּנְדֶען צוּ קַיָפָא דֶעם
כֹּהֵן גָדוֹל:
25 אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעוַוארְמְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, בִּיסְט דוּא
נִיט אוֹיךְ אֵיינֶער פוּן זֵיינֶע תַּלְמִידִים? עֶר הָאט גֶעלֵייקֶענְט
26 אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט: אֵיינֶער פוּן דִיא קְנֶעכְט פוּן
דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ קָרוֹב פוּן דֶעם וָואס
פֶּטְרוֹס הָאט דָאס אוֹיעֶר אָפְּגֶעהַאקְט, הָאט גֶעזָאגְט, הָאבּ
27 אִיךְ דִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען אִים גָארְטֶען מִיט אִיהְם? אַזוֹי
הָאט פֶּעטְרוֹס ווִידֶער גֶעלֵייקֶענְט, אוּנְד גְלֵייךְ הָאט דֶער
הָאן גֶעקְרֵייעֶט:
28 דְרוּם הָאבֶּען זֵייא יֵשׁוּעַ גֶעפִיהְרְט פוּן קַיָפָא צוּם גֶערִיכְטְס־
הוֹיף; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פְרִיה, אוּנְד זֵייא זֶעלְבְּסְט

זֶענֶען נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם גֶערִיכְטְסְהוֹיף, אַז זַייא
זָאלֶען נִיט טָמֵא וֶוערֶען, כְּדֵי זַייא זָאלֶען קֶענֶען עֶסֶען
דָאס קָרְבָּן פֶּסַח: אַזוֹי אִיז פִּילָטוֹס צוּ זַייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען 29
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ פַארְקְלָאג בְּרֶענְגְט אִיהְר
קֶענֶען דִיזֶען מֶענְשׁ? זַייא הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד 30
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען דִיזֶער וָואלְט נִיט קֵיין
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן וָואלְטֶען מִיר אִיהְם נִיט צוּ דִיר אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען: דְרוּם הָאט פִּילָטוֹס צוּ זַייא גֶעזָאגְט, נֶעמְט 31
אִיהְר אִיהְם, אוּנְד רִיכְטֶעט אִיהְם נָאךְ אַייעֶר גֶעזֶעץ. דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר טָארֶען קֵיינֶעם נִיט
טֵייטֶען: כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן יֵשׁוּעַ זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען 32
וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען עֶר הָאט בֶּעצֵייכֶענְט וָואס
פַאר אַ טוֹיט עֶר וֶועט שְׁטַארְבֶּען:
אַזוֹי אִיז פִּילָטוֹס ווִידֶער אִים גֶערִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, 33
אוּנְד הָאט יֵשׁוּעַ גֶערוּפֶען אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
בִּיסְט דוּא דֶער מֶלֶךְ פוּן דִיא יוּדֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְ־ 34
פֶערְט, זָאגְסְט דוּא דָאס פוּן דִיר זֶעלְבְּסְט, אָדֶער הָאבֶּען
דִיר אַנְדֶערֶע וֶועגֶען מִיר גֶעזָאגְט? פִּילָטוֹס הָאט 35
גֶעעֶנְטְפֶערְט, בִּין אִיךְ דֶען אַ יוּד? דֵיין אֵיינֶענֶעם פָאלְק
אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דִיךְ צוּ מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶע־
בֶּען; וָואס הָאסְט דוּא גֶעטְהוּן? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, 36
מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ אִיז נִיט פוּן דִיזֶער וֶועלְט; וֶוען מֵיין
קֶענִיגְרֵייךְ זָאל זַיין פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אַזוֹי וָואלְטֶען מֵיינֶע
מְשָׁרְתִים גֶעפָאכְטֶען אַז אִיךְ זָאל נִיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
וֶוערֶען צוּ דִיא יוּדֶען; אָבֶּער אַצוּנְד, אִיז מֵיין קֶענִיגְרֵייךְ
נִיט פוּן דַאנֶען: אַזוֹי הָאט פִּילָטוֹס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, 37
בִּיסְט דוּא דֶען אַ קֶענִיג? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא
זָאגְסְט אַז אִיךְ בִּין אַ קֶענִיג. דָארְפַאר בִּין אִיךְ גֶעבּוֹירֶען
גֶעוָוארֶען אוּנְד דָארְפַאר בִּין אִיךְ אִין דֶער וֶועלְט גֶעקוּמֶען,
אַז אִיךְ זָאל בֶּעצֵייגֶען אוֹיף דֶעם אֱמֶת; אִיטְלִיכֶער וָואס
אִיז פוּן דֶעם אֱמֶת הֶערְט מֵיין קוֹל: פִּילָטוֹס זָאגְט צוּ 38
אִיהְם, וָואס אִיז אֱמֶת? אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט,
אִיז עֶר וִוידֶער אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא יוּדֶען, אוּנְד הָאט
צוּ זַייא גֶעזָאגְט, אִיךְ גֶעפִין קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט אִין אִיהְם:

39 אָבֶּער אִיהְר הָאט אַ מִנְהָג אַז אִיךְ זָאל אֵיינֶעם
בֶּעפְרֵייעֶן אוֹיף פֶּסַח; ווִילְט אִיהְר דֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ
40 בֶּעפְרֵייעֶן דֶעם קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען? אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא
ווִידֶער גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, נִיט דִיזֶען נֵייעֶרְט בַּר־אַבָּא.
אוּנְד בַּר־אַבָּא אִיז גֶעוועזֶען אַ רוֹיבֶּער:

## קאפיטעל יט

1 דַאן הָאט פִּילָטוּס גֶענוּמֶען יֵשׁוּעַ אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעשְׁמִי־
2 סֶען: אוּנְד דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען גֶעפְלָאכְטֶען אַ קְרוֹין
פוּן דֶערְנֶער, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אִיהְם אוֹיף דֶעם קָאפּ
אוֹיפְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעטְהוּן אַ קְלֵייד פוּן
3 פּוּרְפּוּר: אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם, אָ קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
4 אִיהְם פֶּעטְשׁ גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד פִּילָטוּס אִיז ווִידֶער אַרוֹיסְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ בְּרֶענְג אִיהְם
צוּ אֵייךְ אַרוֹיס, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז אִיךְ גֶעפִין קֵיינֶע
5 שׁוּלְד אִין אִיהְם: אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט
גֶעטְרָאגֶען דִיא קְרוֹין פוּן דֶערְנֶער אוּנְד דָאס קְלֵייד פוּן
פּוּרְפּוּר. אוּנְד פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זֶעהְט דֶעם
6 מֶענְשׁ: אוּנְד ווֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא מְשָׁרְתִים
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט,
קְרֵייצִיג, קְרֵייצִיג אִיהְם. פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
נֶעמְט אִיהְר אִיהְם אוּנְד קְרֵייצִיגְט אִיהְם, ווָארִין אִיךְ גֶעפִין
7 קֵיינֶע שׁוּלְד נִיט אִין אִיהְם: דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אִיהְם
גֶעעֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען אַ גֶעזֶעץ, אוּנְד נָאךְ אוּנְזֶער
גֶעזֶעץ אִיז עֶר חַיָב צוּ שְׁטַארְבֶּען. ווָארִין עֶר הָאט זִיךְ
8 גֶעמַאכְט זוּהְן פוּן גָאט: ווֶען פִּילָטוּס הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
9 הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ מֶעהְר גֶעפָארְכְטֶען: אוּנְד עֶר אִיז ווִידֶער
אִין דֶעם גֶערִיכְטְסְהוֹיף אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט צוּ יֵשׁוּעַ
גֶעזָאגְט פוּן וַואנֶען בִּיסְט דוּא? אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט אִיהְם קֵיין
10 עֶנְטְפֶער נִיט גֶעגֶעבֶּען: אַזוֹי הָאט פִּילָטוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
רֶעדְסְט דוּא נִיט מִיט מִיר? ווֵייסְט דוּא נִיט אַז אִיךְ הָאבּ
מַאכְט דִיךְ צוּ בֶּעפְרֵייעֶן, אוּנְד אִיךְ הָאבּ מַאכְט דִיךְ צוּ
11 קְרֵייצִיגֶען? יֵשׁוּעַ הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא ווָאלְסְט גָאר
קֵיינֶע מַאכְט נִיט אִיבֶּער מִיר גֶעהַאט, עֶס זֵייא דֶען עֶס אִיז דִיר

פוּן אוֹיבֶּען גֶעגֶעבֶּען; דְרוּם דֶער וָואס הָאט מִיךְ צוּ דִיר
אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען הָאט אַ גְרֶעסֶערֶע זִינְד:
12 פוּן דֶענְסְמָאל אָן הָאט אִיהְם פִּילָטוּס גֶעוָואלְט בֶּעפְרֵייעֶן;
אָבֶּער דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא
וֶועסְט דִיזֶען בֶּעפְרֵייעֶן, אַזוֹיא בִּיסְט דוּא קֵיין פְרֵיינְד
פוּן דֶעם קֵיסָר; וֶוער עֶס מַאכְט זִיךְ אַ קֶענִיג, דֶער רֶעט
13 קֶעגֶען דֶעם קֵיסָר: אַזוֹי וֶוען פִּילָטוּס הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער
גֶעהֶערְט, הָאט עֶר יֵשׁוּעַ אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט, אוּנְד הָאט זִיךְ
אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל, אוֹיף אֵיין אָרְט
וָואס הֵייסְט דֶער פְלַאסְטֶער, אָבֶּער אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ, גַבָּתָא:
14 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען עֶרֶב פֶּסַח, קֶעגֶען דֶער זֶעקְסְטֶער
שָׁעָה; אוּנְד עֶר הָאט צוּ דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט, זֶעהְט אָן
15 אֵייעֶר קֶענִיג: דְרוּם הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיעֶן, אַוֶועק, אַוֶועק,
קְרֵייצִיג אִיהְם. פִּילָטוּס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, זָאל אִיךְ
אֵייעֶר קֶענִיג קְרֵייצִיגֶען? דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען גֶע־
עֶנְטְפֶערְט, מִיר הָאבֶּען קֵיין קֶענִיג נִיט אוֹיסֶער דֶעם קֵיסָר:
16 דַאן הָאט עֶר אִיהְם צוּ זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז עֶר זָאל
גֶעקְרֵייצִיגְט וֶוערֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶענוּמֶען אוּנְד
17 הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט: אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט גֶעטְרָאגֶען זַיין קְרֵייץ צוּ אַ פְּלַאץ וָואס הֵייסְט,
דֶער פְלַאץ פוּן אַ קָאפְּשֵׁייטֶעל, אָבֶּער אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ
18 גֻלְגָּתָא: דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט אוּנְד צְוֵוייא
אַנְדֶערֶע מִיט אִיהְם, אֵיינֶעם פוּן יֶעדֶערֶע זַייט, אוּנְד יֵשׁוּעַ
19 אִין דֶער מִיטֶען: אוּנְד פִּילָטוּס הָאט אֵיינֶע אוֹיפְשְׁרִיפְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען, אוּנְד הָאט עֶס אוֹיף דֶעם קְרֵייץ גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד
עֶס וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען, יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי, דֶער קֶענִיג פוּן
20 דִיא יוּדֶען: אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא יוּדֶען דִיא אוֹיפְ־
שְׁרִיפְט גֶעלֶעזֶען, וָוארִין דֶער פְלַאץ וְואוּ יֵשׁוּעַ אִיז גֶע־
קְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען וַואר נָאהְנְט צוּ דֶער שְׁטָאט, אוּנְד עֶס
וַואר גֶעשְׁרִיבֶּען אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ, אוּנְד גְרִיכִישׁ, אוּנְד
21 לַאטֵיינִישׁ: אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים פוּן דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
צוּ פִּילָטוּס גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ נִיט, דֶער קֶענִיג פוּן דִיא יוּדֶען,
נֵייעֶרְט אַז עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין דֶער קֶענִיג פוּן דִיא
22 יוּדֶען: אוּנְד פִּילָטוּס הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ

23 גֶעשְׁרִיבֶּען, הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען: אוּנְד דִיא זֶעלְנֶער װֶוען
זַייא הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעקְרֵייצִיגְט, הָאבֶּען גֶענוּמֶען זַיינֶע קְלֵייד־
דֶער, אוּנְד הָאבֶּען דְרוֹיס גֶעמַאכְט פִיר טֵיילֶען, אֵיין טֵייל
צוּ אִיטְלִיכֶען זֶעלְנֶער; אוּנְד אוֹיךְ דָעם רָאק, אוּנְד דָער רָאק
24 װַאר אָהְן אֵיין נָאט, פוּן אוֹיבֶּען אִין גַאנְצֶען גֶעװֶעבְּט: אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט, לָאזֶען מִיר עֶס
נִיט צוּרֵייסֶען, נֵייעֶרְט מִיר װֶעלֶען דְרוֹיף גוֹרָל װַארְפֶען
װֶעמֶעס עֶס זָאל זַיין. כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל דֶערְפִילְט װֶערֶען
װָאס זָאגְט, זַייא הָאבֶּען מַיינֶע קְלֵיידֶער צְװִישֶׁען זִיךְ צוּ־
טֵיילְט, אוּנְד אוֹיף מֵיין רָאק הָאבֶּען זַייא גוֹרָל גֶעװָארְפֶען.
דְרוּם הָאבֶּען דִיא זֶעלְנֶער דָאס גֶעטְהוּן: תהלים כ״ב, י״ח.
25 אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער אוּנְד זַיינֶע מוּטֶערְס שְׁװֶעסְטֶער, אוּנְד
מִרְיָם דָאס װֵייבּ פוּן קְלֶעאָפַּאס, אוּנְד מִרְיָם מַגְדַלֶנָה זֶענֶען
26 גֶעשְׁטַאנֶען בֵּיים קְרֵייץ פוּן יֵשׁוּעַ: אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ הָאט
גֶעזֶעהֶען זַיינֶע מוּטֶער, אוּנְד דֶעם תַּלְמִיד װָאס עֶר הָאט
גֶעלִיבְּט, בֵּייא אִיהְם שְׁטֶעהְן, הָאט עֶר צוּ זַיינֶע מוּטֶער
27 גֶעזָאגְט, פְרוֹיא זֶעה, דֵיין זוּהְן! דַאן הָאט עֶר צוּ דֶעם
תַּלְמִיד גֶעזָאגְט, זֶעה, דֵיינֶע מוּטֶער! אוּנְד פוּן דִיזֶער שָׁעָה
הָאט זִיא דֶער תַּלְמִיד צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען:
28 דֶערְנָאךְ, יֵשׁוּעַ װִיסֶענְדִיג אַז אַלֶעס אִיז שׁוֹין גֶעעֶנְדִיגְט,
כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל מְקוּיָם װֶערֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט,
29 אִיךְ בִּין דָארְשְׁטִיג: אוּנְד דָארְטֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ גֶעפֶעס
פוּל מִיט עֶסִיג, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעפִילְט אַ שְׁװַאם
מִיט עֶסִיג, אוּנְד גֶעלֶעגְט אוֹיף אֵזוֹב, אוּנְד הָאבֶּען עֶס אִיהְם
30 צוּם מוֹיל דֶערְלַאנְגְט: אוּנְד װֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶענוּמֶען דָאס
עֶסִיג, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, עֶס אִיז גֶעעֶנְדִיגְט; אוּנְד עֶר הָאט
דֶעם קָאפּ גֶענֵייגְט, אוּנְד הָאט דֶעם גֵייסְט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען:
31 אוּנְד כְּדֵי דִיא לֵייבֶּער זָאלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אַם שַׁבָּת אוֹיף
דֶעם קְרֵייץ, װֵייל עֶס װַאר עֶרֶב פֶּסַח, (אוּנְד שַׁבָּת הַגָּדוֹל),
הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעבֶּעטֶען פִּילָטוֹס אַז זַיירֶע שֶׁענְקֶעל
זָאלֶען צוּבְּרָאכֶען װֶערֶען, אוּנְד אַז זַייא זָאלֶען אַרוּפְּגֶענוּמֶען
32 װֶערֶען: דְרוּם זֶענֶען דִיא זֶעלְנֶער גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
צוּבְּרָאכֶען דִיא שֶׁענְקֶעל פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען אוּנְד פוּן דָעם
33 אַנְדֶערֶען װָאס װַארֶען מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט: אוּנְד װֶען

זַייא זָענֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז
עֶר וַואר שׁוֹין טוֹיט, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זַיינֶע שֶׁענְקֶעל נִיט
34 צוּבְּרָאכֶען: אָבֶּער אֵיינֶער פוּן דִיא זֶעלְנֶער הָאט אִיהְם גֶע־
שְׁטָאכֶען מִיט אַ שְׁפִּיז, אוּנְד עֶס אִיז בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
35 בְּלוּט אוּנְד וַואסֶער: אוּנְד דֶער וָואס הָאט עֶס גֶעזֶעהֶען
הָאט בֶּעצֵייגְט, אוּנְד זַיין צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר. אוּנְד עֶר וֵוייסְט
דָאס עֶר זָאגְט דִיא וָואהְרְהֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען:
36 דֶען דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען כְּדֵי דִיא שְׁרִיפְט זָאל דֶערְפִילְט
37 וֶוערֶען, קֵיין בֵּיין זָאל אִיהְם צוּבְּרָאכֶען וֶוערֶען: אוּנְד
ווִידֶער אֵיינֶע אַנְדֶערֶע שְׁרִיפְט זָאגְט, זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען
אוֹיף אִיהְם וֶועלְכֶען זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁטָאכֶען: זכריה י״ב, י׳.
38 נָאךְ דִיזֶען הָאט יוֹסֵף פוּן רָמָתַיִם (וָואס וַואר אַ פֶערְבָּארְ־
גֶענֶער תַּלְמִיד פוּן יֵשׁוּעַ פָאר פוּרְכְט פַאר דִיא יוּדֶען),
גֶעבֶּעטֶען פִּילָטוּס, אַז עֶר זָאל מֶעגֶען אַוֶועקְנֶעמֶען דֶעם
לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ. אוּנְד פִּילָטוּס הָאט בֶּעווִילִיגְט, אַזוֹי אִיז עֶר
גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט אַוֶועקְגֶענוּמֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ:
39 אוּנְד נִיקוֹדִימוּס וָואס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעקוּמֶען צוּ יֵשׁוּעַ
בֵּייא נַאכְט, אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעבְּרַאכְט מֹר גֶע־
40 מִישְׁט מִיט אֲהָלוֹת אַן עֶרֶךְ פוּן הוּנְדֶערְט פוּנְט: אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא גֶענוּמֶען דֶעם לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ אוּנְד הָאבֶּען עֶס אֵיינְגֶע־
ווִיקֶעלְט אִין אַ לֵיילֶעךְ מִיט דִיא בְּשָׂמִים, אֵזוֹי ווִיא עֶס וַואר
41 דֶער מִנְהָג בֵּייא דִיא קְבוּרָה פוּן דִיא יוּדֶען: אוּנְד דָא אִיז
גֶעוֶועזֶען אַ גָארְטֶען אִין דֶעם אָרְט ווְאוּ עֶר וַואר גֶעקְרֵייצִיגְט,
צִיגְט, אוּנְד אִין דֶעם גָארְטֶען וַואר אַ נֵייעֶס קֶבֶר, אִין וֶועלְכֶען
42 קֵיינֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעלֶעגֶען: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא יֵשׁוּעַ
דָארְטֶען גֶעלֶעגְט, ווֵייל עֶס וַואר עֶרֶב פֶּסַח בֵּייא דִיא יוּדֶען,
אוּנְד דָאס קֶבֶר וַואר נָאהְנְט:

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ אִיז מִרְיָם
מַגְדַלֶנָה גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר אִין דֶער פְרִיה, וֶוען עֶס וַואר
נָאךְ פִינְסְטֶער, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער שְׁטֵיין וַואר
2 אַוֶועקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם קֶבֶר: אַזוֹי אִיז זִיא גֶעלָאפֶען אוּנְד
אִיז גֶעקוּמֶען צוּ שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס אוּנְדצוּם אַנְדֶערֶען תַּלְמִיד,
וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אוּנְד זִיא הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט,

זַייא הָאבֶּען דֶעם הַאר אַװעקְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם קֶבֶר, אוּנְד
3 מִיר װִיסֶען נִיט װְאוּ זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעגְט: אוּנְד
פֶּעטְרוֹס אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען,
4 אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם קֶבֶר: אוּנְד זַייא זֶענֶען בֵּיידֶע
צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער תַּלְמִיד אִיז פְרִיהֶר
אַהִינְגֶעלָאפֶען, גֶעשְׁװִינְדֶער װִיא פֶּעטְרוֹס, אוּנְד אִיז צוּ־
5 עֶרְשְׁט גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם קֶבֶר: אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אַרוּפּ־
גֶעבּוֹיגֶען אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא תַּכְרִיכִים לִיגֶען; אָבֶּער
6 עֶר אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען: אַזוֹי אִיז שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס
אוֹיךְ גֶעקוּמֶען אִיהְם נָאכְגֶעהֶענְדִיג, אוּנְד אִיז אִין דֶעם קֶבֶר
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא תַּכְרִיכִים
7 לִיגֶען: אוּנְד דָאס טִיכֶעל װָאס װַאר אוֹיף זַיין קָאפּ אִיז
נִיט גֶעװֶעזֶען מִיט דִיא תַּכְרִיכִים, נֵייעֶרְט אוֹיף אֵיין אָרְט
8 בֵּייא דֶער זַייט אֵיינְגֶעװִיקֶעלְט: דַאן אִיז אוֹיךְ דֶער אַנְדֶע־
רֶער תַּלְמִיד אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, װָאס אִיז צוּם עֶרְשְׁטֶען גֶעקוּמֶען
9 צוּם קֶבֶר, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָעהֶען אוּנְד גֶעגְלוֹיבְּט: װָארִין
זַייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט גֶעװְאוּסְט דִיא שְׁרִיפְט, אַז עֶר מוּז
10 פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהְן: דְרוּם זֶענֶען דִיא תַּלְמִידִים
אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען:

11 אוּנְד מִרְיָם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם קֶבֶר פוּן דְרוֹיסֶען,
אוּנְד הָאט גֶעװֵיינְט. אוּנְד װִיא זִיא הָאט גֶעװֵיינְט הָאט זִיא
12 זִיךְ אַרוּפּגֶעבּוֹיגֶען צוּם קֶבֶר: אוּנְד זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען
צְװֵייא מַלְאָכִים זִיצֶען אִין װֵייסֶען, אֵיינֶער צוּקָאפֶּען׳ס אוּנְד
אֵיינֶער צוּפִיסֶען, אִין דֶעם אָרְט װְאוּ דֶער לֵייבּ פוּן יֵשׁוּעַ
13 אִיז גֶעלֶעגֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא,
װָארוּם װֵיינְסְט דוּא? אוּנְד זִיא הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט װֵייל
זַייא הָאבֶּען אַװעקְגֶענוּמֶען מֵיין הַאר, אִיךְ װֵייס נִיט װְאוּ
14 זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעלֶעגְט: אוּנְד װֶוען זִיא הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, הָאט זִיא זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט אוּנְד הָאט גֶעזֶעהְן יֵשׁוּעַ
שְׁטֶעהְן, אָבֶּער זִיא הָאט נִיט גֶעװְאוּסְט אַז דָאס אִיז יֵשׁוּעַ:
15 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, פְרוֹיא, װָארוּם װֵיינְסְט דוּא?
װֶעמֶען זוּכְסְט דוּא? אוּנְד זִיא הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז
דֶער גֶערְטְנֶער אַזוֹי הָאט זִיא צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, הַאר, װֶוען
דוּא הָאסְט אִיהְם אַװעקְגֶעטְרָאגֶען, זָאג מִיר װְאוּ דוּא הָאסְט

16 איהם געלעגט, אזוי װעל איך איהם אװעקנעמען: אונד
ישוע האט צו איהר געזאגט, מרים! אונד זיא האט זיך
אומגעקערט אונד האט צו איהם געזאגט, אין העברעאיש,
17 רבוני, (װאס הייסט לערער): אונד ישוע האט צו איהר
געזאגט, ריהר מיך ניט אן. װארין איך בין נאך ניט ארויפ־
געגאנגען צו מיין פאטער. אבער געה צו מיינע ברידער,
אונד זאג זייא, איך געה ארויף צו מיין פאטער אונד צו
18 אייער פאטער, צו מיין גאט אונד צו אייער גאט: אזוי
איז מרים מגדלנה געקומען אונד האט דיא תלמידים דער־
צעהלט אז זיא האט געזעהען דעם האר, אונד אז ער האט
דאס צו איהר געזאגט:
19 אונד אויף דעם אבענד פון דעם זעלביגען טאג, דעם ערש־
טען טאג אין דער װאך, װען דיא טיהרען װארען פער־
שלאסען װאו דיא תלמידים זענען צוזאמען געקומען פאר
פורכט פאר דיא יודען, איז ישוע געקומען אונד איז
געשטאנען אין מיטען, אונד האט צו זייא געזאגט. שלום
20 עליכם! אונד װען ער האט דאס געזאגט, האט ער זייא
געװיזען זיינע הענד אונד זיינע זייט. אונד דיא תלמידים
האבען זיך געפרייט װען זייא האבען געזעהען דעם האר:
21 ישוע האט דרום װידער צו זייא געזאגט, שלום עליכם!
אזוי װיא דער פאטער האט מיך געשיקט, אזוי שיק איך
22 אייך: אונד װען ער האט דאס געזאגט, אזוי האט ער אויף
זייא געהויכט, אונד האט צו זייא געזאגט, נעמט דעם רוח
23 הקודש: װעמען איהר װעט דיא זינדען פערגעבען, אזוי
איז עס זייא פערגעבען. אונד װעמעס זינדען איהר האלט
צוריק, זענען זייא צוריק געהאלטען:
24 אבער תומא איינער פון דיא צװעלף, װאס װאר גערופען
25 דידומוס, װאר ניט מיט זייא װען ישוע איז געקומען: אונד
דיא אנדערע תלמידים האבען צו איהם געזאגט, מיר האבען
געזעהען דעם האר. אבער ער האט צו זיא געזאגט, עס
זייא דען װען איך װעל זעהען דעם צייכען פון דיא נעגעל
אין זיינע הענד, אונד װעל מיין פינגער אריינטהון אין
דעם צייכען פון דיא נעגעל, אונד װעל מיינע האנד אריינ־
שטעקען אין זיינע זייט: װעל איך ניט גלויבען:

26 אוּנְד נָאךְ אִין אַכְט טֶעג זֶענֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים ווִידֶער
דְרִינֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד תּוֹמָא מִיט זֵייא. אוּנְד יֵשׁוּעַ אִיז
גֶעקוּמֶען וֶוען דִיא טִיהְרֶען וַוארֶען פֶערְשְׁלָאסֶען, אוּנְד אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען אִין דֶער מִיטֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שָׁלוֹם
27 עֲלֵיכֶם! דֶערְנָאךְ הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ תּוֹמָא, גְרֵייךְ אַהֶער
דַיין פִינְגֶער אוּנְד זֶעה מַיינֶע הֶענְד. אוּנְד גְרֵייךְ אַהֶער
דַיינֶע הַאנְד אוּנְד שְׁטֶעק זִיא אַרֵיין אִין מֵיינֶע זַייט. אוּנְד
28 זֵייא נִיט אוּנְגְלוֹיבִּיג, נֵייעֶרְט גְלוֹיבִּיג: תּוֹמָא הָאט גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט אוּנְד צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר אוּנְד מֵיין גָאט!
29 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, תּוֹמָא, וֵוייל דוּא הָאסְט
מִיךְ גֶעזֶעהֶען הָאסְט דוּא גֶעגְלוֹיבְּט. גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען דִיא
וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבֶּען דָאךְ גֶעגְלוֹיבְּט:
30 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע צֵייכֶען גֶעטְהוּן פָאר
זַיינֶע תַּלְמִידִים, וָואס זֶענֶען נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ:
31 אָבֶּער דִיזֶע זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גְלוֹיבֶּען אַז
יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ, דֶער זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד אַז דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען זָאלְט אִיהְר הָאבֶּען לֶעבֶּען אִין זֵיין נָאמֶען:

קאפיטעל כא

1 נָאךְ דִיזֶען הָאט זִיךְ יֵשׁוּעַ ווִידֶער בֶּעוִויזֶען צוּ זַיינֶע
תַּלְמִידִים בַּיים יַם פוּן טְבֶרְיָה, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ אֵזוֹי בֶּע־
2 וִויזֶען: עֶס וַוארֶען צוּזַאמֶען שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס, אוּנְד תּוֹמָא
וָואס וַואר גֶערוּפֶען דִידוּמוֹס, אוּנְד נְתַנְאֵל פוּן קָנָה אִין
גָלִיל, אוּנְד דִיא זִיהְן פוּן זַבְדִי, אוּנְד צְווֵייא אַנְדֶערֶע פוּן
3 זַיינֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, אִיךְ גֶעה פִישׁ פַאנְגֶען. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ
אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר וֶועלֶען אוֹיךְ מִיט דִיר גֶעהְן. אַזוֹי זֶע־
נֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען בַּאלְד אִין אַ שִׁיף
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד אִין דֶער נַאכְט הָאבֶּען זֵייא גָארְנִיט
4 גֶעפַאנְגֶען: אוּנְד וֶוען עֶס וַואר שׁוֹין טָאג, אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ
גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים בָּארְטֶען, אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען נִיט
5 גֶעווּאוּסְט אַז דָאס אִיז יֵשׁוּעַ: דַאן הָאט יֵשׁוּעַ צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט, קִינְדֶערְלֶעךְ הָאט אִיהְר עֶפֶּעס צוּ עֶסֶען? זֵייא הָאבֶּען
6 אִיהְם גֶעעֶנְטְפֶערְט, נֵיין: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
וַוארְפְט דָאס נֶעץ צוּ דֶער רֶעכְטֶער זֵייט פוּן דֶעם שִׁיף,

אוּנְד אִיהְר װָעט גֶעפִינֶען. דְרוּם הָאבֶּען זַייא גֶעװָארְפֶען,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקָאנְט אַרוֹיסְצִיהֶען װֶעגֶען
7 דִיא פִיל פִישׁ: אוּנְד דֶער תַּלְמִיד װֶעלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶע־
לִיבְּט הָאט צוּ פֶּעטְרוֹס גֶעזָאגְט, דָאס אִיז דֶער הַאר, אוּנְד
װִיא שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס הָאט גֶעהֶערְט אַז דָאס אִיז דֶער הַאר,
הָאט עֶר זִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט זַיין פִישֶׁערְמַאנְטֶעל,
(װָארִין עֶר װַאר נַאקֶעט) אוּנְד הָאט זִיךְ אִין דֶעם יַם אַרַיינְ־
8 גֶעװָארְפֶען: אָבֶּער דִיא אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען
אִין אַ קְלֵיין שִׁיפֶעל (װָארִין זַייא זֶענֶען נִיט װַייט גֶעװֶעזֶען
פוּן דֶעם לַאנְד נֵייעֶרְט אַן עֶרֶךְ פוּן צְװֵייא הוּנְדֶערְט טְפָחִים),
9 אוּנְד הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דָאס נֶעץ מִיט פִישׁ: אוּנְד
װִיא זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם לַאנְד הָאבֶּען זַייא גֶעזֶעהֶען
לִיגֶען אַ פֵייעֶר פוּן קוֹילֶען, אוּנְד פִישׁ דְרוֹיף, אוּנְד בְּרוֹיט:
10 יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, בְּרֶענְגְט אַהֶער פוּן דִיא פִישׁ
11 װָאס אִיהְר הָאט אַצוּנְד גֶעפַאנְגֶען: שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס
אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעצוֹיגֶען דָאס נֶעץ צוּם
לַאנְד, פוּל מִיט הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרֵייא אוּנְד פִינְפְצִיג גְרוֹיסֶע
פִישׁ. אוּנְד חָאטְשֶׁע עֶס װַארֶען אַזוֹי פִיל, אִיז דָאס נֶעץ דָאךְ
12 נִיט צוּרִיסֶען גֶעװָארֶען: יֵשׁוּעַ הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, קוּמְט
אוּנְד עֶסְט דִיא מָאהְלְצֵייט. אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא תַּלְמִידִים
הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען אִיהְם צוּ פְרֶעגֶען, װֶער
בִּיסְט דוּא? זַייא הָאבֶּען גֶעװוּאוּסְט אַז דָאס אִיז דֶער הַאר:
13 יֵשׁוּעַ אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס בְּרוֹיט
14 אוּנְד הָאט זַייא גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פִישׁ: דָאס
אִיז שׁוֹין דָאס דְרִיטֶע מָאל דָאס יֵשׁוּעַ הָאט זִיךְ בֶּעװִיזֶען
צוּ זַיינֶע תַּלְמִידִים, נָאכְדֶעם װִיא עֶר אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
15 אוּנְד װֶען זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען הָאט יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט צוּ
שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוֹס, שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ מֶעהְר
װִיא דִיזֶע? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹא הַאר, דוּא
װַייסְט אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
16 פַּאשְׁי מֵיינֶע לֶעמֶעלֶעךְ: אוּנְד עֶר הָאט װִידֶער דָאס צְװֵייא־
טֶע מָאל צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, לִיבְּסְט דוּא
מִיךְ? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, יוֹא הַאר, דוּא װַייסְט

אַז אִיךְ לִיבּ דִיךְ. אַזוֹי הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַּאשִׁי
17 מֵיינֶע שָׁאף: אוּנְד עֶר הָאט דָאס דְרִיטֶע מָאל צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹנָה, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? אוּנְד פֶּעטְרוֹס
וַואר טְרוֹירִיג וֵוייל עֶר הָאט צוּ אִיהְם דָאס דְרִיטֶע מָאל
גֶעזָאגְט, לִיבְּסְט דוּא מִיךְ? אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, הַאר, דוּא וֵוייסְט אַלֶעס. דוּא וֵוייסְט אַז אִיךְ לִיבּ
דִיךְ; אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פַּאשִׁי מֵיינֶע שָׁאף;
18 פַארְוָואהְר, פַארְוָואהְר זָאג אִיךְ דִיר, וֶוען דוּא בִּיסְט יוּנְגֶער
גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי הָאסְט דוּא דִיךְ אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט אוּנְד
בִּיסְט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וְואוּ דוּא הָאסְט גֶעוָואלְט. אָבֶּער וֶוען
דוּא וֶועסְט אַלְט וֶוערֶען, אַזוֹי וֶועסְט דוּא דֵיינֶע הֶענְד
אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער וֶועט דִיךְ גַארְטְלֶען
19 אוּנְד וֶועט דִיךְ טְרָאגֶען וְואוּ אַהִין דוּא וִוילְסְט נִיט: אוּנְד
דָאס הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ בֶּעדַייטֶען מִיט וָואס פַאר אַ טוֹיט
עֶר וֶועט גָאט פֶערְהֶערְלִיכֶען. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס
20 גֶעזָאגְט, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, פָאלְג מִיר נָאךְ: אוּנְד
פֶּעטְרוֹס הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם
תַּלְמִיד נָאכְפָאלְגֶען, וֶועלְכֶען יֵשׁוּעַ הָאט גֶעלִיבְּט, אוּנְד וָואס
אִיז אוֹיךְ אָנְגֶעלֶעהְנְט גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיינֶע בְּרוּסְט בֵּייא
דֶעם אָבֶּענְדעֶסֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר, וֶוער אִיז דֶער וָואס
21 אִיבֶּערְלִיפֶערְט דִיךְ? וֶוען פֶּעטְרוֹס הָאט דִיזֶען גֶעזֶעהֶען
הָאט עֶר צוּ יֵשׁוּעַ גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס זָאל דִיזֶער טְהוּן?
22 אוּנְד יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, וֶוען אִיךְ וִויל אַז עֶר
זָאל בְּלֵייבֶּען בִּיז אִיךְ קוּם, וָואס הָאט דָאס צוּ דִיר? פָאלְג
23 דוּא מִיר נָאךְ: דְרוּם אִיז דִיזֶעס וָוארְט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
צְוִוישֶׁען דִיא בְּרִידֶער, אַז דִיזֶער תַּלְמִיד וֶועט נִיט שְׁטַארְ־
בֶּען: אָבֶּער יֵשׁוּעַ הָאט צוּ אִיהְם נִיט גֶעזָאגְט, אַז עֶר וֶועט
נִיט שְׁטַארְבֶּען, נֵייעֶרְט וֶוען אִיךְ וִויל אַז עֶר זָאל בְּלֵייבֶּען
24 בִּיז אִיךְ קוּם וָואס הָאט דָאס צוּ דִיר: דָאס אִיז דֶער תַּלְמִיד
וָואס זָאגְט עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד הָאט דִיזֶעס גֶע־
25 שְׁרִיבֶּען. אוּנְד מִיר וִויסֶען אַז זֵיין עֵדוּת אִיז וָואהְר: אוּנְד
עֶס זֶענֶען פֶערְהַאנֶען נָאךְ פִילֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס יֵשׁוּעַ
הָאט גֶעטְהוּן, וָואס וֶוען אִיטְלִיכֶעס זָאל בֶּעזוּנְדֶער גֶע־
שְׁרִיבֶּען זַיין, אַזוֹי דֶענְק אִיךְ אַז דִיא וֶועלְט וָואלְט נִיט קֶענֶען
דֶערְהַאלְטֶען דִיא בִּיכֶער וָואס זָאלֶען גֶעשְׁרִיבֶּען וֶוערֶען:

# דִּיא אַפָּאסְטֶעלְגֶעשִׁיכְטֶע.

1 דָאס עֶרְשְׁטֶע בּוּךְ הָאבּ אִיךְ גֶעמַאכְט, אָ תְּאוֹפִילוֹס, אִיבֶּער
אַלֶעס וָואס יֵשׁוּעַ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טְהוּן אוּנְד צוּ לֶעהְ־
2 רֶען: בִּיז צוּם טָאג וָוען עֶר וַואר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען, נָאכְדֶעם
וֶוען עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אַ בֶּעפֶעל גֶעגֶעבֶּען
3 צוּ זֵיינֶע שְׁלִיחִים וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט: צוּ
וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט לֶעבֶּעדִיג נָאךְ
זַיין לֵיידֶען, דוּרְךְ פִילֶע בֶּעוֵוייזֶע וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּ זֵייא
בֶּעווִיזֶען פִירְצִיג טָאג לַאנְג, אוּנְד הָאט גֶעשְׁפְּרָאכֶען פוּן דִיא
4 זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּם קֶענִייגְרֵייךְ פוּן גָאט: אוּנְד וֶוען
זֵייא וַוארֶען פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר זֵייא אָנְגֶעזָאגְט זֵייא זָאלֶען
נִיט אַוֶועקְגֶעהֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען וַוארְטֶען
אוֹיף דֶער הַבְטָחָה פוּן דֶעם פָאטֶער, וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט
5 פוּן מִיר: וָוארִין יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֶלְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער
אִיהְר וֶועט גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ נִיט פִיל
6 טֶעג שְׁפֶּעטֶער: דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען
הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט, הַאר וֶועסְט דוּא אִין דִיזֶער צֵייט צוּ־
7 רִיקְשְׁטֶעלֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן יִשְׂרָאֵל? עֶר הָאט צוּ
זֵייא גֶעזָאגְט, עֶס קוּמְט נִיט צוּ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט וִויסֶען
דִיא צֵייטֶען אָדֶער דִיא יָאהְרֶסצֵייטֶען וֶועלְכֶע דֶער פָאטֶער
8 הָאט בֶּעהַאלְטֶען אִין זַיין אֵייגֶענֶער מַאכְט: אָבֶּער אִיהְר
וֶועט דֶערְהַאלְטֶען קְרַאפְט וֶוען דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ וֶועט
אוֹיף אֵייךְ קוּמֶען; אוּנְד אִיהְר וֶועט זַיין מֵיינֶע עֵדוּת אִין
יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד אִין שֹׁמְרוֹן, אוּנְד
9 בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער עֶרְד: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט, וַואר עֶר אַרוֹיפְגֶענוּמֶען בְּשַׁעַת זֵייא הָאבֶּען אַרוֹיפְ־
גֶעקוּקְט פָאר זֵיירֶע אוֹיגֶען, אוּנְד אַ וָואלְקֶען הָאט אִיהְם
10 פָאר זֵייעֶר פָּנִים אַוֶועקְגֶענוּמֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען
גֶעקוּקְט צוּם הִימֶעל וִויא עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, זֶענֶען
צְווֵייא מֶענְשֶׁען בֵּייא זֵייא גֶעשְׁטַאנֶען אִין וַוייסֶע קְלֵיידֶער:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיהְר לֵייט פוּן גָלִיל, וָואס
שְׁטֶעהְט אִיהְר אוּנְד קוּקְט צוּם הִימֶעל? דִיזֶער יֵשׁוּעַ וָואס

וַואר פוּן אֵייךְ אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין, וֶועט אַזוֹי
קוּמֶען וִוִיא אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אִין הִימֶעל אַרֵיינְגֶעהְן:
12 דַאן הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם פוּן דֶעם
בַּארְג וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען דֶער הַר הַזֵתִים, וָואס אִיז אַ
13 תְּחוּם שַׁבָּת פוּן יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען זֶענֶען זֵייא אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיינֶע אוֹיבֶּערְשְׁטוּבּ,
וְואוּ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען פֶּעטְרוּס אוּנְד יַעֲקֹב,
אוּנְד יוֹחָנָן אוּנְד אַנְדְרֶעאַ, פִילִיפּוּס אוּנְד תּוֹמָא, בַּר תַּלְמָי
אוּנְד מַתְיָה, יַעֲקֹב דֶער זוּהְן פוּן אַלְפַי אוּנְד שִׁמְעוֹן הַקַנָאִי,
14 אוּנְד יְהוּדָה דֶער בְּרוּדֶער פוּן יַעֲקֹב: דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען
שְׁטֶענְדִיג אַחְדוּת גֶעהַאלְטֶען אִים גֶעבֶּעט אוּנְד בַּקָשָׁה,
מִיט דִיא וַוייבֶּער אוּנְד מִיט מִרְיָם, דִיא מוּטֶער פוּן יֵשׁוּעַ,
אוּנְד מִיט זֵיינֶע בְּרִידֶער:
15 אוּנְד אִין דִיזֶע טֶעג אִיז פֶּעטְרוּס אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צְוִוישֶׁען
דִיא תַּלְמִידִים אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, (אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא
נֶעמֶען פוּן דִיא לֵייט וָואס וַוארֶען צוּזַאמֶען וַואר אַן עֶרֶךְ פוּן
16 הוּנְדֶערְט אוּנְד צְוַואנְצִיג): אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, דִיא
שְׁרִיפְט הָאט גֶעמוּסְט דֶערְפִילְט וֶוערֶען וָואס דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ הָאט צוּפָאר גֶעזָאגְט דוּרְךְ דָוִד, וֶועגֶען יְהוּדָה וָואס
וַואר אַ פִיהְרֶער צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען יֵשׁוּעַ גֶעפַאנְגֶען:
17 וָוארִין עֶר וַואר מִיט אוּנְס גֶעצֶעהְלְט, אוּנְד הָאט דֶערְהַאלְ־
18 טֶען אַ טֵייל פוּן דִיזֶען דִינְסְט: דִיזֶער הָאט גֶעקוֹיפְט אַ פֶעלְד
פַאר דֶעם אוּמְגֶערֶעכְטֶען לוֹין, אוּנְד עֶר אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
מִיט דֶעם קָאפּ אַרוּפּ אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפַּאלְטֶען גֶעוָוארֶען:
אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע גֶעדֶערְם זֶענֶען אוֹיסְגֶעגָאסֶען גֶעוָוארֶען:
19 אוּנְד דָאס אִיז בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע אֵיינְווֹאוֹינֶער פוּן
יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד דְרוּם וֶוערְט דָאס פֶעלְד גֶערוּפֶען אִין זֵייעֶר
אֵייגֶען לָשׁוֹן חֲקַל דְמָא, דָאס הַייסְט דָאס פֶעלְד פוּן בְּלוּט:
20 וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין סֵפֶר תְּהִלִים (ס"ט כ"ו),
„לָאז זֵיין פַּאלַאסְט פֶערְווִיסְט וֶוערֶען, אוּנְד לָאז עֶס קֵיין
בֶּעזִיצֶער הָאבֶּען, אוּנְד לָאז אֵיין אַנְדֶערֶער זֵיינֶע אוֹיפְ־
21 זֶעהוּנְג אִיבֶּערְנֶעמֶען": דָארוּם מוּס אֵיינֶער פוּן דִיזֶע
מֶענֶער, וָואס זֶענֶען מִיט אוּנְס דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער צֵייט,
וֶוען דֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִיז אֵיין אוּנְד אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צְוִוישֶׁען

22 אונס: פון אָנהייב פון דיא טבילָה פון יוחָנָן ביז צום טאג
ווען ער וואר ארויפגענומען פון אונס, מיט אונס איין עדות
23 צו זיין אויף זיינע אויפערשטעהונג: אונד זייא האבען
פארגעשטעלט צוויא, יוסף, וואס וואר גערופען בר־שבא,
24 אונד מיט דעם צונאמען יוסטוס, אונד מתיה: אונד זייא
האבען געבעטען אונד האבען געזאגט, דוא הער, וואס דוא
קענסט דיא הערצער פון אלע ווייז וועלכען פון דיא צוויא
25 דוא האסט אויסדערוועהלט: אז ער זאל צונעמען דיא
שטעלע אין דיזען דינסט אונד שליחות פון וועלכע יהודה
האט אבגעווייכט, אז ער זאל געהן צו זיין איינענעם ארט:
26 אונד זייא האבען פאר זייא גורלות געווארפען, אונד דאס
גורל איז געפאלען אויף מתיה, אונד ער וואר געצעהלט
מיט דיא עלף אפאסטעל:

## קאפיטעל ב

1 אין דעם טאג פון שבועות, האבען זייא זיך אלע פערזא־
2 מעלט אויף איין ארט: אונד עס וואר פלוצלונג א קול
פון הימעל, אזוי וויא דאס רוישען פון א שטארקען ווינד,
אונד עס האט אנגעפילט דאס גאנצע הויז וואו זייא זענען
3 געזעסען: אונד עס האבען זיך צו זייא בעוויזען צושפאל־
טענע צונגען וויא פון פייער וואס איז געזעסען אויף איט־
4 ליכען פון זייא: אונד זייא וואַרען אלע אנגעפילט מיט
דעם רוח הקודש, אונד האבען אנגעהויבען צו רעדען מיט
אנדערע לשונות, אזוי וויא דער גייסט האט זייא געגעבען
5 אויסצושפרעכען: אונד דא האבען געוואוינט אין ירושלים
יודען וואס זוארען פרומע לייט, פון איטליכען פאלק אונ־
6 טער דעם הימעל: אונד ווען דיזער שם איז אויסגעגאנגען,
אזוי איז פיל פאלק צוזאמענגעקומען, אונד זענען ער־
שטוינט געווארען, ווארין איטליכער האט זייא געהערט
7 רעדען אין זיין אייגען לשון: אונד אלע זענען ערשטוינט
אונד פערוואונדערט געווארען, אונד האבען געזאגט, זע־
8 נען ניט אלע דיזע וואס רעדען אויס גליל? וויא אזוי רעדען
הערען מיר איטליכער אונזער לשון אין וועלכען מיר זע־
9 נען געבוירען געווארען: איינוואוינער פון פרסים אונד מדים
אונד עילמים, אונד ארם נהרים, אונד יהודה אונד כפתור,

10 אוּנְד פַּנְתוּס, אוּנְד אַסְיָא: אִין פְרוּגְיָא אוּנְד פַּמְפִילְיָא אִין
מִצְרַיִם, אִין דֶעם טַייל פוּן לִיבִיעֶן וָואס אִיז בֵּייא קוּרִינִי,
11 אוּנְד אוֹיסְלֶענְדֶער פוּן רוֹם יוּדֶען אוּנְד גֵרִים: כְּרֵתִים אוּנְד
אַרַאבֶּער, מִיר הֶערֶען זַייא רֶעדֶען דִיא גְבוּרוֹת פוּן גָאט
12 אִין אוּנְזֶערֶע לְשׁוֹנוֹת: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פֶערְ־
וְואוּנְדֶערְט אוּנְד וַוארֶען פֶערְטוּמֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען אֵיינֶער
13 צוּ דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעזָאגְט וָואס זָאל דָאס זַיין? אוּנְד אַנְדֶערֶע
הָאבֶּען גֶעשְׁפֶּעט אוּנְד גֶעזָאגְט, זַייא זֶענֶען פוּל מִיט
זִיסֶען וויין:
14 אָבֶּער פֶּעטְרוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט דִיא עֶלְף, אוּנְד
הָאט זַיין קוֹל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט צוּ זַייא גֶע־
זָאגְט, אִיהְר יוּדִישֶׁע מֶענֶער, אוּנְד אַלֶע וָואס וְואוֹינֶען אִין
יְרוּשָׁלַיִם, לָאז אֵייךְ דָאס צוּ וִויסֶען זַיין, אוּנְד הָארְכְט צוּ
15 מֵיינֶע רֶעד: וָוארִין דִיזֶע זֶענֶען נִיט שִׁיכּוֹר וִויא אִיהְר מֵיינְט;
וָוארִין עֶס אִיז עֶרְשְׁט דִיא דְרִיטֶע שָׁעָה פוּן דֶעם טָאג:
16 אָבֶּער דָאס אִיז יֶענֶעס וָואס וַואר גֶעזָאגְט דוּרְךְ יוֹאֵל הַנָּבִיא:
17 „אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג, זָאגְט גָאט,
אַזוֹי וֶועל אִיךְ אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גֵייסְט אוֹיף אַלֶעם פְלֵיישׁ,
אוּנְד אֵיירֶע זִיהְן אוּנְד אֵיירֶע טֶעכְטֶער וֶועלֶען נְבוּאוֹת
זָאגֶען, אוּנְד אֵיירֶע יוּנְגֶע לֵייט וֶועלֶען זֶעהֶען גֶעזִיכְטֶען,
18 אוּנְד אֵיירֶע אַלְטֶע לֵייט וֶועלֶען חָלוֹמִ׳ן חֲלוֹמוֹת: אוּנְד
אוֹיף מֵיינֶע קְנֶעכְט אוּנְד אוֹיף מֵיינֶע דִינְסְטְמֶעדֶען וֶועל
אִיךְ אִין דִיזֶע טֶעג אוֹיסְגִיסֶען מֵיין גֵייסְט אוּנְד זַייא וֶוע־
19 לֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען: אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעוַויזֶען וְואוּנְדֶער
אִים הִימֶעל פוּן אוֹיבֶּען, אוּנְד צֵייכֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן
אוּנְטֶען, בְּלוּט אוּנְד פֵייעֶר אוּנְד אַ דַאמְפְּף פוּן רוֹיךְ:
20 דִיא זוּן וֶועט פֶערְקֶערְט וֶוערֶען צוּ פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד דִיא
לְבָנָה צוּ בְּלוּט, אֵיידֶער דֶער גְרוֹיסֶער אוּנְד פוּרְכְטִיגֶער
21 טָאג פוּן דֶעם הַאר וֶועט קוּמֶען: אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אַז
אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר
וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען״: (יואל ג׳ א׳־ה׳)
22 אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶערְט צוּ דִיזֶע וֶוערְטֶער, יֵשׁוּעַ
הַנָּצְרִי, אַ מַאן וָואס וַואר צוּ אֵייךְ בֶּעוִויזֶען מִיט גְבוּרוֹת אוּנְד
וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען וָואס גָאט הָאט דוּרְךְ אִיהְם גֶעטְהוּן

צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וְוִיא אִיהְר אַלֵיין וְוייסְט: דִיזֶען וָואס 23
וַואר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דִיא עֲצָה אוּנְד פָאָרְזֶעהוּנְג פוּן
גָאט, הָאט אִיהְר גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט אוּנְד
אוּמְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ אוּמְגֶערֶעכְטֶע הֶענְד: וְועלְכֶען גָאט 24
הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט, וְוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דִיא וְועֶ־
טָאג פוּן דֶעם טוֹיט; וָוארִין עֶס וַואר נִיט מֶעגְלִיךְ אַז עֶר
זָאל פוּן אִיהְם גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען: וָוארִין דָוִד זָאגְט 25
אוֹיף אִיהְם (תהלים ט"ז ח׳־י"א),

„אִיךְ הָאבּ דֶעם הַאר תָּמִיד פָאר מִיר גֶעזֶעצְט, וָוארִין
עֶר אִיז צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶער הַאנְד, אַזוֹי וֶועל אִיךְ נִיט
אָפְּגֵייגֶען בֶּעוֶועגְט צוּ וֶוערֶען: דְרוּם פְרֵייט זִיךְ מֵיין 26
הַארְץ, אוּנְד מֵיינֶע צוּנְג וַואר פְרֶעלִיךְ; אוּנְד מֵיין פְלֵיישׁ
וֶועט אוֹיךְ רוּהֶען אִין זִיכֶערְהֵייט: וָוארִין דוּא וֶועסְט 27
נִיט לָאזֶען מֵיינֶע נְשָׁמָה אִין שְׁאוֹל, אוּנְד וֶועסְט נִיט
צוּלָאזֶען אַז דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל זֶעהֶען פֶערְדַארְבֶּענִים:
דוּא הָאסְט מִיר גֶעלָאזְט וִויסֶען דֶעם וֶועג פוּן לֶעבֶּען, 28
דוּא וֶועסְט מִיךְ דֶערְפִילֶען מִיט פְרֵייד פוּן דֵיין פָּנִים":
אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, דֶערְלוֹיבְּט מִיר אִיךְ זָאל צוּ 29
אֵייךְ רֶעדֶען מִיט פְרֵייהֵייט פוּן דֶעם הוֹיפְּט־פָאטֶער דָוִד,
אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד וַואר בֶּעגְרוּבֶּען, אוּנְד זֵיין
קֶבֶר אִיז מִיט אוּנְס בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג: אָבֶּער וְוייל 30
עֶר וַואר אַ נָבִיא, אוּנְד הָאט גֶעוְואוּסְט אַז גָאט הָאט צוּ
אִיהְם גֶעשְׁווָאוירֶען מִיט אַ שְׁבוּעָה אַז עֶר זָאל אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען דֶעם מָשִׁיחַ פוּן דִיא פְרוּכְט פוּן זֵיינֶע לֶענְדֶען
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אַז עֶר זָאל זִיצֶען אוֹיף זֵיין טְרוֹין־שְׁטוּל:
אַזוֹי הָאט עֶר דָאס צוּפָאר גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט גֶערֶעט 31
וֶועגֶען תְּחִיַּת הַמֵּתִים פוּן מָשִׁיחַ, אַז עֶר זָאל נִיט פֶערְלָאזֶען
וֶוערֶען אִין שְׁאוֹל, אוּנְד זֵיין פְלֵיישׁ זָאל נִיט זֶעהֶען פֶערְ־
דַארְבֶּענִים: דִיזֶען יֵשׁוּעַ הָאט גָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד מִיר 32
אַלֶע זֶענֶען צוּ דֶעם עֵדוּת: דָארוּם וְוייל עֶר אִיז דֶערְהֵייכְט 33
בֵּייא דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט, אוּנְד הָאט דֶערְהַאלְטֶען
פוּן דֶעם פָאטֶער דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אַזוֹי הָאט
עֶר דָאס אוֹיסְגֶעגָאסֶען וָואס אִיהְר זֶעהְט אוּנְד הֶערְט: וָוארִין 34
דָוִד אִיז נִיט אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין. אָבֶּער עֶר זָאגְט,

,,דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֵיין הַאר, זִיץ דוּא צוּ
35 מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד: בִּיז אִיךְ וֶועל מַאכֶען דֵיינֶע פֵיינְד
פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִים ": (תהלים ק"י א')
36 דְרוּם לָאז דָאס גַאנְצֶע הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל זִיכֶער וִויסֶען אַז
גָאט הָאט גֶעמַאכְט דִיזֶען יֵשׁוּעַ, דֶעם אִיהְר הָאט גֶעקְרֵייִ־
37 צִיגְט פַאר אֵיין הַאר אוּנְד מָשִׁיחַ: אוּנְד וִויא זֵייא הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט הָאט עֶס זֵייא גֶעשְׁטָאכֶען אִים הַארְצֶען אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ פֶּעטְרוֹס אוּנְד צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע אַפָּאסְ־
טֶעל, אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, וָואס זָאלֶען מִיר טְהוּן?
38 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד
וֶוערְט אִיטְלִיכֶער גֶעטוּבְלְט, אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ צוּ פַארְגֶעבּוּנְג פוּן אֵייֶרֶע זִינְדֶען. אוּנְד אִיהְר
39 וֶועט דֶערְהַאלְטֶען דִיא מַתָּנָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ: וָוארִין
דִיא הַבְטָחָה אִיז צוּ אֵייךְ אוּנְד צוּ אֵייֶרֶע קִינְדֶער, אוּנְד צוּ
אַלֶע וָואס זֶענֶען פוּן וֵוייטֶען, וֶועלְכֶע דֶער הַאר אוּנְזֶער
40 גָאט וֶועט רוּפֶען: אוּנְד מִיט פִילֶע אַנְדֶערֶע וֶוערְטֶער הָאט
עֶר בֶּעצֵייגְט אוּנְד גֶעוָוארֶענְט, אוּנְד גֶעזָאגְט, הֶעלְפְט אֵייךְ
אַרוֹים פוּן דִיזֶען פַארְקֶערְטֶען דוֹר:
41 דִיא וָואס הָאבֶּען זֵיין וָוארְט גֶערְן אָנְגֶענוּמֶען, זֶענֶען גֶע־
טוּבְלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס וַוארֶען צוּגֶעטְהוּן אִין דֶעם טָאג
42 קֶעגֶען דְרֵייא טוֹיזֶענְד נְפָשׁוֹת: אוּנְד זֵייא וַוארֶען פְלֵייסִיג אִין
דֶער לֶעהְרֶע פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד אִין דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט
43 אוּנְד אִין דֶעם בְּרוֹיט־בְּרֶעכֶען, אוּנְד אִין דֶעם גֶעבֶּעט: אוּנְד
אַ פוּרְכְט אִיז גֶעקוּמֶען אִיבֶּער יֶעדֶען נֶפֶשׁ, אוּנְד פִילֶע וְואוּנְ־
דֶער אוּנְד צֵייכֶען וַוארֶען גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ דִיא אַפָּאסְטֶעל:
44 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעוֶועזֶען,
45 אוּנְד הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט: אוּנְד זֵייא הָא־
בֶּען פֶערְקוֹיפְט זֵיירֶע גִיטֶער אוּנְד הָאבֶּען עֶס צוּטֵיילְט צוּ
46 אַלֶע, אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיין בֶּעדֶערְפְנִיס: אוּנְד זֵייא וַוארֶען טֶעגְ־
לִיךְ פְלֵייסִיג אוּנְד אִין אַחְדוּת אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעבְּרָאכֶען בְּרוֹיט פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז, אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען
זֵיירֶע שְׁפֵּייז מִיט פְרֵייד אוּנְד מִיט אֵיין אוֹיפְרִיכְטִיג הַארְץ:
47 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט גְנָאד
בֵּייא דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק, אוּנְד דֶער הַאר הָאט טֶעגְלִיךְ

צוּגֶעטְהוּן (צוּ דֶער גֶעמֵיינְדֶע) דִיא וָואס זֶענֶען גֶערֶעטֶעט
גֶעוָוארֶען:

# קאַפּיטעל ג

1 אוּנְד פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן זֶענֶען צוּזַאמֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
צוּם בֵּית הַמִקְדָשׁ, אִין דֶער נֵיינְטֶער שָׁעָה פוּן גֶעבֶּעט:
2 אוּנְד אַ מַאן וַואר גֶעטְרָאגֶען וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען קְרוּם
פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, דֶעם הָאבֶּען זֵייא טֶעגְלִיךְ אַנִידֶערְ־
גֶעזֶעצְט בֵּייא דֶעם טוֹיעֶר פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, וָואס וַואר
גֶערוּפֶען דָאס שֶׁעהְנֶע טוֹיעֶר, אַז עֶר זָאל בֶּעטֶען נְדָבוֹת פוּן
3 דִיא וָואס זֶענֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיין גֶעגַאנְגֶען: וֶוען עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיינְ־
4 גֶעהֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעבֶּעטֶען אַ נְדָבָה: אוּנְד פֶּעטְרוֹס אוּנְד
יוֹחָנָן הָאבֶּען אִיהְם שַׁארְףְ אָנְגֶעקוּקְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעה
5 אוֹיףְ אוּנְס: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאט גֶע־
6 הָאפְט עֶפֶּעס פוּן זֵייא צוּ בֶּעקוּמֶען: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט
גֶעזָאגְט, זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד הָאבּ אִיךְ נִיט, נוּר וָואס אִיךְ
הָאבּ דָאס גִיבּ אִיךְ דִיר, אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
7 הַנָצְרִי, שְׁטֶעה אוֹיףְ אוּנְד גֶעה: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם אָנְגֶע־
נוּמֶען בֵּייא דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט. אוּנְד גְלֵייךְ זֶענֶען זֵיינֶע שֶׁענְקֶעל אוּנְד קְנֶעכֶעל
8 גֶעשְׁטַארְקְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנְד
גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעהְן, אוּנְד עֶר אִיז מִיט
זֵייא אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְ־
9 גֶען אוּנְד גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּנְד הָאט גָאט גֶעלוֹיבְּט: אוּנְד דָאס
גַאנְצֶע פָאלְק הָאט אִיהְם גֶעזֶעהֶען אַרוּם גֶעהְן אוּנְד גָאט לוֹי־
10 בֶּען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם דֶערְקֶענְט אַז דָאס אִיז דֶער
וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוּם נְדָבוֹת בֵּייא דֶעם שֶׁענֶעם טוֹיעֶר פוּן
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד זֵייא וַוארֶען דֶערְפִילְט מִיט עֶרְשְׁטוֹינֶען
11 אוּנְד שְׁרֶעק אִיבֶּער דֶעם וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אָן פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן, אִיז זִיךְ
דָאס גַאנְצֶע פָאלְק צוּ זֵייא צוּזַאמֶען גֶעלָאפֶען צוּם פָּאלִישׁ,
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען דָאס פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ פַארְוְואוּנְדֶערְט:
12 וֶוען פֶּעטְרוֹס הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט

צוּם פָאלְק, אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, וַוארוּם וְואוּנְדֶערְט
אִיהְר אֵייךְ אִיבֶּער דֶעם? אָדֶער וָואס זֶעהְט אִיהְר אוּנְס אַזוֹי
אָן, אוֹיבּ מִיר הָאבֶּען דָאס גֶעטְהוּן מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע
13 מַאכְט אָדֶער פְרוּמְקֵייט אַז דִיזֶער זָאל אַרוּם גֶעהְן? דֶער
גָאט פוּן אַבְרָהָם אוּנְד יִצְחָק אוּנְד יַעֲקֹב, דֶער גָאט פוּן אוּנְ־
זֶערֶע אָבוֹת הָאט פֶערְהֶערְלִיכְט זַיין זוּהְן יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען
אִיהְר הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אוּנְד הָאט אִיהְם פֶערְלֵייקֶענְט
פָאר פִּילָטוּס, וֶוען עֶר הָאט בֶּעשְׁלָאסֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם
14 פְרֵייא לָאזֶען: אָבֶּער אִיהְר הָאט פֶערְלֵייקֶענְט דֶעם הֵיילִיגֶען
אוּנְד גֶערֶעכְטֶען, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אַז מֶען זָאל אֵייךְ
15 בֶּעגְנַאדִיגֶען אַ מַאן אַ רוֹצֵחַ: אָבֶּער אִיהְר הָאט גֶעטֵייטֶעט
דֶעם הַאר פוּן לֶעבֶּען, וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן
16 דִיא טוֹיטֶע אוּנְד מִיר זֶענֶען עֵדוּת דְרוֹיף: אוּנְד זַיין נָאמֶען,
דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין זַיין נָאמֶען, הָאט דִיזֶען גֶעשְׁטַארְקְט,
דֶעם אִיהְר זֶעהְט אוּנְד קֶענְט, אוּנְד דֶער גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז
דוּרְךְ אִיהְם הָאט אִיהְם דִיזֶע גַאנְצֶע גֶעזוּנְדְהֵייט גֶעגֶעבֶּען פָאר
17 אֵייךְ אַלֶע: אוּנְד אַצוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ וַוייס אַז אִיהְר הָאט
דָאס גֶעטְהוּן אוּנְוִויסֶענְטְלִיךְ, אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע רֶעגִירֶער:
18 אָבֶּער גָאט הָאט דָאס אַזוֹי דֶערְפִילְט וָואס עֶר הָאט פָארְ־
אוֹיס גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע נְבִיאִים אַז דֶער
מָשִׁיחַ זָאל לֵיידֶען:
19 דְרוּם טְהוּט תְּשׁוּבָה אוּנְד בֶּעקֶעהְרְט אֵייךְ, אַז אֵייעֶרֶע זִינְדֶען
זָאלֶען אוֹיסְגֶעמֶעקְט וֶוערֶען, כְּדֵי דִיא צֵייטֶען פוּן דֶערְקְוִוי־
20 קוּנְג זָאלֶען קוּמֶען פוּן דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם הַאר: אַז עֶר זָאל
שִׁיקֶען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וָואס וַואר בֶּעשְׁטֶעלְט פַאר אֵייךְ:
21 וֶועלְכֶען דֶער הִימֶעל מוּס מְקַבֵּל זַיין בִּיז צוּ דֶער צֵייט וֶוען
אַלֶעס וָועט צוּרִיק גֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען, וָואס גָאט הָאט גֶערֶעט
דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן אַלֶע זַיינֶע הֵיילִיגֶע נְבִיאִים פוּן עֶבִּיג אָן:
22 וָוארִין מֹשֶׁה הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא אָבוֹת (דברים י״ח י״ט),
„דֶער הַאר אֵייעֶר גָאט וֶועט צוּ אֵייךְ אוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ
נָבִיא פוּן אֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, גְלֵייךְ צוּ מִיר. אִיהְם זָאלְט
אִיהְר הֶערֶען אִין אַלֶעם וָואס עֶר וֶועט צוּ אֵייךְ רֶעדֶען:
23 אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט נִיט הֶערֶען
צוּ דֶעם נָבִיא, זָאל פֶערְטִילִיגְט וֶוערֶען פוּן דֶעם פָאלְק״:

24 אוּנְד אַלֶע נְבִיאִים פוּן דֶער צַייט פוּן שְׁמוּאֵל אוּנְד דֶערְנָאךְ,
וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט הָאבֶּען אַלֶע מְבַשֵׂר גֶעוֶועזֶען
25 אוֹיף דִיזֶע טֶעג: אִיהְר זֶענְט דִיא קִינְדֶער פוּן דִיא נְבִיאִים,
אוּנְד פוּן דֶעם בְּרִית וָואס גָאט הָאט גֶעמַאכְט מִיט אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּ אַבְרָהָם, אוּנְד אִין דֵיין זָאמֶען
וֶועלֶען אַלֶע מִשְׁפָּחוֹת פוּן דֶער עֶרְד גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען:
26 צוּ אֵייךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען הָאט גָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט זֵיין זוּהְן
יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעשִׁיקְט אֵייךְ צוּ בֶּענְשֶׁען, אַז עֶר
זָאל אֵייךְ אִיטְלִיכֶען אָפְּקֶערֶען פוּן אֵייעֶרֶע זִינְד:

## קאפיטעל ד

1 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶערֶעדט צוּם פָאלְק אַזוֹי זֶענֶען צוּ
זֵייא גֶעקוּמֶען דִיא כֹּהֲנִים, אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן
2 דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד דִיא צַדוּקִים: עֶס הָאט זֵייא פֶערְ־
דְרָאסֶען וֵוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט דָאס פָאלְק, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִינְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן
3 דִיא טוֹיטֶע: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען
זֵייא אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט בִּיז צוּ מָארְגֶען, וָוארִין
4 עֶס וַואר אָבֶענְד: אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען
גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד דִיא צָאל פוּן
דִיא לֵייט וַואר אַן עֶרֶךְ פוּן פִינְף טוֹיזֶענְד:
5 אוּנְד עֶס וַואר צוּ מָארְגֶען אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶרֶע אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶע אוּנְד זְקֵנִים אוּנְד סוֹפְרִים אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אִין יְרוּשָׁלַיִם:
6 אוּנְד חָנָן דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אוּנְד קַיָפָא אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד
אַלֶכְּסַנְדֶר, אוּנְד אַלֶע וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דֶער
7 מִשְׁפָּחָה פוּן דֶעם כֹּהֵן גָדוֹל: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אִין
מִיטֶען גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעפְרֶעגְט, מִיט וֶועלְ־
כֶער מַאכְט אָדֶער אִין וֶועלְכֶען נָאמֶען הָאט אִיהְר דָאס
8 גֶעטְהוּן? אוּנְד פֶּעטְרוֹס וַואר אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן
9 דֶעם פָאלְק אוּנְד זְקֵנִים (פוּן יִשְׂרָאֵל): וֶוען מִיר וֶוערֶען
הֵיינְט פַארְהֶערְט וֶועגֶען דֶעם גוּטֶען וֶוערְק אַן דֶעם
קְרַאנְקֶען מֶענְשׁ, דוּרְךְ וָואס עֶר אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:
10 אַזוֹי זָאלְט אִיהְר וִויסֶען, אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אַז אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הַנָצְרִי, וֶועלְכֶען

אִיהְר הָאט גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּנְד וֶועלְכֶען גָאט הָאט אוֹיפְגֶע־
וֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, דוּרְךְ אִיהְם שְׁטֶעהְט דִיזֶער דָא
11 גֶעזוּנְד פַאר אֵייךְ: דָאס אִיז דֶער שְׁטֵיין וָואס וַואר פַארְ־
וָוארְפֶען בֵּייא אֵייךְ בּוֹימֵייסְטֶער, וָואס אִיז גֶעוָוארֶען צוּם
12 עֶקְשְׁטֵיין: אוּנְד עֶס אִיז אוֹיךְ קֵיינֶע יְשׁוּעָה פֶערְהַאנֶען
אִין אֵיין אַנְדֶערְן. וָוארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אַנְדֶערֶער
נָאמֶען אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל וָואס וַואר גֶעגֶעבֶּען צוּ מֶענְ־
שֶׁען, דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר מוּזֶען גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען:
13 נוּן וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא הַארְצְפֶעסְטִיגְקֵייט פוּן
פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן, אוּנְד הָאבֶּען גֶעמֶערְקְט אַז זֵייא זֶענֶען
אוּמְגֶעלֶערֶענְטֶע אוּנְד פְּרָאסְטֶע לֵייט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
פֶערְוְואוּנְדֶערְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְקֶענְט אַז זֵייא זֶע־
14 נֶען גֶעוֶועזֶען מִיט יֵשׁוּעַ: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען
דֶעם גֶעהֵיילְטֶען מַאן מִיט זֵייא שְׁטֶעהְן, הָאבֶּען זֵייא נִיט
15 גֶעקֶענְט אַקֶעגֶען רֶעדֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעהֵייסֶען
אַרוֹיסְגֶעהֶען פוּן דִיא סַנְהֶדְרִין. אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ מִיט
16 אַנַאנְדֶער בֶּערָאטֶען: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס זָאלֶען
מִיר טְהוּן צוּ דִיזֶע לֵייט? וָוארִין עֶס אִיז בֶּעקַאנְט צוּ אַלֶע
וָואס וְואוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אַז אַ גְרוֹיס וְואוּנְדֶער אִיז
דוּרְךְ זֵייא גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד מִיר קֶענֶען עֶס נִיט לֵייקֶענֶען:
17 אָבֶּער כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ נִיט וֵוייטֶער אוֹיסְשְׁפְּרֵייטֶען צְוִוי־
שֶׁען דֶעם פָאלְק, אַזוֹי לָאזֶען מִיר זֵייא שְׁטְרֶענְג פֶערְ־
בִּיטֶען אַז זֵייא זָאלֶען אִין דִיזֶען נָאמֶען צוּ קֵיין מֶענְשׁ נִיט
18 מֶעהְר רֶעדֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶערוּפֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען גָארְנִיט רֶעדֶען אוּנְד
19 נִיט לֶעהְרֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ: אָבֶּער פֶּעטְרוֹס
אוּנְד יוֹחָנָן הָאבֶּען זֵייא גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, רִיכְ־
טֶעט אִיהְר זֶעלְבְּסְט, אוֹיבּ עֶס אִיז רֶעכְט פַאר גָאט, אַז
20 מִיר זָאלֶען אֵייךְ מֶעהְר גֶעהָארְכֶען וִויא גָאט: וָוארִין מִיר
קֶענֶען נִיט אַנְדֶערְשׁ רֶעדֶען פוּן דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען גֶע־
21 זֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא וֵוייטֶער גֶע־
וָוארֶענְט אוּנְד הָאבֶּען זֵייא פְרֵייא גֶעלָאזְט, וֵוייל זֵייא
הָאבֶּען זֵייא גָארְנִיט גֶעקֶענְט שְׁטְרָאפֶען וֶועגֶען דֶעם פָאלְק.
וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אַלֶע גָאט גֶעלוֹיבְּט וֶועגֶען דֶעם וָואס

22 אִיז גֶעשֶׁעהֶען: וָוארִין דֶער מַאן צוּ וֶועלְכֶען דָאס וְואוּנְדֶער
פוּן דֶעם הֵיילֶען אִיז גֶעשֶׁעהֶען וַואר אִיבֶּער פִירְצִיג יָאהְר
אַלְט:
23 אוּנְד וֶוען זֵייא וַוארֶען פְרֵייא גֶעלָאזְט, זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען
צוּ זֵיירֶע פְרֵיינְד, אוּנְד הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט וָואס דִיא
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא זְקֵנִים הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶעזָאגְט:
24 וִויא זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט הָאבֶּען זֵייא אִין אַחְדוּת
אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל צוּ גָאט אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
הַאר, דוּא בִּיסְט דֶער גָאט וָואס הָאסְט גֶעמַאכְט הִימֶעל
אוּנְד עֶרְד, אוּנְד דָאס יַם אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען:
25 וָואס דוּא הָאסְט גֶעזָאגְט דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן דֵיין קְנֶעכְט דָוִד,
„וָוארוּם שְׁטוּרְמֶען דִיא גוֹיִם, אוּנְד דִיא פֶעלְקֶער
26 טְרַאכְטֶען לֶעדִיגֶע זַאכֶען: דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד
שְׁטֶעלֶען זִיךְ אוֹיף, אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען פֶערְזַאמְלֶען
זִיךְ קֶעגֶען דֶעם הַאר אוּנְד קֶעגֶען זֵיין מָשִׁיחַ“ (תהלים ב׳):
27 וָוארִין זֵייא הָאבֶּען זִיךְ וַואהְרְהַאפְטִיג אִין דֶער שְׁטָאט
פֶערְזַאמֶעלְט קֶעגֶען דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען
דוּא הָאסְט גֶעזַאלְבְּט, הוֹרְדוֹס אוּנְד פָּאנְטִיוּס פִּילָטוֹס מִיט
28 דִיא גוֹיִם אוּנְד מִיט דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל: אַז זֵייא זָאלֶען
טְהוּן וָואס דֵיינֶע הַאנְד אוּנְד דֵיין עֵצָה הָאט פְרִיעֶר בֶּע־
29 שְׁטִימְט אַז עֶס זָאל גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד נוּן הַאר, זֶעה אוֹיף
זֵייעֶר גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד גִיבּ צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט אַז זֵייא זָאלֶען
30 רֶעדֶען דָאס וָוארְט מִיט פֶעסְטִיגְקֵייט: אוּנְד שְׁטְרֶעק אוֹיס
דֵיינֶע הַאנְד צוּ הֵיילֶען, אוּנְד אַז צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער
זָאלֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֵיין הֵיילִיגֶען קְנֶעכְט
31 יֵשׁוּעַ: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען, אַזוֹי הָאט זִיךְ
דֶער אָרְט בֶּעוֶועגְט וְואוּ זֵייא וַוארֶען פֶערְזַאמֶעלְט; אוּנְד
זֵייא וַוארֶען אַלֶע אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; אוּנְד
הָאבֶּען גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן גָאט מִיט פֶעסְטִיגְקֵייט:
32 אוּנְד דִיא פִילֶע לֵייט וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען גֶעוֶועז־
זֶען וִויא אֵיין הַארְץ אוּנְד אֵיינֶע נְשָׁמָה; אוּנְד קֵיינֶער הָאט
גֶעזָאגְט אַז עֶפֶּעס פוּן זֵיין פַארְמֶעגֶען אִיז זֵיין אֵייגֶענֶעס,
33 נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען אַלֶעס אִין גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט: אוּנְד
דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען צֵייגְנִיס גֶעגֶעבֶּען אוֹיף דֶער

אויפערשטעהונג פון דעם האר ישוע מיט גרויסער גבורה,
34 אונד גרויסע גנאד וואר איבער זייא אלע: אונד עס וואר
ניט קיין שום גוט־בעדארפטיגער צווישען זייא; וואָרין
אזעלכע וואס זענען געוועזען בעזיצער פון לאנד אונד
הייזער האבען זייא פערקויפט, אונד האבען געבראכט
35 דעם פרייז פון דיא פערקויפטע זאכען: אונד האבען עס
אנידערגעלעגט צו דיא פיס פון דיא אפאסטעל; אונד עס
36 וואר צוטיילט צו איטליכען נאך זיין בעדערפניס: אונד
יוסף, וואס וואר גערופען ביי דיא אפאסטעל בר־נבא,
(וואס איז פערטייטשט זוהן פון טרייסט), א לוי פון דעם
37 לאנד קופרוס האט געהאט א פעלד: האט עס פערקויפט,
אונד האט געבראכט דאס געלד אונד האט עס אנידערגע־
לעגט צו דיא פיס פון דיא אפאסטעל:

## קאפיטעל ה

1 אונד א מאן מיט דעם נאמען חנניה, אונד זיין ווייב שפירא,
2 האט פערקויפט זיינע גיטער: אונד ער האט ארופגענומען
פון דעם פרייז, מיט זיין ווייבס וויסען, אונד האט נור גע־
בראכט א טייל דערפון אונד האט עס אנידערגעלעגט צו
3 דיא פיס פון דיא אפאסטעל: אונד פעטרוס האט געזאגט,
חנניה, פארוואס האט דער שטן דיין הארץ דערפילט אז
דו זאלסט ליגען צום רוח הקודש, אונד ארופנעמען
4 פון דעם פרייז פון דעם פעלד? ווען דו האסט עס
געהאט איז עס דען ניט דיין געוועזען? אונד ווען דו
האסט עס פערקויפט, איז עס אויך געוועזען אין דיינע
מאכט; וואָרום האסט דו דיר דען דאס פארגענומען אין
דיין הארץ? דו האסט ניט ליגען געזאגט צו מענשען,
5 נייערט צו גאט: אונד וויא חנניה האט דיזע ווערטער
געהערט, איז ער אנידערגעפאלען אונד איז געשטארבען;
אונד עס וואר א גרויסע פורכט אויף אלע וואס האבען
6 דאס געהערט: אונד דיא יונגע לייט זענען אויפגעשטאנען
אונד האבען איהם איינגעוויקעלט; אונד האבען איהם
7 ארויסגעטראגען אונד בעגראבען: אונד עס וואר אין א
צייט פון דרייא שעה איז זיין ווייב אריינגעקומען, אונד
8 זיא האט ניט געוואוסט וואס איז געשעהען: אונד פעטרוס

הָאט צוּ אִיהְר גֶעעֶנְטפֶערְט, זָאג מִיר אוֹיבּ אִיהְר הָאט דָאס
פֶעלְד פֶערְקוֹיפְט פַאר אַזוֹי פִיל? אוּנְד זִיא הָאט גֶעזָאגְט,
יוֹא, פַאר אַזוֹי פִיל: אוּנְד פֶעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט, 9
וָוארוּם הָאט אִיהְר אֵייךְ אַזוֹי פֶערְאֵיינִיגְט צוּ פְּרוּבֶען דֶעם
גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר? זֶעה, דִיא פִיס פוּן דִיא וָואס הָאבֶען
דֵיין מַאן בֶּעגְרוּבֶּען זֶענֶען בַּייא דֶער טִיהְר, אוּנְד זֵייא וֶועט־
לֶען דִיךְ אַרוֹיסְטְרָאגֶען: אַזוֹי אִיז זִיא גְלֵייךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען 10
פָאר זֵיינֶע פִיס, אוּנְד דֶעם אָטְהֶעם אוֹיסְגֶעהוֹיכְט, אוּנְד דִיא
יוּנְגֶע לֵייט זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶען זִיא גֶעפוּנֶען טוֹיט,
אוּנְד זֵייא הָאבֶען זִיא אַרוֹיסְגֶעטְרוּגֶען אוּנְד הָאבֶען זִיא
בֶּעגְרוּבֶּען נֶעבֶּען אִיהְר מַאן: אוּנְד עֶס וַואר אַ גְרוֹיסֶע 11
פוּרְכְט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער קְהִלָּה אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע וָואס
הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט: אוּנְד עֶס וַוארֶען גֶעשֶׁעהֶען פִילֶע 12
צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער צְוִוישֶׁען דֶעם פָאלְק דוּרְךְ דִיא
הֶענְד פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל; אוּנְד זֵייא וַוארֶען אַלֶע צוּזַאמֶען
אִין דֶעם פָּאלִישׁ פוּן שְׁלֹמֹה: אָבֶּער קֵיינֶער פוּן דִיא אִיבְּ־ 13
רִיגֶע הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּ זֵייא צוּ בֶּעהֶעפְטֶען;
דָאךְ דָאס פָאלְק הָאט זֵייא הוֹיךְ גֶעשֶׁעצְט: אוּנְד עֶס 14
זֶענֶען נָאךְ מֶעהְר צוּ גֶעקוּמֶען וָואס הָאבֶען גֶעגְלוֹיבְּט אִין
דֶעם הַאר, פִילֶע מֶענֶער אוּנְד וֵוייבֶּער: אוּנְד זֵייא הָאבֶען 15
דִיא קְרַאנְקֶע אוֹיףְ דִיא גַאסֶען אַרוֹיס גֶעטְרָאגֶען, אוּנְד
הָאבֶען זֵייא גֶעלֶעגְט אוֹיףְ בֶּעטֶען אוּנְד גֶעלֶעגֶער, כְּדֵי
וֶוען פֶּעטְרוּס וֶועט פֶערְבֵּייא גֶעהְן אַזוֹי זָאל נוּר זֵיין שָׁאַ־
טֶען אֵיינֶעם פוּן זֵייא בֶּעדֶעקֶען: אוּנְד דָאס פָאלְק אִיז זִיךְ 16
צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען פוּן אַרוּם דִיא שְׁטֶעט נָאהְנְט צוּ יְרוּשָׁלַיִם,
אוּנְד הָאבֶען גֶעבְּרַאכְט דִיא קְרַאנְקֶע אוּנְד דִיא וָואס וַוא־
רֶען גֶעפֵּיינִיגְט פוּן אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת; וֶועלְכֶע זֶענֶען אַלֶע
גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען:
אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אַלֶע וָואס 17
וַוארֶען מִיט אִיהְם, וָואס וַוארֶען דִיא כִּיתָּה פוּן דִיא צַדוּקִים;
אוּנְד זֵייא וַוארֶען פוּל מִיט קִנְאָה: אוּנְד זֵייא הָאבֶען דִיא 18
הֶענְד גֶעלֶעגְט אוֹיףְ דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד הָאבֶען זֵייא אִין
דָאס פָאלְקְס גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט: אוּנְד אַ מַלְאָךְ פוּן 19
דֶעם הַאר, הָאט בֵּייא דֶער נַאכְט גֶעעֶפֶענְט דִיא טִירֶען פוּן

דָעם גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעפִירְט, אוּנְד הָאט
20 גֶעזָאגְט: גֶעהְט אוּנְד שְׁטֶעלְט אֵייךְ, אוּנְד זָאגְט צוּם פָאלְק
אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַלֶע דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיזֶען לֶעבֶּען:
21 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי זֶענֶען זַייא אִין
דֶער פְרִיה אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אוּנְד הָאבֶּען
גֶעלֶעהְרְט; אוּנְד דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד דִיא
וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם, אוּנְד הָאט צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען דִיא
סַנְהֶדְרִין אוּנְד אַלֶע זְקֵנִים פוּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, אוּנְד הָא־
בֶּען גֶעשִׁיקְט צוּ דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אַז מֶען זָאל זַייא בְּרֶענְגֶען:
22 אָבֶּער וֶוען דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאבֶּען זַייא זַייא
נִיט גֶעפוּנֶען אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אוּנְד זַייא הָאבֶּען זִיךְ
23 אוּמְגֶעקֶעהְרְט אוּנְד הָאבֶּען עֶס דֶערְצֶעהְלְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען גֶעפוּנֶען דָאס גֶעפֶענְגְנִיס פֶערְשְׁלָאסֶען
מִיט אַלֶער זִיכֶערְהַייט, אוּנְד דִיא וֶועכְטֶער זֶענֶען גֶע־
שְׁטַאנֶען פוּן דְרוֹיסֶען בַּייא דֶער טִיר; אָבֶּער וֶוען מִיר
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאבֶּען מִיר דְרִינֶען קֵיינֶעם גֶעפוּנֶען:
24 אוּנְד וֶוען דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּנְד דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פוּן דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבֶּען זַייא גֶעצְווייפֶעלְט וֶועגֶען זַייא וָואס דָא וֶועט דַארוֹיס
25 וֶוערֶען: אוּנְד אַ גֶעוִויסֶער מַאן אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט
זַייא דֶערְצֶעהְלְט אוּנְד גֶעזָאגְט, זֶעהְט, דִיא לֵייט וָואס אִיהְר
הָאט אִין דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעזֶעצְט שְׁטֶעהְן אִין בֵּית
26 הַמִקְדָשׁ אוּנְד לֶעהְרֶען דָאס פָאלְק: דַאן אִיז דֶער אוֹיבֶּערְ־
שְׁטֶער אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא מְשָׁרְתִים, אוּנְד הָאט זַייא
גֶעבְּרַאכְט, נִיט מִיט גֶעוַואלְד, וָוארִין זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פַאר דֶעם פָאלְק אַז זַייא זָאלֶען זַייא נִיט
27 שְׁטֵיינִיגֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעבְּרַאכְט, הָאבֶּען
זַייא זַייא גֶעשְׁטֶעלְט פָאר דִיא סַנְהֶדְרִין, אוּנְד דֶער כֹּהֵן
28 גָדוֹל הָאט זַייא גֶעפְרֶעגְט: אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הָאבֶּען
מִיר אֵייךְ נִיט שְׁטַארְק פֶערְבָּאטֶען אַז אִיהְר זָאלְט נִיט לֶעהְ־
רֶען אִין דִיזֶען נָאמֶען? אוּנְד אַצוּנְד הָאט אִיהְר אָנְגֶעפִילְט
יְרוּשָׁלַיִם מִיט אֵייעֶרֶע לֶעהְרֶע, אוּנְד אִיהְר ווִילְט אוֹיף אוּנְס
29 בְּרֶענְגֶען דָאס בְּלוּט פוּן דִיזֶען מֶענְשׁ: אָבֶּער פֶּעטְרוֹס
אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט,

מִיר מוּסֶען גָאט מֶעהר גֶעהָארְכֶען וִויא מֶענְשֶׁען: דֶער 30
גָאט פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט יֵשׁוּעַ, וֶועלְכֶען
אִיהְר הָאט גֶעהַרְגֶעט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהָאנְגֶען אוֹיף אַ
הָאלְץ: דִיזֶען הָאט גָאט דֶערְהֵייכְט מִיט זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד 31
צוּם פִירְשְׁט אוּנְד דֶערְלֶעזֶער, אַז עֶר זָאל גֶעבֶּען תְּשׁוּבָה
צוּ יִשְׂרָאֵל, אוּנְד פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען: אוּנְד מִיר זֶענֶען 32
זַיינֶע עֵדוּת אוֹיף דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ, וֶועלְכֶען גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא וָואס גֶע־
הָארְכֶען אִיהְם: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, 33
זֶענֶען זַייא אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען אֵיין עֵצָה
גֶעהַאלְטֶען זַייא צוּ הַרְגֶענֶען: אָבֶּער אַ פָּרוּשׁ פוּן דִיא 34
סַנְהֶדְרִין, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען גַמְלִיאֵל, אַ לֶעהְרֶער פוּן דֶער
תּוֹרָה, וָואס וַואר אָנְגֶעזֶעהֶען בֵּייא דֶעם גַאנְצֶען פָּאלְק,
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא אַפָּאסְטֶעל
אַבִּיסֶעל אַרוֹיסְפִירֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, 35
אִיהְר מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, גֶעמְט אֵייךְ אִין אַכְט וָואס
אִיהְר ווִילְט טְהוּן צוּ דִיזֶע מֶענְשֶׁען: וָוארִין פָאר דִיזֶע צֵייט 36
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען תּוֹדָס, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז
עֶפֶּעס, אוּנְד אַן עֶרֶךְ פוּן פִיר הוּנְדֶערְט מֶענְשֶׁען הָאבֶּען
זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעהֶעפְט; אָבֶּער עֶר אִיז גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהֶערְט זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט
אוּנְד צוּ נִישְׁט גֶעוָוארֶען: נָאכְדֶעם אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען 37
יְהוּדָה פוּן גָלִיל, אִין דֶער צֵייט פוּן דֶער פֶערְשְׁרֵייבּוּנְג, אוּנְד
הָאט פִיל פָאלְק מִיט זִיךְ גֶעצוֹיגֶען, אוּנְד דִיזֶער אִיז אוֹיךְ
פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם צוּ־
גֶעהֶערְט זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט גֶעוָוארֶען: אוּנְד אַצוּנְד זָאג 38
אִיךְ אֵייךְ, פֶערְמֵיידֶעט אֵייךְ פוּן דִיזֶע לֵייט אוּנְד לָאזְט
זַייא גֶעהְן; וָוארִין וֶוען דִיזֶע עֵצָה אָדֶער דִיזֶעס ווערְק אִיז
פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וֶועט עֶס פֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען: אָבֶּער 39
וֶוען עֶס אִיז פוּן גָאט, אַזוֹי קֶענְט אִיהְר עֶס נִיט שְׁטֶערֶען;
וָוארִין טָאמֶער וֶועט אִיהְר גֶעפִינֶען וֶוערֶען צוּ שְׁטְרֵייטֶען
קֶעגֶען גָאט: אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אִיהְם צוּגֶעהָארְכְט; אוּנְד 40
זַייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד הָאבֶּען זַייא
גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד אָנְגֶעזָאגְט אַז זַייא זָאלֶען נִיט רֶעדֶען אִין

דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ, אוּנְד הָאבֶּען זַייא פְרֵייא גֶעלָאזְט:
41 דַאן זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן בֶּעפָאר דִיא סַנְהֶדְרִין,
אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעפְרֵייט דָאס זַייא זֶענֶען וֶוערְט גֶעוֶועזֶען
42 פֶערְשֶׁעמְט צוּ וֶוערֶען דוּרְךְ זַיין נָאמֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ לֶערֶען אוּנְד צוּ פְּרֶעדִיגֶען יֵשׁוּעַ דֶעם
מָשִׁיחַ, אַלֶע טָאג אִין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנְד פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז:

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִין יֶענֶע טֶעג וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען זִיךְ גֶע־
מֶעהְרְט, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא גְרִיכֶען גֶעמוּרְמֶעלְט קֶעגֶען דִיא
הֶעבְּרֶעעֶר, וֶוייל זֵיירֶע אַלְמָנוֹת וַוארֶען אִיבֶּערְגֶעזֶעהֶען
2 אִין דֶעם טֶעגְלִיכֶען דִינְסְט: אַזוֹי הָאבֶּען דִיא צְוֶועלְף צוּ־
זַאמֶען גֶערוּפֶען אַלֶע תַּלְמִידִים אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס
אִיז נִיט רֶעכְט מִיר זָאלֶען פֶערְלָאזֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט,
3 אוּנְד זָאלֶען דִינֶען בֵּייא טִישֶׁען: דְרוּם בְּרִידֶער, זוּכְט אוֹיס
צְווִישֶׁען אֵייךְ זִיבֶּען בֶּעגְלוֹיבְּטֶע מֶענֶער וָואס זֶענֶען פוּל
מִיט רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט חָכְמָה, וֶועלְכֶע מִיר זָאלֶען זֶע־
4 צֶען אִיבֶּער דִיזֶע נֶעטְהִיגֶע זַאכֶען: אוּנְד מִיר וֶועלֶען בֶּע־
שְׁטֶענְדִיג עוֹסֵק זַיין אִים גֶעבֶּעט אוּנְד אִין דֶעם דִינְסְט פוּן
5 דֶעם וָוארְט: אוּנְד דִיזֶע רֶעד אִיז דֶער גַאנְצֶען פֶערְזַאמְ־
לוּנְג גֶעפֶעלֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיסְדֶערְוֶועלְט
סְטֶעפַאנוֹס אַ מַאן פוּל מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד מִיט דֶעם
רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אוּנְד פִילִיפּוֹס, אוּנְד פְּרוֹכוֹרוֹס, אוּנְד נִקָנוֹר,
אוּנְד טִימוֹן, אוּנְד פַּרְמְנָס, אוּנְד נִיקוֹלַאס, אַ גֵר פוּן
6 אַנְטִיוֹכְיָא: אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא גֶעשְׁטֶעלְט פָאר דִיא
אַפָּאסְטֶעל אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּנְד דִיא הֶענְד
7 אוֹיף זַייא גֶעלֶעגְט: אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן גָאט הָאט זִיךְ
גֶעמֶעהְרְט, אוּנְד דִיא צָאל פוּן דִיא תַּלְמִידִים וַואר זֶעהְר
גְרוֹיס אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע מַחֲנָה פוּן דִיא כֹּהֲנִים
8 הָאבֶּען דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּגֶעהָארְכְט: אוּנְד סְטֶעפַאנוֹס פוּל
מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד גְבוּרָה, הָאט גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע וְואוּנְדֶער
אוּנְד צֵייכֶען צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק:
9 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער שׁוּל זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, וָואס
וַואר גֶערוּפֶען דִיא שׁוּל פוּן דִיא לִיבֶּערְטִינֶער, אוּנְד לֵייט
פוּן קוּרֶענִי אוּנְד אַלֶכְּסַנְדְרִיָא, אוּנְד פוּן קִילִיקְיָא אוּנְד אַסְיָא,

אוּנְד זַייא הָאבֶּען אַ וִויכּוּחַ גֶעהַאט מִיט סְטֶעפַאנוּס:
אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט ווִידֶערְשְׁטֶעהְן דִיא חָכְמָה 10
אוּנְד דֶעם גַייסְט מִיט וֶועלְכֶען עֶר הָאט גֶערֶעט: דֶערְנָאךְ 11
הָאבֶּען זַייא אָנְגֶעשְׁטֶעלְט מֶענֶער וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
מִיר הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע רֶעד קֶע־
גֶען מֹשֶׁה אוּנְד גָאט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דָאס 12
פָאלְק, אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד דִיא סוֹפְרִים. אוּנְד זַייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶענוּמֶען מִיט גֶעוַואלְד,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא סַנְהֶדְרִין: אוּנְד זַייא 13
הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דִיזֶער מַאן הֶערְט נִיט אוֹיף צוּ רֶעדֶען לֶעסְטֶערִיגֶע רֶעד
קֶעגֶען דִיזֶען הֵיילִיגֶען אָרְט אוּנְד דֶער תּוֹרָה: וָוארִין מִיר 14
הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט זָאגֶען, אַז דִיזֶער יֵשׁוּעַ הַנָצְרִי וֶועט
דִיזֶען אָרְט צֶערְשְׁטֶערֶען, אוּנְד וֶועט עֶנְדֶערֶען דִיא מִנְהָגִים
וָואס מֹשֶׁה הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען: אוּנְד אַלֶע וָואס 15
זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אִין דִיא סַנְהֶדְרִין הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶע־
קוּקְט, אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען זַיין פָּנִים, אַזוֹי וִויא דָאס
פָּנִים פוּן אַ מַלְאָךְ:

## קאַפּיטעל ז

אוּנְד דֶער כֹּהֵן הַגָדוֹל הָאט גֶעזָאגְט, זֶענֶען דִיזֶע זַאכֶען אַזוֹי? 1
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, בְּרִידֶער אוּנְד פֶעטֶער, הֶערְט צוּ! 2
דֶער גָאט פוּן הֶערְלִיכְקֵייט הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען צוּ אוּנְזֶער
פָאטֶער אַבְרָהָם, וֶוען עֶר וַואר אִין אֲרַם נַהֲרַיִם, אֵיידֶער עֶר
הָאט גֶעווָאוֹינְט אִין חָרָן: אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, 3
גֶעה אַוֶועק פוּן דַיין לַאנְד אוּנְד פוּן דַיינֶע פֶערְוַואנְדְטֶע,
אוּנְד גֶעה צוּ דֶעם לַאנְד וָואס אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען: אַזוֹי 4
אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם לַאנְד פוּן כַּשְׂדִים
אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין חָרָן. אוּנְד נָאךְ דֶעם וִויא זַיין
פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט עֶר אִיהְם פוּן דָארְטֶען
אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט אִין דִיזֶען לַאנְד אַרַיין וְואוּ אִיהְר אַצוּנְד
וְואוֹינְט: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם דְרִינֶען קֵיינֶע עֶרְבְּשַׁאפְט 5
גֶעגֶעבֶּען, אַפִילוּ נִיט וְואוּ זַיין פוּס צוּ שְׁטֶעלֶען. אָבֶּער עֶר
הָאט אִיהְם דָאס צוּגֶעזָאגְט צוּ גֶעבֶּען פַאר זַיין אֵייגֶענְ־
טְהוּם, אוּנְד צוּ זַיין זָאמֶען נָאךְ אִיהְם, וֶוען עֶר הָאט נָאךְ

6 קֵיין קִינְד גֶעהַאט: אוּנְד גָאט הָאט אַזוֹי גֶעזָאגְט, אַז זֵיין
זָאמֶען װעט זֵיין אַ גֵר אִין אַ פְּרֶעמְד לַאנְד, אוּנְד זֵייא
װעלֶען אִיהְם מַאכֶען דִינֶען, אוּנְד װעלֶען אִיהְם אִיבֶּעל טְהוּן
7 פִיר הוּנְדֶערְט יָאהְר: אוּנְד דָאס פָּאלְק װָאס זֵייא װעלֶען
דִינֶען װעל אִיךְ רִיכְטֶען, הָאט גָאט גֶעזָאגְט. אוּנְד דֶערְ־
נָאךְ װעלֶען זֵייא אַרוֹיסְגֶעהֶען אוּנְד װעלֶען מִיר דִינֶען אִין
8 דִיזֶען אָרְט: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דֶעם בְּרִית פוּן
מִילָה. אוּנְד אַזוֹי הָאט עֶר גֶעבּוֹירֶען יִצְחָק, אוּנְד הָאט
אִיהְם מַל גֶעװעזֶען דֶעם אַכְטֶען טָאג; אוּנְד יִצְחָק הָאט
גֶעבּוֹירֶען יַעֲקֹב, אוּנְד יַעֲקֹב דִיא צְװעלְף הוֹיפְּט־פֶּעטֶער:
9 אוּנְד דִיא הוֹיפְּט־פֶּעטֶער הָאבֶּען יוֹסֵף מְקַנֵא גֶעװעזֶען,
אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם פֶּערְקוֹיפְט קֵיין מִצְרַיִם, אָבֶּער גָאט
10 װַאר מִיט אִיהְם: אוּנְד עֶר הָאט אִיהְם מַצִיל גֶעװעזֶען פוּן
אַלֶע זֵיינֶע צָרוֹת. אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען גֶענָאד אוּנְד
װייזְהֵייט בֶּעפָאר פַּרְעֹה דֶעם קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר
הָאט אִיהְם גֶעמַאכְט פַאר אַ הֶערְשֶׁער אִיבֶּער מִצְרַיִם
11 אוּנְד אִיבֶּער זֵיין גַאנְצֶעם הוֹיז: אוּנְד אַ הוּנְגֶער אִיז גֶע־
קוּמֶען אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען לַאנְד מִצְרַיִם אוּנְד כְּנַעַן, אוּנְד
אַ גְרוֹיסֶע צָרָה, אוּנְד אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען נִיט גֶעפוּנֶען
12 קֵיינֶע שְׁפֵּייז: אוּנְד װען יַעֲקֹב הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶס װַאר
קָארְן אִין מִצְרַיִם, אַזוֹי הָאט עֶר צוּעֶרְשְׁט אַרוֹיס גֶעשִׁיקְט
13 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת: אוּנְד צוּם אַנְדֶערְן מָאל װַאר יוֹסֵף דֶערְ־
קֶענְט צוּ זֵיינֶע בְּרִידֶער, אוּנְד דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן יוֹסֵף אִיז
11 בֶּעקָאנְט גֶעװָארֶען צוּ פַּרְעֹה: אוּנְד יוֹסֵף הָאט גֶעשִׁיקְט
אוּנְד הָאט גֶערוּפֶען זֵיין פָאטֶער יַעֲקֹב אוּנְד זֵיינֶע גַאנְצֶע
15 מִשְׁפָּחָה, פִינְף אוּנְד זִיבְּצִיג נְפָשׁוֹת: אוּנְד יַעֲקֹב אִיז אַרוּפּ־
גֶעקוּמֶען קֵיין מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד
16 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת: אוּנְד זֵייא װַארֶען אַרִיבֶּערְגֶעבְּרַאכְט קֵיין
שְׁכֶם, אוּנְד װַארֶען אִין דֶעם קֶבֶר אַרֵיינְגֶעלֶעגְט װָאס
אַבְרָהָם הָאט גֶעקוֹיפְט פַאר גֶעלְד פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן
17 חֲמוֹר, דֶער פָאטֶער פוּן שְׁכֶם: אָבֶּער דִיא צֵייט פוּן דֶער
הַבְטָחָה אִיז נָאהֶנְט גֶעקוּמֶען, װָאס גָאט הָאט גֶעשְׁװאוֹירֶען
צוּ אַבְרָהָם, אַזוֹי הָאט דָאס פָאלְק גֶעװַאקְסֶען אוּנְד הָאט זִיךְ
18 גֶעמֶעהְרְט אִין מִצְרַיִם: בִּיז אֵיין אַנְדֶערֶער קֶענִיג אִיז

19 אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען וָואס הָאט נִיט גֶעקֶענְט יוֹסֵף: דִיזֶער הָאט
שְׁלוֹיא גֶעהַאנְדֶעלְט (מִיט עָרְמָה) קֶעגֶען אוּנְזֶער דוֹר, אוּנְד
הָאט אִיבֶּעל גֶעטְהוּן צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען
אַרוֹיסְוַוארְפֶען זַיירֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער אַז זֵייא זָאלֶען נִיט לֶע־
20 בֶּען: אִין דֶער צַייט אִיז משֶׁה גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
עֶר וַואר זֶעהְר שֶׁעהְן. אוּנְד עֶר וַואר דֶערְנֶערְט דְרֵייא
21 חֳדָשִׁים אִין זַיין פָאטֶערְס הוֹיז: אוּנְד וֶוען עֶר וַואר אַרוֹיסְ־
גֶעוָוארְפֶען, אַזוֹי הָאט אִיהְם דִיא טָאכְטֶער פוּן פַּרְעֹה צוּ־
גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען פַאר אִיהְר אֵייגֶענֶעם
22 זוּהְן: אוּנְד משֶׁה וַואר גֶעלֶערְנְט אִין אַלֶע חָכְמוֹת פוּן מִצְרַיִם,
23 אוּנְד וַואר מֶעכְטִיג אִין וָוארְט אוּנְד אִין וֶוערְק: אוּנְד וֶוען
עֶר אִיז פִירְצִיג יָאהְר אַלְט גֶעוָוארֶען, אִיז אִיהְם אִין הַארְץ
אַרַיינְגֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל בֶּעזוּכֶען זַיינֶע בְּרִידֶער דִיא
24 קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אֵיינֶעם
אוּמְרֶעכְט לֵיידֶען, אַזוֹי הָאט עֶר אִיהְם בֵּייגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד
הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם וָואס הָאט גֶעלִיטֶען,
25 אוּנְד הָאט דֶעם מִצְרִי דֶערְשְׁלָאגֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעדַאכְט
אַז זַיינֶע בְּרִידֶער וֶועלֶען פֶערְשְׁטֶעהֶען אַז גָאט וֶועט זֵייא
גֶעבֶּען הִילְף דוּרְךְ זַיינֶע הַאנְד. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען עֶס נִיט
26 פֶערְשְׁטַאנֶען: אוּנְד אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג אִיז עֶר וִוי־
דֶער צוּ זֵייא אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעקְרִיגְט,
אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען שָׁלוֹם מַאכֶען,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מֶענֶער, אִיהְר זֶענְט דָאךְ בְּרִידֶער.
וָוארוּם טְהוּט אִיהְר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אוּמְרֶעכְט?
27 אָבֶּער דֶער וָואס הָאט זַיין חַבֵר אוּמְרֶעכְט גֶעטְהוּן הָאט
אִיהְם אַוֶועקְגֶעשְׁטִיפְּט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ
גֶעמַאכְט צוּם פִירְשְׁטֶען אוּנְד אַ רִיכְטֶער אִיבֶּער אוּנְס?
28 ווִילְסְט דוּא מִיךְ טוֹיטְשְׁלָאגֶען, אַזוֹי וִויא דוּא הָאסְט נֶעכְ־
29 טֶען דֶעם מִצְרִי טוֹיט גֶעשְׁלָאגֶען: אַזוֹי אִיז משֶׁה אַנְטְ־
לָאפֶען אִיבֶּער דִיזֶע רֶעד, אוּנְד עֶר וַואר אַ פְרֶעמְדֶער אִין
דֶעם לַאנְד מִדְיָן, אוּנְד הָאט דָארְט גֶעבּוֹירֶען צְוֵויא זִיהְן:
30 אוּנְד וֶוען פִירְצִיג יָאהְר וַוארֶען דֶערְפִילְט, אַזוֹי הָאט זִיךְ אַ
אַ מַלְאָךְ צוּ אִיהְם בֶּעוִויזֶען אִין דֶער מִדְבָּר פוּן דֶעם בַּארְג
סִינַי, אִין אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר אִין דֶעם דָארְנְבּוּשׁ:

שמות ג׳ ב; דברים ל״ג ט״ז.

31 אוּנְד וִויא מֹשֶׁה הָאט דָאס גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ פֶּערְ־
וְואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דֶער עֶרְשַׁיינוּנְג, אוּנְד וֶוען עֶר אִיז צוּ־
גֶעגַאנְגֶען צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען, אִיז אַ קוֹל פוּן דֶעם הַאר צוּ
32 אִיהְם גֶעקוּמֶען: אִיךְ בִּין דֶער גָאט פוּן דֵיינֶע אָבוֹת, דֶער
גָאט פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד פוּן יִצְחָק, אוּנְד פוּן יַעֲקֹב, אוּנְד
מֹשֶׁה הָאט גֶעצִיטֶערְט, אוּנְד הָאט מוֹרָא גֶעהַאט עֶס אָנְצוּ־
33 זֶעהֶען: אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, טְהוּא אוֹיס
דִיא שִׁיךְ פוּן דֵיינֶע פִּיס, וָוארִין דֶער אָרְט אוֹיף וָואס דוּא
34 שְׁטֶעהְסְט אִיז הֵיילִיגֶער גְרוּנְד: אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעזֶעהֶען דָאס
לֵיידֶען פוּן מֵיין פָאלְק, וָואס אִיז אִין מִצְרַיִם, אוּנְד הָאבּ
גֶעהֶערְט זֵייעֶר זִיפְצֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוּפּ גֶעקוּמֶען זֵייא
אוֹיסְצוּלֶעזֶען. אוּנְד אַצוּנְד קוּם, אִיךְ וֶועל דִיךְ שִׁיקֶען קֵיין
35 מִצְרַיִם: דִיזֶען מֹשֶׁה וָואס זֵייא הָאבֶּען פֶערְלֵייקֶענְט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט צוּם פִירְשְׁט אוּנְד
רִיכְטֶער, דִיזֶען הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט פַאר אֵיין הַאר אוּנְד
דֶערְלֶעזֶער, דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעוִוי־
36 זֶען אִין דֶעם דָארְנְבּוּשׁ: דִיזֶער הָאט זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט,
אוּנְד הָאט גֶעטְהוּן וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען אִים לַאנְד
מִצְרַיִם, אוּנְד בֵּיים יַם סוּף, אוּנְד אִין דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג
37 יָאהְר: דָאס אִיז דֶער מֹשֶׁה וָואס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא
קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל, דֶער הַאר, אֵייעֶר גָאט, וֶועט אֵייךְ אוֹיפְ־
שְׁטֶעלֶען אַ נָבִיא פוּן צְוִוישֶׁען אֵיירֶע בְּרִידֶער, גְלֵייךְ וִויא
38 מִיךְ, אִיהְם זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען: דָאס אִיז דֶער הַאר
וָואס וַואר אִין דֶער קְהִלָּה אִין דֶער מִדְבָּר, מִיט דֶעם מַלְאָךְ
וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט אוֹיף דֶעם בַּארְג סִנַי, אוּנְד מִיט
אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד עֶר הָאט דֶערְהַאלְטֶען דִיא רֶעדֶען פוּן
39 לֶעבֶּען, עֶר זָאל זֵייא אוּנְס גֶעבֶּען: וֶועלְכֶען אוּנְזֶערֶע אָבוֹת
הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט גֶעהָארְכֶען, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען אִיהְם
פֶערְוָוארְפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט אִין זֵייעֶר
40 הַארְץ קֵיין מִצְרַיִם: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אַהֲרֹן,
מַאךְ צוּ אוּנְס גֶעטֶער וָואס זָאלֶען פָאר אוּנְס גֶעהְן. וָוארִין
דִיזֶער מֹשֶׁה וָואס הָאט אוּנְס אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם
לַאנְד מִצְרַיִם, וִויסֶען מִיר נִיט וָואס אִיז צוּ אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען:
41 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעמַאכְט אֵיין עֵגֶל אִין יֶענֶע טֶעג, אוּנְד

הָאבֶּען אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אַ קָרְבָּן צוּם אָפְּגָאט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
גֶעפְרֵייט אִין דִיא וֶוערְק פוּן זֵייעֶרע הֶענְד: אוּנְד גָאט הָאט 42
זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד הָאט זֵייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דִינֶען
דִיא הֶערְשַׁארֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען אִים בּוּךְ פוּן דִיא נְבִיאִים, אִיהְר הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל,
הָאט אִיהְר צוּ מִיר מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זְבָחִים אוּנְד מְנָחוֹת אִין
דֶער מִדְבָּר פִירְצִיג יָאהְר: אִיהְר הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען דָאס 43
גֶעצֶעלְט פוּן מוֹלֶךְ, אוּנְד דֶעם שְׁטֶערְן פוּן דֶעם גָאט רַאמְ־
פַאן, דִיא בִּילְדֶער וָואס אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ צוּ זֵייא בִּיקֶען. אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ פֶערְטְרֵייבֶּען צוּ
יֶענֶער זַייט בָּבֶל: אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס 41
מִשְׁכַּן הָעֵדוּת אִין דֶער מִדְבָּר, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען
וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ מֹשֶׁה, אַז עֶר זָאל עֶס מַאכֶען נָאךְ
דֶער גֶעשְׁטַאלְט וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען: אוּנְד אוּנְזֶערֶע 45
אָבוֹת וָואס הָאבֶּען עֶס מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען, הָאבֶּען עֶס מִיט
יְהוֹשֻׁעַ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער עֶרְבְּשַׁאפְט פוּן דִיא גוֹיִם,
וֶועלְכֶע גָאט הָאט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע אָבוֹת,
בִּיז צוּ דִיא טֶעג פוּן דָוִד: וָואס הָאט גֶעפוּנֶען גְנָאד פָאר 46
גָאט, אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעפִינֶען אַ וְואוֹינוּנְג
פַאר דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב: אוּנְד שְׁלֹמֹה הָאט אִיהְם גֶע־ 47
בּוֹיעֶט אַ הוֹיז: אָבֶּער דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וְואוֹינְט נִיט אִין 48
טֶעמְפֶּעל וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד, אַזוֹי וִויא דֶער
נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט: דֶער הִימֶעל אִיז מֵיין שְׁטוּל, אוּנְד דִיא 49
עֶרְד מֵיינֶע פוּסְבַּאנְק. וְואוּ אִיז דָאס הוֹיז וָואס אִיהְר וִוילְט
מִיר בּוֹיעֶן? זָאגְט דֶער הַאר. אוּנְד וְואוּ אִיז דֶער אָרְט
פוּן מֵיינֶע רוּה? הָאט נִיט מֵיינֶע הַאנְד דָאס אַלֶעס גֶע־ 50
מַאכְט? אִיהְר הַארְטְנֶעקִיגֶע אוּנְד אוּמְבֶּעשְׁנִיטֶענֶע אִין 51
הַארְץ אוּנְד אוֹירֶען, אִיהְר וִוידֶערְשְׁטֶעהְט תָּמִיד דֶעם רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ, אַזוֹי וִויא אֵייעֶרֶע אָבוֹת, אַזוֹי אוֹיךְ אִיהְר: וֶועלְכֶען 52
פוּן דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען אֵייעֶרֶע אָבוֹת נִיט פֶערְפָאלְגְט? אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא וָואס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶע־
זָאגְט אוֹיף דֶעם קוּמֶען פוּן דֶעם צַדִיק, צוּ וֶועלְכֶען אִיהְר
זֶענְט אַצוּנְד גֶעוָוארֶען זֵיינֶע פֶערְרֶעטֶער אוּנְד מֶערְדֶער:
וָואס אִיהְר הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען דִיא תּוֹרָה דוּרְךְ דִיא 53

פֶערְמִיטְלֶערְשַׁאפְט פוּן מַלְאָכִים, אוּנְד אִיהְר הָאט זִיא נִיט
גֶעהַאלְטֶען:
54 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶס זַייא אִין
זַיירֶע הֶערְצֶער גֶעשְׁטָאכֶען, אוּנְד הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם מִיט
55 דִיא צֵיין גֶעקְרִיצְט: אוּנְד עֶר וַואר דֶערְפִילְט מִיט דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט אַרוֹיפְגֶעזֶעהֶען קֶעגֶען הִימֶעל, אוּנְד
הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּנְד יֵשׁוּעַ
56 שְׁטֶעהֶענְדִיג צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, נוּן, זֶעה אִיךְ דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּנְד דֶעם
57 בֶּן־אָדָם שְׁטֶעהְן צוּ דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד פוּן גָאט: אָבֶּער
זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
דִיא אוֹירֶען צוּגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד זֶענֶען מִיט אֵמָאל אִיבֶּער
58 אִיהְם גֶעפַאלֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטֵיינִיגְט; אוּנְד
דִיא עֵדוּת הָאבֶּען זַיינֶע קְלֵיידֶער גֶעלֶעגְט פָאר דִיא פִיס
59 פוּן אַ יוּנְגֶען מַאן, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שָׁאוּל: בְּשַׁעַת זַייא
הָאבֶּען סְטֶעפַאנוֹס גֶעשְׁטֵיינִיגְט הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפֶען אוּנְד
60 גֶעזָאגְט, הַאר יֵשׁוּעַ נֶעם מֵיין גֵייסְט: אוּנְד עֶר הָאט אַנִידֶערְ־
גֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, הַאר, רֶע־
כֶען צוּ זַייא נִיט דִיזֶע זִינְד. אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס
גֶעזָאגְט אִיז עֶר אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען:

## קאַפִּיטעל ח

1 אוּנְד שָׁאוּל הָאט אוֹיךְ אֵיינְגֶעוִוילִיגְט צוּ זַיין טוֹיט. אוּנְד
עֶס וַואר אִין יֶענֶער צֵייט אַ גְרוֹיסֶע פֶערְפָאלְגוּנְג קֶעגֶען
דֶער קְהִלָּה וָואס וַואר אִין יְרוּשָׁלַיִם. אוּנְד זַייא וַוארֶען אַלֶע
צוּשְׁפְּרֵייט אִין דִיא לֶענְדֶער פוּן יְהוּדָה אוּנְד שֹׁמְרוֹן, חוּץ
2 דִיא אַפָּאסְטֶעל: אוּנְד פְרוּמֶע לֵייט הָאבֶּען סְטֶעפַאנוֹס בֶּע־
גְרוּבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען הֶסְפֵּד אִיבֶּער אִיהְם גֶעמַאכְט:
3 אָבֶּער שָׁאוּל הָאט דִיא קְהִלָּה צוּשְׁטֶערְט, אוּנְד אִיז אַרוּמְגֶע־
גַאנְגֶען אִין דִיא הֵייזֶער אוּנְד הָאט גֶעשְׁלֶעפְּט מֶענֶער אוּנְד
4 ווייבֶּער אוּנְד הָאט זַייא אִין דֶער תְּפִיסָה אֵיינְגֶעזֶעצְט: דְרוּם
דִיא וָואס וַוארֶען צוּשְׁפְּרֵייט זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
5 הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט: אוּנְד פִילִיפּוֹס אִיז אַרוּפְּ־
גֶעקוּמֶען צוּ דֶער שְׁטָאט שֹׁמְרוֹן, אוּנְד הָאט צוּ זַייא

גֶעפְּרֶעדִיגְט פוּן מָשִׁיחַ: אוּנְד דִיא לַייט הָאבֶּען מִיט כַּוָּנָה 6
צוּגֶעהָארְכְט צוּ דֶעם וָואס פִילִיפּוֹס הָאט גֶערֶעט, וֵוייל זַייא
הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען דִיא וְואוּנְדֶער וָואס עֶר הָאט
גֶעטְהוּן: וָוארִין אוּמְרֵיינֶע רוּחוֹת זֶענֶען אַרוֹיס פוּן פִילֶע, 7
אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל. אוּנְד פִילֶע גִיכְטְ־
בְּרִיכִיגֶע אוּנְד קְרוּמֶע זֶענֶען גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶס 8
וַואר אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אִין יֶענֶער שְׁטָאט:
אוּנְד אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען שִׁמְעוֹן, אִיז פְרִיעֶר גֶעוֶועְ־ 9
זֶען אַ צוֹיבֶּערֶער אִין דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאט בֶּעצוֹיבֶּערְט
דָאס פָאלְק פוּן שֹׁמְרוֹן, אוּנְד הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען פַאר אַ
גְרוֹיסֶען מַאן: צוּ דֶעם הָאבֶּען זַייא אַלֶע צוּגֶעהָארְכְט פוּן 10
קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז דִיא גְבוּרָה
פוּן גָאט, דִיא גְרוֹיסֶע: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהֶערְט, 11
וֵוייל עֶר הָאט זַייא אַ לַאנְגֶע צֵייט בֶּעצוֹיבֶּערְט מִיט כִּישׁוּף:
אָבֶּער וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶעגְלֵייבְּט פִילִיפּוֹס וֶוען עֶר הָאט 12
גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוּרָה פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט אוּנְד פוּן דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַזוֹי זֶענֶען זַייא
גֶעטוֹבֵלְט גֶעוָוארֶען, מֶענֶער אוּנְד וַוייבֶּער: אוּנְד שִׁמְעוֹן 13
זֶעלְבְּסְט הָאט אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד אִיז גֶעטוֹבֵלְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד עֶר וַואר בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט פִילִיפּוֹס. אוּנְד וֶוען עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גְרוֹיסֶע צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער וָואס
וַוארֶען גֶעשֶׁעהֶען, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוְואוּנְדֶערְט:
אוּנְד וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעל וָואס וַוארֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם הָאבֶּען 14
גֶעהֶערְט אַז שֹׁמְרוֹן הָאט אָנְגֶענוּמֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט,
הָאבֶּען זַייא צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט פֶּעטְרוֹס אוּנְד יוֹחָנָן: אוּנְד 15
וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא פַאר זַייא
גֶעבֶּעטֶען, אַז זַייא זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ:
(וָוארִין עֶר וַואר נָאךְ נִיט גֶעפַאלֶען אוֹיף קֵיינֶעם פוּן זַייא, 16
נוּר זַייא וַוארֶען גֶעטוֹבֵלְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ): דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זַייא דִיא הֶענְד אוֹיף זַייא גֶעלֶעגְט, 17
אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ: אוּנְד 18
וִויא שִׁמְעוֹן הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דֶער רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ וַואר גֶעגֶע־
בֶּען וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעל הָאבֶּען דִיא הֶענְד אוֹיף זַייא
גֶעלֶעגְט, אַזוֹי הָאט עֶר זַייא אָנְגֶעבָּאטֶען גֶעלְד: אוּנְד 19

גֶעזָאגְט, גִיבְּט מִיר אוֹיךְ דִיזֶע מַאכְט, אַז אוֹיףְ וֶועמֶען אִיךְ
וֶועל דִיא הֶענְד לֶעגֶען זָאל עֶר דֶערְהַאלְטֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
20 אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, לָאז דַיין גֶעלְד מִיט
דִיר פֶּערְלוֹירֶען וֶוערֶען, וַוייל דוּא הָאסְט גֶעדֶענְקְט אַז דִיא
21 גָאבּ פוּן גָאט קֶען פַאר גֶעלְד גֶעקוֹיפְט וֶוערֶען: דוּא הָאסְט
נִיט קֵיין טֵייל אוּנְד קֵיין גוֹרָל אִין דִיזֶער זַאךְ, וָוארִין דַיין
22 הַארְץ אִיז נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג צוּ גָאט: דְרוּם טְהוּא תְּשׁוּבָה
פַאר דִיזֶער שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד בֶּעט צוּ גָאט, טָאמֶער וֶועט
דִיר דֶער גֶעדַאנְקֶען פוּן דַיין הַארְץ פֶּערְגֶעבֶּען וֶוערֶען:
23 וָוארִין אִיךְ זֶעה אַז דוּא בִּיסְט אִין דֶער גַאל פוּן בִּיטֶערְנִיס
24 אוּנְד אִין דֶעם בַּאנְד פוּן אוּמְרֶעכְט: אוּנְד שִׁמְעוֹן הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, בֶּעט אִיהְר צוּם הַאר פַאר מִיר,
אַז עֶס זָאל אוֹיףְ מִיר נִיט קוּמֶען קֵיינְס פוּן דִיא זַאכֶען וָואס
25 אִיהְר הָאט גֶעזָאגְט: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט אוּנְד
הָאבֶּען גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
אוּמְגֶעקֶערְט קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין
פִילֶע דֶערְפֶער פוּן שֹׁמְרוֹן:
26 אוּנְד אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר הָאט גֶערֶעט צוּ פִילִיפּוּס אוּנְד
גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיףְ אוּנְד גֶעה קֶעגֶען דָרוֹם זֵייט, צוּ
דֶעם וֶועג וָואס גֶעהְט אַרוּפּ פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין עַזָה, וָואס
27 אִיז וִויסְט: אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. אוּנְד זֶעה, דָא וַואר אַ כּוּשִׁי פֶּערְשְׁנִיטֶע־
נֶער, וָואס וַואר אַ גֶעוֶועלְטִיגֶער בַּייא קַאנְדַאקָה דִיא מַלְכָּה
פוּן כּוּשׁ, עֶר וַואר גֶעזֶעצְט אִיבֶּער אַלֶע אִיהְרֶע אוֹצְרוֹת;
28 אוּנְד עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אָנְצוּבֶּעטֶען: אוּנְד עֶר
אִיז צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט, אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען אִין זַיין וָואגֶען אוּנְד
29 הָאט גֶעלֵיינְט יְשַׁעְיָה הַנָבִיא: אוּנְד דֶער גֵייסְט הָאט גֶעזָאגְט
צוּ פִילִיפּוּס, גֶעה צוּ, אוּנְד בֶּעהֶעפְט דִיךְ צוּ דִיזֶען וָואגֶען:
30 אוּנְד פִילִיפּוּס אִיז צוּגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֶערְט
לֵיינֶען יְשַׁעְיָה הַנָבִיא; אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
31 פֶערְשְׁטֶעסְט דוּא וָואס דוּא לֵיינְסְט? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
וִויא אַזוֹי קֶען אִיךְ, אוֹיסְגֶענוּמֶען אִימֶעצֶער וֶועט מִיךְ בֶּע־
לֶעהְרֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעבֶּעטֶען פִילִיפּוּס אַז עֶר זָאל
32 אוֹיפְשְׁטֵייגֶען אוּנְד זָאל מִיט אִיהְם זִיצֶען: אוּנְד דָאס וַואר

דֶער אָרְט אִין דֶער שְׁרִיפְט וָואס עֶר הָאט גֶעלֵיינְט, עֶר וַואר
גֶעפִירְט וִויא אַ שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ לַאם
אִיז שְׁטוּם פַאר זַיין שֶׁערֶער, אַזוֹי הָאט עֶר זַיין מוֹיל נִיט
33 אוֹיפְגֶעמַאכְט: אִין זַיינֶע נִידְרִיגְקֵייט וַואר זַיין גֶערִיכְט
אַוֶועקְגֶענוּמֶען, אוּנְד ווער קֶען דֶערְצֶעלֶען זַיין דוֹר? וָוארִין
34 זַיין לֶעבֶען וַואר פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועקְגֶענוּמֶען: אוּנְד דֶער
פֶערְשְׁנִיטֶענֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט צוּ פִילִיפּוֹס אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, פוּן וֶועמֶען רֶעט דָאס דֶער נָבִיא?
35 פוּן זִיךְ אַלֵיין, אָדֶער פוּן אֵיין אַנְדֶערְן? אוּנְד פִילִיפּוֹס הָאט
אוֹיפְגֶעמַאכְט זַיין מוֹיל אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן דִיזֶער
36 שְׁרִיפְט, אוּנְד הָאט צוּ אִיהְם גֶעפְּרֶעדִיגְט יֵשׁוּעַ: אוּנְד וִויא
זַייא זֶענֶען גֶעפָארֶען אוֹיף דֶעם וֶועג, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען
צוּ אַ וַואסֶער. אוּנְד דֶער פֶערְשְׁנִיטֶענֶער הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה,
דָא אִיז וַואסֶער, וָואס הִינְדֶערְט מִיךְ גֶעטוֹבֶלְט צוּ וֶוערֶען?
37 אוּנְד פִילִיפּוֹס הָאט גֶעזָאגְט, וֶוען דוּא גְלוֹיבְּסְט מִיט דַיין
גַאנְצֶען הַארְץ, מֶעגְסְט דוּא, אוּנְד עֶר הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, אִיךְ גְלוֹיבּ אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן
38 גָאט: אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם וָואגֶען שְׁטֶעהְן בְּלֵייבֶּען,
אוּנְד זַייא זֶענֶען בֵּיידֶע אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם וַואסֶער
אַרֵיין, פִילִיפּוֹס אוּנְד דֶער פֶערְשְׁנִיטֶענֶער, אוּנְד עֶר הָאט
39 אִיהְם גֶעטוֹבֶלְט: אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם וַואסֶער, אַזוֹי הָאט דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר אַוֶועקְגֶע־
נוּמֶען פִילִיפּוֹס, אוּנְד דֶער פֶערְשְׁנִיטֶענֶער הָאט אִיהְם נִיט
מֶעהְר גֶעזֶעהֶען. אוּנְד עֶר אִיז זַיין וֶועג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען
40 אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעפְרֵייט: אוּנְד פִילִיפּוֹס וַואר גֶעפוּנֶען אִין
אַשְׁדוֹד. אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט
אִין אַלֶע שְׁטֶעט בִּיז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין קֵסְרִין:

קאפיטעל ט

1 אוּנְד שָׁאוּל הָאט נָאךְ גֶעאָטְהֶעמְט שְׁרֶעקֶען אוּנְד רְצִיחָה
קֶעגֶען דִיא תַּלְמִידִים פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען צוּם
2 כֹּהֵן גָּדוֹל: אוּנְד הָאט פוּן אִיהְם פֶערְלַאנְגְט בְּרִיף קֵיין
דַמֶּשֶׂק צוּ דִיא שׁוּלֶען, אַז וֶוען עֶר וֶועט עֶטְלִיכֶע גֶעפִינֶען
וָואס גֶעהֶען נָאךְ דִיזֶען וֶועג, עֶס מֶעג זַיין מֶענֶער אָדֶער
ווייבֶּער, אַזוֹי זָאל עֶר זַייא בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם:

3 אוּנְד וִויא עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען נָאהְנְט צוּ
דַמֶשֶׂק, אַזוֹי הָאט פְּלוּצְלִינְג אַ לִיכְט פוּן הִימֶעל אַרוּם אִיהְם
4 גֶעשַׁיינְט: אוּנְד עֶר אִיז צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאט
גֶעהֶערְט אַ קוֹל וָואס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שָׁאוּל, שָׁאוּל,
5 וַוארוּם פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, וֶוער
בִּיסְט דוּא הַאר? אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען דוּא פֶערְפָאלְגְסְט. עֶס אִיז שְׁוֶוער פַאר דִיר
6 צוּ שְׁטוֹיסֶען קֶעגֶען דִיא שְׁטַאכִיל: אוּנְד עֶר הָאט גֶעצִי־
טֶערְט אוּנְד וַואר דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, הַאר,
וָואס ווִילְסְט דוּא אַז אִיךְ זָאל טְהוּן? אוּנְד דֶער הַאר הָאט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֶעה אִין דִיא שְׁטָאט
אַרַיין, אוּנְד עֶס וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען וָואס דוּא מוּסְט
7 טְהוּן: אוּנְד דִיא לַייט וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעגַאנְגֶען
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פֶערְשְׁטוּמְט, אוּנְד הָאבֶּען דָאס קוֹל
8 גֶעהֶערְט, אָבֶּער זַייא הָאבֶּען קַיינֶעם נִיט גֶעזֶעהֶען: אוּנְד
שָׁאוּל אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער עֶרְד. אוּנְד וֶוען עֶר
הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, הָאט עֶר גָארְנִיט גֶעזֶעהֶען.
אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעפִירְט בַּייא דֶער הַאנְד אוּנְד
9 הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קַיין דַמֶשֶׂק: אוּנְד עֶר וַואר דְרַייא
טֶעג נִיט זֶעהֶענְדִיג. אוּנְד הָאט נִיט גֶעגֶעסֶען אוּנְד נִיט
גֶעטְרוּנְקֶען:
10 נוּן עֶס וַואר אַ גֶעווִיסֶער תַּלְמִיד אִין דַמֶשֶׂק וָואס הָאט
גֶעהֵייסֶען חֲנַנְיָה, אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט אִין
אֵיינֶע עֶרְשַׁיינוּנְג. חֲנַנְיָה. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דָא בִּין
11 אִיךְ, הַאר: אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה
אוֹיף, אוּנְד גֶעה צוּ דֶער גַאס וָואס הֵייסְט דִיא גְלֵייכֶע גַאס,
אוּנְד פְרֶעג אִין דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה אוֹיף אַ מַאן וָואס הֵייסְט
12 שָׁאוּל פוּן תַּרְשִׁישׁ. דֶען זֶעה, עֶר בֶּעטֶעט: אוּנְד עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען אִין אֵיינֶע עֶרְשַׁיינוּנְג אַז אַ מַאן וָואס הֵייסְט חֲנַנְיָה
אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט דִיא הַאנְד אוֹיף אִיהְם
13 גֶעלֶעגְט, אַז עֶר זָאל זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען: אוּנְד חֲנַנְיָה הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן פִיל לַייט וֶועגֶען
דִיזֶען מַאן, וִויא פִיל שְׁלֶעכְטֶעס עֶר הָאט גֶעטְהוּן צוּ דַיינֶע
14 הֵיילִיגֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד דָא הָאט עֶר מַאכְט פוּן דִיא

עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים צוּ בִּינְדֶען אַלֶע וָואס רוּפֶען אָן דֵיין נָאמֶען:
15 אָבֶּער דֶער הַאר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גֶעה אַהִין? וָוארִין
עֶר אִיז אֵיין אוֹיסְדֶערְוֶועלְטֶע כֵּלִי צוּ מִיר, אַז עֶר זָאל
טְרָאגֶען מַיין נָאמֶען פָאר דִיא גוֹיִם, אוּנְד מְלָכִים, אוּנְד דִיא
16 קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל: וָוארִין אִיךְ וֶועל אִיהְם וֵוייזֶען וִויא פִילֶע
17 זַאכֶען עֶר מוּז לֵיידֶען פוּן מַיין נָאמֶענְס וֶועגֶען: אוּנְד חֲנַנְיָה
אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז
אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
בְּרוּדֶער שָׁאוּל, דֶער הַאר יֵשׁוּעַ, וָואס הָאט זִיךְ צוּ דִיר בֶּע־
וִויזֶען אִין דֶעם וֶועג וָואס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען, הָאט מִיךְ
גֶעשִׁיקְט אַז דוּא זָאלְסְט זֶעהֶענְדִיג וֶוערֶען, אוּנְד זָאלְסְט
18 דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: אוּנְד עֶס זֶענֶען
גְלֵייךְ פוּן זֵיינֶע אוֹיגֶען אַרוּפְגֶעפַאלֶען וִויא שׁוּפֶען, אוּנְד עֶר
אִיז בַּאלְד זֶעהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
19 אוּנְד אִיז גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶענוּמֶען
שְׁפֵּייז, אוּנְד וַואר גֶעשְׁטַארְקְט. אוּנְד שָׁאוּל וַואר עֶטְלִיכֶע
טֶעג מִיט דִיא תַּלְמִידִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דַמֶשֶׂק:
20 אוּנְד עֶר הָאט גְלֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט יֵשׁוּעַ אִין דִיא שׁוּלֶען, אַז עֶר
21 אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט: אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶע־
הֶערְט הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיז
דָאס נִיט דֶער וָואס הָאט פַארְשְׁטֶערְט אִין יְרוּשָׁלַיִם דִיא
וָואס הָאבֶּען אָנְגֶערוּפֶען דִיזֶען נָאמֶען, אוּנְד אִיז פוּן דֶעסְטְ־
וֶועגֶען אַהֶער גֶעקוּמֶען אַז עֶר זָאל זֵייא בְּרֶענְגֶען גֶעבּוּנְדֶען
22 צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים? אָבֶּער שָׁאוּל הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר
גֶעשְׁטַארְקְט, אוּנְד הָאט פֶערְטִימֶעלְט דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען
גֶעוְואוֹינְט אִין דַמֶשֶׂק, אוּנְד הָאט בֶּעוִויזֶען אַז דָאס אִיז
דֶער מָשִׁיחַ:
23 אוּנְד וֶוען פִילֶע טֶעג זֶענֶען פָארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען, הָאבֶּען דִיא
יוּדֶען אֵיינֶע עֵצָה גֶעהַאלְטֶען זֵייא זָאלֶען אִיהְם הַרְגֶענֶען:
24 אָבֶּער זֵייעֶרֶע עֵצָה וַואר אָנְגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ שָׁאוּל,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעוַואכְט דִיא טוֹירֶען טָאג אוּנְד נַאכְט אַז
25 זֵייא זָאלֶען אִיהְם הַרְגֶענֶען: אָבֶּער דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען
אִיהְם גֶענוּמֶען בֵּייא דֶער נַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַרוּפְּ־
26 גֶעלָאזְט פוּן דֶער מוֹיעֶר אִין אַ קָארְבּ: אוּנְד שָׁאוּל אִיז

גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעהֶעפְטֶען
צוּ דִיא תַּלְמִידִים. אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע פָאר אִיהְם
גֶעפָארְכְטֶען, אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט אַז עֶר אִיז אַ
27 תַּלְמִיד: אָבֶּער בַּר־נַבָּא הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּ דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְ־
צֶעלְט וִויא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הַאר אִים וֶועג, אוּנְד אַז
עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט, אוּנְד וִויא עֶר הָאט אִין דַמֶשֶׂק
28 מוּטְהִיג גֶעפְרֶעדִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ: אוּנְד עֶר
אִיז מִיט זֵייא אַיין אוּנְד אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד
הָאט עֶפֶענְטְלִיךְ גֶעפְרֶעדִיגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר:
29 אוּנְד עֶר הָאט גֶערֶעט אוּנְד גֶעטַענְהֶעט מִיט דִיא גְרִיכִישֶׁע
יוּדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען זֵייא זָאלֶען
30 אִיהְם טֵייטֶען: וִויא דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען דָאס גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוּפְגֶעבְּרַאכְט קֵיין קֵסְרִין,
31 אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט קֵיין תַּרְשִׁישׁ: אַזוֹי הָאט
דִיא קְהִלָּה פְרִידֶען גֶעהַאט אִין גַאנְץ יְהוּדָה אוּנְד אִין גָלִיל
אוּנְד אִין שֹׁמְרוֹן אוּנְד הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט, אוּנְד הָאט
גֶעוַואנְדֶעלְט אִין דֶער פוּרְכְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִין דֶער
נְחָמָה (טְרַייסְט) פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט זִיךְ פֶערְ־
32 מֶעהְרְט: אוּנְד עֶס וַואר וֶוען פֶּעטְרוֹס אִיז גֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ
אַלֶע עֶרְטֶער, אַזוֹי אִיז עֶר אוֹיךְ אַרוּפְגֶעקוּמֶען צוּ דִיא
33 הֵיילִיגֶע וָואס הָאבֶּען גֶעווֹאוֹינְט אִין לוּד: אוּנְד עֶר הָאט
דָארְטֶען גֶעפוּנֶען אַ מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַנְיַס, וָואס
וַואר אַ גִיכְטְבְּרִיכִיגֶער, אוּנְד אִיז שׁוֹין גֶעלֶעגֶען אַכְט יָאהְר
34 אוֹיף דֶעם בֶּעט: אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
אַנְיַס! יֵשׁוּעַ דֶער מָשִׁיחַ הֵיילְט דִיךְ, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד מַאךְ
צוּרֶעכְט דֵיין בֶּעט, אַזוֹי אִיז עֶר בַּאלְד אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
35 אוּנְד אַלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעווֹאוֹינְט אִין לוּד אוּנְד אִין שָׁרוֹן
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט
צוּם הַאר:
36 אוּנְד אִין יָפוֹ וַואר אֵיינֶע תַּלְמִידָה וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען טָבִיתָא,
(וָואס אִיז פֶערְדָאלְמֶעטְשְׁט דָארְקַאס), אוּנְד זִיא וַואר פוּל
37 מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים, אוּנְד זִיא הָאט פִיל נְדָבוֹת גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד
אִין יֶענֶע טֶעג אִיז זִיא קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען,

אונד זייא האבען זיא געוואשען, אונד האבען זיא אין דער
38 אויבערשטוּב געלעגט: אונד וייל לוד איז נאהענט צו
יפו, אונד דיא תלמידים האבען געהערט אז פעטרוס איז
דארט, האבען זייא צו איהם געשיקט צוויא מענער, אונד
האבען איהם געבעטען אז ער זאל זיך ניט זוימען צו זייא
39 צו קומען: אונד פעטרוס איז אויפגעשטאנען אונד איז מיט
זייא געגאנגען. אונד ווען ער איז געקומען האבען זייא
איהם ארויפגעפיהרט אין דער אויבערשטוּב אונד אלע
אלמנות זענען בייא איהר געשטאנען אונד האבען געוויינט,
אונד האבען געוויזען דיא רעק אונד דיא קליידער וואס
40 דארקאס האט געמאכט ווען זיא וואר בייא זייא: אבער
פעטרוס האט אלע ארויסגעשיקט, אונד האט געקניעט
אונד געבעטען, אונד האט זיך געקעהרט צום מת, אונד
געזאגט, טביתא, שטעה אויף! אונד זיא האט דיא אויגען
אויפגעמאכט, אונד האט פעטרוס געזעהען, אונד זיא האט
41 זיך אויפגעזעצט: אונד ער האט איהר דיא האנד געגעבען
אונד האט זיא אויפגעשטעלט, אונד ער האט גערופען דיא
הייליגע אונד דיא אלמנות אונד האט זיא פאר זייא אגידער־
42 געשטעלט לעבעדיג: אונד דאס איז בעקאנט געווארען
אין גאנץ יפו. אונד פילע האבען געגלויבט אין דעם האר:
43 אונד ער האט געוואוינט א לאנגע צייט אין יפו בייא א
געוויסען שמעון א גארבער:

## קאפיטעל י

1 אונד אין קסרין וואר א מאן וואס האט געהייסען קרניליוס,
איין אויבערשטער פון דעם חיל וואס וואר גערופען דיא אי־
2 טאליענישע מחנה: דיזער וואר פרום אונד גאטספארכטיג
מיט זיין גאנצען הויזגעזינד, אונד האט פיל נדבות געגעבען
3 צו דיא לייט, אונד האט תמיד געבעטען צו גאט: אונד
האט בפירוש געזעהען אין איינע ערשיינונג אום דער
ניינטער שעה פון טאג, אז א מלאך פון גאט איז צו איהם
4 געקומען, אונד האט צו איהם געזאגט, קרניליוס! אונד ער
האט איהם אנגעזעהען אונד האט זיך דערשראקען אונד
האט געזאגט, וואס איז עס, האר? אונד ער האט צו איהם
געזאגט, דיינע תפילות אונד דיינע נדבות איז אויפגעגאנגען

5 פַֿאר אַ גֶעדֶעכְטְנִיס פָֿאר גָאט: אוּנְד אַצוּנְד שִׁיק לֵייט
6 קֵיין יָפוֹ, אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן, וָואס הֵייסְט פֶּעטְרוֹס: עֶר
שְׁטֶעהְט אֵיין בֵּייא אֵיינֶעם שִׁמְעוֹן דֶעם גַארְבֶּער, וָואס הָאט
אַ הוֹיז בֵּיים יַם, עֶר וֶועט דִיר זָאגֶען וָואס דוּא זָאלְסְט טְהוּן:
7 אוּנְד וֶוען דֶער מַלְאָךְ וָואס הָאט גֶערֶעט צוּ קָרְנִילְיוֹס אִיז
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי הָאט עֶר גֶערוּפֶען צְוֵוייא פוּן זֵיינֶע
קְנֶעכְט, אוּנְד אַ פְרוּמֶען זֶעלְנֶער פוּן דִיא וָואס וַוארֶען
8 מִיט אִיהְם: אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶעם דֶערְצֶעהְלְט, אוּנְד
הָאט זֵייא גֶעשִׁיקְט קֵיין יָפוֹ:
9 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וֶוען זֵייא וַוארֶען אוֹיף דֶעם
וֶועג, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען נָאהֶנְט צוּ דֶער שְׁטָאט, אִיז
פֶּעטְרוֹס אַרוֹיף גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם דַאךְ צוּ בֶּעטֶען, אוּם
10 דֶער זֶעקְסְטֶער שָׁעָה: אוּנְד עֶר אִיז זֶעהְר הוּנְגְרִיג גֶעוָוארֶען,
אוּנְד הָאט גֶעוָואלְט עֶפֶּעס עֶסֶען; אוּנְד וַוייל זֵייא הָאבֶּען
11 עֶס אָנְגֶעגְרֵייט, אַזוֹי אִיז עֶר עֶנְטְצִיקְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען דֶעם הִימֶעל אָפֶען, אוּנְד עֶס אִיז צוּ אִיהְם
אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אַ כֵּלִי אַזוֹיא וִויא אַ גְרוֹיס לֵיילֶעךְ, צוּגֶע־
בּוּנְדֶען בֵּייא דִיא פִיעֶר עֶקֶען, אוּנְד צוּ דֶער עֶרְד אַרוּפְּ־
12 גֶעלָאזְט: אוּנְד עֶס וַוארֶען דְרִינֶען אַלֶערְלֵייא פִיר־פִיסִיגֶע
חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד ווִילְדֶע חַיוֹת, אוּנְד גֶעוֶוערְם, אוּנְד
13 פֶעגֶעל פוּן הִימֶעל: אוּנְד אַ קוֹל אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען,
14 שְׁטֶעה אוֹיף פֶּעטְרוֹס, שֶׁעכְט אוּנְד עֶס: אוּנְד פֶּעטְרוֹס
הָאט גֶעזָאגְט, נִיט אַזוֹי, הַאר, וָוארִין אִיךְ הָאב קֵיינְמָאל
15 נִיט גֶעגֶעסֶען גֶעמֵיינֶעס אָדֶער אוּמְרֵיינֶעס: אוּנְד עֶס וַואר
ווִידֶער דָאס צְוֵוייטֶע מָאל אַ קוֹל צוּ אִיהְם, דָאס וָואס
16 גָאט הָאט גֶערֵיינִיגְט, מַאךְ דוּא נִיט גֶעמֵיין: אוּנְד דָאס
וַואר גֶעשֶׁעהֶען דְרֵייא מָאל. אוּנְד דָאס כֵּלִי וַואר ווִידֶער
17 אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין הִימֶעל אַרֵיין: אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוֹס הָאט
אִין זִיךְ גֶעטְרַאכְט וָואס דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג בֶּעדֵייט וָואס עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא לֵייט וָואס וַוארֶען
גֶעשִׁיקְט פוּן קָרְנִילְיוֹס אָנְגֶעפְרֶעגְט צוּם הוֹיז פוּן שִׁמְעוֹן
18 אוּנְד זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶער טִיר: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶערוּפֶען אוּנְד גֶעפְרֶעגְט אוֹיבּ שִׁמְעוֹן, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען
19 פֶּעטְרוֹס, שְׁטֶעהְט דָארְט אֵיין: אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוֹס הָאט זִיךְ

בֶּעדַאכְט װֶעגֶען דִיא עֶרְשַׁיינוּנְג, אַזוֹי הָאט דֶער גֵייסְט
צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דָא זֶענֶען דְרֵייא מֶענֶער וָואס זוּכֶען דִיךְ:
20 דְרוּם שְׁטֶעה אוֹיף, אוּנְד קוּם אַרוּפּ אוּנְד גֶעה מִיט זֵייא,
21 אוּנְד צְוַויפֶעל נִיט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ זֵייא גֶעשִׁיקְט: אוּנְד
פֶּעטְרוֹס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען צוּ דִיא לֵייט וָואס וַוארֶען
צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט פוּן קָרְנִילִיוֹס, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
בִּין דֶער װֶעמֶען אִיהְר זוּכְט; װֶעגֶען וָואס זֶענְט אִיהְר גֶע־
22 קוּמֶען? אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קָרְנִילִיוֹס, דֶער הוֹיפְּט־
מַאן, אַ גֶערֶעכְטֶער מַאן, אוּנְד אַ גָאטֶעסְפוּרְכְטִיגֶער, אוּנְד
וָואס הָאט אַ גוּטֶען שֵׁם בַּיים גַאנְצֶען יוּדִישֶׁען פָאלְק, וַואר
גֶעוָוארֶענְט פוּן גָאט דוּרְךְ אַ הֵיילִיגֶען מַלְאָךְ אַז עֶר זָאל
נָאךְ דִיר שִׁיקֶען, אִין זֵיין הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד זָאל הֶערֶען
23 דֵיינֶע רֵייד: אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אַרֵיינְגֶערוּפֶען אוּנְד הָאט
זֵייא גַאסְט פְרֵיינְדְשַׁאפְט בֶּעוִויזֶען, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען
טָאג אִיז פֶּעטְרוֹס מִיט זֵייא אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען; אוּנְד עֶטְלִיכֶע
פוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס וַוארֶען פוּן יָפוֹ זֶענֶען מִיט זֵייא
24 גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג זֶענֶען זֵייא אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען קֵיין קִסְרִין. אוּנְד קָרְנִילִיוֹס הָאט אוֹיף זֵייא גֶעהַארְט,
אוּנְד הָאט צוּזַאמֶען גֶערוּפֶען זֵיינֶע קְרוֹבִים אוּנְד פְרֵיינְד:
25 אוּנְד וִויא פֶּעטְרוֹס אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אַזוֹי אִיז אִיהְם קָרְנִילִיוֹס
אַנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז אִיהְם צוּ דִיא פִיס גֶעפַאלֶען
26 אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעבִּיקְט: אָבֶּער פֶּעטְרוֹס הָאט אִיהְם אוֹיפְ־
גֶעהוֹיבֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף, אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין
27 אוֹיךְ נָאר אַ מֶענְשׁ: אוּנְד וִויא עֶר הָאט מִיט אִיהְם גֶערֶעט
אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעפוּנֶען פִילֶע וָואס
28 זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר װֵייסְט אַז עֶס אִיז אָסוּר צוּ אַ יוּדִישֶׁען מַאן זִיךְ צוּ
בֶּעהֶעפְטֶען אָדֶער קוּמֶען צוּ אַ פְרֶעמְדֶען, אָבֶּער גָאט הָאט
מִיר גֶעוִויזֶען אַז אִיךְ זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט רוּפֶען גֶעמֵיין
29 אָדֶער אוּמְרֵיין: דָארוּם הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְמִיטֶען, אוּנְד בִּין
גֶעקוּמֶען װֶען אִיהְר הָאט נָאךְ מִיר גֶעשִׁיקְט; אַצוּנְד פְרֶעג
30 אִיךְ צוּ וָואס אִיהְר הָאט נָאךְ מִיר גֶעשִׁיקְט: אוּנְד קָרְנִילִיוֹס
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז שׁוֹין פוּן פִיר טֶעג בִּיז צוּ דִיזֶער
שָׁעָה דָאס אִיךְ פַאסְט, אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ אִין דֶער

נײַנְטֶער שָׁעָה גֶעבֶּעטֶען אִין מֵיין הויז, אַזוֹי אִיז אַ מַאן פָאר
31 מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אִין אַ שֵׁיינֶענְדִיג קְלֵייד: אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
קָרְנִילִיוֹס, דֵיין גֶעבֶּעט אִיז דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֵיינֶע
32 נְדָבוֹת זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּם אָנְדֶענְקֶען פָאר גָאט: דְרוּם
שִׁיק קֵיין יָפוֹ, אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן, וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען
פֶּעטְרוֹס, עֶר שְׁטֶעהְט אֵיין אִין דֶעם הויז פוּן שִׁמְעוֹן דֶעם
גַארְבֶּער בֵּיים יַם, (וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען וֶועט עֶר צוּ דִיר
33 רֶעדֶען): אַזוֹי הָאב אִיךְ בַּאלְד צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּנְד דוּא
הָאסְט רֶעכְט גֶעטְהוּן וָואס דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען; אוּנְד אֶצוּנְד
זֶענֶען מִיר אַלֶע דָא פָאר גָאט צוּ הֶערֶען אַלֶעס וָואס אִיז
דִיר בֶּעפוֹילֶען פוּן גָאט:
34 אוּנְד פֶּעטְרוֹס הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט זַיין מוֹיל אוּנְד גֶעזָאגְט,
אִיךְ זֶעה אִין דֶער וָואהְרְהֵייט אַז גָאט אִיז נִיט קֵיין נוֹשֵׂא
35 פָּנִים: נַייעֶרְט אִין אִיטְלִיכֶען פָאלְק דֶער וָואס פָארְכְט זִיךְ
פַאר אִיהְם אוּנְד טְהוּט גְרֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אִיז בַּייא אִיהְם אָנְ־
36 גֶענוּמֶען: אִיהְר וֵוייסְט וְואוֹיל דָאס וָוארְט וָואס גָאט הָאט
גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל, וֶוען עֶר הָאט מְבַשֵׂר גֶעוֶועזֶען
37 דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, (עֶר אִיז הַאר פוּן אַלֶעם): דָאס וָוארְט
וָואס וַואר אִין יְהוּדָה, אוּנְד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין גָלִיל, נָאךְ
38 דֶער טְבִילָה וָואס יוֹחָנָן הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט: וִויא גָאט הָאט
גֶעזַאלְבְּט יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד מִיט
מַאכְט, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט גוּטֶעס גֶע־
טְהוּן, אוּנְד הָאט גֶעהֵיילְט אַלֶע וָואס דֶער שָׂטָן הָאט אִיבֶּער
39 זַייא גֶעוֶועלְטִיגְט, וָוארִין גָאט וַואר מִיט אִיהְם: אוּנְד מִיר
זֶענֶען עֵדוּת אוֹיף אַלֶע זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אִין
דֶעם יוּדִישֶׁען לַאנְד, אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֶועלְכֶען זַייא הָא־
בֶּען אוּנְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעהָאנְגֶען אוֹיף אַ
40 הָאלְץ: דִיזֶען הָאט גָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם דְרִיטֶען טָאג,
41 אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט אַנְטפְּלֶעקְט וֶוערֶען: נִיט צוּם
גַאנְצֶען פָאלְק, נֵייעֶרְט צוּ עֵדוּת וָואס וַוארֶען פְרִיעֶר פוּן
גָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט צוּ אוּנְס, וָואס מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם
גֶעגֶעסֶען אוּנְד גֶעטְרוּנְקֶען נָאכְדֶעם וִויא עֶר אִיז פוּן דִיא
42 טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען: אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס בֶּעפוֹילֶען צוּ
פְּרֶעדִיגֶען צוּ דֶעם פָאלְק, אוּנְד צוּ בֶּעצֵייגֶען אַז דָאס אִיז

דֶער וָואס וַואר פוּן גָאט בֶּעשְׁטֶעלְט צוּם רִיכְטֶער פוּן דִיא
43 לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע: אוֹיף אִיהְם זָאגֶען אַלֶע
נְבִיאִים עֵדוּת: אַז אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם, וֶועט
דוּרְךְ זַיין נָאמֶען דֶערְהַאלְטֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען:
44 אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס הָאט נָאךְ גֶערֶעט דִיזֶע וֶוערְטֶער, אִיז
דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעפַאלֶען אוֹיף אַלֶע וָואס הָאבֶּען דָאס
45 וָוארְט גֶעהֶערְט: אוּנְד דִיא גְלוֹיבִּיגֶע פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג
וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט פֶּעטְרוּס הָאבֶּען זִיךְ פֶערְוְואוּנְ־
דֶערְט, ווייל דִיא מַתָּנָה פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וַואר אוֹיף
46 דִיא גוֹיִם אוֹיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען: וָוארִין זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט
47 רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד גָאט דֶערְהֵייכֶען: דַאן הָאט פֶּעטְרוּס
גֶעעֶנְטְפֶערְט, קֶען אֵיימֶעצֶער פֶערְבִּיטֶען דָאס וַואסֶער, אַז
דִיזֶע זָאלֶען נִיט גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען, וָואס הָאבֶּען בַּאקוּמֶען
48 דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אַזוֹי גוּט וִויא מִיר? אוּנְד עֶר הָאט בֶּע־
פוֹילֶען אַז זַייא זָאלֶען גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען אִין דֶעם נָאמֶען
פוּן דֶעם הַאר; דֶערְנָאךְ הָאבֶּען זַייא אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר
זָאל עֶטְלִיכֶע טֶעג בֵּייא זַייא בְּלֵייבֶּען:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד דִיא בְּרִידֶער וָואס וַוארֶען אִין
יְהוּדָה הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אוֹיךְ אָנְגֶענוּמֶען
2 דָאס וָוארְט פוּן גָאט: אוּנְד וֶוען פֶּעטְרוּס אִיז אַרוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע
3 מִיט אִיהְם גֶעקְרִיגְט: אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, דוּא בִּיסְט
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ דִיא לֵייט וָואס זֶענֶען עֲרֵלִים, אוּנְד הָאסְט
4 מִיט זַייא גֶעגֶעסֶען: אַזוֹי הָאט פֶּעטְרוּס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּנְד
5 הָאט זַייא דֶערְצֶעהְלְט כְּסֵדֶר אוּנְד גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין גֶע־
וֶועזֶען אִין דֶער שְׁטָאט יָפוֹ אוּנְד הָאבּ גֶעבֶּעטֶען; אוּנְד
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג אִין אֵיינֶע אַנְטְצִיקוּנְג,
אַז אַ גֶעפֶעס אִיז אַרוּפְּגֶעקוּמֶען וִויא אַ גְרוֹיס לֵיילֶעךְ,
אַרוּפְּגֶעלָאזְט פוּן הִימֶעל בֵּייא פִיר עֶקֶען, אוּנְד אִיז צוּ מִיר
6 גֶעקוּמֶען: אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ דְרוֹיף גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאבּ
עֶס בֶּעטְרַאכְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִיר־פִיסִיגֶע חַיּוֹת
פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד ווילְדֶע חַיּוֹת, אוּנְד גֶעוֶוערְם, אוּנְד דִיא
7 פֶעגֶעל פוּן הִימֶעל: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל וָואס

הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶּעטְרוּס, שְׁטֶעה אוֹיף, שֶׁעכְט אוּנְד
8 עֶס: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט נִיט אַזוֹי, הַאר, וָוארִין גָארְ־
נִיט וָואס אִיז גֶעמֵיין אוּנְד אוּמְרֵיין אִיז קֵיינְמָאל אִין מֵיין
9 מוֹיל אַרֵיינְגֶעקוּמֶען: אָבֶּער דָאס קוֹל הָאט מִיר דָאס
צְווֵייטֶע מָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט פוּן הִימֶעל, וָואס גָאט הָאט גֶע־
10 רֵיינִיגְט, מַאךְ דוּא נִיט גֶעמֵיין: אוּנְד דָאס וַואר גֶעשֶׁעהֶען
דְרֵייא מָאל; אוּנְד אַלֶע וַוארֶען ווִידֶער אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען
11 אִין הִימֶעל אַרֵיין: אוּנְד זֶעה, בַּאלְד דְרוֹיף זֶענֶען דְרֵייא
לֵייט גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם הוֹיז ווְאוּ אִיךְ וַואר, וָואס וַוא־
12 רֶען צוּ מִיר גֶעשִׁיקְט: אוּנְד דֶער גֵייסְט הָאט מִיר גֶעזָאגְט,
אַז אִיךְ זָאל מִיט זֵייא גֶעהְן אוּנְד זָאל נִיט צְווֵייפְלֶען; אוּנְד
דִיזֶע זֶעקְס בְּרִידֶער זֶענֶען אוֹיךְ מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
13 מִיר זֶענֶען אִין דֶעם מַאנְ׳ס הוֹיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען: אוּנְד עֶר
הָאט אוּנְס דֶערְצֶעהְלְט ווִיא עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַ מַלְאָךְ
שְׁטֶעהֶען אִין זֵיין הוֹיז אוּנְד זָאגֶען, שִׁיק מֶענְער קֵיין יָפוֹ,
14 אוּנְד רוּף שִׁמְעוֹן וָואס וֶוערְט גֶערוּפֶען פֶּעטְרוּס: עֶר וֶועט
צוּ דִיר רֶעדֶען וֶוערְטֶער, דוּרְךְ וֶועלְכֶע דוּא אוּנְד דֵיין
15 גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד וֶועלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: אוּנְד ווִיא אִיךְ
הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ רֶעדֶען, אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוֹיף
16 זֵייא גֶעפַאלֶען, אַזוֹי ווִיא אוֹיף אוּנְס אִים אָנְהֵייבּ: אַזוֹי הָאבּ
אִיךְ גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, ווִיא עֶר הָאט
גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבֶלְט מִיט וַואסֶער, אָבֶּער אִיהְר
17 וֶועט גֶעטוֹבֶלְט וֶוערֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: דְרוּם וֶוען
גָאט הָאט זֵייא אַ גְלֵייכֶע מַתָּנָה גֶעגֶעבֶּען מִיט אוּנְס וָואס
הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וֶוער בִּין
18 אִיךְ אַז אִיךְ זָאל קֶענֶען גָאט פַארְוֶוערֶען: ווִיא זֵייא הָאבֶּען
דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען, אוּנְד גָאט
גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאט גָאט צוּ דִיא גוֹיִם אוֹיךְ
גֶעגֶעבֶּען תְּשׁוּבָה צוּם לֶעבֶּען:
19 אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען צוּשְׁפְּרֵייט דוּרְךְ דֶער פֶּערְפָאלְגוּנְג
וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען קֶעגֶען סְטֶעפַאנוּס, זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
בִּיז קֵיין פִינוּקְיָא אוּנְד קַפְּרוֹס אוּנְד אַנְטְיוֹכְיָא, אוּנְד הָאבֶּען
דָאס וָוארְט צוּ קֵיינֶעם גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוֹיסֶער צוּ דִיא יוּדֶען
20 אַלֵיין: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא וַוארֶען מֶענֶער פוּן קַפְּרוֹס

אוּנְד קוּרִינִי, וָואס זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּנְד
הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט דִיא גְרִיכִישֶׁע לֵייט, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
21 פְּרֶעדִיגְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ: אוּנְד דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר
וַואר מִיט זֵייא, אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע צָאל הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט,
22 אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם הַאר: וֶוען דֶער בֶּערִיכְט
וֶועגֶען זֵייא אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִיא אוֹירֶען פוּן דֶער קְהִלָּה
אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען זֵייא אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בַּר־נַבָּא עֶר זָאל
23 גֶעהְן בִּיז קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט גֶעזֶעהֶען דִיא גְנָאד פוּן גָאט, הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֵייט;
אוּנְד עֶר הָאט זֵייא אַלֶע מַזְהִיר גֶעוֶועזֶען אַז זֵייא זָאלֶען
24 בְּלֵייבֶּען בֵּייא דֶעם הַאר מִיט אַ פֶעסְטֶען הַארְץ: וָוארִין
עֶר וַואר אַ גוּטֶער מַאן, אוּנְד פוּל מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ
אוּנְד מִיט גְלוֹיבֶּען, אוּנְד פִיל לֵייט זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ
25 דֶעם הַאר: אוּנְד בַּר־נַבָּא אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין תַּרְשִׁישׁ,
26 עֶר זָאל שָׁאוּל אוֹיפְזוּכֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶע־
פוּנֶען, הָאט עֶר אִיהְם גֶעבְּרַאכְט קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ אַ גַאנְץ יָאהְר פֶערְזַאמֶעלְט מִיט דֶער קְהִלָּה,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעהְרְט פִילֶע לֵייט, אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים וַוא־
27 רֶען צוּ עֶרְשְׁט גֶערוּפֶען קְרִיסְטֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא: אוּנְד אִין
דִיזֶע טֶעג זֶענֶען נְבִיאִים אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם קֵיין
28 אַנְטִיוֹכְיָא: אוּנְד אֵיינֶער פוּן זֵייא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַגָבוֹס,
אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אַז
עֶס וֶועט זַיין גְרוֹיס הוּנְגֶער אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַזוֹי
וִויא עֶס וַואר אִין דֶער צֵייט פוּן דֶעם קֵייזֶער קְלוֹדִיוּס:
29 אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִיא תַּלְמִידִים פָארְגֶענוּמֶען, אַז זֵייא זָאלֶען
שִׁיקֶען אִיטְלִיכֶער נָאךְ זַיין פֶערְמֶעגֶען אַ הִילְף צוּ דִיא
30 בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען גֶעוְואוֹינְט אִין יְהוּדָה: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אוֹיךְ אַזוֹי גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאבֶּען עֶס גֶעשִׁיקְט צוּ דִיא
זְקֵנִים דוּרְךְ בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל:

## קאפיטעל יב

1 אִין יֶענֶע צֵייט הָאט הוֹרְדוֹס הַמֶּלֶךְ דִיא הֶענְד גֶעלֶעגְט אוֹיף
2 עֶטְלִיכֶע פוּן דֶער קְהִלָּה זֵייא שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן: אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהַרְגֶעט יַעֲקֹב דֶעם בְּרוּדֶער פוּן יוֹחָנָן, מִיט דֶעם
3 שְׁוֶוערְד: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דָאס אִיז דִיא

יוּדֶען גֶעפֶעלֶען, אַזוֹי הָאט עֶר פֶּעטְרוּס אוֹיךְ גֶענוּמֶען;
4 אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא טֶעג פוּן חַג הַמַּצּוֹת: אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען, הָאט עֶר אִיהְם אִין גֶעפֶענְגְנִיס אֵיינְ־
גֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט אִיהְם אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ פִיעֶר אָפִיצִירֶען
אָבְטֵיילוּנְג, זֵייא זָאלֶען אִיהְם הִיטֶען, אוּנְד הָאט גֶעדַאכְט עֶר
5 זָאל אִיהְם נָאךְ פֶּסַח פָאר דֶעם פָאלְק פָארְשְׁטֶעלֶען: אַזוֹי
וַואר דְרוּם פֶּעטְרוּס גֶעהַאלְטֶען אִים גֶעפֶענְגְנִיס, אוּנְד דִיא
6 קְהִלָּה הָאט עֶרְנְסְט גֶעבֶּעטֶען צוּ גָאט פַאר אִיהְם: אוּנְד
וֶוען הוֹרְדוֹס הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט אַרוֹיסְפִיהְרֶען, הָאט פֶּעטְרוּס
אִין דֶער זֶעלְבֶּער נַאכְט גֶעשְׁלָאפֶען צְוִוישֶׁען צְוֵוייא זֶעלְ־
נֶער, גֶעבּוּנְדֶען מִיט צְוֵוייא קֶעטֶען: אוּנְד וֶועכְטֶער הָאבֶּען
7 גֶעהִיט דָאס גֶעפֶענְגְנִיס בֶּייא דֶער טִיר: אוּנְד זֶעה, אַ מַלְאָךְ
פוּן דֶעם הַאר אִיז צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד אַ לִיכְט הָאט
גֶעשֵׁיינְט אִים צִימֶער; אוּנְד עֶר הָאט פֶּעטְרוּס גֶעשְׁלָאגֶען אָן
דֶער זֵייט, אוּנְד הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, אוּנְד גֶעזָאגְט,
שְׁטֶעה גֶעשְׁוִוינְד אוֹיף. אוּנְד דִיא קֶעטֶען זֶענֶען פוּן זֵיינֶע
8 הֶענְד אַרוּפְגֶעפַאלֶען: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶע־
זָאגְט, גַארְטֶעל דִיךְ אַרוּם, אוּנְד בִּינְד אָן דֵיינֶע שִׁיךְ, אוּנְד
עֶר הָאט אַזוֹי גֶעטְהוּן; אוּנְד עֶר הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
9 טְהוּא אָן דֵיין מַאנְטֶעל, אוּנְד פָאלְג מִיר נָאךְ: אַזוֹי אִיז
עֶר אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט אִיהְם נָאכְגֶעפָאלְגְט; אוּנְד
עֶר הָאט נִיט גֶעוְואוּסְט אַז דָאס אִיז אִין אֱמֶת׳ן גֶעשֶׁעהֶען
דוּרְךְ דֶעם מַלְאָךְ, נֵייעֶרְט עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז עֶר הָאט
10 גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען פַארְבֵּייא־
גֶעגַאנְגֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע אוּנְד דִיא צְוֵוייטֶע וַואךְ, זֶענֶען
זֵייא גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם אֵייזֶערְנֶעם טוֹיעֶר וָואס פִיהְרְט
אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיין, וָואס הָאט זִיךְ פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ
זֵייא אוֹיפְגֶעמַאכְט; אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אוּנְד
זֶענֶען דוּרְךְ אֵיינֶע גַאס פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען; אוּנְד דֶער
11 מַלְאָךְ אִיז בַּאלְד פוּן אִיהְם אַוֶועק: אוּנְד וִויא פֶּעטְרוּס אִיז
צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַצוּנְד וֵויים אִיךְ בֶּאֱמֶת
אַז דֶער הַאר הָאט גֶעשִׁיקְט זֵיין מַלְאָךְ, אוּנְד הָאט מִיךְ גֶע־
רֶעטֶעט פוּן דִיא הֶענְד פוּן הוֹרְדוֹס אוּנְד פוּן דִיא גַאנְצֶע עֶרְ־
12 וַוארְטוּנְג פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ

בֶּעדַאכְט אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּ דֶעם הויז פוּן מִרְיָם דִיא מוּטֶער
פוּן יוֹחָנָן. וֶועלְכֶער וַואר גֶערוּפֶען מַרְקוּס, וְואוּ פִילֶע וַוארֶען
13 צוּזַאמֶען פֶערְזַאמֶעלְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען: אוּנְד וֶוען
פֶּעטְרוּס הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין דֶער טְהִיר פוּן דֶעם טוֹיעֶר, אִיז
אַ מֶעדֶעל גֶעקוּמֶען צוּ הָארְכֶען, וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען רוֹדָה:
14 אוּנְד וִויא זִיא הָאט דֶערְקֶענְט דָאס קוֹל פוּן פֶּעטְרוּס, אַזוֹי
הָאט זִיא פַאר פְרַייד דָאס טוֹיעֶר נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט, אוּנְד
אִיז אַרֵיינְגֶעלָאפֶען אוּנְד הָאט דֶערְצֶעהְלְט אַז פֶּעטְרוּס
15 שְׁטֶעהְט בַּייא דֶעם טוֹיעֶר: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען צוּ אִיהְר גֶע־
זָאגְט, דוּא בִּיסְט מְשׁוּגַע, אָבֶּער זִיא אִיז דְרוֹיף בֶּעשְׁטַאנֶען
אַז עֶס אִיז אַזוֹי. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס אִיז זַיין
16 מַלְאָךְ: אָבֶּער פֶּעטְרוּס הָאט וֵוייטֶער אָנְגֶעקְלַאפְּט; אוּנְד
וֶוען זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעזֶעהֶען,
17 זֶענֶען זֵייא עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארֶען: אָבֶּער עֶר הָאט צוּ זֵייא
גֶעווִינְקֶען מִיט דֶער הַאנְד זֵייא זָאלֶען שְׁטִיל שְׁווַייגֶען,
אוּנְד הָאט זֵייא דֶערְצֶעהְלְט וִויא דֶער הַאר הָאט אִיהְם
אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִיס; אוּנְד עֶר הָאט גֶע־
זָאגְט, דֶערְצֶעהְלְט דָאס צוּ יַעֲקֹב אוּנְד צוּ דִיא בְּרִידֶער;
אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז צוּ אַיין אַנְדֶערְן
18 אָרְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען,
אִיז אַ גְרוֹיס גֶעשְׁרֶעק גֶעוֶועזֶען צְווִישֶׁען דִיא זֶעלְנֶער
19 אִיבֶּער וָואס אִיז פוּן פֶּעטְרוּס גֶעוָוארֶען: אוּנְד וֶוען הוֹרְדוֹס
הָאט אִיהְם גֶעזוּכְט אוּנְד הָאט אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען, אַזוֹי
הָאט עֶר פַארְהֶערְט דִיא וֶועכְטֶער, אוּנְד הָאט זֵייא גֶע־
הֵייסֶען אַרוֹיסְפִיהְרֶען אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען; אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפּ־
גֶעגַאנְגֶען פוּן יְהוּדָה קֵיין קִיסְרִין אוּנְד הָאט דָארְטֶען
גֶעווָאוֹינְט:
20 אוּנְד הוֹרְדוֹס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין כַּעַס אִיבֶּער דִיא לֵייט פוּן
צוֹר אוּנְד צִידוֹן; אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְאַיינִיגְט צוּ אִיהְם
גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶערֶעדְט בְּלַאסְטוּס, דֶער קַא־
מֶער דִינֶער פוּן דֶעם קֶענִיג, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אוּם
פְרִידֶען; וָוארִין זֵייעֶר לַאנְד הָאט זִיךְ דֶערְנֶעהְרְט פוּן דֶעם
21 קֶענִיגְס לַאנְד: אוּנְד אוֹיף אַ גֶעזֶעצְטֶען טָאג הָאט הוֹרְדוֹס
גֶעקְלֵיידֶעט אִין קֶענִיגְלִיכֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיז גֶעזֶעסֶען

אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּל, אוּנְד הָאט צוּ זֵייא אַ רֶעדֶע
22 גֶעהַאלְטֶען: אוּנְד דָאס פָאלְק הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען, דָאס
23 אִיז דָאס קוֹל פוּן אַ גָאט אוּנְד נִיט פוּן אַ מֶענְשׁ: אַזוֹי
הָאט אִיהְם בַּאלְד אַ מַלְאָךְ פוּן דֶעם הַאר גֶעשְׁלָאגֶען, וֵוייל
עֶר הָאט נִיט גֶעגֶעבֶּען דֶעם כָּבוֹד צוּ גָאט, אוּנְד עֶר אִיז
פוּן דִיא וֶוערֶעם גֶעפְרֶעסֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז גֶע־
שְׁטָארְבֶּען:
24 אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז גֶעוַואקְסֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ
25 גֶעמֶעהְרְט: אוּנְד בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל הָאבֶּען זִיךְ אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט פוּן יְרוּשָׁלַיִם, וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט זֵייעֶר
דִינְסְט אוּנְד הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען יוֹחָנָן וֶועלְכֶער וַואר
גֶערוּפֶען מַארְקוּס:

## קאפיטעל יג

1 אוּנְד אִין דֶער קְהִלָּה וַוארֶען פוּן אַנְטְיוֹכְיָא עֶטְלִיכֶע נְבִיאִים
אוּנְד לֶעהְרֶער, בַּר־נַבָּא אוּנְד שִׁמְעוֹן וָואס וַואר גֶערוּפֶען
נִיגַר, אוּנְד לוּקְיוֹס פוּן קוּרִינִי, אוּנְד מְנַחֵם וָואס וַואר דֶערְ־
2 צוֹיגֶען בֵּייא הוֹרְדוֹס דֶעם פִירְפִירְשְׁט, אוּנְד שָׁאוּל: אוּנְד
בְּשַׁעַת זֵייא הָאבֶּען גֶעדִינְט דֶעם הַאר אוּנְד גֶעפַאסְט, הָאט
דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעזָאגְט, זוּנְדֶערְט מִיר אָפּ בַּר־נַבָּא אוּנְד
שָׁאוּל צוּ דֶעם וֶוערְק צוּ וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ זֵייא בֶּערוּפֶען:
3 דַאן הָאבֶּען זֵייא גֶעפַאסְט אוּנְד גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאבֶּען דִיא
הֶענְד אוֹיף זֵייא גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:
4 אוּנְד וְוִיא זֵייא וַוארֶען אוֹיסְגֶעשִׁיקְט בֵּייא דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ,
זֶענֶען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין סְלוּקְיָא, אוּנְד פוּן דָארְט
5 הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין קַפְרוֹס: אוּנְד וֶוען זֵייא
וַוארֶען אִין סְלָמִים, הָאבֶּען זֵייא גֶעפְרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט
פוּן גָאט אִין דִיא שׁוּלֶען פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
6 אוֹיךְ גֶעהַאט יוֹחָנָן פַאר זֵייעֶר דִינֶער: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶע־
נֶען דִיא גַאנְצֶע אִינְזֶעל דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען בִּיז פָּפוֹס, הָאבֶּען זֵייא
גֶעפוּנֶען אַ יְהוּדִי, אַ כִּשׁוּף מַאכֶער אוּנְד פַאלְשֶׁער נָבִיא, וָואס
7 הָאט גֶעהֵייסֶען בַּר־יֵשׁוּעַ: אוּנְד עֶר וַואר מִיט סַרְגִיוֹס
פּוֹלוֹס דֶעם דֶעפּוּטִירְטֶען פוּן דֶעם לַאנְד, וָואס וַואר אַ פַארְ־
שְׁטֶענְדִיגֶער מַאן, דִיזֶער הָאט גֶערוּפֶען בַּר־נַבָּא אוּנְד שָׁאוּל,
אוּנְד הָאט בַּאגֶעהְרְט צוּ הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט:

8 אָבֶּער דֶער כִּשׁוּף מַאכֶער אוּלִימַאס (וָוארִין דָאס אִיז זַיין
נָאמֶען פַארְטֵייטְשְׁט), הָאט זַייא וִוידֶערְשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאט
גֶעזוּכְט דֶעם פִּירְפִּירְשְׁט (קֵייזֶערְלִיכֶען שְׁטֶעלְפֶּערְ־
9 טְרֶעטֶער) פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אָפְּצוּוֶוענְדֶען: אָבֶּער שָׁאוּל,
וָואס וַואר אוֹיךְ גֶערוּפֶען פּוֹלוֹס, וַואר פוּל מִיט דֶעם
10 רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אוּנְד הָאט אִיהְם שַׁארְף אָנְגֶעזֶעהֶען: אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, אָ דוּא, וָואס בִּיסְט פוּל מִיט אַלֶער
לִיסְט אוּנְד אַלֶער פַאלְשְׁהֵייט, דוּא זוּהְן פוּן דֶעם שָׂטָן, דוּא
פֵיינְד פוּן אַלֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, ווִילְסְט דוּא נִיט אוֹיפְהֶע־
רֶען צוּ פַארְקֶעהְרֶען דִיא רֶעכְטֶע וֶועגֶען פוּן דֶעם הַאר?
11 אוּנְד נוּן אִיז דִיא הַאנְד פוּן דֶעם הַאר אִיבֶּער דִיר, אוּנְד
דוּא וֶועסְט בְּלִינְד זַיין אוּנְד וֶועסְט נִיט זֶעהֶען דִיא זוּן פַאר
אַ צֵייט; אוּנְד עֶס אִיז בַּאלְד אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען אַ נֶע־
בֶּעל אוּנְד אַ פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד הָאט גֶעזוּכְט לֵייט וָואס זָאלֶען אִיהְם בֵּייא דֶער הַאנְד
12 פִיהְרֶען: דֶערְנָאךְ, ווִיא דֶער פִּירְפִּירְשְׁט הָאט גֶעזֶעהֶען וָואס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען, הָאט עֶר גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ פַארְ־
וְוואוּנְדֶערְט אִיבֶּער דִיא לֶעהְרֶע פוּן דֶעם הַאר:
13 וֶוען פּוֹלוֹס אוּנְד דִיא וָואס וַוארֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען זִיךְ
אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט פוּן פָּפוֹס, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען קֵיין פַּארְגִי
אִין פַּמְפוּלְיָא; אוּנְד יוֹחָנָן הָאט זִיךְ פוּן זַייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט
14 אוּנְד אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד זַייא זֶענֶען
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן פַּרְגִי אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטְ־
יוֹכְיָא אִין פִּיסִידְיָא, אוּנְד אַם שַׁבָּת זֶענֶען זַייא אִין שׁוּל
15 אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט: אוּנְד
נָאךְ דֶעם לֵיינֶען פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנְד דִיא נְבִיאִים, הָאבֶּען
דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שׁוּל צוּ זַייא גֶעשִׁיקְט אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, אִיהְר בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר הָאט אַ וָוארְט פוּן
16 טְרֵייסְט צוּם פָאלְק, זָאגְט: אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען
אוּנְד הָאט גֶעווִינְקְט מִיט דֶער הַאנְד, אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר
מֶענֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אוּנְד אִיהְר וָואס פָארְכְט אֵייךְ פַאר
17 גָאט, הָארְכְט צוּ: דֶער גָאט פוּן דִיזֶען פָאלְק יִשְׂרָאֵל הָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט דֶערְהוֹיבֶּען
דָאס פָאלְק וֶוען זַייא וַוארֶען פְרֶעמְדֶע אִין דֶעם לַאנְד

מִצְרַיִם, אוּנְד עֶר הָאט זֵייא פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט מִיט
18 אַ הוֹיכֶען אָרֶעם: אוּנְד עֶר הָאט מִיט זֵייא גֶעלִיטֶען פִירְ־
19 צִיג יָאהְר אִין דֶער מִדְבָּר: אוּנְד עֶר הָאט פֶערְטִילִיגְט
זִיבֶּען פֶעלְקֶער אִים לַאנְד כְּנַעַן, אוּנְד הָאט צְווִישֶׁען זֵייא
20 צוּטֵיילְט זֵייעֶר לַאנְד: אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זֵייא גֶעגֶעבֶּען
רִיכְטֶער, דוּרְךְ אַ צֵייט פוּן פִיעֶר הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיפְצִיג
21 יָאהְר, בִּיז שְׁמוּאֵל הַנָבִיא: פוּן דֶענְסְמָאל אָן הָאבֶּען
זֵייא גֶעבֶּעטֶען אוּם אַ קֶענִיג, אוּנְד גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען
פַאר־פִירְצִיג יָאהְר שָׁאוּל, דֶעם זוּהְן פוּן קִישׁ, אַ מַאן אוּים
22 דֶעם שֵׁבֶט בִּנְיָמִין: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דִיזֶען אָפְּגֶעזֶעצְט,
הָאט עֶר צוּ זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דָוִד צוּם קֶענִיג, פוּן דֶעם
עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּעצֵייגְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ גֶעפוּנֶען
דָוִד, דֶעם זוּהְן פוּן יִשַׁי, אַ מַאן נָאךְ מֵיין הַארְץ, וָואס
23 וֶועט טְהוּן מֵיין גַאנְצֶען ווִילֶען: פוּן זֵיין זָאמֶען הָאט גָאט
אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט יֵשׁוּעַ, אַ הֶעלְפֶער צוּ יִשְׂרָאֵל, אַזוֹי ווִיא עֶר
24 הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען: אוּנְד יוֹחָנָן הָאט פְרִיהֶער גֶעפְּרֶעדִיגְט
דִיא טְבִילָה פוּן תְּשׁוּבָה צוּם גַאנְצֶען פָאלְק פָאר זֵיין קוּ־
25 מֶען: אָבֶּער וֶוען יוֹחָנָן הָאט זֵיין לוֹיף דֶערְפִילְט, הָאט עֶר
גֶעזָאגְט, וֶוער דֶענְקְט אִיהְר אַז אִיךְ בִּין? אִיךְ בִּין נִיט
דִיזֶער; נֵייעֶרְט עֶס קוּמְט אֵיינֶער נָאךְ מִיר, וָואס אִיךְ בִּין
26 נִיט וֶוערְט דִיא שִׁיךְ פוּן זֵיינֶע פִים אוֹיפְצוּבִּינְדֶען: מֶענֶער
אוּנְד בְּרִידֶער, קִינְדֶער פוּן דֶער מִשְׁפָּחָה פוּן אַבְרָהָם,
אוּנְד דִיא וָואס פָארְכְטֶען זִיךְ פָאר גָאט צְווִישֶׁען אֵייךְ,
צוּ אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דִיזֶער יְשׁוּעָה גֶעשִׁיקְט:
27 וָוארִין דִיא וָואס ווְאוֹינֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד זֵייעֶרֶע עֶלְצְטֶע,
ווֵייל זֵייא הָאבֶּען אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט אוּנְד אוֹיךְ נִיט דָאס
קוֹל פוּן דִיא נְבִיאִים וָואס וֶוערֶען גֶעלֵיינְט אַלֶע שַׁבָּת,
אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא דָאס זֶעלְבִּיגֶע דֶערְפִילְט וֶוען זֵייא הָאבֶּען
28 אִיהְם פֶערְשׁוּלְדִיגְט: אוּנְד חָאטְשֶׁע זֵייא הָאבֶּען קֵיינֶע שׁוּלְד
פוּן טוֹיט אִין אִיהְם נִיט גֶעפוּנֶען, הָאבֶּען זֵייא דָאךְ פִּילָטוּס
29 גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל אִיהְם הַרְגֶענֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען
גֶעעֶנְדִיגְט אַלֶעס וָואס אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעשְׁרִיבֶּען, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא אִיהְם אַרוּפְּגֶענוּמֶען פוּן דֶעם קְרֵייץ אוּנְד
30 הָאבֶּען אִיהְם אִין קֶבֶר אַרֵיין גֶעלֶעגְט: אָבֶּער גָאט הָאט

31 אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע: אוּנְד עֶר הָאט
זִיךְ גֶעוִויזֶען דוּרְךְ פִילֶע טֶעג צוּ דִיא וָואס זֶענֶען מִיט
אִיהְם אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן גָלִיל קֵיין יְרוּשָׁלַיִם; וָועלְכֶע זֶע־
32 נֶען אַצוּנְד זַיינֶע עֵדוּת צוּם פָאלְק: אוּנְד מִיר בְּרֶענְגֶען אֵייךְ
דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה פוּן דִיא הַבְטָחָה וָואס וַואר גֶעגֶעבֶּען צוּ
33 אוּנְזֶערֶע אָבוֹת: אַז גָאט הָאט דָאס דֶערְפִילְט צוּ אוּנְס
זַיירֶע קִינְדֶער וֶוען עֶר הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט; אַזוֹי וִויא
עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִים צְווייטֶען מִזְמוֹר פוּן תְּהִלִּים,
„דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הַיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען“:
34 אוּנְד אַז עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע אַז
עֶר זָאל נִיט ווִידֶער צוּרִיקְקֶעהְרֶען צוּם פֶארְדַארְבְּנִיס,
הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט,
„אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען דִיא הֵיילִיגֶע גֶעטְרַייעֶ חֲסָדִים
פוּן דָוִד“:
35 דְרוּם זָאגְט עֶר אוֹיךְ אוֹיף אֵיין אַנְדֶערְן אָרְט,
„דוּא וֶועסְט נִיט צוּלָאזֶען דֵיין הֵיילִיגֶער זָאל זֶעהֶען
פַארְדַארְבְּנִיס“:
36 וָוארִין דָוִד, וֶוען עֶר הָאט גֶעדִינְט צוּ זַיינֶע צֵייט דֶעם ווִילֶען
פוּן גָאט, אִיז עֶר אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיז גֶעלֶעגְט
גֶעוָוארֶען צוּ זַיינֶע אָבוֹת, אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען פַארְדַארְבְּנִיס:
37 אָבֶער דֶער וָואס גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט, הָאט נִיט
38 גֶעזֶעהֶען קֵיינֶע פַארְדַארְבְּנִיס: דְרוּם זָאלְט אִיהְר ווִיסֶען,
מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אַז דוּרְךְ דִיזֶען אִיז צוּ אֵייךְ גֶע־
39 פְּרֶעדִיגְט דִיא פַארְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְדֶען: אוּנְד אִיטְלִיכֶער
וָואס גְלוֹיבְּט אִיז דוּרְךְ אִיהְם גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן אַלֶעם
וָואס אִיהְר הָאט נִיט גֶעקֶענְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערֶען
40 דוּרְךְ תּוֹרַת מֹשֶׁה: דְרוּם הִיט אֵייךְ אַז עֶס זָאל נִיט אוֹיף
אֵייךְ קוּמֶען וָואס אִיז גֶעזָאגְט אִין דִיא נְבִיאִים:
41 „זֶעהְט אִיהְר פֶערְאַכְטֶער, אוּנְד וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ, אוּנְד
וֶוערְט פַארְשְׁווִינְדֶען, וָוארִין אִיךְ טְהוּא וֶוערְקֶען אַ וֶוערְק
אִין אֵיירֶע צֵייטֶען, אַ וֶוערְק וָואס אִיהְר וֶועט נִיט גְלוֹי־
בֶּען וֶוען אֵיינֶער וָואלְט עֶס אֵייךְ דֶערְצֶעהְלֶען“:
42 אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען דִיזֶע וֶוערְטֶער צוּ

43 זַייא נָאךְ אַמָאל זָאגֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען שַׁבָּת: אוּנְד
וֶוען עֶס וַואר נָאךְ שׁוּלְצַייט, אַזוֹי הָאבֶּען פִילֶע פוּן דִיא
יוּדֶען אוּנְד פוּן דִיא פְרוּמֶע גֵרִים נָאכְגֶעפָאלְגְט פּוֹלוֹס אוּנְד
בַּר־נַבָּא, וֶועלְכֶע הָאבֶּען צוּ זֵייא גֶערֶעט, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא
אָנְגֶעזָאגְט זֵייא זָאלֶען בְּלֵייבֶּען אִין דֶער גְנָאד פוּן גָאט:
44 אוּנְד אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן שַׁבָּת אִיז כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט
צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען, זֵייא זָאלֶען הֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט:
45 אוּנְד וִויא דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דָאס פָאלְק, אַזוֹי
וַוארֶען זֵייא דֶערְפִילְט מִיט קִנְאָה, אוּנְד הָאבֶּען וִוידֶערְגֶע־
שְׁפְּרָאכֶען דָאס וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט (אוּנְד הָאבֶּען
46 אַנְטְקֶעגֶען גֶערֶעט) אוּנְד גֶעלֶעסְטֶערְט: אָבֶּער פּוֹלוֹס אוּנְד
בַּר־נַבָּא הָאבֶּען עֶפֶענְטְלִיךְ אוּנְד מוּטְהִיג גֶעזָאגְט, עֶס וַואר
נֶעטִיג אַז דָאס וָוארְט פוּן גָאט זָאל צוּעֶרְשְׁט צוּ אֵייךְ גֶע־
רֶעט וֶוערֶען, אָבֶּער וֶוען אִיהְר פֶערְוַוארְפְט עֶס אוּנְד הַאלְט
אֵייךְ נִיט וֶוערְט דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען, אַזוֹי קֶערֶען מִיר זִיךְ
47 צוּ דִיא גוֹיִם: וָוארִין דֶער הַאר הָאט אוּנְס אַזוֹי בֶּעפוֹילֶען
זָאגֶענְדִיג,
„אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעזֶעצְט פַאר אַ לִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקֶער,
אַז דוּא זָאלְסְט זֵיין אַ יְשׁוּעָה בִּיז צוּ דֶעם עֶק פוּן דֶער
וֶועלְט“:
48 אוּנְד וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
גֶעפְרֵייט, אוּנְד הָאבֶּען פֶערְהֶערְלִיכְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר; אוּנְד אַלֶע דִיא וָואס וַוארֶען בֶּעשְׁטִימְט צוּם עֶבִּיגֶען
49 לֶעבֶּען הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט: אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
50 וַואר פֶערְבְּרֵייטֶעט אִין דֶער גַאנְצֶער גֶעגֶענְד: אָבֶּער דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִיא פְרוּמֶע אוּנְד אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע
ווייבֶּער אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
גֶעבְּרַאכְט אַ פֶערְפָאלְגוּנְג קֶעגֶען פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־נַבָּא, אוּנְד
51 זֵייא הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן זֵיירֶע גֶעגֶענְד: אַזוֹי
הָאבֶּען זֵייא קֶעגֶען זֵייא אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט דֶעם שְׁטוֹיבּ פוּן זֵיירֶע
52 פִיס, אוּנְד זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיקָנְיוֹן: אוּנְד דִיא תַּלְמִידִים
וַוארֶען דֶערְפִילְט מִיט פְרֵייד אוּנְד מִיט דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ:

קאפיטעל יד

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אִין אִיקָנְיוֹן זֶענֶען זֵייא צוּזַאמֶען

גֶעקוּמֶען אִין דֶער יוּדִישֶׁער שוּל, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַזוֹי
גֶערֶעט אַז אַ גְרוֹיס פָּאלְק פוּן דִיא יוּדֶען אוּנְד גְרִיכֶען
2 הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט: אָבֶּער דִיא יוּדֶען וָואס הָאבֶּען נִיט צוּ־
גֶעהָארְכְט הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהֶעצְט דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא
3 בֵּייז גֶעמַאכְט קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער: אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְ־
טֶען גֶעבְּלִיבֶּען אַ לַאנְגֶע צֵייט, אוּנְד הָאבֶּען עֶפֶענְטְלִיךְ
גֶערֶעט אִין (בִּטָחוֹן אוֹיף) דֶעם הַאר, וָואס הָאט
בֶּעצֵייגְט צוּם וָוארְט פוּן זֵיינֶע גְנָאד, אוּנְד הָאט גֶעלָאזְט
4 צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ זֵיירֶע הֶענְד: אוּנְד
דָאס פָּאלְק פוּן דֶער שְׁטָאט וַואר צוּטֵיילְט, אֵיין טֵייל וַואר
5 מִיט דִיא יוּדֶען אוּנְד אֵיין טֵייל מִיט דִיא אַפָּאסְטֶעל: אוּנְד
וֶוען דִיא גוֹיִם אוּנְד דִיא יוּדֶען מִיט זֵיירֶע עֶלְצְטֶע הָאבֶּען
גֶעשְׁטוּרֶעמְט אַז מֶען זָאל זֵייא שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדְלֶען, אוּנְד
6 זָאלֶען זֵייא שְׁטֵיינִיגֶען: אוּנְד זֵייא זֶענֶען דֶערְפוּן גֶעוָואר
גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען קֵיין לוּסְטְרָא אוּנְד דַרְבִּי,
דִיא שְׁטֶעט פוּן לוּקוֹנְיָא, אוּנְד צוּ דֶער גֶעגֶענְד אַרוּם:
7 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דָארְטֶען גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה:
8 אִין לוּסְטְרָא אִיז אַ מַאן גֶעזֶעסֶען וָואס וַואר שְׁוַואךְ אוֹיף
דִיא פִּיס, אוּנְד עֶר וַואר לָאם פוּן זֵיין מוּטֶערְס לֵייבּ, אוּנְד
9 אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען: דִיזֶער הָאט גֶעהֶערְט
פּוֹלוֹס רֶעדֶען, אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם שַׁארְף אָנְגֶעקוּקְט,
אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז עֶר הָאט גְלוֹיבֶּען גֶעהָאלְפֶען צוּ
10 וֶוערֶען: אַזוֹי הָאט עֶר מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה
אוֹיף דַיינֶע פִּיס. אוּנְד עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנְד אִיז
11 אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד וֶוען דִיא פֶערְזַאמֶעלְטֶע לֵייט הָאבֶּען
גֶעזֶעהֶען וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶעטְהוּן, הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
זֵייעֶר קוֹל אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אוֹיף לוּקוֹנִישׁ, דִיא גֶעטֶער
זֶענֶען צוּ אוּנְס אַרוּפְּגֶעקוּמֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן
12 מֶענְשֶׁען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶערוּפֶען בַּר־נַבָּא יוּפִּיטֶער,
אוּנְד פּוֹלוֹס, הֶערְמֶעס, וֵוייל עֶר וַואר דֶער הוֹיפְּט־רֶעדֶער:
13 אוּנְד דֶער כֹּהֵן פוּן יוּפִּיטֶער, וָואס וַואר פְאר אִיהְר שְׁטָאט,
הָאט גֶעבְּרַאכְט אָקְסֶען אוּנְד קְרַאנְצֶען ·צוּ דִיא טוֹירֶען,
אוּנְד הָאט גֶעוָואלְט בְּרֶענְגֶען קָרְבָּנוֹת מִיט דֶעם פָאלְק:
14 אָבֶּער וֶוען דִיא אַפָּאסְטֶעל בַּר־נַבָּא אוּנְד פּוֹלוֹס הָאבֶּען

דָאס גֶעהֶערְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא זֵיירֶע קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען,
אוּנְד זֶענֶען גֶעלָאפֶען צוּם פָאלְק אוּנְד הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן:
15 אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, וָוארוּם טְהוּט אִיהְר
דָאס? מִיר זֶענֶען אוֹיךְ גְלֵייךְ לֵיידֶענְדֶע מֶענְשֶׁען אַזוֹי וִוִיא
אִיהְר, אוּנְד מִיר פְּרֶעדִיגֶען צוּ אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ
אַוֶועקְקֶעהְרֶען פוּן דִיזֶע נַארִישְׁקֵייטֶען צוּם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט
וָואס הָאט גֶעמַאכְט הִימֶעל אוּנְד עֶרְד אוּנְד דָאס יַם אוּנְד
16 אַלֶעס וָואס אִיז אִין זֵייא: וֶועלְכֶער הָאט אִין פְרִירִיגֶע דוֹרוֹת
גֶעלָאזְט אַלֶע גוֹיִם גֶעהֶען אִין זֵיירֶע אֵייגֶענֶע וֶועגֶען:
17 חָאטְשֶׁע עֶר הָאט זִיךְ נִיט גֶעלָאזְט אָהְן אֵיין עֵדוּת, אִינְדֶעם
עֶר הָאט אוּנְס גוּטֶעס גֶעטְהוּן, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען
רֶעגֶען פוּן הִימֶעל, אוּנְד פְרוּכְטְבַּארֶע צֵייטֶען, אוּנְד הָאט
18 אֵיירֶע הֶערְצֶער דֶערְפִילְט מִיט שְׁפֵּייז אוּנְד פְרֵייד: אוּנְד
וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעזָאגְט, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא קוֹים דָאס
פָאלְק צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען אַז זֵייא זָאלֶען צוּ זֵייא נִיט מַקְרִיב
זֵיין:
19 אוּנְד עֶס זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען יוּדֶען פוּן אַנְטִיוֹכְיָא אוּנְד
אִיקָאנְיוֹן אוּנְד הָאבֶּען דָאס פָאלְק אִיבֶּערְגֶערֶעט, אוּנְד
הָאבֶּען פּוֹלוֹס גֶעשְׁטֵיינִיגְט אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם אוֹיס דֶער
שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט, וָוארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַז
20 עֶר אִיז שׁוֹין טוֹיט: אוּנְד וֶוען דִיא תַּלְמִידִים הָאבֶּען אִיהְם
אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט, אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד אִיז
אִין דִיא שְׁטָאט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען; אוּנְד צוּ מָארְגֶען אִיז עֶר
21 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט בַּר־נַבָּא קֵיין דֶערְבֶּע: אוּנְד וֶוען זֵייא
הָאבֶּען דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה גֶעפְּרֶעדִיגְט אִין דֶער שְׁטָאט
אוּנְד הָאבֶּען פִילֶע תַּלְמִידִים גֶעמַאכְט, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט קֵיין לוּסְטְרָא אוּנְד אִיקָנְיוֹן אוּנְד אַנְטִיוֹכְיָא:
22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁטַארְקְט דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא
תַּלְמִידִים, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא גֶעוָוארְנְט זֵייא זָאלֶען בְּלֵיי־
בֶּען אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אַז מִיר מוּזֶען דוּרְךְ פִיל
23 לֵיידֶען אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן הִימֶעל אַרֵיין קוּמֶען: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיבֶּער זֵייא בֶּעשְׁטֶעלְט עֶלְצְטֶע אִין אִיטְלִיכֶער
קְהִלָּה, אוּנְד נָאךְ פַאסְטֶען אוּנְד בֶּעטֶען הָאבֶּען זֵייא זֵייא
בֶּעפוֹילֶען צוּם הַאר אִין וֶועלְכֶען זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט;

24 אוּנְד נָאךְ דוּרְכְגֶעהְן פִּיסִידְיָא זֶענֶען זֵייא גֶעקוּמֶען קֵיין
25 פַּאמְפִילְיָא: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס וָוארְט אִין
26 פֶּרְגִי, אוּנְד זֶענֶען אַרוּפְּגֶעגַאנְגֶען קֵיין אִיטַלְיָא: אוּנְד פוּן
דָארְטֶען הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, פוּן וַואנֶען
זֵייא וַוארֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ דֶער גְנָאד פוּן גָאט וֶועגֶען
27 דֶעם וֶוערְק וָואס זֵייא הָאבֶּען דֶערְפִילְט: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶע־
גֶען אָנְגֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען דִיא קְהִלָּה פֶערְזַאמֶעלְט הָאבֶּען
זֵייא דֶערְצֶעהְלְט וָואס גָאט הָאט מִיט זֵייא גֶעטְהוּן, אוּנְד
ווִיא עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא טְהִיר פוּן גְלוֹיבֶּען צוּ דִיא
28 גוֹיִם: אוּנְד זֵייא זֶענֶען דָארְטֶען גֶעבְּלִיבֶּען נִיט וֶוענִיג צֵייט
מִיט דִיא תַּלְמִידִים:

## קאפיטעל טו

1 אוּנְד עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה אוּנְד הָאבֶּען
גֶעלֶעהְרְט דִיא בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר וֶועט נִיט בֶּעשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען נָאךְ תּוֹרַת משֶׁה, אַזוֹי קֶענְט אִיהְר נִיט גֶע־
2 רֶעטֶעט וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאבֶּען
מִיט זֵייא קֵיין קְלֵיינֶעם קְרִיג אוּנְד וִיכּוּחַ גֶעהַאט, אַזוֹי הָאבֶּען
זֵייא בֶּעשְׁלָאסֶען אַז פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־נַבָּא, אוּנְד עֶטְלִיכֶע
אַנְדֶערֶע פוּן זֵייא, זָאלֶען אַרוֹיפְגֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא
3 אַפָּאסְטֶעל אוּנְד עֶלְצְטֶע, וֶועגֶען דִיזֶער שַׁאֲלָה: אוּנְד וֶוען
זֵייא וַוארֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט בֵּייא דֶער קְהִלָּה, זֶענֶען זֵייא גֶע־
גַאנְגֶען דוּרְךְ פִינִיקְיָא אוּנְד שׁמְרוֹן, אוּנְד הָאבֶּען דֶערְ־
צֶעהְלְט פוּן דֶער בֶּעקֶערוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען
4 גְרוֹיסֶע פְרֵייד גֶעמַאכְט צוּ אַלֶע בְּרִידֶער: אוּנְד וֶוען זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַזוֹי וַוארֶען זֵייא אוֹיפְגֶענוּמֶען
בֵּייא דֶער קְהִלָּה אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט וָואס גָאט הָאט מִיט זֵייא
5 גֶעטְהוּן: אָבֶּער דָא זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע פוּן
דִיא כִּיתָּה פוּן דִיא פְּרוּשִׁים וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז מֶען מוּס זֵייא בֶּעשְׁנֵיידֶען אוּנְד בֶּע־
6 פֶעהְלֶען צוּ הַאלְטֶען תּוֹרַת משֶׁה: אוּנְד דִיא אַפָּאסְטֶעל
אוּנְד עֶלְצְטֶע זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען זֵייא זָאלֶען זִיךְ
7 וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ בֶּערָאטֶען: אוּנְד וֶוען דָא וַואר אַ גְרוֹיס
גֶעצַאנְק, אִיז פֶּעטְרוֹס אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט צוּ

זייא גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, אִיהְר ווייסְט אַז
גָאט הָאט לַאנְג פָאר דִיזֶער צייט צְווִישֶׁען אוּנְס מִיךְ אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְט, אַז דִיא גוֹיִם זָאלֶען הֶערֶען פוּן מֵיין מוֹיל דָאס
8 וָוארְט פוּן דֶער גוּטֶען בְּשׂוֹרָה אוּנְד זָאלֶען גְלוֹיבֶּען: אוּנְד
גָאט, וָואס ווייסְט דָאס הַארְץ, הָאט אוֹיךְ זֵייא בֶּעצֵייגְט,
אוּנְד הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ, אַזוֹי וִויא צוּ
9 אוּנְס: אוּנְד עֶר הָאט גָארְנִיט קֵיין צְווִישֶׁענְשֵׁייד גֶעמַאכְט
צְווִישֶׁען אוּנְס אוּנְד זֵייא, אוּנְד הָאט גֶערֵיינִיגְט זֵייעֶרֶע
10 הֶערְצֶער דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען: אוּנְד אַצוּנְד וָוארוּם פְּרוּפְט
אִיהְר גָאט, אוּנְד לֶעגְט אַ יָאךְ אוֹיף דֶעם הַאלְז פוּן דִיא
תַּלְמִידִים, וָואס אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אוּנְד מִיר אַלֵיין הָאבֶּען נִיט
11 גֶעקֶענְט דֶערְטְרָאגֶען: אָבֶּער מִיר גְלוֹיבֶּען אַז דוּרְךְ דֶער
גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועלֶען מִיר גֶערֶעטֶעט
12 וֶוערֶען אַזוֹי גוּט וִויא זֵייא: אוּנְד דִיא גַאנְצֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
הָאט שְׁטִיל גֶעשְׁווִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהֶערְט בַּר־נַבָּא אוּנְד
פּוֹלוֹס דֶערְצֶעהְלֶען וָואס פַאר וְואוּנְדֶער אוּנְד צֵייכֶען גָאט
13 הָאט דוּרְךְ זֵייא גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם: אוּנְד נָאכְדֶעם
זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען, הָאט יַעֲקֹב גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד
14 גֶעזָאגְט, מֶענֶער אוּנְד בְּרִידֶער, הֶערְט מִיר צוּ: שִׁמְעוֹן
הָאט דֶערְצֶעהְלְט וִויא גָאט הָאט צוּם עֶרְשְׁטֶען בֶּעזוּכְט
דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאט פוּן זֵייא גֶענוּמֶען אַ פָאלְק צוּ זֵיין
15 נָאמֶען: אוּנְד דָאס שְׁטִימְט אֵיין מִיט דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דִיא נְבִיאִים, אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען:
16 „נָאךְ דִיזֶע בֶּעגֶעבֶּענְהֵייטֶען וֶועל אִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אוּנְד
וֶועל אוֹיפְבּוֹיעֶן דָאס גֶעצֶעלְט פוּן דָוִד וָואס אִיז אֵיינְגֶע־
פַאלֶען, אוּנְד אִיךְ וֶועל ווידֶער אוֹיפְבּוֹיעֶן דִיא חָרְבוֹת
17 דֶערְפוּן, אוּנְד וֶועל עֶס אוֹיפְשְׁטֶעלֶען: אַז דִיא אִיבֶּערְ־
גֶעבְּלִיבֶּענֶע פוּן דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען פָארְשֶׁען נָאךְ דֶעם
הַאר אוּנְד אַלֶע פֶעלְקֶער, אוֹיף וֶועלְכֶע מֵיין נָאמֶען
וֶוערְט גֶערוּפֶען, זָאגְט דֶער הַאר, וָואס טְהוּט דָאס אַלֶעס:
18 אַלֶע וֶוערְק פוּן גָאט זֶענֶען צוּ אִיהְם בֶּעקַאנְט פוּן עֶבִּיג אָן:"
19 דְרוּם אִיז עֶס מֵיינֶע מֵיינוּנְג, אַז מִיר זָאלֶען נִיט אוּמְרוּהִיג
מַאכֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ פוּן צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם אוּמְ־
20 בֶּעקֶעהְרְט זִיךְ צוּ גָאט: נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען צוּ זֵייא שְׁרֵייבֶּען

אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ עֶנְטְהַאלְטֶען פוּן דִיא אוּמְוִוירְדִיגְקֵייט
פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד פוּן זְנוּת, אוּנְד פוּן דֶערְוָוארְגֶענֶע
21 זַאכֶען אוּנְד פוּן בְּלוּט: וָוארִין משֶׁה הָאט פוּן אַלְטֶע צֵייטֶען
אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט דִיא וָואס פְּרֶעדִיגֶען אִיהְם, אוּנְד
וֶוערְט אַלֶע שַׁבָּת גֶעלֵיינְט אִין דִיא שׁוּלֶען:
22 דַאן אִיז עֶס גֶעפֶעלֶען דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע
מִיט דֶער גַאנְצֶער קְהִלָּה אַז זֵייא זָאלֶען שִׁיקֶען אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְטֶע מֶענֶער קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא מִיט פּוֹלוֹס אוּנְד בַּר־
נַבָּא. דְהַיְינוּ, יְהוּדָה וָואס וַואר גֶערוּפֶען בַּר־שַׁבָּא,
אוּנְד סִילָא, וָואס וַוארֶען פִיהְרֶער צְווִישֶׁען דִיא בְּרִידֶער:
23 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דוּרְךְ זֵייא אַזוֹי גֶעשְׁרִיבֶּען; דִיא אַפָּאסְ־
טֶעל אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע אוּנְד דִיא בְּרִידֶער לָאזֶען גְרִיסֶען
דִיא בְּרִידֶער פוּן דִיא גוֹיִם וָואס זֶענֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא, אוּנְד
24 אִין סוּרְיָא, אוּנְד אִין קִילִיקְיָא: אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט
אַז עֶטְלִיכֶע פוּן אוּנְס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען
אֵייךְ מְצַעַר גֶעוֶועזֶען מִיט וֶוערְטֶער, אוּנְד הָאבֶּען אֵיירֶע
זֶעעלֶען פֶערְשְׁטֶערְט, (אוּנְד זָאגֶען, אִיהְר מוּסְט בֶּעשְׁנֵיידֶען
וֶוערֶען אוּנְד דִיא תּוֹרָה הַאלְטֶען); אוּנְד מִיר הָאבֶּען זֵייא
25 דָאס נִיט בֶּעפוֹילֶען: אַזוֹי אִיז עֶס אוּנְס גֶעפֶעלֶען,
אֵיינְשְׁטִימִיג, אַז מִיר זָאלֶען צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְטֶע מֶענֶער מִיט אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע בַּר־נַבָּא
26 אוּנְד פּוֹלוֹס: מֶענֶער וָואס הָאבֶּען זֵייעֶר לֶעבֶּען אֵיינְגֶע־
שְׁטֶעלְט פַאר דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
27 דְרוּם הָאבֶּען מִיר גֶעשִׁיקְט יְהוּדָה אוּנְד סִילָא, אוּנְד זֵייא
28 וֶועלֶען אֵייךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע זָאגֶען פֶּה אֶל פֶּה: וָוארִין עֶס
אִיז גֶעפֶעלֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען
אוֹיף אֵייךְ קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע לַאסְט לֶעגֶען, חוּץ דִיזֶע
29 נֶעטִיגֶע זַאכֶען: אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ עֶנְטְהַאלְטֶען פוּן דִיא
קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד פוּן בְּלוּט, אוּנְד פוּן דֶערְוָוארְ־
גֶענֶע זַאכֶען, אוּנְד פוּן זְנוּת; אוּנְד וֶוען אִיהְר וֶועט אֵייךְ
הִיטֶען פוּן דִיזֶע זַאכֶען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר רֶעכְט טְהוּן.
30 שָׁלוֹם צוּ אֵייךְ: וֶוען זֵייא וַוארֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט זֶענֶען
זֵייא גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, הָאבֶּען דָאס פָאלְק פֶערְ־
31 זַאמֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶענֶעבֶּען דֶעם בְּרִיף: אוּנְד

ווען זייא האבען געלײנט האבען זייא זיך געפרײט
32 איבער דעם טרײסט: אונד יהודה אונד סילא וואס וואַרען
אויך זעלבסט נביאים, האבען דיא ברידער מזהיר געווען
33 מיט פילע רייד, אונד האבען זייא געשטארקט: אונד
נאכדעם וויא זייא האבען זיך דארט א צייט אויפגעהאלטען,
וואַרען זייא מיט פרידען אװעקגעשיקט פון דיא ברידער
34 צו דיא אפאסטעל: (אונד עס איז סילא געפאלען דארטען
35 צו בלייבען): אבער פולוס אונד בר־נבא האבען געוואוינט
אין אנטיוכיא, אונד האבען געלערנט אונד געפרעדיגט
דאס ווארט פון דעם האר, מיט נאך פילע אנדערע:
36 אונד נאך עטליכע טעג האט פולוס געזאגט צו בר־נבא
לאזען מיר זיך אומקעהרען אונד בעזוכען אונזערע ברידער
אין יעדער שטאט וואו מיר האבען געפרעדיגט דאס
ווארט פון דעם האר, אונד זעהען וויא עס געהט
37 זייא: אונד בר־נבא האט געדאכט מיטצונעמען יוחנן,
38 וואס וואר גערופען מארקוס: אבער פולוס האט עס ניט
פאר רעכט געהאלטען דעם מיטצונעמען וואס האט זייא
פערלאזט אין פאמפיליא, אונד איז ניט מיט זייא געגאנגען
39 צו דער ארבייט: אזוי איז צווישען זייא א שארפער שטרייט
געווארען, ביז זייא האבען זיך פון אנאנדער אפגעשייד;
אונד בר־נבא האט גענומען מרקוס אונד האט זיך געשיפט
40 קיין קפרוס: אונד פולוס האט מיט זיך גענומען סילא אונד
איז אוועקגעגאנגען, אונד דיא ברידער האבען איהם בע־
41 פוילען צו דער גנאד פון גאט: אונד ער איז דורכגעגאנגען
סוריא אונד קליקיא, אונד האט דיא קהלות געשטארקט:

קאפיטעל טז

1 אונד ער איז געקומען קיין דרבי אונד לוסטרא, אונד זעה,
דארטען וואר א תלמיד וואס האט געהייסען טימותיוס,
דער זוהן פון א יודישע פרויא וואס האט געגלויבט, אבער
2 זיין פאטער וואר א גרעק: ער האט געהאט א גוטעס ציינגניס
3 פון דיא ברידער אין לוסטרא אונד איקונין: אונד פולוס
האט געוואלט אז דיזער זאל מיט איהם אויסגעהן; אונד
האט איהם גענומען אונד האט איהם בעשניטען, וועגען
דיא יודען וואס וואַרען אין יענע ערטער; וואַרין זייא

הָאבֶּען אַלֶע גֶעקֶענְט זַיין פָאטֶער אַז עֶר וַואר אַ גְרֶעק:
4 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְךְ דִיא שְׁטֶעט דוּרְכְגֶעגַאנְ־
גֶען, הָאבֶּען זַייא זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ הִיטֶען דִיא
דִינִים וָואס וַוארֶען בֶּעשְׁלָאסֶען פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד
5 דִיא עֶלְצְטֶע אִין יְרוּשָׁלַיִם: אַזוֹי וַוארֶען דִיא קְהִלוֹת
בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ טֶעגְלִיךְ
6 גֶעמֶעהְרְט אִין דֶער צָאל: אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְכְגֶע־
גַאנְגֶען פְרוּגְיָא אוּנְד דִיא גֶעגֶענְד פוּן גַאלַאטְיָא, אַזוֹי הָאט
זַייא דֶער הֵיילִיגֶער גֵייסְט פַארְוֶועהְרְט דָאס וָוארְט צוּ רֶע־
7 דֶען אִין אַסְיָא: אוּנְד וִוִיא זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מוּסְיָא,
הָאבֶּען זַייא גֶעפְּרוּפְט צוּ גֶעהְן קֵיין בִּיתוּנְיָא; אָבֶּער דֶער
8 גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הָאט זַייא נִיט גֶעלָאזְט: אוּנְד זַייא זֶענֶען
מוּסְיָא פָארְבַּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אַרוּפְגֶעקוּמֶען קֵיין
9 טְרוֹאָס: אוּנְד אֵיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג הָאט זִיךְ בֶּעוִוִיזֶען צוּ פּוֹלוֹס
בֵּייא דֶער נַאכְט; אַ מַאן פוּן מַקְדוֹנְיָא אִיז בֵּייא אִיהְם גֶע־
שְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, קוּם
10 אַרִיבֶּער קֵיין מַקְדוֹנְיָא אוּנְד הֶעלְף אוּנְס: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר בַּאלְד גֶעזוּכְט
קֵיין מַקְדוֹנְיָא צוּ רֵייזֶען, וָוארִין מִיר הָאבֶּען גֶעדְרוּנְגֶען
אַז דֶער הַאר הָאט אוּנְס גֶערוּפֶען מִיר זָאלֶען צוּ זַייא
11 פְרֶעדִיגֶען דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה: אַזוֹי זֶענֶען מִיר אַרוֹיס גֶע־
פָארֶען פוּן טְרוֹאָס, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען מִיט דֶעם גְלֵייך־
כֶען וֶועג קֵיין סַאמוֹטְרַאקְיָא, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג קֵיין
12 נֶעאַפּוֹלִיס: אוּנְד פוּן דָארְטֶען קֵיין פִילִיפִּי, וָואס אִיז דִיא
הוֹיפְּט־שְׁטָאט פוּן דִיזֶען טֵייל פוּן מַקְדוֹנְיָא, אוּנְד אִיז אֵיינֶע
קָאלָאנְיָא; אוּנְד מִיר זֶענֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט גֶעבְּלִיבֶּען
13 עֶטְלִיכֶע טֶעג: אוּנְד אַם שַׁבָּת זֶענֶען מִיר אוֹיס דֶער שְׁטָאט
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען צוּם שְׁטְרוֹים, וְואוּ דִיא לֵייט פְלֶעגֶען מִתְפַּלֵל
צוּ זַיין. אוּנְד מִיר הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאבֶּען
גֶערֶעט מִיט דִיא וַוייבֶּער וָואס זֶענֶען צוּזַאמֶען גֶעקוּמֶען:
14 אוּנְד אַ גֶעווִיסֶע פְרוֹיא וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען לוּדְיָא, אַ פּוּרְפֶּער
קְרֶעמֶערִין אוֹיס דֶער שְׁטָאט תִּיאַטִירָא, וָואס הָאט זִיךְ גֶע־
פָארְכְטֶען פָאר גָאט, הָאט אוּנְס צוּגֶעהֶערְט; אוּנְד דֶער
הַאר הָאט אִיהְר הַארְץ אוֹיפְגֶעמַאכְט, זִיא זָאל פַארְנֶעמֶען

15 דִיא זַאכֶען וָואס פּוֹלוֹס הָאט גֶערֶעט: אוּנְד וֶוען זִיא אוּנְד
אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד זֶענֶען גֶעטוֹבַלְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאט זִיא
גֶעבֶּעטֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוען אִיהְר הַאלְט מִיךְ פַאר אַ
גְלוֹיבִּיגֶע אִין דֶעם הַאר, קוּמְט אַרַיין אִין מֵיין הוֹיז, אוּנְד
זִיא הָאט אוּנְס דֶערְצוּ גֶעצְווָאוּנְגֶען:
16 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען צוּם
גֶעבֶּעט, הָאט אוּנְס בֶּעגֶעגֶענְט אַ שְׁקְלַאפִין וָואס הָאט גֶעהַאט
אַ רוּחַ פוּן אַ צוֹיבֶּער גַייסְט, וֶועלְכֶע הָאט אִיהְרֶע הַארְרֶען
17 פִיל רֶוַח אֵיינְגֶעבְּרַאכְט דוּרְךְ צוֹיבֶּערַייא: דִיזֶע הָאט נָאכְ־
גֶעפָאלְגְט פּוֹלוֹס אוּנְד אוּנְס. אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד
גֶעזָאגְט, דִיזֶע מֶענְער זֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁ־
טֶען גָאט, וָואס דֶערְקְלֶערֶען אֵייךְ דֶעם וֶועג פוּן זֶעלִיגְקֵייט:
18 דָאס הָאט זִיא גֶעטְהוּן פִילֶע טֶעג; אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ
דְרִיבֶּער מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
אוּנְד גֶעזָאגְט צוּ דֶעם גֵייסְט, אִיךְ גֶעבִּיט דִיר אִין דֶעם
נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּא זָאלְסְט פוּן אִיהְר אַרוֹיסְגֶע־
הֶען, אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶער זֶעלְבֶּער שָׁעָה אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען:
19 אוּנְד וִוִיא אִיהְרֶע הַארְרֶען הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז דִיא הָאפְנוּנְג
פוּן זֵייעֶר גֶעוִוין וַואר פֶערְלוֹירֶען, הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶע־
חַאפְּט פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא, אוּנְד הָאבֶּען זֵייא אִין מַארְק אַרַיין
20 גֶעשְׁלֶעפְּט צוּ דִיא עֶלְצְטֶע: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא גֶעפִיהְרְט
צוּ דִיא רֶעגִירֶער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט דִיזֶע מֶענְער וָואס
זֶענֶען יוּדֶען מַאכֶען אַיין אוֹיפְרוּהר אִין אוּנְזֶערֶע שְׁטָאט:
21 אוּנְד זֵייא לֶעהְרֶען אַזֶעלְכֶע מִנְהָגִים וָואס מִיר מֶעגֶען נִיט
22 אָנְנֶעמֶען אוּנְד נִיט טְהוּן, וָוארִין מִיר זֶענֶען רוֹמִים: אוּנְד
דָאס פָאלְק אִיז קֶעגֶען זֵייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דִיא
רֶעגִירֶער הָאבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער אָפְּגֶערִיסֶען אוּנְד הָאבֶּען
23 זֵייא גֶעהֵייסֶען שְׁמֵייסֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זֵייא
שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגֶען, הָאבֶּען זֵייא זֵייא אִים גֶעפֶענְגְנִיס
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶעם וֶועכְטֶער אָנְגֶעזָאגְט אַז
24 עֶר זָאל זֵייא גוּט הִיטֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אַזֶעלְכֶעס
גֶעבָּאט דֶערְהַאלְטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייא אִים אִינֶערְשְׁטֶען
גֶעפֶענְגְנִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט, אוּנְד הָאט זֵייעֶרֶע פִים אִין אַ קְלָאץ
אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען:

25 אָבֶּער אִין מִיטֶען דֶער נַאכְט הָאבֶּען פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא גֶע־
בֶּעטֶען אוּנְד גֶעזוּנְגֶען צוּ גָאט, אוּנְד דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע
26 הָאבֶּען זַייא גֶעהֶערְט: פְּלוּצְלִינְג וַואר אַ גְרוֹיס עֶרְדצִיטֶערְנִים
בִּיז דִיא פוּנְדַאמֶענְטֶען פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִים הָאבֶּען זִיךְ
גֶערִירְט; אוּנְד אַלֶע טְהִירֶען וַוארֶען בַּאלְד אוֹיפְגֶעמַאכְט,
27 אוּנְד דִיא קֶעטֶען פוּן אַלֶע וַוארֶען לוֹיז גֶעמַאכְט: אוּנְד
וִויא דֶער וֶועכְטֶער פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְנִים הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶע־
חַאפְּט אוּנְד הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא טְהִירֶען פוּן דֶעם גֶע־
פֶענְגְנִים זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט עֶר דָאס שְׁוֶוערְד
אַרוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען,
וָוארִין עֶר הָאט גֶעדַאכְט אַז דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע זֶענֶען אַנְטְ־
28 לָאפֶען: אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, טְהוּא דִיר קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס, וָוארִין מִיר
29 זֶענֶען אַלֶע דָא: אוּנְד עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט אַ לִיכְט, אוּנְד
אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען צִיטֶערֶענְדִיג, אוּנְד אִיז אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען
30 פָאר פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא: אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, מֵיינֶע הַארֶען, וָואס מוּז אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ
31 זָאל גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען? אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט, גְלוֹיבּ
אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַזוֹי וֶועסְט דוּא גֶערֶעטֶעט
32 וֶוערֶען אוּנְד דֵיין הוֹיזְגֶעזִינְד: אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד צוּ אַלֶע וָואס
33 וַוארֶען אִין זֵיין הוֹיז: אוּנְד עֶר הָאט זַייא גֶענוּמֶען אִין
דִיזֶער שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט אוּנְד הָאט זֵייעֶרֶע וְואוּנְדֶען גֶע־
וַואשֶׁען, אוּנְד עֶר מִיט אַלֶע זֵיינֶע פְרֵיינְד זֶענֶען בַּאלְד גֶע־
34 טוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט אִין
זֵיין הוֹיז אוּנְד הָאט זַייא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט צוּ עֶסֶען, אוּנְד
עֶר הָאט זִיךְ גֶעפְרֶעהְט, אוּנְד הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין גָאט מִיט
זַיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד:
35 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אַזוֹי הָאבֶּען דִיא הוֹיפְּטְ־
לֵייט גֶעשִׁיקְט דִיא פָּאלִיצֵיידִינֶער אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
36 לָאז דִיזֶע לֵייט פְרֵייא: אוּנְד דֶער שׁוֹמֵר פוּן דֶעם גֶעפֶענְגְ־
נִים הָאט דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס, דִיא הוֹיפְּטְלֵייט
הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט אַז אִיהְר זָאלְט פְרֵייא וֶוערֶען; דְרוּם קוּמְט
37 אַצוּנְד אַרוֹיס אוּנְד גֶעהְט אִין פְרִידֶען; אָבֶּער פּוֹלוֹס הָאט

צוּ זַייא גֶעזָאגְט, זַייא הָאבֶּען אוּנְס עֶפֶּענְטְלִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען
אָהְן מִשְׁפָּט, וָואס מִיר זֶענֶען רוֹמִישֶׁע לֵייט, אוּנְד זַייא
הָאבֶּען אוּנְס אִים גֶעפֶּענְגְנִיס אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אוּנְד אַצוּנְד
טְהוּן זַייא אוּנְס שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיסְלָאזֶען? נֵיין! נֵייעֶרְט
לָאזֶען זַייא זֶעלְבְּסְט קוּמֶען אוּנְד אוּנְס אַרוֹיסְפִירֶען:
38 אוּנְד דִיא פָּאלִיצֵיידִינֶער הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער דֶערְצֶעהְלְט
צוּ דִיא הוֹיפְּטְלֵייט? אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז זַייא
39 זֶענֶען רוֹמִים, אַזוֹי הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען: אוּנְד
זַייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען,
אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא אַרוֹיסְגֶעפִירְט אוּנְד הָאבֶּען זַייא
40 גֶעבֶּעטֶען זַייא זָאלֶען פוּן דֶער שְׁטָאט אַרוֹיסְגֶעהֶען: אוּנְד
וֶוען זַייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם גֶעפֶּענְגְנִיס אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, זֶענֶען
זַייא אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ לוּדְיָא, אוּנְד וִויא זַייא הָאבֶּען גֶע־
זֶעהֶען דִיא בְּרִידֶער, הָאבֶּען זַייא זַייא גֶעטְרֵייסְט, אוּנְד
זַייא זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ אַמְפִּיפּוֹלִיס
אוּנְד אַפּוֹלוֹנְיָא, זֶענֶען זַייא גֶעקוּמֶען קֵיין תֶּעסַאלוֹנִיקָא
2 וְואוּ עֶס וַואר אַ יוּדִישֶׁע שׁוּל: אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז צוּ זַייא
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען נָאךְ זַיינֶע גֶעוְואוֹנְהֵייט; אוּנְד דְרֵייא
שַׁבָּתִים הָאט עֶר מִיט זַייא גֶערֶעט אוֹיס דֶער שְׁרִיפְט:
3 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאט זַייא גֶעוִויזֶען, אַז
דֶער מָשִׁיחַ הָאט גֶעמוּסְט לֵיידֶען אוּנְד פוּן דֶעם טוֹיט
אוֹיפְשְׁטֶעהְן, אוּנְד אַז דִיזֶער יֵשׁוּעַ וֶועלְכֶען אִיךְ פְּרֶעדִיגֶע
4 צוּ אֵייךְ אִיז דֶער מָשִׁיחַ: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן זַייא הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהֶעפְט צוּ פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא,
אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע צָאל פוּן דִיא פְרוּמֶע גְרִיכֶען, אוּנְד נִיט וֶוענִיג
5 פוּן דִיא אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע ווייבֶּער: אָבֶּער דִיא יוּדֶען (וָואס
הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט) הָאבֶּען זַייא מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען, אוּנְד
הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶענוּמֶען עֶטְלִיכֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁער פוּן
דֶער גַאס, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעמַאכְט אַ כִּיתָּא אוּנְד הָאבֶּען אַ
לַארְם גֶעמַאכְט אִין דֶער שְׁטָאט; אוּנְד זַייא הָאבֶּען בֶּע־
לֶעגֶערְט דָאס הוֹיז פוּן יָסוֹן, אוּנְד הָאבֶּען זַייא גֶעוָואלְט
6 אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען צוּם פָאלְק: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען זַייא

נִיט גֶעפִינֶען, הָאבֶּען זַייא יָסוֹן אוּנְד עֶטְלִיכֶע בְּרִידֶער
גֶעשְׁלֶעפְּט צוּ דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן, אַז דִיזֶע וָואס הָאבֶּען דִיא וֶועלְט
7 אִיבֶּערְקֶעהְרְט, זֶענֶען אוֹיךְ דָא אַהֶער גֶעקוּמֶען: אוּנְד
יָסוֹן הָאט זַייא אוֹיפְגֶענוּמֶען; אוּנְד דִיזֶע אַלֶע הַוִידֶערְ־
שְׁפֶּענִיגֶען קֶעגֶען דִיא גֶעזֶעץ פוּן דֶעם קֵיסָר, אִינְדֶעם
זַייא זָאגֶען אַז עֶס אִיז דָא אַיין אַנְדֶערֶער קֶענִיג דֶער
8 אִיז יֵשׁוּעַ: אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶערְצֶערְנְט דָאס פָאלְק
אוּנְד דִיא אוֹיבֶּערְשְׁטֶע פוּן דֶער שְׁטָאט וֶוען זַייא הָאבֶּען
9 דָאס גֶעהֶערְט: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען פֶערְזִיכֶערוּנְג
פוּן יָסוֹן אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זַייא
פְרַייא גֶעלָאזְט:
10 אוּנְד דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען בַּאלְד פּוֹלוֹס אוּנְד סִילָא בַּייא
נַאכְט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט קֵיין בְּרוֹאָה, וֶועלְכֶע וֶוען זַייא זֶענֶען
אַהִינְגֶעקוּמֶען זֶענֶען אִין דִיא יוּדִישֶׁע שׁוּל אַרַיינְגֶעגַאנְ־
11 גֶען: אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען עֶדְלֶער גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא אִין
תֶּעסַאלוֹנִיקָא אִינְדֶעם זַייא הָאבֶּען דָאס וָוארְט אָנְגֶענוּמֶען
מִיט דֶעם גַאנְצֶען וִוילֶען, אוּנְד הָאבֶּען טֶעגְלִיךְ גֶעפָארְשְׁט
12 דִיא שְׁרִיפְט אוֹיבּ דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַזוֹי: דְרוּם הָאבֶּען
פִילֶע פוּן זַייא גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד נִיט וֶוענִיג פוּן דִיא גְרֶעקִישֶׁע
13 אַנְשְׁטֶענְדִיגֶע פְרוֹיעֶן אוּנְד מֶענֶער: אָבֶּער וֶוען דִיא יוּדֶען
פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא הָאבֶּען גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז פּוֹלוֹס הָאט
אוֹיךְ אִין בְּרוֹאָה דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט, זֶענֶען זַייא
אוֹיךְ אַהִין גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען דִיא לֵייט אוֹיפְגֶערֶעגְט אוּנְד
14 אוֹיפְגֶעהֶעצְט: אוּנְד דַאן הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער פּוֹלוֹס גְלֵייךְ
אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, אַז עֶר זָאל גֶעהְן בִּיז צוּם יַם; אָבֶּער סִילָא
15 אוּנְד טִימוֹתִיוֹס זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען: אוּנְד דִיא וָואס
הָאבֶּען פּוֹלוֹס בֶּעגְלֵייט הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט בִּיז קֵיין
אַתִּינַס, אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען גֶענוּמֶען אַ בֶּעפֶעהְל צוּ
סִילָא אוּנְד טִימוֹתִיוֹס, אַז זַייא זָאלֶען צוּם גֶעשְׁוִוינְדְסְטֶען
צוּ אִיהְם קוּמֶען, זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
16 אוּנְד דֶערְוַוייל פּוֹלוֹס הָאט אוֹיף זַייא גֶעוַוארְט אִין אַתִּינַס
אִיז זַיין גֵייסְט אִין אִיהְם דֶערְבִּיטֶערְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר
הָאט גֶעזֶעהֶען אַז דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט הָאט אָפְּגֶעטֶער

17 גֶעדִינְט: דְרוּם הָאט עֶר גֶעטַעַנְעט אִין דֶער שׁוּל מִיט דִיא
יוּדֶען אוּנְד מִיט דִיא גָאטְסְפָארְכְטִיגֶע, אוּנְד אוֹיף דֶעם
מַארְק אַלֶע טָאג מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעגֶעגְנְט:
18 אוּנְד עֶטְלִיכֶע פִילָאזָאפֶען פוּן דִיא אַפִּיקוֹרְיִים אוּנְד
סְטוֹאִיקֶער הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְם גֶעשְׁטְרִיטֶען. אוּנְד עֶטְ־
לִיכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, וָואס וִויל דִיזֶער פְּלוֹידֶערֶער זָאגֶען?
אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, עֶס זֶעהְט אוֹיס אַז עֶר דֶערְצֶעהְלְט
פוּן פְרֶעמְדֶע גֶעטֶער: וָוארִין עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא
19 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן יֵשׁוּעַ אוּנְד תְּחִיַּת הַמֵּתִים: אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם אָנְגֶעהַאלְטֶען אוּנְד גֶעפִיהְרְט צוּם אַרְעָאָפַּאגוּס,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט, קָאנֶען מִיר וִויסֶען וָואס דִיזֶע נֵייעֶ
20 לֶעהְרֶע אִיז פוּן וֶועלְכֶע דוּא רֶעדְסְט? וָוארִין דוּא בְּרֶענְגְסְט
עֶפֶּעס פְרֶעמְדֶע זַאכֶען צוּ אוּנְזֶערֶע אוֹירֶען; דְרוּם וִוילֶען
21 מִיר וִויסֶען וָואס דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען: נוּן אַלֶע לֵייט פוּן
אַתִּינַס אוּנְד דִיא פְרֶעמְדֶע וָואס הָאבֶּען דָארְט גֶעוְואוֹינְט
הָאבֶּען דִיא צֵייט אַנְדֶערְשְׁט נִיט פֶערְבְּרַאכְט, אוֹיסֶער עֶפֶּעס
נֵייעֶס צוּ זָאגֶען אָדֶער צוּ הֶערֶען:
22 אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען פוּן אַרְעָאָפַּאגוּס
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן אַתִּינַס, אִיךְ זֶעה אַז
23 אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶע זַאכֶען אַבִּיסֶעל אָבֶּערְגְלוֹיבִּישׁ: וָוארִין
וִויא אִיךְ בִּין פָארְבֵּייגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ אֵיירֶע גָאטֶעסְ־
דִינְסְטֶע גֶעזֶעהֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעפִינֶען אַ מִזְבֵּחַ וָואס אִיז
דְרוֹיף גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוֶועזֶען, צוּ אֵיין אוּנְבֶּעקַאנְטֶען
גָאט. דְרוּם וֶועלְכֶען אִיהְר אוּנְוִויסֶענְדְלִיךְ דִינְט דֶערְקְלֶעהְר
24 אִיךְ אֵייךְ: דֶער גָאט וָואס הָאט בֶּעשַׁאפֶען דִיא וֶועלְט
אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען, דִיזֶער אִיז דֶער הַאר פוּן
הִימֶעל אוּנְד עֶרְד, אוּנְד עֶר וְואוֹינְט נִיט אִין טֶעמְפֶּעל וָואס
25 זֶענֶען גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד: אוּנְד אִיז אוֹיךְ נִיט גֶעדִינְט־
דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן מֶענְשֶׁען, אַזוֹי וִויא עֶר וָואלְט עֶפֶּעס
בֶּעדַארְפֶען, וָוארִין עֶר הָאט אַלֵיין צוּ אַלֶע גֶעגֶעבֶּען לֶע־
26 בֶּען אוּנְד אָטֶעם אוּנְד אַלֶע זַאכֶען: אוּנְד עֶר הָאט פוּן
אֵיין בְּלוּט גֶעמַאכְט אַלֶע פֶעלְקֶער פוּן מֶענְשֶׁען, אַז זֵייא
זָאלֶען וְואוֹינֶען אוֹיף דִיא גַאנְצֶע עֶרְד, אוּנְד הָאט פֶּעסְטְ־
גֶעזֶעצְט דִיא צֵייטֶען וָואס זֶענֶען פְרִיעֶר פֶערְאָרְדֶענְעט

27 גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא גְרֶענְצֶען פוּן זֵייעֶר וְואוֹינוּנְג: אַז זֵייא
זָאלֶען גָאט זוּכֶען, טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא אִיהְם דָאךְ פִילֶען
אוּנְד גֶעפִינֶען, הָאטְשֶׁע עֶר אִיז נִיט וֵוייט פוּן יֶעדֶען פוּן
28 אוּנְס: וָוארִין אִין אִיהְם לֶעבֶּען מִיר אוּנְד בֶּעוֶועגֶען אוּנְס
אוּנְד זֶענֶען, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייעֶרֶע מְשׁוֹרְרִים הָאבֶּען גֶעזָאגְט,—וָוארִין מִיר זֶענֶען אוֹיךְ זֵיינֶע אָפְּשְׁטַאמוּנְג:
29 —דְרוּם וֵוייל מִיר זֶענֶען דִיא אָפְּשְׁטַאמוּנְג פוּן גָאט, זָא־
לֶען מִיר נִיט דֶענְקֶען אַז דִיא גָאטְהֵייט אִיז גְלֵייךְ צוּ גָאלְד
אָדֶער זִילְבֶּער אָדֶער שְׁטֵיין, אַ קוּנְסְטְשְׁטִיק פוּן אַ מֵייסְטֶער
30 אוּנְד פוּן מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעדַאנְקֶען: דְרוּם הָאט גָאט אַוֶועקְ־
גֶעזֶעהֶען פוּן דִיא צֵייט פוּן דֶער אוּנְוִויסֶענְהֵייט, אָבֶּער
אַצוּנְד בֶּעפֶעהְלְט עֶר אַז אַלֶע מֶענְשֶׁען אִין אַלֶע עֶרְטֶער
31 זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן: וָוארִין עֶר הָאט אוֹיסְגֶעזֶעצְט אַ טָאג
וֶוען עֶר וֶועט דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען מִיט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, דוּרְךְ
דֶעם מַאן וָואס עֶר הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט; דְרוֹיף עֶר הָאט
פֶערְזִיכֶערְט צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען אִינְדֶעם עֶר הָאט אִיהְם
אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע:
32 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט פוּן תְּחִיַּת הַמֵּתִים, הָאבֶּען
עֶטְלִיכֶע גֶעשְׁפֶּעט, אָבֶּער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, מִיר
וֶועלֶען דִיךְ וִוידֶער אַמָאל הֶערֶען וֶועגֶען דִיזֶער זַאךְ:
33 אַזוֹי אִיז פּוֹלוֹס פוּן צְוִוישֶׁען זֵייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען:
34 אָבֶּער עֶטְלִיכֶע מֶענֶער הָאבֶּען זִיךְ צוּ אִיהְם בֶּעהֶעפְט
אוּנְד הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט, צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע אִיז גֶעוֶועזֶען
דִיוֹנוּסִיוּס פוּן אַרְעָאָפַּאגוּס אוּנְד אַ פְרוֹיא וָואס הָאט גֶע־
הֵייסֶען דַאמָארִיס אוּנְד נָאךְ אַנְדֶערֶע מִיט זֵייא:

## קאפיטעל יח

1 נָאכְדֶעם אִיז פּוֹלוֹס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּן אַתִּינַס, אוּנְד אִיז
2 גֶעקוּמֶען קֵיין קוֹרִינְתוֹס: אוּנְד עֶר הָאט גֶעפִינֶען אַ יוּד
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַקְוִוילָא, וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען אִין
פּוֹנְטוֹס, אוּנְד אִיז נִיט לַאנְג גֶעקוּמֶען פוּן אִיטַאלְיָא מִיט
זֵיין וֵוייבּ פְּרִיסְקִילָא, וָוארִין קְלוֹדִיוּס הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז
3 אַלֶע יוּדֶען זָאלֶען פוּן רוֹם אַוֶועקְצִיהֶען: אוּנְד עֶר אִיז צוּ
זֵייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד וֵוייל עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע
מְלָאכָה אִיז עֶר בֵּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְד הָאט גֶעאַרְבֵּייט,

וָוארִין זֵייעֶר מְלָאכָה אִיז גֶעוֶועזֶען גֶעצֶעלְטֶען מַאכֶען:
4 אוּנְד עֶר הָאט גֶעטַעַנְעט אִין דֶער שׁוּל אַלֶע שַׁבָּת, אוּנְד
הָאט דִיא יוּדֶען אוּנְד דִיא גְרֶעקֶען אִיבֶּערְגֶערֶעט:
5 אוּנְד וֶוען סִילָא אוּנְד טִימוֹתִיוֹס זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן
מַקְדוֹנְיָא, אִיז פּוֹלוֹס פוּן דֶעם גֵייסְט גֶעצְווְאוּנְגֶען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ דִיא יוּדֶען בֶּעצֵייגְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער
6 מָשִׁיחַ: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶערְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָא־
בֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט; אוּנְד עֶר הָאט זֵיין קְלֵייד אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט
אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אֵייעֶר בְּלוּט זָאל זֵיין אוֹיף
אֵייעֶר קָאפּ, אִיךְ בִּין רֵיין; פוּן אַצוּנְד אָן וֶועל אִיךְ גֶעהְן
7 צוּ דִיא גוֹיִם: אוּנְד עֶר אִיז פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד אִיז אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין דֶעם הוֹיז פוּן אַ מַאן וָואס
הָאט גֶעהֵייסֶען טִיטִיוֹס יוּסְטוּס, וָואס אִיז גֶעוֶועזְען אַ
גָאטְסְפָארְכְטִיגֶער, וֶועמֶעס הוֹיז אִיז גֶעוֶועזֶען נֶעבֶּען דֶער
8 שׁוּל: אוּנְד קְרִיסְפּוֹס דֶער פַּרְנֵס פוּן דֶער שׁוּל הָאט גֶע־
גְלוֹיבְּט אָן דֶעם הַאר מִיט זֵיין גַאנְץ הוֹיזְגֶעזִינְד, אוּנְד פִילֶע
פוּן דִיא קָארִינְטֶער וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט הָאבֶּען
גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד זֶענֶען גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען:
9 אוּנְד דֶער הַאר הָאט צוּ פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט דוּרְךְ אֵיינֶע עֶרְ־
שֵׁיינוּנְג אִין דֶער נַאכְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, נֵייעֶרְט רֶעד
10 אוּנְד שְׁווֵייג נִיט שְׁטִיל: וָוארִין אִיךְ בִּין מִיט דִיר, אוּנְד
קֵיינֶער וֶועט זִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען דִיר שְׁלֶעכְטֶעס צוּ טְהוּן,
11 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פִיל פָאלְק אִין דִיזֶער שְׁטָאט: אוּנְד עֶר
אִיז דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען אַ יָאהְר אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים, אוּנְד
הָאט צְווִישֶׁען זֵייא דָאס וָוארְט פוּן גָאט גֶעלֶעהְרְט:
12 אָבֶּער וֶוען גַלִיוֹן אִיז גֶעוֶועזֶען פִירְשְׁט פוּן אַכַיָא, זֶענֶען
דִיא יוּדֶען אֵיינְשְׁטִימִיג אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען קֶעגֶען פּוֹלוֹס,
13 אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט צוּם מִשְׁפָּט: אוּנְד הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, דִיזֶער אִיבֶּערְרֶעט דִיא לֵייט אַז זֵייא זָאלֶען גָאט
14 דִינֶען קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה: אָבֶּער וֶוען פּוֹלוֹס הָאט גֶעוָואלְט
זֵיין מוֹיל אוֹיפְמַאכֶען, הָאט גַלִיוֹן גֶעזָאגְט צוּ דִיא יוּדֶען,
וֶוען עֶס וָואלְט זֵיין אֵיין אוּנְרֶעכְט אָדֶער אַ קְרִימִינַאל זַאךְ,
אִיהְר יוּדֶען, אַזוֹי וָואלְט עֶס רֶעכְט גֶעוֶועזֶען אִיךְ זָאל
15 אֵייךְ אוֹיסְהַאלְטֶען: אָבֶּער וֶוען עֶס זֶענֶען פְרַאגֶען וֶועגֶען

אַ וָוארְט אוּנְד נֶעמֶען אוּנְד וֶועגֶען אֵייעֶרֶע תּוֹרָה, זֶעהְט
אִיהְר זֶעלְבְּסְט דֶערְצוּ; וָוארִין אִיךְ ווִיל נִיט זַיין קֵיין
16 רִיכְטֶער אִיבֶּער דִיזֶע זַאכֶען: אוּנְד עֶר הָאט זַייא אַוֶועקְגֶע־
17 טְרִיבֶּען פוּן דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּל: אוּנְד זַייא אַלֶע הָאבֶּען
סָאסְתֶּענֶעס אָנְגֶעפַאסְט, דֶעם עֶלְצְטֶען פוּן דֶער שׁוּל, אוּנְד
הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁלָאגֶען פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּל. אוּנְד
גַלִיוֹן הָאט זִיךְ גָארְנִיט דָארִיבֶּער מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען:
18 אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז נָאךְ פִילֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעזֶעגֶענְט מִיט דִיא בְּרִידָער, אוּנְד הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט
קֵיין סוּרְיָא, אוּנְד פְּרִיסְקִילָא אוּנְד אַקְווִילָא מִיט אִיהְם;
אוּנְד עֶר הָאט זַיין קָאפּ גֶעשׁוֹירֶען אִין קָאנְכְּרִיאָה, וָוארִין
19 עֶר הָאט אוֹיף זִיךְ גֶעהַאט אַ נֶדֶר: אוּנְד עֶר אִיז אַרוּפְגֶע־
קוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס, אוּנְד הָאט זַייא דָארְט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט,
אָבֶּער עֶר אִיז זֶעלְבְּסְט אִין דֶער שׁוּל אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד
20 הָאט גֶעטַעַנֶעט מִיט דִיא יוּדֶען: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען
אִיהְם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל בֵּייא זַייא אַ לֶענְגֶערֶע צַייט בְּלֵייא־
21 בֶּען, הָאט עֶר נִיט גֶעוָואלְט: נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ מִיט
זַייא גֶעזֶעגֶענְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ ווִידֶער
צוּרִיקְקֶעהְרֶען מִיט גָאטֶעס ווִילֶען. אוּנְד עֶר אִיז פוּן עֶפֶעזוּס
22 אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד אִיז אַרוּפְגֶעקוּמֶען קֵיין קֵיסְרִין,
אוּנְד אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דִיא קְהִלָּה גֶעגְרִיסְט,
23 אוּנְד אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא: אוּנְד וֶוען עֶר
הָאט זִיךְ דָארְט אַ צַייט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, אִיז עֶר אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז כְּסֵדֶר דוּרְכְגֶעפָארֶען דָאס לַאנְד גַא־
לַאטִיָא אוּנְד פְרוּגְיָא, אוּנְד הָאט אַלֶע תַּלְמִידִים גֶעשְׁטַארְקְט:
24 אוּנְד אַ גֶעווִיסֶער יוּד וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען אַפּוֹלוֹס אִיז גֶע־
קוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוּס, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן גֶעבּוּרְט אוֹיס
אַלֶעכְּסַנְדְרִיָא, אַ בֶּערֶעדֶעטֶער מַאן, אוּנְד מֶעכְטִיג אִין דִיא
25 שְׁרִיפְט: דִיזֶער אִיז גֶעלֶעהְרְט גֶעוֶועזֶען אִין דֶעם וֶועג פוּן
דֶעם הַאר, אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען לֶעבְּהַאפְטִיג אִים גֵייסְט, אוּנְד
הָאט גֶערֶעט אוּנְד גֶעלֶעהְרְט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, אָבֶּער עֶר הָאט נוּר
26 גֶעווְאוּסְט פוּן דֶער טְבִילָה פוּן יוֹחָנָן: אוּנְד עֶר הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען עֶפֶענְטְלִיךְ צוּ לֶעהְרֶען אִין דֶער שׁוּל. אוּנְד וֶוען
אַקְווִילָא אוּנְד פְּרִיסְקִילָא הָאבֶּען אִיהְם גֶעהֶערְט, הָאבֶּען

זייא אִיהְם צוּ זִיךְ גֶענוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם נָאךְ בֶּע־
27 סֶער דֶעם וֶועג פוּן גָאט דֶערְקְלֶעהְרְט: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
גֶעוָואלְט דוּרְכְגֶעהֶען קֵיין אַכַיָא, הָאבֶּען דִיא בְּרִידֶער אִיהְם
עֶרְמוּטְהִיגְט אוּנְד הָאבֶּען צוּ דִיא תַּלְמִידִים גֶעשְׁרִיבֶּען אַז
זייא זָאלֶען אִיהְם אוֹיפְנֶעמֶען. אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען,
הָאט עֶר פִיל גֶעהָאלְפֶען דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דוּרְךְ
28 גְנָאד: וָוארִין עֶר הָאט דִיא יוּדֶען שְׁטַארְק ווִידֶערְלֶעגְט,
אוּנְד הָאט זייא עֶפֶענְטְלִיךְ אוּם דֶער שְׁרִיפְט בֶּעווִיזֶען אַז
יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ:

## קאפיטעל יט

1 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען ווייל אַפּוֹלוֹס אִיז גֶעוֶועזֶען אִין
קוֹרִנְתּוֹס אִיז פּוֹלוֹס דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דוּרְךְ דִיא אוֹיבֶּער
גֶעגֶענְד, אוּנְד אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין עֶפֶעזוֹס, אוּנְד הָאט גֶע־
2 פִינֶען עֶטְלִיכֶע תַּלְמִידִים: אוּנְד הָאט צוּ זייא גֶעזָאגְט, הָאט
אִיהְר דֶערְהַאלְטֶען דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ זִינְט אִיהְר הָאט גֶע־
גְלוֹיבְּט? אוּנְד זייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען
אַפִילוּ נִיט גֶעהֶערְט אוֹיבּ עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
3 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, צוּ וָואס זֶענְט אִיהְר דֶען גֶעטוֹבַלְט
גֶעוָוארֶען? אוּנְד זייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דֶער טְבִילָה פוּן
4 יוֹחָנָן: אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, יוֹחָנָן הָאט גֶעטוֹבַלְט מִיט
דֶער טְבִילָה פוּן תְּשׁוּבָה אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָאלְק אַז
זייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם וָואס קוּמְט נָאךְ אִיהְם, דָאס
5 אִיז אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אוּנְד וֶוען זייא הָאבֶּען דָאס גֶע־
הֶערְט, זֶענֶען זייא גֶעטוֹבַלְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן
6 דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ: אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף זייא
גֶעלֶעגְט, אִיז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוֹיף זייא גֶעקוּמֶען, אוּנְד
זייא הָאבֶּען גֶערֶעט מִיט לְשׁוֹנוֹת אוּנְד הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶע־
7 זָאגְט: אוּנְד אַלֶע מֶענֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען קֶעגֶען צְוֶועלְף:
8 אוּנְד עֶר אִיז אִין דֶער שׁוּל אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דְרֵייא
חֳדָשִׁים מוּטְהִיג גֶעשְׁפְּרָאכֶען, אוּנְד הָאט גֶעטַענֶעט אוּנְד
9 אִיבֶּערְגֶערֶעט וֶועגֶען דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט: אָבֶּער וֶוען
עֶטְלִיכֶע זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבֶּען נִיט
גֶעגְלוֹיבְּט אוּנְד הָאבֶּען דֶעם וֶועג פָאר דֶעם פָאלְק גֶעלֶעס־
טֶערְט, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעווֵייכְט, אוּנְד הָאט דִיא

תַּלְמִידִים אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט, אוּנְד הָאט טֶעגְלִיךְ גֶעטַענֶעט אִין
10 דֶער שׁוּל פוּן טִירַאנוֹס: אוּנְד דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צְוֵוייא
יָאהְר, אַזוֹי אַז אַלֶע וָואס הָאבֶען גֶעוְואוֹינְט אִין אַסְיָא, יוּדֶען
אוּנְד גְרֶעקֶען, הָאבֶען גֶעהֶערְט דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר:
11 אוּנְד גָאט הָאט גֶעטְהוּן גְרוֹיסֶע גְבוּרוֹת דוּרְךְ דִיא הֶענְד
12 פוּן פּוֹלוֹס: אַזוֹי אַז מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט פוּן זֵיין לֵייבּ
טִיכֶער אָדֶער פַארְטוּכֶער צוּ דִיא קְרַאנְקֶע, אוּנְד דִיא
קְרַאנְקְהֵייטֶען הָאבֶען זַייא פֶערְלָאזְט, אוּנְד דִיא בֶּעזֶע גֵייסְ־
13 טֶער זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא יוּדִישֶׁע
הַאנְדֶערֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בֶּעשְׁוֶוערֶער, הָאבֶען זִיךְ
אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען אָנְצוּרוּפֶען דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ אִיבֶּער דִיא וָואס הָאבֶען גֶעהַאט בֶּעזֶע גֵייסְטֶער אוּנְד
הָאבֶען גֶעזָאגְט, אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אֵייךְ בֶּייא יֵשׁוּעַ, דֶעם פּוֹלוֹס
14 פְּרֶעדִיגְט: אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען זִיבֶּען זִיהְן פוּן אַ גֶעוִויסֶען
15 יוּדִישֶׁען כֹּהֵן גָדוֹל וֶועלְכֶע הָאבֶען דָאס גֶעטְהוּן: אוּנְד
דֶער בֶּעזֶער גֵייסְט הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט צוּ זֵייא
גֶעזָאגְט, יֵשׁוּעַ קֶען אִיךְ, אוּנְד פּוֹלוֹס קֶען אִיךְ, אָבֶּער וֶוער
16 זֶענְט אִיהְר? אוּנְד דֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם בֶּעזֶען
גֵייסְט אִיז אוֹיף זֵייא גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, אוּנְד הָאט זַייא בֵּיידֶע
בֵּיינֶעקוּמֶען, אַזוֹי אַז זֵייא זֶענֶען אוֹיס דֶעם הוֹיז אַרוֹיסְגֶע־
17 לָאפֶען נַאקֶעט אוּנְד פַארְוְואוּנְדֶעט: אוּנְד דָאס אִיז בֶּע־
קָאנְט גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע יוּדֶען אוּנְד גְרֶעקֶען וָואס הָאבֶען
גֶעוְואוֹינְט אִין עֶפֶעזוֹס, אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף זֵייא אַלֶע גֶע־
פַאלֶען אַ שְׁרֶעק, אוּנְד דֶער נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
18 אִיז פֶערְהֶערְלִיכְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד פִילֶע פוּן דִיא וָואס
הָאבֶען גֶעגְלוֹיבְּט זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶען מִתְוַדֶה גֶע־
19 וֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶען דֶערְצֶעהְלְט זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים: אוּנְד
עֶטְלִיכֶע וָואס הָאבֶען כִּשׁוּף גֶעטְרִיבֶּען הָאבֶען זֵייעֶרֶע
בִּיכֶער צוּנוֹיפְגֶעבְּרַאכְט אוּנְד הָאבֶען זֵייא פָאר אַלֶע פֶערְ־
בְּרֶענְט, אוּנְד זֵייא הָאבֶען בֶּערֶעכֶענְט דֶעם פְּרַייז דֶערְפוּן,
אוּנְד הָאבֶען גֶעפִינֶען אַז עֶס הָאט בֶּעטְרָאפֶען פוּפְצִיג
20 טוֹיזֶענְד שְׁטִיק זִילְבֶּער: אַזוֹי אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם הַאר
מֶעכְטִיג גֶעוַואקְסֶען אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט:
21 אוּנְד נָאכְדֶעם דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוָוארֶען, הָאט

זִיךְ פּוֹלוֹס פָּארְגֶענוּמֶען אִים גֵייסְט, וָוען עֶר אִיז דוּרְכְגֶע־
גַאנְגֶען דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא אוּנְד אַכַיָא צוּ גֶעהְן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם;
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם אִיךְ בִּין דָארְט גֶעוֶועזֶען מוּז
22 אִיךְ אוֹיךְ זֶעהֶען רוֹם: אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט קֵיין מַקְדוֹנְיָא
צְוֵויא וָואס הָאבֶּען אִיהְם בֶּעדִינְט, טִימוֹתִיוֹס אוּנְד עֶרַאסְטוֹס,
אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען אַ צֵייט אִין
אַסְיָא:
23 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען קֶעגֶען יֶענֶע צֵייט אַז עֶס אִיז קֵיין
24 קְלֵיינֶער רַעשׁ גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען דֶעם וֶועג: וָוארִין אַ גֶע־
וִויסֶער מַאן וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען דִימֶעטְרִיוֹס, אַ זִילְבֶּער
אַרְבֵּייטֶער וָואס פְלֶעגְט צוּ מַאכֶען קְלֵיינֶע זִילְבֶּערְנֶע
טֶעמְפֶּעל פוּן אַרְטֶעמִיס, אוּנְד הָאט צוּ דִיא אַרְבֵּייטֶער נִיט
25 וֶוענִיג גֶעווִינְסְט אֵיינְגֶעבְּרַאכְט: הָאט זֵייא צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען
אוּנְד אוֹיךְ דִיא אַנְדֶערֶע אַרְבֵּייטֶער פוּן גְלֵייכֶער בֶּעשֶׁעפְ־
טִיגוּנְג אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיהְר ווַייסְט אַז
בַּייא דִיזֶער אַרְבֵּייט הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶער פַארְמֶעגֶען:
26 אוּנְד אִיהְר זֶעהְט אוּנְד הֶערְט, אַז נִיט אַלֵיין אִין עֶפֶעזוֹס
נֵייעֶרְט אוֹיךְ כִּמְעַט אִין גַאנְץ אַסְיָא הָאט דִיזֶער פּוֹלוֹס
פִיל לֵייט אִיבֶּערְגֶערֶעט אוּנְד אָפְּגֶעקֶעהְרְט, אִינְדֶעם עֶר
הָאט גֶעזָאגְט, אַז עֶס זֶענֶען נִיט גֶעטֶער וָואס זֶענֶען מִיט
27 הֶענְד גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד נִיט אַלֵיין אִיז דִיזֶער אוּנְ־
זֶער הַאנְדֶעל אִין סַכָּנָה צוּ בּוּשָׁה צוּ קוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דִיא גְרוֹיסֶע גֶעטִין אַרְטֶעמִיס וֶועט פַאר
גָארְנִיט גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען, אוּנְד אִיהְר גְדוּלָה וֶועט אוּנְ־
טֶערְגֶעהֶען, צוּ וֶועלְכֶער גַאנְץ אַסְיָא אוּנְד דִיא וֶועלְט דִינְט:
28 אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט אוּנְד זֶענֶען זֶעהְר
בֶּעז גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, גְרוֹיס
29 אִיז אַרְטֶעמִיס פוּן דִיא עֶפֶעזֶער: אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט
אִיז פוּל גֶעוָוארֶען מִיט גֶעטוּמֶעל; אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶע־
חַאפְּט גַאיוֹס אוּנְד אָרִיסְטַארְכוֹס, וֶועלְכֶע זֶענֶען אוֹיס מַקְדוֹנְיָא
אוּנְד הָאבֶּען מִיט פּוֹלוֹס גֶערֵייזְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען מִיט
30 אַמָאל אִין טֶעאַטֶער אַרֵיינְגֶעלָאפֶען: אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס הָאט
גֶעוָואלְט צְווִישֶׁען דֶעם פָאלְק גֶעהֶען הָאבֶּען אִיהְם דִיא
31 תַּלְמִידִים נִיט גֶעלָאזְט: אוּנְד אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא

אָפִּיצִירְען פוּן אַסְיָא וָואס זֶענֶען זֵיינֶע פְרֵיינְד גֶעוֶועזֶען
הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר
זָאל זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטֶעהְן אִין דֶעם טֶעאַטֶער אַרַיין צוּ
גֶעהֶען: אַזוֹי הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע דָאס גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד אַנְדֶערֶע 32
עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ; וָוארִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז פַארְטוּמֶעלְט
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד דִיא מֵייסְטֶען הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן
וֶועסְטְוֶועגֶען זֵייא זֶענֶען צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען:
אוּנְד פוּן דִיא לֵייט הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אַלֶכְּסַאנְדֶער 33
דֶעם דִיא יוּדֶען הָאבֶּען וֵוייטֶער גֶעשְׁטִיפְּט. אוּנְד אַלֶכְּסַאנְדֶער
הָאט גֶעוְוינְקְט מִיט דֶער הַאנְד, אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט
פָאר דֶעם פָאלְק פֶערְעֶנְטְפֶערֶען: אָבֶּער וֶוען זֵייא הָאבֶּען 34
גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אַ יוּד, הָאבֶּען אַלֶע גֶעשְׁרִיעֶן
מִיט אֵיין קוֹל פַאר צְוֵוייא שָׁעָה לַאנְג, גְרוֹיס אִיז אַרְטֶעמִיס
פוּן דִיא עֶפֶעזֶער: אוּנְד דֶער קַאנְצְלֶער הָאט דִיא לֵייט 35
גֶעשְׁטִילְט אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער פוּן עֶפֶעזוֹס, וֶועלְ־
כֶער מֶענְשׁ וֵוייסְט נִיט אַז דִיא שְׁטָאט עֶפֶעזוֹס אִיז דֶער
טֶעמְפֶּעלְהִיטֶ״ר פוּן דִיא גְרוֹיסֶע אַרְטֶעמִיס, אוּנְד פוּן דֶעם
בִּילְד וָואס אִיז פוּם הִימֶעל אַרוּפְּגֶעפַאלֶען? דְרוּם וֵוייל 36
דִיזֶע זַאכֶען קֶענֶען נִיט אָפְּגֶעלֵייקֶענְט וֶוערֶען, בֶּעדַארְפְט
אִיהְר שְׁטִיל צוּ זֵיין אוּנְד קֵיין זַאךְ אֵיילֶענְדִיג טְהוּן:
וָוארִין אִיהְר הָאט דִיזֶע מֶענֶער אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט, וָואס 37
הָאבֶּען נִיט דִיא טֶעמְפֶּעל גֶערוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען נִיט גֶע־
לֶעסְטֶערְט אַייעֶרֶע גֶעטִין: דְרוּם וֶוען דִימֶעטְרִיוֹס אוּנְד 38
דִיא אַרְבֵּייטֶער וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם הָאבֶּען עֶפֶּעס קֶעגֶען
אִימֶעצֶען אַזוֹי זֶענֶען פַארְהַאנֶען מִשְׁפָּטִים, אוּנְד דָא זֶענֶען
קֵייזֶערְלִיכֶע שְׁטֶעלְפֶערְטְרֶעטֶער, לָאזֶען זֵייא זִיךְ אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן פַארְקְלָאגֶען: אָבֶּער וֶוען אִיהְר פֶערְלַאנְגְט 39
עֶפֶּעס וֵוייטֶער אַזוֹי וֶועט עֶס בֶּעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען אִין אַ
גֶעזֶעצְלִיכֶע פֶערְזַאמְלוּנְג: וָוארִין מִיר זֶענֶען אִין אַ סַכָּנָה 40
פַארְקְלָאגְט צוּ וֶוערֶען וֶועגֶען קְרִיג פוּן וֶועגֶען דֶעם הֵיינְ־
טִיגֶען טָאג, וָוארִין עֶס אִיז קֵיינֶע אוּרְזַאכֶע נִיט פַארְהַאנֶען,
אוּנְד דֶעסְטְוֶועגֶען קֶענֶען מִיר זִיךְ נִיט פַאר דִיזֶער פֶערְזַאמְ־
לוּנְג פַארֶענְטְפֶערְן: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, הָאט 41
עֶר דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט:

## קאפיטעל כ

1 אוּנְד װֶען דָאס גֶעטוּמֶעל הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט, הָאט פּוֹלוֹס
גֶערוּפֶען דִיא תַּלְמִידִים אוּנְד דֶערְמָאנְט, אוּנְד הָאט זִיךְ
מִיט זַייא גֶעזֶעגֶענְט, אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען צוּ רַייזֶען
2 קַיין מַקְדוֹנְיָא: אוּנְד װֶען עֶר אִיז יֶענֶע עֶרְטֶער דוּרְכְגֶע־
גַאנְגֶען אוּנְד הָאט זַייא מִיט פִּילֶע רֶעד דֶערְמָאנְט, אִיז עֶר
3 גֶעקוּמֶען קַיין גְרֶעקֶענְלַאנְד: אוּנְד װֶען עֶר הָאט זִיךְ דָארְט
דְרַייא חֲדָשִׁים אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען
אוֹיף אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט, װִיא עֶר הָאט גֶעװָאלְט קַיין סוּרְיָא
אַװֶעקְשִׁיפֶען, הָאט עֶר זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען
4 קַיין מַקְדוֹנְיָא: אוּנְד עֶס זֶענֶען מִיט אִיהְם גֶעפָאהְרֶען בִּיז
אַסְיָא, סוֹפַּטְרוֹס פוּן בִּירוֹאָה, דֶער זוּהְן פוּן פּוּרוֹס, אַרִיסְ־
טַארְכוֹס אוּנְד סֶעקוּנְדוֹס פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא אוּנְד גַאיוֹס פוּן
דֶערְבִּי, אוּנְד טִימוֹתִיוֹס, אוּנְד טִיכִיקוֹס אוּנְד טְרָאפִימוֹס
5 פוּן אַסְיָא: אוּנְד דִיזֶע זֶענֶען פָארְאוֹיס גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
6 הָאבֶּען אוֹיף אוּנְס גֶעװַארְט אִין טְרוֹאַס: אָבֶּער נָאךְ דִיא
טֶעג פוּן פֶּסַח הָאבֶּען מִיר אַװֶעקְגֶעשִׁיפְט פוּן פִּילִיפִּי, אוּנְד
זֶענֶען צוּ זַייא גֶעקוּמֶען קַיין טְרוֹאַס אִין פִינְף טֶעג, אוּנְד
זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען טֶעג:
7 אוּנְד אִים עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער װָאךְ, װֶען מִיר זֶענֶען
צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען בְּרוֹיט צוּ בְּרֶעכֶען, הָאט פּוֹלוֹס צוּ זַייא
גֶעפְּרֶעדִיגְט, װָארִין עֶר הָאט גֶעװָאלְט דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג
אַװֶעקְגֶעהֶען, אוּנְד הָאט זַיינֶע רֶעדֶע גֶעהַאלְטֶען בִּיז צוּ
8 מִיטֶען נַאכְט: אוּנְד עֶס זֶענֶען פִּילֶע לִיכְט גֶעװֶעזֶען אִין
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטוּב װְאוּ מִיר זֶענֶען פֶערְזַאמֶעלְט גֶעװֶעזֶען:
9 אוּנְד אַ גֶעװִיסֶער יוּנְגֶער מַאן װָאס הָאט גֶעהֵייסֶען אַבְטוּכוֹס
אִיז גֶעזֶעסֶען בֵּייא דֶעם פֶּענְסְטֶער, אוּנְד אִיז אִין אַ טִיפֶען
שְׁלָאף גֶעפַאלֶען, אוּנְד װֶען פּוֹלוֹס הָאט לַאנְג גֶעפְּרֶעדִיגְט,
הָאט אִיהְם דֶער שְׁלָאף בֵּיינֶעקוּמֶען, אוּנְד עֶר אִיז פוּן
דֶעם דְרִיטֶען שְׁטָאק אַרוּפְגֶעפַאלֶען, אוּנְד װֶען מֶען הָאט
10 אִיהְם אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אִיז עֶר טוֹיט גֶעװֶעזֶען: אָבֶּער פּוֹלוֹס
אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד אִיז אוֹיף אִיהְם גֶעפַאלֶען, אוּנְד
הָאט אִיהְם אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, דֶערְשְׁרֶעקְט אַייךְ
11 נִיט, װָארִין זַיינֶע נְשָׁמָה אִיז אִין אִיהְם: אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיפְ־

גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט בְּרוֹיט גֶעבְּרָאכֶען אוּנְד גֶעגֶעסֶען,
אוּנְד הָאט נָאךְ פִיל מִיט זַייא גֶערֶעט בִּיז טָאג, אוּנְד אַזוֹי
12 אִיז עֶר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען דֶעם יוּנְגֶען
מַאן לֶעבֶּעדִיג גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעטְרַייסְט גֶע־
וָוארֶען אָהְן מָאס:
13 אָבֶּער מִיר זֶענֶען פָאְרָאוֹיס צוּם שִׁיף גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זִיךְ קֵיין אַסוֹס גֶעשִׁיפְט, וָוארִין דָארְט הָאבֶּען מִיר
גֶעוָואלְט פּוֹלוֹס אַרוֹיפְנֶעמֶען. וָוארִין עֶר הָאט אַזוֹי בֶּע־
14 פוֹילֶען, וַוייל עֶר זֶעלְבְּסְט אִיז צוּ פוּס גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד
וֶוען עֶר הָאט זִיךְ מִיט אוּנְס אִין אַסוֹס בֶּעגֶעגֶענְט, הָאבֶּען
מִיר אִיהְם אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין מִי־
15 טוּלִינִי: אוּנְד פוּן דָארְטֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ וַוייטֶער אַוֶועקְ־
גֶעשִׁיפְט, אוּנְד זֶענֶען אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג גֶעקוּמֶען
קֶעגֶענְאִיבֶּער כִיוֹס, אוּנְד דֶעם טָאג דֶערְנָאךְ זֶענֶען מִיר
צוּ סַאמוֹס גֶעלַאנְדֶעט, אוּנְד דֶעם נֶעכְסְטֶען טָאג זֶענֶען
16 מִיר גֶעקוּמֶען קֵיין מִילֶעטוֹס: וָוארִין פּוֹלוֹס הָאט בֶּע־
שְׁלָאסֶען עֶר זָאל עֶפֶעזוּס פַארְבֵּייא שִׁיפֶען, אַז עֶר זָאל נִיט
דִיא צַייט פַארְבְּרֶענְגֶען אִין אַסְיָא; וָוארִין עֶר הָאט זִיךְ
גֶעאַיילְט אַז עֶר זָאל, וֶוען עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם
אוֹיף שְׁבוּעוֹת:
17 אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט פוּן מִילֶעטוֹס קֵיין עֶפֶעזוּס, אוּנְד
18 הָאט גֶערוּפֶען דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דֶער קְהִלָּה: אוּנְד וֶוען
זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט,
אִיהְר וַוייסְט אַז פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן וֶוען אִיךְ הָאבּ
אַסְיָא בֶּעטְרֶעטֶען, אוֹיף וֶועלְכֶען אוֹפֶן אִיךְ בִּין בֵּייא
19 אֵייךְ דִיא גַאנְצֶע צַייט גֶעוֶועזֶען: אוּנְד וִויא אִיךְ הָאבּ
גֶעדִינְט דֶעם הַאר מִיט אַלֶער דֶעמוּט אוּנְד מִיט טְרֶערֶען
אוּנְד פְּרִיפוּנְגֶען, וָואס אִיז מִיר צוּגֶעטְרָאפֶען דוּרְךְ דִיא
20 לוֹיעֶרוּנְגֶען פוּן דִיא יוּדֶען: וִויא אִיךְ הָאבּ גָארְנִיט צוּרִיקְ־
גֶעהַאלְטֶען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען נִיצְלִיךְ פַאר אֵייךְ, אַז אִיךְ
זָאל אֵייךְ נִיט דֶערְקְלֶעהְרֶען אוּנְד לֶעהְרֶען עֶפֶענְטְלִיךְ פוּן
21 הוֹיז צוּ הוֹיז: אוּנְד זָאל בֶּעצֵייגֶען צוּ יוּדֶען אוּנְד גְרֶעקֶען
תְּשׁוּבָה צוּ גָאט אוּנְד גְלוֹיבֶּען אָן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
22 הַמָּשִׁיחַ: אוּנְד נוּן זֶעה, אִיךְ גֶעה גֶעבּוּנְדֶען אִים גֵייסְט

קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד וֵוייס נִיט וָואס וֶועט מִיר דָארְט בֶּעגֶע־
23 גֶעגְנֶען: חוּץ אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ בֶּעצֵייגְט צוּ מִיר אִין
יֶעדֶער שְׁטָאט אוּנְד זָאגְט, אַז קֶעטֶען אוּנְד צָרוֹת וַוארְטֶען
24 אוֹיף מִיר: אָבֶּער אִיךְ מַאךְ מִיר גָארְנִיט דֶערְפוּן, אוּנְד
אִיךְ הַאלְט נִיט מֵיין לֶעבֶּען טְהֵייעֶר צוּ מִיר זֶעלְבְּסְט, אַז
אִיךְ זָאל מֵיין לוֹיף עֶנְדִיגֶען, אוּנְד דֶעם דִינְסְט וָואס אִיךְ
הָאבּ אָנְגֶענוּמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, צוּ בֶּעצֵייגֶען דִיא
25 בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט: אוּנְד אַצוּנְד זֶעה,
אִיךְ וֵוייס אַז אִיהְר אַלֶע, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין אַרוּמְ־
גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבּ גֶעפְּרֶעדִיגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ, וֶועט
26 נִיט מֶעהְר זֶעהֶען מֵיין פָּנִים: דְרוּם בֶּעצֵייג אִיךְ אֵייךְ דֶעם
הֵיינְטִיגֶען טָאג, אַז אִיךְ בִּין רֵיין פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן אַלֶע:
27 וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט פַארְמִיטֶען אֵייךְ צוּ צֵייגֶען דֶעם
28 גַאנְצֶען סוֹד פוּן גָאט: גִיבְּט אַכְטוּנְג אוֹיף אֵייךְ זֶעלְבְּסְט,
אוּנְד אוֹיף דִיא גַאנְצֶע סְטַאדֶע, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ הָאט אֵייךְ גֶעמַאכְט אוֹיפְזֶעהֶער, צוּ פַּאסֶען דִיא
קְהִלָּה פוּן גָאט וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעקוֹיפְט מִיט זֵיין אֵייגֶען
29 בְּלוּט: אִיךְ וֵוייס אַז נָאךְ מֵיין אָפְּשֵׁיידֶען וֶועלֶען בֶּעזֶע
וֶועלְף צוּ אֵייךְ אַרֵיינְקוּמֶען, אוּנְד וֶועלֶען נִיט שׁוֹינֶען דִיא
30 סְטַאדֶע: אוּנְד פוּן אֵייךְ אַלֵיין וֶועלֶען מֶענֶער אוֹיפְ־
שְׁטֶעהֶען וָואס וֶועלֶען רֶעדֶען פַארְקֶעהְרְטֶע זַאכֶען, כְּדֵי
31 זֵייא זָאלֶען דִיא תַּלְמִידִים נָאךְ זִיךְ צוּצִיהֶען: דְרוּם
וַואכְט, אוּנְד גֶעדֶענְקְט, אַז דְרֵייא יָאהְר לַאנְג הָאבּ אִיךְ
נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט נַאכְט אוּנְד טָאג אִיטְלִיכֶען צוּ וָוארְנֶען
מִיט טְרֶערֶען:
32 אוּנְד אַצוּנְד עֶמְפְּפֶעהְל אִיךְ אֵייךְ צוּ דֶעם הַאר אוּנְד צוּם
וָוארְט פוּן זֵיינֶער גְנָאד, וָואס אִיז מֶעכְטִיג אוֹיפְצוּבּוֹיעֶן,
אוּנְד צוּ גֶעבֶּען אֵיינֶע עֶרְבְּשַׁאפְט צְווִישֶׁען אַלֶע הֵיילִיגֶע:
33 אִיךְ הָאבּ פוּן קֵיינֶעם נִיט בֶּעגֶעהְרְט זִילְבֶּער אָדֶער גָאלְד
34 אָדֶער קְלֵיידוּנְג: אִיהְר וֵוייסְט אַלֵיין אַז דִיזֶע הֶענְד הָאבֶּען
גֶעדִינְט צוּ מֵיינֶע בֶּעדֶערְפְנִיס, אוּנְד צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
35 מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען: אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אַלֶע גֶעלֶעהְרְט אַז
אִיהְר זָאלְט אַזוֹי אַרְבֵּייטֶען אוּנְד דִיא שְׁוַואכֶע הֶעלְפֶען,
אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט גֶעדֶענְקֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם

הַאר יֵשׁוּעַ, וִויא עֶר הָאט אַלֵיין גֶעזָאגְט, עֶס אִיז מֶעהְר
36 גֶעבֶּענְשְׁט צוּ גֶעבֶּען וִויא צוּ נֶעמֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
דָאס גֶעזָאגְט, הָאט עֶר גֶעקְנִיעֶט אוּנְד הָאט מִיט זֵייא אַלֶע
37 גֶעבֶּעטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אַלֶע שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט, אוּנְד
זֶענֶען פּוֹלוֹס אוֹיף דֶעם הַאלְז גֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאבֶּען
38 אִיהְם גֶעקִישְׁט: אוּנְד זֵייא זֶענֶען בֶּעזוּנְדֶערְס טְרוֹירִיג גֶעוֶוען
אִיבֶּער דֶעם וָוארְט וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אַז זֵייא וֶועלֶען
נִיט מֶעהְר זֶעהֶען זֵיין פָּנִים. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם בֶּע־
גְלֵייט בִּיז צוּ דֶעם שִׁיף:

## קאַפִּיטעל כא

1 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ פוּן זֵייא
אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, זֶענֶען מִיר
גֶעקוּמֶען מִיט אַ גְלֵייכֶען וֶועג קֵיין קוֹאַס, אוּנְד דֶעם
אַנְדֶערֶען טָאג קֵיין רוֹדוֹס, אוּנְד פוּן דָארְטֶען קֵיין פַּטָרָא:
2 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען אַ שִׁיף וָואס גֶעהְט אַרִיבֶּער
קֵיין פִינִיקְיָא, זֶענֶען מִיר אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
3 אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט: אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען דֶערְזֶעהֶען קִיפְּרוֹס,
אוּנְד הָאבֶּען עֶס צוּ דִיא לִינְקֶע הַאנְד אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, הָאבֶּען
מִיר זִיךְ גֶעשִׁיפְט קֵיין סוּרְיָא, אוּנְד זֶענֶען אַרוּפְּגֶעקוּמֶען
קֵיין צֹר; וָוארִין דָארְט הָאט דָאס שִׁיף גֶעזָאלְט אָפְּלֶעגֶען
4 מַשָּׂא: אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען דִיא תַּלְמִידִים, אוּנְד
זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען זִיבֶּען טֶעג, וֶועלְכֶע הָאבֶּען צוּ
פּוֹלוֹס דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט גֶעזָאגְט, אַז עֶר זָאל נִיט אַרוֹיפְּ־
5 גֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען דִיא טֶעג
גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען מִיר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
אוּנְס אַלֶע בֶּעגְלֵייט מִיט וַוייבֶּער אוּנְד קִינְדֶער בִּיז אוֹיס
דֶער שְׁטָאט אַרוֹיס, אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעקְנִיעֶט בַּיים
6 בָּארְטֶען פוּן יַם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען: אוּנְד וֶוען מִיר
הָאבֶּען זִיךְ מִיט אֵיינַאנְדֶער גֶעזֶעגֶענְט, זֶענֶען מִיר צוּם
שִׁיף אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אַהֵיים גֶע־
קֶעהְרְט:
7 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען דִיא רַייזֶע פוּן צֹר גֶעעֶנְדִיגְט, זֶענֶען
מִיר אַרוּפְּגֶעקוּמֶען קֵיין פְּטָאלֶעמָא, אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען
דִיא בְּרִידֶער גֶעגְרִיסְט, זֶענֶען מִיר בֵּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען

8 אֵיין טָאג: אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג זֶענֶען מִיר אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין קֵיסְרִין, אוּנְד זֶענֶען
אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִים הוֹיז פוּן פִילִיפּוֹס, וֶועלְכֶער אִיז גֶע־
וֶועזֶען אַ מְבַשֵׂר אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּנְד מִיר
9 זֶענֶען בֵּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען: אוּנְד דִיזֶער הָאט גֶעהַאט
פִיעֶר טֶעכְטֶער וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען בְּתוּלוֹת, אוּנְד הָאבֶּען
נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט:
10 אוּנְד נָאכְדֶעם מִיר זֶענֶען דָארְט גֶעבְּלִיבֶּען פִילֶע טֶעג, אִיז
אַ נָבִיא אַרוּפְּגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם לַאנְד יְהוּדָה, וָואס הָאט
11 גֶעהֵייסֶען אַגַאבּוֹס: אוּנְד עֶר אִיז צוּ אוּנְס גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט גֶענוּמֶען דֶעם גַארְטֶעל פוּן פּוֹלוֹס, אוּנְד הָאט זִיךְ
גֶעבּוּנְדֶען הֶענְד אוּנְד פִּיס, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, דָאס זָאגְט
דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ, אַזוֹי וֶועלֶען דִיא יוּדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם
בִּינְדֶען דֶעם מַאן וֶועמֶעס גַארְטֶעל דָאס אִיז, אוּנְד וֶועלֶען
12 אִיהְם אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא גוֹיִם; אוּנְד
וֶוען מִיר הָאבֶּען דִיזֶע וֶוערְטֶער גֶעהֶערְט, הָאבֶּען מִיר אוּנְד
דִיא לֵייט פוּן דֶעם אָרְט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל נִיט
13 אַרוֹיפְגֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: דַאן הָאט פּוֹלוֹס גֶעעֶנְטְפֶערְט,
וָואס טְהוּט אִיהְר, אַז אִיהְר וֵויינְט אוּנְד צוּבְּרֶעכְט מֵיין
הַארְץ? וָוארִין אִיךְ בִּין אָנְגֶעבְּרֵייט נִיט אַלֵיין גֶעבּוּנְדֶען צוּ
וֶוערֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ שְׁטַארְבֶּען אִין יְרוּשָׁלַיִם פַאר
14 דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ: אוּנְד וֵוייל עֶר הָאט זִיךְ
נִיט גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען, הָאבֶּען מִיר אוֹיפְגֶעהֶערְט אוּנְד
גֶעזָאגְט, לָאז דֶער וִוילֶען פוּן דֶעם הַאר גֶעשֶׁעהֶען:
15 אוּנְד נָאךְ דִיזֶע טֶעג הָאבֶּען מִיר אוּנְזֶערֶע זַאכֶען אֵיינְגֶע־
16 פַּאקְט אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד
עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא תַּלְמִידִים פוּן קֵיסְרִין זֶענֶען מִיט אוּנְס
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען מִיט זִיךְ גֶעפִּיהְרְט אַ גֶעוִויסֶען
מְנָסוֹן פוּן קִיפְּרוֹס, אֵיין אַלְטֶען תַּלְמִיד, בֵּייא וֶועלְכֶען מִיר
הָאבֶּען גֶעזָאלְט אֵיינְשְׁטֶעהֶען:
17 אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען אוּנְס
18 דִיא בְּרִידֶער אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט פְרֵייד: אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען
טָאג אִיז פּוֹלוֹס מִיט אוּנְס אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען צוּ יַעֲקֹב, אוּנְד
19 אַלֶע עֶלְצְטֶע זֶענֶען אַהִין גֶעקוּמֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט

זַייא גֶעגְרִיסְט הָאט עֶר זַייא דֶערְצֶעהְלְט אֵיינְס נָאךְ דֶעם
אַנְדֶערֶען וָואס גָאט הָאט גֶעטְהוּן צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם דוּרְךְ
זַיין דִינְסְט: אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען דָאס גֶעהֶערְט, הָאבֶּען 20
זַייא גָאט גֶעלוֹיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, דוּא
זֶעהְסְט, בְּרוּדֶער, ווִיא פִיל טוֹיזֶענְד צְווִישֶׁען דִיא יוּדֶען
זֶענֶען דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען, אוּנְד זַייא זֶענֶען אַלֶע אֵייפְרִיג
פַאר דֶער תּוֹרָה: אוּנְד זַייא הָאבֶּען וֶועגֶען דִיר גֶעהֶערְט, 21
אַז דוּא לֶעהְרְסְט אַלֶע יוּדֶען וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם
אַז זַייא זָאלֶען פוּן תּוֹרַת מֹשֶׁה אָפְּטְרֶעטֶען, אוּנְד דוּא
זָאגְסְט אַז זַייא זָאלֶען נִיט דִיא קִינְדֶער בֶּעשְׁנֵיידֶען, אוּנְד
זָאלֶען נִיט נָאכְגֶעהֶען דִיא מִנְהָגִים: וָואס אִיז עֶס דֶען? 22
זַייא וֶועלֶען גֶעווִיס הֶערֶען אַז דוּא בִּיסְט גֶעקוּמֶען: דְרוּם 23
טְהוּא דָאס וָואס מִיר זָאגֶען צוּ דִיר; עֶס זֶענֶען מִיט אוּנְס
פִיעֶר מֶענְשֶער וָואס הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ אַ נֶדֶר: נֶעם דִיזֶע, 24
אוּנְד רֵיינִיג דִיךְ מִיט זַייא, אוּנְד לָאז דִיךְ גָאהְלֶען פַאר
זַייא, אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ דֶעם קָאפּ שֶׁערֶען, אוּנְד אַלֶע
וֶועלֶען ווִיסֶען אַז דָאס וָואס זַייא הָאבֶּען וֶועגֶען דִיר גֶע־
הֶערְט אִיז גָארְנִיט, אָבֶּער דוּא וַואנְדֶעלְסְט זֶעלְבְּסְט אוֹיפְ־
רִיכְטִיג, אוּנְד הַאלְטְסְט דִיא תּוֹרָה: אָבֶּער וֶועגֶען דִיא גוֹיִם 25
וָואס גְלוֹיבֶּען, הָאבֶּען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
פַאסְקֶעט אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ הִיטֶען פוּן דִיא קָרְבָּנוֹת צוּ
דִיא אָפְּגֶעטֶער אוּנְד פוּן בְּלוּט אוּנְד פוּן דֶערְוָוארְגֶענֶע
זַאכֶען אוּנְד פוּן זְנוּת: דַאן הָאט פּוֹלוֹס דִיא מֶענֶער גֶע־ 26
נוּמֶען, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג הָאט עֶר זִיךְ מִיט זַייא
גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד אִיז אִים בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד הָאט אָנְגֶעזָאגְט דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דִיא טֶעג פוּן
דֶער רֵיינִיגוּנְג, בִּיז דָאס קָרְבָּן וֶועט פַאר אִיטְלִיכֶען פוּן זַייא
גֶעבְּרַאכְט וֶוערֶען:
אוּנְד וֶוען דִיא זִיבֶּען טֶעג זֶענֶען בַּאלְד גֶעעֶנְדִיגְט גֶעוֶועזֶען, 27
הָאבֶּען אִיהְם דִיא יוּדֶען פוּן אַסְיָא גֶעזֶעהֶען אִים בֵּית
הַמִּקְדָּשׁ, אוּנְד הָאבֶּען דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיפְגֶעהֶעצְט,
אוּנְד הָאבֶּען זֵיירֶע הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט: אוּנְד הָאבֶּען 28
גֶעשְׁרִיעֶן, מֶענְשֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, הֶעלְפְט; דָאס אִיז דֶער מַאן
וָואס לֶעהְרְט אַלֶע מֶענְשֶׁען אִין אַלֶע עֶרְטֶער קֶעגֶען דֶעם

פָּאלְק אוּנְד דֶער תּוֹרָה אוּנְד דִיזֶען אָרְט; אוּנְד עֶר הָאט
אוֹיךְ גְרֶעקֶען אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד הָאט
29 דִיזֶען הֵיילִיגֶען אָרְט גֶעמֵיין גֶעמַאכְט: וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
פְרִיהֶער גֶעזֶעהֶען טְרוֹפִימוֹס פוּן עֶפֶעזוּס מִיט אִיהְם אִין
דֶער שְׁטָאט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז פּוֹלוֹס הָאט אִיהְם
30 אִים בֵּית הַמִּקְדָשׁ אַרֵיינְגֶעפִיהְרְט: אוּנְד דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאט
אִיז פֶערְטִימֶעלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס פָּאלְק אִיז צוּנוֹיף
גֶעלָאפֶען, אוּנְד זֵייא הָאבֶּען פּוֹלוֹס אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד הָא־
בֶּען אִיהְם אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דֶעם בֵּית הַמִּקְדָשׁ, אוּנְד
גְלֵייךְ זֶענֶען דִיא טְהִירֶען פַארְשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען:
31 אוּנְד ווִיא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען, אִיז אָנְגֶע־
קוּמֶען אַ בֶּערִיכְט צוּם הוֹיפְּטְמַאן פוּן דֶעם חַיִל, אַז גַאנְץ
32 יְרוּשָׁלַיִם אִיז אִין אַ מְהוּמָה: אוּנְד גְלֵייךְ הָאט עֶר גֶענוּמֶען
סָאלְדַאטֶען אוּנְד אָפִיצִירֶען, אוּנְד אִיז צוּ זֵייא אַרוּפְּגֶע־
לָאפֶען; אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אוּנְד דִיא
סָאלְדַאטֶען דֶערְזֶעהֶען הָאבֶּען זֵייא אוֹיפְגֶעהֶערְט פּוֹלוֹס צוּ
33 שְׁלָאגֶען: דַאן אִיז דֶער הוֹיפְּטְמַאן צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם גֶענוּמֶען אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען שְׁלִיסֶען מִיט
צְוֵוייא קֶעטֶען; אוּנְד עֶר הָאט גֶעפְרֶעגְט וֶוער עֶר אִיז,
34 אוּנְד וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן: אוּנְד אֵיטְלִיכֶער צְווִישֶׁען דֶעם
פָּאלְק הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד אַ יֶעדֶער עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ;
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט קֵיין זִיכֶערֶעס ווִיסֶען דוּרְךְ
דֶעם גֶעטוּמֶעל, הָאט עֶר אִיהְם גֶעהֵייסֶען אִין דֶעם לַאגֶער
35 אַרֵיינְפִיהְרֶען: אָבֶּער וֶוען עֶר אִיז אוֹיף דִיא טְרֶעפֶּען גֶע־
קוּמֶען, הָאבֶּען אִיהְם דִיא סָאלְדַאטֶען גֶעטְרָאגֶען וֶועגֶען
36 דִיא גֶעוַואלְטְטֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם פָּאלְק: וָוארִין אַ סַךְ
פָּאלְק הָאט נָאכְגֶעפָאלְגְט אוּנְד גֶעשְׁרִיעֶן, אַוֶועק מִיט
אִיהְם:
37 אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאלְט אִים לַאגֶער אַרֵיינְגֶעפִיהְרְט
וֶוערֶען הָאט עֶר צוּם הוֹיפְּטְמַאן גֶעזָאגְט, מֶעג אִיךְ דִיר
עֶפֶּעס זָאגֶען? אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פַארְשְׁטֶעהְסְט דוּא
38 גְרֶעקִישׁ? בִּיסְט דוּא נִיט דֶער מִצְרִי וָואס הָאסְט פָאר דִיזֶע
טֶעג אַ מְרִידָה גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאסְט אִין דֶער ווִיסְטֶענִיס
אַרוֹיסְגֶעפִיהְרְט פִיער טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען פוּן דִיא רוֹצְחִים?

אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין אַ יוּדִישֶׁער מַאן אוֹיס 39
תַּרְשִׁישׁ אִין קִילִיקְיָא, אַ בִּירְגֶער פוּן קֵיינֶע גֶעמֵיינֶע
שְׁטָאט; אוּנְד אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לָאז מִיךְ צוּם פָאלְק רֶעדֶען:
אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אִיהְם גֶעלָאזְט, הָאט זִיךְ פּוֹלוֹס גֶע־ 40
שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא טְרֶעפֶּען אוּנְד הָאט מִיט דֶער הַאנְד
גֶעוִוינְקֶען צוּם פָאלְק; אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גַאנְץ שְׁטִיל גֶע־
וָוארֶען, הָאט עֶר צוּ זֵייא גֶערֶעט אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ אוּנְד
גֶעזָאגְט:

## קאפיטעל כב

מֶענֶער, בְּרִידֶער אוּנְד פֶעטֶער, הָארְכְט אַצוּנְד מֵיינֶע פַארְ־ 1
עֶנְטְפֶערוּנְג צוּ אֵייךְ: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַז 2
עֶר הָאט צוּ זֵייא גֶערֶעט אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ, זֶענֶען זֵייא
נָאךְ שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט: אִיךְ בִּין 3
אַ יוּדִישֶׁער מַאן, גֶעבּוֹירֶען אִין תַּרְשִׁישׁ אִין קִילִיקְיָא, אוּנְד
אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט צוּ דִיא פִּיס פוּן
גַמְלִיאֵל, אוּנְד בִּין שְׁטְרֶענְג גֶעלֶערְנְט גֶעוֶועזֶען אִין דִיא
תּוֹרָה פוּן דִיא פֶעטֶער, אוּנְד הָאבּ גֶעהַאט קִנְאָה וֶועגֶען
גָאט אַזוֹי וִויא אִיהְר אַלֶע דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג: אוּנְד אִיךְ 4
הָאבּ דִיזֶען וֶועג פַארְפָאלְגְט בִּיז צוּם טוֹיט, אִינְדֶעם אִיךְ
הָאבּ מֶענֶער אוּנְד פְרוֹיעֶן גֶעבּוּנְדֶען אוּנְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען
אִין גֶעפֶענְגְנִיס: אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אוּנְד אַלֶע 5
עֶלְצְטֶע מִיר בֶּעצֵייגֶען; פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ בְּרִיף
גֶענוּמֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד בִּין גֶעגַאנְגֶען קֵיין דַמֶשֶׂק
אַז אִיךְ זָאל בְּרֶענְגֶען אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען דָארְט גֶעוֶועזֶען
גֶעבּוּנְדֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אַז זֵייא זָאלֶען בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוע־
רֶען: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וִויא אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען אוּנְד 6
בִּין נָאהֶענְט גֶעקוּמֶען צוּ דַמֶשֶׂק קֶעגֶען מִיטֶען טָאג הָאט
פְּלוּצְלִינְג אַ גְרוֹיס לִיכְט פוּן הִימֶעל אַרוּם מִיר גֶעשֵׁיינְט.
אוּנְד אִיךְ בִּין צוּ דֶער עֶרְד גֶעפַאלֶען אוּנְד הָאבּ גֶעהֶערְט 7
אַ קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שָׁאוּל, שָׁאוּל, וָוארוּם
פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ? אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט, הַאר, 8
וֶוער בִּיסְט דוּא? אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין
יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי, דֶעם דוּא פֶערְפָאלְגְסְט: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען 9
מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען דָאס לִיכְט גֶעזֶעהֶען, אָבֶּער דָאס

קוֹל וָואס הָאט צוּ מִיר גֶערֶעט הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעהֶערְט:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, הַאר, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אוּנְד
דֶער הַאר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף אוּנְד גֶעה
קֵיין דַמֶשֶׂק, אוּנְד דָארְט וֶועט דִיר גֶעזָאגְט וֶוערֶען וֶועגֶען
11 אַלֶעם וָואס אִיז דִיר בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארֶען צוּ טְהוּן: אוּנְד
וֶוען אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקָאנְט זֶעהֶען פַאר דִיא קְלָארְהֵייט
פוּן דִיזֶעם לִיכְט, בִּין אִיךְ גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען בֵּייא דֶער
הַאנְד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גֶעוֶועזֶען, אוּנְד בִּין
גֶעקוּמֶען קֵיין דַמֶשֶׂק:
12 אוּנְד אַ גֶעוִוויסֶער חֲנַנְיָה, אַ פְרוּמֶער מַאן נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ,
וָואס אִיז בֶּעצֵייגְט גֶעוֶועזֶען פוּן אַלֶע יוּדֶען וָואס הָאבֶּען
13 דָארְט גֶעוְואוֹינְט: אִיז צוּ מִיר גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ
בֵּייא מִיר גֶעשְׁטֶעלְט, אוּנְד הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, בְּרוּדֶער
שָׁאוּל, זַייא זֶעהֶענְדִיג. אוּנְד אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע שָׁעָה הָאבּ
14 אִיךְ אִיהְם אָנְגֶעזֶעהֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער גָאט
פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת הָאט דִיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אַז דוּא
זָאלְסְט זֵיין ווִילֶען דֶערְקֶענֶען, אוּנְד זָאלְסְט זֶעהֶען דֶעם
גֶערֶעכְטֶען אוּנְד זָאלְסְט הֶערֶען אַ קוֹל פוּן זֵיין מוֹיל:
15 וָוארִין דוּא זָאלְסְט אִיהְם זֵיין צוּם עֵדוּת צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען,
וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶע־
16 הֶערְט: אוּנְד אַצוּנְד וָוארוּם זוּמְסְט דוּא דִיךְ? שְׁטֶעה אוֹיף
אוּנְד לָאז דִיךְ טוֹבֵלְן, אוּנְד וַואשׁ אָפּ דַיינֶע זִינְד, אוּנְד רוּף
אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר:
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבּ גֶעבֶּעטֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ, אַזוֹי
18 בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אִין אַיינֶע עֶרְשֵׁיינוּנְג: אוּנְד אִיךְ הָאבּ
אִיהְם גֶעזֶעהֶען, אַז עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, אֵייל דִיךְ,
אוּנְד גֶעה גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיס אוֹיס יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין זֵייא
19 וֶועלֶען נִיט אָנְנֶעמֶען דֵיין צֵייגְנִיס וֶועגֶען מִיר: אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעזָאגְט, הַאר, זֵייא אַלֵיין ווִיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ אִין
בֶּעפֶענְגְנִיס אֵיינְגֶעזֶעצְט אוּנְד הָאבּ אִין אַלֶע שׁוּלֶען גֶע־
20 שְׁלָאגֶען דִיא וָואס הָאבֶּען אַן דִיר גֶעגְלוֹיבְּט: אוּנְד וֶוען
דָאס בְּלוּט פוּן דֵיין עֵדוּת סְטֶעפַאנוּס אִיז פַארְגָאסֶען גֶעוָוא־
רֶען, בִּין אִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד הָאבּ

אַיינְגֶעוִוילִיגְט אוּנְד הָאבּ גֶעהִיט דִיא קְלֵיידֶער פוּן דִיא וָואס
21 הָאבֶּען אִיהְם גֶעהַרְגֶעט: אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, גֶעה
אַהִין, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיךְ וַוייט אַוֶועקְשִׁיקֶען צוּ דִיא גוֹיִם;
22 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם צוּגֶעהֶערְט בִּיז צוּ דִיזֶעם וָוארְט,
אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען זֵייעֶר קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט, אַוֶועק
מִיט אַזֶעלְכֶען מַאן פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין עֶר דַארְף נִיט
23 לֶעבֶּען: אוּנְד דֶערְוַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער צוּרִיסֶען אוּנְד שְׁטוֹיבּ אִין דֶער לוּפְט
24 גֶעוָוארְפֶען: הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן בֶּעפוֹילֶען אַז מֶען זָאל
אִיהְם אִים לַאגֶער אַרֵיינְבְּרֶענְגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט אַז זֵייא
זָאלֶען אִיהְם שְׁמִיץ גֶעבֶּען אוּנְד פַארְהֶערֶען, כְּדֵי עֶר זָאל
25 ווִיסֶען פַארְוָואס זֵייא שְׁרֵייעֶן אַזוֹי פִיל קֶעגֶען אִיהְם: אוּנְד
ווִיא זֵייא הָאבֶּען אִיהְם מִיט רִימֶען אָנְגֶעבּוּנְדֶען, הָאט פּוֹלוֹס
גֶעזָאגְט צוּ דֶעם אָפִיצִיעֶר דֶער אִיז דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען,
אִיז עֶס אוֹיךְ דֶערְלוֹיבְּט אַ רוֹמִישֶׁען מַאן אָהְן אַ מִשְׁפָּט
26 צוּ שְׁלָאגֶען? אוּנְד וֶוען דֶער אָפִיצִיעֶר הָאט דָאס גֶעהֶערְט,
אִיז עֶר צוּם הוֹיפְּטְמַאן גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט דֶערְצֶעהְלְט
אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס טְהוּסְט דוּא? וָוארִין דִיזֶער מַאן אִיז
27 אַ רוֹמֶער: אוּנְד דֶער הוֹיפְּטְמַאן אִיז צוּגֶעקוּמֶען אוּנְד
הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, זָאג מִיר, בִּיסְט דוּא אַ רוֹמֶער?
28 אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, יָא: אוּנְד דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ דִיזֶעם בִּירְגֶערְרֶעכְט פַאר פִיל
גֶעלְד בֶּעקוּמֶען; אוּנְד פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט, אָבֶּער אִיךְ
29 בִּין פְרֵייא גֶעבּוֹירֶען: דְרוּם זֶענֶען זֵייא בַּאלְד פוּן אִיהְם
אָפְּגֶעטְרֶעטֶען וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזָאלְט פַארְהֶערֶען;
אַפִילוּ דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט זִיךְ גֶעפָארְכְטֶען, וֶוען עֶר
הָאט גֶעוָואר גֶעוָוארֶען אַז עֶר אִיז אַ רוֹמֶער, וַוייל עֶר
הָאט אִיהְם גֶעבּוּנְדֶען:
30 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערֶען טָאג, וַוייל עֶר הָאט פַאר זִיכֶער
גֶעוָואלְט ווִיסֶען וָוארוּם עֶר אִיז פַארְקְלָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן
דִיא יוּדֶען, הָאט עֶר אִיהְם פְרֵייא גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאט
גֶעהֵייסֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דָאס גַאנְצֶע סַנְהֶדְרִין
צוּזַאמֶענְקוּמֶען, אוּנְד הָאט פּוֹלוֹס אַרוּפְגֶעבְּרַאכְט, אוּנְד
הָאט אִיהְם צְווִישֶׁען זֵייא גֶעשְׁטֶעלְט:

## קאפיטעל כג

1 אוּנְד פּוֹלוּס הָאט דִיא סַנְהֶדְרִין אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעזָאגְט,
מֶענֶער, בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ פָאר גָאט גֶעוַואנְדֶעלְט מִיט אַ
גַאנְץ גוּטֶען גֶעוִויסֶען. בִּיז צוּ דֶעם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
2 אוּנְד חֲנַנְיָה דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא וָואס זֶענֶען
דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען, אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם אוֹיףְ דֶעם
3 מוֹיל שְׁלָאגֶען: דַאן הָאט פּוֹלוּס צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גָאט
וֶועט דִיךְ שְׁלָאגֶען, דוּא אִיבֶּערְגֶעקְלֶעבְּטֶע וַואנְד! זִיצְּסְט
דוּא מִיךְ צוּ רִיכְטֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד קֶעגֶען דֶעם
4 גֶעזֶעץ הֵייסְט מִיךְ שְׁלָאגֶען? אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען
דֶערְבֵּייא גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט, זִידֶעלְסְט דוּא דֶעם
5 כֹּהֵן גָדוֹל פוּן גָאט? אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ
נִיט גֶעוואוּסְט, בְּרִידֶער, אַז עֶר אִיז כֹּהֵן גָדוֹל; וָוארִין עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זַאלְסְט נִיט אִיבֶּעל רֶעדֶען פוּן דֶעם
6 פִירְשְׁטֶען פוּן דַיין פָאלְק: שמות כ״ב כ״ז. אוּנְד וֶוען פּוֹלוּס
הָאט גֶעוואוּסְט אַז דֶער אֵיינֶער טְהֵייל אִיז צַדוּקִים אוּנְד
דֶער אַנְדֶערֶער טְהֵייל פְּרוּשִׁים, הָאט עֶר אִין דֶעם סַנְהֶדְרִין
גֶעשְׁרִיעֶן, מֶענֶער, בְּרִידֶער, אִיךְ בִּין אַ פָּרוּשׁ, דֶער זוּהְן
פוּן פְּרוּשִׁים; וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג אוּנְד תְּחִיַת הַמֵתִים בִּין
7 אִיךְ גֶערִיכְטֶעט: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶערֶעט, אִיז אַ
שְׁטְרֵייט גֶעוָוארֶען צְוִוישֶען דִיא פְּרוּשִׁים אוּנְד דִיא צַדוּקִים,
8 אוּנְד דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג אִיז צוּטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען: וָוארִין
דִיא צַדוּקִים זָאגֶען אַז עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען קֵיין תְּחִיַת
הַמֵתִים אוּנְד קֵיין מַלְאָךְ אוּנְד קֵיין גֵייסְט; אָבֶּער דִיא פְּרוּשִׁים
9 בֶּעקֶענֶען בֵּיידֶעס: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גְרוֹיס
גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא סוֹפְרִים פוּם טְהֵייל פוּן
דִיא פְּרוּשִׁים זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעשְׁטְרֵיי-
טֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס גֶעפִינֶען
אִין דִיזֶעם מַאן, אָבֶּער וָואס דֶען וֶוען אַ גֵייסְט אָדֶער אַ
10 מַלְאָךְ הָאט צוּ אִיהְם גֶערֶעט? אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען
אַ גְרוֹיסֶער קְרִיג, הָאט זִיךְ דֶער הוֹיפְּטְמַאן גֶעפָארְכְטֶען אַז
זֵייא זָאלֶען נִיט פּוֹלוּס צוּרֵייסֶען, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען דִיא
סָאלְדַאטֶען אַרוּפְגֶעהֶען, אוּנְד פּוֹלוּס פוּן מִיטֶען זֵייא
אַוֶועקְשְׁלֶעפֶּען, אוּנְד אִים לַאנֶגער אַרֵיין פִיהְרֶען:

11 אוּנד אִין דִיא אַנדערע נאַכט אִיז דער הער בּייא אִיהם געשטאַנען אוּנד האט געזאָגט, זייא געטרייסט, וואָרין אַזוֹי ווִיא דוּא האָסט בּעצייגט וועגען מִיר אִין ירוּשָׁלַיִם, אַזוֹי מוּזט דוּא אוֹיךְ אִין רוֹים בּעצייגען:
12 אוּנד ווען עס אִיז טאָג געוואָרען, האָבּען דִיא יוּדען אַ חרם געמאַכט, אוּנד האָבּען זיךְ פאַרשׁוואוירען אוּנד געזאָגט אַז זייא וועלען נִיט עסען אוּנד נִיט טרִינקען בִּיז
13 זייא האָבּען פּוֹלוֹס געהַרגעט: אוּנד עס זענען געוועזען מעהר ווִיא פִירציג וואָס האָבּען דיזע פערשׁווערוּנג
14 געמאַכט: אוּנד זייא זענען געקוּמען צוּ דִיא ערשטע כֹּהֲנִים אוּנד צוּ דִיא עלצטע אוּנד האָבּען געזאָגט, מִיר האָבּען שטרענג בּחרם געשוואוירען אַז מִיר וועלען נִיט
15 עסען בִּיז מִיר וועלען פּוֹלוֹס הַרגענען: דרוּם לאָזט אִיהר אַצוּנד דעם הוֹיפּטמאַן אוּנד דִיא סַנהֶדרִין ווִיסען, אַז ער זאָל אִיהם אַרוּפּבּרענגען צוּ אייךְ, גלייך אוֹיבּ אִיהר וואָלט בּעסער נאָכפאָרשׁען דִיא זאַכען וועגען אִיהם; אוּנד מִיר זענען פאַרטִיג אִיהם, אַזוֹי בּאַלד ער וועט נאָהענט קוּמען, אוּמצוּבּרענגען:
16 אָבּער דער זוּהן פוּן פּוֹלוֹס'ס שוועסטער האָט פוּן דער לוֹיערוּנג געהערט, אוּנד ער אִיז געקוּמען אוּנד אִיז אִים לאַגער אַריינגעגאַנגען אוּנד האט דאָס צוּ פּוֹלוֹס דער־
17 צעהלט: אוּנד פּוֹלוֹס האָט איינעם פוּן דִיא אָפִיצִירען גערוּפען אוּנד געזאָגט, פִיהר דיזען יוּנגען מאַן אַוועק צוּם הוֹיפּטמאַן, וואָרין ער האָט אִיהם עפּעס צוּ
18 דערצעהלען: דרוּם האָט ער אִיהם גענוּמען אוּנד האָט אִיהם צוּם הוֹיפּטמאַן געבּראַכט אוּנד געזאָגט, פּוֹלוֹס דער געפאַנגענער האָט מִיךְ גערוּפען אוּנד האָט געבּעטען אַז אִיךְ זאָל דיזען יוּנגען מאַן צוּ דִיר פִיהרען, ווען ער
19 האָט דִיר עפּעס צוּ זאָגען: אוּנד דער הוֹיפּטמאַן האָט אִיהם אָנגענוּמען בּייא דער האַנד, אוּנד אִיז אוֹיף דער זייט געגאַנגען, אוּנד האָט אִיהם געפרעגט, וואָס אִיז דאָס
20 וואָס דוּא האָסט מִיר צוּ דערצעהלען? אוּנד ער האָט געזאָגט, דִיא יוּדען האָבּען זיךְ פעראיינִיגט דִיךְ צוּ בּעטען אַז דוּא זאָלסט פּוֹלוֹס מאָרגען צוּ דִיא סַנהֶדרִין אַרוּפּ־

בְּרֶענְגֶען גְלֵייךְ וִויא דוּא וָואלְסְט עֶפֶּעס בֶּעסֶער נָאכְפְּרֶעגֶען
21 וֶוענֶען אִיהְם: דְרוּם פָּאלְג דוּא זֵייא נִיט; וָוארִין מֶעהְר
וִויא פִירְצִיג מֶענֶער פוּן זֵייא לוֹיעֶרְן אוֹיף אִיהְם, וָואס
הָאבֶּען אַ חֵרֶם גֶעמַאכְט אַז זֵייא וֶועלֶען נִיט עֶסֶען אוּנְד
נִיט טְרִינְקֶען בִּיז זֵייא וֶועלֶען אִיהְם אוּמְבְּרֶענְגֶען; אוּנְד
אַצוּנְד זֶענֶען זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט, אוּנְד וַוארְטֶען אוֹיף דֶעם
צוּזָאגֶען פוּן דִיר:
22 אַזוֹי הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן דֶעם יוּנְגֶען מַאן אָפְּגֶעלָאזְט,
אוּנְד הָאט אִיהְם אָנְגֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט פַאר קֵיינֶעם נִיט
אוֹיסְזָאגֶען אַז דוּא הָאסְט מִיר דִיזֶע זַאכֶען צוּ וִויסֶען
23 גֶעטְהוּן: אוּנְד עֶר הָאט צְוֵייא פוּן דִיא אָפִיצִירֶען גֶערוּפֶען
אוּנְד גֶעזָאגְט, גְרֵייט אָן צְוֵייא הוּנְדֶערְט סָאלְדַאטֶען אַז
זֵייא זָאלֶען גֶעהֶען בִּיז קֵיסְרִין, אוּנְד זִיבֶּעצִיג רֵייטֶער,
אוּנְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט וָואס טְרָאגֶען שְׁפִּיזֶען, אוֹיף דִיא
24 דְרִיטֶע שָׁעָה פוּן דֶער נַאכְט: אוּנְד שְׁטֶעל צוּ בְּהֵמוֹת, אַז
זֵייא זָאלֶען פּוֹלוֹס אוֹיפְזֶעצֶען אוּנְד זָאלֶען אִיהְם זִיכֶער
25 פִיהְרֶען צוּ פֶעלִיקְס דֶעם גוּבֶּערְנֶער: אוּנְד עֶר הָאט אִין
26 אַ בְּרִיף נָאךְ דִיזֶער גֶעשְׁטַאלְט גֶעשְׁרִיבֶּען: קְלוֹדְיוּס
לוּסִיאַס לָאזְט גְרִיסֶען דֶעם עֶדֶעלְסְטֶען גוּבֶּערְנֶער פֶעלִיקְס:
27 דִיזֶער מַאן אִיז גֶעפַאנְגֶען גֶעוֶועזֶען פוּן דִיא יוּדֶען, אוּנְד
וֶוען זֵייא הָאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט אוּמְבְּרֶענְגֶען בִּין אִיךְ
צוּגֶעקוּמֶען מִיט סָאלְדַאטֶען אוּנְד הָאבּ אִיהְם אוֹיסְגֶערִיסֶען,
28 וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶעווּאוּסְט אַז עֶר אִיז אַ רוֹמֶער: אוּנְד
וֵוייל אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט וִויסֶען דִיא אוּרְזַאךְ וָוארוּם
זֵייא פַארְקְלָאגֶען אִיהְם, הָאבּ אִיךְ אִיהְם פָאר זֵיירֶע
29 סַנְהֶדְרִין גֶעבְּרַאכְט: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעפִינֶען אַז עֶר אִיז
פַארְקְלָאגְט גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען שַׁאֲלוֹת פוּן זֵייעֶרֶע תּוֹרָה,
אָבֶּער עֶס אִיז קֵיינֶע פַארְקְלָאג וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם
30 טוֹיט אָדֶער קֶעטֶען: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז מִיר אָנְגֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען אַז עֶס וֶועט זַיין אַ לוֹיעֶרוּנְג קֶעגֶען דֶעם מַאן,
הָאבּ אִיךְ אִיהְם גְלֵייךְ צוּ דִיר גֶעשִׁיקְט, אוּנְד הָאבּ דִיא
פַארְקְלֶעגֶער גֶעהֵייסֶען אַז זֵייא זָאלֶען פָאר דִיר זָאגֶען
וָואס זֵייא הָאבֶּען קֶעגֶען אִיהְם:
31 אַזוֹי הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען פּוֹלוֹס גֶענוּמֶען, וִויא עֶס אִיז

זַייא בֶּעפוֹילֶען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם גֶעבְּרַאכְט
32 בַּייא דֶער נַאכְט קֵיין אַנְטִיפַּאטְרִיס: אוּנְד אוֹיף מָארְגֶען
הָאבֶּען זַייא גֶעלָאזְט דִיא רֵייטֶער מִיט אִיהְם אַוֶועקְגֶעהֶען,
33 אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ צוּם לַאגֶער אוּמְגֶעקֶעהְרְט: אוּנְד
זַייא זֶענֶען אִין קֵיסְרִין אַרֵיינְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאבֶּען דֶעם
בְּרִיף אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם גוּבֶּערְנֶער, אוּנְד הָאבֶּען אִיהְם
34 פּוֹלוֹס אוֹיךְ פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דֶעם
בְּרִיף גֶעלֵיינְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעפְרֶעגְט פוּן וֶועלְכֶער
מְדִינָה עֶר אִיז, אוּנְד הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז עֶר אִיז אוֹיס
35 קִילִיקְיָא: הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיךְ פַארְהֶערֶען
וֶוען דֵיינֶע פַארְקְלֶעגֶער וֶועלֶען אוֹיךְ קוּמֶען. אוּנְד
עֶר הָאט אִיהְם גֶעהֵייסֶען הִיטֶען אִין דֶעם גֶערִיכְטְהוֹיף
פוּן הוֹרְדוֹס:

## קאפיטעל כד

1 אוּנְד נָאךְ פִינְף טֶעג אִיז חֲנַנְיָה, דֶער כֹּהֵן גָדוֹל, אַרוּפְגֶע־
קוּמֶען מִיט עֶטלִיכֶע פוּן דִיא עֶלְצְטֶע, אוּנְד מִיט אַ
גֶעוִויסֶען רֶעדְנֶער טֶערְטוּלוֹס, אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּם
2 גוּבֶּערְנֶער וֶועגֶען פּוֹלוֹס דֶערְצֶעהְלְט: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז
גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען, הָאט טֶערְטוּלוֹס אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִיהְם צוּ
פַארְקְלָאגֶען, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, מִיר לֶעבֶּען אִין גְרוֹיס
פְרִידֶען דוּרְךְ דִיר, אוּנְד פִילֶע זַאכֶען זֶענֶען פַארְבֶּעסֶערְט
3 צוּ דִיזֶעם פָאלְק דוּרְךְ דֵיינֶע פָארְזִיכְטִיגְקֵייט: אוּנְד מִיר
נֶעמֶען עֶס אָן אַלֶע צֵייט אוּנְד אִין אַלֶע עֶרְטֶער מִיט פִיל
4 דַאנְק, עֶדֶעלְסְטֶער פֶעלִיקְס: אָבֶּער כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיךְ נִיט
לֶענְגֶער אוֹיפְהַאלְטֶען, בֶּעט אִיךְ דִיךְ דוּא זָאלְסְט אוּנְס
5 בְּקִצוּר צוּהֶערֶען אִין דֵיינֶע גוּטִיגְקֵייט: וָוארִין מִיר
הָאבֶּען דִיזֶען מַאן גֶעפִינֶען וִויא אַ פְּלָאג, אוּנְד עֶר מַאכְט
קְרִיגֶערֵייא צְוִוישֶׁען אַלֶע יוּדֶען אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט,
אוּנְד אִיז דֶער הוֹיפְּטְפִיהְרֶער פוּן דֶער כִּתָּה פוּן דִיא
6 נָצְרִים: אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ פְּרָאבִּירְט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ
צוּ פֶערְאוּנְרֵיינִיגֶען, דֶעם מִיר הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען, (אוּנְד
הַאבֶּען אִיהְם גֶעוָואלְט רִיכְטֶען נָאךְ אוּנְזֶער גֶעזֶעץ:
7 אָבֶּער לוּסִיאַס דֶער הוֹיפְּטְמַאן אִיז צוּגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס גֶעוַואלְד אוֹיס אוּנְזֶערֶע

הֶענְד אוּנְד עֶר הָאט גֶעהֵייסֶען זֵיינֶע פַארקְלֶעגֶער צוּ
8 דִיר קוּמֶען): דֶעם, וֶוען דוּא וֶועסְט אַלֵיין פֶערְהֶערֶען
וֶועסְט דוּא וִויסֶען וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען פַארְוָואס מִיר
9 פַארְקְלָאגֶען אִיהְם: אוּנְד דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ דְרִינֶגען
אַיינְגֶעוִוילִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז דִיזֶע זַאכֶען
זֶענֶען אַזוֹי:
10 אוּנְד וֶוען דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט צוּ פּוֹלוֹס גֶעוִוינְקֶען אַז
עֶר זָאל רֶעדֶען, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, וֵוייל אִיךְ וֵוייס אַז
דוּא בִּיסְט שׁוֹין פִילֶע יָאהְרֶען אַלְס אַ רִיכְטֶער אִיבֶּער
דִיזֶען פָאלְק, אַזוֹי מַאךְ אִיךְ מִיט פְרֶעהְלִיכֶען הַארְצֶען
11 מֵיינֶע פֶערְעֶנְטְפֶערוּנְג: וָוארִין דוּא קָאנְסְט וִויסֶען אַז עֶס
זֶענֶען נִיט מֶעהְר וִויא צְוֶועלְף טֶעג זִינְט אִיךְ בִּין אַרוֹיפְ־
12 גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אָנְצוּבֶּעטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
מִיךְ נִיט גֶעפִינֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ מִיט אִימֶעצֶען אַ
וִכּוּחַ הַאלְטֶען אָדֶער אַ קְרִיג מַאכֶען צְוִוישֶׁען דִיא לֵייט,
13 נִיט אִין דִיא שׁוּלֶען אוּנְד נִיט אִין דֶער שְׁטָאט: אוּנְד
זֵייא קֶענֶען אוֹיךְ נִיט בֶּעוֵויְיזֶען וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וֶועלְכֶע
14 זֵייא פַארְקְלָאגֶען מִיךְ אַצוּנְד: אָבֶּער דָאס בִּין אִיךְ מוֹדֶה
פָאר דִיר, אַז נָאךְ דֶעם וֶועג וָואס זֵייא רוּפֶען אַ כִּתָּה,
אַזוֹי דִיעֶן אִיךְ דֶעם גָאט פוּן מֵיינֶע אָבוֹת, אוּנְד גְלוֹיבּ
אִין אַלֶע זַאכֶען וָואס שְׁטֶעהֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער
15 תּוֹרָה אוּנְד אִין דִיא נְבִיאִים: אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא הָאפְנוּנְג
צוּ גָאט, אוֹיף וֶועלְכֶע זֵייא אַלֵיין אוֹיךְ וַוארְטֶען, אַז עֶס
וֶועט זַיין אֵיינֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא צַדִיקִים אוּנְד
16 דִיא רְשָׁעִים: אִין דִיזֶעם בִּין אִיךְ מִיךְ אַלֵיין אוֹיךְ מַטְרִיחַ,
אַז אִיךְ זָאל בֶּעשְׁטֶענְדִיג הָאבֶּען אַ רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען פָאר
17 גָאט אוּנְד פָאר מֶענְשֶׁען: אוּנְד נָאךְ פִילֶע יָאהְרֶען בִּין
אִיךְ גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבּ צְדָקָה גֶעבְּרַאכְט צוּ מֵיין
18 פָאלְק, אוּנְד קָרְבָּנוֹת: אוּנְד מִיט דִיזֶעם הָאבֶּען זֵייא מִיךְ
גֶעפִינֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ נָאךְ מֵיינֶע רֵיינִיגוּנְג, נִיט מִיט
קֵיינֶע לֵייט אוּנְד נִיט מִיט קֵיין גֶעטוּמֶעל; אָבֶּער עֶס
19 זֶענֶען דָא גֶעוִויסֶע יוּדֶען פוּן אַסְיָא: וֶועלְכֶע הָאבֶּען
גֶעזָאלְט פָאר דִיר זַיין אוּנְד פַארְקְלָאגֶען וֶוען זֵייא
20 וָואלְטֶען עֶפֶּעס גֶעהַאט קֶעגֶען מִיר: אָדֶער לָאזֶען דִיזֶע

זעלבּסט זאָגען, וואָס פאַר אוּנרעכט זייא האָבּען אין מיר
געפינען ווען איך בּין געשטאַנען פאָר דיא סנהדרין:
21 חוץ פאַר דיזעם איינציגען וואָרט וואָס איך האָבּ געשריען
ווען איך בּין צווישען זייא געשטאַנען; אַז איך בּין
דעם היינטיגען טאָג בּייא אייך געריכטעט וועגען
תּחית המתים:
22 אוּנד פעליקס האָט זייא אויף שפּעטער אָפּגעלעגט, וואָרין
ער האָט בּעסער וועגען דיזען וועג געוואוּסט, אוּנד האָט
געזאָגט, ווען לוּסיאַס דער הויפּטמאַן וועט אַרופּקוּמען,
23 וועל איך וועגען אייך געוואָר ווערען: אוּנד ער האָט
דעם אָפיציר אָנגעזאָגט אַז ער זאָל איהם היטען אוּנד
זאָל איהם פרייהייט געבּען, אוּנד אַז מען זאָל קיינעם פוּן
זיינע פריינד ניט פערבּיטען איהם צוּ בּעדינען:
24 אוּנד נאָך עטליכע טעג איז פעליקס געקוּמען מיט זיין
איינען ווייבּ דרוּסילה, וואָס איז געוועזען אַ יוּדענע,
אוּנד האָט געשיקט נאָך פּוֹלוֹס, אוּנד האָט איהם געהערט
25 וועגען דעם גלויבּען אָן דעם משיח: אוּנד וויא ער האָט
גערעט וועגען גערעכטיגקייט אוּנד מעסיגקייט, אוּנד
דעם געריכט וואָס וועט קוּמען, האָט פעליקס געציטערט
אוּנד געענטפערט, געה אַצוּנד אַוועק, אָבּער ווען איך
האָבּ אַ פּאַסענדע געלעגענהייט וועל איך דיך לאָזען
26 רוּפען: אוּנד ער האָט אויך געהאָפט אַז פּוֹלוֹס וועט
איהם געלד געבּען; דרוּם האָט ער מעהר אָפט נאָך
27 איהם געשיקט אוּנד האָט מיט איהם געשמוּסט: אוּנד
ווען צווייא יאָהר זענען דערפילט געוואָרען איז פּרקיוּס
פעסטוּס געקוּמען אויף דעם אָרט פוּן פעליקס; אוּנד
פעליקס האָט געוואָלט דיא יוּדען אַ געפעלען טהוּן, האָט
ער פּוֹלוֹס געבּוּנדען איבּערגעלאָזט:

## קאַפּיטעל כה

1 דרוּם ווען פעסטוּס איז אין דער מדינה אַריינגעקוּמען,
איז ער נאָך דרייא טעג אַרויפגעגאַנגען פוּן קיסרין קיין
2 ירוּשלים: אוּנד דיא ערשטע כּהנים מיט דיא עלצטע פוּן
דיא יוּדען האָבּען איהם דערצעהלט קעגען פּוֹלוֹס, אוּנד
3 האָבּען איהם געבּעטען: אוּנד האָבּען פוּן איהם פערלאַנגט

אַ חֶסֶד, אַז עֶר זָאל אִיהְם קֵיין יְרוּשָׁלַיִם רוּפֶען, אִינְדֶעם
זֵייא הָאבֶּען אוֹיףְ אִיהְם גֶעלוֹיעֶרְט אַז זֵייא זָאלֶען אִיהְם
4 אוּמְבְּרֶענְגֶען אוֹיףְ דֶעם וֶועג: דָאךְ הָאט פֶּעסְטוּס גֶעעֶנְטְ־
פֶערְט, אַז פּוֹלוֹס זָאל אִין קֵיסְרִין גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען, אוּנְד
5 אַז עֶר וֶועט אַלֵיין בַּאלְד אַהִין אַוֶועקְגֶעהֶען: לָאזֶען דְרוּם
דִיא מֶעכְטִיגֶע צְווִישֶׁען אֵייךְ, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, מִיט מִיר
אַרוּפְגֶעהֶען, אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען עֶפֶּעס אַ זַאךְ קֶעגֶען
דֶעם מַאן לָאזֶען זֵייא אִיהְם פֶּערְקְלָאגֶען:
6 אוּנְד וֶוען עֶר אִיז בֵּייא זֵייא גֶעבְּלִיבֶּען נִיט מֶעהְר וִויא
אַכְט אָדֶער צֶעהְן טֶעג, אִיז עֶר אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
קֵיסְרִין, אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט
אוֹיףְ דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל, אוּנְד הָאט גֶעהֵייסֶען פּוֹלוֹס
7 בְּרֶענְגֶען: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען, הָאבֶּען אִיהְם דִיא
יוּדֶען וָואס זֶענֶען אַרוּפְגֶעקוּמֶען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַרוּמְגֶערִינְגְ־
גֶעלְט, אוּנְד הָאבֶּען פִילֶע אוּנְד שְׁוֶוערֶע פֶּערְשׁוּלְדוּנְגֶען
גֶעבְּרַאכְט, וֶועלְכֶע זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט בֶּעוֵוייזֶען:
8 פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ פַּארֶענְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ גָארְנִיט גֶעזִינְדִיגְט
קֶעגֶען דֶער תּוֹרָה פוּן דִיא יוּדֶען, אוֹיךְ נִיט קֶעגֶען דֶעם
9 בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד אוֹיךְ נִיט קֶעגֶען דֶעם קֵיסַר: אָבֶּער
פֶּעסְטוּס הָאט גֶעוָואלְט דִיא יוּדֶען אַ גֶעפֶעלֶען טְהוּן, אוּנְד
הָאט פּוֹלוֹס גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד גֶעזָאגְט, ווִילְסְט דוּא
אַרוֹיפְגֶעהֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד דָארְט פָאר מִיר
10 גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען? אָבֶּער פּוֹלוֹס
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ שְׁטֶעה פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן
דֶעם קֵיסַר, וְואוּ אִיךְ מוּז גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען. דִיא יוּדֶען
הָאבּ אִיךְ קֵיין אוּנְרֶעכְט נִיט גֶעטְהוּן, אַזוֹי וִויא דוּא גַאנְץ
11 גוּט ווֵייסְט: דְרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן אוּנְד
אַ זַאךְ וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹיט, בִּין אִיךְ בֶּערֵייט צוּ
שְׁטַארְבֶּען; אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז גָארְנִיט וָואס דִיזֶע מִיךְ
פֶּערְקְלָאגֶען, אַזוֹי קָאן מִיךְ קֵיינֶער צוּ זֵייא נִיט אִיבֶּערְגֶע־
12 בֶּען; אִיךְ בֶּערוּף מִיךְ אוֹיף דֶעם קֵיסַר: דַאן הָאט
זִיךְ פֶּעסְטוּס בֶּערָאטְהֶען מִיט דֶעם רָאט, אוּנְד הָאט
גֶעעֶנְטְפֶערְט, דוּא הָאסְט דִיךְ דֶעם אוֹיף קֵיסַר בֶּערוּפֶען,
דוּא זָאלְסְט צוּם קֵיסַר גֶעהֶען:

אוּנְד וֶוען עֶטְלִיכֶע טֶעג זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אִיז 13
דֶער קֶענִיג אַגְרִיפַּא אוּנְד בֶּערְנִיקִי אַרוּפְגֶעקוּמֶען קֵיין
קֵיסְרִין אוּם פֶּעסְטוּס צוּ גְרִיסֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא זֶענֶען 14
דָארְט פִילֶע טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען, הָאט פֶּעסְטוּס פָארְגֶעשְׁטֶעלְט
דִיא זַאכֶען וֶועגֶען פּוֹלוֹס צוּ דֶעם קֶענִיג אוּנְד גֶעזָאגְט,
אַ גֶעווִיסֶער מַאן אִיז אִיבֶּערְגֶעלָאזְט גֶעבּוּנְדֶען פוּן פֶעלִיקְס:
אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבֶּען דִיא 15
עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים אוּנְד דִיא עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען
וֶועגֶען אִיהְם אֵיינֶע אָנְקְלָאג גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען
גֶעבֶּעטֶען אוּם אַ פְּסַק קֶעגֶען אִיהְם: אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא 16
גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶס אִיז נִיט דֶער מִנְהָג בֵּייא דִיא רוֹמֶער
אַ מַאן צוּם טוֹיט אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען בִּיז דֶער וָואס אִיז
פֶּערְקְלָאגְט הָאט זֵיינֶע פֶּערְקְלֶעגֶער פָּנִים לְפָנִים, אוּנְד
הָאט אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט זִיךְ צוּ פַארְעֶנְטְפֶערְן וֶועגֶען דֶער
אָנְקְלָאג: דְרוּם וֶוען זֵייא זֶענֶען דָא צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען, 17
הָאבּ אִיךְ גָאר קֵיין אוֹיפְהַאלְט גֶעמַאכְט, אוּנְד בִּין דֶעם
אַנְדֶערְן טָאג אוֹיף דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל גֶעזֶעסֶען, אוּנְד
הָאבּ גֶעהֵייסֶען דֶעם מַאן בְּרֶענְגֶען: אוּנְד וֶוען דִיא 18
פֶּערְקְלֶעגֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאבֶּען זֵייא וֶועגֶען
אִיהְם קֵיינֶע בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג פוּן שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען נִיט
גֶעבְּרַאכְט אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעדַאכְט: אָבֶּער זֵייא 19
הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע פְרַאגֶען קֶעגֶען אִיהְם וֶועגֶען זֵיירֶע
אֵייגֶענֶע אַבֶּערְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, אוּנְד וֶועגֶען אַ גֶעווִיסֶען יֵשׁוּעַ
וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוֹיף דֶעם פּוֹלוֹס הָאט גֶעזָאגְט
אַז עֶר לֶעבְּט: אוּנְד ווֵייל אִיךְ בִּין מְסוּפָּק גֶעוָוארֶען 20
וֶועגֶען אַזֶעלְכֶע פְרַאגֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אוֹיבּ עֶר
וִויל קֵיין יְרוּשָׁלַיִם גֶעהֶען אוּנְד דָארְט וֶוערֶען דִיזֶע זַאכֶען
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען? אָבֶּער וֶוען פּוֹלוֹס הָאט זִיךְ בֶּערוּפֶען 21
אַז עֶר זָאל גֶעהַאלְטֶען וֶוערֶען בִּיז אוֹיגוּסְטוּס וֶועט
בֶּעשֵׁיידֶען, הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעהֵייסֶען הִיטֶען בִּיז אִיךְ וֶועל
אִיהְם צוּם קֵיסַר שִׁיקֶען: אוּנְד אַגְרִיפַּא הָאט צוּ פֶּעסְטוּס 22
גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעווָאוּנְשְׁט אַז אִיךְ זָאל
דֶעם מַאן הֶערֶען. אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אוֹיף מָארְגֶען
זָאלְסְט דוּא אִיהְם הֶערֶען:

23 דְרוּם דֶעם אַנְדֶערְן טָאג וֶוען אַגְרִיפַּא אוּנְד בֶּערְנִיקִי זֶענֶען
גֶעקוּמֶען מִיט גְרוֹיסֶער פְּרַאכְט, אוּנְד זֶענֶען אִין דֶער
פַארְהֶערְשְׁטוּבּ אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט דִיא הוֹיפְּטְמֶענֶער אוּנְד
דִיא פָארְנֶעמְסְטֶע מֶענֶער פוּן דֶער שְׁטָאט, וֶוען פֶעסְטוּס
הָאט אַ בֶּעפֶעהְל גֶעגֶעבֶּען הָאט מֶען פּוֹלוֹס אַרַיינְגֶע־
24 בְּרַאכְט׃ אוּנְד פֶעסְטוּס הָאט גֶעזָאגְט, קֶענִיג אַגְרִיפַּא אוּנְד
אַלֶע וָואס זֶענֶען דָא מִיט אוּנְס, אִיהְר זֶעהְט דֶעם דָאזִיגֶען
וֶועגֶען וֶועלְכֶען דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דִיא יוּדֶען הָאט מִיךְ
גֶעבֶּעטֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אוֹיךְ דָא, אוּנְד זַייא שְׁרַייעֶן
25 אַז עֶר בֶּעדַארְף נִיט לֶענְגֶער לֶעבֶּען׃ אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
דֶערְקֶענְט אַז עֶר הָאט נִיט גֶעטְהוּן קֵיין זַאךְ וָואס אִיז
וֶוערְט דֶעם טוֹיט; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אַלַיין בֶּערוּפֶען
אוֹיף אוֹיגוּסְטוּס, הָאבּ אִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אַז אִיךְ זָאל אִיהְם
26 שִׁיקֶען׃ אוּנְד וֶועגֶען אִיהְם הָאבּ אִיךְ גָארְנִיט זִיכֶערֶעס צוּם
הַאר׳ן צוּ שְׁרַייבֶּען; דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם פָאר אַייךְ
גֶעבְּרַאכְט, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס פָאר דִיר, קֶענִיג אַגְרִיפַּא,
אַז נָאכְדֶעם דֶער פַארְהֶער וֶועט גֶעשֶׁעהֶען אִיךְ זָאל
27 עֶפֶּעס הָאבֶּען צוּ שְׁרַייבֶּען׃ וָוארִין עֶס שֵׁיינְט מִיר
אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג צוּ זַיין, אַ גֶעפַאנְגֶענֶען צוּ שִׁיקֶען, אוּנְד
נִיט דִיא פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג קֶעגֶען אִיהְם אָנְצוּצֵייגֶען׃

## קאַפִּיטעל כו

1 אוּנְד אַגְרִיפַּא הָאט גֶעזָאגְט צוּ פּוֹלוֹס, דוּא מֶעגְסְט פַאר
דִיר זֶעלְבְּסְט רֶעדֶען. דַאן הָאט פּוֹלוֹס דִיא הַאנְד אוֹיסְגֶע־
2 שְׁטְרֶעקְט אוּנְד הָאט זִיךְ פַארְעֶנְטְפֶערְט׃ אִיךְ שֶׁעץ מִיךְ
גְלִיקְלִיךְ, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, אַז אִיךְ זָאל מִיךְ הַיינְט פָאר
דִיר פַארְעֶנְטְפֶערְן וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען פַאר וֶועלְכֶע אִיךְ
3 בִּין פֶערְקְלָאגְט פוּן דִיא יוּדֶען׃ בֶּעזוּנְדֶערְס וֵוייל דוּא
פַארְשְׁטֶעהְסְט אַלֶע מִנְהָגִים אוּנְד שַׁאֲלוֹת וָואס זֶענֶען בֵּייא
דִיא יוּדֶען; דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט מִיךְ
4 גֶעדוּלְדִיג הֶערֶען׃ מֵיין לֶעבֶּען פוּן מֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף,
וָואס אִיז פוּן אָנְהוֹיבּ אָן גֶעוֶועזֶען צְוִוישֶׁען מֵיין פָאלְק
5 אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, וֵוייסֶען אַלֶע יוּדֶען׃ וֶועלְכֶע הָאבֶּען
מִיךְ פוּן אָנְהוֹיבּ אָן גֶעקֶענְט, וֶוען זַייא וָואלְטֶען בֶּעצֵייגֶען,
אַז אִיךְ הָאבּ גֶעלֶעבְּט וִויא אַ פָּרוּשׁ נָאךְ דֶער

שְׁטְרֶענְגְסְטֶען כִּתָּה פוּן אוּנְזֶערֶע רֶעלִיגְיָאן: אוּנְד אַצוּנְד 6
שְׁטֶעה אִיךְ גֶערִיכְטֶעט צוּ װֶערֶען װֶעגֶען דֶער הָאפְנוּנְג
פוּן דֶער הַבְטָחָה װָאס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אוּנְזֶערֶע
אָבוֹת: װֶעלְכֶע אוּנְזֶערֶע צְװֶעלְף שְׁבָטִים הָאפֶען צוּ 7
דֶערְלַאנְגֶען, אוּנְד זַייא דִינֶען גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג, טָאג אוּנְד
נַאכְט; װֶעגֶען דִיזֶער הָאפְנוּנְג, קֶענִיג אַגְרִיפַּא, בִּין אִיךְ
פֶערְקְלָאגְט פוּן דִיא יוּדֶען: װָארוּם הַאלְט אִיהְר עֶס פַאר 8
אוּנְגְלוֹיבְּלִיךְ אַז גָאט װֶעט דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְװֶעקֶען? אִיךְ 9
הָאבּ בֵּייא מִיר זֶעלְבְּסְט גֶעדַאכְט, אַז אִיךְ מוּז פִיל טְהוּן
קֶעגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַנָּצְרִי: אוּנְד אִיךְ הָאבּ עֶס 10
אוֹיךְ גֶעטְהוּן אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד הָאבּ פִילֶע פוּן דִיא
הֵיילִיגֶע אִין גֶעפֶענְגְנִים אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען, װֶען אִיךְ הָאבּ
מַאכְט דֶערְהַאלְטֶען פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים, אוּנְד װֶען
זַייא זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעװָארֶען, הָאבּ אִיךְ דֶערְצוּ
בֵּייגֶעשְׁטִימְט: אוּנְד אִיךְ הָאבּ זַייא אָפְט אִין אַלֶע שׁוּלֶען 11
גֶעפֵּיינִיגְט, אוּנְד הָאבּ זַייא גֶעצְװוּנְגֶען צוּ לֶעסְטֶערְן,
אוּנְד װַייל אִיךְ בִּין קֶעגֶען זַייא זֶעהְר גְרוֹיזַאם גֶעװֶעזֶען,
הָאבּ אִיךְ זַייא פֶערְפָאלְגְט בִּיז אִין פְרֶעמְדֶע שְׁטֶעט:
אוּנְד דֶערְװַייל אִיךְ בִּין קַיין דַמֶשֶׂק גֶעגַאנְגֶען מִיט מַאכְט 12
אוּנְד אַ בֶּעפֶעהְל פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע כֹּהֲנִים: הָאבּ אִיךְ 13
גֶעזֶעהֶען אוֹיף דֶעם װֶעג, אִין מִיטֶען טָאג, אָ קֶענִיג, אַ
לִיכְט פוּן הִימֶעל, הֶערְלִיכֶער װִיא דִיא שֵׁיינוּנְג פוּן דֶער
זוּן, װָאס הָאט גֶעשֵׁיינְט אַרוּם מִיר אוּנְד דִיא װָאס זֶענֶען
מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען: אוּנְד װֶען מִיר זֶענֶען אַלֶע צוּ דֶער 14
עֶרְד גֶעפַאלֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַ קוֹל װָאס הָאט
צוּ מִיר גֶעזָאגְט אִין לָשׁוֹן עִבְרִי, שָׁאוּל שָׁאוּל, װָארוּם
פֶערְפָאלְגְסְט דוּא מִיךְ? עֶס אִיז שְׁװֶער פַאר דִיר קֶעגֶען
דִיא שְׁטַאכֶעל צוּ שְׁטוֹיסֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, 15
װֶער בִּיסְט דוּא, הַאר? אוּנְד דֶער הַאר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ
בִּין יֵשׁוּעַ דֶעם דוּא פֶערְפָאלְגְסְט: אָבֶּער שְׁטֶעה אוֹיף, אוּנְד 16
שְׁטֶעה אוֹיף דֵיינֶע פִיס, װָארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ פוּן דֶעסְט־
װֶעגֶען צוּ דִיר בֶּעװִיזֶען אַז אִיךְ זָאל דִיךְ מַאכֶען צוּם
דִינֶער אוּנְד צוּם עֵדוּת װֶעגֶען דִיא זַאכֶען װָאס דוּא הָאסְט
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד װֶעגֶען דִיא װָאס אִיךְ װֶעל מִיךְ צוּ דִיר

17 בְּעווייזֶען: אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ מַצִיל זַיין פוּן דֶעם פָּאלְק
18 אוּנְד פוּן דִיא גוֹיִם, צוּ וֶועלְכֶע אִיךְ שִׁיק דִיךְ: אַז דוּא
זָאלְסְט אוֹיפְמַאכֶען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, זֵייא אוּמְצוּקֶעהְרֶען
פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּם לִיכְט, אוּנְד פוּן דֶער מַאכְט
פוּן דֶעם שָׂטָן צוּ גָאט, אַז זֵייא זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען
פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד, אוּנְד אֵיינֶע עֶרְבְּשַׁאפְט צְווִישֶׁען דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז
אָן מִיר:
19 דְרוּם, קֶענִיג אַגְרִיפָּא, בִּין אִיךְ נִיט ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג גֶעוֶועז־
20 זֶען קֶעגֶען דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְשֵׁיינוּנְג: נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ
דֶערְקְלֶעהְרְט צוּעֶרְשְׁט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אִין דַמֶשֶׂק
אוּנְד אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד אִים גַאנְצֶען לַאנְד פוּן יְהוּדָה,
אוּנְד צוּ דִיא גוֹיִם, אַז זֵייא זָאלֶען תְּשׁוּבָה טְהוּן אוּנְד
זָאלֶען זִיךְ צוּ גָאט אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד זָאלֶען טְהוּן וֶוערְק
21 וָואס זֶענֶען ווִירְדִיג פוּן תְּשׁוּבָה: וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען
הָאבֶּען מִיךְ דִיא יוּדֶען אִים בֵּית הַמִקְדָשׁ גֶענוּמֶען, אוּנְד
22 הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרִיפְט אוּמְצוּבְּרֶענְגֶען: דְרוּם ווייל אִיךְ
הָאבּ דֶערְהַאלְטֶען הִילְף פוּן גָאט, שְׁטֶעה אִיךְ בִּיז צוּ
דִיזֶען טָאג, אוּנְד בֶּעצֵייג צוּ קְלֵיין אוּנְד גְרוֹיס, אִינְדֶעם
אִיךְ זָאג נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַאךְ אוֹיסֶער וָואס דִיא
נְבִיאִים אוּנְד מֹשֶׁה הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶס וֶועט גֶעשֶׁעהֶען:
23 אַז דֶער מָשִׁיחַ וֶועט לֵיידֶען, אוּנְד אַז עֶר וֶועט זַיין דֶער
עֶרְשְׁטֶער וָואס וֶועט פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, אוּנְד
וֶועט פְּרֶעדִיגֶען לִיכְט צוּם פָאלְק אוּנְד צוּ דִיא גוֹיִם:
24 אוּנְד דֶערְווייל עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פַארְעֶנְטְפֶערְט, הָאט
פֶעסְטוּס גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, פּוֹלוּס, דוּא בִּיסְט
25 אוּנְזִינִיג, דָאס פִילֶע לֶערְנֶען מַאכְט דִיךְ מְשׁוּגֶע: אָבֶּער
פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין נִיט מְשׁוּגֶע, פָארְנֶעמְסְטֶער
פֶעסְטוּס, נֵייעֶרְט אִיךְ רֶעד דִיא וֶוערְטֶער פוּן וָואהְרְהֵייט
26 אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד: וָוארִין דֶער קֶענִיג ווייסְט וֶועגֶען דִיזֶע
זַאכֶען, פָאר דֶעם אִיךְ רֶעד אוֹיךְ עֶפֶּענְטְלִיךְ, וָוארִין אִיךְ
בִּין גֶעווִיס אַז קֵיינְס פוּן דִיזֶע זַאכֶען אִיז פוּן אִיהְם נִיט
פֶערְבָּארְגֶען, וָוארִין דָאס אִיז נִיט אִין אַ ווִינְקֶעל
27 גֶעשֶׁעהֶען: קֶענִיג אַגְרִיפָּא, גְלוֹיבְּסְט דוּא דִיא נְבִיאִים?

28 אִיךְ ווייס אַז דוּא גְלוֹיבְּסְט: אוּנְד אַגְרִיפַּא הָאט גֶעזָאגְט
צוּ פּוֹלוּס, מִיט וֶועניג אִיבֶּערְרֶעדְסְט דוּא מִיךְ אַ קְרִיסְט
29 צוּ וֶוערֶען: אוּנְד פּוֹלוּס הָאט גֶעזָאגְט, הַלְוַאי זָאל גָאט
גֶעבֶּען, אַז אוֹיב מִיט וֶועניג אָדֶער מִיט פִיל, נִיט אַלֵיין
דוּא, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע וָואס הֶערֶען מִיךְ הַיינְט זָאלֶען
אַזֶעלְכֶע זַיין וִויא אִיךְ בִּין, חוּץ דִיזֶע קֶעטֶען:
30 אוּנְד דֶער קֶענִיג אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנְד דֶער גוּבֶּערְ־
נֶער, אוּנְד בֶּערְנִיקִי, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא גֶעזֶע־
31 סֶען: אוּנְד זֶענֶען אִין דֶער זַייט גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאבֶּען
צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, דִיזֶער מַאן הָאט גָארְ־
נִיט גֶעטְהוּן וָואס פֶערְדִינְט דֶעם טוֹיט אָדֶער דִיא קֶעטֶען:
32 אוּנְד אַגְרִיפַּא הָאט גֶעזָאגְט צוּ פֶעסְטוּס, דִיזֶער מַאן וָואלְט
גֶעקָאנְט בֶּעפְרַייט וֶוערֶען, וֶוען עֶר וָואלְט זִיךְ נִיט בֶּערוּפֶען
אוֹיף דֶעם קֵיסַר:

## קאפיטעל כז

1 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז בֶּעשְׁלָאסֶען גֶעוָוארֶען אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ
אַוֶועקְשִׁיפֶען קֵיין אִיטַאלְיָא, הָאבֶּען זֵייא פּוֹלוּס אוּנְד עֶטְ־
לִיכֶע אַנְדֶערֶע גֶעפַאנְגֶענֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אַ הוֹיפְּטְמַאן
וָואס הָאט גֶעהֵייסֶען יוּלְיוּס, פוּן דֶעם חַיִל פוּן אוֹיגוּסְטוּס:
2 אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין אַ שִׁיף פוּן אַרְדַאמִיטְיָע
וָואס הָאט גֶעזָאלְט זֶעגֶעלְן אִין דִיא עֶרְטֶער פוּן אַסְיָא,
אוּנְד הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט; אוּנְד עֶס אִיז מִיט אוּנְס גֶע־
וֶועזֶען אַרִיסְטַארְכוּס פוּן תֶּעסַאלוֹנִיקָא אוֹיס מַקְדוֹנְיָא:
3 אוּנְד דֶעם אַנְדֶערְן טָאג זֶענֶען מִיר אַרוּפְגֶעקוּמֶען קֵיין
צִידוֹן; אוּנְד יוּלְיוּס הָאט זִיךְ פְרֵיינְדְלִיךְ גֶעהַאלְטֶען קֶעגֶען
פּוֹלוּס, אוּנְד הָאט אִיהְם דֶערְלוֹיבְּט צוּ זַיינֶע פְרֵיינְד צוּ גֶעהֶען,
4 כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִיהְם פַארְזָארְגֶען: אוּנְד פוּן דָארְטֶען זֶע־
נֶען מִיר אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעזֶעגֶעלְט אוּנְטֶער
קִיפְּרוּס, ווייל דִיא וִוינְד זֶענֶען אוּנְס אַנְטְקֶעגֶען גֶעוֶועזֶען:
5 אוּנְד וֶוען מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעגֶעלְט אִיבֶּער דֶעם יַם פוּן
קִילִיקְיָא אוּנְד פַּאמְפִילְיָא, זֶענֶען מִיר אַרוּפְגֶעקוּמֶען קֵיין
6 מִירָא אִין לוּקְיָא: אוּנְד דָארְט הָאט דֶער הוֹיפְּטְמַאן גֶע־
פִינֶען אַ שִׁיף פוּן אַלֶעכְּסַאנְדְרִיָא, וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען קֵיין
7 אִיטַאלְיָא, אוּנְד הָאט אוּנְס דְרוֹיף אַרֵיינְגֶעשִׁיפְט: אוּנְד וֶוען

מִיר הָאבֶּען זִיךְ פִּילֶע טֶעג לַאנְגְזַאם גֶעזֶעגֶעלְט, אוּנְד זֶענֶען
קוֹים גֶעקוּמֶען קֶעגֶען קְנִידוֹס, וֵוייל דֶער ווִינְד הָאט אוּנְס
נִיט גֶעלָאזְט, הָאבֶּען מִיר זִיךְ אוּנְטֶער קְרֵטָא גֶעזֶעגֶעלְט
8 קֶעגֶענְאִיבֶּער סַלְמוֹנִי: אוּנְד מִיר זֶענֶען דִיזֶעם קוֹים פַארְ־
בֵּייא גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעקוּמֶען צוּ אַ גֶעוִויסֶען אָרְט
וָואס אִיז גֶערוּפֶען דֶער שֶׁעהְנֶער הַאפֶען, אוּנְד נָאהֶענְט
דֶערְבֵּייא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא שְׁטָאט לַאסִיָא:
9 אוּנְד נָאךְ אַ לַאנְגֶע צֵייט וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין גֶעפֶּעהְרְלִיךְ
גֶעוֶועזֶען זִיךְ צוּ שִׁיפֶען, וֵוייל דָאס פַאסְטֶען אִיז אוֹיךְ
שׁוֹין פַארְבֵּייא גֶעוֶועזֶען, הָאט זֵייא פּוֹלוֹס גֶעוָוארֶענְט:
10 אוּנְד הָאט צוּ זֵייא גֶעזָאגְט, אִיהְר מֶענֶער, אִיךְ זֶעה, אַז
דִיזֶע רֵייזֶע וֶועט שְׁלֶעכְט זַיין אוּנְד מִיט גְרוֹיסֶען שָׁאדֶען,
נִיט אַלֵיין צוּ דֶער לָאדוּנְג אוּנְד צוּ דֶעם שִׁיף, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
11 צוּ אוּנְזֶער לֶעבֶּען: אָבֶּער דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט מֶעהְר
גֶעגְלוֹיבְּט דֶעם פִיהְרֶער אוּנְד דֶעם הַאר פוּן דֶעם שִׁיף
12 ווִיא דִיא וֶוערְטֶער פוּן פּוֹלוֹס: אוּנְד וֵוייל דֶער הַאפֶען
אִיז נִיט גוּט גֶעוֶועזֶען דְרִינֶען צוּ ווִינְטֶערְן הָאבֶּען דִיא
מֵייסְטֶען גֶערָאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען פוּן דָארְטֶען אַוֶועקְ־
שִׁיפֶען, וֶוען מֶעגְלִיךְ צוּ קוּמֶען קֵיין פֵינִיקַס אוּנְד אִיבֶּערְ־
ווִינְטֶערְן, וָואס אִיז אַ הַאפֶען פוּן קְרֵאטָא אוּנְד לִיגְט קֶעְ־
גֶען זִיד־וֶועסְט אוּנְד נָארְד־וֶועסְט זֵייט:
13 אוּנְד וֶוען דֶער זִיד ווִינְד הָאט לֵייכְט גֶעבְּלָאזֶען, הָאבֶּען זֵייא
גֶעדַאכְט אַז זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶר תַּכְלִית דֶערְהַאלְטֶען,
אוּנְד זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעפָאהְרֶען אוּנְד זֶענֶען קְרֵאטָא
14 פַארְבֵּייא גֶעשִׁיפְט: אָבֶּער נִיט לַאנְג דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ
קֶעגֶען אִיהְר דֶערְהוֹיבֶּען אַ שְׁטוּרְמְווִינְד, וָואס אִיז גֶערוּפֶען
15 אַוְרַקִילוֹן: אוּנְד וֶוען דָאס שִׁיף אִיז דֶערְגְרִיפֶען גֶעוֶועזֶען,
אוּנְד הָאט נִיט גֶעקָאנְט קֶעגֶען דֶעם ווִינְד בֶּעשְׁטֶעהֶען,
הָאבֶּען מִיר עֶס גֶעלָאזְט גֶעהֶען אוּנְד זֶענֶען גֶעפָארֶען:
16 אוּנְד לוֹיפֶענְדִיג אוּנְטֶער אַ גֶעווִיסֶע אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט
קְלוֹידָא, הָאבֶּען מִיר קוֹים גֶעקָאנְט דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶעלֶע
17 אֵיינְהַאלְטֶען: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען עֶס אַרוֹיפְגֶעְ־
צוֹיגֶען הָאבֶּען זֵייא בֶּענוּצְט מִיטֶעל, אוּנְד הָאבֶּען דָאס
שִׁיף אוּנְטֶערְגֶעגַארְטֶעלְט. אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעפָארְכְט

אַז זַייא זָאלֶען נִיט אִין דִיא סִרְטִים אַרַיינְפַאלֶען, הָאבֶּען
זַייא דָאס טַאקֶעלְוֶוערְק אַרוּפְגֶעלָאזְט, אוּנְד זֶענֶען אַזוֹי
18 גֶעפָאהְרֶען: אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען אִין אַ גְרוֹיסֶען שְׁטוּרְמְ־
וִוינְד גֶעוֶועזֶען, הָאבֶּען זַייא דֶעם אַנְדֶערְן טָאג אוֹיסְטָאסוּנְג
19 גֶעמַאכְט: אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאבֶּען זַייא מִיט זַייעֶרֶע
אַייגֶענֶע הֶענְד דִיא מַשָּׂא פוּן דֶעם שִׁיף אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען:
20 אוּנְד וֶוען דִיא זוּן אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ פַאר
פִילֶע טֶעג נִיט בֶּעווִיזֶען, אוּנְד קֵיין קְלֵיינֶער שְׁטוּרְם אִיז
קֶעגֶען אוּנְס גֶעוֶועזֶען, אִיז אַלֶע הָאפְנוּנְג אַז מִיר זָאלֶען
גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען:
21 אוּנְד וֶוען זַייא הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג גֶעפַאסְט, דַאן אִיז פּוֹלוֹס
צְווִישֶׁען זַייא אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, אִיהְר
מֶענֶער, אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעזָאלְט צוּהֶערֶען אוּנְד נִיט פוּן
קְרֵאטָא אַרוֹיסְשִׁיפֶען, אוּנְד אַזוֹי צוּ גֶעווִינֶען דִיזֶע גֶעפַאהְר
22 אוּנְד שָׁאדֶען: אָבֶּער אַצוּנְד עֶרְמָאהְן אִיךְ אֵייךְ אִיהְר
זָאלְט הָאבֶּען גוּטֶען מוּטְה, וָוארִין קֵיין נֶפֶשׁ פוּן אֵייךְ וֶועט
23 פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען, נֵייעֶרְט דָאס שִׁיף אַלֵיין: וָוארִין אִין
דִיזֶער נַאכְט אִיז בֵּייא מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט,
24 וֶועמֶעס אִיךְ בִּין, וֶועלְכֶען אִיךְ אוֹיךְ דִיעֶן: אוּנְד הָאט
גֶעזָאגְט, פָארְכְט דִיךְ נִיט, פּוֹלוֹס, וָוארִין דוּא מוּזְט שְׁטֶע־
הֶען פָאר דֶעם קֵיסַר: אוּנְד זֶעה, גָאט הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען
25 אַלֶע וָואס שִׁיפֶען זִיךְ מִיט דִיר: דְרוּם אִיהְר מֶענֶער, הָאט
גוּטֶען מוּטְה; וָוארִין אִיךְ הָאבּ אַ בִּטָחוֹן אִין גָאט אַז עֶס
וֶועט גֶעשֶׁעהֶען וִויא עֶס אִיז מִיר צוּגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען:
26 אָבֶּער מִיר מוּזֶען אוֹיף אַ גֶעווִיסֶע אִינְזֶעל גֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען:
27 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא פִירְצֶענְטֶע נַאכְט, דֶערְ־
וֵוייל מִיר זֶענֶען אִין אַדְרִיָא אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען, אִין מִיטֶען
דֶער נַאכְט הָאבֶּען דִיא שִׁיפְלַייט גֶעדֶענְקְט אַז זַייא קוּמֶען
28 נָאהֶענְט צוּ לַאנְד: אוּנְד זַייא הָאבֶּען דָאס זוּנְקְבְּלַייא גֶע־
זוּנְקֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפִינֶען צְוַואנְצִיג קְלַאפְטֶער טִיף,
אוּנְד וֶוען זַייא זֶענֶען אַבִּיסֶעל וֵוייטֶער גֶעפָארֶען, הָאבֶּען זַייא
וִוידֶער גֶעזוּנְקֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפִינֶען פוּפְצֶעהְן קְלַאפְ־
29 טֶער: אוּנְד וֵוייל זַייא הָאבֶּען גֶעפָארְכְטֶען אַז מִיר זָאלֶען

נִיט אָן פֶעלְזֶען אָנְשְׁטוֹיסֶען, הָאבֶּען זַייא גֶעוָוארְפֶען פִיעֶר
אַנְקֶער הִינְטֶען פוּן דֶעם שִׁיף, אוּנְד הָאבֶּען גֶעווּנְשְׁט עֶס
30 זָאל טָאג וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען דִיא שִׁיפְלֵייט הָאבֶּען גֶעזוּכְט
פוּן דֶעם שִׁיף צוּ אַנְטְלוֹיפֶען, אוּנְד הָאבֶּען דָאס קְלֵיינֶע שִׁיפֶעל
אִים יַם אַרוּפְגֶעלָאזְט, אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעוָואלְט אַנְ־
31 קֶער וַוארְפֶען פוּן דֶער פָארְדֶער זֵייטֶע פוּן דֶעם שִׁיף: הָאט
פּוֹלוֹס גֶעזָאגְט צוּ דֶעם הוֹיפְּטְמַאן אוּנְד צוּ דִיא סָאלְדַאטֶען,
וֶוען דִיזֶע וֶועלֶען נִיט אִים שִׁיף בְּלֵייבֶּען, קָאנְט אִיהְר נִיט
32 גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: דַאן הָאבֶּען דִיא סָאלְדַאטֶען אָפְּגֶע־
שְׁנִיטֶען דִיא שְׁטְרִיק פוּן דֶעם קְלֵיינֶעם שִׁיף, אוּנְד הָאבֶּען
עֶס גֶעלָאזְט פַאלֶען:
33 אוּנְד בִּיז עֶס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ טָאגֶען, הָאט פּוֹלוֹס אַלֶע
גֶעבֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען עֶפֶּעס נֶעמֶען צוּ עֶסֶען, אוּנְד
הָאט גֶעזָאגְט, עֶס אִיז שׁוֹין הֵיינְט פִירְצֶעהְן טֶעג זִינְט אִיהְר
וַוארְט אוּנְד בְּלֵייבְּט אוּנְגֶעגֶעסֶען, אוּנְד אִיהְר הָאט גָארְ־
34 נִיט פֶערְזוּכְט: דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ אִיהְר זָאלְט אֵייךְ נֶע־
מֶען צוּ עֶסֶען, וָוארִין דָאס אִיז פַאר אֵיירֶע שְׁטַארְקְהֵייט.
וָוארִין עֶס וֶועט קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט קֵיין הָאָר פוּן דֶעם
35 קָאפּ פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען: אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶע־
זָאגְט, אוּנְד הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט, הָאט עֶר פַאר אַלֶע גָאט
גֶעדַאנְקְט, אוּנְד הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּנְד הָאט אָנְגֶעהוֹי־
36 בֶּען צוּ עֶסֶען: אוּנְד זֵייא זֶענֶען אַלֶע פְרֶעהְלִיךְ גֶעוֶועזֶען,
37 אוּנְד הָאבֶּען אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט גֶענוּמֶען צוּ עֶסֶען: אוּנְד מִיר
זֶענֶען אַלֶע צוּזַאמֶען גֶעוֶועזֶען אִים שִׁיף צְוֵוייא הוּנְדֶערְט
38 אוּנְד זִיבֶּעצִיג נְפָשׁוֹת: אוּנְד וֶוען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ זַאט
גֶעגֶעסֶען, הָאבֶּען זֵייא דָאס שִׁיף גְרִינְגֶער גֶעמַאכְט אִינְדֶעם
זֵייא הָאבֶּען דָאס קָארְן אִין יַם אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען:
39 אוּנְד וֶוען עֶס אִיז טָאג גֶעוָוארֶען הָאבֶּען זֵייא נִיט דֶערְ־
קֶענְט דָאס לַאנְד, אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען אַ צוּנְג פוּן יַם
דֶערְזֶעהֶען וָואס הָאט גֶעהַאט אַ בָּארְטֶען אוֹיף דֶעם הָאבֶּען
זֵייא גֶעוָואלְט וֶוען מֶעגְלִיךְ דָאס שִׁיף אַרֵיינְטְרֵייבֶּען:
40 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִיא אַנְקֶער אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעלָאזְט אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיךְ דִיא בֶּענְדֶער
פוּן דִיא רוּדֶער לוֹיז גֶעמַאכְט, אוּנְד הָאבֶּען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט

דֶעם פָּארְזֶעגֶעל קֶעגֶען דֶעם ווִינְד, אוּנְד הָאבֶּען גֶעשִׁיפְט
צוּם בָּארְטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אָן אֵיין 41
אָרְט ווְאוּ דָאס יַם אִיז אוֹיף בֵּיידֶע זֵייטֶען, אוּנְד דָאס שִׁיף
אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד דֶער פָאר־
דֶערְשְׁטֶער טְהֵייל הָאט פֶּעסְט גֶעשְׁטֶעקְט אוּנְד אִיז
גֶעבְּלִיבֶּען אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ; אָבֶּער דֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶער
טְהֵייל אִיז דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דִיא וֶועלֶען צוּבְּרָאכֶען
גֶעוָוארֶען:
אוּנְד דִיא סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען גֶערָאטֶען אַז זֵייא זָאלֶען דִיא 42
גֶעפַאנְגֶענֶע הַרְגֶענֶען, אַז קֵיינֶער פוּן זֵייא זָאל נִיט אַוֶועקְ־
שְׁווִימֶען אוּנְד אַנְטְרִינֶען: אָבֶּער דֶער הוֹיפְּטְמַאן הָאט גֶע־ 43
וָואלְט פּוֹלוֹס רֶעטֶען, אַזוֹי הָאט עֶר זֵייעֶר עֵצָה פַארְוֶועהְרְט.
אוּנְד עֶר הָאט בֶּעפוֹילֶען אַז דִיא וָואס קֶענֶען שְׁווִימֶען
זָאלֶען זִיךְ צוּעֶרְשְׁט אִים יַם אַרֵיינְוַוארְפֶען אוּנְד צוּ דֶעם
לַאנְד אַוֶועקְגֶעהֶען: אוּנְד אַז דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען אַזוֹי 44
טְהוּן, עֶטְלִיכֶע אוֹיף בְּרֶעטֶער, אוּנְד עֶטְלִיכֶע אוֹיף שְׁטִי־
קֶער פוּן דֶעם שִׁיף. אוּנְד עֶס אִיז אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען אַז זֵייא
זֶענֶען אַלֶע זִיכֶער צוּם לַאנְד אַנְטְרִינֶען:

## קאפיטעל כח

אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען זִיכֶער אַנְטְרוּנֶען דַאן הָאבֶּען מִיר 1
גֶעווָאוּסְט אַז דִיא אִינְזֶעל אִיז גֶערוּפֶען מֶעלִיטָא: אוּנְד דִיא 2
לַאנְדְסְלֵייט הָאבֶּען אוּנְס אוּנְגֶעוֶועהְנְלִיכֶע פְּרֵיינְדְשַׁאפְט
בֶּעווִיזֶען; וָוארִין זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶעצוּנְדֶען אַ פֵייעֶר, אוּנְד
הָאבֶּען אוּנְס אַלֶע אַרֵיינְגֶענוּמֶען, וֶועגֶען דֶעם רֶעגֶען וָואס
אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד וֶועגֶען דֶער קֶעלְט: אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס 3
הָאט צוּנוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען פִיל שְׁטִיקֶער הָאלְץ אוּנְד הָאט זֵייא
גֶעלֶעגְט אוֹיף דֶעם פֵייעֶר אִיז פוּן דֶער הִיץ אַ שְׁלַאנְג
אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט זִיךְ בֶּעהֶעפְט אָן זֵיינֶע הַאנְד:
אוּנְד וֶוען דִיא לַאנְדְסְלֵייט הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דִיא שְׁלַאנְג 4
אוֹיף זֵיינֶע הַאנְד הֶענְגֶען, הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערְן, דִיזֶער מַאן אִיז גֶעווִיס אַ רוֹצֵחַ, עֶר אִיז אַנְטְרִינֶען
פוּן דֶעם יַם, אָבֶּער דִיא נְקָמָה לָאזְט אִיהְם נִיט לֶעבֶּען:
אַזוֹי הָאט עֶר דִיא שְׁלַאנְג אָפְּגֶעשָׁאקֶעלְט אִים פֵייעֶר אָהְן 5
שָׁאדֶען: אָבֶּער זֵייא הָאבֶּען גֶעדַאכְט אַז עֶר וֶועט אוֹיפְ־ 6

גֶעשְׁוָואלֶען וֶוערֶען אָדֶער פְּלִיצְלִינְג טוֹיט אַנִידֶערְפַאלֶען.
אָבֶּער וֶוען זַייא הָאבֶּען לַאנְג גֶעוַוארְט, אוּנְד הָאבֶּען גָארְ־
נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין אִיבֶּעל אָן אִיהְם גֶעשֶׁעהֶען, אַזוֹי הָאבֶּען
זַייא זִיךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז
אַ גָאט:
7 אוּנְד אִין דִיזֶע עֶרְטֶער הָאט דֶער פִירְשְׁט פוּן דֶער אִינְזֶעל
בֶּעזִיצוּנְגֶען גֶעהַאט, מִיט דֶעם נָאמֶען פּוּבְּלִיוֹס, דֶער הָאט
אוּנְס פְרֵיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען, אוּנְד הָאט אוּנְס דְרֵייא טֶעג
8 אֵיינְקְוַוארְטִירֶעְט: אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַז דֶער פָאטֶער
פוּן פּוּבְּלִיוֹס אִיז קְרַאנְק גֶעלֶעגֶען אוֹיף פִיבֶּער אוּנְד לַאקְ־
סִירֶען, אוּנְד פּוֹלוֹס אִיז צוּ אִיהְם אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד הָאט דִיא הֶענְד אוֹיף אִיהְם גֶעלֶעגְט, אוּנְד
9 הָאט אִיהְם גֶעהֵיילְט: אוּנְד וֶוען דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶען, זֶענֶען
אוֹיךְ דִיא אִיבְּרִיגֶע אִין דֶער אִינְזֶעל וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט
קְרַאנְקְהֵייטֶען צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען, אוּנְד זֶענֶען גֶעהֵיילְט
10 גֶעוָוארֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוּנְס גְרוֹיסֶען כָּבוֹד אָנְגֶעטְהוּן,
אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט, הָאבֶּען זַייא אוּנְס
פֶערְזָארְגְט מִיט וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעדַארְפְט:
11 אוּנְד נָאךְ דְרֵייא חֲדָשִׁים הָאבֶּען מִיר זִיךְ אַוֶועקְגֶעשִׁיפְט
אִין אַ שִׁיף פוּן אַלֶעכְּסַנְדְרִיָא וָואס הָאט אִין דֶער אִינְזֶעל
אִיבֶּערְוִוינְטֶערְט, וֶועמֶעס דֶער צֵייכֶען אִיז גֶעוֶועזֶען צְווִי־
12 לִינְג בְּרִידֶער: אוּנְד מִיר זֶענֶען אַרוּפְגֶעשִׁיפְט קֵיין סִירַאקוֹס,
13 אוּנְד זֶענֶען דָארְט דְרֵייא טֶעג גֶעבְּלִיבֶּען: אוּנְד פוּן דָארְט
זֶענֶען מִיר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין
רֶעגִיוּם; אוּנְד נָאךְ אֵיין טָאג אִיז דֶער דָרוֹם וִוינְד אָנְגֶע־
קוּמֶען, אוּנְד מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען דֶעם אַנְדֶערְן טָאג קֵיין
14 פּוּטֶעאָלִי: ווְאוּ מִיר הָאבֶּען גֶעפִינֶען בְּרִידֶער, אוּנְד זֶענֶען
גֶעבֶּעטֶען גֶעוֶועזֶען, אַז מִיר זָאלֶען בֵּייא זַייא זִיבֶּען טֶעג
בְּלֵייבֶּען; אוּנְד אַזוֹי זֶענֶען מִיר גֶעגַאנְגֶען קֵיין רוֹם:
15 אוּנְד פוּן דָארְטֶען, וֶוען דִיא בְּרִידֶער הָאבֶּען פוּן אוּנְס גֶע־
הֶערְט, זֶענֶען זַייא אוּנְס אַנְטְקֶעגֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם מַארְק
פוּן אַפִּיוֹס אוּנְד דִיא דְרֵייא גַאסְטְהֵייזֶער; אוּנְד וֶוען פּוֹלוֹס
הָאט זַייא גֶעזֶעהֶען, הָאט עֶר גָאט גֶעדַאנְקְט אוּנְד הָאט
16 מוּטְה בֶּעקוּמֶען: אוּנְד וֶוען מִיר זֶענֶען אִין רוֹם אַרֵיינְגֶע־

קוּמֶען, אִיז צוּ פּוֹלוֹס עֶרְלוֹיבְּט גֶעוָועזֶען פַאר זִיךְ צוּ
בְּלֵייבֶּען מִיט דִיא סָאלְדַאטֶען וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעהִיט׃
17 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען נָאךְ דְרֵייא טֶעג אַזוֹי הָאט עֶר דִיא
עֶלְצְטֶע פוּן דִיא יוּדֶען צוּזַאמֶענְגֶערוּפֶען; אוּנְד וֶוען זַייא
הָאבֶּען זִיךְ פֶערְזַאמֶעלְט, הָאט עֶר צוּ זַייא גֶעזָאגְט, מֶענֶער
אוּנְד בְּרִידֶער, אִיךְ הָאבּ גָארְנִיט גֶעטְהוּן קֶעגֶען דֶעם פָאלְק
אָדֶער דִיא מִנְהָגִים פוּן דִיא אָבוֹת, דָאךְ בִּין אִיךְ אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען פוּן יְרוּשָׁלַיִם אַ גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דִיא הֶענְד פוּן
18 דִיא רוֹמֶער׃ וֶועלְכֶע וֶוען זַייא הָאבֶּען מִיךְ פַארְהֶערְט
הָאבֶּען זַייא מִיךְ גֶעוָואלְט פְרֵייא לָאזֶען, וַוייל עֶס אִיז אִין
19 מִיר קֵיין שׁוּם שׁוּלְד פוּן טוֹיט גֶעוָועזֶען׃ אָבֶּער וֶוען דִיא
יוּדֶען הָאבֶּען וִוידֶערְגֶעשְׁפְּרָאכֶען, אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעצְווִינְגֶען
גֶעוֶועזֶען מִיךְ צוּ בֶּערוּפֶען אוֹיף דֶעם קֵיסַר, נִיט אוֹיבּ אִיךְ
20 הָאבּ עֶפֶּעס מֵיין פָאלְק צוּ פַארְקְלָאגֶען׃ דְרוּם הָאבּ אִיךְ
אֵייךְ גֶערוּפֶען אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ זֶעהֶען אוּנְד מִיט אֵייךְ
רֶעדֶען; וָוארִין פוּן וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג צוּ יִשְׂרָאֵל בִּין אִיךְ
21 מִיט דִיזֶער קֶעט גֶעבּוּנְדֶען׃ אוּנְד זַייא הָאבֶּען צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט מִיר הָאבֶּען וֶועגֶען דִיר' פוּן לַאנְד יְהוּדָה קֵיינֶע
בְּרִיף דֶערְהַאלְטֶען, אוּנְד קֵיינֶער פוּן דִיא בְּרִידֶער וָואס
זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט פוּן דִיר דֶערְצֶעהְלְט אָדֶער עֶפֶּעס
22 שְׁלֶעכְטֶעס גֶערֶעט׃ אָבֶּער מִיר בֶּעגֶעהְרֶען פוּן דִיר צוּ הֶערֶען
וָואס דוּא דֶענְקְסְט, וָוארִין וֶועגֶען דִיזֶע כִּתָּה אִיז עֶס אוּנְס
בֶּעקָאנְט אַז מֶען רֶעט דֶערְקֶעגֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶער׃
23 אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִיהְם אַ טָאג בֶּעשְׁטֶעלְט, אוּנְד פִילֶע
זֶענֶען צוּ אִיהְם אִין זַיינֶע וְואוֹינוּנְג גֶעקוּמֶען, צוּ וֶועלְכֶע
עֶר הָאט דֶערְקְלֶעהְרְט אוּנְד בֶּעצֵייגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט, אוּנְד הָאט זַייא אִיבֶּערְגֶערֶעט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ פוּן תּוֹרַת
24 מֹשֶׁה אוּנְד דִיא נְבִיאִים פוּן מָארְגֶען בִּיז אָבֶענְד׃ אוּנְד
עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶע־
שְׁפְּרָאכֶען גֶעוָועזֶען, אוּנְד עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט׃
25 אוּנְד וַוייל זַייא זֶענֶען נִיט אֵיינִיג גֶעוָועזֶען אוּנְטֶער אֵיינְ־
אַנְדֶער, זֶענֶען זַייא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, וֶוען פּוֹלוֹס הָאט נָאךְ
אֵיין וָוארְט גֶעזָאגְט, אַז דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ הָאט דוּרְךְ
יְשַׁעְיָהוּ הַנָּבִיא צוּ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט׃

26 „גֶעה צוּ דיזֶען פָאלְק אוּנְד זָאג זַייא, הֶערֶענְדיג וָועט
אִיהְר הֶערֶען אוּנְד וָועט נִיט פֶערְשְׁטֶעהֶען; אוּנְד
זֶעהֶענְדיג וָועט אִיהְר זֶעהֶען אוּנְד וָועט נִיט אֵיינְזֶעהֶען:
27 וָוארין דָאס הַארְץ פוּן דיזֶעם פָאלְק אִיז פֶעט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען שְׁוֶוער צוּ הֶערֶען, אוּנְד
הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען צוּגֶעמַאכְט; אַז זַייא זָאלֶען נִיט
זֶעהֶען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנְד נִיט הֶערֶען מִיט זֵייעֶרֶע
אוֹיעֶרֶען, אוּנְד נִיט פֶערְשְׁטֶעהְן מִיט זֵייעֶר הַארְץ אוּנְד
זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען, אוּנְד אִיךְ זָאל זֵייא הֵיילֶען“:

ישעיה ו׳, ט׳ י׳.

28 דְרוּם זָאל עֶס אֵייךְ בֶּעקַאנְט זֵיין אַז דיא יְשׁוּעָה פוּן גָאט
אִיז גֶעשִׁיקְט צוּ דיא גוֹיִם; זַייא וֶועלֶען עֶס אוֹיךְ הֶערֶען:
29 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט דָאס גֶעזָאגְט, זֶענֶען דיא יוּדֶען אַוֶועקְ־
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶען
וְכּוּחַ:
30 אוּנְד עֶר הָאט גֶעווְאוֹינְט צְווֵייא גַאנְצֶע יָאהְר אִין זֵיין
אַייגֶען גֶעדוּנְגֶענֶעם הוֹיז, אוּנְד הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען אַלֶע
31 וָואס זֶענֶען צוּ אִיהְם אַרֵיינְגֶעקוּמֶען: אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶע־
דיגְט דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד הָאט גֶעלֶעהְרְט וֶועגֶען
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ גַאנְץ עֶפֶענְטְלִיךְ אוּנְד קֵיינֶער
הָאט אִיהְם פַארְוֶועהְרְט

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא רוֹמֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אַ קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גֶערוּפֶען צוּ זֵיין
אֵיין אַפָּאסְטֶעל, אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן
2 גָאט: וֶועלְכֶע עֶר הָאט פְרִיהֶער צוּגֶעזָאגְט דוּרְךְ זַיינֶע
3 נְבִיאִים אִין דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְטֶען: וֶועגֶען זַיין זוּהְן,
וֶועלְכֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן דָוִד
4 נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ: אוּנְד אִיז בֶּעשְׁטֶעלְט צוּ זֵיין דֶער זוּהְן
פוּן גָאט מִיט מַאכְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט פוּן הֵיילִיגְקֵייט, דוּרְךְ
5 דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא טוֹיטֶע: יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְ־
זֶער הַאר דוּרְךְ דֶעם מִיר הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען גְנָאד אוּנְד
שְׁלִיחוּת צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען אַלֶע
6 גוֹיִם וֶועגֶען זֵיין נָאמֶען: צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע זֶענְט אִיהְר
7 אוֹיךְ דִיא גֶערוּפֶענֶע פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: צוּ אַלֶע וָואס
זֶענֶען אִין רוֹם, דִיא גֶעלִיבְּטֶע פוּן גָאט, גֶערוּפֶענֶע הֵיי־
לִיגֶע, גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער
פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
8 צוּעֶרְשְׁט דַאנְק אִיךְ מֵיין גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ וֶועגֶען
אֵייךְ אַלֶע, אַז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען אִיז אִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט
9 דֶערְצֶעהְלְט: וָוארִין גָאט אִיז מֵיין עֵדוּת, וֶועלְכֶען אִיךְ
דִיעֶן אִין מֵיין גֵייסְט אִין דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן זֵיין זוּהְן,
10 ווִיא אִיךְ גֶעדֶענְק אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג: אַלֶע צֵייטֶען אִין
מֵיינֶע תְּפִילּוֹת בֶּעט אִיךְ, אַז אִיךְ זָאל שׁוֹין אַמָאל מַצְלִיחַ
זֵיין אִין מֵיין וֶועג דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט צוּ אֵייךְ צוּ
11 קוּמֶען: וָוארִין אִיךְ פֶערְלַאנְג אֵייךְ צוּ זֶעהֶען, כְּדֵי אִיךְ
אִיךְ זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען מַאנְכֶע גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנָה, כְּדֵי אִיהְר
12 זָאלְט פֶעסְט גֶעגְרִינְדֶעט וֶוערֶען: דָאס הֵייסְט, כְּדֵי אִיךְ
זָאל מִיט אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס
מִיר הָאבֶּען מִיט אֵיינַאנְדֶער:

13 אוּנְד אִיךְ ווִיל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט עֶס נִיט ווִיסֶען, בְּרִידֶער,
אַז אִיךְ הָאבּ מִיר אָפְט פָאַרְגֶענוּמֶען צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען,
אָבֶּער אִיךְ בִּין בִּיז אַהֶער אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל צְווִישֶׁען אֵייךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל פְּרוּכְט דֶערְהַאלְטֶען,
14 אַזוֹי ווִיא צְווִישֶׁען דִיא אִיבְּרִיגֶע פֶעלְקֶער: אִיךְ בִּין אַ
בַּעַל חוֹב אוֹיךְ צוּ דִיא גְרֶעקֶען אוּנְד אוֹיךְ צוּ דִיא פְרֶעמְדֶע
15 לֵייט, צוּ דִיא קְלוּגֶע אוּנְד צוּ דִיא נַארִישֶׁע: דְרוּם אַזוֹי
וֵוייט ווִיא אִיךְ קָאן בִּין אִיךְ בֶּערֵייט אוֹיךְ צוּ אֵייךְ וָואס
16 זֶענְט אִין רוֹם צוּ פְּרֶעדִיגֶען: וָוארִין אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ נִיט
מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, וָוארִין עֶס אִיז
דִיא מַאכְט פוּן גָאט צוּ יְשׁוּעָה צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס גְלוֹיבְּט,
17 צוּעֶרְשְׁט צוּ דֶעם יְהוּדִי אוּנְד אוֹיךְ צוּם גְרֶעק: וָוארִין
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט אִיז דְרִינֶען אַנְטְפְּלֶעקְט פוּן
גְלוֹיבֶּען צוּם גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען: חבקוק ב׳ ד׳.
18 וָוארִין דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט פוּן הִימֶעל
אִיבֶּער אַלֶע רְשָׁעוֹת אוּנְד אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן מֶענְשֶׁען
19 וָואס הַאלְטֶען דִיא וָואהְרְהֵייט אִין אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט: וָוארִין
דָאס וָואס מֶען קָאן ווִיסֶען וֶועגֶען גָאט אִיז אִין זֵייא
אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, וָוארִין גָאט הָאט עֶס צוּ זֵייא אַנְטְ־
20 פְּלֶעקְט: וָוארִין דִיא נִיט גֶעזֶעהֶענֶע זַאכֶען פוּן דֶעם
בֶּעשֶׁעפֶענִים פוּן דֶער וֶועלְט זֶענֶען אָנְגֶעזֶעהְן אוּנְד בֶּע־
מֶערְקְט דוּרְךְ דִיא וֶוערְק, דָאס הֵייסְט זֵיינֶע עֶבִּיגֶע קְרַאפְט
אוּנְד גָאטְהֵייט, אַזוֹי אַז זֵייא הָאבֶּען גָאר קֵיינֶע עֶנְטְשׁוּלְ־
21 דִיגוּנְג: ווֵייל וֶוען זֵייא הָאבֶּען גָאט גֶעקֶענְט, הָאבֶּען זֵייא
אִיהְם נִיט אַלְס גָאט גֶעלוֹיבְּט אָדֶער גֶעדַאנְקְט, נֵייעֶרְט
זֵייא זֶענֶען אִין זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען נַארִישׁ גֶעוָוארֶען, אוּנְד
זֵייעֶר אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג הַארְץ אִיז פֶערְפִינְסְטֶערְט גֶע־
22 וָוארֶען: אִינְדֶעם זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר קְלוּג
23 זֶענֶען זֵייא גֶעוָוארֶען נַארִישׁ: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם אוּנְפֶערְדֶערְבְּלִיכֶען גָאט פֶערְבִּיטֶען
פַאר אַ בִּילְד גְלֵייךְ צוּ דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ פֶערְדֶערְבְּלִי־
כֶען מֶענְשׁ אוּנְד פוּן פֶעגֶעל אוּנְד פִיעֶרְפִיסִיגֶע חַיוֹת אוּנְד
גֶעווֶערְם;

24 דְרוּם הָאט זֵייא גָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִים גְלוּסְטֶען פוּן
זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּ אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, זֵייעֶרֶע לֵייבֶּער צוּ
25 שַׁאנְד צוּ מַאכֶען צְווִישֶׁען זִיךְ זֶעלְבְּסְט: וֶועלְכֶע הָאבֶּען דִיא
וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט פֶערְבִּיטֶען צוּ אַ לִיגֶען, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען פֶערְעֶהְרְט אוּנְד גֶעדִינְט דָאס בֶּעשֶׁעפֶענִיס מֶעהְר
ווִיא דֶעם בֶּעשֶׁעפֶער, דֶער אִיז אוֹיףְ עֶבִּיג גֶעלוֹיבְּט, אָמֵן:
26 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זֵייא גָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ שֶׁענְדְלִיכֶע
גְלוּסְטִיגְקֵייט; וָוארִין זֵייעֶרֶע נְקֵבוֹת הָאבֶּען זֵייעֶר בֶּע־
דַארְףְ מִן הַטֶּבַע פֶערְבִּיטֶען פַאר דֶעם וָואס אִיז קֶעגֶען
27 דֶער טֶבַע: אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דִיא זְכָרִים הָאבֶּען דֶעם בֶּע־
דַארְףְ מִן הַטֶּבַע פוּן דֶער נְקֵבָה פֶערְלָאזְט, אוּנְד הָאבֶּען
אִין זֵייעֶרֶע ווִילְדֶע גְלוּסְטֶען גֶעבְּרֶענְט אֵיינֶער צוּם אַנְ־
דֶערֶען, אוּנְד זְכָרִים מִיט זְכָרִים הָאבֶּען שַׁאנְד גֶעמַאכְט,
אוּנְד הָאבֶּען אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט בֶּעקוּמֶען דֶעם לוֹין פוּן זֵייעֶר
טָעוֹת, אַזוֹי ווִיא זֵייא הָאבֶּען פֶערְדִינְט:
28 אוּנְד גְלֵייךְ ווִיא זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעוָואלְט גָאט הָאבֶּען אִין
זֵייעֶר יְדִיעָה, אַזוֹי הָאט זֵייא גָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ אַ
פֶערְוָוארְפֶענֶען פֶערְשְׁטַאנְד, צוּ טְהוּן וָואס טוֹיג נִיט:
29 אִינְדֶעם זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט יֶעדֶע אוּנְ־
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, רִשְׁעוּת, תַּאֲוֹת, שְׁלֶעכְטֶעס, פוּל פוּן
30 קִנְאָה, מָארְד, שְׁטְרֵייט, בֶּעטְרִיגֶערֵייא, רְכִילוּת: פֶערְלֵיימְ־
דֶער, פֵיינְד פוּן גָאט, עַזוּת פָּנִים, לֶעסְטֶערֶער, שְׁטָאלְצֶע,
בַּארִיהְמֶער, אוֹיסְגֶעפִינֶער פוּן שְׁלֶעכְטֶע זַאכֶען, ווִידֶערְ־
31 שְׁפֶּענִיג קֶעגֶען דִיא עֶלְטֶערְן: אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג, אוּנְגֶע־
32 טְרֵייא, אוּנְנַאטִירְלִיכֶע לִיבֶּע, אוּנְבַּארְמְהֶערְצִיג: וֶועלְכֶע
וֶוען זֵייא הָאבֶּען אַפִילוּ גֶעווְאוּסְט דָאס מִשְׁפָּט פוּן גָאט,
אַז דִיא וָואס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען זֶענֶען וֶוערְט דֶעם
טוֹיט, נִיט נוּר טְהוּן זֵייא, נֵייעֶרְט בֶּעוִוילִיגֶען אוֹיךְ דִיא
וָואס טְהוּן זֵייא:

## קאפיטעל ב

1 דְרוּם בִּיסְט דוּא אָהְן אֵיינֶע עֶנְטְשׁוּלְדִיגוּנְג, אָ מֶענְשׁ,
וֶוער דוּא אוֹיךְ בִּיסְט וָואס דוּא רִיכְטֶעסְט; וָוארִין אִינְדֶעם
דוּא רִיכְטֶעסְט דֶעם אַנְדֶערֶען, פֶערְשׁוּלְדִיגְסְט דוּא דִיךְ
אַלֵיין; וָוארִין דוּא וָואס רִיכְטֶעסְט טְהוּסְט דָאסְזֶעלְבֶּע:

2 אָבֶּער מִיר װִיסֶען אַז דָאס גֶערִיכְט פוּן גָאט אִיז נָאךְ
דֶער װָאהְרְהֵייט אִיבֶּער דִיא װָאס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען׃
3 אָבֶּער מֵיינְסְט דוּא דָאס, אָ מֶענְשׁ, װָאס דוּא רִיכְטֶעסְט
דִיא װָאס טְהוּן אַזֶעלְכֶע זַאכֶען אוּנְד טְהוּסְט זֵייא, אַז
4 דוּא װֶעסְט דָאס גֶערִיכְט פוּן גָאט אַנְטְרִינֶען? אָדֶער בִּיסְט
דוּא מְבַזֶה דֶעם רֵייכְטְהוּם פוּן זֵיינֶער גִיטִיגְקֵייט אוּנְד גֶע־
דוּלְד אוּנְד לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט, אוּנְד דוּא װֵייסְט נִיט אַז דִיא
5 גִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט פִיהְרְט דִיךְ צוּ תְּשׁוּבָה? אָבֶּער נָאךְ
דֵיינֶע הַארְטִיגְקֵייט אוּנְד אוּנְבֶּעקֶעהְרְטֶען הַארְצֶען זַא־
מֶעלְסְט דוּא דִיר צָארְן אִים טָאג פוּן צָארְן, אוּנְד אַנְט־
6 פְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט פוּן גָאט׃ װֶעלְכֶער
7 װֶעט בֶּעצָאהְלֶען צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיינֶע װֶערְק׃ צוּ דִיא
װֶעלְכֶע דוּרְךְ אוּיסְהַארֶען אִין אַ גוּטֶען װֶערְק װִינְשֶׁען
אוּם הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט,
8 עֶבִּיגֶעם לֶעבֶּען׃ אָבֶּער צוּ דִיא װָאס צַאנְקֶען זִיךְ אוּנְד גֶע־
הָארְכֶען נִיט דִיא װָאהְרְהֵייט, נֵייעֶרְט גֶעהָארְכֶען אוּנְרֶעכְט,
9 װֶעט זַיין צָארְן אוּנְד גְרִימְצָארְן׃ בֶּעטְרִיבְּנִיס אוּנְד אַנְגְסְט
אִיבֶּער אִיטְלִיכֶע זֶעלֶע פוּן אַ מֶענְשׁ װָאס טְהוּט אִיבֶּעל,
10 צוּעֶרְשְׁט פוּן דֶעם יוּד אוּנְד אוֹיךְ פוּן דֶעם גְרֶעק׃ אָבֶּער
הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד פְרִידֶען צוּ אִיטְלִיכֶען װָאס
טְהוּט גוּטֶעס, צוּעֶרְשְׁט צוּם יוּד אוּנְד אוֹיךְ צוּם גְרֶעק׃
11 װָארִין עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים בַּייא גָאט׃
12 װָארִין אַלֶע דִיא װָאס הָאבֶּען אָהְן אַ גֶעזֶעץ גֶעזִינְדִיגְט,
װֶעלֶען אוֹיךְ אָהְן אַ גֶעזֶעץ פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען; אוּנְד דִיא
װָאס הָאבֶּען אוּנְטֶער אַ גֶעזֶעץ גֶעזִינְדִיגְט װֶעלֶען דוּרְךְ אַ
13 גֶעזֶעץ גֶערִיכְטֶעט װֶערֶען׃ װָארִין נִיט דִיא הֶערֶער פוּן
דֶעם גֶעזֶעץ זֶענֶען גֶערֶעכְט פַאר גָאט, נֵייעֶרְט דִיא טְהוּעֶר
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ װֶעלֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט װֶערֶען׃
14 װָארִין װֶען דִיא גוֹיִם װָאס הָאבֶּען נִיט דָאס גֶעזֶעץ טְהוּן
מִן הַטֶּבַע דִיא גֶעבָּאט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, דִיזֶע װֶען זֵייא
הָאבֶּען נִיט קֵיין גֶעזֶעץ, זֶענֶען אַ גֶעזֶעץ צוּ זִיךְ אַלֵיין׃
15 אוּנְד זֵייא בֶּעװֵייזֶען דָאס װֶערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ גֶעשְׁרִיבֶּען
אִין זֵייעֶר הַארְץ, אִינְדֶעם זֵייעֶר גֶעװִיסֶען בֶּעצֵייגְט מִיט
זֵייא צוּזַאמֶען, אוּנְד זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען צְװִישֶׁען אֵיינַאנְדֶער

16 פֶערְקְלָאגֶען אָדֶער רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען זִיךְ׃ אִים טָאג וֶוען
גָאט וֶועט רִיכְטֶען דִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען פוּן מֶענְשֶׁען
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ נָאךְ מֵיינֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה׃
17 אָבֶּער וֶוען דוּא וֶוערְסְט אָנְגֶערוּפֶען אַ יוּד, אוּנְד פֶערְלָאזְט
דִיךְ רוּהִיג אוֹיף דֶעם גֶעזֶעץ, אוּנְד רִיהְמְסְט דִיךְ אִין
18 גָאט׃ אוּנְד וֵוייסְט זֵיין וִוילֶען, אוּנְד פְּרוּפְסְט דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען מֶעהְר וֶוערְט, אִינְדֶעם דוּא בִּיסְט גֶעלֶעהְרְט פוּן
19 דֶער תּוֹרָה׃ אוּנְד דוּא בִּיסְט זִיכֶער אַז דוּא בִּיסְט אַלֵיין
אַ פִיהְרֶער פוּן דִיא בְּלִינְדֶע, אַ לִיכְט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען
20 אִין דֶער פִינְסְטֶער׃ אַ לֶעהְרֶער צוּ דִיא נַארֶען, אַ דֶערְ־
צִיהֶער פוּן קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אֵיינֶער וָואס הָאסְט דִיא גֶעשְׁ־
טַאלְט פוּן דֶערְקֶענְטְנִיס אוּנְד דִיא וָואהְרְהֵייט אִין דֶער תּוֹרָה׃
21 דְרוּם דוּא וָואס לֶעהְרְסְט אֵיין אַנְדֶערֶען, לֶעהְרְסְט דוּא נִיט
דִיךְ אַלֵיין? דוּא וָואס פְּרֶעדִיגְסְט אַז מֶען זָאל נִיט גַנְבֶענֶען,
22 טְהוּסְט דוּא גַנְבֶענֶען? דוּא וָואס זָאגְסְט אַז מֶען זָאל נִיט
מְזַנֶה־זֵיין, בִּיסְט דוּא מְזַנֶה? דוּא וָואס פֶערְאוּמְוִוירְדִיגְסְט
23 דִיא אָפְּגֶעטֶער, רוֹיבְּסְט דוּא דִיא טֶעמְפֶּעל? דוּא וָואס
רִיהְמְסְט דִיךְ מִיט דֶעם גֶעזֶעץ, דוּרְךְ אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג פוּן
24 דֶעם גֶעזֶעץ פֶערְשֶׁעהְמְסְט דוּא גָאט? וָוארִין דֶער נָאמֶען
פוּן גָאט אִיז דוּרְךְ אֵייךְ גֶעלֶעסְטֶערְט צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם,
25 אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען׃ ישעיה נ״ב ה׳. וָוארִין דִיא
מִילָה טְהוּט וְואוֹיל הֶעלְפֶען וֶוען דוּא הַאלְטְסְט דִיא תּוֹרָה;
אָבֶּער וֶוען דוּא בִּיסְט אֵיין אִיבֶּערְטְרֶעטֶער פוּן דֶער תּוֹרָה
26 אִיז דֵיינֶע מִילָה גֶעוָוארֶען אַלְס עָרְלָה׃ דְרוּם וֶוען דֶער
עָרֵל הַאלְט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער תּוֹרָה, וֶועט נִיט
27 זַיינֶע עָרְלָה פַאר מִילָה גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען? אוּנְד דִיא
עָרְלָה וָואס אִיז מִן הַטֶבַע, וֶוען זִיא הַאלְט דָאס גֶעזֶעץ,
וֶועט דִיךְ רִיכְטֶען וָואס דוּא דוּרְךְ דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ אוּנְד
28 דִיא מִילָה אִיבֶּערְטְרֶעטֶעסְט דִיא תּוֹרָה׃ וָוארִין נִיט דֶער
אִיז אַ יוּד וָואס אִיז אַזוֹי אוֹיסֶעוֶוענִיג, אוֹיךְ אִיז דָאס נִיט
29 בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז אוֹיסֶעוֶוענִיג אִין דֶעם פְלֵיישׁ׃ נֵייעֶרְט
דֶער אִיז אַ יוּד וָואס אִיז אִינֶעוֶוענִיג, אוּנְד דִיא מִילָה אִיז
דִיא פוּן דֶעם הַארְץ אִים גֵייסְט נִיט אִים בּוּכְשְׁטַאבּ, וָואס
זֵיין לוֹיבּ אִיז נִיט פוּן מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט פוּן גָאט׃

## קאפיטעל ג

1 וָואס אִיז דָען דֶער פָּארְטְהֵייל פוּן דָעם יוּד? אָדֶער וָואס
2 אִיז דֶער נוּצֶען פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג? פִּיל, יֶעדְעַנְ־
פַּאלְס; צוּעֶרְשְׁט וֵוייל צוּ זֵייא זֶענֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן
3 גָאט אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶט: וָוארִין וָואס אִיז דָען וֶוען עֶטְלִיכֶע
הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? זָאל זֵייעֶר אוּנְגְלוֹיבֶּען צוּשְׁטֶערֶען
4 דִיא טְרֵייהֵייט פוּן גָאט? חָלִילָה; לָאז לִיבֶּער גָאט וָואהְר
זַיין אוּנְד אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ אַ לִיגְנֶער, אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט
זַיין אִין דַיינֶע וֶוערְטֶער, אוּנְד זָאלְסְט בַּייקוּמֶען וֶוען דוּא
5 וֶוערְסְט גֶערִיכְטֶעט: תהלים נ"א ה'. אָבֶּער וֶוען אוּנְזֶערֶע
אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
גָאט, וָואס זָאלֶען מִיר זָאגֶען? אִיז גָאט דֶער שְׁטְרָאפְט
6 מִיט צָארְן אוּנְגֶערֶעכְט? אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ: חָלִילָה;
7 וֶוען אַזוֹי, וִויא וֶועט גָאט דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען? אָבֶּער
וֶוען דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט גֶערֵייכְט מֶעהְר צוּ זַיין־כָּבוֹד
דוּרְךְ מֵיין לִיגֶען, וָוארוּם בִּין אִיךְ דֶען נָאךְ גֶערִיכְטֶעט
8 וִויא אַ זִינְדֶער? אוּנְד וָוארוּם נִיט גְלֵייךְ וִויא מִיר זֶענֶען
גֶעלֶעסְטֶערְט, אוּנְד וִויא עֶטְלִיכֶע בֶּעהוֹיפְּטֶען אַז מִיר זָאגֶען,
לָאזֶען מִיר שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן כְּדֵי גוּטֶעס זָאל קוּמֶען; צוּ
וֶועלְכֶע אִיז דָאס מִשְׁפָּט גֶערֶעכְט:
9 וָואס דָען? זֶענֶען מִיר אַרְגֶער וִויא זֵייא? גֶעוִוים נִיט.
וָוארִין מִיר הָאבֶּען פְרִיהֶער בֶּעוִויזֶען אַז יוּדֶען אוּנְד גוֹיִם
10 זֶענֶען אַלֶע אוּנְטֶער זִינְד: אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען:
11 „עֶס אִיז קֵיינֶער נִיט גֶערֶעכְט אוֹיךְ נִיט אֵיינֶער: עֶס אִיז
קֵיינֶער וָואס אִיז פֶערְשְׁטֶענְדִיג, עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס
12 פָארְשְׁט נָאךְ גָאט: זֵייא זֶענֶען אַלֶע אָפְּגֶעקֶעהְרְט, זֵייא
זֶענֶען צוּזַאמֶען אוּנְנִיצִיג גֶעוָוארֶען, עֶס אִיז קֵיינֶער וָואס
טְהוּט גוּטֶעס, עֶס אִיז נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער: תהלים י"ד א' ג'.
13 זֵייעֶר הַאלְז אִיז אֵיינֶע אָפֶענֶע גְרוּבּ, זֵייא בֶּעטְרִיגֶען
מִיט זֵייעֶרֶע צוּנְג, דָאס גִיפְט פוּן אַ שְׁלַאנְג אִיז אוּנְטֶער
14 זֵייעֶרֶע לִיפֶּען: תהלים ה' י', ק"מ ד'. וֶועמֶעס מוֹיל אִיז
15 פוּל מִיט פְלוּכוּנְג אוּנְד בִּיטֶערְקֵייט: תהלים י' ז'. זֵייעֶרֶע

16 פִים זֶענֶען אֵיילֶענְדִיג בְּלוּט צוּ פֶערְגִיסֶען: פֶערְדַארְבֶּען
17 אוּנְד יַאמֶער זֶענֶען אִין זֵייעֶרֶע וֶועגֶען: אוּנְד דֶעם וֶועג
פוּן פְרִידֶען הָאבֶּען זֵייא נִיט גֶעוְואוּסְט: ישעיה נ"ט ז', ח'.
18 דִיא פָארְכְט פוּן גָאט אִיז נִיט פָאר זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען":
תהלים ל"ו ב'.

19 מִיר ווִיסֶען נוּן אַז אַלֶעס וָואס דִיא תּוֹרָה זָאגְט, דָאס
זָאגְט זִיא צוּ דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי
אִיטְלִיכֶעס מוֹיל זָאל פֶערְשְׁטָאפְּט וֶוערֶען, אוּנְד דִיא
גַאנְצֶע וֶועלְט זָאל פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען פָאר גָאט:
20 דְרוּם דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן דֶער תּוֹרָה וֶועט קֵיין מֶענְשׁ
פָאר אִיהְם גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערֶען, וָוארִין דוּרְךְ דֶער
תּוֹרָה אִיז דִיא דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן זִינְד: תהלים קמ"ג ב'.
21 אָבֶּער נוּן אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט אָהְן דֶעם
גֶעזֶעץ אַנְטְפְּלֶעקְט, אִינְדֶעם עֶס אִיז דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה אוּנְד
22 דִיא נְבִיאִים בֶּעצֵייגְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
פוּן גָאט אִיז דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ אַלֶע וָואס
23 גְלוֹיבֶּען; וָוארִין עֶס אִיז קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד: וָוארִין אַלֶע
הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, אוּנְד הָאבֶּען גֶעפֶּעהְלְט אִין דֶער
24 הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט: אִינְדֶעם זֵייא זֶענֶען אוּמְזוּסְט
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן זֵיינֶע גְנָאד דוּרְךְ דִיא דֶערְלֶעזוּנְג
25 וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וֶועלְכֶען גָאט הָאט פָארְאוֹיס
גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ כַּפּוֹרֶת דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין זֵיין
בְּלוּט, כְּדֵי עֶר זָאל זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֶּעוֵוייזֶען דוּרְךְ
דֶער פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן דִיא פַארְגַאנְגֶענֶע זִינְד אִין דֶער
26 לַאנְגְמִיטִיגְקֵייט פוּן גָאט: כְּדֵי אִין דִיזֶער צֵייט צוּ בֶּעוֵויי־
זֶען זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, כְּדֵי עֶר זָאל גֶערֶעכְט זֵיין, אוּנְד
דֶער רֶעכְטְפֶערְטִיגֶער פוּן דֶעם וָואס גְלוֹיבְּט אָן יֵשׁוּעַ:
27 דְרוּם וְואוּ אִיז דָאס רִיהְמֶען? עֶס אִיז אוֹיסְגֶעשְׁלָאסֶען.
דוּרְךְ וֶועלְכֶען גֶעזֶעץ? פוּן דִיא וֶוערְק? נֵיין, נֵייעֶרְט
28 דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן גְלוֹיבֶּען: וָוארִין מִיר רֶעכְנֶען אַז אַ
מֶענְשׁ אִיז גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָהְן דִיא
29 וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ: אִיז עֶר דֶען דֶער גָאט פוּן דִיא
יוּדֶען אַלֵיין? אִיז עֶר נִיט אוֹיךְ דֶער גָאט פוּן דִיא גוֹיִם:
30 יָא, אוֹיךְ פוּן דִיא גוֹיִם: וֶוען עַל כָּל פָּנִים גָאט אִיז

אײנער װעלכער װעט דיא בעשנײדונג פון דעם גלױבען
רעכטפערטיגען אין דיא ערלה דורך דעם גלױבען:
31 זענען מיר דען מבטל דאס געזעץ דורך דעם גלױבען?
חלילה; נײערט מיר בעשטעטיגען דאס געזעץ:

## קאפיטעל ד

1 װאס זאלען מיר דען זאגען אז אברהם אונזער פאטער
2 נאך דעם פלײש האט דערלאנגט? װארין װען אברהם
איז גערעכטפערטיגט געװעזען דורך װערק האט ער
3 זיך מיט װאס צו ריהמען, אבער ניט פאר גאט: װארין
װאס זאגט דיא שריפט? אברהם האט געגלױבט
גאט, אונד עס איז צו איהם צוגערעכענט געװעזען פאר
4 גערעכטיגקײט: בראשית ט"ו ו'. אבער צו דעם װאס
װערקט איז דער לױן ניט גערעכענט פאר א גנאד,
5 נײערט פאר א חוב: אבער צו דעם װאס װערקט ניט,
נײערט גלױבט אן איהם װאס רעכטפערטיגט דעם רשע,
6 זײן גלױבען איז גערעכענט אלס גערעכטיגקײט: אזוי
װיא אויך דוד הײסט דעם מענש געבענשט, צו דעם גאט
רעכענט גערעכטיגקײט אהן װערק:
7 „געבענשט זענען דיא צו װעלכע דיא אונגערעכטיג־
קײטען זענען פערגעבען אונד דיא זינד זענען
8 צוגעדעקט: געבענשט איז דער מענש צו װעלכען
גאט רעכענט ניט קײנע זינד": תהלים ל"ב א' ב'.
9 איז דען דיזע ברכה איבער דער בעשנײדונג געזאגט,
אדער אויך איבער דער ערלה? װארין מיר זאגען אז
דער גלױבען איז גערעכענט געװעזען צו אברהם פאר
10 גערעכטיגקײט: בראשית ט"ו ו'. װיא איז עס דען צו
איהם גערעכענט געװארען? אין בעשנײדונג אדער אין
11 ערלה? ניט אין בעשנײדונג, נײערט אין ערלה: אונד ער
האט דערהאלטען דאס צײכען פון בעשנײדונג אלס
חותם פון דער גערעכטיגקײט פון דעם גלױבען װאס ער
האט געהאט װען ער איז נאך געװעזען אין ערלה, כדי ער
זאל זײן דער פאטער פון אלע װאס גלױבען, חאטשע
זײא זענען אונבעשניטען, כדי דיא גערעכטיגקײט זאל
12 אויך צו זײא גערעכענט װערען: אונד דער פאטער פון

דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג נִיט נוּר צוּ דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶער
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דִיא וָואס גֶעהֶען אִין דִיא
פוּסְטְרִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם,
וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט וֶוען עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין
עָרְלָה:
13 וָוארִין דִיא הַבְטָחָה צוּ אַבְרָהָם אָדֶער צוּ זֵיין זָאמֶען, אַז
עֶר זָאל זַיין יוֹרֵשׁ פוּן דֶער וֶועלְט, אִיז נִיט גֶעוָוארֶען
דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
14 פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען: וָוארִין וֶוען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶעם
גֶעזֶעץ זֶענֶען יוֹרְשִׁים, אַזוֹי אִיז דֶער גְלוֹיבֶּען צוּ נִישְׁט
15 גֶעמַאכְט, אוּנְד דִיא הַבְטָחָה אִיז בָּטֵל גֶעוֶועזֶען: וָוארִין
דָאס גֶעזֶעץ ווירְקְט צָארְן; וָוארִין וְואוּ עֶס אִיז קֵיין
16 גֶעזֶעץ דָא אִיז אוֹיךְ קֵיינֶע עֲבֵירָה: דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶס
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי עֶס זָאל זַיין דוּרְךְ גְנָאד, אַז דִיא
הַבְטָחָה זָאל זַיין פֶעסְט צוּם גַאנְצֶען זָאמֶען, נִיט נוּר צוּ
דֶעם וָואס אִיז פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דֶעם וָואס
אִיז פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אַבְרָהָם, וָואס אִיז דֶער פָאטֶער
17 פוּן אוּנְס אַלֶע: אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ
הָאבּ דִיךְ גֶעמַאכְט צוּם פָאטֶער פוּן פִילֶע פֶעלְקֶער, פָאר
גָאט אָן וָועלְכֶען עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט, דֶער דִיא טוֹיטֶע
לֶעבֶּעדִיג מַאכְט, אוּנְד רוּפְט דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען נִיט
דָא גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואלְטֶען גֶעוֶועזֶען: בראשית י"ז ה'.
18 וֶועלְכֶער קֶעגֶען דֶער הָאפְנוּנְג הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער
הָאפְנוּנְג, כְּדֵי עֶר זָאל זַיין דֶער פָאטֶער פוּן פִילֶע
פֶעלְקֶער, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וֶועט
19 דַיין זָאמֶען זַיין: בראשית ט"ו ה'. אוּנְד וֵוייל עֶר אִיז נִיט
שְׁוַואךְ גֶעוֶועזֶען אִים גְלוֹיבֶּען, הָאט עֶר זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ
אָנְגֶעזֶעהֶען גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז שׁוֹין טוֹיט גֶעוֶועזֶען, וֶוען
עֶר אִיז קֶעגֶען הוּנְדֶערְט יָאהְר אַלְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אוֹיךְ
20 דֶעם טוֹיטֶען מוּטֶערְלֵייבּ פוּן שָׂרָה: אָבֶּער אִין דֶער
הַבְטָחָה פוּן גָאט הָאט עֶר קֵיין סָפֵק גֶעהַאט דוּרְךְ אוּנְגְלוֹי־
בִּיגְקֵייט, נֵייעֶרְט אִיז שְׁטַארְק גֶעוָוארֶען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען,
21 אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ גָאט: אוּנְד אִיז זִיכֶער
גֶעוֶועזֶען, אַז וָואס עֶר הָאט פֶערְשְׁפְּרָאכֶען דָאס קָאן עֶר

22 אוֹיךְ טְהוּן: דְרוּם אִיז עֶס אִיהְם אוֹיךְ צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען
פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: בראשית ט"ו ו'.
23 אוּנְד עֶס אִיז נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען אַלֵיין, אַז
24 עֶס אִיז צוּ אִיהְם גֶערֶעכֶענְט גֶעוֶועזֶען: נֵייעֶרְט אוֹיךְ פוּן
אוּנְזֶערְטְוֶועגֶען, צוּ וֶועמֶען עֶס וֶועט גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען,
וֶועלְכֶע גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם דֶער הָאט אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
25 אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע: וֶועלְכֶער אִיז וֶועגֶען
אוּנְזֶערֶע זִינְד אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוֶועזֶען, אוּנְד וֶועגֶען
אוּנְזֶערֶע גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְקֵייט אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל ה

1 דְרוּם וֶוען מִיר זֶענֶען גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם
גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר פְרִידֶען מִיט גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶער
2 הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: דוּרְךְ דֶעם מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ אוּנְזֶער
צוּטְרִיט דֶערְלַאנְגְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען צוּ דִיזֶער גְנָאד
אִין וֶועלְכֶער מִיר שְׁטֶעהֶען, אוּנְד לָאזְט אוּנְס פְרֶעהְלִיךְ
זַיין אִין דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט:
3 אוּנְד נִיט נוּר אַזוֹי, נֵייעֶרְט לָאזְט אוּנְס אוֹיךְ פְרֶעהְלִיךְ זַיין
אִין אוּנְזֶער לֵיידֶען, ווִיסֶענְדִיג אַז לֵיידֶען ווִירְקְט גֶעדוּלְד:
4 אוּנְד דִיא גֶעדוּלְד פְּרִיפוּנְג, אוּנְד דִיא פְּרִיפוּנְג הָאפְנוּנְג:
5 אוּנְד דִיא הָאפְנוּנְג בְּרֶענְגְט נִיט צוּ שַׁאנְד, וָוארִין דִיא
לִיבֶּע פוּן גָאט אִיז אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער
דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס אִיז אוּנְס גֶעגֶעבֶּען
גֶעוָוארֶען:
6 וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען שְׁוַואךְ אַזוֹי אִיז
מָשִׁיחַ אוֹיף דִיא רֶעכְטֶע צֵייט פַאר דִיא רְשָׁעִים גֶעשְׁטָארְ־
7 בֶּען: וָוארִין קוֹים וֶועט אִימִיצֶער פַאר אַ גֶערֶעכְטֶען
שְׁטַארְבֶּען; וָוארִין טָאמֶער פַאר דֶעם גוּטֶען וֶועט זִיךְ
8 אִימִיצֶער אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען צוּ שְׁטַארְבֶּען: אָבֶּער גָאט
שְׁטֶעלְט אַזוֹי זַיינֶע אֵייגֶענֶע לִיבֶּע קֶעגֶען אוּנְס, אִינְדֶעם
וֶוען מִיר זֶענֶען נָאךְ גֶעוֶועזֶען זִינְדֶער אִיז מָשִׁיחַ פַאר
9 אוּנְס גֶעשְׁטָארְבֶּען: דְרוּם נָאךְ פִיל מֶעהְר וֶוען מִיר זֶענֶען
אִיצְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ זַיין בְּלוּט וֶועלֶען מִיר דוּרְךְ
10 אִיהְם גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען פוּן דֶעם צָארְן: וָוארִין וֶוען מִיר
זֶענֶען מִיט גָאט בֶּעווִילִיגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם טוֹיט פוּן

זַיין זוּהְן, װען זַענֶען גֶעװעזֶען פֵיינְד, פִיל מֶעהְר װֶען
מִיר זֶענֶען בֶּעװִילִיגְט װֶעלֶען מִיר דוּרְךְ זַיין לֶעבֶּען
11 גֶערֶעטֶעט װֶערֶען: אוּנְד נִיט נוּר אַזוֹי, נַייעֶרְט מִיר זֶענֶען
אוֹיךְ פְרֶעהְלִיךְ אִין גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
דוּרְךְ װֶעלְכֶען מִיר הָאבֶּען אַצוּנְד דֶערְהַאלְטֶען דִיא
אִיבֶּערְבֶּעטוּנְג:
12 דֶעסְטְװעגֶען, גְלֵייךְ װִיא דִיא זִינְד אִיז אִין דֶער װֶעלְט
אֵיינְגֶעטְרֶעטֶען דוּרְךְ אֵיין מֶענְשׁ, אוּנְד דֶער טוֹיט דוּרְךְ
דִיא זִינְד, אוּנְד אַזוֹי אִיז דֶער טוֹיט אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען
13 גֶעקוּמֶען, אִינְדֶעם אַלֶע הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט: װָארִין בִּיז צוּם
גֶעזֶעץ אִיז דִיא זִינְד גֶעװֶעזֶען אִין דֶער װֶעלְט, אָבֶּער װְאוּ
עֶס אִיז קֵיין גֶעזֶעץ, דָא אִיז דִיא זִינְד נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט:
14 דָאךְ הָאט דֶער טוֹיט גֶעהֶערְשְׁט פוּן אָדָם בִּיז מֹשֶׁה אוֹיךְ
אִיבֶּער דִיא װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט אִין דֶער גְלַייכְהַייט
פוּן דֶער עֲבֵירָה פוּן אָדָם, װֶעלְכֶער אִיז אַ פָּארְבִּילְד פוּן
15 דֶעם װֶעלְכֶער זָאל קוּמֶען: אָבֶּער נִיט גְלֵייךְ װִיא מִיט
דֶער זִינְד אַזוֹי אוֹיךְ מִיט דֶער פְרֵייעֶן מַתָּנָה; װָארִין װֶען
דוּרְךְ דִיא זִינְד פוּן אֵיינֶעם זֶענֶען פִילֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען, פִיל
מֶעהְר הָאט דִיא גְנָאד פוּן גָאט אוּנְד דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה אִין
דֶער גְנָאד פוּן דֶעם אֵיינֶעם מֶענְשֶׁען יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זִיךְ
16 גֶעמֶעהְרְט קֶעגֶען פִילֶע: אוּנְד נִיט גְלֵייךְ װִיא דוּרְךְ אֵיינֶעם
װָאס הָאט גֶעזִינְדִיגְט, אַזוֹי אִיז דִיא גְנֶעדִיגֶע מַתָּנָה; װָארִין
דָאס מִשְׁפָּט אִיז גֶעװֶעזֶען דוּרְךְ אֵיינֶעם צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג,
אָבֶּער דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה אִיז פוּן פִילֶע עֲבֵירוֹת צוּ
17 רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג: װָארִין, װֶען דוּרְךְ דֶער עֲבֵירָה פוּן
אֵיינֶעם הָאט דֶער טוֹיט גֶעהֶערְשְׁט דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם,
פִיל מֶעהְר דִיא װָאס דֶערְהַאלְטֶען דִיא אִיבֶּערְפְלִיסֶענְדֶע
גְנָאד אוּנְד דִיא מַתָּנָה פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט װֶעלֶען אִים
לֶעבֶּען הֶערְשֶׁען דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
18 דֶרוּם, גְלֵייךְ װִיא דוּרְךְ אֵיינֶע עֲבֵירָה אִיז דָאס גֶערִיכְט
גֶעקוּמֶען אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגוּנְג, אַזוֹי
אִיז אוֹיךְ דוּרְךְ אֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה
אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשֶׁען גֶעקוּמֶען צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג
19 פוּן לֶעבֶּען: װָארִין גְלֵייךְ װִיא דוּרְךְ דֶעם אוּנְגֶעהָארְכֶען

פוּן דֶעם אֵיינֶעם מֶענְשׁ זֶענֶען פִילֶע זִינְדֶער גֶעוָוארֶען, אַזוֹי
אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם גֶעהָארְכֶען פוּן דֶעם אֵיינֶעם וֶועלֶען פִילֶע
20 גֶערֶעכְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען: אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז צְווִישֶׁען
גֶעקוּמֶען כְּדֵי דִיא עֲבֵירָה זָאל פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען, אָבֶּער
וְואוּ דִיא זִינְד אִיז פֶערְמֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, דָארְט אִיז
21 דִיא גְנָאד נָאךְ גַאנְץ מֶעהְר גֶעוָוארֶען: כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא
דִיא זִינְד הָאט גֶעהֶערְשְׁט אִים טוֹיט, אַזוֹי זָאל אוֹיךְ דִיא
גְנָאד הֶערְשֶׁען דוּרְךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר:

## קאפיטעל ו

1 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? זָאלֶען מִיר אִין זִינְד וֵוייטֶער
2 בְּלֵייבֶּען, כְּדֵי דִיא גְנָאד זָאל פֶערְמֶעהְרְט וֶוערֶען? חָלִילָה,
מִיר, וָואס זֶענֶען צוּ דֶער זִינְד גֶעשְׁטָארְבֶּען, וִויא אַזוֹי
3 זָאלֶען מִיר נָאךְ לֶענְגֶער דְרִינֶען לֶעבֶּען? אָדֶער וֵוייכְט
אִיהְר נִיט אַז מִיר אַלֶע וָואס זֶענֶען צוּ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען, זֶענֶען גֶעטוֹבֵלְט גֶעוָוארֶען צוּ זֵיין
4 טוֹיט? דְרוּם זֶענֶען מִיר מִיט אִיהְם דוּרְךְ דֶער טְבִילָה צוּם
טוֹיט בֶּעגְרוּבֶּען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא מָשִׁיחַ אִיז פוּן
דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
פוּן דֶעם פָאטֶער, אַזוֹי זָאלֶען מִיר אוֹיךְ וַואנְדְלֶען אִין
5 נֵייעֶרוּנְג פוּן לֶעבֶּען: וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען צוּזַאמֶען
גֶעפְלַאנְצְט גֶעוָוארֶען אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן זֵיין טוֹיט,
אַזוֹי וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ זֵיין אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן זֵיינֶע
6 אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג: אוּנְד דָאס ווִיסֶען מִיר אַז אוּנְזֶער
אַלְטֶער מֶענְשׁ אִיז מִיט אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי
דֶער לֵייבּ פוּן זִינְד זָאל צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען, אַז מִיר זָאלֶען
7 נִיט מֶעהְר דִינֶען צוּ זִינְד: וָוארִין דֶער וָואס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען
8 אִיז גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט פוּן זִינְד: אָבֶּער וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט
מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען, גְלוֹיבֶּען מִיר אַז מִיר וֶועלֶען אוֹיךְ מִיט
9 אִיהְם לֶעבֶּען: וָוארִין מִיר ווִיסֶען אַז מָשִׁיחַ אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע אוּנְד שְׁטַארְבְּט נִיט מֶעהְר, דֶער
10 טוֹיט הֶערְשְׁט נִיט מֶעהְר אִיבֶּער אִיהְם: וָוארִין אִים טוֹיט
וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיז עֶר אֵיינְמָאל גֶעשְׁטָארְבֶּען
צוּ דֶער זִינְד. אָבֶּער אִים לֶעבֶּען וָואס עֶר לֶעבְּט דָאס

11 לֶעבְּט עֶר צוּ גָאט׃ אַזוֹי בֶּעטְרַאכְט אִיהְר אֵייךְ זֶעלְבְּסְט
אוֹיךְ אַז אִיהְר זֶענְט טוֹיט צוּ דֶער זִינְד, אָבֶּער לֶעבֶּעדִיג
צוּ גָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃
12 דְרוּם לָאז נִיט דִיא זִינְד הֶערְשֶׁען אִין אֵייעֶר שְׁטֶערְבְּלִיכֶען
לֵייבּ, אַז אִיהְר זָאלְט אִיהְר גֶעהָארְכֶען צוּ זַיינֶע גְלוּסְטִיגְ־
13 קֵייטֶען׃ אוּנְד שְׁטֶעלְט נִיט אֵייעֶרֶע גְלִידֶער צוּ זִינְד פַּאר
וַואפֶּען פוּן אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט שְׁטֶעלְט אֵייךְ צוּ
גָאט וִויא לֶעבֶּעדִיגֶע פוּן דִיא טוֹיטֶע, אוּנְד אֵייעֶרֶע גְלִידֶער
14 צוּ גָאט פַאר וַואפֶּען פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ וָוארִין דִיא זִינְד
וֶועט נִיט אִיבֶּער אֵייךְ גֶעוֶועלְטִיגֶען; וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט
אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד׃
15 וָואס דֶען? זָאלֶען מִיר זִינְדִיגֶען וֵוייל מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְ־
טֶער דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייעֶרְט אוּנְטֶער דֶער גְנָאד? חָלִילָה׃
16 וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז צוּ וֶועמֶען אִיהְר גִיבְּט אֵייךְ פַאר
קְנֶעכְט צוּ גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר דִיא קְנֶעכְט פוּן
דִיא צוּ וֶועמֶען אִיהְר גֶעהָארְכְט, עֶנְטְוֶועדֶער פוּן זִינְד צוּם
17 טוֹיט, אָדֶער פוּן גֶעהָארְכֶען צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט? אָבֶּער
דַאנְק זַייא צוּ גָאט, אַז אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען דִיא קְנֶעכְט
פוּן זִינְד, אָבֶּער אִיהְר הָאט פוּן הַארְצֶען גֶעהָארְכְט צוּ דֶער
גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶער לֶעהְרֶע צוּ וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט אִי־
18 בֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען׃ אוּנְד אִיהְר זֶענְט בֶּעפְרֵייעֶט גֶע־
וָוארֶען פוּן זִינְד אוּנְד זֶענְט גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען קְנֶעכְט
19 צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ וֶועגֶען דֶער שְׁוַואכְ־
הֵייט פוּן אֵייעֶר פְלֵיישׁ; וָוארִין גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט
גֶעשְׁטֶעלְט אֵייעֶרֶע גְלִידֶער פַאר קְנֶעכְט צוּ דֶער אוּנְרֵיי־
נִיגְקֵייט אוּנְד אוּנְרֶעכְט צוּ אוּנְרֶעכְט, אַזוֹי שְׁטֶעלְט אִיצְט
אֵייעֶרֶע גְלִידֶער פַאר קְנֶעכְט צוּר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ
20 הֵיילִיגְקֵייט׃ וָוארִין וֶוען אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען קְנֶעכְט פוּן
זִינְד, זֶענְט אִיהְר פְרֵייא גֶעוֶועזֶען וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃
21 וָואס פַאר פְרוּכְט הָאט אִיהְר דַאן גֶעהַאט אִין דִיא זַאכֶען
מִיט וֶועלְכֶע אִיהְר שֶׁעמְט אֵייךְ אַצוּנְד? וָוארִין דֶער סוֹף
22 פוּן יֶענֶע זַאכֶען אִיז דֶער טוֹיט׃ אָבֶּער אִינְדֶעם אִיהְר זֶענְט
פוּן דֶער זִינְד בֶּעפְרֵייעֶט גֶעוָוארֶען אוּנְד זֶענְט גֶעמַאכְט
גֶעוָוארֶען צוּ קְנֶעכְט פוּן גָאט, הָאט אִיהְר אֵייעֶרֶע פְרוּכְט

23 צוּ הֵיילִיגְקֵייט, אוּנְד צוּם סוֹף עֶבִּיגֶעם לֶעבֶּען: וָוארִין דֶער
שְׂכַר פוּן זִינְד אִיז דֶער טוֹיט, אָבֶּער דִיא פְרֵייעֶ מַתָּנָה
פוּן גָאט אִיז עֶבִּיגֶעם לֶעבֶּען אִין אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ:

## קאפּיטעל ז

1 אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר נִיט, בְּרִידֶער, וָוארִין אִיךְ רֶעד צוּ
דִיא וָואס קֶענֶען דָאס גֶעזֶעץ, אַז דָאס גֶעזֶעץ הֶערְשְׁט
2 אִיבֶּער דֶעם מֶענְשׁ אַזוֹי לַאנְג וִויא עֶר לֶעבְּט? וָוארִין
דִיא פְרוֹיא וָואס הָאט אַ מַאן אִיז בַּייא דֶעם גֶעזֶעץ
צוּם מַאן גֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי לַאנְג וִויא עֶר לֶעבְּט; אָבֶּער
וֶוען דֶער מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אַזוֹי אִיז זִיא בֶּעפְרֵייעֶט
3 פוּן דֶעם גֶעזֶעץ פוּן אִיהְר מַאן: דְרוּם וֶוען זִיא וֶועט
חַתוּנָה הָאבֶּען צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען בְּשַׁעַת אִיהְר מַאן לֶעבְּט,
וֶועט מֶען זִיא הֵייסֶען אַ זוֹנָה; אָבֶּער וֶוען דֶער מַאן אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען אִיז זִיא פְרֵייא פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אַזוֹי אַז
זִיא אִיז נִיט קֵיינֶע זוֹנָה וֶוען זִיא וֶוערְט דָאס וַוייבּ פוּן
4 אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן: דְרוּם, מֵיינֶע בְּרִידֶער, אִיהְר זֶענְט
אוֹיךְ טוֹיט גֶעוָוארֶען צוּם גֶעזֶעץ דוּרְךְ דֶעם לֵייבּ פוּן
מָשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט וֶוערֶען צוּם אַנְדֶערֶען, צוּ דֶעם
וֶועלְכֶער אִיז פוּן דִיא טוֹיטֶע אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען,
5 כְּדֵי מִיר זָאלֶען פְרוּכְט בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט: וָוארִין וֶוען
מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִים פְלֵיישׁ, הָאבֶּען דִיא תַּאֲוֹת פוּן
דִיא זִינְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ גֶע־
ווּירְקְט אִין אוּנְזֶערֶע גְלִידֶער, כְּדֵי מִיר זָאלֶען פְרוּכְט
6 בְּרֶענְגֶען צוּם טוֹיט: אָבֶּער אִיצְט זֶענֶען מִיר בֶּעפְרֵייעֶט
גֶעוָוארֶען פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וַוייל מִיר זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען
צוּ דֶעם מִיט וֶועלְכֶען מִיר זֶענֶען פֶעסְט גֶעהַאלְטֶען
גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דִינֶען אִין נֵייהֵייט פוּן דֶעם גַייסְט,
אוּנְד נִיט אִין דֶער עֶלְטֶער פוּן דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ:
7 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אִיז דָאס גֶעזֶעץ זִינְד?
חָלִילָה; אָבֶּער אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעקָאנְט זִינְד וֶוען נִיט
דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ, וָוארִין אִיךְ וָואלְט נִיט גֶעוְואוּסְט פוּן
תַּאֲוָה, וֶוען דָאס גֶעזֶעץ וָואלְט נִיט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט
8 נִיט גְלוּסְטֶען שמות כ׳ ט״ו: דברים ה׳ י״ח; אָבֶּער דִיא זִינְד

הָאט גֶענוּמֶען גֶעלֶעגֶענְהַייט דוּרְךְ דֶעם גֶעבָּאט, אוּנְד
הָאט אִין מִיר גֶעוִירְקְט אַלֶערְלֵייא תַּאֲוָה; וָוארִין אָהְן דֶעם
גֶעזֶעץ אִיז זִינְד טוֹיט גֶעוֶועזֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ אַמָאל 9
גֶעלֶעבְּט אָהְן דֶעם גֶעזֶעץ, אָבֶּער וֶוען דָאס גֶעבָּאט אִיז
גֶעקוּמֶען אִיז דִיא זִינְד וִוידֶער לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען, אוּנְד
אִיךְ בִּין גֶעשְׁטָארְבֶּען: אוּנְד דָאס גֶעבָּאט וָואס זָאל זַיין 10
צוּם לֶעבֶּען אִיז מִיר אוֹיסְגֶעפִינֶען צוּם טוֹיט: וָוארִין דִיא 11
זִינְד הָאט דוּרְךְ דֶעם גֶעבָּאט גֶעלֶעגֶענְהַייט גֶענוּמֶען,
אוּנְד הָאט מִיךְ פֶערְפִיהְרְט, אוּנְד דָארְדוּרְךְ גֶעטֶעטֶעט:
אַזוֹי דֶען אִיז דָאס גֶעזֶעץ הֵיילִיג, אוּנְד דָאס גֶעבָּאט אִיז 12
הֵיילִיג אוּנְד גֶערֶעכְט אוּנְד גוּט:
אִיז דֶען דָאס וָואס אִיז גוּט צוּ מִיר גֶעוָוארֶען צוּם טוֹיט? 13
חָלִילָה; נֵייעֶרְט דִיא זִינְד, כְּדֵי זִיא זָאל זִיךְ בֶּעוֵוייזֶען
וִויא זִינְד, הָאט אִין מִיר דוּרְךְ דֶעם גוּטֶען גֶעוִירְקְט דֶעם
טוֹיט, כְּדֵי דִיא זִינְד זָאל דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ אִיבֶּער מָאָס
זִינְדִיג וֶוערֶען: וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז דָאס גֶעזֶעץ אִיז 14
גֵייסְטְלִיךְ; אָבֶּער אִיךְ בִּין פְלֵיישְׁלִיךְ, פֶערְקוֹיפְט אוּנְטֶער
דִיא זִינְד: וָוארִין דָאס וָואס אִיךְ טְהוּא וֵויל אִיךְ נִיט; 15
וָוארִין נִיט דָאס וָואס אִיךְ וִויל טְהוּא אִיךְ, נֵייעֶרְט וָואס
אִיךְ הָאבּ פֵיינְד דָאס טְהוּא אִיךְ: אוּנְד וֶוען אִיךְ טְהוּא 16
דָאס וָואס אִיךְ וִויל נִיט, אַזוֹי בִּין אִיךְ מוֹדֶה אַז דָאס
גֶעזֶעץ אִיז גוּט: אוּנְד אִיצְט בִּין אִיךְ עֶס נִיט מֶעהְר וָואס 17
טְהוּא עֶס, נֵייעֶרְט דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר: וָוארִין 18
אִיךְ וֵויים אַז אִין מִיר, דָאס הֵייסְט אִין מֵיין פְלֵיישׁ, וְואוֹינְט
קֵיינֶע גוּטֶע זַאךְ; וָוארִין אִיךְ הָאבּ אַוַדַאי דֶעם וִוילֶען, אָבֶּער
נִיט דָאס גוּטֶע צוּ טְהוּן: וָוארִין דָאס גוּטֶע וָואס אִיךְ וִויל 19
טְהוּא אִיךְ נִיט, אָבֶּער דָאס שְׁלֶעכְטֶע וָואס אִיךְ וִויל נִיט
דָאס טְהוּא אִיךְ: אָבֶּער וֶוען אִיךְ טְהוּא דָאס וָואס אִיךְ וִויל 20
נִיט, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט מֶעהְר דֶער וָואס טְהוּט עֶס, נֵייעֶרְט
דִיא זִינְד וָואס וְואוֹינְט אִין מִיר: אִיךְ גֶעפִין דֶען דָאס 21
גֶעזֶעץ, אַז וֶוען אִיךְ וִויל טְהוּן דָאס גוּטֶע אִיז דָאס שְׁלֶעכְטֶע
בַּייא מִיר: וָוארִין אִיךְ הָאבּ תַּעֲנוּג אִים גֶעזֶעץ פוּן גָאט 22
נָאךְ דֶעם אִינֶערֶען מֶענְשׁ: אָבֶּער אִיךְ זֶעה אֵיין אַנְדֶערֶעם 23
גֶעזֶעץ אִין מֵיינֶע גְלִידֶער, וָואס שְׁטְרֵייט קֶעגֶען דֶעם

גֶעזֶעץ פוּן מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד נֶעמְט מִיךְ גֶעפַאנְגֶען
צוּם גֶעזֶעץ פוּן דֶער זִינְד וָואס אִיז אִין מֵיינֶע גְלִידֶער:
24 אַךְ, אִיךְ עֶלֶענְדֶער מֶענְשׁ! וֶוער וֶועט מִיךְ אוֹיסְלֶעזֶען פוּן
25 דֶעם לֵייבּ פוּן דִיזֶען טוֹיט? אִיךְ דַאנְק גָאט דוּרְךְ אוּנְזֶערְן
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. דְרוּם מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד דִיעֶן אִיךְ
זֶעלְבְּסְט דָאס גֶעזֶעץ פוּן גָאט, אָבֶּער מִיט דֶעם פְלֵיישׁ דָאס
גֶעזֶעץ פוּן זִינְד:

## קאפיטעל ח

1 דְרוּם אִיז אַצוּנְד קֵיינֶע פֶערְמִשְׁפָּטוּנְג פַאר דִיא וָואס זֶענֶען
2 אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן
לֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ הָאט מִיךְ פְרֵייא גֶעמַאכְט פוּן
3 דֶעם גֶעזֶעץ פוּן זִינְד אוּנְד טוֹיט: וָוארִין דָאס וָואס אִיז
אוּנְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען צוּם גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען
שְׁוַואךְ דוּרְךְ דֶעם פְלֵיישׁ, הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט זַיין אֵייגֶענֶען
זוּהְן אִין דֶער גְלֵייכְהֵייט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן זִינְד אוּנְד
וֶועגֶען זִינְד, אוּנְד הָאט אַזוֹי פֶערְמִשְׁפָּט דִיא זִינְד אִין דֶעם
4 פְלֵיישׁ: כְּדֵי דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֶעזֶעץ זָאל אִין
אוּנְס דֶערְפִילְט וֶוערֶען, וָואס וַואנְדְלֶען נִיט נָאךְ דֶעם
5 פְלֵיישׁ נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם גֵייסְט: וָוארִין דִיא וָואס זֶענֶען
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ טְרַאכְטֶען דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ,
אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען נָאךְ דֶעם גֵייסְט טְרַאכְטֶען דִיא
6 זַאכֶען פוּן דֶעם גֵייסְט: וָוארִין דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם
פְלֵיישׁ אִיז דֶער טוֹיט, אָבֶּער דָאס טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם
7 גֵייסְט אִיז לֶעבֶּען אוּנְד פְרִידֶען: וֵוייל דָאס טְרַאכְטֶען פוּן
דֶעם פְלֵיישׁ אִיז פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען גָאט; וָוארִין עֶס אִיז
נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּם גֶעזֶעץ פוּן גָאט, וָוארִין עֶס קָאן
8 אוֹיךְ נִיט זַיין: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען אִים פְלֵיישׁ קֶענֶען
נִיט גָאט גֶעפֶעלֶען:
9 אָבֶּער אִיהְר זֶענְט נִיט אִים פְלֵיישׁ נֵייעֶרְט אִים גֵייסְט, וֶוען
דֶער גֵייסְט פוּן גָאט וְואוֹינְט וִוירְקְלִיךְ אִין אֵייךְ. אָבֶּער
וֶוער עֶס הָאט נִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם מָשִׁיחַ דֶער אִיז
10 נִיט זֵיינֶער: אָבֶּער וֶוען דֶער מָשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ, אַזוֹי אִיז
דֶער לֵייבּ טוֹיט וֶועגֶען זִינְד, אָבֶּער דֶער גֵייסְט אִיז לֶע־
11 בֶּעדִיג וֶועגֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: אוּנְד וֶוען דֶער גֵייסְט פוּן

אִיהְם דֶער הָאט יֵשׁוּעַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע וְואוֹנְט
אִין אֵייךְ, דֶער וֶועלְכֶער הָאט יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוֹיפְגֶעוֶועקְט
פוּן דִיא טוֹיטֶע וֶועט אֵייעֶרֶע שְׁטֶערְבְּלִיכֶע לֵייבֶּער לֶע־
בֶּעדִיג מַאכֶען דוּרְךְ זַיין גֵייסְט וָואס וְואוֹנְט אִין אֵייךְ:
אַזוֹי דֶען, בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר שׁוּלְדִיגֶער, נִיט צוּם פְלֵיישׁ, 12
אַז מִיר זָאלֶען לֶעבֶּען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ: וָוארִין וֶוען אִיהְר 13
לֶעבְּט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, וֶועט אִיהְר שְׁטַארְבֶּען; אָבֶער
וֶוען אִיהְר דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט טֶעטֶעט דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם
לֵייב, וֶועט אִיהְר לֶעבֶּען: וָוארִין אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען 14
גֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא זִיהְן
פוּן גָאט: וָוארִין אִיהְר הָאט נִיט דֶערְהַאלְטֶען דֶעם גֵייסְט 15
פוּן קְנֶעכְטְשַׁאפְט וִוידֶער צוּ פָארְכְט, נֵייעֶרְט אִיהְר הָאט
דֶערְהַאלְטֶען דֶעם גֵייסְט פוּן קִינְדְשַׁאפְט, דוּרְךְ וֶועלְכֶען
מִיר רוּפֶען אַבָּא, פָאטֶער: דֶער גֵייסְט אַלֵיין בֶּעצֵייגְט מִיט 16
אוּנְזֶערְן גֵייסְט אַז מִיר זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט: אוּנְד 17
וֶוען מִיר זֶענֶען קִינְדֶער, זֶענֶען מִיר אוֹיךְ יוֹרְשִׁים; יוֹרְשִׁים
פוּן גָאט אוּנְד מִיט־יוֹרְשִׁים מִיט דֶעם מָשִׁיחַ, וֶוען מִיר
לֵיידֶען מִיט אִיהְם, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אִיהְם פֶערְ־
הֶערְלִיכְט וֶוערֶען:
וָוארִין אִיךְ רֶעכֶען אַז דִיא לֵיידֶען פוּן דִיזֶער צֵייט זֶענֶען 18
נִיט וֶוערְט פֶערְגְלֵייכְט צוּ וֶוערֶען מִיט דֶער הֶערְלִיכְקֵייט וָואס
וֶועט אִין אוּנְס אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען: וָוארִין דִיא עֶרִינְצְטֶע 19
אוֹיסְהַארוּנְג פוּן דֶער בֶּעשֶׁעפֶענִים וַוארְטֶעט אוֹיף דֶעם
אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דִיא זִיהְן פוּן גָאט: וָוארִין דִיא בֶּע־ 20
שֶׁעפֶענִים אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוֶועזֶען צוּ אֵייטֶעלְקֵייט,
נִיט פוּן אִיהְר אֵייגֶען וִוילֶען נֵייעֶרְט וֶועגֶען אִיהְם
וָואס הָאט זִיא אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט: אוֹיף הָאפְנוּנְג 21
אַז דִיא בֶּעשֶׁעפֶענִים אַלֵיין וֶועט בֶּעפְרֵייעט וֶוערֶען פוּן
דֶער קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט צוּ דֶער פְרֵיי־
הֵייט פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט:
וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז דִיא גַאנְצֶע בֶּעשֶׁעפֶענִים זִיפְצְט 22
צוּזַאמֶען אוּנְד קְרֶעכְצְט בִּיז אַצוּנְד: אוּנְד נִיט נוּר דָאס, 23
נֵייעֶרְט אוֹיךְ מִיר אַלֵיין וָואס הָאבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט
פוּן דֶעם גֵייסְט, אַפִילוּ מִיר אַלֵיין זִיפְצֶען אִין אוּנְס,

אִינְדֶעם מִיר וַוארְטֶען אוֹיףְ דֶער קִינְדְשַׁאפְט, דָאס הֵייסְט,
24 אוֹיףְ דֶער אוֹיסְלֶעזוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶען לֵייבּ: וָוארִין דוּרְךְ
אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג זֶענֶען מִיר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען; אָבֶּער
דִיא הָאפְנוּנְג וָואס אִיז גֶעזֶעהֶען אִיז קֵיינֶע הָאפְנוּנְג;
25 וָוארִין וֶוער הָאפְט אוֹיףְ דֶעם וָואס עֶר זֶעהְט; אָבֶּער
וֶוען מִיר הָאפֶען אוֹיףְ דֶעם וָואס מִיר זֶעהֶען נִיט, אַזוֹי
וַוארְטֶען מִיר דְרוֹיףְ מִיט גֶעדוּלְד:
26 אוּנְד גְלֵייךְ דֶעם הֶעלְפְט אוֹיךְ דֶער גֵייסְט אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְ־
הֵייטֶען, וָוארִין מִיר וִויסֶען נִיט וָואס מִיר זָאלֶען בֶּעטֶען
אַזוֹי וִויא מֶען בֶּעדַארְף, אָבֶּער דֶער גֵייסְט אַלֵיין פֶערְ־
27 טְרֶעט פַאר אוּנְס מִיט זִיפְצֶען נִיט אוֹיסְצוּרֶעדֶען: אוּנְד
דֶער וֶועלְכֶער פָארְשְׁט דִיא הֶערְצֶער וֵוייסְט דָאס טְרַאכְטֶען
פוּן דֶעם גֵייסְט, וָוארִין עֶר פֶערְטְרֶעט פַאר דִיא הֵיילִיגֶע נָאךְ
28 דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט: אוּנְד מִיר וִויסֶען אַז אַלֶע זַאכֶען
וֶוערְקֶען מִיט צוּם גוּטֶען צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען גָאט, צוּ דִיא
29 וָואס זֶענֶען בֶּערוּפֶען נָאךְ זַיין פָארְזַאץ: וָוארִין דִיא וֶועלְכֶע
עֶר הָאט פָארְגֶעוְואוּסְט הָאט עֶר אוֹיךְ פֶערְאָרְדְנֶעט אַז
זַייא זָאלֶען גְלֵייךְ גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּם בִּילְד פוּן זַיין זוּהְן,
כְּדֵי עֶר זָאל זַיין דֶער עֶלְצְטֶער צְווִישֶׁען פִילֶע בְּרִידֶער:
30 אוּנְד וֶועלְכֶע עֶר הָאט פָארְפֶערְאָרְדְנֶעט, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ
גֶערוּפֶען; אוּנְד וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶערוּפֶען, דִיזֶע הָאט עֶר
אוֹיךְ גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט; אוּנְד וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶערֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְט, דִיזֶע הָאט עֶר אוֹיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט:
31 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען צוּ דִיזֶע זַאכֶען? וֶוען גָאט אִיז
32 פַאר אוּנְס וֶוער אִיז קֶענֶען אוּנְס? דֶער וֶועלְכֶער הָאט נִיט
פֶערְשׁוֹינְט זַיין אֵייגֶענֶעם זוּהְן, נֵייעֶרְט הָאט אִיהְם פַאר
אוּנְס אַלֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, וִויא זָאל עֶר נִיט מִיט אִיהְם
33 אוּנְס אוֹיךְ אַלֶע זַאכֶען שֶׁענְקֶען? וֶוער וֶועט דִיא אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן גָאט פֶערְקְלָאגֶען? עֶס אִיז גָאט דֶער
34 רֶעכְטְפֶערְטִיגְט: וֶוער אִיז דֶער וֶועלְכֶער פֶערְשׁוּלְדִיגְט?
עֶס אִיז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אָבֶּער
לִיבֶּער דֶער אִיז אוֹיפְגֶעדֶערְוֶועקְט, דֶער אִיז אוֹיךְ צוּ דִיא
רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט, דֶער בֶּעט אוֹיךְ פַאר אוּנְס:
35 וֶוער זָאל אוּנְס שֵׁיידֶען פוּן דֶער לִיבֶּע פוּן מָשִׁיחַ? זָאל

לֵיידֶען, אָדֶער אַנְגְסְט, אָדֶער פֶּערְפָאלְגוּנְג, אָדֶער הוּנְגֶער,
אָדֶער נַאקְטְהֵייט, אָדֶער סַכָּנָה, אָדֶער שְׁוֶוערְד? גְלֵייךְ 36
וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

„פוּן דֵיינֶעט וֶועגֶען זֶענֶען מִיר גֶעהַרְגֶעט דֶעם גַאנְצֶען
טָאג, מִיר זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט וִויא שָׁאף צוּם שֶׁעכְטֶען“:
תהלים מ״ד כ״ג.

אָבֶּער אִין אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען מִיר דוּרְךְ 37
אִיהְם וָואס הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט: וָוארִין אִיךְ בִּין אִיבֶּערְ־ 38
צֵייגְט אַז נִיט טוֹיט, נִיט לֶעבֶּען, נִיט מַלְאָכִים, נִיט
פִירְשְׁטֶען, נִיט אִיצְטִיגֶע אוּנְד נִיט קוּמֶענְדִיגֶע זַאכֶען, נִיט
גְבוּרוֹת: אוּנְד נִיט הֵייךְ, נִיט טִיפֶע, אוּנְד קֵיין שׁוּם אַנְ־ 39
דֶערֶע בֶּעשֶׁעפֶענִים וֶועט אוּנְס קֶענֶען אָפְּשֵׁיידֶען פוּן
דֶער לִיבֶּע פוּן גָאט, וָואס אִיז אִין אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ:

## קאפיטעל ט

אִיךְ רֶעד דִיא וָואהְרְהֵייט אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד זָאג קֵיין לִיגֶען, 1
אוּנְד מֵיין גֶעוִויסֶען בֶּעצֵייגְט מִיר אוֹיךְ אִים הֵיילִיגֶען
גֵייסְט: אַז אִיךְ הָאבּ גְרוֹיסֶע אַנְגְסְט אוּנְד אוּנְאוֹיפְהֶערֶענְדִיגֶע 2
וֶועהְטִיג אִין מֵיין הַארְץ: וָוארִין אִיךְ וָואלְט גֶעוִוינְשְׁט אַלֵיין 3
אִין חֵרֶם צוּ זֵיין פוּן מָשִׁיחַ פַאר מֵיינֶע בְּרִידֶער, וָואס זֶע־
נֶען מֵיינֶע קְרוֹבִים נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ: וֶועלְכֶע זֶענֶען 4
יִשְׂרָאֵלִים, אוּנְד זֵייעֶרְם אִיז דָאס רֶעכְט פוּן דִיא קִינְדְשַׁאפְט,
אוּנְד דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא בְּרִיתוֹת אוּנְד מַתַּן תּוֹרָה,
אוּנְד דִיא עֲבוֹדָה אוּנְד דִיא הַבְטָחוֹת: אוּנְד זֵייעֶרְם זֶענֶען 5
דִיא אָבוֹת, פוּן וֶועלְכֶע שְׁטַאמְט אָפּ דֶער מָשִׁיחַ נָאךְ
דֶעם פְלֵיישׁ, דֶער אִיז גָאט אִיבֶּער אַלֶע גֶעלוֹיבְּט אוֹיף
עֶבִּיג, אָמֵן:

אָבֶּער עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אַז דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז 6
אָהֶעקְגֶעפַאלֶען. וָוארִין נִיט אַלֶע וָואס זֶענֶען פוּן יִשְׂרָאֵל
זֶענֶען יִשְׂרָאֵלִים: אוּנְד אוֹיךְ זֶענֶען נִיט אַלֶע קִינְדֶער וֵוייל 7
זֵייא זֶענֶען דֶער זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם, נֵייעֶרְט אִין יִצְחָק זָאל דֵיין
זָאמֶען גֶערוּפֶען וֶוערֶען: בראשית כ״א י״ב. דָאס הֵייסְט דִיא 8
קִינְדֶער פוּן דֶעם פְלֵיישׁ זֶענֶען נִיט דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט,
נֵייעֶרְט דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה זֶענֶען גֶערֶעכֶענְט

9 פַאר זָאמֶען׃ וָוארִין דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶער הַבְטָחָה,
צוּ דִיזֶער צֵייט וֶועל אִיךְ קוּמֶען, אוּנְד שָׂרָה וֶועט הָאבֶּען
10 אַ זוּהְן׃ בראשית י״ח י׳. אוּנְד נִיט נוּר דָאס, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
רִבְקָה וֶוען זִיא אִיז טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָוארֶען פוּן אֵיינֶעם, פוּן
11 אוּנְזֶער פָּאטֶער יִצְחָק׃ וָוארִין אֵיידֶער דִיא קִינְדֶער זֶענֶען
נָאךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען קֵיין גוּטֶעס אָדֶער
שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן, אַז דֶער פָּארְזַאץ פוּן גָאט זָאל
בְּלֵייבֶּען נָאךְ דֶער בְּחִירָה, נִיט דוּרְךְ וֶוערְק נֵייעֶרְט דוּרְךְ
12 אִיהְם וֶועלְכֶער רוּפְט׃ אִיז עֶס צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען
אַז דֶער עֶלְצְטֶער וֶועט דִינֶען דֶעם יוּנְגֶערֶען׃ בראשית כ״ה ל״ג.
13 גְלֵייךְ וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, יַעֲקֹב הָאבּ אִיךְ גֶעלִיבְּט
אוּנְד עֵשָׂו הָאבּ אִיךְ גֶעהַאסְט׃ מלאכי א׳ ב׳, ג׳.
14 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אִיז אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט בֵּייא
15 גָאט? חָלִילָה׃ וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ מֹשֶׁה, אִיךְ
וֶועל בֶּעגְנַאדִיגֶען וֶועמֶען אִיךְ וִויל בֶּעגְנַאדִיגֶען, אוּנְד אִיךְ
וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער וֶועמֶען אִיךְ וִויל מִיךְ דֶערְ־
16 בַּארְמֶען׃ שמות ל״ג י״ט. אַזוֹי דֶען אִיז עֶס נִיט פוּן אִיהְם
וָואס וִויל, אוּנְד נִיט פוּן אִיהְם וָואס לוֹיפְט, נֵייעֶרְט פוּן גָאט
17 דֶער בֶּעגְנַאדִיגְט׃ וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט צוּ פַּרְעֹה,
וֶועגֶען דִיזֶען הָאבּ אִיךְ דִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל
אִין דִיר מֵיינֶע מַאכְט בֶּעוֵוייזֶען, אוּנְד אַז מֵיין נָאמֶען זָאל
18 דֶערְצֶעהְלְט וֶוערֶען אוֹיף דִיא גַאנְצֶע עֶרְד׃ שמות ט׳ ט״ז.
אַזוֹי דֶען בֶּעגְנַאדִיגְט עֶר וֶועמֶען עֶר וִויל, אוּנְד וֶועמֶען
עֶר וִויל פֶערְהַארְטֶעט עֶר׃
19 דוּא וֶועסְט צוּ מִיר זָאגֶען, פַארְוָואס גֶעפִינְט עֶר נָאךְ פֶעהְ־
20 לֶער? וָוארִין וֶוער הָאט זֵיין וִוילֶען וִוידֶערְשְׁטַאנֶען? אָ
מֶענְשׁ, וֶוער בִּיסְט דוּא, אַז דוּא זָאלְסְט גָאט קֶעגֶענְעֶנְטְ־
פֶערְן? זָאל דָאס וֶוערְק זָאגֶען צוּם מֵייסְטֶער, וָוארוּם הָאסְט
21 דוּא מִיךְ אַזוֹי גֶעמַאכְט? אָבֶּער הָאט נִיט דֶער טֶעפֶּער
מַאכְט אִיבֶּער דֶעם לֶעהְם, אַז עֶר זָאל פוּן דֶעם אֵיינֶענֶען
שְׁטִיק מַאכֶען אֵיין כְּלִי צוּ כָּבוֹד אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס צוּ
22 שַׁאנְד? אוּנְד וָואס זָאלֶען מִר זָאגֶען וֶוען גָאט הָאט גֶע־
וָואלְט זֵיין צָארְן בֶּעוֵוייזֶען אוּנְד זֵיינֶע מַאכְט צוּ וִויסֶען
טְהוּן, אוּנְד הָאט מִיט גְרוֹיסֶער גֶעדוּלְד גֶעלִיטֶען דִיא כֵּלִים

פוּן צָארְן וָואס זֶענֶען פַארְטִיג גֶעמַאכְט צוּם פֶערְדַארְבֶּען:
23 אוּנְד אַז עֶר זָאל צוּ וִויסֶען טְהוּן דָאס עֲשִׁירוּת פוּן זַיינֶע
הֶערְלִיכְקֵייט אִיבֶּער דִיא כֵּלִים פוּן בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט,
וֶועלְכֶע עֶר הָאט פְרִיהֶער אָנְגֶעבְּרַייט צוּ הֶערְלִיכְקֵייט:
24 אַפִּילוּ אוּנְס וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּערוּפֶען, נִיט נוּר פוּן
25 דִיא יוּדֶען, נַייעֶרְט אוֹיךְ פוּן דִיא גוֹיִם? גְלֵייךְ וִויא עֶר
הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט אִין הוֹשֵׁעַ,

„אִיךְ וֶועל דָאס לֹא עַמִּי, רוּפֶען מֵיין פָאלְק אוּנְד דִיא
26 נִיט בֶּעלִיבְּטֶע גֶעלִיבְּט: אוּנְד עֶס וֶועט זַיין אִין דֶעם
אָרְט וְואוּ עֶס אִיז צוּ זַייא גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אִיהְר זֶענְט
נִיט מֵיין פָאלְק, דָארְט וֶועלֶען זַייא גֶערוּפֶען וֶוערֶען
דִיא זִיהְן פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט": הושע א׳ י׳.

27 אוּנְד יְשַׁעְיָה שְׁרֵייעֶט וֶועגֶען יִשְׂרָאֵל, וֶוען דִיא צָאהְל פוּן
דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל וֶועט זַיין וִויא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם,
28 דִיא אִיבֶּערְבְּלַייבּוּנְג וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: וָוארִין דֶער
הַאר וֶועט זַיין וָוארְט דֶערְפִילֶען אוּנְד וֶועט עֶס אוֹיף דֶער
29 עֶרְד עֶנְדִיגֶען אוּנְד קוּרְץ מַאכֶען: אוּנְד גְלֵייךְ וִויא יְשַׁעְיָה
הָאט פְרִיהֶער גֶעזָאגְט,

„וֶוען דֶער הַאר פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען וָואלְט אוּנְס נִיט
אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ זָאמֶען, וָואלְטֶען מִיר גֶעוֶועזֶען וִויא
סְדוֹם אוּנְד גְלֵייךְ גֶעמַאכְט וִויא עֲמוֹרָה": ישעיה א׳ ט׳.

30 וָואס זָאלֶען מִיר דֶען זָאגֶען? אַז דִיא גוֹיִם וָואס הָאבֶּען
נִיט נָאכְגֶעפָאלְגְט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט הָאבֶּען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
דֶערְהַאלְטֶען, דָאס אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז דוּרְךְ
31 דֶעם גְלוֹיבֶּען: אָבֶּער יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט נָאכְגֶעפָאלְגְט
דָאס גֶעזֶעץ פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, הָאט צוּם גֶעזֶעץ פוּן גֶע־
32 רֶעכְטִיגְקֵייט נִיט דֶערְלַאנְגְט: וָוארוּם? וֵוייל זַייא הָאבֶּען
עֶס נִיט גֶעזוּכְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען נֵייעֶרְט דוּרְךְ דִיא
וֶוערְק. זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אָן דֶעם שְׁטֵיין פוּן
33 אָנְשְׁטוֹיסוּנְג: אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

„זֶעה, אִיךְ לֶעג אִין צִיוֹן אַ שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיסוּנְג
אוּנְד אַ פֶעלְזֶען פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג, אוּנְד דֶער וָואס
גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען":
ישעיה כ״ח ט״ז,

## קאַפִּיטעל י

1 בְּרִידֶער, דָאס פֶּערְלַאנְגֶען פוּן מֵיין הַארְץ אוּנְד מֵיין גֶע־
בֶּעט צוּ גָאט אִיז פַאר זֵייא (יִשְׂרָאֵל) אַז זֵייא זָאלֶען גֶע־
2 רֶעטֶעט וֶוערֶען: וָוארִין אִיךְ זָאג זֵייא עֵדוּת אַז זֵייא זֶענֶען
3 אֵייפְרִיג פַאר גָאט, אָבֶּער נִיט נָאךְ דֶערְקֶענְטֶענִיס: וָוארִין
וֵוייל זֵייא קֶענֶען נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקַייט פוּן גָאט, אוּנְד
זוּכֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוֹיפְצוּרִיכְטֶען,
זֶענֶען זֵייא נִיט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן
4 גָאט: וָוארִין מָשִׁיחַ אִיז דֶער קֵץ פוּן דֶער תּוֹרָה צוּ גֶע־
5 רֶעכְטִיגְקֵייט צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס גְלוֹיבְּט: וָוארִין משֶׁה
שְׁרֵייבְּט אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס טְהוּט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט
וָואס אִיז פוּן דֶער תּוֹרָה וֶועט דְרִינֶען לֶעבֶּען: ויקרא י״ח ה׳.
6 אָבֶּער דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען זָאגְט
אַזוֹי, זָאג נִיט אִין דֵיין הַארְץ, וֶוער וֶועט אַרוֹיפְגֶעהְן אִין
7 הִימֶעל? דָאס אִיז מָשִׁיחַ אַרוּפְצוּבְּרֶענְגֶען: אָדֶער וֶוער וֶועט
אַרוּפְגֶעהֶען אִין דֶער טִיפֶענִים? דָאס אִיז מָשִׁיחַ אַרוֹיפְצוּ־
8 בְּרֶענְגֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע? דברים ל׳ י״ב, י״ג. אָבֶּער וָואס זָאגְט
עֶס? דָאס וָוארְט אִיז נָאהֶענְט צוּ דִיר, אִין דֵיין מוֹיל אוּנְד אִין
דֵיין הַארְץ; דברים ל׳ י״ד. דָאס אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
9 גְלוֹיבֶּען וָואס מִיר פְּרֶעדִיגֶען: וָוארִין וֶוען דוּא וֶועסְט
בֶּעקֶענֶען מִיט דֵיין מוֹיל דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד וֶועסְט
גְלוֹיבֶּען אִין דֵיין הַארְץ אַז גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
10 פוּן דִיא טוֹיטֶע, וֶועסְט דוּא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: וָוארִין מִיט
דֶעם הַארְץ גְלוֹיבְּט מֶען צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד מִיט דֶעם
11 מוֹיל בֶּעקֶענְט מֶען צוּ דֶער יְשׁוּעָה: וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט
אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אָן אִיהְם וֶועט נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט
12 וֶוערֶען: ישעיה כ״ח ט״ז. וָוארִין עֶס אִיז קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד
צְוִוישֶׁען יוּדֶען אוּנְד גְרֶעקֶען; וָוארִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער הַאר
אִיז אִיבֶּער אַלֶע, אוּנְד עֶר אִיז רֵייךְ צוּ אַלֶע וֶועלְכֶע רוּפֶען
13 אִיהְם אָן: וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס וֶועט אָנְרוּפֶען דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר וֶועט גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען: יואל ב׳ ל״ב.
14 וִויא זָאלֶען זֵייא אִיהְם דֶען אָנְרוּפֶען אָן דֶעם זֵייא הָאבֶּען
נִיט גֶעגְלוֹיבְּט? אוּנְד וִויא זָאלֶען זֵייא גְלוֹיבֶּען אָן אִיהְם
וָועגֶען דֶעם זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעהֶערְט? אוּנְד וִויא זָאלֶען

15 זייא הֶערֶען אָהְן דֶעם פְּרֶעדִיגֶער: אוּנְד וויא זָאלֶען זייא
פְּרֶעדִיגֶען ווען זייא זֶענֶען נִיט גֶעשִׁיקְט? גְלֵייךְ וויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, וויא שֶׁעהְן זֶענֶען דיא פִּיס ווָאס
בְּרֶענְגֶען אַ בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן גוּטֶע זַאכֶען: ישעיה נ״ב ז׳.
16 אָבֶּער זייא הָאבֶּען נִיט אַלֶע גֶעהָארְכְט צוּ דֶער בְּשׂוּרָה
טוֹבָה. ווָארִין יְשַׁעְיָה זָאגְט, הַאר, ווער הָאט גֶעגְלוֹיבְּט
17 אוּנְזֶערְן בֶּערִיכְט? ישעיה נ״ג א׳. אַזוֹי דֶען קוּמְט דֶער גְלוֹיבֶּען
דוּרְךְ דֶעם הֶערֶען, אוּנְד דָאס הֶערֶען דוּרְךְ דֶעם ווָארְט
18 פוּן מָשִׁיחַ: אָבֶּער אִיךְ זָאג, הָאבֶּען זייא דֶען נִיט גֶעהֶערְט?
פַאר גֶעווִיס,
„זייער קוֹל אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דיא גַאנְצֶע עֶרְד
אוּנְד זייעֶרֶע ווערְטֶער בִּיז צוּ דֶעם עֶנְד פוּן דֶער ווֶעלְט“:
תהלים י״ט ה׳.
19 אָבֶּער אִיךְ זָאג, הָאט דֶען יִשְׂרָאֵל נִיט גֶעווְאוּסְט? צוּעֶרְשְׁט
זָאגְט משֶׁה,
„אִיךְ וועל אייךְ אֵייפֶרִיג מַאכֶען מִיט דיא ווָאס
זֶענֶען נִיט אַ פָאלְק, אוּנְד מִיט אַ נַארִישֶׁען פָאלְק וועל
אִיךְ אייךְ דֶערְצֶערְנֶען“: דברים ל״ב כ״א.
20 אָבֶּער יְשַׁעְיָה אוּנְטֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ אוּנְד זָאגְט,
„אִיךְ בִּין גֶעפִינֶען פוּן דיא ווָאס זוּכֶען מִיךְ נִיט, אִיךְ
הָאבּ מִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ דיא ווָאס פֶערְלַאנְגֶען נִיט
נָאךְ מִיר“: ישעיה ס״ה א׳.
21 אָבֶּער צוּ יִשְׂרָאֵל זָאגְט עֶר, דֶעם גַאנְצֶען טָאג הָאבּ אִיךְ
אִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מֵיינֶע הַאנְד, צוּ אַיין אוּנְגֶעהָארְ־
כֶענְדִיג אוּנְד ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג פָאלְק: ישעיה ס״ה ב׳.

## קאפיטעל יא

1 אִיךְ זָאג דֶען הָאט גָאט פֶערְשְׁטוֹיסֶען זַיין פָאלְק? חָלִילָה;
ווָארִין אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ בֶּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן
2 אַבְרָהָם, פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין: גָאט הָאט נִיט פֶערְשְׁטוֹיסֶען זַיין
פָאלְק ווָאס עֶר הָאט פְרִיהֶער גֶעווְאוּסְט. אָדֶער ווייסְט אִיהְר
נִיט ווָאס דיא שְׁרִיפְט זָאגְט ווֶעגֶען אֵלִיָה, וויא עֶר הָאט
3 גֶעטַעֲנֶעט פַאר גָאט קֶעגֶען יִשְׂרָאֵל? הַאר, זייא הָאבֶּען
דיינֶע נְבִיאִים גֶעהַרְגֶעט, דיינֶע מִזְבְּחוֹת הָאבֶּען זייא צוּ־
בְּרָאכֶען, אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, אוּנְד זייא

4 זוּכֶען מֵיין לֶעבֶּען: מלכים א׳ י״ט י׳. אָבֶּער וָואס זָאגְט
צוּ אִיהְם דִיא עֶנְטפֶער פוּן גָאט? אִיךְ הָאבּ מִיר אִיבֶּערְ־
גֶעלָאזְט זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מֵאן וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶע־
5 קְנִיעֶט צוּ בַּעַל: מלכים א׳ י״ט י״ח. דְרוּם אוֹיךְ אַצוּנְד
אִיז פַארְהַאנֶען אֵיינֶע אִיבֶּערְבְּלֵייבּוּנְג נָאךְ דֶער אוֹיסְדֶערְ־
6 וֶועהְלוּנְג פוּן דֶער גְנָאד: אוּנְד וֶוען עֶס אִיז דוּרְךְ גְנָאד,
אַזוֹי אִיז עֶס נִיט מֶעהְר דוּרְךְ וֶוערְק, אוֹיף דֶעם אוֹפֶן אִיז
7 דִיא גְנָאד נִיט מֶעהְר גְנָאד: וָואס דֶען? וָואס יִשְׂרָאֵל הָאט
גֶעזוּכְט, דָאס הָאט עֶר נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אָבֶּער דִיא אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלוּנְג הָאט עֶס דֶערְהַאלְטֶען; אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע
8 זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט גֶעוָוארֶען: אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען, גָאט הָאט זֵייא גֶעגֶעבֶּען אַ גֵייסְט פוּן טִיפֶען
שְׁלָאף, אוֹיגֶען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד אוֹיעֶרֶען
אַז זֵייא זָאלֶען נִיט הֶערֶען בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג:
ישעיה כ״ט י׳; דברים כ״ט ג׳.

9 אוּנְד דָוִד הָאט גֶעזָאגְט,
„לָאז זֵייעֶר טִישׁ וֶוערֶען פַאר אַ נֶעץ אוּנְד צוּם פַאנְג,
אוּנְד פַאר אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אוּנְד פַאר אֵיינֶע פֶערְגֶעלְטוּנְג
10 צוּ זֵייא: לָאזֶען זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען פֶערְפִינְסְטֶערְט וֶוערֶען
אַז זֵייא זָאלֶען נִיט זֶעהֶען, אוּנְד בֵּייג אִימֶער פָארְט
אַרוּפּ זֵייעֶר רוּקֶען“: תהלים ס״ט כ״ג, כ״ד.
11 אִיךְ זָאג דֶען, הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען אַז זֵייא זָאלֶען
פַאלֶען? חָלִילָה; נֵייעֶרְט דוּרְךְ זֵייעֶר פַאלֶען אִיז יְשׁוּעָה
גֶעקוּמֶען צוּ דִיא גוֹיִם, כְּדֵי זֵייא אֵייפֶרִיג צוּ מַאכֶען:
12 אָבֶּער וֶוען זֵייעֶר פַאל אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס עַשִׁירוּת פוּן
דֶער וֶועלְט, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶערְמִינְדֶערוּנְג דָאס עַשִׁירוּת
פוּן דִיא גוֹיִם, וִויא פִיל מֶעהְר זֵייעֶרֶע דֶערְפִילוּנְג?
13 אָבֶּער אִיךְ רֶעד צוּ אֵייךְ גוֹיִם. אִינְדֶעם אִיךְ בִּין דֶער
אַפָּאסְטֶעל פוּן דִיא גוֹיִם, אַזוֹי בִּין אִיךְ מֵיינֶען דִינְסְט מְכַבֵּד:
14 וֶוען מֶעגְלִיךְ אִיךְ זָאל אֵייפְרִיג מַאכֶען דִיא וָואס זֶענֶען
15 מֵיין פְלֵיישׁ, אוּנְד זָאל עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא רֶעטֶען: וָוארִין
וֶוען דָאס פֶערְוַוארְפֶען פוּן זֵייא אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא פֶערְ־
זֶעהְנוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס וֶועט דָאס אָנְנֶעמֶען זֵיין וֶוען
16 נִיט לֶעבֶּען פוּן דִיא טוֹיטֶע? אָבֶּער וֶוען דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט

זֶענֶען הֵיילִיג, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער טֵייג; אוּנְד וֶוען דִיא
וָואוּרְצֶעל אִיז הֵיילִיג, אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא צְוַוייגֶען׃
17 אוּנְד וֶוען עֶטְלִיכֶע פוּן דִיא צְוַוייגֶען זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען,
אוּנְד דוּא וָואס בִּיסְט אַ ווִילְדֶער עֶהְלְבּוֹים בִּיסְט צְווִישֶׁען
זַייא אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט, אוּנְד הָאסְט דֶערְהַאלְטֶען מִיט זַייא אַ
טְהֵייל אִין דֶער וָואוּרְצֶעל אוּנְד פֶעטִיגְקֵייט פוּן דֶעם עֶהְלְבּוֹים׃
18 אַזוֹי רִיהְם דִיךְ נִיט קֶעגֶען דִיא צְוַוייגֶען; אָבֶּער וֶוען דוּא
רִיהְמְסְט דִיךְ אַזוֹי אִיז עֶס נִיט דוּא וָואס טְרָאגְסְט דִיא
19 וָואוּרְצֶעל נֵייעֶרְט דִיא וָואוּרְצֶעל דִיךְ׃ דוּא וֶועסְט דֶען
זָאגֶען, דִיא צְוַוייגֶען זֶענֶען אָפְּגֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען כְּדֵי
20 אִיךְ זָאל אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען׃ גוּט; וֶועגֶען אוּנְגְלוֹיבִּיגְ־
קֵייט זֶענֶען זַייא אָפְּגֶעבְּרָאכֶען, אוּנְד דוּא שְׁטֶעהְסְט דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען. זַייא נִיט הוֹיכְמוּטִיג, נֵייעֶרְט פָארְכְט דִיךְ׃
21 וָוארִין וֶוען גָאט הָאט נִיט פֶערְשׁוֹינְט דִיא נַאטִירְלִיכֶע
22 צְוַוייגֶען, וֶועט עֶר דִיךְ אוֹיךְ נִיט פֶערְשׁוֹינֶען׃ דְרוּם זֶעה
אָן דִיא מִדַת הַחֶסֶד אוּנְד דִיא מִדַת הַדִין פוּן גָאט; אִיבֶּער
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעפַאלֶען מִדַת הַדִין, אָבֶּער אִיבֶּער דִיר
מִדַת הַחֶסֶד פוּן גָאט, וֶוען דוּא בְּלֵייבְּסְט אִין זַיין חֶסֶד, וֶוען
23 נִיט וֶועסְט דוּא אוֹיךְ אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען׃ אוּנְד זַייא אוֹיךְ,
וֶוען זַייא וֶועלֶען נִיט בְּלֵייבֶּען אִין אוּנְגְלוֹיבִּיגְקֵייט, וֶועלֶען
אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען, וָוארִין גָאט קָאן זַייא ווִידֶער אֵיינְ־
24 פְלַאנְצֶען׃ וָוארִין וֶוען דוּא בִּיסְט אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען
פוּן דֶעם עֶהְלְבּוֹים וָואס אִיז ווִילְד פוּן נַאטוּר, אוּנְד בִּיזְט
קֶעגֶען דֶער נַאטוּר אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט גֶעוָוארֶען אִין אַ גוּטֶען
עֶהְלְבּוֹים, ווִיא פִיל מֶעהְר וֶועלֶען דִיזֶע נַאטִירְלִיכֶע צְוַוייגֶען
אֵיינְגֶעפְלַאנְצְט וֶוערֶען אִין זֵייעֶר אֵייגֶענֶען עֶהְלְבּוֹים׃
25 וָוארִין אִיךְ ווִיל נִיט, בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְווִיסֶענְד
בְּלֵייבֶּען פוּן דִיזֶען סוֹד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט קְלוּג זַיין אִין
אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען, אַז בְּלִינְדְהֵייט אִיז אִים טְהֵייל צוּ
יִשְׂרָאֵל גֶעוָוארֶען בִּיז דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דִיא גוֹיִם וֶועט
26 אֵיינְטְרֶעטֶען׃ אוּנְד אַזוֹי וֶועט גַאנְץ יִשְׂרָאֵל גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען, אַזוֹי ווִיא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
„דֶער גוֹאֵל וֶועט קוּמֶען צוּ צִיוֹן, אוּנְד וֶועט אָפְּקֶעהְרֶען
27 דִיא גָאטְלָאזִיגְקֵייט פוּן יַעֲקֹב׃ אוּנְד דָאס אִיז מֵיין

בְּרִית מִיט זַייא, וָוען אִיךְ וָועל אַוֶועקְנֶעמֶען זַייעֶרֶע
זִינְד": ישעיה נ"ט כ׳, כ"א; כ"ז ט׳.
28 נָאךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה זֶענֶען זַייא פֵיינְד פוּן אֵייעֶרֶעט
וֶועגֶען, אָבֶּער נָאךְ דֶער אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג זֶענֶען זַייא גֶע־
29 לִיבְּט פוּן וֶועגֶען דִיא אָבוֹת: וָוארִין גָאט הָאט קֵיין חַרָטָה
30 וֶועגֶען זַיינֶע מַתָּנוֹת אוּנְד רוּפוּנְג: וָוארִין גְלַייךְ וִויא אִיהְר
הָאט פְרִיהֶער נִיט גֶעהָארְכְט גָאט, אָבֶּער זֶענְט אַצוּנְד בֶּע־
31 גְנַאדִיגְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ זַייעֶרֶע אוּנְגֶעהָארְזַאמְקֵייט: אַזוֹי
הָאבֶּען זַייא אַצוּנְד אוֹיךְ נִיט גֶעהָארְכְט, כְּדֵי דוּרְךְ דִיא
בֶּעגְנַאדִיגוּנְג צוּ אֵייךְ זָאלֶען זַייא אַצוּנְד אוֹיךְ בֶּעגְנַאדִיגְט
32 וֶוערֶען: וָוארִין גָאט הָאט דִיא אַלֶע אִין אוּנְגֶעהָארְזַאמְקֵייט
אֵיינְגֶעשְׁלָאסֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע בֶּעגְנַאדִיגֶען:
33 אָ וֶועלְכֶע טִיפֶע פוּן עַשִׁירוּת אוּנְד חָכְמָה אוּנְד דֶערְקֶענְט־
נִיס פוּן גָאט; וִויא אוּנְאוֹיסְצוּפָארְשֶׁען זֶענֶען זַיינֶע מִשְׁפָּטִים,
אוּנְד זַיינֶע וֶועגֶען קָאן מֶען נִיט אוֹיסְשְׁפּוּרֶען:
34 „וָוארִין וֶוער הָאט גֶעקֶענְט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דֶעם הַאר?
אָדֶער וֶוער אִיז טְהֵיילְנֶעמֶער גֶעוֶועזֶען פוּן זַיינֶע עֵצָה?
35 אָדֶער וֶוער הָאט אִיהְם פְרִיהֶער גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד עֶס זָאל
אִיהְם צוּרִיקְפֶערְגָאלְטֶען וֶוערֶען":
ישעיה מ׳ י"ג; איוב ל"ה ז׳; מ"א ג׳.
36 וָוארִין אַלֶעס אִיז פוּן אִיהְם אוּנְד דוּרְךְ אִיהְם אוּנְד צוּ
אִיהְם; צוּ אִיהְם זָאל זַיין דֶער כָּבוֹד אוֹיף עֶבִּיג. אָמֵן:

## קאפּיטעל יב

1 דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער, בֵּייא דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְ־
קֵייטֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער שְׁטֶעלֶען
צוּם לֶעבֶּעדִיגֶען הֵיילִיגֶען אוּנְד אָנְגֶענֶעהְמֶען קָרְבָּן צוּ גָאט,
2 וָואס אִיז אֵייעֶר פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער דִינְסְט: אוּנְד זַייט נִיט
גֶעבִּילְדֶעט גְלַייךְ צוּ דִיזֶען צֵייטְאַלְטֶער, נֵייעֶרְט זַייט
פֶערְעֶנְדֶערְט דוּרְךְ דֶער דֶערְנֵייעֶרוּנְג פוּן אֵייעֶר פֶערְ־
שְׁטַאנְד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט פְּרִיפֶען וָואס אִיז דֶער גוּטֶע אוּנְד
וואוֹילְגֶעפֶעלִיגֶע אוּנְד גַאנְצֶער ווִילֶען פוּן גָאט:
3 וָוארִין אִיךְ זָאג דוּרְךְ דֶער גְנָאד וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען
צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן אֵייךְ, כְּדֵי עֶר זָאל פוּן זִיךְ נִיט מֶעהְר
דֶענְקֶען וִויא עֶר בֶּעדַארְף צוּ דֶענְקֶען, נֵייעֶרְט עֶר זָאל

פוּן זִיךְ שֵׁכֶלְדִיג דֶענְקֶען, צוּ אִיטְלִיכֶען אַזוֹי וְוִיא גָאט
הָאט צוּ אִיהְם אָפְּגֶעטְהֵיילְט אַ מָאָס פוּן גְלוֹיבֶּען:
4 וָואָרִין גְלַייךְ וְוִיא מִיר הָאבֶּען פִילֶע גְלִידֶער אִין אֵיין לֵייבּ,
אָבֶּער אַלֶע גְלִידֶער הָאבֶּען נִיט דָאס זֶעלְבִּיגֶע טְהוּן:
5 אַזוֹי זֶענֶען מִיר פִילֶע אֵיין לֵייבּ אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד אֵיינְצֶעלְ־
6 ווייז גְלִידֶער פוּן אֵיינְאַנְדֶער: אוּנְד אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען
פֶערְשִׁידֶענֶע גָאבֶּען נָאךְ דֶער גְנָאד וָואס אִיז אוּנְס
גֶעגֶעבֶּען, אִיז עֶס נְבוּאוֹת, לָאזֶען מִיר נְבוּאוֹת זָאגֶען נָאךְ
7 דֶעם מָאָס פוּן אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען: אִיז עֶס אַ דִינְסְט, לָאזֶען
מִיר אֵייפְרִיג זַיין אִין דֶעם דִינְסְט; אָדֶער דֶער וָואס
8 לֶעהְרְט, אִין זַיינֶע לֶעהְרֶע: אָדֶער דֶער וָואס דֶערְמָאהְנְט,
אִין זַיינֶע דֶערְמָאהְנוּנְג; דֶער וָואס גִיבְּט, לָאז עֶר גֶעבֶּען
מִיט אֵיינְפֶעלְטִיגְקֵייט, דֶער וָואס רֶעגִיעֶרְט מִיט זָארְגְפֶעלְ־
9 טִיגְקֵייט, דֶער וָואס דֶערְבַּארְמְט זִיךְ מִיט פְרֵייד: לָאז נִיט
דִיא לִיבֶּע פֶערְשְׁטֶעלְט זַיין. פַארַאבְּשֵׁייעֶט דָאס אִיבֶּעל,
10 בֶּעהֶעפְט אֵייךְ צוּם גוּטֶען: לִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן
מִיט בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע, לָאז אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן צוּפָאר
11 קוּמֶען כָּבוֹד צוּ גֶעבֶּען: זַייט נִיט פוֹיל אִין גֶעשֶׁעפְטֶען,
12 נֵייעֶרְט גְלִיהֶענְדִיג אִים גֵייסְט, דִינֶענְדִיג דֶעם הַאר: פְרֵייעֶט
אֵייךְ אִין הָאפְנוּנְג, גֶעדוּלְדִיג אִין לֵיידֶען, פְלֵייסִיג אִים
13 גֶעבֶּעט: הֶעלְפְט דִיא הֵיילִיגֶען אִין דֶער נוֹיט, זַייט מַכְנִיס
14 אוֹרְחִים: בֶּענְשְׁט דִיא וָואס פֶערְפָאלְגֶען אֵייךְ, בֶּענְשְׁט
15 אוּנְד שֶׁעלְט נִיט: פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט דִיא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ,
16 וויינְט מִיט דִיא וָואס וויינֶען: זַייט גְלַייךְ גֶעזִינְט אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערְן, טְרַאכְט נִיט פוּן הוֹיכֶע זַאכֶען, נֵייעֶרְט לָאזְט
אֵייךְ אַרוּפ צוּ דִיא נִידְרִיגֶע; זַייט נִיט קְלוּג אִין אֵייעֶרֶע
17 אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען: פֶערְגֶעלְט קֵיינֶעם נִיט שְׁלֶעכְטֶעס
פַאר שְׁלֶעכְטֶעס; הַאנְדֶעלְט עֶהְרְלִיךְ פָאר אַלֶע מֶענְשֶׁען:
18 וֶוען עֶס אִיז מֶעגְלִיךְ, וְוִיא ווייט אִיהְר קָאנְט, הָאט שָׁלוֹם
19 מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען: גֶעלִיבְּטֶע, זַייט אַייךְ נִיט נוֹקֵם,
נֵייעֶרְט גִיבְּט פְּלַאץ צוּם צָארְן; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא נְקָמָה אִיז מַיין, אִיךְ וֶועל פֶערְגֶעלְטֶען,
20 זָאגְט דֶער הַאר: דברים ל״ב ל״ה. אָבֶּער וֶוען דַיין פֵיינְד
אִיז הוּנְגְרִיג, גִיבּ אִיהְם צוּ עֶסֶען, וֶוען עֶר אִיז דוּרְשְׁטִיג,

גִיבּ אִיהְם צוּ טְרִינְקֶען; וָוארִין וֶוען דוּא דָאס טְהוּסְט,
וֶועסְט דוּא שִׁיטֶען פֵייעֶרִיגֶע קוֹילֶען אוֹיף זַיין
21 קָאפּ: משלי כ"ה כ"א, כ"ב. זַייא נִיט בֵּייגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם
שְׁלֶעכְטֶען, נֵייעֶרְט אִיבֶּערְקוּם דָאס שְׁלֶעכְטֶע מִיט גוּטֶעם:

## קאפּיטעל יג

1 לָאז אִיטְלִיכֶעם נֶפֶשׁ אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ דִיא אִיבֶּערְ־
גֶעשְׁטֶעלְטֶע הֶערְשַׁאפְטֶען, וָוארִין עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע
הֶערְשַׁאפְט חוּץ פוּן גָאט, אוּנְד דִיא פַארְהַאנֶענֶע
2 הֶערְשַׁאפְטֶען זֶענֶען בֶּעפוֹילֶען פוּן גָאט: דְרוּם וֶוער עֶס
ווִידֶערְשְׁטֶעהְט דִיא הֶערְשַׁאפְט, דֶער ווִידֶערְשְׁטֶעהְט דִיא
אָרְדְנוּנְג פוּן גָאט; אוּנְד דִיא וָואס ווִידֶערְשְׁטֶעהֶען וֶועלֶען
3 אִיבֶּער זִיךְ בֶּעקוּמֶען אַ שְׁטְרָאף־גֶערִיכְט: וָוארִין דִיא
הֶערְשֶׁער זֶענֶען נִיט פַאר אַ פָארְכְט צוּם גוּטֶען וֶוערְק,
נֵייעֶרְט צוּ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען. ווִילְסְט דוּא דֶען נִיט פָארְכְטֶען
דִיא הֶערְשַׁאפְט? אַזוֹי טְהוּא דָאס וָואס אִיז רֶעכְט, אוּנְד
4 דוּא וֶועסְט הָאבֶּען לוֹיבּ פוּן אִיהְר: וָוארִין זִיא אִיז אַ
דִינֶער פוּן גָאט דִיר צוּם גוּטֶען. אָבֶּער וֶוען דוּא טְהוּסְט
שְׁלֶעכְטֶעס אַזוֹי פָארְכְט דִיךְ; וָוארִין זִיא טְרָאגְט נִיט דָאס
שְׁווֶערְד בְּחִנָם; וָוארִין זִיא אִיז אַ דִינֶער פוּן גָאט, וָואס
טְהוּט זִיךְ נוֹקֵם זַיין אִין צָארְן אוֹיף דֶעם וָואס טְהוּט
5 שְׁלֶעכְטֶעס: דְרוּם אִיז עֶס נֶעטְהִיג אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זַיין,
נִיט נוּר וֶועגֶען דֶעם צָארְן, נֵייעֶרְט אוֹיךְ וֶועגֶען דֶעם
6 גֶעווִיסֶען: וָוארִין דֶעסְטְוֶועגֶען צָאהְלְט אִיהְר אוֹיךְ
שְׁטֵייעֶר; וָוארִין זַייא זֶענֶען דִינֶער פוּן גָאט, אוּנְד זֶענֶען
7 בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דִיזֶען בֶּעשֶׁעפְטִיגְט: גִיבְּט צוּ אִיטְלִיכֶען
וָואס אִיהְר זֶענְט מְחוּיָב, שְׁטֵייעֶר צוּ וֶועמֶען שְׁטֵייעֶר,
צָאל צוּ וֶועמֶען צָאל, פָארְכְט צוּ וֶועמֶען פָארְכְט,
עֶהְרֶע צוּ וֶועמֶען עֶהְרֶע:
8 זַייט קֵיינֶעם גָארְנִיט שׁוּלְדִיג, אוֹיסֶער אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן
צוּ לִיבֶּען; וָוארִין דֶער וָואס לִיבְּט דֶעם אַנְדֶערְן הָאט
9 דֶערְפִילְט דָאס גֶעזֶעץ: וָוארִין דָאס וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט,
דוּא זָאלְסְט נִיט מְזַנֶה זַיין, דוּא זָאלְסְט נִיט מָארְדֶען, דוּא
זָאלְסְט נִיט גַנְבֶענֶען, דוּא זָאלְסְט נִיט גְלוּסְטֶען, אוּנְד
אוֹיבּ עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אֵיין אַנְדֶער גֶעבָּאט, אִיז עֶס

עֶנְטְהַאלְטֶען אִין דִיזֶעם וָוארְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין גֶעזֶעלֶען
לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט: שמות כ׳ י״ג, י״ד; ויקרא י״ח, י״ט.
10 דִיא לִיבֶּע טְהוּט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס צוּם גֶעזֶעלֶען; דְרוּם אִיז
דִיא לִיבֶּע דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דֶעם גֶעזֶעץ:
11 אוּנְד דָאס, וֵוייל מִיר וִויסֶען דִיא רֶעכְטֶע צֵייט, אַז עֶס אִיז
שׁוֹין צֵייט אִיהְר זָאלְט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען פוּן דֶעם שְׁלָאף;
וָוארִין אַצוּנְד אִיז אוּנְזֶערֶע יְשׁוּעָה נָאהֶענְטֶער וִויא וֶוען
12 מִיר הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט: דִיא נַאכְט אִיז בַּאלְד פָּארְבֵּייא
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד דֶער טָאג אִיז נָאהֶענְט. דְרוּם לָאזֶען מִיר
אָפְּטְהוּן דִיא וֶוערְק פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד לָאזֶען מִיר
13 אָנְטְהוּן דִיא וַואפֶען פוּן דֶעם לִיכְט: לָאזֶען מִיר וַואנְדְלֶען
בְּכָבוֹד וִויא בֵּייא טָאג, נִיט אִין פְרֶעסֶען אוּנְד זוֹיפֶען, נִיט
אִין שְׁלָאפֶען אוּנְד אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, נִיט אִין גֶעצַאנְק
14 אוּנְד נֵייד: נֵייעֶרְט טְהוּט אָן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
אוּנְד בְּרֵייט נִיט אָן פַאר דֶעם פְלֵיישׁ צוּ זֵיינֶע
גְלוּסְטֶען:

## קַאפִּיטֶעל יד.

1 אָבֶּער נֶעמְט אוֹיף דֶעם וָואס אִיז שְׁוַואךְ אִים גְלוֹיבֶּען,
2 דָאךְ נִיט צוּ מִשְׁפָּטֶען פוּן גֶעדַאנְקֶען: אֵיינֶער גְלוֹיבְּט אַז
עֶר מֶעג אַלֶעס עֶסֶען, אָבֶּער דֶער וָואס אִיז שְׁוַואךְ עֶסְט
3 קְרֵייטֶער: דֶער וָואס עֶסְט, לָאז עֶר נִיט פֶערְשֶׁעהְמֶען דֶעם
וָואס עֶסְט נִיט; אוּנְד דֶער וָואס עֶסְט נִיט, לָאז עֶר נִיט
רִיכְטֶען דֶעם וָואס עֶסְט, וָוארִין גָאט הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶע־
4 נוּמֶען: וֶוער בִּיסְט דוּא וָואס דוּא רִיכְטֶעסְט דֶעם קְנֶעכְט
פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען? עֶר שְׁטֶעהְט אָדֶער עֶר פַאלְט צוּ זֵיין
אֵייגֶענֶען הַאר; אוּנְד עֶר וֶועט אוֹיפְגֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען,
וָוארִין דֶער הַאר אִיז מֶעכְטִיג אִיהְם אוֹיפְצוּרִיכְטֶען:
5 וָוארִין אֵיינֶער הַאלְט חָשׁוּב דֶעם אֵיינֶען טָאג אִיבֶּער דֶעם
אַנְדֶערְן, אָבֶּער דֶער אַנְדֶערֶער הַאלְט חָשׁוּב אִיטְלִיכֶען
טָאג; לָאז אִיטְלִיכֶער גֶעוִוים אִיבֶּערְצֵייגְט זֵיין אִין זֵיינֶע
6 אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען: דֶער וָואס הִיט דֶעם טָאג, הִיט עֶר
אִיהְם צוּם הַאר; דֶער וָואס עֶסְט עֶסְט צוּם הַאר, וָוארִין
עֶר דַאנְקְט גָאט; אוּנְד דֶער וָואס עֶסְט נִיט צוּם הַאר עֶסְט
7 עֶר נִיט, אוּנְד דַאנְקְט גָאט: וָוארִין קֵיינֶער פוּן אוּנְס לֶעבְּט

פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּנְד קֵיינֶער שְׁטַארְבְּט פַאר זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
8 וָוארִין אוֹיבּ מִיר לֶעבֶּען, לֶעבֶּען מִיר צוּם הַאר, אוּנְד וֶוען
מִיר שְׁטַארְבֶּען, שְׁטַארְבֶּען מִיר צוּם הַאר; דְרוּם אוֹיבּ
מִיר לֶעבֶּען אָדֶער שְׁטַארְבֶּען, זֶענֶען מִיר צוּם הַאר:
9 וָוארִין צוּ דֶעם אִיז מָשִׁיחַ גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אִיז לֶעבֶּעדִיג
גֶעוָוארֶען, אַז עֶר זָאל זַיין דֶער הַאר פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע
10 אוּנְד פוּן דִיא טוֹיטֶע: אָבֶּער דוּא, וָוארוּם רִיכְטֶעסְט דוּא
דַיין בְּרוּדֶער? אָדֶער אוֹיךְ דוּא, וָוארוּם פֶערְאַכְטֶעסְט
דוּא דַיין בְּרוּדֶער? וָוארִין מִיר וֶועלֶען אַלֶע שְׁטֶעהֶען פְאר
11 דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן גָאט: וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען,
„אַזוֹי וָואהְר וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט דֶער הַאר, צוּ מִיר
וֶועט זִיךְ בֵּייגֶען אִיטְלִיכֶעס קְנִיא, אוּנְד אִיטְלִיכֶע צוּנְג
וֶועט מִתְוַדָה זַיין צוּ גָאט“: ישעיה מ״ה כ״ג.
12 אַזוֹי דֶען וֶועט אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְס גֶעבֶּען חֶשְׁבּוֹן פוּן זִיךְ
זֶעלְבְּסְט צוּ גָאט:
13 דְרוּם לָאזֶען מִיר נִיט מֶעהְר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן רִיכְטֶען;
נֵייעֶרְט רִיכְטֶעט דָאס לִיבֶּער, אַז קֵיינֶער זָאל זַיין בְּרוּדֶער
14 אֵיין אָנְשְׁטוֹיס אָדֶער שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אִים וֶועג לֶעגֶען: אִיךְ
וֵויים אוּנְד בִּין פֶערְזִיכֶערְט אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אַז קֵיינֶע
זַאךְ אִיז נִיט אוּנְרֵיין פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט; נֵייעֶרְט צוּ דֶעם
וָואס דֶענְקְט אַז אַ זַאךְ אִיז אוּנְרֵיין, צוּ דֶעם אִיז עֶס
15 אוּנְרֵיין: וָוארִין וֶוען דַיין בְּרוּדֶער אִיז בֶּעטְרִיבְּט אִיבֶּער
דַיין עֶסֶען, אַזוֹי וַואנְדֶעלְסְט דוּא נִיט מֶעהְר נָאךְ דֶער
לִיבֶּע. לָאז נִיט דֶער פֶערְלוֹירֶען גֶעהֶען דוּרְךְ דַיין עֶסֶען,
16 פַאר וֶועלְכֶען מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען: דְרוּם לָאז נִיט
17 אֵייעֶר גוּטֶעס גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען: וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט אִיז נִיט עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען, נֵייעֶרְט גֶערֶעכְטִיג־
18 קֵייט אוּנְד פְרֵידֶען אוּנְד פְרֵייד אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: וָוארִין
דֶער וָואס דִינְט אִין דֶעם מָשִׁיחַ אִיז גָאט וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג,
אוּנְד אִיז בֶּעוֶוילִיגְט פוּן מֶענְשֶׁען:
19 אַזוֹי דֶען לָאזֶען מִיר נָאכְפָאלְגֶען דִיא זַאכֶען וָואס דִינֶען
צוּם פְרִידֶען, אוּנְד מִיט וֶועלְכֶע מִיר קֶענֶען אֵיינֶער דֶעם
20 אַנְדֶערֶען פֶערְבֶּעסֶערְן: צֶערְשְׁטֶער נִיט פוּן שְׁפֵּייז וֶועגֶען

דָאס וֶוערְק פוּן גָאט. אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען רֵיין, אָבֶּער עֶס
אִיז שְׁלֶעכְט פַאר דֶעם מֶענְשׁ וָואס עֶסְט מִיט אָנְשְׁטוֹיסוּנְג:
21 עֶס אִיז גוּט נִיט קַיין פְלֵיישׁ צוּ עֶסֶען, אוּנְד נִיט קַיין וַויין
צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד נִיט קַיין זַאךְ צוּ טְהוּן אַן וֶועלְכֶע דַיין
22 בְּרוּדֶער שְׁטְרוֹיכֶעלְט זִיךְ: דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס דוּא הָאסְט,
הָאבּ צוּ דִיר זֶעלְבְּסְט פָאר גָאט; גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס
רִיכְטֶעט זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִיט אִין דֶעם וָואס עֶר בֶּעוִוילִיגְט:
23 אָבֶּער דֶער וָואס צְוֵוייפֶעלְט אִיז פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוען עֶר עֶסְט,
וַוייל עֶר אִיז נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען; אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז
נִיט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִיז זִינְד:

## קאפיטעל טו

1 מִיר דֶען וָואס זֶענֶען שְׁטַארְק זֶענֶען מְחוּיָב צוּ לֵיידֶען דִיא
שְׁוַואכְהֵייטֶען פוּן דִיא שְׁוַואכֶע, אוּנְד נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט
2 גֶעפֶעלֶען: לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְס זַיין גֶעזֶועלֶען אִין
3 גוּטֶען גֶעפֶעלֶען צוּם פֶערְבֶּעסֶערְן: וָוארִין אַפִילוּ מָשִׁיחַ
הָאט נִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעפֶעלֶען, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא לֶעסְטֶערוּנְגֶען פוּן דִיא וָואס
הָאבֶּען דִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט זֶענֶען אוֹיף מִיר גֶעפַאלֶען:
4 תהלים ס"ט י'. וָוארִין דָאס וָואס אִיז פְרִיהֶער גֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוָוארֶען אִיז פַאר אוּנְזֶערֶע בֶּעלֶעהְרוּנְג גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז
מִיר זָאלֶען הָאבֶּען הָאפְנוּנְג דוּרְךְ דֶער גֶעדוּלְד אוּנְד דוּרְךְ
5 דֶעם טְרַייסְט פוּן דִיא שְׁרִיפְטֶען: אוּנְד מֶעג אַייךְ דֶער
גָאט פוּן גֶעדוּלְד אוּנְד טְרַייסְט גֶעבֶּען אַז אִיהְר
זָאלְט הָאבֶּען אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן
6 נָאךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט צוּזַאמֶען מִיט אֵיין
מוֹיל לוֹיבֶּען גָאט, דֶעם פָאטֶער פוּן אוּנְזֶערְן הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
7 דְרוּם נֶעמְט אוֹיף אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ
8 הָאט אוּנְס אוֹיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט: וָוארִין
אִיךְ זָאג, אַז מָשִׁיחַ אִיז גֶעוָוארֶען אַ דִינֶער פוּן דֶער
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל
9 בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען דִיא הַבְטָחוֹת פוּן דִיא אָבוֹת: אוּנְד אַז דִיא
גוֹיִם זָאלֶען גָאט לוֹיבֶּען פַאר זֵיינֶע גְנָאד, גְלֵייךְ וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען

צְווִישֶׁען זִיא פֶעלְקֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל זִינְגֶען צוּ דֵיין
10 נָאמֶען: תהלים י"ח נ'. אוּנְד ווִידֶער זָאגְט עֶר, פְרֵייעֶט
אֵייךְ, אִיהְר גוֹיִם, מִיט זֵיין פָאלְק: דברים ל"ב, מ"ג.
11 אוּנְד ווִידֶער,
„פְרֵייזְט דֶעם הַאר אַלֶע גוֹיִם, אוּנְד לָאזְט אִיהְם אַלֶע
פֶעלְקֶער לוֹיבֶּען": תהלים קי"ז א'.
12 אוּנְד ווִידֶער זָאגְט יְשַׁעְיָה,
„עֶס וֶועט זֵיין דִיא ווָארְצֶעל פוּן יִשַׁי, אוּנְד דֶער
וֶועלְכֶער שְׁטֶעהְט אוֹיף צוּ הֶערְשֶׁען אִיבֶּער דִיא גוֹיִם,
אוֹיף אִיהְם וֶועלֶען דִיא גוֹיִם הָאפֶען": ישעיה י"א י'.
13 אוּנְד מֶעג דֶער גָאט פוּן הָאפְנוּנְג אֵייךְ דֶערְפִילֶען מִיט
אַלֶע פְרֵייד אוּנְד פְרִידֶען אִים גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי אֵייעֶרֶע
הָאפְנוּנְג זָאל פֶערְמֶעהְרְט ווֶערֶען דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
14 אוּנְד אִיךְ בִּין אַלֵיין אִיבֶּערְצֵייגְט ווֶעגֶען אֵייךְ, מֵיינֶע
בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ פוּל מִיט גִיטִיגְקֵייט,
דֶערְפִילְט מִיט אַלֶערְלֵייא דֶערְקֶענְטְנִים, אוּנְד קֶענְט אוֹיךְ
15 אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מַזְהִיר זֵיין: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶעשְׁרִיבֶּען צוּם טְהֵייל מִיט מֶעהְר פְרֵייהֵייט, בְּרִידֶער, אַזוֹי
דֶערְמָאהְן אִיךְ אֵייךְ דוּרְךְ דֶער גְנָאד ווָאס אִיז מִיר
16 גֶעגֶעבֶּען פוּן גָאט: אַז אִיךְ זָאל זֵיין אַ דִינֶער פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ צוּ דִיא גוֹיִם, אִים דִינְסְט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
פוּן גָאט, כְּדֵי דָאס קָרְבָּן פוּן דִיא גוֹיִם זָאל בֶּעווִילִיגְט
ווֶערֶען, אִינְדֶעם עֶס אִיז גֶעהֵיילִיגְט גֶעווָארֶען אִים רוּחַ
17 הַקוֹדֶשׁ: דְרוּם הָאבּ אִיךְ מֵיין רִיהְמֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
18 ווֶעגֶען דִיא זַאכֶען פוּן גָאט: ווָארִין אִיךְ ווֶעל מִיךְ נִיט
אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען עֶפֶּעס צוּ רֶעדֶען פוּן דִיא זַאכֶען ווָאס
מָשִׁיחַ הָאט נִיט דוּרְךְ מִיר גֶעווִירְקְט אִין ווָארְט אוּנְד
19 ווֶערְק, כְּדֵי דִיא גוֹיִם גֶעהָארְכְזַאם צוּ מַאכֶען: דוּרְךְ קְרַאפְט
פוּן צֵייכֶען אוּנְד ווְאוּנְדֶער, דוּרְךְ דֶער מַאכְט פוּן דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ; אַזוֹי אַז אִיךְ הָאבּ דֶערְפִילְט דִיא בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, פוּן יְרוּשָׁלַיִם אוּנְד אַרוּם בִּיז אִילִירִיקוּם:
20 אוּנְד אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶענֶעטִיגְט גֶעווֶעזֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
צוּ פְּרֶעדִיגֶען, נִיט דָארְט ווְאוּ דֶער נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ אִיז

גֶעקַאנְט גֶעוועזֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט בּוֹיעֶן אוֹיף דֶעם
21 גְרוּנְד פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען מַאן: נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
„צוּ וֶועלְכֶע עֶס אִיז נִיט וֶועגֶען אִיהְם דֶערְצֶעהְלְט
גֶעוָוארֶען, דִיא וֶועלֶען זֶעהֶען, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען
נִיט גֶעהֶערְט וֶועלֶען עֶס פֶערְשְׁטֶעהֶען": ישעיה נ״ב ט״ו.
22 דְרוּם בִּין אִיךְ אוֹיךְ זֶעהְר גֶעהִינְדֶערְט גֶעוָוארֶען צוּ אֵייךְ
23 צוּ קוּמֶען: אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ נִיט מֶעהְר פְּלַאץ
אִין דִיזֶע לֶענְדֶער, אוּנְד הָאבּ שׁוֹין פִילֶע יָאהְרֶען פֶערְ־
24 לַאנְגְט צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען: וֶוען אִיךְ וֶועל גֶעהֶען קֵיין
שְׁפַּאנְיֶען; וָוארִין אִיךְ הָאף אֵייךְ צוּ זֶעהֶען וֶוען אִיךְ
וֶועל דוּרְכְפָּארֶען, אוּנְד פוּן אֵייךְ אַהִין גֶעשִׁיקְט צוּ
וֶוערֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ פְרִיהֶער מִיט אֵייךְ אַבִּיסֶעל
25 זֶעטִיגֶען: אָבֶּער אַצוּנְד גֶעה אִיךְ קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, צוּ בֶּע־
26 דִינֶען דִיא הֵיילִיגֶע: וָוארִין עֶס הָאט דִיא פוּן מַקְדוֹנִיָא
אוּנְד אַכַיָא וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, אַז זֵייא זָאלֶען מַאכֶען אַ
נְדָבָה פַאר דִיא אָרְמֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם:
27 וָוארִין עֶס הָאט זֵייא וְואוֹילְגֶעפַאלֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אוֹיךְ זֵייעֶרֶע שׁוּלְדְנֶער; וָוארִין וֶוען דִיא גוֹיִם הָאבֶּען אַ
טְהֵייל גֶענוּמֶען אִין זֵייעֶרֶע גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען, אַזוֹי זֶענֶען
זֵייא אוֹיךְ מְחוּיָב אִין וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען זֵייא צוּ בֶּע־
28 דִינֶען: דְרוּם וֶוען אִיךְ וֶועל דָאס עֶנְדִיגֶען, אוּנְד וֶועל זֵייא
דִיזֶע פְרוּכְט פֶערְזִיגֶעלְן, וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ דוּרְכְרֵייזֶען
29 קֵיין שְׁפַּאנְיֶען: אוּנְד אִיךְ ווייס אַז וֶוען אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ
קוּמֶען, וֶועל אִיךְ קוּמֶען מִיט דִיא פוּלֶע בְּרָכָה פוּן מָשִׁיחַ:
30 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, בֵּייא אוּנְזֶערְן הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ אוּנְד בֵּייא דֶער לִיבֶּע פוּן דֶעם גֵייסְט, אִיהְר זָאלְט
מִיט מִיר רִינְגֶען אִין אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעט צוּ גָאט פַאר מִיר:
31 כְּדֵי אִיךְ זָאל בֶּעפְרֵייעֶט וֶוערֶען פוּן דִיא אוּנְגֶעהָארְזַאמֶע
אִים לַאנְד יְהוּדָה, אוּנְד מֵיין דִינְסְט אִין יְרוּשָׁלַיִם זָאל
32 פוּן דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעוִוילִיגְט וֶוערֶען: כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ
אֵייךְ קוּמֶען מִיט פְרֵיידֶען דוּרְךְ דֶעם וִוילֶען פוּן גָאט,
33 אוּנְד זָאל מִיךְ מִיט אֵייךְ דֶערקְוִויקֶען: אוּנְד דֶער גָאט פוּן
פְרִידֶען זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע. אָמֵן:

## קאַפּיטעל טז.

1 אִיךְ בֶּעפֶעהְל צוּ אֵייךְ אוּנְזֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער פֶעבֶּע, וָואס
2 אִיז אַ דִינֶערִין פוּן דֶער קְהִלָּה אִין קֶענְקְרֵי: אַז אִיהְר
זָאלְט זִיא אוֹיפְנֶעמֶען אִים הַאר'ן וִויא עֶס אִיז וִוירְדִיג
פַאר דִיא הֵיילִיגֶע, אוּנְד זָאלְט אִיהְר הֶעלְפֶען אִין וָואס
פַאר אַ זַאךְ זִיא וֶועט אֵייעֶרְם בֶּעדַארְפֶען; וָוארִין זִיא
אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אַ שְׁטִיצֶע צוּ פִילֶע, אוּנְד אוֹיךְ צוּ
מִיר אַלֵיין:
3 גְרִיסְט פְּרִיסְקָא אוּנְד אַקְוִילָא מֵיינֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין
4 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וֶועלְכֶע הָאבֶּען זֵייעֶר אֵייגֶענֶע הַאלְז
אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט פַאר מֵיין לֶעבֶּען, צוּ וֶועלְכֶע נִיט אִיךְ
אַלֵיין דַאנְק, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע קְהִלּוֹת פוּן דִיא גוֹיִם:
5 גְרִיסְט אוֹיךְ דִיא קְהִלָּה וָואס אִיז אִין זֵייעֶר הוֹיז. גְרִיסְט
עֶפֵּינֶעטוּס מֵיין גֶעלִיבְּטֶען, וֶועלְכֶע אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע
6 פְרוּכְט פוּן אַסְיָא אִין מָשִׁיחַ: גְרִיסְט מִרְיָם, וֶועלְכֶע הָאט
7 פִיל גֶעאַרְבֵּייט וֶועגֶען אֵייךְ: גְרִיסְט אַנְדְרוֹנִיקוֹס אוּנְד
יוּנִיאָס מֵיינֶע קְרוֹבִים אוּנְד מֵיינֶע חֲבֵרִים אִים גֶעפֶענְגְנִיס,
וָואס זֶענֶען בֶּערִיהְמְט צְווִישֶׁען דִיא אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד וָואס
8 זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין מָשִׁיחַ פְרִיהֶער וִויא אִיךְ: גְרִיסְט
9 אַמְפְּלִיאָטוּס מֵיין גֶעלִיבְּטֶען אִים הַאר'ן: גְרִיסְט אוּרְבַּאנוּס
אוּנְזֶערְן מִיטְאַרְבֵּייטֶער אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד סְטַאכִים מֵיין גֶע־
10 לִיבְּטֶען: גְרִיסְט אַפֶּעלֶעס דֶעם גֶעפְּרִיפְטֶען אִין מָשִׁיחַ.
11 גְרִיסְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן אַרִיסְטוֹבּוּלוּס: גְרִיסְט הֶערוֹדִיוֹן
מֵיין קָרוֹב. גְרִיסְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן נַארְקִיסוּס, וָואס
12 זֶענֶען אִים הַאר'ן: גְרִיסְט טְרִיפֵינָא אוּנְד טְרִיפוֹסָא, וָואס
אַרְבֵּייטֶען אִים הַאר'ן. גְרִיסְט דִיא גֶעלִיבְּטֶע פֶּערְסִיס,
13 וָואס הָאט פִיל גֶעאַרְבֵּייט אִים הַאר'ן: גְרִיסְט רוּפוּס דֶעם
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶען אִים הַאר'ן, אוּנְד זֵיינֶע מוּטֶער אוּנְד
14 מֵיינֶע: גְרִיסְט אַסִינְקְרִיטוּס, פְלֶעגוֹן, הֶערְמֶעס, פַּאטְרָאבָּאס,
15 הֶערְמַאס, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא: גְרִיסְט
פִילָאלָאגוּס אוּנְד יוּלְיָא, נֶערֶעאוּס אוּנְד זֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶער,
אוּנְד אָלִימְפַּאס, אוּנְד אַלֶע הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען מִיט זֵייא:
16 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען קִישׁ. אַלֶע
קְהִלּוֹת פוּן מָשִׁיחַ גְרִיסֶען אֵייךְ:

17 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, גִיבְּט אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא. וָואס
מַאכֶען מַחֲלוֹקֶת אוּנְד שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען קֶעגֶען דֶער לֶעהְרֶע
18 וָואס אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט, אוּנְד פֶערְמֵייד זֵייא: וָוארִין
אַזֶעלְכֶע דִינֶגען נִיט אוּנְזֶער הַאר מָשִׁיחַ, נֵייעֶרְט זֵייעֶר
אֵייגֶענֶען בּוֹיךְ, אוּנְד מִיט גוּטֶע אוּנְד פֵיינֶע וֶוערְטֶער
פֶערְפִיהְרֶען זֵייא דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע:
19 וָוארִין אֵייעֶר גֶעהָארְזַאם אִיז צוּ אַלֶע אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. דְרוּם
פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ, אָבֶּער אִיךְ וִויל אַז אִיהְר
זָאלְט קְלוּג זַיין צוּם גוּטֶען אוּנְד אוּנְשׁוּלְדִיג צוּם שְׁלֶעכְטֶען:
20 אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וֶועט בַּאלְד דֶעם שָׂטָן אוּנְטֶער
אֵייעֶרֶע פִים צוּטְרֶעטֶען.
דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייךְ:
21 טִימוֹתִיוֹס, מֵיין מִיטְאַרְבֵּייטֶער, אוּנְד לוּקִיוֹס אוּנְד יָסוֹן
22 אוּנְד סָאסִיפַּאטֶער מֵיינֶע קְרוֹבִים, גְרִיסֶען אֵייךְ: אִיךְ טֶערְ־
טִיוֹס, וָואס הָאבּ דִיזֶען בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען, גְרִיס אֵייךְ אִים
23 הַאר'ן: גַאיוֹס מֵיין וִוירְט, אוּנְד דֶער וִוירְט פוּן דִיא גַאנְצֶע
קְהִלָה גְרִיסְט אֵייךְ. עֶרַאסְטוֹס דֶער פֶערְוַואלְטֶער פוּן דֶער
24 שְׁטָאט גְרִיסְט אֵייךְ, אוּנְד קְוַוארְטוֹס דֶער בְּרוּדֶער: (דִיא
גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זֵייא מִיט אֵייךְ
אַלֶע. אָמֵן:
25 נוּן צוּ אִיהְם וֶועלְכֶער קָאן אֵייךְ שְׁטַארְק מַאכֶען נָאךְ מֵיינֶע
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אוּנְד דָאס פְּרֶעדִיגֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, נָאךְ
דֶעם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם סוֹד וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען
26 גֶעוֶועזֶען פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען: אָבֶּער אִיז אַצוּנְד עֶפֶּענְטְלִיךְ
בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט, אוּנְד אִיז דוּרְךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען פוּן דִיא
נְבִיאִים צוּ אַלֶע פֶעלְקֶער צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן גֶעוָוארֶען צוּם
גֶעהָארְזַאם פוּן גְלוֹיבֶּען, נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן דֶעם עֶבִּיגֶען
27 גָאט: דֶעם אֵיינְצִיגֶען וַוייזֶען גָאט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
צוּ דֶעם זָאל זַיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְ־
קֵייט. אָמֵן:

# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אַ גֶערוּפֶענֶער אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ
2 דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, אוּנְד סָאסְטֶענִים דֶער בְּרוּדֶער: צוּ
דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט וָואס אִיז אִין קָארִינְט, גֶעהֵיילִיגְטֶע
אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, בֶּערוּפֶענֶע הֵיילִיגֶע, מִיט אַלֶע וָואס אִין
אִיטְלִיכֶען אָרְט רוּפֶען אָן דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר
3 יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, זֵייעֶר אוּנְד אוּנְזֶער: גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ
אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
4 אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט אַלֶע צֵייט וֶועגֶען אֵייךְ, פַאר דִיא
גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
5 אַז אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶעם רֵייךְ גֶעמַאכְט אִין אִיהְם, אִין
6 יֶעדֶעם וָוארְט אוּנְד אִין יֶעדֶע דֶערְקֶענְטְנִים: אַזוֹי ווִיא
דָאס צֵייגְנִים פוּן דֶעם מָשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ פֶעסְט גֶע־
7 וָוארֶען: אַזוֹי אַז עֶס פֶעהְלְט אֵייךְ קֵיינֶע גְנֶעדִיגֶע מַתָּנָה,
אִינְדֶעם אִיהְר וַוארְטֶעט אוֹיף דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן אוּנְ־
8 זֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וֶועלְכֶער וֶועט אֵייךְ אוֹיךְ בֶּע־
פֶעסְטִיגֶען בִּיז צוּם עֶנְד, אַז אִיהְר זָאלְט אוּנְשׁוּלְדִיג זֵיין
9 אִים טָאג פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: גָאט אִיז גֶע־
טְרֵייא, דוּרְךְ וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ
דֶער גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן זֵיינֶעם זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער
הַאר:
10 נוּן בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, בְּרִידֶער, בֵּייא דֶעם נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז אִיהְר זָאלְט אַלֶע אֵיינֶערְלֵייא
רֶעדֶען הָאבֶּען, אוּנְד אַז עֶס זָאל נִיט זֵיין קֵיינֶע אָפְּטֵיי־
לוּנְגֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אִיהְר זָאלְט לִיבֶּער אִים דָאזִיגֶען
11 זִין אוּנְד אִין דִיא דָאזִיגֶע מֵיינוּנְג פָאלְקָאמֶען זֵיין: וָוארִין
אִיךְ בִּין וֶועגֶען אֵייךְ גֶעוָואר גֶעוָוארֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער,
דוּרְךְ דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן כְלוֹאָה, אַז עֶס אִיז צְווִישֶׁען

אֵייךְ קְרִיגֶערַייא: אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, אַז אִיטְלִיכֶער פוּן 12
אֵייךְ זָאגְט, אִיךְ קֶעהְר צוּ פּוֹלוֹס, אוּנְד אִיךְ צוּ אַפָּאלָאס,
אוּנְד אִיךְ צוּ כֵּיפָא, אוּנְד אִיךְ צוּ מָשִׁיחַ: אִיז מָשִׁיחַ צוּ־ 13
טֵיילְט גֶעוֶועזֶען? אִיז פּוֹלוֹס פַאר אֵייךְ גֶעקְרֵייצִיגְט גֶע־
וָוארֶען, אָדֶער זֶענְט אִיהְר גֶעטוֹבַלְט גֶעוָוארֶען אִים נָאמֶען
פוּן פּוֹלוֹס? אִיךְ דַאנְק גָאט אַז אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ 14
גֶעטוֹבַלְט, חוּץ קְרִיסְפּוּס אוּנְד גַאיוּס: כְּדֵי קֵיינֶער זָאל 15
נִיט זָאגֶען אַז אִיךְ הָאבּ אִין מֵיין נָאמֶען גֶעטוֹבַלְט: אוּנְד 16
אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעטוֹבַלְט דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן סְטֶעפַאנוֹס;
וַוייטֶער וֵויים אִיךְ נִיט אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אֵיין אַנְדֶערֶען
גֶעטוֹבַלְט: וָוארִין מָשִׁיחַ הָאט מִיךְ נִיט גֶעשִׁיקְט צוּ טוֹבֵל'ן, 17
נֵייעֶרְט צוּ פְּרֶעדִיגֶען דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, נִיט מִיט קְלוּגֶע
וֶוערְטֶער, כְּדֵי דָאס קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ זָאל נִיט וֶוערֶען אָהְן
קְרַאפְט:
וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן דֶעם קְרֵייץ אִיז נַארִישְׁקֵייט צוּ דִיא 18
וָואס וֶוערֶען פַארְלוֹירֶען, אָבֶּער צוּ אוּנְס וָואס וֶוערֶען גֶע־
רֶעטֶעט אִיז עֶס דִיא מַאכְט פוּן גָאט: וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט 19
גֶעשְׁרִיבֶּען,

„אִיךְ וֶועל פַארְשְׁטֶערֶען דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיא קְלוּגֶע,
אוּנְד דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פוּן דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע וֶועל אִיךְ
פֶערְוַוארְפֶען„: ישעיה כ״ט י״ד.

וְואוּ אִיז דֶער חָכָם? וְואוּ אִיז דֶער סוֹפֵר? וְואוּ אִיז דֶער 20
שְׁטְרֵייטֶער פוּן דִיזֶער וֶועלְט? הָאט נִיט גָאט נַארִישׁ גֶע־
מַאכְט דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט? וָוארִין וֵוייל אִין 21
דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט הָאט דִיא וֶועלְט דוּרְךְ אִיהְרֶע
קְלוּגְהֵייט נִיט גָאט גֶעקֶענְט, אִיז עֶס גָאט גֶעפֶעלֶען דוּרְךְ
דֶער נַארִישְׁקֵייט פוּן דֶעם פְּרֶעדִיגֶען עֶר זָאל רֶעטֶען דִיא
וָואס גְלוֹיבֶּען: וָוארִין דִיא יוּדֶען פֶערְלַאנְגֶען אַ צֵייכֶען, 22
אוּנְד דִיא גְרֶעקֶען זוּכֶען קְלוּגְהֵייט: אָבֶּער מִיר פְּרֶעדִיגֶען 23
מָשִׁיחַ דֶעם גֶעקְרֵייצִיגְטֶען, צוּ דִיא יוּדֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג
אוּנְד צוּ דִיא גְרֶעקֶען נַארִישְׁקֵייט: אָבֶּער צוּ דִיא וָואס 24
זֶענֶען בֶּערוּפֶען, יוּדֶען אוּנְד גְרֶעקֶען, פְּרֶעדִיגֶען מִיר מָשִׁיחַ
דִיא מַאכְט פוּן גָאט אוּנְד דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן גָאט: וָוארִין 25
דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן גָאט אִיז קְלוּגֶער וִויא דִיא מֶענְשֶׁען,

אוּנְד דִיא שְׁוַואכְהֵייט פוּן גָאט אִיז שְׁטַארְקֶער וִויא דִיא
מֶענְשֶׁען:
26 וָוארִין זֶעהְט אֵייעֶרֶע רוּפוּנְג, בְּרִידֶער, אַז נִיט פִילֶע קְלוּגֶע
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, נִיט פִילֶע מֶעכְטִיגֶע, נִיט פִילֶע עֶדֶעלֶע
27 זֶענֶען גֶערוּפֶען: נֵייעֶרְט גָאט הָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט דִיא
נַארִישֶׁע זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, כְּדֵי עֶר זָאל פַארְשֶׁעהְמֶען
דִיא קְלוּגֶע, אוּנְד דִיא שְׁוַואכֶע זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט
הָאט גָאט אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט, כְּדֵי עֶר זָאל פֶערְשֶׁעהְמֶען
28 דִיא שְׁטַארְקֶע: אוּנְד דִיא נִיט עֶדֶעלֶע זַאכֶען פוּן דֶער
וֶועלְט, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְאַכְטֶעט הָאט גָאט אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְט, אוֹיךְ דִיא וָואס זֶענֶען נִיט, כְּדֵי עֶר זָאל
29 פֶערְשְׁטֶערֶען דִיא וָואס זֶענֶען: אַז קֵיין פְלֵיישׁ זָאל זִיךְ
30 פָאר גָאט בֶּערִיהְמֶען: אָבֶּער פוּן אִיהְם זֶענְט אִיהְר אִין
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דֶער אִיז צוּ אוּנְס גֶעוָוארֶען פוּן גָאט חָכְמָה,
אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד אוֹיסְלֶעזוּנְג:
31 כְּדֵי עֶס זָאל זַיין אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער
וָואס רִיהְמְט זִיךְ לָאז עֶר זִיךְ רִיהְמֶען אִין דֶעם הַאר׳ן:
ירמיה ט׳ כ״ג.

## קאַפּיטעל ב

1 אוּנְד אִיךְ, וֶוען אִיךְ בִּין צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען, בְּרִידֶער, בִּין
אִיךְ נִיט גֶעקוּמֶען מִיט פֵיינֶע וֶוערְטֶער אָדֶער קְלוּגְהֵייט,
2 אוּנְד הָאבּ צוּ אֵייךְ בֶּעווִיזֶען דֶעם סוֹד פוּן גָאט: וָוארִין
אִיךְ הָאבּ מִיר פָארְגֶענוּמֶען אַז אִיךְ זָאל צְווִישֶׁען אֵייךְ
קֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען נִיט וִויסֶען, אוֹיסֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
3 אוּנְד אִיהְם גֶעקְרֵייצִיגְט: אוּנְד אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען
אִין שְׁוַואכְהֵייט אוּנְד אִין פוּרְכְט אוּנְד אִין גְרוֹיס צִיטֶערְנִיס:
4 אוּנְד מֵיין רֶעדֶען אוּנְד מֵיין פְּרֶעדִיגֶען זֶענֶען נִיט מִיט
אִיבֶּערְרֶעדֶענְדִיגֶע וֶוערְטֶער פוּן מֶענְשְׁלִיכֶער קְלוּגְהֵייט,
נֵייעֶרְט מִיט בֶּעווֵייז פוּן דֶעם גֵייסְט אוּנְד פוּן דֶער מַאכְט:
5 כְּדֵי אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען זָאל נִיט זַיין אִין דֶער קְלוּגְהֵייט פוּן
מֶענְשֶׁען, נַייעֶרְט אִין דֶער מַאכְט פוּן גָאט:
6 אָבֶּער מִיר רֶעדֶען קְלוּגְהֵייט צְווִישֶׁען דִיא פָאלְקָאמֶענֶע,
דָאךְ נִיט דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אוּנְד נִיט פוּן
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט וָואס וֶוערֶען צוּ נִישְׁט:

7 נַייעֶרְט מִיר רֶעדְעֶן דִיא קְלוּגְהַייט פוּן גָאט אִין אַ סוֹד,
דִיא פֶערְבָארְגֶענֶע קְלוּגְהַייט וָואס גָאט הָאט בֶּעשְׁטֶעלְט
8 פוּן עֶבִּיג אָן צוּ אוּנְזֶערֶער הֶערְלִיכְקַייט: וָואס קֵיינֶער פוּן
דִיא פִירְשְׁטֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט הָאט נִיט גֶעקֶענְט;
וָוארִין וֶוען זַייא וָואלְטֶען עֶס גֶעקֶענְט, וָואלְטֶען זַייא נִיט
9 גֶעקְרֵייצִיגְט דֶעם הַאר פוּן הֶערְלִיכְקַייט: אָבֶּער וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,

„דָאס אוֹיג הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד דָאס אוֹיעֶר הָאט
נִיט גֶעהֶערְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִים
הַארְצֶען פוּן מֶענְשֶׁען וָואס גָאט הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט פַאר
דִיא וֶועלְכֶע אִיהְם לִיבֶּען״: ישעיה ס״ד ג׳.

10 וָוארִין גָאט הָאט עֶס אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ אוּנְס דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט;
וָוארִין דֶער גֵייסְט פָארְשְׁט אַלֶעס, אוֹיךְ דִיא טִיפֶע זַאכֶען
11 פוּן גָאט: וָוארִין וֶוער פוּן מֶענְשֶׁען וֵוייסְט דִיא זַאכֶען
פוּן דֶעם מֶענְשׁ, חוּץ דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם מֶענְשׁ וָואס
אִיז אִין אִיהְם; אַזוֹי וֵוייסְט אוֹיךְ קֵיינֶער דִיא זַאכֶען פוּן
12 גָאט נֵייעֶרְט דֶער גֵייסְט פוּן גָאט: אָבֶּער מִיר הָאבֶּען נִיט
דֶערְהַאלְטֶען דֶעם גֵייסְט פוּן דֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט דֶעם
גֵייסְט וָואס אִיז פוּן גָאט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען וִויסֶען וָואס אִיז
13 אוּנְס גְנֶעדִיגְלִיךְ בֶּעשֶׁענְקְט פוּן גָאט: אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען
רֶעדְעֶן מִיר אוֹיךְ נִיט אִין מֶענְשְׁלִיכֶע לֶעהְרֶען מִיט וֶוערְ־
טֶער פוּן קְלוּגְהַייט נֵייעֶרְט אִין לֶעהְרֶען פוּן דֶעם גֵייסְט,
אוּנְד מִיר פֶערְגְלֵייכֶען גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען מִיט גֵייסְטְלִיכֶע:
14 אָבֶּער דֶער נַאטִירְלִיכֶער מֶענְשׁ נֶעמְט נִיט אָן דִיא זַאכֶען
פוּן דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט; וָוארִין זַייא זֶענֶען צוּ אִיהְם נַא־
רִישְׁקַייט, אוּנְד עֶר קָאן זַייא נִיט וִויסֶען, וֵוייל זַייא זֶענֶען
15 גֵייסְטְלִיךְ גֶערִיכְטֶעט: אָבֶּער דֶער גֵייסְטְלִיכֶער מֶענְשׁ רִיכְ־
טֶעט אַלֶע זַאכֶען, אָבֶּער עֶר אַלֵיין אִיז פוּן קֵיינֶעם נִיט גֶע־
16 רִיכְטֶעט: וָוארִין וֶוער הָאט גֶעקֶענְט דֶעם זִין פוּן דֶעם הַאר,
אַז עֶר זָאל אִיהְם בֶּעלֶעהְרֶען? אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיא זִין
פוּן מָשִׁיחַ!

קאפיטעל ג

1 אוּנְד אִיךְ, בְּרִידֶער, הָאב נִיט גֶעקָאנְט צוּ אֵייךְ רֶעדֶען וִויא
צוּ גֵייסְטְלִיכֶע לֵייט, נֵייעֶרְט וִויא צוּ פְלֵיישְׁלִיכֶע, וִויא קְלֵיינֶע

2 קִינְדֶער אִין מָשִׁיחַ: אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען מִילְךְ צוּ
טְרִינְקֶען אוּנְד נִיט שְׁטַארְקֶע שְׁפֵּייז; וָוארִין אִיהְר הָאט עֶס
נָאךְ נִיט גֶעקָאנְט פֶערְטְרָאגֶען; אוּנְד אוֹיךְ אַצוּנְד קֶענְט
3 אִיהְר נִיט: וָוארִין אִיהְר זֶענְט נָאךְ פְלֵיישְׁלִיךְ. וָוארִין וָוען
עֶס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ קִנְאָה אוּנְד קְרִיגֶערֵייא, זֶענְט אִיהְר
נִיט פְלֵיישְׁלִיךְ אוּנְד וַואנְדֶעלְט נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן מֶענְ־
4 שֶׁען? וָוארִין וָוען אֵיינֶער זָאגְט, אִיךְ קֶעהְר צוּ פּוֹלוֹס,
אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער, אִיךְ צוּ אַפָּאלָאס, זֶענְט אִיהְר נִיט
5 מֶענְשֶׁען? וָואס אִיז דֶען אַפָּאלָאס? אוּנְד וָואס אִיז פּוֹלוֹס?
דִינֶער דוּרְךְ וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט וִויא דֶער הַאר
6 הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ אִיטְלִיכֶען: אִיךְ הָאבּ גֶעפְלַאנְצְט, אַפָּאלָאס
הָאט בֶּעגָאסֶען, אָבֶּער גָאט הָאט עֶס גֶעלָאזְט וַואקְסֶען:
7 דְרוּם אִיז נִיט דֶער וָואס פְלַאנְצְט עֶפֶּעס, אוּנְד נִיט דֶער
וָואס בֶּעגִיסְט, נֵייעֶרְט גָאט דֶער לָאזְט עֶס וַואקְסֶען:
8 דֶער וָואס פְלַאנְצְט אוּנְד דֶער וָואס בֶּעגִיסְט זֶענֶען אֵיינְס,
אוּנְד אִיטְלִיכֶער וֶועט זַיין אֵייגֶענֶען לוֹין דֶערְהַאלְטֶען נָאךְ
9 זַיינֶע אֵייגֶענֶע אַרְבֵּייט: וָוארִין מִיר זֶענֶען מִיטְאַרְבֵּייטֶער
מִיט גָאט; אִיהְר זֶענְט גָאטְ׳ס אַקֶער, גָאטְ׳ס גֶעבֵּיידֶע:
10 נָאךְ דֶער גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען, הָאבּ אִיךְ
וִויא אַ קְלוּגֶער בּוֹימֵייסְטֶער גֶעלֶעגְט דֶעם גְרוּנְד, אוּנְד
אֵיין אַנְדֶערֶער בּוֹיעֶט דְרוֹיף; אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער אַכְ־
11 טוּנְג גֶעבֶּען וִויא עֶר בּוֹיעֶט דְרוֹיף: וָוארִין קֵיין אַנְדֶערֶען
גְרוּנְד קָאן קֵיינֶער נִיט לֶעגֶען אוֹיסֶער דֶעם וָואס אִיז גֶע־
12 לֶעגְט, וָואס אִיז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: נוּן וָוען אֵיינֶער בּוֹיעֶט
אוֹיף דֶעם גְרוּנְד גָאלְד, זִילְבֶּער, טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, הָאלְץ,
13 הֵייא, שְׁטְרוֹיא: פוּן אִיטְלִיכֶען וֶועט דָאס וֶוערְק אַנְטְ־
פְּלֶעקְט וֶוערֶען; וָוארִין דֶער טָאג וֶועט עֶס קְלָאר מַאכֶען;
וָוארִין עֶס וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען אִין פֵייעֶר; אוּנְד דָאס
פֵייעֶר אַלֵיין וֶועט פְּרִיפֶען דָאס וֶוערְק פוּן אִיטְלִיכֶען וִויא
14 עֶס אִיז: וָוען דָאס וֶוערְק פוּן אִימִיצֶען וָואס עֶר הָאט דְרוֹיף
גֶעבּוֹיעֶט וֶועט בְּלֵייבֶּען וֶועט עֶר דֶערְהַאלְטֶען אַ לוֹין:
15 וָוען דָאס וֶוערְק פוּן אִימִיצֶען וֶועט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען,
וֶועט עֶר לֵיידֶען שָׁאדֶען, אָבֶּער עֶר אַלֵיין וֶועט גֶערֶעטֶעט
וֶוערֶען, דָאךְ אַזוֹי וִויא דוּרְךְ פֵייעֶר:

16 ווייסְט אִיהְר נִיט אַז אִיהְר זֶענְט אַ טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט,
17 אוּנְד דֶער גֵייסְט פוּן גָאט וְואוֹינְט אִין אֵייךְ? וֶוען אֵיינֶער
פַארְדַארְבְּט דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט, אִיהְם וֶועט גָאט
פַארְדַארְבֶּען; וָוארִין דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט אִיז הֵיילִיג,
אוּנְד דָאס זֶענְט אִיהְר:
18 לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעטְרִיגֶען; וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ
דֶענְקְט אַז עֶר אִיז קְלוּג אִין דִיזֶער וֶועלט, לָאז עֶר וֶוערֶען
19 אַ נַאר, כְּדֵי עֶר זָאל קְלוּג וֶוערֶען: וָוארִין דִיא קְלוּגְהֵייט
פוּן דִיזֶער וֶועלְט אִיז נַארִישְׁקֵייט בֵּייא גָאט. וָוארִין עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶר פַאנְגְט דִיא קְלוּגֶע אִין זֵייעֶרֶע
20 לִיסְט: איוב ה׳ י״ג. אוּנְד ווִידֶער, דֶער הַאר ווֵייסְט דִיא
גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא קְלוּגֶע, אַז זַייא זֶענֶען אֵייטֶעל: תהלים
21 ע״ר י״א. אַזוֹי דֶען לָאז זִיךְ קֵיינֶער נִיט רִיהְמֶען אִין
22 מֶענְשֶׁען; וָוארִין אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען אֵייעֶרְס אוֹיבּ עֶס אִיז
פּוֹלוֹס, אָדֶער אַפָּאלָאס, אָדֶער כֵּיפָא, אָדֶער דִיא וֶועלְט,
אָדֶער לֶעבֶּען, אָדֶער טוֹיט, אָדֶער אַצוּנְדִיגֶע זַאכֶען, אָדֶער
23 קוּמֶענְדִיגֶע זַאכֶען, אַלֶעס אִיז אֵייעֶרְס: אוּנְד אִיהְר זֶענְט
צוּ מְשִׁיחַ, אוּנְד מָשִׁיחַ אִיז גָאטְ׳ס:

## קאפיטעל ד

1 לָאז אַ מֶענְשׁ אוּנְס אַזוֹי הַאלְטֶען, ווִיא דִיא דִינֶער פוּן דֶעם
2 מְשִׁיחַ, אוּנְד פֶערְוַואלְטֶער פוּן דִיא סוֹדוֹת פוּן גָאט: מֶען
פָארְדֶערְט נוּן ווַייטֶער אִין פֶערְוַואלְטֶער, אַז אַ מַאן זָאל
3 גֶעטְרֵייא גֶעפִינֶען ווֶערֶען: אָבֶּער מִיר אִיז עֶס אַ קְלֵיינִיג־
קֵייט אַז אִיךְ זָאל פוּן אֵייךְ גֶערִיכְטֶעט ווֶערֶען, אָדֶער פוּן
אַ מֶענְשְׁלִיכֶע מֵיינוּנְג; אִיךְ רִיכְטֶע מִיךְ אַפִּילוּ אַלֵיין אוֹיךְ
4 נִיט: ווָארִין אִיךְ ווֵייס גָארְנִיט קֶעגֶען מִיר אַלֵיין, אָבֶּער
אִין דִיזֶען בִּין אִיךְ נִיט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט; אָבֶּער דֶער
5 ווֶעלְכֶער רִיכְטֶעט מִיךְ, אִיז דֶער הַאר: דְרוּם זָאלְט אִיהְר
נִיט עֶפֶּעס רִיכְטֶען פָאר דֶער צֵייט, בִּיז דֶער הַאר ווֶעט
קוּמֶען, דֶער ווֶעט אוֹיךְ בְּרֶענְגֶען צוּם לִיכְט ווָאס אִיז
פֶערְבָּארְגֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד ווֶעט אַנְטְפְּלֶעקֶען
דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא הֶערְצֶער; אוּנְד דַאן ווֶעט אִיטְ־
לִיכֶער הָאבֶּען לוֹיבּ פוּן גָאט:
6 אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען, בְּרִידֶער, הָאבּ אִיךְ אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען אִין

אַ מָשָׁל אוֹיךְ מִיר אוּנְד אַפָּאלָאס פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען, כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט אִין אוּנְס לֶערְנֶען דָאס נִיט ווייטֶער וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען; כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ מִיט גַדְלוּת הַאלְ־
7 טֶען אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען: וָוארִין וֶוער הָאט
דִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידֶעט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען? אוּנְד וָואס הָאסְט
דוּא וָואס דוּא הָאסְט נִיט בֶּעקוּמֶען? אָבֶּער וֶוען דוּא
הָאסְט עֶס בֶּעקוּמֶען, וָוארוּם רִיהְמְסְט דוּא דִיךְ גְלֵייךְ וִויא
8 דוּא הָאסְט עֶס נִיט בֶּעקוּמֶען? אִיהְר זֶענְט שׁוֹין זַאט גֶע־
וָוארֶען; אִיהְר זֶענְט שׁוֹין רֵייךְ גֶעוָוארֶען; אִיהְר הָאט
אָהְן אוּנְס גֶעהֶערְשְׁט; הַלְוַאי וָואלְט אִיהְר גֶעהֶערְשְׁט,
9 כְּדֵי מִיר זָאלֶען אוֹיךְ מִיט אֵייךְ הֶערְשֶׁען: וָוארִין אִיךְ
דֶענְק אַז גָאט הָאט אוּנְס דִיא אַפָּאסְטֶעל, דִיא לֶעצְטֶע
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, וִויא צוּם טוֹיט אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען; וָוארִין מִיר
זֶענֶען גֶעוָוארֶען צוּם אָנְזֶעהֶען צוּ דֶער וֶועלְט אוּנְד צוּ
10 מַלְאָכִים אוּנְד צוּ מֶענְשֶׁען: מִיר זֶענֶען נַארֶען וֶועגֶען
מָשִׁיחַ, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט קְלוּג אִין מָשִׁיחַ; מִיר זֶענֶען
שְׁוַואךְ, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק; אִיהְר זֶענְט גֶעעֶהְרְט,
11 אָבֶּער מִיר זֶענֶען פַארַאכְטֶעט: בִּיז צוּ דִיזֶער שָׁעָה לֵיידֶען
מִיר הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְשְׁט, אוּנְד זֶענֶען נַאקֶעט, אוּנְד וֶוע־
12 רֶען מִיט דֶער פוֹיסְט גֶעשְׁלָאגֶען אוּנְד זֶענֶען נָע וְנָד: אוּנְד
מִיר הָארֶעוֶוען אוּנְד אַרְבֵּייטֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע
הֶענְד; וֶוען מִיר וֶוערֶען גֶעשָׁאלְטֶען בֶּענְשֶׁען מִיר, וֶוען
13 מִיר וֶוערֶען פֶערְפָאלְגְט לֵיידֶען מִיר עֶס: וֶוען מִיר וֶוערֶען
גֶעלֶעסְטֶערְט בֶּעטֶען מִיר; מִיר זֶענֶען גֶעוָוארֶען וִויא דֶער
אוֹיסְוָוארְף פוּן דֶער וֶועלְט, דָאס מִיסְט פוּן אַלֶע בִּיז אַצוּנְד:
14 אִיךְ שְׁרֵייבּ נִיט דִיזֶע זַאכֶען אוּם אֵייךְ צוּ פַארְשֶׁעמֶען,
נֵייעֶרְט וִויא מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער זָאג אִיךְ אֵייךְ
15 מוּסָר: וָוארִין וֶוען אִיהְר הֶעט אוֹיךְ צֶעהְן טוֹיזֶענְד לֶעהְ־
רֶער אִין מָשִׁיחַ, הָאט אִיהְר דָאךְ נִיט פִילֶע פֶעטֶער; וָוארִין
אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאבּ אִיךְ אֵייךְ גֶעבּוֹירֶען דוּרְךְ דִיא
16 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, זֵייט מֵיינֶע נָאכְ־
פָאלְגֶער:
17 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט טִימוֹתִיּוֹס, דֶער
אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער אוּנְד גֶעטְרֵייעֶר זוּהְן אִים הַאר'ן,

וָועלְכֶער וֶועט אֵייךְ דֶערְמָאנֶען אָן מֵיינֶע וֶועגֶען אִין
מָשִׁיחַ, אַזוֹי וִויא אִיךְ לֶעהְר אִין אַלֶע עֶרְטֶער אוּנְד אִין
18 אַלֶע קְהִלּוֹת: נוּן עֶטְלִיכֶע זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען גְלֵייךְ
19 וִויא אִיךְ וָואלְט נִיט צוּ אֵייךְ קוּמֶען: אָבֶער אִיךְ וֶועל
גֶעשְׁווִינְד צוּ אֵייךְ קוּמֶען, אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם, אוּנְד אִיךְ וֶועל
ווִיסֶען, נִיט דִיא רֶעד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען,
20 נֵייעֶרְט דִיא מַאכְט: וָוארִין דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט אִיז נִיט
21 אִין וֶוערְטֶער, נֵייעֶרְט אִין מַאכְט: וָואס ווִילְט אִיהְר? זָאל
אִיךְ צוּ אֵייךְ קוּמֶען מִיט אַ רוּט, אָדֶער מִיט לִיבֶּע אוּנְד
מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן זַאנְפְמוּטִיגֶע?

קאפיטעל ה

1 מֶען הֶערְט אוּמֶעטוּם אַז עֶס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ זְנוּת, אוּנְד
אַזֶעלְכֶע זְנוּת וָואס אִיז אַפִּילוּ נִיט דֶערְהֶערְט צְווִישֶׁען
2 דִיא גוֹיִם, אַז אֵיינֶער הָאט זַיין פָאטֶעְר׳ס וַוייבּ: אוּנְד אִיהְר
זֶענְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד הָאט נִיט לִיבֶּער גֶעטְרוֹיעֶרְט,
כְּדֵי דֶער וָואס הָאט גֶעטְהוּן דִיזֶע זַאךְ זָאל פוּן צְווִישֶׁען
3 אֵייךְ אַוֶועקְגֶענוּמֶען וֶוערֶען: וָוארִין אִיךְ, וָואס אִיךְ בִּין
אִים לֵייבּ ווַייט פוּן אֵייךְ אָבֶער מִיט אֵייךְ אִים גֵייסְט, הָאבּ
שׁוֹין גֶעמִשְׁפָּט גְלֵייךְ ווִיא אִיךְ וָואלְט בַּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען,
4 וֶועגֶען דֶעם וָואס הָאט דִיזֶע זַאךְ גֶעטְהוּן: אִים נָאמֶען פוּן
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, וֶוען אִיהְר זֶענְט פֶערְזַאמֶעלְט גֶעוֶועזֶען
מִיט מֵיין גֵייסְט אוּנְד מִיט דֶער מַאכְט פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ:
5 אַז אִיהְר זָאלְט אַזֶעלְכֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּם שָׂטָן צוּם
פֶערְדַארְבֶּען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, כְּדֵי דֶער גֵייסְט זָאל גֶערֶע־
6 טֶעט וֶוערֶען אִים טָאג פוּן דֶעם הַאר: אֵייעֶר בֶּערִיהְמֶען
אִיז נִיט גוּט; ווֵייסְט אִיהְר נִיט אַז אַ קְלֵיין שְׁטִיקֶעל זוֹיעֶרְ־
7 טֵייג מַאכְט זוֹיעֶר דֶעם גַאנְצֶען טֵייג? דְרוּם רֵיינִיגְט אוֹיס
דֶעם אַלְטֶען זוֹיעֶרְטֵייג, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זַיין אַ נֵייעֶר טֵייג
אַזוֹי ווִיא אִיהְר זֶענְט אוּמְגֶעזוֹיעֶרְט; וָוארִין מָשִׁיחַ אוּנְזֶער
קָרְבָּן פֶּסַח אִיז אוֹיךְ פַאר אוּנְס גֶעאָפְּפֶערְט גֶעוָוארֶען:
8 דְרוּם לָאזֶען מִיר הַאלְטֶען דָאס פֶעסְט, נִיט מִיט דֶעם אַלְ־
טֶען זוֹיעֶרְטֵייג פוּן שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט,
נֵייעֶרְט מִיט דֶעם אוּנְגֶעזֵייעֶרְטֶען בְּרוֹיט פוּן לוֹיטֶערְקֵייט
אוּנְד וָואהְרְהֵייט:

9 אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אִין דֶעם בְּרִיף גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט
10 קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט נִיט הָאבֶּען מִיט נוֹאֲפִים: דָאךְ נִיט אִים
גַאנְצֶען מִיט דִיא נוֹאֲפִים פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אָדֶער מִיט דִיא
גֵייצִיגֶע אוּנְד רוֹיבֶּער אוּנְד גֶעצֶענְדִינֶער, וָוארִין אוֹיף דֶעם
11 אוֹפָן מוּזְט אִיהְר פוּן דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעהֶען: אָבֶּער
אַצוּנְד הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז אִיהְר זָאלְט קֵיינֶע
גֶעמֵיינְשַׁאפְט נִיט הָאבֶּען, וֶוען אַ בְּרוּדֶער וֶוערְט גֶערוּפֶען אַ
נוֹאֵף, אָדֶער אַ גֵייצִיגֶער, אָדֶער אַ גֶעצֶענְדִינֶער, אָדֶער אַ
לֶעסְטֶערֶער, אָדֶער אַ זוֹיפֶער, אָדֶער אַ רוֹיבֶּער; מִיט
12 אַזֶעלְכֶע זָאלְט אִיהְר אֲפִילוּ נִיט עֶסֶען: וָוארִין וָואס הָאבּ
אִיךְ נָאךְ צוּ רִיכְטֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען? רִיכְ־
13 טֶעט אִיהְר דֶען נִיט דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרִינֶען? אָבֶּער
דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען רִיכְטֶעט גָאט. דְרוּם רוֹימְט
אוֹים פוּן צְווִישֶׁען אֵייךְ דֶעם שְׁלֶעכְטֶען:

קאפיטעל ו

1 קָאן זִיךְ אֵיינֶער פוּן אֵייךְ וֶועלְכֶער הָאט עֶפֶּעס אַ זַאךְ קֶע־
גֶען דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנְטֶערְשְׁטֶעהְן אַז עֶר זָאל גֶעהֶען צוּם
גֶערִיכְט בַּייא דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע אוּנְד נִיט בַּייא דִיא הֵיי־
2 לִיגֶע? אָדֶער וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא הֵיילִיגֶע וֶועלֶען
דִיא וֶועלְט רִיכְטֶען? אוּנְד וֶוען דִיא וֶועלְט וֶועט פוּן אֵייךְ
גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, זֶענְט אִיהְר נִיט וֶוערְט צוּ רִיכְטֶען דִיא
3 קְלֵיינְסְטֶע זַאכֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט? וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז
מִיר וֶועלֶען רִיכְטֶען מַלְאָכִים? וִויא פִיל מֶעהְר דִיא זַאכֶען
4 פוּן דֶעם לֶעבֶּען: אַזוֹי דֶען וִויא אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים וֶועגֶ־
ען זַאכֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען, וִויא אַזוֹי זֶעצְט אִיהְר דִיא
וָואס זֶענֶען צוּם וֶוענִיגְסְטֶען אָנְגֶעזֶעהֶען אִין דֶער קְהִלָּה אַז
5 זֵייא זָאלֶען רִיכְטֶען? אִיךְ זָאג דָאס צוּ אֵייעֶר שַׁאנְד. אִיז
דֶען נִיט פַארְהַאנְדֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ אֵיין קְלוּגֶער, וָואס זָאל
6 קֶענֶען רִיכְטֶען צְווִישֶׁען זֵיינֶע בְּרִידֶער, נֵייעֶרְט אַ בְּרוּדֶער
קְרִיגְט זִיךְ מִיט אַ בְּרוּדֶער? אוּנְד דָאס פָאר אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע:
7 אַזוֹי עֶס אִיז שׁוֹין אִים גַאנְצֶען אַ פֶעהְלֶער אִין אֵייךְ, אַז
אִיהְר הָאט מִשְׁפָּטִים צְווִישֶׁען אֵייךְ. וָוארוּם טְהוּט אִיהְר
נִיט בֶּעסֶער אוּנְרֶעכְט לֵיידֶען? וָוארוּם לָאזְט אִיהְר אֵייךְ נִיט
8 לִיבֶּער בֶּערוֹיבֶּען? אָבֶּער אִיהְר טְהוּט אוּנְרֶעכְט אוּנְד

9 בֶּערוֹיבְּט, אוּנְד דָאס צוּ בְּרִידֶער: אָבֶּער וַוייסְט אִיהְר דֶען
נִיט אַז דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע וֶועלֶען נִיט יַרְשֶׁענֶען דָאס קֶעד־
נִיגְרַייךְ פוּן גָאט? לָאזְט אַייךְ נִיט פַארְפִיהְרֶען. קֵיינֶע זוֹנִים,
אוּנְד קֵיינֶע גֶעצֶענְדִינֶער, אוּנְד קֵיינֶע נוֹאֲפִים, אוּנְד קֵיינֶע
10 וַוייבִּישֶׁע, אוּנְד קֵיינֶע מֶענֶער שֶׁענְדֶער: אוּנְד קֵיינֶע גַנָבִים,
אוּנְד קֵיינֶע גֵייצִיגֶע, נִיט שִׁכּוֹרִים, נִיט לֶעסְטֶערֶער, נִיט
11 רוֹיבֶּער, וֶועלֶען יַרְשֶׁענֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן גָאט: אוּנְד
אַזֶעלְכֶע זֶענֶען עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ גֶעוֶועזֶען; אָבֶּער אִיהְר
זֶענְט אָפְּגֶעוַואשֶׁען, אָבֶּער אִיהְר זֶענְט גֶעהֵיילִיגְט, אָבֶּער
אִיהְר זֶענְט גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעוָוארֶען אִים נָאמֶען פוּן דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד אִין דֶעם גֵייסְט פוּן אוּנְזֶער גָאט:
12 אַלֶעס אִיז מִיר דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז גוּט;
אַלֶעס אִיז מִיר דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער אִיךְ וֶועל נִיט וֶוערֶען
13 אוּנְטֶער דִיא מַאכְט פוּן אַ שׁוּם זַאךְ: דִיא שְׁפֵּייזֶע פַאר
דֶעם בּוֹיךְ, אוּנְד דֶער בּוֹיךְ פַאר דִיא שְׁפֵּייזֶע; אָבֶּער גָאט
וֶועט אוֹיךְ דִיזֶען אוּנְד אוֹיךְ יֶענֶע צוּשְׁטֶערֶען. אוּנְד דֶער
לֵייבּ אִיז נִיט צוּ זְנוּת, נֵייעֶרְט צוּם הַאר'ן, אוּנְד דֶער הַאר
14 צוּ דֶעם לֵייבּ: גָאט דֶער הָאט דֶעם הַאר אוֹיפְגֶע־
וֶועקְט, וֶועט אוּנְס אוֹיךְ אוֹיפְוֶועקֶען דוּרְךְ זַיינֶע מַאכְט:
15 וַוייסְט אִיהְר נִיט אַז אֵייעֶרֶע לֵייבֶּער זֶענֶען דִיא גְלִידֶער
פוּן דֶעם מָשִׁיחַ? זָאל אִיךְ דֶען נֶעמֶען דִיא גְלִידֶער פוּן
דֶעם מָשִׁיחַ, אוּנְד זֵייא מַאכֶען דִיא גְלִידֶער פוּן אַ זוֹנָה?
16 חָלִילָה: אָדֶער וַוייסְט אִיהְר דֶען נִיט אַז וֶוער עֶס אִיז
בֶּעהֶעפְט צוּ אַ זוֹנָה, דֶער אִיז מִיט אִיהְר אֵיין לֵייבּ; וָוארִין
עֶר זָאגְט, זֵייא וֶועלֶען בֵּיידֶע זַיין אֵיין פְלֵיישׁ: בראשית ב׳ כ״ד.
17 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז בֶּעהֶעפְט צוּם הַאר, דֶער אִיז אֵיין
18 גֵייסְט מִיט אִיהְם: פְלִיהְט פוּן זְנוּת. אִיטְלִיכֶע זִינְד וָואס
דֶער מֶענְשׁ טְהוּט אִיז אוֹיסֶער דֶעם לֵייבּ; אָבֶּער דֶער וָואס
19 אִיז מְזַנֶה זִינְדִיגְט קֶעגֶען זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ: אָדֶער וַוייסְט
אִיהְר דֶען נִיט אַז אֵייעֶר לֵייבּ אִיז דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם
רוּחַ הַקוֹדֶשׁ וָואס אִיז אִין אֵייךְ, וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט פוּן
20 גָאט, אוּנְד אִיהְר זֶענְט נִיט אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע? וָוארִין אִיהְר
זֶענְט אָפְּגֶעקוֹיפְט גֶעוֶועזֶען פַאר אַ פְּרֵייז, אַזוֹי פֶערְהֶערְ־
לִיכְט גָאט אִין אֵייעֶר לֵייבּ:

## קאפיטעל ז

1 נוּן װֶעגֶען דִיא זַאכֶען װָאס אִיהְר הָאט צוּ מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען,
עֶס אִיז גוּט פַאר אַ מֶענְשׁ קֵיינֶע פְרוֹיא נִיט אָנְצוּרִיהְרֶען:
2 אָבֶּער פוּן װֶעגֶען זְנוּת לָאז אִיטְלִיכֶער הָאבֶּען זַיין אֵיי־
גֶענֶעם װייב, אוּנְד לָאז אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא הָאבֶּען אִיהְר
3 אֵייגֶענֶעם מַאן: לָאז דֶער מַאן זַיין חִיוּב אָפְּגֶעבֶּען צוּם
4 װייב, אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ דָאס װייב צוּם מַאן: דָאס װייב
הָאט קֵיינֶע מַאכְט אִיבֶּער אִיהְר אֵייגֶענֶעם לֵייב, נֵייעֶרְט
דֶער מַאן; אוּנְד אַזוֹי אוֹיךְ הָאט דֶער מַאן קֵיינֶע מַאכְט
5 אִיבֶּער זַיין אֵייגֶענֶעם לֵייב, נֵייעֶרְט דָאס װייב: הַאלְט
אֵייךְ נִיט צוּרִיק צְװִישֶׁען אֵיינַאנְדֶער, נֵייעֶרְט פוּן אֵייעֶר
גוּטֶען װִילֶען פַאר אַ צַייט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּגֶעבֶּען
צוּם פַאסְטֶען אוּנְד גֶעבֶּעט. אוּנְד װִידֶער צוּזַאמֶענְקוּמֶען,
אַז דֶער שָׂטָן זָאל אֵייךְ נִיט פְּרוּפֶען דוּרְךְ אֵייעֶר נִיט
6 אֵיינְהַאלְטֶען: אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ אַלְס אַיין עֵצָה, נִיט
7 אַלְס אַ גֶעבָּאט: אָבֶּער אִיךְ װִיל אַז אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ
זָאל זַיין װִיא אִיךְ זֶעלְבְּסְט; אָבֶּער אִיטְלִיכֶער הָאט זַיינֶע
אֵייגֶענֶע גָאבּ פוּן גָאט, אֵיינֶער אַזוֹי, אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער
אַזוֹי:
8 אָבֶּער אִיךְ זָאג צוּ דִיא װָאס זֶענֶען נִיט פַארְהֵיירַאטֶעט
אוּנְד צוּ דִיא אַלְמָנוֹת, אַז עֶס אִיז גוּט פַאר זַייא װֶען זַייא
9 בְּלֵייבֶּען אַזוֹי װִיא אִיךְ: אָבֶּער װֶען זַייא קֶענֶען זִיךְ נִיט
אַיינְהַאלְטֶען לָאזֶען זַייא הֵיירַאטֶען; װָארִין עֶס אִיז בֶּע־
10 סֶער צוּ הֵיירַאטֶען אֵיידֶער צוּ בְּרֶענֶען: אָבֶּער צוּ דִיא
װָאס זֶענֶען פֶערְהֵיירַאטֶעט בֶּעפֶעל אִיךְ, דָאךְ נִיט אִיךְ
נֵייעֶרְט דֶער הַאר, אַז אַ װייב זָאל זִיךְ נִיט שֵׁיידֶען פוּן
11 דֶעם מַאן: אָבֶּער װֶען זִיא אִיז אוֹיךְ גֶעשֵׁיידֶעט, לָאז זִיא
אוּנְפֶערְהֵיירַאטֶעט בְּלֵייבֶּען, אָדֶער לָאז זִיא זִיךְ אִיבֶּערְ־
בֶּעטֶען מִיט אִיהְר מַאן; אוּנְד אַז אַ מַאן זָאל נִיט פֶערְ־
12 לָאזֶען זַיין װייב: אָבֶּער צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאג אִיךְ, נִיט
דֶער הַאר, װֶען אַ בְּרוּדֶער הָאט אַ װייב װָאס גְלוֹיבְּט נִיט,
אוּנְד עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְר מִיט אִיהְם צוּ װְאוֹינֶען, לָאז עֶר
13 זִיא נִיט פֶערְלָאזֶען: אוּנְד װֶען אַ פְרוֹיא הָאט אַ מַאן װָאס
גְלוֹיבְּט נִיט, אוּנְד עֶס גֶעפֶעלְט אִיהְם מִיט אִיהְר צוּ װְאוֹינֶען,

14 לָאז זִיא אִיהְם נִיט פֶערְלָאזֶען: וָוארִין דֶער מַאן וָואס
גְלוֹיבְּט נִיט אִיז דוּרְךְ דֶעם ווייבּ גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען,
אוּנְד דָאס ווייבּ וָואס גְלוֹיבְּט נִיט אִיז דוּרְךְ דֶעם מַאן
גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען; וָוען נִיט וָואלְטֶען אֵייעֶרֶע קִינְדֶער
15 אוּנְרֵיין גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער אַצוּנְד זֶענֶען זֵייא הֵיילִיג: אָבֶּער
וָוען דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט שֵׁיידֶעט זִיךְ אָפּ, לָאז עֶר זִיךְ
אָפְּשֵׁיידֶען; דֶער בְּרוּדֶער אָדֶער דִיא שְׁוֶועסְטֶער אִיז נִיט
גֶעבּוּנְדֶען אִין אַזֶעלְכֶען פַאל; אָבֶּער גָאט הָאט אוּנְס
16 גֶערוּפֶען אִין פְרִידֶען: וָוארִין וָואס ווייסְט דוּא, אָ ווייבּ,
אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דֶעם מַאן רֶעטֶען? אָדֶער וָואס ווייסְט
17 דוּא, אָ מַאן, אוֹיבּ דוּא וֶועסְט דָאס ווייבּ רֶעטֶען? נוּר
אַזוֹי וְוִיא דֶער הַאר הָאט צוּ אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ אָפְּגֶעטֵיילְט,
אַזוֹי וְוִיא גָאט הָאט אִיטְלִיכֶען בֶּערוּפֶען, אַזוֹי לָאז עֶר
18 וַואנְדְלֶען. אוּנְד אַזוֹי גֶעבִּיט אִיךְ אִין אַלֶע קְהִלוֹת: אִיז אַ
מַאן אַלְס בֶּעשְׁנִיטֶענֶער בֶּערוּפֶען, לָאז עֶר נִיט אַן עָרֵל
וֶוערֶען; אִיז אַ מַאן אַלְס עָרֵל בֶּערוּפֶען, לָאז עֶר נִיט
19 בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען: דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז גָארְנִיט, אוּנְד דִיא
עָרְלָה אִיז גָארְנִיט, נֵייעֶרְט דָאס הִיטֶען פוּן דִיא גֶעבָּאטֶע
20 פוּן גָאט: לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען אִין דֶער בֶּערוּפוּנְג אִין
21 וֶועלְכֶער עֶר אִיז בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען: בִּיסְט דוּא אַלְס אַ
קְנֶעכְט בֶּערוּפֶען, אַזוֹי בֶּעזָארְג דִיךְ נִיט; אָבֶּער וָוען דוּא
22 קָאנְסְט פְרֵייא וֶוערֶען, בֶּענוּץ עֶס לִיבֶּער: וָוארִין דֶער
קְנֶעכְט וָואס אִיז בֶּערוּפֶען אִים הַאר אִיז דֶער בֶּעפְרֵייטֶער
פוּן דֶעם הַאר. אַזוֹי אוֹיךְ דֶער בֶּעפְרֵייטֶער וָואס אִיז
23 בֶּערוּפֶען, אִיז דֶער קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ: אִיהְר זֶענְט אָפּ־
גֶעקוֹיפְט מִיט אַ פְּרֵייז; וֶוערְט נִיט דִיא קְנֶעכְט פוּן
24 מֶענְשֶׁען: בְּרִידֶער, לָאז אִיטְלִיכֶער בְּלֵייבֶּען בַּייא גָאט
אִין דֶעם אִין וֶועלְכֶען עֶר אִיז בֶּערוּפֶען:
25 נוּן וֶועגֶען דִיא בְּתוּלוֹת הָאבּ אִיךְ קֵיין בֶּעפֶעהְל פוּן דֶעם
הַאר, אָבֶּער אִיךְ גִיבּ מֵיינֶע מֵיינוּנְג אַזוֹי וְוִיא אֵיינֶער
וָואס הָאט דֶערְהַאלְטֶען גְנָאד פוּן דֶעם הַאר טְרֵייא צוּ זַיין:
26 דְרוּם דֶענְק אִיךְ אַז דָאס אִיז גוּט וֶועגֶען דֶער צָרָה וָואס
אִיז פַארְהַאנֶען, אַז עֶס אִיז גוּט פַאר אַ מֶענְשׁ אַזוֹי צוּ
27 זַיין: בִּיסְט דוּא גֶעבּוּנְדֶען צוּ אַ ווייבּ, זוּךְ נִיט לוֹיז צוּ

וָוערֶען; בִּיסְט דוּא לוֹיז פוּן אַ וַוייבּ, זוּךְ נִיט קֵיין
28 וַוייבּ: אָבֶּער וָוען דוּא הָאסְט חַתוּנָה הָאסְט דוּא נִיט גֶע־
זִינְדִיגְט, אוּנְד וָוען אַ בְּתוּלָה הָאט חַתוּנָה הָאט זִיא נִיט
גֶעזִינְדִיגְט. אָבֶּער אַזֶעלְכֶע וֶועלֶען הָאבֶּען לֵיידֶען אִים
פְלֵיישׁ, אָבֶּער אִיךְ פַארְשְׁפָּאר אֵייךְ:
29 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, בְּרִידֶער, דִיא צַייט אִיז פַארְ־
קֶערְצְט; כְּדֵי פוּן אַצוּנְד זָאלֶען אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען
30 וַוייבֶּער גְלֵייךְ זַיין וִויא זֵייא וָואס הָאבֶּען נִיט: אוּנְד דִיא
וָואס וֵויינֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס וַויינֶען נִיט, אוּנְד דִיא
וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס פְרֵייעֶן זִיךְ נִיט,
אוּנְד דִיא וָואס קוֹיפֶען גְלֵייךְ וִויא זֵייא וָואס בֶּעזִיצֶען
31 נִיט: אוּנְד דִיא וָואס בֶּענוּצֶען דִיא וֶועלְט גְלֵייךְ וִויא
זֵייא הָאבֶּען זִיא נִיט אָפְּגֶענוּצְט; וָוארִין דִיא גֶעשְׁטַאלְט
פוּן דִיזֶער וֶועלְט פַארְגֶעהְט:
32 אָבֶּער אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט נִיט בֶּעזָארְגְט זַיין. דֶער
וָואס אִיז נִיט פֶערְהֵיירַאטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען
פוּן דֶעם הַאר, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל דֶעם הַאר גֶעפֶעלֶען:
33 אָבֶּער דֶער וָואס אִיז פֶערְהֵיירַאטֶעט זָארְגְט פַאר דִיא
זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי עֶר זָאל דֶעם וַוייבּ
34 גֶעפֶעלֶען: אוּנְד אִיז צוּטְהֵיילְט גֶעוֶועזֶען. דִיא פְרוֹיא וָואס
אִיז נִיט פֶערְהֵיירַאטֶעט אוּנְד דִיא בְּתוּלָה זָארְגְט פַאר
דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם הַאר, אַז זִיא זָאל הֵיילִיג זַיין אִים
לֵייבּ אוּנְד אִים גֵייסְט; אָבֶּער דִיא וָואס אִיז פֶערְהֵיירַאטֶעט
זָארְגְט פַאר דִיא זַאכֶען פוּן דֶער וֶועלְט, וִויא אַזוֹי זִיא
35 זָאל דֶעם מַאן גֶעפֶעלֶען: אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ אֵייךְ צוּ
אֵייעֶר בֶּעסְטֶען נוּצֶען, נִיט כְּדֵי אֵייךְ אַ נֶעץ פָארְצוּלֶעגֶען,
נֵייעֶרְט צוּ דֶעם וָואס אִיז אָנְגֶעזֶעהֶען, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט
36 דֶעם הַאר דִינֶען אָהְן הִינְדֶערְנִיס: אָבֶּער וָוען אַ מַאן
דֶענְקְט אַז עֶר טְהוּט אַ בּוּשָׁה צוּ זַיינֶע בְּתוּלָה, וָוען זִיא
אִיז שׁוֹין אוֹיף אִיהְר עֶלְטֶער, אוּנְד עֶס מוּז אַזוֹי זַיין, לָאז
עֶר טְהוּן וָואס עֶר וִויל; עֶר זִינְדִיגְט נִיט; לָאזֶען זֵייא
37 הֵייראַטֶען: אָבֶּער דֶער וָואס שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין זַיין הַארְץ,
אוּנְד הָאט עֶס נִיט נֶעטִיג, אָבֶּער הָאט מַאכְט אִיבֶּער זַיין
אֵייגֶענֶען ווִילֶען, אוּנְד הָאט דָאס בַּייא זִיךְ בֶּעשְׁלָאסֶען אִין

זַיין אֵייגֶען הַארְץ, אַז עֶר זָאל זַיינֶע בְּתוּלָה הִיטֶען, װֶעט
רֶעכְט טְהוּן: אַזוֹי דֶער װָאס מַאכְט אִיהְר חֲתוּנָה טְהוּט 38
רֶעכְט, אוּנְד דֶער װָאס מַאכְט אִיהְר נִיט חֲתוּנָה װֶעט בֶּע־
סֶער טְהוּן:
אַ װייבּ אִיז גֶעבּוּנְדֶען אַזוֹי לַאנְג װִיא אִיהְר מַאן לֶעבְּט; 39
אָבֶּער װֶען דֶער מַאן אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, אִיז זִיא פְרֵייא
זִיךְ צוּ פֶערְהֵייראַטֶען צוּ װֶעמֶען זִיא װִיל, נוּר אִין דֶעם
הַאר: אָבֶּער זִיא אִיז לִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ נָאךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג 40
װֶען זִיא בְּלֵייבְּט אַזוֹי; אוּנְד אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ
דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט:

## קאפיטעל ח

נוּן װֶעגֶען דִיא קָרְבָּנוֹת פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער, מִיר װִיסֶען אַז 1
מִיר הָאבֶּען אַלֶע דֶערְקֶענְטְנִים. דִיא דֶערְקֶענְטְנִים בְּלָאזְט
אוֹיף, אָבֶּער דִיא לִיבֶּע בּוֹיעֶט אוֹיף: װֶען אֵיינֶער דֶענְקְט 2
אַז עֶר װֵייס עֶפֶּעס, װֵייס עֶר נָאךְ נִיט װִיא מֶען בַּאדַארְף
צוּ װִיסֶען: אָבֶּער װֶען אֵיינֶער לִיבְּט גָאט, דֶער אִיז פוּן 3
אִיהְם אָנְדֶערְקֶענְט:
דְרוּם װֶעגֶען דֶעם עֶסֶען פוּן קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער, 4
מִיר װִיסֶען אַז אֵיין אָפְּגָאט אִיז גָארְנִיט אִין דֶער װֶעלְט,
אוּנְד אַז עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין גָאט אוֹיסֶער אֵיינֶער:
װָארִין חָאטְשֶׁע עֶס זֶענֶען אַפִילוּ פַארְהַאנֶען אַזֶעלְכֶע װָאס 5
װֶערֶען אָנְגֶערוּפֶען גֶעטֶער, עֶנְטְװֶעדֶער אִים הִימֶעל אָדֶער
אוֹיף דֶער עֶרְד, מַחְמַת עֶס זֶענֶען פִילֶע גֶעטֶער אוּנְד פִילֶע
הַארֶען: אָבֶּער צוּ אוּנְס אִיז אֵיין גָאט, דֶער פָאטֶער, פוּן 6
װֶעלְכֶען עֶס זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען אוּנְד מִיר צוּ אִיהְם, אוּנְד
אֵיין הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דוּרְךְ װֶעלְכֶען זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען
אוּנְד מִיר דוּרְךְ אִיהְם: אָבֶּער נִיט אִין אַלֶע אִיז 7
דֶערְקֶענְטְנִים; אָבֶּער עֶטְלִיכֶע מִיט גֶעװִיסֶען פוּן דֶעם
אָפְּגָאט עֶסֶען בִּיז אַצוּנְד װִיא אַ קָרְבָּן צוּם אָפְּגָאט, אוּנְד
אִינְדֶעם עֶס אִיז שְׁװַאךְ אִיז זֵייעֶר גֶעװִיסֶען בֶּעפְלֶעקְט:
אָבֶּער דִיא שְׁפֵּייז װֶעט אוּנְס נִיט עֶמְפֶּעהְלֶען צוּ גָאט; 8
װָארִין װֶען מִיר עֶסֶען אַפִילוּ נִיט זֶענֶען מִיר נִיט עֶרְגֶער,
אוּנְד װֶען מִיר עֶסֶען זֶענֶען מִיר נִיט בֶּעסֶער: אָבֶּער גִיבְּט 9
אַכְטוּנְג אַז דִיזֶע אֵייעֶרֶע מַאכְט זָאל נִיט זַיין אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג

10 צוּ דִיא שְׁוַואכֶע: וָוארִין וֶוען אִימִיצֶער וֶועט דִיךְ זֶעהֶען,
וָואס דוּא הָאסְט דֶערְקֶענְטְנִיס, אַז דוּא זִיצְט צוּ טִישׁ
אִים טֶעמְפֶּעל פוּן אֵיין אָפְּגָאט, וֶועט נִיט דָאס גֶעוִויסֶען
פוּן דֶעם שְׁוַואכֶען גֶעשְׁטַארְקְט וֶוערֶען צוּ עֶסֶען דִיא
11 קָרְבָּנוֹת צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער? וָוארִין דוּרְךְ דֵיינֶע
דֶערְקֶענְטְנִיס אִיז דֶער שְׁוַואכֶער פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען,
דֶער בְּרוּדֶער פַאר וֶועלְכֶען מָשִׁיחַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
12 אָבֶּער וֶוען אִיהְר זִינְדִיגְט אַזוֹי קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער,
אוּנְד שְׁלָאגְט זֵייעֶר שְׁוַואכֶעס גֶעוִויסֶען, זִינְדִיגְט אִיהְר
13 קֶעגֶען מָשִׁיחַ: אַזוֹי דֶען וֶוען שְׁפֵּייז מַאכְט מֵיין בְּרוּדֶער
שְׁטְרוֹיכְלֶען, וִויל אִיךְ עֶבִּיג קֵיין פְלֵיישׁ נִיט עֶסֶען, כְּדֵי
אִיךְ זָאל נִיט מֵיין בְּרוּדֶער שְׁטְרוֹיכְלֶען מַאכֶען:

## קאפיטעל ט

1 בִּין אִיךְ נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל? בִּין אִיךְ נִיט פְרֵייא?
הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעזֶעהֶען יֵשׁוּעַ אוּנְזֶערְן הַאר? זֶענְט
2 אִיהְר נִיט מֵיין וֶוערְק אִין דֶעם הַאר? וֶוען אִיךְ בִּין
נִיט אֵיין אַפָּאסְטֶעל צוּ אַנְדֶערֶע, בִּין אִיךְ דָאךְ צוּ אֵייךְ;
וָוארִין דֶער זִיגֶעל פוּן מֵיין שְׁלִיחוּת זֶענְט אִיהְר אִין
3 דֶעם הַאר: מֵיין עֶנְטְפֶער צוּ דִיא וָואס פֶערְהֶערֶען מִיךְ
4 אִיז דָאס: הָאבֶּען מִיר נִיט קֵיינֶע מַאכְט צוּ עֶסֶען אוּנְד
5 צוּ טְרִינְקֶען? הָאבֶּען מִיר נִיט קֵיינֶע מַאכְט אַרוּמְצוּ־
פִיהְרֶען אַ וַוייבּ וָואס אִיז אַ גְלוֹיבִּיגֶע, אַזוֹי וִויא דִיא
אַנְדֶערֶע אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד דִיא בְּרִידֶער פוּן דֶעם הַאר,
6 אוּנְד כֵּיפָא? אָדֶער אִיךְ אַלֵיין אוּנְד בַּר־נַבָּא הָאבֶּען
מִיר נִיט קֵיינֶע מַאכְט מִיר זָאלֶען נִיט אַרְבֵּייטֶען?
7 וֶועלְכֶער בַּעַל מִלְחָמָה גֶעהְט אַרוֹיס אוֹיף זֵיינֶע אֵייגֶענֶע
קָאסְטֶען? וֶוער פְלַאנְצְט אַ וַויינְגָארְטֶען אוּנְד עֶסְט נִיט
דִיא פְרוּכְט דֶערְפוּן? אָדֶער וֶוער פִיטֶערְט אַ סְטַאדֶע,
8 אוּנְד עֶסְט נִיט פוּן דֶער מִילְךְ פוּן דֶער סְטַאדֶע? רֶעד
אִיךְ דֶען דָאס וִויא אַ מֶענְשׁ? אָדֶער זָאגְט נִיט אוֹיךְ
9 דָאס גֶעזֶעץ דִיזֶעס? וָוארִין אִין תּוֹרַת מֹשֶׁה שְׁטֶעהְט
עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען, דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְשְׁלִיסֶען דָאס מוֹיל
פוּן דֶעם אָקְס וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט. דברים כ״ה ד׳. זָארְגְט
10 דֶען גָאט פַאר אָקְסֶען? אָדֶער זָאגְט עֶר דָאס אִים גַאנְצֶען

פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען? וָוארִין פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען אִיז
עֶס גֶעשְׁרִיבֶּען, ווייל דֶער וָואס אַקֶערְט אִיז מְחוּיָב צוּ
אַקֶערְן מִיט הָאפְנוּנְג, אוּנְד דֶער וָואס דְרֶעשְׁט אַ טְהֵייל
צוּ הָאבֶּען מִיט הָאפְנוּנְג:
11 וֶוען מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעזֵייעט גֵייסְטְלִיכֶע זַאכֶען, אִיז
עֶס צוּ פִיל וֶוען מִיר וֶועלֶען שְׁנֵיידֶען אֵייעֶרֶע פְלֵיישְׁלִיכֶע
12 זַאכֶען? וֶוען אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִיז דִיזֶער מַאכְט
אִיבֶּער אֵייךְ, זָאלֶען מִיר נִיט פִיל מֶעהְר? אָבֶּער מִיר
הָאבֶּען נִיט בֶּענוּצְט דִיזֶע מַאכְט, נֵייעֶרְט מִיר לֵיידֶען
אַלֶעס, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֵיין שׁוּם הִינְדֶערְנִיס נִיט מַאכֶען
13 צוּ דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ: ווייסְט אִיהְר נִיט אַז
דִיא וָואס דִינֶען אִין הֵיילִיגֶע זַאכֶען עֶסֶען פוּן דֶעם
בֵּית הַמִקְדָשׁ, אוּנְד דִיא וָואס דִינֶען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ
14 הָאבֶּען אַ טְהֵייל פוּן דֶעם מִזְבֵּחַ? אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער
הַאר בֶּעשְׁטֶעלְט אַז דִיא וָואס פְּרֶעדִיגֶען דִיא בְּשׂוּרָה
15 טוֹבָה זָאלֶען לֶעבֶּען פוּן דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה: אָבֶּער אִיךְ
הָאבּ קֵיינֶע פוּן דִיזֶע זַאכֶען נִיט בֶּענוּצְט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
דִיזֶעס נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אַז עֶס זָאל צוּ מִיר אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶען;
וָוארִין עֶס אִיז מִיר לִיבֶּער צוּ שְׁטַארְבֶּען אֵיידֶער
16 אִימִיצֶער זָאל מֵיין רִיהְמֶען צוּ נִישְׁט מַאכֶען: וָוארִין וֶוען
אִיךְ פְּרֶעדִיג דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה אִיז צוּ מִיר קֵיין רִיהְמֶען;
וָוארִין אִיךְ מוּז עֶס טְהוּן; וָוארִין וֶועה מִיר וֶוען אִיךְ
17 פְּרֶעדִיג נִיט דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה: וָוארִין וֶוען אִיךְ טְהוּא
דָאס פוּן גוּטֶען ווִילֶען, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַ שְׂכַר; אָבֶּער וֶוען
18 אוּנְגֶערְן, אִיז מִיר אֵיינֶע אָנְרִיכְטוּנְג אַנְפֶערְטְרוֹיעֶט: וָואס
אִיז דֶען מֵיין לוֹין? אַז וֶוען אִיךְ פְּרֶעדִיג דִיא בְּשׂוּרָה
טוֹבָה, זָאל אִיךְ דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן הוֹצָאוֹת פְרֵייא
מַאכֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט מֵיינֶע מַאכְט אִין דֶער בְּשׂוּרָה
טוֹבָה שְׁלֶעכְט אָפְּנוּצֶען:
19 וָוארִין הָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין פְרֵייא פוּן אַלֶע, הָאבּ אִיךְ מִיךְ
דָאךְ גֶעמַאכְט פַאר אַ קְנֶעכְט צוּ אַלֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל
20 מֶעהְר גֶעווִינֶען: אוּנְד צוּ דִיא יוּדֶען בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען
ווִיא אַ יוּד, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא יוּדֶען גֶעווִינֶען; צוּ דִיא
וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ ווִיא אֵיינֶער אוּנְטֶער

דֶעם גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם אִיךְ בִּין נִיט זֶעלְבְּסְט אוּנְטֶער דֶעם
גֶעזֶעץ, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא גֶעוִוינֶען וָאס זֶענֶען אוּנְטֶער
21 דֶעם גֶעזֶעץ׃ צוּ דִיא וָאס זֶענֶען אָהְן גֶעזֶעץ וִויא אֵיינֶער
אָהְן גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם אִיךְ בִּין נִיט אָהְן גֶעזֶעץ צוּ גָאט,
נֵייעֶרְט אִים גֶעזֶעץ צוּ מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיךְ זָאל דִיא גֶעוִוינֶען
22 וָאס זֶענֶען אָהְן גֶעזֶעץ׃ צוּ דִיא שְׁוַואכֶע בִּין אִיךְ
גֶעוָוארֶען וִויא אַ שְׁוַואכֶער, כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען דִיא
שְׁוַואכֶע; אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַלֶעם צוּ אַלֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל
23 אוֹיף יֶעדְעֶן אוֹפֶן עֶטְלִיכֶע רֶעטֶען׃ אוּנְד דָאס אַלֶעם
טְהוּא אִיךְ וֶועגֶען דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, כְּדֵי אִיךְ זָאל
24 דְרִינֶען אַ טְהֵייל הָאבֶּען׃ וֵוייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא
וָאס לוֹיפֶען אִין אַ לוֹיף־גֶעוֶועט לוֹיפֶען אַלֶע, אָבֶּער
אֵיינֶער בַּאקוּמְט דֶעם פְּרֵייז? לוֹיפְט אִיהְר אַזוֹי, כְּדֵי
25 אִיהְר זָאלְט אִיהְם דֶערְהַאלְטֶען׃ אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָאס
שְׁטְרֵייטֶעט דֶער הַאלְט זִיךְ אִין אַלֶעם אָפּ, דֶען יֶענֶע
טְהוּן אַזוֹי כְּדֵי זֵייא זָאלֶען בֶּעקוּמֶען אַ פֶערְדֶערְבְּלִיכֶע
26 קְרוֹין, אָבֶּער מִיר אֵיינֶע אוּנְפֶערְדֶערְבְּלִיכֶע׃ דְרוּם לוֹיף
אִיךְ אַזוֹי, נִיט וִויא אוֹיף אוּנְגֶעוִויסֶעם, אִיךְ שְׁטְרֵייט אַזוֹי
27 נִיט וִויא אִיךְ שְׁלָאג אִין דִיא לוּפְט׃ נֵייעֶרְט אִיךְ
אוּנְטֶערְדְרִיק מֵיין לֵייבּ אוּנְד הַאלְט אִיהְם אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט,
כְּדֵי וֶוען אִיךְ הָאבּ צוּ אַנְדֶערֶע גֶעפְּרֶעדִיגְט, אִיךְ זָאל נִיט
זֶעלְבְּסְט פֶערְוָוארְפֶען וֶוערֶען׃

קאפיטעל י

1 וָארִין אִיךְ וִויל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט וִויסֶען, בְּרִידֶער,
אַז אוּנְזֶערֶע אָבוֹת זֶענֶען אַלֶע אוּנְטֶער דֶעם וָאלְקֶען גֶעוֶע־
וֶועזֶען, אוּנְד זֶענֶען אַלֶע דוּרְךְ דֶעם יַם אַרִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען׃
2 אוּנְד זֶענֶען אַלֶע גֶעטוֹבֶלְט גֶעוָוארֶען צוּ משֶׁה אִים וָאלְקֶען
3 אוּנְד אִים יַם׃ אוּנְד הָאבֶּען אַלֶע דִיא זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע
4 שְׁפֵּייז גֶעגֶעסֶען׃ אוּנְד הָאבֶּען אַלֶע דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֵייסְטְלִיכֶע
גֶעטְרֶענְק גֶעטְרוּנְקֶען; וָארִין זֵייא הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען פוּן
דֶעם גֵייסְטְלִיכֶען פֶעלְז וָאס הָאט זֵייא נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּנְד
5 דֶער פֶעלְז אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער מָשִׁיחַ׃ אָבֶּער דִיא מֵיינְסְטֶע
פוּן זֵייא הָאבֶּען נִיט גָאט וָואוֹילְגֶעפַאלֶען; וָארִין זֵייא
זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען אִין דֶער מִדְבָּר׃

אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען פַאר אוּנְס גֶעשֶׁעהֶען צוּ פָאְרבִּילְ־ 6
דֶער, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט זַיין גְלוּסְטֶער צוּם שְׁלֶעכְטֶען,
אַזוֹי וִויא זֵייא הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט: זַייט אִיהְר אוֹיךְ נִיט 7
גֶעצֶענְדִינֶער, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא; אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דָאס פָאלְק הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶע־
זֶעצְט צוּ עֶסֶען אוּנְד צוּ טְרִינְקֶען, אוּנְד זֶענֶען
אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ שְׁפִּילֶען: שמות ל״ב ו׳. אוֹיךְ לָאזֶען 8
מִיר אוּנְס נִיט מְזַנֶה זַיין, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא
הָאבֶּען מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶענֶען אִין אֵיין טָאג
גֶעפַאלֶען דְרֵייא אוּנְד צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד: אוֹיךְ לָאזֶען 9
מִיר נִיט פְּרוּפֶען דֶעם הַאר, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא
הָאבֶּען גֶעפְּרוּפְט אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ שְׁלַאנְגֶען:
מוּרְמֶעלְט אִיהְר נִיט, אַזוֹי וִויא עֶטְלִיכֶע פוּן זֵייא הָאבֶּען 10
גֶעמוּרְמֶעלְט אוּנְד זֶענֶען אוּמְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם
פֶערְדֶערְבֶּער: אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּ זֵייא 11
גֶעטְרָאפֶען צוּ פָאְרבִּילְדֶער, אוּנְד זֵייא זֶענֶען צוּ אוּנְס
גֶעשְׁרִיבֶּען פַאר אַ וַוארְנוּנְג, צוּ וֶועלְכֶע דָאס עֶנְד פוּן דֶער
וֶועלְט אִיז גֶעקוּמֶען: דְרוּם, דֶער וָואס דֶענְקְט אַז עֶר 12
שְׁטֶעהְט, לָאז עֶר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל נִיט פַאלֶען:
עֶס הָאט אֵייךְ קֵיינֶע פְּרִיפוּנְג נִיט גֶעטְרָאפֶען נֵייעֶרְט וָואס 13
אִיז מֶענְשְׁלִיךְ; אָבֶּער גָאט אִיז גֶעטְרֵייא, דֶער וֶועט אֵייךְ
נִיט לָאזֶען גֶעפְּרוּפְט וֶוערֶען מֶעהְר וִויא אִיהְר קָאנְט
אוֹיסְהַאלְטֶען, נֵייעֶרְט עֶר וֶועט מִיט דֶער פְּרִיפוּנְג אוֹיךְ
מַאכֶען דֶעם אוֹיסְגַאנְג, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס קֶענֶען
דֶערְטְרָאגֶען:
דְרוּם, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, פְלִיהְט פוּן גֶעצֶענְדִינֶסְט: 14
אִיךְ רֶעד וִויא צוּ קְלוּגֶע לֵייט; רִיכְטֶעט אִיהְר וָואס אִיךְ 15
זָאג: דֶער כּוֹס פוּן בְּרָכָה וָואס מִיר בֶּענְשֶׁען, אִיז עֶס נִיט 16
דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן מָשִׁיחַ? דָאס בְּרוֹיט
וָואס מִיר בְּרֶעכֶען, אִיז עֶס נִיט דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן
דֶעם לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ? וָוארִין מִיר וָואס זֶענֶען פִילֶע זֶענֶען 17
אֵיין בְּרוֹיט אוּנְד אֵיין לֵייבּ; וָוארִין מִיר הָאבֶּען אַלֶע אַ
טְהֵייל אִין אֵיין בְּרוֹיט: זֶעהְט אָהְן דִיא יִשְׂרָאֵל נָאךְ דֶעם 18
פְלֵיישׁ; דִיא וָואס עֶסֶען דִיא קָרְבָּנוֹת זֶענֶען זֵייא נִיט

19 שוּתְּפִים אִים מִזְבֵּחַ? וָואס זָאג אִיךְ דֶען? אַז וָואס מֶען
אִיז מַקְרִיב צוּ אֵיין אָפְּגָאט אִיז עֶפֶּעס? אָדֶער אַז אַיין
20 אָפְּגָאט אִיז עֶפֶּעס? אָבֶּער אִיךְ זָאג, אַז דָאס וָואס דִיא
גוֹיִם זֶענֶען מַקְרִיב זֶענֶען זֵייא מַקְרִיב צוּ שֵׁדִים אוּנְד
נִיט צוּ גָאט; אוּנְד אִיךְ ווִיל נִיט אַז אִיהְר זָאלְט גֶעמֵיינְ־
21 שַׁאפְט הָאבֶּען מִיט שֵׁדִים: אִיהְר קֶענְט נִיט טְרִינְקֶען דֶעם
כּוֹס פוּן דֶעם הַאר אוּנְד דֶעם כּוֹס פוּן שֵׁדִים; אִיהְר קֶענְט
נִיט הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִים טִישׁ פוּן דֶעם הַאר אוּנְד
22 אִים טִישׁ פוּן שֵׁדִים: אָדֶער דֶערְצֶערְנֶען מִיר דֶעם
הַאר צוּ קִנְאָה? זֶענֶען מִיר שְׁטַארְקֶער ווִיא עֶר?
23 אַלֶעס אִיז דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס אִיז נוּצְלִיךְ;
אַלֶעס אִיז דֶערְלוֹיבְּט, אָבֶּער נִיט אַלֶעס פֶּערְ־
24 בֶּעסֶערְט: לָאז קֵיינֶער נִיט זוּכֶען זַיין אֵייגֶענֶעם נוּצֶען,
25 נֵייעֶרְט אִיטְלִיכֶער דֶעם נוּצֶען פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען: אַלֶעס
וָואס אִיז אִין דֶער יַאטְקֶע פֶּערְקוֹיפְט, דָאס עֶסְט, אוּנְד
26 פְרֶעגְט נִיט נָאךְ וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען: ווָארִין דִיא
עֶרְד אִיז דֶעם הַאר'ס, אוּנְד אַלֶעס וָואס אִיז דְרִינֶען:
27 תהלים כ"ד א'. וֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע וֶועט אֵייךְ
אֵיינְבֶּעטֶען צוּ אַ סְעוּדָה אוּנְד אִיהְר ווִילְט גֶעהֶען, עֶסְט
אַלֶעס וָואס אִיז אֵייךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד פְרֶעגְט נִיט נָאךְ
28 וֶועגֶען דֶעם גֶעווִיסֶען: אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער וֶועט צוּ אֵייךְ
זָאגֶען, דָאס אִיז אַ קָרְבָּן צוּ אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי עֶסְט נִיט וֶועְ־
גֶען דֶעם וָואס הָאט עֶס אֵייךְ גֶעזָאגְט אוּנְד וֶועגֶען דֶעם
29 גֶעווִיסֶען: דָאס גֶעווִיסֶען זָאג אִיךְ, נִיט פוּן דִיר אַלֵיין,
נֵייעֶרְט פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען; ווָארוּם זָאל מֵיינֶע פְרֵייהֵייט
30 גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען בַּייא אֵיין אַנְדֶערְנְס גֶעווִיסֶען? ווָארִין
וֶוען אִיךְ נֶעם אַ טְהֵייל דְרִינֶען דוּרְךְ דֶער גְנָאד, ווָארוּם בִּין
אִיךְ גֶעלֶעסְטֶערְט אִיבֶּער אַ זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְפַאר
31 גֶעדַאנְקְט: דְרוּם אוֹיבּ אִיהְר עֶסְט אָדֶער טְרִינְקְט אָדֶער
32 וָואס אִיהְר טְהוּט, טְהוּט אַלֶעס צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט: גִיבְּט
נִיט קֵיין אָנְשְׁטוֹיס צוּ דִיא יוּדֶען אָדֶער צוּ דִיא גְרֶעקֶען
33 אָדֶער צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן גָאט; גְלֵייךְ ווִיא אִיךְ אוֹיךְ גֶעפֶעל
אִין אַלֶעס, אוּנְד זוּךְ נִיט מֵיין אֵייגֶענֶעם נוּצֶען נֵייעֶרְט דֶעם
נוּצֶען פוּן פִילֶע, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען:

## קאפּיטעל יא

דֵייט נָאכְפָאלְגֶער פוּן מִיר, אַזוֹי וְויא אִיךְ אוֹיךְ פוּן מָשִׁיחַ: 1
נוּן אִיךְ לוֹיבּ אֵייךְ, בְּרִידֶער, אַז אִיהְר גֶעדֶענְקְט מִיךְ אִין 2
אַלֶעם, אוּנְד אַז אִיהְר הַאלְט דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְגֶען אַזוֹי
וְויא אִיךְ הָאבּ זֵייא אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען: אָבֶּער אִיךְ ווִיל 3
אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז דָאס הוֹיפְּט פוּן אִיטְ־
לִיכֶען מַאן, אוּנְד דָאס הוֹיפְּט פוּן דֶעם וֵוייבּ אִיז דֶער מַאן,
אוּנְד דֶער הוֹיפְּט פוּן מָשִׁיחַ אִיז גָאט: אִיטְלִיכֶער מַאן וָואס 4
בֶּעטֶעט אָדֶער זָאגְט נְבוּאוֹת, אוּנְד זֵיין קָאפּ אִיז בֶּעדֶעקְט,
דֶער פֶערְשֶׁעמְט זֵיין קָאפּ: אוּנְד אִיטְלִיכֶע פְרוֹיא וָואס 5
בֶּעטֶעט אָדֶער זָאגְט נְבוּאוֹת, אוּנְד אִיהְר קָאפּ אִיז נִיט
בֶּעדֶעקְט, דִיא פֶערְשֶׁעהְמְט אִיהְר קָאפּ, וָוארִין עֶס אִיז אַזוֹי
גְלֵייךְ ווִיא זִיא הָאט זִיךְ גֶעגָאלְט: וָוארִין וֶוען אַ פְרוֹיא 6
אִיז נִיט בֶּעדֶעקְט, לָאז זִיא זִיךְ אוֹיךְ שֶׁערֶען; אָבֶּער וֶוען
עֶס אִיז אַ שַׁאנְד פַאר אַ פְרוֹיא אַז זִיא זָאל זִיךְ שֶׁערֶען
אָדֶער גָאלֶען לָאז זִיא בֶּעדֶעקְט זֵיין: וָוארִין אַ מַאן בַּא־ 7
דַארְף נִיט דֶעם קָאפּ בֶּעדֶעקֶען, וֵוייל עֶר אִיז דָאס בִּילְד
אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט; אָבֶּער דִיא פְרוֹיא אִיז דֶער
כָּבוֹד פוּן דֶעם מַאן: וָוארִין דֶער מַאן אִיז נִיט פוּן דֶער 8
פְרוֹיא גֵייעֶרְט דִיא פְרוֹיא פוּן דֶעם מַאן: וָוארִין דֶער מַאן 9
אִיז נִיט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶער פְרוֹיא, נֵייעֶרְט
דִיא פְרוֹיא וֶועגֶען דֶעם מַאן: דֶעסְטְוֶועגֶען בֶּעדַארְף דִיא 10
פְרוֹיא הָאבֶּען אַ צֵייכֶען פוּן מַאכְט אוֹיף אִיהְר קָאפּ וֶועגֶען
דִיא מַלְאָכִים: אָבֶּער דָאךְ אִיז דִיא פְרוֹיא נִיט אָהְן דֶעם 11
מַאן אוּנְד דֶער מַאן אִיז נִיט אָהְן דֶער פְרוֹיא אִין דֶעם
הַאר: וָוארִין גְלֵייךְ ווִיא דִיא פְרוֹיא אִיז פוּן דֶעם מַאן, 12
אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער מַאן דוּרְךְ דֶער פְרוֹיא; אָבֶּער אַלֶעם
אִיז פוּן גָאט: רִיכְטֶעט בֵּייא אֵייךְ זֶעלְבְּסְט; פַּאסְט עֶס 13
פַאר אַ פְרוֹיא אוּנְבֶּעדֶעקְט צוּ גָאט צוּ בֶּעטֶען? לֶעהְרְט 14
אֵייךְ נִיט אוֹיךְ דִיא נַאטוּר זֶעלְבְּסְט, אַז עֶס אִיז אַ שַׁאנְד
פָאר אַ מַאן וֶוען עֶר הָאט לַאנְגֶע הָאר? אָבֶּער וֶוען אַ פְרוֹיא 15
הָאט לַאנְגֶע הָאר אִיז פַאר אִיהְר אַ כָּבוֹד; וָוארִין דִיא הָאר
זֶענֶען צוּ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען פַאר אַ שְׁלֵייעֶר: אָבֶּער וֶוען אַ 16
מַאן שֵׁיינְט צוּ זֵיין אַ לִיבְּהָאבֶּער פוּן קְרִיגֶערֵייא, אַזוֹי

הָאבֶּען מִיר נִיט אַזֶעלְכֶען מִנְהָג, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא קְהִלּוֹת
פוּן גָאט:
17 אָבֶּער וֶוען אִיךְ זָאג אֵייךְ דָאס אָן, אַזוֹי לוֹיבּ אִיךְ נִיט אַז
אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען נִיט צוּם בֶּעסֶערְן נֵייעֶרְט צוּם עֶרְ־
18 גֶערְן: וָוארִין צוּעֶרְשְׁט הֶער אִיךְ אַז עֶס זֶענֶען מַחְלוֹקוֹת
צְווִישֶׁען אֵייךְ, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען אִין דֶער קְהִלּוֹת,
19 אוּנְד צוּם טְהֵייל גְלוֹיבּ אִיךְ עֶס: וָוארִין עֶס מוּזֶען זַיין
כִּתּוֹת צְווִישֶׁען אֵייךְ, כְּדֵי דִיא אוֹיךְ וֶועלְכֶע הָאבֶּען
פְּרוּפוּנְג בֶּעשְׁטַאנֶען זָאלֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ דֶערְקֶענְט
20 וֶוערֶען: דְרוּם וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען, אַזוֹי אִיז עֶס
אוּנְמֶעגְלִיךְ דָאס אָבֶּענְדְמָאל פוּן דֶעם הַאר צוּ עֶסֶען:
21 וָוארִין וֶוען אִיהְר עֶסְט, אַזוֹי נֶעמְט אִיטְלִיכֶער צוּעֶרְשְׁט
זַיין אֵייגֶען אָבֶּענְדְמָאל אוּנְד אֵיינֶער אִיז הוּנְגֶערִיג
22 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער בֶּעטְרוּנְקֶען: הָאט אִיהְר דֶען נִיט
קֵיינֶע הֵייזֶער כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִין דִיזֶע עֶסֶען אוּנְד טְרִינְ־
קֶען? אָדֶער זֶענְט אִיהְר מְבַזֶה דִיא קְהִלּוֹת פוּן גָאט, אוּנְד
פֶערְשֶׁעמְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט? וָואס זָאל אִיךְ צוּ
אֵייךְ זָאגֶען? זָאל אִיךְ אֵייךְ לוֹיבֶּען? אִין דִיזֶעם לוֹיבּ אִיךְ
אֵייךְ נִיט:
23 וָוארִין אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעם הַאר מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען וָואס אִיךְ
הָאבּ אֵייךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, אַז דֶער הַאר יֵשׁוּעַ אִין דֶער
זֶעלְבִּיגֶער נַאכְט אִין דֶער עֶר אִיז פֶערְרַאהְטֶען גֶעוָוארֶען
24 הָאט גֶענוּמֶען בְּרוֹיט: אוּנְד הָאט אַ בְּרָכָה גֶעמַאכְט אוּנְד
הָאט עֶס צוּבְּרָאכֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, דָאס אִיז מֵיין לֵייבּ וָואס
25 אִיז פַאר אֵייךְ; טְהוּט דָאס צוּ מֵיין אָנְדֶענְקֶען: אַזוֹי אוֹיךְ
דֶעם כּוֹס נָאךְ דֶעם אָבֶּענְדְמָאל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט,
דִיזֶער כּוֹס אִיז דֶער נֵייעֶר בְּרִית אִין מֵיין בְּלוּט; טְהוּט
דָאס, אַזוֹי אָפְט ווִיא אִיהְר טְרִינְקְט, צוּ מֵיין אָנְדֶענְקֶען:
26 וָוארִין אַזוֹי אָפְט ווִיא אִיהְר עֶסְט דִיזֶעם בְּרוֹיט אוּנְד
טְרִינְקְט דִיזֶעם כּוֹס, זֶענְט אִיהְר מוֹדִיעַ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם
27 הַאר בִּיז עֶר וֶועט קוּמֶען: דְרוּם דֶער וָואס עֶסְט דָאס
בְּרוֹיט אָדֶער טְרִינְקְט דֶעם כּוֹס פוּן דֶעם הַאר אוּנְווִירְדִיג,
דֶער וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגֶען קֶעגֶען דֶעם לֵייבּ אוּנְד דֶעם
28 בְּלוּט פוּן דֶעם הַאר: אָבֶּער לָאז זִיךְ דֶער מֶענְשׁ פְּרוּפֶען,

אוּנְד אַזוֹי לָאז עֶר עֶסֶען פוּן דֶעם בְּרוֹיט אוּנְד טְרִינְקֶען
29 פוּן דֶעם כּוֹס: וָוארִין דֶער וָואס עֶסְט אוּנְד טְרִינְקְט, עֶסְט אוּנְד
טְרִינְקְט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דָאס גֶערִיכְט, עֶר דֶערְקֶענְט נִיט
30 דֶעם לֵייבּ פוּן דֶעם הַאר: דְרוּם זֶענֶען פִילֶע שְׁוַואךְ אוּנְד
31 קְרֶענְקְלִיךְ צְווִישֶׁען אֵייךְ, אוּנְד פִילֶע שְׁלָאפֶען: אָבֶּער
וֶוען מִיר וָואלְטֶען זִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶערְקֶענֶען אַזוֹי וָואלְטֶען
32 מִיר נִיט גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען: אָבֶּער וֶוען מִיר וֶוערֶען גֶע-
רִיכְטֶעט, זֶענֶען מִיר גֶעשְׁטְרָאפְט פוּן דֶעם הַאר, כְּדֵי מִיר
33 זָאלֶען נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען מִיט דֶער וֶועלְט: דְרוּם,
מֵיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען אַז אִיהְר זָאלְט
34 עֶסֶען, אַזוֹי וַוארְטֶעט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען: וֶוען
אֵיינֶער אִיז הוּנְגֶערִיג לָאז עֶר אִין דֶערְהֵיים עֶסֶען, כְּדֵי
אִיהְר זָאלְט נִיט צוּם פַארְשׁוּלְדִיגֶען צוּזַאמֶענְקוּמֶען. אוּנְד
דָאס אִיבְּרִיגֶע וֶועל אִיךְ אֵיינְרִיכְטֶען וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען:

## קאפיטעל יב

1 אָבֶּער וֶוענֶען דִיא גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנוֹת, בְּרִידֶער, ווִיל אִיךְ
2 נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט ווִיסֶען: אִיהְר ווייסְט אַז וֶוען
אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען גוֹיִם, זֶענְט אִיהְר נָאכְגֶעגַאנְגֶען שְׁטוּמֶע
אָפְּגֶעטֶער, אַזוֹי ווִיא אִיהְר זֶענְט גֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען:
3 דְרוּם טְהוּא אִיךְ אֵייךְ צוּ ווִיסֶען, אַז קֵיינֶער וָואס רֶעדְט
דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט זָאגְט אַז יֵשׁוּעַ אִיז אִין חֵרֶם,
אוּנְד אַז קֵיינֶער קֶען זָאגֶען אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער הַאר, חוּץ
דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
4 נוּן עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען פֶערְשִׁידֶענֶע מַתָּנוֹת, אָבֶּער דֶער
5 זֶעלְבִּיגֶער גֵייסְט: אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע דִינְסְט,
6 אָבֶּער דֶער זֶעלְבִּיגֶער הַאר: אוּנְד עֶס זֶענֶען פֶערְשִׁידֶענֶע
וֶוערְק, אָבֶּער עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגֶער גָאט, דֶער ווִירְקְט
7 אַלֶעם אִין אַלֶען: אָבֶּער דָאס אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם גֵייסְט
8 צוּ אִיטְלִיכֶען אִיז גֶעגֶעבֶּען צוּם נוּצֶען אִין כְּלַל: וָוארִין
צוּ אֵיינֶעם אִיז גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט דָאס וָוארְט פוּן
ווייזְהֵייט, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען דָאס וָוארְט פוּן דֶערְ-
9 קֶענְטְנִיס נָאךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט: צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערְן
10 מַתָּנוֹת פוּן רְפוּאוֹת דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶעם גֵייסְט: אוּנְד צוּ אֵיין

אַנְדֶערֶען דָאס וִוירְקֶען פוּן מַאכְט, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען
נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען גֵייסְטֶער צוּ
אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען, צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְט פוּן
לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען לְשׁוֹנוֹת צוּ פֶערְטֵייטְשֶׁען:
11 אָבֶּער דָאס אַלֶעס וִוירְקְט אֵיין אוּנְד דֶערְזֶעלְבִּיגֶער גֵייסְט
אִינְדֶעם עֶר טְהֵיילְט אָפּ צוּ אִיטְלִיכֶען נָאךְ זֵיין וִוילֶען:
12 וָוארִין אַזוֹי וִויא דֶער לֵייבּ אִיז אֵיינְס אוּנְד הָאט פִּילֶע
גְלִידֶער, אָבֶּער אַלֶע גְלִידֶער פוּן דֶעם אֵיינֶעם לֵייבּ, אַפִּילוּ
וֶוען זֵייא זֶענֶען פִּילֶע זֶענֶען זֵייא דָאךְ אֵיין לֵייבּ, אַזוֹי אִיז
13 אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ: וָוארִין דוּרְךְ אֵיין גֵייסְט זֶענֶען מִיר אַלֶע
אוֹיךְ גֶעטוֹבֶלְט צוּ אֵיין לֵייבּ, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען יוּדֶען אָדֶער
גְרֶעקֶען, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען קְנֶעכְט אָדֶער פְרֵייא. אוּנְד מִיר
14 זֶענֶען אַלֶע אָנְגֶעטְרוּנְקֶען מִיט אֵיין גֵייסְט: וָוארִין דֶער
15 לֵייבּ אִיז אוֹיךְ נִיט אֵיין גְלִיד, נֵייעֶרְט פִּילֶע: וֶוען דֶער
פוּס זָאל זָאגֶען, וֵוייל אִיךְ בִּין נִיט דִיא הַאנְד, אַזוֹי בִּין
אִיךְ נִיט פוּן דֶעם לֵייבּ; אִיז עֶר נִיט דֶערְפְטְוֶועגֶען פוּן דֶעם
16 לֵייבּ? אוּנְד וֶוען דָאס אוֹיעֶר זָאל זָאגֶען, וֵוייל אִיךְ בִּין
נִיט דָאס אוֹיג, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פוּן דֶעם לֵייבּ; אִיז עֶס
17 נִיט דֶערְפְטְוֶועגֶען פוּן דֶעם לֵייבּ? וֶוען דֶער גַאנְצֶע לֵייבּ
זָאל זֵיין אֵיין אוֹיג, וְואוּ וֶועט זֵיין דָאס גֶעהֶער? וֶוען דָאס
גַאנְצֶע זָאל זֵיין גֶעהֶער, וְואוּ וֶועט זֵיין דָאס שְׁמֶעקֶען?
18 אָבֶּער אַצוּנְד הָאט גָאט גֶעזֶעצְט דִיא גְלִידֶער אִיטְלִיכֶעם
19 אִים לֵייבּ, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעוָואלְט: אוּנְד וֶוען אַלֶע
20 זָאלֶען זֵיין אֵיין גְלִיד, וְואוּ וֶועט זֵיין דֶער לֵייבּ? אָבֶּער
אַצוּנְד זֶענֶען דָא פִּילֶע גְלִידֶער, אוּנְד דָאךְ אֵיין לֵייבּ:
21 אוּנְד דָאס אוֹיג קָאן נִיט זָאגֶען צוּ דֶער הַאנְד, אִיךְ בֶּע־
דַארְף דִיךְ נִיט; אָדֶער וִוידֶער דֶער קָאפּ צוּ דִיא פִּיס,
22 אִיךְ בֶּעדַארְף אֵייךְ נִיט: נֵייעֶרְט פִּיל מֶעהְר דִיא גְלִידֶער
פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס מִיר בֶּעטְרַאכְטֶען אַז דִיא שְׁוַואכְסְטֶע
23 זֶענֶען נֶעטִיג: אוּנְד דִיא גְלִידֶער פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס מִיר
בֶּעטְרַאכְטֶען אַז מִיאוּסֶע צוּ דִיא טְהוּן מִיר מֶעהְר כָּבוֹד
אָן, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, דִיא זֶענֶען
24 מֶעהְר אַנְשְׁטֶענְדִיג גֶעהַאלְטֶען: אָבֶּער אוּנְזֶערֶע אַנְשְׁטֶענְ־
דִיגֶע גְלִידֶער בֶּעדַארְפֶען עֶס נִיט; אָבֶּער גָאט הָאט דֶעם

לֵייבּ צוּזַאמֶענגֶעהֶעפְט, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דֶעם
טְהֵייל וָואס הָאט אַ חִסָרוֹן מֶעהְר כָּבוֹד: כְּדֵי עֶס זָאל נִיט 25
זַיין קֵיינֶע מַחֲלוֹקֶת אִים לֵייבּ, נֵייעֶרְט דִיא גְלִידֶער זָאלֶען
אֵיינְס פַאר דֶעם אַנְדֶערְן גְלֵייךְ זָארְגֶען: אוּנְד וֶוען אֵיין 26
גְלִיד וֶועט לֵיידֶען, אַזוֹי לֵיידֶען אַלֶע גְלִידֶער דֶערְמִיט;
וֶוען אֵיין גְלִיד אִיז עֶרְהֶעבְּט, אַזוֹי פְרֵייעֶן זִיךְ אַלֶע גְלִידֶער
צוּזַאמֶען: אוּנְד אִיהְר זֶענְט דֶער לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד 27
גְלִידֶער יֶעדֶער נָאךְ זַיין טְהֵייל:
אוּנְד גָאט הָאט עֶטְלִיכֶע אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט אִין דֶער קְהִלָּה, 28
עֶרְשְׁטֶענְס אַפָּאסְטֶעל, צְוֵייטֶענְס נְבִיאִים, דְרִיטֶענְס לֶעהְ־
רֶער, דֶערְנָאךְ גְבוּרוֹת, דֶערְנָאךְ מַתָּנוֹת פוּן רְפוּאוֹת, הֶעלְ־
פֶער, רֶעגִירוּנְגֶען, פֶערְשִׁידֶענֶע אַרְט פוּן לְשׁוֹנוֹת: זֶענֶען 29
אַלֶע אַפָּאסְטֶעל? זֶענֶען אַלֶע נְבִיאִים? זֶענֶען אַלֶע לֶעהְ־
רֶער? זֶענֶען אַלֶע גְבוּרוֹת? הָאבֶּען אַלֶע מַתָּנוֹת פוּן רְפוּאוֹת? 30
רֶעדֶען אַלֶע לְשׁוֹנוֹת? זֶענֶען אַלֶע פֶערְטֵייטְשֶׁער פוּן
לְשׁוֹנוֹת? אָבֶּער בֶּעגֶעהְרְט אִיהְר שְׁטַארְק דִיא גְרֶעסֶערֶע 31
מַתָּנוֹת. אוּנְד דָאךְ וֵוייז אִיךְ אֵייךְ אַ בֶּעסֶערֶען וֶועג:

קאפיטעל יג

וֶוען אִיךְ רֶעד מִיט לְשׁוֹנוֹת פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד פוּן מַלְאָכִים 1
אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי בִּין אִיךְ וִויא שַׁאלֶענְדִיג
קוּפֶּער אָדֶער אַ קְלִינְגֶענְדֶער צִימְבֶּעל: אוּנְד וֶוען אִיךְ 2
הָאבּ דִיא מַתָּנָה פוּן נְבוּאוֹת, אוּנְד וֵוייס אַלֶע סוֹדוֹת אוּנְד
אַלֶע דֶערְקֶענְטְנִיס, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אַלֶען גְלוֹיבֶּען
אֲפִילוּ בֶּערְג אַוֶועקְצוּרִיקֶען, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיינֶע לִיבֶּע,
אַזוֹי בִּין אִיךְ גָארְנִיט: אוּנְד וֶוען אִיךְ צוּטְהֵייל מֵיין גַאנְץ 3
פֶערְמֶעגֶען, אוּנְד וֶוען אִיךְ גִיבּ מֵיין לֵייבּ אַז עֶר זָאל
פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיינֶע לִיבֶּע, אַזוֹי נוּצְט
עֶס מִיר גָארְנִיט: דִיא לִיבֶּע אִיז גֶעדוּלְדִיג, דִיא לִיבֶּע אִיז 4
גִיטִיג, דִיא לִיבֶּע אִיז נִיט מְקַנֵא, דִיא לִיבֶּע בַּארִיהְמְט זִיךְ
נִיט אוּנְד אִיז נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען: זִיא אִיז נִיט אוּנְאַנְ־ 5
שְׁטֶענְדִיג, זִיא זוּכְט נִיט אִיהְר אֵייגֶענֶעס, וֶוערְט נִיט אִין
כַּעַס, זִיא טְרַאכְט נִיט שְׁלֶעכְטֶעס: זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ נִיט 6
אִין אוּנְרֶעכְט, אָבֶּער זִיא פְרֵייעֶט זִיךְ מִיט דֶער וָואהְרְ־
הֵייט: זִיא פֶערְטְרָאגְט אַלֶעס, גְלוֹיבְּט אַלֶעס, הָאפְט אוֹיף 7

8 אַלֶעם, אִיז גֶעדוּלְדִיג אִין אַלֶעם: דִיא לִיבֶּע פֶעהְלְט קֵיינְ־
מָאל; אָבֶּער אוֹיבּ עֶס זֶענֶען נְבוּאוֹת וֶועלֶען זֵייא אָפְּגֶע־
מְהוּן וֶוערֶען, אָדֶער לְשׁוֹנוֹת וֶועלֶען זֵייא אוֹיפְהֶערֶען,
9 אָדֶער דֶערְקֶענְטְנִיס וֶועט זִיא אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען: וָוארִין
מִיר וִויסֶען אוּנְד זָאגֶען נְבוּאוֹת יֶעדֶער נָאךְ זַיין טְהֵייל:
10 אַבֶּער וֶוען דָאס פָאלְקָאמֶענֶע וֶועט קוּמֶען, וֶועט דָאס וָואס
11 אִיז נָאךְ זַיין טְהֵייל אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען: וֶוען אִיךְ בִּין
גֶעוֶועזֶען אַ קִינְד, הָאבּ אִיךְ גֶערֶעט וִויא אַ קִינְד, פֶערְ־
שְׁטַאנֶען וִויא אַ קִינְד, הָאבּ גֶעדֶענְקְט וִויא אַ קִינְד; וֶוען
אִיךְ בִּין אַ מַאן גֶעוָוארֶען, הָאבּ אִיךְ אַוֶועקְגֶעלֶעגְט דִיא
12 זַאכֶען פוּן דֶעם קִינְד: וָוארִין אַצוּנְד זֶעהֶען מִיר דוּרְךְ אַ
שְׁפִּיגֶעל וִויא אִין אַ רֶעהְטֶעל, דָאךְ דַאן וֶועלֶען מִיר
זֶעהֶען פָּנִים לְפָנִים; אַצוּנְד וֵויים אִיךְ צוּם טְהֵייל, דָאךְ
דַאן וֶועל אִיךְ דֶערְקֶענֶען גְלֵייךְ וִויא אִיךְ בִּין אוֹיךְ
13 דֶערְקֶענְט: אָבֶּער אַצוּנְד בְּלֵייבֶּען דִיזֶע דְרֵייא, גְלוֹיבֶּען
הָאפְנוּנְג אוּנְד לִיבֶּע; אָבֶּער גְרֶעסֶער וִויא דִיזֶע אִיז דִיא
לִיבֶּע:

## קאפיטעל יד

1 פָאלְגְט נָאךְ דֶער לִיבֶּע, דָאךְ בֶּעגֶעהְרְט שְׁטַארְק גֵייסְטְ־
לִיכֶע מַתָּנוֹת אָבֶּער נָאךְ מֶעהְר אַז אִיהְר זָאלְט נְבוּאוֹת
2 זָאגֶען: וָוארִין דֶער וָואס רֶעט אִין אַ לָשׁוֹן, רֶעט נִיט
צוּ מֶענְשֶׁען נֵייעֶרְט צוּ גָאט; וָוארִין קֵיינֶער הֶערְט עֶס,
3 אָבֶּער אִים גֵייסְט רֶעט עֶר סוֹדוֹת: אָבֶּער דֶער וָואס
זָאגְט נְבוּאוֹת, רֶעט צוּ מֶענְשֶׁען צוּ זֵייעֶרֶע בֶּעסֶערוּנְג
4 אוּנְד וָוארְנוּנְג אוּנְד טְרֵייסְט: דֶער וָואס רֶעט אִין אַ
לָשׁוֹן בֶּעסֶערְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אָבֶּער דֶער וָואס זָאגְט
5 נְבוּאוֹת בֶּעסֶערְט דִיא קְהִלָה: אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט
אַלֶע רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת, אָבֶּער לִיבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט נְבוּאוֹת
זָאגֶען; אוּנְד דֶער וָואס זָאגְט נְבוּאוֹת אִיז גְרֶעסֶער וִויא
דֶער וָואס רֶעט לְשׁוֹנוֹת, עֶס זֵייא דֶען וֶוען אֵיינֶער וֶועט
6 אוֹיסְלֶעגֶען, כְּדֵי דִיא קְהִלָה זָאל זִיךְ בֶּעסֶערְן: אוּנְד
אַצוּנְד בְּרִידֶער, וֶוען אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען אוּנְד זָאל
רֶעדֶען לְשׁוֹנוֹת וָואס וֶועל אִיךְ אֵייךְ נוּצֶען, עֶס זֵייא דֶען
אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ רֶעדֶען עֶנְטְוֶועדֶער אִין אַנְטְפְּלֶעקוּנְג,

אָדֶער אִין דֶערְקֶענְטְנִים, אָדֶער אִין נְבוּאוֹת, אָדֶער אִין
7 לֶעהְרֶע? אַפִּילוּ אוֹיךְ דִיא זַאכֶען אָהְן לֶעבֶּען וֶוען זֵייא
גֶעבֶּען אַרוֹיס אַ קוֹל, אוֹיף אַ פֵייף אָדֶער אַ הַארְפֶּע,
וֶוען זֵייא מַאכֶען נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשִׁיד אִין דִיא קוֹלוֹת,
וִויא אַזוֹי וֶועט מֶען וִויסֶען וָואס זֵייא פֵייפֶען אָדֶער
8 שְׁפִּילֶען? וָוארִין אַפִּילוּ וֶוען אַ טְרָאמְפֵּעט זָאל נִיט אַ
קְלָאר קוֹל גֶעבֶּען, וֶוער וֶועט זִיךְ פָּארְבֶּערֵייטֶען צוּ דֶער
9 מִלְחָמָה? אַזוֹי אִיהְר אוֹיךְ, וֶוען אִיהְר גִיבְּט נִיט קֵיין
פַּארְשְׁטֶענְדִיגֶע רֶעד דוּרְךְ דֶעם לָשׁוֹן, וִויא אַזוֹי זָאל
מֶען וִויסֶען וָואס אִיז גֶעשְׁפְּרָאכֶען? וָוארִין אִיהְר וֶועט
10 רֶעדֶען צוּם וִוינְד; עֶס זֶענֶען פַארְהַאנֶען אַלֶערְלֵייא מִינִים
פוּן קוֹלוֹת אִין דֶער וֶועלְט, אוּנְד קֵיינֶער אִיז אָהְן אַ
11 קוֹל: דְרוּם וֶוען אִיךְ וֵוייס נִיט דִיא קְרַאפְט פוּן דֶעם
קוֹל, אַזוֹי וֶועל אִיךְ זֵיין אַ פְרֶעמְדֶער צוּ דֶעם וָואס רֶעט,
12 אוּנְד דֶער וָואס רֶעט וֶועט זֵיין אַ פְרֶעמְדֶער צוּ מִיר: אַזוֹי
אוֹיךְ אִיהְר, וֵוייל אִיהְר בֶּעגֶעהְרְט גֵייסְטְלִיכֶע מַתָּנוֹת,
אַזוֹי זוּכְט אַז אִיהְר זָאלְט נָאךְ מֶעהְר בֶּעקוּמֶען צוּ דִיא
פֶערְבֶּעסֶערֶען פוּן דֶער קְהִלָּה:
13 דְרוּם דֶער וָואס רֶעט אִין אַ לָשׁוֹן, לָאז עֶר בֶּעטֶען עֶס
14 זָאל זֵיין אֵיין אוֹיסְלֶעגֶער: וָוארִין וֶוען אִיךְ בֶּעט אִין אַ
לָשׁוֹן, אַזוֹי בֶּעטֶעט מֵיין גֵייסְט, אָבֶּער מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד
15 בְּלֵייבְּט אָהְן פְרוּכְט: וָואס אִיז עֶס דֶען? אִיךְ וֶועל בֶּע־
טֶען מִיט דֶעם גֵייסְט, אוּנְד אִיךְ וֶועל בֶּעטֶען מִיט דֶעם
פֶערְשְׁטַאנְד; אִיךְ וֶועל לוֹיבּ זִינְגֶען מִיט דֶעם גֵייסְט,
16 אוּנְד אִיךְ וֶועל לוֹיבּ זִינְגֶען מִיט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד: וָוארִין
וֶוען דוּא מַאכְסְט אַ בְּרָכָה מִיט דֶעם גֵייסְט, וִויא אַזוֹי
זָאל דֶער וָואס שְׁטֶעהְט אִים אָרְט פוּן דֶעם אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶען
צוּ דֵיינֶע בְּרָכָה זָאגֶען אָמֵן? וָוארִין עֶר וֵוייסְט נִיט וָואס דוּא
17 זָאגְסְט: וָוארִין דוּא מַאכְסְט אַוַדַאי אַ שֶׁעהְנֶע בְּרָכָה, אָבֶּער
18 דֶער אַנְדֶערֶער אִיז נִיט גֶעבֶּעסֶערְט: אִיךְ דַאנְק גָאט אַז
19 אִיךְ רֶעד לְשׁוֹנוֹת מֶעהְר וִויא אִיהְר אַלֶע: אָבֶּער אִין
דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג וִויל אִיךְ בֶּעסֶער רֶעדֶען פִינְף וֶוערְטֶער
מִיט מֵיין פֶערְשְׁטַאנְד, כְּדֵי אִיךְ זָאל אַנְדֶערֶע אוֹיךְ לֶעהְ־
רֶען, אֵיידֶער צֶעהְן טוֹיזֶענְד וֶוערְטֶער מִיט אַ לָשׁוֹן:

20 בְּרִידֶער, זַייט נִיט קֵיינֶע קִינְדֶער אִין פֶערְשְׁטַאנְד, נֵייעֶרְט
זַייט קִינְדֶער אִין שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אָבֶּער אִין פֶערְשְׁטַאנְד
21 זַייט פָאלְקָאמֶען: עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דֶער תּוֹרָה,
אִין אַנְדֶערֶע לְשׁוֹנוֹת אוּנְד אוּנְד מִיט דִיא לֶעפְצֶען פוּן
אַנְדֶערֶע וֶועל אִיךְ רֶעדֶען צוּ דִיזֶען פָאלְק, אוּנְד אַפִילוּ
אַזוֹי וֶועלֶען זַייא מִיךְ נִיט צוּהֶערֶען, זָאגְט דֶער הַאר:
22 ישעיה כ״ח י״א, י״ב. אַזוֹי דָען לְשׁוֹנוֹת זֶענֶען פַאר אַ צֵייכֶען
נִיט צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ דִיא אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע;
אָבֶּער דָאס נְבוּאוֹת זָאגֶען אִיז אַ צֵייכֶען נִיט צוּ דִיא אוּנְ־
גְלוֹיבִּיגֶע, נֵייעֶרְט צוּ דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען:
23 דְרוּם וֶוען דִיא גַאנְצֶע קְהִלָּה קוּמְט צוּזַאמֶען אוֹיף אֵיין
אָרְט, אוּנְד זַייא וֶועלֶען אַלֶע רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת, אוּנְד
עֶס וֶועלֶען אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶע אָדֶער אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע,
24 וֶועלֶען זַייא נִיט זָאגֶען אַז אִיהְר זֶענְט מְשׁוּגָע? אָבֶּער
וֶוען אַלֶע זָאגֶען נְבוּאוֹת אוּנְד אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער אָדֶער
אוּנְגֶעלֶעהְרְטֶער וֶועט אַרֵיינְקוּמֶען, אַזוֹי אִיז עֶר פוּן אַלֶע
25 אִיבֶּערְצֵייגְט, אוּנְד פוּן אַלֶע גֶערִיכְטֶעט: אוּנְד דִיא
פַארְבָּארְגֶענֶע זַאכֶען פוּן זַיין הַארְץ זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט,
אוּנְד אַזוֹי וֶועט עֶר אוֹיף זַיין פָּנִים פַאלֶען אוּנְד וֶועט גָאט
אָנְבֶּעטֶען, אוּנְד וֶועט דֶערְצֶעהְלֶען אַז גָאט אִיז אַוַדַאי
צְוִוישֶׁען אֵייךְ:
26 וָואס אִיז עֶס דֶען, בְּרִידֶער? וֶוען אִיהְר קוּמְט צוּזַאמֶען הָאט
אִיטְלִיכֶער אַ מִזְמוֹר, הָאט אַ לֶעהְרֶע, הָאט אֵיינֶע אַנְטְ־
פְּלֶעקוּנְג, הָאט אַ לָשׁוֹן, אוּנְד הָאט אֵיינֶע אוֹיסְלֶעגוּנְג;
27 לָאז אַלֶעס גֶעשֶׁעהֶען צוּ פַארְבֶּעסֶערוּנְג: וֶוען אֵיינֶער
רֶעט מִיט אַ לָשׁוֹן, לָאז עֶס זַיין צְווֵייא אָדֶער צוּם מֵייסְטֶען
דְרֵייא, אוּנְד אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּנְד לָאז אֵיינֶער
28 אוֹיסְלֶעגֶען: אָבֶּער וֶוען עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין אוֹיסְלֶעגֶער,
לָאז עֶר שְׁטִיל שְׁווֵייגֶען אִין דֶער קְהִלָּה, אוּנְד לָאז עֶר
29 רֶעדֶען צוּ זִיךְ אַלֵיין אוּנְד צוּ גָאט: אוּנְד לָאזֶען דִיא
נְבִיאִים רֶעדֶען צְווֵייא אָדֶער דְרֵייא, אוּנְד לָאזֶען דִיא
30 אַנְדֶערֶע רִיכְטֶען: אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט עֶפֶּעס אַנְטְפְּלֶעקְט
וֶוערֶען צוּ אֵיין אַנְדֶערְן וָואס זִיצְט דֶערְבֵּייא, לָאז דֶער
31 עֶרְשְׁטֶער שְׁטִיל שְׁווֵייגֶען: וָוארִין אִיהְר קָאנְט אַלֶע

נְבוּאוֹת זָאגֶען אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, כְּדֵי אַלֶע זָאלֶען
32 לֶערְנֶען אוּנְד אַלֶע זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען: אוּנְד יא
גֵייסְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דִיא נְבִיאִים:
33 וָוארִין גָאט אִיז נִיט פוּן גֶעטוּמֶעל, נֵייעֶרְט פוּן פְרִידֶען, אַזוֹי
וִויא אִין אַלֶע פֶערְזַאמְלוּנְגֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע:
34 לָאזֶען אֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן אִין דִיא פֶערְזַאמְלוּנְגֶען שְׁטִיל
שְׁווֵייגֶען; וָוארִין זֵייא זָאלֶען נִיט רֶעדֶען, נֵייעֶרְט אוּנְטֶערְ-
35 טֶענִיג זֵיין, אַזוֹי וִויא דִיא תּוֹרָה אוֹיךְ זָאגְט: אָבֶּער וֶוען
זֵייא ווִילֶען עֶפֶּעס לֶערְנֶען, לָאזֶען זֵייא אִין דֶער הֵיים
פְרֶעגֶען זֵיירֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער, וָוארִין עֶס אִיז אַ בּוּשָׁה
36 פַאר אַ פְרוֹיא צוּ רֶעדֶען אִין דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג: אִיז דֶען
דָאס וָוארְט פוּן גָאט פוּן אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אָדֶער אִיז
37 עֶס נוּר גֶעקוּמֶען צוּ אֵייךְ אַלֵיין? וֶוען אֵיינֶער דַאכְט זִיךְ
אַז עֶר אִיז אַ נָבִיא אָדֶער אַ בַּאגֵייסְטֶעטֶער, לָאז עֶר
דֶערְקֶענֶען אַז דָאס וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ אִיז אַ
38 גֶעבָּאט פוּן דֶעם הַאר: אָבֶּער וֶוען אֵיינֶער אִיז אוּנְוִויסֶענְד,
39 לָאז עֶר אוּנְוִויסֶענְד זֵיין: דְרוּם מֵיינֶע בְּרִידֶער, בַּאגֶעהְרְט
שְׁטַארְק נְבוּאוֹת צוּ זָאגֶען, אוּנְד פַארְוֶועהְרְט נִיט צוּ
40 רֶעדֶען מִיט לְשׁוֹנוֹת: לָאז אַלֶעס אָנְשְׁטֶענְדִיג אוּנְד
אָרְדֶענְטְלִיךְ גֶעטְהוּן וֶוערֶען:

## קאפיטעל טו

1 נוּן לָאז אִיךְ אֵייךְ ווִיסֶען, בְּרִידֶער, דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה וָואס
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט אוֹיךְ
2 דֶערְהַאלְטֶען, אִין וֶועלְכֶע אִיהְר אוֹיךְ שְׁטֶעהְט: דוּרְךְ
וֶועלְכֶע אִיהְר וֶוערְט אוֹיךְ גֶערֶעטֶעט וֶוען אִיהְר הַאלְט
פֶעסְט דָאס וָוארְט מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶעפְּרֶעדִיגְט, אוֹיסֶער אִיהְר הָאט אוּמְזוּסְט גֶעגְלוֹיבְּט:
3 וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ צוּעֶרְשְׁט דָאס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען,
וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען, אַז מָשִׁיחַ אִיז
גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְדֶען נָאךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען:
4 אוּנְד אַז עֶר אִיז בֶּעגְרוּבֶּען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶעם דְרִיטֶען
5 טָאג אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען נָאךְ דִיא שְׁרִיפְטֶען: אוּנְד
אַז עֶר הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ כֵּיפָא, דֶערְנָאךְ צוּ דִיא
6 צְוֶועלְף: דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ מֶעהְר וִויא

פינף הונדערט ברידער אויף אַמאָל, פון וועלכע דיא
מייסטע בלייבען ביז אַצונד, אָבער עטליכע זענען
7 איינגעשלאָפען געוואָרען: דערנאָך האָט ער זיך בעוויזען
8 צו יַעֲקֹב, דערנאָך צו אַלע אַפּאָסטעל: אונד צולעצט
האָט ער זיך צו מיר אויך בעוויזען, אַזוי וויא צום
9 אונצייטיגען קינד: וואָרום איך בין דער יונגסטער צווישען
דיא אַפּאָסטעל, אונד איך בין ניט ווערט איין
אַפּאָסטעל גערופען צו ווערען, ווייל איך האָב פער־
10 פאָלגט דיא קְהִלָּה פון גאָט: אָבער דורך דער גנאָד
פון גאָט בין איך וואָס איך בין, אונד זיינע גנאָד קעגען
מיר איז ניט אומזוסט געוואָרען, נייערט איך האָב
מעהר געאַרבייט וויא זייא אַלע, אָבער ניט איך, נייערט
11 דיא גנאָד פון גאָט וואָס איז מיט מיר: דרום ווען איך
בין עס אָדער זייא, אַזוי האָבען מיר געפּרעדיגט, אונד
אַזוי האָט איהר געגלויבּט:
12 אָבער ווען מָשִׁיחַ איז געפּרעדיגט, אַז ער איז אויפגע־
שטאַנען פון דיא טויטע, וויא אַזוי זאָגען עטליכע פון
אייך אַז עס איז ניט פאַרהאַנען קיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים?
13 אָבער ווען עס איז ניט פאַרהאַנען קיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים,
14 אַזוי איז מָשִׁיחַ אויך ניט אויפגעשטאַנען: אונד ווען
מָשִׁיחַ איז ניט אויפגעשטאַנען אַזוי איז אונזער פּרעדיגען
אומזוסט, אונד אייער גלויבען איז אויך אומזוסט:
15 אונד מיר זענען אויך אַלס פאַלשע עֵדוּת פון גאָט
געפינען, ווייל מיר האָבען עֵדוּת געזאָגט אויף גאָט אַז
ער האָט דעם מָשִׁיחַ אויפגעוועקט, וועלכען ער האָט
ניט אויפגעוועקט, ווען דיא טויטע שטעהען ניט אויף:
16 וואָרין ווען דיא טויטע שטעהען ניט אויף, אַזוי איז
17 מָשִׁיחַ אויך ניט אויפגעשטאַנען: אונד ווען מָשִׁיחַ איז
ניט אויפגעשטאַנען, אַזוי איז אייער גלויבען גאָרניט,
18 איהר זענט נאָך אין אייערע זינד: אַזוי זענען אויך
דיא וואָס זענען איינגעשלאָפען געוואָרען אין מָשִׁיחַ
19 פאַרלוירען געוואָרען: ווען נור אין דיזען לעבען אַליין
האָבען מיר האָפנונג אין מָשִׁיחַ, אַזוי זענען מיר עלענדער
וויא אַלע מענשען:

20 נוּן אָבֶּער אִיז מָשִׁיחַ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע
אַלְס דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אַיינְגֶע־
21 שְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען: וָוארִין וֶוען דוּרְךְ אַיין מֶענְשׁ אִיז
דֶער טוֹיט, אַזוֹי אִיז דוּרְךְ אַיין מֶענְשׁ דִיא אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג
22 פוּן דִיא טוֹיטֶע: וָוארִין גְלַייךְ וִויא אִין אָדָם אַלֶע
שְׁטַארְבֶּען, אַזוֹי וֶועלֶען אַלֶע אִין מָשִׁיחַ לֶעבֶּעדִיג וֶוערֶען:
23 אָבֶּער אִיטְלִיכֶער אִין זַיינֶע אָרְדְנוּנְג; מָשִׁיחַ אִיז דִיא
עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט, דֶערְנָאךְ דִיא וָואס זֶענֶען צוּם מָשִׁיחַ
24 וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען: דֶערְנָאךְ דֶער סוֹף, וֶוען עֶר וֶועט
דָאס קֶענִיגְרַייךְ אִיבֶּערְגֶעבֶּען צוּ גָאט דֶעם פָאטֶער, וֶוען
עֶר וֶועט אַלֶע הֶערְשַׁאפְט אוּנְד אַלֶע גֶעוָועלְטִיגְקֵייט
25 אוּנְד מַאכְט פֶערְשְׁטֶערֶען: וָוארִין עֶר מוּז הֶערְשֶׁען בִּיז
26 עֶר וֶועט לֶעגֶען אַלֶע פֵיינְד אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס: דֶער
לֶעצְטֶער פֵיינְד וָואס וֶועט פֶערְשְׁטֶערְט וֶוערֶען אִיז דֶער
27 טוֹיט: וָוארִין עֶר הָאט אַלֶעס אוּנְטֶער זַיינֶע פִיס אוּנְטֶערְ־
טֶענִיג גֶעמַאכְט. אָבֶּער וֶוען עֶר זָאגְט אַז אַלֶעס אִיז
צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, אַזוֹי אִיז עֶס קְלָאר אַז
דֶער אִיז אוֹיסְגֶענוּמֶען וֶועלְכֶער הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם
28 אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט: אוּנְד וֶוען אַלֶעס אִיז צוּ אִיהְם
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, דַאן וֶועט דֶער זוּהְן אַלֵיין אוֹיךְ
אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ דֶעם וָואס הָאט אַלֶעס צוּ אִיהְם
אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט, כְּדֵי גָאט זָאל זַיין אַלֶעס אִין
אַלֶעס:
29 וֶוען נִיט, וָואס וֶועלֶען דִיא טְהוּן וָואס זֶענֶען פַאר דִיא
טוֹיטֶע גֶעטוֹבְּלְט? וֶוען דִיא טוֹיטֶע זָאלֶען דוּרְכְאוֹיס נִיט
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען, וָוארוּם זֶענֶען זֵייא גֶעטוֹבַּלְט פַאר דִיא
30 טוֹיטֶע? וָוארוּם זֶענֶען מִיר אוֹיךְ אַלֶע שָׁעָה אִין אַ סַכָּנָה?
31 אַזוֹי וִויא בֶּייא דֶעם רִיהְמֶען פוּן אֵייךְ וָואס אִיךְ הָאבּ
אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר, אִיךְ שְׁטַארְבּ טֶעגְלִיךְ:
32 וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעפָאכְטֶען אוֹיף מֶענְשְׁלִיכֶער מִדָּה מִיט
וִוילְדֶע חַיּוֹת אִין עֶפֶעזוֹס, וָואס נוּצְט עֶס מִיר? וֶוען דִיא
טוֹיטֶע שְׁטֶעהֶען נִיט אוֹיף, לָאזֶען מִיר עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען
33 וָוארִין מָארְגֶען שְׁטַארְבֶּען מִיר: ישעיה כ״ב י״ג. לָאזְט
אֵייךְ נִיט זֶעלְבְּסְט פַארְפִיהְרֶען; אוּמְגַאנְג מִיט שְׁלֶעכְטֶע

34 פאַרדאַרבְּען גוּטֶע מִנְהָגִים: װֶערְט נִיכְטֶערְן צוּ גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט, אוּנְד זִינְדִיגְט נִיט; װָארִין עֶטְלִיכֶע הָאבְּען נִיט
דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט; אִיךְ זָאג דָאס צוּ אֵייעֶרֶע שַׁאנְד:
35 אָבֶּער אֵיינֶער װֶעט זָאגֶען, װִיא אַזוֹי שְׁטֶעהֶען דִיא
טוֹיטֶע אוֹיף? אוּנְד מִיט װָאס פאַר לַייבֶּער קוּמֶען זֵייא?
36 דוּא נַאר, װָאס דוּא זֵייעֶסְט דָאס װֶערְט נִיט לֶעבֶּעדִיג
37 אוֹיסֶער עֶס שְׁטַארְבְּט: אוּנְד דָאס װָאס דוּא זֵייעֶסְט, זֵייעֶסְט
דוּא נִיט דֶעם לֵייבּ װָאס װֶעט זֵיין, נֵייעֶרְט בְּלוֹיסֶען זָאמֶען,
38 עֶס זֵייא װייץ עֶס זֵייא עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ: אָבֶּער גָאט גִיבְּט
אִיהְם אַ לֵייבּ נָאךְ זֵיין װִילֶען, אוּנְד צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן דִיא
39 זָאמֶען זֵיין אֵייגֶענֶעם לֵייבּ: נִיט אַלֶעס פְלֵיישׁ אִיז דָאס
זֶעלְבִּיגֶע פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט אֵיינְס אִיז דָאס פְלֵיישׁ פוּן מֶענְשֶׁען,
אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פְלֵיישׁ פוּן בְּהֵמוֹת, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס
40 פוּן פֶעגֶעל, אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶעס פוּן פִישׁ: אוּנְד עֶס זֶענֶען
פאַרְהַאנֶען הִימְלִישֶׁע לֵייבֶּער, אוּנְד עֶרְדִישֶׁע לֵייבֶּער;
אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע הָאבֶּען אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט,
41 אוּנְד דִיא עֶרְדִישֶׁע אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט: עֶס אִיז
אֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ דִיא זוּן אוּנְד אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְ־
לִיכְקֵייט צוּ דִיא לְבָנָה, אוּנְד אֵיינֶע אַנְדֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט
צוּ דִיא שְׁטֶערֶען; װָארִין אַ שְׁטֶערֶען אוּנְטֶערְשֵׁיידֶעט זִיךְ
42 פוּן אַ שְׁטֶערֶען אִין הֶערְלִיכְקֵייט: אַזוֹי אִיז אוֹיךְ תְּחִיַּית
הַמֵּתִים. עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין פאַרְדַארְבֶּענִיס, עֶס שְׁטֶעהְט
43 אוֹיף אִין אוּנְפאַרְדַארְבֶּענִיס: עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין שַׁאנְד,
עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף אִין הֶערְלִיכְקֵייט; עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט אִין
44 שְׁװַאכְהֵייט, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף מִיט מַאכְט: עֶס אִיז גֶעזֵייעֶט
אַ נַאטוּרְלִיכֶער לֵייבּ, עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיף אַ גֵייסְטְלִיכֶער
לֵייבּ, װֶען עֶס אִיז פאַרְהַאנֶען אַ נַאטוּרְלִיכֶער לֵייבּ, אִיז
45 אוֹיךְ פאַרְהַאנֶען אַ גֵייסְטְלִיכֶער לֵייבּ: אַזוֹי װִיא עֶס שְׁטֶעהְט
אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ אָדָם אִיז גֶעוָוארֶען
אַ לֶעבֶּעדִיגֶע זֶעלֶע, דֶער לֶעצְטֶער אָדָם אִיז אַ בֶּעלֶעבֶּענְ־
46 דֶער גֵייסְט: בראשית ב׳ ז׳. אָבֶּער דָאס גֵייסְטְלִיכֶע אִיז נִיט דָאס
עֶרְשְׁטֶע נֵייעֶרְט דָאס נַאטוּרְלִיכֶע, דֶערְנָאךְ דָאס גֵייסְטְ־
47 לִיכֶע: דֶער עֶרְשְׁטֶער מֶענְשׁ אִיז פוּן דֶער עֶרְד אוּנְד אִיז
עֶרְדִישׁ, דֶער צְװֵייטֶער מֶענְשׁ אִיז דֶער הַאר פוּן דֶעם

48 הִימֶעל: אַזוֹי וִויא דֶער עֶרְדִישֶׁער אַזֶעלְכֶע זֶענֶען אוֹיךְ
דִיא וָואס זֶענֶען עֶרְדִישֶׁע, אוּנְד אַזוֹי וִויא דֶער הִימְלִישֶׁער,
49 אַזֶעלְכֶע זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען הִימְלִישֶׁע: אוּנְד גְלֵייךְ וִויא
מִיר הָאבֶּען גֶעטְרָאגֶען דָאס בִּילְד פוּן דֶעם עֶרְדִישֶׁען,
וָועלֶען מִיר אוֹיךְ טְרָאגֶען דָאס בִּילְד פוּן דֶעם הִימְלִישֶׁען:
50 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, בְּרִידֶער, אַז פְלֵיישׁ אוּנְד בְּלוּט קֶע־
נֶען נִיט יַרְשֶׁענֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט, אוּנְד דִיא פֶערְ־
דַארְבֶּענִים יַרְשֶׁעת אוֹיךְ נִיט דָאס אוּנְפֶערְדָארְבֶּענֶע:
51 זֶעה, אִיךְ זָאג אֵייךְ אַ סוֹד, מִיר וֶועלֶען נִיט אַלֶע אֵיינְ־
שְׁלָאפֶען, נוּר מִיר וֶועלֶען אַלֶע פֶערְוֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען:
52 פְלוּצְלוּנְג, אִין אַיין אוֹיגֶענְבְּלִיק, בֵּייא דֶעם לֶעצְטֶען שׁוֹפָר;
וָוארִין מֶען וֶועט שׁוֹפָר בְּלָאזֶען, אוּנְד דִיא טוֹיטֶע וֶועלֶען
אוֹיפְשְׁטֶעהֶען אוּנְפֶערְדַארְבְּלִיךְ, אוּנְד מִיר וֶועלֶען פֶערְ־
53 וֶועקְסֶעלְט וֶוערֶען: וָוארִין דִיזֶעס פֶערְדָארְבֶּענֶע מוּס
אָנְטְהוּן אוּנְפֶערְדָארְבְּלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיזֶעס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע
53 מוּז אָנְטְהוּן דִיא אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיכְקֵייט: אָבֶּער וֶוען דִיזֶעס
פֶערְדָארְבֶּענֶע וֶועט אָנְטְהוּן דִיא אוּנְפֶערְדָארְבְּלִיכְקֵייט,
אוּנְד דִיזֶעס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע וֶועט אָנְטְהוּן דִיא אוּנְשְׁטֶערְבְּ־
לִיכְקֵייט, דַאן וֶועט גֶעשֶׁעהֶען דָאס וָוארְט וָואס אִיז גֶע־
שְׁרִיבֶּען, דֶער טוֹיט אִיז פֶערְשְׁלוּנְגֶען אִים זִיג: ישעיה כ״ה ח׳,
55 אָ טוֹיט, וְואוּ אִיז דֵיין זִיג? אָ טוֹיט, וְואוּ אִיז דֵיין שְׁטַאכֶעל?
56 הושע י״ג י״ד. דֶער שְׁטַאכֶעל פוּן דֶעם טוֹיט אִיז דִיא זִינְד,
57 אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן דֶער זִינְד אִיז דָאס גֶעזֶעץ: אָבֶּער גָאט
זֵייא גֶעדַאנְקְט דֶער אוּנְס גִיבְּט דֶעם זִיג דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר:
58 דְרוּם מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, זֵייט פֶעסְט, אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ,
אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים וֶוערְק פוּן דֶעם הַאר,
וֵוייל אִיהְר וֵוייסְט אַז אֵייעֶרֶע אַרְבַּייט אִיז נִיט אוּמְזוּסְט
אִין דֶעם הַאר:

## קַאפִּיטֶעל טז

1 נוּן וֶועגֶען דִיא נְדָבוֹת וָואס זֶענֶען פַאר דִיא הֵיילִיגֶע גֶע־
זַאמֶעלְט גֶעוָוארֶען, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאב בֶּעפוֹילֶען צוּ דִיא
2 קְהִלָה פוּן גַאלַאטְיָא, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר אוֹיךְ טְהוּן: אָן דֶעם
עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ לָאז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ בֵּייא

דֶער זַייט לֶעגֶען, אוּנְד לָאז עֶר אָפְּשְׁפָּארֶען אַזוֹי וִויא עֶר
אִיז מַצְלִיחַ, כְּדֵי עֶס זָאלֶען קֵיינֶע נְדָבוֹת זַיין וֶוען אִיךְ וֶועל
3 קוּמֶען: אוּנְד וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ שִׁיקֶען
מִיט בְּרִיפֶע דִיזֶע וָואס אִיהְר וֶועט אַכְטֶען, אַז זֵייא זָאלֶען
4 אֵייעֶרֶע נְדָבָה בְּרֶענְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם: אוּנְד וֶוען עֶס וֶועט
רֶעכְט זַיין אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ גֶעהֶען, אַזוֹי זָאלֶען זֵייא מִיט
מִיר גֶעהֶען:
5 אָבֶּער אִיךְ וֶועל צוּ אֵייךְ קוּמֶען וֶוען אִיךְ וֶועל דוּרְכְגֶע־
הֶען דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא וָוארִין אִיךְ וֶועל דוּרְךְ מַקְדוֹנְיָא דוּרְכְ־
6 גֶעהֶען: אוּנְד אֶפְשַׁר וֶועל אִיךְ בֵּייא אֵייךְ בְּלֵייבֶּען אָדֶער
אוֹיךְ אִיבֶּערְוִוינְטֶערְן, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט מִיךְ פָּארְטְשִׁיקֶען
7 וְואוּ אַהִין אִיךְ וֶועל גֶעהֶען: וָוארִין אִיךְ וֶועל אֵייךְ אַצוּנְד נִיט
זֶעהֶען אוֹיף דֶעם וֶועג; וָוארִין אִיךְ הָאף בֵּייא אֵייךְ פַאר
אַ צֵייט לַאנְג צוּ בְּלֵייבֶּען, וֶוען דֶער הַאר וֶועט דֶערְלוֹיבֶּען:
8 אָבֶּער אִיךְ וֶועל בְּלֵייבֶּען אִין עֶפֶעזוֹס בִּיז שְׁבוּעוֹת:
9 וָוארִין אַ גְרוֹיסֶע אוּנְד מֶעכְטִיגֶע טְהִיר אִיז צוּ מִיר אוֹיפְ־
גֶעמַאכְט, אוּנְד עֶס זֶענֶען דָא פִילֶע וִוידֶערְוֶוערְטִיגֶע:
10 נוּן וֶוען טִימוֹתִיוֹס וֶועט קוּמֶען, גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז עֶר זָאל
מִיט אֵייךְ זַיין אָהְן פָּארְכְט; וָוארִין עֶר וִוירְקְט דָאס וֶוערְק
11 פוּן דֶעם הַאר אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אִיךְ: דְרוּם לָאז אִיהְם קֵיינֶער
נִיט פֶערְאַכְטֶען; אָבֶּער שִׁיקְט אִיהְם פָּארְט אִין פְרִידֶען,
אַז עֶר זָאל צוּ מִיר קוּמֶען; וָוארִין אִיךְ וַוארְט אוֹיף אִיהְם
12 מִיט דִיא בְּרִידֶער: אָבֶּער וֶועגֶען דֶעם בְּרוּדֶער אַפָּאלָאס,
אִיךְ הָאבּ אִיהְם זֶעהְר גֶעבֶּעטֶען אַז עֶר זָאל צוּ אֵייךְ קוּמֶען
מִיט דִיא בְּרִידֶער; אוּנְד עֶס אִיז גָארְנִיט גֶעוֶועזֶען זַיין
וִוילֶען אַז עֶר זָאל אַצוּנְד קוּמֶען; אָבֶּער עֶר וֶועט קוּמֶען
וֶוען עֶר וֶועט אַ גוּטֶע צֵייט הָאבֶּען:
13 וַואכְט אִיהְר, שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין דֶעם גְלוֹיבֶּען, זַייט מֶע־
14 נֶער, זַייט שְׁטַארְק: לָאזֶען אַלֶע אַייעֶרֶע וֶוערְק גֶעשֶׁעהֶען
אִין לִיבֶּע:
15 אוּנְד אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, בְּרִידֶער, אִיהְר קֶענְט דָאס הוֹיז פוּן
סְטֶעפַאנוֹס, אַז עֶס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט פוּן אַכַאיָא,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זִיךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען דִיא הֵיילִיגֶע צוּ בֶּע־
16 דִינֶען: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג זַיין צוּ אַזֶעלְכֶע,

אוּנְד צוּ איטְלִיכֶען וָואס וִוירְקְט מִיט אוּנְס אוּנְד אַרְבַּייט:
17 אוּנְד איךְ פְרֵייא מִיךְ אַז סְטֶעפַאנוּס אוּנְד פָארְטוּנַאטוּס
אוּנְד אַכַאיָקוּס זֶענֶען מִיט אוּנְס וָוארִין דָאס וָואס פֶעהְלְט
18 מִיר פוּן אֵייךְ הָאבֶּען זֵייא דֶערְפִילְט: וָוארִין זֵייא הָאבֶּען
דֶערְפְרִישְׁט מֵיין גֶעמִיט אוּנְד אֵייעֶרְס, דְרוּם דֶערְקֶענְט
אַזֶעלְכֶע:
19 דִיא קְהִלּוֹת פוּן אַסְיָא גְרִיסֶען אֵייךְ; אַקְוִוילָא אוּנְד פְּרִיסְקָא
גְרִיסֶען אֵייךְ פִיל אִין דֶעם הַאר, אוּנְד אוֹיךְ דִיא פֶערְזַאמְ־
20 לוּנְג וָואס אִיז אִין זֵייעֶר הוֹיז: אַלֶע בְּרִידֶער גְרִיסֶען אֵייךְ;
21 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען קִישׁ: דֶער
גְרוּס פוּן מִיר פּוֹלוֹס מִיט מֵיין אֵייגֶענֶער הַאנְד:
22 וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט נִיט דֶעם הַאר לָאז עֶר זַיין אַ חֵרֶם. מָרָן
23 אֶתָא: דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ זֵייא מִיט אֵייךְ:
24 מֵיינֶע לִיבֶּע זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. אָמֵן:

---

# דֶער צְווייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוּס צוּ דִיא קָארִינְטֶער.

---

1 פּוֹלוּס איין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם
וִוילֶען פוּן גָאט, אוּנְד טִימוֹתִיוּס דֶער בְּרוּדֶער, צוּ דֶער
קְהִלָּה פוּן גָאט וָואס אִיז אִין קָארִינְט מִיט אַלֶע הֵיילִיגֶע
2 וָואס זֶענֶען אִין גַאנְץ אַכַאיָא: גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּנְד
פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ:
3 גֶעלוֹיבְּט זַייא גָאט אוּנְד דֶער פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער פָאטֶער פוּן בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען אוּנְד
4 גָאט פוּן אַלֶען טְרֵייסְט: דֶער טְרֵייסְט אוּנְס אִין אַלֶע
אוּנְזֶערֶע צָרוֹת, כְּדֵי מִיר זָאלֶען קֶענֶען טְרֵייסְטֶען דִיא
וָואס זֶענֶען אִין אַלֶערְלֵייא צָרוֹת מִיט דֶעם טְרֵייסְט מִיט
דֶעם מִיר זֶענֶען אַלֵיין פוּן גָאט גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען:
5 וָוארִין גְלֵייךְ וִויא דִיא לֵיידֶען פוּן דֶעם מָשִׁיחַ מֶעהְרֶען זִיךְ
צוּ אוּנְס אַזוֹי מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ אוּנְזֶער טְרֵייסְט דוּרְךְ דֶעם
6 מָשִׁיחַ: אוּנְד וָוען מִיר לֵיידֶען צָרוֹת, אִיז עֶס פַאר אֵייעֶר
טְרֵייסְט אוּנְד יְשׁוּעָה; וָוען מִיר זֶענֶען גֶעטְרֵייסְט, אִיז עֶס
פַאר אֵייעֶר טְרֵייסְט וָואס אִיז מֶעכְטִיג אִין דֶער גֶעדוּלְד
7 פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע צָרוֹת וָואס מִיר אוֹיךְ לֵיידֶען: אוּנְד
אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג פַאר אֵייךְ אִיז פֶעסְט, וָוארִין מִיר וִויסֶען
אַז גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט אַ טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען, אַזוֹי
אוֹיךְ אִין דֶעם טְרֵייסְט:
8 וָוארִין מִיר וִוילֶען נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט וִויסֶען, בְּרִי־
דֶער, וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע צָרוֹת וָואס זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען אִין
אַסְיָא, אַז מִיר הָאבֶּען אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע קְרַאפְט שְׁוָוער
גֶעלִיטֶען, אַזוֹי אַז מִיר הָאבֶּען אֲפִילוּ אוֹיף אוּנְזֶער לֶעבֶּען
9 פֶערְצְווייפֶעלְט: אָבֶּער מִיר הָאבֶּען אַלֵיין אִין אוּנְס זֶעלְבְּסְט
גֶעהַאט דֶעם עֶנְטְפֶער פוּן טוֹיט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט אִין
אוּנְס זֶעלְבְּסְט פֶערְטְרוֹיעֶן, נֵייעֶרְט אִין גָאט דֶער דִיא

10 טוֹיטֶע לֶעבֶּעדִיג מַאכְט: דֶער הָאט אוּנְס פוּן אַזוֹי אַ
גְרוֹיסֶען טוֹיט גֶערֶעטֶעט, אוּנְד טְהוּט אוּנְס רֶעטֶען, אִין
וֶועלְכֶעם מִיר הָאפֶען אַז עֶר וֶועט אוּנְס אוֹיךְ נָאךְ רֶעטֶען:
11 וֶוען אִיהְר וֶועט אוּנְס אוֹיךְ מִיטְהֶעלְפֶען אִין אֵייעֶר גֶעבֶּעט
פַאר אוּנְס כְּדֵי דִיא מַתָּנָה צוּ אוּנְס וָואס מִיר הָאבֶּען דוּרְךְ
פִילֶע זָאלֶען פִילֶע פַאר אוּנְס דַאנְק גֶעבֶּען:
12 וָוארִין דָאס אִיז אוּנְזֶער רִיהְמֶען, דָאס בֶּעצֵיינְנִיס פוּן
אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען, אַז מִיר הָאבֶּען אִין דֶער וֶועלְט גֶעהַאנְ־
דֶעלְט מִיט גֶעטְלִיכֶער הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד לוֹיטֶערְקֵייט, נִיט
מִיט מֶענְשְׁלִיכֶער וַוייזְהֵייט נֵייעֶרְט אִין דֶער גְנָאד פוּן
13 גָאט, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס קֶעגֶען אֵייךְ: וָוארִין מִיר שְׁרֵייבֶּען
אֵייךְ קֵיינֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען נֵייעֶרְט וָואס אִיהְר לֵיינְט
אָדֶער אוֹיךְ בֶּעקֶענְט, אוּנְד אִיךְ הָאףְ אַז אִיהְר וֶועט בִּיז
14 צוּם סוֹף בֶּעקֶענֶען: גְלֵייךְ וִויא אִיהְר הָאט אוּנְס אוֹיךְ
צוּם טְהֵייל בֶּעקֶענְט, אַז מִיר זֶענֶען אֵייעֶרֶע רִיהְמֶען אַזוֹי
וִויא אִיהְר אוֹיךְ זֶענְט אוּנְזֶערֶע אִים טָאג פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ:
15 אוּנְד אִין דִיזֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ
פְרִיהֶער קוּמֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט הָאבֶּען אַ צְוֵויטֶע גְנָאד:
16 אוּנְד דוּרְךְ אֵייךְ צוּ גֶעהֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא, אוּנְד וִוידֶער פוּן
מַקְדוֹנְיָא צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען, אוּנְד פוּן אֵייךְ פָארְטְגֶעשִׁיקְט
17 צוּ וֶוערֶען קֵיין יְהוּדָה: דְרוּם וֶוען אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעוָואלְט
בִּין אִיךְ לֵייכְטְזִינִיג גֶעוֶועזֶען? אָדֶער דָאס וָואס אִיךְ וִוינְשׁ,
וִוינְשׁ אִיךְ עֶס נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ, אַז עֶס זָאל בַּייא מִיר
18 זַיין יָא, יָא, אוּנְד נֵיין, נֵיין? אָבֶּער אַזוֹי וִויא גָאט אִיז
גֶעטְרֵייא, אוּנְזֶער וָוארְט צוּ אֵייךְ אִיז נִיט יָא אוּנְד נֵיין:
19 וָוארִין דֶער זוּהְן פוּן גָאט, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער אִיז דוּרְךְ
אוּנְס צְוִוישֶׁען אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט, דוּרְךְ מִיר אוּנְד סִילְ־
וַואנוּס אוּנְד טִימוֹתִיוּס, אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען יָא אוּנְד נֵיין,
20 נֵייעֶרְט אִיז אִין אִיהְם גֶעוֶועזֶען יָא: וָוארִין וִויא עֶס
זֶענֶען פִילֶע הַבְטָחוֹת פוּן גָאט, אִין אִיהְם זֶענֶען זֵייא יָא;
דְרוּם אִיז עֶס אוֹיךְ דוּרְךְ אִיהְם אָמֵן צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט
21 דוּרְךְ אוּנְס: אָבֶּער דֶער וָואס בֶּעפֶעסְטִיגְט אוּנְס מִיט אֵייךְ
22 אִין מָשִׁיחַ אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעזַאלְבְּט אִיז גָאט: וֶועלְכֶער

הָאט אוּנְס אוֹיךְ פֶערְזִיגֶעלְט, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא
פֶערְזִיכֶערוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער:
23 נוּן רוּף אִיךְ גָאט צוּ עֵדוּת אִיבֶּער מֵיינֶע נְשָׁמָה, אַז
אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען קֵיין קָארִינְט כְּדֵי אֵייךְ צוּ שׁוֹינֶען:
24 נִיט אַז מִיר הֶערְשֶׁען אִיבֶּער אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט מִיר
זֶענֶען הֶעלְפֶער פוּן אֵייעֶרֶע פְרֵייד; וָוארִין אִיהְר שְׁטֶעהְט
דוּרְךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען;

## קאפיטעל ב

1 אָבֶּער דָאס הָאבּ אִיךְ פַּאר מִיר בֶּעשְׁלָאסֶען, אַז אִיךְ
2 זָאל נִיט ווִידֶער טְרוֹיעֶרִיג צוּ אֵייךְ קוּמֶען: וָוארִין וֶוען
אִיךְ מַאךְ אֵייךְ טְרוֹיעֶרִיג, ווֶער מַאכְט מִיךְ דֶען פְרֶעהְלִיךְ
חוּץ דֶער וָואס אִיז דוּרְךְ מִיר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען?
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ אֵייךְ דָאס זֶעלְבִּיגֶע גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי וֶוען
אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאל אִיךְ נִיט טְרוֹיעֶרִיג וֶוערֶען פוּן דִיא
פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ זָאל פְרֵייד הָאבֶּען, ווֵייל אִיךְ בִּין אוֹיף
אֵייךְ אַלֶע פֶערְזִיכֶערְט אַז מֵיינֶע פְרֵייד אִיז דִיא פְרֵייד
4 פוּן אֵייךְ אַלֶע: וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט
פִיל טְרֶערֶען אִין גְרוֹיסֶער צָרָה אוּנְד אַנְגְסְט פוּן הַארְץ,
נִיט כְּדֵי אִיהְר זָאלְט טְרוֹיעֶרִיג זַיין, נֵייעֶרְט אִיהְר זָאלְט
דִיא גְרוֹיסֶע לִיבֶּע ווִיסֶען וָואס אִיךְ הָאבּ נָאךְ מֶעהְר צוּ
אֵייךְ:
5 אָבֶּער וֶוען אִימִיצֶער הָאט טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, אַזוֹי הָאט
עֶר מִיךְ נִיט טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט צוּם טְהֵייל
6 אֵייךְ אַלֶע, כְּדֵי אִיךְ זָאל אֵייךְ נִיט שְׁוֶוער דְרִיקֶען: דִיזֶע
שְׁטְרָאף וָואס אִיז פוּן פִילֶע אִיז גֶענוּג פַאר אַזֶעלְכֶען:
7 אַזוֹי אַז אוּמְגֶעקֶעהְרְט אִיהְר זָאלְט אִיהְם לִיבֶּער פֶערְגֶעבֶּען
אוּנְד טְרֵייסְטֶען, כְּדֵי אַזֶעלְכֶער זָאל נִיט אִין צוּ פִיל
8 טְרוֹיעֶרְקֵייט פֶערְזִינְקֶען: דְרוּם בֶּעט אִיךְ אֵייךְ, אַז אִיהְר
9 זָאלְט אִיהְם אֵייעֶרֶע לִיבֶּע בֶּעפֶעסְטִיגֶען: וָוארִין פוּן
דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, כְּדֵי אִיךְ זָאל
אֵייעֶרֶען בֶּעוֵוייז ווִיסֶען, אוֹיבּ אִיהְר זֶענְט אִין אַלֶע זַאכֶען
10 גֶעהָארְזַאם: וֶועמֶען אִיהְר פֶערְגִיבְּט עֶפֶּעס, אַזוֹי פֶערְגִיבּ
אִיךְ אוֹיךְ; וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס פֶערְגֶעבֶּען, הָאבּ
אִיךְ עֶס פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען פֶערְגֶעבֶּען אִין דֶעם מָשִׁיחַ:

11 כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט אִיבֶּערְפָארְטְהֵיילְט וֶוערֶען פוּן דֶעם
שָׂטָן; וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְבֶּעקַאנְט מִיט זַיינֶע
גֶעדַאנְקֶען:
12 אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קַיין טְרוֹאַס מַחֲמַת דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד אַ טְהִיר אִיז צוּ מִיר אוֹיפְ־
13 גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִין דֶעם הַאר: הָאבּ אִיךְ קַיינֶע דֶער־
קְוִויקוּנְג גֶעהַאט אִין מֵיין גֶעמִיט, ווייל אִיךְ הָאבּ מֵיין
בְּרוּדֶער טִיטוֹס נִיט גֶעפִינֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ מִיט
זֵייא גֶעזֶעגֶענְט אוּנְד בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קַיין מַקְדוֹנְיָא:
14 נוּן גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט דֶער אוּנְס פִיהְרְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג
אִין זִיג אִין דֶעם מָשִׁיחַ, אוּנְד אַנְטְפְּלֶעקְט דוּרְךְ אוּנְס
דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן זֵיינֶע דֶערְקֶענְטְנִיס אִין אַלֶע עֶרְטֶער:
15 וָוארִין מִיר זֶענֶען צוּ גָאט אַ וְואוֹילְגֶעשְׁמַאק פוּן מָשִׁיחַ
אִין דִיא וָואס וֶוערֶען גֶערֶעטֶעט אוּנְד אִין דִיא וָואס
16 וֶוערֶען פֶערְלוֹירֶען: צוּ דִיא אֵיינֶע זֶענֶען מִיר אַ גֶע־
שְׁמַאק פוּן טוֹיט צוּם טוֹיט, אָבֶּער צוּ דִיא אַנְדֶערֶע אַ
גֶעשְׁמַאק פוּן לֶעבֶּען צוּם לֶעבֶּען. אוּנְד וֶוער טוֹיג צוּ
17 דִיזֶע זַאכֶען? וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט גְלֵייךְ וִויא פִילֶע
וָואס פַארְפֶעלְשֶׁען דָאס וָוארְט פוּן גָאט, נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא
אוֹיס לוֹיטֶערְקֵייט, אוּנְד אַזוֹי וִויא פוּן גָאט רֶעדֶען מִיר
פָאר גָאט אִין מָשִׁיחַ:

קאפיטעל ג

1 הֶעבֶּען מִיר וִוידֶער אָן זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ עֶמְפֶעהְלֶען?
אָדֶער בֶּעדַארְפֶען מִיר, גְלֵייךְ וִויא עֶטְלִיכֶע לֵייט, עֶמְ־
2 פֶעהְלְבְּרִיף צוּ אֵייךְ אָדֶער פוּן אֵייךְ? אִיהְר זֶענְט אוּנְ־
זֶערֶע בְּרִיף, גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, גֶעלֵיינְט
3 אוּנְד דֶערְקֶענְט פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען: אִיהְר זֶענְט בֶּעקַאנְט
גֶעמַאכְט אַז אִיהְר זֶענְט דֶער בְּרִיף פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז
צוּגֶעבְּרֵייט דוּרְךְ אוּנְס, אוּנְד אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען נִיט מִיט
טִינְט נֵייעֶרְט מִיט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט,
נִיט אוֹיף שְׁטֵיינֶערְנֶע לוּחוֹת, נֵייעֶרְט אוֹיף דִיא פְלֵיישֶׁערְנֶע
לוּחוֹת פוּן דֶעם הַארְץ:
4 אוּנְד אַזֶעלְכֶעס פֶערְטְרוֹיעֶן הָאבֶּען מִיר צוּ גָאט דוּרְךְ
5 דֶעם מָשִׁיחַ: נִיט אַז מִיר זֶענֶען אִים שְׁטַאנְד עֶפֶּעס פוּן

אוּנְס זֶעלְבְּסְט צוּ דֶענְקֶען, אַזוֹי וְוִיא פוּן אוּנְס זֶעלְבְּסְט,
6 נֵייעֶרְט אוּנְזֶערֶע טוֹיגְלִיכְקֵייט אִיז פוּן גָאט: וֶועלְכֶער
הָאט אוּנְס גֶעמַאכְט טוֹיגְלִיכֶע דִינֶער פוּן דֶעם נֵייעֶם
בּוּנְד, נִיט פוּן דֶעם בּוּכְשְׁטַאבּ נֵייעֶרְט פוּן דֶעם גֵייסְט;
וָוארִין דֶער בּוּכְשְׁטַאבּ טֶעטֶעט, אָבֶּער דֶער גֵייסְט מַאכְט
7 לֶעבֶּעדִיג: אָבֶּער וֶוען דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם טוֹיט, וָואס
אִיז דוּרְךְ בּוּכְשְׁטַאבֶּען אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אִין שְׁטֵיינֶער, אִיז
גֶעוֶועזֶען מִיט הֶערְלִיכְקֵייט, אַזוֹי אַז דִיא קִינְדֶער פוּן
יִשְׂרָאֵל הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אָנְזֶעהֶען דָאס פָּנִים פוּן
מֹשֶׁה וֶועגֶען דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זֵיין פָּנִים וָואס אִיז
8 צוּם פֶערְגֶעהֶען: וְוִיא אַזוֹי זָאל נִיט דֶער דִינְסְט פוּן דֶעם
9 גֵייסְט פִיל מֶעהְר זֵיין מִיט הֶערְלִיכְקֵייט? וָוארִין וֶוען דֶער
דִינְסְט פוּן דֶעם פֶערְשׁוּלְדֶען אִיז הֶערְלִיךְ, פִיל מֶעהְר
דֶערְלַאנְגְט גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט דֶער דִינְסְט פוּן דֶער
10 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: וָוארִין אוֹיךְ דָאס פֶערְהֶערְלִיכְטֶע אִיז
צוּם טְהֵייל נִיט הֶערְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, דוּרְךְ דֶער פִיל גְרֶע־
11 סֶערֶער הֶערְלִיכְקֵייט: וָוארִין וֶוען דָאס וָואס אִיז צוּם
פֶערְגֶעהֶען אִיז הֶערְלִיךְ, וְוִיא פִיל מֶעהְר אִיז דָאס וָואס
בְּלֵייבְּט מִיט הֶערְלִיכְקֵייט?
12 דְרוּם וַוייל מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע הָאפְנוּנְג רֶעדֶען מִיר
13 מִיט פִיל פְרֵייהֵייט: אוּנְד נִיט גְלֵייךְ וְוִיא מֹשֶׁה וָואס
הָאט אִיבֶּער זֵיין פָּנִים גֶעלֶעגְט אַ שְׁלֵייעֶר, כְּדֵי דִיא קִינְ־
דֶער פוּן יִשְׂרָאֵל זָאלֶען נִיט אָנְזֶעהֶען דָאס עֶנְד פוּן
14 דֶעם וָואס אִיז צוּם פֶערְגֶעהֶען: נֵייעֶרְט זֵייעֶרֶע גֶע־
דַאנְקֶען זֶענֶען פֶערְהַארְטֶעט גֶעוָוארֶען; וָוארִין בִּיז צוּם
הֵיינְטִיגֶען טָאג בְּלֵייבְּט דֶערְזֶעלְבִּיגֶער שְׁלֵייעֶר נִיט אוֹיפְ־
גֶעדֶעקְט אִים לֵיינֶען פוּן דֶעם אַלְטֶען בּוּנְד, וָוארִין אִין
15 מָשִׁיחַ אִיז עֶר אָפְּגֶעטְהוּן: אָבֶּער בִּיז צוּם הֵיינְטִיגֶען טָאג
לִיגְט דֶער שְׁלֵייעֶר אִיבֶּער זֵייעֶר הַארְץ וֶוען מֹשֶׁה אִיז
16 גֶעלֵיינְט: אָבֶּער וֶוען עֶם וֶועט זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּם
17 הַאר, אִיז דֶער שְׁלֵייעֶר אַוֶועקְגֶענוּמֶען: נוּן דֶער הַאר אִיז
דֶער גֵייסְט; אוּנְד וְואוּ דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר אִיז,
18 דָא אִיז פְרֵייהֵייט: אָבֶּער מִיר אַלֶע זֶעהֶען מִיט אֵיין
אוֹיפְגֶעדֶעקְט פָּנִים דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם הַאר גְלֵייךְ

וִויא אִין אַ שְׁפִּיגֶעל, אוּנְד זֶענֶען פֶארְעֶנְדֶערְט צוּ דֶעמְ־
זֶעלְבִּיגֶען בִּילְד פוּן הֶערְלִיכְקֵייט צוּ הֶערְלִיכְקֵייט, גַאנְץ
אַזוֹי וִויא דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט פוּן דֶעם הַאר:

## קאַפִּיטעל ד

דֶעסְטְוֶועגֶען ווייל מִיר הָאבֶּען דִיזֶען דִינְסְט, אַזוֹי וִויא 1
מִיר הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייטֶען, זֶענֶען
מִיר נִיט מִיד: אָבֶּער מִיר הָאבֶּען אָפְּגֶעזָאגְט דִיא פֶער־ 2
בָּארְגֶענֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶען, אוּנְד גֶעהֶען נִיט אַרוּם מִיט
בֶּעזְהַייט, אוּנְד פַארְפֶעלְשֶׁען נִיט דָאס וָוארְט פוּן גָאט,
נֵייעֶרְט מִיר עֶמְפֶּעהְלֶען אוּנְס זֶעלְבְּסְט דוּרְךְ דֶעם אַנְטְ־
פְּלֶעקֶען פוּן דֶער וָואהְרְהַייט צוּם גֶעוִויסֶען פוּן אַלֶע
מֶענְשֶׁען פָאר גָאט: אוּנְד וֶוען אַפִילוּ אוּנְזֶערֶע בְּשׂוֹרָה 3
טוֹבָה אִיז פֶערְהִילְט, אִיז עֶס פֶערְהִילְט צְוִוישֶׁען דִיא
וָואס זֶענֶען פֶערְלוֹירֶען: אִין וֶועלְכֶע דֶער גָאט פוּן דִיזֶער 4
וֶועלְט הָאט פֶערְבְּלֶענְדֶעט דִיא גֶעדַאנְקֶען פוּן דִיא אוּנְ־
גְלוֹיבִּיגֶע, כְּדֵי דָאס לִיכְט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן
דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ, דֶער אִיז דָאס בִּילְד פוּן
גָאט, זָאל נִיט אוֹיף זֵייא שְׁטְרַאהְלֶען: וָוארִין מִיר פְּרֶע־ 5
דִיגֶען נִיט אוּנְס זֶעלְבְּסְט, נֵייעֶרְט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
אוּנְד מִיר זֶעלְבְּסְט זֶענֶען אֵייעֶרֶע קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ׳ס
וֶועגֶען: וָוארִין דֶער גָאט וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט לָאז 6
לִיכְט אוֹיס דֶער פִינְסְטֶערְנִיס לֵייכְטֶען, עֶר הָאט גֶעלֵייכְט
אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, כְּדֵי צוּ גֶעבֶּען דָאס לִיכְט פוּן
דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט אִין דֶעם
פָּנִים פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:

אָבֶּער מִיר הָאבֶּען דִיזֶען אוֹצָר אִין עֶרְדֶענֶע כֵּלִים, כְּדֵי 7
דִיא זֶעהְר הוֹיכֶע מַאכְט זָאל זַיין פוּן גָאט אוּנְד נִיט פוּן
אוּנְס: אִין אַלֶעם לֵיידֶען מִיר אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט אִין 8
אַנְגְסְט, מִיר הָאבֶּען נוֹיט אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט פֶערְ־
צְוֵוייפֶעלְט: מִיר זֶענֶען פֶערְפָאלְגְט אָבֶּער נִיט פֶערְלָאזְט, 9
אַנִידֶערְגֶעשְׁלָאגֶען אָבֶּער נִיט אוּמְגֶעבְּרַאכְט: מִיר טְרָאגֶען 10
בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַרוּם אִין דֶעם לֵייבּ דָאס שְׁטַארְבֶּען פוּן
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ
אִין אוּנְזֶער שְׁטֶערְבְּלִיכֶען לֵייבּ אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען:

11 וָוארִין מִיר וָואס לֶעבֶּען זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִיבֶּערְגֶע־
גֶעבֶּען צוּם טוֹיט וֶועגֶען יֵשׁוּעַ, כְּדֵי דָאס לֶעבֶּען פוּן
יֵשׁוּעַ זָאל אוֹיךְ אִין אוּנְזֶערֶען שְׁטֶערְבְּלִיכֶען פְלֵיישׁ
12 אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען: דֶען אַזוֹי וִוירְקְט דֶער טוֹיט אִין
13 אוּנְס, אָבֶּער דָאס לֶעבֶּען אִין אֵייךְ: אוּנְד וֵוייל מִיר
הָאבֶּען דֶעם זֶעלְבִּיגֶען גֵייסְט פוּן גְלוֹיבֶּען, אַזוֹי וִויא עֶס
שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט דְרוּם הָאבּ אִיךְ
גֶערֶעט, מִיר גְלוֹיבֶּען אוֹיךְ דְרוּם רֶעדֶען מִיר אוֹיךְ:
14 וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז דֶער וָואס הָאט אוֹיפְגֶעוֶועקְט דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ וֶועט אוּנְס אוֹיךְ אוֹיפְוֶועקֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ,
15 אוּנְד וֶועט אוּנְס מִיט אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען: וָוארִין אַלֶע
זַאכֶען זֶענֶען פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען, כְּדֵי דִיא גְנָאד זָאל דוּרְךְ
פִילֶע פֶערְמֶעהְרֶען אוּנְד זָאל גוֹרֵם זֵיין דָאס גְרֶעסְטֶע דַאנְ־
קֶען צוּם כָּבוֹד פוּן גָאט:
16 דְרוּם זֶענֶען מִיר נִיט מִיד, נֵייעֶרְט חָאטְשֶׁע אוּנְזֶער אוֹי־
סֶערְלִיכֶער מֶענְשׁ וֶוערְט פֶערְדָארְבֶּען, וֶוערְט דָאךְ דֶער
17 אִינֶערְלִיכֶער פוּן טָאג צוּ טָאג דֶערְנֵייעֶרְט: וָוארִין אוּנְ־
זֶערֶע גְרִינְגֶע צָרָה וָואס אִיז נוּר פַאר אֵיין אוֹיגֶענְבְּלִיק
ווִירְקְט פַאר אוּנְס אַ פִיל מֶעהְר וִויכְטִיגֶע אוּנְד עֶבִּיגֶע
18 הֶערְלִיכְקֵייט: אִינְדֶעם מִיר קוּקֶען נִיט אוֹיף דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען גֶעזֶעהֶען, נֵייעֶרְט אוֹיף דִיא וָואס זֶענֶען נִיט
גֶעזֶעהֶען; וָוארִין דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעזֶעהֶען זֶענֶען
נוּר פַאר אַ צֵייט, אָבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען נִיט גֶעזֶעהֶען
זֶענֶען אוֹיף עֶבִּיג:

## קאפיטעל ה

1 וָוארִין מִיר וִויסֶען אַז וֶוען אוּנְזֶער עֶרְדִישֶׁעס הוֹיז פוּן
דֶעם גֶעצֶעלְט וֶועט צוּשְׁטֶערְט וֶוערֶען, הָאבֶּען מִיר אַ
גֶעבֵּייד פוּן גָאט, אַ הוֹיז וָואס אִיז נִיט גֶעמַאכְט מִיט
2 הֶענְד, אֵיין עֶבִּיגֶעס אִים הִימֶעל: וָוארִין אִין דִיזֶען זִיפְצֶען
מִיר, אוּנְד בֶּעגֶעהְרֶען זֶעהְר גֶעקְלֵיידֶעט צוּ וֶוערֶען מִיט
3 אוּנְזֶער הוֹיז וָואס אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל: וֶוען אוֹיךְ מִיר
וֶועלֶען אָנְגֶעקְלֵיידֶעט וֶוערֶען וֶועלֶען מִיר נִיט נַאקֶעט
4 גֶעפִינֶען וֶוערֶען: וָוארִין מִיר אוֹיךְ וָואס זֶענֶען אִים
גֶעצֶעלְט זִיפְצֶען וֶועגֶען דֶער לַאסְט, וִוייל מִיר וִוילֶען

נִיט אוֹיסְגֶעקְלֵיידֶעט וֶוערֶען נֵייעֶרְט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט, כְּדֵי
דָאס שְׁטֶערְבְּלִיכֶע זָאל פֶערְשְׁלוּנְגֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם
5 לֶעבֶּען: אָבֶּער דֶער וֶועלְכֶער הָאט אוּנְס דֶערְצוּ גֶע־
ווִירְקְט אִיז גָאט, דֶער אוּנְס הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם עֲרָבוֹן
6 פוּן דֶעם גֵייסְט: דְרוּם הָאבֶּען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג גוּטֶען
מוּטְה, אוּנְד ווִיסֶען אַז וֶוען מִיר זֶענֶען אִין דֶערְהֵיים אִים
7 לֵייבּ זֶענֶען מִיר אַוֶועק פוּן דֶעם הַאר: וָוארִין מִיר
8 וַואנְדְלֶען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען נִיט דוּרְךְ זֶעהֶען: אָבֶּער מִיר
הָאבֶּען גוּטֶען מוּטְה אוּנְד ווִינְשֶׁען לִיבֶּער אַוֶועק צוּ
זֵיין פוּן דֶעם לֵייבּ אוּנְד אִין דֶערְהֵיים צוּ זֵיין מִיט דֶעם
9 הַאר: דְרוּם זֶענֶען מִיר אוֹיךְ אֵייפְרִיג, אוֹיבּ מִיר זֶענֶען
אִין דֶערְהֵיים אָדֶער אַוֶועק, אַז מִיר זָאלֶען אִיהְם וְואוֹילְ־
10 גֶעפֶעלֶען: וָוארִין מִיר מוּזֶען אַלֶע אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען
פָאר דֶעם רִיכְטֶערְשְׁטוּהְל פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיטְלִיכֶער
זָאל דֶערְהַאלְטֶען דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם לֵייבּ נָאכְדֶעם ווִיא
עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוֹיבּ עֶס אִיז גוּטֶעס אָדֶער שְׁלֶעכְטֶעס:
11 דְרוּם וֵוייל מִיר קֶענֶען דִיא פוּרְכְט פוּן דֶעם הַאר, אַזוֹי
רֶעדֶען מִיר אָן מֶענְשֶׁען, אָבֶּער מִיר זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ
גָאט; אוּנְד אִיךְ הָאףְ אַז מִיר זֶענֶען אוֹיךְ אִין אֵייעֶר
12 גֶעווִיסֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען: מִיר עֶמְפֶּעהְלֶען אוּנְס נִיט
ווִידֶער צוּ אֵייךְ, נֵייעֶרְט מִיר גֶעבֶּען אֵייךְ אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ רִיהְמֶען וֶועגֶען אוּנְס, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט הָאבֶּען אֵיין עֶנְטְפֶער צוּ דִיא וָואס רִיהְמֶען זִיךְ אִים
13 אוֹיסְזֶעהֶען אוּנְד נִיט אִים הַארְצֶען: וָוארִין אוֹיבּ מִיר
זֶענֶען אוֹיסֶער זִיךְ, אִיז עֶס צוּ גָאט; אוֹיבּ מִיר זֶענֶען
14 בֵּיים שֵׂכֶל, אִיז עֶס פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען: וָוארִין דִיא לִיבֶּע
פוּן דֶעם מָשִׁיחַ דְרֶענְגְט אוּנְס, וֵוייל מִיר רִיכְטֶען אַזוֹי אַז
אֵיינֶער אִיז פַאר אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען; דְרוּם זֶענֶען אַלֶע
15 גֶעשְׁטָארְבֶּען: אוּנְד אַז עֶר אִיז פַאר אַלֶע גֶעשְׁטָארְבֶּען,
כְּדֵי דִיא וָואס לֶעבֶּען זָאלֶען נִיט מֶעהְר צוּ זִיךְ אַלֵיין
לֶעבֶּען, נֵייעֶרְט צוּ אִיהְם וֶועלְכֶער אִיז פַאר זֵייא
גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד אִיז ווִידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען:
16 דְרוּם פוּן אַצוּנְד אָן קֶענֶען מִיר קֵיינֶעם נִיט נָאךְ דֶעם
פְלֵיישׁ; וֶוען אַפִילוּ מִיר הָאבֶּען מָשִׁיחַ גֶעקֶענְט נָאךְ דֶעם

פְלֵייש, אָבֶער אַצוּנְד קֶענֶען מִיר אִיהְם נִיט מֶעהְר׃
17 אַזוֹי דָען װֶען אֵיינֶער אִיז אִין מָשִׁיחַ, אִיז עֶר אַ נֵייעֶ
בְּעשֶׁעפֶענִים; דִיא אַלְטֶע זַאכֶען זֶענֶען פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען,
18 זֶעה, זֵייא זֶענֶען נֵייא גֶעװָארֶען׃ אוּנְד אַלֶע זֶענֶען פוּן
גָאט, דֶער אוּנְס הָאט מִיט זִיךְ דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מְכַפֵּר
גֶעװֶעזֶען, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִינְסְט פוּן-דֶער
19 פֶערְזֶעהוּנְג׃ דְהַיְנוּ אַז גָאט הָאט דִיא װֶעלְט מִיט זִיךְ
פֶערְזֶעהְנְט אִין מָשִׁיחַ, אוּנְד הָאט זֵייא נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט
זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת, אוּנְד הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דָאס
20 װָארְט פוּן דֶער פֶערְזֶעהְנוּנְג׃ דְרוּם זֶענֶען מִיר שְׁלוּחִים
װֶעגֶען מָשִׁיחַ, גְלֵייךְ װִיא גָאט װָאלְט אֵייךְ דוּרְךְ אוּנְס
גֶעבֶּעטֶען; מִיר בֶּעטֶען אֵייךְ פוּן מָשִׁיחַ׳ס װֶעגֶען זַייט
21 פֶערְזֶעהֶענְט מִיט גָאט׃ דֶער װֶעלְכֶער הָאט קֵיינֶע זִינְד
גֶעקֶענְט הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַלְס זִינְד פַאר אוּנְס, כְּדֵי מִיר
זָאלֶען אִין אִיהְם װֶערֶען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט׃

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד מִיר זֶענֶען זַיינֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער אוּנְד בֶּעטֶען אֵייךְ
אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אוּמְזוּסְט דֶערְהַאלְטֶען דִיא גְנָאד פוּן
2 גָאט׃ װָארִין עֶר זָאגְט,

„אִיךְ הָאבּ דִיךְ אִין אַ בֶּעװִילִיגְטֶע צֵייט גֶעהֶערְט, אוּנְד
אִין אַ טָאג פוּן יְשׁוּעָה הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעהָאלְפֶען״׃

ישעיה מ״ט ח׳.

זֶעה, אַצוּנְד אִיז דִיא בֶּעװִילִיגְטֶע צֵייט, זֶעה, אַצוּנְד אִיז
3 דֶער טָאג פוּן יְשׁוּעָה׃ מִיר גֶעבֶּען אִין קֵיין שׁוּם זַאךְ
קֵיין אָנְשְׁטוֹיס, כְּדֵי דֶער דִינְסְט זָאל נִיט צוּ שַׁאנְד װֶערֶען׃
4 נֵייעֶרְט אִין אַלֶעם בֶּעװֵייזֶען מִיר זִיךְ װִיא דִינֶער פוּן
גָאט, אִין פִיל גֶעדוּלְד, אִין לֵיידֶען, אִין דֶער נוֹיט, אִין
5 אַנְגְסְטֶען׃ אִין שְׁלֶעג, אִין גֶעפֶענְגְנִיסֶען, אִין מְרִידוֹת, אִין
6 אַרְבֵּייטֶען, אִין װַאכֶען, אִין פַאסְטֶען׃ אִין רֵיינְהֵייט, אִין
דֶערְקֶענְטְנִיס, אִין לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט, אִין גוּטִיגְקֵייט, אִים רוּחַ
7 הַקוֹדֶשׁ, אִין לִיבֶּע אָהְן חֲנִיפָה׃ אִים װָארְט פוּן װָאהְרְהֵייט,
אִין דֶער מַאכְט פוּן גָאט; דוּרְךְ דִיא װָאפֶען פוּן גֶערֶעכְ־
טִיגְקֵייט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד צוּ דִיא לִינְקֶע׃
8 דוּרְךְ כָּבוֹד אוּנְד שַׁאנְד, דוּרְךְ אַ שְׁלֶעכְטֶען נָאמֶען אוּנְד אַ

גוטען נָאמֶען; ווִיא פַארפִיהרֶער, אוּנד דָאךְ וָואהרְהַאפְטִיג:
9 וִויא אוּנְבֶּעקַאנְט, אוּנְד דָאךְ גוּט בֶּעקַאנְט, וְוִיא שְׁטַארְ־
בֶּענְדִיגֶע, אוּנְד זֶעה מִיר לֶעבֶּען, וִויא גֶעשְׁטְרָאפְט אוּנְד
10 נִיט אוּמְגֶעבְּרַאכְט: וְוִיא טְרוֹיעֶרִיגֶע אוּנְד דָאךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג
פְרֶעלִיךְ, וִויא אָרְמֶע לַייט, אוּנְד דָאךְ מַאכֶען מִיר פִילֶע
רַייךְ, וִויא דִיא וָואס הָאבֶּען גָארְנִיט אוּנְד פֶערְמָאגֶען
אַלֶע זַאכֶען:
11 אָ אִיהְר קָארִינְטֶער, אוּנְזֶער מוֹיל אִיז צוּ אֵייךְ אוֹיפְגֶעמַאכְט,
12 אוּנְזֶער הַארְץ אִיז בְּרֵייט: אִיהְר זֶענְט נִיט עֶנְג גֶעמַאכְט
אִין אוּנְס, נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט בֶּעעֶנְגְט אִין אֵייעֶרֶע
13 אֵיינֶענֶע גֶעדֶערְם: אָבֶּער מִיט דִיא זֶעלְבִּיגֶע פַארְגֶעלְטוּנְג,
אִיךְ רֶעד וִויא צוּ קִינְדֶער, זַייט אִיהְר אוֹיךְ דֶערְוַוייטֶערְט:
14 זַייט נִיט וִויא זֶעלְבֶּע וָואס שְׁלֶעפֶּען אַ פְרֶעמְדֶעס יָאךְ
מִיט אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע; וָוארִין וָואס פַאר אַ חַבְרוּתָה הָאט
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט מִיט דֶער אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט? אוּנְד
וָואס פַאר אַ גֶעמֵיינְשַׁאפְט הָאט דָאס לִיכְט מִיט דֶער
15 פִינְסְטֶערְנִים? אוּנְד וָואס פַאר אֵיין אַחְדוּת אִיז דָא
צְווִישֶׁען דֶעם מָשִׁיחַ אוּנְד בְּלִיַעַל? אָדֶער וָואס פַאר אַ
חֵלֶק הָאט אַ גְלוֹיבִּיגֶער מִיט אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶען?
16 אוּנְד וָואס פַאר אֵיינִיגְקֵייט הָאט דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט
מִיט אָפְּגֶעטֶער? וָוארִין מִיר זֶענֶען דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט; אַזוֹי וִויא גָאט הָאט גֶעזָאגְט,
„אִיךְ וֶועל צְווִישֶׁען זֵייא וְואוֹינֶען אוּנְד וַואנְדְלֶען, אוּנְד
אִיךְ וֶועל זַיין זֵייעֶר גָאט אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זַיין מֵיין
17 פָאלְק: יחזקאל ל"ז כ"ז. דְרוּם קוּמְט אַרוֹיס פוּן צְווִישֶׁען
זֵייא אוּנְד שֵׁיידֶעט אֵייךְ אָפּ, זָאגְט דֶער הַאר, אוּנְד
רִיהְרְט נִיט אָן אַ שׁוּם אוּנְרֵיינֶע זַאךְ; אוּנְד אִיךְ וֶועל
אֵייךְ אוֹיפְנֶעמֶען: ירמיה נ"א מ"ה; ישעיה נ"ב י"א.
18 אוּנְד וֶועל צוּ אֵייךְ זַיין אַלְס אַ פָאטֶער, אוּנְד אִיהְר וֶועט
זַיין צוּ מִיר אַלְס זִיהְן אוּנְד טֶעכְטֶער, זָאגְט דֶער
אַלְמֶעכְטִיגֶער הַאר": ירמיה ל"ב ל"ח; הושע ב' א'.

קאפיטעל ז

1 דְרוּם גֶעלִיבְּטֶע, וֵוייל מִיר הָאבֶּען דִיזֶע הַבְטָחוֹת, לָאזֶען
מִיר אוּנְס רֵיינִיגֶען פוּן אַלֶע בֶּעפְלֶעקוּנְג פוּן דֶעם

פְּלֵיישׁ אוּנְד דֶעם גֵייסְט, אוּנְד לָאזֶען מִיר גַאנְץ זַיין
אִין הֵיילִיגְקֵייט אִין דֶער פוּרְכְט פוּן גָאט:
2 נֶעמְט אוּנְס אוֹיף, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט אוּנְרֶעכְט
גֶעטְהוּן, מִיר הָאבֶּען קֵיינֶעם נִיט פֶערְדָארְבֶּען, מִיר
3 הָאבֶּען קֵיינֶעם שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט: אִיךְ זָאג דָאס נִיט
כְּדֵי צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגֶען; וָוארִין אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט
אַז אִיהְר זֶענְט אִין אוּנְזֶער הַארְץ, מִיט אֵייךְ צוּ
4 שְׁטַארְבֶּען אוּנְד צוּ לֶעבֶּען: אִיךְ אוּנְטֶערְשְׁטֶעה מִיךְ
פִיל קֶעגֶען אֵייךְ, אִיךְ רִיהְם מִיךְ פִיל וֶועגֶען אֵייךְ, אִיךְ
בִּין דֶערְפִילְט מִיט טְרֵייסְט, אִיךְ הָאבּ זֶעהְר פִיל פְרֵייד
5 אִין אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֵיידֶען: וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען
גֶעקוּמֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא הָאט אוּנְזֶער פְלֵיישׁ קֵיין רוּה
נִיט גֶעהַאט, נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען פוּן אַלֶע זַייטֶען
גֶעלִיטֶען; פוּן דְרוֹיסֶען שְׁטְרֵייט, פוּן דְרִינֶען פוּרְכְט:
6 אָבֶּער גָאט, דֶער טְרֵייסְט דִיא וָואס הָאבֶּען אַ נִידְרִיג
גֶעמִיט הָאט אוּנְס גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶעם קוּמֶען פוּן
7 טִיטוֹס: אוּנְד נִיט נוּר מִיט זַיין קוּמֶען, נֵייעֶרְט אוֹיךְ
מִיט דֶעם טְרֵייסְט מִיט דֶעם עֶר אִיז וֶועגֶען אֵייךְ
גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט אוּנְס דֶערְצֶעהְלְט,
אֵייעֶר פֶערְלַאנְגֶען, אֵייעֶר טְרוֹירֶען, אֵייעֶר אֵייפֶער
מֵיינֶעטְוֶועגֶען, אַזוֹי אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ נָאךְ מֶעהְר
8 גֶעפְרֵייט: וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אוֹיךְ טְרוֹיעֶרִיג
גֶעמַאכְט דוּרְךְ דֶעם בְּרִיף, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ נִיט חַרָטָה,
חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ חַרָטָה גֶעהַאט; וָוארִין אִיךְ זֶעה
אַז יֶענֶער בְּרִיף הָאט אֵייךְ טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, וֶוען אוֹיךְ
9 נוּר פַאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט: אַצוּנְד פְרֵייא אִיךְ מִיךְ, נִיט
אַז אִיהְר זֶענְט טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט אַז אִיהְר
זֶענְט טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט צוּ תְּשׁוּבָה. וָוארִין אִיהְר זֶענְט
טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
10 גָאר קֵיין שָׁאדֶען לֵיידֶען דוּרְךְ אוּנְס: וָוארִין דָאס טְרוֹיעֶרְן
פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען ווִירְקְט תְּשׁוּבָה צוּ יְשׁוּעָה וָואס מֶען
הָאט נִיט חַרָטָה דְרוֹיף; אָבֶּער דָאס טְרוֹיעֶרְן פוּן דֶער
11 וֶועלְט ווִירְקְט דֶעם טוֹיט: וָוארִין זֶעהְט דָאס זֶעלְבִּיגֶע,
אַז אִיהְר הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט פוּן גָאטֶעס וֶועגֶען, ווִיא

גְרוֹיס אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא פְלֵייסִיגְקֵייט דִיא עֶס הָאט אִין
אֵייךְ גֶעוִוירְקְט, יָא, וִויא גְרוֹיס דִיא פַארְעֶנְטְפֶערוּנְג, דֶער
צָארְן, דִיא פוּרְכְט, דָאס פֶערְלַאנְגֶען, דִיא קִנְאָה, דִיא
נְקָמָה, אִין אַלֶעם הָאט אִיהְר אֵייךְ בֶּעצֵייגְט אַז אִיהְר
12 זֶענְט אִין דֶער זַאךְ רֵיין: אַזוֹי דֶען וֶוען אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִיז עֶס נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס
הָאט אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד נִיט וֶועגֶען דֶעם וָואס
הָאט אוּנְרֶעכְט גֶעלִיטֶען, נֵייעֶרְט אַז אֵייעֶרֶע פְלֵייסִיגְקֵייט
קֶענֶען אוּנְס זָאל פָאר גָאט בֶּעקַאנְט וֶוערֶען:
13 דְרוּם זֶענֶען מִיר גֶעטְרַייסְט גֶעוָוארֶען; אוּנְד מִיר הָאבֶּען
אוּנְס נָאךְ פִיל מֶעהְר גֶעפְרַייט אִיבֶּער דִיא פְרֵייד פוּן
טִיטוּס, וֵוייל זֵיין גֶעמִיט אִיז פוּן אֵייךְ אַלֶע דֶערְקְוִויקְט
14 גֶעוָוארֶען: וָוארִין וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ עֶפֶּעס בֶּערִיהְמְט
בֵּייא אִיהְם וֶועגֶען אֵייךְ, אַזוֹי בִּין אִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט
גֶעוָוארֶען; נֵייעֶרְט גְלֵייךְ וִויא מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ אַלֶע
גֶערֶעט אִין וָואהְרְהֵייט, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ אוּנְזֶער בֶּערִיהְמֶען
15 וֶועגֶען טִיטוּס וָואהְר גֶעוָוארֶען: אוּנְד זֵיינֶע הֶערְצְלִיכֶע
לִיבֶּע צוּ אֵייךְ אִיז נָאךְ מֶעהְר גֶענֵייגְט, וֶוען עֶר גֶעדֶענְקְט
דָאס גֶעהָארְכֶען פוּן אֵייךְ אַלֶע, וִויא אִיהְר הָאט אִיהְם
16 אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט פוּרְכְט אוּנְד צִיטֶערְנִיש: אִיךְ פְרֵייא מִיךְ
אַז אִיךְ פֶערְזִיכֶער מִיךְ אוֹיף אֵייךְ אִין אַלֶע זַאכֶען:

## קאפיטעל ח

1 אוּנְד מִיר טְהוּן אַייךְ צוּ וִויסֶען, בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן
2 גָאט וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ דִיא קְהִלּוֹת פוּן מַקְדוֹנְיָא: אַז
וֶוען זַייא זֶענֶען זֶעהְר גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען מִיט לֵיידֶען,
הָאט זִיךְ זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע פְרֵייד אוּנְד זֵייעֶרֶע טִיפֶע אָרֶעמְ־
קֵייט גֶעמֶעהְרְט צוּם רֵייכְטוּם פוּן זֵייעֶרֶע פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט:
3 וָוארִין אִיךְ זָאג זַייא עֵדוּת, אַז וֶועדְלִיג זֵייעֶר כֹּחַ אוּנְד
אַפִילוּ אִיבֶּער זֵייעֶר כֹּחַ הָאבֶּען זַייא גֶעגֶעבֶּען אוֹיס פְרֵייעֶן
4 ווִילֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען אוּנְס גֶעבֶּעטֶען מִיט פִיל גֶעבֶּעט
וֶועגֶען דֶער גְנָאד אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם דִינְסְט
5 צוּ דִיא הֵיילִיגֶע: אוּנְד דָאס נִיט וִויא מִיר הָאבֶּען גֶע־
הָאפְט, נֵייעֶרְט זַייא הָאבֶּען זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּעֶרְשְׁט צוּ גָאט
6 גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד צוּ אוּנְס דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט: אַזוֹי

אַז מִיר הָאבֶּען טִיטוּס מַזְהִיר גֶעוועזֶען, כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא עֶר
הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַזוֹי זָאל עֶר אוֹיךְ אִין אֵייךְ דִיזֶע גְנָאד
7 עֶנְדִיגֶען: אָבֶּער גְלֵייךְ וִויא אִיהְר מֶעהְרְט אֵייךְ אִין אַלֶעם,
אִים גְלוֹיבֶּען אוּנְד וָוארְט, אוּנְד דֶערְקֶענְטְנִיס, אוּנְד אִין אַלֶער
פְלֵייסִיגְקֵייט, אוּנְד אִין אֵייעֶרֶע לִיבֶּע צוּ אוּנְס, זֶעהְט אַז
אִיהְר מֶעהְרְט אֵייךְ אוֹיךְ אִין דִיזֶער גְנָאד:
8 אִיךְ זָאג דָאס נִיט וִויא אַ בֶּעפֶעהְל, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶער
פְלֵייסִיגְקֵייט פוּן אַנְדֶערֶע צוּ פְּרִיפֶען דִיא וָואהְרְהַייט פוּן
9 אֵייעֶרֶע לִיבֶּע: וָוארִין אִיהְר ווייסְט דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַז חָאטְשֶׁע עֶר אִיז רֵייךְ גֶעוועזֶען
אִיז עֶר דָאךְ פוּן אֵייעֶרְט וֶועגֶען אָרֶעם גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיהְר
10 זָאלְט דוּרְךְ זֵיינֶע אָרֶעמְקֵייט רֵייךְ וֶוערֶען: אוּנְד אִין דִיזֶעם
גִיבּ אִיךְ מֵיינֶע מֵיינוּנְג; וָוארִין דָאס אִיז אֵייךְ נִיצְלִיךְ,
וָואס אִיהְר הָאט שׁוֹין פַאר אַ יָאהְר אָנְגֶעהוֹיבֶּען נִיט נוּר
11 צוּ טְהוּן נֵייעֶרְט אוֹיךְ ווילִיג צוּ זַיין: אָבֶּער אַצוּנְד עֶנְדִיגְט
אוֹיךְ דָאס טְהוּן, כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז גֶעוועזֶען אַ נֵייגוּנְג
צוּ ווילֶען, אַזוֹי זָאל אוֹיךְ זַיין צוּ עֶנְדִיגֶען פוּן דֶעם וָואס
12 אִיהְר הָאט: וָוארִין וֶוען דֶער ווילֶען אִיז דָא, אַזוֹי אִיז עֶס
אָנְגֶענוּמֶען נָאךְ דֶעם וִויא אַ מַאן הָאט, אוּנְד נִיט נָאךְ דֶעם
13 וִויא עֶר הָאט נִיט: וָוארִין אִיךְ מֵיין נִיט אַז אַנְדֶערֶע זָאלֶען
14 הָאבֶּען רוּהֶה אוּנְד אִיהְר זָאלְט לֵיידֶען: נֵייעֶרְט נָאךְ גְלֵייכְ־
הַייט צוּ דִיזֶער צֵייט זָאל אֵייעֶר אִיבֶּערְפְלוּס זַיין צוּ זֵייעֶר
בֶּעדֶערְפֶענִיס, כְּדֵי זֵייעֶר אִיבֶּערְפְלוּס זָאל אוֹיךְ זַיין צוּ
15 אֵייעֶר בֶּעדֶערְפֶענִיס, אַז עֶס זָאל זַיין גְלֵייכְהַייט: אַזוֹי וִויא
עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, דֶער וָואס הָאט פִיל אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט
הָאט נִיט אִיבְּרִיג גֶעהַאט, אוּנְד דֶער וָואס הָאט וֶוענִיג אֵיינְגֶע־
זַאמֶעלְט הָאט קֵיין בֶּעדֶערְפְנִיס נִיט גֶעהַאט: שמות ט"ז י"ח.
16 נוּן גָאט זַייא גֶעדַאנְקְט, דֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען דֶעם זֶעלְבִּיגֶען
17 אֵייפֶער וֶועגֶען אֵייךְ אִים הַארְץ פוּן טִיטוּס: ווייל עֶר הָאט
אָנְגֶענוּמֶען דִיא דֶערְמָאהְנוּנְג, אוּנְד אִינְדֶעם עֶר אִיז זֶעהְר
אֵייפְרִיג גֶעוועזֶען, אִיז עֶר פוּן זַיין אֵייגֶענֶעם ווילֶען צוּ
18 אֵייךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען: אוּנְד מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם גֶעשִׁיקְט דֶעם בְּרוּדֶער, וָואס זַיין לוֹיבּ אִין דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה
19 אִיז אִין אַלֶע קְהִלוֹת: אוּנְד נִיט נוּר דָאס, נֵייעֶרְט עֶר אִיז

אוֹיךְ אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט גֶעוָואָרֶען פוּן דִיא קְהִלּוֹת אַז עֶר
זָאל מִיט אוּנְס רַייזֶען, וֶועגֶען דִיזֶער גְנָאד וָואס אִיז דוּרְךְ
אוּנְס גֶעדִינְט צוּם לוֹיבּ פוּן דֶעם הַאר אַלֵיין אוּנְד צוּם בֶּע־
20 וַוייז פוּן אוּנְזֶער וִוילֶען: אוּנְד דָאס פֶערְמֵיידֶען מִיר, אַז
קֵיינֶער זָאל אִין אוּנְס גֶעפִינֶען אַ פֶעהְלֶער וֶועגֶען דִיזֶער
21 רַייכֶער גָאבּ וָואס אִיז דוּרְךְ אוּנְס גֶעדִינְט: וָוארִין מִיר
זֶענֶען מַשְׁגִיחַ אוֹיף גוּטֶע זַאכֶען נִיט נוּר פָאר גָאט, נֵייעֶרְט
22 אוֹיךְ פָאר מֶענְשֶׁען: אוּנְד מִיר הָאבֶּען מִיט זֵייא גֶעשִׁיקְט
אוּנְזֶער בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אָפְט גֶעפְּרִיפְט אַז
עֶר אִיז עֶרִינְצְט אִין פִילֶע זַאכֶען, אָבֶּער אַצוּנְד אִיז עֶר
פִיל מֶעהְר עֶרִינְצְט, דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסֶען פֶערְטְרוֹיעֶן וָואס
33 עֶר הָאט צוּ אֵייךְ: אוֹיבּ מֶען הָאט גֶעפְרֶעגְט וֶועגֶען טִיטוֹס,
אִיז עֶר מֵיין גֶעזֶועלֶען אוּנְד הֶעלְפֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ; אָדֶער
וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער, זֵייא זֶענֶען דִיא שְׁלוּחִים פוּן דִיא
24 קְהִלּוֹת, אוּנְד דֶער כָּבוֹד פוּן מָשִׁיחַ: דְרוּם גִיבְּט צוּ זֵייא
אַ בֶּעוַוייז פוּן אֵייעֶרֶע לִיבֶּע פָאר דִיא קְהִלּוֹת, אוּנְד פוּן
אוּנְזֶער בֶּערִיהְמֶען וֶועגֶען אֵייךְ:

## קאפיטעל ט

1 וָוארִין וֶועגֶען דֶעם דִינְסְט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדַארְף אִיךְ
2 אֵייךְ נִיט שְׁרֵייבֶּען: וָוארִין אִיךְ וֵויים אֵייעֶר גוּטֶען וִוילֶען,
דְרוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ וֶועגֶען אֵייךְ בַּארִיהְמְט צוּ דִיא לֵייט
פוּן מַקְדוֹנְיָא, אַז אַכְאַיָא אִיז שׁוֹין פַארְטִיג גֶעוֶועזֶען
פַאר אַ יָאהְר אוּנְד אֵייעֶר אֵייפֶער הָאט אָנְגֶערֵייצְט פִילֶע:
3 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט דִיא בְּרִידֶער, כְּדֵי אוּנְזֶער בַּא־
רִיהְמֶען וֶועגֶען אֵייךְ זָאל נִיט זַיין אוּמְזוּסְט אִין דִיזֶעם
טְהֵייל, כְּדֵי גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אִיהְר זָאלְט פַארְטִיג
4 זַיין: דֶערְמִיט וֶוען דִיא לֵייט פוּן מַקְדוֹנְיָא וֶועלֶען מִיט מִיר
קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען אֵייךְ נִיט פַארְטִיג גֶעפִינֶען, וֶועלֶען
מִיר, אַז מִיר זָאגֶען, נִיט אִיהְר, אִין דִיזֶען פֶערְטְרוֹיעֶן פֶערְ־
5 שֶׁעהְמְט וֶוערֶען: דְרוּם הָאבּ אִיךְ עֶס פַאר נֶעטִיג גֶעהַאלְ־
טֶען דִיא בְּרִידֶער צוּ בֶּעטֶען אַז זֵייא זָאלֶען פָארְאוֹיס צוּ
אֵייךְ גֶעהֶען, אוּנְד זָאלֶען פָארְאוֹיס פַארְטִיג מַאכֶען דִיא נְדָבָה
וֶועלְכֶע אִיהְר הָאט פְרִיהֶער צוּגֶעזָאגְט, אַז דִיא זָאל זַיין אָנְ־
גֶעבְּרֵייט אַזוֹי וִויא אַ נְדָבָה אוּנְד נִיט וִויא אַ גֵייצִיגֶע זַאךְ:

6 אָבֶּער דָאס זָאג אִיךְ, דֶער וָואס זֵייעֶט מִיט קַארְגְהֵייט וֶועט
אוֹיךְ מִיט קַארְגְהֵייט אֵיינְזַאמֶעלְן, אוּנְד דֶער וָואס זֵייעֶט
מִיט אִיבֶּערְפְלוּס וֶועט אוֹיךְ מִיט אִיבֶּערְפְלוּס אֵיינְזַאמֶעלְן:
7 אִיטְלִיכֶער אַזוֹי וִויא עֶר נֶעמְט זִיךְ פָאר אִין זֵיין הַארְץ,
נִיט מִיט בֶּעטְרִיבֶּענִים אָדֶער גֶעצְווְאוּנְגֶען; וָוארִין גָאט
8 לִיבְּט אַ פְרֶעהְלִיכֶען גֶעבֶּער: אוּנְד גָאט קָאן צוּ אֵייךְ
פֶערְמֶעהְרֶען אַלֶע גְנָאד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין
אַלֶעם גֶענוּג הָאבֶּען, אוּנְד זָאלְט אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין יֶעדֶעם
9 גוּטֶען וֶוערְק: אַזוֹי וִויא עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען,
„עֶר הָאט צוּשְׁפְּרֵייט, עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא אָרֶעמֶע
לֵייט, זֵיינֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶבִּיג":
תהלים קי"ב ט'.
10 אוּנְד דֶער וֶועלְכֶער גִיבְּט דֶעם זָאמֶען צוּם זֵייעֶר אוּנְד
בְּרוֹיט פַאר שְׁפֵּייז וֶועט אֵייעֶר זָאמֶען גֶעבֶּען אוּנְד מֶעהְ-
רֶען, אוּנְד וֶועט לָאזֶען וַואקְסֶען דִיא פְרוּכְט פוּן אֵייעֶרֶע
11 גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִין אַלֶעם רֵייךְ גֶעמַאכְט
זֵיין צוּ אַלֶער פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט, וָואס ווִירְקְט דוּרְךְ אוּנְס
12 דַאנְק צוּ גָאט: וָוארִין ווֵייל דָאס פֶערְזָארְגֶען פוּן דִיזֶען
דִינְסְט דֶערְפִילְט נִיט נוּר וָואס דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדַארְפֶען,
נֵייעֶרְט עֶס מֶעהְרְט זִיךְ אוֹיךְ דוּרְךְ פִיל דַאנְקֶען צוּ גָאט:
13 אִינְדֶעם דוּרְךְ דֶעם בֶּעווֵייז פוּן דִיזֶען דִינְסְט דַאנְקֶען
זֵייא גָאט פַאר דִיא אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט פוּן אֵייעֶר בֶּעקֶענְטְ-
נִיס צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד פַאר דִיא פְרֵיי-
גֶעבִּיגְקֵייט פוּן אֵייעֶרֶע נְדָבָה צוּ זֵייא אוּנְד צוּ אַלֶע מֶענְ-
14 שֶׁען: דֶערְוֵויל מִיט גֶעבֶּעט פַאר אֵייךְ גְלִיסְטֶען זֵייא אוֹיךְ
נָאךְ אֵייךְ דוּרְךְ דֶער גְרוֹיסֶער גְנָאד פוּן גָאט אִיבֶּער אֵייךְ:
15 גָאט זֵייא גֶעדַאנְקְט פַאר זֵיינֶע אוּנְאוֹיסְשְׁפְּרֶעכְלִיכֶע מַתָּנָה:

קאפיטעל י

1 אָבֶּער אִיךְ פּוֹלוֹס, בֶּעט אֵייךְ בֵּייא דֶער ווֵייכְהֶערְצִיגְקֵייט
אוּנְד גֶעלִינְדִיגְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער, וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא
אֵייךְ בִּין צְווִישֶׁען אֵייךְ נִידְרִיג, אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין אַוֶועק
2 בִּין שְׁטַארְקְמוּטִיג קֶעגֶען אֵייךְ: אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, אַז וֶוען
אִיךְ וֶועל בֵּייא אֵייךְ זֵיין זָאל אִיךְ נִיט שְׁטַארְקְמוּטִיג זֵיין
מִיט דֶעם בְּטָחוֹן מִיט וֶועלְכֶען אִיךְ דֶענְק פְרֵיימוּטִיג צוּ

זַיין קֶענֶען דִיא וָואס דֶענְקֶען אַז מִיר וַואנְדְלֶען נָאךְ דֶעם
3 פְלֵיישׁ: וָוארִין חָאטְשֶׁע מִיר וַואנְדְלֶען אִיז דֶעם פְלֵיישׁ,
4 דָאךְ שְׁטְרֵייטֶען מִיר נִיט נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ: וָוארִין דִיא
וַואפֶּען פוּן אוּנְזֶער שְׁטְרַייט זֶענֶען נִיט פְלֵיישְׁלִיכֶע,
נֵייעֶרְט זֶענֶען מֶעכְטִיג צוּ גָאט צוּם אֵיינְוַוארְפֶען פוּן
5 פֶעסְטוּנְגֶען: אִינְדֶעם מִיר פֶערְשְׁטֶערֶען דִיא גֶעדַאנְקֶען
אוּנְד אִיטְלִיכֶע הוֹיכֶע זַאךְ וָואס דֶערְהֶעבְּט זִיךְ קֶעגֶען
דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט, אוּנְד נֶעמֶען גֶעפַאנְגֶען אִיטְ־
6 לִיכֶע גֶעדַאנְקֶען צוּם גֶעהָארְזַאם פוּן מָשִׁיחַ: אוּנְד זֶענֶען
פַארְטִיג יֶעדֶען אוּנְגֶעהָארְזַאם צוּ שְׁטְרָאפֶען, וֶוען אֵייעֶר
גֶעהָארְזַאם אִיז דֶערְפִילְט:
7 אִיהְר זֶעהְט אוֹיף דֶעם וָואס אִיז פָאר אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען: וֶוען
אֵיינֶער פֶערְטְרוֹיעֶט אִין זִיךְ אַלֵיין אַז עֶר אִיז צוּם מָשִׁיחַ,
לָאז עֶר דָאס וִוידֶער בַּיא זִיךְ דֶענְקֶען, אַז גְלֵייךְ וִויא עֶר
אִיז צוּם מָשִׁיחַ אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ צוּ מָשִׁיחַ:
8 וָוארִין וֶוען אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ עֶפֶּעס מֶעהְר בַּארִיהְמֶען
וֶועגֶען אוּנְזֶערֶע מַאכְט, וָוען דֶער הַאר הָאט אוּנְס גֶע־
גֶעבֶּען אֵייךְ צוּ פֶערְבֶּעסֶערְן אוּנְד נִיט צוּ פֶערְדַארְבֶּען,
9 וֶועל אִיךְ נִיט פֶערְשֶׁעמְט וֶוערֶען: כְּדֵי אִיךְ זָאל נִיט אוֹיסְ־
זֶעהֶען אַז אִיךְ וֶועל אֵייךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען מִיט מֵיינֶע בְּרִיף:
10 וָוארִין זֵיינֶע בְּרִיף, זָאגְט מֶען, זֶענֶען וִויכְטִיג אוּנְד שְׁטַארְק,
אָבֶּער זַיין לֵייבְּלִיכֶעס קוּמֶען בַּייא אוּנְס אִיז שְׁוַואךְ, אוּנְד
11 דִיא וֶוערְטֶער צוּם פֶערְאַכְטֶען: לָאז אַזֶעלְכֶער דָאס גֶע־
דֶענְקֶען, אַז גְלֵייךְ וִויא מִיר זֶענֶען אִין דֶער רֶעד דוּרְךְ
בְּרִיף וֶוען מִיר זֶענֶען אַוֶועק, אַזוֹי זֶענֶען מִיר אוֹיךְ וִוירְקְ־
לִיךְ וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעגֶענְוֶוערְטִיג:
12 וָוארִין מִיר אוּנְטֶערְשְׁטֶעהֶען אוּנְס נִיט אַז מִיר זָאלֶען אוּנְס
רֶעכְנֶען אָדֶער פֶערְגְלֵייכֶען מִיט דִיא וָואס לוֹיבֶּען זִיךְ
זֶעלְבְּסְט; אָבֶּער וֵוייל זֵייא מֶעסְטֶען זִיךְ בַּייא זִיךְ זֶעלְבְּסְט,
אוּנְד פֶערְגְלֵייכֶען זִיךְ מִיט זִיךְ זֶעלְבְּסְט, זֶענֶען זֵייא נִיט
13 קְלוּג: אָבֶּער מִיר בַּארִיהְמֶען אוּנְס נִיט מִיט זַאכֶען אוֹיסֶער
דֶעם מָאס, נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם מָאס פוּן דֶער רֶעגֶעל וָואס
גָאט הָאט צוּ אוּנְס צוּגֶעטְהֵיילְט, אַ מָאס צוּ דֶערְלַאנְגֶען
14 בִּיז צוּ אֵייךְ: וָוארִין מִיר שְׁטְרֶעקֶען אוּנְס נִיט אוֹיסֶער

דֶעם מָאָס, גְלֵייךְ ווִיא מִיר וָואלְטֶען צוּ אֵייךְ נִיט דֶערְלַאנְ־
גֶען, וָוארִין מִיר זֶענֶען גֶעקוּמֶען בִּיז צוּ אֵייךְ אִין דֶער
15 בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ: מִיר בַּארִיהְמֶען אוּנְס נִיט מִיט
זַאכֶען אוֹיסֶער דֶעם מָאָס אִין פְרֶעמְדֶע אַרְבֵּייט, אָבֶּער
מִיר הָאפֶען אַז וֶוען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען וֶועט וַואקְסֶען, וֶועלֶען
מִיר דוּרְךְ אֵייךְ פֶערְגְרֶעסֶערְט וֶוערֶען נָאךְ אוּנְזֶערֶע
16 רֶעגֶעל צוּם אִיבֶּערְפְלוּס: כְּדֵי מִיר זָאלֶען פְרֶעדִיגֶען דִיא
בְּשׂוּרָה טוֹבָה אִין דִיא לֶענְדֶער וָואס לִיגֶען וַוייטֶער פוּן
אֵייךְ, אוּנְד זָאלֶען זִיךְ נִיט בַּארִיהְמֶען מִיט אַ פְרֶעמְדֶע
רֶעגֶעל וֶועגֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען פַאר אוּנְס פַארְטִיג
17 גֶעמַאכְט: אָבֶּער דֶער וָואס רִיהְמְט זִיךְ לָאז עֶר זִיךְ רִיהְ־
18 מֶען אִין דֶעם הַאר: ירמיה ט׳ כ״ג. וָוארִין נִיט דֶער וָואס
לוֹיבְּט זִיךְ זֶעלְבְּסְט אִיז אָנְגֶענוּמֶען, נֵייעֶרְט דֶעם וֶועלְכֶען
דֶער הַאר לוֹיבְּט:

## קאַפִּיטֶעל יא

1 אִיךְ ווִינְשׁ אִיהְר וָואלְט אַבִּיסֶעל אוֹיסְהַאלְטֶען מִיט מֵיינֶע
נַארִישְׁקֵייט, אָבֶּער אַוַדַאי הַאלְט אִיהְר אוֹיךְ מִיט מִיר אוֹיס:
2 וָוארִין אִיךְ בִּין וֶועגֶען אֵייךְ אֵייפְרִיג מִיט אַ גֶעטְלִיכֶער
אֵייפְרִיגְקֵייט, וָוארִין אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פֶערְקְנַאסְט צוּ אֵיין
מַאן, אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען אַ רֵיינֶע בְּתוּלָה צוּ
3 מָשִׁיחַ: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, טָאמֶער גְלֵייךְ ווִיא דִיא
שְׁלַאנְג הָאט פֶערְפִיהְרְט חַוָה מִיט אִיהְרֶע לִיסְט, אַזוֹי וֶועלֶען
אוֹיךְ אֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען פַארְדָארְבֶּען וֶוערֶען פוּן דֶער
פְרֵייגֶעבִּיגְקֵייט אוּנְד לוֹיטֶערְקֵייט וָואס אִיז צוּם מָשִׁיחַ:
4 וָוארִין דֶער וָואס קוּמְט זָאל פְרֶעדִיגֶען אֵיין אַנְדֶערֶען יֵשׁוּעַ
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעפְּרֶעדִיגְט, אָדֶער וֶוען אִיהְר
זָאלְט אֵיין אַנְדֶערֶען גֵייסְט אָנְגֶעמֶען וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט
נִיט אָנְגֶענוּמֶען, אָדֶער אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה וֶועלְכֶע
אִיהְר הָאט נִיט דֶערְהַאלְטֶען, אַזוֹי מֶעכְט אִיהְר דֶערְמִיט
5 גוּט אוֹיסְהַאלְטֶען: וָוארִין אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ בִּין אִין קֵיין
6 שְׁטִיק וֶוענִיגֶער ווִיא דִיא הֶעכְסְטֶע אַפָּאסְטֶעל: אָבֶּער וֶוען
אִיךְ בִּין אַפִּילוּ פְּרָאסְטֶער אִין רֶעדֶען, דָאךְ בִּין אִיךְ נִיט
אִין דֶערְקֶענְטְנִיס, נֵייעֶרְט אִין אַלֶעם זֶענֶען מִיר קֶענֶען
אֵייךְ אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען:

7 אָדֶער הָאבּ אִיךְ דֶערְמִיט גֶעזִינְדִיגְט ווייל אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְ־
נִידְרִיגְט כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דֶערְהוֹיכְט וֶוערֶען, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ
צוּ אֵייךְ דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן גָאט אוּמְזוּסְט גֶעפְּרֶעדִיגְט?
8 אִיךְ הָאבּ אַנְדֶערֶע קְהִלּוֹת גֶערוֹיבְּט, אוּנְד הָאבּ פוּן זֵייא
9 לוֹין גֶענוּמֶען צוּ אֵייעֶר דִינְסְט: אוּנְד וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא
אֵייךְ גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבּ נוֹיט גֶעהַאט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ
קֵיינֶעם נִיט בֶּעלֶעסְטִיגְט, ווָארִין דִיא בְּרִידֶער, וֶוען זֵייא
זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא הָאבֶּען מֵיין בֶּעדֶערְפֶענִים
דֶערְזֶעצְט. אוּנְד אִין אַלֶעם הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעהִיט אַז אִיךְ
זָאל צוּ אֵייךְ נִיט אַ לַאסְט זֵיין, אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ ווייי־
10 טֶער הִיטֶען: אַזוֹי ווִיא דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן מָשִׁיחַ אִיז אִין
מִיר, קֵיינֶער זָאל דִיא דָאזִיגֶע בַּארִיהְמוּנְג מִיר נִיט וֶועהְרֶען
11 אִין דִיא גֶעגֶענְד פוּן אַכְאַיָא: ווָארוּם? ווייל אִיךְ לִיבּ אֵייךְ
12 נִיט? גָאט ווייסְט עֶס: אָבֶּער ווָאס אִיךְ טְהוּא דָאס וֶועל
אִיךְ אוֹיךְ טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל הִינְדֶערְן אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט
פוּן דִיא ווָאס זוּכֶען אַ גֶעלֶעגֶענְהֵייט, כְּדֵי אִין דֶעם ווָאס זֵייא
בַּארִיהְמֶען זִיךְ, זָאלֶען זֵייא גֶעפִינֶען וֶוערֶען גְלֵייךְ ווִיא אוֹיךְ
13 מִיר: ווָארִין אַזֶעלְכֶע זֶענֶען פַאלְשֶׁע אַפָּאסְטֶעל, בֶּעטְרִי־
גֶערִישֶׁע אַרְבֵּייטֶער, ווָאס פֶערְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אַלְס אַפָּאסְטֶעל
14 פוּן מָשִׁיחַ: אוּנְד קֵיין ווְאוּנְדֶער; ווָארִין דֶער שָׂטָן אַלֵיין
15 פֶערְשְׁטֶעלְט זִיךְ אַלְס אַ מַלְאָךְ פוּן לִיכְט: דְרוּם אִיז עֶס
קֵיינֶע גְרוֹיסֶע זַאךְ וֶוען זֵיינֶע דִינֶער פֶערְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אַלְס
דִינֶער פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; וֶועמֶעם סוֹף וֶועט זֵיין נָאךְ
זֵייעֶרֶע וֶוערְק:
16 אִיךְ זָאג ווִידֶער, לָאז מִיךְ קֵיינֶער הַאלְטֶען אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג;
אָבֶּער וֶוען אַזוֹי, אַפִילוּ אַלְס אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג נֶעמְט מִיךְ
17 אָן, כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל בַּארִיהְמֶען: ווָאס
אִיךְ רֶעד, דָאס רֶעד אִיךְ נִיט נָאךְ דֶעם מִנְהָג פוּן דֶעם
הַאר, נֵייעֶרְט ווִיא אִין נַארִישְׁקֵייט אִין דִיזֶער פֶערְזִיכֶערוּנְג
18 פוּן בַּארִיהְמֶען: ווייל פִילֶע בַּארִיהְמֶען זִיךְ נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ,
19 אַזוֹי וֶועל אִיךְ מִיךְ אוֹיךְ בַּארִיהְמֶען: ווָארִין אִיהְר פֶערְ־
טְרָאגְט גֶערְן דִיא נַארֶען, אִינְדֶעם אִיהְר זֶענְט קְלוּג:
20 ווָארִין אִיהְר פֶערְטְרָאגְט וֶוען אִימִיצֶער מַאכְט אֵייךְ פַאר
קְנֶעכְט, וֶוען אִימִיצֶער פֶערְצֶעהְרְט אֵייךְ, וֶוען אִימִיצֶער

פַאנְגְט אֵייך, װֶוען אִימִיצֶער דֶערְהֶעבְּט זִיך קֶעגֶען אֵייך;
21 װֶוען אִימִיצֶער שְׁלָאגְט אֵייך אוֹיף דֶעם פָּנִים: אִיך זָאג
דָאס פַאר בּוּשָׁה, גְלֵייך װִיא מִיר װָאלְטֶען שְׁוַואך גֶעוֶועזֶען.
אָבֶּער אִין װָאס פַאר אַ זַאך אִיז אִימִיצֶער הֶערְצְהַאפְט, אִיך
רֶעד מִיט נַארִישְׁקֵייט, אַזוֹי בִּין אִיך אוֹיך הֶערְצְהַאפְט:
22 זֶענֶען זֵייא עִבְרִים? אִיך אוֹיך. זֶענֶען זֵייא יִשְׂרָאֵלִים? אִיך
23 אוֹיך. זֶענֶען זֵייא זֶרַע אַבְרָהָם? אִיך אוֹיך: זֶענֶען זֵייא
דִינֶער פוּן מָשִׁיחַ? אִיך רֶעד װִיא אֵיינֶער אוֹיסֶער זִיך, אִיך
בִּין מֶעהְר; אִין אַרְבֵּייטֶען פִיל מֶעהְר, אִין גֶעפֶענְגְנִיסֶען
פִיל מֶעהְר, אִין מַלְקוֹת אִיבֶּער דֶעם מָאָס, אִין טוֹיט אָפְּט:
24 פוּן דִיא יוּדֶען הָאבּ אִיך פִינְף מָאל בֶּעקוּמֶען פִירְצִיג
25 מַלְקוֹת װֶעניגֶער אֵיינְס: דְרֵייא מָאל בִּין אִיך מִיט רוּטֶער
גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען, אֵיינְמָאל בִּין אִיך גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶע־
וָוארֶען, דְרֵייא מָאל הָאבּ אִיך שִׁיפְבְּרוּך גֶעלִיטֶען, אַ טָאג
26 אוּנְד אַ נַאכְט בִּין אִיך גֶעוֶועזֶען אִין דֶער טִיפֶענִים: אִין
רֵייזֶען אָפְּט, אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן װַאסֶער, אִין גֶעפַאהְרֶען
פוּן רוֹיבֶּער, אִין גֶעפַאהְרֶען פוּן מֵיין פָאלְק, אִין גֶעפַאהְ־
פוּן דִיא גוֹיִם, אִין גֶעפַאהְרֶען אִין דֶער שְׁטָאט, אִין גֶע־
פַאהְרֶען אִין דֶער װִיסְטֶענִים, אִין גֶעפַאהְרֶען אוֹיף דֶעם
27 יַם, אִין גֶעפַאהְרֶען צְוִוישֶׁען פַאלְשֶׁע בְּרִידֶער: אִין אַרְבֵּייט
אוּנְד מִידִיגְקֵייט, אִין װַאכֶען אָפְּט, אִין הוּנְגֶער אוּנְד דוּרְשְׁט,
28 אִין פַאסְטֶען אָפְּט, אִין קֶעלְט אוּנְד נַאקְטְהֵייט: חוּץ
דִיא אוֹיסֶערְלִיכֶע זַאכֶען, דִיא זָארְג פַאר אַלֶע קְהִלּוֹת,
29 װָאס פַאלְט אוֹיף מִיר טֶעגְלִיך: װֶער אִיז שְׁוַואך, אוּנְד
אִיך בִּין נִיט שְׁוַואך? װֶער אִיז גֶעעֶרְגֶערְט אוּנְד אִיך בְּרֶען
30 נִיט? װֶען אִיך מוּז מִיך בַּארִיהְמֶען, אַזוֹי װֶעל אִיך מִיך
31 בַּארִיהְמֶען מִיט דִיא זַאכֶען פוּן מֵיינֶע שְׁוַואכְהֵייט: דֶער
גָאט אוּנְד פָאטֶער פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, דֶער אִיז גֶעלוֹיבְּט
32 אוֹיף עֶבִּיג, װֵייסְט אַז אִיך זָאג קֵיין לִיגֶען: אִין דַמֶשֶׂק
הָאט דֶער גוּבֶּערְנֶער פוּן אַרֶעטַאס דֶעם קֶענִיג גֶעהִיט דִיא
33 שְׁטָאט פוּן דִיא בְּנֵי דַמֶשֶׂק, כְּדֵי מִיך צוּ פַאנְגֶען: אוּנְד
מֶען הָאט מִיך אַרוּפְּגֶעלָאזְט אִין אַ קָארְבּ ידוּרְך אַ
פֶענְסְטֶער דוּרְך דֶער מוֹיעֶר, אוּנְד אִיך בִּין פוּן זֵיינֶע הֶענְד
אַנְטְרִינֶען:

קאפיטעל יב

1 איך מוז מיך בארימען, דאך ניצט עס מיר ניט; אבער
איך וועל קומען צו געזיכטען אונד אנטפלעקען פון דעם
2 האר: איך ווייס א מאן אין משיח פאר פירצען יאהר,
אויב אין דעם לייב ווייס איך ניט, אדער אויסער דעם
לייב ווייס איך ניט, גאט ווייסט; איך ווייס אזעלכען
3 ארויפגענומען צום דריטען הימעל: אונד איך ווייס
אזעלכען מאן, אויב אין דעם לייב אדער אויסער דעם
4 לייב ווייס איך ניט, גאט ווייסט: אז ער איז ארויפגענומען
געווארען צו פרדס אונד האט געהערט אונאויסשפרעכליכע
ווערטער, וואס עס איז ניט דערלויבט אז א מענש זאל
5 אויסרעדען: וועגען אזעלכען וועל איך מיך בארימען,
אבער וועגען מיך זעלבסט וועל איך מיך ניט בארימען,
חוץ אין מיינע שוואכהייטען:
6 ווארין ווען איך זאל מיך וועלען בארימען, וועל איך
קיין נאר זיין, ווארין איך וועל זאגען דיא ווארהייט;
אבער איך פערמייד עס, כדי קיינער זאל פון מיר ניט
מעהר האלטען וויא ער זעהט אין מיר אדער הערט פון
7 מיר: אונד אז איך זאל מיך ניט צופיל דערהעבען דורך
דער גרויסהייט פון דיא פילע אנטפלעקען, איז מיר
געגעבען א דארן אין פלייש, א שליח פון שטן, אז עס
זאל מיך פאטשען, כדי איך זאל מיך ניט צופיל דער־
8 העבען: וועגען דיזעם האב איך צו דעם האר דרייא מאל
9 געבעטען, אז עס זאל זיך פון מיר אפטהון: אונד ער
האט צו מיר געזאגט, מיינע גנאד איז גענוג פאר דיר,
ווארין מיינע מאכט איז אין דער שוואכהייט פאלקאמען,
דרום וועל איך מיך זעהר גערן ליבער בארימען אין
מיינע שוואכהייטען, כדי דיא מאכט פון משיח זאל אויף
10 מיר רוהען: דרום האב איך הנאה אין שוואכהייטען, אין
לעסטערונגען, אין צרות, אין פערפאלגונגען, אונד אין
אנגסטען, פון וועגען משיח; ווארין ווען איך בין שוואך,
דאן בין איך שטארק:
11 איך בין נאריש געווארען; איהר האט מיך גענעטיגט.
ווארין איך האב געזאלט פון אייך עמפפוילען ווערען.

וואָרין איך בין גאָרנִיט ווענִיגער וויא דיא העכסטע אַפּאָסטעל,
12 חאָטשע איך בין גאָרנִיט געוועזען: דיא צייכען פון איין
אַפּאָסטעל זענען צווישען אייך געווירקט געוואָרען מיט
אַלער געדולד, דורך צייכען אונד וואונדער אונד גבורות:
13 וואָרין וואָס האָט אייך געפעהלט מעהר וויא דיא אַנדערע
קהלות, חוץ אַז איך זעלבּסט בּין אייך ניט צו לאַסט
געוועזען? פערגיבּט מיר דיזעס אומרעכט:
14 זעה דיזעס דריטע מאָל בּין איך פאַרטיג צו אייך צו קומען,
אונד איך וועל אייך ניט בּעלעסטיגען; וואָרין איך זוך
ניט דאָס אייערינע, נייערט אייך. וואָרין דיא קינדער
זאָלען ניט זאַמלען פאַר דיא עלטערן, נייערט דיא עלטערן
15 פאַר דיא קינדער: אונד איך וועל זעהר גערן אויסגעבּען
אונד אויסגעגעבּען ווערען וועגען אייערע נשמות. ווען
16 איך ליב אייך נאָך מעהר בּין איך ווענִיגער געליבּט? אָבּער
לאָז עס אַזוֹי זיין, איך בּין אייך ניט צו לאַסט געוועזען;
נייערט ווייל איך בּין קינסטלעריש, אַזוֹי האָב איך אייך מיט
17 ליסט געפאַנגען: האָב איך פון אייך געהאַט מיינע אייגענע
18 טובה דורך דיא וואָס איך האָב צו אייך געשיקט? איך האָב
טיטוס געבּעטען אונד איך האָב מיט איהם געשיקט דעם
בּרודער; האָט טיטוס פון אייך אַ פאָרטהייל געהאַט? זענען
מיר ניט אין דיא זעלבּיגע טריט געגאַנגען?
19 איהר דענקט שוין לאַנג אַז מיר פערענטפערן אונס פאַר
אייך. מיר רעדען פאַר גאָט אין משיח; אָבּער אַלע
20 זאַכען, געליבּטע, זענען צו אייערע אויפבּויאונג: וואָרין
איך פאָרכט מיך, טאָמער ווען איך וועל קומען וועל איך
אייך געפינען ניט אַזוֹי וויא איך ווינש, אונד איהר וועט
מיך אויך געפינען ניט אַזוֹי וויא איהר ווינשט; טאָמער וועט
זיין געצאַנק, קנאה, צאָרן, מחלוקת, לשון הרע, רכילות,
21 אויפבּלאָזונג, געטומעל: טאָמער ווען איך וועל ווידער־
קומען, וועט מיך מיין גאָט דערנידערן צווישען אייך,
אונד איך וועל טרויערען איבּער פילע וואָס האָבּען פריהער
געזינדיגט, אונד האָבּען ניט תשובה געטהון פאַר דער
אונריינִיגקייט אונד הורעריי אונד אויסגעלאַסענהייט וואָס
זייא האָבּען בּעגאַנגען:

## קאפיטעל יג

1 דִיזֶעס אִיז דָאס דְרִיטֶע מָאל אַז אִיךְ קוּם צוּ אֵייךְ. דוּרְךְ
צְווייא אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת זָאל אִיטְלִיכֶעס וָוארְט בֶּעשְׁטֶע־
2 טִיגְט וָוערֶען: אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פָארְהֶער גֶעזָאגְט, אוּנְד אִיךְ
זָאג פָארְהֶער, גְלֵייךְ ווִיא אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ צוּם צְווייטֶען
מָאל, וֶוען אַפִילוּ אִיךְ בִּין אַוֶועק פוּן אֵייךְ, צוּ דִיא וָואס
הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעזִינְדִיגְט אוּנְד צוּ אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע, אַז
וֶוען אִיךְ וֶועל ווִידֶער אַמָאל קוּמֶען וֶועל אִיךְ נִיט שְׁפָּארֶען:
3 ווייל אִיהְר זוּכְט אַ בֶּעווייז אַז מָשִׁיחַ רֶעט אִין מִיר,
וֶועלְכֶער אִיז נִיט גֶעגֶען אֵייךְ שְׁוַואךְ נֵייעֶרְט אִיז מֶעכְטִיג
4 צְווִישֶׁען אֵייךְ: וָוארִין וֶוען עֶר אִיז אוֹיךְ בֶּאֱמֶת אוֹיס
שְׁוַואכְהֵייט גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען, לֶעבְּט עֶר דָאךְ דוּרְךְ
דֶער קְרַאפְט פוּן גָאט. וָוארִין מִיר זֶענֶען אוֹיךְ שְׁוַואךְ אִין
אִיהְם, אָבֶּער מִיר וֶועלֶען אִין אִיהְם לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶער
מַאכְט פוּן גָאט קֶעגֶען אֵייךְ:
5 פְּרִיפְט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט אוֹיבּ אִיהְר זֶענְט אִים גְלוֹיבֶּען,
רִיכְטֶעט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט; אָדֶער ווייסְט אִיהְר נִיט זֶעלְבְּסְט
אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז אִין אֵייךְ? עֶס זֵייא דֶען אִיהְר טוֹיגְט
6 נִיט: אָבֶּער אִיךְ הָאף אַז אִיהְר וֶועט ווִיסֶען אַז מִיר
7 זֶענֶען קֵיינֶע וָואס טוֹיגֶען נִיט: נוּן בֶּעטֶען מִיר צוּ גָאט אַז
אִיהְר זָאלְט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס טְהוּן, נִיט אַז מִיר זָאלֶען
אוֹיסְזֶעהֶען ווִיא בֶּעווִילִיגְט, נֵייעֶרְט אַז אִיהְר זָאלְט גוּטֶעס
טְהוּן, אוּנְד מִיר זָאלֶען זֵיין ווִיא דִיא וָואס טוֹיגֶען נִיט:
8 וָוארִין מִיר קֶענֶען גָארְנִיט טְהוּן קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט,
9 נֵייעֶרְט פַאר דִיא וָואהְרְהֵייט: וָוארִין מִיר זֶענֶען פְרֶעהְלִיךְ,
וֶוען מִיר זֶענֶען שְׁוַואךְ אוּנְד אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק; דָאס
10 ווִינְשֶׁען מִיר אוֹיךְ, אֵייעֶרֶע גַאנְצְהֵייט: דְרוּם שְׁרֵייבּ אִיךְ
דִיזֶע זַאכֶען וֶוען אִיךְ בִּין אַוֶועק, אַז וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא
אֵייךְ זָאל אִיךְ נִיט שַׁארְף זֵיין נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס דֶער
הַאר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען צוּם אוֹיפְבּוֹיעֶן אוּנְד נִיט צוּם
נִידֶערְרֵייסֶען:
11 צוּלֶעצְט, בְּרִידֶער, זֵייט גֶעגְרִיסְט, זֵייט פָאלְקָאמֶען, זֵייט
גֶעטְרֵייסְט, הָאט אֵיינֶערְלֵייא מֵיינוּנְג, זֵייט פְרִידְלִיךְ; אוּנְד
דֶער גָאט פוּן לִיבֶּע אוּנְד פוּן פְרִידֶען וֶועט מִיט אֵייךְ זֵיין:

12 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען מִיט אַ הֵיילִיגֶען קִישׁ:
13 אַלֶע הֵיילִיגֶע גְרִיסֶען אֵייךְ:
14 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד דִיא לִיבֶּע פוּן
גָאט, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען גֵייסְט זַאל
מִיט אֵייךְ אַלֶע זֵיין:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא גַאלַאטֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל, נִיט פוּן מֶענְשֶׁען אוּנְד נִיט דוּרְךְ
אַ מֶענְשׁ, נֵייעֶרְט דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְד גָאט דֶעם
פָּאטֶער, וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא
2 טוֹיטֶע: אוּנְד אַלֶע בְּרִידֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען מִיט מִיר, צוּ
3 דִיא קְהִלוֹת פוּן גַאלַאטִיָא: גְנָאד צוּ אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט אוּנְזֶער פָּאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
4 הַמָשִׁיחַ: וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט גֶעגֶעבֶּען פַאר
אוּנְזֶערֶע זִינְד, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְס מַצִיל זֵיין פוּן דֶער
אִיצְטִיגֶען אִיבֶּעלֶען וֶועלְטְצֵייט נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן
5 אוּנְזֶער גָאט אוּנְד פָּאטֶער: צוּ וֶועלְכֶעם זָאל זֵיין דִיא
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
6 אִיךְ ווְאוּנְדֶער מִיךְ אַז אִיהְר קֶעהְרְט אַזוֹי גֶעשְׁווִינְד אָפּ
פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען אִין דֶער גְנָאד
7 פוּן מָשִׁיחַ צוּ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה: וֶועלְכֶע אִיז
נִיט קֵיינֶע אַנְדֶערֶע; אוֹיסֶער עֶס זֶענֶען דָא עֶטְלִיכֶע דִיא
אֵייךְ פֶערְטוּמֶעלֶען אוּנְד ווִילֶען פֶערְקֶעהְרֶען דִיא בְּשׂוּרָה
8 טוֹבָה פוּן דֶעם מָשִׁיחַ: אָבֶּער וֶוען אוֹיךְ מִיר, אָדֶער אַ מַלְאָךְ
פוּן הִימֶעל זָאל צוּ אֵייךְ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה
פְרֶעדִיגֶען חוּץ דִיא וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ
9 גֶעפְּרֶעדִיגְט, דֶער זָאל זֵיין חֵרֶם: גְלֵייךְ ווִיא מִיר הָאבֶּען
פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַזוֹי זָאג אִיךְ ווִידֶער אִיצְט, וֶוען

אִימִיצֶער פְּרֶעדִיגְט צוּ אֵייךְ אֵיינֶע אַנְדֶערֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה
אוֹיסֶער דִיא וָואס אִיהְר הָאט אָנְגֶענוּמֶען, לָאז עֶר זַיין
10 חֵרֶם: וָוארִין אִיבֶּערְרֶעד אִיךְ אִיצְט מֶענְשֶׁען אָדֶער גָאט?
אָדֶער זוּךְ אִיךְ מֶענְשֶׁען צוּ גֶעפֶעלֶען? וֶוען אִיךְ זָאל
נָאךְ מֶענְשֶׁען גֶעפֶעלֶען וָואלְט אִיךְ נִיט גֶעוֶועזֶען אַ
קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ:
11 וָוארִין אִיךְ לָאז אֵייךְ צוּ וִויסֶען, בְּרִידֶער, דִיא בְּשׂוּרָה
טוֹבָה וֶועלְכֶע אִיז פוּן מִיר גֶעפְּרֶעדִיגְט, אַז זִיא אִיז נִיט
12 נָאךְ מֶענְשֶׁען: וָוארִין אִיךְ הָאבּ זִיא נִיט דֶערְהַאלְטֶען
פוּן אַ מֶענְשׁ, אוֹיךְ נִיט גֶעלֶערְנְט, נֵייעֶרְט דוּרְךְ אֵיינֶע
13 אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וָוארִין אִיהְר הָאט
גֶעהֶערְט וִויא אִיךְ הָאבּ פְרִיהֶער גֶעוַואנְדֶעלְט אִין דֶעם
יוּדֶענְטְהוּם, אַז אִיךְ הָאבּ אִיבֶּער דֶעם מָאָס דִיא קְהִלָּה
פוּן גָאט פֶערְפָאלְגְט, אוּנְד הָאבּ זִיא פֶערְוִויסְטֶעט:
14 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מֶעהְר צוּגֶענוּמֶען אִין יוּדֶענְטְהוּם וִויא
פִילֶע פוּן דִיא אִין מֵיינֶע יָאהְרֶען צְוִוישֶׁען מֵיין פָאלְק,
ווייל אִיךְ בִּין זֶעהְר אֵייפְרִיג גֶעוֶועזֶען פַאר דִיא
15 אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְג פוּן מֵיינֶע אָבוֹת: אָבֶּער וֶוען עֶס הָאט
גָאט גֶעפֶעלֶען, וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן
מֵיין מוּטֶערְ'ס לֵייבּ, אוּנְד הָאט מִיךְ גֶערוּפֶען דוּרְךְ זֵיינֶע
16 גְנָאד: זַיין זוּהְן אִין מִיר צוּ אַנְטְפְּלֶעקֶען, אַז אִיךְ זָאל
אִיהְם פְּרֶעדִיגֶען צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם, הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט גְלֵייךְ
17 בֶּערָאטֶען מִיט פְלֵיישׁ אוּנְד בְּלוּט: אוֹיךְ בִּין אִיךְ נִיט
אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם צוּ דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען
פָאר מִיר גֶעוָוארֶען אַפָּאסְטֶעל, נֵייעֶרְט אִיךְ בִּין
אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין אַרַאבִּיעֶן אוּנְד בִּין וִוידֶער צוּרִיקְ־
גֶעקֶעהְרְט קֵיין דַמֶּשֶׂק:
18 דַאן נָאךְ דְרַייא יָאהְר בִּין אִיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען קֵיין
יְרוּשָׁלַיִם, כֵּיפָא צוּ בְּעזוּכֶען, אוּנְד בִּין בַּייא אִיהְם
19 גֶעבְּלִיבֶּען פוּפְצֶעהְן טֶעג: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ קֵיין אַנְדֶערְן
פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל גֶעזֶעהֶען, אוֹיסֶער יַעֲקֹב דֶעם בְּרוּדֶער
20 פוּן דֶעם הַאר: נוּן דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ,
21 זֶעה, גָאט ווייסְט אַז אִיךְ זָאג נִיט קֵיין לִיגֶען: דֶערְנָאךְ
בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אִין דִיא גֶעגֶענְד פוּן סוּרְיָא אוּנְד

22 קִלִיקִיָא׃ אוּנְד אִיךְ בִּין אוּנְבֶּעקַאנְט גֶעוֶועזֶען פָּנִים אֶל
פָּנִים צוּ דִיא קְהִלוֹת פוּן יְהוּדָה וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ׃
23 נוּר זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט, אַז דֶער וֶועלְכֶער הָאט אוּנְס
פְרִיהֶער פֶּערְפָאלְגְט פְּרֶעדִיגְט אִיצְט דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס
24 עֶר הָאט פְרִיהֶער פֶּערְשְׁטֶערְט׃ אוּנְד זַייא הָאבֶּען אִין
מִיר גָאט פֶּערְהֶערְלִיכְט׃

## קאפיטעל ב

1 דֶערְנָאךְ נָאךְ פִירְצֶעהְן יָאהְר בִּין אִיךְ וִוידֶער אַרוֹיפְ־
גֶעגַאנְגֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט בַּרְנַבָּא, אוּנְד הָאבּ אוֹיךְ
2 טִיטוֹס מִיטְגֶענוּמֶען׃ אוּנְד אִיךְ בִּין אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען
מַחְמַת אֵיינֶע אַנְטְפְּלֶעקוּנְג, אוּנְד הָאבּ זַייא פָארְגֶעלֶעגְט
דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה וֶועלְכֶע אִיךְ פְּרֶעדִיגֶע צְוִוישֶׁען דִיא
גוֹיִם, אָבֶּער בֶּעזוּנְדֶערְס צוּ דִיא אָנְגֶעזֶעהֶענֶע לַייט, כְּדֵי
אִיךְ זָאל נִיט לוֹיפֶען אָדֶער בִּין גֶעלָאפֶען אוּמְזוּסְט׃
3 אָבֶּער אַפִילוּ נִיט טִיטוֹס, וֶועלְכֶער אִיז מִיט מִיר
גֶעוֶועזֶען, וֶוען אוֹיךְ אַ גְרֶעק, אִיז גֶעצְוואוּנְגֶען גֶעוָוארֶען
4 בֶּעשְׁנִיטֶען צוּ וֶוערֶען׃ אָבֶּער וֶועגֶען דִיא פַאלְשֶׁע
בְּרִידֶער, וָואס הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעשְׁטִיפְּט,
וֶועלְכֶע זֶענֶען אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אוֹיסְצוּשְׁפֶּעהֶען אוּנְזֶערֶע
פְרֵייהֵייט וָואס מִיר הָאבֶּען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, כְּדֵי זַייא
5 זָאלֶען אוּנְס בְּרֶענְגֶען אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט׃ צוּ וֶועלְכֶע
מִיר הָאבֶּען נִיט נָאכְגֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זַיין,
אַפִילוּ נִיט אַ שָׁעָה, כְּדֵי דִיא וָואהְרְהֵייט פוּן דֶער
6 בְּשׂוּרָה טוֹבָה זָאל בַּייא אֵייךְ בְּלֵייבֶּען׃ אָבֶּער פוּן דִיא
וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעזֶעהֶען עֶפֶּעס צוּ זַיין, וִויא חָשׁוּב
זַייא זֶענֶען אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען גֶעהְט מִיךְ נִיט אָן, גָאט אִיז
נִיט קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים; וָוארִין מִיר הָאבֶּען דִיא אָנְגֶעזֶעהֶענֶע
7 גָארְנִיט מִיטְגֶעטְהֵיילְט׃ נֵייעֶרְט אוּמְגֶעקֶעהְרְט, וֶוען זַייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז מִיר אִיז אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶט דִיא בְּשׂוּרָה
טוֹבָה פַאר דִיא עֲרֵלִים, גְלֵייךְ וִויא צוּ פֶּעטְרוֹס דִיא צוּ
8 דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע׃ וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הָאט אִין
פֶּעטְרוֹס גֶעוִוירְקְט צוּם שְׁלִיחוּת צוּ דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע,
9 הָאט אוֹיךְ אִין מִיר גֶעוִוירְקְט צוּ דִיא גוֹיִם׃ אוּנְד וֶוען
זַייא הָאבֶּען אֵיינְגֶעזֶעהֶען דִיא גְנָאד וֶועלְכֶע אִיז מִיר

גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען יַעֲקֹב אוּנְד כֵּיפָא אוּנְד
יוֹחָנָן, װעלכֶע זֶענֶען אַלְס זֵיילֶען אָנְגֶעזֶעהֶען, צוּ מִיר
אוּנְד בַּרְנַבָּא גֶעגֶעבֶּען דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד דֶער גֶעמֵיינְ־
שַׁאפְט אַז מִיר זָאלֶען גֶעהֶען צוּ גוֹיִם, אוּנְד זֵייא צוּ
10 דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע: נוּר אַז מִיר זָאלֶען גֶעדֶענְקֶען אָן
דִיא אָרְמֶע לֵייט, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעלְבְּסְט בֶּעפְלֵייסִיגְט
צוּ טְהוּן:
11 אָבֶּער װען פֶּעטְרוֹס אִיז גֶעקוּמֶען קֵיין אַנְטִיוֹכְיָא, בִּין אִיךְ
אִיהְם פָּנִים אֶל פָּנִים ווִידֶערְשְׁטַאנֶען, וֵוייל עֶר אִיז
12 פֶערְשׁוּלְדִיגְט גֶעוָועזֶען: וָוארִין אֵיידֶער עֶטְלִיכֶע לֵייט
פוּן יַעֲקֹב זֶענֶען גֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶעגֶעסֶען מִיט דִיא
גוֹיִם; אָבֶּער װען זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ
צוּרִיקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד הָאט זִיךְ פוּן זֵייא אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט,
וֵוייל עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט פַאר דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע:
13 אוּנְד אַפִילוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ מִיט
אִיהְם פֶערְשְׁטֶעלְט, אַזוֹי אַז בַּרְנַבָּא אִיז אוֹיךְ דוּרְךְ זֵייעֶרֶע
הַייכְלֶערַייא פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען:
14 אָבֶּער װען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז זֵייא הָאבֶּען נִיט
אוֹיפְרִיכְטִיג גֶעוַואנְדֶעלְט נָאךְ דֶער וָואהְרְהֵייט פוּן דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, הָאבּ אִיךְ צוּ פֶּעטְרוֹס פָאר אַלֶע גֶעזָאגְט,
װען דוּא, דֶער בִּיסְט אַ יוּד לֶעבְּסְט גוֹאִישׁ אוּנְד נִיט
יוּדִישׁ, וִויא צְווִינְגְסְט דוּא דִיא גוֹיִם יוּדִישׁ צוּ לֶעבֶּען?
15 מִיר וָואס זֶענֶען יוּדֶען פוּן נַאטוּר, אוּנְד נִיט זִינְדֶער פוּן
16 דִיא גוֹיִם: דָאךְ ווִיסֶען מִיר אַז אַ מֶענְשׁ אִיז נִיט
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ דִיא װערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ,
נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, הָאבֶּען מִיר
אַפִילוּ אָן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ גֶעגְלוֹיבְּט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְט װערֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ אוּנְד נִיט
דוּרְךְ דִיא װערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, וָוארִין דוּרְךְ דִיא װערְק
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ װעט קֵיין פְלֵיישׁ גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט
17 װערֶען: תהלים קמ"ג ב׳. אָבֶּער אִינְדֶעם װען מִיר זוּכֶען
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט צוּ װערֶען אִין מָשִׁיחַ, זֶענֶען מִיר
זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ זִינְדֶער גֶעפִינֶען, אִיז דֶער מָשִׁיחַ אַ
18 דִינֶער פוּן זִינְד? חָלִילָה: וָוארִין װען אִיךְ בּוֹיעֶ ווִידֶער אוֹיף

דִיא זַאכֶען וָואס אִיךְ הָאבּ אֵיינְגֶעוָוארְפֶען, אַזוֹי בֶּעוֵוייז
19 אִיךְ מִיךְ זֶעלְבְּסְט אַלְס אַיין אִיבֶּערְטְרֶעטֶער: וָוארִין דוּרְךְ
דֶער תּוֹרָה בִּין אִיךְ צוּ דֶער תּוֹרָה גֶעשְׁטָארְבֶּען, כְּדֵי אִיךְ
20 זָאל צוּ גָאט לֶעבֶּען: אִיךְ בִּין גֶעקְרֵייצִיגְט מִיט מָשִׁיחַ, דָאךְ
לֶעבּ אִיךְ, אָבֶּער נִיט מֶעהְר אִיךְ, נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ לֶעבְּט אִין
מִיר; אוּנְד וָואס אִיךְ לֶעבּ אַצוּנְד אִין דֶעם פְלֵיישׁ, דָאס
לֶעבּ אִיךְ דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט,
וֶועלְכֶער הָאט מִיךְ גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט פַאר
21 מִיר אָפְּגֶעגֶעבֶּען: אִיךְ מַאךְ נִיט דִיא גְנָאד פוּן גָאט בָּטֵל;
וָוארִין וֶוען דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז דוּרְךְ דֶער תּוֹרָה, אַזוֹי
אִיז מָשִׁיחַ אוּמְזוּסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען:

## קאפיטעל ג

1 אָ נַארִישֶׁע גַאלַאטֶער, וֶוער הָאט אֵייךְ בֶּעצוֹיבֶּערְט, צוּ
וֶועלְכֶע יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז פָאר דִיא אוֹיגֶען פָארְגֶעצֵייכֶענְט
2 גֶעוָוארֶען אַלְס גֶעקְרֵייצִיגְט? דָאס וִויל אִיךְ נוּר פוּן אֵייךְ
לֶערְנֶען, הָאט אִיהְר דֶעם גֵייסְט בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ דִיא וֶוערְק
פוּן דֶעם גֶעזֶעץ אָדֶער דוּרְךְ דֶעם הֶערֶען פוּן גְלוֹיבֶּען?
3 זֶענְט אִיהְר אַזוֹי נַארִישׁ? וֶוען אִיהְר הָאט אִים גֵייסְט
4 אָנְגֶעהוֹיבֶּען, עֶנְדִיגְט אִיהְר אִיצְט אִים פְלֵיישׁ? הָאט אִיהְר
אַזוֹי פִיל אוּמְזוּסְט גֶעלִיטֶען? וֶוען וִוירְקְלִיךְ עֶס אִיז
5 אוּמְזוּסְט? דְרוּם דֶער וֶועלְכֶער דֶערְלַאנְגְט אֵייךְ דֶעם
גֵייסְט אוּנְד וִוירְקְט וְואוּנְדֶער צְוִוישֶׁען אֵייךְ, טְהוּט עֶר עֶס
דוּרְךְ דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אָדֶער דוּרְךְ דֶעם
6 הֶערֶען פוּן גְלוֹיבֶּען? גְלֵייךְ וִויא אַבְרָהָם הָאט גָאט
גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד עֶס אִיז אִיהְם צוּגֶערֶעכֶענְט גֶעוָוארֶען
אַלְס גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: בראשית ט״ו ו׳.
7 דְרוּם זָאלְט אִיהְר וִויסֶען אַז דִיא וָואס זֶענֶען פוּן גְלוֹיבֶּען
8 דִיזֶע זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן אַבְרָהָם: אָבֶּער דִיא שְׁרִיפְט
הָאט פָארְאוֹים גֶעזֶעהֶען אַז גָאט וֶועט דִיא גוֹיִם
רֶעכְטְפֶערְטִיגֶען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאט פָארְאוֹים
בֶּעפְרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ אַבְרָהָם, אִין דִיר
וֶועלֶען אַלֶע פֶעלְקֶער גֶעבֶּענְשְׁט וֶוערֶען: בראשית י״ב ג׳.
9 אַזוֹי דֶען, דִיא וֶועלְכֶע זֶענֶען פוּן גְלוֹיבֶּען זֶענֶען גֶעבֶּענְשְׁט
10 מִיט דֶעם גְלוֹיבִּיגֶען אַבְרָהָם: וָוארִין אַזוֹי פִיל וָואס זֶענֶען

פוּן דִיא װערְק פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, דִיא זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם
פְלוּךְ; װָארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערְפְלוּכְט אִיז
אִיטְלִיכֶער װָאס בְּלֵייבְּט נִיט אִין אַלֶעם װָאס אִיז
גֶעשְׁרִיבֶּען אִים סֵפֶר תּוֹרָה זַייא צוּ טְהוּן: דברים כ״ז כ״ו.
אָבֶּער אַז קֵיינֶער אִיז בַּייא גָאט גֶערֶעכְטפֶערְטִיגְט דוּרְךְ 11
דֶעם גֶעזֶעץ אִיז קְלָאר, װָארִין דֶער גֶערֶעכְטֶער װֶעט דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען: חבקוק ב׳ ד׳. אוּנְד דָאס גֶעזֶעץ אִיז 12
נִיט פוּן גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט דֶער װֶעלְכֶער טְהוּט זַייא װֶעט
אִין זַייא לֶעבֶּען: ויקרא י״ח ה׳. מָשִׁיחַ הָאט אוּנְס אוֹיסְגֶע־ 13
לֶעזְט פוּן דֶעם פְלוּךְ פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, אִינְדֶעם עֶר אִיז
אַ פְלוּךְ פַאר אוּנְס גֶעוָוארֶען, װָארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען, פֶערְפְלוּכְט אִיז אִיטְלִיכֶער װָאס הֶענְגְט אוֹיף
אַ בּוֹים: דברים כ״א כ״ג. כְּדֵי דִיא בְּרָכָה פוּן אַבְרָהָם זָאל 14
קוּמֶען אוֹיף דִיא גוֹיִם דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַז מִיר
זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶעם גֵייסְט דוּרְךְ
דֶעם גְלוֹיבֶּען:
בְּרִידֶער, אִיךְ רֶעד מֶענְשְׁלִיךְ. אַ בּוּנְד װֶען עֶר אִיז 15
אוֹיךְ נוּר פוּן אַ מֶענְשׁ, דָאךְ װֶען עֶר אִיז בֶּעשְׁטֶעטִיגְט
מַאכְט אִיהְם קֵיינֶער אוּנְגִילְטִיג אָדֶער טְהוּט עֶפֶּעס
דֶערְצוּ: נוּן זֶענֶען דִיא הַבְטָחוֹת צוּגֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען צוּ 16
אַבְרָהָם אוּנְד צוּ זֵיין זָאמֶען. עֶר זָאגְט נִיט, אוּנְד צוּ
דִיא זָאמֶען, װִיא פוּן פִילֶע, נֵייעֶרְט װִיא פוּן אֵיינֶעם,
אוּנְד צוּ דֵיין זָאמֶען, דָאס אִיז דֶער מָשִׁיחַ: בראשית י״ג ט״ו.
אוּנְד דָאס זָאג אִיךְ, אַ בּוּנְד װֶעלְכֶער אִיז פוּן גָאט 17
פְרִיהֶער בֶּעשְׁטֶעטִיגְט גֶעוָוארֶען, קָאן דִיא תּוֹרָה, װֶעלְכֶע
אִיז גֶעוֶועזֶען פִיער הוּנְדֶערְט אוּנְד דְרַייסִיג יָאהְר דֶערְנָאךְ,
נִיט צוּשְׁטֶערְן, אַז זִיא זָאל דִיא הַבְטָחָה בָּטֵל מַאכֶען:
װָארִין װֶען דִיא יְרוּשָׁה אִיז דוּרְךְ דִיא תּוֹרָה, אַזוֹי אִיז 18
עֶס נִיט מֶעהְר דוּרְךְ דִיא הַבְטָחָה; אָבֶּער גָאט הָאט זִיא
גֶעגֶעבֶּען אוֹים גְנָאד צוּ אַבְרָהָם דוּרְךְ דִיא הַבְטָחָה:
צוּ װָאס אִיז דֶען דִיא תּוֹרָה? זִיא אִיז צוּגֶעזָאגְט 19
גֶעוָוארֶען װֶעגֶען דֶער אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג, בִּיז דֶער זָאמֶען
װֶעט קוּמֶען צוּ דֶעם דִיא הַבְטָחָה אִיז גֶעגֶעבֶּען, אוּנְד
זִיא אִיז פֶערְאָרְדֶענְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מַלְאָכִים אִין דֶער

20 האנד פון א פערמיטלער: נון דער פערמיטלער איז ניט
21 פון איינעם, אבער גאט איז איינער: איז דען דיא תּורה קענען דיא הבטחות פון גאט? חלילה. וואָרין ווען א געזעץ וואלט געגעבען געוואָרען וועלכעס קאן געבען לעבען, אזוי וואלט ווירקליך געוועזען דיא גערעכטיגקייט
22 דורך דעם געזעץ: אבער דיא שריפט האט אלע אונטער זינד איינגעשלאָסען, כּדי דיא הבטחה דורך גלויבען אן ישוּע המשיח זאל געגעבען ווערען צו דיא וואָס גלויבען:
23 אבער איידער דער גלויבען איז געקומען, זענען מיר געהאלטען געוואָרען אין פערוואהרונג אונטער דער תּורה. אונד זענען איינגעשלאָסען צו דעם גלויבען,
24 וועלכער זאלט דערנאך אנטפלעקט ווערען: אזוי דען איז דיא תּורה געוואָרען אונזער בעהעלפער צו משיח, כּדי מיר זאלען דורך דעם גלויבען גערעכטפערטיגט ווערען:
25 אבער ווען דער גלויבען איז געקומען, אזוי זענען מיר
26 ניט מעהר אונטער א בעהעלפער: וואָרין איהר זענט אלע זיהן פון גאט דורך דעם גלויבען אן ישוּע המשיח:
27 וואָרין אזוי פילע פון אייך וואָס זענען צום משיח געטובלט
28 געוואָרען, דיא האבען משיח אָנגעטהון: עס איז ניט דא יוּד אָדער גריעק, עס איז ניט דא קנעכט אָדער פרייער, עס איז ניט דא זכר אָדער נקבה; וואָרין איהר
29 זענט אלע איינס אין ישוּע המשיח: אוּנד ווען איהר געהערט צו משיח, אזוי זענט איהר דער זאמען פון אברהם אוּנד יוֹרשים נאך דער הבטחה:

## קאפיטעל ד

1 נון זאג איך, כּל זמן דער יורש איז א קינד איז קיין אונטערשיד צווישען איהם אונד א קנעכט, כאטשע ער
2 איז דער האר פון אלעם: נייערט ער איז אונטער פערוואלטער אונד הויזהאלטער, ביז צו דער צייט וואָס
3 זיין פאטער האט בעשטימט: אזוי אויך מיר, ווען מיר זענען געוועזען קינדער, זענען מיר געמאכט קנעכט
4 אונטער דיא יסודות פון דער וועלט: אבער ווען דיא דערפילטע צייט איז געקומען, האט גאט ארויסגעשיקט

זַיין זוּהְן דֶער אִיז גֶעבּוֹירֶען פוּן אַ פְרוֹיא, אוּנְד אִיז
5 גֶעוָוארֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה: כְּדֵי עֶר זָאל אוֹיסְלֶעזֶען
דִיא וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶער תּוֹרָה, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
6 דֶערְהַאלְטֶען דִיא קִינְדְשַׁאפְט: אוּנְד וַוייל אִיהְר זֶענְט
זִיהְן הָאט גָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם גֵייסְט פוּן זַיין זוּהְן אִין
7 אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער, דֶער רוּפְט, אַבָּא פָאטֶער: אַזוֹי דֶען
בִּיזְט דוּא נִיט מֶעהְר אַ קְנֶעכְט, נֵייעֶרְט אַ זוּהְן; אוּנְד וֶוען
אַ זוּהְן בִּיזְט דוּא אוֹיךְ אַ יוֹרֵשׁ דוּרְךְ גָאט:
8 אָבֶּער דַאן וֶוען אִיהְר הָאט גָאט נִיט גֶעקֶענְט, הָאט אִיהְר
גֶעדִינְט דִיא וָואס זֶענֶען נִיט גֶעטֶער פוּן דֶער נַאטוּר:
9 אָבֶּער אַצוּנְד וֶוען אִיהְר הָאט גָאט דֶערְקֶענְט, אָדֶער
לִיבֶּער זֶענְט פוּן אִיהְם דֶערְקֶענְט, ווִיא אַזוֹי קֶעהְרְט אִיהְר
ווִידֶער צוּרִיק צוּ דִיא שְׁוַואכֶע אוּנְד אָרְמֶע יְסוֹדוֹת וֶועלְכֶע
10 אִיהְר ווִילְט ווִידֶער אַמָאל דִינֶען? אִיהְר הַאלְט טֶעג אוּנְד
11 חֳדָשִׁים אוּנְד צֵייטֶען אוּנְד יָאהְרֶען: אִיךְ הָאבּ מוֹרָא
וֶוענֶען אֵייךְ, טָאמֶער הָאבּ אִיךְ אוּמְזוּסְט וֶוענֶען אֵייךְ
גֶעאַרְבֵּייט:
12 בְּרִידֶער, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ, זַייט אַזוֹי ווִיא אִיךְ בִּין, וָוארִין
אִיךְ בִּין אַזוֹי ווִיא אִיהְר. אִיהְר הָאט מִיר קֵיין אוּנְרֶעכְט
13 נִיט גֶעטְהוּן: אָבֶּער אִיהְר ווֵייסְט אַז דוּרְךְ אַ שְׁוַואכְהֵייט
פוּן דֶעם פְלֵיישׁ הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ צוּעֶרְשְׁט דִיא בְּשׂוֹרָה
14 טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט: אוּנְד אֵייעֶרֶע פְּרִיפוּנְג וָואס אִיז גֶע־
וֶועזֶען אִין מֵיין פְלֵיישׁ הָאט אִיהְר נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט אוּנְד
נִיט פֶערְוָוארְפֶען, נֵייעֶרְט אִיהְר הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען
15 ווִיא אַ מַלְאָךְ פוּן גָאט, ווִיא יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: ווְאוּ אִיז דֶען
יֶענֶע גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט? וָוארִין אִיךְ זָאג
אֵייךְ עֵדוּת, אַז וֶוען עֶס זָאל מֶעגְלִיךְ זַיין וָואלְט אִיהְר
אֵייעֶרֶע אוֹיגֶען אוֹיסְגֶערִיסֶען אוּנְד וָואלְט זֵייא מִיר גֶע־
16 גֶעבֶּען: אַזוֹי דֶען בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אֵייעֶר פֵיינְד ווַייל
17 אִיךְ זָאג אֵייךְ דִיא וָואהְרְהֵייט? זֵייא זֶענֶען אֵייפְרִיג וֶועגֶען
אֵייךְ, אָבֶּער נִיט גוּט, נֵייעֶרְט זֵייא ווִילֶען אֵייךְ אוֹיסְ־
שְׁלִיסֶען כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וֶועגֶען זֵייא אֵייפְרִיג וֶוערֶען:
18 אָבֶּער עֶס אִיז גוּט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַ גוּטֶע זַאךְ אֵייפְרִיג
19 צוּ זַיין, אוּנְד נִיט נוּר וֶוען אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ: מֵיינֶע

קִינְדֶער, מִיט וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ ווִידֶער אַמָאל גֶעבּוּרְסְטְ־
וֶועהֶען, בִּיז מָשִׁיחַ וֶועט אִין אֵייךְ גֶעבִּילְדֶעט וֶוערֶען:
20 אָבֶּער אִיךְ הָאבּ גֶעוְואוּנְשְׁט בֶּייא אֵייךְ אַצוּנְד צוּ זַיין,
אוּנְד מַיין קוֹל צוּ פֶערְעֶנְדֶערְן, וָוארִין אִיךְ בִּין וֶועגֶען אֵייךְ
פֶערְטִימֶעלְט:
21 זָאגְט מִיר, אִיהְר וָואס ווִילְט זַיין אוּנְטֶער דֶעם גֶעזֶעץ,
22 הֶערְט אִיהְר נִיט דָאס גֶעזֶעץ? וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶע־
שְׁרִיבֶּען אַז אַבְרָהָם הָאט גֶעהַאט צְוֵויא זִיהְן, אֵיינֶעם פוּן
23 דֶער דִינְסְט אוּנְד אֵיינֶעם פוּן דֶער פְרֵייעֶן פְרוֹיא: אָבֶּער
דֶער פוּן דֶער דִינְסְט אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם
פְלֵיישׁ, אָבֶּער דֶער פוּן דֶער פְרֵייעֶן פְרוֹיא דוּרְךְ דֶער
24 הַבְטָחָה: אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַ מָשָׁל, וָוארִין דִיזֶע
פְרוֹיעֶן זֶענֶען צְוֵייא בּוּנְדֶען, אֵיינֶער פוּן דֶעם בַּארְג סִינַי,
25 וָואס גֶעווִינְט קִינְדֶער צוּר קְנֶעכְטְשַׁאפְט, וָואס אִיז הָגָר: נוּן הָגָר
אִיז דֶער בַּארְג סִינַי אִין אַרַאבִּיעֶן, אוּנְד זִיא אִיז גְלֵייךְ צוּם
אִיצְטִיגֶען יְרוּשָׁלַיִם, וָוארִין זִיא אִיז אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט מִיט
26 אִיהְרֶע קִינְדֶער: אָבֶּער יְרוּשָׁלַיִם וָואס אִיז אוֹיבֶּען אִיז
27 פְרֵייא, וָואס אִיז אוּנְזֶערֶע מוּטֶער: וָוארִין עֶס שְׁטֶעהְט
גֶעשְׁרִיבֶּען

„זַייא פְרֶעהְלִיךְ דוּא עֲקָרָה וֶועלְכֶע גֶעווִינְט נִיט, רוּף
אוֹיס אוּנְד שְׁרַייא דוּא וָואס הָאסְט קֵיינֶע גֶעבּוּרְטְסְ־
וֶועהֶען, וָוארִין דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער פֶערְווִיסְטֶער פְרוֹיא
זֶענֶען מֶעהְר ווִיא דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער וָואס הָאט אַ מַאן״:

ישעיה נ״ד א׳.

28 נוּן מִיר, בְּרִידֶער, זֶענֶען דִיא קִינְדֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה,
29 אַזוֹי ווִיא יִצְחָק: אָבֶּער גְלֵייךְ ווִיא דַאן, דֶער וָואס אִיז גֶע־
בּוֹירֶען גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ הָאט פֶערְפָאלְגְט דֶעם נָאךְ
30 דֶעם גֵייסְט, אַזוֹי אִיז עֶס אוֹיךְ אַצוּנְד: אָבֶּער וָואס זָאגְט דִיא
שְׁרִיפְט? טְרֵייבּ אַרוֹיס דִיא דִינְסְט אוּנְד אִיהְרֶען זוּהְן,
וָוארִין דֶער זוּהְן פוּן דֶער דִינְסְט זָאל נִיט יַרְשֶׁענֶען מִיט
31 דֶעם זוּהְן פוּן דֶער פְרֵייעֶן פְרוֹיא: בראשית כ״א י׳. דְרוּם
בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר נִיט דִיא קִינְדֶער פוּן אַ דִינְסְט, נֵייעֶרְט
פוּן דֶער פְרֵייעֶן:

## קאַפּיטעל ה

1 מִיט פְרֵייהַייט הָאט אוּנְס מָשִׁיחַ בֶּעפְרֵייעֶט, דְרוּם שְׁטֶעהְט
פֶּעסְט אוּנְד פֶּערְשְׁטְרִיקְט אֵייךְ נִיט וִוידֶער דוּרְךְ דֶעם יָאךְ
פוּן קְנֶעכְטְשַׁאפְט:
2 זֶעה, אִיךְ פּוֹלוֹס זָאג אֵייךְ, אַז וֶוען אִיהְר וֶועט בֶּעשְׁנִיטֶען
3 וֶוערֶען וֶועט אֵייךְ מָשִׁיחַ גָארְנִיט נוּצֶען: אוּנְד אִיךְ בֶּעצֵייג
וִוידֶער צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס וֶועט בֶּעשְׁנִיטֶען, אַז עֶר אִיז
4 שׁוּלְדִיג צוּ הַאלְטֶען דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה: אִיהְר זֶענְט אָפְּ־
גֶעזוּנְדֶערְט פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיהְר רֶעכְטְפֶּערְטִיגְט אֵייךְ
דוּרְךְ דִיא תּוֹרָה, אִיהְר זֶענְט גֶעפַאלֶען פוּן דֶער גְנָאד:
5 וָוארִין דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט וַוארְטֶען מִיר אוֹיף דֶער הָאפְנוּנְג
6 פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען: וָוארִין אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג גָארְנִיט, דִיא עָרְלָה
אוֹיךְ נִיט, נֵייעֶרְט דֶער גְלוֹיבֶּען וָואס וִוירְקְט דוּרְךְ לִיבֶּע:
7 אִיהְר זֶענְט גוּט גֶעלָאפֶען, וֶוער הָאט אֵייךְ גֶעהִינְדֶערְט אַז
8 אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעהָארְכֶען דִיא וָואהְרְהֵייט? דִיזֶע אִי־
בֶּערְרֶעדוּנְג אִיז נִיט פוּן אִיהְם דֶער אֵייךְ הָאט גֶערוּפֶען:
9 אַבִּיסֶעל זוֹיעֶר טֵייג פֶערְזוֹיעֶרְט דֶעם גַאנְצֶען טֵייג:
10 אִיךְ הָאבּ דָאס פֶערְטְרוֹיעֶן אִין דֶעם הַאר וֶועגֶען אֵייךְ,
אַז אִיהְר וֶועט נִיט אַנְדֶערְשׁ דֶענְקֶען, אָבֶּער דֶער וָואס
בֶּעטְרִיבְּט אֵייךְ וֶועט זַיין מִשְׁפָּט לֵיידֶען, זֵייא עֶר וֶוער
11 עֶר וִויל: אָבֶּער אִיךְ, בְּרִידֶער, וֶוען אִיךְ נָאךְ פְּרֶעדִיג
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג, וָוארוּם בִּין אִיךְ נָאךְ פֶערְפָאלְגְט? אַזוֹי דֶען
אִיז דִיא שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פוּן דֶעם קְרֵייץ אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט:
12 הַלְוַאי וָואלְטֶען דִיא וָואס פֶערְשְׁטֶערֶען אֵייךְ פֶערְשְׁנִיטֶען
וֶוערֶען:
13 וָוארִין, בְּרִידֶער, אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען צוּ פְרֵיי־
הֵייט, נוּר בֶּענִיצְט נִיט דִיא פְרֵייהֵייט אַלְס גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּם
פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט דִינְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען דוּרְךְ דִיא לִיבֶּע:
14 וָוארִין דִיא גַאנְצֶע תּוֹרָה אִיז דֶערְפִילְט אִין אֵיין וָוארְט,
דוּא זָאלְסְט דַיין גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט: ויקרא
15 י״ט י״ח. אָבֶּער וֶוען אִיהְר בֵּייסְט אוּנְד פֶערְצֶעהְרְט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערֶען, גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז אִיהְר זָאלְט נִיט אֵיינֶער פוּן
דֶעם אַנְדֶערֶען אוֹיפְגֶעצֶעהְרְט וֶוערֶען:

16 אָבֶּער אִיךְ זָאג, וואַנְדעלְט דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אוּנְד אִיהְר
וועט נִיט אוֹיסְפִיהְרֶען דָאס גְלִיסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ:
17 וָוארִין דָאס פְלֵיישׁ גְלִיסְט קֶעגֶען דֶעם גֵייסְט, אוּנְד דֶער
גֵייסְט קֶעגֶען דֶעם פְלֵיישׁ, וָוארִין דִיזֶע זֶענֶען זִיךְ קֶעגֶען
אֵיינַאנְדֶער, אַזוֹי אַז אִיהְר טְהוּט נִיט דִיא זַאכֶען וָואס
18 אִיהְר ווִילְט: אָבֶּער ווֶען אִיהְר זֶענְט גֶעפִיהְרְט פוּן דֶעם
גֵייסְט, אַזוֹי זֶענְט אִיהְר נִיט אוּנְטֶערְוָוארְפֶען צוּ דֶעם גֶע־
19 זֶעץ: נוּן דִיא ווֶערְק פוּן דֶעם פְלֵיישׁ זֶענֶען בֶּעקַאנְט, וָואס
זֶענֶען אַזֶעלְכֶע — ווִיא זְנוּת, אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוֹיסְגֶעלַאסֶענְ־
20 הֵייט: אָפְּגֶעטֶערֵייא, כִּשׁוּף, פֵיינְדְשַׁאפְט, שְׁטְרֵייט, קִנְאָה,
21 צָארְן, קְרִיג, מַחְלוֹקֶת, כִּתּוֹת: נֵייד, זוֹיפֶען, פְרֶעסֶען, אוּנְד
גְלֵייךְ דֶעם. דֶערְפוּן זָאג אִיךְ אֵייךְ אִים פָארְאוֹיס, אַזוֹי ווִיא
אִיךְ הָאבּ אֵייךְ פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַז דִיא וָואס טְהוּן אַזֶעלְכֶע
זַאכֶען ווֶעלֶען נִיט יַרְשֶׁענֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן גָאט:
22 אָבֶּער דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם גֵייסְט אִיז לִיבֶּע, פְרֵייד, פְרִי־
23 דֶען, גֶעדוּלְד, פְרֵיינְדְשַׁאפְט, גוּטִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען: זַאנְפְטְ־
מִיטִיגְקֵייט, עֶנְטְהַאלְטְזַאמְקֵייט, קֶעגֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען אִיז
24 נִיט קֵיין גֶעזֶעץ: אוּנְד דִיא וָואס גֶעהֶערֶען צוּם מָשִׁיחַ
הָאבֶּען גֶעקְרֵייצִיגְט דָאס פְלֵיישׁ מִיט דִיא בֶּעגֶעהְרֶען אוּנְד
גְלִיסְטֶען:
25 ווֶען מִיר לֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ וַואנְדְ־
26 לֶען דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט: לָאזֶען מִיר נִיט זוּכֶען לֶעדִיגֶען
כָּבוֹד, אוּנְד לָאזֶען מִיר נִיט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערָען דֶערְ־
צֶערְנֶען אוּנְד מְקַנֵא זַיין:

## קאפיטעל ו

1 בְּרִידֶער, ווֶען אַ מֶענְשׁ ווֶעט אוֹיךְ אִין אַ פֶעהְלֶער אַרֵיינְ־
פַאלֶען, אִיהְר וָואס זֶענְט גֵייסְטְלִיךְ שְׁטֶעלְט אַזֶעלְכֶען
צוּרֶעכְט מִיט אַ זַאנְפְטְמִיטִיגֶען גֵייסְט; אוּנְד הִיט דִיךְ אַלֵיין
2 כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אוֹיךְ נִיט גֶעפְּרִיפְט ווֶערֶען: טְרָאגְט דִיא
לַאסְט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנְד אַזוֹי דֶערְפִילְט דָאס
3 גֶעזֶעץ פוּן מָשִׁיחַ: וָוארִין ווֶען אֵיינֶער דֶענְקְט אַז עֶר אִיז
עֶפֶּעס, ווֶען עֶר אִיז גָארְנִיט, בֶּעטְרִיגְט עֶר זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
4 אָבֶּער לָאז אִיטְלִיכֶער זַיין אֵייגֶען ווֶערְק פְּרִיפֶען, אוּנְד
אַזוֹי ווֶעט עֶר הָאבֶּען זַיין רִיהְמֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין אוּנְד נִיט

5 פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען: וָוארִין אִיטְלִיכֶער וֶועט טְרָאגֶען זַיינֶע
אֵיינֶענֶע לַאסְט:
6 אָבֶּער לָאז דֶער וָואס אִיז גֶעלֶעהְרְט אִין דֶעם וָוארְט אִין
חַבְרוּתָא זַיין מִיט דֶעם וָואס לֶעהְרְט אִין אַלֶע גוּטֶע
7 זַאכֶען: זַייט נִיט פֶערְפִיהְרְט; גָאט אִיז נִיט אוֹיסְגֶעשְׁפֶּעט;
וָוארִין וָואס אַ מֶענְשׁ זַייעֶט דָאס וֶועט עֶר אוֹיךְ אֵיינְזַאמֶעלְן:
8 וָוארִין דֶער וָואס זַייעֶט צוּ זַיין פְלֵיישׁ וֶועט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ
אֵיינְזַאמֶעלְן פֶערְדַארְבֶּענִיס, אוּנְד דֶער וָואס זַייעֶט צוּ דֶעם
גֵייסְט וֶועט פוּן דֶעם גֵייסְט אֵיינְזַאמֶעלְן עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען:
9 אוּנְד לָאזֶען מִיר נִיט מִיד וֶוערֶען גוּטֶעס צוּ טְהוּן; וָוארִין
צוּ דִיא רֶעכְטֶע צֵייט וֶועלֶען מִיר אֵיינְזַאמֶעלְן, וֶוען מִיר וֶועלֶען
10 נִיט מִיד וֶוערֶען: אַזוֹי דֶען בְּשַׁעַת מִיר הָאבֶּען צֵייט לָאזֶען
מִיר טְהוּן גוּטֶעס צוּ אַלֶע, אוּנְד בֶּעזוּנְדֶערְס צוּ דֶעם הוֹיזְ־
גֶעזִינְד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען:
11 אִיהְר זֶעהְט וִויא מִיט גְרוֹיסֶע בּוּכְשְׁטַאבֶּען אִיךְ הָאבּ אֵייךְ
12 גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט מֵיינֶע אֵיינֶענֶע הַאנְד: אַזוֹי פִילֶע וָואס
וִוילֶען אַ גוּטֶעס אוֹיסְזֶעהֶען מַאכֶען אִים פְלֵיישׁ, דִיזֶע
צְוִוינְגֶען אֵייךְ אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוערֶען; נוּר כְּדֵי זֵייא
זָאלֶען נִיט פֶערְפָאלְגְט וֶוערֶען וֶועגֶען דֶעם קְרֵייץ פוּן מָשִׁיחַ:
13 וָוארִין דִיא בֶּעשְׁנִיטֶענֶע זֶעלְבְּסְט הַאלְטֶען אוֹיךְ נִיט דִיא
תּוֹרָה, נֵייעֶרְט זֵייא וִוילֶען אַז אִיהְר זָאלְט בֶּעשְׁנִיטֶען וֶוע־
רֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען זִיךְ רִיהְמֶען אִין אֵייעֶר פְלֵיישׁ:
14 אָבֶּער אִיךְ וִויל מִיךְ חָלִילָה נִיט רִיהְמֶען, חוּץ אִין דֶעם קְרֵייץ
פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דוּרְךְ וֶועלְכֶען דִיא וֶועלְט
15 אִיז צוּ מִיר גֶעקְרֵייצִיגְט, אוּנְד אִיךְ צוּ דִיא וֶועלְט: וָוארִין
דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אִיז נִיט עֶפֶּעס, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא עָרְלָה,
16 נֵייעֶרְט אַ נֵייעֶ בֶּעשֶׁעפֶענִיס: אוּנְד אַזוֹי פִילֶע וֶועלְכֶע
וַואנְדְלֶען נָאךְ דִיזֶע רֶעגֶעל, אִיבֶּער דִיא זַייא פְרִידֶען אוּנְד
גְנָאד, אוּנְד צוּ דִיא יִשְׂרָאֵל פוּן גָאט:
17 פוּן אַצוּנְד אָן לָאז מִיךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעמִיהֶען, וָוארִין אִיךְ
טְרָאג דִיא צֵייכֶען פוּן יֵשׁוּעַ אִין מֵיין לֵייבּ:
18 בְּרִידֶער, דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זַייא
מִיט אֵייעֶר גֵייסְט; אָמֵן:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא עֶפֶּעזֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען
פוּן גָאט צוּ דִיא הֵיילִיגֶע וָואס זֶענֶען אִין עֶפֶּעזוֹס אוּנְד צוּ
2 דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּנְד
פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ:
3 גֶעלוֹיבְּט זֵייא דֶער גָאט אוּנְד פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער הָאט אוּנְס גֶעבֶּענְשְׁט מִיט יֶעדֶע גֵייסְטְ־
4 לִיכֶע בְּרָכָה אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער אִין מָשִׁיחַ: גְלֵייךְ
ווִיא עֶר הָאט אוּנְס אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אִין אִיהְם אֵיידֶער דִיא
וֶועלְט אִיז גֶעגְרוּנְדֶעט גֶעוֶועזֶען, אַז מִיר זָאלֶען זֵיין הֵיילִיג
5 אוּנְד אָהְן אַ פֶּעהְלֶער פָאר אִיהְם: אִינְדֶעם עֶר הָאט אוּנְס
אִין לִיבֶּע פָארְהֶער בֶּעשְׁטִימְט צוּ קִינְדְשַׁאפְט אִין זִיךְ דוּרְךְ
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אַזוֹי ווִיא עֶס אִיז אִין זֵיין גוּטֶען ווִילֶען
6 וְואוֹילְגֶעפַאלֶען: צוּם לוֹיבּ פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן זֵיינֶע גְנָאד,
7 וָואס עֶר הָאט אוּנְס בֶּעגְנַאדִיגְט אִין דֶעם גֶעלִיבְּטֶען: אִין
וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע דֶערְלֶעזוּנְג דוּרְךְ זֵיין בְּלוּט,
דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד, נָאךְ דֶער רֵייכְקֵייט פוּן זֵיינֶע
8 גְנָאד: אִין וֶועלְכֶער עֶר הָאט זִיךְ קֶעגֶען אוּנְס גֶעמֶעהְרְט
9 אִין אַלֶער קְלוּגְהֵייט אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד: אִינְדֶעם עֶר הָאט
אוּנְס צוּ ווִיסֶען גֶעטְהוּן דֶעם סוֹד פוּן זֵיין ווִילֶען נָאךְ זֵיין
וְואוֹילְגֶעפַאלֶען וָואס עֶר הָאט אִין זִיךְ פָארְגֶעזֶעצְט:
10 צוּ אַ הוֹיזְאָרְדְנוּנְג פוּן דֶער דֶערְפִילְטֶע צֵייט, דֶערְמִיט אַלֶע
זַאכֶען זָאלֶען אִין מָשִׁיחַ פֶערְאֵיינִיגְט וֶוערֶען ווִיא אוּנְטֶער
אֵיין רֹאשׁ, דִיא וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד וָואס זֶענֶען
11 אוֹיף דֶער עֶרְד: אִין אִיהְם דוּרְךְ וֶועלְכֶען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ
גֶעוָוארֶען יוֹרְשִׁים, אִינְדֶעם מִיר זֶענֶען פָארְהֶער פֶערְ־
אָרְדְנֶעט גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם פָארְזַאץ פוּן אִיהְם, וֶועלְכֶער
12 ווִירְקְט אַלֶעם נָאךְ דֶער עֵצָה פוּן זֵיין ווִילֶען: כְּדֵי מִיר

וָואס הָאבֶּען פְּרִיהֶער גֶעהָאפְט אִין מָשִׁיחַ זָאלֶען זַיין צוּם
13 לוֹיבּ פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקַייט: אִין וֶועלְכֶען אִיהְר אוֹיךְ נָאכְ־
דֶעם אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן אֵייעֶרֶע
יְשׁוּעָה אִין וֶועלְכֶען נָאכְדֶעם אִיהְר הָאט אוֹיךְ גֶעגְלוֹיבְּט,
זֶענְט פַארְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן דֶער
14 הַבְטָחָה: וָואס אִיז אֵיין עֵרָבוֹן פוּן אוּנְזֶערֶע יְרוּשָׁה צוּ דֶער
דֶערְלֶעזוּנְג פוּן זַיין אֵייגֶענְטְהוּם, צוּם לוֹיבּ פוּן זַיינֶע הֶערְ־
לִיכְקַייט:
15 דֶעסְטְוֶועגֶען, נָאכְדֶעם אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹי־
בֶּען אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, אוּנְד אֵייעֶרֶע לִיבֶּע צוּ דִיא
16 הֵיילִיגֶע: הֶער אִיךְ נִיט אוֹיף וֶוענֶען אֵייךְ גָאט צוּ דַאנְקֶען,
17 דֶערְוַוייל אִיךְ גֶעדֶענְק אֵייךְ אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶע: כְּדֵי דֶער
גָאט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, דֶער פָּאטֶער פוּן
הֶערְלִיכְקַייט, זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען דֶעם גֵייסְט פוּן קְלוּגְהֵייט
18 אוּנְד אַנְטְפְּלֶעקֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אִיהְם: אַז
דִיא אוֹיגֶען פוּן אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער זָאלֶען דֶערְלֵייכְט וֶוערֶען,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וָואס אִיז דִיא הָאפְנוּנְג פוּן זַיינֶע
בֶּערוּפוּנְג, אוּנְד וָואס אִיז דִיא רֵייכְקַייט פוּן דֶער הֶערְלִיכְ־
19 קַייט פוּן זַיינֶע יְרוּשָׁה צְווִישֶׁען דִיא הֵיילִיגֶע: אוּנְד וִויא
זֶעהְר גְרוֹיס אִיז זַיינֶע מַאכְט קֶעגֶען אוּנְס וָואס גְלוֹיבֶּען,
20 נָאךְ דֶעם ווִירְקֶען פוּן זַיינֶע מֶעכְטִיגֶע קְרַאפְט: וָואס עֶר
הָאט גֶעווִירְקְט אִין מָשִׁיחַ, אִינְדֶעם עֶר הָאט אִיהְם אוֹיפְ־
גֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעזֶעצְט צוּ
21 זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער: הוֹיךְ עֶרְ־
הוֹיבֶּען אִיבֶּער אַלֶע רֶעגִירוּנְג אוּנְד גֶעוֶועלְטִיגְקַייט אוּנְד
מַאכְט אוּנְד הֶערְשַׁאפְט אוּנְד אִיטְלִיכֶען נָאמֶען וָואס אִיז
גֶערוּפֶען נִיט נוּר אִין דִיזֶער וֶועלְט, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִין דֶער
22 קוּמֶענְדִיגֶען: אוּנְד עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער
זַיינֶע פִיס, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען צוּם רֹאשׁ אִיבֶּער
23 אַלֶעם צוּ דֶער קְהִלָה: וָואס אִיז זַיין לֵייבּ, דִיא דֶערְפִילוּנְג
פוּן אִיהְם וֶועלְכֶער דֶערְפִילְט אַלֶעס אִין אַלֶעם:

קַאפִּיטֶעל ב

1 אוּנְד אֵייךְ הָאט עֶר לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט, וָואס אִיהְר זֶענְט
2 טוֹיט גֶעוֶועזֶען אִין אֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּנְד זִינְד: אִין וֶועלְכֶע

אִיהְר הָאט פְרִיהֶער גֶעוואַנְדֶעלְט נָאךְ דֶעם צֵייטְלוֹיף פוּן
דִיזֶער וֶועלְט, נָאךְ דֶעם פִירְשְׁט פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶער
לוּפְט, דֶעם גֵייסְט וָואס ווִירְקְט אַצוּנְד אִין דִיא קִינְדֶער פוּן
3 אוּנְגֶעהָארְזַאם: צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען אוּנְס אַלֶע
אוֹיךְ אוֹיפְגֶעפִיהְרְט אִין דִיא גְלִיסְטֶען פוּן אוּנְזֶער פְלֵיישׁ,
אוּנְד הָאבֶּען גֶעטְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אוּנְד פוּן דִיא
מַחְשָׁבוֹת, אוּנְד מִיר זֶענֶען פוּן דֶער נַאטוּר גֶעוֶועזֶען קִינְ־
4 דֶער פוּן צָארְן גְלֵייךְ ווִיא דִיא אִיבְּרִיגֶע: אָבֶּער גָאט דֶער
אִיז רֵייךְ אִין בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט, דוּרְךְ דִיא גְרוֹיסֶע לִיבֶּע
5 מִיט וֶועלְכֶע עֶר הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט: הָאט אוּנְס לֶעבֶּעדִיג
גֶעמַאכְט מִיט מָשִׁיחַ, אַפִילוּ וֶוען מִיר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען טוֹיט
אִין זִינְד; דוּרְךְ גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען:
6 אוּנְד עֶר הָאט אוּנְס מִיט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט אוּנְד הָאט
אוּנְס מִיטְגֶעזֶעצְט אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער אִין יֵשׁוּעַ
7 הַמָּשִׁיחַ: כְּדֵי עֶר זָאל בֶּעווַייזֶען אִין דִיא צֵייטֶען וָואס
וֶועלֶען קוּמֶען דִיא זֶעהְר גְרוֹיסֶע רֵייכְקֵייט פוּן זֵיינֶע גְנָאד
8 אִין גוּטִיגְקֵייט צוּ אוּנְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וָוארִין דוּרְךְ
גְנָאד זֶענְט אִיהְר גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען;
אוּנְד דָאס אִיז נִיט פוּן אֵייךְ זֶעלְבְּסְט,° עֶס אִיז דִיא מַתָּנָה
9 פוּן גָאט: נִיט פוּן וֶוערְק, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל זִיךְ נִיט בַּא־
10 רִיהְמֶען: וָוארִין מִיר זֶענֶען זַיין וֶוערְק, בֶּעשַׁאפֶען אִין
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ גוּטֶע מַעֲשִׂים, וָואס גָאט הָאט פְרִיהֶער
אָנְגֶעבְּרֵייט אַז מִיר זָאלֶען אִין זַייא וַואנְדְלֶען:
11 דְרוּם גֶעדֶענְקְט, אַז אִיהְר וָואס זֶענְט פְרִיהֶער גֶעוֶועזֶען
גוֹיִם אִין דֶעם פְלֵיישׁ, אוּנְד זֶענְט גֶערוּפֶען גֶעוָוארֶען עָרְלָה
פוּן דִיא וָואס הֵייסֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס אִיז אִין דֶעם
12 פְלַיישׁ גֶעמַאכְט מִיט דֶער הַאנְד: אַז אִיהְר זֶענְט אִין יֶענֶע
צֵייט גֶעוֶועזֶען אָהְן מָשִׁיחַ, אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן דֶער בִּירְ־
גֶערְשַׁאפְט פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד פְרֶעמְדֶע צוּ דִיא בְּרִיתוֹת פוּן
דֶער הַבְטָחָה, אִינְדֶעם אִיהְר הָאט קֵיינֶע הָאפְנוּנְג נִיט גֶע־
הַאט, אוּנְד זֶענְט גֶעוֶועזֶען אָהְן גָאט אִין דֶער וֶועלְט:
13 אָבֶּער אַצוּנְד אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיהְר וָואס זֶענְט פְרִיהֶער
גֶעוֶועזֶען ווַייט, זֶענְט נָאהֶענְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט
14 פוּן מָשִׁיחַ: וָוארִין עֶר אִיז זֶעלְבְּסְט אוּנְזֶער פְרִידֶען,

דֶער הָאט גֶעמַאכְט אוֹים בֵּיידֶע אֵיינְס, אוּנְד הָאט אֵיינְגֶע־
15 וָוארְפֶען דִיא צְווִישֶׁענְוַואנְד: אוּנְד הָאט אִין זַיין פְלֵיישׁ
צוּשְׁטֶערְט דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט, דָאס גֶעזֶעץ פוּן גֶעבָּאטֶע וָואס
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין לֶעהְרֶען, כְּדֵי עֶר זָאל אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט
בֶּעשַׁאפֶען דִיא צְווֵייא אִין אַ נֵייעֶם מֶענְשֶׁען, אוּנְד זָאל
16 אַזוֹי מַאכֶען פְרִידֶען: אוּנְד זָאל בֵּיידֶע פֶערְאֵיינִיגֶען מִיט
גָאט אִין אֵיין לֵייבּ דוּרְךְ דֶעם קְרֵייץ, אִינְדֶעם עֶר הָאט
17 אִין אִיהְם דִיא פֵיינְדְשַׁאפְט גֶעשְׁלַאכְט: אוּנְד עֶר אִיז גֶע־
קוּמֶען אוּנְד הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט פְרִידֶען צוּ אֵייךְ וָואס זֶענְט
גֶעוֶועזֶען וֵוייט, אוּנְד צוּ דִיא וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט:
18 וָוארִין דוּרְךְ אִיהְם הָאבֶּען מִיר בֵּיידֶע אוּנְזֶערְן צוּגַאנְג צוּם
פָאטֶער אִין אֵיינֶעם גֵייסְט:
19 אַזוֹי דֶען זֶענְט אִיהְר נִיט מֶעהְר פְרֶעמְדֶע אוּנְד גֵרִים, נֵיי־
עֶרְט אִיהְר זֶענְט מִיטְבִּירְגֶער מִיט דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד פוּן
20 דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן גָאט: אוּנְד אִיהְר זֶענְט אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט
אוֹיף דֶעם גְרוּנְדְשְׁטֵיין פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל אוּנְד נְבִיאִים,
21 דֶערְפוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אַלֵיין אִיז דֶער עֶקְשְׁטֵיין: אִין וֶועלְ־
כֶען אִיטְלִיכֶעס גֶעבֵּייד אִיז גוּט צוּזַאמֶענְגֶעהֶעפְט אוּנְד
22 וַואקְסְט צוּ אֵיין הֵיילִיגֶען טֶעמְפֶּעל אִין דֶעם הַאר: אִין
וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ צוּזַאמֶענְגֶעבּוֹיעֶט צוּ אַ וְואוֹינוּנְג
פוּן גָאט אִין דֶעם גֵייסְט:

## קאפיטעל ג

1 דֶעסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ פּוֹלוֹס, דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ
2 הַמָּשִׁיחַ פַאר אֵייךְ גוֹיִם: אוֹיבּ אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט פוּן
דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶע־
3 גֶעבֶּען צוּ אֵייךְ: וִויא עֶס אִיז מִיר אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ וִויסֶען
דֶעם סוֹד, גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ בִּקְצוּר פְרִיהֶער גֶעשְׁרִיבֶּען:
4 וֶועלְכֶעס וֶוען אִיהְר וֶועט לֵיינֶען וֶועט אִיהְר קֶענֶען בֶּע־
5 מֶערְקֶען מַיין פֶערְשְׁטֶעהֶען אִים סוֹד פוּן מָשִׁיחַ: וָואס אִיז
אִין אַנְדֶערֶע דוֹרוֹת נִיט בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען צוּ דִיא מֶענְ־
שֶׁען קִינְדֶער, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אַצוּנְד אַנְטְפְּלֶעקְט צוּ
זַיינֶע הֵיילִיגֶע אַפָּאסְטֶעל אוּנְד נְבִיאִים אִין דֶעם גֵייסְט:
6 אַז דִיא גוֹיִם זֶענֶען מִיטְיוֹרְשִׁים אוּנְד מִיטְגְלִידֶער אוּנְד מִיטְ־
טְהֵיילֶער פוּן דֶער הַבְטָחָה אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶער

7 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: פוּן דֶער אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַ דִינֶער נָאךְ דִיא
פְרֵייעֶ מַתָּנָה פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען נָאךְ דִיא ווִירְקוּנְג
8 פוּן זַיינֶע קְרַאפְט: צוּ מִיר, דֶעם קְלֵיינְסְטֶען פוּן אַלֶע הֵיי־
לִיגֶע אִיז דִיזֶע גְנָאד גֶעגֶעבֶּען, אַז אִיךְ זָאל פְּרֶעדִיגֶען
צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם דִיא רֵייכְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ וָואס אִיז נִיט
9 צוּ דֶערְפָארְשֶׁען: אוּנְד זָאל דֶערְלֵייכְטֶען צוּ אַלֶע וָואס
אִיז דִיא תְּקָנָה פוּן דֶעם סוֹד וָואס אִיז פוּן וֶועלְטְצֵייטֶען אָן
פֶערְבָּארְגֶען אִין גָאט, דֶער הָאט אַלֶע זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען
10 דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: כְּדֵי דִיא פִיל־פֶעלְטִיגֶע חָכְמָה פוּן
גָאט זָאל אַצוּנְד בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט וֶוערֶען צוּ דִיא
הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד גֶעוֶועלְטִיגֶער אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְ־
11 טֶער דוּרְךְ דֶער קְהִלָּה: נָאךְ דֶעם פָארְזַאץ פוּן דֶעם
צֵייטְאַלְטֶער וָואס עֶר הָאט בֶּעשְׁטִימְט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ
12 אוּנְזֶער הַאר: אִין וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען דֶעם גוּטֶען מוּטְה
אוּנְד צוּגַאנְג מִיט בִּטָּחוֹן דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אַן אִיהְם:
13 דֶעסְטְוֶועגֶען בֶּעט אִיךְ אַז אִיךְ זָאל נִיט בֶּעטְרִיבְּט זַיין
אִיבֶּער מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, וָואס אִיז אֵייעֶר כָּבוֹד:
14 דֶעסְטְוֶועגֶען בֵּייג אִיךְ מֵיינֶע קְנִיעֶן צוּם פָאטֶער: פוּן דֶעם
15 יֶעדֶע מִשְׁפָּחָה אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד הָאט אָנְ־
16 גֶערוּפֶען זַייעֶר נָאמֶען: כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען נָאךְ דִיא
רֵייכְקֵייט פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט, דוּרְךְ זַיין גֵייסְט פֶעסְט
17 גֶעשְׁטַארְקְט צוּ וֶוערֶען אִים אִינֶעוֶוענִיגֶען מֶענְשֶׁען: אַז
מָשִׁיחַ זָאל ווְאוֹינֶען אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זַיין אַיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אוּנְד גֶעגְרוּנְדֶעט
18 אִין דֶער לִיבֶּע: אוּנְד זָאלְט קֶענֶען פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיט אַלֶע
הֵיילִיגֶע וָואס אִיז דִיא בְּרֵייט אוּנְד דִיא לֶענְג אוּנְד דִיא
19 הֵייךְ אוּנְד דִיא טִיפֶע: אוּנְד זָאלְט ווִיסֶען דִיא לִיבֶּע פוּן
מָשִׁיחַ וָואס אִיז אִיבֶּער אַלֶע דֶערְקֶענְטְנִים, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
דֶערְפִילְט וֶוערֶען בִּיז צוּ דֶער גַאנְצֶען פוּלְקֵייט פוּן גָאט:
20 נוּן צוּ אִיהְם דֶער קָאן פִיל מֶעהְר טְהוּן אִיבֶּער אַלֶעם וָואס
מִיר בֶּעטֶען אָדֶער פֶערְשְׁטֶעהֶען, נָאךְ דֶער מַאכְט וָואס
21 ווִירְקְט אִין אוּנְס: צוּ אִיהְם זָאל זַיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אִין
דֶער קְהִלָּה אוּנְד אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ בִּיז צוּ אַלֶע צֵייטֶען
פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט׃ אָמֵן:

## קאפיטעל ד

1 דְרוּם בִּין אִיךְ אֵייךְ מַזְהִיר, דֶער גֶעפַאנְגֶענֶער אִין דֶעם
הַאר, אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען ווִירְדִיג פוּן דֶער בֶּערוּפוּנְג
2 נָאךְ ווֶעלְכֶע אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען גֶעווָארֶען: מִיט אַלֶער
נִידְרִיגְקֵייט אוּנְד זַאנְפְטְמוּטִיגְקֵייט, מִיט גֶעדוּלְד, אוּנְד
3 פֶערְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִין לִיבֶּע: אוּנְד בֶּע־
פְלֵייסִיגְט אֵייךְ צוּ הַאלְטֶען דִיא אֵיינִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֵייסְט
4 אִים בַּאנְד פוּן פְרִידֶען: עֶס אִיז אֵיין לֵייבּ אוּנְד אֵיין גֵייסְט,
גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר זֶענְט בֶּערוּפֶען אִין אֵיינֶע הָאפְנוּנְג פוּן
5 אֵייעֶרֶע בֶּערוּפוּנְג: אֵיין הַאר, אֵיין גְלוֹיבֶּען, אֵיינֶע טְבִילָה:
6 אֵיין גָאט אוּנְד פָאטֶער פוּן אַלֶע, דֶער אִיז אִיבֶּער אַלֶע
7 אוּנְד דוּרְךְ אַלֶע אוּנְד אִין אַלֶע: אָבֶּער צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן
אוּנְס אִיז גֶעגֶעבֶּען דִיא גְנָאד נָאךְ דֶעם מָאָס פוּן דֶער
8 מַתָּנָה פוּן מָשִׁיחַ: דְרוּם זָאגְט עֶר,
,,ווֶען עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער הֵייךְ הָאט עֶר
גֶעפַאנְגֶען אַ גֶעפַאנְגֶענְשַׁאפְט, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען
מַתָּנוֹת צוּ מֶענְשֶׁען'': תהלים ס"ח י"ט.
9 נוּן דָאס עֶר אִיז אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען, ווָאס אִיז עֶס אוּמֶער אַז
עֶר אִיז אוֹיךְ אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם אוּנְטֶערְשְׁטֶען טְהֵייל
10 פוּן דֶער עֶרְד? דֶער ווָאס אִיז אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אִיז
דֶערְזֶעלְבִּיגֶער ווָאס אִיז אוֹיךְ אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִיבֶּער אַלֶע
הִימֶעל, כְּדֵי עֶר זָאל אַלֶע זַאכֶען דֶערְפִילֶען:
11 אוּנְד עֶר הָאט גֶעגֶעבֶּען עֶטְלִיכֶע פַאר אַפָּאסְטֶעל, אוּנְד
עֶטְלִיכֶע פַאר נְבִיאִים, אוּנְד עֶטְלִיכֶע פַאר מְבַשְּׂרִים, אוּנְד
12 עֶטְלִיכֶע פַאר פַּאסְטָארֶען אוּנְד לֶעהְרֶער: צוּם פֶערְפַארְ־
טִיגֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, צוּם ווֶערְק פוּן דֶעם דִינְסְט, אוּנְד
13 צוּ דֶער אוֹיפְבּוֹיאוּנְג פוּן דֶעם לֵייבּ פוּן מָשִׁיחַ: בִּיז מִיר
קוּמֶען אַלֶע צוּ דֶער אֵיינִיגְקֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד
פוּן דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, צוּ אַ גַאנְצֶען
מֶענְשֶׁען, צוּ דֶעם מָאָס פוּן דֶער פוּלְקֵייט פוּן מָשִׁיחַ:
14 כְּדֵי מִיר זָאלֶען נִיט מֶעהְר זַיין קִינְדֶער, אוּנְד זָאלֶען נִיט
בֶּעווֶעגְט ווֶערֶען אוּנְד אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען פוּן אִיטְלִיכֶען ווִינְד
פוּן לֶעהְרֶע, דוּרְךְ דֶער קִינְסְטְלִיכֶע פַאלְשְׁהֵייט פוּן מֶענְ־
שֶׁען, דוּרְךְ דֶער לִיסְט צוּ דֶער ווִירְקוּנְג פוּן פֶערְפִיהְרוּנְג:

15 נֵייעֶרְט מִיר זָאלֶען רֶעדֶען דִיא וָואהְרְהֵייט אִין לִיבֶּע, אוּנְד
זָאלֶען אִין אַלֶע זַאכֶען אוֹיפְוַואקְסֶען צוּ אִיהְם וֶועלְכֶער אִיז
16 דָאס הוֹיפְּט, דָאס אִיז מָשִׁיחַ: פוּן דֶעם דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ
אִיז צוּזַאמֶען גֶעגְלִידֶערְט אוּנְד פֶעסְט צוּגֶעהֶעפְט דוּרְך
יֶעדֶעם בַּאנְד פוּן דֶער הִילְף, נָאך דֶעם ווִירְקֶען פוּן אִיטְ־
לִיכֶען טְהֵייל אִין זַיין מָאָס, דֶער מַאכְט דֶעם לֵייבּ וַואקְסֶען
אִין זִיך זֶעלְבְּסְט צוּ אוֹיפְבּוֹיאוּנְג אִין לִיבֶּע:
17 דֶען דָאס זָאג אִיך אוּנְד בֶּעצֵייג אִין דֶעם הַאר, אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט מֶעהְר וַואנְדְלֶען גְלֵייך ווִיא דִיא גוֹיִם וַואנְדְלֶען,
18 אִין דִיא נַארִישְׁקַייט פוּן זֵייעֶרֶע גֶעדַאנְקֶען: וָואס זֵייעֶר
פֶערְשְׁטַאנְד אִיז פֶערְפִינְסְטֶערְט, אוּנְד זֵייא זֶענֶען פֶערְ־
פְרֶעמְדֶעט פוּן דֶעם לֶעבֶּען פוּן גָאט דוּרְך דֶער אוּנְוִויסֶענְ־
הֵייט וָואס אִיז אִין זֵייא, דוּרְך דֶער בְּלִינְדְהֵייט פוּן זֵייעֶר
19 הַארְץ: וֶועלְכֶע זֶענֶען אָהְן בּוּשָׁה אוּנְד הָאבֶּען זִיך אִיבֶּערְ־
גֶעגֶעבֶּען צוּם יֵצֶר הָרָע, אַז זֵייא זָאלֶען ווִירְקֶען אַלֶערְלֵייא
20 אוּנְרֵיינִיגְקֵייט מִיט גְלוּסְטִיגְקֵייט: אָבֶּער אִיהְר הָאט נִיט
21 אַזוֹי גֶעלֶערְנְט מָשִׁיחַ: וֶוען אַנְדֶערְשׁ אִיהְר הָאט אִיהְם גֶעְ־
הֶערְט אוּנְד זֶענְט אִין אִיהְם גֶעלֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, גְלֵייך ווִיא
22 דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז אִין יֵשׁוּעַ: אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיסְטְהוּן
דֶעם אַלְטֶען מֶענְשֶׁען נָאך דֶער פְרִיהֶערְן וַואנְדְלֶען, וָואס
אִיז פַארְדָארְבֶּען נָאך דִיא גְלִיסְטֶען פוּן בֶּעטְרִיגֶערֵייא:
23 אוּנְד זָאלְט דֶערְנֵייעֶרְט וֶוערֶען אִים גֵייסְט פוּן אֵייעֶר
24 פֶערְשְׁטַאנְד: אוּנְד זָאלְט אָנְטְהוּן דֶעם נֵייעֶם מֶענְשֶׁען, וָואס
אִיז בֶּעשַׁאפֶען נָאך דֶעם בִּילְד פוּן גָאט אִין גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט אוּנְד אִין הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט:
25 דְרוּם לֶעגְט אַוֶועק לִיגֶען אוּנְד רֶעט דִיא וָואהְרְהֵייט
אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין חַבֵר, וָוארִין מִיר זֶענֶען גְלִידֶער
26 אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְן: דֶערְצֶערְנְט אֵייך אוּנְד זִינְדִיגְט
נִיט; לָאז נִיט דִיא זוּן אוּנְטֶערְגֶעהֶען אִיבֶּער אַייעֶר
27 28 צָארְן: אוּנְד גִיבְּט אוֹיך נִיט פְּלַאץ צוּם שָׂטָן: דֶער
וָואס הָאט גֶעגַנְבֶעט, לָאז עֶר נִיט מֶעהְר גַאנְבֶענֶען, נֵייעֶרְט
לָאז עֶר לִיבֶּער אַרְבֵּייטֶען אוּנְד דָאס גוּטֶע טְהוּן מִיט
זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד, כְּדֵי עֶר זָאל הָאבֶּען צוּ גֶעבֶּען צוּ
29 דֶעם בֶּעדֶערְפְטִיגֶען: לָאז קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס וָוארְט נִיט

אַרוֹיסְגֶעהֶען פוּן אֵייעֶר מוֹיל, נֵייעֶרְט וָואס אִיז גוּט צוּ
דֶער פֶערְבֶּעסֶערוּנְג נָאךְ דֶעם בֶּעדַארְף, כְּדֵי עֶס זָאל
גֶעבֶּען גְנָאד צוּ דִיא וָואס הֶערֶען: אוּנְד בֶּעטְרִיבְּט נִיט 30
דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ פוּן גָאט, אִין וֶועלְכֶען אִיהְר זֶענְט
פֶערְזִיגֶעלְט גֶעוָוארֶען צוּ דֶעם טָאג פוּן דֶער דֶערְלֶעזוּנְג:
לָאז אַלֶערְלֵייא בִּיטֶערְקֵייט אוּנְד גְרִים אוּנְד צָארְן אוּנְד 31
גֶעשְׁרֵייא אוּנְד לֶעסְטֶערוּנְג פוּן אֵייךְ אָפְּגֶעטְהוּן וֶוערֶען
מִיט אַלֶער בֵּייזְהֵייט: אוּנְד זֵייט פְרֵיינְדְלִיךְ אֵיינֶער צוּם 32
אַנְדֶערֶען, אוּנְד בַּארֶעמְהֶערְצִיג, אוּנְד פַארְגִיבְּט אֵיינֶער
דֶעם אַנְדֶערְן, גְלֵייךְ וִויא גָאט הָאט אֵייךְ אוֹיךְ פַארְגֶעבֶּען
אִין מָשִׁיחַ:

## קאפיטעל ה

דְרוּם זֵייט נָאכְטְהוּעֶר פוּן גָאט וִויא גֶעלִיבְּטֶע קִינְדֶער: 1
אוּנְד וַואנְדֶעלְט אִין לִיבֶּע, אַזוֹי וִויא מָשִׁיחַ הָאט אֵייךְ אוֹיךְ 2
גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אַ קָרְבָּן אוּנְד
אַ זֶבַח צוּ גָאט פַאר אַ גֶעשְׁמַאקֶען רֵיחַ: אָבֶּער זְנוּת אוּנְד 3
אַלֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אָדֶער גֵייצִיגְקֵייט לָאז עֶס נִיט דֶערְ־
מָאהְנְט וֶוערֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ, אַזוֹי וִויא עֶס פַּאסְט צוּ דִיא
הֵיילִיגֶע: אוֹיךְ נִיט קֵיינֶע שֶׁענְדְלִיכֶע זַאכֶען אוּנְד נַארִישֶׁע 4
רֶעד אָדֶער גֶעשְׁפֶּעט וָואס אִיז נִיט אַנְשְׁטֶענְדִיג, נֵייעֶרְט
לִיבֶּער גָאט דַאנְקֶען: וָוארִין דָאס וֵוייסְט אִיהְר, אַז קֵיין 5
נוֹאֵף, אָדֶער אוּנְרֵיינֶער, אָדֶער גֵייצִיגֶער, דֶער אִיז טַאקִי
אַ גֶעצֶענְדִינֶער, הָאט קֵיינֶע יְרוּשָּׁה אִים קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
מָשִׁיחַ אוּנְד פוּן גָאט:
לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט לֶעדִיגֶע וֶוערְטֶער; 6
וָוארִין דֶעסְטְוֶועגֶען קוּמְט דֶער צָארְן פוּן גָאט אִיבֶּער דִיא
אוּנְגֶעהָארְזַאמֶע קִינְדֶער: דְרוּם זַייט אִיהְר נִיט זֵייעֶרֶע 7
חַבֵרִים: וָוארִין אִיהְר זֶענְט אַמָאל גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶערְנִים, 8
אָבֶּער אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר לִיכְט אִין דֶעם הַאר; וַואנְדֶעלְט
וִויא קִינְדֶער פוּן לִיכְט: וָוארִין דִיא פְרוּכְט פוּן דֶעם לִיכְט 9
אִיז אִין אַלֶערְלֵייא גוּטִיגְקֵייט אוּנְד גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אוּנְד
וָואהְרְהֵייט: אוּנְד פְּרִיפְט וָואס אִיז וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג צוּם 10
הַאר: אוּנְד הָאט קֵיינֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט מִיט דִיא וֶוערְקֶע 11
פוּן פִינְסְטֶערְנִים וָואס זֶענֶען אָהְן פְרוּכְט, נֵייעֶרְט לִיבֶּער

12 שְׁטְרָאפְט זֵייא: וָוארִין עֶס אִיז אַפִילוּ אַ שַׁאנְד צוּ רֶעדֶען
פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֵייא טְהוּן אִין פֶערְבָּארְגֶענֶעם:
13 אָבֶּער אַלֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁטְרָאפְט זֶענֶען פוּן
דֶעם לִיכְט אַנְטְפְּלֶעקְט; וָוארִין אַלֶעם וָואס אַנְטְפְּלֶעקְט
14 זִיךְ אִיז לִיכְט: דְרוּם זָאגְט עֶר,

„וַואךְ אוֹיף דוּא וָואס שְׁלָאפְסְט, אוּנְד שְׁטֶעה אוֹיף פוּן
דִיא טוֹיטֶע, אוּנְד מָשִׁיחַ וֶועט דִיךְ דֶערְלֵייכְטֶען״:

ישעיה ס׳ א׳.

15 דְרוּם זֶעהְט פָארְזִיכְטִיג וִויא אִיהְר וַואנְדֶעלְט, נִיט וִויא
16 נַארֶען, נֵייעֶרְט וִויא קְלוּגֶע לֵייט: קוֹיפְט אוֹיס דִיא צֵייט,
17 וָוארִין דִיא טֶעג זֶענֶען אִיבֶּעל: דֶעסְטְוֶועגֶען זַייט אִיהְר
נִיט אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג, נֵייעֶרְט פֶערְשְׁטֶעהְט וָואס אִיז דֶער
18 ווִילֶען פוּן דֶעם הַאר: אוּנְד זַייט נִיט שִׁכּוֹר מִיט ווַיין,
דְרִינֶען אִיז אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, נֵייעֶרְט זֵייט דֶערְפִילְט
19 מִיט דֶעם גֵייסְט: רֶעדֶענְדִיג צְווִישֶׁען אֵייךְ מִזְמוֹרִים אוּנְד
לוֹיבֶּען אוּנְד גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער, זִינְגֶענְדִיג אוּנְד שְׁפִּילֶענְ־
20 דִיג אִין אֵייעֶר הַארְץ צוּם הַאר: אוּנְד דַאנְקְט גָאט אוּנְד
דֶעם פָאטֶער בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַאר אַלֶע זַאכֶען אִים נָאמֶען
21 פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אוּנְד זֵייט אֵיינֶער צוּם
אַנְדֶערְן אוּנְטֶערְטֶענִיג אִין דֶער פוּרְכְט פוּן מָשִׁיחַ:
22 ווֵייבֶּער, זֵייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער,
23 ווִיא צוּם הַאר: וָוארִין דֶער מַאן אִיז דָאס הוֹיפְט פוּן
דֶעם ווֵייבּ, גְלֵייךְ ווִיא מָשִׁיחַ אִיז דָאס הוֹיפְט פוּן דֶער
קְהִלָּה, דֶער אִיז אַלֵיין דֶער רֶעטֶער פוּן דֶעם לֵייבּ:
24 אָבֶּער גְלֵייךְ ווִיא דִיא קְהִלָּה אִיז אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ מָשִׁיחַ,
אַזוֹי זֶענֶען אוֹיךְ דִיא ווֵייבֶּער צוּ זֵייעֶרֶע מֶענֶער אִין
25 אַלֶעם: מֶענֶער, לִיבְּט אֵייעֶרֶע ווֵייבֶּער, גְלֵייךְ ווִיא מָשִׁיחַ
הָאט דִיא קְהִלָּה גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט זִיךְ פַאר אִיהְר
26 גֶעגֶעבֶּען: כְּדֵי עֶר זָאל זִיא הֵיילִיגֶען, אִינְדֶעם עֶר הָאט
זִיא גֶערֵיינִיגְט מִיט דֶעם וַואשֶׁען פוּן וַואסֶער דוּרְךְ דֶעם
27 וָוארְט: כְּדֵי עֶר זָאל צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דִיא קְהִלָּה
פָארְשְׁטֶעלֶען הֶערְלִיךְ, אָהְן אַ פְלֶעק אָדֶער פַאלְטֶען
אָדֶער עֶפֶּעס דֶערְגְלֵייכֶען, נֵייעֶרְט כְּדֵי זִיא זָאל זֵיין
28 הֵיילִיג אוּנְד אָהְן אַ מוּם: אַזוֹי זֶענֶען דִיא מֶענֶער מְחוּיָב

זַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע וַוייבֶּער צוּ לִיבֶּען, ווִיא זַייעֶר אֵייגֶענֶעם
לֵייבּ. דֶער וָואס לִיבְּט זַיין אֵייגֶען וַוייבּ לִיבְּט זִיךְ אַלֵיין:
29 וָוארִין קֵיינֶער הָאט אַמָאל זַיין אֵייגֶען פְלֵיישׁ פֵּיינְד
גֶעהַאט, נֵייעֶרְט עֶר שְׁפֵּייזְט אוּנְד דֶערְנֶעהְרְט עֶס, גְלֵייךְ
30 ווִיא אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ דִיא קְהִלָה: וָוארִין מִיר זֶענֶען דִיא
31 גְלִידֶער פוּן זַיין לֵייבּ: דֶעסְטְוֶועגֶען זָאל אַ מֶענְשׁ
פֶערְלָאזֶען זַיין פָאטֶער אוּנְד זַיינֶע מוּטֶער אוּנְד זָאל זִיךְ
בֶּעהֶעפְטֶען צוּ זַיין וַוייבּ, אוּנְד זַייא בֵּיידֶע וֶועלֶען זַיין
32 אֵיין פְלֵיישׁ: בראשית ב׳ כ״ד. דִיזֶער סוֹד אִיז גְרוֹיס, אָבֶּער
33 אִיךְ רֶעד וֶועגֶען מָשִׁיחַ אוּנְד דֶער קְהִלָה: דָאךְ לָאז
אוֹיךְ אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זַיין אֵייגֶען וַוייבּ לִיבֶּען אַזוֹי
ווִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט; אוּנְד לָאז דָאס וַוייבּ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז
זִיא הָאט פוּרְכְט פַאר דֶעם מַאן:

קאפיטעל ו

1 קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין דֶעם הַאר,
2 וָוארִין דָאס אִיז רֶעכְט: עֶהְרֶע דֵיין פָאטֶער אוּנְד דֵיינֶע
מוּטֶער, וָואס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע מִצְוָה מִיט הַבְטָחָה: שמות כ׳ י״ב.
3 כְּדֵי עֶס זָאל דִיר גוּט זַיין, אוּנְד דוּא זָאלְסְט לַאנְג לֶעבֶּען
4 אוֹיף דֶער עֶרְד: דברים ה׳ ט״ז. אוּנְד אִיהְר פֶעטֶער, דֶערְ־
צֶערְנְט נִיט אֵייעֶרֶע קִינְדֶער, נֵייעֶרְט דֶערְצִיהְט זַייא אִין
דֶער אַזְהָרָה אוּנְד מוּסָר פוּן דֶעם הַאר:
5 אִיהְר קְנֶעכְט גֶעהָארְכְט דִיא וָואס זֶענֶען אֵייעֶרֶע הֶערְרֶען
נָאךְ דֶעם פְלֵיישׁ מִיט פָארְכְט אוּנְד צִיטֶערְנִיס, אִין
אֵיינְפֶעלְטִיגְקֵייט פוּן דֶעם הַארְץ, אַזוֹי ווִיא צוּ מָשִׁיחַ:
6 נִיט מִיט אוֹיגֶענְדִינֶסְט, ווִיא דִיא וָואס גֶעפֶעלֶען מֶענְשֶׁען,
נֵייעֶרְט ווִיא דִיא קְנֶעכְט פוּן מָשִׁיחַ, דִיא טְהוּן דֶעם
7 ווִילֶען פוּן גָאט פוּן הַארְצֶען: וֶועלְכֶע דִינֶען מִיט גוּטֶען
8 ווִילֶען ווִיא דֶעם הַאר אוּנְד נִיט ווִיא מֶענְשֶׁען: וָוארִין
אִיהְר ווִייסְט אַז דָאס גוּטֶע וָואס אִיטְלִיכֶער טְהוּט, דָאס
וֶועט עֶר דֶערְהַאלְטֶען פוּן דֶעם הַאר, אוֹיבּ עֶר אִיז אַ
9 קְנֶעכְט אָדֶער אַ פְרֵייעֶר: אוּנְד אִיהְר הֶערְרֶען, טְהוּט
אִיהְר דָאס זֶעלְבִּיגֶע צוּ זַייא, אוּנְד בֶּעדְרוֹיהֶעט זַייא נִיט,
וָוארִין אִיהְר ווִייסְט אַז אֵייעֶר אוּנְד אוֹיךְ זַייעֶר הַאר אִיז
אִין הִימֶעל, אוּנְד אַז עֶר אִיז קֵיינֶעם נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים:

10 אִים אִיבְּרִיגֶען, זֵייט שְׁטַארְק אִין דֶעם הַאר אוּנְד אִין
11 דֶער קְרַאפְט פוּן זֵיינֶע מַאכְט: טְהוּט אָן דִיא גַאנְצֶע
וַואפֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען דִיא
12 לִיסְט פוּן דֶעם שָׂטָן: וָוארִין אוּנְזֶער רַאנְגְלֶען אִיז נִיט
קֶעגֶען בְּלוּט אוּנְד פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט קֶעגֶען דִיא הֶערְשַׁאפְ־
טֶען, קֶעגֶען דִיא מֶעכְטֶען, קֶעגֶען דִיא וֶועלְטְ־הֶערְשֶׁער
פוּן דִיזֶער פִינְסְטֶערְנִים, קֶעגֶען דִיא גֵייסְטְלִיכֶע שַׁאר פוּן
13 אִיבֶּעל אִין דִיא הִימְלִישֶׁע עֶרְטֶער: דֶעסְטְוֶועגֶען נֶעמְט
אוֹיף אֵייךְ דִיא גַאנְצֶע וַואפֶען פוּן גָאט, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט קֶענֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען אִים שְׁלֶעכְטֶען טָאג, אוּנְד
וֶוען אִיהְר הָאט אַלֶעס אוֹיסְגֶערִיכְטֶעט שְׁטֶעהֶען בְּלֵייבֶּען:
14 שְׁטֶעהְט דֶען פֶעסְט אוּנְד גַארְטֶעלְט אַרוּם אֵייעֶרֶע
לֶענְדֶען מִיט וָואהְרְהֵייט, אוּנְד טְהוּט אָן דֶעם פַאנְצֶער
15 פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט: אוּנְד פַאר אֵייעֶרֶע שִׁיךְ דָאס
16 אָנְבְּרֵייטֶען פוּן דִיא בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן פְרִידֶען: אוּנְד
אִיבֶּער אַלֶעס נֶעמְט אוֹיף אֵייךְ דָאס שִׁילְד פוּן דֶעם
גְלוֹיבֶּען, מִיט וֶועלְכֶען אִיהְר וֶועט קֶענֶען פַארְלֶעשֶׁען
17 אַלֶע פֵייעֶרִיגֶע פֵּיילֶען פוּן דֶעם בֶּעזֶען: אוּנְד נֶעמְט
דֶעם הֶעלְם פוּן זֶעלִיגְקֵייט, אוּנְד דָאס שְׁוֶוערְד פוּן דֶעם
18 גֵייסְט, וָואס אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאט: דֶערְוֵוייל אִיהְר
בֶּעטֶעט מִיט אַלֶערְלֵייא גֶעבֶּעט אוּנְד תְּחִנָּה אַלֶע
צֵייטֶען אִין דֶעם גֵייסְט, אוּנְד וַואכְט דֶערְצוּ מִיט אַלֶע
19 בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט אוּנְד תְּחִנָּה פַאר אַלֶע הֵיילִיגֶע: אוּנְד
פַאר מִיר, כְּדֵי אַ וָוארְט זָאל מִיר גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען וֶוען
אִיךְ עֶפֶען מֵיין מוֹיל, אַז אִיךְ זָאל מִיט פְרֵייהֵייט צוּ
20 וִויסֶען טְהוּן דֶעם סוֹד פוּן דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה: פַאר
וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין אַ שָׁלִיחַ אִין קֶעטֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל
דְרִינְגֶען עֶפֶענְטְלִיךְ רֶעדֶען אַזוֹי וִויא אִיךְ בֶּעדַארְף צוּ
רֶעדֶען:
21 אָבֶּער אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ וִויסֶען מֵיינֶע זַאכֶען, וָואס אִיךְ
טְהוּא, וֶועט אֵייךְ טִיכִיקוֹס אַלֶעס צוּ וִויסֶען טְהוּן, וֶועלְכֶער
אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער אוּנְד גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער אִין דֶעם
22 הַאר: דֶעם אִיךְ הָאבּ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען צוּ אֵייךְ גֶעשִׁיקְט,
אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וִויא עֶס גֶעהְט אוּנְס, אוּנְד אַז עֶר

זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען : פְרִידֶען זָאל זַיין צוּ דִיא 23
בְּרִידֶער, אוּנְד לִיבֶּע מִיט גְלוֹיבֶּען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער
אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: גְנָאד זַייא מִיט אַלֶע 24
וָואס לִיבֶּען אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִין אוּנ־
פֶערְדָארְבֶּענְהַייט:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם

# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא פִּילִיפֶּער.

---

פּוֹלוֹס אוּנְד טִימוֹתִיוֹס דִיא קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ צוּ 1
אַלֶע הֵיילִיגֶע אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ וָואס זֶענֶען אִין פִילִיפִּי
מִיט דִיא אוֹיפְזֶעהֶער אוּנְד דִינֶער: גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ 2
אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
אִיךְ דַאנְק מֵיין גָאט אִין יֶעדֶען דֶערְמַאנֶען פוּן אֵייךְ: 3
אוּנְד אִיךְ בֶּעט בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַאר אֵייךְ אַלֶע אִין יֶעדֶער 4
תְּחִנָה מִיט פְרֵייד: פַאר אֵייעֶרֶע חֲבְרוּתָא אִין דֶער בְּשׂוֹרָה 5
טוֹבָה פוּן דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אָן בִּיז אַצוּנְד: אוּנְד אִיךְ בִּין 6
אִים בְּטָחוֹן וֶועגֶען דֶעמְזֶעלְבִּיגֶען, אַז דֶער וָואס הָאט אִין אֵייךְ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גוּטֶעס וֶוערְק וֶועט עֶס עֶנְדִיגֶען בִּיז צוּם
טָאג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: אַזוֹי וִויא עֶס אִיז רֶעכְט דָאס צוּ 7
דֶענְקֶען וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע, וֵוייל אִיךְ הָאבּ אֵייךְ אִים הַאר־
צֶען, אַפִילוּ אִין מֵיינֶע קֶעטֶען אִין מֵיין גֶעפֶענְגְנִיס אוּנְד
אִין דֶער פַאֶרעֶנְטְפֶערוּנְג אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגוּנְג פוּן דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה הָאט אִיהְר אַלֶע אַ טְהֵייל גֶעהַאט אִין מֵיינֶע
גְנָאד: וָוארִין גָאט אִיז מֵיין עֵדוּת וִויא אִיךְ פֶערְלַאנְג 8
נָאךְ אֵייךְ אַלֶע אִין דֶער בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ: אוּנְד דָאס בֶּעט אִיךְ, אַז אֵייעֶרֶע לִיבֶּע זָאל זִיךְ 9
זֶעהְר פִיל מֶעהְרֶען אִין דֶערְקֶענְטְנִיס אוּנְד אִין יֶעדֶע עֶר־
פַאהְרוּנְג: אַז אִיהְר זָאלְט פְּרִיפֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען 10

מֶעהר וֶוערְט, כְּדֵי אִיהר זָאלְט זַיין אוֹיפְרִיכְטִיג אוּנְד אָהְן
11 שְׁטְרוֹיכְלוּנְגֶען בִּיז צוּם טָאג פוּן מָשִׁיחַ: אוּנְד זָאלְט דֶערְ־
פִילְט זַיין מִיט דִיא פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז
דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דֶער הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד לוֹיבּ פוּן
גָאט:
12 נוּן ווִיל אִיךְ, בְּרִידֶער, אַז אִיהר זָאלְט ווִיסֶען אַז דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען צוּ מִיר גֶעשֶׁעהֶען הָאבֶּען לִיבֶּער גֶעהָאלְפֶען
13 דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ פֶערְבְּרֵייטֶען: אַזוֹי אַז מֵיינֶע קֶעטֶען
אִין מָשִׁיחַ זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִים גַאנְצֶען הוֹיף
14 אוּנְד צוּ דִיא אַלֶע אִיבְּרִיגֶע: אוּנְד מֵייסְטֶע פוּן דִיא בְּרִידֶער
אִין דֶעם הַאר זֶענֶען בָּטוּחַ גֶעוָוארֶען דוּרְךְ מֵיינֶע קֶעטֶען,
אוּנְד הָאבֶּען מֶעהר מוּטְה גֶעהַאט דָאס וָוארְט פוּן גָאט
אָהְן פוּרְכְט צוּ רֶעדֶען:
15 עֶטְלִיכֶע פְּרֶעדִיגֶען מָשִׁיחַ אַוַדאי אוּם נֵייד אוּנְד שְׁטְרֵייט,
16 אוּנְד עֶטְלִיכֶע אוֹיךְ אוּם דֶעם גוּטֶען ווִילֶען: דִיזֶע טְהוּן עֶס
אוּם לִיבֶּע, אִינְדֶעם זַייא ווִיסֶען אַז אִיךְ בִּין גֶעזֶעצְט דִיא
17 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה צוּ פֶערְעֶנְטְפֶערְן: אָבֶּער יֶענֶע פְּרֶעדִיגֶען
מָשִׁיחַ אוּם קְרִיג, נִיט אִין רֵיינְהֵייט, אִינְדֶעם זַייא דֶענְקֶען
18 זַייא וֶועלֶען אוֹיפְשְׁטֶעלֶען צָרָה צוּ מֵיינֶע קֶעטֶען: וָואס
אִיז עֶס דֶען? וֶוען נוּר עַל כָּל פָּנִים מָשִׁיחַ אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט,
אוֹיבּ פַאר אַיין אוֹיסְרֶעד אָדֶער אִין וָואהְרְהֵייט, אוּנְד אִין
דִיזֶען פְרֵייעֶ אִיךְ מִיךְ, אוּנְד וֶועל מִיךְ אוֹיךְ פְרֵייעֶן:
19 וָוארִין אִיךְ ווֵייס אַז דָאס וֶועט אוֹיסְפַאלֶען צוּ מֵיינֶע רֶע־
טוּנְג דוּרְךְ אֵייעֶר תְּחִנָּה, אוּנְד דֶעם בֵּיישְׁטַאנְד פוּן דֶעם
20 גֵייסְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: נָאךְ מֵיינֶע עֶרְנְצְטֶע אוֹיסְהַארוּנְג
אוּנְד הָאפְנוּנְג אַז אִיךְ וֶועל אִין קֵיינֶע זַאךְ נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט
וֶוערֶען נֵייעֶרְט מִיט אַלֶער בֶּעהֶערְצִיגְקֵייט גְלֵייךְ ווִיא אַלֶע
צֵייטֶען אַזוֹי אוֹיךְ אַצוּנְד וֶועט מָשִׁיחַ אִין מֵיין לֵייבּ פֶערְ־
הֶערְלִיכְט וֶוערֶען, עֶס זַייא דוּרְךְ לֶעבֶּען אָדֶער דוּרְךְ
טוֹיט:
21 וָוארִין פַאר מִיר צוּ לֶעבֶּען אִיז מָשִׁיחַ, אוּנְד צוּ שְׁטַארְבֶּען
22 אִיז אַ גֶעווִין: אָבֶּער וֶוען צוּ לֶעבֶּען אִין דֶעם פְלֵיישׁ אִיז
דִיא פְרוּכְט פוּן מֵיינֶע אַרְבֵּייט, אַזוֹי ווֵייס אִיךְ נִיט וָואס
23 אִיךְ זָאל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלֶען: אָבֶּער אִיךְ בִּין גֶעדְרֶענְגְט

צְווִישֶׁען דִיא צְווייא וֶועגֶען, אִינְדֶעם אִיךְ בֶּעגֶעהְר אָפּ־
צוּשֵׁיידֶען אוּנְד צוּ זֵיין מִיט מָשִׁיחַ, ווָארִין עֶס אִיז
פִיל בֶּעסֶער: אָבֶּער אִים פְלֵייש צוּ בְּלֵייבֶּען אִיז נֶע־ 24
טִיגֶער פַאר אֵייךְ: אוּנְד אִים פֶערְטְרוֹיעֶן דְרוֹיף ווֵייס 25
אִיךְ אַז אִיךְ ווֶעל בְּלֵייבֶּען אוּנְד ווֶעל נָאךְ בֵּייא אֵייךְ
אַלֶע בְּלֵייבֶּען כְּדֵי אֵייךְ ווֵייטֶער צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ אֵייעֶרֶע
פְרֵייד אִים גְלוֹיבֶּען: כְּדֵי אֵייעֶר רִיהְמֶען אִין יֵשׁוּעַ 26
הַמָשִׁיחַ זָאל אִין מִיר ווַאקְסֶען דוּרְךְ מֵיין ווִידֶער זֵיין
בֵּייא אֵייךְ:
ווַאנְדֶעלְט נוּר ווִירְדִיג פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ, 27
כְּדֵי ווֶען אִיךְ ווֶעל קוּמֶען אוּנְד ווֶעל אֵייךְ זֶעהֶען אָדֶער
ווֶעל נִיט מִיט אֵייךְ זֵיין, אִיךְ זָאל הֶערֶען ווִיא עֶס
גֶעהְט מִיט אֵייךְ, אַז אִיהְר שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין אֵיינֶעם
גֵייסְט, אוּנְד אַז אִיהְר שְׁטְרֵייט צוּזַאמֶען מִיט אֵיינֶע זֶעלֶע
פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: אוּנְד דֶערְ־ 28
שְׁרֶעקְט אֵייךְ נִיט אִין עֶטְלִיכֶע זַאכֶען פוּן ווֶעגֶען
אֵייעֶרֶע פֵיינְד; ווָאס אִיז צוּ זֵייא אַ בֶּעווֵייז פוּן פֶערְ־
דַארְבֶּען, אָבֶּער פוּן אֵייעֶרֶע רֶעטוּנְג, אוּנְד דָאס פוּן
גָאט: ווָארִין צוּ אֵייךְ אִיז עֶס גֶעגֶעבֶּען ווֶעגֶען מָשִׁיחַ, אַז 29
אִיהְר זָאלְט נִיט נוּר אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט אִיהְר
זָאלְט אוֹיךְ פַאר אִיהְם לֵיידֶען: אִינְדֶעם אִיהְר הָאט 30
דֶעם זֶעלְבֶּען שְׁטְרֵייט ווָאס אִיהְר הָאט גֶעזֶעהֶען אִין
מִיר, אוּנְד הֶערְט אַצוּנְד אַז עֶס אִיז אִין מִיר:

## קאפיטעל ב

דְרוּם ווֶען עֶס אִיז אַ שׁוּם נֶחָמָה אִין מָשִׁיחַ, ווֶען אַ 1
טְרֵייסְט פוּן לִיבֶּע, ווֶען אַ גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֶעם גֵייסְט,
ווֶען גוּטִיגְקֵייט אוּנְד בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט: דֶערְפִילְט 2
אִיהְר מֵיינֶע פְרֵייד אַז אִיהְר זָאלְט דִיא זֶעלְבֶּע גֶעדַאנְ־
קֶען הָאבֶּען אוּנְד דִיא זֶעלְבֶּע לִיבֶּע, אוּנְד זָאלְט אֵיינְ־
מִיטְהִיג זֵיין פוּן אֵיינֶע מַחֲשָׁבָה: אוּנְד זָאלְט גָארְנִיט 3
טְהוּן דוּרְךְ שְׁטְרֵייט אָדֶער אַ פַאלְשֶׁען כָּבוֹד, נֵייעֶרְט מִיט
אַ נִידְרִיג גֶעמִיט לָאז אִיטְלִיכֶער דֶעם אַנְדֶערְן גְרֶעסֶער
הַאלְטֶען ווִיא זִיךְ זֶעלְבְּסְט: לָאז נִיט אִיטְלִיכֶער אַכְטוּנְג 4
גֶעבֶּען אוֹיף דָאס זֵיינִיגֶע נֵייעֶרְט אוֹיךְ אוֹיף דִיא זַאכֶען

5 וָואס זֶענְען צוּם אַנְדֶערֶען: לָאז דִיזֶער גֶעדַאנְקֶען אִין
אֵייךְ זַיין וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
6 דֶער, אַפִּילוּ עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן
גָאט, דָאךְ הָאט עֶר עֶס נִיט פַאר אַ פְּרֵייז גֶעהַאלְטֶען
7 עֶר זָאל זַיין גְלֵייךְ צוּ גָאט: אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ זֶעלְבְּסְט
אוֹיסְגֶעלֶעדִיגְט, אִינְדֶעם עֶר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִיא גֶע־
שְׁטַאלְט פוּן אַ קְנֶעכְט, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אִין דֶעם
8 גְלֵייכְנִיס פוּן אַ מֶענְשׁ: אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעפִינֶען
גֶעוָוארֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט וִויא אַ מֶענְשׁ, הָאט עֶר
זִיךְ דֶערְנִידְרִיגְט אוּנְד אִיז גֶעהָארְזַאם גֶעוָוארֶען בִּיז צוּם
9 טוֹיט, אַפִּילוּ דֶעם טוֹיט פוּן דֶעם קְרֵייץ: דְרוּם הָאט
אִיהְם גָאט אוֹיךְ זֶעהְר דֶערְהֵייבְט, אוּנְד הָאט אִיהְם גֶע־
גֶעבֶּען דֶעם נָאמֶען וָואס אִיז אִיבֶּער יֶעדֶעם נָאמֶען:
10 כְּדֵי אִיטְלִיכֶעס קְנִיא פוּן דִיא וָואס זֶענֶען אִים הִימֶעל
אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אוּנְטֶער דֶער עֶרְד זָאל זִיךְ
11 בֶּעגֶען אִים נָאמֶען פוּן יֵשׁוּעַ: אוּנְד אִיטְלִיכֶע צוּנְג זָאל
בֶּעקֶענֶען אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז הַאר צוּם כָּבוֹד פוּן
12 גָאט דֶעם פָאטֶער: אַזוֹי דֶען, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע, גְלֵייךְ
וִויא אִיהְר הָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג צוּגֶעהָארְכְט, נִיט נוּר וֶוען
אִיךְ בִּין בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, נֵייעֶרְט אַצוּנְד פִיל מֶעהְר
וֶוען אִיךְ בִּין נִיט מִיט אֵייךְ, ווִירְקְט אוֹיס אֵייעֶרֶע יְשׁוּעָה
13 מִיט פוּרְכְט אוּנְד צִיטֶערְנִיס: וָוארִין עֶס אִיז גָאט וֶועלְ־
כֶער ווִירְקְט אִין אֵייךְ צוּ ווִילֶען אוּנְד צוּ טְהוּן נָאךְ
14 זַיין ווְאוֹילְגֶעפַאלֶען: טְהוּט אַלֶעס אָהְן גֶעמוּרְמֶעל אוּנְד
15 קְרִיגֶערֵייא: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט זַיין אָהְן טָאדֶעל אוּנְד
אוּנְשׁוּלְדִיג, דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט אָהְן אַ פֶעהְלֶער אִין
מִיטֶען פוּן אַ פֶערְקֶעהְרְטֶען אוּנְד פֶערְדְרֶעהְטֶען דוֹר, צְוִוי־
שֶׁען וֶועלְכֶע אִיהְר שֵׁיינְט ווִיא לִיכְטְהַאלְטֶער אִין דֶער
16 וֶועלְט: אוּנְד הַאלְט אֵייךְ אָן דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען,
כְּדֵי אִיךְ זָאל מִיךְ רִיהְמֶען אִים טָאג פוּן מָשִׁיחַ אַז
אִיךְ בִּין נִיט אוּמְזוּסְט גֶעלָאפֶען אוּנְד הָאבּ נִיט אוּמְ־
17 זוּסְט גֶעאַרְבֵּייט: אָבֶּער וֶוען אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעאָפְּפֶערְט
פַאר דֶעם קָרְבָּן אוּנְד דִינְסְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶען, אַזוֹי
פְרֶעה אִיךְ מִיךְ, אוּנְד בִּין פְרֶעהְלִיךְ מִיט אֵייךְ אַלֶע:

18 אוּנְד אִיבֶּער דִיזֶעם פְרֶעהְט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ אוּנְד זֵייט
19 פְרֶעהְלִיךְ מִיט מִיר: אָבֶּער אִיךְ הָאףְ אִין דֶעם הַאר
יֵשׁוּעַ טִימוֹתִיוֹס גְלֵייךְ צוּ אֵייךְ צוּ שִׁיקֶען, אַז אִיךְ
זָאל אוֹיךְ דֶערְקְוִויקְט וֶוערֶען וֶוען אִיךְ וֶועל וִויסֶען
20 וִויא עֶס גֶעהְט מִיט אֵייךְ: וָוארִין אִיךְ הָאבּ קֵיינֶעם
גְלֵייכְדֶענְקֶענְדִיגֶען, דֶער זָאל אוֹיפְרִיכְטִיג פַאר אֵייךְ זָארְ־
21 גֶען: וָוארִין זֵייא זוּכֶען אַלֶע דָאס זֵייעֶרִיגֶע, אוּנְד נִיט דִיא
22 זַאכֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: אָבֶּער אִיהְר וֵוייסְט זֵיינֶע
אוֹיסְפְּרִיפוּנְג אַז עֶר הָאט מִיט מִיר גֶעדִינְט צוּ דֶער
23 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גְלֵייךְ וִויא אַ קִינְד צוּם פָאטֶער: דְרוּם
הָאףְ אִיךְ אִיהְם בַּאלְד צוּ שִׁיקֶען, וֶוען אִיךְ וֶועל זֶעהֶען
24 וִויא עֶס גֶעהְט מִיט מִיר: אוּנְד אִיךְ פֶּערְטְרוֹיֶע אִין דֶעם
25 הַאר אַז אִיךְ זֶעלְבְּסְט וֶועל אוֹיךְ גְלֵייךְ קוּמֶען: אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ עֶס פַאר נֶעטִיג גֶעהַאלְטֶען אַז אִיךְ זָאל
עֶפַּאפְרָדִיטוֹס צוּ אֵייךְ שִׁיקֶען, וָואס אִיז מֵיין בְּרוּדֶער
אוּנְד מִיטְאַרְבֵּייטֶער אוּנְד מִיטְשְׁטְרֵייטֶער, אוּנְד אֵייעֶר
שָׁלִיחַ, וֶועלְכֶער הָאט מֵיין בֶּעדַארְפְנִים פַארְזֶעהֶען:
26 וָוארִין עֶר הָאט נָאךְ אֵייךְ אַלֶע גֶעגְלוּסְט, אוּנְד הָאט
זִיךְ מְצַעֵר גֶעוֶועזֶען, וֵוייל אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר
27 אִיז קְרַאנְק גֶעוֶועזֶען: וָוארִין עֶר אִיז טַאקֶע קְרַאנְק
גֶעוֶועזֶען נָאהֶענְט צוּם טוֹיט; אָבֶּער גָאט הָאט זִיךְ
אִיבֶּער אִיהְם דֶערְבַּארֶעמְט, אוּנְד נִיט נוּר אִיבֶּער אִיהְם
נֵייעֶרְט אוֹיךְ אִיבֶּער מִיר, אַז אִיךְ זָאל נִיט הָאבֶּען
28 טְרוֹיעֶר אוֹיףְ טְרוֹיעֶר: דְרוּם הָאבּ אִיךְ אִיהְם מֶעהְר
פְלֵייסִיג גֶעשִׁיקְט כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אִיהְם ווִידֶער זֶעהֶען
אוּנְד זָאלְט אֵייךְ פְרֵייעֶן, אוּנְד כְּדֵי אִיךְ זָאל וֶוענִיגֶער
29 טְרוֹיעֶר הָאבֶּען: דְרוּם נֶעמְט אִיהְם אוֹיףְ אִין דֶעם הַאר
מִיט אַלֶער פְרֵייד, אוּנְד הַאלְט אַזֶעלְכֶע אִין כָּבוֹד:
30 וֵוייל וֶועגֶען דֶעם וֶוערְק פוּן מָשִׁיחַ אִיז עֶר נָאהֶענְט גֶע־
וֶועזֶען בִּיז צוּם טוֹיט, אוּנְד הָאט זֵיין לֶעבֶּען אֵיינְגֶע־
שְׁטֶעלְט כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְפִילֶען דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין
אֵייעֶר דִינְסְט צוּ מִיר:

קאפיטעל ג

1 אִים אִיבְּרִיגֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער, פְרֶעהְט אֵייךְ אִין דֶעם

הַאר. עֶס אִיז מִיר נִיט פַארְדְרִיסְלִיךְ אִיךְ זָאל אֵייךְ דָאס
זֶעלְבִּיגֶע שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער פַאר אֵייךְ אִיז עֶס זִיכֶער:
2 הִיט אֵייךְ פַאר דִיא הוּנְט, הִיט אֵייךְ פַאר דִיא שְׁלֶעכְטֶע
3 אַרְבֵּייטֶער, הִיט אֵייךְ פַאר דֶער צוּשְׁנֵיידוּנְג: וָוארִין מִיר
זֶענֶען דִיא בֶּעשְׁנֵיידוּנְג וָואס הַאלְטֶען גָאטֶעס דִינְסְט
דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט, אוּנְד רִיהְמֶען אוּנְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
4 אוּנְד פֶערְטְרוֹיעֶן נִיט אִים פְלֵיישׁ: חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ
אוֹיךְ גֶעקָאנְט אִים פְלֵיישׁ פֶערְטְרוֹיעֶן. וֶוען אַפִילוּ אֵיין
אַנְדֶערֶער דֶענְקְט צוּ הָאבֶּען פֶערְטְרוֹיעֶן אִים פְלֵיישׁ,
5 אִיךְ פִיל מֶעהְר: אִיךְ בִּין בֶּעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען דֶעם
אַכְטֶען טָאג, אוּנְד אִיךְ בִּין פוּן דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִין, אֵיין עִבְרִי פוּן דִיא עִבְרִים, וֶועגֶען
6 דֶעם גֶעזֶעץ אַ פָּרוּשׁ: וֶועגֶען אֵייפֶער הָאבּ אִיךְ פֶערְ־
פָאלְגְט דִיא קְהִלָה, וֶועגֶען דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִים
גֶעזֶעץ בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אָהְן אַ פֶעהְלֶער:
7 אָבֶּער דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען מִיר גֶעוֶועזֶען אַ גֶעוִוין,
דִיא הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶענְט אַ שָׁאדֶען פוּן וֶועגֶען דֶעם
8 מָשִׁיחַ: אָבֶּער אִיךְ רֶעכֶען אַפִילוּ אַלֶע זַאכֶען פַאר
שָׁאדֶען וֶועגֶען דֶער זֶעהְר גְרוֹיסֶע דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מֵיין הַאר, פוּן וֶועגֶען וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
אִין אַלֶע זַאכֶען שָׁאדֶען גֶעלִיטֶען, אוּנְד רֶעכֶען זֵייא
9 אַלְס מִיסְט, כְּדֵי אִיךְ זָאל גֶעוִוינֶען מָשִׁיחַ: אוּנְד זָאל
אִין אִיהְם גֶעפִינֶען וֶוערֶען, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ נִיט מֵיינֶע
אֵייגֶענֶע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן דֶעם גֶעזֶעץ, נֵייא־
עֶרְט דִיא וָואס אִיז דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען אָן מָשִׁיחַ,
דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז פוּן גָאט אִין דֶעם גְלוֹי־
10 בֶּען: כְּדֵי אִיךְ זָאל אִיהְם דֶערְקֶענֶען, אוּנְד דִיא מַאכְט
פוּן זֵיינֶע אוֹיפְעֶרְשְׁטֶעהוּנְג, אוּנְד דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן
זֵיינֶע לֵיידֶען, אוּנְד זָאל מִיטְגֶעשְׁטֶעלְט וֶוערֶען צוּ זֵיין
11 טוֹיט: אוֹיבּ אִיךְ וֶועל קֶענֶען אוֹיף יֶעדֶען אוֹפֶן דֶערְ־
12 לַאנְגֶען צוּ תְּחִיַת הַמֵתִים: נִיט אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶערְ־
לַאנְגְט, אָדֶער בִּין שׁוֹין פָאלְקָאמֶען, נֵייעֶרְט אִיךְ פָאלְגֶע
נָאךְ וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיךְ דָאס דֶערְגְרֵייפֶען וֶועגֶען וֶועלְכֶען
13 אִיךְ בִּין אוֹיךְ דֶערְגְרִיפֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: בְּרִידֶער, אִיךְ

רֶעכֶען מִיךְ נָאךְ נִיט אַז אִיךְ הָאבּ דֶערְגְרִיפֶען; אָבֶּער
דִיא אֵיינֶע זַאךְ טְהוּא אִיךְ, אִיךְ פֶערְגֶעס דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען הִינְטֶען, אוּנְד שְׁטְרֶעק אוֹיס נָאךְ דִיא וָואס
14 זֶענֶען צוּפָאר: אוּנְד אִיךְ פָאלְג נָאךְ דֶעם צִיעֶל צוּם
פְּרֵייז פוּן דֶער הוֹיכֶען בֶּערוּפוּנְג פוּן גָאט אִין יֵשׁוּעַ
15 הַמָּשִׁיחַ: דְרוּם, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען פָאלְקָאמֶען, לָאזֶען
מִיר אַזוֹי דֶענְקֶען; אוּנְד וֶוען אִיהְר אִין עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ
16 דֶענְקְט, דָאס וֶועט אֵייךְ גָאט אוֹיךְ אַנְטְפְּלֶעקֶען: דָאךְ
וִויא וֵוייט מִיר הָאבֶּען דֶערְלַאנְגְט לָאזֶען מִיר וַואנְדֶעלְן
נָאךְ דֶעם כְּלַל:
17 בְּרִידֶער, זַייט נָאכְפָאלְגֶער מִיט מִיר, אוּנְד זֶעהְט
אוֹיף דִיא וָואס וַואנְדְלֶען וִויא אִיהְר הָאט אוּנְס פַאר אַ
18 בֵּיישְׁפִּיל: וָוארִין פִילֶע וַואנְדְלֶען, פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ
אֵייךְ אָפְט גֶעזָאגְט, אוּנְד אַצוּנְד זָאג אִיךְ אַפִילוּ מִיט
וֵויינֶען, אַז זַייא זֶענֶען דִיא פֵיינְד פוּן דֶעם קְרֵייץ פוּן
19 מָשִׁיחַ: וָואס זֵייעֶר עֶנְד אִיז פַארְדַארְבְּנִים, זֵייעֶר גָאט
אִיז דֶער בּוֹיךְ, אוּנְד זֵייעֶר כָּבוֹד אִיז אִין זֵייעֶר שַׁאנְד,
20 וֶועלְכֶע זֶענֶען עֶרְדִישׁ גֶעזִינְט: וָוארִין אוּנְזֶערֶע בִּירְגֶער־
שַׁאפְט אִיז אִים הִימֶעל, פוּן וַואנֶען מִיר דֶערְוַוארְטֶען
21 אוֹיךְ דֶעם רֶעטֶער, דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: דֶער
וֶועט אוּמְבִּילְדֶען דֶעם לֵייבּ פוּן אוּנְזֶערֶע נִידְרִיגְקֵייט
כְּדֵי עֶר זָאל זַיין אַ גְלֵייכְגֶעשְׁטֶעלְטֶער לֵייבּ פוּן זֵיינֶע
הֶערְלִיכְקֵייט, נָאךְ דֶער מַאכְט מִיט וֶועלְכֶער עֶר קָאן
אוֹיךְ אַלֶע זַאכֶען צוּ זִיךְ אוּנְטֶערְטֶענִיג מַאכֶען:

## קאפיטעל ד

1 אַזוֹי דֶען מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע אוּנְד בֶּעגֶעהְרְטֶע בְּרִידֶער,
מֵיינֶע פְרֵייד אוּנְד קְרוֹין, שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין דֶעם הַאר,
גֶעלִיבְּטֶע:
2 אִיךְ זָאג אָן אַבְהוֹדְיָא, אוּנְד אִיךְ זָאג אָן סִינְטִיכִי זַייא
זָאלֶען אֵיינֶערְלֵייא גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען אִין דֶעם הַאר:
3 יָא, אִיךְ זָאג דִיר אוֹיךְ אָן מֵיין גֶעטְרֵייעֶר גֶעזֶעל, הֶעלְף
דִיא פְרוֹיעֶן וָואס הָאבֶּען מִיט מִיר גֶעאַרְבֵּייט אִין דֶער
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, מִיט קְלֶעמֶענְס אוּנְד אוֹיךְ מֵיינֶע אַנְדֶערֶע
4 הֶעלְפֶער, וֶועמֶעס נֶעמֶען זֶענְען אִים סֵפֶר הַחַיִּים: פְרֶעהְט

אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם הַאר; ווִידֶער אַמָאל זָאג
5 אִיךְ פְרֶעהְט אֵייךְ: לָאז אֵייעֶרע דֶעמִיטִיגְקֵייט בֶּעקַאנְט
6 זַיין צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען. דֶער הַאר אִיז נָאהֶענְט: זָארְגְט
נִיט פַאר קֵיין זַאךְ, נֵייעֶרְט אִין אַלֶעם לָאזְט אֵייעֶרע
בֶּעדֶערְפְנִיסֶע ווִיסֶען צוּ גָאט דוּרְךְ גֶעבֶּעט אוּנְד תְּחִנָּה
7 מִיט דַאנְק: אוּנְד דֶער פְרִידֶען פוּן גָאט וָואס אִיז אִיבֶּער
אַלֶען פֶערְשְׁטַאנְד וֶועט בֶּעוָואהְרֶען אֵייעֶר הַארְץ אוּנְד
גֶעדַאנְקֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ:
8 אִים אִיבְּרִיגֶען, בְּרִידֶער, אַזוֹי פִילֶע זַאכֶען וָואס זֶענֶען
וָואהְר, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען אָנְשְׁטֶענְדִיג, אַזוֹי פִילֶע
וָואס זֶענֶען גֶערֶעכְט, אַזוֹי פִילֶע וָואס זֶענֶען רֵיין, אַזוֹי
פִילֶע וָואס זֶענֶען לִיבְּלֶעךְ, אַזוֹי פִילֶע וָואס הָאבֶּען אַ
גוּטֶען שֵׁם, וֶוען עֶס אִיז אַ שׁוּם גוּטֶער וֶוערְט אָדֶער אַ
9 שׁוּם לוֹיבּ, גֶעדֶענְקְט אָן דִיזֶע זַאכֶען: וָואס אִיהְר הָאט
גֶעלֶערְנְט אוּנְד אָנְגֶענוּמֶען אוּנְד גֶעהֶערְט אוּנְד גֶעזֶעהֶען
אִין מִיר, דָאס טְהוּט; אוּנְד דֶער גָאט פוּן פְרִידֶען וֶועט
מִיט אֵייךְ זַיין:
10 אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֶעהְט אִים הַאר, אַז אֵייעֶר
טְרַאכְטֶען פַאר מִיר בְּלִיהְט שׁוֹין ווִידֶער; חָאטְשֶׁע אִיהְר
הָאט אוֹיךְ פְרִיהֶער גֶעטְרַאכְט, אָבֶּער אִיהְר הָאט קֵיינֶע
11 גֶעלֶעגֶענְהֵייט נִיט גֶעהַאט: נִיט אַז אִיךְ זָאג דָאס וֶועגֶען
בֶּעדֶערְפְנִיס, וָוארִין אִיךְ הָאבּ גֶעלֶערְנְט צוּפְרִידֶען
12 צוּ זַיין אִין וָואס פַאר אַ שְׁטַאנְד אִיךְ בִּין: אִיךְ ווֵייס
ווִיא דֶערְנִידְרִיגְט צוּ זַיין, אוּנְד אִיךְ ווֵייס ווִיא דֶערְפִילְט
צוּ זַיין; אִין אַלֶעם אוּנְד אִין אַלֶע זַאכֶען בִּין אִיךְ גֶע־
לֶערְנְט זַאט צוּ זַיין אוּנְד צוּ הוּנְגֶערְן, אִיבְּרִיג צוּ הָא־
13 בֶּען אוּנְד נוֹיט צוּ לֵיידֶען: אִיךְ קָאן אַלֶעם טְהוּן דוּרְךְ
14 אִיהְם דֶער מִיךְ שְׁטַארְקְט: דָאךְ הָאט אִיהְר גוּט גֶע־
טְהוּן אִינְדֶעם אִיהְר הָאט אַ טְהֵייל גֶענוּמֶען אִין מֵיינֶע
15 צָרָה: אוּנְד אִיהְר ווֵייסְט אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט, אִיהְר פִילִיפֶּער,
אַז אִים אָנְהֵייבּ פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, וֶוען אִיךְ בִּין
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן מַקְדוֹנְיָא הָאט קֵיינֶע קְהִלָה נִיט מִיט
מִיר גֶעמֵיינְשַׁאפְט גֶעהַאט וֶועגֶען גֶעבֶּען אוּנְד נֶעמֶען,
16 נֵייעֶרְט אִיהְר אַלֵיין: וָוארִין אִין טֶעסַאלוֹנִיקִי הָאט אִיהְר

אוֹיךְ אֵיין מָאל אוּנְד ווִידֶער אַמָאל צוּ מֵיין בֶּעדֶערְפְנִים
17 גֶעשִׁיקְט: נִיט אַז אִיךְ פֶּערְלַאנְג דִיא מַתָּנָה, נֵייעֶרְט
אִיךְ פֶּערְלַאנְג דִיא פְרוּכְט וָואס זָאל זִיךְ מֶעהְרֶען צוּ
18 אֵייעֶרֶע רֶעכְנוּנְג: דָאךְ הָאבּ אִיךְ אַלֶעס, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
נָאךְ אִיבְּרִיג; אִיךְ בִּין דֶערְפִילְט ווֵייל אִיךְ הָאבּ דֶערְ־
הַאלְטֶען דוּרְךְ עֶפַּאפְרוֹדִיטוֹס דִיא זַאכֶען וָואס אִיהְר
הָאט גֶעשִׁיקְט, אַ רֵיחַ נִיחֹחַ, אֵיין אָנְגֶענֶעהְמֶעם קָרְבָּן,
19 וָואס אִיז גֶעפֶעלִיג צוּ גָאט: אוּנְד מֵיין גָאט וֶועט דֶערְ־
פִילֶען אֵייעֶר בֶּעדֶערְפְנִים נָאךְ זֵיינֶע רֵייכְקֵייט אִין הֶערְ־
20 לִיכְקֵייט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: נוּן צוּ אוּנְזֶער גָאט אוּנְד
פָאטֶער זָאל זַיין דֶער כָּבוֹד פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְ־
קֵייט; אָמֵן:
21 גְרִיסְט יֶעדֶען הֵיילִיגֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ. דִיא בְּרִידֶער
22 וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גְרִיסֶען אֵייךְ: אַלֶע הֵיילִיגֶע גְרִי־
סֶען אֵייךְ, אוּנְד מֵייסְטֶענְס דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דֶעם
הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן קֵיסַר:
23 דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט
אֵייעֶר גֵייסְט:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא קָאלָאסֶער.

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךָ דֶעם
2 ווִילֶען פוּן גָאט, אוּנְד טִימוֹתִיוֹס דֶער בְּרוּדֶער: צוּ דִיא
הֵיילִיגֶע ווָאס זֶענֶען אִין קָאלָאסֶע דִיא גֶעטְרֵייעֶ בְּרִידֶער
אִין מָשִׁיחַ; גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט
3 אוּנְזֶער פָאטֶער: מִיר דַאנְקֶען אַלֶע צֵייט גָאט דֶעם
פָאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְד מִיר בֶּעֶ־
4 טֶען ווֶעגֶען אֵייךְ: אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט ווֶעגֶען
דֶעם גְלוֹיבֶּען ווָאס אִיהְר הָאט אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְד
5 אֵייעֶרֶע לִיבֶּע צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע: דוּרְךְ דֶער הָאפְנוּנְג
ווָאס אִיז פַאר אֵייךְ אוֹיפְבֶּעהַאלְטֶען אִים הִימֶעל, ווָאס
אִיהְר הָאט פְרִיהֶער גֶעהֶערְט אִים ווָארְט פוּן דֶער
6 ווָאהְרְהֵייט פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: ווָאס אִיז בֵּייא אֵייךְ,
גְלֵייךְ ווִיא עֶס אִיז אוֹיךְ אִין דִיא גַאנְצֶע ווֶעלְט, אוּנְד
טְרָאגְט פְרוּכְט אוּנְד מֶעהְרְט זִיךְ, אַזוֹי ווִיא אוֹיךְ צְווִישֶׁען
אֵייךְ, פוּן דֶעם טָאג אָן ווֶען אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אוּנְד
7 דֶערְקֶענְט דִיא גְנָאד פוּן גָאט אִין ווָאהְרְהֵייט: גְלֵייךְ
ווִיא אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט פוּן עֶפַּאפְרַאס אוּנְזֶער גֶעֶ־
לִיבְּטֶען מִיטְקְנֶעכְט, ווֶעלְכֶער אִיז פַאר אֵייךְ אַ גֶעטְרֵייעֶר
8 דִינֶער פוּן מָשִׁיחַ: דֶער הָאט אוֹיךְ אוּנְס צוּ ווִיסֶען
גֶעטְהוּן אֵייעֶרֶע לִיבֶּע אִים גֵייסְט:
9 דֶעסְטְווֶעגֶען פוּן דֶעם טָאג אָן אַז מִיר הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט
הֶערֶען מִיר נִיט אוֹיף פַאר אֵייךְ מִתְפַּלֵל צוּ זֵיין, אוּנְד
צוּ בֶּעטֶען אַז אִיהְר זָאלְט דֶערְפִילְט ווֶערֶען מִיט דֶער
דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן זֵיין ווִילֶען אִין יֶעדֶע גֵייסְטְלִיכֶע חָכְמָה
10 אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד: אַז אִיהְר זָאלְט ווַאנְדְלֶען ווִירְדִיג
פוּן דֶעם הַאר צוּ אַלֶען ווָאוֹילְגֶעפֶעלֶען, אוּנְד זָאלְט
פְרוּכְט בְּרֶענְגֶען אִין אִיטְלִיכֶען גוּטֶען ווֶערְק, אוּנְד זָאלְט
אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט:

11 גֶעשְׁטַארְקְט מִיט אַלֶער מַאכְט נָאךְ דֶער קְרַאפְט פוּן
זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט צוּ אַלֶער גֶעדוּלְד אוּנְד לַאנְגְמוּטִיגְ־
12 קֵייט מִיט פְרֵייד: אוּנְד זָאלְט דַאנְקֶען דֶעם פָאטֶער
דֶער אוּנְס הָאט טוּיגְלִיךְ גֶעמַאכְט צוּ זֵיין טֵיילְנֶעהְמֶער
13 פוּן דֶער נַחֲלָה פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אִים לִיכְט: וֶועלְכֶער
הָאט אוּנְס גֶערֶעטֶעט פוּן דֶער מַאכְט פוּן דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד הָאט אוּנְס אִיבֶּערְגֶעזֶעצְט אִים
14 קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דֶעם זוּהְן פוּן זֵיינֶע לִיבֶּע: אִין וֶועלְכֶען
מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע דֶערְלֶעזוּנְג, דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן
15 זִינְד: וֶועלְכֶער אִיז דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן דֶעם אוּנְגֶעזֶעהֶע־
16 נֶען גָאט, דֶער בְּכוֹר פוּן אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִיס: וָוארִין
דוּרְךְ אִיהְם זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען וָואס
זֶענֶען אִים הִימֶעל אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד, דִיא גֶעזֶעהֶענֶע
אוּנְד דִיא נִיט גֶעזֶעהֶענֶע, אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען טְרוֹינְשְׁטוּהְלֶען
אָדֶער הֶערְשַׁאפְטֶען אָדֶער אוֹיבְּרִיגְקֵייטֶען אָדֶער מֶעכְטֶע;
אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען דוּרְךְ אִיהְם אוּנְד צוּ אִיהְם בֶּעשַׁאפֶען
17 גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶר אִיז פָאר אַלֶע זַאכֶען, אוּנְד אַלֶע
18 זַאכֶען בֶּעשְׁטֶעהֶען אִין אִיהְם: אוּנְד עֶר אִיז דֶער קָאפּ
פוּן דֶעם לֵייבּ וָואס אִיז דִיא קְהִלָה. אוּנְד עֶר אִיז דֶער
אָנְהֵייבּ, דֶער בְּכוֹר פוּן דִיא טוֹיטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל אִין
19 אַלֶע זַאכֶען אַלֵיין זֵיין דֶער עֶרְשְׁטֶער: וָוארִין עֶס אִיז
דֶעם פָאטֶער וְואוֹילְגֶעפַאלֶען אַז אִין אִיהְם זָאל דִיא
20 גַאנְצֶע פוּלְהֵייט וְואוֹינֶען: אוּנְד אַז עֶר זָאל דוּרְךְ אִיהְם
אַלֶע זַאכֶען מִיט זִיךְ אִיבֶּערְבֶּעטֶען, דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד אוּנְד אִים הִימֶעל, אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶעמַאכְט
שָׁלוֹם דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן זֵיין קְרֵייץ:
21 אוּנְד אֵייךְ וָואס אִיהְר זֶענְט אַמָאל פְרֶעמְד גֶעוֶועזֶען אוּנְד
פֵיינְד אִין אֵייעֶרֶע מַחְשָׁבוֹת דוּרְךְ שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים, הָאט
22 עֶר אַצוּנְד אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען: אִין דֶעם לֵייבּ פוּן זֵיין
פְלֵיישׁ דוּרְךְ דֶעם טוֹיט, כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ הֵיילִיג אוּנְד
אוּנְשׁוּלְדִיג אוּנְד אָהְן אַ פֶעהְלֶער פָאר אִיהְם פָארְשְׁטֶע־
23 לֶען: וֶוען אִיהְר וֶועט בְּלֵייבֶּען אִים גְלוֹיבֶּען גֶעגְרוּנְדִיגְט
אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגְט, אוּנְד וֶועט נִיט אַוֶועקְבֶּעוֶועגְט וֶוערֶען
פוּן דֶער הָאפְנוּנְג פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה וָואס אִיהְר הָאט

גֶעהֶערְט, וָואס אִיז גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען אַלֶע
בֶּעשֶׁעפֶּענִים אוּנְטֶער דֶעם הִימֶעל, פוּן וֶועלְכֶען אִיךְ
פּוֹלוֹס בִּין גֶעוָוארֶען אַ דִינֶער׃
24 אַצוּנְד פְרֶעה אִיךְ מִיךְ אִין מֵיינֶע לֵיידֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד
אִיךְ דֶערְפִיל אִין מֵיין פְלֵיישׁ דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין
דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, פַאר זֵיין לֵייבּ, וָואס אִיז דִיא
25 קְהִלָּה׃ פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַ דִינֶער נָאךְ
דֶער פֶערְאָרְדְנוּנְג פוּן גָאט וָואס אִיז מִיר גֶעגֶעבֶּען
פוּן אַייעֶרְטְוֶועגֶען, צוּ דֶערְפִילֶען דָאס וָוארְט פוּן
26 גָאט׃ דֶער סוֹד וָואס אִיז פֶערְבָּארְגֶען גֶעוֶועזֶען
פוּן דִיא צֵייטֶען אוּנְד דִיא דוֹרוֹת, אָבֶּער אִיז אַצוּנְד
27 אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען צוּ זַיינֶע הֵיילִיגֶע׃ צוּ וֶועלְכֶע גָאט
הָאט גֶעוָואלְט בֶּעקַאנְט מַאכֶען וָואס אִיז דִיא רֵייכְקֵייט
פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דִיזֶעם סוֹד צְווִישֶׁען דִיא
גוֹיִם, וָואס אִיז מָשִׁיחַ אִין אֵייךְ, דִיא הָאפְנוּנְג פוּן
28 הֶערְלִיכְקֵייט׃ דֶעם מִיר פְּרֶעדִיגֶען, אוּנְד וָוארְנֶען אִיטְ־
לִיכֶען מֶענְשׁ אוּנְד לֶעהְרֶען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ מִיט
אַלֶערְלֵייא וֵוייזְהֵייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען אִיטְלִיכֶען מֶענְשׁ
29 שְׁטֶעלֶען פָאלְקָאמֶען אִין מָשִׁיחַ׃ צוּ דֶעם תַּכְלִית
אַרְבֵּייט אִיךְ אוֹיךְ, אִינְדֶעם אִיךְ שְׁטְרֵייט נָאךְ זֵיינֶער
מַאכְט וָואס וִוירְקְט אִין מִיר מִיט גְבוּרָה׃

## קאפיטעל ב

1 וָוארִין אִיךְ וִויל אַז אִיהְר זָאלְט וִויסֶען וָואס פַאר אַ
גְרוֹיסֶען שְׁטְרֵייט אִיךְ הָאבּ פַאר אֵייךְ, אוּנְד פַאר
דִיא וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא, אוּנְד פַאר אַלֶע וָואס
2 הָאבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען מֵיין פָּנִים אִין דֶעם פְלֵיישׁ׃ כְּדֵי
זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער זָאלֶען גֶעטְרֵייסְט וֶוערֶען, אוּנְד זֵייא
זָאלֶען בֶּעפֶעסְטִיגְט וֶוערֶען אִין דֶער לִיבֶּע אַפִילוּ צוּ
אַלֶע רֵייכְקֵייט פוּן אַ גַאנְץ דֶערְפִילְטֶען פֶערְשְׁטַאנְד,
צוּ דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶעם סוֹד פוּן גָאט וָואס אִיז
3 אִין מָשִׁיחַ׃ אִין וֶועלְכֶען זֶענֶען פֶערְבָּארְגֶען אַלֶע
4 אוֹצְרוֹת פוּן חָכְמָה אוּנְד דֶערְקֶענְטְנִיס׃ דָאס זָאג
אִיךְ, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט בֶּעטְרִיגֶען מִיט אִי־
5 בֶּערְרֶעדֶענְדִיגֶע קְרַאפְט׃ וָוארִין חָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נִיט

בֵּייא אֵייךְ אִים לֵייב דָאךְ בִּין אִיךְ בֵּייא אֵייךְ אִים
גֵייסְט, אוּנְד אִיךְ פְרֶעה מִיךְ אוּנְד זֶעה אָן אֵייעֶרֶע
אָרְדְנוּנְג, אוּנְד דִיא פֶעסְטִיגְקֵייט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
אָן מָשִׁיחַ:
6 דְרוּם גְלֵייךְ וְוִיא אִיהְר הָאט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם הַאר
7 יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַזוֹי וַואנְדֶעלְט אִין אִיהְם: אוּנְד זֵייט
אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אוּנְד אוֹיפְגֶעבּוֹיעֶט אִין אִיהְם, בֶּעפֶעסְ־
טִיגְט אִים גְלוֹיבֶּען אַזוֹי וְוִיא אִיהְר הָאט גֶעלֶערְנְט,
אוּנְד מֶעהְרְט אֵייךְ דְרִינֶען מִיט דַאנְקֶען:
8 גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז קֵיינֶער זָאל אֵייךְ נִיט פַאר אַ רוֹיב
מַאכֶען דוּרְךְ פִילָאסָאפִּי אוּנְד לֶעדִיגֶע פַארְפִיהְרוּנְג נָאךְ
דִיא קַבָּלָה פוּן מֶענְשֶׁען, נָאךְ דִיא יְסוֹדוֹת פוּן דֶער
9 וֶועלְט, אוּנְד נִיט נָאךְ מָשִׁיחַ: וָוארִין אִין אִיהְם וְואוֹינְט
דִיא גַאנְצֶע פוּלְהֵייט פוּן דֶער גָאטְהֵייט לֵייבְּהַאפְטִיג:
10 אוּנְד אִיהְר זֶענְט דֶערְפִילְט אִין אִיהְם, וֶועלְכֶער אִיז
11 דֶער קָאפּ פוּן יֶעדֶער הֶערְשַׁאפְט אוּנְד מַאכְט: אִין
וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ בֶּעשְׁנִיטֶען מִיט דֶער בֶּעשְׁנֵיי־
דוּנְג וָואס אִיז נִיט גֶעמַאכְט מִיט דֶער הַאנְד, מִיט דֶעם
אוֹיסְטְהוּן דֶעם לֵייבּ פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, אִין דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג
12 פוּן מָשִׁיחַ: אוּנְד אִיהְר זֶענְט מִיט אִיהְם בֶּעגְרוּבֶּען
גֶעוָוארֶען אִין דֶער טְבִילָה, אִין וֶועלְכֶער אִיהְר זֶענְט
אוֹיךְ מִיט אִיהְם אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען
אִים ווִירְקֶען פוּן גָאט, דֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעוֶועקְט
13 פוּן דִיא טוֹיטֶע: אוּנְד אֵייךְ, וָואס אִיהְר זֶענְט טוֹיט
גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ אֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת אוּנְד דֶער עָרְלָה פוּן
אֵייעֶר פְלֵיישׁ, הָאט עֶר מִיט אִיהְם לֶעבֶּעדִיג גֶעמַאכְט,
14 אִינְדֶעם עֶר הָאט אוּנְס פֶערְגֶעבֶּען אַלֶע עֲבֵירוֹת: אוּנְד
הָאט אוֹיסְגֶעמֶעקְט דִיא הַאנְדְשְׁרִיפְט דוּרְךְ זֵיינֶע חוּקִים
וָואס זֶענֶען קֶעגֶען אוּנְס גֶעוֶועזֶען, וָואס אִיז אוֹיךְ אוּנְס
דֶערְוִוידֶער, אוּנְד הָאט עֶס אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוֹיס דֶער
מִיטֶען אִינְדֶעם עֶר הָאט עֶס אָנְגֶעשְׁטֶעלְט צוּם קְרֵייץ:
15 אוּנְד עֶר הָאט אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דִיא הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד
דִיא מֶעכְטֶען, אוּנְד הָאט זֵייא עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעווִיזֶען,
אוּנְד הָאט דְרִינֶען אִיבֶּער זֵייא גֶעזִיגְט:

16 דְרוּם לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט רִיכְטֶען וֶועגֶען עֶסֶען אוּנְד
טְרִינְקֶען אָדֶער וֶועגֶען א יוֹם טוֹב אָדֶער אַ רֹאשׁ חֹדֶשׁ
17 אָדֶער שַׁבָּתוֹת: וָואס זֶענֶען אַ שָׁאטֶען פוּן דִיא זַאכֶען
וָואס וֶועלֶען קוּמֶען, אָבֶּער דֶער לֵייבּ גֶעהֶערְט צוּ
18 מָשִׁיחַ: לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט רוֹיבֶּען דֶעם שְׂכַר דוּרְךְ
דִינֶען אִין נִידְרִיגְקֵייט אוּנְד פֶערְעֶהְרוּנְג פוּן דִיא מַלְאָכִים,
אִינְדֶעם עֶר דְרִינְגְט אוֹיף דִיא זַאכֶען וָואס עֶר הָאט
גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיז אוּמְזוּסְט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען פוּן זֵיין
19 פְלֵיישְׁלִיכֶען פֶערְשְׁטַאנְד: אוּנְד עֶר הַאלְט נִיט פֶעסְט
אָן דֶעם קָאפּ, פוּן וֶועלְכֶען דֶער גַאנְצֶער לֵייבּ אִיז
גֶענֶעהְרְט אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיגְט דוּרְךְ דִיא בֶּענְדֶע אוּנְד
אָדֶערְן, אוּנְד וַואקְסְט מִיט דֶעם גֶעוֶועקְס פוּן גָאט:
20 וֶוען אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען מִיט מָשִׁיחַ פוּן דִיא
גְרוּנְדְזֶעצֶע פוּן דֶער וֶועלְט, וָוארוּם גְלֵייךְ וִויא אִיהְר
זֶענְט לֶעבֶּעדִיג אִין דֶער וֶועלְט אוּנְטֶערְוַוארְפְט אִיהְר
21 אֵייךְ זֶעלְבְּסְט צוּ גֶעזֶעצֶען: רִיהְר נִיט אָן, פֶּערְזִיךְ נִיט,
22 נֶעם נִיט אִין דֶער הַאנְד: וָואס אַלֶע זֶענֶען צוּם פֶּערְ־
דַארְבֶּען מִיט דֶעם נִיצֶען, נָאךְ דִיא גֶעבָּאטֶע אוּנְד
23 לֶעהְרֶען פוּן מֶענְשֶׁען? וָואס הָאבֶּען וְואוֹיל אַ שֵׁיין פוּן
חָכְמָה אִין בֶּעווִילִיגְטֶען דִינְסְט אוּנְד נִידְרִיגְקֵייט אוּנְד
נִיט פֶּערְשׁוֹינוּנְג פוּן דֶעם לֵייבּ, נִיט אִין אַ שׁוּם כָּבוֹד
צוּ זֶעטִיגוּנְג פוּן דֶעם פְלֵיישׁ:

## קאפיטעל ג

1 דְרוּם וֶוען אִיהְר זֶענְט אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען מִיט מָשִׁיחַ, זוּכְט
דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען אוֹיבֶּען, וְואוּ מָשִׁיחַ אִיז זִיצֶענְדִיג
2 צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט: טְרַאכְט דִיא זַאכֶען
וָואס זֶענֶען אוֹיבֶּען, נִיט דִיא וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער
3 עֶרְד: וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד אֵייעֶר
4 לֶעבֶּען אִיז פֶּערְבָּארְגֶען מִיט מָשִׁיחַ אִין גָאט: וֶוען
מָשִׁיחַ דֶער אִיז אוּנְזֶער לֶעבֶּען וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען,
דַאן וֶועט אִיהְר אוֹיךְ מִיט אִיהְם אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען
אִין הֶערְלִיכְקֵייט:
5 דְרוּם זָאלְט אִיהְר טֶעטֶען אֵייעֶרֶע גְלִידֶער וָואס זֶענֶען
אוֹיף דֶער עֶרְד, הוּרֶערֵייא, אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, לֵיידֶענְשַׁאפְט,

שְׁלֶעכְטֶעס בֶּעגֶעהְרֶען, אוּנְד גֵייצִיגְקַייט, וָואס אִיז אָפְּ־
גֶעטֶערֵייא: דוּרְךְ וֶועלְכֶע דֶער צָארְן פוּן גָאט קוּמְט 6
אִיבֶּער דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע קִינְדֶער: אִין וֶועלְכֶע זַאכֶען 7
אִיהְר הָאט אוֹיךְ אַמָאל גֶעוַואנְדֶעלְט, וֶוען אִיהְר הָאט
דְרִינֶען גֶעלֶעבְּט: אָבֶּער אַצוּנְד לֶעגְט אִיהְר אוֹיךְ אַוֶועק 8
דִיא אַלֶע, צָארְן, גְרִים, רִשְׁעוּת, לֶעסְטֶערוּנְג, שֶׁענְדְלִיכֶע
רֶעד פוּן אֵייעֶר מוֹיל: זָאגְט נִיט קֵיין לִיגֶען צְווִישֶׁען 9
אֵיינְאַנְדֶער; אִינְדֶעם אִיהְר הָאט אוֹיסְגֶעטְהוּן דֶעם אַלְטֶען
מֶענְשׁ מִיט זֵיינֶע מַעֲשִׂים: אוּנְד הָאט אָנְגֶעטְהוּן דֶעם 10
נֵייעֶן מֶענְשׁ וֶועלְכֶער אִיז דֶערְנֵייעֶרְט אִין דֶערְקֶענְטְנִים
נָאךְ דֶער גֶעשְׁטַאלְט פוּן אִיהְם דֶער הָאט אִיהְם
בֶּעשַׁאפֶען: וְואוּ עֶס קָאן נִיט זֵיין גְרֶעק אוּנְד יוּד, 11
בֶּעשְׁנֵיידוּנְג אוּנְד אוּנְבֶּעשְׁנֵיידוּנְג, פְרֶעמְדֶע אוּנְד סְקוּטֶער,
קְנֶעכְט אוּנְד פְרֵייעֶר; נֵייעֶרְט מָשִׁיחַ אִיז אַלֶעס אוּנְד
אִין אַלֶעם:
דְרוּם טְהוּט אָן אַלְס אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע פוּן גָאט, הֵיילִיגֶע 12
אוּנְד גֶעלִיבְּטֶע, הֶערְצֶער פוּן בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט,
פְרֵיינְדְלִיכְקֵייט, אַ נִידְרִיג גֶעמִיט, זַאנְפְטְמוּטִיגְקֵייט,
לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט: פֶערְטְרָאגְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען 13
אוּנְד פֶערְגִיבְּט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, וֶוען אֵיינֶער הָאט
עֶפֶּעס אַ פַארְקְלָאג קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען; גְלֵייךְ וִויא
דֶער הַאר הָאט אֵייךְ פֶערְגֶעבֶּען, אַזוֹי טְהוּט אוֹיךְ אִיהְר:
אוּנְד אִיבֶּער אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען טְהוּט אָן דִיא לִיבֶּע, 14
וָואס אִיז דָאס בַּאנְד פוּן פָאלְקָאמֶענְהֵייט: אוּנְד לָאז 15
דֶער פְרִידֶען פוּן מָשִׁיחַ הֶערְשֶׁען אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער,
צוּ וֶועלְכֶע אִיהְר זֶענְט אוֹיךְ גֶערוּפֶען אִין אֵיין לֵייבּ;
אוּנְד זֵייט בֶּעדַאנְקֶענְדִיג: לָאז דָאס וָוארְט פוּן מָשִׁיחַ 16
רֵייכְלִיךְ אִין אֵייךְ וְואוֹינֶען, מִיט אַלֶערְלֵייא חָכְמָה
לֶעהְרְט אוּנְד דֶערְמָאהְנְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, אִין
מִזְמוֹרִים אוּנְד גֶעזַאנְג אוּנְד גֵייסְטְלִיכֶע לִידֶער, אוּנְד
זִינְגְט מִיט גְנָאד אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער צוּם הַאר: אוּנְד 17
וָואס פַאר אַ זַאךְ אִיהְר טְהוּט אִין וָוארְט אָדֶער אִין
וֶוערְק, טְהוּט אַלֶעס אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ,
אוּנְד דַאנְקְט גָאט דֶעם פָאטֶער דוּרְךְ אִיהְם:

18 אִיהְר װײבֶּער, זײט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אײעֶרֶע מֶענֶער,
19 װִיא עֶס אִיז אָנְשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם הַאר: אִיהְר מֶענֶער,
לִיבְּט אײעֶרֶע װײבֶּער, אוּנְד זײט נִיט עֶרְבִּיטֶערְט קֶעגֶען
20 זײא: אִיהְר קִינְדֶער, גֶעהָארְכְט אײעֶרֶע עֶלְטֶערְן אִין
אַלֶע זַאכֶען, װָארִין דָאס אִיז װִאוילְגֶעפֶעלִיג צוּ דֶעם
21 הַאר: אִיהְר פֶּעטֶער, דֶערְצֶערְנְט נִיט אײעֶרֶע קִינְדֶער, כְּדֵי
22 זײא זָאלֶען נִיט פֶערְלִירֶען דָעם מוּטְה: אִיהְר קְנֶעכְט
גֶעהָארְכְט אִין אַלֶע זַאכֶען אײעֶרֶע הֶערְרֶען נָאךְ דֶעם
פְלֵײשׁ, נִיט מִיט אויגֶענְדִינְסְט אַלְס דִיא װָאס מֶענְשֶׁען
גֶעפֶעלֶען, נֵײעֶרְט מִיט אַ רֵײן הַארְץ פָארְכְט דֶעם
23 הַאר: אַלֶעס װָאס אִיהְר טְהוּט, װֶערְקְט עֶס מִיט גַאנְצֶען
24 גֶעמִיט װִיא צוּם הַאר אוּנְד נִיט צוּ מֶענְשֶׁען: װָארִין
אִיהְר װֵײסְט אַז אִיהְר װֶעט פוּן דֶעם הַאר בֶּעקוּמֶען
דֶעם שְׂכַר פוּן דֶער יְרוּשָׁה; אִיהְר דִינְט דֶעם הַאר
25 מָשִׁיחַ: װָארִין דֶער װָאס טְהוּט אוּנְרֶעכְט װֶעט בֶּעקוּ־
מֶען פַאר דֶעם אוּנְרֶעכְט װָאס עֶר הָאט גֶעטְהוּן, אוּנְד
עֶס נִיט פַארְהַאנֶען קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים:

קאפיטעל ד

1 אִיהְר הֶערְרֶן, בֶּעצָאהְלְט צוּ אײעֶרֶע קְנֶעכְט דָאס
װָאס אִיז רֶעכְט אוּנְד גְלֵײךְ, װָארִין אִיהְר װֵײסְט אַז
אִיהְר הָאט אוֹיךְ אֵײן הַאר אִין דֶעם הִימֶעל:
2 זֵײט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִים גֶעבֶּעט, אוּנְד װַאכְט דְרִינֶען מִיט
3 דַאנְק: אוּנְד בֶּעטֶעט אִיהְר אוֹיךְ פַאר אוּנְס כְּדֵי גָאט
זָאל אוּנְס עֶפְנֶען אַ טִיהְר פַאר דֶעם װָארְט, אַז מִיר
זָאלֶען רֶעדֶען דֶעם סוֹד פוּן מָשִׁיחַ, װֶעגֶען װֶעלְכֶען
4 אִיךְ בִּין אוֹיךְ גֶעבּוּנְדֶען: כְּדֵי אִיךְ זָאל עֶס אַנְטְפְּלֶע־
5 קֶען, אַזוֹי װִיא אִיךְ בֶּעדַארְף עֶס רֶעדֶען: װַאנְדֶעלְט
מִיט קְלוּגְהֵייט קֶעגֶען דִיא װָאס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען, אוּנְד
6 קוֹיפְט אוֹיס דִיא צֵייט: לָאז אֵײעֶרֶע רֶעד בֶּעשְׁטֶענְדִיג
זַיין מִיט גְנָאד, גֶעזַאלְצֶען מִיט זַאלְץ, אַז אִיהְר זָאלְט
װִיסֶען װִיא אִיהְר זָאלְט אִיטְלִיכֶען עֶנְטְפֶערְן:
7 טִיכִיקוֹס, דֶער גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער אוּנְד גֶעטְרֵייעֶר דִינֶער
אוּנְד מִיטְקְנֶעכְט אִין דֶעם הַאר, װֶעט אֵייךְ אַלֶעס צוּ
8 װִיסֶען טְהוּן װִיא עֶס גֶעהְט מִיר: װֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ

צוּ אֵייךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען גֶעשִׁיקְט, אַז אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען
ווִיא עֶס גֶעהְט אוּנְס, אוּנְד אַז עֶר זָאל אֵייעֶרֶע הֶערְ־
9 צֶער טְרֵייסְטֶען: מִיט אוֹנִיסִימוֹס, דֶעם גֶעטְרֵייעֶן אוּנְד
גֶעלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער, וֶועלְכֶער אִיז פוּן אֵייךְ; זֵייא וֶועלֶען
אֵייךְ צוּ ווִיסֶען טְהוּן אַלֶעס וָואס טְהוּט זִיךְ דָא:
10 אַרִיסְטַארְכוֹס מֵיין מִיטְגֶעפַאנְגֶענֶער גְרִיסְט אֵייךְ, אוּנְד
מַרְקוֹס דֶער שְׁוֶועסְטֶערְס זוּהְן פוּן בַּרְנַבָּא, אִיבֶּער
וֶועלְכֶען אִיהְר הָאט בֶּעפֶעהְל דֶערְהַאלְטֶען, וֶוען עֶר
11 קוּמְט צוּ אֵייךְ נֶעמְט אִיהְם אוֹיף: אוּנְד יֵשׁוּעַ וָואס
אִיז גֶערוּפֶען יוּסְטוֹס, וָואס זֶענֶען פוּן דֶער בֶּעשְׁנֵיידוּנְג;
דִיזֶע זֶענֶען דִיא אֵיינְצִיגֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער צוּם קֶענִיגְרֵייךְ
פוּן גָאט, וֶועלְכֶע זֶענֶען צוּ מִיר גֶעוֶועזֶען אַ טְרֵייסְט:
12 עֶפַּאפְרַאס גְרִיסְט אֵייךְ, דֶער אִיז פוּן אֵייךְ, אַ קְנֶעכְט
פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וֶועלְכֶער רַאנְגֶעלְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג פַאר
אֵייךְ אִים גֶעבֶּעט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט שְׁטֶעהֶען פָאלְקָא־
מֶען אוּנְד דֶערְפִילְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען ווִילֶען פוּן גָאט:
13 וָוארִין אִיךְ זָאג אִיהְם עֵדוּת אַז עֶר הָאט פִיל מִיה
פַאר אֵייךְ, אוּנְד פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא
14 אוּנְד פַאר דִיא וָואס זֶענֶען אִין הִיעֶרַאפָּאלִיס: לוּקַאס
דֶער גֶעלִיבְּטֶער רוֹפֵא אוּנְד דִימַאס גְרִיסֶען אֵייךְ:
15 גְרִיסְט דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין לָאוֹדִיקִיָא אוּנְד
נוּמְפַאס אוּנְד דִיא קְהִלָה וָואס אִיז אִין זֵיין הוֹיז:
16 אוּנְד וֶוען דִיזֶער בְּרִיף וֶועט בַּייא אֵייךְ גֶעלֵיינְט וֶוערֶען,
זֶעהְט אַז עֶר זָאל אוֹיךְ גֶעלֵיינְט וֶוערֶען אִין דֶער
קְהִלָה פוּן לָאוֹדִיקִיָא, אוּנְד אַז אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ לֵיינֶען
17 דֶעם בְּרִיף פוּן לָאוֹדִיקִיָא: אוּנְד זָאגְט צוּ אַרְכִיפּוֹס, גִיבּ
אַכְטוּנְג צוּם דִינְסְט וָואס דוּא הָאסְט דֶערְהַאלְטֶען אִין
דֶעם הַאר, אַז דוּא זָאלְסְט עֶס דֶערְפִילֶען:
18 דֶער גְרִיס פוּן מִיר פּוֹלוֹס מִיט מֵיינֶע הַאנְד. גֶעדֶענְקְט
אָן מֵיינֶע קֶעטֶען. דִיא גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ זֵיין:

---

# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער.

---

1 פּוֹלוֹס אוּנְד סִלְוַאנוּס אוּנְד טִימוֹתִיוּס צוּ דֶער קְהִלָּה פוּן
דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער אִין גָאט דֶעם פָּאטֶער אוּנְד אִין
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; גְנָאד זָאל מִיט אֵייךְ זַיין
אוּנְד פְרִידֶען:
2 מִיר דַאנְקֶען גָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג וֶועגֶען אֵייךְ אַלֶע, וֶוען
3 מִיר גֶעדֶענְקֶען אֵייךְ אִין אוּנְזֶערֶע גֶעבֶּעט: אוּנְד מִיר
גֶעדֶענְקֶען אָהְן אוֹיפְהֶערֶען אֵייעֶר וֶוערְק פוּן גְלוֹיבֶּען
אוּנְד אַרְבֵּייט פוּן לִיבֶּע אוּנְד גֶעדוּלְד פוּן הָאפְנוּנְג אִין
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פָאר אוּנְזֶער גָאט אוּנְד
4 פָּאטֶער: אִינְדֶעם מִיר וִויסֶען, בְּרִידֶער, גֶעלִיבְּטֶע פוּן
5 גָאט, אֵייעֶרֶע אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג: אַז אוּנְזֶערֶע בְּשׂוֹרָה
טוֹבָה אִיז צוּ אֵייךְ גֶעקוּמֶען נִיט נוּר אִין וָוארְט, נֵייעֶרְט
אוֹיךְ אִין קְרַאפְט אוּנְד אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ אוּנְד אִין
גְרוֹיסֶע גֶעוִויסְהֵייט, גְלֵייךְ וִויא אִיהְר וֵוייסְט וָואס פַאר
מֶענְשֶׁען מִיר הָאבֶּען אוּנְס צְוִוישֶׁען אֵייךְ בֶּעוִויזֶען פוּן
אֵייעֶרְטְוֶועגֶען:
6 אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעוָוארֶען נָאכְטְהוּעֶר פוּן אוּנְס אוּנְד
פוּן דֶעם הַאר, אִינְדֶעם אִיהְר הָאט דָאס וָוארְט אָנְגֶע־
נוּמֶען אִין פִיל לֵיידֶען מִיט פְרֵייד פוּן דֶעם רוּחַ
7 הַקוֹדֶשׁ: אַזוֹי אַז אִיהְר זֶענְט אַ פָארְבִּילְד
גֶעוָוארֶען צוּ אַלֶע וָואס גְלוֹיבֶּען אִין מַקְדוֹנִיָא אוּנְד
8 אַכַיָא: וָוארִין פוּן אֵייךְ אִיז דָאס וָוארְט פוּן דֶעם
הַאר גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען נִיט נוּר אִין מַקְדוֹנִיָא אוּנְד
אַכַיָא, נֵייעֶרְט אִין אִיטְלִיכֶען אָרְט אִיז אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
צוּ גָאט אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אַזוֹי אַז מִיר בֶּעדַארְפֶען דֶערְפוּן
9 גָארְנִיט צוּ רֶעדֶען: וָוארִין זֵייא אַלֵיין דֶערְצֶעהְלֶען
וֶועגֶען אוּנְס וָואס פַאר אֵיין אֵיינְגַאנְג מִיר הָאבֶּען צוּ
אֵייךְ גֶעהַאט אוּנְד וִויא אִיהְר הָאט אֵייךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט

פוּן דִיא אָפְּגֶעטֶער צוּ גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט דִינֶען
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען אוּנְד וָואהְרֶען גָאט: אוּנְד זָאלְט 10
וַוארְטֶען אוֹיף זַיין זוּהְן פוּם הִימֶעל, וֶועלְכֶען עֶר הָאט
אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן דִיא טוֹיטֶע, אוֹיף יֵשׁוּעַ, דֶער רֶעטֶעט
אוּנְס פוּן דֶעם קוּמֶענְדִיגֶען צָארְן:

## קאפיטעל ב

וָוארִין אִיהְר ווייסְט אַלֵיין, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶען אֵיינְגַאנְג 1
צוּ אֵייךְ, אַז עֶס אִיז נִיט אוּמְזוּסְט גֶעוֶועזֶען: נֵייעֶרְט 2
מִיר הָאבֶּען פְרִיהֶער גֶעלִיטֶען אוּנְד זֶענֶען אִין פִילִיפִּי
שֶׁענְדְלִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארֶען, אַזוֹי וִויא אִיהְר ווייסְט,
דָאךְ זֶענֶען מִיר מוּטְהִיג גֶעוָוארֶען אִין אוּנְזֶער גָאט
דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט מִיט פִיל קַאמְפְּף צוּ אֵייךְ
צוּ רֶעדֶען: וָוארִין אוּנְזֶערֶע וָוארְנוּנְג אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען 3
פוּן טָעוּת, אוּנְד נִיט פוּן אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, אוּנְד נִיט
מִיט פַאלְשְׁהֵייט: נֵייעֶרְט גְלֵייךְ וִויא גָאט הָאט אוּנְס 4
חָשׁוּב גֶעהַאלְטֶען אַז עֶר זָאל אוּנְס אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶן דִיא
בְּשׂוֹרָה טוֹבָה, אַזוֹי רֶעדֶען מִיר, נִיט וִויא מֶענְשֶׁען
צוּ גֶעפֶעלֶען נֵייעֶרְט גָאט, דֶער פְּרִיפְט אוּנְזֶערֶע הֶערְ־
צֶער: וָוארִין מִיר הָאבֶּען קֵיינְמָאל נִיט בֶּענוּצְט 5
שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶע רֶעד, אַזוֹי וִויא אִיהְר ווייסְט, אוּנְד אוֹיךְ
נִיט קֵיינֶע אוֹיסְרֶעד פַאר גֵייצִיגְקֵייט, גָאט אִיז עֵדוּת:
אוּנְד אוֹיךְ הָאבֶּען מִיר נִיט גֶעזוּכְט קֵיין כָּבוֹד פוּן 6
מֶענְשֶׁען, נִיט פוּן אֵייךְ אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן אַנְדֶערֶע,
וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעקָאנְט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ זַיין אַלְס
אַפָּאסְטֶעל פוּן מָשִׁיחַ: נֵייעֶרְט מִיר זֶענֶען לִיבֶּענְדִיג 7
צְווִישֶׁען אֵייךְ גֶעוֶועזֶען, אַזוֹי וִויא אַ זֵייגֶערִין דֶערְנֶעהְרְט
אִיהְרֶע אֵיינֶענֶע קִינְדֶער: אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אֵייךְ הֶערְצְלִיךְ 8
גֶעלִיבְּט, אוּנְד הָאבֶּען הֲנָאָה גֶעהַאט אֵייךְ צוּ אִיבֶּערְ־
גֶעבֶּען נִיט נוּר דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן גָאט, נֵייעֶרְט
אוֹיךְ אוּנְזֶערֶע אֵיינֶענֶע נְשָׁמוֹת, וָוארִין אִיהְר זֶענְט
גֶעוָוארֶען אוּנְזֶערֶע גֶעלִיבְּטֶע:
וָוארִין אִיהְר גֶעדֶענְקְט, בְּרִידֶער, אוּנְזֶערֶע אַרְבֵּייט אוּנְד 9
טִרְחָא; נַאכְט אוּנְד טָאג הָאבֶּען מִיר גֶעאַרְבֵּייט אַז
מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם פוּן אֵייךְ נִיט בֶּעשְׁוֶוערְלִיךְ זַיין,

אוּנְד מִיר הָאבֶּען צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוּרָה
10 טוֹבָה: אִיהְר זֶענְט עֵדוּת אוּנְד אוֹיךְ גָאט, וִויא הֵיילִיג
אוּנְד גֶערֶעכְט אוּנְד אָהְן אַ פֶעהְלֶער מִיר זֶענֶען צְווִי־
11 שֶׁען אֵייךְ גֶעוֶועזֶען וָואס גְלוֹיבֶּען: אַזוֹי וִויא אִיהְר
ווֵייסְט, אַז מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעוָוארֶענְט אוּנְד גֶעטְרֵייסְט,
12 וִויא אַ פָאטֶער זַיינֶע אֵייגֶענֶע קִינְדֶער: אוּנְד הָאבֶּען
בֶּעצֵייגְט אַז אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען ווִירְדִיג פוּן גָאט,
דֶער הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען צוּ זַיין אֵייגֶען קֶענִיגְרֵייךְ
13 אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט: דְרוּם דַאנְקֶען מִיר אוֹיךְ גָאט אָהְן
אוֹיפְהֶערֶען, אִינְדֶעם וֶוען אִיהְר הָאט פוּן אוּנְס דֶער־
הַאלְטֶען דָאס וָוארְט פוּן גָאט וָואס אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט,
הָאט אִיהְר עֶס אָנְגֶענוּמֶען נִיט וִויא דָאס וָוארְט פוּן
מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט וִויא עֶס אִיז אִין דֶער וָואהְרְהֵייט,
דָאס וָוארְט פוּן גָאט, וָואס ווִירְקְט אוֹיךְ אִין אֵייךְ וָואס
14 גְלוֹיבֶּען: וָוארִין אִיהְר, בְּרִידֶער, זֶענְט גֶעוָוארֶען נָאכְ־
טְהוּעֶר פוּן דִיא קְהִלּוֹת פוּן גָאט וָואס זֶענֶען אִים לַאנְד
יְהוּדָה אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ; וָוארִין אִיהְר הָאט אוֹיךְ דָאס
זֶעלְבִּיגֶע גֶעלִיטֶען פוּן אֵייעֶרֶע לַאנְדְסְלֵייט, גְלֵייךְ וִויא
15 זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ פוּן דִיא יוּדֶען: וֶועלְכֶע הָאבֶּען
אוֹיךְ גֶעטֶעטֶעט דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ אוּנְד דִיא נְבִיאִים,
אוּנְד הָאבֶּען אוּנְס פֶערְפָאלְגְט, אוּנְד זֶענֶען גָאט נִיט
16 גֶעפֶעלֶען, אוּנְד זֶענֶען דֶערְוִוידֶער אַלֶע מֶענְשֶׁען: אִינְדֶעם
זֵייא פַארְוֶועהְרֶען אוּנְס צוּ דִיא גוֹיִם צוּ רֶעדֶען אַז
זַייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אַלֶע
צֵייט זֵייעֶרֶע זִינְד פִילֶען. אָבֶּער דֶער צָארְן אִיז אִיבֶּער
זֵייא גֶעקוּמֶען בִּיז צוּם עֶנְד:
17 אָבֶּער מִיר, בְּרִידֶער, נָאכְדֶעם מִיר זֶענֶען פוּן אֵייךְ
וִויא יְתוֹמִים בֶּערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען פַאר אַ צֵייט אִין
פָּנִים נִיט אִין הַארְץ, הָאבֶּען מִיר זִיךְ זֶעהְר בֶּעפְלַיי־
סִיגְט מִיט פִיל פֶערְלַאנְגֶען מִיר זָאלֶען אֵייעֶר פָּנִים
18 זֶעהֶען: דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען מִיר גֶעוָואלְט צוּ אֵייךְ
קוּמֶען, אִיךְ פּוֹלוֹס אוֹיךְ אֵיין מָאל אוּנְד ווִידֶער אַמָאל,
19 אָבֶּער דֶער שָׂטָן הָאט אוּנְס גֶעהִינְדֶערְט: וָוארִין וָואס
אִיז אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג אָדֶער פְרֵייד אָדֶער קְרוֹין פוּן

רִיהְמֶען? זֶענְט אִיהְר דָאס נִיט, פָאר אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
20 בַּייא זַיין קוּמֶען? וָוארִין אִיהְר זֶענְט אוּנְזֶערֶע הֶערְ־
לִיכְקֵייט אוּנְד אוּנְזֶערֶע פְרֵייד:

קאפיטעל ג

1 דְרוּם וֶוען מִיר הָאבֶּען עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקָאנְט דֶערְטְרָאגֶען,
אִיז עֶס אוּנְס גֶעפֶעלֶען אַלֵיין צוּ בְּלֵייבֶּען אִין אַתִּינַאס:
2 אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעשִׁיקְט טִימוֹתִיוֹס אוּנְזֶער בְּרוּדֶער
אוּנְד דִינֶער פוּן גָאט אִין דֶער בְּשׂוּרָה טוֹבָה פוּן מָשִׁיחַ,
כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אוּנְד טְרֶעסְטֶען וֶועגֶען
3 אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען: אַז קֵיינֶער זָאל נִיט בֶּעוֶועגְט וֶוערֶען
דוּרְךְ דִיזֶע לֵיידֶען; וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט זֶעלְבְּסְט אַז מִיר
4 זֶענֶען דֶערְצוּ בֶּעשְׁטֶעלְט: וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען אוֹיךְ
בֵּייא אֵייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען מִיר אֵייךְ פָארְאוֹיס גֶעזָאגְט
אַז מִיר וֶועלֶען צָרוֹת לֵיידֶען, אַזוֹי וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ גֶע־
5 שֶׁעהֶען אוּנְד אִיהְר וֵוייסְט: דֶערְסְטְוֶועגֶען וֶוען אוֹיךְ אִיךְ
הָאבּ עֶס נִיט מֶעהְר גֶעקָאנְט דֶערְטְרָאגֶען, הָאבּ אִיךְ
גֶעשִׁיקְט כְּדֵי גֶעוָואהְר צוּ וֶוערֶען וֶועגֶען אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען,
וָוארִין טָאמֶער הָאט דֶער פְרוּפֶער אֵייךְ גֶעפְּרִיפְט, אוּנְד
6 אוּנְזֶערֶע טִרְחָא וֶועט אוּמְזוּסְט וֶוערֶען: אָבֶּער וֶוען
טִימוֹתִיוֹס אִיז אַצוּנְד צוּ אוּנְס פוּן אֵייךְ גֶעקוּמֶען, אוּנְד
הָאט אוּנְס אַ גוּטֶע בְּשׂוּרָה גֶעבְּרַאכְט פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען
אוּנְד לִיבֶּע, אוּנְד אַז אִיהְר הָאט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַ גוּט
אָנְדֶענְקֶען פוּן אוּנְס אוּנְד וִוינְשְׁט אוּנְס צוּ זֶעהֶען, אַזוֹי
7 וִויא מִיר וִוינְשֶׁען אֵייךְ אוֹיךְ צוּ זֶעהֶען: דֶערְסְטְוֶועגֶען,
בְּרִידֶער, זֶענֶען מִיר וֶועגֶען אֵייךְ גֶעטְרֵייסְט גֶעוָוארֶען, אִין
אַלֶע אוּנְזֶערֶע לֵיידֶען אוּנְד נוֹיט דוּרְךְ אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען:
8 וָוארִין אַצוּנְד לֶעבֶּען מִיר וֶוען אִיהְר שְׁטֶעהְט פֶעסְט אִין
9 דֶעם הַאר: וָוארִין וָואס פַאר אַ דַאנְק קֶענֶען מִיר אָפְּגֶע־
בֶּען צוּ גָאט פַאר אַלֶע אֵייעֶרֶע פְרֵייד מִיט וֶועלְכֶער מִיר
10 פְרֵייעֶן זִיךְ פָאר אוּנְזֶער גָאט פוּן אֵייעֶרְטְוֶועגֶען: דֶערְוֵוייל
מִיר בֶּעטֶען פִיל טָאג אוּנְד נַאכְט אֵייעֶר פָּנִים צוּ זֶעהֶען,
אוּנְד דָאס וָואס פֶעהְלְט אִין אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען צוּ דֶערְזֶעצֶען:
11 נוּן אוּנְזֶער גָאט אוּנְד פָאטֶער אַלֵיין, אוּנְד אוּנְזֶער הַאר
12 יֵשׁוּעַ זָאל אוּנְס פִיהְרֶען אוֹיף דֶעם וֶועג צוּ אֵייךְ: אוּנְד

דֶער הַאר זָאל אֵייךְ גֶעבֶּען אַז אִיהְר זָאלְט צוּנֶעמֶען, אוּנְד
אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין לִיבֶּע אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן אוּנְד צוּ
13 אַלֶע, אַזוֹי וִויא מִיר אוֹיךְ צוּ אֵייךְ: כְּדֵי עֶר זָאל אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶער בֶּעפֶעסְטִיגֶען אָהְן פֶעהְלֶער אִין הֵיילִיגְקֵייט פָאר
אוּנְזֶער גָאט אוּנְד פָאטֶער, אִין דֶעם קוּמֶען פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ מִיט אַלֶע זֵיינֶע הֵיילִיגֶע:

## קאפיטעל ד

1 אִים אִיבְּרִיגֶען, בְּרִידֶער, בֶּעטֶען מִיר אֵייךְ אוּנְד וָוארְנֶען
אֵייךְ אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ, כְּדֵי אַזוֹי וִויא אִיהְר הָאט פוּן
אוּנְס אָנְגֶענוּמֶען וִויא אַזוֹי אִיהְר זָאלְט וַואנְדְלֶען אוּנְד
גָאט גֶעפֶעלֶען, וִויא אִיהְר אוֹיךְ וַואנְדֶעלְט, אַזוֹי זָאלְט
2 אִיהְר אֵייךְ נָאךְ פִיל מֶעהְר מֶעהְרֶען: וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט
וָואס פַאר גֶעבָּאטֶע מִיר הָאבֶּען אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ דֶעם
3 הַאר יֵשׁוּעַ: וָוארִין דָאס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט, אֵייעֶרֶע
הֵיילִיגְקֵייט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּהַאלְטֶען פוּן זְנוּת:
4 אַז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זָאל וִויסֶען זֵיין אֵייגֶענֶע כֵּלִי צוּ
5 דֶערְהַאלְטֶען אִין הֵיילִיגְקֵייט אוּנְד אִין כָּבוֹד: נִיט אִין
תַּאֲוָה פוּן זְנוּת, אַזוֹי וִויא דִיא גוֹיִם וָואס קֶענֶען נִיט גָאט:
6 אוּנְד אַז קֵיינֶער זָאל נִיט אִיבֶּערְטְרֶעטֶען אוּנְד בֶּעטְרִיגֶען
זֵיין בְּרוּדֶער אִין דִיזֶער זַאךְ, וָוארִין דֶער הַאר אִיז זִיךְ נוֹקֵם
אִיבֶּער אַלֶע אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, אַזוֹי וִויא מִיר הָאבֶּען אֵייךְ
7 פְרִיהֶער גֶעזָאגְט אוּנְד בֶּעצֵייגְט: וָוארִין גָאט הָאט אוּנְס
נִיט בֶּערוּפֶען צוּ אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט אִין הֵיילִיגְקֵייט:
8 דְרוּם דֶער וָואס אִיז מְבַזֶה, דֶער אִיז נִיט אַ מֶענְשׁ מְבַזֶה,
נֵייעֶרְט גָאט דֶער גִיבְּט אֵייךְ אוֹיךְ זֵיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ:
9 אָבֶּער וֶועגֶען דִיא בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע בֶּעדַארְפְט אִיהְר
נִיט אַז אִיךְ זָאל אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען; וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט
זֶענְט פוּן גָאט גֶעלֶעהְרְט, אַז אִיהְר זָאלְט אֵיינֶער דֶעם
10 אַנְדֶערְן לִיבֶּען: וָוארִין אִיהְר טְהוּט דָאס אוֹיךְ צוּ אַלֶע
דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין גַאנְץ מַקְדוֹנְיָא, אָבֶּער מִיר
בֶּעטֶען אֵייךְ, בְּרִידֶער, אַז אִיהְר זָאלְט עֶס נָאךְ פֶערְמֶעהְ־
11 רֶען: אוּנְד אַז אִיהְר הַאלְט עֶס פַאר אַ כָּבוֹד שְׁטִיל צוּ
זֵיין אוּנְד אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע זַאכֶען צוּ טְהוּן אוּנְד מִיט
אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד צוּ אַרְבֵּייטֶען, אַזוֹי וִויא מִיר

12 הָאבֶּען אֵייךְ גֶעבָּאטֶען: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט בְּכָבוֹד וַואנְדְלֶען
קֶעגֶען דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דְרוֹיסֶען, אוּנְד זָאלְט קֵיינֶעם
נִיט בֶּעדַארְפֶען:
13 אָבֶּער מִיר ווִילֶען נִיט אַז אִיהְר זָאלְט נִיט ווִיסֶען, בְּרִידֶער,
וֶוענֶען דִיא וָואס שְׁלָאפֶען, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט טְרוֹיעֶרְן
גְלֵייךְ וִויא דִיא אִיבְּרִיגֶע וָואס הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע הָאפְנוּנְג:
14 וָוארִין וֶוען מִיר גְלוֹיבֶּען אַז יֵשׁוּעַ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנְד
אִיז ווִידֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אַזוֹי אוֹיךְ דִיא וָואס שְׁלָאפֶען
15 דוּרְךְ יֵשׁוּעַ וֶועט גָאט מִיט אִיהְם בְּרֶענְגֶען: וָוארִין דָאס
זָאגֶען מִיר אֵייךְ דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן דֶעם הַאר, אַז מִיר
וָואס לֶעבֶּען אוּנְד אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען בִּיז צוּם קוּמֶען פוּן דֶעם
הַאר וֶועלֶען נִיט פְרִיהֶער קוּמֶען ווִיא דִיא וָואס שְׁלָאפֶען:
16 וָוארִין דֶער הַאר זֶעלְבְּסְט וֶועט אַרוּפְּקוּמֶען פוּן הִימֶעל מִיט
שַׁאלֶען, מִיט דֶעם קוֹל פוּן דֶעם עֶלְצְטֶען מַלְאָךְ אוּנְד מִיט
דֶעם שׁוֹפָר פוּן גָאט, אוּנְד דִיא טוֹיטֶע אִים מָשִׁיחַ וֶועלֶען
17 צוּעֶרְשְׁט אוֹיפְשְׁטֶעהֶען: דֶערְנָאךְ מִיר וָואס לֶעבֶּען אוּנְד
אִיבֶּערְבְּלֵייבֶּען וֶועלֶען אַרוֹיפְגֶענוּמֶען וֶוערֶען מִיט זֵייא
אִין דִיא וָואלְקֶען, כְּדֵי דֶעם הַאר צוּ בֶּעגֶעגְנֶען אִין דֶער
לוּפְט; אוּנְד אַזוֹי וֶועלֶען מִיר בֶּעשְׁטֶענְדִיג זֵיין מִיט דֶעם
18 הַאר: דְרוּם טְרֵייסְטֶעט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן דוּרְךְ דִיזֶע
וֶוערְטֶער:

## קאפיטעל ה

1 אָבֶּער וֶוענֶען דִיא צֵייטֶען אוּנְד זְמַנִים, בְּרִידֶער, בֶּעדַארְפְט
2 אִיהְר נִיט אַז מֶען זָאל אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען: וָוארִין אִיהְר
זֶעלְבְּסְט ווייסְט זֶעהְר גוּט אַז דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר
3 קוּמְט אַזוֹי ווִיא אַ גַנָב אִין דֶער נַאכְט: וֶוען זֵייא זָאגֶען
פְּרִידֶען אוּנְד זִיכֶערְהֵייט, דַאן קוּמְט פְּלוּצְלִינְג אִיבֶּער זֵייא
פֶערְדַארְבֶּען, ווִיא דִיא וֶועהְטִיג צוּ אַ טְרָאגֶענְדִיגֶע פְרוֹיא,
אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט אַנְטְרִינֶען:
4 אָבֶּער אִיהְר, בְּרִידֶער, זֶענְט נִיט אִין פִינְסְטֶערְנִיס, אַז
5 דֶער טָאג זָאל אֵייךְ אָנְחַאפֶּען ווִיא אַ גַנָב: וָוארִין אִיהְר
זֶענְט אַלֶע זִיהְן פוּן דֶעם לִיכְט אוּנְד זִיהְן פוּן דֶעם טָאג.
מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דֶער נַאכְט אוֹיךְ נִיט פוּן דֶער
6 פִינְסְטֶערְנִים: אַזוֹי דֶען לָאזֶען מִיר נִיט שְׁלָאפֶען גְלֵייךְ

װיא דיא איבּריגע, נייערט לָאזען מיר װאַכען אונד
7 ניכטערן זיין: װאָרין דיא װאָס שלָאפען שלָאפען אין
דער נאַכט, אונד דיא װאָס זענען שכּור זענען שכּור
8 אין דער נאַכט: אָבּער אינדעם מיר זענען פון דעם
טָאג לָאזען מיר ניכטערן זיין, אונד לָאזען מיר אָנטהון
דעם פּאַנצער פון גלױבּען אונד ליבּע, אונד פאַר איין
9 העלם דיא האָפנונג פון רעטונג: װאָרין גאָט האָט
אונס ניט בּעשטעלט צום צאָרן, נייערט מיר זאָלען
דערהאַלטען רעטונג דורך אונזער האַר ישוע המשיח:
10 דער איז פאַר אונס געשטאָרבּען, כּדי מיר זאָלען מיט
איהם צוזאַמען לעבּען, אױבּ מיר װאַכען אָדער שלָאפען:
11 דרום טרייסט איינער דעם אַנדערן, אונד בּױעט איינער
דעם אַנדערן אױף, אַזױ װיא איהר אױך טהוט:
12 אָבּער מיר בּעטען אייך, בּרידער, איהר זאָלט קענען דיא
װאָס אַרבּייטען צװישען אייך, אונד דיא װאָס זענען
איבּער אייך געזעצט אין דעם האַר, אונד דיא װאָס זענען
13 אייך מזהיר: אונד אַז איהר זאָלט זייא זעהר הױך
שעצען מיט ליבּע װעגען זייערע װערק. האָט פרידען
14 צװישען אייך זעלבּסט: אונד מיר דערמאָנען אייך,
בּרידער, זייט מזהיר דיא אונרוהיגע, טרייסט דיא קליינ־
מוטיגע, העלפט דיא שװאַכע, זייט לאַנגמוטיג קעגען
15 אַלע מענשען: זעהט אַז קיינער זאָל קיינעם ניט שלעכטעס
מיט שלעכטעס בּעצאָהלען, נייערט פאָלגט בּעשטענדיג
נאָך דעם גוטען איינער צום אַנדערן אונד אױך צו אַלע
16 17 מענשען: זייט בּעשטענדיג פרעהליך: בּעט אָהן
18 אױפהערען: אין אַלעם דאַנקט; װאָרין דאָס איז דער
19 װילען פון גאָט צו אייך אין ישוע המשיח: פערלעשט
20 21 ניט דעם גייסט: פעראַכט ניט נבואות: פּריפט אַלע
22 זאַכען; האַלט פעסט דאָס גוטע: פערמייד אַלע גע־
שטאַלטען פון איבּעל:
23 אונד דער גאָט פון פרידען זעלבּסט זאָל אייך אים גאַנצען
הייליגען; אונד לָאז אייער גייסט אונד אייערע נשמה אונד
לייבּ פאָלקאָמען בּעהיט װערען, אָהן א פעהלער, בּיז
24 אױף דעם קומען פון אונזער האַר ישוע המשיח: דער

וָועלְכֶער הָאט אײַיך בֶּערוּפֶען אִיז גֶעטְרַייא, דֶער וֶועט עֶס
אוֹיךְ טְהוּן׃ בְּרִידֶער, בֶּעט פַאר אוּנְס׃ 25
גְרִיסְט אַלֶע בְּרִידֶער מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען קִישׁ׃ 26
אִיךְ בֶּעשְׁוֶוער אײַיךְ בֵּייא דֶעם הַאר אַז דִיזֶער בְּרִיף זָאל 27
גֶעלֵיינְט וֶוערֶען צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער׃ דִיא גְנָאד פוּן 28
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל מִיט אײַיךְ זַיין׃

---

# דֶער צְווייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער.

---

פּוֹלוֹס אוּנְד סִילְוַואנוּס אוּנְד טִימוֹתִיוֹס צוּ דֶער קְהִלָה פוּן 1
דִיא טֶעסַאלוֹנִיקֶער אִין גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד אִין
דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃ גְנָאד זַייא מִיט אײַיךְ אוּנְד פְרִי־ 2
דֶען פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃
מִיר זֶענֶען מְחוּיָב גָאט צוּ דַאנְקֶען אַלֶע צֵייט וֶוענֶען אײַיךְ, 3
בְּרִידֶער, גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז וִוירְדִיג, וֵוייל אײַיעֶר גְלוֹיבֶּען
וַואקְסְט זֶעהְר, אוּנְד דִיא לִיבֶּע פוּן יֶעדֶעם פוּן אײַיךְ אֵיינֶער
צוּם אַנְדֶערֶען מֶעהְרְט זִיךְ׃ אַזוֹי אַז מִיר זֶעלְבְּסְט בֶּע־ 4
רִיהְמֶען זִיךְ אִיבֶּער אײַיךְ אִין דִיא קְהִלוֹת פוּן גָאט וֶוענֶען
אײַיעֶרֶע גֶעדוּלְד אוּנְד גְלוֹיבֶּען אִין אַלֶע אײַיעֶרֶע פֶערְ־
פָאלְגוּנְגֶען אוּנְד דִיא צָרוֹת וָואס אִיהְר לֵיידֶעט׃ וָואס אִיז 5
אַ בֶּעווַייז פוּן דֶעם גֶערֶעכְטֶען מִשְׁפָּט פוּן גָאט, אַז אִיהְר
זָאלְט וִוירְדִיג גֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ פוּן
גָאט פַאר וֶועלְכֶען אִיהְר לֵיידֶעט אוֹיךְ׃ וֶוען עֶס אִיז אַוַדַאי 6
גֶערֶעכְט פַאר גָאט עֶר זָאל צָרוֹת פֶערְגֶעלְטֶען צוּ דִיא
וָואס טְהוּן אײַיךְ אָן צָרוֹת׃ אוּנְד צוּ אײַיךְ וָואס לֵיידֶען 7
צָרוֹת מְנוּחָה מִיט אוּנְס אִין דֶער אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם
הַאר יֵשׁוּעַ פוּן הִימֶעל מִיט דִיא מַלְאָכִים פוּן זַיינֶע מַאכְט׃
אִין אַ פְלַאם פֵייעֶר, זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דִיא וָואס קֶענֶען 8
נִיט גָאט, אוּנְד וָואס גֶעהָארְכֶען נִיט צוּ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃ וֶועלְכֶע וֶועלֶען גֶעשְׁטְרָאפְט 9

װערען מיט אײנע עבינע צושטערונג פון דעם פּנים פון
דעם האר, אונד פון דער הערליכקײט פון זײנע מאכט:
10 װען ער װעט קומען פערהערליכט צו װערען אין זײנע
הײליגע, אונד בעװאונדערט צו װערען אין אַלע װאס גלױ־
בען; װארין אונזער צײגניס איז צװישען אײך געגלױבט
געװעזען אין יענעם טאג:
11 צו דעם תכלית בעטען מיר אױך אַלע צײט װעגען אײך,
כּדי אונזער גאט זאל אײך װירדיג רעכנען פון דער בע־
רופונג, אונד זאל דערפילען דאס גאנצע װאױלגעפעלען
פון זײנע גוטיגקײט, אונד דאס װערק פון גלױבען מיט
12 מאכט: כּדי דער נאמען פון אונזער האר ישוע המשיח
זאל פערהערליכט װערען אין אײך אונד איהר אין איהם,
נאך דער גנאד פון אונזער גאט אונד דעם האר ישוע
המשיח:

## קאפיטעל ב

1 נון בעטען מיר אײך, ברידער, װעגען דער ערשײנונג פון
אונזער האר ישוע המשיח אונד אונזערע פערזאמלונג צו
2 איהם: אַז איהר זאלט ניט געשװינד בעװעגט װערען פון
אײער פערשטאנד אונד זאלט ניט דערשראקען װערען,
ניט דורך גײסט אונד ניט דורך װארט אונד ניט דורך
בריף אַזױ װיא פון אונס גלײך אױב דער טאג פון דעם האר
3 איז שױן דא: לאז קײנער אײך ניט בשום אופן בעטריגען;
װארין עס װעט ניט געשעהען עס זײא דען דיא מרידה
װעט צוערשט קומען, אונד דער מענש פון זינד
װעט אנטפּלעקט װערען, דער זוהן פון פערדארבנים:
4 װאס װידערזעצט זיך אונד דערהײבט זיך איבער אַלעם
װאס איז אָנגערופען גאט אָדער װאס איז אָנגעבעטען,
אַזױ אַז ער זעצט זיך אים היכל פון גאט, אינדעם ער
שטעלט זיך פאר אַז ער איז גאט:
5 געדענקט איהר ניט, אַז איך האב אײך דאס געזאגט װען
6 איך בין נאך בײא אײך געװעזען? אונד אַצונד װײסט
איהר װאס עס טהוט אײנהאלטען, כּדי ער זאל אין זײנע
7 צײט אַנטפּלעקט װערען: װארין דער סוד פון אונרעכט
איז שױן װירקזאם; נור עס איז אַצונד דער אױפהאלטער

8 בִּיז עֶר װֶעט פוּן מִיטֶען אַװֶעקְגֶענוּמֶען װֶערֶען: אוּנְד דַאן
װֶעט דֶער רָשָׁע אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערֶען, װֶעלְכֶען דֶער הַאר
װֶעט טֶעטֶען מִיט דֶעם אָטְהֶעם פוּן זַיין מוֹיל אוּנְד װֶעט צוּ
גָארְנִיט מַאכֶען מִיט דֶער עֶרְשַׁיינוּנְג פוּן זַיין קוּמֶען:
9 װָאס זַיין קוּמֶען אִיז נָאךְ דֶעם װִירְקֶען פוּן שָׂטָן מִיט אַלֶערְ־
10 לֵייא מַאכְט אוּנְד צֵייכֶען אוּנְד פַאלְשֶׁע װְאוּנְדֶער: אוּנְד
מִיט אַ יֶעדֶע בֶּעטְרִיגֶערֵייא פוּן רִשְׁעוֹת צוּ דִיא װָאס
װֶערֶען פֶּערְלוֹירֶען װֵייל זֵייא הָאבֶּען נִיט אָנְגֶענוּמֶען דִיא
לִיבֶּע פוּן דֶער װָאהְרְהֵייט אַז זֵייא זָאלֶען גֶערֶעטֶעט
11 װֶערֶען: אוּנְד דֶעסְטְװֶעגֶען שִׁיקְט זֵייא גָאט אַ װִירְקוּנְג פוּן
12 בֶּעטְרִיגֶערֵייא, אַז זֵייא זָאלֶען גְלוֹיבֶּען דִיא לִיגֶען: כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען אַלֶע גֶעמִשְׁפָּט װֶערֶען װָאס הָאבֶּען נִיט גֶעְ־
גְלוֹיבְּט אִין דֶער װָאהְרְהֵייט, נֵייעֶרְט הָאבֶּען גֶעהַאט
תַּעֲנוּג אִין אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
13 אָבֶּער מִיר זֶענֶען מְחוּיָב אַלֶע צֵייט גָאט צוּ דַאנְקֶען פַאר
אֵייךְ, בְּרִידֶער, גֶעלִיבְּטֶע פוּן דֶעם הַאר, װֵייל גָאט הָאט
אֵייךְ פוּן אָנְהֵייבּ אָן אוֹיסְדֶערְװֶעהְלְט צוּר רֶעטוּנְג אִין
דֶער הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט אוּנְד דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין דֶער
14 װָאהְרְהֵייט: צוּ דֶעם הָאט עֶר אֵייךְ אוֹיךְ בֶּערוּפֶען דוּרְךְ
אוּנְזֶערֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה, צוּם דֶערְהַאלְטֶען פוּן דֶער הֶערְ־
15 לִיכְקֵייט פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אַזוֹי דֶען בְּרִידֶער,
שְׁטֶעהְט פֶּעסְט, אוּנְד הַאלְט דִיא אִיבֶּערְלִיפֶערוּנְגֶען װָאס
אִיהְר הָאט גֶעלֶערֶענְט עֶס זֵייא דֶען דוּרְךְ װָארְט אָדֶער
דוּרְךְ אוּנְזֶערֶען בְּרִיף:
16 נוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֶעלְבְּסְט אוּנְד גָאט אוּנְזֶער
פָאטֶער דֶער אוּנְס הָאט גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען
17 אֵיין עֶבִּיגֶען טְרֵייסְט אוּנְד גוּטֶע הָאפְנוּנְג דוּרְךְ גְנָאד: זָאל
אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער טְרֵייסְטֶען אוּנְד שְׁטַארְקֶען אִין אִיטְלִיכֶען
גוּטֶען װָארְט אוּנְד װֶערְק:

קאפיטעל ג

1 אִים אִיבְּרִיגֶען, בְּרִידֶער, בֶּעט פַאר אוּנְס, כְּדֵי דָאס װָארְט
פוּן דֶעם הַאר זָאל לוֹיפֶען אוּנְד פֶערְהֶערְלִיכְט װֶערֶען גְלֵייךְ
2 װִיא אוֹיךְ בֵּייא אֵייךְ: אוּנְד כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעטֶעט
װֶערֶען פוּן אוּנְפֶּערְשְׁטֶענְדִיגֶע אוּנְד שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען;

3 וָוארִין נִיט אַלֶע הָאבֶּען גְלוֹיבֶּען: אָבֶּער דֶער הַאר אִיז
גֶעטְרַייא, דָער וֶועט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען אוּנְד וֶועט אֵייךְ בֶּע־
4 הִיטֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען: אוּנְד מִיר הָאבֶּען בְּטָחוֹן אִין
דֶעם הַאר וֶועגֶען אֵייךְ, אַז אִיהְר טְהוּט אוּנְד וֶועט טְהוּן
5 וָואס מִיר בֶּעפֶעהְלֶען אֵייךְ: אוּנְד דֶער הַאר זָאל אֵייעֶרֶע
הֶערְצֶער פִיהְרֶען צוּ דֶער לִיבֶּע פוּן גָאט אוּנְד צוּ דֶער גֶע־
דוּלְד פוּן מָשִׁיחַ:
6 נוּן בֶּעפֶעהְלֶען מִיר אֵייךְ, בְּרִידֶער, אִים נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער
הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּשֵׁיידֶען פוּן
אִיטְלִיכֶען בְּרוּדֶער וָואס וַואנְדֶעלְט אוּנְאָרְדֶענְטְלִיךְ, אוּנְד
נִיט נָאךְ דֶער לֶעהְרֶע וָואס אִיהְר הָאט פוּן אוּנְס דֶערְהַאלְ־
7 טֶען: וָוארִין אִיהְר זֶעלְבְּסְט ווייסְט וִויא מֶען בֶּעדַארְף אוּנְס
נָאכְצוּטְהוּן; וָוארִין מִיר זֶענֶען נִיט אוּנְאָרְדֶענְטְלִיךְ צְוִוישֶׁען
8 אֵייךְ גֶעוֶועזֶען: אוּנְד הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט דָאס בְּרוֹיט פוּן קֵיי־
נֶעם אוּמְזוּסְט גֶענֶעסֶען, נֵייעֶרְט מִיט אַרְבֵּייט אוּנְד מִיה הָאבֶּען
מִיר נַאכְט אוּנְד טָאג גֶעאַרְבֵּייט אַז מִיר זָאלֶען קֵיינֶעם
9 פוּן אֵייךְ נִיט צוּ לַאסְט פַאלֶען: נִיט ווייל מִיר הָאבֶּען נִיט
מַאכְט, נֵייעֶרְט כְּדֵי מִיר זָאלֶען אֵייךְ ווייזֶען אַ בֵּיישְׁפִּיל אַז
10 אִיהְר זָאלְט אוּנְס נָאכְטְהוּן: וָוארִין וֶוען מִיר זֶענֶען בֵּייא
אֵייךְ גֶעוֶועזֶען הָאבֶּען מִיר אֵייךְ דָאס בֶּעפוֹילֶען, אַז וֶוען
11 אֵיינֶער וִויל נִיט אַרְבֵּייטֶען דֶער זָאל אוֹיךְ נִיט עֶסֶען: וָוא־
רִין מִיר הֶערֶען אַז עֶטְלִיכֶע צְווִישֶׁען אֵייךְ וַואנְדְלֶען אוּנְ־
אָרְדֶענְטְלִיךְ, אוּנְד אַרְבֵּייטֶען גָארְנִיט, נֵייעֶרְט זֶענֶען אוּמֶעטוּם
12 בֶּעשֶׁעפְטִיגְט: אוּנְד אַזֶעלְכֶע בֶּעפֶעהְלֶען מִיר אוּנְד וָוארְנֶען
אִין דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ כְּדֵי זַייא זָאלֶען שְׁטִילֶערְהֵייט
אַרְבֵּייטֶען אוּנְד זָאלֶען עֶסֶען זַייעֶר אֵייגֶען בְּרוֹיט:
13 14 אָבֶּער אִיהְר, בְּרִידֶער, זַייט נִיט מִיד גוּטֶעס צוּ טְהוּן: אוּנְד
וֶוען אֵיינֶער גֶעהָארְכְט נִיט אוּנְזֶער וָוארְט דוּרְךְ דֶעם בְּרִיף,
בֶּעמֶערְקְט אִיהְם, כְּדֵי נִיט מִיט אִיהְם אוּמְגַאנְג צוּ הָאבֶּען,
15 אַז עֶר זָאל פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען: אָבֶּער רֶעכֶענְט אִיהְם נִיט
פַאר אַ פֵיינְד, נֵייעֶרְט שְׁטְרָאפְט אִיהְם וִויא אַ בְּרוּדֶער:
16 נוּן זָאל אֵייךְ דֶער הַאר פוּן פְרִידֶען זֶעלְבְּסְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג
פְרִידֶען גֶעבֶּען אוֹיף אַלֶערְלֵייא אַרְט. דֶער הַאר זַייא מִיט
אֵייךְ אַלֶע:

17 דֶער גְרוּס פוּן פּוֹלוֹס מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע הַאנְד, וָואס אִיז
18 אַ צֵייכֶען אִין אִיטְלִיכֶען בְּרִיף; אַזוֹי שְׁרַייבּ אִיךְ: דִיא
גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זֵיין מִיט אֵייךְ
אַלֶע:

---

# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ טִימוֹתִיוֹס.

---

1 פּוֹלוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט
פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען רֶעטֶער אוּנְד יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶערֶע
2 הָאפְנוּנְג: צוּ טִימוֹתִיוֹס מֵיין וָואהְרֶעם קִינְד אִים גְלוֹיבֶּען;
גְנָאד בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָאּ־
טֶער, אוּנְד פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶער הַאר:
3 גְלֵייךְ וִויא אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעוָוארֶענְט אַז דוּא זָאלְסְט בְּלֵייּ־
בֶּען אִין עֶפֶעזוֹס, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעגַאנְגֶען קֵיין מַקְדוֹנְיָא,
כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אָנְזָאגֶען צוּ עֶטְלִיכֶע זֵייא זָאלֶען נִיט
4 לֶעהְרֶען קֵיינֶע אַנְדֶערֶע לֶעהְרֶע: אוּנְד זָאלֶען נִיט הֶערֶען
צוּ פִּיסְטֶע הַגָדוֹת, אוּנְד צוּ יִחוּס בְּרִיף וָואס הָאבֶּען קֵיין
סוֹף, וֶועלְכֶע וִכּוּחִים שְׁטֶעלֶען אוֹיף מֶעהְר וִויא דִיא פֶערְ־
5 בֶּעסֶערוּנְג וָואס אִיז פוּן גָאט אִים גְלוֹיבֶּען: נוּן דֶער סוֹף
פוּן דֶעם גֶעבָּאט אִיז לִיבֶּע אוֹיס אַ רֵיין הַארְץ אוּנְד אַ גוּטֶעם
6 גֶעוִויסֶען אוּנְד גְלוֹיבֶּען אָהְן חֲנִיפָה: עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען פוּן
דֶעם אָפְּגֶעגֵייגְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעקֶעהְרְט צוּ פְּלוֹידֶערֵייא:
7 אִינְדֶעם זֵייא וִוילֶען זֵיין לֶעהְרֶער פוּן דֶער תּוֹרָה, דָאךְ
פֶערְשְׁטֶעהֶען זֵייא אֲפִילוּ נִיט וָואס זַייא זָאגֶען, אוֹיךְ נִיט
וָואס זֵייא פֶעסְט זֶעצֶען:
8 אָבֶּער מִיר וִויסֶען אַז דִיא תּוֹרָה אִיז גוּט, וֶוען אֵיינֶער
9 בֶּענוּצְט זִיא כְּפִי הַתּוֹרָה: אִינְדֶעם מִיר דָאס וִויסֶען אַז אַ
גֶעזֶעץ אִיז נִיט גֶעשְׁטֶעלְט פַאר דֶעם צַדִיק, נֵייעֶרְט פַאר
דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע אוּנְד וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע, פַאר דִיא גָאטְ־
לוֹיזֶע אוּנְד זִינְדֶער, פַאר דִיא אוּנְהֵיילִיגֶע אוּנְד רְשָׁעִים,

פַאר דִיא וָואס טֶעטֶען פָאטֶער אָדֶער מוּטֶער, פַאר דִיא וָואס
10 טֶעטֶען מֶענְשֶׁען: פַאר הוּרֶער, פַאר דִיא וָואס לִיגֶען מִיט
זְכָרִים, פַאר דִיא וָואס גַנְבֶענֶען מֶענְשֶׁען, פַאר לִיגְנֶער, פַאר
דִיא וָואס שְׁוֶוערֶען פַאלְשׁ, אוּנְד פַאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ וָואס
11 אִיז קֶעגֶען דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע: נָאךְ דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה פוּן
דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען גָאט, וָואס אִיז
מִיר אַנְפֶערְטְרוֹיעֶט גֶעוָוארֶען:
12 אִיךְ דַאנְק אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער מִיךְ הָאט גֶע־
שְׁטַארְקְט, ווייל עֶר הָאט מִיךְ גֶעטְרֵייא גֶעהַאלְטֶען אוּנְד
13 הָאט מִיךְ בֶּעשְׁטִימְט צוּם דִינְסְט: אִיךְ, וָואס בִּין פְרִיהֶער
גֶעוֶועזֶען אַ לֶעסְטֶערֶער אוּנְד אַ פֶערְפָאלְגֶער אוּנְד אַ גֶע־
פֶעהְרְלִיכֶער; אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דֶערְהַאלְטֶען גְנָאד, ווייל אִיךְ
הָאבּ עֶס גֶעטְהוּן אִין אוּנְוִוִיסֶען אוּנְד אִין אוּנְגְלוֹיבֶּען:
14 אוּנְד דִיא גְנָאד פוּן אוּנְזֶער הַאר הָאט זִיךְ זֶעהְר גֶעמֶעהְרְט
15 מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד לִיבֶּע וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: דָאס
וָוארְט אִיז זִיכֶער, אוּנְד זֶעהְר וֶוערְט אָנְצוּנֶעמֶען, אַז יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ אִיז אִין דִיא וֶועלְט גֶעקוּמֶען כְּדֵי זִינְדֶער צוּ רֶעטֶען;
16 פוּן וֶועלְכֶע אִיךְ בִּין דֶער עֶלְצְטֶער: אָבֶּער פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען
הָאבּ אִיךְ דֶערְהַאלְטֶען גְנָאד, אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל אִין מִיר
דֶעם עֶלְצְטֶען בֶּעוֵוייזֶען אַלֶע לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט פַאר אַ בֵּיישְׁפִּיל
צוּ דִיא וָואס וֶועלֶען דֶערְנָאךְ אָן אִיהְם גְלוֹיבֶּען צוּם עֶבִּיגֶען
לֶעבֶּען:
17 נוּן צוּם עֶבִּיגֶען קֶענִיג דֶעם אוּנְפֶערְדֶערְבְּלִיכֶען אוּנְד
אוּנְגֶעזֶעהֶענֶען דֶעם אֵיינְצִיגֶען גָאט זָאל זֵיין כָּבוֹד אוּנְד
הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
18 דִיזֶעס גֶעבָּאט גִיבּ אִיךְ דִיר אִיבֶּער, מֵיין זוּהְן טִימוֹתִיוֹס,
נָאךְ דִיא נְבוּאוֹת וָואס זֶענֶען פְרִיהֶער גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען,
כְּדֵי דוּא זָאלְסְט דְרִינֶען שְׁטְרֵייטֶען דֶעם גוּטֶען שְׁטְרֵייט:
19 אוּנְד זָאלְסְט הַאלְטֶען גְלוֹיבֶּען אוּנְד אַ גוּטֶעס גֶעוִוִיסֶען, וָואס
עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען אוּנְד הָאבֶּען שִׁיפְבְּרוּךְ גֶע־
20 לִיטֶען וֶועגֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען: צְוִוישֶׁען דִיא אִיז הִימֶענֶעאוּס
אוּנְד אַלֶעכְּסַאנְדֶער וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּם
שָׂטָן, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען לֶערְנֶען נִיט צוּ לֶעסְטֶערְן:

## קאפיטעל ב

דְרוּם בֶּעט אִיךְ צוּעֶרְשְׁט פוּן אַלֶע אַז מֶען זָאל זָאגֶען 1
בַּקָשׁוֹת תְּפִילוֹת תְּחִנוֹת אוּנְד בְּרָכוֹת פַאר אַלֶע מֶענְשֶׁען:
פַאר מְלָכִים אוּנְד אַלֶע וָואס גֶעוֶועלְטִיגֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען 2
פִיהְרֶען אַ רוּהִיג אוּנְד שְׁטִילֶעס לֶעבֶּען אִין אַלֶע פְרוּמִיגְקֵייט
אוּנְד עֶהְרְלִיכְקֵייט: דָאס אִיז גוּט אוּנְד אָנְגֶענוּמֶען פָאר 3
גָאט אוּנְזֶער רֶעטֶער: דֶער וִויל הָאבֶּען אַז אַלֶע מֶענְשֶׁען 4
זָאלֶען גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען, אוּנְד זָאלֶען קוּמֶען צוּ דֶער דֶערְ־
קֶענְטְנִים פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט: וָוארִין גָאט אִיז אֵיינֶער, 5
אֵיינֶער אִיז אוֹיךְ דֶער פֶערְמִיטְלֶער צְוִוישֶׁען גָאט אוּנְד
מֶענְשֶׁען, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, זֶעלְבְּסְט אַ מֶענְשׁ: דֶער הָאט זִיךְ 6
זֶעלְבְּסְט גֶעגֶעבֶּען אַלְס אַ כֹּפֶר פַאר אַלֶע, דָאס צֵייגְנִיס אִין
זֵיינֶע צֵייטֶען: דֶערְצוּ בִּין אִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט צוּם פְּרֶעדִיגֶער 7
אוּנְד צוּם אַפָּאסְטֶעל, אִיךְ זָאג דִיא וָואהְרְהֵייט אִיךְ לִיג נִיט,
אַ לֶעהְרֶער פוּן דִיא גוֹיִם אִין גְלוֹיבֶּען אוּנְד אִין וָואהְרְהֵייט:
דְרוּם וִויל אִיךְ אַז דִיא מֶענְשֶׁען זָאלֶען בֶּעטֶען אִין אִיטְ־ 8
לִיכֶען אָרְט, אוּנְד זָאלֶען אוֹיפְהֶעבֶּען הֵיילִיגֶע הֶענְד אָהְן
צָארְן אוּנְד מַחְלוֹקֶת: אַזוֹי אוֹיךְ דִיא פְרוֹיֶען זָאלֶען זִיךְ 9
צִירֶען מִיטֶעלְמֶעסִיג מִיט עֲנָוָה אוּנְד צְנִיעוּת, נִיט מִיט (הָאָר)
פְלֶעכְטֶען אוּנְד גָאלְד, אָדֶער מִיט פֶּערֶעל אוּנְד טְהֵייעֶרֶע
קְלֵיידֶער: נֵייעֶרְט אַזוֹי וִויא עֶס קֶערְט צוּ זֵיין פַאר פְרוֹיֶען 10
וָואס בֶּעקֶענֶען גָאטֶעס פוּרְכְט דוּרְךְ גוּטֶע וֶוערְק: לָאז אַ 11
פְרוֹיא לֶערְנֶען שְׁטִילֶערְהֵייט מִיט אַלֶער אוּנְטֶערְטֶענִיגְקֵייט:
אָבֶּער אִיךְ דֶערְלוֹיבּ נִיט אַז אַ פְרוֹיא זָאל לֶעהְרֶען אָדֶער זָאל 12
זִיךְ דֶערְהֵייכֶען אִיבֶּער דֶעם מַאן, נֵייעֶרְט זִיא זָאל שְׁטִיל
זֵיין: וָוארִין אָדָם אִיז צוּעֶרְשְׁט בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, דֶערְ־ 13
נָאךְ חַוָּה: אוּנְד אָדָם אִיז נִיט פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען, נֵייעֶרְט 14
דִיא פְרוֹיא אִיז פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיז אִין אֵיינֶע
עֲבֵירָה גֶעפַאלֶען: דָאךְ וֶועט זִיא גֶערֶעטֶעט וֶוערֶען דוּרְךְ 15
דֶעם גֶעוִוינֶען פוּן קִינְדֶער, וֶוען זֵייא בְּלֵייבֶּען אִין גְלוֹיבֶּען
אוּנְד לִיבֶּע אוּנְד הֵיילִיגְקֵייט מִיט צְנִיעוּת:

## קאפיטעל ג

דָאס וָוארְט אִיז זִיכֶער; וֶוען אֵיינֶער טְרַאכְט נָאךְ דֶעם 1
אַמְט פוּן אֵיין אוֹיפְזֶעהֶער בֶּעגֶעהְרְט עֶר אַ גוּטֶעס וֶוערְק:

2 דְרוּם מוּז דֶער אוֹיפְזֶעהֶער זַיין אָהְן אַ פָּארְוְואוּרְף, דֶער
מַאן פוּן אֵיינֶע פְרוֹיא, נִיכְטֶערְן, זוֹיבֶּער, זִיטִיג, אַ מַכְנִיס
3 אוֹרַח, אַ גוּטֶער לֶעהְרֶער: נִיט אַ שִׁכּוֹר, נִיט אַ שְׁלֶעגֶער,
נֵייעֶרְט נָאכְגֶעבֶּענְדִיג, נִיט אַ שְׁטְרֵייטֶער, נִיט אַ לִיבְּהָאבֶּער
4 פוּן גֶעלְד: וָועלְכֶער רֶעגִירְט גוּט אִיבֶּער זַיין אֵייגֶען הוֹיז,
אוּנְד הַאלְט זַיינֶע קִינְדֶער אוּנְטֶערְטֶענִיג מִיט אַלֶער וִוירְ־
5 דִיגְקֵייט: נוּן וֶוען אֵיינֶער וֵוייסְט נִיט זַיין אֵייגֶען הוֹיז צוּ
רֶעגִירֶען, וִויא אַזוֹי זָאל עֶר בֶּעזָארְגֶען דִיא קְהִלָּה פוּן
6 גָאט? אוּנְד עֶר זָאל נִיט זַיין קֵיין נֵייעֶר תַּלְמִיד, כְּדֵי עֶר
זָאל נִיט אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען וָוערֶען אוּנְד אַרֵיינְפַאלֶען אִים
7 מִשְׁפָּט פוּן דֶעם שָׂטָן: אוּנְד עֶר מוּז אוֹיךְ הָאבֶּען אַ גוּט
צֵייגְנִים פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דְרוֹיסֶען, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט
אַרֵיינְפַאלֶען אִין שַׁאנְד אוּנְד אִים נֶעץ פוּן דֶעם שָׂטָן:
8 גְלֵייכְדֶעם אוֹיךְ דִיא דִינֶער פוּן דֶער קְהִלָּה מוּזֶען זַיין
עֶרְנְסְטְהַאפְט, נִיט רֶעדֶען מִיט צְוֵוייא שְׁמֵייכְלֶערְצוּנְגֶען,
נִיט פִיל וַויין טְרִינְקֶען, אוּנְד נִיט גֵייצִיג נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען
9 גֶעווִינְסְט: וָואס הַאלְטֶען דֶעם סוֹד פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אִין אַ
10 רֵיין גֶעוִויסֶען: אוּנְד לָאזֶען דִיזֶע צוּעֶרְשְׁט גֶעפְּרִיפְט וָוערֶען,
דֶערְנָאךְ לָאזֶען זַייא דִינֶען וֶוען זַייא זֶענֶען אוּנְשׁוּלְדִיג:
11 גְלֵייכְדֶעם מוּזֶען פְרוֹיעֶן עֶרְנְסְטְהַאפְט זַיין, נִיט רְכִילוֹת
12 זָאגֶער, נִיכְטֶערְן, גֶעטְרֵייא אִין אַלֶע זַאכֶען: לָאזֶען דִיא
דִינֶער זַיין מֶענֶער פוּן אֵיין וַוייבּ, אוּנְד גוּט רֶעגִירֶען אִיבֶּער
13 זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע הֵייזֶער: וָוארִין דִיא וָואס
זֶענֶען גוּטֶע דִינֶער דֶערְוֶוערְבֶּען אַ גוּטֶען שְׁטַאנְד אוּנְד גְרוֹי־
סֶען בִּטָּחוֹן אִים גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
14 דִיזֶע זַאכֶען שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר, אִינְדֶעם אִיךְ הָאף גְלֵייךְ צוּ
15 דִיר צוּ קוּמֶען: אָבֶּער וֶוען אִיךְ זוֹימֶע מִיךְ, אַז דוּא זָאלְסְט
וִויסֶען וִויא אַזוֹי מֶען בֶּעדַארְף זִיךְ אוֹיפְפִיהְרֶען אִין דֶעם
הוֹיז פוּן גָאט, וָואס אִיז דִיא קְהִלָּה פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
16 גָאט, אַ זֵייל אוּנְד גְרוּנְד פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט: אוּנְד פַאר
גֶעווִיס אִיז עֶס אָנְדֶערְקֶענְט אַז גְרוֹיס אִיז דֶער סוֹד פוּן
גָאטֶעסְפוּרְכְט;
דֶער וָועלְכֶער אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אִים פְלֵיישׁ,
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט אִים גֵייסְט, הָאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען צוּ

מַלְאָכִים, אִיז צְוִוישֶׁען דִיא גוֹיִם גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוֶועזֶען
אִיז גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער וֶועלְט, אִיז אַרוֹיפְגֶענוּמֶען אִין
הֶערְלִיכְקַייט:

## קאפיטעל ד

אָבֶּער דֶער גֵייסְט זָאגְט דַייטְלִיךְ אַז אִין שְׁפֶּעטֶערֶע צֵייטֶען 1
וֶועלֶען עֶטְלִיכֶע אַוֶועקְפַּאלֶען פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען אוּנְד וֶוע־
לֶען אוֹיפְמֶערְקְזַאם זַיין צוּ פֶערְפִיהְרֶענְדִיגֶע גֵייסְטֶער אוּנְד
לֶעהְרֶען פוּן שֵׁדִים: וָואס רֶעדֶען לִיגֶען מִיט חֲנִיפָה, וֶועמֶענְס 2
גֶעוִויסֶען אִיז אַייְנְגֶעצֵייכֶענְט אַזוֹי וְוִיא מִיט אַ הֵייס אֵייזֶען:
וָואס פֶערְבִּיטֶען חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען אוּנְד גֶעבִּיטֶען זִיךְ אָפְּ־ 3
צוּהַאלְטֶען פוּן שְׁפֵּייז, וָואס גָאט הָאט בֶּעשַׁאפֶען אַז דִיא
וָואס גְלוֹיבֶּען אוּנְד דֶערְקֶענֶען דִיא וָואהְרְהֵייט זָאלֶען עֶס
אָנְנֶעמֶען מִיט דַאנְק: וָוארִין אִיטְלִיכֶעס בֶּעשֶׁעפֶענִיס פוּן 4
גָאט אִיז גוּט, אוּנְד קֵיין זַאךְ אִיז פַארְוָוארְפֶען צוּ וֶוערֶען
וֶוען מֶען נֶעמְט עֶס אָן מִיט דַאנְק: וָוארִין עֶס אִיז גֶעהֵיי־ 5
לִיגְט דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּנְד תְּחִנוֹת:
וֶוען דוּא זָאלְסְט דִיזֶע זַאכֶען עֶמְפֶּעהְלֶען צוּ דִיא בְּרִידֶער 6
זָאלְסְט דוּא זַיין אַ גוּטֶער דִינֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, וָואס
בִּיזְט אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אִין דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען
אוּנְד פוּן דִיא גוּטֶע לֶעהְרֶע וָואס דוּא בִּיזְט נָאכְגֶעגַאנְגֶען:
אָבֶּער פֶערְמֵייד דִיא אַלְטֶע וַוייבֶּערִישֶׁע אוּנְד אוּנְוִוירְדִיגֶע 7
מַעֲשׂוֹת; אוּנְד אִיבּ דִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ דֶער פְרוּמִיגְקֵייט:
וָוארִין דִיא אִיבּוּנְג פוּן גוּף אִיז וֶוענִיג נִיצְלִיךְ; אָבֶּער פְרוּ־ 8
מִיגְקֵייט אִיז צוּ אַלֶעם נִיצְלִיךְ, אִינְדֶעם זִיא הָאט הַבְטָחָה
פוּן דִיזֶעם לֶעבֶּען אוּנְד פוּן דֶעם וָואס וֶועט קוּמֶען: דָאס 9
וָוארְט אִיז זִיכֶער, אוּנְד גַאנְץ וֶוערְט אָנְצוּנֶעמֶען: וָוארִין 10
דֶעסְטְוֶועגֶען אַרְבֵּייטֶען מִיר אוּנְד שְׁטְרֵייטֶען, וֵוייל מִיר
הָאבֶּען גֶעהָאפְט אִים לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, וֶועלְכֶער אִיז דֶער
רֶעטֶער פוּן אַלֶע מֶענְשֶׁען, מֵייסְטֶענְס פוּן דִיא גְלוֹיבִּיגֶע:
דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא בֶּעפֶעהְלֶען אוּנְד לֶעהְרֶען: 11
לָאז דִיךְ קֵיינֶער נִיט פֶערְאַכְטֶען פַאר דֵיינֶע יוּגֶענְד, נֵיי־ 12
עֶרְט זֵייא אַ פָארְבִּילְד צוּ דִיא גְלוֹיבִּיגֶע אִין וָוארְט, אִין
אוֹיפְפִיהְרוּנְג, אִין לִיבֶּע, אִין גְלוֹיבֶּען, אִין רֵיינִיגְקֵייט: בִּיז 13
אִיךְ וֶועל קוּמֶען גִיבּ אַכְטוּנְג צוּם לֵייעֶנֶען, צוּם וָוארְנֶען, צוּ

14 דֶער לֶעהְרֶע: פֶערְלָאז נִיט דִיא מַתָּנָה וָואס אִיז אִין דִיר,
וָואס אִיז דִיר גֶעגֶעבֶּען דוּרְךְ נְבוּאָה מִיט דֶעם אוֹיפְלֶעגֶען
15 פוּן דִיא הֶענְד פוּן דִיא זְקֵנִים: הָאבּ דַאֲגָה אִין דִיזֶע זַאכֶען,
זַייא בֶּעשְׁטֶעטְענְדִיג אִין זַייא, כְּדֵי דֵיין פָּארְטְשְׁרִיט זָאל פוּן
16 אַלֶע גֶעזֶעהֶען װֶערֶען: גִיבּ אַכְטוּנְג אוֹיף דִיר זֶעלְבְּסְט
אוּנְד אוֹיף דִיא לֶעהְרֶע, בְּלֵייבּ דְרִינֶען; וָוארִין װֶען דוּא
װֶעסְט דִיזֶעם טְהוּן, װֶעסְט דוּא דִיךְ זֶעלְבְּסְט רֶעטֶען אוּנְד
אוֹיךְ דִיא וָואס הֶערֶען דִיךְ:

קאפיטעל ה

1 אַ זָקֵן זָאלְסְט דוּא נִיט אָנְשְׁרֵייעֶן, נֵייעֶרְט זַייא אִיהְם מַזְהִיר
2 וִויא אַ פָּאטֶער, דִיא יוּנְגֶע לֵייט וִויא בְּרִידֶער: דִיא אַלְטֶע
פְרוֹיעֶן וִויא מוּטֶער, דִיא יוּנְגֶע וִויא שְׁוֶועסְטֶער מִיט אַלֶערְ־
3 לֵייא לוֹיטֶערְקֵייט: הַאלְט אִין כָּבוֹד דִיא אַלְמָנוֹת, וָואס
4 זֶענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת: אָבֶּער װֶען אֵיינֶע אַלְמָנָה הָאט
קִינְדֶער אָדֶער אֵיינִיקְלֶעךְ, לָאזֶען זַייא צוּעֶרְשְׁט לֶערְנֶען
אַז זַייא זָאלֶען פְרוּם זַיין אִין דֶערְהֵיים אוּנְד זָאלֶען פֶּערְ־
גֶעלְטֶען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערְן; וָוארִין דָאס אִיז גוּט אוּנְד אָנְ־
5 גֶענוּמֶען פָאר גָאט: נוּן דִיא וָואהְרֶע אַלְמָנָה דִיא וָואס אִיז
אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען הָאט בִּטָּחוֹן אִין גָאט, אוּנְד אִיז בֶּע־
שְׁטֶעטְענְדִיג אִין אִיהְרֶע תְּחִנּוֹת אוּנְד גֶעבֶּעט נַאכְט אוּנְד טָאג:
6 אָבֶּער דִיא וָואס לֶעבְּט אִין תַּעֲנוּג אִיז טוֹיט בַּייא אִיהְר
7 לֶעבֶּען: אוּנְד דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא זַייא אָנְזָאגֶען, כְּדֵי
8 זַייא זָאלֶען זַיין אָהְן פָּארְוְואוּרְף: אָבֶּער װֶען אֵיינֶע פֶּערְ־
זָארְגְט נִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע, אוּנְד בִּפְרַט אִיהְר הוֹיזְגֶעזִינְד,
אַזוֹי הָאט זִיא אָפְּגֶעלֵייקֶענְט דֶעם גְלוֹיבֶּען, אוּנְד אִיז
אַרְגֶער וִויא אֵיין אוּנְגְלוֹיבִּיגֶער:
9 אֵיינֶע אַלְמָנָה זָאל אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט װֶערֶען װֶען זִיא אִיז
נִיט יוּנְגֶער וִויא זֶעכְצִיג יָאהְר, אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
10 װֵייבּ פוּן אֵיין מַאן: וָואס הָאט אַ גוּטֶען נָאמֶען פַאר
מַעֲשִׂים טוֹבִים, װֶען זִיא הָאט אוֹיפְגֶעצוֹיגֶען קִינְדֶער, װֶען
זִיא הָאט אוֹיפְגֶענוּמֶען אוֹרְחִים, װֶען זִיא הָאט גֶעוַואשֶׁען
דִיא פִים פוּן דִיא הֵיילִיגֶע, װֶען זִיא הָאט אוֹיסְגֶעהָאלְפֶען
דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעלִיטֶען, װֶען זִיא הָאט נָאכְגֶעפָאלְגְט
11 אִיטְלִיכֶעס גוּטֶע װֶערְק: אָבֶּער דִיא יוּנְגֶערֶע אַלְמָנוֹת פֶּערְ־

מַייד; וָוארִין וֶוען זַייא זֶענֶען אָפְּקֶעהֶערֶענְדִיג קֶעגֶען מָשִׁיחַ,
12 ווילֶען זַייא חֲתוּנָה הָאבֶּען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען מִשְׁפָּט וַוייל
13 זַייא הָאבֶּען זַייעֶר עֶרְשְׁטֶען גְלוֹיבֶּען מְבַזֶה גֶעוֶועזֶען: אוּנְד
זַייא לֶערְנֶען אוֹיךְ פוּיל צוּ זַיין, אוּנְד אַרוּמְצוּגֶעהֶען פוּן
אַיין הוֹיז צוּם אַנְדֶערֶען, אוּנְד נִיט נוּר פוּיל, נַייעֶרְט אוֹיךְ
פְּלוֹידֶערֶער, אוּנְד זַייא מִישֶׁען זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע גֶעשֶׁעפְ־
14 טֶען, אוּנְד רֶעדֶען דָאס וָואס זַייא זָאלֶען נִיט: דְרוּם וִויל
אִיךְ אַז דִיא יוּנְגֶערֶע פְרוֹיעֶן זָאלֶען חֲתוּנָה הָאבֶּען, קִינְדֶער
גֶעווִינֶען, דֶעם הוֹיזְגֶעזִינְד פִיהְרֶען, אוּנְד זָאלֶען קֵיינֶע גֶע־
15 לֶעגֶענְהֵייט דֶעם פֵיינְד גֶעבֶּען צוּ לֶעסְטֶערְן: וָוארִין עֶטְלִיכֶע
16 הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט נָאךְ דֶעם שָׂטָן: וֶוען אַ
גְלוֹיבִּיגֶע פְרוֹיא הָאט אַלְמָנוֹת לָאז זִיא זַייא אוֹיסְהֶעלְפֶען,
אוּנְד לָאז דִיא קְהִלָּה נִיט בֶּעשְׁוֶוערְט וֶוערֶען כְּדֵי זִיא זָאל
קֶענֶען אוֹיסְהֶעלְפֶען דִיא וָואס זֶענֶען וָואהְרֶע אַלְמָנוֹת:
17 דִיא עֶלְצְטֶע וָואס זֶענֶען גוּטֶע גֶעוֶועלְטִיגֶער הָאלְט ווירְדִיג
פוּן דָאפֶּעלְטֶען כָּבוֹד, מֵייסְטֶען דִיא וָואס אַרְבֵּייטֶען אִין
18 וָוארְט אוּנְד לֶעהְרֶע: וָוארִין דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט, דוּא זָאלְסְט
נִיט פֶערְשְׁלִיסֶען דָאס מוֹיל פוּן דֶעם אָקְס וֶוען עֶר דְרֶעשְׁט;
דברים כ״ה ד׳. אוּנְד דֶער אַרְבֵּייטֶער אִיז וֶוערְט זַיין לוֹין:
19 נֶעם נִיט קֵיין אָנְקְלָאג קֶעגֶען אַיין עֶלְצְטֶען, עֶס זַייא דֶען פָאר
20 צְווייא אָדֶער דְרַייא עֵדוֹת: דִיא וָואס זִינְדִיגֶען זָאלְסְט דוּא פַאר
אַלֶע שְׁטְרָאפֶען, כְּדֵי דִיא אִיבְּרִיגֶע זָאלֶען זִיךְ פָארְכְטֶען:
21 אִיךְ זָאג דִיר אָן פָאר גָאט אוּנְד פָאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד
פָאר דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע מַלְאָכִים, אַז דוּא זָאלְסְט
דִיזֶע זַאכֶען הַאלְטֶען אָהְן פָארְאוּרְטְהֵייל, אוּנְד זָאלְסְט אִין
22 קֵיינֶע זַאךְ זַיין אַ נוֹשֵׂא פָּנִים: לֶעג אוֹיף קֵיינֶעם דִיא
הֶענְד גֶעשְׁווִינְד, אוּנְד הָאבּ נִיט קֵיין טְהֵייל אַן פְרֶעמְדֶע
23 זִינְד; הַאלְט דִיךְ רֵיין: טְרִינְק נִיט מֶעהְר וַואסֶער, נַייעֶרְט
נֶעם אַבִּיסֶעל וויין וֶועגֶען דַיין מָאגֶען אוּנְד דַיינֶע פִילֶע
24 קְרַאנְקְהֵייטֶען: דִיא זִינְד פוּן עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען קְלָאר
פָארְאוֹיס, אוּנְד זַייא גֶעהֶען פָארְאוֹיס צוּ מִשְׁפָּט, אוּנְד אַנְ־
25 דֶערֶע פָאלְגֶען זַייא נָאךְ: אַזוֹי אוֹיךְ דִיא מַעֲשִׂים טוֹבִים
פוּן עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען קְלָאר פָארְאוֹיס, אוּנְד דִיא
וָואס זֶענֶען נִיט אַזוֹי קֶענֶען נִיט פֶערְבָּארְגֶען וֶוערֶען:

## קאפיטעל ו

1 אַזוֹי פִיל קְנֶעכְט וָואס זֶענֶען אוּנְטֶער דֶעם יָאךְ זָאלֶען זַייעֶרע
אֵייגֶענֶע הַארֶען ווִירְדִיג הַאלְטֶען אִין אַלֶערְלֵייא כָּבוֹד, כְּדֵי
דֶער נָאמֶען פוּן גָאט אוּנְד דִיא לֶעהְרֶע זָאלֶען נִיט גֶעלֶעסְ־
2 טֶערְט וֶוערֶען: אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען גְלוֹיבִּיגֶע הַארֶען
זָאלֶען זֵייא נִיט פֶערְאַכְטֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען בְּרִידֶער,
נֵייעֶרְט לָאזֶען זֵייא לִיבֶּער דִינֶען, וֵוייל זֵייא זֶענֶען גְלוֹיבִּיגֶע
אוּנְד גֶעלִיבְּטֶע, וָואס הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִים גוּטֶען וֶוערְק;
דִיזֶע זַאכֶען זָאלְסְט דוּא לֶעהְרֶען אוּנְד וָוארְנֶען:
3 וֶוען אֵיינֶער לֶעהְרְט אַנְדֶערְשׁ, אוּנְד אִיז נִיט מַסְכִּים
צוּ דִיא גֶעזוּנְדֶע וֶוערְטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ
4 אוּנְד צוּ דִיא לֶעהְרֶע וָואס אִיז כְּפִי הַדַת: אַזוֹי אִיז עֶר
אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, אוּנְד פַארְשְׁטֶעהְט גָארְנִיט, נֵייעֶרְט קְרֶענְקְט
זִיךְ מִיט שַׁאֲלוֹת אוּנְד שְׁטְרֵייט אִיבֶּער וֶוערְטֶער, דֶערְפוּן
קוּמְט אַרוֹיס קִנְאָה, גֶעצַאנְק, לֶעסְטֶערוּנְגֶען, שְׁלֶעכְטֶע
5 גֶעדַאנְקֶען: מַחְלוֹקֶת פוּן מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אַ פֶערְ־
דָארְבֶּענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד קֶענֶען נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט,
וָואס דֶענְקֶען אַז פְרוּמִיגְקֵייט אִיז אַ מִיטֶעל צוּם גֶעוִוין:
6 אוּנְד פְרוּמִיגְקֵייט מִיט צוּפְרִידֶענְהֵייט אִיז גְרוֹיסֶער גֶעוִוין:
7 וָוארִין מִיר הָאבֶּען גָארְנִיט אִין דֶער וֶועלְט אַרֵיינְגֶעבְּרַאכְט,
8 וָוארִין מִיר קֶענֶען אוֹיךְ גָארְנִיט אַרוֹיסְפִיהְרֶען: אָבֶּער
וֶוען מִיר הָאבֶּען שְׁפֵּייז אוּנְד קְלֵיידוּנְג לָאזֶען מִיר דֶערְ־
9 מִיט צוּפְרִידֶען זַיין: אָבֶּער דִיא וָואס ווִילֶען רַייךְ וֶוערֶען
פַאלֶען אַרֵיין אִין אַ פְּרִיפוּנְג אוּנְד אַ נֶעץ אוּנְד פִילֶע
נַארִישֶׁע אוּנְד שֶׁעדְלִיכֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען, וָואס פַארְזִינְקֶען
דִיא מֶענְשֶׁען אִין פֶערְדַארְבֶּענִים אוּנְד אוּנְטֶערְגַאנְג:
10 וָוארִין דִיא לִיבֶּע פוּן גֶעלְד אִיז אַ וָוארְצֶעל פוּן אַלֶערְ־
לֵייא אִיבֶּעל, וָואס אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעגְלוּסְט אוּנְד זֶענֶען
פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען
זִיךְ גֶעשְׁטָאכֶען מִיט פִיל יְסוּרִים:
11 אוּנְד דוּא, אָ מַאן פוּן גָאט, פְלִיה פוּן דִיזֶע זַאכֶען;
אָבֶּער יָאג נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, פְרוּמִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען,
12 לִיבֶּע, גֶעדוּלְד, דֶעמוּטְהִיגְקֵייט: שְׁטְרֵייט דֶעם גוּטֶען
שְׁטְרֵייט פוּן דֶעם גְלוֹיבֶּען, דֶערְגְרֵייךְ דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען,

צוּ וֶועלְכֶען דוּא בִּיסְט אוֹיךְ גֶערוּפֶען, אוּנְד הָאסְט בֶּעד־
13 צֵייגְט דָאס גוּטֶע צֵייגְנִים פָאר פִילֶע עֵדוֹת: אִיךְ זָאג
דִיר אָן פָאר גָאט וֶועלְכֶער מַאכְט אַלֶעס לֶעבֶּעדִיג אוּנְד
פָאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער הָאט אוּנְטֶער פָּנְטִיוֹס פִּילָאטוֹס
14 בֶּעצֵייגְט דָאס גוּטֶע צֵייגְנִים: אַז דוּא זָאלְסְט הַאלְטֶען
דָאס גֶעבָּאט אָהְן אַ פְלֶעק אוּנְד אָהְן אַ פָארְוְואוּרְף בִּיז
15 צוּם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: וֶועלְכֶער
וֶועט בֶּעוֵוייזֶען אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע צֵייטֶען, דֶער גֶעבֶּענְשְׁטֶער
אוּנְד אַלֵיין מֶעכְטִיגֶער, דֶער קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע אוּנְד
16 דֶער הַאר פוּן הַארֶען: וֶועלְכֶער אַלֵיין הָאט אוּנְשְׁטֶערְבְּ־
לִיכְקֵייט, דֶער וְואוֹינְט אִים לִיכְט וָואס מֶען קָאן נִיט
דֶערְצוּ צוּטְרֶעטֶען, וֶועלְכֶען קֵיין מֶענְשׁ הָאט גֶעזֶעהֶען
אוּנְד קָאן אִיהְם נִיט זֶעהֶען; צוּ דֶעם זַייא דֶער כָּבוֹד
אוּנְד דִיא עֶבִּיגֶע מַאכְט; אָמֵן:
17 גֶעבִּיט דִיא וָואס זֶענֶען רֵייךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט, אַז זֵייא
זָאלֶען נִיט הוֹיכְמוּטְהִיג זַיין, אוּנְד זָאלֶען נִיט הָאפֶען אִין
עֲשִׁירוּת וָואס אִיז נִיט זִיכֶער, נֵייעֶרְט אִין דֶעם לֶעבֶּע־
דִיגֶען גָאט דֶער גִיבְּט אוּנְס אַלֶעס רֵייכְלִיךְ צוּ גֶענִיסֶען:
18 אַז זֵייא זָאלֶען גוּטֶעס טְהוּן, זָאלֶען זֵיין רֵייךְ אִין מַעֲשִׂים
טוֹבִים, זָאלֶען זַיין פְרֵייגֶעבִּיג, זָאלֶען אַנְדֶערֶע הֶעלְפֶען:
19 אוּנְד זָאלֶען זִיךְ אָפְּלֶעגֶען אַ גוּטֶען גְרוּנְד פַאר שְׁפֶּעטֶערֶע
צֵייטֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דָאס וָואהְרְלִיכֶע לֶעבֶּען אָנְנֶעמֶען:
20 אָ טִימוֹתִיוֹס, הִיט דָאס וָואס אִיז דִיר אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶט, אוּנְד
פֶערְמֵייד אוּנְזוִירְדִיגֶע אוּנְד לֶעדִיגֶע רֶעד אוּנְד דִיא וְכוּחִים
21 פוּן דֶער פַאלְשֶׁער דֶערְקֶענְטְנִים: וָואס עֶטְלִיכֶע הָאבֶּען
אָנְגֶעצֵייגְט, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט וֶועגֶען דֶעם
גְלוֹיבֶּען.
גְנָאד זָאל זֵיין מִיט אַייךְ:

# דֶער צְוֵוייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ טִימוֹתִיוֹס.

---

1 פּוֹלוֹס, אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דוּרְךְ דֶעם
וִוילֶען פוּן גָאט נָאךְ דֶער הַבְטָחָה פוּן לֶעבֶּען וָואס אִיז
2 אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: צוּ טִימוֹתִיוֹס מֵיין גֶעלִיבְּטֶעם קִינְד;
גְנָאד בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם
פָּאטֶער, אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
3 אִיךְ דַאנְק גָאט, דֶעם אִיךְ דִין פוּן מֵיינֶע אָבוֹת אָן מִיט
רֵיינֶעם גֶעוִויסֶען, אַז אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ אָהְן אוֹיפְהֶערֶען
4 אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶע נַאכְט אוּנְד טָאג: אוּנְד אִיךְ פֶערְ־
לַאנְג זֶעהְר דִיךְ צוּ זֶעהֶען, וֵוייל אִיךְ גֶעדֶענְק דֵיינֶע
טְרֶערֶען, כְּדֵי אִיךְ זָאל דֶערְפִילְט וֶוערֶען מִיט פְרֵייד:
5 וֶוען אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיךְ אָן דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אִין
דִיר אָהְן חֲנִיפָה, וָואס הָאט צוּעֶרְשְׁט גֶעווֹאוֹינְט אִין דֵיינֶע
בָּאבֶּע לוֹאִים אוּנְד אִין דֵיינֶע מוּטֶער אַבְנִיקָא, אוּנְד אִיךְ
בִּין פֶערְזִיכֶערְט אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אִין דִיר:
6 דֶעסְטְוֶועגֶען דֶערְמָאהְן אִיךְ דִיךְ דוּא זָאלְסְט דֶערְוֶועקֶען
דִיא מַתָּנָה פוּן גָאט וָואס אִיז אִין דִיר דוּרְךְ דֶעם אוֹיפְ־
7 לֶעגֶען פוּן מֵיינֶע הֶענְד: וָוארִין גָאט הָאט אוּנְס נִיט
גֶעגֶעבֶּען אַ גֵייסְט פוּן פָארְכְט, נֵייעֶרְט פוּן קְרַאפְט אוּנְד
8 לִיבֶּע אוּנְד פֶערְשְׁטַאנְד: דְרוּם שֶׁעהְם דִיךְ נִיט מִיט דֶעם
צֵייגְנִים פוּן אוּנְזֶערֶען הַאר, אוּנְד מִיט מִיר זֵיין גֶע־
פַאנְגֶענֶעם, נֵייעֶרְט הָאבּ אַ טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען מִיט
9 דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה נָאךְ דֶער מַאכְט פוּן גָאט: דֶער הָאט
אוּנְס גֶערֶעטֶעט, אוּנְד הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען מִיט אֵיינֶע
הֵיילִיגֶע בֶּערוּפוּנְג, נִיט נָאךְ אוּנְזֶערֶע מַעֲשִׂים נֵייעֶרְט
נָאךְ זֵיינֶע אֵייגֶענֶע כַּוָּנָה אוּנְד גְנָאד, וָואס אִיז אוּנְס
גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען
10 אָן: אָבֶּער אִיז אַצוּנְד אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶער
אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן אוּנְזֶערֶען רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער

הָאט צוּשְׁטֶערְט דֶעם טוֹיט, אוּנְד הָאט גֶעבְּרַאכְט לֶעבֶּען
אוּנְד אוּנְפֶערְדֶערְבֶּענִים צוּם לִיכְט דוּרְךְ דֶער בְּשׂוֹרָה
11 טוֹבָה: דֶערְצוּ בִּין אִיךְ אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס אַ פְּרֶעדִיגֶער
12 אוּנְד אַפָּאסְטֶעל אוּנְד לֶעהְרֶער: דֶערְטְוֶוגֶען לֵייד אִיךְ
אוֹיךְ דִיזֶע זַאכֶען, אָבֶּער אִיךְ שֶׁעהְם מִיךְ נִיט, וָוארִין
אִיךְ ווייס אִין וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶעגְלוֹיבְּט, אוּנְד אִיךְ
בִּין גֶעווִיס אַז עֶר אִיז מֶעכְטִיג צוּ בֶּעוָואהְרֶען דָאס וָואס
13 אִיךְ הָאבּ אִיהְם פֶערְטְרוֹיעט בִּיז צוּ יֶענֶעם טָאג: הַאלְט
פֶעסְט דָאס פָארְבִּילְד פוּן דִיא גֶעזוּנְדֶע ווֶערְטֶער, וָואס
דוּא הָאסְט פוּן מִיר גֶעהֶערְט אִין גְלוֹיבֶּען אוּנְד לִיבֶּע
14 וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: הִיט דָאס גוּטֶע וָואס אִיז
דִיר אָנְפֶערְטְרוֹיעט דוּרְךְ דֶעם רוּחַ הַקּוֹדֶשׁ וָואס ווְאוֹינְט
אִין אוּנְס:
15 דָאס ווייסְט דוּא, אַז אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין אַסְיָא הָאבֶּען
זִיךְ פוּן מִיר אַוֶועקְגֶעקֶערְט, צְווִישֶׁען וֶועלְכֶע אִיז פִיגֶעלוֹס
16 אוּנְד הֶערְמָאגֶענִים: דֶער הַאר זָאל גֶעבֶּען חֶסֶד צוּ דֶעם
הוֹיז פוּן אָנִיסִיפָארוֹס, וָוארִין עֶר הָאט מִיךְ אָפְט דֶערְ־
קְווִיקְט, אוּנְד הָאט זִיךְ נִיט גֶעשֶׁעהְמְט מִיט מֵיינֶע
17 קֶעטֶען: נֵייעֶרְט וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין רוֹים הָאט
עֶר מִיךְ אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעזוּכְט אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעפִינֶען:
18 דֶער הַאר זָאל אִיהְם גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל גֶעפִינֶען גְנָאד
בַּייא דֶעם הַאר אִין יֶענֶעם טָאג. אוּנְד ווִיא פִיל עֶר הָאט
מִיר אִין עֶפֶעזוֹס גֶעדִינְט ווייסְט דוּא זֶעהְר גוּט:

קאפיטעל ב

1 דְרוּם, דוּא מֵיין קִינְד, זַייא שְׁטַארְק אִין דֶער גְנָאד וָואס
2 אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אוּנְד דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט
פוּן מִיר גֶעהֶערְט דוּרְךְ פִילֶע עֵדוּת, דִיזֶע אִיבֶּערְגִיבּ צוּ
גֶעטְרַייעַ מֶענְשֶׁען, וָואס זָאלֶען אוֹיךְ קֶענֶען אַנְדֶערֶע
3 לֶעהְרֶען: לֵייד מִיט אִין אִיבֶּעל ווִיא אַ גוּטֶער סָאלְדַאט
4 פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: קֵיינֶער וָואס אִיז אָנְגֶעוָוארְבֶּען פַארְ־
ווִיקֶעלְט זִיךְ אִין דִיא זַאכֶען פוּן דֶעם לֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל
גֶעפֶעלֶען דֶעם וָואס הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען פַאר אַ סָאלְדַאט:
5 אוּנְד וֶוען אַפִילוּ אֵיינֶער שְׁטְרֵייט, אִיז עֶר נִיט גֶעקְרֵיינְט
6 עֶס זַייא דֶען עֶר שְׁטְרֵייט נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ: דֶער אַקֶערְמַאן

וָואס אַרְבֵּייט מוּז צוּעֶרְשְׁט נֶעמֶען פוּן דִיא פְרוּכְט:
7 פֶערְשְׁטֶעה וָואס אִיךְ זָאג; וָוארִין דֶער הַאר וֶועט דִיר
פֶערְשְׁטַאנְד גֶעבֶּען אִין אַלֶע זַאכֶען:
8 גֶעדֶענְק אָן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער אִיז פוּן דֶעם זָאמֶען פוּן
דָוִד, דֶער אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע נָאךְ מֵיינֶע
9 בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: דְרִינֶען לֵייד אִיךְ אִיבֶּעל בִּיז צוּ קֶעטֶען,
וִויא אֵיין אִיבֶּעלְטְהֶעטֶער, אָבֶּער דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז
10 נִיט גֶעקֶעטֶעט: דֶעסְטְוֶועגֶען דֶערְטְרָאג אִיךְ אַלֶעס וֶועגֶען
דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע, כְּדֵי זַייא זָאלֶען אוֹיךְ דֶערְהַאלְטֶען
דִיא יְשׁוּעָה וָואס אִיז אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ מִיט עֶבִּיגֶער
11 הֶערְלִיכְקֵייט: דָאס וָוארְט אִיז זִיכֶער; וָוארִין וֶוען מִיר
שְׁטַארְבֶּען מִיט אִיהְם וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם לֶעבֶּען:
12 וֶוען מִיר דֶערְטְרָאגֶען וֶועלֶען מִיר אוֹיךְ מִיט אִיהְם הֶערְשֶׁען,
וֶוען מִיר אִיהְם פֶערְלֵייקֶענֶען וֶועט עֶר אוּנְס אוֹיךְ פֶערְ־
13 לֵייקֶענֶען: וֶוען מִיר זֶענֶען אוּנְגֶעטְרֵייא בְּלֵייבְּט עֶר דָאךְ
גֶעטְרֵייא, וָוארִין עֶר קָאן זִיךְ נִיט זֶעלְבְּסְט פֶערְלֵייקֶענֶען:
14 דֶערְמָאהְן זֵייא אָן דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד בֶּעצֵייג פָאר דֶעם
הַאר אַז זֵייא זָאלֶען נִיט צַאנְקֶען אִיבֶּער וֶוערְטֶער גָארְנִיט
צוּם נוּצֶען, נֵייעֶרְט צוּם פֶערְדַארְבֶּען פוּן דִיא וָואס הֶערֶען:
15 פְלֵייסִיג דִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט דִיךְ בֶּעוֵוייזֶען גֶעפְּרִיפְט צוּ
גָאט, אֵיין אַרְבֵּייטֶער וָואס בֶּעדַארְף זִיךְ נִיט צוּ שֶׁעהְמֶען,
16 וָואס צוּטְהֵיילְט רִיכְטִיג דָאס וָוארְט פוּן וָואהְרְהֵייט: אָבֶּער
פֶערְמֵייד דִיא אוּנְוִוירְדִיגֶע אוּנְד לֶעדִיגֶע רֶעד; וָוארִין זֵייא
17 וֶועלֶען וַואקְסֶען צוּם רְשָׁעוֹת: אוּנְד זֵייעֶר וָוארְט וֶועט
פְרֶעסֶען וִויא אַ קְרֶעבְּס; צְוִוישֶׁען וֶועלְכֶע זֶענֶען
18 הִימֶענֶעאוּס אוּנְד פִילֶעטוּס: וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעאִירְט
וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט, אִינְדֶעם זֵייא זָאגֶען אַז תְּחִיַת
הַמֵתִים אִיז שׁוֹין גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד זֵייא צוּשְׁטֶערֶען דֶעם
19 גְלוֹיבֶּען פוּן עֶטְלִיכֶע: אָבֶּער דֶער פֶעסְטֶער גְרוּנְד פוּן
גָאט שְׁטֶעהְט, אוּנְד הָאט דִיזֶען זִיגֶעל, דֶער הַאר קֶען דִיא
וָואס זֶענֶען זַיינֶע; אוּנְד לָאז זִיךְ אִיטְלִיכֶער וָואס נֶענְט דֶעם
נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר אָפְּטְהוּן פוּן אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט:
20 ישעיה כ״ו י״ג ; במדבר ט״ז ה׳. אִין אַ גְרוֹיס הוֹיז אִיז פַארְהַאנֶען
נִיט נוּר גָאלְדֶענֶע אוּנְד זִילְבֶּערְנֶע כֵּלִים, נֵייעֶרְט אוֹיךְ

הילְצֶערְנֶע אוּנְד עֶרְדִישֶׁע, אוּנְד אֵיינִיגֶע צוּ כָּבוֹד, אוּנְד
אַנְדֶערֶע צוּ שַׁאנְד׃ דְרוּם וֶוען אִימִיצֶער וֶועט זִיךְ 21
רֵיינִיגֶען פוּן דִיזֶע, וֶועט עֶר זַיין אַ כְּלִי צוּ כָּבוֹד, גֶעהֵיי־
לִיגְט, נוּצְלִיךְ צוּ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת, אָנְגֶעבְּרֵייט צוּ אִיטְלִיכֶען
גוּטֶען וֶוערְק׃
פְלִיה נוּן פוּן דִיא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען פוּן דֶער יוּגֶענְד, אָבֶּער 22
יָאג נָאךְ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, גְלוֹיבֶּען, לִיבֶּע, פְרִידֶען מִיט דִיא
וָואס רוּפֶען אָן דֶעם הַאר אוֹיס אַ רֵיינֶעם הַארְצֶען׃ אוּנְד 23
פֶערְמֵייד דִיא נַארִישֶׁע אוּנְד אוּנְגֶעלֶערְנְטֶע שַׁאֲלוֹת, וֵוייל
דוּא וֵוייסְט אַז זַייא מַאכֶען קְרִיגֶערַייא׃ אוּנְד דֶער קְנֶעכְט 24
פוּן דֶעם הַאר מוּז נִיט זַיין אַ קְרִיגֶער, נֵייעֶרְט גֶעלִינְד צוּ
אַלֶע מֶענְשֶׁען, אַ גוּטֶער לֶערֶער וָואס קָאן אַפִילוּ
שְׁלֶעכְטֶעס לֵיידֶען׃ וָואס קָאן שְׁטְרָאפֶען מִיט נִידְרִיגְקֵייט 25
דִיא וָואס זֶעצֶען זִיךְ דֶערְוִוידֶער, טָאמֶער וֶועט זַייא גָאט
גֶעבֶּען תְּשׁוּבָה צוּם דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דִיא וָואהְרְהֵייט׃
אוּנְד זַייא זָאלֶען אַנְטְרִינֶען וֶוערֶען פוּן דֶעם נֶעץ פוּן דֶעם 26
שָׂטָן, אִינְדֶעם זַייא זֶענֶען בַּייא אִיהְם גֶעפַאנְגֶען נָאךְ
זַיין וִוילֶען׃

## קאפיטעל ג

אוּנְד דוּא זָאלְסְט וִויסֶען, אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג וֶועלֶען 1
שְׁוֶוערְלִיכֶע צֵייטֶען וֶוערֶען׃ וָוארִין דִיא מֶענְשֶׁען וֶועלֶען 2
זַיין לִיבְּהָאבֶּער פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט, לִיבְּהָאבֶּער פוּן גֶעלְד,
בַּארִיהְמֶער, שְׁטָאלְץ, לֶעסְטֶערֶער, אוּנְגֶעהָארְזַאם קֶעגֶען
דִיא עֶלְטֶערְן, אוּנְדַאנְקְבַּאר, אוּנְהֵיילִיג׃ אַכְזָרִים, אוּנְגֶע־ 3
טְרֵייעֶ, רְכִילוּת זָאגֶער, פַארְשַׁייטֶע, אוּנְגִיטִיג, וָואס לִיבֶּען
נִיט דָאס גוּטֶע׃ מוֹסְרִים, הִיצִיג, אוֹיפְגֶעבְּלָאזֶען, וָואס 4
לִיבֶּען דָאס פֶערְגְנִיגֶען מֶעהְר וִויא זַייא לִיבֶּען גָאט׃ וָואס 5
הָאבֶּען דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן גָאטֶעסְפוּרְכְט, אָבֶּער זַייא
פֶערְלֵייקֶענֶען דִיא קְרַאפְט דֶערְפוּן; אוֹיךְ פוּן אַזֶעלְכֶע
מֶענְשֶׁען קֶעהְר דִיךְ אָפּ׃ וָוארִין פוּן דִיזֶע זֶענֶען דִיא 6
וָואס קְרִיכֶען אַרַיין אִין דִיא הֵייזֶער, אוּנְד נֶעמֶען גֶעפַאנְ־
גֶען נַארִישֶׁע פְרוֹיעֶן וָואס זֶענֶען בֶּעלָאדֶען מִיט זִינְד,
אוּנְד זֶענֶען פֶערְפִיהְרְט מִיט פִילֶערְלֵייא גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען׃
וָואס זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג לֶערְנֶער, אוּנְד קֶענֶען קֵיינְמָאל 7

ניט קוּמֶען צוּ דֶער דֶערקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט׃
8 אוּנְד גְלֵייךְ וִויא יַאנֶעס אוּנְד יַאמְבְּרֶעס הָאבֶּען זִיךְ דֶערְ־
ווִידֶער גֶעזֶעצְט קֶעגֶען מֹשֶׁה, אַזוֹי ווִידֶערְזֶעצֶען זִיךְ דִיזֶע
אוֹיךְ קֶעגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט, וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַ פֶערְ־
דָארְבֶּענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד זֶענֶען פֶערְוָוארְפֶען פוּן
9 דֶעם גְלוֹיבֶּען׃ אָבֶּער זֵייא וֶועלֶען נִיט ווֵייטֶער גֶעהֶען;
וָוארִין זֵייעֶרֶע נַארִישְׁקֵייט וֶועט עֶפֶענְטְלִיךְ בֶּעקַאנְט
וֶוערֶען צוּ אַלֶע לֵייט, אַזוֹי ווִיא זֵייעֶרְס אִיז אוֹיךְ
גֶעוֶועזֶען׃
10 אָבֶּער דוּא הָאסְט מִיר נָאכְגֶעפָאלְגְט אִין דֶער לֶעהְרֶע,
אִים אוֹיפְפִיהְרֶען, אִים פָארְנֶעמֶען, אִים גְלוֹיבֶּען, אִין
דֶער לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט, אִין דֶער לִיבֶּע, אִין דֶער גֶעדוּלְד׃
11 אִין דִיא פֶערְפָאלְגוּנְגֶען, אִין דִיא לֵיידֶען, וָואס זֶענֶען
אִיבֶּער מִיר גֶעקוּמֶען אִין אַנְטִיוֹכְיָא, אִין אִיקוֹנְיָא, אִין
לוּסְטְרָא; ווִיא פִילֶע פֶערְפָאלְגוּנְגֶען אִיךְ הָאבּ גֶעלִיטֶען,
12 אוּנְד דֶער הַאר הָאט מִיךְ פוּן אַלֶע מַצִיל גֶעוֶועזֶען׃ אוּנְד
אַלֶע מֶענְשֶׁען וָואס ווִילֶען לֶעבֶּען פְרוּם אִין יֵשׁוּעַ
13 הַמָשִׁיחַ וֶועלֶען פֶערְפָאלְגְט וֶוערֶען׃ אָבֶּער שְׁלֶעכְטֶע
מֶענְשֶׁען אוּנְד פֶערְפִיהְרֶער וֶועלֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַרְגֶער
וֶוערֶען, אוּנְד וֶועלֶען פֶערְפִיהְרֶען אוּנְד פֶערְפִיהְרְט וֶוערֶען׃
14 אָבֶּער בְּלֵייבּ דוּא אִין דִיא זַאכֶען וָואס דוּא הָאסְט
גֶעלֶערְנְט אוּנְד אִין וֶועלְכֶע דוּא בִּיסְט אִיבֶּערְצֵייגְט,
וָוארִין דוּא ווֵייסְט פוּן וֶועמֶען דוּא הָאסְט גֶעלֶערְנְט׃
15 אוּנְד אַז דוּא הָאסְט פוּן דֵיינֶע יוּגֶענְד אוֹיף גֶעקֶענְט
דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט וָואס קֶענֶען דִיךְ קְלוּג מַאכֶען צוּ
יְשׁוּעָה דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס אִיז אָן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ׃
16 אַז יֶעדֶע שְׁרִיפְט אִיז פוּן גָאט אֵיינְגֶעהוֹיכְט, אוּנְד אִיז אוֹיךְ
נוּצְלִיךְ צוּ לֶעהְרֶע, צוּ שְׁטְרָאף, צוּ פֶערְבֶּעסֶערוּנְג, צוּ
17 מוּסָר וָואס אִיז אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט׃ כְּדֵי דֶער מַאן פוּן
גָאט זָאל זַיין גַאנְץ אוּנְד צוּבֶּערֵייטֶעט צוּ אִיטְלִיכֶען
גוּטֶען וֶוערְק׃

## קַאפִּיטֶעל ד

1 אִיךְ בֶּעצֵייג דִיר פָאר גָאט, אוּנְד פָאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ,
וֶועלְכֶער וֶועט רִיכְטֶען דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע,

אוּנְד װֶעגֶען זֵיינֶע אַנְטְפְּלֶעקוּנְג אִין זֵיין קֶענִיגְרֵייךְ:
פְּרֶעדִיגֶע דָאס װָארְט, זֵייא אֵייפְרִיג אִין דֶער צֵייט 2
אוּנְד אוֹיסֶער דֶער צֵייט, שְׁטְרָאף, דֶערְמָאהְן, טְרֵייסְט,
אִין אַלֶערְלֵייא גֶעדוּלְד אוּנְד בֶּעלֶעהְרוּנְג: װָארִין עֶס 3
װֶעט זֵיין אַ צֵייט װֶען זֵייא װֶעלֶען נִיט פֶּערְטְרָאגֶען
גֶעזוּנְדֶע לֶעהְרֶע, נֵייעֶרְט נָאךְ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע גְלוּסְטִיגְ־
קֵייטֶען װֶעלֶען זֵייא זִיךְ צוּנוֹיפְבְּרֶענְגֶען לֶעהְרֶער אִינְדֶעם
זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען זֶענֶען קְרֶעצִיג גֶעװָארֶען: אוּנְד זֵייא 4
קֶעהְרֶען אַװֶעק זֵייעֶרֶע אוֹיעֶרֶען פוּן דֶער װָאהְרְהֵייט,
אוּנְד קֶעהְרֶען זִיךְ צוּ דִיא נַארִישֶׁע רֶעדֶע: אָבֶּער זֵייא 5
דוּא אִין אַלֶעם נִיכְטֶערְן, לֵייד שְׁלֶעכְטֶעס, טְהוּא דָאס
װֶערְק פוּן אַ מְבַשֵּׂר, דֶערְפִיל דֵיין דִינְסְט:
װָארִין אִיךְ בִּין שׁוֹין אַ קָרְבָּן אוּנְד דִיא צֵייט פוּן מֵיין אַפְּ־ 6
שֵׁייד אִיז נָאהֶענְט: אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁטְרִיטֶען דֶעם גוּטֶען 7
שְׁטְרֵייט, אִיךְ הָאבּ דֶערְפִילְט דֶעם לוֹיף, אִיךְ הָאבּ גֶע־
הַאלְטֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען: פוּן אַצוּנְד אָן אִיז פָאר מִיר 8
אָפְּגֶעלֶעגְט דִיא קְרוֹין פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, װָאס דֶער הַאר
דֶער גֶערֶעכְטֶער רִיכְטֶער, װֶעט מִיר גֶעבֶּען אִין יֶענֶעם
טָאג, אוּנְד נִיט צוּ מִיר אַלֵיין, נֵייעֶרְט צוּ אַלֶע װָאס הָאבֶּען
גֶעלִיבְּט זֵיין אַנְטְפְּלֶעקֶען:
אֵייל דִיךְ בַּאלְד צוּ מִיר צוּ קוּמֶען: װָארִין דֶעמַאס הָאט 9 10
מִיךְ פַארְלָאזְט אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶעלִיבְּט דִיא אִיצְטִיגֶע
װֶעלְט, אוּנְד אִיז אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען קֵיין טֶעסַאלוֹנִיקָא, קְרֶעסְ־
קֶענְס קֵיין גַאלַאטִיָא, טִיטוּס קֵיין דַאלְמָאטְיָא: לוּקַאס אִיז 11
נוּר מִיט מִיר. נֶעם מַרְקוֹס אוּנְד בְּרֶענְג אִיהְם מִיט דִיר;
װָארִין עֶר אִיז מִיר נוּצְלִיךְ צוּ דֶעם דִינְסְט: טִיכִיקוֹס הָאבּ 12
אִיךְ גֶעשִׁיקְט קֵיין עֶפֶעזוּס: װֶען דוּא קוּמְסְט אַזוֹי בְּרֶענְג 13
מִיט דִיר דֶעם מַאנְטֶעל װָאס אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין
טְרוֹיאַס בֵּייא קַרְפּוּס, אוּנְד אוֹיךְ דִיא בִּיכֶער, בִּפְרַט דִיא
פַּארְמֶענְטְרָאלֶען: אַלֶעכְּסַאנְדֶער דֶער קוּפֶּערְשְׁמִיד הָאט 14
מִיר פִיל שְׁלֶעכְטֶעס גֶעטְהוּן. דֶער הַאר זָאל אִיהְם פֶּערְ־
גֶעלְטֶען נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים: פַאר דֶעם הִיט דוּא דִיךְ אוֹיךְ; 15
װָארִין עֶר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְװִידֶער גֶעזֶעצְט קֶעגֶען
אוּנְזֶערֶע רֶעדֶען:

16 בַּייא מֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע פַּארֶענְטְפֶערוּנְג אִיז קֵיינֶער נִיט מִיט מִיר
גֶעשְׁטַאנֶען, נֵייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען מִיךְ אַלֶע פֶערְלָאזְט. לָאז
17 עֶס זֵייא נִיט צוּגֶערֶעכֶענְט וֶוערֶען: אָבֶּער דֶער הַאר אִיז בַּייא
מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְד הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, כְּדֵי דָאס
פְּרֶעדִיגֶען זָאל דוּרְךְ מִיר דֶערְפִילְט וֶוערֶען אוּנְד אַלֶע גוֹיִם
זָאלֶען הֶערֶען; אוּנְד אִיךְ בִּין גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען פוּן
18 דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם לֵייב: דֶער הַאר וֶועט מִיךְ רֶעטֶען פוּן
אִיטְלִיכֶען שְׁלֶעכְטֶען וֶוערְק, אוּנְד וֶועט מִיךְ בֶּעוָואהְרֶען
צוּ זֵיין הִימְלִישֶׁען קֶענִיגְרֵייךְ; צוּ דֶעם זֵייא דִיא הֶערְלִיכְ־
קֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
19 גְרִיס פְּרִיסְקָא אוּנְד אַקְוִילָא, אוּנְד דָאס הוֹיזְגֶעזִינְד פוּן
20 אָנִיסִיפָארוּס: עֶרַאסְטוּס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין קָארִינְט, אוּנְד
טְרָאפִימוּס הָאב אִיךְ קְרַאנְק אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין מִילִיטוּס:
21 אֵייל דִיךְ צוּ קוּמֶען פָאר דֶעם וִוינְטֶער. עֶבְּבוּלוּס גְרִיסְט
דִיךְ, אוּנְד פוּדֶענְס, אוּנְד לִינוּס, אוּנְד קְלוֹדִיָא, אוּנְד אַלֶע
בְּרִידֶער:
22 דֶער הַאר זָאל זֵיין מִיט דֵיין גֵייסְט, דִיא גְנָאד זֵייא מִיט אֵייךְ:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ טִיטוֹס.

---

1 **פּוֹלוֹס**, אַ קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד אֵיין אָפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, נָאךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע
פוּן גָאט אוּנְד דִיא דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס
2 אִיז נָאךְ פְרוּמִיגְקֵייט: אִין דֶער הָאפְנוּנְג פוּן עֶבִּיגֶען לֶע־
בֶּען, וָואס גָאט, דֶער זָאגְט נִיט לִיגֶען, הָאט מַבְטִיחַ גֶע־
3 וֶועזֶען פוּן עֶבִּיגֶע צֵייטֶען: אוּנְד הָאט אִין זֵיינֶע אֵייגֶענֶע
צֵייטֶען אַנְטְפְּלֶעקְט זֵיין וָוארְט דוּרְךְ דֶעם פְּרֶעדִיגֶען וָואס
אִיז מִיר אָנְפֶּערְטְרוֹיעט נָאךְ דֶעם גֶעבָּאט פוּן גָאט אוּנְזֶערֶען
4 רֶעטֶער: צוּ טִיטוֹס מֵיין וָואהְרֶעס קִינְד נָאךְ דֶעם גֶעמֵיינְ־
זַאמֶען גְלוֹיבֶּען; גְנָאד אוּנְד פְרִידֶען פוּן גָאט דֶעם פָּאטֶער
אוּנְד פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוּנְזֶער רֶעטֶער:
5 דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ דִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אִין קְרֶעטָא,
כְּדֵי דוּא זָאלְסְט צוּרֶעכְט מַאכֶען דָאס וָואס פֶעהְלְט, אוּנְד
זָאלְסְט אָנְשְׁטֶעלֶען עֶלְצְטֶע אִין אִיטְלִיכֶער שְׁטָאט, אַזוֹי
6 וִויא אִיךְ הָאבּ דִיר בֶּעפוֹילֶען: וֶוען אֵיינֶער אִיז אוּנְשׁוּלְדִיג,
דֶער מַאן פוּן אַ ווֵייבּ, דֶער גְלוֹיבִּיגֶע קִינְדֶער הָאט, אוּנְד
אִיז נִיט פַארְקְלָאגְט וֶועגֶען שֶׁענְדְלִיכֶעס לֶעבֶּען אוּנְד
7 ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט: וָוארִין דֶער אוֹיפְזֶעהֶער מוּז זַיין אוּנְ־
שׁוּלְדִיג, אַלְס אַ פֶערְוַואלְטֶער פוּן גָאט, נִיט הוֹיכְמוּטִיג,
נִיט צָארְנִיג, קֵיין ווֵיין זוֹיפֶער, קֵיין שְׁלֶעגֶער, נִיט גֵייצִיג
8 נָאךְ שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווִינְסְט: נֵייעֶרְט אַ מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אַ לִיבְּ־
הָאבֶּער פוּן גוּטֶען, פַארְשְׁטֶענְדִיג, גֶערֶעכְט, הֵיילִיג, מֶעסִיג:
9 וָואס הַאלְט פֶעסְט דָאס פֶערְזִיכֶערְטֶע וָוארְט נָאךְ דֶער
לֶעהְרֶע, כְּדֵי עֶר זָאל אוֹיךְ קֶענֶען וָוארְנֶען אִין דִיא גֶעזוּנְדֶע
לֶעהְרֶע אוּנְד ווִידֶערְשְׁפְּרֶעכֶער שְׁטְרָאפֶען:
10 וָוארִין פִילֶע זֶענֶען ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגֶער, פְלוֹידֶערֶער אוּנְד
11 בֶּעטְרִיגֶער, בֶּעזוּנְדֶערְס פוּן דֶער בְּרִית מִילָה: וָואס
מֶען בֶּעדַארְף זֵייא דָאס מוֹיל פַארְשְׁטָאפֶען, וֶועלְכֶע

פַארְקֶעהְרֶען גַאנְצֶע הֵייזֶער, אִינְדֶעם זֵייא לֶערְנֶען דָאס וָואס
12 אִיז נִיט רֶעכְט פוּן וֶועגֶען שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווִינְסְט: אֵיינֶער פוּן
זֵייא, זֵייעֶר אֵייגֶענֶער נָבִיא הָאט גֶעזָאגְט, דִיא קְרֶעטֶער
זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג לִיגְנֶער, חַיוֹת רָעוֹת, פוֹילֶע בֵּייכֶער:
13 דִיזֶעס צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר: דֶעסְטְוֶועגֶען שְׁטְרָאף זֵייא
14 שַׁארְף, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען שַׁארְף זֵיין אִים גְלוֹיבֶּען: אוּנְד
זָאלֶען נִיט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף יוּדִישֶׁע הַגָדוֹת אוּנְד מִצְוֹת
פוּן מֶענְשֶׁען וָואס קֶעהְרֶען זִיךְ אָפּ פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט:
15 אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען רֵיין צוּ דִיא רֵיינֶע; אָבֶּער צוּ דִיא בֶּע־
פְלֶעקְטֶע אוּנְד אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע אִיז קֵיין זַאךְ רֵיין, נֵייעֶרְט
זֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד אוּנְד אַפִילוּ זֵייעֶר גֶעווִיסֶען זֶענֶען בֶּע־
16 פְלֶעקְט: זֵייא בֶּעהוֹיפְּטֶען אַז זֵייא קֶענֶען גָאט, אָבֶּער
זֵייא פֶערְלֵייקֶענֶען אִיהְם אִין זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים, אוּנְד זֶענֶען
אוּמְווִירְדִיג אוּנְד ווִידֶערְשְׁפֶּענִיג אוּנְד פֶערְוָוארְפֶען פוּן
אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק:

## קאפיטעל ב

1 נוּן דוּא זָאלְסְט רֶעדֶען דִיא זַאכֶען וָואס פַּאסְט צוּ דִיא
2 גֶעזוּנְדֶע לֶעהְרֶע: אַז דִיא עֶלְצְטֶע זָאלֶען זַיין נִיכְטֶערְן,
עֶרְנְסְטְהַאפְטִיג, פַארְשְׁטֶענְדִיג, גֶעזוּנְד אִים גְלוֹיבֶּען, אִין
3 לִיבֶּע, אִין גֶעדוּלְד: אַזוֹי אוֹיךְ אַז דִיא אַלְטֶע פְרוֹיעֶן זָאלֶען
זִיךְ הֵיילִיג אוֹיפְפִיהְרֶען, זָאלֶען נִיט רְכִילוֹת זָאגֶען, נִיט
פִיל ווַיין טְרִינְקֶען, נֵייעֶרְט זָאלֶען זַיין לֶערְרֶערִין פוּן
4 גוּטֶען: כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דִיא יוּנְגֶע פְרוֹיעֶן פַארְשְׁטֶענְדִיג
מַאכֶען, אַז זֵייא זָאלֶען לִיבֶּען זֵייעֶרֶע מֶענֶער אוּנְד זֵייעֶרֶע
5 קִינְדֶער: אוּנְד זָאלֶען פַארְשְׁטֶענְדִיג זֵיין, רֵיינֶע, הוֹזְהַאלְ־
טֶער, גוּטִיג, אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע מֶענֶער,
כְּדֵי דָאס וָוארְט פוּן גָאט זָאל נִיט גֶעלֶעסְטֶערְט וֶוערֶען:
6 אוֹיךְ דִיא יוּנְגֶע לֵייט זֵייא מַזְהִיר אַז זֵייא זָאלֶען פַארְ־
7 שְׁטֶענְדִיג זֵיין: אוּנְד ווַייז דִיךְ אִין אַלֶע זַאכֶען אַ בֵּיישְׁפִּיל
פוּן גוּטֶע וֶוערְק, אִין דֶער לֶעהְרֶע, אוּנְפֶערְדָארְבֶּענְהֵייט,
8 עֶרְנְסְט: גֶעזוּנְדֶען אוּנְד אוּנְפֶערְשׁוּלְדִיגְטֶען וָוארְט, כְּדֵי
דֶער וָואס זֶעצְט דִיךְ דֶערְווִידֶער זָאל פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען,
אִינְדֶעם עֶר הָאט קֵיין שְׁלֶעכְטֶעס וֶועגֶען אוּנְס צוּ זָאגֶען:
9 זֵייא אוֹיךְ מַזְהִיר דִיא קְנֶעכְט אַז זֵייא זָאלֶען אוּנְטֶערְ־

טְענִיג זֵיין צוּ זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע הֶערְרֶן, וְואוֹילְגֶעפֶעלִיג
10 זֵיין אִין אַלֶע זַאכֶען, נִיט אָקֶעגֶענרֶעדֶען: נִיט גַנְבֶענֶען,
נֵייעֶרְט בֶּעוַוייזֶען אַלֶערְלֵייא גוּטֶע גֶעטְרֵיישַׁאפְט, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען אִין אַלֶע זַאכֶען צִיעֶרֶען דִיא לֶעהְרֶע פוּן
גָאט אוּנְזֶער רֶעטֶער:
11 וָוארִין דִיא גְנָאד פוּן גָאט וָואס בְּרֶענְגְט יְשׁוּעָה צוּ אַלֶע
12 מֶענְשֶׁען אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד זִיא לֶעהְרְט
אוּנְס אַז מִיר זָאלֶען פַארְלֵייקֶענֶען דָאס רִשְׁעוֹת אִין דִיא
וֶועלְטְלִיכֶע גְלוּסְטֶען, אוּנְד זָאלֶען לֶעבֶּען פַארְשְׁטֶענְדִיג
אוּנְד גֶערֶעכְט אוּנְד פְרוּם אִין אִיצְטִיגֶען צֵייטְאַלְטֶער:
13 אוּנְד זָאלֶען וַוארְטֶען אוֹיף דִיא גֶעבֶּענְשְׁטֶע הָאפְנוּנְג
אוּנְד דֶעם אַנְטְפְּלֶעקֶען פוּן דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען
14 גָאט אוּנְד יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶער רֶעטֶער: וֶועלְכֶער
הָאט זִיךְ אַלֵיין פַאר אוּנְס גֶעגֶעבֶּען, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְס
אוֹיסְלֶעזֶען פוּן אַלֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד זָאל צוּ זִיךְ
רֵיינִיגֶען אַיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶעם פָאלְק וָואס אִיז אֵייפְרִיג
15 פַאר גוּטֶע וֶוערְק: דִיזֶע זַאכֶען רֶעד אוּנְד זֵייא מַזְהִיר
אוּנְד שְׁטְרָאף מִיט אַלֶערְלֵייא מַאכְט, לָאז דִיךְ קֵיינֶער
נִיט פֶערַאכְטֶען:

## קאפיטעל ג

1 דֶערְמָאהְן זֵייא אַז זֵייא זָאלֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין צוּ
הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד מַאכְטֶען, גֶעהָארְכֶען צוּ דִיא גֶעוֶועלְ־
2 טִיגֶער, אָנְגֶעבְּרֵייט זֵיין צוּ אִיטְלִיכֶען גוּטֶען וֶוערְק: זֵייא
זָאלֶען פוּן קֵיינֶעם נִיט שְׁלֶעכְטֶעס רֶעדֶען, נִיט קְרִיגֶערִישׁ
זֵיין, נֵייעֶרְט נָאכְגֶעבֶּענְדִיג, אוּנְד זָאלֶען בֶּעוַוייזֶען
3 אַלֶערְלֵייא זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען: וָוארִין מִיר
זֶענֶען אוֹיךְ אַמָאל גֶעוֶועזֶען אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיג, וִוידֶערְ־
שְׁפֶּענְסְטִיגֶע, פֶערְפִיהְרְט, דִינֶער פוּן גְלוּסְטֶען אוּנְד
פֶערְשִׁידֶענֶע פֶערְגְנִיגֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אִין רִשְׁעוֹת
אוּנְד קִנְאָה, אֵיינֶער ווירְדִיג פוּן דֶעם אַנְדֶערְן פֶערְהַאסְט:
4 אָבֶּער וֶוען דִיא גוּטִיגְקֵייט פוּן גָאט אוּנְזֶער רֶעטֶער אוּנְד
5 זַיינֶע לִיבֶּע הָאבֶּען זִיךְ צוּ מֶענְשֶׁען בֶּעוִויזֶען: נִיט דוּרְךְ
מַעֲשִׂים פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעטְהוּן,
נֵייעֶרְט נָאךְ זֵיינֶער בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט עֶר אוּנְס

גֶערֶעטֶעט דוּרְךְ דֶעם וַואשֶׁען פוּן דֶער ווִידֶערְגֶעבּוּרְט
6 אוּנְד דֶער דֶערְנַייעֶרוּנְג פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: וָואס
עֶר הָאט אוֹיף אוּנְס רֵייכְלִיךְ אוֹיסְגֶעגָאסֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
7 הַמָשִׁיחַ אוּנְזֶער רֶעטֶער: כְּדֵי מִיר זָאלֶען גֶערֶעכְטְ־
פֶערְטִיגְט ווֶערֶען דוּרְךְ זֵיינֶע גְנָאד, אוּנְד זָאלֶען ווֶערֶען
יוֹרְשִׁים נָאךְ דֶער הָאפְנוּנְג פוּן עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען:
8 דָאס וָוארְט אִיז זִיכֶער, אוּנְד אִיךְ ווִיל אַז דוּא זָאלְסְט
דִיזֶע זַאכֶען פֶעסְט זֶעצֶען, כְּדֵי דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
אָן גָאט זָאלֶען אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אִין גוּטֶע ווֶערְקֶען פָארְ־
אַנְצוּגֶעהֶען. דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען גוּט אוּנְד נוּצְלִיךְ צוּ
9 מֶענְשֶׁען: אָבֶּער פֶערְמֵייד נַארִישֶׁע שַׁאֲלוֹת אוּנְד יִחוּס
סְפָרִים אוּנְד גֶעצַאנְק אוּנְד מַחְלוֹקֶת ווֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ,
10 וָוארִין זֵייא זֶענֶען אוּנְנוּצְלִיךְ אוּנְד אוּמְזוּסְט: אַ מַאן
וָואס אִיז אֵיין אַפִּיקוֹרוֹס זָאלְסְט דוּא נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער
11 אוּנְד צְווֵייטֶער וָוארְנוּנְג אוֹיסְמֵיידֶען: אִינְדֶעם דוּא ווֵייסְט
אַז אַזֶעלְכֶער אִיז פַארְקֶעהְרְט אוּנְד זִינְדִיגְט, ווֵייל עֶר
פֶערְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ זֶעלְבְּסְט:
12 ווֶען אִיךְ ווֶעל צוּ דִיר שִׁיקֶען אַרְטֶעמַאס אָדֶער טִיכִיקוֹס
אֵיילֶע דִיךְ צוּ מִיר צוּ קוּמֶען קֵיין נִיקָאפָּאלִים; וָוארִין
13 אִיךְ הָאבּ גֶעדֶענְקְט דָארְט אִיבֶּערְצוּווִינְטֶערְן: שִׁיק
אֵייפְרִיג פָאר זֶענַאס דֶעם יוֹעֵץ אוּנְד אַפָּאלָאס אוֹיף
זֵייעֶרֶע רֵייזֶע, כְּדֵי עֶס זָאל זֵייא גָארְנִיט פֶעהְלֶען:
14 אוּנְד לָאזֶען דִיא אוּנְזֶערֶע אוֹיךְ לֶערְנֶען אִין גוּטֶע
ווֶערְקֶען פָארַאנְצוּגֶעהֶען פַאר דֶעם וָואס מֶען בֶּעדַארְף
נֶעטִיג, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען נִיט זֵיין אָהְן פְרוּכְט:
15 אַלֶע וָואס זֶענֶען מִיט מִיר גְרִיסֶען דִיךְ, גְרִיס דִיא וָואס
לִיבֶּען אוּנְס אִים גְלוֹיבֶּען. גְנָאד זָאל זֵיין מִיט אֵייךְ
אַלֶע:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פּוֹלוֹס צוּ פִילֶעמוֹן.

---

1 פּוֹלוֹס אַ גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד טִימוֹתִיוֹס
דֶער בְּרוּדֶער, צוּ פִילֶעמוֹן אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶען אוּנְד מִיטְ־
2 אַרְבֵּייטֶער: אוּנְד צוּ אַפְּפְיָא דֶער שְׁוֶועסְטֶער, אוּנְד צוּ
אַרְכִיפּוֹס אוּנְזֶער מִיטְשְׁטְרֵייטֶער, אוּנְד צוּ דֶער קְהִלָּה וָואס
3 אִיז אִין דֵיין הוֹיז: גְנָאד זַייא מִיט אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען פוּן
גָאט אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
4 אִיךְ דַאנְק בֶּעשְׁטֶענְדִיג מֵיין גָאט, וֶוען אִיךְ גֶעדֶענְק דִיךְ
5 אִין מֵיינֶע גֶעבֶּעטֶע: אִינְדֶעם אִיךְ הֶער וֶועגֶען דֵיינֶע לִיבֶּע
אוּנְד דֵיין גְלוֹיבֶּען וָואס דוּא הָאסְט צוּ דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
6 אוּנְד צוּ אַלֶע הֵיילִיגֶע: כְּדֵי דִיא גֶעמֵיינְשַׁאפְט פוּן דֵיין
גְלוֹיבֶּען זָאל מֶעכְטִיג וֶוערֶען אִין דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן
7 אַלֶעם גוּטֶען וָואס אִיז אִין אוּנְס צוּם מָשִׁיחַ: וָוארִין אִיךְ
הָאבּ גֶעהַאט פִיל פְרַייד אוּנְד טְרֵייסְט וֶועגֶען דֵיינֶע לִיבֶּע,
וֵוייל דִיא הֶערְצֶער פוּן דִיא הֵיילִיגֶע זֶענֶען דוּרְךְ דִיר
דֶערְקְוִויקְט גֶעוָוארֶען, בְּרוּדֶער:
8 דֶעסְטְוֶועגֶען, חָאטְשֶׁע אִיךְ הָאבּ פִיל פְרֵייהֵייט אִין מָשִׁיחַ
9 אַז אִיךְ זָאל דִיר גֶעבִּיטֶען וָואס גֶעהֶערְט זִיךְ: אָבֶּער פוּן
וֶועגֶען דֶער לִיבֶּע בֶּעט אִיךְ דִיךְ לִיבֶּער, אִינְדֶעם אִיךְ בִּין
אַזֶעלְכֶער וִויא פּוֹלוֹס דֶער אַלְטֶער, אוּנְד אַצוּנְד אוֹיךְ אַ
10 גֶעפַאנְגֶענֶער פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אִיךְ בֶּעט דִיךְ וֶועגֶען
מֵיין זוּהְן אָנֶעסִימוֹס, דֶעם אִיךְ הָאבּ גֶעווִינֶען אִין מֵיינֶע
11 קֶעטֶען: וֶועלְכֶער אִיז פְרִיהֶער צוּ דִיר אוּנְנוּצְלִיךְ גֶעוֶוע־
זֶען, אָבֶּער אַצוּנְד נוּצְלִיךְ צוּ דִיר אוּנְד אוֹיךְ צוּ מִיר:
12 דֶעם הָאבּ אִיךְ צוּ דִיר צוּרִיק גֶעשִׁיקְט, אִיהְם זֶעלְבְּסְט,
13 דָאס אִיז מֵיין אֵייגֶען הַארְץ: וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט
בַּייא מִיר זֶעלְבְּסְט הַאלְטֶען, כְּדֵי עֶר זָאל מִיךְ פַאר דִיר
14 בֶּעדִינֶען אִין דִיא קֶעטֶען פוּן דֶער בְּשׂוֹרָה טוֹבָה: אָבֶּער
אָהְן דֵיינֶע מֵיינוּנְג הָאבּ אִיךְ גָארְנִיט גֶעוָואלְט טְהוּן, כְּדֵי

דַיין גוּטֶעס זָאל נִיט גֶעצְוואוּנְגֶען זַיין, נַייעֶרְט פוּן גוּטֶען
ווִילֶען:
15 וָוארִין אֶפְשַׁר אִיז עֶר דֶערְפַּאר פוּן דִיר פַאר אַ צַייט
אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט אִיהְם אוֹיף
16 עֶבִּיג אַוַדְאַי בֶּעקוּמֶען: נִיט מֶעהְר אַלְס אַ קְנֶעכְט, נֵייעֶרְט
הֶעכֶער ווִיא אַ קְנֶעכְט, אַלְס אַ גֶעלִיבְּטֶען בְּרוּדֶער,
בֶּעזוּנְדֶערְס צוּ מִיר, אָבֶּער פִיל מֶעהְר צוּ דִיר אִים פְלֵיישׁ
17 אוּנְד אוֹיךְ אִין דֶעם הַאר: דְרוּם וֶוען דוּא הַאלְסְט מִיךְ
18 פַאר אַ חַבֵר, אַזוֹי נֶעם אִיהְם אוֹיף ווִיא מִיךְ: אוּנְד וֶוען
עֶר הָאט דִיר עֶפֶּעס אוּנְרֶעכְט גֶעטְהוּן, אָדֶער עֶר אִיז דִיר
19 עֶפֶּעס שׁוּלְדִיג, רֶעכֶען דָאס צוּ מִיר: אִיךְ פּוֹלוֹס שְׁרֵייבּ
עֶס מִיט מֵיינֶע אֵייגֶענֶע הַאנְד, אִיךְ וֶועל עֶס בֶּעצָאהְלֶען;
חָאטְשֶׁע אִיךְ זָאג דִיר נִיט אַז דוּא בִּיסְט אוֹיךְ דִיךְ
20 זֶעלְבְּסְט צוּ מִיר שׁוּלְדִיג: יָא בְּרוּדֶער, אִיךְ זָאל מִיךְ
אִיבֶּער דִיר פְרֵייעֶן אִין דֶעם הַאר; דֶערְקְווִיק מֵיין הַארְץ
אִין דֶעם מָשִׁיחַ:
21 אִים פֶּערְטְרוֹיעֶן אִין דַיין גֶעהָארְכֶען שְׁרֵייבּ אִיךְ דִיר,
אִינְדֶעם אִיךְ ווֵייס אַז דוּא וֶועסְט אֲפִילוּ מֶעהְר טְהוּן ווִיא
22 אִיךְ זָאג: אוּנְד גְלֵייכְצֵייטִיג גְרֵייט מִיר אוֹיךְ אָן אַ דִירָה;
וָוארִין אִיךְ הָאף אַז דוּרְךְ אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעטֶע וֶועל אִיךְ צוּ
אֵייךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען:
23 עֶפַּאפְרַאס מֵיין מִיטְגֶעפַאנְגֶענֶער אִין יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ גְרִיסְט
דִיךְ, אוּנְד מַארְקוּס, אוּנְד אַרִיסְטַארְכוּס, אוּנְד דֶעמַאס,
אוּנְד לוּקַאס, מֵיינֶע מִיטְאַרְבֵּייטֶער:
24 דִיא גְנָאד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ זָאל זַיין מִיט
אֵייעֶר גֵייסְט:

---

# דֶער בְּרִיף צוּ דִיא עִבְרִים.

1 גָאט, דֶער הָאט פָּארְצֵייטֶען אִין פִיל חֲלָקִים אוּנְד אוֹיף
פִילֶערְלֵייא אוֹפַנִים גֶערֶעט צוּ דִיא אָבוֹת דוּרְךְ דִיא
2 נְבִיאִים: הָאט אִין דֶעם עֶנְד פוּן דִיזֶע טֶעג צוּ אוּנְס
גֶערֶעט דוּרְךְ דֶעם זוּהְן, וֶועלְכֶען עֶר הָאט בֶּעשְׁטֶעלְט
יוֹרֵשׁ פוּן אַלֶעם, דוּרְךְ וֶועלְכֶען עֶר הָאט אוֹיךְ דִיא וֶועלְטֶען
3 גֶעמַאכְט: וֶועלְכֶער אִיז דֶער גְלַאנְץ פוּן זֵיינֶער הֶערְלִיכְ־
קֵייט, אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן זֵיין וֶועזֶען, אוּנְד דֶערְהַאלְט
אַלֶע זַאכֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן זֵיינֶע קְרַאפְט, וֶוען עֶר
הָאט גֶעמַאכְט דִיא רֵיינִיגוּנְג פוּן זִינְד הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעצְט
צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶער מַאיֶעסְטֶעט אִין דֶער הֵייךְ:
4 אִינְדֶעם עֶר אִיז אַזוֹי פִיל בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען וִויא דִיא
מַלְאָכִים, אַז עֶר הָאט אַ פִיל הֶעכֶערֶען נָאמֶען וִויא זֵייא
גֶעיַרְשֶׁעט:
5 וָוארִין צוּ וֶועלְכֶע פוּן דִיא מַלְאָכִים הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט,
„דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען?
אוּנְד וִוידֶער, אִיךְ וֶועל צוּ אִיהְם זֵיין צוּם פָאטֶער, אוּנְד
עֶר וֶועט צוּ מִיר זֵיין צוּם זוּהְן”: תהלים ב׳ ז׳; שמואל ב ז׳ י״ד.
6 אוּנְד וֶוען עֶר בְּרֶענְגְט וִוידֶער דֶעם בְּכוֹר אִין דֶער
וֶועלְט זָאגְט עֶר,
„אוּנְד לָאזֶען אַלֶע מַלְאָכִים פוּן גָאט זִיךְ צוּ אִיהְם בִּיקֶען”:
תהלים צ״ז ז׳.
7 אוּנְד וֶועגֶען דִיא מַלְאָכִים זָאגְט עֶר,
„וֶועלְכֶער מַאכְט זֵיינֶע מַלְאָכִים רוּחוֹת אוּנְד זֵיינֶע דִינֶער
אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר”: תהלים ק״ד ד׳.
8 אָבֶער וֶועגֶען דֶעם זוּהְן זָאגְט עֶר,
„דֵיין שְׁטוּהְל אָ גָאט אִיז פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט,
אוּנְד דָאס סְצֶעפְּטֶער פוּן גְרָאדְהֵייט אִיז דָאס סְצֶעפְּטֶער
9 פוּן דֵיין קֶענִיגְרֵייךְ: דוּא הָאסְט גֶעלִיבְּט גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט אוּנְד גֶעהַאסְט אוּנְרֶעכְט, דְרוּם הָאט דִיךְ, אָ גָאט,
דֵיין גָאט גֶעזַאלְבְּט מִיט דֶעם עֶהְל פוּן פְרֵייד מֶעהְר

10 וִויא דֵיינֶע חֲבֵרִים": תהלים מ"ה ז׳ ח׳. אוּנְד „דוּא, אָ
הַאר, הָאסְט אִים אָנְהוֹיבּ גֶעגְרִינְדֶעט דִיא עֶרְד, אוּנְד
11 דִיא הִימֶעל זֶענֶען דִיא וֶוערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד: זֵייא
וֶועלֶען פֶערְלוֹירֶען וֶוערֶען אָבֶּער דוּא בְּלֵייבְּסְט; אוּנְד
12 זֵייא וֶועלֶען אַלֶע אַלְט וֶוערֶען וִויא אַ קְלֵייד: אוּנְד וִויא
אַ מַאנְטֶעל וֶועסְט דוּא זֵייא אוֹיפְרָאלֶען, זֵייא וֶועלֶען
אוֹיךְ וִויא אַ קְלֵייד פֶערְעֶנְדֶערְט וֶוערֶען, אָבֶּער דוּא
בִּיסְט דֶערְזֶעלְבִּיגֶער, אוּנְד דֵיינֶע יָאהְרֶען וֶועלֶען נִיט
פֶערְגֶעהֶען": תהלים ק"ב כ"ו כ"ח.
13 אָבֶּער צוּ וֶועלְכֶע פוּן דִיא מַלְאָכִים הָאט עֶר אַמָאל
גֶעזָאגְט,
„זִיץ צוּ מֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, בִּיז אִיךְ וֶועל דֵיינֶע
פֵיינְד מַאכֶען פַאר אַ פוּסְעֶנְבֶּענְקֶעל צוּ דֵיינֶע פִּים?
תהלים ק"י א׳.
14 זֶענֶען זֵייא נִיט אַלֶע בֶּעדִינֶענְדִיגֶע גֵייסְטֶער, אוֹיסְגֶעשִׁיקְט
דִיא צוּ בֶּעדִינֶען וָואס וֶועלֶען יַרְשֶׁענֶען יְשׁוּעָה?

קאפיטעל ב

1 דֶעסְטְוֶועגֶען מוּזֶען מִיר נָאךְ מֶעהְר אַכְטוּנְג גֶעבֶּען צוּ
דִיא זַאכֶען וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען גֶעהֶערְט, דֶערְמִיט מִיר
2 זָאלֶען נִיט אַמָאל אָפְּפַאלֶען: וָוארִין וֶוען דָאס וָוארְט
וֶועלְכֶעס אִיז דוּרְךְ מַלְאָכִים גֶערֶעט גֶעוָוארֶען אִיז פֶעסְט
גֶעוֶועזֶען, אוּנְד יֶעדֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְג אוּנְד וִוידֶערְשְׁפֶּע־
נִיגְקֵייט הָאט אַ גֶערֶעכְטֶע פֶערְגֶעלְטוּנְג דֶערְהַאלְטֶען:
3 וִויא וֶועלֶען מִיר אַנְטְרִינֶען וֶוען מִיר פֶערְאַכְטֶען אַזוֹי אַ
גְרוֹיסֶע יְשׁוּעָה? וָואס אִיז אִים אָנְהוֹיבּ דוּרְךְ דֶעם הַאר
גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אִיז צוּ אוּנְס בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דוּרְךְ
4 דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט: אִינְדֶעם גָאט הָאט
מִיטְבֶּעצֵייגְט מִיט צֵייכֶען אוּנְד וְואוּנְדֶער אוּנְד פִילֶערְלֵייא
גְבוּרוֹת אוּנְד אוֹיסְגֶעטְהֵיילְטֶע מַתָּנוֹת פוּן דֶעם רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
נָאךְ זַיין וִוילֶען:
5 וָוארִין עֶר הָאט נִיט צוּ מַלְאָכִים אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט
6 דִיא קוּמֶענְדִיגֶע וֶועלְט פוּן וֶועלְכֶע מִיר רֶעדֶען: אָבֶּער
אֵיינֶער הָאט אוֹיף אַ גֶעווִיסֶען אָרְט בֶּעצֵייגְט אוּנְד
גֶעזָאגְט,

„וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ אַז דוּא זָאלְסְט אָן אִיהְם
גֶעדֶענְקֶען? אָדֶער דֶער בֶּן אָדָם אַז דוּא זָאלְסְט אִיהְם
7 בֶּעזוּכֶען? דוּא הָאסְט אִיהְם אַבִּיסֶעל דֶערְנִידְרִיגְט
מֶעהְר וִויא דִיא מַלְאָכִים, מִיט הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד
הָאסְט דוּא אִיהְם גֶעקְרוֹינְט. אוּנְד הָאסְט אִיהְם גֶעזֶעצְט
8 אִיבֶּער דִיא וֶוערְק פוּן דֵיינֶע הֶענְד: דוּא הָאסְט אַלֶע
זַאכֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט אוּנְטֶער זֵיינֶע פִים":
תהלים ח׳ ה׳־ז׳.
וָוארִין וֶוען עֶר הָאט אַלֶע זַאכֶען צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג
גֶעמַאכְט, הָאט עֶר קֵיינֶע זַאךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט וָואס אִיז נִיט
צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג. אָבֶּער אַצוּנְד זֶעהֶען מִיר נָאךְ
נִיט אַלֶע זַאכֶען צוּ אִיהְם אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעמַאכְט:
9 אָבֶּער מִיר זֶעהֶען יֵשׁוּעַ, דֶער אִיז אַבִּיסֶעל דֶערְנִידְרִיגְט
מֶעהְר וִויא דִיא מַלְאָכִים דוּרְךְ דָאס לֵיידֶען פוּן דֶעם טוֹיט,
מִיט הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד גֶעקְרוֹינְט אַז עֶר זָאל דוּרְךְ
דֶער גְנָאד פוּן גָאט פֶערְזוּכֶען דֶעם טוֹיט פַאר יֶעדֶעם
מֶענְשׁ:
10 וָוארִין עֶס הָאט צוּ אִיהְם גֶעפַּאסְט וָואס אַלֶעס אִיז פוּן
זֵיינֶעטְוֶועגֶען אוּנְד אַלֶעס אִיז דוּרְךְ אִיהְם, אִינְדֶעם עֶר הָאט
פִילֶע זִיהְן גֶעבְּרַאכְט צוּ הֶערְלִיכְקֵייט, אַז עֶר זָאל
דוּרְךְ לֵיידֶען פָאלְקָאמֶען מַאכֶען דֶעם פִירְשְׁט פוּן זֵייעֶרֶע
11 יְשׁוּעָה: וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער הֵיילִיגְט אוּנְד דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט זֶענֶען אַלֶע פוּן אֵיינֶעם; דֶעסְטְוֶועגֶען
שֶׁעהְמְט עֶר זִיךְ נִיט עֶר זָאל זֵייא רוּפֶען בְּרִידֶער:
12 אוּנְד זָאגֶען,
„אִיךְ וֶועל דֵיין נָאמֶען אָנְזָאגֶען צוּ מֵיינֶע בְּרִידֶער,
אִין מִיטֶען פוּן דֶער פֶערְזַאמְלוּנְג וֶועל אִיךְ דִיךְ לוֹיבֶּען":
תהלים כ״ב כ״ג,
13 אוּנְד וִוידֶער,
„אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם פֶערְטְרוֹיעֶן";
אוּנְד וִוידֶער,
„זֶעה אִיךְ אוּנְד דִיא קִינְדֶער וָואס גָאט הָאט מִיר
גֶעגֶעבֶּען": ישעיה ח׳ י״ז י״ח.
14 דְרוּם וֵוייל דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִין פְלֵיישׁ אוּנְד

בְּלוּט אַזוֹי הָאט עֶר אוֹיךְ אִין זַייא אַ טְהֵייל גֶענוּמֶען, כְּדֵי
עֶר זָאל דוּרְךְ דֶעם טוֹיט צוּשְׁטֶערֶען דֶעם וָואס הָאט דִיא
15 מַאכְט פוּן דֶעם טוֹיט, דָאס אִיז דֶער שָׂטָן: אוּנְד זָאל
בֶּעפְרַייעֶן דִיא וָואס דוּרְךְ דֶער פוּרְכְט פוּן דֶעם טוֹיט
זֶענֶען זַייעֶר גַאנְצֶעס לֶעבֶּען צוּ קְנֶעכְטְשַׁאפְט אוּנְטֶערְ־
16 וָוארְפֶען גֶעוֶועזֶען: וָוארִין עֶר נֶעמְט זִיךְ נִיט אָן דִיא
נַאטוּר פוּן דִיא מַלְאָכִים, נֵייעֶרְט עֶר נֶעמְט אָן דֶעם
17 זָאמֶען פוּן אַבְרָהָם: דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר בֶּעדַארְפְט אִין
אַלֶעם גְלַייךְ צוּ וֶוערֶען צוּ זַיינֶע בְּרִידֶער, כְּדֵי עֶר זָאל
זַיין בַּארְמְהֶערְצִיג אוּנְד אַ גֶעטְרַייעֶר כֹּהֵן גָדוֹל אִין דִיא
זַאכֶען וָואס גֶעהֶערֶען צוּ גָאט מְכַפֵּר צוּ זַיין דִיא זִינְד פוּן
18 דֶעם פָאלְק: וָוארִין אִינְדֶעם עֶר הָאט אַלֵיין גֶעלִיטֶען,
אוּנְד אִיז גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, קָאן עֶר הֶעלְפֶען דִיא וָואס
זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט: ישעיה נ״ג ד׳־י״ב.

## קאפיטעל ג

1 דֶעסְטְוֶועגֶען, הֵיילִיגֶע בְּרִידֶער, חֲבֵרִים פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע
בֶּערוּפוּנְג, בֶּעטְרַאכְט דֶעם אַפָּאסְטֶעל אוּנְד כֹּהֵן גָדוֹל פוּן
2 אוּנְזֶער צֵייגְנִים, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וֶועלְכֶער אִיז גֶעטְרֵייא
גֶעוֶועזֶען צוּ דֶעם וָואס הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט, גְלֵייךְ
3 וִויא אוֹיךְ מֹשֶׁה אִין זַיין גַאנְצֶען הוֹיז: וָוארִין דִיזֶער אִיז
חָשׁוּב גֶעהַאלְטֶען פַאר גְרֶעסֶערֶע הֶערְלִיכְקֵייט וִויא מֹשֶׁה,
אַזוֹי וִויא דֶער וָואס הָאט דָאס הוֹיז גֶעבּוֹיעֶט הָאט מֶעהְר
4 כָּבוֹד וִויא דָאס הוֹיז: וָוארִין אִיטְלִיכֶעס הוֹיז אִיז פוּן
אִימִיצֶען גֶעבּוֹיעֶט, אָבֶּער דֶער וָואס הָאט אַלֶעם גֶעבּוֹיעֶט
5 אִיז גָאט: אוּנְד מֹשֶׁה אִיז אַוַדַאי גֶעטְרֵייא גֶעוֶועזֶען אִין
זַיין גַאנְצֶען הוֹיז וִויא אַ דִינֶער, פַאר אֵיין עֵדוּת פוּן דִיא
6 זַאכֶען וָואס זָאלֶען גֶערֶעדְט וֶוערֶען: אָבֶּער דֶער מָשִׁיחַ
אַלְס אַ זוּהְן אִיבֶּער זַיין הוֹיז; וֶועמֶעס הוֹיז מִיר זֶענֶען,
וֶוען מִיר הַאלְטֶען פֶעסְט דֶעם בִּטָחוֹן אוּנְד דֶעם לוֹיבּ פוּן
אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג בִּיז צוּם סוֹף:
7 דֶעסְטְוֶועגֶען אַזוֹי וִויא דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ זָאגְט,
8 „הֵיינְט וֶוען אִיהְר וָואלְט זַיין קוֹל הֶערֶען: פֶערְ־
הַארְטֶעט נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אַזוֹי וִויא אִין מְרִיבָה,
9 אִים טָאג פוּן מַסָּה אִין דֶער מִדְבָּר: וֶוען אֵייעֶרֶע אָבוֹת

הָאבֶּען מִיךְ גֶעפְּרִיפְט אִין פְּרוּבִירֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶע־
10 זֶעהֶען מֵיינֶע װֶערְק פִירְצִיג יָאהְר: דֶעסְטְוֶועגֶען הָאב
אִיךְ גֶעצָארְנְט אוֹיף דִיזֶעם דוֹר, אוּנְד הָאב גֶעזָאגְט,
זַייא אִירֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין זַייעֶר הַארְץ, אוּנְד זַייא
11 הָאבֶּען נִיט דֶערְקֶענְט מֵיינֶע װֶעגֶען: אַזוֹי װִיא אִיךְ הָאבּ
גֶעשְׁװאוֹירֶען אִין מַיין צָארְן, זַייא זָאלֶען נִיט אַרַיינְקוּ־
מֶען צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה״: תהלים צ״ה ז׳־י״א.
12 זֶעהְט צוּ, בְּרִידֶער, אַז עֶס זָאל נִיט אַמָאל אִין קֵיינֶעם פוּן
אֵייךְ זַיין אַ שְׁלֶעכְטֶעס הַארְץ פוּן אוּנְגְלוֹיבֶּען, אִינְדֶעם
13 אִיהְר קֶעהְרְט אֵייךְ אָפּ פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט: נֵייעֶרְט
װָארֶענְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען טֶעגְלִיךְ, אַזוֹי לַאנְג עֶס
הֵייסְט הֵיינְט, כְּדֵי קֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאל נִיט פֶערְהַארְטֶעט
14 װֶערֶען דוּרְךְ דִיא פֶערְפִירְדְרוּנְג פוּן דֶער זִינְד: װָארִין מִיר
זֶענֶען גֶעװָארֶען חֲבֵרִים פוּן מָשִׁיחַ, װֶען מִיר הַאלְטֶען פֶעסְט
15 דֶעם אָנְהוֹיבּ פוּן אוּנְזֶער בִּטָחוֹן בִּיז צוּם סוֹף: דֶערְוַוייל
עֶס אִיז גֶעזָאגְט,
„הֵיינְט װֶען אִיהְר װָאלְט זַיין קוֹל הֶערֶען, פֶערְהַארְטֶעט
נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אַזוֹי װִיא אִין מְרִיבָה״:
תהלים צ״ה ז׳ ח׳.
16 װָארִין װֶעלְכֶע הָאבֶּען גֶעהֶערְט אוּנְד הָאבֶּען גֶעקְרִיגְט?
הָאבֶּען דֶען נִיט אַלֶע דִיא װָאס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוֹיס
17 מִצְרַיִם דוּרְךְ מֹשֶׁה? אוּנְד אִיבֶּער װֶעלְכֶע הָאט עֶר גֶע־
צָארְנְט פִירְצִיג יָאהְר? אִיז עֶס נִיט גֶעװֶעזֶען אִיבֶּער דִיא
װָאס הָאבֶּען גֶעזִינְדִיגְט, פוּן װֶעלְכֶע דִיא פְּגָרִים זֶענֶען גֶע־
18 פַאלֶען אִין דֶער מִדְבָּר? אוּנְד צוּ װֶעלְכֶע הָאט עֶר גֶע־
שְׁוָאוֹירֶען אַז זַייא זָאלֶען נִיט אַרַיינְקוּמֶען צוּ זַיינֶע מְנוּחָה,
19 װֶען נִיט צוּ דִיא װָאס הָאבֶּען װִידֶערְגֶעשְׁפֶּענִיגְט? אוּנְד
מִיר זֶעהֶען אַז זַייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אַרַיינְקוּמֶען װֶע־
גֶען אוּנְגְלוֹיבֶּען: תהלים צ״ה י״א.

## קאפיטעל ד

1 דְרוּם לָאזֶען מִיר פָארְכְטֶען, דֶערְוַוייל עֶס בְּלַייבְּט נָאךְ
אֵיינֶע הַבְטָחָה אַז מִיר זָאלֶען אַרַיינְקוּמֶען אִין זַיינֶע מְנוּחָה,
2 אַז קֵיינֶער פוּן אֵייךְ זָאל פֶערְזוּימֶען: װָארִין דִיא בְּשׂוּרָה
טוֹבָה אִיז אוֹיךְ בֶּעפְּרֶעדִיגְט צוּ אוּנְס אַזוֹי װִיא צוּ יֶענֶע;

אָבֶּער דָאס וָואָרְט פוּן דֶעם בֶּערִיכְט הָאט זֵייא נִיט גֶענִיצְט,
ווייל עֶס הָאט זִיךְ נִיט פֶערְאֵיינִיגְט מִיט גְלוֹיבֶּען פַאר דִיא
3 וָואס הָאבֶּען גֶעהֶערְט: וָוארִין מִיר וָואס הָאבֶּען גֶעגְלוֹיבְּט
קוּמֶען אַרֵיין אִין דֶער מְנוּחָה, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעזָאגְט,

„אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁוָואוֹירֶען אִין מֵיין צָארְן זֵייא
זָאלֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה,"

חָאטְשֶׁע דִיא וֶוערְק זֶענֶען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן דֶער
וֶועלְט גֶעוָוארֶען:
4 וָוארִין אוֹיף אֵיין אָרְט הָאט עֶר אַזוֹי גֶעזָאגְט וֶועגֶען דֶעם
זִיבֶּעטֶען טָאג, אוּנְד גָאט הָאט גֶערוּהְט דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג
5 פוּן אַלֶע זֵיינֶע וֶוערְק: בראשית ב׳ ב׳. אוּנְד דָא וִוידֶער, זֵייא
זָאלֶען נִיט אַרֵיינְקוּמֶען צוּ מֵיינֶע מְנוּחָה: תהלים צ״ה י״א.
6 דְרוּם אִינְדֶעם עֶס בְּלֵייבְּט אַז עֶטְלִיכֶע זָאלֶען דְרִינֶען אַרֵיינְ־
קוּמֶען, אוּנְד דִיא צוּ וֶועלְכֶע דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה אִיז צוּעֶרְשְׁט
גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעוָוארֶען זֶענֶען נִיט אַרֵיינְגֶעקוּמֶען דוּרְךְ דֶעם
7 אוּנְגְלוֹיבֶּען: הָאט עֶר וִוידֶער אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג בֶּע־
שְׁטֶעלְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט אִין דָוִיד נָאךְ אַזוֹי אַ לַאנְגֶע
צֵייט, גְלֵייךְ וִויא שׁוֹין אוֹיבֶּען אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען,

„הֵיינְט וֶוען אִיהְר וָואלְט זֵיין קוֹל הֶערֶען, פֶערְהַארְטֶעט
נִיט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער": תהלים צ״ה ז׳ ח׳.

8 וָוארִין וֶוען יֵהוֹשֻׁעַ וָואלְט זֵייא רוּהֶע גֶעגֶעבֶּען, וָואלְט עֶר
9 נִיט גֶערֶעט פוּן אֵיין אַנְדֶערֶען טָאג: אַזוֹי דֶען בְּלֵייבְּט אַ
10 שַׁבָּת פַאר דֶעם פָאלְק פוּן גָאט: וָוארִין דֶער וֶועלְכֶער אִיז
אַרֵיינְגֶעקוּמֶען אִין זֵיינֶע מְנוּחָה דֶער הָאט אוֹיךְ אַלֵיין גֶע־
רוּהֶעט פוּן זֵיינֶע וֶוערְק, גְלֵייךְ וִויא גָאט הָאט פוּן זֵיינֶע
11 אֵייגֶענֶע: דְרוּם לָאזֶען מִיר דֶען מִיט עֶרְנְסְט טְרַאכְטֶען
אַרֵיינְצוּקוּמֶען אִין יֶענֶע מְנוּחָה, כְּדֵי קֵיינֶער זָאל נִיט פַאלֶען
נָאךְ דֶעם זֶעלְבֶּען בֵּייְשְׁפִּיל פוּן אוּנְגֶעהָארְזַאמְקֵייט:
12 וָוארִין דָאס וָוארְט פוּן גָאט אִיז לֶעבֶּעדִיג אוּנְד קְרֶעפְטִיג
אוּנְד שַׁארְפֶער וִויא אַ צְוֵוייִשְׁנֵיידִיגֶעס שְׁוֶוערְד, אוּנְד
דְרִינְגְט דוּרְךְ בִּיז צוּ דֶער צוּטְהֵיילוּנְג פוּן נְשָׁמָה אוּנְד
גֵייסְט, פוּן גְלִידֶער אוּנְד מַארְךְ, אוּנְד פְּרִיפְט דִיא גֶעדַאנְ־
13 קֶען אוּנְד טְרַאכְטֶען פוּן דֶעם הַארְץ: אוּנְד קֵיין בֶּעשֶׁע־
פֶענִים אִיז פָאר אִיהְם פֶערְבָּארְגֶען, נֵייעֶרְט אַלֶע זַאכֶען

זֶענֶען נַאקֶעט אוּנְד אוֹיפְגֶעדֶעקְט פַאר דִיא אוֹיגֶען פוּן
דֶעם מִיט וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען צוּ טְהוּן: משלי ט״ו ג׳.
14 דְרוּם אִינְדֶעם מִיר הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען כֹּהֵן גָדוֹל וֶועלְכֶער אִיז
דִיא הִימֶעל דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, יֵשׁוּעַ דֶער זוּהְן פוּן גָאט, לָאזֶען
15 מִיר פֶעסְטְהַאלְטֶען אוּנְזֶער בֶּעקֶענְטְנִים: וָוארִין מִיר
הָאבֶּען נִיט אַ כֹּהֵן גָדוֹל דֶער קָאן נִיט מִיטְלֵייד הָאבֶּען מִיט
אוּנְזֶערֶע שְׁוַואכְהֵייטֶען, נֵייעֶרְט דֶער אִיז אִין אַלֶע זַאכֶען גֶע־
16 פְּרִיפְט גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ וִויא מִיר, אָבֶּער אָהְן זִינְד: דְרוּם
לָאזֶען מִיר צוּטְרֶעטֶען צוּ דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גְנָאד מִיט אַ
בִּטָחוֹן, כְּדֵי מִיר זָאלֶען בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען,
אוּנְד זָאלֶען גֶעפִינֶען גְנָאד אוּנְס צוּ הֶעלְפֶען אִין דִיא
שְׁוֶועכְלִיכֶע צֵייט:

## קאפיטעל ה

1 וָוארִין אִיטְלִיכֶער כֹּהֵן גָדוֹל וָואס אִיז גֶענוּמֶען פוּן צְוִוישֶׁען
דִיא מֶענְשֶׁען, אִיז פַאר מֶענְשֶׁען אֵיינְגֶעשְׁטֶעלְט אִין
דִיא זַאכֶען פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל מַקְרִיב זַיין מַתָּנוֹת אוּנְד
2 זְבָחִים פַאר זִינְד: וֶועלְכֶער קָאן מִיטְלֵייד הָאבֶּען מִיט דִיא
אוּנְוִויסֶענְדֶען אוּנְד פֶערְאִירְטֶען, אִינְדֶעם עֶר אִיז אוֹיךְ אַלֵיין
3 אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט מִיט שְׁוַואכְהֵייטֶען: אוּנְד דֶעסְטְוֶועגֶען
מוּז עֶר גְלֵייךְ וִויא פַאר דֶעם פָאלְק, אַזוֹי אוֹיךְ פַאר זִיךְ
4 זֶעלְבְּסְט מַקְרִיב זַיין: אוּנְד קֵיינֶער נֶעמְט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט דֶעם
כָּבוֹד, נֵייעֶרְט וֶוען עֶר אִיז גֶערוּפֶען פוּן גָאט, גְלֵייךְ וִויא
5 אוֹיךְ אַהֲרֹן: אַזוֹי הָאט זִיךְ דֶער מָשִׁיחַ זֶעלְבְּסְט אוֹיךְ
נִיט פֶערְהֶערְלִיכְט צוּ וֶוערֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל, נֵייעֶרְט דֶער
וֶועלְכֶער הָאט צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט,
„דוּא בִּיסְט מֵיין זוּהְן, הֵיינְט הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעבּוֹירֶען“:
תהלים ב׳ ז׳.
6 גְלֵייךְ וִויא עֶר זָאגְט אוֹיךְ אֵיין אַנְדֶערֶען אָרְט,
„דוּא בִּיזְט אַ כֹּהֵן אוֹיף עֶבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן
מַלְכִּיצֶדֶק“: תהלים ק״י ד׳.
7 דֶער הָאט אִין דִיא טֶעג פוּן זַיין פְלֵיישׁ גֶעבֶּעטֶען אוּנְד
אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט בַּקָשׁוֹת מִיט שְׁטַארְק גֶעשְׁרֵייא אוּנְד
טְרֶערֶען, צוּ דֶעם וֶועלְכֶער הָאט אִיהְם גֶעקָאנְט מַצִיל
זַיין פוּן דֶעם טוֹיט, אוּנְד אִיז וֶועגֶען זַיין יִרְאַת שָׁמַיִם

8 דֶערְהֶערְט גֶעוָוארֶען: אַפִילוּ וָוען עֶר אִיז אַ זוּהְן הָאט
עֶר דָאךְ גֶעלֶערְנְט גֶעהָארְזַאם דוּרְךְ דִיא זַאכֶען וָואס
9 עֶר הָאט גֶעלִיטֶען: אוּנְד עֶר אִיז פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען דֶער אָנְהֶעבֶּער פוּן עֶבִּיגֶע יְשׁוּעָה
10 צוּ אַלֶע וָואס הֶערֶען אִיהְם צוּ: אִינְדֶעם עֶר אִיז גֶערוּפֶען
גֶעוָוארֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל פוּן גָאט נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן
מַלְכִּיצֶדֶק: תהלים ק״י ד׳.
11 וֶועגֶען וֶועלְכֶען מִיר הָאבֶּען פִיל צוּ רֶעדֶען דָאךְ אִיז עֶס
שְׁוֶוער אוֹיסְצוּלֶעגֶען, אִינְדֶעם אִיהְר זֶענְט אִים הֶערֶען
12 שְׁוֶוער גֶעוָוארֶען: וָוארִין אִיהְר הָאט בֶּעדַארְפְט וֶועגֶען
דֶער צֵייט לֶעהְרֶער זַיין, אָבֶּער אִיהְר בֶּעדַארְפְט ווִידֶער
אַז אֵיינֶער זָאל אֵייךְ לֶערְנֶען וָואס זֶענֶען דִיא עִקָרִים
פוּן דֶעם אָנְהוֹיבּ פוּן דִיא רֶעדֶען פוּן גָאט, אוּנְד אִיהְר
זֶענְט גֶעוָוארֶען דִיא וָואס בֶּעדַארְפֶען מִילְךְ, נִיט שְׁטַארְקֶע
13 שְׁפֵּייז: וָוארִין אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז דֶערְנֶעהְרְט פוּן מִילְךְ
אִיז אָהְן פֶּערְפָאהְרֶען אִים וָוארְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט,
14 וָוארִין עֶר אִיז אַ זֵייגֶענְדִיגֶעם קִינְד: אָבֶּער שְׁטַארְקֶע
שְׁפֵּייז אִיז פַאר דִיא דֶערְוַואקְסֶענֶע מֶענְשֶׁען, וֶועלְכֶע קֶע־
נֶען אוּנְטֶערְשֵׁיידֶען דוּרְךְ דֶער אִיבּוּנְג פוּן גֶעבְּרוֹיךְ
צְווִישֶׁען גוּטֶעם אוּנְד שְׁלֶעכְטֶעם:

## קאפיטעל ו

1 דֶעסְטְוֶועגֶען לָאזֶען מִיר אִיבֶּערְלָאזֶען דֶעם אָנְהוֹיבּ פוּן
דֶער לֶעהְרֶע פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד לָאזֶען מִיר וֵוייטֶער גֶעהֶען
צוּ דֶער פָאלְקָאמֶענְהֵייט. אוּנְד לָאזֶען מִיר נִיט נָאכְאַמָאל
לֶעגֶען אַ גְרוּנְד פוּן תְּשׁוּבָה פוּן טוֹיטֶע וֶוערְק, אוּנְד פוּן
2 גְלוֹיבֶּען אָן גָאט: אוּנְד פוּן דֶער לֶעהְרֶע פוּן טְבִילוֹת אוּנְד
פוּן סְמִיכַת יָדַיִם, פוּן תְּחִיַת הַמֵתִים, אוּנְד פוּן דֶעם עֶבִּיגֶען
3 מִשְׁפָּט: אוּנְד דָאס וֶועלֶען מִיר טְהוּן מִיט גָאטֶעס ווִילֶען:
4 וָוארִין עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז דִיא וָואס זֶענֶען אַמָאל
דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט אַ טַעַם פוּן
דֶער הִימְלִישֶׁען מַתָּנָה, אוּנְד גֶענוּמֶען אַ טְהֵייל פוּן דֶעם
5 רוּחַ הַקוֹדֶשׁ: אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט אַ טַעַם פוּן דֶעם
גוּטֶען וָוארְט פוּן גָאט אוּנְד דִיא קְרֶעפְטֶען פוּן עוֹלָם
6 הַבָּא: וֶוען זֵייא זֶענֶען אָפְּגֶעפַאלֶען, אַז זֵייא זָאלֶען זֵייא

ווִידֶער אַמָאל דֶערְנֵייעֶרֶען צוּ תְּשׁוּבָה, אִינְדֶעם זֵייא קְרֵייר־
צִיגֶען צוּ זִיךְ אַלֵיין דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד מַאכֶען אִיהְם
7 עֶפֶּענְטְלִיךְ צוּ שַׁאנְד: ווָארִין דִיא עֶרְד ווָאס טְרִינְקְט אַיין
דֶעם רֶעגֶען ווָאס קוּמְט אָפְט דְרוֹיף, אוּנְד בְּרֶענְגְט אַרוֹים
קְרֵייטֶער גוּטֶע פַאר דִיא דוּרְךְ ווֶעלְכֶע זִיא אִיז אוֹיךְ בֶּע־
8 אַרְבֵּייט בַּאקוּמְט בְּרָכָה פוּן גָאט: אָבֶּער דִיא ווָאס בְּרֶענְגְט
אַרוֹיס דֶערְנֶער אוּנְד דִיסְטְלֶען אִיז פֶערְווָארְפֶען אוּנְד אִיז
נָאהֶענְט צוּם פְלוּךְ, ווֶעמֶעס סוֹף אִיז פֶערְבְּרֶענְט צוּ ווֶערֶען:
9 אָבֶּער, גָעלִיבְּטֶע, מִיר זֶענֶען פֶערְזִיכֶערְט ווֶעגֶען אֵייךְ
אוֹיף בֶּעסֶערֶע זַאכֶען אוּנְד דִיא ווָאס גֶעהֶערֶען צוּ יְשׁוּעָה
10 ווֶען אַפִילוּ מִיר רֶעדֶען אַזוֹי: ווָארִין גָאט אִיז נִיט אוּנְגֶע־
רֶעכְט אַז עֶר זָאל פֶערְגֶעסֶען אֵייעֶרֶע ווֶערְק אוּנְד דִיא
לִיבֶּע ווָאס אִיהְר הָאט בֶּעווִיזֶען צוּ זֵיין נָאמֶען, אִינְדֶעם
אִיהְר הָאט דִיא הֵיילִיגֶע בֶּעדִינְט, אוּנְד בֶּעדִינְט זֵייא נָאךְ:
11 אָבֶּער מִיר ווִינְשֶׁען אַז אִיטְלִיכֶער פוּן אֵייךְ זָאל דִיא זֶעלְבֶּע
אֵייפְרִיגְקֵייט בֶּעווֵייזֶען צוּ דֶעם גַאנְצֶען בִּטָחוֹן פוּן דֶער
12 הָאפְנוּנְג בִּיז צוּם עֶנְד: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פוֹיל ווֶערֶען,
נֵייעֶרְט נָאכְפָאלְגֶער פוּן דִיא ווֶעלְכֶע דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אוּנְד
גֶעדוּלְד יַרְשֶׁענֶען דִיא הַבְטָחוֹת: שופטים י״ח ט׳.
13 ווָארִין ווֶען גָאט הָאט מַבְטִיחַ גֶעווֶעזֶען צוּ אַבְרָהָם, אִינְ־
דֶעם עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט בֵּייא קֵיין גְרֶעסֶערֶען שְׁווֶערָען,
14 הָאט עֶר בֵּייא זִיךְ אַלֵיין גֶעשְׁווָאוֹירֶען: אוּנְד גֶעזָאגְט,
גֶעווִיס ווֶעל אִיךְ דִיךְ בֶּענְשֶׁען אוּנְד גֶעווִיס ווֶעל אִיךְ דִיךְ
15 פֶערְמֶעהְרֶען: בראשית כ״ב י״ז. אוּנְד ווֶען עֶר הָאט אַזוֹי מִיט
גֶעדוּלְד אוֹיסְגֶעהַארְט הָאט עֶר דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחוֹת:
16 ווָארִין מֶענְשֶׁען שְׁווֶערֶען בֵּייא דֶעם גְרֶעסֶערֶען, ווֵייל דִיא
שְׁבוּעָה צוּ בֶּעשְׁטֶעטִיגֶען אִיז צוּ זֵייא אַיין עֶנְד פוּן אַלֶע
17 קֶעגֶענְרֶעדֶען: דְרִינֶען גָאט, ווֶען עֶר הָאט גֶעווָאלְט נָאךְ
מֶעהְר בֶּעווֵייזֶען צוּ דִיא יוֹרְשִׁים פוּן דִיא הַבְטָחָה אַז זֵיינֶע
עֵצָה פֶערְעֶנְדֶערְט נִיט, הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַלְס פֶערְמִיטְ־
18 לֶער מִיט אַ שְׁבוּעָה: כְּדֵי דוּרְךְ צְווֵייא אוּנְפֶערְעֶנְדֶערְלִיכֶע
זַאכֶען, אִין ווֶעלְכֶע עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז גָאט זָאל לֵייְ־
קֶענֶען, זָאלֶען מִיר הָאבֶּען אַ שְׁטַארְקֶען בִּטָחוֹן, מִיר ווֶעלְכֶע
זֶענֶען אַנְטְרִינֶען פֶעסְט צוּ הַאלְטֶען דִיא הָאפְנוּנְג ווָאס אִיז

19 פָאר אוּנְס גֶעזֶעצְט: וֶועלְכֶע הָאפְנוּנְג מִיר הָאבֶּען אַלְס
אֵיין אַנְקֶער צוּ אוּנְזֶערֶע נְשָׁמָה, זִיכֶער אוּנְד פֶעסְט, אוּנְד
20 וָואס גֶעהְט אַרַיין אִינְוֶוענִיג פוּן דֶעם פָּרוֹכֶת: וְואוּהִין יֵשׁוּעַ,
אַ פָארְלוֹיפֶער, אִיז פַאר אוּנְס אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אִינְדֶעם עֶר
אִיז גֶעוָוארֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל אוֹיף עֶבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג
פוּן מַלְכִּיצֶדֶק: ויקרא ד׳ י״ז; תהלים ק״י ד׳.

## קאפיטעל ז

1 וָוארִין דִיזֶער מַלְכִּיצֶדֶק, דֶער מֶלֶךְ פוּן שָׁלֵם, אַ כֹּהֵן פוּן
דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען גָאט, וֶועלְכֶער הָאט אַבְרָהָם בֶּעגֶעגֶענְט
וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶעהְרְט פוּן דֶעם שְׁלָאגֶען פוּן
דִיא מְלָכִים אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט: בראשית י״ד י״ח־כ׳.
2 צוּ וֶועלְכֶען אַבְרָהָם הָאט אוֹיךְ אָפְּגֶעטְהֵיילְט מַעֲשֵׂר פוּן
אַלֶעם, דֶער הֵייסְט צוּעֶרְשְׁט אוֹיף טֵייטְשׁ קֶענִיג פוּן גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד דֶערְנָאךְ אוֹיךְ קֶענִיג פוּן שָׁלֵם, וָואס
3 הֵייסְט קֶענִיג פוּן פְרִידֶען: אָהְן פָאטֶער, אָהְן מוּטֶער, אָהְן
סֵפֶר הַיַחַשׂ, דֶער הָאט קֵיין אָנְהוֹיבּ פוּן טֶעג אוּנְד קֵיין סוֹף
פוּן לֶעבֶּען, אָבֶּער וֶועלְכֶער אִיז גְלֵייךְ צוּם זוּהְן פוּן גָאט,
בְּלֵייבְּט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַ כֹּהֵן:
4 אוּנְד אִיהְר קֶענְט זֶעהֶען וִויא גְרוֹיס דִיזֶער אִיז גֶעוֶועזֶען,
צוּ וֶועלְכֶען דֶער עֶלְטֶער־פָאטֶער אַבְרָהָם הָאט גֶעגֶעבֶּען
5 מַעֲשֵׂר פוּן דֶעם רוֹיבּ: אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען פוּן דִיא
קִינְדֶער פוּן לֵוִי הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען דִיא כְּהוּנָה אוּנְד
אַ גֶעבָּאט זֵייא זָאלֶען נֶעמֶען מַעֲשֵׂר פוּן דֶעם פָאלְק נָאךְ
דֶעם גֶעזֶעץ, דָאס אִיז פוּן זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער, אַפִילוּ זֵייא
6 קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דִיא לֶענְדֶען פוּן אַבְרָהָם: אָבֶּער דֶער
וֶועלְכֶער שְׁטַאמְט נִיט אָפּ פוּן זֵייעֶר מִשְׁפָּחָה הָאט מַעֲשֵׂר
גֶענוּמֶען פוּן אַבְרָהָם, אוּנְד הָאט גֶעבֶּענְשְׁט דֶעם וָואס הָאט
7 גֶעהַאט דִיא הַבְטָחוֹת: אוּנְד אָהְן שׁוּם וִכּוּחַ דֶער נִידְרִיגֶער אִיז
8 גֶעבֶּענְשְׁט פוּן דֶעם הֶעכֶערֶען: אוּנְד דָא נֶעמֶען שְׁטֶערְבּ־
לִיכֶע מֶענְשֶׁען מַעֲשֵׂר, אָבֶּער דָארְט, דֶער וָואס עֶס אִיז
9 בֶּעצֵייגְט אַז עֶר לֶעבְּט: אוּנְד אַזוֹי צוּ זָאגֶען, לֵוִי וָואס
נֶעמְט מַעֲשֵׂר הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען מַעֲשֵׂר דוּרְךְ אַבְרָהָם:
10 וָוארִין עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אִין דִיא לֶענְדֶען פוּן זַיין
פָאטֶער וֶוען מַלְכִּיצֶדֶק הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְשְׁט:

11 אַזוֹי דֶען וֶוען דִיא פָּאלְקָאמֶענְהֵייט אִיז גֶעשֶׁעהֶען דוּרְךְ
דִיא כְּהוּנָה פוּן לֵוִי, וָוארִין דָאס פָּאלְק הָאט אוֹיף דֶעם
דֶערְהַאלְטֶען דִיא תּוֹרָה, וָואס הָאט מֶען נָאךְ בֶּעדַארְפְט אַז
אֵיין אַנְדֶערֶער כֹּהֵן זָאל אוֹיפְשְׁטֶעהֶען נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג
פוּן מַלְכִּיצֶדֶק, אוּנְד זָאל נִיט גֶערוּפֶען וֶוערֶען נָאךְ דֶער
12 אָרְדְנוּנְג פוּן אַהֲרֹן? וָוארִין וֶוען דִיא כְּהוּנָה אִיז פֶערְעֶנְ־
דֶערְט, אַזוֹי מוּז אוֹיךְ זַיין אַ פֶערְעֶנְדֶערוּנְג פוּן דֶער תּוֹרָה:
13 וָוארִין דֶער, אוֹיף וֶועלְכֶען דִיזֶעס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען,
גֶעהֶערְט צוּ אֵיין אַנְדֶערֶען שֵׁבֶט, וָואס קֵיינֶער פוּן זֵייא
14 הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען בֵּיים מִזְבֵּחַ: וָוארִין עֶס אִיז קְלָאר
אַז אוּנְזֶער הַאר אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן יְהוּדָה, פוּן וֶועלְ־
15 כֶען שֵׁבֶט מֹשֶׁה הָאט גָארְנִיט גֶערֶעדט וֶועגֶען כֹּהֲנִים: אוּנְד
דָאס אִיז נָאךְ פִיל קְלָארֶער, וֶוען אֵיין אַנְדֶערֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהְט
16 אוֹיף נָאךְ דֶעם גְלֵייכְנִיס פוּן מַלְכִּיצֶדֶק: וֶועלְכֶער אִיז נִיט
גֶעוָוארֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן אַ פְלֵיישְׁלִיכֶען גֶעבָּאט,
נֵייעֶרְט נָאךְ דֶער קְרַאפְט פוּן אַ לֶעבֶּען וָואס הֶערְט עֶבִּיג
17 נִיט אוֹיף: וָוארִין עֶס אִיז בֶּעצֵייגְט, דוּא בִּיסְט אַ כֹּהֵן אוֹיף
עֶבִּיג נָאךְ דֶער אָרְדְנוּנְג פוּן מַלְכִּיצֶדֶק: תהלים ק״י ד׳.
18 וָוארִין עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַ פֶערְוַוארְפוּנְג פוּן דֶעם פְרִי־
הֶערְדִיגֶען גֶעבָּאט, וֶועגֶען זַיינֶע שְׁוַואכְהֵייט אוּנְד אוּמְנוּ־
19 צִיגְקֵייט: וָוארִין דִיא תּוֹרָה הָאט גָארְנִיט פָּאלְקָאמֶען
גֶעמַאכְט, נֵייעֶרְט דִיא אֵיינְפִיהְרוּנְג פוּן אַ בֶּעסֶערֶע הָאפְ־
נוּנְג, דוּרְךְ וֶועלְכֶער מִיר קוּמֶען נָאהֶענְט צוּ גָאט:
20 אוּנְד גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז נִיט גֶעמַאכְט כֹּהֵן אָהְן אַ שְׁבוּעָה:
21 וָוארִין יֶענֶע זֶענֶען גֶעוָוארֶען כֹּהֲנִים אָהְן אַ שְׁבוּעָה, אָבֶּער
דִיזֶער מִיט אַ שְׁבוּעָה דוּרְךְ דֶעם וֶועלְכֶער הָאט צוּ אִיהְם
גֶעזָאגְט, דֶער הַאר הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען אוּנְד וֶועט נִיט
חֲרָטָה הָאבֶּען, דוּא בִּיסְט אַ כֹּהֵן אוֹיף עֶבִּיג נָאךְ דֶער
22 אָרְדְנוּנְג פוּן מַלְכִּיצֶדֶק: תהלים ק״י ד׳. אַזוֹי אִיז יֵשׁוּעַ אֵיין
23 עָרֵב גֶעוָוארֶען פוּן אַ בֶּעסֶערֶען בּוּנְד: אוּנְד יֶענֶע זֶענֶען
פִילֶע גֶעוָוארֶען כֹּהֲנִים, ווייל זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט
בְּלֵייבֶּען דוּרְךְ דֶעם טוֹיט וָואס הָאט זֵייא גֶעהִינְדֶערְט:
24 אָבֶּער עֶר, ווייל עֶר בְּלֵייבְּט אוֹיף עֶבִּיג, הָאט אַ כְּהוּנָה
25 וָואס פֶערְגֶעהְט נִיט: דְרוּם קָאן עֶר אוֹיךְ פָּאלְקָאמֶען

רֶעטֶען דיא וָואס קוּמֶען צוּ גָאט דוּרְךְ אִיהְם, וֵוייל עֶר
לֶעבְּט אוֹיףְ עֶבִּיג אַז עֶר זָאל פַאר זֵייא בֶּעטֶען:
26 וָוארִין אַזֶעלְכֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט אוּנְס גֶעפַּאסְט, דֶער אִיז
הֵיילִיג, אוּנְשׁוּלְדִיג, אָהְן אַ פְלֶעק, אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט פוּן זִינְד,
27 אוּנְד אִיז הֶעכֶער גֶעוָוארֶען וִויא דִיא הִימֶעל: דֶער בֶּעדַארְף
נִיט טֶעגְלִיךְ וִויא יֶענֶע כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, אַז עֶר זָאל מַקְרִיב
זַיין קָרְבָּנוֹת צוּעֶרְשְׁט פַאר זַיינֶע אֵייגֶענֶע זִינְד, דֶערְנָאךְ
פַאר דיא זִינְד פוּן דֶעם פָאלְק; וָוארִין דָאס הָאט עֶר אוֹיףְ
אֵיין אֵיינְצִיג מָאל גֶעטְהוּן, אִינְדֶעם עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין
28 מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען: וָוארִין דָאס גֶעזֶעץ שְׁטֶעלְט אָן מֶענְשֶׁען
פַאר כֹּהֲנִים גְדוֹלִים, וָואס הָאבֶּען שְׁוַואכְהֵייט; אָבֶּער דָאס
וָוארְט פוּן דֶער שְׁבוּעָה וָואס אִיז שְׁפֶּעטֶער וִויא דָאס גֶע־
זֶעץ, שְׁטֶעלְט אָן דֶעם זוּהְן דֶער אִיז אוֹיףְ עֶבִּיג פָאלְקָאמֶען:

קאפיטעל ח

1 נוּן דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּטְזַאךְ פוּן דֶעם וָואס מִיר הָאבֶּען
גֶעזָאגְט, מִיר הָאבֶּען אַזֶעלְכֶען כֹּהֵן גָדוֹל, דֶער הָאט זִיךְ
גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם כִּסֵא הַכָּבוֹד אִין
2 דִיא הִימֶעל: אַ דִינֶער פוּן דֶעם הֵיילִיגְטְהוּם אוּנְד פוּן דֶעם
וָואהְרֶען מִשְׁכָּן, וָואס דֶער הַאר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנְד
3 נִיט קֵיין מֶענְשׁ: וָוארִין יֶעדֶער כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אָנְגֶעשְׁטֶעלְט
מַקְרִיב צוּ זַיין מְנָחוֹת אוּנְד קָרְבָּנוֹת; דְרוּם אִיז עֶס נֶעטִיג
אַז דִיזֶער זָאל אוֹיךְ עֶפֶּעס הָאבֶּען וָואס עֶר זָאל מַקְרִיב
זַיין:
4 וָוארִין וֶוען עֶר וָואלְט גֶעוֶועזֶען אוֹיףְ דֶער עֶרְד וָואלְט עֶר
אַפִילוּ נִיט גֶעוֶועזֶען אַ כֹּהֵן, וֵוייל עֶס זֶענֶען דִיא וָואס
5 זֶענֶען מַקְרִיב דִיא מַתָּנוֹת נָאךְ דֶער תּוֹרָה: וֶועלְכֶע דִינֶען
פַאר אַ בִּילְד אוּנְד שָׁאטֶען פוּן דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען,
גְלֵייךְ וִויא מֹשֶׁה אִיז גֶעוָוארְנְט גֶעוָוארֶען, וֶוען עֶר הָאט
גֶעדַאכְט דָאס מִשְׁכָּן פָאלְשְׁטֶענְדִיג צוּ מַאכֶען, וָוארִין עֶר
זָאגְט, גִיבּ אַכְטוּנְג אַז דוּא זָאלְסְט אַלֶעס מַאכֶען נָאךְ דֶעם פָארְ־
בִּילְד וָואס אִיז דִיר גֶעוִויזֶען אוֹיףְ דֶעם בַּארְג: שמות כ"ה מ'.
6 אָבֶּער אִיצְט הָאט עֶר אַ פִיל בֶּעסֶערְן דִינְסְט דֶערְהַאלְטֶען,
אִינְדֶעם עֶר אִיז אוֹיךְ אַ פֶערְמִיטְלֶער פוּן אַ בֶּעסֶערֶען בּוּנְד,
וָואס אִיז אוֹיףְ בֶּעסֶערֶע הַבְטָחוֹת בֶּעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען:

7 וָוארִין וָוען דֶער עֶרְשְׁטֶער בּוּנְד וָואלְט גֶעוֶועזֶען אָהְן אַ
פֶּעהְלֶער, אַזוֹי וָואלְט נִיט גֶעוֶועזֶען אֵיין אָרְט פַאר אַיין
8 אַנְדֶערֶען: וָוארִין עֶר גֶעפִינְט פֶעהְלֶער, אוּנְד זָאגְט,
„זֶעה עֶס קוּמֶען טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, אַז אִיךְ וֶועל
מַאכֶען אַ נֵייעֶן בּוּנְד מִיט דֶעם הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל אוּנְד
9 מִיט דֶעם הוֹיז פוּן יְהוּדָה: נִיט נָאךְ דֶעם בּוּנְד וָואס אִיךְ
הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט זֵייעֶרע אָבוֹת, אִים טָאג וָוען אִיךְ
הָאבּ זֵייא גֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד זֵייא אַרוֹיסְצוּפִיהְרֶען
פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, וָוארִין זֵייא זֶענֶען נִיט גֶעבְּלִיבֶּען
אִין מֵיין בּוּנְד, אוּנְד אִיךְ הָאבּ זֵייא פַארְוָוארְפֶען, זָאגְט
10 דֶער הַאר: וָוארִין דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל
מַאכֶען מִיט דֶעם הוֹיז פוּן יִשְׂרָאֵל נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט
דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל גֶעבֶּען מֵיינֶע תּוֹרָה אִין זֵייעֶר
פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרע הֶערְצֶער וֶועל אִיךְ זִיא
אָנְשְׁרַייבֶּען, אוּנְד אִיךְ וֶועל זַיין זֵייעֶר גָאט, אוּנְד זֵייא
11 וֶועלֶען זַיין מֵיין פָאלְק: אוּנְד זֵייא זָאלֶען נִיט לֶערְנֶען
אִיטְלִיכֶער זַיין חַבֵר, אוּנְד אִיטְלִיכֶער זַיין בְּרוּדֶער, אוּנְד
זָאגֶען, דֶערְקֶענְט דֶעם הַאר, וָוארִין אַלֶע וֶועלֶען מִיךְ
12 קֶענֶען, פוּן זֵייעֶר קְלֵיינְסְטֶען בִּיז צוּם גְרֶעסְטֶען: וָוארִין
אִיךְ וֶועל מִיךְ דֶערְבַּארְמֶען אִיבֶּער זֵייעֶרֶע אוּנְגֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייטֶען, אוּנְד זֵייעֶרע זִינְד וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר
גֶעדֶענְקֶען: ירמיה ל״א ל״א-ל״ד.
13 וָוען עֶר זָאגְט אַ נֵייעֶן בּוּנְד, אַזוֹי הָאט עֶר דֶעם עֶרְשְׁטֶען
אַלְט גֶעמַאכְט; נוּן דָאס וֶועלְכֶעס אִיז אַלְט גֶעמַאכְט אוּנְד
פֶערְאַלְטֶערְט, אִיז נָאהֶענְט צוּם פֶערְשְׁווִינְדֶען

## קאפיטעל ט

1 אַזוֹי דֶען הָאט אוֹיךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער בּוּנְד גֶעבָּאטֶע פוּן
גָאטֶעסְדִינְסְט אוּנְד דָאס הֵיילִיגְטְהוּם וָואס גֶעהֶערְט צוּ
2 דִיזֶער וֶועלְט: וָוארִין דָאס עֶרְשְׁטֶע מִשְׁכָּן אִיז אוֹיפְגֶע־
שְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען, אִין וֶועלְכֶען אִיז גֶעוֶועזֶען דִיא מְנוֹרָה
אוּנְד דֶער שֻׁלְחָן, אוּנְד דָאס לֶחֶם הַפָּנִים, וָואס הֵייסְט קֹדֶשׁ:
3 אוּנְד הִינְטֶער דֶעם אַנְדֶערֶען פָּרוֹכֶת אִיז גֶעוֶועזֶען דָאס
4 מִשְׁכָּן וָואס הֵייסְט קֹדֶשׁ הַקָדָשִׁים: וָואס הָאט אַ גָאלְדֶענֶע
פֵייעֶרְפַאן, אוּנְד דֶעם אָרוֹן הַבְּרִית בֶּעדֶעקְט פוּן אַלֶע

זײטֶען מִיט גָאלְד, דְרִינֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גָאלְדֶענֶער
קְרוּג וָואס הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאלְטֶען דֶעם מָן, אוּנְד דֶער
שְׁטֶעקֶען פוּן אַהֲרֹן וָואס הָאט גֶעבְּלִיט, אוּנְד דִיא לוּחוֹת
5 הַבְּרִית: אוּנְד דְרִיבֶּער זֶענֶען דִיא כְּרוּבִים פוּן הֶערְלִיכְ־
קֵייט, וָואס בֶּעשַׁאטֶען דֶעם כַּפּוֹרֶת, פוּן וֶועלְכֶע זַאכֶען
מִיר קָאנֶען אִיצְט נִיט אֵיינְצִיגְוֵוייס רֶעדֶען:
6 אוּנְד וֶוען דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אַזוֹי אֵיינְגֶערִיכְטֶעט גֶעוָוארֶען,
גֶעהֶען דִיא כֹּהֲנִים בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען מִשְׁכָּן
7 אַרֵיין דִיא עֲבוֹדָה צוּ טְהוּן: אָבֶּער אִין דֶעם צְוֵוייטֶען
גֶעהְט נוּר דֶער כֹּהֵן גָדוֹל אַרֵיין אֵיין מָאל אִים יָאהְר, נִיט
אָהְן בְּלוּט, וָואס עֶר אִיז פַאר זִיךְ אַלֵיין מַקְרִיב אוּנְד אוֹיךְ
8 פַאר דִיא שְׁגָגוֹת פוּן דֶעם פָאלְק: דְרִינֶען ווייזְט דֶער רוּחַ
הַקוֹדֶשׁ אָן אַז דֶער וֶועג צוּ דֶעם קוֹדֶשׁ הַקָדָשִׁים אִיז נָאךְ
נִיט אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אַזוֹי לַאנְג דָאס עֶרְשְׁטֶע מִשְׁכָּן
9 הָאט נָאךְ אַ בֶּעשְׁטַאנְד: וָואס אִיז אַ מָשָׁל אוֹיף דִיא
אִיצְטִיגֶע צֵייט, וֶוען מֶען אִיז מַקְרִיב מַתָּנוֹת אוּנְד זְבָחִים,
וָואס קָאנֶען נִיט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען נָאךְ דֶעם גֶעוִויסֶען פוּן
10 דֶעם וָואס טְהוּט דִיא עֲבוֹדָה: אִינְדֶעם זֵייא בֶּעשְׁטֶעהֶען
נוּר אִין עֶסֶען אוּנְד טְרִינְקֶען אוּנְד פֶערְשִׁידֶענֶע טְבִילוֹת,
וָואס זֶענֶען גֶעבָּאטֶע אוֹיפְגֶעלֶעגְט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ בִּיז צוּ
דֶער צֵייט פוּן פֶערְבֶּעסֶערוּנְג: ויקרא י״א ב׳; במדבר י״ט ז׳.
11 אָבֶּער מָשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען אַ כֹּהֵן גָדוֹל פוּן דִיא בֶּעסֶערֶע
זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ דֶעם גְרֶעסֶערֶען אוּנְד
פָאלְקָאמֶענֶערֶען מִשְׁכָּן, וָואס אִיז נִיט מִיט דִיא הַאנְד
12 גֶעמַאכְט, דָאס הֵייסְט, נִיט פוּן דִיזֶען בֶּעשֶׁעפֶענִים: אוֹיךְ
נִיט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן צִיגֶען אוּנְד קֶעלְבֶּער, נֵייעֶרְט
דוּרְךְ זַיין אֵייגֶענֶען בְּלוּט אִיז עֶר אֵיין אֵיינְצִיג מָאל אִין דִיא
הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעווירְקְט
13 עֶבִּיגֶע דֶערְלֶעזוּנְג: ירמיה ל״א ל״ג. וָוארִין וֶוען דָאס בְּלוּט
פוּן צִיגֶען אוּנְד אָקְסֶען אוּנְד דִיא אַשׁ פוּן אַ קוּה, וֶוען עֶס
אִיז גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְט אוֹיף דִיא אוּנְרֵיינֶע, מַאכְט הֵיילִיג צוּ
14 דִיא רֵיינִיגוּנְג פוּן דֶעם פְלֵיישׁ: וִויא פִיל מֶעהְר וֶועט דָאס
בְּלוּט פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, דֶער זִיךְ הָאט אַלֵיין דוּרְךְ דֶעם
עֶבִּיגֶען גֵייסְט אָהְן אַ מוּם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען, כְּדֵי צוּ

רֵיינִיגֶען אוּנְזֶער גֶעוִויסֶען פוּן טוֹיטֶע וֶוערְק צוּ דִינֶען דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט?
15 אוּנְד דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר פֶערְמִיטְלֶער פוּן דֶעם נֵייעֶן
בּוּנְד, כְּדֵי דוּרְךְ דֶעם טוֹיט וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶען צוּ דֶער
אוֹיסְלֶעזוּנְג פוּן דִיא זִינְד וָואס זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוּנְטֶער
דֶעם עֶרְשְׁטֶען בּוּנְד, דִיא בֶּערוּפֶענֶע זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען
16 דִיא הַבְטָחָה פוּן דֶער עֶבִּיגֶע יְרוּשָׁה: וָוארִין דָארְט וְואוּ
עֶס אִיז דָא אַ צְוָאָה אִיז אוֹיךְ מְחוּיָב צוּ זַיין דֶער טוֹיט
17 פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶעמַאכְט דִיא צְוָאָה: וָוארִין אַ צְוָאָה
שְׁטֶעהְט פֶעסְט אוֹיף דִיא טוֹיטֶע, וָוארִין עֶס הָאט קֵיינֶע
קְרַאפְט נִיט דֶערְוַוייל דֶער לֶעבְּט וָואס הָאט דִיא צְוָאָה
18 גֶעמַאכְט: דְרוּם אַפִילוּ דֶער עֶרְשְׁטֶער בּוּנְד אִיז אוֹיךְ נִיט
19 אָהְן בְּלוּט אֵיינְגֶעוֵויהְט גֶעוָוארֶען: וָוארִין וֶוען מֹשֶׁה
הָאט אוֹיסְגֶערֶעט אִיטְלִיכֶעם גֶעבָּאט צוּ דֶעם גַאנְצֶען
פָאלְק נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ, הָאט עֶר גֶענוּמֶען דָאס בְּלוּט
פוּן דִיא קֶעלְבֶּער אוּנְד דִיא צִיגֶען מִיט וַואסֶער אוּנְד
רוֹיטְהֶע וָואל אוּנְד אֵזוֹב, אוּנְד הָאט בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט דָאס
20 סֵפֶר אַלֵיין אוּנְד דָאס גַאנְצֶע פָאלְק: אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
דָאס אִיז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם בּוּנְד וָואס גָאט הָאט אֵייךְ גֶע־
21 בָּאטֶען: שמות כ״ד ח׳. אוּנְד אוֹיךְ דָאס מִשְׁכָּן אוּנְד אַלֶע כֵּלִים
פוּן דֶעם דִינְסְט הָאט עֶר גְלֵייכְדֶעם בֶּעשְׁפְּרֶענְגְט מִיט בְּלוּט:
22 אוּנְד כִּמְעַט אַלֶע זַאכֶען זֶענֶען נָאךְ דֶער תּוֹרָה מִיט
בְּלוּט גֶערֵיינִיגְט, אוּנְד אָהְן פֶערְגִיסוּנְג פוּן בְּלוּט וֶוערְט
קֵיינֶע פֶערְגֶעבּוּנְג: ויקרא י״ז י״א.
23 דְרוּם אִיז עֶס נֶעטִיג גֶעוֶועזֶען אַז דָאס מוּסְטֶער פוּן דִיא
הִימְלִישֶׁע זַאכֶען זָאלֶען מִיט דִיזֶען גֶערֵיינִיגְט וֶוערֶען,
אָבֶּער דִיא הִימְלִישֶׁע זַאכֶען אַלֵיין מִיט בֶּעסֶערֶע קָרְבָּנוֹת
24 וִויא דִיזֶע: וָוארִין מָשִׁיחַ אִיז נִיט אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען אִין
עֶרְטֶער וָואס זֶענֶען מִיט דִיא הַאנְד גֶעמַאכְט, וָואס זֶענֶען
מוּסְטֶער פוּן דִיא וָואהְרֶען, נֵייעֶרְט אִים הִימֶעל אַלֵיין, אַז
25 עֶר זָאל זִיךְ אִיצְט וַוייזֶען פָאר גָאט וֶועגֶען אוּנְס: אוֹיךְ
נִיט כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ אָפְט מַקְרִיב זַיין, גְלֵייךְ וִויא דֶער
כֹּהֵן גָדוֹל אִיז אִין דִיא הֵיילִיגֶע עֶרְטֶער יֶעדֶעם יָאהְר
26 אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען מִיט פְרֶעמְדֶעם בְּלוּט: וָוארִין אוֹיף אַזוֹי

אַיין אוֹפֶן הָאט עֶר אָפְט גֶעמוּזְט לֵיידֶען פוּן דֶער גְרִינְד־
דוּנְג פוּן דֶער װעלְט אָן; אָבֶּער אִיצְט הָאט עֶר זִיךְ אֵיין
מָאל בֶּעװִיזֶען אַם עֶנְדֶע פוּן דֶעם צֵייטְאַלְטֶער, אַז עֶר
27 זָאל אוֹיסְטִילִיגֶען דִיא זִינְד דוּרְךְ זַיין קָרְבָּן: אוּנְד גְלֵייךְ
װִיא עֶס אִיז בֶּעשְׁטִימְט פַאר דִיא מֶענְשֶׁען אֵיין מָאל צוּ
28 שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דֶערְנָאךְ אִיז דָאס מִשְׁפָּט: אַזוֹי הָאט
זִיךְ אוֹיךְ דֶער מָשִׁיחַ אֵיין מָאל מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען כְּדֵי
עֶר זָאל טְרָאגֶען דִיא זִינְד פוּן פִילֶע, אוּנְד עֶר װֶעט
זִיךְ אַ צְװֵייטֶעס מָאל בֶּעװֵייזֶען אָהְן זִינְד צוּ יְשׁוּעָה צוּ
דִיא װָאס װַארְטֶען אוֹיף אִיהְם: ישעיה כ"ה ט'.

## קאפיטעל י

1 װָארִין דִיא תּוֹרָה הָאט אַ שָׁאטֶען פוּן דִיא גוּטֶע קוּמֶענְ־
דִיגֶע זַאכֶען אוּנְד נִיט דָאס װִירְקְלִיכֶע בִּילְד פוּן דִיא
זַאכֶען, אוּנְד קָאן קֵיין מָאל נִיט פָאלְקָאמֶען מַאכֶען דִיא
װָאס קוּמֶען דֶערְצוּ מִיט דִיא זֶעלְבֶּע קָרְבָּנוֹת װָאס זֵייא
2 זֶענֶען בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַלֶע יָאהְר מַקְרִיב: װָארִין אוֹיף אַזוֹי
אֵיין אוֹפֶן װָאלְטֶען זֵייא נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט מַקְרִיב צוּ
זַיין, װֵייל דִיא דִינֶער װָאס זֶענֶען אֵיינְמָאל גֶערֵיינִיגְט
גֶעװָארֶען װָאלְטֶען נִיט מֶעהְר גֶעהַאט קֵיין גֶעװִיסֶען פוּן
3 זִינְד? אָבֶּער אִין זֵייא אִיז יֶעדֶעס יָאהְר דֶערְמָאנֶען פוּן
4 זִינְד: װָארִין עֶס אִיז אוּנְמֶעגְלִיךְ אַז דָאס בְּלוּט פוּן
5 אָקְסֶען אוּנְד צִיגֶען זָאל אַװֶעקְנֶעמֶען זִינְד: דְרוּם װֶען
עֶר קוּמְט אִין דִיא װֶעלְט אַרֵיין זָאגְט עֶר,
,קָרְבָּן אוּנְד שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער הָאסְט דוּא נִיט גֶעװָאלְט,
6 אָבֶּער אַ לֵייב הָאסְט דוּא מִיר אָנְגֶעבְּרֵייט: בְּרַאנְדְ־
אָפְּפֶער אוּנְד זִינְדְאָפְּפֶער זֶענֶען דִיר נִיט גֶעפֶעלֶען:
7 דַאן הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, זֶעה, אִיךְ קוּם, אִין דֶער מְגִלָּה
פוּן דֶעם בּוּךְ אִיז עֶס װֶעגֶען מִיר גֶעשְׁרִיבֶּען, דַיין
װִילֶען צוּ טְהוּן, אָ גָאט": תהלים מ' ז'-ט'.
8 װֶען עֶר זָאגְט אוֹיבֶּען, קָרְבָּנוֹת אוּנְד שְׁפֵּייזְאָפְּפֶער אוּנְד
בְּרַאנְדְאָפְּפֶער אוּנְד זִינְדְאָפְּפֶער הָאסְט דוּא נִיט גֶעװָאלְט,
אוּנְד זֵייא גֶעפֶעלֶען דִיר נִיט, װֶעלְכֶע מֶען הָאט מַקְרִיב
9 גֶעװֶעזֶען נָאךְ דֶעם גֶעזֶעץ: דַאן זָאגְט עֶר, זֶעה, אִיךְ קוּם
דַיין װִילֶען צוּ טְהוּן. עֶר נֶעמְט אַװֶעק דָאס עֶרְשְׁטֶע, כְּדֵי

10 ער זָאל אוֹיפְשְׁטֶעלֶען דָאס צְווייטֶע: אִין וֶועלְכֶען ווִילֶען
זֶענְען מִיר גֶעהֵיילִיגְט דוּרְךְ דֶעם אָפְּפֶער פוּן דֶעם לֵייבּ
פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אֵיין אֵיינְצִיג מָאל: ישעיה נ״ג ד׳־י״ב.
11 אוּנְד יֶעדֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהְט טֶעגְלִיךְ אִין דֶער עֲבוֹדָה, אוּנְד
אִיז אָפְּט מַקְרִיב דִיא זֶעלְבֶּע קָרְבָּנוֹת, וָואס קָאנֶען קֵיינְ־
12 מָאל נִיט אַוֶועקְנֶעמֶען זִינְד: אָבֶּער דִיזֶער, וֶוען עֶר הָאט
מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אֵיין קָרְבָּן פַאר דִיא זִינְד אוֹיף עֶבִּיג,
13 הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט: אוּנְד
פוּן אַצוּנְד אָן וַוארְטֶעט עֶר בִּיז זֵיינֶע פֵיינְד זֶענֶען גֶעמַאכְט
14 פַאר אַ פוּסְבֶּענְקֶעל צוּ זֵיינֶע פִים: תהלים ק״י א׳. וָוארִין
דוּרְךְ אֵיין קָרְבָּן הָאט עֶר אוֹיף עֶבִּיג פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט
דִיא וָואס זֶענֶען גֶעהֵיילִיגְט:
15 אוּנְד דֶער רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גִיבְּט אוּנְס אוֹיךְ עֵדוּת; וָוארִין
נָאכְדֶעם עֶר הָאט גֶעזָאגְט:
16 „דָאס אִיז דֶער בּוּנְד וָואס אִיךְ וֶועל מִיט זֵייא מַאכֶען
נָאךְ יֶענֶע טֶעג, זָאגְט דֶער הַאר, אִיךְ וֶועל מֵיינֶע גֶע־
זֶעצֶע גֶעבֶּען אוֹיף זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, אוּנְד אוֹיף זֵייעֶר
17 פֶערְשְׁטַאנְד וֶועל אִיךְ זֵייא אָנְשְׁרֵייבֶּען: אוּנְד זֵייעֶרֶע
זִינְד אוּנְד זֵייעֶרֶע אִיבֶּערְטְרֶעטוּנְגֶען וֶועל אִיךְ נִיט מֶעהְר
גֶעדֶענְקֶען”: ירמיה ל״א ל״ג ל״ד.
18 נוּן ווְאוּ עֶס אִיז פֶערְהַאנְדֶען פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן דִיזֶע, דָארְט
אִיז נִיט מֶעהְר פַארְהַאנֶען קֵיין קָרְבָּן פַאר זִינְד:
19 דְרוּם בְּרִידֶער, ווייל מִיר הָאבֶּען אַ בִּטָחוֹן אַרֵיינְצוּקוּמֶען
20 אִין דֶעם הֵיילִיגֶען אָרְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ: דוּרְךְ
דֶעם נֵייעֶן אוּנְד לֶעבֶּעדִיגֶען וֶועג וָואס עֶר הָאט פַאר אוּנְס
מְחַנֵךְ גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ דֶעם פָּרוֹכֶת, דָאס הֵייסְט זֵיין פְלֵיישׁ:
21 אוּנְד ווייל מִיר הָאבֶּען אַ כֹּהֵן גָדוֹל אִיבֶּער דֶעם הוֹיז פוּן
22 גָאט: לָאזֶען מִיר אֵיינְטְרֶעטֶען מִיט אַ וָואהְרֶען הַארְצֶען
אִים פָאלֶען גְלוֹיבֶּען, אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער גֶעשְׁפְּרֶענְקֶעלְט
פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען גֶעווִיסֶען אוּנְד אוּנְזֶערֶע לֵייבֶּער גֶעוַואשֶׁען
23 מִיט רֵיין וַואסֶער: לָאזֶען מִיר פֶעסְטְהַאלְטֶען אוּנְבֶּעוֶועגְלִיךְ
דָאס בֶּעקֶענְטְנִיס פוּן אוּנְזֶערֶע הָאפְנוּנְג, וָוארִין דֶער וֶועלְ־
24 כֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא הַבְטָחָה אִיז גֶעטְרֵייא: אוּנְד
לָאזֶען מִיר בֶּעטְרַאכְטֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען צוּ אֵייפֶערְן

25 צוּ לִיבֶּע אוּנְד גוּטֶע מַעֲשִׂים: אִינְדֶעם מִיר פֶערְלָאזֶען נִיט
אוּנְזֶער צוּזַאמֶענְקוּמֶען, גְלֵייךְ וִויא עֶס אִיז דֶער מִנְהָג פוּן
עֶטְלִיכֶע, נֵייעֶרְט מִיר דֶערְמָאנֶען, אוּנְד נָאךְ מֶעהְר וָוען
אִיהְר זֶעהְט דֶעם טָאג נָאהֶענְט קוּמֶען:
26 וָוארִין וָוען מִיר זִינְדִיגֶען מוּטְווִילִיג נָאכְדֶעם מִיר הָאבֶּען
בֶּעקוּמֶען דִיא דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, בְּלֵייבְּט
27 גִיט מֶעהְר אִיבֶּער קֵיין קָרְבָּן פַאר זִינְד: נֵייעֶרְט אַ שְׁרֶעקְ־
לִיכֶעס וַוארְטֶען פוּן מִשְׁפָּט אוּנְד פֵייעֶרְדִיגֶע קִנְאָה וָואס
28 וֶועט דִיא וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגֶע פֶערְצֶעהְרֶען: וָוען אֵיינֶער הָאט
עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען תּוֹרַת מֹשֶׁה, אִיז עֶר אָהְן רַחֲמָנוּת
29 גֶעשְׁטָארְבֶּען דוּרְךְ צְוֵוייא אָדֶער דְרֵייא עֵדוּת: וִויא פִיל
אַרְגֶערֶע שְׁטְרָאף, מֵיינְט אִיהְר, וֶועט דֶער וֶוערְט זַיין וָואס
הָאט גֶעטְרֶעטֶען מִיט דִיא פִּיס דֶעם זוּהְן פוּן גָאט, אוּנְד
הָאט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ גֶעמֵיינֶע זַאךְ דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם
בּוּנְד, אִין וֶועלְכֶען עֶר אִיז גֶעהֵיילִיגְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד הָאט
30 גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם גֵייסְט פוּן דֶער גְנָאד: וָוארִין מִיר
קֶענֶען דֶעם וֶועלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט, דִיא נְקָמָה אִיז מֵיין,
אִיךְ וֶועל פֶערְגֶעלְטֶען; אוּנְד וִוידֶער, דֶער הַאר וֶועט זַיין
31 פָאלְק רִיכְטֶען: דברים ל״ב ל״ה ל״ו. עֶס אִיז אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע
זַאךְ אַרֵיין צוּ פַאלֶען אִין דִיא הֶענְד פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען
גָאט: דברים ד׳ כ״ד.
32 אָבֶּער גֶעדֶענְקְט דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע טֶעג, אִין וֶועלְכֶע אִיהְר
זֶענְט דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען
33 אַ גְרוֹיסֶען קַאמְפְּף פוּן לֵיידֶען: צוּם טְהֵייל וָוען אִיהְר זֶענְט
דוּרְךְ חֶרְפּוֹת אוּנְד צָרוֹת צוּם אָנְזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד
צוּם טְהֵייל וָוען אִיהְר זֶענְט גֶעוָוארֶען חֲבֵרִים פוּן דִיא
34 וֶועלְכֶע זֶענֶען אַזוֹי בֶּעהַאנְדֶעלְט: וָוארִין אִיהְר הָאט מִיט־
לֵייד גֶעהַאט מִיט דִיא גֶעפַאנְגֶענֶע, אוּנְד אִיהְר הָאט צוּ־
גֶעזֶעהֶען מִיט פְרֵייד דֶעם רוֹיבּ פוּן אֵייעֶרֶע גִיטֶער, אִינְדֶעם
אִיהְר ווייסְט אַז אִיהְר הָאט זֶעלְבְּסְט אַ בֶּעסֶערֶעס אוּנְד
35 בֶּעשְׁטֶענְדִיגֶעס אֵייגֶענְטְהוּם: דְרוּם פֶערְוַוארְפְט נִיט אֵייעֶר
36 בִּטָּחוֹן וָואס הָאט אַ גְרוֹיסֶען שָׂכָר: וָוארִין אִיהְר בֶּעדַארְפְט
גֶעדוּלְד, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט טְהוּן דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט, אוּנְד
זָאלְט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחָה:

37 „וָוארִין עֶס אִיז נָאךְ אַ קְלֵיינֶע וַוייל, דֶער וָועלְכֶער
קוּמְט וָועט קוּמֶען אוּנְד וָועט זִיךְ נִיט פַארְזוּימֶען:
38 אָבֶּער אַ צַדִיק וָועט דוּרְךְ זַיין גְלוֹיבֶּען לֶעבֶּען, אוּנְד
וָוען עֶר וָועט זִיךְ צוּרִיקְצִיהֶען, הָאט מֵיינֶע זֶעלֶע אִין
אִיהְם קֵיין נַחַת ״: חבקוק ב׳ ו׳ ד׳; ישעיה כ״ו כ״א.
39 אָבֶּער מִיר זֶענֶען נִיט פוּן דִיא וָואס צִיהֶען זִיךְ צוּרִיק צוּם
פֶערְדַארְבֶּען, נֵייעֶרְט פוּן דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען צוּ דֶער
רֶעטוּנְג פוּן דֶער זֶעלֶע:

## קאפיטעל יא

1 נוּן גְלוֹיבֶּען אִיז דֶער בִּטָחוֹן פוּן דִיא זַאכֶען אוֹיף
וָועלְכֶע מֶען הָאפְט, דֶער בֶּעוַוייז פוּן דִיא זַאכֶען וָואס
2 מֶען זֶעהְט נִיט: וָוארִין דְרִינֶען הָאבֶּען דִיא זְקֵנִים דָאס
3 צֵייגְנִיס דֶערְהַאלְטֶען: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיר,
אַז דִיא וֶועלְטֶען זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט
אָנְגֶעבְּרֵייט, אַזוֹי אַז דָאס וָואס מֶען זֶעהְט אִיז נִיט
4 גֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען פוּן זַאכֶען וָואס עֶרְשֵׁיינֶען: דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען הָאט הֶבֶל מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען צוּ גָאט אַ בֶּעסֶע־
רֶעם קָרְבָּן וִויא קַיִן, דוּרְךְ וָועלְכֶען עֶס אִיז אִיהְם עֵדוּת
גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ צַדִיק, אִינְדֶעם גָאט
בֶּעצֵייגְט אוֹיף זַיינֶע מַתָּנוֹת, אוּנְד דוּרְךְ דֶעם רֶעט עֶר
5 נָאךְ אַפִילוּ עֶר אִיז טוֹיט: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אִיז חֲנוֹךְ
אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, אַז עֶר זָאל נִיט דֶעם טוֹיט
זֶעהֶען, אוּנְד אִיז נִיט גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען, וַוייל גָאט
הָאט אִיהְם אַוֶועקְגֶענוּמֶען; וָוארִין פָאר זַיין אַוֶועקְנֶעמֶען
הָאט עֶר גֶעהַאט דָאס צֵייגְנִיס אַז עֶר הָאט גָאט וְואוֹיל־
6 גֶעפַאלֶען: אָבֶּער אָהְן גְלוֹיבֶּען אִיז עֶס אוּנְמֶעגְלִיךְ
אִיהְם צוּ גֶעפֶעלֶען; וָוארִין דֶער וָואס קוּמְט צוּ אִיהְם
מוּז גְלוֹיבֶּען אַז עֶר אִיז, אוּנְד אַז עֶר אִיז אַ פֶערְגֶעלְ־
7 טֶער צוּ דִיא וָואס זוּכֶען אִיהְם: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט
נֹחַ, וָוען עֶר הָאט בֶּעקוּמֶען אַ וָוארְנוּנְג פוּן גָאט וֶועגֶען
דִיא זַאכֶען וָואס מֶען הָאט נָאךְ נִיט גֶעזֶעהֶען, בֶּעוֶועגְט
מִיט גֶעטְלִיכֶע פוּרְכְט צוּגֶעבְּרֵייט אַ תֵּיבָה פַאר דִיא
רֶעטוּנְג פוּן זַיין הוֹיז, דוּרְךְ וָועלְכֶען עֶר הָאט דִיא
וָועלְט בֶּעשׁוּלְדִיגְט, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ יוֹרֵשׁ פוּן

8 דֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וָואס אִיז נָאךְ גְלוֹיבֶּען: דוּרְךְ
גְלוֹיבֶּען הָאט אַבְרָהָם, וֶוען עֶר אִיז בֶּערוּפֶען גֶעוָוארֶען
גֶעהָארְכְט אוֹיסְצוּגֶעהֶען אִין אֵיין אָרְט וֶועלְכֶען עֶר
זָאל דֶערְנָאךְ דֶערְהַאלְטֶען פַאר אַ יְרוּשָׁה; אוּנְד עֶר
אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אָהְן צוּ וִויסֶען וְואוּ אַהִין עֶר וֶועט
9 גֶעהֶען: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען
אִים לַאנְד פוּן דֶער הַבְטָחָה אַזוֹי וִויא אִין אַ פְרֶעמְד
לַאנְד, אוּנְד הָאט גֶעווְאוֹינְט אִין גֶעצֶעלְטֶען מִיט יִצְחָק
אוּנְד יַעֲקֹב דִיא יוֹרְשִׁים מִיט אִיהְם פוּן דִיא זֶעלְבֶּע
10 הַבְטָחָה: וָוארִין עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף אַ שְׁטָאט וָואס
הָאט אַ גְרוּנְד, דֶער בּוֹימֵייסְטֶער אוּנְד בֶּעשֶׁעפֶער דֶערְפוּן
11 אִיז גָאט: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט אַפִילוּ שָׂרָה קְרַאפְט
בֶּעקוּמֶען מְעוּבֶּרֶת צוּ וֶוערֶען, חָאטְשֶׁע זִיא אִיז אִיבֶּער
אִיהְרֶע עֶלְטֶער גֶעוֶועזֶען, וַוייל זִיא הָאט דֶעם גֶעטְרֵייא
12 גֶעהַאלְטֶען וֶועלְכֶער הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא הַבְטָחָה: דְרוּם
אִיז אוֹיךְ פוּן אֵיינֶעם וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גוּט וִויא
טוֹיט, גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא שְׁטֶערְן פוּן
דֶעם הִימֶעל אִין מֶענְגֶע, אוּנְד וִויא דֶער זַאמְד וָואס אִיז
בַּייא דֶעם בָּארְטֶען פוּן יַם אָהְן אַ צָאהְל: בראשית כ״ב י״ז.
13 דִיזֶע אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען אִין גְלוֹיבֶּען, אוּנְד הָאבֶּען
נִיט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחוֹת, נַייעֶרְט זֵייא הָאבֶּען זֵייא פוּן
וַוייטֶען גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעגְרִיסְט, אוּנְד הָאבֶּען בֶּעקֶענְט אַז
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פְרֶעמְדֶע אוּנְד גֶעסְט אוֹיף דֶער עֶרְד:
14 וָוארִין דִיא וָואס זָאגֶען אַזֶעלְכֶע זַאכֶען, צֵייגֶען קְלָאר אָן
15 אַז זֵייא זוּכֶען אַ פָאטֶערְלַאנְד: אוּנְד וֶוען זֵייא וָואלְטֶען
גֶעדֶענְקְט אָן דֶעם לַאנְד פוּן וֶועלְכֶען זֵייא זֶענֶען אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען, וָואלְטֶען זֵייא צֵייט גֶעהַאט צוּרִיקְצוּקֶעהְרֶען:
16 אָבֶּער אִיצְט ווִינְשֶׁען זֵייא אַ בֶּעסֶערֶעם לַאנְד, דָאס אִיז
אַ הִימְלִישֶׁעס. דְרוּם שֶׁעהְמְט זִיךְ נִיט גָאט מִיט זֵייא,
עֶר זָאל הֵייסֶען זֵייעֶר גָאט; וָוארִין עֶר הָאט זֵייא אָנְגֶעבְּרֵייט
אַ שְׁטָאט: שמות ג׳ ו׳; י״ז.
17 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט אַבְרָהָם מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען זֵיין זוּהְן
יִצְחָק, וֶוען עֶר אִיז גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער וָואס
הָאט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחוֹת הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען

18 זַיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן: װֶעגֶען װֶעלְכֶעם עֶס אִיז גֶעזָאגְט
גֶעוָוארֶען, אַז אִין יִצְחָק װֶעט צוּ דִיר אַ זָאמֶען גֶערוּפֶען
19 װֶערֶען: אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶערֶעכֶענְט אַז גָאט קָאן אִיהְם
אוֹיךְ אוֹיפְוֶועקֶען פוּן דִיא טוֹיטֶע; פוּן וַואנֶען עֶר הָאט
20 אִיהְם אוֹיךְ צוּרִיקְגֶענוּמֶען אִים גְלֵייכְנִים: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען
הָאט יִצְחָק גֶעבֶּענְשְׁט יַעֲקֹב אוּנְד עֵשָׂו אַפִילוּ װֶעגֶען
21 זַאכֶען וָואס װֶעלֶען גֶעשֶׁעהֶען: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט
יַעֲקֹב בֵּיים שְׁטַארְבֶּען גֶעבֶּענְשְׁט בֵּיידֶע זִיהְן פוּן יוֹסֵף,
אוּנְד הָאט גֶעבֶּעטֶען אָנְגֶעלֶעהְנְט אָן דֶער שְׁפִּיץ פוּן זַיין
22 שְׁטֶעקֶען: דוּרְךְ דֶעם גְלוֹיבֶּען הָאט יוֹסֵף גֶעדֶענְקְט בֵּיים
שְׁטַארְבֶּען אָן דֶעם אוֹיסְגַאנְג פוּן דִיא קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל
אוּנְד הָאט בֶּעפוֹילֶען װֶעגֶען זַיינֶע בֵּיינֶער:
23 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, װֶען מֹשֶׁה אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען
אִיהְם זַיינֶע עֶלְטֶערְן בֶּעהַאלְטֶען דְרֵייא חָדָשִׁים, וֵוייל זַייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אַז עֶר אִיז אַ שֶׁעהְנֶעם קִינְד, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם בֶּעפֶעהְל פוּן
24 דֶעם קֶענִיג: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט מֹשֶׁה, װֶען עֶר אִיז
אוֹיפְגֶעוַואקְסֶען, נִיט גֶעוָואלְט גֶערוּפֶען װֶערֶען דֶער זוּהְן
25 פוּן דֶער טָאכְטֶער פוּן פַּרְעֹה: אִינְדֶעם עֶר הָאט גֶעוֶועהְלְט
לִיבֶּער צוּ לֵיידֶען מִיט דֶעם פָאלְק פוּן גָאט, אֵיידֶער דָאס
26 צֵייטְלִיכֶע פֶערְגֶענִיגֶען פוּן זִינְד צוּ דֶערְהַאלְטֶען: אוּנְד עֶר
הָאט גֶערֶעכֶענְט דִיא חֶרְפָּה פוּן מָשִׁיחַ פַאר אַ גְרֶעסֶערֶע
עֲשִׁירוּת וִויא דִיא אוֹצְרוֹת פוּן מִצְרַיִם; וָוארִין עֶר הָאט
הִינְגֶעבְּלִיקְט אוֹיף דִיא פֶערְגֶעלְטוּנְג פוּן דֶעם שְׂכַר:
27 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר פֶערְלָאזְט מִצְרַיִם, אוּנְד הָאט זִיךְ
נִיט גֶעפָארְכְטֶען פַאר דֶעם צָארְן פוּן דֶעם קֶענִיג; וָוארִין
עֶר הָאט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אַזוֹי וִויא עֶר זֶעהְט דֶעם װֶעלְכֶען
28 מֶען קֶען נִיט זֶעהֶען: דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען
פֶּסַח אוּנְד דִיא שְׁפְּרֶענְגוּנְג פוּן דֶעם בְּלוּט, כְּדֵי דֶער
פֶערְדַארְבֶּער פוּן דִיא בְּכוֹרִים זָאל זַייא נִיט אָנְרִיהְרֶען:
29 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען זֶענֶען זַייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דָאס יַם סוּף
גְלֵייךְ וִויא אִיבֶּער טְרוּקֶענֶעם לַאנְד, וָואס דִיא מִצְרַיִם
הָאבֶּען גֶעפְּרִיפְט אוּנְד זֶענֶען דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען:
30 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען זֶענֶען דִיא מוֹיעֶרְן פוּן יְרִיחוֹ אֵיינְגֶעפַאלֶען,

נָאכְדֶעם מֶען הָאט זֵייא אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט זִיבֶּען טֶעג:
31 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען אִיז רָחָב הַזּוֹנָה נִיט אוּמְגֶעקוּמֶען מִיט דִיא
אוּנְגֶעהָארְכֶענְדֶע, אִינְדֶעם זִיא הָאט דִיא מְרַגְלִים אוֹיפְגֶע־
נוּמֶען מִיט פְרִידֶען: יהושע ו׳ כ״ג.
32 אוּנְד וָואס זָאל אִיךְ נָאךְ מֶעהר זָאגֶען? וָוארִין דִיא צֵייט
וֶועט מִיר פֶעהְלֶען צוּ דֶערְצֶעהְלֶען וֶועגֶען גִדְעוֹן, בָּרָק,
שִׁמְשׁוֹן, יִפְתָּח, דָוִיד אוּנְד שְׁמוּאֵל אוּנְד דִיא נְבִיאִים:
33 וֶועלְכֶע הָאבֶּען דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען קֶענִיגְרֵייכֶע אוּנְטֶערְטֶענִיג
גֶעמַאכְט, גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעטְהוּן, דִיא הַבְטָחוֹת דֶערְהַאלְ־
34 טֶען, פֶערְשְׁטָאפְּט דִיא מֵיילֶער פוּן לֵייבֶען: פֶערְלָאשֶׁען
דִיא קְרַאפְט פוּן פֵייעֶר, זֶענֶען אַנְטְרִינֶען פוּן דֶער שַׁארְףְ
פוּן דֶעם שְׁוֶוערְד, פוּן שְׁוַואכְהֵייטֶען זֶענֶען קְרֶעפְטִיג
גֶעוָוארֶען, זֶענֶען אִין דֶער מִלְחָמָה גִבּוֹרִים גֶעוָוארֶען,
35 הָאבֶּען פֶערְיָאגְט דִיא פְרֶעמְדֶע חַיָילוֹת: פְרוֹיעֶן הָאבֶּען
צוּרִיקְבֶּעקוּמֶען אִיהְרֶע טוֹיטֶע דוּרְךְ תְּחִיַת הַמֵּתִים, אוּנְד
עֶטְלִיכֶע זֶענֶען גֶעפְּלָאגְט גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען קֵיינֶע
בֶּעפְרֵייאוּנְג אָנְגֶענוּמֶען, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען אַ
36 בֶּעסֶערֶע אוֹיפֶערְשְׁטֶעהוּנְג: אוּנְד אַנְדֶערֶע זֶענֶען גֶעפְּרִיפְט
גֶעוָוארֶען דוּרְךְ שְׁפָּאט אוּנְד שְׁמֵייסֶען מִיט רִיטֶער, אוּנְד
37 אַפִילוּ דוּרְךְ קֶעטֶען אוּנְד גֶעפֶענְגְנִיס: זֵייא זֶענֶען
גֶעשְׁטֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען, גֶעפְּרִיפְט גֶעוָוארֶען, דוּרְכְגֶעזֶעגְט
גֶעוָוארֶען, מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד גֶעטֵייטֶעט גֶעוָוארֶען, זֵייא
זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין פֶעל פוּן שָׁאףְ אוּנְד פוּן צִיגֶען,
זֵייא זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אִין דֶער נוֹיט אוּנְד אִין צָרוֹת,
38 אוּנְד שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט: פוּן וֶועלְכֶע דִיא וֶועלְט אִיז
נִיט וֶוערְט גֶעוֶועזֶען; זֵייא הָאבֶּען אַרוּמְגֶעוַואנְדֶערְט אִין
פּוּסְטֶע עֶרְטֶער אוּנְד אוֹיףְ בֶּערְג אוּנְד אִין הֶעהְלֶען
39 אוּנְד לֶעכֶער פוּן דֶער עֶרְד: אוּנְד דִיזֶע אַלֶע הָאבֶּען
עֵדוּת בֶּעקוּמֶען דוּרְךְ זֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, דָאךְ הָאבֶּען זֵייא
40 נִיט דֶערְהַאלְטֶען דִיא הַבְטָחָה: אִינְדֶעם גָאט הָאט
עֶפֶּעס בֶּעסֶערֶעס פַאר אוּנְס פָארְאוֹיס גֶעזֶעהֶען, כְּדֵי
זֵייא זָאלֶען נִיט אָהְן אוּנְס פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט וֶוערֶען:

## קאפיטעל יב

1 דֶעסְטְוֶועגֶען וֵוייל מִיר הָאבֶּען אַרוּם אוּנְס אַזֶעלְכֶען

וָואלְקֶען פוּן עֵדוּת, לָאזֶען מִיר אוֹיךְ אָפְּלֶעגֶען יֶעדֶע לַאסְט
אוּנְד דִיא אִיטְלִיכֶע זִינְד, אוּנְד לָאזֶען מִיר לוֹיפֶען מִיט
גֶעדוּלְד דֶעם לוֹיף וָואס אִיז פָאר אוּנְס גֶעזֶעצְט: אוּנְד 2
אוֹיפְבְּלִיקֶען אוֹיף יֵשׁוּעַ דֶער אִיז דֶער אָנְהֶעבֶּער אוּנְד
פָאלְעֶנְדֶער פוּן אוּנְזֶערְן גְלוֹיבֶּען, וֶועלְכֶער וֶועגֶען דֶער
פְרֵיידֶע וָואס אִיז פָאר אִיהְם גֶעזֶעצְט גֶעוֶועזֶען הָאט דֶערְ־
טְרָאגֶען דָאס קְרֵייץ, מִיט פֶערְאַכְטוּנְג פוּן דֶער שַׁאנְד,
אוּנְד הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט צוּ דֶער רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן דֶעם
שְׁטוּהְל פוּן גָאט: תהלים ק״י א.

וָוארִין בֶּעטְרַאכְטֶעט דֶעם וֶועלְכֶער הָאט אַזֶעלְכֶען ווִידֶערְ־ 3
שְׁפְּרוּךְ פוּן זִינְדֶער קֶעגֶען זִיךְ גֶעלִיטֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
נִיט מִיד וֶוערֶען אוּנְד נִיט שְׁוַואךְ זֵיין אִין אֵייעֶרֶע
זֶעלֶען: אִיהְר הָאט נָאךְ נִיט ווִידֶערְשְׁטַאנֶען בִּיז צוּם בְּלוּט 4
אִים שְׁטְרֵייט אוֹיף דֶער זִינְד: אוּנְד אִיהְר הָאט פֶערְגֶעסֶען 5
דִיא וָוארְנוּנְג וָואס רֶעט צוּ אֵייךְ ווִיא צוּ זִיהְן,

„מֵיין זוּהְן, פֶערְאַכְט נִיט דִיא שְׁטְרָאף פוּן דֶעם הַאר,
אוּנְד פֶערְצָאג נִיט וֶוען דוּא בִּיסְט פוּן אִיהְם גֶעטָאדֶעלְט:
וָוארִין וֶועמֶען דֶער הַאר לִיבְּט דֶעם שְׁטְרָאפְט עֶר, 6
אוּנְד עֶר צִיכְטִיגְט אִיטְלִיכֶען זוּהְן דֶעם עֶר נֶעמְט אָן״:
משלי ב׳ י״א י״ב.

עֶס אִיז צוּ שְׁטְרָאף וֶוען אִיהְר דֶערְטְרָאגְט; הַאנְדֶעלְט גָאט 7
מִיט אֵייךְ אַזוֹי ווִיא מִיט זִיהְן; וָוארִין וָואס פַאר אַ זוּהְן
אִיז דֶער וֶועלְכֶען זֵיין פָאטֶער שְׁטְרָאפְט נִיט? וֶוען אִיהְר 8
זֶענְט אָהְן שְׁטְרָאף, דְרִינֶען אַלֶע הָאבֶּען אַ טְהֵייל גֶעהַאט,
אַזוֹי זֶענְט אִיהְר מַמְזֵרִים אוּנְד נִיט זִיהְן: דֶערְצוּ הָאבֶּען 9
מִיר אוֹיךְ גֶעהַאט לֵייבְּלִיכֶע פֶעטֶער וָואס הָאבֶּען אוּנְס
גֶעשְׁטְרָאפְט, אוּנְד מִיר הָאבֶּען פָאר זֵייא מוֹרָא גֶעהַאט.
זָאלֶען מִיר נִיט פִיל מֶעהְר אוּנְטֶערְטֶענִיג זֵיין צוּ דֶעם
פָאטֶער פוּן דִיא גֵייסְטֶער אוּנְד לֶעבֶּען? וָוארִין זֵייא הָאבֶּען 10
אוּנְס גֶעשְׁטְרָאפְט פַאר עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ זֵייעֶר גֶעפֶעלֶען;
אָבֶּער עֶר טְהוּט עֶס צוּ אוּנְזֶער גוּטֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִין זֵיינֶע הֵיילִיגְקֵייט: קֵיינֶע שְׁטְרָאף שֵׁיינְט 11
נִיט פְרֶעהְלִיךְ צוּ זֵיין פַאר דִיא אִיצְטִיגֶע צֵייט, נֵייעֶרְט
טְרוֹיְרִיג; אָבֶּער דֶערְנָאךְ בְּרֶענְגְט זִיא דִיא פְרִידְלִיכֶע פְרוּכְט

פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט צוּ דִיא וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעאִיבְּט:
12 דְרוּם רִיכְטֶעט אוֹיףְ דִיא שְׁלַאפֶּע הֶענְד אוּנְד דִיא קְנִיעֶן
13 וָואס שְׁטְרוֹיכְלֶען זִיךְ: אוּנְד מַאכְט גְלֵייךְ דִיא שְׁטֶעגֶען
פַאר אֵייעֶרֶע פִיס, כְּדֵי דָאס הִינְקֶענְדִיגֶע זָאל זִיךְ נִיט אָפְּ־
קֶעהְרֶען פוּן דֶעם וֶועג, נֵייעֶרְט עֶר זָאל לִיבֶּער גֶעהֵיילְט
14 וֶוערֶען: יָאגְט נָאךְ דֶעם פְרִידֶען מִיט אַלֶע מֶענְשֶׁען אוּנְד
הֵיילִיגְקֵייט, אָהְן וֶועלְכֶעם וֶועט קֵיינֶער דֶעם הַאר נִיט זֶע־
15 הֶען: אוּנְד גִיבְּט אַכְטוּנְג אַז קֵיינֶער זָאל נִיט צוּרִיקְבְּלֵייבֶּען
פוּן דֶער גְנָאד פוּן גָאט, אַז עֶס זָאל נִיט אַרוֹיסְשְׁפְּרָאצֶען
אַ וָוארְצֶעל פוּן בִּיטֶערְקֵייט אֵייךְ צוּ בֶּעטְרִיבֶּען, אוּנְד
16 דוּרְךְ דֶעם זָאלֶען פִילֶע בֶּעפְלֶעקְט וֶוערֶען: אַז עֶס זָאל
נִיט זַיין אַ נוֹאֵףְ אָדֶער חָלָל וִויא עֵשָׂו, וָואס הָאט פַאר אַ
17 שְׁפֵּייז פֶערְקוֹיפְט זַיינֶע בְּכוֹרָה: וָוארִין אִיהְר וֵוייסְט אַז
דֶערְנָאךְ וֶוען עֶר הָאט גֶעוָואלְט יַרְשֶׁענֶען דִיא בְּרָכָה, אִיז
עֶר פֶערְוָוארְפֶען גֶעוֶועזֶען; וָוארִין עֶר הָאט קֵיינֶע גֶעלֶע־
גֶענְהֵייט גֶעפוּנֶען פוּן תְּשׁוּבָה, וֶוען אַפִילוּ עֶר הָאט זִיא
גֶעזוּכְט מִיט טְרֶערֶען: בראשית כ״ז ל״ד.
18 וָוארִין אִיהְר זֶענְט נִיט גֶעקוּמֶען צוּ אַ בַּארְג וָואס קָאן אָנְ־
גֶערִיהְרְט וֶוערֶען, אוּנְד וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד צוּ
דִיא דוּנְקֶעל וָואלְקֶען אוּנְד פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד שְׁטוּרְם:
19 אוּנְד צוּם שַׁאלְל פוּן אַ שׁוֹפָר, אוּנְד צוּם קוֹל פוּן וֶוערְטֶער,
וָואס דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעהֶערְט הָאבֶּען גֶעבֶּעטֶען אַז
20 דָאס וָוארְט זָאל נִיט מֶעהְר צוּ זֵייא גֶערֶעט וֶוערֶען: וָוארִין
זֵייא הָאבֶּען נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְהַאלְטֶען דָאס וָואס אִיז גֶע־
בָּאטֶען גֶעוָוארֶען, אַפִילוּ וֶוען אַ בְּהֵמָה וֶועט דֶעם בַּארְג
אָנְרִיהְרֶען זָאל זִיא פֶערְשְׁטֵיינִיגְט וֶוערֶען: שמות י״ט י״ג.
21 אוּנְד דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי שְׁרֶעקְלִיךְ, אַז מֹשֶׁה
הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ שְׁטַארְק מוֹרָא אוּנְד בִּין זֶעהְר
22 דֶערְשְׁרָאקֶען: דברים ט׳ י״ט. נֵייעֶרְט אִיהְר זֶענְט גֶעקוּמֶען
צוּ דֶעם בַּארְג צִיּוֹן, אוּנְד צוּ דֶער שְׁטָאט פוּן דֶעם לֶעבֶּע־
דִיגֶען גָאט, צוּ דֶעם הִימְלִישֶׁען יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְד צוּ צֶעהְן
23 טוֹיזֶענְדֶע פוּן מַלְאָכִים: צוּ דֶער אַלְגֶעמֵיינֶע פֶערְזַאמְלוּנְג
אוּנְד קְהִלָּה פוּן עֶרְשְׁטְגֶעבּוֹירֶענֶע, וָואס זֶענֶען אֵיינְגֶע־
שְׁרִיבֶּען אִים הִימֶעל אוּנְד צוּ גָאט דֶעם רִיכְטֶער פוּן אַלֶע

מֶענְשֶׁען, אוּנְד צוּ דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא פָאלְקָאמֶענֶע
צַדִיקִים: אוּנְד צוּ יֵשׁוּעַ דֶעם פֶערְמִיטְלֶער פוּן אַ נֵייעֶן 24
בּוּנְד, אוּנְד צוּ דֶעם בְּלוּט פוּן שְׁפְּרֶענְקְלוּנְג, וָואס רֶעט
בֶּעסֶערֶע זַאכֶען וִויא דָאס פוּן הֶבֶל: שמות כ״ד ח׳.
זֶעהְט צוּ אַז אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְאַכְטֶען דֶעם רֶעדְנֶער; 25
וָוארִין וֶוען דִיא זֶענֶען נִיט אַנְטְרִינֶען וָואס הָאבֶּען פֶערְ־
אַכְטֶעט דֶעם וָואס הָאט גֶערֶעט אוֹיף דֶער עֶרְד, וִויא פִיל
מֶעהְר וֶועלֶען מִיר נִיט אַנְטְרִינֶען, וֶועלְכֶע אוּנְס אָפְּקֶעהְרֶען
פוּן דֶעם וֶועלְכֶער רֶעט פוּן דֶעם הִימֶעל: וֶועמֶעס קוֹל 26
הָאט דַאן דִיא עֶרְד צִיטֶערְן גֶעמַאכְט, אָבֶּער אִיצְט הָאט
עֶר פֶערְשְׁפְּרָאכֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל נָאךְ אַמָאל
בֶּעוֶועגֶען נִיט נוּר דִיא עֶרְד, נֵייעֶרְט אוֹיךְ דֶעם הִימֶעל:
חגי ב׳ ו׳. אוּנְד דָאס וָוארְט, נָאךְ אַמָאל, צֵייגְט אָן דִיא 27
פֶערְעֶנְדֶערוּנְג פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט, וִויא פוּן
זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעמַאכְט, כְּדֵי דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט
גֶעצִיטֶערְט זָאלֶען בְּלֵייבֶּען: דֶעסְטְוֶועגֶען, אִינְדֶעם מִיר 28
דֶערְהַאלְטֶען אַ קֶענִיגְרַייךְ וָואס אִיז נִיט בֶּעוֶועגְט, לָאזֶען
מִיר הָאבֶּען גְנָאד דוּרְךְ דֶעם מִיר זָאלֶען גָאט וְואוֹילְגֶע־
פֶעלִיג דִינֶען מִיט עֶהְרְלִיכְקֵייט אוּנְד פוּרְכְט: וָוארִין אוּנְ־ 29
זֶער גָאט אִיז אַ פֶערְצֶעהְרֶענְדֶעם פֵייעֶר: שמות כ״ד י״ז.

קאפיטעל יג

לָאז דִיא בְּרִידֶערְלִיכֶע לִיבֶּע בְּלֵייבֶּען: פֶערְגֶעסְט נִיט 1 2
הַכְנָסַת אוֹרְחִים; וָוארִין דוּרְךְ דֶעם הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע, אָהְן
צוּ וִויסֶען, אוֹיפְגֶענוּמֶען מַלְאָכִים: גֶעדֶענְקְט אָן דִיא וָואס 3
זֶענֶען גֶעפַאנְגֶען גְלֵייךְ וִויא אִיהְר זֶענְט מִיטְגֶעפַאנְגֶענֶע,
אָן דִיא וָואס זֶענֶען שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גְלֵייךְ וִויא
אִיהְר אַלֵיין זֶענְט אוֹיךְ אִים לֵייב: לָאז דֶער חֲתוּנָה 4
שְׁטַאנְד צְווִישֶׁען אַלֶע אִין כָּבוֹד גֶעהַאלְטֶען זַיין, אוּנְד
דָאס בֶּעט נִיט אִין חִלּוּל גֶעמַאכְט; וָוארִין זוֹנִים אוּנְד
הוּרֶער וֶועט גָאט רִיכְטֶען: לָאזְט אֵייעֶרֶע לֶעבֶּענְסאַרְט 5
זַיין אָהְן גֶעלְדְלִיבֶּע, זַייט צוּפְרִידֶען מִיט דֶעם וָואס
אִיהְר הָאט; וָוארִין עֶר הָאט גֶעזָאגְט, אִיךְ וֶועל דִיר
אוֹיף קֵיין אוֹפֶן פֶעהְלֶען אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיךְ בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט
פֶערְלָאזֶען: יהושע א׳ ה׳. אַזוֹי אַז מִיר קֶענֶען מִיט בִּטָחוֹן זָאגֶען, 6

„דֶער הַאר אִיז מֵיין הֶעלְפֶער, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִיט
פֿוּרְכְטֶען; וָואס אַ מֶענְשׁ וֶועט מִיר טְהוּן"? תהלים קי"ח ו'.
7 גֶעדֶענְקְט אַן אֵייעֶרֶע פִיהְרֶער, דִיא וָואס הָאבֶּען צוּ אֵייךְ
גֶערֶעט דָאס וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד בֶּעטְרַאכְטֶעט דֶעם
אוֹיסְגַאנְג פוּן זֵייעֶר וַואנְדְלֶען, אוּנְד פָאלְגְט נָאךְ זֵייעֶר
8 גְלוֹיבֶּען: יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז דֶערְזֶעלְבִּיגֶער גֶעכְטֶען, אוּנְד
9 הֵיינְט, אוּנְד אוֹיךְ עֶבִּיג: זֵייט נִיט אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען מִיט
פֶערְשִׁידֶענֶע אוּנְד פְרֶעמְדֶע לֶעהְרֶען; וָוארִין עֶס אִיז
גוּט אַז דָאס הַארְץ זָאל בֶּעפֶעסְטִיגְט זֵיין מִיט גְנָאד,
נִיט דוּרְךְ שְׁפֵּייז וָואס נוּצְט נִיט צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען
10 זִיךְ דֶערְמִיט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט: מִיר הָאבֶּען אַ מִזְבֵּחַ, פוּן
דֶעם דִיא וָואס דִינֶען פַאר דֶעם מִשְׁכָּן הָאבֶּען קֵיין רֶעכְט
11 דֶערְפוּן צוּ עֶסֶען: וָוארִין דִיא לֵייבֶּער פוּן יֶענֶע בְּהֵמוֹת,
פוּן וֶועלְכֶע דֶער כֹּהֵן גָדוֹל הָאט דָאס בְּלוּט אַרֵיינְגֶע־
בְּרַאכְט אִים הֵיילִיגֶען אָרְט פַאר זִינְד, זֶענֶען אוֹיסֶער דֶעם
12 לַאגֶער פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען: דְרוּם הָאט אוֹיךְ יֵשׁוּעַ
גֶעלִיטֶען אוֹיסֶער דֶעם טוֹיעֶר, כְּדֵי עֶר זָאל דָאס פָאלְק
13 הֵיילִיגֶען דוּרְךְ זֵיין אֵייגֶען בְּלוּט: דֶעמְטְוֶועגֶען לָאזֶען
מִיר צוּ אִיהְם אַרוֹיסְגֶעהֶען אוֹיסֶער דֶעם לַאגֶער, אוּנְד
14 טְרָאגֶען זֵיינֶע שַׁאנְד: וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט דָא קֵיינֶע
שְׁטָאט וָואס בְּלֵייבְּט, נֵייעֶרְט מִיר זוּכֶען דִיא וָואס וֶועט
15 קוּמֶען: דְרוּם לָאזֶען מִיר דוּרְךְ אִיהְם בֶּעשְׁטֶענְדִיג מַקְרִיב
זֵיין אַ קָרְבָּן פוּן לוֹיב צוּ גָאט, דָאס הֵייסְט דִיא פְרוּכְט
פוּן אוּנְזֶערֶע לִיפֶּען וֶועלְכֶע זֶענֶען מוֹדִיעַ צוּ זֵיין נָאמֶען:
16 אָבֶּער וֶועגֶען גוּטֶעס טְהוּן אוּנְד גֶעמֵיינְשַׁאפְט פֶערְגֶעסְט
נִיט; וָוארִין אַזֶעלְכֶע קָרְבָּנוֹת זֶענֶען גָאט בֶּעפֶעלֶען:
17 הֶערְט צוּ אֵייעֶרֶע פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנְד זֵייט זֵייא אוּנְ־
טֶערְטֶענִיג, וָוארִין זֵייא וַואכֶען פַאר אֵייעֶרֶע זֶעלֶען,
אַזוֹי וִויא זֵייא וֶועלֶען רֶעכְנוּנְג אָפְּגֶעבֶּען, כְּדֵי זֵייא זָא־
לֶען דָאס טְהוּן מִיט פְרֵייד אוּנְד נִיט מִיט זִיפְצֶען;
וָוארִין דָאס נוּצְט אֵייךְ נִיט: יחזקאל ל"ג ב' ז'.
18 בֶּעטֶעט פַאר אוּנְס וָוארִין מִיר זֶענֶען פַארְזִיכֶערְט אַז
מִיר הָאבֶּען אַ גוּטֶעס גֶעוִויסֶען, אִינְדֶעם מִיר ווִילֶען אִין
19 אַלֶע זַאכֶען עֶהְרְלִיךְ לֶעבֶּען: אוּנְד נָאךְ מֶעהְר בִּין אִיךְ

אֵייךְ מַזְהִיר דָאס צוּ טְהוּן, כְּדֵי אִיךְ זָאל צוּ אֵייךְ גֶע־
20 שְׁווינְדֶער צוּרִיקְגֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען: אוּנְד דֶער גָאט פוּן
פְרִידֶען דֶער הָאט אַרוֹיפְגֶעבְּרַאכְט פוּן דִיא טוֹיטֶע
אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ, דֶעם גְרוֹיסֶען פַּאסְטוּךְ פוּן דִיא שָׁאף,
21 אִים בְּלוּט פוּן דֶעם עֶבִּיגֶען בּוּנְד: זָאל אֵייךְ פָאלְקָאמֶען
מַאכֶען אִין יֶעדֶעם גוּטֶען, כְּדֵי צוּ טְהוּן זַיין ווִילֶען,
אִינְדֶעם עֶר ווִירְקְט אִין אֵייךְ דָאס וָואס אִיז פָּאר אִיהְם
ווֹאוֹילְגֶעפֶעלִיג דוּרְךְ יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; צוּ אִיהְם זָאל זַיין
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אָמֵן:
22 נוּן בִּין אִיךְ אֵייךְ מַזְהִיר בְּרִידֶער, דֶערְטְרָאגְט דָאס וָוארְט
פוּן וָוארְנוּנְג; וָוארִין אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין
23 קוּרְצֶען: אִיהְר זָאלְט ווִיסֶען אַז אוּנְזֶער בְּרוּדֶער טִימוֹתִיוֹס
אִיז פְרֵייא גֶעוָוארֶען, מִיט וֶועלְכֶען, וֶוען עֶר וֶועט גְלֵייךְ
קוּמֶען וֶועל אִיךְ אֵייךְ זֶעהֶען:
24 גְרִיסְט אַלֶע אֵייעֶרֶע פָארְשְׁטֶעהֶער אוּנְד אַלֶע הֵיילִיגֶע.
דִיא וָואס זֶענֶען פוּן אִיטַאלִיָא גְרִיסֶען אֵייךְ:
25 גְנָאד זָאל זַיין מִיט אֵייךְ אַלֶע; אָמֵן:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יַעֲקֹב.

---

1 יַעֲקֹב, אַ קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד פוּן דֶעם הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָשִׁיחַ צוּ דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים וָואס זֶענֶען צוּשְׁפְּרֵייט
אַ גְרִים:
2 מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט עֶס פַאר גַאנְצֶע פְרֵייד וֶוען אִיהְר
3 זֶענְט גֶעפְּרִיפְט מִיט פֶערְשִׁידֶענֶע פְּרִיפוּנְגֶען: אִינְדֶעם
אִיהְר וֵוייסְט אַז דִיא פְּרִיפוּנְג פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען ווִירְקְט
4 גֶעדוּלְד: אָבֶּער לָאז דִיא גֶעדוּלְד הָאבֶּען אִיהְר גַאנְצֶעם
וֶוערְק, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גַאנְץ אוּנְד פָאלְקָאמֶען זַיין אוּנְד
5 זָאלְט גָארְנִיט בֶּעדַארְפֶען: וֶוען אֵיינֶער פוּן אֵייךְ בֶּעד־
דַארְף חָכְמָה, לָאז עֶר בֶּעטֶען פוּן גָאט, דֶער גִיבְּט
פְרֵייא צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד שֶׁעלְט קֵיינֶעם, אוּנְד עֶס
6 וֶועט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען: אָבֶּער לָאז עֶר בֶּעטֶען
מִיט גְלוֹיבֶּען אוּנְד לָאז עֶר נִיט צְוֵוייפְלֶען: וָוארִין דֶער
וָואס צְוֵוייפֶעלְט אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ וֶועלֶע פוּן דֶעם יַם
וָואס אִיז אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶעם ווִינְד אוּנְד גֶעשְׁטוֹיסֶען:
7 וָוארִין לָאז נִיט יֶענֶער מַאן מֵיינֶען אַז עֶר וֶועט עֶפֶּעס
8 דֶערְהַאלְטֶען פוּן דֶעם הַאר: וֶועלְכֶער אִיז אַ מַאן צוּ־
טְהֵיילְט אִים הַארְץ, אוּנְבֶּעשְׁטֶענְדִיג אִין אַלֶע זַיינֶע וֶועד־
9 גֶען: אָבֶּער לָאז זִיךְ דֶער דֶעמִיטְהִיגֶע בְּרוּדֶער רִיהְמֶען
10 וֶוען עֶר אִיז דֶערְהֵייכְט: אָבֶּער דֶער רֵייכֶער וֶוען עֶר
אִיז דֶערְנִידְרִיגְט, וָוארִין עֶר וֶועט פֶערְגֶעהֶען גְלֵייךְ
11 ווִיא אַ בְּלוּם פוּן דֶעם גְרָאז: וָוארִין דִיא זוּן גֶעהְט אוֹיף
מִיט דֶעם גְלִיהֶענְדִיגֶען ווִינְד, אוּנְד פֶערְוֶועלְקְט דָאס גְרָאז,
אוּנְד דִיא בְּלוּם דֶערְפוּן פַאלְט אַוֶועק, אוּנְד דִיא שֶׁענֶע
גֶעשְׁטַאלְט אִיז פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען; אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ
דֶער רֵייכֶער פֶערְצֶעהְרְט וֶוערֶען אִין זַיינֶע וֶועגֶען:
12 גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער מַאן וָואס בֶּעשְׁטֶעהְט אִין נִסָיוֹן,
וָוארִין וֶוען עֶר הָאט פְּרִיפוּנְג בֶּעשְׁטַאנֶען, וֶועט עֶר
דֶערְהַאלְטֶען דִיא קְרוֹין פוּן לֶעבֶּען, וָואס דֶער הַאר הָאט

צוּגעזָאגט צוּ דִיא װֶעלכֶע אִיהם לִיבֶּען: װֶען אֵיינֶער 13
אִיז גֶעפְּרִיפְט, לָאז עֶר נִיט זָאגֶען אִיךְ בִּין גֶעפְּרִיפְט פוּן
גָאט, װָארִין גָאט אִיז נִיט גֶעפְּרִיפְט פוּן שְׁלֶעכְטֶען, אוּנְד
עֶר אַלֵיין פְּרִיפְט קֵיינֶעם נִיט: אָבֶּער אִיטְלִיכֶער מַאן אִיז 14
גֶעפְּרִיפְט װֶען עֶר אִיז פוּן זֵיינֶע אֵיינֶענֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען
אַװֶעקְגֶעצוֹיגֶען אוּנְד פֶערְפִיהְרְט: דֶערְנָאךְ אִיז דִיא גְלוּסְ־ 15
טִיגְקֵייט טְרָאגֶענְדִיג גֶעוָארֶען אוּנְד גֶעװִינְט זִינְד, אוּנְד דִיא
זִינְד װֶען זִיא אִיז פָאלְקָאמֶען גֶעוָארֶען גֶעװִינְט דֶעם טוֹיט:
זֵייט אֵייךְ נִיט טוֹעֶה, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער: יֶעדֶע 16 17
גוּטֶע מַתָּנָה אוּנְד יֶעדֶעס פָאלְקָאמֶענֶע גֶעשֶׁענְק אִיז פוּן
אוֹיבֶּען, אוּנְד קוּמְט אַרוּפּ פוּן דֶעם פָאטֶער פוּן דִיא לִיכְט,
בַּייא װֶעלְכֶען עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנֶען קֵיינֶע פֶערְעֶנְדֶע־
רוּנְג, אוּנְד נִיט קֵיין שָׁאטֶען פוּן פֶערְװֶעקְסְלוּנְג: װֶען עֶר 18
הָאט בֶּעװִילִיגְט הָאט עֶר אוּנְס גֶעװִינֶען דוּרְךְ דֶעם װָארְט
פוּן װָאהְרְהֵייט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זַיין אַ מִין עֶרְשְׁטֶע
פְּרוּכְט פוּן זֵיינֶע בְּרִיאוֹת:
אִיהְר װַייסְט דָאס מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, אָבֶּער לָאז 19
אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ גֶעשְׁװִינְד זַיין צוּם הֶערֶען, שְׁװֶער צוּם
רֶעדֶען, שְׁװֶער צוּם צָארְן: װָארִין דֶער צָארְן פוּן דֶעם 20
מֶענְשֶׁען װִירְקְט נִיט דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייט פוּן גָאט: דְרוּם 21
טְהוּט אָפּ אַלֶע אוּנְרֵיינִיגְקֵייט אוּנְד אִיבֶּערְפְלוּס פוּן
שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד נֶעמְט אָן מִיט אַ נִידְרִיג גֶעמִיט
דָאס אֵיינְגֶעפְלַאנְצְטֶע װָארְט, װָאס קֶען אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת
רֶעטֶען: אָבֶּער זֵייט טְהוּעֶר פוּן דֶעם װָארְט אוּנְד נִיט נוּר 22
הֶערֶער דֶערְפוּן, דִיא אֵייךְ אַלֵיין פֶערְפִיהְרֶען: װָארִין 23
װֶען אֵיינֶער אִיז אַ הֶערֶער פוּן דֶעם װָארְט אוּנְד נִיט אַ
טְהוּעֶר, עֶר אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ מַאן װָאס זֶעהְט זֵיין נַא־
טִירְלִיךְ פָּנִים אִין אַ שְׁפִּיגֶעל: װָארִין עֶר זֶעהְט זִיךְ אָן 24
אוּנְד גֶעהְט אַװֶעק אוּנְד גְלֵייךְ פֶערְגֶעסְט װָאס פַאר אַ
מַאן עֶר אִיז גֶעװֶעזֶען: אָבֶּער דֶער װָאס קוּקְט אַרֵיין 25
אִין דֶעם פָאלְקָאמֶענֶען גֶעזֶעץ פוּן פְרֵייהֵייט אוּנְד בְּלֵייבְּט
דֶערְבַּייא, דֶער אִיז נִיט אַ הֶערֶער װָאס פֶערְגֶעסְט גֵיי־
עֶרְט אַ טְהוּעֶר װָאס װִירְקְט, אוּנְד דִיזֶער װֶעט גֶע־
בֶּענְשְׁט װֶערֶען אִין זַיין טְהוּן:

26 וֶוען אֵיינֶער מֵיינְט אַז עֶר אִיז פְרוּם, אוּנְד הַאלְט נִיט
זַיינֶע צוּנְג אִין דֶעם צוֹים, נַייעֶרְט פֶערְפִיהְרְט זַיין אֵייגֶען
27 הַארְץ, פוּן דִיזֶעם אִיז דִיא פְרוּמְקֵייט אוּמְזוּנְסְט: רֵיינֶע
פְרוּמְקֵייט אוּנְד אָהְן אַ פְלֶעק פָאר גָאט אוּנְד דֶעם פָאטֶ־
טֶער אִיז דָאס, יְתוֹמִים אוּנְד אַלְמָנוֹת צוּ בֶעזוּכֶען אִין
זֵייעֶרֶע צָרוֹת, אוּנְד זִיךְ צוּ הַאלְטֶען אוּנְבֶעפְלֶעקְט פוּן
דֶער וֶועלְט:

## קאפיטעל ב

1 מֵיינֶע בְּרִידֶער, הַאלְט נִיט דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן אוּנְזֶער
הַאר פוּן הֶערְלִיכְקֵייט, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, מִיט אָנְזֶעהֶען פוּן
2 פָּנִים: וָוארִין וֶוען עֶס קוּמְט אַרֵיין אִין אֵייעֶרֶע בֵּית
הַכְּנֶסֶת אַ מַאן מִיט אַ גָאלְדֶענֶעם רִינְג אִין אַ פֵיינֶעם
קְלֵייד, אוּנְד עֶס קוּמְט אוֹיךְ אַרֵיין אֵיין אָרְמֶער מַאן אִין
3 אַ מִיאוּס קְלֵייד: אוּנְד אִיהְר זֶענְט נוֹשֵׂא פָּנִים דֶעם וָואס
אִיז אָנְגֶעטְהוּן אִין דֶעם פֵיינֶעם קְלֵייד, אוּנְד זָאגְט צוּ
אִיהְם, זֶעץ דִיךְ דָא אִים גוּטֶען פְּלַאץ, אוּנְד צוּם אָרְ־
מֶען זָאגְט אִיהְר, דוּא שְׁטֶעה דָארְט, אָדֶער זֶעץ דִיךְ
4 אוּנְטֶער מֵיין פוּסְבֶּענְקֶעל: זֶענְט אִיהְר נִיט אִין אֵייעֶרֶע
דֵעוֹת גֶעטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד זֶענְט גֶעוָוארֶען רִיכְטֶער
פוּן שְׁלֶעכְטֶע גֶעדַאנְקֶען?
5 הֶערְט צוּ, מֵיינֶע גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, הָאט נִיט גָאט
אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט דִיא אָרְמֶע לֵייט פוּן דֶער וֶועלְט רֵייךְ
אִים גְלוֹיבֶּען צוּ זַיין אוּנְד יוֹרְשִׁים פוּן דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
וָואס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט צוּ דִיא וָואס לִיבֶּען אִיהְם?
6 אָבֶּער אִיהְר הָאט דִיא אָרְמֶע לֵייט מְבַזֶּה גֶעוֶועזֶען.
זֶענֶען עֶס נִיט דִיא רֵייכֶע וֶועלְכֶע אֵייךְ אוּנְטֶערְדְרִיקֶען,
אוּנְד זַייא זֶעלְבְּסְט שְׁלֶעפֶּען אֵייךְ צוּ דֶעם גֶערִיכְט?
7 לֶעסְטֶערְן זַייא נִיט דֶעם גוּטֶען נָאמֶען בֵּייא וֶועלְכֶען
8 אִיהְר זֶענְט גֶערוּפֶען? אָבֶּער וֶוען אִיהְר זֶענְט מְקַיֵּם דָאס
קֶענִיגְלִיכֶע גֶעזֶעץ נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט, דוּא זָאלְסְט דֵיין
גֶעזֶעלֶען לִיבֶּען וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט, ויקרא י״ט י״ח, טְהוּט
9 אִיהְר רֶעכְט: אָבֶּער וֶוען אִיהְר זֶענְט נוֹשֵׂא פָּנִים, טְהוּט
אִיהְר זִינְד, אוּנְד אִיהְר זֶענְט גֶעשְׁטְרָאפְט פוּן דֶעם
10 גֶעזֶעץ אַלְס אִיבֶּערְטְרֶעטֶער: וָוארִין דֶער וָואס וֶועט

דָאס גַאנְצֶע גֶעזֶעץ הַאלְטֶען אוּנְד דָאךְ װֶעט אִין אֵיינֶע
זַאךְ שְׁטְרוֹיכְעלְן, עֶר אִיז שׁוּלְדִיג אוֹיף דָאס גַאנְצֶע:
װָארִין דֶער װֶעלְכֶער הָאט גֶעזָאגְט, דוּא זָאלְסְט נִיט 11
מְזַנֶה זַיין הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט דוּא זָאלְסְט נִיט טֶעטֶען;
שמות כ׳ י״ג י״ד; דברים ה׳ י״ז. נוּן װֶען דוּא בִּיסְט נִיט מְזַנֶה
אָבֶּער דוּא טֶעטֶעסְט, אַזוֹי הָאסְט דוּא עוֹבֵר גֶעװֶעזֶען
דָאס גֶעזֶעץ: רֶעט אַזוֹי, אוּנְד טְהוּט אַזוֹי, גְלֵייךְ װִיא 12
דִיא װָאס װֶעלֶען דוּרְךְ דֶעם גֶעזֶעץ פוּן פְרַייהֵייט גֶער־
רִיכְטֶעט װֶערֶען: װָארִין דָאס מִשְׁפָּט אִיז אָהְן רַחְמָנוּת 13
צוּ דֶעם װָאס הָאט נִיט בֶּעװִיזֶען רַחְמָנוּת; רַחְמָנוּת
רִיהְמְט זִיךְ קֶעגֶען מִשְׁפָּט:
װָאס נִיצְט עֶס, מֵיינֶע בְּרִידֶער, װֶען אֵיינֶער זָאגְט אַז עֶר 14
הָאט גְלוֹיבֶּען, אוּנְד עֶר הָאט נִיט קֵיין װֶערְק? קָאן אִיהְם
גְלוֹיבֶּען רֶעטֶען? װֶען אַ בְּרוּדֶער אָדֶער אַ שְׁװֶעסְטֶער אִיז 15
נַאקֶעט, אוּנְד הָאט נִיט דִיא טֶעגְלִיכֶע מְחִיָה: אוּנְד אֵיינֶער 16
פוּן אֵייךְ זָאגְט צוּ זֵייא גֶעהְט אִין פְרִידֶען, װַארְמְט אֵייךְ
אוּנְד זֶעטִיגְט אֵייךְ, אָבֶּער אִיהְר גִיבְּט זֵייא גָארְנִיט װָאס
זֵייא בֶּעדַארְפֶען פַאר דֶעם לֵייבּ, װָאס נִיצְט דָאס? אַזוֹי 17
אוֹיךְ דֶער גְלוֹיבֶּען װֶען עֶר הָאט נִיט קֵיינֶע װֶערְק אִיז אִין
זִיךְ זֶעלְבְּסְט טוֹיט: אָבֶּער אֵיינֶער װֶעט זָאגֶען, דוּא הָאסְט 18
גְלוֹיבֶּען אוּנְד אִיךְ הָאבּ װֶערְק; װֵייז מִיר דַיין גְלוֹיבֶּען אָהְן
דִיא װֶערְק, אוּנְד אִיךְ װֶעל דִיר װֵייזֶען מֵיין גְלוֹיבֶּען דוּרְךְ
דִיא װֶערְק: דוּא גְלוֹיבְּסְט אַז גָאט אִיז אֵיינֶער; דוּא טְהוּסְט 19
רֶעכְט; דִיא שֵׁדִים גְלוֹיבֶּען אוֹיךְ אוּנְד צִיטֶערְן: אָבֶּער 20
װִילְסְט דוּא װִיסֶען, לֶעדִיגֶער מֶענְשׁ, אַז דֶער גְלוֹיבֶּען אָהְן
װֶערְק אִיז אוּנְנוּצְלִיךְ? אִיז נִיט אוּנְזֶער פָאטֶער אַבְרָהָם 21
גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעװָארֶען דוּרְךְ װֶערְק, װֶען עֶר הָאט זַיין
זוּהְן יִצְחָק מַקְרִיב גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶעם מִזְבֵּחַ? דוּא זֶעהְסְט 22
אַז דֶער גְלוֹיבֶּען הָאט מִיט זַיינֶע װֶערְק גֶעװִירְקְט, אוּנְד
דוּרְךְ דִיא װֶערְק אִיז דֶער גְלוֹיבֶּען פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט:
אוּנְד דִיא שְׁרִיפְט אִיז דֶערְפִילְט גֶעװָארֶען, װָאס זָאגְט, 23
אוּנְד אַבְרָהָם הָאט גֶעגְלוֹיבְּט גָאט אוּנְד עֶס אִיז צוּ אִיהְם
גֶערֶעכֶענְט גֶעװָארֶען פַאר גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אוּנְד עֶר אִיז
גֶערוּפֶען דֶער פְרֵיינְד פוּן גָאט: בראשית ט״ו ו׳. אִיהְר זֶעהְט 24

אַז אַ מֶענְשׁ אִיז גֶערֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ װֶערְק, אוּנְד נִיט
25 דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען: גְלֵייכְדֶעם אִיז רָחָב הַזּוֹנָה אוֹיךְ נִיט גֶער־
רֶעכְטְפֶערְטִיגְט גֶעװָארֶען דוּרְךְ װֶערְק, אִינְדֶעם זִיא הָאט
אוֹיפְגֶענוּמֶען דִיא מְרַגְּלִים, אוּנְד הָאט זֵייא אַװֶעקְגֶעשִׁיקְט
26 אוֹיף אֵיין אַנְדֶערֶען װֶעג? װָארִין גְלֵייךְ װִיא דֶער גוּף
אָהְן דֶער נְשָׁמָה אִיז טוֹיט, אַזוֹי אִיז אוֹיךְ דֶער גְלוֹיבֶּען אָהְן
װֶערְק טוֹיט:

## קאפיטעל ג

1 מֵיינֶע בְּרִידֶער, זֵייט נִיט פִילֶע לֶעהְרֶער, װֵייל אִיהְר װֵייסְט
2 אַז מִיר װֶעלֶען אַ גְרֶעסֶער מִשְׁפָּט אוֹיפְנֶעמֶען: װָארִין
אִין פִילֶע זַאכֶען שְׁטְרוֹיכְלֶען מִיר אַלֶע; װֶען אֵיינֶער
שְׁטְרוֹיכֶעלְט נִיט אִין װָארְט, אִיז עֶר אַ פָּאלְקָאמֶענֶער מַאן
אוּנְד קָאן אוֹיךְ דֶעם גַאנְצֶען לֵייבּ אִים צוֹים הַאלְטֶען:
3 נוּן װֶען מִיר לֶעגֶען צוֹימֶען אִין דִיא מֵיילֶער פוּן דִיא
פֶערְד, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אוּנְס גֶעהָארְכֶען, אַזוֹי פִיהְרֶען מִיר
4 אוֹיךְ זֵייעֶר גַאנְצֶען לֵייבּ: זֶעה אוֹיךְ דִיא שִׁיפֶען װִיא גְרוֹיס
זֵייא זֶענֶען, אוּנְד װִיא זֵייא װֶערֶען פוּן שְׁטַארְקֶע װִינְדֶען
אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען, זֵייא װֶערֶען דָאךְ גֶעפִיהְרְט מִיט אַ קְלֵיינֶעם
5 רוּדֶער, װְאוּ אַהִין דֶער שִׁיפְמֵייסְטֶער װִיל: אַזוֹי אוֹיךְ דִיא
צוּנְג אִיז אַ קְלֵיין גְלִיד, אוּנְד בַּארִיהְמְט זִיךְ פוּן גְרוֹיסֶע
זַאכֶען. זֶעה װִיא אַ קְלֵיין פֵייעֶר צִינְדֶעט אָן אַ גְרוֹיסֶען
6 װַאלְד: אוּנְד דִיא צוּנְג אִיז אַלְס אַ פֵייעֶר, דִיא װֶעלְט פוּן
אוּנְרֶעכְט, צְװִישֶׁען אוּנְזֶערֶע גְלִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט, װֶעלְכֶע
בֶּעפְלֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען לֵייבּ, אוּנְד צִינְדֶעט אָן דָאס רָאד
פוּן דֶער נַאטוּר, אוּנְד זִיא אִיז אָנְגֶעצוּנְדֶען פוּן גֵיהִנָּם:
7 װָארִין יֶעדֶע טֶבַע פוּן בְּהֵמוֹת אוּנְד פוּן עוֹפוֹת, פוּן קְרִי־
כֶענְדִיגֶע אוּנְד פוּן חַיּוֹת אִים יַם אִיז גֶעצוֹימְט אוּנְד אִיז
8 גֶעצוֹימְט גֶעװָארֶען דוּרְךְ דִיא מֶענְשְׁלִיכֶע טֶבַע: אָבֶּער
דִיא צוּנְג קָאן קֵיין מֶענְשׁ נִיט צוֹימֶען; זִיא אִיז אֵיין אוּנ־
9 רוּהִיגֶעס אִיבֶּעל, פוּל מִיט גִיפְט װָאס בְּרֶענְגְט טוֹיט: מִיט
אִיהְר בֶּענְשֶׁען מִיר דֶעם הַאר אוּנְד פָּאטֶער, אוּנְד מִיט אִיהְר
שֶׁעלְטֶען מִיר דִיא מֶענְשֶׁען װָאס זֶענֶען אִין דֶער גֶעשְׁטַאלְט
10 פוּן גָאט: פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען מוֹיל קוּמְט אַרוֹיס בְּרָכָה
אוּנְד קְלָלָה. מֵיינֶע בְּרִידֶער, דִיזֶע זַאכֶען זָאלֶען נִיט אַזוֹי

זַיין: בְּרֶענְגְט דֶער בְּרוּנֶען אַרוֹיס פוּן דִיא זֶעלְבִּיגֶע קְוֶועלֶע 11
זִיס אוּנְד בִּיטֶער וַואסֶער? קָאן אַ פֵייגֶענְבּוֹים, מֵיינֶע בְּרִיי־ 12
דֶער, אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען עֶהלְבֶּעהְרֶען, אָדֶער אַ ווַיינְשְׁטָאק
פֵייגֶען? אַזוֹי קָאן נִיט גֶעזַאלְצֶען וַואסֶער אַרוֹיסְבְּרֶענְגֶען
זִים:
וֶוער אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ אַ קְלוּגֶער אוּנְד פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶער 13
מַאן? לָאז עֶר ווֵייזֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים פוּן אַ גוּטֶען וַואנְדֶעל
מִיט זַאנְפְטמוּטִיגְקֵייט פוּן חָכְמָה: אָבֶּער ווֶען אִיהְר הָאט 14
אִין אֵייעֶר הַארְץ בִּיטֶערֶע קִנְאָה אוּנְד קְרִיג, בַּארִיהְמְט
אֵייךְ נִיט אוּנְד לֵייקֶענְט נִיט קֶעגֶען דֶער ווָאהְרְהֵייט:
דִיזֶע חָכְמָה אִיז נִיט פוּן אוֹיבֶּען, נֵייעֶרְט אִיז עֶרְדִישׁ, 15
נַאטִירְלִיךְ, טֵייפְלִישׁ: ווָארִין ווְאוּ עֶס אִיז קִנְאָה אוּנְד קְרִיג, 16
דָארְט אִיז פֶערְטִימְלוּנְג אוּנְד אַלֶעס שְׁלֶעכְטֶע ווֶערְק:
אָבֶּער דִיא חָכְמָה ווָאס אִיז פוּן אוֹיבֶּען אִיז צוּעֶרְשְׁט רֵיין, 17
דֶערְנָאךְ פְרִידְלִיךְ, דֶעמוּטִיג, גְרִינְג, לָאזְט זִיךְ אִיבֶּערְבֶּע־
טֶען, פוּל מִיט רַחֲמָנוּת אוּנְד גוּטֶע פְרוּכְט, אוּנְפַּארְטֵייאִישׁ,
אָהְן חֲנִיפָה: אוּנְד דִיא פְרוּכְט פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז אִין 18
פְרִידֶען אוֹיסְגֶעזֵייעֶט פַאר דִיא ווָאס מַאכֶען פְרִידֶען:

## קאפיטעל ד

פוּן וַואנֶען זֶענֶען מַחֲלוֹקֶת אוּנְד שְׁטְרֵייטֶען צְווִישֶׁען אֵייךְ? 1
זֶענֶען זֵייא נִיט פוּן דַאנֶען, פוּן אֵייעֶרֶע גְלוּסְטִיגְקֵייטֶען
ווָאס שְׁטְרֵייטֶען אִין אֵייעֶרֶע גְלִידֶער? אִיהְר גְלוּסְט אוּנְד 2
הָאט נִיט; אִיהְר בֶּעגֶעהְט רְצִיחָה אוּנְד זֶענְט מְקַנֵא, אוּנְד
אִיהְר קָאנְט נִיט דֶערְלַאנְגֶען; אִיהְר קְרִיגְט אֵייךְ אוּנְד
הַאלְט מִלְחָמָה. אִיהְר הָאט נִיט ווֵייל אִיהְר בֶּעטֶעט נִיט:
אִיהְר בֶּעטֶעט אוּנְד בֶּעקוּמְט נִיט, ווֵייל אִיהְר בֶּעטֶעט 3
שְׁלֶעכְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶס פֶערְצֶעהְרֶען אִין אֵייעֶרֶע
פֶערְגְנִיגֶען: אִיהְר נוֹאֲפוֹת, ווֵייסְט אִיהְר נִיט אַז דִיא 4
פְרֵיינְדְשַׁאפְט פוּן דֶער ווֶעלְט אִיז פֵיינְדְשַׁאפְט קֶעגֶען
גָאט? דְרוּם אִיטְלִיכֶער ווָאס ווִיל זַיין אַ פְרֵיינְד פוּן דֶער
ווֶעלְט, אִיז בֶּעשְׁטִימְט אַ פֵיינְד פוּן גָאט: אָדֶער דֶענְקְט 5
אִיהְר אַז דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט אוּמְזוּסְט, דֶער גֵייסְט ווָאס עֶר
הָאט אִין אוּנְס גֶעמַאכְט ווְאוֹינֶען גְלוּסְטֶעט צוּ קִנְאָה?
בראשית ו׳ ה׳; מִשְׁלֵי ג׳ ל״ה. אָבֶּער עֶר גִיבְּט מֶעהְר גְנָאד; 6

דְרוּם זָאגְט דִיא שְׁרִיפְט, גָאט װִידֶערְשְׁטֶעהְט דִיא שְׁטָאלְצֶע
אָבֶּער עֶר גִיבְּט גְנָאד צוּ דִיא דֶעמוּטִיגֶע: משלי ג׳ ל״ד.
7 דְרוּם זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ גָאט; אָבֶּער זֶעצְט אַייךְ דֶערְ־
װִידֶער דֶעם שָׂטָן, אוּנְד עֶר װֶעט פוּן אֵייךְ אַװֶעקְפְלִיהֶען:
8 גֶענֶעהְנְט אֵייךְ צוּ גָאט, אוּנְד עֶר װֶעט זִיךְ צוּ אַייךְ גֶע־
נֶעהֶנֶען. רֵיינִיגְט אֵייעֶרֶע הֶענְד אִיהְר זִינְדֶער, אוּנְד מַאכְט
רֵיין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער אִיהְר װָאס הָאט דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד
9 צוּטְהֵיילְט: זַייט עֶלֶענְד אוּנְד טְרוֹיעֶרְט אוּנְד װֵיינְט; לָאזֶען
זִיךְ אֵייעֶרֶע גֶעלֶעכְטֶער פֶערְקֶערְעֶן צוּ קְלָאג אוּנְד אֵייעֶרֶע
10 פְרֵייד צוּ נִידְרִיגְקֵייט: דֶערְנִידְרִיגְט אֵייךְ פָאר דֶעם הַאר,
אוּנְד עֶר װֶעט אֵייךְ דֶערְהֵייכֶען:
11 רֶעט נִיט אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, בְּרִידֶער; דֶער
װָאס רֶעט קֶעגֶען אַ בְּרוּדֶער אָדֶער רִיכְטֶעט זֵיין בְּרוּדֶער
רֶעט קֶעגֶען דֶעם גֶעזֶעץ אוּנְד רִיכְטֶעט דָאס גֶעזֶעץ; נוּן
װֶען דוּא רִיכְטֶעסְט דָאס גֶעזֶעץ, אַזוֹי בִּיסְט דוּא נִיט אַ
12 טְהוּעֶר פוּן דֶעם גֶעזֶעץ נֵייעֶרְט אַ רִיכְטֶער: עֶס אִיז אֵיין
גֶעזֶעצְגֶעבֶּער אוּנְד רִיכְטֶער, דֶער קָאן רֶעטֶען אוּנְד צוּ־
שְׁטֶערֶען; אָבֶּער װֶער בִּיסְט דוּא אַז דוּא רִיכְטֶעסְט דַיין
חַבֵר?
13 קוּמְט נוּן, אִיהְר װָאס זָאגְט, הֵיינְט אָדֶער מָארְגֶען װֶעלֶען
מִיר אַװֶעקְגֶעהֶען אִין דִיזֶער שְׁטָאט אַרֵיין אוּנְד דָארְט
בְּלֵייבֶּען אַ יָאהְר, אוּנְד הַאנְדְלֶען אוּנְד פֶערְדִינֶען:
14 אוּנְד אִיהְר װֵייסְט נִיט װָאס װֶעט זִיךְ מָארְגֶען טְרֶעפֶען.
װָאס אִיז אֵייעֶר לֶעבֶּען? װָארִין אִיהְר זֶענְט אַ דַאמְפְּף
װָאס אִיז גֶעזֶעהֶען פַאר אַ קְלֵיינֶע װֵיילֶע, דֶערְנָאךְ אִיז עֶס
15 אוֹיךְ פֶערְשְׁװִינְדֶען: אַנְשְׁטָאט דֶעם זָאלְט אִיהְר זָאגֶען,
װֶען דֶער הַאר װִיל, װֶעלֶען מִיר לֶעבֶּען אוּנְד טְהוּן יֶענֶעם
16 אָדֶער דָאס: אָבֶּער אַצוּנְד בָּארִיהְמְט אִיהְר אַייךְ אִין אֵייעֶר
שְׁטָאלְץ, אַלֶע אַזֶעלְכֶע בַּארִיהְמֶערֵייא אִיז שְׁלֶעכְט:
17 דְרוּם דֶער װָאס װֵייסְט גוּטֶעס צוּ טְהוּן אוּנְד טְהוּט עֶס נִיט,
דֶעם אִיז עֶס אַ זִינְד:

קאפיטעל ה

1 גֶעהְט נוּר אִיהְר רֵייכֶע, װֵיינְט אוּנְד קְלָאגְט אִיבֶּער
2 אֵייעֶרֶע צָרוֹת װָאס װֶעלֶען קוּמֶען: אֵייעֶר רֵייכְקֵייט אִיז

פֶערְצֶעהְרְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער זֶענֶען מוּלְבִּיג
3 גֶעוָוארֶען: אֵייעֶר גָאלְד אוּנְד אֵייעֶר זִילְבֶּער זֶענֶען פֶערְ־
רָאסְטֶעט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער רָאסְט דֶערְפוּן וֶועט זַיין
פַאר אַ צֵייגְנִיס צוּ אֵייךְ, אוּנְד וֶועט אוֹיפְפְרֶעסֶען אֵייעֶר
פְלֵיישׁ גְלֵייךְ וִויא אַ פַייעֶר. אִיהְר הָאט אוֹצְרוֹת אֵיינְגֶע־
4 זַאמֶעלְט אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג: זֶעה, דֶער לוֹין פוּן דִיא
אַרְבֵּייטֶער וָואס הָאבֶּען אֵייעֶרֶע פֶעלְדֶער גֶעשְׁנִיטֶען, וָואס
אִיז פוּן אֵייךְ צוּרִיקְגֶעהַאלְטֶען שְׁרֵייט אוֹיס, אוּנְד דָאס
גֶעשְׁרֵייא פוּן דִיא וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁנִיטֶען אִיז אַרֵיינְגֶע־
קוּמֶען אִין דִיא אוֹיעֶרֶען פוּן דֶעם הַאר פוּן דִיא הֶערְשַׁארֶען:
5 אִיהְר הָאט לוּסְטִיג גֶעלֶעבְּט אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד הָאט
תַּעֲנוּג גֶעהַאט, אִיהְר הָאט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער גֶענֶעהְרְט אִים
6 טָאג פוּן שְׁלַאכְט: אִיהְר הָאט פֶערְשׁוּלְדִיגְט אוּנְד גֶעהַרְגֶעט
דֶעם גֶערֶעכְטֶען; אוּנְד עֶר הָאט אֵייךְ נִיט וִוידֶערְשְׁטַאנֶען:
7 דֶעסְטְוֶועגֶען, בְּרִידֶער, זֵייט גֶעדוּלְדִיג בִּיז צוּם קוּמֶען פוּן
דֶעם הַאר. זֶעה דֶער אַקֶערֶער וַוארְטֶעט פַאר דִיא טְהֵייעֶרֶע
פְרוּכְט פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד הָאט גֶעדוּלְד מִיט אִיהְר בִּיז
8 זִיא בֶּעקוּמְט דֶעם פְרִיה אוּנְד דֶעם שְׁפֶּעט רֶעגֶען: הָאט
אִיהְר אוֹיךְ גֶעדוּלְד, בֶּעפֶעסְטִיגְט אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער, וָוארִין
9 דָאס קוּמֶען פוּן דֶעם הַאר אִיז נָאהֶענְט: מוּרְמֶעלְט נִיט
בְּרִידֶער אֵיינֶער קֶעגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
נִיט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען; זֶעה דֶער רִיכְטֶער שְׁטֶעהְט פָאר
10 דִיא טְהִיר: נֶעמְט, מֵיינֶע בְּרִידֶער, פַאר אַ בֵּיישְׁפִּיל פוּן
לֵיידֶען אוּנְד גֶעדוּלְד דִיא נְבִיאִים, וָואס הָאבֶּען גֶערֶעט
11 אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר: זֶעה, מִיר רוּפֶען זֵייא
גֶעבֶּענְשְׁט דִיא וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען. אִיהְר הָאט
גֶעהֶערְט פוּן דֶער גֶעדוּלְד פוּן אִיוֹב, אוּנְד אִיהְר הָאט
גֶעזֶעהֶען דֶעם סוֹף פוּן דֶעם הַאר, אַז דֶער הַאר הָאט פִיל
מִיטְלֵייד אוּנְד אִיז בַּארֶעמְהֶערְצִיג:
12 אָבֶּער פָאר אַלֶע זַאכֶען, מֵיינֶע בְּרִידֶער שְׁוֶוערְט נִיט, נִיט
בַּיים הִימֶעל אוּנְד נִיט בַּייא דֶער עֶרְד, אוּנְד נִיט קֵיינֶע
אַנְדֶערֶע שְׁבוּעָה; אָבֶּער לָאז אֵייעֶר יָא זַיין יָא, אוּנְד אֵייעֶר
נֵיין זַיין נֵיין, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט אִין אַ מִשְׁפָּט אַרֵיינְ־
פַאלֶען:

13 הָאט אֵיינֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ יִסוּרִים, לָאז עֶר בֶּעטֶען. אִיז
14 אֵיינֶער פְרֶעהְלִיךְ, לָאז עֶר לוֹיב זִינְגֶען: אִיז אֵיינֶער צְווִי־
שֶׁען אֵייךְ קְרַאנְק, לָאז עֶר רוּפֶען דִיא זְקֵנִים פוּן דֶער
קְהִלָּה, אוּנְד לָאזֶען זֵייא פַאר אִיהְם בֶּעטֶען, נָאכְדֶעם זֵייא
הָאבֶּען אִיהְם גֶעזַאלְבְּט מִיט עֶהְל אִים נָאמֶען פוּן דֶעם הַאר:
15 אוּנְד דָאס גֶעבֶּעט פוּן גְלוֹיבֶּען וֶועט דֶעם קְרַאנְקֶען רֶעטֶען,
אוּנְד דֶער הַאר וֶועט אִיהְם אוֹיפְהֶעבֶּען; אוּנְד וֶוען עֶר הָאט
עֶפֶּעס גֶעזִינְדִיגְט וֶועט עֶס אִיהְם פֶערְגֶעבֶּען וֶוערֶען:
16 דְרוּם זַייט מִתְוַדֶה דִיא זִינְדֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, אוּנְד
בֶּעטֶעט אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
גֶעהֵיילִיגְט וֶוערֶען. דִיא תְּחִנָּה פוּן אַ צַדִיק ווִירְקְט פִיל וֶוען
17 זִיא אוֹיסְדוֹיעֶרְט: אֵלִיָּה אִיז גֶעוֶועזֶען אַ מֶענְשׁ גְלֵייכְאַרְטִיג
ווִיא מִיר, אוּנְד עֶר הָאט עֶרְינְסְט גֶעבֶּעטֶען אַז עֶס זָאל
נִיט רֶעגְנֶען, אוּנְד עֶס הָאט נִיט גֶערֶעגֶענְט אוֹיף דֶער עֶרְד
18 דְרֵייא יָאהְר אוּנְד זֶעקְס חֳדָשִׁים: אוּנְד עֶר הָאט ווִידֶער
גֶעבֶּעטֶען, אוּנְד דֶער הִימֶעל הָאט גֶעגֶעבֶּען רֶעגֶען, אוּנְד
דִיא עֶרְד הָאט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרָאצְט אִיהְרֶע פְרוּכְט:
19 מַיינֶע בְּרִידֶער, וֶוען אַיינֶער צְווִישֶׁען אֵייךְ פֶערְאִירְט זִיךְ
פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, אוּנְד אֵיינֶער וֶועט אִיהְם אוּמְקֶעהְרֶען:
20 לָאז עֶר ווִיסֶען אַז דֶער וֶועלְכֶער קֶעהְרְט אוּם אַ זִינְדֶער
פוּן דֶעם טָעוּת פוּן זַיין וֶועג וֶועט רֶעטֶען אַ זֶעלֶע פוּן
טוֹיט, אוּנְד וֶועט פֶערְדֶעקֶען אַ פִילְהֵייט פוּן זִינְד:

---

# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פֶּעטְרוֹס.

---

1 פֶּעטְרוֹס אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּ דִיא אוֹיסְ־
דֶערְוֶועהְלְטֶע וָואס זֶענֶען אִין פָּאנְטוֹס, גַאלַאטְיָא, כַּאפַּא־
2 דָאקְיָא, אַסְיָא אוּנְד בִּיתוּנְיָא: וָואס זֶענֶען אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט
נָאךְ דֶער פָּארְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט דֶעם פָּאטֶער אִין דֶער
הֵיילִיגוּנְג פוּן דֶעם גֵייסְט, צוּם גֶעהָארְכֶען אוּנְד שְׁפְּרֶענְקְלֶען
פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, גְנָאד אוּנְד פְרִידֶען זָאלֶען
זִיךְ צוּ אֵייךְ מֶעהְרֶען:
3 גֶעבֶּענְשְׁט זַייא גָאט אוּנְד דֶער פָּאטֶער פוּן אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, דֶער הָאט אוּנְס וִוידֶערְגֶעבּוֹירֶען נָאךְ זַיינֶע
גְרוֹיסֶע בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט צוּ אַ לֶעבֶּעדִיגֶע הָאפְנוּנְג דוּרְךְ
4 דִיא אוֹיפְעֶרְשְׁטֶעהוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ פוּן דִיא טוֹיטֶע: צוּ
אַ יְרוּשָׁה וָואס אִיז אוּנְפֶערְדָארְבֶּען, אָהְן אַ פְלֶעק, אוּנְד
אִיז נִיט פֶערְוֶועלְקְט, וָואס אִיז בֶּעהַאלְטֶען פַאר אֵייךְ אִים
5 הִימֶעל: וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעהִיט אִין דֶער מַאכְט פוּן גָאט
דוּרְךְ גְלוֹיבֶּען, צוּ אַ יְשׁוּעָה וָואס אִיז אָנְגֶעבְּרֵייט אַנְטְ־
6 פְּלֶעקְט צוּ וֶוערֶען אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייט: דְרִינֶען אִיהְר
פְרֵייעֶט אֵייךְ זֶעהְר חָאטְשֶׁע וֶוען עֶס מוּס זַיין אַז אִיהְר
זֶענְט אַצוּנְד אַבִּיסֶעל אִין צַעַר גֶעוֶועזֶען דוּרְךְ פֶערְשִׁידֶענֶע
7 פְּרִיפוּנְגֶען: כְּדֵי דִיא פְּרִיפוּנְג פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען וָואס
אִיז פִיל טְהֵייעֶרֶער וִויא דִיא פוּן גָאלְד וָואס אִיז פֶערְ־
דָארְבֶּען, אָבֶּער אִיז גֶעפְּרִיפְט דוּרְךְ פֵייעֶר, זָאל גֶעפִינֶען
וֶוערֶען צוּ לוֹיב אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט אִין דֶער
8 אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: וֶועלְכֶען אִיהְר לִיבְּט
חָאטְשֶׁע אִיהְר הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אָן אִיהְם
אִיהְר גְלוֹיבְּט, הָאטְשֶׁע אִיהְר זֶעהְט אִיהְם נִיט אַצוּנְד, אוּנְד
אִיהְר פְרֵייעֶט אֵייךְ מִיט אַ הֶערְלִיכֶע פְרֵייד וָואס קֶען נִיט
9 אוֹיסְגֶערֶעט וֶוערֶען: אִינְדֶעם אִיהְר בֶּעקוּמְט דֶעם תַּכְלִית
פוּן אֵייעֶר גְלוֹיבֶּען, דִיא רֶעטוּנְג פוּן אֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת:

10 װֶועגֶען װֶועלְכֶע רֶעטוּנְג דִיא נְבִיאִים הָאבֶּען גֶעזוּכְט אוּנְד
אֵייפְרִיג גֶעפָאְרְשְׁט, װָאס הָאבֶּען נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט װֶועגֶען
11 דֶער גְנָאד װָאס אִיז צוּ אֵייךְ: דֶערְװֵייל זֵייא הָאבֶּען גֶע־
פָאְרְשְׁט אוֹיף װֶועלְכֶע אוּנְד װֶועלְכֶערְלֵייא צֵייט דֶער גֵייסְט
פוּן מָשִׁיחַ װָאס אִיז אִין זֵייא גֶעװֶועזֶען הָאט בֶּעדֵייטֶעט, װֶוען
עֶר הָאט פְרִיהֶער בֶּעצֵייגְט דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, אוּנְד
12 דִיא הֶערְלִיכְקֵייט װָאס װֶועט דֶערְנָאךְ קוּמֶען: צוּ װֶועלְכֶע
אִיז אַנְפְּלֶעקְט גֶעװָארֶען, אַז נִיט צוּ זִיךְ אַלֵיין נֵייעֶרְט צוּ
אֵייךְ הָאבֶּען זֵייא גֶעדִינְט אִין דִיא זַאכֶען װָאס זֶענֶען צוּ
אֵייךְ אַצוּנְד דֶערְצֶעהְלְט גֶעװָארֶען דוּרְךְ דִיא װָאס הָאבֶּען
צוּ אֵייךְ גֶעפְּרֶעדִיגְט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ
װָאס אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל אַרוּפְּגֶעשִׁיקְט, אִין װֶועלְכֶע זַאכֶען
מַלְאָכִים הָאבֶּען בֶּעגֶעהְרְט אַרֵיינְצוּקוּקֶען:
13 דְרוּם גַארְטֶעלְט אַרוּם דִיא לֶענְדֶען פוּן אֵייעֶר פֶערְשְׁטַאנְד,
זֵייט נִיכְטֶערְן, אוּנְד זֶעצְט אֵייעֶרֶע גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אוֹיף
דִיא גְנָאד װָאס װֶועט צוּ אֵייךְ גֶעבְּרַאכְט װֶוערֶען אִים אַנְטְ־
14 פְּלֶעקֶען פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אַלְס קִינְדֶער װָאס גֶעהָארְכֶען,
בִּילְדֶעט נִיט אֵייעֶר חַאַרַאקְטֶער נָאךְ דִיא פְרִיהֶערֶע תַּאֲוֹת
15 אִין אֵייעֶרֶע אוּנְװִיסֶענְהֵייט: נֵייעֶרְט נָאךְ דֶעם הֵיילִיגֶען
װֶועלְכֶער הָאט אֵייךְ בֶּערוּפֶען, אַזוֹי זֵייט אִיהְר אוֹיךְ הֵיילִיג
16 אִין אַלֶעם הַאנְדֶעל: װָארִין עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, זֵייט
17 אִיהְר הֵיילִיג הֵייל אִיךְ בִּין הֵיילִיג: ויקרא י״א מ״ד. אוּנְד
װֶוען אִיהְר רוּפְט אָן דֶעם פָאטֶער װֶועלְכֶער אִיז נִיט נוֹשֵׂא
פָנִים אוּנְד רִיכְטֶעט יֶעדֶען נָאךְ זֵיין װֶוערְק, אַזוֹי פֶערְ־
בְּרֶענְגְט דָא דִיא צֵייט פוּן אֵייעֶר אוֹיפְהַאלְטוּנְג אִין פָארְכְט:
18 װָארִין אִיהְר הֵייסְט אַז אִיהְר זֶענְט נִיט אוֹיסְגֶעלֶעזְט גֶע־
װָארֶען מִיט פֶערְדֶערְבְּלִיכֶע זַאכֶען, זִילְבֶּער אוּנְד גָאלְד
פוּן אֵייעֶרֶען נַארִישֶׁען הַאנְדֶעל װָאס אִיהְר הָאט פוּן אֵייעֶרֶע
19 פֶעטֶער דֶערְהַאלְטֶען: נֵייעֶרְט מִיט דֶעם טְהֵייעֶרֶען בְּלוּט
פוּן מָשִׁיחַ, אַזוֹי װִיא פוּן אַ לַאם װָאס אִיז אָהְן אַ מוּם
20 אוּנְד אוּנְבֶּעפְלֶעקְט: דֶער אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעװֶועזֶען פָאר
דֶער גְרוּנְדוּנְג פוּן דֶער װֶועלְט, אָבֶּער אִיז אִין דִיא לֶעצְטֶע
21 צֵייטֶען פוּן אֵייעֶרְטְװֶועגֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעװָארֶען: װָאס
דוּרְךְ אִיהְם גְלוֹיבֶּען אָן גָאט, דֶער הָאט אִיהְם אוֹיפְגֶעװֶועקְט

פון דיא טויטע, אונד האט איהם געגעבען הערליכקייט,
אזוי אז. אייער גלויבען אונד האפנונג זענען אין גאט:
22 אינדעם איהר האט אייערע נשמות געריינינגט אים
געהארזאם פון דער וואהרהייט ניט צו פערשטעלטע
ברודערליבע, אזוי ליבט איינער דעם אנדערן מיט
23 ערינסט פון דעם הארצען: וויל איהר זענט ווידערגע־
בוירען, ניט פון פערדארבענעם זאמען, נייערט פון
אונפערדארבענעם, דורך דעם ווארט פון גאט וואס
לעבט אונד בלייבט:
24 „וואַרין אלעם פלייש איז וויא גראז, אונד אלע
זיינע הערליכקייט וויא א בלום פון גראז, דאס גראז
איז פערדארבען אונד דיא בלום איז אוועקגעפאלען:
25 אבער דאס ווארט פון דעם האר בלייבט אויף
עביג: ישעיה מ׳ ו׳ ז׳ ח׳.
אונד דאס איז דאס ווארט וואס איז צו אייך געפרעדיגט:

קאפיטעל ב

1 דרום טהוט אפ אלע שלעכטהייט, אונד אלע פאלש־
הייט, אונד חניפה, אונד קנאה, אונד אלע רכילות:
2 וויא נייא געבוירענע קינדער בעגעהרט דיא לויטערע
מילך פון דעם ווארט, כדי איהר זאלט דורך דעם
3 וואקסען צו ישועה: ווען איהר האט פערזוכט אז
4 דער האר איז גוטיג: צו וועלכען איהר קומט וויא
צו א לעבעדיגען שטיין, וואס איז פון מענשען פער־
ווארפען, אבער פון גאט אויסדערוועהלט אונד טהייער:
5 איהר אויך וויא לעבעדיגע שטיינער זענט אויפגעבויעט
פאר א גייסטליכעם הויז, איינע הייליגע כהונה, אז
איהר זאלט ברענגען גייסטליכע קרבנות, וואס זענען
6 אנגענומען פאר גאט דורך ישוע המשיח: וויל עס
שטעהט געשריבען אין דער שריפט,
„זעה, איך לעג אין ציון איין עקשטיין אויסדער־
וועהלט, טהייער, אונד דער וואס גלויבט אן איהם
וועט ניט פערשעהמט ווערען״: ישעיה כ״ח ט״ז.
7 דרום צו אייך וואס גלויבען איז דיזער כבוד; אבער צו
דיא וואס גלויבען ניט, דער שטיין וואס דיא בוימייסטער

הָאבֶּען פֶערְוָוארְפֶען, דֶער אִיז צוּם עֶקְשְׁטֵיין גֶעוָוארֶען:
8 תהלים קי"ח כ"ב. אוּנְד עֶר אִיז אַ שְׁטֵיין פוּן אָנְשְׁטוֹיס
אוּנְד אַ פֶעלְז פוּן שְׁטְרוֹיכְלוּנְג; וָועלְכֶע שְׁטְרוֹיכְלֶען
אִינְדֶעם זַייא זֶענֶען אוּנְגֶעהָארְזַאם דֶעם וָוארְט, דֶערְצוּ זֶענֶען
9 זַייא אוֹיךְ גֶעשְׁטֶעלְט: ישעיה ח׳ י"ד. אָבֶּער אִיהְר זֶענְט
אַיין אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶעס דוֹר, אַ קֶענִיגְלִיכֶע כְּהוּנָה, אַ
הֵיילִיג פָאלְק, אַ פָאלְק צוּם בֶּעזִיץ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
דֶערְצֶעהְלֶען דֶעם לוֹיבּ פוּן אִיהְם דֶער הָאט אֵייךְ גֶע־
רוּפֶען פוּן דֶער פִינְסְטֶערְנִיס צוּ זַיין וְואוּנְדֶערְ־
10 לִיכֶען לִיכְט: וָואס אִיהְר זֶענְט פְרִיהֶער נִיט
גֶעוֶועזֶען אַ פָאלְק, אָבֶּער אַצוּנְד זֶענְט אִיהְר דָאס
פָאלְק פוּן גָאט; וָואס אִיהְר הָאט נִיט קֵיינֶע בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט דֶערְהַאלְטֶען, אָבֶּער אַצוּנְד הָאט אִיהְר
דֶערְהַאלְטֶען בַּארֶעמְהֶעוְ־צִיגְקֵייט: הושע א׳ ט׳; ב׳ כ"ג.
11 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ בֶּעט אֵייךְ וִויא פְרֶעמְדֶע אוּנְד וַואנְדֶערֶער,
אַז אִיהְר זָאלְט אֵייךְ אָפְּהַאלְטֶען פוּן דִיא גְלוּסְטֶען פוּן
דֶעם פְלֵיישׁ, וָואס שְׁטְרֵייטֶען קֶעגֶען דֶער נְשָׁמָה:
12 אוּנְד פִיהְרְט אִיהְר אֵייךְ גוּט אוֹיף צְווִישֶׁען דִיא גוֹיִם,
כְּדֵי אִין דֶעם אִין וֶועלְכֶען זַייא לֶעסְטֶערְן אֵייךְ אַלְס
אִיבֶּעלְטְהוּעֶר, זַייא זָאלֶען אָנְזֶעהֶען אֵייעֶרֶע גוּטֶע וֶוערְק,
אוּנְד זָאלֶען גָאט לוֹיבֶּען אִים טָאג פוּן בֶּעזוּכוּנְג:
13 זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ יֶעדֶע מֶענְשְׁלִיכֶע אָרְדְנוּנְג פוּן
וֶועגֶען דֶעם הַאר; אוֹיבּ עֶס אִיז צוּם קֶענִיג וִויא צוּם
14 עֶלְצְטֶען: אָדֶער צוּ פִירְשְׁטֶען אַזוֹי וִויא זַייא זֶענֶען פוּן
אִיהְם גֶעשִׁיקְט צוּ זְשְׁטְרָאפוּנְג פוּן דִיא אִיבֶּעלְטְהוּעֶר אוּנְד
15 צוּם לוֹיבּ פוּן דִיא וָואס טְהוּן גוּטֶעס: וָוארִין דָאס אִיז
דֶער ווִילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר זָאלְט גוּטֶעס טְהוּן אוּנְד
זָאלְט פֶערְשְׁטוּמֶען דִיא אוּנְוִויסֶענְהֵייט פוּן נַארִישֶׁע
16 מֶענְשֶׁען: אַלְס פְרֵייעֶ מֶענְשֶׁען, אוּנְד נִיט אַזוֹי וִויא
אִיהְר הַאלְט אֵייעֶרֶע פְרֵייהֵייט פַאר אַ שְׁלֵייעֶר פוּן
17 שְׁלֶעכְטְהֵייט, נֵייעֶרְט אַלְס קְנֶעכְט פוּן גָאט: הַאלְט אַלֶע
אִין כָּבוֹד, לִיבְּט דִיא בְּרִידֶערְשַׁאפְט, פָארְכְט אֵייךְ פָאר
גָאט, הַאלְט אִין כָּבוֹד דֶעם קֶענִיג:
18 אִיהְר קְנֶעכְט, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע הֶערְרְן

מִיט אַלֶערלֵייא פָּארְכְט, נִיט נוּר צוּ דִיא גוּטֶע אוּנְד
19 עֶדְעלֶע, נֵייעֶרְט אוֹיךְ צוּ דִיא הַארְטֶע: וָוארִין דָאס אִיז
גְנָאדֶענְפָּאל, וֶוען אֵיינֶער לֵיידֶעט צַעַר וֶועגֶען זַיין
גֶעוִויסֶען קֶעגֶען גָאט אוּנְד דֶערְטְרָאגְט אוּנְשׁוּלְדִיג:
20 וָוארִין וָואס פַאר אַ לוֹיבּ אִיז עֶס וֶוען אִיהְר דֶערְטְרָאגְט
נָאכְדֶעם אִיהְר הָאט גֶעזִינְדִיגְט אוּנְד זֶענְט גֶעשְׁלָאגֶען?
אָבֶּער וֶוען אִיהְר דֶערְטְרָאגְט נָאכְדֶעם אִיהְר הָאט גוּטֶעס
גֶעטְהוּן אוּנְד הָאט גֶעלִיטֶען, דָאס אִיז גְנַאדֶענְפָּאל פָּאר
21 גָאט: וָוארִין אִיהְר זֶענְט דֶערְצוּ בֶּערוּפֶען, וַוייל מָשִׁיחַ
הָאט אוֹיךְ גֶעלִיטֶען פַאר אֵייךְ, אוּנְד הָאט אֵייךְ אַ בֵּייא־
שְׁפִּיל אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נָאכְפָאלְגֶען זֵיינֶע
22 שְׁרִיט: וֶועלְכֶער הָאט קֵיינֶע זִינְד נִיט גֶעטְהוּן, אוֹיךְ
אִיז קֵיין בֶּעטְרוּג אִין זַיין מוֹיל גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען:
23 ישעיה נ״ג ט׳. דֶער, וֶוען עֶר אִיז בֶּעלֵיידִיגְט הָאט נִיט
צוּרִיקְבֶּעלֵיידִיגְט, וֶוען עֶר הָאט גֶעלִיטֶען הָאט נִיט
גֶעסְטְרַאשֶׁעט, נֵייעֶרְט עֶר הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען צוּ
24 אִיהְם דֶער טְהוּט רֶעכְט מִשְׁפָּט: דֶער הָאט זֶעלְבְּסְט
אוּנְזֶערֶע זִינְד גֶעטְרָאגֶען אִין זַיין לֵייבּ אוֹיף דֶעם בּוֹים,
כְּדֵי מִיר זָאלֶען אָפְּשְׁטַארְבֶּען צוּ זִינְד אוּנְד זָאלֶען לֶע־
בֶּען צוּ גֶערֶעכְטִיגְקֵייט; דוּרְךְ וֶועמֶעס וְואוּנְדֶען אִיהְר
25 זֶענְט גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען: וָוארִין אִיהְר זֶענְט גֶעוֶועזֶען
וִויא פֶערְאִירְטֶע שָׁאף, אָבֶּער אַצוּנְד הָאט אִיהְר אֵייךְ
אוּמְגֶעקֶעהְרְט צוּם פַּאסְטוּךְ אוּנְד אוֹיפְזֶעהֶער פוּן אֵייעֶרֶע
נְשָׁמוֹת:

קַאפִּיטעל ג

1 גְלֵייכְדֶעם אִיהְר וַוייבֶּער זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ אֵייעֶרֶע
אֵייגֶענֶע מֶענֶער, כְּדֵי, וֶוען אַפִילוּ עֶטְלִיכֶע גְלוֹיבֶּען נִיט
אִים וָוארְט, זַייא זָאלֶען דוּרְךְ דֶעם וַואנְדֶעל פוּן דִיא
2 וַוייבֶּער אָהְן דֶעם וָוארְט גֶעוִוינֶען וֶוערֶען: אִינְדֶעם זֵייא
3 זֶעהֶען אֵייעֶרֶען רֵיינֶען וַואנְדֶעל מִיט פָּארְכְט: אוּנְד לָאז
אֵייעֶרֶע צִירוּנְגֶען נִיט זַיין דִיא אוֹיסֶערֶע פוּן גֶעפְלָאכְטֶענֶע
הָאר אוּנְד גִילְדֶענֶע בֶּענְדֶער, אָדֶער שֶׁעהְנֶע קְלֵיידוּנְג:
4 נֵייעֶרְט לָאז זִיא זַיין דֶער פֶערְבָּארְגֶענֶער מֶענְשׁ פוּן דֶעם
הַארְץ אִין אוּנְפֶערְדַארְבְּלִיכֶע צִירוּנְגֶען פוּן אַ זַאנְפְטְמוּטִיגֶען

אוּנְד שְׁטִילֶען גֵייסְט, וָואס אִיז זֶעהְר טְהֵייעֶר פָאר
5 גָאט: וָוארִין גְלֵייכְדֶעם פְלֶעגֶען זִיךְ דִיא הֵיילִיגֶע פְרוֹיעֶן
פָארְצֵייטֶען צִירֶען וֶועלְכֶע הָאבֶּען אִין גָאט גֶעהָאפְט,
אוּנְד זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוֶועזֶען צוּ זֵייעֶרֶע מֶענֶער:
6 אַזוֹי וִויא שָׂרָה הָאט גֶעהָארְכְט צוּ אַבְרָהָם, אִינְדֶעם זִיא
הָאט אִיהְם גֶערוּפֶען הֶערְר; וֶועמֶעס קִינְדֶער אִיהְר זֶענְט
וֶוען אִיהְר טְהוּט גוּטֶעס אוּנְד פָארְכְט אֵייךְ נִיט מִיט קֵיין
שְׁרֶעקֶען:
7 גְלֵייכְדֶעם אִיהְר מֶענֶער, וְואוֹינְט מִיט זֵייא נָאךְ פֶערְ־
שְׁטַאנְד, וִויא מִיט דֶעם שְׁוַואכֶערֶען כֵּלִי אוּנְד גִיבְּט זֵייא
כָּבוֹד, גְלֵייךְ וִויא אוֹיךְ מִיט־יוֹרְשִׁים פוּן דֶער גְנָאד
פוּן לֶעבֶּען, אַז אֵייעֶרֶע גֶעבֶּעטֶע זָאלֶען נִיט גֶעשְׁטֶערְט
וֶוערֶען:
8 נוּן צוּם לֶעצְטֶען זֵייט אַלֶע גְלֵייכְגֶעדַאנְקֶענְדִיג, מִיטְלֵיידִיג,
9 בְּרִידֶערְלִיךְ, בַּארֶעמְהֶערְצִיג, דֶעמוּטְהִיג: אוּנְד פֶערְגֶעלְט
נִיט שְׁלֶעכְטֶעס פַאר שְׁלֶעכְטֶעס אָדֶער בֶּעלֵיידִיגוּנְג פַאר
בֶּעלֵיידִיגוּנְג, נֵייעֶרְט אִים גֶעגֶענְטְהֵייל בֶּענְשְׁט, וֵוייל אִיהְר
זֶענְט דֶערְצוּ בֶּערוּפֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט יַרְשֶׁענֶען בְּרָכָה:
10 „וָוארִין דֶער וָואס וִויל לִיבּ הָאבֶּען דָאס לֶעבֶּען אוּנְד
זֶעהֶען גוּטֶע טֶעג, לָאז עֶר הַאלְטֶען זַיינֶע צוּנְג פוּן
שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנְד זַיינֶע לִיפֶּען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט
11 פַאלְשְׁהֵייט רֶעדֶען: אָבֶּער לָאז עֶר אָפְּקֶעהְרֶען פוּן
שְׁלֶעכְטֶעס אוּנְד טְהוּן גוּטֶעס, לָאז עֶר זוּכֶען פְרִידֶען
12 אוּנְד עֶס נָאכְפָאלְגֶען: וָוארִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶעם
הַאר זֶענֶען אוֹיף דִיא צַדִיקִים, אוּנְד זַיינֶע אוֹיעֶרֶען
זֶענֶען אָפֶען צוּ זֵייעֶר גֶעבֶּעט, אָבֶּער דָאס פָּנִים פוּן
דֶעם הַאר אִיז קֶעגֶען דִיא וָואס טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס״:
תהלים ל״ד י״ג-י״ז.
13 וֶוער וֶועט אֵייךְ דֶען שָׁאדֶען, וֶוען אִיהְר זֶענְט אֵייפְרִיג
14 נָאךְ דֶעם גוּטֶען? אָבֶּער וֶוען אִיהְר אוֹיךְ לֵיידֶעט וֶועגֶען
גֶערֶעכְטִיגְקֵייט זֶענְט אִיהְר גֶעבֶּענְשְׁט, אוּנְד הָאט קֵיין
מוֹרָא פַאר זֵייעֶר שְׁרֶעקֶען, אוֹיךְ זֵייט נִיט בֶּעטְרִיבְּט:
15 אָבֶּער הֵיילִיגְט דֶעם הַאר מָשִׁיחַ אִין אֵייעֶרֶע הֶערְצֶער
אוּנְד זֵייט בֶּעשְׁטֶענְדִיג בֶּערֵייט צוּ עֶנְטְפֶערְן אִיטְלִיכֶען

וָואס פְּרֶעגְט אֵייךְ וֶועגֶען דֶער הָאפְנוּנְג וָואס אִיז אִין
16 אֵייךְ, דָאךְ מִיט דֶעמוּטְהֶע אוּנְד פָארְכְט: אוּנְד הָאט אַ
גוּטֶעם גֶעוִויסֶען, כְּדֵי אִין וָואס אִיהְר וֶוענְט בֶּערֶעדֶעט
פָאר דִיא וָואס פֶערְשֶׁעהְמֶען אֵייעֶר גוּטֶען וַואנְדֶעל
17 אִין מָשִׁיחַ זָאלֶען צוּ שַׁאנְד וֶוערֶען: וָוארִין עֶס אִיז
לִיבֶּער, וֶוען עֶס אִיז דֶער ווִילֶען פוּן גָאט, אַז אִיהְר
זָאלְט לֵיידֶען פַּאר גוּטֶעס טְהוּן אֵיידֶער פַּאר שְׁלֶעכְטֶעס:
18 ווייל מָשִׁיחַ אִיז אוֹיךְ אֵיינְמָאל גֶעשְׁטָארְבֶּען פַּאר זִינְד
דֶער גֶערֶעכְטֶער פַּאר דִיא אוּנְגֶערֶעכְטֶע, כְּדֵי עֶר זָאל
אוּנְס בְּרֶענְגֶען צוּ גָאט, אִינְדֶעם עֶר אִיז גֶעטֶעטֶעט
גֶעוָוארֶען אִים פְלֵיישׁ, אָבֶּער אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען
19 אִים גֵייסְט: דְרוּם אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
גֶעפְּרֶעדִיגְט צוּ דִיא גֵייסְטֶער וָואס זֶענֶען אִין גֶעפֶענְגְנִיס:
20 וָואס הָאבֶּען פָארְצֵייטֶען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט, וֶוען דִיא
לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט פוּן גָאט הָאט אִין דִיא טֶעג פוּן נֹחַ
גֶעוַוארְט, דֶערְוֵויל דִיא תֵּיבָה אִיז פָארְבֶּערֵייטֶעט
גֶעוָוארֶען, אִין וֶועלְכֶער עֶטְלִיכֶע, דָאס הֵייסְט אַכְט
נְפָשׁוֹת, זֶענֶען דוּרְךְ וַואסֶער גֶערֶעטֶעט גֶעוָוארֶען:
21 וֶועלְכֶעס אִיז אַצוּנְד נָאךְ אַ פָארְבִּילְד, אוֹיךְ אַז
טְבִילָה רֶעטֶעט אֵייךְ, נִיט דָאס אָפְּטְהוּן פוּן דִיא
אוּנְרֵיינִיגְקֵייט פוּן דֶעם פְלֵיישׁ, נֵייעֶרְט דִיא בֶּערוּפוּנְג
פוּן אַ גוּטֶען גֶעוִויסֶען אוֹיף גָאט, דוּרְךְ דִיא אוֹיפֶערְ־
22 שְׁטֶעהוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ: וֶועלְכֶער אִיז אִין הִימֶעל
גֶעגַאנְגֶען, אוּנְד אִיז צוּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן גָאט,
צוּ דֶעם דִיא מַלְאָכִים אוּנְד הֶערְשַׁאפְטֶען אוּנְד מֶעכְטֶען
זֶענֶען אוּנְטֶערְטֶענִיג גֶעוָוארֶען:

## קאפיטעל ד

1 דֶעסְטְוֶועגֶען, אִינְדֶעם מָשִׁיחַ הָאט אִים פְלֵיישׁ גֶעלִיטֶען,
וָואפֶענְט אִיהְר אֵייךְ אוֹיךְ מִיט דֶעם זֶעלְבִּיגֶען פֶערְ־
שְׁטַאנְד, ווייל דֶער וָואס הָאט אִים פְלֵיישׁ גֶעלִיטֶען
2 הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט פוּן זִינְד: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט
מֶעהְר דִיא אִיבְּרִיגֶע צֵייט לֶעבֶּען אִים פְלֵיישׁ צוּ דִיא
גְלוּסְטֶען פוּן מֶענְשֶׁען, נֵייעֶרְט דוּרְךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט:
3 וָוארִין דִיא פֶערְגַאנְגֶענֶע צֵייט אִיז גֶענוּג אַז מִיר הָאבֶּען

גֶעווִירְקְט דֶעם ווִילֶען פוּן דִיא גוֹיִם, אוּנְד הָאבֶּען גֶעווַאנְ־
דֶעלְט אִין אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, גְלוּסְטֶען, ווֵיינְזוֹיפֶען,
טַאנְצֶען, פְרֶעסֶען, אוּנְד גֶעזֶעצְלוֹזִיגֶע אָפְּגֶעטֶערֵייא:
4 דְרִינְגֶען אִיז זֵייא אַ חִדּוּשׁ ווֶען אִיהְר לוֹיפְט נִיט מִיט זֵייא
צוּ דִיא זֶעלְבִּיגֶע פֶערְשְׁווֶענְדוּנְג פוּן אוּנְמֶעסִיגְקֵייט,
5 דֶערְבַּייא לֶעסְטֶערְן זֵייא אֵייךְ: ווֶעלְכֶע ווֶעלֶען אָפְּגֶעבֶּען
חֶשְׁבּוֹן צוּ דֶעם ווֶעלְכֶער אִיז אָנְגֶעבֶּערֵייט צוּ רִיכְטֶען
6 דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע אוּנְד דִיא טוֹיטֶע: ווָארִין דֶערְצוּ אִיז
אוֹיךְ דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה גֶעפְּרֶעדִיגְט גֶעווָארֶען צוּ דִיא
טוֹיטֶע, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אִים פְלֵיישׁ נָאךְ מֶענְשֶׁען גֶע־
רִיכְטֶעט ווֶערֶען, אָבֶּער נָאךְ גָאט זָאלֶען לֶעבֶּען אִים
גֵייסְט:
7 אָבֶּער דָאס עֶנְד פוּן אַלֶע זַאכֶען אִיז נָאהֶענְט; דְרוּם זֵייט
8 קְלוּג אוּנְד ווַאכְט צוּ גֶעבֶּעט: פָאר אַלֶעם הָאט הֶערְצְלִיכֶע
לִיבֶּע צְווִישֶׁען אֵייךְ; ווָארִין לִיבֶּע דֶעקְט צוּ פִילֶע זִינְד:
9 זֵייט מַכְנִיס אוֹרְחִים אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן אָהְן גֶעמוּרְמֶעל:
10 גְלֵייךְ ווִיא יֶעדֶער אֵיינֶער פוּן אֵייךְ הָאט בֶּעקוּמֶען אַ
מַתָּנָה, אַזוֹי זָאל עֶר דֶעם אַנְדֶערְן דֶערְמִיט בֶּעדִינֶען
אַלְס גוּטֶע פֶערְוַואלְטֶער פוּן דִיא פִילֶערְלֵייא גְנָאד פוּן
11 גָאט: ווֶען אֵיינֶער רֶעט, לָאז עֶר רֶעדֶען ווִיא מִיט דִיא
ווֶערְטֶער פוּן גָאט; ווֶען אֵיינֶער בֶּעדִינְט, לָאז עֶר בֶּעדִינֶען
ווִיא פוּן דֶער קְרַאפְט ווָאס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען; כְּדֵי גָאט
זָאל אִין אַלֶע זַאכֶען פֶערְהֶערְלִיכְט ווֶערֶען דוּרְךְ יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ, צוּ דֶעם אִיז דֶער כָּבוֹד אוּנְד דִיא קְרַאפְט פוּן
עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
12 גֶעלִיבְּטֶע, לָאזְט אֵייךְ נִיט אָפְּווֶענְדִיג גֶעמַאכְט ווֶערֶען
דוּרְךְ דִיא פֵייעֶרְדִיגֶע פְּרִיפוּנְג ווָאס קוּמְט צְווִישֶׁען אֵייךְ
כְּדֵי אֵייךְ צוּ פְּרִיפֶען, גְלֵייךְ ווִיא עֶס הָאט זִיךְ אֵייךְ עֶפֶּעס
13 נֵייעֶס צוּגֶעטְרָאפֶען: נֵייעֶרְט פְרֵייעֶט אֵייךְ, אִינְדֶעם אִיהְר
הָאט אַ טְהֵייל אִין דִיא לֵיידֶען פוּן מָשִׁיחַ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט
אֵייךְ אוֹיךְ פְרֵייעֶן מִיט גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אִין דֶער אַנְטְפְּלֶע־
14 קוּנְג פוּן זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט: ווֶען אִיהְר ווֶערְט בֶּעלֶעסְטֶערְט
ווֶעגֶען דֶעם נָאמֶען פוּן מָשִׁיחַ, גֶעבֶּענְשְׁט זֶענְט אִיהְר,
ווֵייל דֶער גֵייסְט פוּן הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד פוּן גָאט רוּהְט

15 אוֹיף אֵייך: וָוארִין, לָאז קֵיינֶער פוּן אֵייך נִיט לֵיידֶען אַלְס
רוֹצֵחַ אָדֶער גַנָב אָדֶער אֵיין אִיבֶּעלְטְהוּעֶר, אָדֶער וִויא
16 אֵיינֶער וָואס מִישְׁט זִיךְ אִין פְרֶעמְדֶע זַאכֶען: אָבֶּער וֶוען
אֵיינֶער לֵיידֶעט אַלְס אַ קְרִיסְט, לָאז עֶר זִיךְ נִיט שֶׁעהְמֶען,
17 נֵייעֶרְט לָאז עֶר גָאט לוֹיבֶּען אִין דִיזֶען נָאמֶען: וָוארִין אִין
דִיא צֵייט וֶוען דָאס מִשְׁפָּט וֶועט פוּן דֶעם הוֹיז פוּן גָאט
אָנְהֶעבֶּען; אוּנְד וֶוען צוּעֶרְשְׁט פוּן אוּנְס, וָואס וֶועט דֶער
סוֹף זַיין פוּן דִיא וָואס גֶעהָארְכֶען נִיט דִיא בְּשׂוֹרָה טוֹבָה
18 פוּן גָאט? אוּנְד וֶוען דֶער גֶערֶעכְטֶער וֶועט קוֹים גֶערֶע־
טֶעט וֶוערֶען, וְואוּ וֶועט דֶער גָאטְלָאזִיגֶער אוּנְד דֶער
19 זִינְדֶער עֶרְשֵׁיינֶען? דְרוּם לָאזֶען אוֹיךְ דִיא וָואס לֵיידֶען
נָאךְ דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט זֵייעֶרֶע נְשָׁמוֹת אִיבֶּערְגֶעבֶּען
מִיט גוּטֶעס טְהוּן צוּ אַ גֶעטְרֵייעֶן בֶּעשֶׁעפֶּער:

קאפיטעל ה

1 דְרוּם בִּין אִיךְ מַזְהִיר דִיא זְקֵנִים וָואס זֶענֶען צְווִישֶׁען
אֵייךְ, וָואס אִיךְ בִּין אוֹיךְ דֶער זָקֵן אוּנְד עֵדוּת פוּן דִיא
לֵיידֶען פוּן יֵשׁוּעַ, אוֹיךְ דֶער חַבֵר פוּן דֶער הֶערְלִיכְקֵייט
2 וָואס וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען: וֵוייֶדעט דִיא סְטַאדֶע פוּן
גָאט וָואס אִיז צְווִישֶׁען אֵייךְ, נִיט ווִיא גֶעצְווִינְגֶען
נֵייעֶרְט מִיט גוּטֶען ווִילֶען אַזוֹי ווִיא צוּ גָאט, אוּנְד
נִיט פַאר שֶׁענְדְלִיכֶען גֶעווִינְסְט, נֵייעֶרְט מִיט אַ רֵיינֶעם
3 אֵייפֶער: אוּנְד נִיט גְלֵייךְ ווִיא דִיא וָואס הֶערְשֶׁען
אִיבֶּער דִיא וָואס זֶענֶען צוּ זֵייא אָנְפֶּערְטְרוֹיעֶט, נֵייעֶרְט
4 זֵייט אַ בֵּיישְׁפִּיל צוּ דֶער סְטַאדֶע: אוּנְד וֶוען דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער פַּאסְטוּךְ וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, וֶועט
אִיהְר דֶערְהַאלְטֶען דִיא קְרוֹין פוּן הֶערְלִיכְקֵייט וָואס
וֶועט נִיט פֶּערְגֶעהֶען:
5 גְלֵייכְדֶעם אִיהְר יוּנְגֶערֶע, זַייט אוּנְטֶערְטֶענִיג צוּ דִיא
זְקֵנִים. אוּנְד אַלֶע פוּן אֵייךְ זֵייט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן
אוּנְטֶערְטֶענִיג מִיט דֶעמוּטְה, וָוארִין גָאט אִיז קֶעגֶען
דִיא שְׁטָאלְצֶע, אָבֶּער צוּ דִיא דֶעמוּטְהִיגֶע גִיבְּט עֶר
גְנָאד:
6 דְרוּם דֶעמוּטְהִיגְט אֵייךְ אוּנְטֶער דִיא מֶעכְטִיגֶע הַאנְד
פוּן גָאט, כְּדֵי עֶר זָאל אֵייךְ אִין דֶער צֵייט דֶערְהֵייכֶען:

7 אוּנְד וַוארְפְט. אַלֶע אַייעֶרֶע דַאגָה אוֹיף אִיהְם, וָוארִין
8 עֶר זָארְגְט פַאר אֵייךְ: זֵייט נִיכְטֶערְן, אוּנְד וַואכְט; אֵייעֶער
פֵיינְד דֶער שָׂטָן, גֶעהְט אַרוּם וִויא אַ בְּרוּמֶענְדִיגֶער
9 לֵייבּ אוּנְד זוּכְט וֶועמֶען עֶר זָאל אֵיינְשְׁלִינְגֶען: דֶעם
וִוידֶערְשְׁטֶעהְט אִים גְלוֹיבֶּען, אִינְדֶעם אִיהְר וֵוייסְט אַז
דִיא זֶעלְבִּיגֶע לֵיידֶען זֶענֶען דֶערְפִילְט אִין אֵייעֶרֶע
בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט:
10 אוּנְד דֶער גָאט פוּן אַלֶער גְנָאד, דֶער אוּנְס בֶּערוּפֶען
הָאט צוּ זֵיינֶע עֶבִּיגֶע הֶערְלִיכְקֵייט אִין מָשִׁיחַ, נָאכְדֶעם
אִיהְר הָאט אַ קְלֵיינֶע צֵייט גֶעלִיטֶען וֶועט אֵייךְ פָּאלְ־
קָאמֶען מַאכֶען, וֶועט אֵייךְ שְׁטַארְקֶען, בֶּעפֶעסְטִיגֶען,
11 גְרִינְדֶען: צוּ אִיהְם זָאל זֵיין דִיא הֶערְשַׁאפְט פוּן
עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
12 דוּרְךְ סִלְוָואנוּס דֶעם גֶעטְרֵייעֶן בְּרוּדֶער, וִויא אִיךְ הַאלְט,
הָאבּ אִיךְ בְּקִיצוּר גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנְד אִיךְ וָוארְן אוּנְד
בֶּעצֵייג אַז דָאס אִיז דִיא וָואהְרֶע גְנָאד פוּן גָאט וָואס
13 אִיהְר שְׁטֶעהְט דְרִינֶען: דִיא אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע וָואס
אִיז אִין בָּבֶל, אוּנְד מֵיין זוּהְן מַרְקוֹס גְרִיסֶען אֵייךְ:
14 גְרִיסְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן מִיט אַ קִישׁ פוּן לִיבֶּע.
פְרִידֶען זֵייא מִיט אֵייךְ אַלֶע וָואס זֶענֶען אִין מָשִׁיחַ:

# דֶער צְוֵוייטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל פֶּעטְרוּס.

---

1 שִׁמְעוֹן פֶּעטְרוּס, אַ קְנֶעכְט אוּנְד אֵיין אַפָּאסְטֶעל פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען אַ
גְלֵייכְוֶוערְטִיגֶען גְלוֹיבֶּען מִיט אוּנְס, אִין דֶער גֶערֶעכְטִיגְ־
קֵייט פוּן אוּנְזֶער גָאט אוּנְד רֶעטֶער, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
2 גְנָאד אוּנְד פְרִידֶען זָאלֶען זִיךְ צוּ אֵייךְ מֶעהְרֶען אִין
דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן גָאט אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ:
3 גְלֵייךְ וִויא זַיינֶע גֶעטְלִיכֶע קְרַאפְט הָאט אוּנְס גֶעשֶׁענְקְט
אַלֶע זַאכֶען וָואס קֶעהְר צוּם לֶעבֶּען אוּנְד פְרוּמְקַייט דוּרְךְ
דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אִיהְם, וֶועלְכֶער הָאט אוּנְס בֶּערוּפֶען
4 דוּרְךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד לוֹיב: דוּרְךְ
וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען צוּ אוּנְס גֶעגֶעבֶּען דִיא טְהֵייעֶרֶע אוּנְד
זֶעהְר גְרוֹיסֶע הַבְטָחוֹת, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט דוּרְךְ דִיזֶע
הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִין דִיא גֶעטְלִיכֶע נַאטוּר, אִינְדֶעם אִיהְר
זֶענְט אַנְטְרִינֶען פוּן דֶעם פֶּערְדַארְבֶּען וָואס אִין אִיז דֶער
5 וֶועלְט דוּרְךְ גְלוּסְטֶען: אוּנְד אִין דֶעמְזֶעלְבֶּען אַלֶערְלֵייא
פְלֵייסִיגְקֵייט דֶערְשְׁטֶעלְט, אוּנְד זֶעצְט צוּ צוּ אֵייעֶר גְלוֹי־
בֶּען גוּטֶע מִדוֹת, אוּנְד צוּ גוּטֶע מִדוֹת דֶערְקֶענְטְנִיס:
6 אוּנְד צוּ דֶערְקֶענְטְנִיס מֶעסִיגְקֵייט, אוּנְד צוּ מֶעסִיגְקֵייט
7 גֶעדוּלְד, אוּנְד צוּ גֶעדוּלְד פְרוּמְקֵייט: אוּנְד צוּ פְרוּמְקֵייט
8 בְּרִידֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד צוּ בְּרִידֶערְלִיכְקֵייט לִיבֶּע: וָוארִין
וֶוען דִיזֶע זַאכֶען זֶענֶען אִין אֵייךְ אוּנְד מֶעהְרֶען זִיךְ,
לָאזֶען זֵייא אֵייךְ נִיט פוֹיל זַיין אוּנְד אוֹיךְ נִיט אָהְן פְרוּכְט
וֶוענֶען דֶער דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
9 וָוארִין דֶער וָואס הָאט נִיט דִיזֶע זַאכֶען אִיז בְּלִינְד, אִינְדֶעם
עֶר זֶעהְט נוּר דָאס וָואס אִיז נָאהֶענְט, אוּנְד הָאט פֶערְגֶע־
סֶען אַז עֶר אִיז פוּן זַיינֶע אַלְטֶע זִינְד גֶערֵיינִיגְט גֶעוָוארֶען:
10 דֶעסְטְוֶועגֶען בְּרִידֶער, בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ נָאךְ מֶעהְר אַז

אִיהְר זָאלְט אֵייעֶרֶע בֶּערוּפוּנְג אוּנְד אוֹיסְדֶערְוֶועהְלוּנְג
זִיכֶער מַאכֶען; וָוארִין וֶוען אִיהְר טְהוּט דִיזֶע זַאכֶען וֶועט
11 אִיהְר קֵיינְמָאל נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען: וָוארִין אַזוֹי וֶועט אֵייךְ
רֵייכְלִיךְ גֶעגֶעבֶּען וֶוערֶען דֶער אֵיינְגַאנְג צוּם עֶבִּיגֶען
קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶער הַאר אוּנְד רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ:
12 דֶעסְטְוֶועגֶען וִויל אִיךְ נִיט אוֹיפְהֶערֶען אֵייךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג
וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען צוּ דֶערְמָאהְנֶען, אַפִּילוּ וֶוען אִיהְר
קֶענְט זֵייא אוּנְד זֶענְט בֶּעפֶעסְטִיגְט אִין דִיא וָואהְרְהֵייט
13 וָואס אִיז מִיט אֵייךְ: אָבֶּער אִיךְ הַאלְט עֶס פַאר רֶעכְט,
אַזוֹי לַאנְג וִויא אִיךְ בִּין אִין דִיזֶען גֶעצֶעלְט, אַז אִיךְ זָאל
14 אֵייךְ דוּרְךְ דֶערְמָאהְנוּנְג דֶערְוֶועקֶען: אִינְדֶעם אִיךְ וֵויים
אַז דָאס אָפְּלֶעגֶען פוּן מֵיין גֶעצֶעלְט קוּמְט גֶעשְׁוִוינְד,
גְלֵייךְ וִויא אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאט מִיר גֶעוִוזֶען:
15 אוּנְד אִיךְ וֶועל מִיךְ פְלֵייסִיגֶען אַז אִיהְר זָאלְט דִיזֶע זַאכֶען
אוֹיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג גֶעדֶענְקֶען נָאךְ מֵיין אַוֶועקְגֶעהֶען:
16 וָוארִין מִיר הָאבֶּען נִיט נָאכְגֶעפָאלְגְט קֵיינֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְ־
טֶע לִיגֶען וֶוען מִיר הָאבֶּען אֵייךְ צוּ וִויסֶען גֶעטְהוּן דִיא
קְרַאפְט אוּנְד דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ,
נֵייעֶרְט מִיר הָאבֶּען זֵיינֶע גְדוּלָּה מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען
17 גֶעזֶעהֶען: וָוארִין עֶר הָאט דֶערְהַאלְטֶען פוּן גָאט דֶעם
פָאטֶער כָּבוֹד אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט, וֶוען אַזֶעלְכֶעם קוֹל אִיז
צוּ אִיהְם גֶעקוּמֶען פוּן דֶער זֶעהְר הוֹיכֶע הֶערְלִיכְקֵייט,
דָאס אִיז מֵיין גֶעלִיבְּטֶער זוּהְן, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ
18 וְואוֹילְגֶעפַאלֶען: מתי ג׳ י״ז, י״ז ה׳. אוּנְד דִיזֶעם קוֹל הָאבֶּען
מִיר גֶעהֶערְט פוּן הִימֶעל קוּמֶען, וֶוען מִיר זֶענֶען מִיט
אִיהְם גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם הֵיילִיגֶען בַּארְג:
19 אוּנְד מִיר הָאבֶּען דָאס וָוארְט פוּן נְבוּאָה וָואס אִיז
אוֹיךְ פֶּעסְטֶער גֶעמַאכְט, דְרוֹיף וֶועט אִיהְר רֶעכְט טְהוּן
וֶוען אִיהְר גִיבְּט אַכְטוּנְג גְלֵייךְ וִויא אוֹיף אַ לִיכְט וָואס
שֵׁיינְט אִין אַ פִינְסְטֶערְן אָרְט, בִּיז עֶס וֶועט טָאג וֶוערֶען
אוּנְד דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְן וֶועט אוֹיפְגֶעהֶען אִין אֵייעֶרֶע
20 הֶערְצֶער: אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר צוּעֶרְשְׁט וִויסֶען, אַז
דִיא גַאנְצֶע נְבוּאָה פוּן דֶער שְׁרִיפְט אִיז נִיט פוּן אֵיי־
21 גֶענֶע אוֹיסְלֶעגוּנְג: וָוארִין נְבוּאָה אִיז נִיט גֶעקוּמֶען צוּ

יעדער צייט דורך דעם ווילען פון מענשען, נייערט
דיא מענשען זענען פון דעם רוח הקודש געפיהרט
אונד האבען גערעט פון גאט:

קאפיטעל ב

1 אונד עס זענען אויך פאלשע נביאים געוועזען צווישען
דעם פאלק, אזוי וויא עס וועלען אויך זיין צווישען
אייך פאלשע לעהרער, וועלכע וועלען אריינברענגען
שטילערהייט פערדארבליכע מצות, אונד וועלען פער־
לייקענען דעם האר דער האט זייא אויסגעקויפט, אונד
וועלען איבער זיך זעלבסט ברענגען געשווינדעס
2 פערדארבען: אונד פילע וועלען נאכפאלגען זייערע
אויסגעלאסענהייטען, דורך דיא וועט דער וועג פון
3 וואהרהייט געלעסטערט ווערען: אונד דורך גייציגקייט
וועלען זייא אוים אייך מיט אויסגעטראכטע ווערטער
סחורה מאכען; פאר וועלכע דאס געריכט פון לאנג
אן זוימט זיך שוין ניט, אונד זייער פערדארבען
דרימעלט ניט:
4 וואריך ווען גאט האט ניט פערשפארט מלאכים וואס
האבען געזינדיגט, נייערט האט זייא אין גיהנם ארונפּ־
געווארפען אין גריבער פון פינסטערנים, אונד האט
זייא איבערגעגעבען צום געריכט בעהאלטען צו ווערען:
5 אונד ער האט ניט פערשפארט דיא אלטע וועלט,
נייערט האט געהיט נח מיט זיבען אנדערע, א פרעדיגער
פון גערעכטיגקייט, אונד האט געבראכט א מבול
6 איבער דיא וועלט פון דיא רשעים: אונד ער האט
געמאכט צו אש דיא שטעט פון סדום אונד עמורה,
אונד האט זייא פארשולדיגט דורך איין אומשטורץ,
דרינען האט ער א ביישפיל געמאכט פון דיא וואס
7 וועלען רשעות טהון: אונד האט מציל געוועזען דעם
גערעכטען לוט, וועלכען דיא רשעים האבען געפלאגט
מיט זייערע שלעכטע מדות דורך אויסגעלאסענהייט:
8 ווארין דיזער צדיק וואס האט צווישען זייא געוואוינט,
ווען ער האט געזעהען אונד געהערט זייערע אונגע־
זעצליכע מעשים, האט ער טעגליך געהאט יסורים אין

9 זײַנְע גֶערֶעכְטֶע נְשָׁמָה: דֶער הַאר װֵייסְט װִיא אַזױ
דִיא פְרוּמֶע לֵייט מַצִיל צוּ זַיין פוּן פְּרִיפוּנְג, אוּנְד דִיא
רְשָׁעִים צוּ בֶּעהַאלְטֶען צוּם יוֹם הַדִין בֶּעשְׁטְרָאפְט צוּ
10 װֶערֶען: דָאךְ מֵייסְטֶענְס דִיא װָאס גֶעהֶען נָאךְ דֶעם
פְלֵיישׁ דוּרְךְ דֶעם גְלוּסְטֶען פוּן אוּנְרֵיינִיגְקֵייט, אוּנְד
פֶערְאַכְטֶען דִיא הֶערְשַׁאפְט. דִיזֶע זֶענֶען עַזוּת פָּנִים,
הַקְשָׁנִים, דִיא לֶעסְטֶערְן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אָהְן פָארְכְט:
11 װֶען אַפִילוּ דִיא מַלְאָכִים װָאס זֶענֶען גְרֶעסֶער אִין קְרַאפְט
אוּנְד אִין מַאכְט בְּרֶענְגֶען נִיט קֶעגֶען זֵייא קֵיין אָנְקְלָאג
12 פוּן לֶעסְטֶערוּנְג בַּייא דֶעם הַאר: אָבֶּער דִיזֶע, גְלֵייךְ װִיא
אוּנְפֶערְנוּנְפְטִיגֶע חַיוֹת, װָאס זֶענֶען פוּן נַאטוּר גֶעבוֹירֶען
גֶעהַאפְט אוּנְד אוּמְגֶעבְּרַאכְט צוּ װֶערֶען, לֶעסְטֶערְן אִין
דִיא זַאכֶען װָאס זֵייא פֶערְשְׁטֶעהֶען נִיט, אוּנְד װֶעלֶען
אוֹיךְ פֶערְלוֹירֶען װֶערֶען אִין זֵייעֶרֶע פֶערְדָארְבֶּענְהֵייט:
13 אִינְדֶעם זֵייא לֵיידֶען אוּנְרֶעכְט פַאר אַ לוֹין פוּן אוּנְרֶעכְט;
דִיא װָאס הַאלְטֶען עֶס פַאר אַ תַּעֲנוּג צוּ זוֹיפֶען בַּיים
קְלָארֶען טָאג, אוּנְד װִיא פְלֶעקֶען אוּנְד פֶעהְלֶער קְװֶעלֶען
זֵייא אִין זֵייעֶרֶע לִיבֶּעסְמָאלְצֵייטֶען בְּשַׁעַת זֵייא עֶסֶען
14 מִיט אֵייךְ: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אוֹיגֶען פוּל מִיט זְנוּת, אוּנְד
װָאס קֶענֶען נִיט אוֹיפְהֶערֶען פוּן זִינְד, װֶעלְכֶע פֶערְפִיהְרֶען
לֵייכְטְזִינִיגֶע זֶעלֶען, אוּנְד הָאבֶּען הֶערְצֶער גֶעלֶערְנְט גֵייצִיג
15 צוּ זַיין, אוּנְד זֶענֶען קִינְדֶער פוּן דֶעם פְלוּךְ: זֵייא
הָאבֶּען דֶעם רֶעכְטֶען װֶעג פֶערְלָאזֶען, אוּנְד זֶענֶען פֶערְ־
פִיהְרְט גֶעװָארֶען, אוּנְד זֶענֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דֶעם װֶעג פוּן
בִּלְעָם דֶעם זוּהְן פוּן בְּעוֹר, װָאס הָאט גֶעלִיבְּט דֶעם לוֹין
16 פוּן אוּנְרֶעכְט: אוּנְד אִיז גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעװָארֶען פַאר
זַיין אֵייגֶען אִיבֶּעל; אַ שְׁטוּמֶער עֶזֶעל הָאט גֶערֶעט מִיט
דֶעם קוֹל פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד הָאט גֶעהִינְדֶערְט דָאס
מְשׁוּגַעַת פוּן דֶעם נָבִיא:
17 דִיזֶע זֶענֶען בְּרוּנֶען אָהְן װַאסֶער, װָאלְקֶען װָאס זֶענֶען
אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן אַ שְׁטוּרְמְװִינְד, פַאר װֶעלְכֶע דִיא
שְׁװַארְצֶעסְטֶע פִינְסְטֶערְנִיס אִיז אוֹיף עֶבִּיג בֶּעהַאלְטֶען:
18 װָארִין זֵייא רֶעדֶען זֶעהְר שְׁטָאלְצֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, אוּנְד
דוּרְךְ דִיא גְלוּסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פֶערְפִיהְרֶען זֵייא

דוּרְךְ אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט דִיא וָואס זֶענֶען קוֹים אַנְטְרִינֶען
19 פוּן דִיא וָואס וַואנְדְלֶען אִים טָעוּת: דִיא וָואס זָאגֶען
זַייא צוּ פְרַייהֵייט, דֶערְוֵייל זֶענֶען זַייא אַלֵיין דִיא קְנֶעכְט
פוּן פֶערְדַארְבֶּען; וָוארִין צוּ דֶעם אֵיינֶער הָאט זִיךְ אוּנ־
טֶערְגֶעוָוארְפֶען פוּן דִיזֶעם אִיז עֶר אַ קְנֶעכְט גֶעמַאכְט:
20 וָוארִין וֶוען זַייא זֶענֶען אַנְטְרִינֶען פוּן דִיא אוּמְרֵיינִיגְקֵייד
טֶען פוּן דֶער וֶועלְט דוּרְךְ דִיא דֶערְקֶענְטְנִיס פוּן דֶעם
הַאר אוּנְד רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד דָאךְ זֶענֶען זַייא
וִוידֶער דְרִינֶען פֶערְוִויקֶעלְט גֶעוָוארֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ
אוּנְטֶערְגֶעוָוארְפֶען, אַזוֹי זֶענֶען זַייא מִיט דִיא לֶעצְטֶע
21 זַאכֶען אַרְגֶער ווִיא דִיא עֶרְשְׁטֶע: וָוארִין עֶס וָואלְט פַאר
זַייא בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען אַז זַייא וָואלְטֶען נִיט גֶעקֶענְט
דֶעם וֶועג פוּן גֶערֶעכְטִיגְקֵייט, אֵיידֶער נָאכְדֶעם זַייא
הָאבֶּען עֶס גֶעקֶענְט זִיךְ אָפְּקֶעהְרֶען פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען
22 גֶעבָּאט וָואס אִיז צוּ זַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען: עֶס הָאט זִיךְ
צוּ זַייא גֶעטְרָאפֶען נָאךְ דֶעם וָואהְרֶען מָשָׁל, אַ הוּנְד
קֶעהְרְט זִיךְ צוּ זַיין אֵייגֶענֶע מֶעקִיכְץ, אוּנְד אֵיין אָפְּגֶע־
וַואשֶׁענֶעם חַזִיר וַואלְגֶערְט זִיךְ וִוידֶער אִים גְרוּבֶּען:

מִשְׁלֵי כ״ו י״א.

## קאפיטעל ג

1 דָאס אִיז שׁוֹין דֶער צְווֵייטֶער בְּרִיף, גֶעלִיבְּטֶע, וָואס אִיךְ
שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, אִין וֶועלְכֶען אִיךְ דֶערְוֶועק אֵייעֶר לוֹי־
2 טֶערֶען פֶערְשְׁטַאנְד: דוּרְךְ דֶערְמָאהְנֶען אַז אִיהְר זָאלְט
גֶעדֶענְקֶען דִיא וֶוערְטֶער וֶועלְכֶע זֶענֶען אֵייךְ פְרִיהֶער
גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע נְבִיאִים, אוּנְד דָאס
גֶעבָּאט צוּ אֵייךְ פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל פוּן דֶעם הַאר אוּנְד
3 רֶעטֶער: אוּנְד דָאס זָאלְט אִיהְר צוּעֶרְשְׁט ווִיסֶען, אַז
אִין דִיא לֶעצְטֶע טֶעג וֶועלֶען קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער מִיט
שְׁפֶּעטֶערַייא, וֶועלְכֶע וֶועלֶען נָאכְגֶעהֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
4 גְלוּסְטֶען: אוּנְד זָאגֶען, ווְאוּ אִיז דִיא הַבְטָחָה פוּן זַיין
קוּמֶען? וָוארִין פוּן דֶער צַייט אָן זִינְט דִיא אָבוֹת זֶענֶען
אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען זֶענֶען אַלֶע זַאכֶען אַזוֹי ווִיא פוּן
5 אָנְהוֹיבּ פוּן דֶער בֶּעשֶׁעפֶענִיס: וָוארִין מוּטְווִילִיג פֶערְ־
גֶעסֶען זַייא, אַז פוּן אַלְטֶע צַייטֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען

הִימֶעל דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד דִיא עֶרְד
וָואס אִיז דוּרְךְ וַואסֶער אוּנְד אִים וַואסֶער בֶּעשְׁטַאנֶען:
6 דוּרְךְ וֶועלְכֶע דִיא וֶועלְט וָואס אִיז דַאן גֶעוֶועזֶען אִיז
דוּרְךְ וַואסֶער פֶערְפְלֵייצְט אוּנְד פֶערְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען:
7 אָבֶּער דִיא הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד וָואס זֶענֶען אַצוּנְד
זֶענֶען דוּרְךְ דֶעם זֶעלְבֶּען וָוארְט בֶּעוָואהְרְט, בֶּעהַאלְטֶען
צוּם פֵייעֶר בִּיז צוּם יוֹם הַדִין אוּנְד דֶער צוּשְׁטֶערוּנְג
פוּן דִיא רְשָׁעִים:
8 אָבֶּער דָאס אֵיינֶע פֶערְגֶעסְט נִיט גֶעלִיבְּטֶע, אַז אֵיין
טָאג אִיז בַּייא דֶעם הַאר וִויא טוֹיזֶענְד יָאהְר, אוּנְד
9 טוֹיזֶענְד יָאהְר וִויא אֵיין טָאג: תהלים צ׳ ד׳. דֶער הַאר
פֶערְשְׁפֶּעטִיגְט נִיט זַיינֶע הַבְטָחָה וִויא עֶטְלִיכֶע הַאלְטֶען
פֶערְשְׁפֶּעטִיגְקֵייט, נֵייעֶרְט עֶר אִיז לַאנְגְמוּטִיג קֶעגֶען
אֵייךְ אוּנְד וִויל נִיט אַז אֵיינֶער זָאל פֶערְלוֹירֶען וֶוע־
רֶען, נֵייעֶרְט אַז אַלֶע זָאלֶען אוּמְקֶעהְרֶען צוּ תְּשׁוּבָה:
10 נוּן דֶער טָאג פוּן דֶעם הַאר וֶועט קוּמֶען אַזוֹי וִויא אַ
גַנָב, אִין וֶועלְכֶעם דִיא הִימֶעל וֶועלֶען פֶערְגֶעהֶען מִיט
אַ גְרוֹיסֶען רַעַשׁ, אוּנְד דִיא גְרוּנְדֶען וֶועלֶען פַאר הִיץ
צוּשְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען אוּנְד וֶועלֶען צוּגֶעהֶען. אוּנְד דִיא
עֶרְד אוּנְד דִיא וֶוערְק וָואס זֶענֶען דְרִינֶען וֶועלֶען פֶערְ־
11 בְּרֶענְט וֶוערֶען: וֶוען אַלֶע דִיזֶע זַאכֶען וֶועלֶען אַזוֹי
צוּגֶעהֶען, וָואס פַאר מֶענְשֶׁען קֶעהְרְט אִיהְר צוּ זַיין אִין
12 הֵיילִיגֶען וַואנְדֶעל אוּנְד פְרוּמְקֵייט: דֶערְוֵוייל אִיהְר
וַוארְטֶעט אוּנְד עֶרִינְסְט בֶּעגֶעהְרְט דִיא עֶרְשֵׁיינוּנְג פוּן
דֶעם טָאג פוּן גָאט, דוּרְךְ דֶעם דִיא הִימֶעל וֶועלֶען
פֶערְבְּרֶענְט וֶוערֶען אוּנְד וֶועלֶען צוּגֶעהֶען, אוּנְד דִיא
גְרוּנְדֶען וֶועלֶען פַאר הִיץ צוּשְׁמָאלְצֶען וֶוערֶען אוּנְד
13 וֶועלֶען פֶערְנִיכְטֶעט וֶוערֶען: אָבֶּער מִיר וַוארְטֶען נָאךְ
זַיינֶע הַבְטָחָה אוֹיף נֵייעֶ הִימֶעל אוּנְד אַ נֵייעֶ עֶרְד,
דְרִינֶען גֶערֶעכְטִיגְקֵייט וְואוֹינְט:
14 דֶעסְטְוֶועגֶען, גֶעלִיבְּטֶע, וַוייל אִיהְר וַוארְט אוֹיף דִיזֶע
זַאכֶען בֶּעפְלֵייסִיגְט אֵייךְ אַז אִיהְר זָאלְט פוּן אִיהְם אִין
פְרִידֶען גֶעפִינֶען וֶוערֶען, אָהְן אַ פְלֶעק אוּנְד אָהְן אַ
15 פֶעהְלֶער: אוּנְד רֶעכֶענְט אַז דִיא לַאנְגְמוּטִיגְקֵייט פוּן

אוּנְזֶער הַאר איז יְשׁוּעָה, גְלֵייךְ וִויא אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶער
בְּרוּדֶער פּוֹלוֹס הָאט אַייךְ אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען נָאךְ דֶער
16 חָכְמָה וָואס אִיז אִיהְם גֶעגֶעבֶּען: אַזוֹי וִויא אוֹיךְ אִין
אַלֶע בְּרִיף רֶעט עֶר וֶועגֶען דִיזֶע זַאכֶען, אִין וֶועלְכֶע
זֶענֶען עֶטְלִיכֶע זַאכֶען שְׁוֶוער צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען, וָואס
דִיא אוּנְגֶעלֶהְערְטֶע אוּנְד אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע פֶערְדְרֶעהֶען,
אַזוֹי וִויא אוֹיךְ דִיא אִיבְּרִיגֶע שְׁרִיפְטֶען צוּ זֵייעֶרֶע אֵיי־
גֶענֶען פֶערְדַארְבֶּען:
17 דְרוּם, גֶעלִיבְּטֶע, וֵוייל אִיהְר וֵוייסְט עֶס פָארְאוֹיס, הִיט
אֵייךְ כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט פֶערְפִיהְרְט וֶוערֶען מִיט דֶעם
טָעוּת פוּן דִיא רְשָׁעִים, אוּנְד זָאלְט נִיט אַוֶועקְפַאלֶען
18 פוּן אֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע בֶּעשְׁטֶענְדִיגְקֵייט: נֵייעֶרְט וַואקְסְט
אִין דֶער גְנָאד אוּנְד דֶערְקֶענְטְנִים פוּן אוּנְזֶער הַאר אוּנְד
רֶעטֶער יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ. צוּ אִיהְם זָאל זַיין דֶער כָּבוֹד
אַצוּנְד אוּנְד אוֹיף עֶבִּיגֶע צֵייטֶען; אָמֵן:

---

# דֶער עֶרְשְׁטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

---

1 דָאס וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן אָנְהוֹיבּ וָואס מִיר הָאבֶּען
גֶעהֶערְט, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹי־
גֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען בֶּעטְרַאכְט אוּנְד אוּנְזֶערֶע הֶענְד
הָאבֶּען אָנְגֶערִיהְרְט, וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן לֶעבֶּען:
2 אוּנְד דָאס לֶעבֶּען אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד מִיר
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד בֶּעצֵייגֶען אוּנְד דֶערְצֶעהְלֶען צוּ
אֵייךְ דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען, וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם
פָּאטֶער אוּנְד וָואס אִיז צוּ אוּנְס אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען:
3 וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד גֶעהֶערְט דֶערְצֶעהְלֶען
מִיר אוֹיךְ אֵייךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט אוֹיךְ גֶעמֵיינְשַׁאפְט
הָאבֶּען מִיט אוּנְס. אוּנְד אוּנְזֶערֶע גֶעמֵיינְשַׁאפְט אִיז מִיט
4 דֶעם פָּאטֶער אוּנְד מִיט זֵיין זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: אוּנְד
דִיזֶע זַאכֶען שְׁרֵייבֶּען מִיר צוּ אֵייךְ, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע פְרֵייד
זָאל פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען:
5 אוּנְד דָאס אִיז דִיא בָּאטְשַׁאפְט וָואס מִיר הָאבֶּען פוּן
אִיהְם גֶעהֶערְט אוּנְד דֶערְצֶעהְלֶען צוּ אֵייךְ, אַז גָאט
אִיז לִיכְט, אוּנְד אִין אִיהְם אִיז גָארְנִיט קֵיינֶע פִינְסְ־
6 טֶערְנִיס: וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר הָאבֶּען מִיט אִיהְם
גֶעמֵיינְשַׁאפְט, אוּנְד וַואנְדְלֶען אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס,
זָאגֶען מִיר לִיגֶען אוּנְד טְהוּן נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט?
7 אָבֶּער וֶוען מִיר וַואנְדְלֶען אִים לִיכְט גְלֵייךְ וִויא עֶר
אִיז אִים לִיכְט הָאבֶּען מִיר גֶעמֵיינְשַׁאפְט אֵיינֶער מִיט
דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנְד דָאס בְּלוּט פוּן יֵשׁוּעַ זֵיין זוּהְן
8 רֵיינִיגְט אוּנְס פוּן אַלֶע זִינְד: וֶוען מִיר זָאגֶען אַז מִיר
הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע זִינְד פֶערְפִיהְרֶען מִיר אוּנְס זֶעלְבְּסְט,
9 אוּנְד דִיא וָואהְרְהֵייט אִיז נִיט אִין אוּנְס: וֶוען מִיר בֶּע־
קֶענֶען אוּנְזֶערֶע זִינְד, אִיז עֶר גֶעטְרַייא אוּנְד גֶערֶעכְט
אַז עֶר זָאל אוּנְס דִיא זִינְד פֶערְגֶעבֶּען, אוּנְד זָאל אוּנְס

10 רַיינִיגֶען פוּן אַלֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט: וֶוען מִיר זָאגֶען
אַז מִיר הָאבֶּען נִיט גֶעזִינְדִיגְט מַאכֶען מִיר אִיהְם פַאר
אַ לִיגְנֶער, אוּנְד זַיין וָוארְט אִיז נִיט אִין אוּנְס:

## קאפיטעל ב

1 מֵיינֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער, דִיזֶע זַאכֶען שְׁרַייבּ אִיךְ צוּ
אֵייךְ, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט זִינְדִיגֶען, אוּנְד וֶוען אֵיי־
נֶער זִינְדִיגְט אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אַ מֵלִיץ בַּייא דֶעם
2 פָאטֶער, יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶעם גֶערֶעכְטֶען: אוּנְד עֶר אִיז
אַלֵיין אֵיין אוֹיסְדֶערְלֶעזוּנְג פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, אוּנְד
נִיט נוּר פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד, נֵייעֶרְט אוֹיךְ פַאר דִיא
3 זִינְד פוּן דֶער גַאנְצֶען וֶועלְט: אוּנְד דוּרְךְ דֶעם וִויסֶען
מִיר אַז מִיר קֶענֶען אִיהְם, וֶוען מִיר הַאלְטֶען זַיינֶע
4 גֶעבָּאטֶע: דֶער וָואס זָאגְט, אִיךְ קֶען אִיהְם אוּנְד הַאלְט
נִיט זַיינֶע גֶעבָּאטֶע, דֶער אִיז אַ לִיגְנֶער, אוּנְד דִיא
5 וָואהְרְהֵייט אִיז נִיט אִין אִיהְם: אָבֶּער דֶער וָואס הַאלְט
זַיין וָוארְט, בֶּאֱמֶת, אִין דִיזֶעם אִיז דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט
פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען; דְרוֹיף וִויסֶען מִיר אַז מִיר זֶע־
6 נֶען אִין אִיהְם: דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר בְּלֵייבְּט אִין
אִיהְם, גְלֵייךְ וִויא יֶענֶער הָאט גֶעוַואנְדֶעלְט אַזוֹי זָאל
עֶר אַלֵיין אוֹיךְ וַואנְדֶעלְן:
7 גֶעלִיבְּטֶע, אִיךְ שְׁרַייבּ נִיט צוּ אֵייךְ קֵיין נֵייעֶס גֶעבָּאט,
נֵייעֶרְט אֵיין אַלְטֶעס גֶעבָּאט וָואס אִיהְר הָאט גֶעהַאט
פוּן אָנְהוֹיבּ; דָאס אַלְטֶע גֶעבָּאט אִיז דָאס וָוארְט וָואס
8 אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט: אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט שְׁרַייבּ אִיךְ וִוי־
דֶער צוּ אֵייךְ, וָואס אִיז וָואהְר אִין אִיהְם אוּנְד אִין
אֵייךְ, וֵוייל דִיא פִינְסְטֶערְנִיס פֶערְשְׁווִינְדֶעט, אוּנְד דָאס
9 וָואהְרֶע לִיכְט שַׁיינְט שׁוֹין: דֶער וָואס זָאגְט אַז עֶר אִיז
אִים לִיכְט אוּנְד הַאסְט זַיין בְּרוּדֶער, אִיז אִין דֶער פִינְסְ־
10 טֶערְנִיס בִּיז אַצוּנְד: דֶער וָואס לִיבְּט זַיין בְּרוּדֶער בְּלֵייבְּט
אִים לִיכְט, אוּנְד עֶס אִיז נִיט קֵיינֶע שְׁטְרוֹיכְלוּנְג אִין
11 אִיהְם: אָבֶּער דֶער וָואס הַאסְט זַיין בְּרוּדֶער אִיז אִין דֶער
פִינְסְטֶערְנִיס אוּנְד וַואנְדֶעלְט אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִיס, אוּנְד
וֵוייסְט נִיט וְואוּ אַהִין עֶר גֶעהְט, וָוארִין דִיא פִינְסְטֶער־
נִיס הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען פֶערְבְּלֶענְדֶעט:

12 אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֵוייל אֵייעֶרֶע זִינְד
13 זֶענֶען פֶערְגֶעבֶּען פוּן זֵיין נָאמֶענְס וֶועגֶען: אִיךְ שְׁרֵייבּ
צוּ אֵייךְ, פֶעטֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט אִיהְם דֶערְקֶענְט
וֶועלְכֶער אִיז פוּן אָנְהוֹיבּ. אִיךְ שְׁרֵייבּ צוּ אֵייךְ, יוּנְגֶע
מֶענֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט דֶעם שְׁלֶעכְטֶען בֵּייגֶעקוּמֶען.
אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען קְלֵיינֶע קִינְדֶער, וֵוייל
14 אִיהְר הָאט דֶערְקֶענְט דֶעם פָּאטֶער: אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ
גֶעשְׁרִיבֶּען פֶעטֶער, וֵוייל אִיהְר הָאט דֶערְקֶענְט וֶועלְכֶער
אִיז פוּן אָנְהוֹיבּ. אִיךְ הָאבּ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען יוּנְגֶע
מֶענֶער, וֵוייל אִיהְר זֶענְט שְׁטַארְק אוּנְד דָאס וָוארְט פוּן
גָאט בְּלֵייבְּט אִין אֵייךְ, אוּנְד אִיהְר הָאט דֶעם שְׁלֶעכְטֶען
15 בֵּייגֶעקוּמֶען: לִיבְּט נִיט דִיא וֶועלְט, אוֹיךְ נִיט דִיא זַא־
כֶען וָואס זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט. וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט
דִיא וֶועלְט, אַזוֹי אִיז נִיט דִיא לִיבֶּע פוּן דֶעם פָּאטֶער
16 אִין אִיהְם: וֵוייל אַלֶעס וָואס אִיז אִין דֶער וֶועלְט, דִיא
גְלוּסְטֶען פוּן דֶעם פְלֵיישׁ אוּנְד דִיא גְלוּסְטֶען פוּן דִיא
אוֹיגֶען אוּנְד דֶער שְׁטָאלְץ פוּן דֶעם לֶעבֶּען, אִיז נִיט
17 פוּן דֶעם פָּאטֶער נֵייעֶרְט פוּן דֶער וֶועלְט: אוּנְד דִיא
וֶועלְט פֶערְשְׁווִינְדֶעט, אוּנְד אוֹיךְ אִיהְר גְלוּסְטֶען; אָבֶּער
דֶער וָואס טְהוּט דֶעם ווִילֶען פוּן גָאט בְּלֵייבְּט אוֹיף
עֶבִּיג:
18 קְלֵיינֶע קִינְדֶער, עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע שָׁעָה; אוּנְד גְלֵייךְ
ווִיא אִיהְר הָאט גֶעהֶערְט אַז דֶער גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ
קוּמְט, אַזוֹי זֶענֶען שׁוֹין אַצוּנְד דָא פִילֶע גֶעגְנֶער פוּן
מָשִׁיחַ, דְרוּם ווִיסֶען מִיר אַז עֶס אִיז דִיא לֶעצְטֶע
19 שָׁעָה: זֵייא זֶענֶען פוּן אוּנְס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אָבֶּער
זֵייא זֶענֶען נִיט פוּן אוּנְס גֶעוֶועזֶען; וָוארִין וֶוען זֵייא
וָואלְטֶען פוּן אוּנְס גֶעוֶועזֶען וָואלְטֶען זֵייא מִיט אוּנְס
גֶעבְּלִיבֶּען, אָבֶּער זֵייא זֶענֶען אַוֶועק כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אַז זֵייא זֶענֶען נִיט אַלֶע פוּן אוּנְס:
20 אוּנְד אִיהְר הָאט אַ זַאלְבּוּנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען, אוּנְד
21 אִיהְר אַלֶע וֵוייסְט: אִיךְ הָאבּ נִיט צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען
וֵוייל אִיהְר וֵוייסְט נִיט דִיא וָואהְרְהֵייט, נֵייעֶרְט וֵוייל
אִיהְר וֵוייסְט זִיא, אוּנְד אַז קֵיינֶע לִיגֶען אִיז נִיט פוּן דֶער

22 וָואהרְהֵייט: וֶוער אִיז דֶער לִיגְנֶער וֶוען נִיט דֶער וָואס
לֵייקֶענְט אָפּ אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ? דִיזֶער אִיז דֶער
גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ, וָואס לֵייקֶענְט אָפּ דֶעם פָּאטֶער אוּנְד
23 דֶעם זוּהְן: יֶעדֶער וָואס לֵייקֶענְט אָפּ דֶעם זוּהְן הָאט
דֶעם פָּאטֶער אוֹיךְ נִיט; דֶער וָואס בֶּעקֶענְט דֶעם זוּהְן
24 הָאט אוֹיךְ דֶעם פָּאטֶער: לָאז דָאס אִין אֵייךְ בְּלֵיי־
בֶּען וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהוֹיבּ גֶעהֶערְט; וֶוען דָאס
וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהוֹיבּ גֶעהֶערְט וֶועט אִין אֵייךְ
בְּלֵייבֶּען, אַזוֹי וֶועט אִיהְר אוֹיךְ בְּלֵייבֶּען אִים זוּהְן אוּנְד
25 אִין דֶעם פָּאטֶער: אוּנְד דָאס אִיז דִיא הַבְטָחָה וָואס עֶר
הָאט אוּנְס צוּגֶעזָאגְט, דָאס עֶבִּיגֶע לֶעבֶּען:
26 דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דִיא
27 וָואס, פֶערְפִיהְרֶען אֵייךְ: אוּנְד דִיא זַאלְבּוּנְג וָואס אִיהְר
הָאט פוּן אִיהְם דֶערְהַאלְטֶען בְּלֵייבְּט אִין אֵייךְ, אוּנְד
אִיהְר בֶּעדַארְפְט נִיט אַז אֵיינֶער זָאל אֵייךְ לֶעהְרֶען, נֵיי־
עֶרְט גְלֵייךְ וִויא זַיינֶע זַאלְבּוּנְג לֶעהְרְט אֵייךְ וֶועגֶען
אַלֶע זַאכֶען אוּנְד אִיז וָואהר אוּנְד אִיז נִיט קֵיין לִיגֶען,
אוּנְד גְלֵייךְ וִויא זִיא הָאט אֵייךְ גֶעלֶעהְרְט, אַזוֹי בְּלֵייבְּט
28 אִיהְר אִין אִיהְם: אוּנְד אַצוּנְד קְלֵיינֶע קִינְדֶער בְּלֵייבְּט
אִין אִיהְם, כְּדֵי וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען זָאלֶען
מִיר הָאבֶּען בִּטָחוֹן, אוּנְד זָאלֶען נִיט פֶערְשֶׁעהְמְט וֶוערֶען
29 פוּן אִיהְם וֶוען עֶר וֶועט קוּמֶען: וֶוען אִיהְר וֵוייסְט אַז
עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אַזוֹי זָאלְט אִיהְר וִויסֶען אַז אִיטְלִיכֶער
וָואס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז פוּן אִיהְם גֶעבּוֹירֶען:

## קאפיטעל ג

1 זֶעהְט וָואס פַאר אַ מִין לִיבֶּע דֶער פָּאטֶער הָאט אוּנְס
גֶעגֶעבֶּען, אַז מִיר זָאלֶען הֵייסֶען קִינְדֶער פוּן גָאט, אוּנְד
אַזֶעלְכֶע זֶענֶען מִיר; דֶעסְטְוֶועגֶען קֶען אוּנְס דִיא וֶועלְט
2 נִיט, וֵוייל זִיא הָאט אִיהְם נִיט גֶעקֶענְט: גֶעלִיבְּטֶע,
אַצוּנְד זֶענֶען מִיר קִינְדֶער פוּן גָאט, אוּנְד עֶס אִיז נָאךְ
נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען וָואס מִיר וֶועלֶען זַיין. מִיר
וִויסֶען אַז וֶוען עֶר וֶועט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען וֶועלֶען מִיר
צוּ אִיהְם גְלֵייךְ זַיין, וָוארִין מִיר וֶועלֶען אִיהְם זֶעהֶען
3 אַזוֹי וִויא עֶר אִיז: אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט דִיזֶע

הָאפְנוּנְג אָן אִיהְם רֵיינִיגְט זִיךְ אַזוֹי וִויא עֶר אִיז רֵיין׃
4 אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט זִינְד טְהוּט אוֹיךְ דָאס אוּנְרֶעכְט,
5 אוּנְד דִיא זִינְד אִיז דָאס אוּנְרֶעכְט׃ אוּנְד אִיהְר וֵוייסְט
אַז עֶר אִיז אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְזֶערֶע
זִינְד אַוֶועקְנֶעמֶען, אוּנְד אִין אִיהְם אִיז נִיט קֵיינֶע זִינְד׃
6 אִיטְלִיכֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם זִינְדִיגְט נִיט; אִיטְ־
לִיכֶער וָואס זִינְדִיגְט הָאט אִיהְם נִיט גֶעזֶעהֶען אוּנְד הָאט
אִיהְם אוֹיךְ נִיט דֶערְקָאנְט׃
7 קְלֵיינֶע קִינְדֶער, לָאז אֵייךְ קֵיינֶער נִיט פֶּערְפִיהְרֶען; דֶער
וָואס טְהוּט גֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז גֶערֶעכְט, גְלֵייךְ וִויא יֶע־
8 נֶער אִיז גֶערֶעכְט׃ דֶער וָואס טְהוּט דִיא זִינְד אִיז פוּן
דֶעם שָׂטָן, וָוארִין דֶער שָׂטָן זִינְדִיגְט פוּן אָנְהוֹיבּ;
דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט אַנְטְפְּלֶעקְט גֶע־
וָוארֶען, כְּדֵי עֶר זָאל צוּשְׁטֶערֶען דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם
9 שָׂטָן׃ אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען טְהוּט
נִיט זִינְד, וֵוייל זֵיין זָאמֶען בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם; אוּנְד עֶר
קָאן נִיט זִינְדִיגֶען, וֵוייל עֶר אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען׃
10 דְרִינֶען זֶענֶען קְלָאר דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט אוּנְד דִיא
קִינְדֶער פוּן דֶעם שָׂטָן; אִיטְלִיכֶער וָואס טְהוּט נִיט גֶע־
רֶעכְטִיגְקֵייט אִיז נִיט פוּן גָאט, אוֹיךְ נִיט דֶער וָואס
11 לִיבְּט נִיט זֵיין בְּרוּדֶער׃ וָוארִין דִיזֶעס אִיז דִיא דֶערְ־
צֶעהְלוּנְג וָואס אִיהְר הָאט פוּן אָנְהוֹיבּ גֶעהֶערְט, אַז מִיר
12 זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען׃ נִיט אַזוֹי וִויא קַיִן
וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען אוּנְד הָאט
זֵיין בְּרוּדֶער אוּמְגֶעבְּרַאכְט. אוּנְד פַאר וָואס הָאט עֶר
אִיהְם אוּמְגֶעבְּרַאכְט? וֵוייל זֵיינֶע וֶוערְק זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
שְׁלֶעכְט, אָבֶּער דִיא וֶוערְק פוּן זֵיין בְּרוּדֶער זֶענֶען גֶע־
וֶועזֶען גֶערֶעכְט׃
13 וְואוּנְדֶערְט אֵייךְ נִיט, בְּרִידֶער, וֶוען דִיא וֶועלְט הָאט
14 אֵייךְ פֵיינְד׃ מִיר וִויסֶען אַז מִיר זֶענֶען פוּן דֶעם טוֹיט
צוּם לֶעבֶּען אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען, וֵוייל מִיר לִיבֶּען דִיא
בְּרִידֶער; וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט נִיט אַזוֹי בְּלֵייבְּט עֶר אִים
15 טוֹיט׃ אִיטְלִיכֶער וָואס הָאט זֵיין בְּרוּדֶער פֵיינְד אִיז אַ
רוֹצֵחַ, אוּנְד אִיהְר וֵוייסְט אַז קֵיין רוֹצֵחַ הָאט נִיט דָאס

16 עֶבִּינֶע לֶעבֶּען אִין אִיהְם: דְרִינֶען הָאבֶּען מִיר דֶערְקֶענְט
זֵיינֶע לִיבֶּע, ווייל עֶר הָאט פַאר אוּנְס אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט
זַיין לֶעבֶּען; אוּנְד מִיר בֶּעדַארְפֶען אוּנְזֶער לֶעבֶּען אַנִי־
17 דֶערְצוּלֶעגֶען פַאר דִיא בְּרִידֶער: אָבֶּער דֶער וָואס הָאט
דָאס פֶערְמֶעגֶען פוּן דִיזֶער וֶועלְט, אוּנְד זֶעהְט אַז זַיין
בְּרוּדֶער הָאט נוֹיט, אוּנְד פֶערְשְׁלִיסְט זַיינֶע בַּארֶעמְ־
הֶערְצִיגְקֵייט פוּן אִיהְם, וִויא אַזוֹי וְואוֹינְט דִיא לִיבֶּע
18 פוּן גָאט אִין אִיהְם? קְלֵיינֶע קִינְדֶער, לָאזֶען מִיר נִיט
לִיבֶּען מִיט וֶוערְטֶער אוֹיךְ נִיט מִיט דֶער צוּנְג, נֵיי־
19 עֶרְט אִין וֶוערְק אוּנְד אִין וָואהְרְהֵייט: אִין דִיזֶע זָאלֶען
מִיר ווִיסֶען אַז מִיר זֶענֶען פוּן דֶער וָואהְרְהֵייט, אוּנְד
20 זָאלֶען אוּנְזֶער הַארְץ פָאר אִיהְם בֶּעפְרִידִיגֶען: אַז
אִין וָואס פַאר אַ זַאךְ אוּנְזֶער הַארְץ פֶערְשׁוּלְדִיגְט
אוּנְס, גָאט אִיז גְרֶעסֶער ווִיא אוּנְזֶער הַארְץ אוּנְד
21 ווייסְט אַלֶע זַאכֶען: גֶעלִיבְּטֶע, וֶוען אוּנְזֶער הַארְץ
פֶערְשׁוּלְדִיגְט אוּנְס נִיט, אַזוֹי הָאבֶּען מִיר אַ בְּטָחוֹן
22 צוּ גָאט: אוּנְד וָואס מִיר בֶּעטֶען בֶּעקוּמֶען מִיר פוּן
אִיהְם, ווייל מִיר הַאלְטֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע, אוּנְד טְהוּן
23 דָאס וָואס אִיהְם גֶעפֶעלְט: אוּנְד דָאס אִיז זַיין גֶעבָּאט,
אַז מִיר זָאלֶען גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין זוּהְן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אוּנְד זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִי־
בֶּען, אַזוֹי ווִיא עֶר הָאט אוּנְס אַ גֶעבָּאט גֶעגֶעבֶּען:
24 אוּנְד דֶער וָואס הַאלְט זַיינֶע גֶעבָּאטֶע בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם
אוּנְד עֶר אִין אִיהְם; אוּנְד דְרִינֶען ווִיסֶען מִיר אַז עֶר
בְּלֵייבְּט אִין אוּנְס דוּרְךְ דֶעם גֵייסְט וָואס עֶר הָאט
אוּנְס גֶעגֶעבֶּען:

## קאפיטעל ד

1 גֶעלִיבְּטֶע, גְלוֹיבְּט נִיט אִיטְלִיכֶען גֵייסְט, נֵייעֶרְט פְּרִיפְט
דִיא גֵייסְטֶער אוֹיבּ זֵייא זֶענֶען פוּן גָאט, וָוארִין פִילֶע
פַאלְשֶׁע נְבִיאִים זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער וֶועלְט:
2 אִין דִיזֶעם דֶערְקֶענְט אִיהְר דֶעם גֵייסְט פוּן גָאט; אִיטְ־
לִיכֶער גֵייסְט וָואס בֶּעקֶענְט אַז יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ אִיז גֶע־
3 קוּמֶען אִים פְלֵיישׁ אִיז פוּן גָאט: אוּנְד אִיטְלִיכֶער גֵייסְט
וָואס בֶּעקֶענְט נִיט יֵשׁוּעַ, אִיז נִיט פוּן גָאט; אוּנְד דָאס

אִיז דֶער גֵייסְט פוּן דֶעם גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ, וָואס אִיהְר
הָאט גֶעהֶערְט אַז עֶר קוּמְט, אוּנְד עֶר אִיז שׁוֹין אַצוּנְד
4 אִין דֶער וֶועלְט: אִיהְר זֶענְט פוּן גָאט, קְלֵיינֶע קִינְדֶער.
אוּנְד אִיהְר הָאט זַייא בֵּיינֶעקוּמֶען; וָוארִין דֶער וָואס
אִיז אִין אֵייךְ אִיז גְרֶעסֶער וִויא דֶער וָואס אִיז אִין דֶער
5 וֶועלְט: זַייא זֶענֶען פוּן דֶער וֶועלְט; דֶעסְטְוֶועגֶען רֶע־
דֶען זַייא פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנְד דִיא וֶועלְט הֶערְט זַייא:
6 מִיר זֶענֶען פוּן גָאט; דֶער וָואס קֶען גָאט הֶערְט אוּנְס,
דֶער וָואס אִיז נִיט פוּן גָאט הֶערְט אוּנְס נִיט, דוּרְךְ דֶעם
קֶענֶען מִיר דֶעם גֵייסְט פוּן וָואהְרְהֵייט אוּנְד דֶעם גֵייסְט
פוּן טָעוּת:
7 גֶעלִיבְּטֶע, לָאזֶען מִיר אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען,
וָוארִין דִיא לִיבֶּע אִיז פוּן גָאט, אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס
8 לִיבְּט אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען אוּנְד קֶען גָאט: וֶוען אֵיינֶער
לִיבְּט נִיט הָאט עֶר נִיט גָאט דֶערְקֶענְט, וָוארִין גָאט אִיז
9 לִיבֶּע: אִין דִיזֶעם אִיז דִיא לִיבֶּע פוּן גָאט אַנְטְפְּלֶעקְט
גֶעוָוארֶען, אִינְדֶעם גָאט הָאט זַיין אֵיינְצִיגֶען זוּהְן אִין
דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיקְט, כְּדֵי מִיר זָאלֶען דוּרְךְ אִיהְם לֶע־
10 בֶּען: דְרִינֶען אִיז לִיבֶּע, נִיט אַז מִיר הָאבֶּען גָאט גֶע־
לִיבְּט, נֵייעֶרְט אַז עֶר הָאט אוּנְס גֶעלִיבְּט אוּנְד הָאט
גֶעשִׁיקְט זַיין זוּהְן פַאר אַ כַּפָּרָה פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד:
11 גֶעלִיבְּטֶע, וֶוען גָאט הָאט אוּנְס אַזוֹי גֶעלִיבְּט, זָאלֶען מִיר
אוֹיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען לִיבֶּען:
12 קֵיינֶער הָאט גָאט קֵיינְמָאל גֶעזֶעהֶען; וֶוען מִיר לִיבֶּען
אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען, אַזוֹי בְּלֵייבְּט גָאט אִין אוּנְס, אוּנְד
13 זַיינֶע לִיבֶּע אִיז אִין אוּנְס פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען: אִין
דִיזֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר אַז מִיר בְּלֵייבֶּען אִין אִיהְם אוּנְד
עֶר אִין אוּנְס, וֵוייל עֶר הָאט אוּנְס פוּן זַיין גֵייסְט אַ
14 טְהֵייל גֶעגֶעבֶּען: אוּנְד מִיר הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אוּנְד בֶּע־
צֵייגֶען אַז דֶער פָאטֶער הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם זוּהְן אַלְס
15 דֶעם רֶעטֶער פוּן דֶער וֶועלְט: דֶער וָואס בֶּעקֶענְט אַז
יֵשׁוּעַ אִיז דֶער זוּהְן פוּן גָאט, גָאט בְּלֵייבְּט אִין אִיהְם
16 אוּנְד עֶר אִין גָאט: אוּנְד מִיר הָאבֶּען דֶערְקֶענְט אוּנְד
גֶעגְלוֹיבְּט אִין דֶער לִיבֶּע וָואס גָאט הָאט צוּ אוּנְס. גָאט

איז לִיבֶּע, אוּנְד דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לִיבֶּע בְּלֵייבְּט
17 אִין גָאט אוּנְד גָאט אִין אִיהְם: אִין דִיזֶעם אִיז דִיא לִי־
בֶּע אִין אוּנְס פָאלְקָאמֶען גֶעוָוארֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען
הָאבֶּען בִּטָחוֹן אִים יוֹם הַדִין, וָוארִין גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז
18 אַזוֹי זָענֶען מִיר אוֹיךְ אִין דִיזֶער וֶועלְט: עֶס אִיז נִיט
קֵיינֶע פוּרְכְט אִין דֶער לִיבֶּע, נֵייעֶרְט דִיא פָאלְקָאמֶענֶע
לִיבֶּע וַוארְפְט אַרוֹיס דִיא פוּרְכְט, וָוארִין דִיא פוּרְכְט
הָאט שְׁטְרָאף, אוּנְד דֶער וָואס פוּרְכְט זִיךְ אִיז נִיט
19 פָאלְקָאמֶען גֶעמַאכְט אִין דֶער לִיבֶּע: מִיר לִיבֶּען, וֶוייל
20 עֶר הָאט אוּנְס צוּעֶרְשְׁט גֶעלִיבְּט: וֶוען אֵיינֶער זָאגְט,
אִיךְ לִיב גָאט, אוּנְד עֶר הָאט זַיין בְּרוּדֶער פֵיינְד, אַזוֹי
אִיז עֶר אַ לִיגְנֶער; וָוארִין וֶוען אֵיינֶער לִיבְּט נִיט זַיין
בְּרוּדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען, אַזוֹי קָאן עֶר נִיט
21 גָאט לִיבֶּען דֶעם עֶר הָאט נִיט גֶעזֶעהֶען: אוּנְד דִיזֶעס
גֶעבָּאט הָאבֶּען מִיר פוּן אִיהְם, אַז דֶער וָואס לִיבְּט גָאט
זָאל זַיין בְּרוּדֶער אוֹיךְ לִיבֶּען:

## קאפיטעל ה

1 אִיטְלִיכֶער וָואס גְלוֹיבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז דֶער מָשִׁיחַ אִיז
גֶעבּוֹירֶען פוּן גָאט; אוּנְד אִיטְלִיכֶער וָואס לִיבְּט דֶעם
וֶועלְכֶער הָאט גֶעבּוֹירֶען לִיבְּט אוֹיךְ דֶעם וֶועלְכֶער אִיז
2 פוּן אִיהְם גֶעבּוֹירֶען: אִין דִיזֶעם דֶערְקֶענֶען מִיר אַז מִיר
לִיבֶּען דִיא קִינְדֶער פוּן גָאט, וֶוען מִיר לִיבֶּען גָאט
3 אוּנְד הַאלְטֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע: וָוארִין דָאס אִיז דִיא
לִיבֶּע פוּן גָאט, אַז מִיר זָאלֶען זַיינֶע גֶעבָּאטֶע הַאלְטֶען;
4 אוּנְד זַיינֶע גֶעבָּאטֶע זָענֶען נִיט שְׁוֶוער: וֶוייל אִיטְלִיכֶער
וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דִיא וֶועלְט;
אוּנְד דָאס אִיז דֶער נִצָחוֹן וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דִיא וֶועלְט,
5 אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען: וֶוער אִיז דֶער וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט
דִיא וֶועלְט, וֶוען נִיט דֶער וָואס גְלוֹיבְּט אַז יֵשׁוּעַ אִיז
6 דֶער זוּהְן פוּן גָאט? דִיזֶער אִיז דֶער וֶועלְכֶער אִיז גֶע־
קוּמֶען דוּרְךְ וַואסֶער אוּנְד בְּלוּט, יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ; נִיט
נוּר אִים וַואסֶער, נֵייעֶרְט אִים וַואסֶער אוּנְד אִים בְּלוּט:
7 אוּנְד עֶס אִיז דֶער גֵייסְט וָואס בֶּעצֵייגְט, וָוארִין דֶער
8 גֵייסְט אִיז דִיא וָואהְרְהֵייט: וָוארִין עֶס זָענֶען דְרֵייא וָואס

בְּעֶצֵייגֶען, דֶער גֵייסְט אוּנְד דָאס וַואסֶער אוּנְד דָאס
9 בְּלוּט, אוּנְד דִיזֶע דְרֵייא זֶענֶען אֵיינְס: וֶוען מִיר גֶעמֶען
אָן דָאס צֵייגְנִיס פוּן מֶענְשֶׁען, אִיז דָאס צֵייגְנִיס פוּן
גָאט גְרֶעסֶער, וַוייל דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִיס פוּן גָאט
10 וָואס עֶר הָאט בֶּעצֵייגְט וֶועגֶען זֵיין זוּהְן: דֶער וָואס גְלוֹיבְּט
אָן דֶעם זוּהְן פוּן גָאט הָאט אָן אִיהְם דָאס צֵייגְנִיס;
וֶוען אֵיינֶער גְלוֹיבְּט נִיט אִין גָאט הָאט עֶר אִיהְם גֶע־
מַאכְט פַאר אַ לִיגְנֶער, וַוייל עֶר הָאט נִיט גֶעגְלוֹיבְּט דָאס
צֵייגְנִיס וָואס גָאט הָאט בֶּעצֵייגְט וֶועגֶען זֵיין זוּהְן:
11 אוּנְד דָאס אִיז דָאס צֵייגְנִיס, אַז גָאט הָאט אוּנְס גֶעגֶע־
בֶּען עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען, אוּנְד דִיזֶעס לֶעבֶּען אִיז אִין זֵיין
12 זוּהְן: דֶער וָואס הָאט דֶעם זוּהְן הָאט דָאס לֶעבֶּען; וֶוען
אֵיינֶער הָאט נִיט דֶעם זוּהְן פוּן גָאט דֶער הָאט נִיט
13 דָאס לֶעבֶּען: דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ צוּ אֵייךְ גֶעשְׁרִיבֶּען,
כְּדֵי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיהְר הָאט עֶבִּיגֶעס לֶעבֶּען,
צוּ אֵייךְ וָואס גְלוֹיבֶּען אָן דֶעם נָאמֶען פוּן דֶעם זוּהְן
פוּן גָאט:
14 אוּנְד דָאס אִין דֶער בִּטָחוֹן וָואס מִיר הָאבֶּען צוּ אִיהְם,
אַז וֶוען מִיר בֶּעטֶען עֶפֶּעס נָאךְ זֵיין וִוילֶען הֶערְט עֶר
15 אוּנְס: אוּנְד וֶוען מִיר וִויסֶען אַז עֶר הֶערְט אוּנְס אִין
וָואס מִיר בֶּעטֶען, אַזוֹי וִויסֶען מִיר אַז מִיר הָאבֶּען דִיא
בֶּעבֶּעטֶע וָואס מִיר הָאבֶּען פוּן אִיהְם גֶעבֶּעטֶען:
16 וֶוען אֵיינֶער זֶעהְט זֵיין בְּרוּדֶער זִינְדִיגֶען אַ זִינְד נִיט צוּם
טוֹיט, זָאל עֶר בֶּעטֶען, אוּנְד עֶר וֶועט אִיהְם גֶעבֶּען
לֶעבֶּען פַאר דִיא וָואס זִינְדִיגֶען נִיט צוּם טוֹיט. עֶס אִיז
פַארְהַאנֶען אַ זִינְד צוּם טוֹיט; אִיךְ זָאג נִיט וֶועגֶען יֶע־
17 נֶעם אַז עֶר זָאל בֶּעטֶען: יֶעדֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייט אִיז
זִינְד, אוּנְד עֶס אִיז פַארְהַאנֶען אַ זִינְד נִיט צוּם טוֹיט:
18 מִיר וִויסֶען אַז אִיטְלִיכֶער וָואס אִיז פוּן גָאט גֶעבּוֹירֶען
בֶּעוָוארֶען זִינְדִיגְט נִיט, נֵייעָרְט דֶער וֶועלְכֶער אִיז פוּן
גָאט גֶעבּוֹירֶען בֶּעוָואהְרְט אִיהְם, אוּנְד דֶער שְׁלֶעכְ־
19 טֶער רִיהְרְט אִיהְם נִיט אָן: מִיר וִויסֶען אַז מִיר זֶענֶען
פוּן גָאט, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט לִיגְט אִין דֶעם
20 שְׁלֶעכְטֶען: אוּנְד מִיר וִויסֶען אַז דֶער זוּהְן פוּן גָאט אִיז

גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעגֶעבֶּען אַ פֶּערְשְׁטַאנְד אַז
מִיר זָאלֶען דֶערְקֶענֶען דֶעם וָואהְרְהַאפְטִיגֶען; אוּנְד מִיר
זֶענֶען אִים וָואהְרְהַאפְטִיגֶען, אִין זַיין זוּהְן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ.
דִיזֶער אִיז דֶער וָואהְרְהַאפְטִיגֶער גָאט, אוּנְד עֶבִּיגֶעם
21 לֶעבֶּען: קְלֵיינֶע קִינְדֶער, הִיט אֵייךְ זֶעלְבְּסְט פוּן דִיא
אָפְּגֶעטֶער:

---

# דֶער צְוֵויטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם
# אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

---

1 דֶער זָקֵן צוּ דֶער אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶען גְבִירָה אוּנְד צוּ
אִיהְרֶע קִינְדֶער וֶועלְכֶע אִיךְ לִיבּ אִין דֶער וָואהְרְהֵייט,
אוּנְד נִיט נוּר אִיךְ, נֵייעֶרְט אוֹיךְ אַלֶע וָואס הָאבֶּען דִיא
2 וָואהְרְהֵייט דֶערְקֶענְט: וֶועגֶען דֶער וָואהְרְהֵייט וָואס
בְּלֵייבְּט אִין אוּנְס אוּנְד וֶועט מִיט אוּנְס זַיין אוֹיף עֶבִּיג:
3 גְנָאד זָאל זַיין מִיט אֵייךְ, בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּנְד פְרִידֶען
פוּן גָאט דֶעם פָאטֶער אוּנְד פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ דֶעם זוּהְן
פוּן דֶעם פָאטֶער, אִין וָואהְרְהֵייט אוּנְד אִין לִיבֶּע:
4 אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט אַז אִיךְ הָאבּ גֶעפִינֶען
צְווִישֶׁען דַיינֶע קִינְדֶער דִיא וָואס וַואנְדְלֶען אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט, אַזוֹי ווִיא מִיר הָאבֶּען דֶערְהַאלְטֶען אַ גֶעבָּאט
5 פוּן דֶעם פָאטֶער: אוּנְד אַצוּנְד בֶּעט אִיךְ דִיךְ, גְבִירָה, נִיט
אַזוֹי ווִיא אִיךְ שְׁרֵייבּ דִיר אַ נֵייעֶס גֶעבָּאט, נֵייעֶרְט דָאס
וָואס מִיר הָאבֶּען פוּן אָנְהוֹיבּ גֶעהַאט, אַז מִיר זָאלֶען
6 אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן לִיבֶּען: אוּנְד דָאס אִיז לִיבֶּע, אַז
מִיר זָאלֶען וַואנְדְלֶען נָאךְ זַיינֶע גֶעבָּאטֶע; דָאס אִיז דָאס
גֶעבָּאט, גְלֵייךְ ווִיא אִיהְר הָאט פוּן אָנְהוֹיבּ גֶעהֶערְט, אַז
7 אִיהְר זָאלְט דְרִינֶען וַואנְדְלֶען: וֵוייל פִילֶע בֶּעטְרִיגֶער
זֶענֶען אִין דֶער וֶועלְט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, וֶועלְכֶע בֶּעקֶענֶען
נִיט אַז יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז גֶעקוּמֶען אִים פְלֵיישׁ, דָאס אִיז
דֶער בֶּעטְרִיגֶער אוּנְד דֶער גֶעגְנֶער פוּן מָשִׁיחַ:
8 גִיבְּט אַכְטוּנְג צוּ אֵייךְ זֶעלְבְּסְט, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט נִיט

פֶערְלִירֶען דָאס וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעוִוירְקְט, נֵייעֶרְט אִיהְר
9 זָאלְט דֶערְהַאלְטֶען אַ גַאנְצֶען לוֹין: אִיטְלִיכֶער וָואס גֶעהְט
פָארְאָן אוּנְד בְּלֵייבְּט נִיט אִין דֶער לֶעהְרֶע פוּן מָשִׁיחַ,
דֶער הָאט נִיט גָאט; דֶער וָואס בְּלֵייבְּט אִין דֶער לֶעהְרֶע
10 פוּן מָשִׁיחַ הָאט אוֹיךְ דֶעם פָאטֶער אוּנְד דֶעם זוּהְן: וֶוען
אֵיינֶער קוּמְט צוּ אֵייךְ אוּנְד בְּרֶענְגְט נִיט דִיזֶע לֶעהְרֶע,
נֶעמְט אִיהְם נִיט אִים הוֹיז אַרֵיין, אוּנְד זָאגְט אִיהְם נִיט
11 שָׁלוֹם: וָוארִין דֶער וָואס זָאגְט אִיהְם שָׁלוֹם הָאט אַ טְהֵייל
אִין זֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים:
12 דֶערְוֵויל אִיךְ הָאבּ פִילֶע זַאכֶען צוּ אֵייךְ צוּ שְׁרֵייבֶּען,
הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעוָואלְט שְׁרֵייבֶּען מִיט פַּאפִּיר אוּנְד טִינְט,
נֵייעֶרְט אִיךְ הָאף צוּ אֵייךְ צוּ קוּמֶען אוּנְד צוּ רֶעדֶען פֶּה
אֶל פֶּה, כְּדֵי אוּנְזֶערֶע פְרֵייד זָאל פָאלְקָאמֶען זֵיין:
13 דִיא קִינְדֶער פוּן דֵיינֶע אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְטֶע שְׁוֶועסְטֶער
גְרִיסֶען דִיךְ:

---

# דֶער דְרִיטֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יוֹחָנָן.

---

1 דֶער זָקֵן צוּם גֶעלִיבְּטֶען גַאיוֹס, דֶעם אִיךְ לִיבּ אִין דֶער
וָואהְרְהֵייט:
2 גֶעלִיבְּטֶער, וֶועגֶען אַלֶע זַאכֶען בֶּעט אִיךְ אַז דוּא זָאלְסְט
מַצְלִיחַ זֵיין אוּנְד זָאלְסְט גֶעזוּנְד זֵיין, גְלֵייךְ וִויא דֵיינֶע
3 נְשָׁמָה אִיז מַצְלִיחַ: וָוארִין אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר גֶעפְרֵייעֶט
וֶוען בְּרִידֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט צוּ
דֵיינֶער וָואהְרְהֵייט, גְלֵייךְ וִויא דוּא וַואנְדֶעלְסְט אִין דֶער
4 וָואהְרְהֵייט: אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיינֶע גְרֶעסֶערֶע פְרֵייד וִויא
דִיזֶע, אַז אִיךְ זָאל הֶערֶען אַז מֵיינֶע קִינְדֶער וַואנְדְלֶען אִין
5 דֶער וָואהְרְהֵייט: גֶעלִיבְּטֶער, דוּא הַאנְדֶעלְסְט גֶעטְרֵייא
אִין וָואס דוּא טְהוּסְט קֶעגֶען דִיא בְּרִידֶער וָואס זֶענֶען
6 אוֹיךְ פְרֶעמְדֶע: וֶועלְכֶע הָאבֶּען בֶּעצֵייגְט פָאר דִיא קְהִלָּה
צוּ דֵיינֶע לִיבֶּע; אוּנְד דוּא וֶועסְט רֶעכְט טְהוּן וֶוען דוּא

וֶועסְט זַייא אַוֶועקְשִׁיקֶען וִויא עֶס אִיז וִוירְדִיג פוּן גָאט:
וָוארִין זַייא זֶענֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן זַיין נָאמֶען וֶועגֶען, 7
אוּנְד הָאבֶּען גָארְנִיט גֶענוּמֶען פוּן דִיא גוֹיִם: דְרוּם 8
זָאלֶען מִיר אַזֶעלְכֶע אוֹיפְנֶעמֶען, כְּדֵי מִיר זָאלֶען זַיין
מִיטְאַרְבַּייטֶער מִיט דֶער וָואהְרְהַייט:
אִיךְ הָאבּ עֶפֶּעס גֶעשְׁרִיבֶּען צוּ דֶער קְהִלָה. אָבֶּער 9
דִיאָטְרֶעפֶּעס וֶועלְכֶער לִיבְּט צוּ זַיין דֶער עֶרְשְׁטֶער
צְווִישֶׁען זַייא נֶעמְט אוּנְס נִיט אוֹיף: דֶעסְטְוֶועגֶען וֶוען 10
אִיךְ וֶועל קוּמֶען וֶועל אִיךְ גֶעדֶענְקֶען זַיינֶע מַעֲשִׂים וָואס
עֶר טְהוּט, אִינְדֶעם עֶר רֶעט קֶעגֶען אוּנְס שְׁלֶעכְטֶע רֶעד,
אוּנְד אִיז נִיט צוּפְרִידֶען, דֶערְמִיט נֶעמְט עֶר אוֹיךְ זֶעלְבְּסְט
נִיט אוֹיף דִיא בְּרִידֶער, אוּנְד עֶר פֶערְוֶועהְרְט נָאךְ דִיא
וָואס נֶעמֶען זַייא אוֹיף, אוּנְד וַוארְפְט זַייא אַרוֹיס פוּן דֶער
קְהִלָה:
גֶעלִיבְּטֶער פָאלְג נִיט נָאךְ דָאס שְׁלֶעכְטֶע נֵייעֶרְט דָאס 11
גוּטֶע. דֶער וָואס טְהוּט גוּטֶעס אִיז פוּן גָאט; דֶער וָואס
טְהוּט שְׁלֶעכְטֶעס הָאט גָאט נִיט גֶעזֶעהֶען: וֶועגֶען 12
דִימֶעטְרִיוֹס הָאבֶּען אַלֶע מֶענְשֶׁען גוּטֶעס בֶּעצֵייגְט אוּנְד
אוֹיךְ דִיא וָואהְרְהַייט אַלֵיין; אוּנְד מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ בֶּע־
צֵייגְט, אוּנְד דוּא ווַייסְט אַז אוּנְזֶער צֵייגְנִיס אִיז וָואהְר:
אִיךְ הָאבּ פִילֶע זַאכֶען גֶעהַאט דִיר צוּ שְׁרֵייבֶּען, אָבֶּער 13
אִיךְ וִויל דִיר נִיט שְׁרֵייבֶּען מִיט טִינְט אוּנְד פֶעדֶער:
אָבֶּער אִיךְ הָאף דִיךְ בַּאלְד צוּ זֶעהֶען, אוּנְד מִיר וֶועלֶען 14
רֶעדֶען פֶּה אֶל פֶּה:
שָׁלוֹם זָאל זַיין מִיט דִיר, דִיא פְרֵיינְד גְרִיסֶען דִיךְ. גְרִיס 15
דִיא פְרֵיינְד מִיט נָאמֶען:

---

# דֶער בְּרִיף פוּן דֶעם אַפָּאסְטֶעל יְהוּדָה.

1 יְהוּדָה אַ קְנֶעכְט פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ, אוּנְד בְּרוּדֶער פוּן
יַעֲקֹב, צוּ דִיא בֶּערוּפֶענֶע גֶעלִיבְּטֶע אִין גָאט דֶעם פָאטֶער
2 אוּנְד בֶּעוָוארְטֶע פַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ: בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט
צוּ אֵייךְ אוּנְד פְרִידֶען אוּנְד לִיבֶּע זָאל זִיךְ מֶעהְרֶען:
3 גֶעלִיבְּטֶע, אִינְדֶעם אִיךְ הָאבּ מִיךְ זֶעהְר בֶּעפְלֵייסִיגְט אִיךְ
זָאל צוּ אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען וֶועגֶען דֶער יְשׁוּעָה וָואס מִיר
הָאבֶּען צוּזַאמֶען, אִיז עֶס מִיר נֶעטְהִיג גֶעוֶועזֶען אִיךְ זָאל
צוּ אֵייךְ שְׁרֵייבֶּען, אוּנְד זָאל אֵייךְ דֶערְמָאהְנֶען אַז אִיהְר
זָאלְט מִיט עֶרִינְסְט שְׁטְרֵייטֶען פַאר דֶעם גְלוֹיבֶּען וָואס
אִיז אֵיינְמָאל צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען:
4 וָוארִין עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אַרֵיינְגֶעקוּ־
מֶען וָואס זֶענֶען שׁוֹין פְרִיהֶער צוּ דִיזֶען מִשְׁפָּט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוָוארֶען, וֶועלְכֶע רְשָׁעִים פֶערְקֶעהְרֶען דִיא גְנָאד פוּן
אוּנְזֶער גָאט צוּ אוֹיסְגֶעלַאסֶענְהֵייט, אוּנְד פֶערְלֵייקֶענֶען
דֶעם אֵיינְצִיגֶען מֵייסְטֶער אוּנְד אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ
הַמָּשִׁיחַ:
5 אָבֶּער אִיךְ וִויל אֵייךְ גֶעדֶענְקֶען, אַפִּילוּ וֶוען אִיהְר ווייסְט
אֵיינְמָאל אַלֶע זַאכֶען אַז דֶער הַאר הָאט אַ פָאלְק מַצִיל
גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרָיִם, אוּנְד הָאט דֶערְנָאךְ
6 אוּמְגֶעבְּרַאכְט דִיא וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעגְלוֹיבְּט: אוּנְד דִיא
מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען נִיט גֶעהַאלְטֶען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
הֶערְשַׁאפְט נֵייעֶרְט הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע וְואוֹינוּנְג
פֶערְלָאזְט, הָאט עֶר בֶּעוָוארְט צוּ דֶעם מִשְׁפָּט פוּן
דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג אִין עֶבִּיגֶע קֶעטֶען אִין דֶער
7 פִינְסְטֶערְנִים: אַזוֹי וִויא סְדוֹם אוּנְד עֲמוֹרָה אוּנְד דִיא
שְׁטֶעט אַרוּם זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיף דֶעם גְלֵייכֶען אוֹפֶן
וִויא דִיזֶע מְזַנֶּה גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ
אַ פְרֶעמְדֶען פְלֵיישׁ, אוּנְד זֶענֶען גֶעזֶעצְט פַאר אַ בֵּיישְׁפִּיל
אִינְדֶעם זֵייא לֵיידֶען דִיא שְׁטְרָאף פוּן עֶבִּיגֶען פֵייעֶר:
8 דָאךְ גְלֵייכְדֶעם זֶענֶען אוֹיךְ דִיזֶע טְרֵיימֶער אוּנְד פֶערְ־

אוּנְרֵיינִיגֶען דָאס פְלֵיישׁ, אוּנְד פֶערְאַכְטֶען גֶעוָועלְטִיגְקֵייט,
9 אוּנְד לֶעסְטֶערְן הֶערְשַׁאפְטֶען: אָבֶּער מִיכָאֵל דֶער
עֶלְצְטֶער מַלְאָךְ, וָוען עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְרִיגְט מִיט דֶעם
שָׂטָן, אוּנְד הָאט מִיט אִיהְם אַ וִכּוּחַ גֶעהַאט וֶועגֶען דֶעם
לֵייבּ פוּן מֹשֶׁה, הָאט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטַאנֶען עֶר זָאל
קֶענֶען אִיהְם בְּרֶענְגֶען אַ מִשְׁפָּט פוּן לֶעסְטֶערוּנְג, נֵייעֶרְט
10 עֶר הָאט גֶעזָאגְט, דֶער הַאר זָאל דִיךְ אָנְשְׁרֵייעֶן: אָבֶּער
דִיזֶע לֶעסְטֶערְן דָאס וָואס זֵייא ווִיסֶען נִיט, אוּנְד וָואס זֵייא
קֶענֶען מִן הַטֶבַע, אַפִּילוּ אַזוֹי ווִיא דִיא אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע
11 חַיוֹת, פֶערְדַארְבֶּען זֵייא זִיךְ אִין דִיזֶע זַאכֶען: וֶועה צוּ
זֵייא, ווייל זֵייא זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אִים וֶועג פוּן קַיִן, אוּנְד
זֶענֶען גֶעלָאפֶען נָאךְ דֶער בֶּעטְרִיגֶערֵייא פוּן בִּלְעָם פַאר
אַ לוֹין, אוּנְד זֶענֶען אִין דֶער ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגְקֵייט פוּן קֹרַח
פַארְלוֹירֶען גֶעוָוארֶען:
12 דִיזֶע זֶענֶען ווִיא פֶערְבָּארְגֶענֶע פֶעלְזֶען אִין אֵייעֶרֶע
מָאלְצֵייטֶען פוּן לִיבֶּע, וֶועלְכֶע זֵייא פְרֶעסֶען מִיט אֵייךְ אָהְן
פוּרְכְט, פַאסְטוּכֶער דִיא זִיךְ פִּיטֶערְן, וָואלְקֶען אָהְן וַואסֶער
אַרוּמְגֶעטְרִיבֶּען פוּן ווִינְד, ווִינְטֶער־בֵּיימֶער אָהְן פְרוּכְט,
13 צְווֵייא מָאל טוֹיט אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט: שְׁטוּרֶעמְדִיגֶע וֶועלֶען
פוּן דֶעם יַם, וָואס שׁוֹימֶען אִיבֶּער אִין זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע
שַׁאנְד, פְלִיעֶנְדֶע שְׁטֶערְן. פַאר וֶועלְכֶע דִיא שְׁוַוארְצֶעסְטֶע
14 פִינְסְטֶערְנִים אִיז אוֹיף עֶבִּיג בֶּעהַאלְטֶען: אוּנְד צוּ דִיזֶע
הָאט אוֹיךְ חֲנוֹךְ דֶער זִיבֶּעטֶער פוּן אָדָם נְבוּאוֹת גֶעזָאגְט,
אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה, דֶער הַאר אִיז גֶעקוּמֶען מִיט
15 צֶעהְן טוֹיזֶענְדֶע פוּן זֵיינֶע הֵיילִיגֶע: דברים ל״ג ב׳. כְּדֵי
עֶר זָאל אַלֶע רִיכְטֶען אוּנְד זָאל שְׁטְרָאפֶען אַלֶע רְשָׁעִים
פַאר אַלֶע זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים וָואס זֵייא הָאבֶּען
אַזוֹי שְׁלֶעכְט גֶעטְהוּן, אוּנְד פַאר אַלֶע הַארְטֶע זַאכֶען וָואס
דִיא גָאטְלָאזִיגֶע זִינְדֶער הָאבֶּען קֶענֶען אִיהְם גֶערֶעדט:
16 דִיזֶע זֶענֶען דִיא וָואס מוּרְמְלֶען אוּנְד קְלָאגֶען זִיךְ, וֶועלְכֶע
גֶעהֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע גְלוּסְטֶען, אוּנְד זֵייעֶר מוֹיל רֶעט
שְׁטָאלְצֶע רֶעדֶען, אוּנְד זֵייא זֶענֶען נוֹשֵׂא פָּנִים פוּן אַ
פָארְטְהֵייל וֶועגֶען:
17 אָבֶּער אִיהְר, גֶעלִיבְּטֶע, גֶעדֶענְקְט אָן דִיא וֶוערְטֶער וָואס

זֶענֶען פְרִיהֶער גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען פוּן דִיא אַפָּאסְטֶעל פוּן
18 אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ׃ אַז זֵייא הָאבֶּען אֵייךְ גֶעזָאגְט,
אַז אִין דִיא לֶעצְטֶע צֵייט וֶועלֶען קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער, וָואס
19 וֶועלֶען נָאכְגֶעהֶען זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע גְלוּסְטֶען׃ דִיזֶע זֶענֶען
דִיא וָואס מַאכֶען אָפְּזוּנְדֶערוּנְג, לֵיידֶענְשַׁאפְטְלִיךְ, וָואס
20 הָאבֶּען נִיט דֶעם גֵייסְט׃ אָבֶּער אִיהְר, גֶעלִיבְּטֶע, בּוֹיעֶט
אֵייךְ אוֹיף אִין אֵייעֶר הֵיילִיגְסְטֶען גְלוֹיבֶּען, אוּנְד בֶּעטֶעט
21 אִים רוּחַ הַקוֹדֶשׁ׃ אוּנְד הַאלְט אֵייךְ אִין דֶער לִיבֶּע פוּן
גָאט, אִינְדֶעם אִיהְר וַוארְטֶעט אוֹיף דֶער בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט
פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ צוּם עֶבִּיגֶען לֶעבֶּען׃
22 אוּנְד דֶערְבַּארְמְט אֵייךְ אִיבֶּער עֶטְלִיכֶע וֶועלְכֶע זֶענֶען
23 אִין סָפֵק׃ אוּנְד אַנְדֶערֶע זָאלְט אִיהְר רֶעטֶען אִינְדֶעם
אִיהְר זָאלְט זֵייא מַצִיל זֵיין אוֹים דֶעם פֵייעֶר; אוּנְד
אִיבֶּער עֶטְלִיכֶע דֶערְבַּארְמְט אֵייךְ מִיט פוּרְכְט; אוּנְד
הָאט פֵיינְד אַפִילוּ דָאס קְלֵייד וָואס אִיז פוּן דֶעם פְלֵיישׁ
בֶּעפְלֶעקְט׃
24 נוּן צוּ דֶעם וָואס אִיז מֶעכְטִיג אֵייךְ צוּ בֶּעהִיטֶען אַז אִיהְר
זָאלְט נִיט שְׁטְרוֹיכְלֶען, אוּנְד אֵייךְ פָארְשְׁטֶעלֶען פָאר
זֵיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אָהְן אַ פֶעהְלֶער מִיט גְרוֹיסֶע פְרֵייד׃
25 צוּ דֶעם אֵיינְצִיגֶען גָאט אוּנְזֶער רֶעטֶער דוּרְךְ אוּנְזֶער הַאר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זָאל זֵיין דֶער כָּבוֹד אוּנְד דִיא גְדוּלָה אוּנְד
דִיא קְרַאפְט אוּנְד דִיא מַאכְט פַאר אַלֶע צֵייט אַצוּנְד אוּנְד
אוֹיף אַלֶע עֶבִּיגְקֵייטֶען; אָמֵן׃

---

# דִיא אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יוֹהָנָן.

1 דִיא אַנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, וָואס גָאט הָאט אִיהְם
גֶעגֶעבֶען, כְּדֵי צוּ ווייזֶען צוּ זֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא זַאכֶען וָואס
מוּזֶען בַּאלְד גֶעשֶׁעהֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דוּרְךְ זֵיין
מַלְאָךְ, אוּנְד הָאט עֶס גֶעלָאזְט ווִיסֶען צוּ זֵיין קְנֶעכְט יוֹחָנָן:
2 ווֶעלְכֶער הָאט בֶּעצֵייגְט אוֹיף דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד
אוֹיף דֶעם צֵייגְנִיס פוּן יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ, אַפִּילוּ אוֹיף אַלֶע
3 זַאכֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזֶעהֶען: גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס
לֶעזְט, אוּנְד דִיא וָואס הֶערֶען דִיא ווֶערְטֶער פוּן דִיא נְבוּאָה
אוּנְד הַאלְטֶען דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען דְרִינֶען גֶעשְׁרִיבֶּען;
וָוארִין דִיא צֵייט אִיז נָאהֶענְט:
4 יוֹחָנָן צוּ דִיא זִיבֶּען קְהִלוֹת וָואס זֶענֶען אִין אַסְיָא; גְנָאד
זָאל זֵיין מִיט אֵייךְ, אוּנְד פְרִידֶען פוּן אִיהְם ווֶעלְכֶער
אִיז אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד וֶועט קוּמֶען, אוּנְד פוּן דִיא
5 זִיבֶּען גֵייסְטֶער וָואס זֶענֶען פָאר זֵיין שְׁטוּהְל: אוּנְד פוּן
יֵשׁוּעַ הַמָשִׁיחַ דֶער אִיז דֶער גֶעטְרַייעֶר עֵדוּת, דֶער עֶרְשְׁטְ־
גֶעבּוֹירֶענֶער פוּן דִיא טוֹיטֶע אוּנְד דֶער הֶערְשֶׁער פוּן דִיא
קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד; צוּ דֶעם ווֶעלְכֶער הָאט אוּנְס לִיבּ
אוּנְד הָאט אוּנְס לוֹיז גֶעמַאכְט פוּן אוּנְזֶערֶע זִינְד אִין זֵיין
6 בְּלוּט: אוּנְד הָאט אוּנְס גֶעמַאכְט פַאר אַ קֶענִיגְרֵייךְ, (דִיא
זָאלֶען זֵיין) כֹּהֲנִים צוּ זֵיין גָאט אוּנְד פָאטֶער; צוּ אִיהְם
זָאל זֵיין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד דִיא קְרַאפְט פוּן עֶבִּיגְקֵייט
צוּ עֶבִּיגְקֵייט; אָמֵן:
7 זֶעה, עֶר קוּמְט מִיט דִיא וָואלְקֶען, אוּנְד אִיטְלִיכֶעס אוֹיג
וֶועט אִיהְם זֶעהֶען, אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעשְׁטָא־
כֶען, אוּנְד אַלֶע שְׁבָטִים פוּן דֶער עֶרְד ווֶעלֶען אִיבֶּער
אִיהְם קְלָאגֶען; יָא, אָמֵן:
8 אִיךְ בִּין דִיא „א״ אוּנְד דִיא „ת״ זָאגְט דֶער הַאר גָאט,
דֶער ווֶעלְכֶער אִיז אוּנְד אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד וֶועט קוּמֶען,
דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער:

9 אִיךְ יוֹחָנָן, וָואס בִּין אֵייעֶר בְּרוּדֶער אוּנְד אַ טְהֵיילְנֶע־
מֶער מִיט אֵייךְ אִין דֶער אַנְגְסְט אוּנְד דֶעם קֶענִיגְרֵייךְ
אוּנְד דֶער גֶעדוּלְד אִין יֵשׁוּעַ, בִּין גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער
אִינְזֶעל וָואס הֵייסְט פַּאטְמוֹס, וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן
10 גָאט אוּנְד דֶעם צֵייגְנִים פוּן יֵשׁוּעַ: אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען
אִים גֵייסְט אוֹיף דֶעם טָאג פוּן דֶעם הַאר, אוּנְד אִיךְ
הָאבּ הִינְטֶער מִיר גֶעהֶערְט אַ גְרוֹיס קוֹל, אַזוֹי וִויא פוּן אַ
11 שׁוֹפָר: וָואס הָאט גֶעזָאגְט, דָאס וָואס דוּא זֶעהְסְט
שְׁרֵייבּ אִין אַ בּוּךְ, אוּנְד שִׁיק עֶס צוּ דִיא זִיבֶּען קְהִלּוֹת;
צוּ עֶפֶעסוֹס, אוּנְד צוּ סְמִירְנָא, אוּנְד צוּ פֶּערְגַאמוֹס, אוּנְד
צוּ תִיאַטִירָא, אוּנְד צוּ סַרְדִים, אוּנְד צוּ פִילַאדֶעלְפְיָא,
12 אוּנְד צוּ לַאוֹדִיקִיָא: אוּנְד אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט
צוּ זֶעהֶען דָאס קוֹל וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט; אוּנְד
וֶוען אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען
13 זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת: אוּנְד אִין מִיטֶען פוּן דִיא זִיבֶּען
מְנוֹרוֹת אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער גְלֵייךְ צוּ אַ זוּהְן פוּן מֶענְ־
שֶׁען, גֶעקְלֵייד אִין אַ מַאנְטֶעל צוּ דִיא פִּיס, אוּנְד
גֶעגַארְטֶעלְט מִיט אַ גָאלְדֶענֶעם גַארְטֶעל אַרוּם זֵיינֶע
14 בְּרוּסְט: אוּנְד זַיין קָאפּ אוּנְד זֵיינֶע הָאר זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
וַוייס אַזוֹי וִויא וָואל, אַזוֹי וִויא וַוייס שְׁנֶעה, אוּנְד זֵיינֶע
15 אוֹיגֶען וִויא אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר: אוּנְד זֵיינֶע פִּיס אַזוֹי
וִויא פֵיינֶעם קוּפֶּער, גְלֵייךְ וִויא זֵייא זֶענֶען גֶעגְלִיהְט
גֶעוָוארֶען אִין אֵיין אוֹיבֶען, אוּנְד זֵיין קוֹל אִיז גֶעוֶועזֶען
16 וִויא אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶער: אוּנְד אִין זֵיינֶע רֶעכְטֶע
הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאט זִיבֶּען שְׁטֶערֶען, אוּנְד פוּן זֵיין מוֹיל
אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ צְוֵוייא־שְׁנֵיידִיגֶעם שַׁארְפֶעם שְׁוֶוערְד,
אוּנְד זֵיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא זוּן וָואס
שֵׁיינְט אִין אִיהְר מַאכְט:
17 אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהֶען, בִּין אִיךְ אַנִידֶערְגֶע־
פַאלֶען פָאר זֵיינֶע פִּיס וִויא אַ טוֹיטֶער, אוּנְד עֶר הָאט
זֵיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיף מִיר גֶעלֶעגְט, אוּנְד הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, פוּרְכְט דִיךְ נִיט; אִיךְ בִּין דֶער עֶרְשְׁטֶער
18 אוּנְד דֶער לֶעצְטֶער: אוּנְד דֶער לֶעבֶּעדִיגֶער; אוּנְד אִיךְ
בִּין טוֹיט גֶעוֶועזֶען, אוּנְד זֶעה, אִיךְ לֶעבּ פוּן עֶבִּיגְקֵייט

צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא שְׁלִיסֶעל פוּן טוֹיט
19 אוּנְד פוּן גֵיהִנוֹם: דְרוּם שְׁרַייבּ דִיא זַאכֶען וָואס דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען, אוּנְד
20 דִיא זַאכֶען וָואס וֶועט דֶערְנָאךְ גֶעשֶׁעהֶען: דֶעם סוֹד פוּן
דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערֶען וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִין מֵיינֶע
רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנְד דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת. דִיא
זִיבֶּען שְׁטֶערֶען זֶענֶען דִיא מַלְאָכִים פוּן דִיא זִיבֶּען קְהִלוֹת,
אוּנְד דִיא זִיבֶּען מְנוֹרוֹת וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען זֶענֶען
זִיבֶּען קְהִלוֹת:

## קאפיטעל ב

1 צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָה וָואס אִיז אִין עֶפֶּעסוֹס
שְׁרַייבּ. דִיזֶעס זָאגְט דֶער וֶועלְכֶער הַאלְט דִיא זִיבֶּען
שְׁטֶערֶען אִין זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד, וֶועלְכֶער גֶעהְט אַרוּם
2 אִין מִיטֶען פוּן דִיא זִיבֶּען גָאלְדֶענֶע מְנוֹרוֹת: אִיךְ וֵוייס
דַיינֶע מַעֲשִׂים אוּנְד דַיינֶע אַרְבֵּייט אוּנְד דַיינֶע גֶעדוּלְד,
אוּנְד אַז דוּא קָאנְסְט נִיט לֵיידֶען שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, אוּנְד
הָאסְט גֶעפְּרִיפְט דִיא וָואס זָאגֶען זֵייא זֶענֶען אַפָּאסְטֶעל
אוּנְד זֵייא זֶענֶען נִיט, אוּנְד הָאסְט גֶעפִינֶען אַז זֵייא
3 זֶענֶען פַאלְשׁ: אוּנְד דוּא הָאסְט גֶעהַאט גֶעדוּלְד, אוּנְד
פוּן וֶועגֶען מֵיין נָאמֶען הָאסְט דוּא דֶערְטְרָאגֶען אוּנְד
4 בִּיסְט נִיט מִיד גֶעוָוארֶען: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאס קֶעגֶען
דִיר, אַז דוּא הָאסְט פֶערְלָאזְט דַיינֶע עֶרְשְׁטֶע לִיבֶּע:
5 דֶרוּם גֶעדֶענְק פוּן וַואנֶען דוּא בִּיסְט גֶעפַאלֶען, אוּנְד
טְהוּא תְּשׁוּבָה, אוּנְד טְהוּא דִיא עֶרְשְׁטֶע מַעֲשִׂים; אָבֶּער
וֶוען נִיט, וֶועל אִיךְ צוּ דִיר קוּמֶען, אוּנְד וֶועל אַוֶועקְרִיקֶען
דַיינֶע מְנוֹרָה פוּן אִיהְרֶען אָרְט, וֶוען דוּא וֶועסְט נִיט תְּשׁוּבָה
6 טְהוּן: אָבֶּער דָאס הָאסְט דוּא, אַז דוּא הָאסְט פֵיינְד
דִיא מַעֲשִׂים פוּן דִיא נִיקָאלַאִיטֶען, וָואס אִיךְ הָאבּ
7 אוֹיךְ פֵיינְד: דֶער וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען
וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלוֹת. צוּ דֶעם וָואס
אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען פוּן דֶעם
בּוֹים פוּן לֶעבֶּען וָואס אִיז אִים גַן עֵדֶן פוּן גָאט:
8 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָה וָואס אִיז אִין
סְמִירְנָא שְׁרַייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד

דֶער לֶעצְטֶער, דֶער אִיז טוֹיט גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיז
9 לֶעבֶּעדִיג: אִיךְ ווייס דֵיינֶע לֵיידֶען אוּנְד דֵיינֶע אָרְמְ־
קֵייט, אָבֶּער דוּא בִּיסְט רֵייךְ, אוּנְד דִיא לֶעסְטֶערוּנְג
פוּן דִיא וָואס זָאגֶען אַז זֵייא זֶענֶען יוּדֶען אוּנְד זֶענֶען
10 נִיט, נֵייעֶרְט (זֵייא זֶענֶען) אַ שׁוּל פוּן דֶעם שָׂטָן: פָאֶרְכְט
דִיךְ נִיט פַאר דִיא זַאכֶען וָואס דוּא וֶועסְט לֵיידֶען.
זֶעה, דֶער שָׂטָן וֶועט עֶטְלִיכֶע פוּן אֵייךְ אִין גֶעפֶענְגְנִים
אַרֵיינְוַוארְפֶען, כְּדֵי אִיהְר זָאלְט גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען, אוּנְד
אִיהְר וֶועט לֵיידֶען הָאבֶּען צֶעהְן טֶעג, זֵייא גֶעטְרֵייא
בִּיז צוּם טוֹיט, אוּנְד אִיךְ וֶועל דִיר גֶעבֶּען דִיא קְרוֹין
11 פוּן לֶעבֶּען: דֶער וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר
הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלוֹת. דֶער
וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועט נִיט גֶעשָׁאדֶעט וֶוערֶען פוּן
דֶעם צְוֵויטֶען טוֹיט:
12 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין
פֶּערְגַאמוֹם שְׁרֵייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער וֶועלְכֶער
13 הָאט דָאס צְוֵייא שְׁנֵיידִיגֶעם שַׁארְפֶעם שְׁוֶוערְד: אִיךְ
וֵייס וְואוּ דוּא וְואוֹינְסְט, וְואוּ דֶער שְׁטוּהְל פוּן דֶעם
שָׂטָן אִיז; אוּנְד דוּא הַאלְסְט מֵיין נָאמֶען, אוּנְד הָאסְט
נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין גְלוֹיבֶּען אַפִילוּ אִין דִיא טֶעג
פוּן אַנְטִיפַּאס מֵיין טְרֵייעֶר עֵדוּת, וֶועלְכֶער אִיז בֵּייא
14 אֵייךְ גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען, וְואוּ דֶער שָׂטָן וְואוֹינְט: אָבֶּער
אִיךְ הָאבּ אַ וֶוענִיג קֶעגֶען דִיר, אַז דוּא הָאסְט דָארְט
דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶעהְרֶע פוּן בִּלְעָם, וָואס הָאט
גֶעלֶערְנְט בָּלָק צוּ וַוארְפֶען אַ שְׁטְרוֹיכְלוּנְג פָאר דִיא
קִינְדֶער פוּן יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאלֶען עֶסֶען פוּן דִיא
15 קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער, אוּנְד זָאלֶען מְזַנֶּה זַיין: גְלֵייכְ־
דֶעם הָאסְט דוּא אוֹיךְ דִיא וָואס הַאלְטֶען דִיא לֶעהְרֶע
16 פוּן נִיקָאלַאִיטֶען: דְרוּם טְהוּא תְּשׁוּבָה; אָבֶּער וֶוען נִיט,
וֶועל אִיךְ צוּ דִיר בַּאלְד קוּמֶען, אוּנְד וֶועל מִיט זֵייא
17 שְׁטְרַייטֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד פוּן מֵיין מוֹיל: דֶער
וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט
זָאגְט צוּ דִיא קְהִלוֹת. צוּ דֶעם וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט
וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען אַ טְהֵייל פוּן דֶעם פֶערְבָּארְגֶענֶעם מָן,

אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען אַ וֶוייסֶען שְׁטֵיין, אוּנְד
אוֹיף דֶעם שְׁטֵיין גֶעשְׁרִיבֶּען אַ נֵייעֶן נָאמֶען, וָואס קֵיי־
נֶער וֵוייסְט נִיט, חוּץ דָער וָואס בֶּעקוּמְט אִיהְם:
18 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין
תִיאַטִירָא שְׁרֵייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער זוּהְן פוּן גָאט,
דֶער הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען אַזוֹי וִויא אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר,
19 אוּנְד זַיינֶע פִּיס זֶענֶען גְלַייךְ וִויא פֵיינֶעם קוּפֶּער: אִיךְ
וֵוייס דַיינֶע וֶוערְק אוּנְד דַיינֶע לִיבֶּע אוּנְד דַיין גְלוֹיבֶּען,
אוּנְד דַיין דִינְסְט אוּנְד דַיינֶע גֶעדוּלְד, אוּנְד דַיינֶע לֶעצְטֶע
20 וֶוערְק זֶענֶען מֶעהְר וִויא דִיא עֶרְשְׁטֶע: אָבֶּער אִיךְ הָאבּ
דָאס קֶעגֶען דִיר, אַז דוּא לָאזְט דִיא פְרוֹיא אִיזֶבֶל וֶועלְכֶע
זָאגְט אַז זִיא אִיז אַ נְבִיאָה, אוּנְד זִיא לֶערְט אוּנְד
פֶערְפִיהְרְט מֵיינֶע קְנֶעכְט, מְזַנֶה צוּ זַיין אוּנְד צוּ עֶסֶען
21 קָרְבָּנוֹת פוּן אָפְּגֶעטֶער: אוּנְד אִיךְ הָאבּ אִיהְר צַייט גֶע־
גֶעבֶּען אַז זִיא זָאל תְּשׁוּבָה טְהוּן, אוּנְד זִיא וִויל נִיט
22 תְּשׁוּבָה טְהוּן וֶועגֶען אִיהְרֶע זְנוּת: זֶעה אִיךְ וֶועל זִיא
אַרֵיינְוַוארְפֶען אִין אַ בֶּעט, אוּנְד דִיא וָואס מִיט אִיהְר
אַרוּמְהוּרֶען אִין גְרוֹיסֶע צָרוֹת, וֶוען זַייא טְהוּן נִיט
23 תְּשׁוּבָה פוּן זַייעֶרֶע מַעֲשִׂים: אוּנְד אִיךְ וֶועל אִיהְרֶע
קִינְדֶער טוֹיט שְׁלָאגֶען; אוּנְד אַלֶע קְהִלּוֹת וֶועלֶען וִויסֶען
אַז אִיךְ בִּין דֶער וֶועלְכֶער פָארְשְׁט דִיא נִירֶען אוּנְד דִיא
הֶערְצֶער. אוּנְד אִיךְ וֶועל אֵייךְ גֶעבֶּען אִיטְלִיכֶען נָאךְ
24 אֵייעֶרֶע וֶוערְק: אָבֶּער אִיךְ זָאג צוּ אֵייךְ דִיא אִיבְּרִיגֶע
וָואס זֶענֶען אִין תִיאַטִירָא, וִויא פִילֶע הָאבֶּען נִיט דִיזֶע
לֶעהְרֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען נִיט גֶעוְואוּסְט דִיא טִיפֶענִים פוּן
דֶעם שָׂטָן, וִויא זַייא זָאגֶען; אִיךְ לֶעג נִיט אוֹיף אֵייךְ
25 קֵיינֶע אַנְדֶערֶע לַאסְט: אָבֶּער וָואס אִיהְר הָאט הַאלְט
26 פֶעסְט בִּיז אִיךְ וֶועל קוּמֶען: אוּנְד דֶער וָואס אִיבֶּער־
וֶועלְטִיגְט אוּנְד הִיט מֵיינֶע וֶוערְק בִּיז צוּם סוֹף, אִיהְם
27 וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען מַאכְט אִיבֶּער דִיא גוֹיִם: אוּנְד עֶר וֶועט
אִיבֶּער זַייא הֶערְשֶׁען מִיט אֵייזֶערְנֶע רוּט, גְלַייךְ
וִויא דִיא כֵּלִים פוּן אַ טֶעפֶּער זֶענֶען צוּבְּרָאכֶען; אַזוֹי
28 וִויא אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ פוּן מֵיין פָאטֶער דֶערְהַאלְטֶען: אוּנְד
29 אִיךְ וֶועל אִיהְם גֶעבֶּען דֶעם מָארְגֶענְשְׁטֶערְן: דֶער וָואס

הָאט אַיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָאס דֶער גֵייסְט זָאגְט
צוּ דִיא קְהִלּוֹת:

## קאפיטעל ג

1 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָאס אִיז אִין סַרְדִים
שְׁרֵייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער וֶועלְכֶער הָאט דִיא זִיבֶּען
גֵייסְטֶער פוּן גָאט אוּנְד דִיא זִיבֶּען שְׁטֶערֶען, אִיךְ ווֵייס
דֵיינֶע וֶוערְק, אַז דוּא הָאסְט אַ נָאמֶען אַז דוּא לֶעבְּסְט
2 אוּנְד דוּא בִּיסְט טוֹיט: וֶועק דִיךְ אוֹיף אוּנְד בֶּעפֶעסְטִיג
דִיא אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען וָאס זֶענֶען נָאהֶענְט צוּם טוֹיט;
וָוארִין אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעפִינֶען דֵיינֶע וֶוערְק פָאלְקָאמֶען
3 פָאר מֵיינֶעם גָאט: דְרוּם גֶעדֶענְק וִויא דוּא הָאסְט דֶערְ־
הַאלְטֶען אוּנְד גֶעהֶערְט, אוּנְד הַאלְט פֶעסְט אוּנְד טְהוּא
תְּשׁוּבָה. דְרוּם וֶוען דוּא וֶועסְט דִיךְ נִיט אוֹיפְוֶועקֶען,
וֶועל אִיךְ קוּמֶען וִויא אַ גַנָב, אוּנְד דוּא וֶועסְט נִיט
וִויסֶען אִין וֶועלְכֶע שָׁעָה אִיךְ וֶועל אִיבֶּער דִיר קוּמֶען:
4 אָבֶּער דוּא הָאסְט אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע נֶעמֶען אִין סַרְדִים וָאס
הָאבֶּען נִיט בֶּעפְלֶעקְט זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
מִיט מִיר אַרוּמְגֶעהֶען אִין ווַייסֶען, וָוארִין זֵייא זֶענֶען ווִירְדִיג:
5 דֶער וָאס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועט אַזוֹי גֶעקְלֵיידֶעט וֶוערֶען
אִין ווַייסֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל נִיט זֵיין נָאמֶען אוֹיסְ־
מֶעקֶען פוּן דֶעם סֵפֶר הַחַיִּים, אוּנְד אִיךְ וֶועל זֵיין נָאמֶען
בֶּעקֶענֶען פָאר מֵיין פָאטֶער אוּנְד פָאר זֵיינֶע מַלְאָכִים:
6 דֶער וָאס הָאט אַיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָאס דֶער
גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת:
7 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָאס אִיז אִין
פִילַאדֶעלְפְיָא שְׁרֵייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער הֵיילִיגֶער,
דֶער וָואהְרְהַאפְטִיגֶער, דֶער וָאס הָאט דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן
דָוִד, דֶער וָאס עֶפֶענְט אוּנְד קֵיינֶער וֶועט פֶערְשְׁלִיסֶען,
8 אוּנְד פֶערְשְׁלִיסְט אוּנְד קֵיינֶער עֶפֶענְט: אִיךְ ווֵייס דֵיינֶע
וֶוערְק; זֶעה, אִיךְ הָאבּ פָאר דִיר גֶעשְׁטֶעלְט אַיינֶע אָפֶענֶע
טְהִיר, וֶועלְכֶע קֵיינֶער קָאן פֶערְשְׁלִיסֶען; וָוארִין דוּא
הָאסְט קְלֵיינֶע קְרַאפְט; אוּנְד הָאסְט מֵיין וָוארְט דֶערְ־
הַאלְטֶען אוּנְד הָאסְט נִיט פֶערְלֵייקֶענְט מֵיין נָאמֶען:
9 זֶעה, אִיךְ גִיבּ דִיא פוּן דֶער שׁוּל פוּן דֶעם שָׂטָן וֶועלְכֶע

זָאגֶען אַז זַייא זֶענֶען יוּדֶען, אוּנְד זַייא זֶענֶען נִיט, נֵייר־
עֶרְט זַייא זָאגֶען לִיגֶען; זֶעה, אִיךְ וֶועל מַאכֶען אַז
זַייא זָאלֶען קוּמֶען אוּנְד זִיךְ בִּיקֶען פָאר דַיינֶע פִים,
אוּנְד זַייא זָאלֶען ווִיסֶען אַז אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעלִיבְּט:
10 וֵוייל דוּא הָאסְט גֶעהַאלְטֶען דָאס וָוארְט פוּן מֵיינֶע
גֶעדוּלְד, וֶועל אִיךְ אוֹיךְ דִיךְ הַאלְטֶען פוּן דֶער שָׁעָה
פוּן פְּרִיפוּנְג וָואס וֶועט קוּמֶען אוֹיף דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט,
11 צוּ פְּרִיפֶען דִיא וָואס ווְאוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד: אִיךְ קוּם
גֶעשְׁווִינְד; הַאלְט פֶעסְט וָואס דוּא הָאסְט, כְּדֵי קֵיינֶער
12 זָאל נִיט אַוֶועקְנֶעמֶען דַיינֶע קְרוֹין: דֶער וָואס אִיבֶּערְ־
וֶועלְטִיגְט דֶעם וֶועל אִיךְ מַאכֶען פַאר אַ זַייל אִים טֶעמְפֶּעל
פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד עֶר זָאל נִיט מֶעהְר אַרוֹיסְגֶעהֶען,
אוּנְד אִיךְ וֶועל אוֹיף אִיהְם שְׁרֵייבֶּען דֶעם נָאמֶען פוּן
מֵיין גָאט אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער שְׁטָאט פוּן מֵיין
גָאט, פוּן דֶעם נֵייעֶן יְרוּשָׁלַיִם וָואס קוּמְט אַרוּפּ פוּן הִי־
13 מֶעל פוּן מֵיין גָאט, אוּנְד מֵיין נֵייעֶן נָאמֶען: דֶער וָואס
הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער גֵייסְט זָאגְט
צוּ דִיא קְהִלּוֹת:
14 אוּנְד צוּ דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶער קְהִלָּה וָואס אִיז אִין לָאוֹדִיקִיָא
שְׁרֵייבּ. דִיזֶע זַאכֶען זָאגְט דֶער אָמֵן, דֶער גֶעטְרֵייעֶר
אוּנְד וָואהְרְהַאפְטִיגֶער עֵדוּת, דֶער אָנְהוֹיבּ פוּן דֶער בֶּע־
15 שֶׁעפֶּענִים פוּן גָאט: אִיךְ ווֵייס דַיינֶע וֶוערְק, אַז דוּא
בִּיסְט נִיט קַאלְט אוּנְד נִיט וַוארֶעם; הַלְוַאי וָואלְסְט
16 דוּא גֶעוֶועזֶען קַאלְט אָדֶער וַוארֶעם: אָבֶּער ווֵייל דוּא
בִּיסְט נוּר לֶעבְּלִיךְ, אוּנְד נִיט קַאלְט אוּנְד נִיט וַוארֶעם,
17 וֶועל אִיךְ דִיךְ אוֹיסְשְׁפֵּייעֶן אוֹיס מֵיין מוֹיל: ווֵייל דוּא
זָאגְסְט, אִיךְ בִּין רַייךְ אוּנְד הָאבּ פִיל פֶּערְמֶעגֶען אוּנְד
אִיךְ הָאבּ אִין קֵיין זַאךְ נוֹיט, אוּנְד דוּא ווֵייסְט נִיט אַז
דוּא בִּיסְט עֶלֶענְד, אוּנְד יֶעמֶערְלִיךְ, אוּנְד אָרֶעם, אוּנְד
18 בְּלִינְד, אוּנְד נַאקֶעט: אִיךְ גִיבּ דִיר אֵיין עֵצָה אַז דוּא
זָאלְסְט פוּן מִיר קוֹיפֶען גָאלְד גֶעלֵייטֶערְט אִים פֵייעֶר,
כְּדֵי דוּא זָאלְסְט רַייךְ זַיין, אוּנְד ווֵייסֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי
דוּא זָאלְסְט דִיךְ אָנְקְלֵיידֶען אוּנְד דַיינֶע בְּלוֹיסֶע שַׁאנְד
זָאל נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט וֶוערֶען, אוּנְד זַאלְבּ דַיינֶע אוֹיגֶען

19 צוּ זַאלְבֶּען, כְּדֵי דוּא זָאלְסְט זֶעהֶען: אַזוֹי פִילֶע וָואס
אִיךְ הָאבּ לִיבּ שְׁטְרָאף אִיךְ אוּנְד שְׁלָאג, דְרוּם זֵייא
20 אֵייפְרִיג אוּנְד טְהוּא תְּשׁוּבָה: זֶעה, אִיךְ שְׁטֶעה בֵּייא דֶער
טְהִיר אוּנְד קְלַאפּ אָן; וֶוען אֵיינֶער וֶועט מֵיין קוֹל הֶער־
רֶען אוּנְד וֶועט דִיא טְהִיר עֶפֶענֶען, אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּ
אִיהְם אַרֵיינְקוּמֶען אוּנְד וֶועל מִיט אִיהְם עֶסֶען, אוּנְד עֶר
21 מִיט מִיר: דֶער וָואס אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דֶעם וֶועל אִיךְ
גֶעבֶּען אַז עֶר זָאל מִיט מִיר זִיצֶען אוֹיף מֵיין שְׁטוּהְל,
אַזוֹי וִויא אִיךְ הָאבּ אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט אוּנְד הָאבּ מִיךְ
22 גֶעזֶעצְט מִיט מֵיין פָאטֶער אוֹיף זֵיין שְׁטוּהְל: דֶער
וָואס הָאט אֵיין אוֹיעֶר לָאז עֶר הֶערֶען וָואס דֶער
גֵייסְט זָאגְט צוּ דִיא קְהִלּוֹת:

## קאפיטעל ד

1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה אַ טְהִיר
אִיז אִים הִימֶעל אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דָאס
עֶרְשְׁטֶע קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִיז גֶעוֶועזֶען
גְלֵייךְ וִויא דָאס קוֹל פוּן אַ שׁוֹפָר, וָואס הָאט מִיט מִיר
גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, קוּם אַרוֹיף אַהֶער, אוּנְד אִיךְ וֶועל
דִיר וֵוייזֶען דִיא זַאכֶען וָואס מוּז דֶערְנָאךְ גֶעשֶׁעהֶען:
2 גְלֵייךְ בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען אִים גֵייסְט, אוּנְד זֶעה אַ שְׁטוּהְל
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד אֵיינֶער אִיז גֶעזֶעסֶען
3 אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל: אוּנְד דֶער גֶעזֶעסֶענֶע אִיז גְלֵייךְ גֶע־
וֶועזֶען צוּ אַ שְׁטֵיין פוּן אַ־יַסְפִּים אוּנְד פוּן אַ סַארְדִים,
אוּנְד אַ רֶעגֶען־בּוֹיגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל,
4 גְלֵייךְ וִויא דִיא גֶעשְׁטַאלְט פוּן אַ סְמַארְגָאד: אוּנְד אַרוּם
דֶעם שְׁטוּהְל הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
שְׁטוּהְלֶען, אוּנְד אוֹיף דִיא שְׁטוּהְלֶען פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג
זְקֵנִים זִיצֶען, גֶעקְלֵיידֶעט אִין וֵוייסֶע קְלֵיידֶער, אוּנְד אוֹיף
5 זֵייעֶרֶע קֶעפּ גָאלְדֶענֶע קְרוֹינֶען: אוּנְד פוּן דֶעם שְׁטוּהְל
זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען בְּלִיצֶען אוּנְד קוֹלוֹת; אוּנְד זִיבֶּען
פְלַאקֶער פוּן פֵייעֶר הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט פָאר דֶעם שְׁטוּהְל,
6 וָואס זֶענֶען דִיא זִיבֶּען גֵייסְטֶער פוּן גָאט: אוּנְד פָאר
דֶעם שְׁטוּהְל אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא אַ גְלֶעזֶערְנֶעם יַם גְלֵייךְ
צוּ קְרִיסְטָאל; אוּנְד אִין דֶער מִיטֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל

אוּנְד אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל זֶענֶען גֶעוֶועזֶען פִיעֶר חַיוֹת פוּל
7 מִיט אוֹיגֶען פוּן פָארֶענְט אוּנְד פוּן הִינְטֶען: אוּנְד דִיא
עֶרְשְׁטֶע חַיָה אִיז גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ וִויא אַ לֵייבּ, אוּנְד דִיא
צְווֵייטֶע חַיָה גְלַייךְ וִויא אַ קַאלְבּ, אוּנְד דִיא דְרִיטֶע חַיָה
הָאט גֶעהַאט דָאס פָּנִים אַזוֹי וִויא פוּן אַ מֶענְשׁ, אוּנְד
דִיא פִיעֶרְטֶע חַיָה אִיז גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ וִויא אַ פְלִיהֶענ־
8 דִיגֶער אָדְלֶער: אוּנְד דִיא פִיעֶר חַיוֹת הָאבֶּען אִיטְלִיכֶער
גֶעהַאט זֶעקְס פְלִיגֶעל, אוּנְד אַרוּם זִיךְ פוּן אִינֶעוֶוענִיג
פוּל מִיט אוֹיגֶען; אוּנְד זַייא הָאבֶּען נִיט קֵיינֶע רוּהֶע טָאג
אוּנְד נַאכְט דֶערְוֵוייל זַייא זָאגֶען,

הֵיילִיג, הֵיילִיג, הֵיילִיג, אִיז דֶער הַאר גָאט, דֶער
אַלְמֶעכְטִיגֶער, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז, אוּנְד
וֶועט קוּמֶען:

9 אוּנְד וֶוען דִיא חַיוֹת וֶועלֶען גֶעבֶּען הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד
כָּבוֹד אוּנְד דַאנְק צוּ דֶעם וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף
דֶעם שְׁטוּהְל, וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט:
10 וֶועלֶען דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אַנִידֶערְפַאלֶען
פָאר דֶעם וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל,
אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דֶעם וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן
עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, אוּנְד וֶועלֶען זַייעֶרֶע קְרוֹינֶען
אַנִידֶערְוַוארְפֶען פָאר דֶעם שְׁטוּהְל דֶערְוֵוייל זַייא זָאגֶען:

11 דוּא בִּיזְט וִוירְדִיג, אוּנְזֶער הַאר אוּנְד גָאט, אַז
דוּא זָאלְסְט דֶערְהַאלְטֶען הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד כָּבוֹד אוּנְד
מַאכְט, וָוארִין דוּא הָאסְט אַלֶע זַאכֶען בֶּעשַׁאפֶען,
אוּנְד דוּרְךְ דַיין וִוילֶען זֶענֶען זַייא גֶעוָוארֶען אוּנְד
זֶענֶען בֶּעשַׁאפֶען:

קאפיטעל ה

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִין דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד פוּן
דֶעם וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל אַ בּוּךְ,
גֶעשְׁרִיבֶּען פוּן אִינֶעוֶוענִיג אוּנְד פוּן אוֹיסֶוֶוענִיג אוּנְד
2 פֶערְזִיגֶעלְט מִיט זִיבֶּען זִיגֶעל: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען
אַ שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ וָואס הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ
קוֹל, וֶוער אִיז וִוירְדִיג דָאס בּוּךְ אוֹיפְצוּמַאכֶען אוּנְד דִיא
3 חֲתִימוֹת דֶערְפוּן אוֹיפְצוּבְּרֶעכֶען? אוּנְד קֵיינֶער אִין דֶעם

הימעל אָדער אויף דער ערד אָדער אונטער דער ערד האט געקאָנט דאס בוך אויפמאכען, ניט אַפילו
4 דרויף קוקען: אונד איך האב זעהר געוויינט, ווייל קיינער איז ניט ווירדיג געפונען געוואָרען דאס בוך
5 אויפצומאכען, אַפילו ניט דרויף צו קוקען: אונד איינער פון דיא זקנים האט צו מיר געזאָגט, וויין ניט; זעה, דער לייב וואס איז פון דעם שבט יהודה, דיא וואָרצעל פון דוד, האט איבערוועלטיגט דאס בוך אויפצומאַ־כען אונד דיא זיבען התימות דערפון:
6 אונד איך האב געזעהען אין מיטען דעם שטוהל אונד דיא פיער חיות אונד אין מיטען דיא זקנים א לאם שטעהען אזוי וויא געשאכטען, אונד עס האט געהאט זיבען הערנער אונד זיבען אויגען, וואס זענען דיא זיבען גייסטער פון גאט, דיא זענען צו דיא גאנצע
7 ערד ארויסגעשיקט: אונד ער איז געקומען אונד האט עס גענומען פון דיא רעכטע האנד פון דעם וועלכער
8 איז געזעסען אויף דעם שטוהל: אונד ווען ער האט דאס בוך גענומען, זענען דיא פיער חיות אונד דיא פיער אונד צוואנציג זקנים אַנידערגעפאַלען פאר דעם לאם, אונד איטליכער פון זייא האט געהאט א הארף, אונד גאלדענע בעקען פול מיט קטורת, וואס זענען דיא
9 תפילות פון דיא היילינע: אונד זייא האבען געזונגען א נייען געזאנג אונד געזאגט,

ווירדיג ביזט דוא דאס בוך צו נעמען, אונד דיא חתימות דערפון צו עפענען, וואָרין דוא ביסט גע־שאכטען געוואָרען, אונד האסט דורך דיין בלוט גע־קויפט צו גאט פון יעדעם שבט אונד לשון אונד
10 פאלק אונד גוי: אונד האסט זייא געמאכט צו אונ־זערעם גאט פאר א קעניגרייך אונד כהנים אונד זייא וועלען הערשען אויף דער ערד:
11 אונד איך האב געזעהען, אונד האב געהערט א קול פון פילע מלאכים ארום דעם שטוהל אונד דיא חיות אונד דיא זקנים, אונד זייער צאהל איז געוועזען צעהן טויזענד מאל צעהן טויזענד אונד פיל טויזענד מאל טויזענד:

12 װעלכֶע הָאבֶּען גֶעזָאגְט מִיט אַ הױך קוֹל,
װירְדִיג אִיז דָאס לַאם װָאס אִיז גֶעשָׁאכְטֶען גֶעװָארֶען
אַז עֶר זָאל דֶערְהַאלְטֶען קְרַאפְט, אוּנְד רֵייכְטְהוּם, אוּנְד
חָכְמָה, אוּנְד מַאכְט, אוּנְד כָּבוֹד, אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט,
אוּנְד בְּרָכָה׃
13 אוּנְד אִיטְלִיכֶעס בֶּעשֶׁעפֶּענִים װָאס אִיז אִים הִימֶעל אוּנְד
אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְד אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, אוּנְד אִין דֶעם
יַם, אוּנְד אַלֶעס װָאס אִיז אִין זֵייא, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט זָאגֶען,
צוּ דֶעם װֶעלְכֶער זִיצְט אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד צוּ
דֶעם לַאם זָאל זֵיין דִיא בְּרָכָה, אוּנְד דֶער כָּבוֹד, אוּנְד
דִיא הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד דִיא קְרַאפְט פוּן עֶבִּיגְקֵייט
צוּ עֶבִּיגְקֵייט׃
14 אוּנְד דִיא פִיעֶר חַיוֹת הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן; אוּנְד דִיא
זְקֵנִים זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט׃

## קאפיטעל ו

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען װֶען דָאס לַאם הָאט אוֹיפְגֶע־
מַאכְט אֵיינְס פוּן דִיא זִיבֶּען חֲתִימוֹת, אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט אֵיינֶע פוּן דִיא פִיעֶר חַיוֹת זָאגֶען אַזוֹי װִיא מִיט
2 דֶעם קוֹל פוּן אַ דוּנֶער, קוּם׃ אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען,
אוּנְד זֶעה, אַ װַייס פֶּערְד, אוּנְד דֶער װֶעלְכֶער אִיז דְרוֹיף
גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהַאט אַ בּוֹיגֶען, אוּנְד מֶען הָאט צוּ אִיהְם
גֶעגֶעבֶּען אַ קְרוֹין, אוּנְד עֶר אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַלְס אֵיין
אִיבֶּערְװֶעלְטִיגֶער אוּנְד צוּ אִיבֶּערְװֶעלְטִיגֶען׃
3 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא צְװֵייטֶע חֲתִימָה,
4 הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דִיא צְװֵייטֶע חַיָה זָאגֶען, קוּם׃ אוּנְד
עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס פֶּערְד, אַ רוֹיטֶעס,
אוּנְד צוּ דֶעם װֶעלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט מֶען
גֶעגֶעבֶּען אַז עֶר זָאל אַװֶעקְנֶעמֶען פְרִידֶען פוּן דֶער עֶרְד,
אוּנְד כְּדֵי זֵייא זָאלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן שְׁלַאכְטֶען,
אוּנְד מֶען הָאט צוּ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ גְרוֹיסֶעס שְׁװֶערְד׃
5 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא דְרִיטֶע חֲתִימָה,
הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דִיא דְרִיטֶע חַיָה זָאגֶען, קוּם. אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אַ שְׁװַארְצֶעס פֶּערְד, אוּנְד דֶער
װֶעלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהַאט אַ װָאגְשָׁאל

6 אִין זַיינֶע הַאנְד: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַזוֹי וְוִיא אַ
קוֹל אִין מִיטֶען דִיא פִיעֶר חַיוֹת זָאגֶען, אַ מָאָס וֵוייץ
פַאר אַ גְרָאשֶׁען, אוּנְד דְרֵייא מָאָס גֶערְשְׁטֶען פַאר אַ
גְרָאשֶׁען; גר׳ דינר. אוּנְד פַארְדַארְבּ נִיט דָאס עֶהְל אוּנְד
דֶעם וֵויין:
7 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא פִיעֶרְטֶע
חֲתִימָה, הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט דָאס קוֹל פוּן דֶער פִיעֶרְטֶע
8 חַיָה זָאגֶען, קוּם: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, אַ
בְּלֵייךְ פֶערְד, אוּנְד דֶער וֶועלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען
זַיין נָאמֶען אִיז גֶעוֶועזֶען טוֹיט, אוּנְד דֶער שְׁאוֹל אִיז
מִיט אִיהְם נָאכְגֶעגַאנְגֶען, אוּנְד מֶען הָאט צוּ זֵייא גֶעגֶעבֶּען
מַאכְט אִיבֶּער דֶעם פִיעֶרְטֶען טְהֵייל פוּן דֶער עֶרְד, זֵייא
זָאלֶען אוּמְבְּרֶענְגֶען מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד אוּנְד מִיט הוּנְגֶער
אוּנְד מִיט טוֹיט אוּנְד דוּרְךְ דִיא חַיוֹת פוּן דֶער עֶרְד:
9 אוּנְד וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא פִינְפְטֶע חֲתִימָה,
הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אוּנְטֶער דֶעם מִזְבֵּחַ דִיא נְשָׁמוֹת פוּן
דִיא וָואס זֶענֶען אוּמְגֶעבְּרַאכְט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶעם
וָוארְט פוּן גָאט אוּנְד וֶועגֶען דֶעם צֵייגְנִיס וָואס זֵייא
10 הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט, וִויא לַאנְג אָ הֵיילִיגֶער אוּנְד
וָואהְרְהַאפְטִיגֶער מֵייסְטֶער, רִיכְטֶעסְט דוּא נִיט אוּנְד בִּיסְט
דִיךְ נִיט נוֹקֵם פַאר אוּנְזֶער בְּלוּט פוּן דִיא וָואס וְואוֹינֶען
11 אוֹיף דֶער עֶרְד? אוּנְד מֶען הָאט צוּ אִיטְלִיכֶען פוּן זֵייא
גֶעגֶעבֶּען אַ וֵוייס קְלֵייד, אוּנְד צוּ זֵייא גֶעזָאגְט אַז
זֵייא זָאלֶען רוּהִיג זַיין נָאךְ אַ קְלֵיינֶע צֵייט, בִּיז דִיא צָאהְל
פוּן זֵייעֶרֶע מִיטְקְנֶעכְט אוּנְד זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער וֶועט דֶערְ־
פִילְט וֶוערֶען, וָואס וֶועלֶען אוֹיךְ גֶעטֶעטֶעט וֶוערֶען אַזוֹי
וְוִיא זֵייא:
12 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וֶוען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט
דִיא זֶעקְסְטֶע חֲתִימָה, אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ גְרוֹיס
עֶרְדְצִיטֶערְנִיס, אוּנְד דִיא זוּן אִיז שְׁוַוארְץ גֶעוָוארֶען
גְלֵייךְ וִויא אַ זַאק פוּן הָאָר, אוּנְד דִיא גַאנְצֶע לְבָנָה אִיז
13 גֶעוָוארֶען וִויא בְּלוּט: אוּנְד דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּפְגֶעפַאלֶען, גְלֵייךְ וִויא

אַ פֵייגֶענְבּוֹים וַוארְפְט אַרוּפּ זַיינֶע אוּנְצַייטִיגֶע פֵייגֶען,
וֶוען עֶר אִיז גֶעשָׁאקֶעלְט פוּן אַ גְרוֹיסֶען ווִינְד: אוּנְד דֶער 14
הִימֶעל אִיז פַארְבַּייא גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי וִויא אַ צוּגֶעווִיקֶעלְטֶע
מְגִילָה, אוּנְד יֶעדֶער בַּארְג אוּנְד אִינְזֶעל זֶענֶען פוּן זֵייעֶרֶע
עֶרְטֶער אַוֶועקְגֶערִיקְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן 15
דֶער עֶרְד אוּנְד דִיא פִירְשְׁטֶען, אוּנְד דִיא הוֹיפְּטְלֵייט,
אוּנְד דִיא רֵייכֶע אוּנְד דִיא מֶעכְטִיגֶע, אוּנְד יֶעדֶער
קְנֶעכְט, אוּנְד יֶעדֶער פְרֵייעֶר מֶענְשׁ הָאבֶּען זִיךְ פֶערְ־
בָּארְגֶען אִין דִיא הֶעהְלֶען אוּנְד אִין דִיא פֶעלְזֶען פוּן
דִיא בֶּערְג: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דִיא בֶּערְג 16
אוּנְד צוּ דִיא פֶעלְזֶען, פַאלְט אוֹיף אוּנְס, אוּנְד פֶערְבַּארְגְט
אוּנְס פוּן דֶעם פָּנִים פוּן דֶעם וֶועלְכֶער זִיצְט אוֹיף
דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד פוּן דֶעם צָארְן פוּן דֶעם לַאם:
וָוארִין דֶער גְרוֹיסֶער טָאג פוּן זַיין צָארְן אִיז גֶעקוּמֶען, 17
אוּנְד וֶוער קָאן בֶּעשְׁטֶעהֶען?

## קאפיטעל ז

דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען פִיעֶר מַלְאָכִים וָואס זֶענֶען 1
גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, אוּנְד
הָאבֶּען גֶעהַאלְטֶען דִיא פִיעֶר ווִינְדֶען פוּן דֶער עֶרְד, כְּדֵי
דֶער ווִינְד זָאל נִיט בְּלָאזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד נִיט
אוֹיף דֶעם יַם, אוּנְד נִיט אוֹיף קֵיין בּוֹים: אוּנְד אִיךְ 2
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ וָואס אִיז אוֹיפְגֶע־
גַאנְגֶען פוּן מִזְרָח, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט דִיא חֲתִימָה פוּן
דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט, אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ
הוֹיךְ קוֹל צוּ דִיא פִיעֶר מַלְאָכִים וָואס עֶס אִיז זַייא
גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְדַארְבֶּען דִיא עֶרְד אוּנְד דָאס יַם:
אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, פֶערְדַארְבּ נִיט דִיא עֶרְד אוּנְד 3
נִיט דָאס יַם אוּנְד נִיט דִיא בֵּיימֶער, בִּיז מִיר וֶועלֶען
פֶערְחַתְמֶענֶען דִיא קְנֶעכְט פוּן אוּנְזֶער גָאט אוֹיף
זֵייעֶרֶע שְׁטֶערְן: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דִיא צָאהְל 4
פוּן דִיא וָואס זֶענֶען פֶערְחַתְמֶעט גֶעוָוארֶען; אֵיין
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד זֶענֶען
פֶערְחַתְמֶעט גֶעוָוארֶען פוּן אַלֶע שְׁבָטִים פוּן דִיא קִינְ־
דֶער פוּן יִשְׂרָאֵל:

5 פוּן שֵׁבֶט יְהוּדָה זֶענֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד פֶּערְחַתְ־
מֶעט גֶעוָוארֶען:
פוּן שֵׁבֶט רְאוּבֵן צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט גָד צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד:
6 פוּן שֵׁבֶט אָשֵׁר צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט נַפְתָּלִי צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט מְנַשֶּׁה צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד:
7 פוּן שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט לֵוִי צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט יִשָּׂשכָר צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד:
8 פוּן שֵׁבֶט זְבֻלוּן צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט יוֹסֵף צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד;
פוּן שֵׁבֶט בִּנְיָמִן זֶענֶען צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד פֶּערְחַתְ־
מֶעט גֶעוָוארֶען:

9 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, פִיל
לֵייט, וָואס קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט צֶעהְלֶען, פוּן אַלֶע
גוֹיִם אוּנְד שְׁבָטִים אוּנְד פֶעלְקֶער אוּנְד לְשׁוֹנוֹת, וָואס
זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד פָאר דֶעם
לַאם, אוּנְד זֵייא זֶענֶען גֶעקְלֵייד גֶעוֶועזֶען אִין וַוייסֶע
קְלֵיידֶער, אוּנְד הָאבֶּען גֶעהַאט אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד פַּאלְמֶען
10 צְוֵוייגֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל
אוּנְד גֶעזָאגְט,

יְשׁוּעָה זָאל זַיין צוּ אוּנְזֶער גָאט, דֶער זִיצְט
אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד צוּ דֶעם לַאם:

11 אוּנְד אַלֶע מַלְאָכִים זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אַרוּם דֶעם שְׁטוּהְל,
אוּנְד אַרוּם דִיא זְקֵנִים אוּנְד דִיא פִיעֶר חַיּוֹת, אוּנְד זֵייא
זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים פָאר דֶעם
12 שְׁטוּהְל, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ גָאט: אוּנְד
גֶעזָאגְט,

אָמֵן; בְּרָכָה, אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד חָכְמָה, אוּנְד
דַאנְק, אוּנְד כָּבוֹד, אוּנְד מַאכְט, אוּנְד קְרַאפְט, זָאל
זַיין צוּ אוּנְזֶער גָאט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט;
אָמֵן:

13 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זְקֵנִים הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנְד הָאט

צוּ מִיר גֶעזָאגְט, װֶער זֶענֶען דִיזֶע װָאס זֶענֶען גֶעקְלֵייד
אִין װֵייסֶע קְלֵיידֶער אוּנְד פוּן װַאנֶען זֶענֶען זֵייא גֶעקוּ־
14 מֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, מֵיין הַאר, דוּא
װֵייסְט. אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא
װָאס קוּמֶען אַרוֹים פוּן דִיא גְרוֹיסֶע צָרָה, אוּנְד הָאבֶּען
זֵייעֶרֶע קְלֵיידֶער גֶעװַאשֶׁען אוּנְד הָאבֶּען זֵייא װֵייס גֶע־
15 מַאכְט אִים בְּלוּט פוּן דֶעם לַאם: דֶעסְטְװֶעגֶען זֶענֶען זֵייא
פָאר דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט, אוּנְד דִינֶען אִיהְם טָאג אוּנְד
נַאכְט אִין זַיין טֶעמְפֶּעל, אוּנְד דֶער װֶעלְכֶער זִיצְט אוֹיף
16 דֶעם שְׁטוּהְל װֶעט זַיין גֶעצֶעלְט בֵּייא זֵייא מַאכֶען: זֵייא
װֶעלֶען נִיט מֶעהְר הוּנְגֶערִיג זַיין, אוּנְד נִיט מֶעהְר דוּרְשְׁ־
טִיג זַיין, אוּנְד דִיא זוּן װֶעט אוֹיף זֵייא נִיט פַאלֶען, אוּנְד
17 אוֹיךְ נִיט קֵיין שׁוּם הִיץ: װָארִין דָאס לַאם דֶער אִיז אִין
מִיטֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל װֶעט זַיין זֵייעֶר פַּאסְטוּךְ, אוּנְד
עֶר װֶעט זֵייא פִיהְרֶען צוּ קְװֶעלֶען פוּן דִיא װַאסֶער פוּן
לֶעבֶּען; אוּנְד גָאט װֶעט אָפְּװִישֶׁען אַלֶע טְרֶערֶען פוּן
זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען:

## קאפּיטעל ח

1 אוּנְד װֶען עֶר הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דִיא זִיבֶּעטֶע חֲתִימָה,
אִיז עֶס שְׁטִיל גֶעװֶעזֶען אִים הִימֶעל אֵיין עֶרֶךְ פוּן אַ
2 הַאלְבֶּע שָׁעָה: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים
װָאס זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען פָאר גָאט, אוּנְד מֶען הָאט זֵייא
3 גֶעגֶעבֶּען זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת: אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז
גֶעקוּמֶען, אוּנְד אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בֵּייא דֶעם מִזְבֵּחַ. אוּנְד
עֶר הָאט גֶעהַאט אַ גָאלְדֶענֶע װֵייהְרוֹיכְפַאן, אוּנְד מֶען
הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען פִיל קְטוֹרֶת, כְּדֵי עֶר זָאל עֶס זֶע־
צֶען מִיט דִיא תְּפִילוֹת פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוֹיף דֶעם גָאלְ־
4 דֶענֶעם מִזְבֵּחַ װָאס אִיז פָאר דֶעם שְׁטוּהְל: אוּנְד דֶער
רוֹיךְ פוּן דֶעם קְטוֹרֶת אִיז אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער הַאנְד
פוּן דֶעם מַלְאָךְ פָאר גָאט מִיט דִיא תְּפִילוֹת פוּן דִיא
5 הֵיילִיגֶע: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט גֶענוּמֶען דִיא װֵייהְרוֹיכְ־
פַאן, אוּנְד הָאט זִיא אָנְגֶעפִילְט מִיט דֶעם פֵייעֶר פוּן דֶעם
מִזְבֵּחַ, אוּנְד הָאט גֶעװָארְפֶען אוֹיף דִיא עֶרְד; אוּנְד עֶס
אִיז גֶעװָארֶען דוּנְעֶרֶען אוּנְד קוֹלוֹת אוּנְד בְּלִיצֶען אוּנְד

6 אֵיין עֶרְדְצִיטֶערְנִים: אוּנְד דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען
גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען שׁוֹפְרוֹת הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעבְּרֵייט אַז
זֵייא זָאלֶען בְּלָאזֶען:
7 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ הָאגֶעל אוּנְד פֵייעֶר גֶעמִישְׁט מִיט בְּלוּט
אוּנְד עֶס אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען; אוּנְד
דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דֶער עֶרְד אִיז פֶערְבְּרֶענְט גֶע־
וָוארֶען, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דִיא בֵּיימֶער אִיז
פֶערְבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד אַלֶעס גְרִינֶעס גְרָאז אִיז פֶערְ־
בְּרֶענְט גֶעוָוארֶען:
8 אוּנְד דֶער צְוֵוייטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד גְלֵייךְ
ווִיא אַ גְרוֹיסֶער בַּארְג וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר אִיז אִים
יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען; אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל
9 פוּן דֶעם יַם אִיז גֶעוָוארֶען בְּלוּט: אוּנְד דֶער דְרִיטֶער
טְהֵייל פוּן דִיא לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפֶענִים וָואס זֶענֶען אִים
יַם זֶענֶען אוֹיסְגֶעשְׁטָארְבֶּען, אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל
פוּן דִיא שִׁיפֶען זֶענֶען פֶערְדָארְבֶּען גֶעוָוארֶען:
10 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד עֶס
אִיז אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל אַ גְרוֹיסֶער שְׁטֶערֶען
וָואס הָאט גֶעבְּרֶענְט אַזוֹי ווִיא אַ לַאמְפֶּע, אוּנְד עֶס אִיז
גֶעפַאלֶען אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טְהֵייל פוּן דִיא שְׁטְרוֹימֶען,
11 אוּנְד אוֹיף דִיא קְוֶועלֶען פוּן דִיא וַואסֶער: אוּנְד דֶער
נָאמֶען פוּן דֶעם שְׁטֶערֶען הֵייסְט וֶוערְמוּט. אוּנְד דֶער
דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דִיא וַואסֶער אִיז גֶעוָוארֶען וֶוערְמוּט,
אוּנְד פִילֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען פוּן וֶועגֶען דִיא וַואסֶער גֶע־
שְׁטָארְבֶּען וֵוייל זֵייא זֶענֶען בִּיטֶער גֶעוָוארֶען:
12 אוּנְד דֶער פִיעֶרְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד דֶער
דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דִיא זוּן אִיז גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארֶען,
אוּנְד דֶער דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דִיא לְבָנָה, אוּנְד דֶער
דְרִיטֶער טְהֵייל פוּן דִיא שְׁטֶערֶען, כְּדֵי זֵייעֶר דְרִיטֶער
טְהֵייל זָאל פִינְסְטֶער וֶוערֶען, אוּנְד דֶער טָאג זָאל נִיט
שֵׁיינֶען זֵיין דְרִיטֶען טְהֵייל, אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא נַאכְט:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין
אָדְלֶער פְלִיהֶען אִין מִיטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הָאט

גֶעזָאגְט מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, וֶועה, וֶועה, וֶועה, צוּ דִיא וָואס
וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, פוּן וֶועגֶען דִיא אִיבְּרִיגֶע קוֹלוֹת
פוּן דִיא שׁוֹפְרוֹת פוּן דִיא אִיבְּרִיגֶע דְרַייא מַלְאָכִים וָואס
וֶועלֶען נָאךְ בְּלָאזֶען:
## קאפיטעל ט
1 אוּנְד דֶער פִינְפְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ שְׁטֶערֶען אַרוּפְּגֶעפַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל
אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען דֶעם
2 שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם בְּרוּנֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד: אוּנְד עֶר
הָאט אוֹיפְגֶעמַאכְט דֶעם בְּרוּנֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, אוּנְד
עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ רוֹיךְ פוּן דֶעם בְּרוּנֶען גְלֵייךְ
וִויא דֶער רוֹיךְ פוּן אַ גְרוֹיסֶען קַאלְכְאוֹיבֶען, אוּנְד דִיא
זוּן אוּנְד דִיא לוּפְט זֶענֶען פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען פוּן וֶועגֶען
3 דֶעם רוֹיךְ פוּן דֶעם בְּרוּנֶען: אוּנְד פוּן דֶעם רוֹיךְ זֶענֶען
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הֵייִשְׁעֶרעקֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד מֶען
הָאט זֵייא מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אַזוֹי וִויא דִיא עֶגְדִיסֶען פוּן
4 דֶער עֶרְד הָאבֶּען מַאכְט: אוּנְד מֶען הָאט צוּ זֵייא גֶע־
זָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען נִיט פֶערְדַארְבֶּען דָאס גְרָאז פוּן
דֶער עֶרְד אוּנְד נִיט קֵיינֶע קְרֵייטֶער, אוּנְד נִיט קֵיין בּוֹים,
נֵייעֶרְט דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען נִיט דִיא חֲתִימָה פוּן
5 גָאט אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטֶערֶען: אוּנְד מֶען הָאט זֵייא אוֹיפְ־
גֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא זָאלֶען נִיט טֶעטֶען, נֵייעֶרְט זֵייא זָאלֶען
זֵייא פֵּיינִיגֶען פִינְף חֳדָשִׁים; אוּנְד זֵייעֶר פֵּיינִיגֶען אִיז
גְלֵייךְ וִויא דָאס פֵּיינִיגֶען פוּן אַיין עֶגְדִים וֶוען עֶר שְׁטֶעכְט
6 אַ מֶענְשׁ: אוּנְד אִין יֶענֶע טֶעג וֶועלֶען מֶענְשֶׁען זוּכֶען
דֶעם טוֹיט אוּנְד וֶועלֶען אִיהְם נִיט גֶעפִינֶען, אוּנְד זֵייא
וֶועלֶען וִוינְשֶׁען צוּ שְׁטַארְבֶּען, אוּנְד דֶער טוֹיט וֶועט פוּן
7 זֵייא אַנְטְלוֹיפֶען: אוּנְד דִיא גֶעשְׁטַאלְטֶען פוּן דִיא הֵיי־
שְׁעֶרעקֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא צוּ פֶערְד וָואס
זֶענֶען פַארְטִיג צוּ דֶער מִלְחָמָה, אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ
זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא קְרוֹינֶען גְלֵייךְ צוּ גָאלְד,
אוּנְד זֵייעֶרֶע פֶּענֶעמֶער זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִויא
8 דָאס פָּנִים פוּן מֶענְשֶׁען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט
הָאָר גְלֵייךְ וִויא דִיא הָאָר פוּן פְרוֹיעֶן, אוּנְד זֵייעֶרֶע

צײן זֶענֶען גֶעװֶעזֶען אַזוֹי װיא דיא צײן פוּן לֵײבֶּען:
9 אוּנְד זײא הָאבֶּען גֶעהַאט פַאנְצֶער גְלֵײךְ װיא פַאנְצֶער
פוּן אײזֶען, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן זײעֶרֶע פְלִיגֶעל איז גֶע־
װֶעזֶען גְלֵײךְ װיא דָאס קוֹל פוּן רײטְװָאגֶען פוּן פִילֶע
10 פֶערְד װָאס לױפֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה: אוּנְד זײא הָאבֶּען
גֶעהַאט שְׁװֶענְץ אַזוֹי װיא עֶגְדִיסֶען אוּנְד שְׁטֶעכִיגֶע שְׁפִּי־
צֶען, אוּנְד אין זײעֶרֶע שְׁװֶענְץ איז גֶעװֶעזֶען זײעֶרֶע מַאכְט
11 צוּ שֶׁעדִיגֶען דיא מֶענְשֶׁען פִינְף חָדָשִׁים: זײא הָאבֶּען אי־
בֶּער זיךְ גֶעהַאט אַ קֶענִיג דֶעם מַלְאָךְ פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד,
װָאס זײן נָאמֶען איז אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ אַבַדוֹן, אוּנְד אוֹיף
12 גְרֶעקִישׁ הָאט עֶר דֶעם נָאמֶען אַפָּלְיוֹן: דֶער עֶרְשְׁטֶער װֶעה
איז פַארְבֵּײא גֶעגַאנְגֶען; װֶעה עֶס קוּמֶען נָאךְ צְװֵײא װֶע־
הֶען נָאךְ דיזֶע:
13 אוּנְד דֶער זֶעקְסְטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד איךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן דיא הֶערְנֶער פוּן דֶעם גָאלְדֶענֶעם
14 מִזְבֵּחַ װָאס איז פָאר גָאט: װָאס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דֶעם
זֶעקְסְטֶען מַלְאָךְ, װֶעלְכֶער הָאט גֶעהַאט דֶעם שׁוֹפָר, בִּינְד
אוֹיף דיא פִיעֶר מַלְאָכִים װָאס זֶענֶען גֶעבּוּנְדֶען בֵּײא דֶעם
15 גְרוֹיסֶען שְׁטְרוֹים פְּרָת: אוּנְד דיא פִיעֶר מַלְאָכִים זֶענֶען אוֹיפְ־
גֶעבּוּנְדֶען גֶעװָארֶען, װֶעלְכֶע זֶענֶען אָנְגֶעבְּרֵײט גֶעװֶעזֶען
פַאר דֶער שָׁעָה אוּנְד חֹדֶשׁ אוּנְד יָאהְר, כְּדֵי זײא זָאלֶען
16 דֶעם דְרִיטֶען טְהֵײל פוּן דיא מֶענְשֶׁען טֶעטֶען: אוּנְד דיא
צָאהְל פוּן דיא הֶערְשַׁארֶען פוּן דיא רײטֶער איז גֶעװֶעזֶען
צְװֵײא מָאל צֶעהְן טױזֶענְד מָאל צֶעהְן טױזֶענְד; איךְ הָאבּ
גֶעהֶערְט זײעֶר צָאהְל:
17 אוּנְד אַזוֹי הָאבּ איךְ גֶעזֶעהֶען אין דֶעם גֶעזִיכְט דיא פֶערְד,
אוּנְד דיא װָאס זֶענֶען אוֹיף זײא גֶעזֶעסֶען, דיא הָאבֶּען גֶע־
הַאט פײעֶרִיגֶע, אוּנְד פִינְקֶעלְשְׁטײנִיגֶע, אוּנְד שְׁװֶעבֶּעלִיגֶע
פַאנְצֶער; אוּנְד דיא קֶעפּ פוּן דיא פֶערְד זֶענֶען גֶעװֶעזֶען
גְלֵײךְ װיא קֶעפּ פוּן לֵײבֶּען, אוּנְד פוּן זײעֶרֶע מֵײלֶער איז
18 אַרױסְגֶעגַאנְגֶען פײעֶר אוּנְד רױךְ אוּנְד שְׁװֶעבֶּעל: פוּן דיזֶע
דְרֵײא פְּלָאגֶען איז דֶער דְרִיטֶער טְהֵײל פוּן דיא מֶענְשֶׁען
גֶעטֶעטֶעט גֶעװָארֶען, פוּן דֶעם פײעֶר אוּנְד פוּן דֶעם רױךְ
אוּנְד פוּן דֶעם שְׁװֶעבֶּעל װָאס איז אַרױסְגֶעגַאנְגֶען פוּן

19 זַייעֶרֶע מֵיילֶער: וָוארִין דִיא מַאכְט פוּן דִיא פֶערְד אִיז
אִין זַייעֶרֶע מֵיילֶער אוּנְד אִין זַייעֶרֶע שְׁוָוענְץ; וָוארִין
זַייעֶרֶע שְׁוָוענְץ זֶענֶען גְלֵייךְ וִויא שְׁלַאנְגֶען, אוּנְד זַייא
20 הָאבֶּען קֶעפּ, אוּנְד דוּרְךְ דִיזֶע טְהוּן זַייא שָׁאדֶען: אוּנְד
דִיא אִיבְּרִיגֶע מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען נִיט דוּרְךְ דִיזֶע פְּלָא־
גֶען גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען זִיךְ דָאךְ נִיט אוּמְגֶע־
קֶעהְרְט פוּן דִיא וֶוערְק פוּן זַייעֶרֶע הֶענְד, אַז זַייא זָאלֶען
זִיךְ נִיט בִּיקֶען צוּ דִיא שֵׁדִים אוּנְד צוּ דִיא אָפְּגֶעטֶער
פוּן גָאלְד, אוּנְד פוּן זִילְבֶּער, אוּנְד פוּן קוּפֶּער, אוּנְד פוּן
שְׁטֵיין, אוּנְד פוּן הָאלְץ, וָואס קָאנֶען נִיט זֶעהֶען אוּנְד
21 נִיט הֶערֶען אוּנְד נִיט אַרוּמְגֶעהֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען
נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן פוּן זַייעֶרֶע רְצִיחוֹת, אוּנְד אוֹיךְ נִיט
פוּן זַייעֶרֶע כִּשּׁוּף, אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן זַייעֶרֶע זְנוּת,
אוּנְד אוֹיךְ נִיט פוּן זַייעֶרֶע גְנֵבוֹת:

## קאפיטעל י

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען שְׁטַארְקֶען מַלְאָךְ
אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ וָואלְקֶען,
אוּנְד דֶער רֶעגֶענְבּוֹיגֶען אִיז גֶעוֶועזֶען אוֹיף זַיין קָאפּ,
אוּנְד זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶועזֶען גְלֵייךְ וִויא דִיא זוּן, אוּנְד זַיי־
2 נֶע פִּים וִויא זַיילֶען פוּן פֵייעֶר: אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט
אִין זַיינֶע הַאנְד אַ קְלֵיין בִּיכֶעל גֶעעֶפֶענְט; אוּנְד עֶר הָאט
זַיין רֶעכְטֶען פוּס גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד זַיין
3 לִינְקֶען פוּס אוֹיף דֶער עֶרְד: אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אַזוֹי וִויא אַ לֵייבּ בְּרוּמְט; אוּנְד וֶוען עֶר
הָאט גֶעשְׁרִיעֶן הָאבֶּען דִיא זִיבֶּען דוּנֶער גֶערֶעט, אַרוּמְ־
4 גֶעלָאזְט מִיט זַייעֶרֶע קוֹלוֹת: אוּנְד וֶוען דִיא זִיבֶּען דוּנֶער
הָאבֶּען גֶערֶעט, הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט שְׁרַייבֶּען; אוּנְד אִיךְ
הָאבּ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן הִימֶעל וָואס הָאט צוּ מִיר
גֶעזָאגְט, פֶערְזִיגֶעל דִיא זַאכֶען וָואס דִיא זִיבֶּען דוּנֶער
5 הָאבֶּען גֶערֶעט, אוּנְד שְׁרַייבּ זַייא נִיט: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ
וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד
אוֹיף דֶער עֶרְד, הָאט זַיינֶע רֶעכְטֶע הַאנְד אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען
6 קֶעגֶען דֶעם הִימֶעל: אוּנְד הָאט גֶעשְׁוְואוֹירֶען בַּייא דֶעם
וֶועלְכֶער לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט, וֶועלְכֶער

הָאט דִיא הִימֶעל בֶּעשַׁאפֶען אוּנְד דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען דְרִינֶען, אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען דְרִינֶען, אוּנְד דָאס יַם אוּנְד דִיא זַאכֶען וָואס
זֶענֶען דְרִינֶען, אַז עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זַיין קֵיינֶע צֵייט:
7 אָבֶער אִין דִיא טֶעג פוּן דֶעם קוֹל פוּן דֶעם זִיבֶּעטֶען
מַלְאָךְ, וֶוען עֶר וֶועט בְּלָאזֶען, הָאט זִיךְ דֶער סוֹד פוּן
גָאט גֶעעֶנְדִיגְט, אַזוֹי וִויא עֶר הָאט גֶעפְּרֶעדִיגְט דוּרְךְ
זַיינֶע אֵיינֶענֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים:
8 אוּנְד דָאס קוֹל וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט פוּן הִימֶעל הָאט
ווִידֶער מִיט מִיר גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעה אוּנְד נֶעם
דָאס גֶעעֶפֶענְטֶע בִּיכֶעל וָואס אִיז אִין דֶער הַאנְד פוּן
דֶעם מַלְאָךְ, וֶועלְכֶער שְׁטֶעהְט אוֹיף דֶעם יַם אוּנְד אוֹיף
9 דֶער עֶרְד: אוּנְד אִיךְ בִּין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם מַלְאָךְ
אוּנְד הָאבּ צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט, גִיבּ מִיר דָאס קְלֵיינֶע בִּיכֶעל,
אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, נֶעם עֶס אוּנְד עֶס עֶס אוֹיף,
אוּנְד עֶס וֶועט דַיין בּוֹיךְ בִּיטֶער מַאכֶען, אָבֶער אִין דַיין
10 מוֹיל וֶועט עֶס זַיין זִיס וִויא הָאנִיג: אוּנְד אִיךְ הָאבּ
גֶענוּמֶען דָאס קְלֵיינֶע בִּיכֶעל פוּן דֶער הַאנְד פוּן דֶעם
מַלְאָךְ, אוּנְד הָאבּ עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסֶען; אוּנְד עֶס אִיז גֶעוֶוע־
זֶען אִין מֵיין מוֹיל זִיס וִויא הָאנִיג; אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ עֶס
11 אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אִיז מֵיין בּוֹיךְ בִּיטֶער גֶעוָוארֶען: אוּנְד
זֵייא הָאבֶּען צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דוּא מוּזְט ווִידֶער נְבִיאוֹת
זָאגֶען פָאר פִילֶע פֶעלְקֶער אוּנְד גוֹיִם אוּנְד שְׁפְּרַאכֶען
אוּנְד מְלָכִים:

## קאפיטעל יא

1 אוּנְד עֶס אִיז צוּ מִיר גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אַ רָאהְר גְלֵייךְ
וִויא אַ שְׁטֶעקֶען, אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט, שְׁטֶעה אוֹיף
אוּנְד מֶעסְט דֶעם טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט, אוּנְד דֶעם מִזְבֵּחַ
2 אוּנְד דִיא וָואס בֶּעטֶען דְרִינֶען: אוּנְד דֶעם הוֹיף וָואס
אִיז פוּן אוֹיסֶעוֶוענִיג פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל זָאלְסְט דוּא
אוֹיסְלָאזֶען אוּנְד זָאלְסְט אִיהְם נִיט מֶעסְטֶען, וָוארִין עֶר
אִיז גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען צוּ דִיא גוֹיִם אוּנְד זֵייא וֶועלֶען
דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט צוּטְרֶעטֶען צְוֵוייא אוּנְד פִירְצִיג
3 חֳדָשִׁים: אוּנְד אִיךְ וֶועל צוּ מֵיינֶע צְוֵוייא עֵדוּת גֶעבֶּען

אַז זַייא זָאלֶען נְבוּאוֹת זָאגֶען טוֹיזֶענְד צְוֵוייא הוּנְדֶערְט
אוּנְד זֶעכְצִיג טֶעג, אָנְגֶעטְהוּן אִין זֶעק:
דִיזֶע זֶענֶען דִיא צְוֵוייא עֶהְלְבַּיימֶער אוּנְד דִיא צְוֵוייא 4
מְנוֹרוֹת וָואס שְׁטֶעהֶען פָאר דֶעם הַאר פוּן דֶער עֶרְד:
זכריה ד׳ י״א־י״ד. אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וִויל זַייא שָׁאדֶען, גֶעהְט 5
אַרוֹיס פַייעֶר פוּן זַייעֶר מוֹיל אוּנְד פֶערְצֶעהְרְט זַייעֶרֶע פֵיינְד;
אוּנְד וֶוען אֵיינֶער וִויל זַייא שָׁאדֶען, מוּז עֶר אַזוֹי גֶע־
טֶעטֶעט וֶוערֶען: דִיזֶע הָאבֶּען דִיא מַאכְט דֶעם הִימֶעל 6
צוּ פֶערְשְׁלִיסֶען, אַז עֶס זָאל נִיט רֶעגֶענֶען אִין דִיא
טֶעג פוּן זַייעֶר נְבוּאוֹת זָאגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען מַאכְט
אִיבֶּער דִיא וַואסֶער זַייא צוּ בְּלוּט צוּ פֶערְקֶעהְרֶען,
אוּנְד אוֹיף דֶער עֶרְד צוּ שְׁלָאגֶען מִיט אַלֶערְלֵייא
פְּלָאג אַזוֹי אָפְט וִויא זַייא וִוילֶען: אוּנְד וֶוען זַייא 7
הָאבֶּען זַייעֶר עֵדוּת גֶעעֶנְדִיגְט וֶועט דִיא חַיָה וָואס
קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד מִיט זַייא מִלְחָמָה
הַאלְטֶען, אוּנְד וֶועט זַייא אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען, אוּנְד וֶועט
זַייא טֶעטֶען: אוּנְד זַייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער לִיגֶען אוֹיף 8
דֶער גַאס פוּן דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, וָואס אִיז גֵייסְטְלִיךְ
אָנְגֶערוּפֶען סְדוֹם אוּנְד מִצְרַיִם, וְואוּ אוֹיךְ זַייעֶר הַאר
אִיז גֶעקְרֵייצִיגְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד פוּן דִיא פֶעלְקֶער 9
אוּנְד שְׁבָטִים אוּנְד לְשׁוֹנוֹת אוּנְד גוֹיִם זֶעהֶען זַייא
זַייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער דְרֵייא טֶעג אוּנְד אַ הַאלְבּ,
אוּנְד זַייא לָאזֶען נִיט זַייעֶרֶע טוֹיטֶע לֵייבֶּער בֶּעגְרוּבֶּען:
אוּנְד דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פְרֵייעֶן זִיךְ 10
אִיבֶּער זַייא אוּנְד הָאבֶּען שִׂמְחָה, אוּנְד זַייא שִׁיקֶען
מַתָּנוֹת אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן, וֵוייל דִיזֶע צְוֵוייא נְבִיאִים
הָאבֶּען גֶעפְּלָאגְט דִיא וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד:
אוּנְד נָאךְ דִיא דְרֵייא טֶעג אוּנְד אַ הַאלְבּ אִיז דֶער 11
גֵייסְט פוּן לֶעבֶּען פוּן גָאט אִין זַייא אַרֵיינְגֶעגַאנְגֶען
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף זַייעֶרֶע פִיס; אוּנְד אַ
גְרוֹיסֶע מוֹרָא אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף דִיא וָואס הָאבֶּען זַייא
גֶעזֶעהֶען: אוּנְד זַייא הָאבֶּען גֶעהֶערְט אַ הוֹיךְ קוֹל פוּם 12
הִימֶעל וָואס הָאט צוּ זַייא גֶעזָאגְט, קוּמְט אַהֶער אַרוֹיף;
אוּנְד זַייא זֶענֶען אַרוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אִים וָואלְקֶען אִים

הִימֶעל, אוּנְד זֵייעֶרֶע פֵיינְד הָאבֶּען זֵייא אָנְגֶעזֶעהֶען׃
13 אוּנְד אִין יֶענֶע שָׁעָה אִיז אַ גְרוֹיסֶע עֶרְדצִיטֶערְנִיס גֶעוָוארֶען, אוּנְד דֶער צֶעהְנְטֶער טְהֵייל פוּן דֶער שְׁטָאט אִיז גֶעפַאלֶען, אוּנְד זִיבֶּען טוֹיזֶענְד מֶענְשֶׁען זֶענֶען אִין דֶער עֶרְדצִיטֶערְנִיס גֶעטֶעטֶעט גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט אוּנְד הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ דֶעם גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל׃
14 דָאס צְוֵוייטֶע וֶועה אִיז פַארְבֵּייא גֶעגַאנְגֶען; זֶעה, דָאס דְרִיטֶע וֶועה קוּמְט גֶעשְׁווִינְד׃
15 אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער מַלְאָךְ הָאט גֶעבְּלָאזֶען; אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוָוארֶען גְרוֹיסֶע קוֹלוֹת אִים הִימֶעל וָואס הָאבֶּען גֶעזָאגְט,
דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן דֶער וֶועלְט אִיז גֶעוָוארֶען דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶער הַאר אוּנְד פוּן זֵיין מָשִׁיחַ, אוּנְד עֶר וֶועט רֶעגִירֶען פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט׃
16 אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים וֶועלְכֶע זֶענֶען גֶעזֶעסֶען פָאר גָאט אוֹיף זֵייעֶרֶע שְׁטוּהְלֶען, זֶענֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף זֵייעֶר פָּנִים אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ
17 גָאט׃ אוּנְד גֶעזָאגְט,
מִיר דַאנְקֶען דִיר, הַאר גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, דֶער דוּא בִּיסְט אוּנְד בִּיסְט גֶעוֶועזֶען, וֵוייל דוּא הָאסְט גֶענוּמֶען דֵיינֶע גְרוֹיסֶע קְרַאפְט אוּנְד
18 דוּא הָאסְט רֶעגִיעֶרְט אַלְס אַ מֶלֶךְ׃ אוּנְד דִיא גוֹיִם הָאבֶּען גֶעצָארְנְט, אוּנְד דֵיין צָארְן אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד דִיא צֵייט פוּן דִיא טוֹיטֶע אַז זֵייא זָאלֶען גֶערִיכְטֶעט וֶוערֶען, אוּנְד אַז דוּא זָאלְסְט גֶעבֶּען דֶעם שְׂכַר צוּ דֵיינֶע קְנֶעכְט דִיא נְבִיאִים אוּנְד צוּ דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד צוּ דִיא וָואס הָאבֶּען מוֹרָא צוּ דֵיין נָאמֶען, דִיא קְלֵיינֶע אוּנְד אוֹיךְ דִיא גְרוֹיסֶע, אוּנְד דוּא זָאלְסְט פֶערְדַארְבֶּען דִיא וָואס הָאבֶּען דִיא עֶרְד פֶערְדָארְבֶּען׃
19 אוּנְד דֶער טֶעמְפֶּעל פוּן גָאט אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען אִים הִימֶעל, אוּנְד דֶער אָרוֹן פוּן דֶעם בְּרִית אִיז אִין זֵיין טֶעמְפֶּעל גֶעזֶעהֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען, אוּנְד קוֹלוֹת אוּנְד דוּנֶער אוּנְד עֶרְדצִיטֶערְנִיס אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער הָאגֶעל׃

## קאפיטעל יב

1 אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער צֵייכֶען הָאט זִיךְ בֶּעוִויזֶען אִים הִימֶעל,
אַ פְרוֹיא גֶעקְלֵייד מִיט דֶער זוּן, אוּנְד דִיא לְבָנָה אוּנְטֶער
אִיהְרֶע פִים, אוּנְד אוֹיף אִיהְר קָאפּ אִיז גֶעוֶועזֶען אַ
2 קְרוֹין פוּן צְוֶועלְף שְׁטֶערֶען: אוּנְד זִיא אִיז טְרָאגֶענְדִיג
גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאט גֶעשְׁרִיעֶן אִין גֶעבּוּרְטסְוֶועהֶען, אוּנְד
אִיז גֶעוֶועזֶען אִין גְרוֹיסֶע פֵּיין בֵּייא דֶעם גֶעווִינֶען:
3 אוּנְד אֵיין אַנְדֶער צֵייכֶען הָאט זִיךְ אִים הִימֶעל בֶּע־
וִויזֶען. אוּנְד זֶעה אַ גְרוֹיסֶע דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג, רוֹיט וִויא
פֵייעֶר, וָואס הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְ־
4 נֶער אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע קֶעפּ זִיבֶּען קְרוֹינֶען: אוּנְד הָאט
מִיט אִיהְר שְׁוַואנְץ מִיטְגֶעשְׁלֶעפְּט דֶעם דְרִיטֶ֫ען טְהֵייל
פוּן דִיא שְׁטֶערֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא
אוֹיף דֶער עֶרְד אַרוּפְּגֶעוָוארְפֶען. אוּנְד דִיא דְרַאכֶענְ־
שְׁלַאנְג אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פָאר דִיא פְרוֹיא וָואס הָאט אָנְ־
גֶעהוֹיבֶּען צוּ גֶעווִינֶען, כְּדֵי זִיא זָאל אוֹיפְפְרֶעסֶען דָאס
5 קִינְד וָואס דִיא פְרוֹיא וֶועט גֶעווִינֶען: אוּנְד זִיא הָאט
גֶעווָאוּנֶען אַ בֶּן זָכָר וֶועלְכֶער וֶועט הֶערְשֶׁען אִיבֶּער
אַלֶע גוֹיִם מִיט אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע רוּט; אוּנְד אִיהְר קִינְד
אִיז אַוֶועקְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען צוּ גָאט אוּנְד צוּ זֵיין שְׁטוּהְל:
6 אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז אַנְטְלָאפֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וְואוּ
זִיא הָאט אָנְגֶעבְּרֵייט אֵיין אָרְט פוּן גָאט, כְּדֵי מֶען זָאל
זִיא דָארְט דֶערְנֶעהְרֶען טוֹיזֶענְד צְווֵייא הוּנְדֶערְט אוּנְד
זֶעכְצִיג טֶעג:
7 אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ מִלְחָמָה אִים הִימֶעל, מִיכָאֵל
אוּנְד זֵיינֶע מַלְאָכִים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען מִיט דִיא
דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג; אוּנְד דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג אוּנְד אִיהְרֶע
8 מַלְאָכִים הָאבֶּען מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען: אוּנְד זֵייא הָאבֶּען
נִיט אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט, אוֹיךְ אִיז קֵיין אָרְט נִיט מֶעהְר
9 פַאר זֵייא גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען אִים הִימֶעל: אוּנְד דִיא
גְרוֹיסֶע דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג אִיז אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען,
דִיא אַלְטֶע שְׁלַאנְג וָואס הֵייסְט טֵייפֶעל אוּנְד שָׂטָן, וָואס
פֶערְפִיהְרְט דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, זִיא אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד
גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אוּנְד אִיהְרֶע מַלְאָכִים זֶענֶען מִיט

10 אִיהְר גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט
אַ גְרוֹיס קוֹל אִים הִימֶעל זָאגֶען,
אִיצְט אִיז גֶעקוּמֶען דִיא יְשׁוּעָה אוּנְד דִיא קְרַאפְט
אוּנְד דָאס קֶענִיגְרֵייךְ פוּן אוּנְזֶער גָאט אוּנְד דִיא
מַאכְט פוּן זֵיין מָשִׁיחַ, וָוארִין דֶער פֶערְקְלָאגֶער פוּן
אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִיז אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען,
וֶועלְכֶער פֶערְקְלָאגְט זֵייא פָאר אוּנְזֶער גָאט טָאג
אוּנְד נַאכְט:
11 אוּנְד זֵייא הָאבֶּען אִיהְם אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט דוּרְךְ דֶעם בְּלוּט
פוּן דֶעם לַאם אוּנְד דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן זֵייעֶר עֵדוּת,
אוּנְד זֵייא הָאבֶּען נִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען גֶעלִיבְּט בִּיז צוּם
12 טוֹיט: דֶעסְטְוֶועגֶען פְרֵייעֶט אֵייךְ אִיהְר הִימֶעל אוּנְד דִיא
וָואס וְואוֹינֶען דְרִינֶען; וֶועה צוּ דֶער עֶרְד אוּנְד דֶעם
יַם, וֵוייל דֶער שָׂטָן אִיז צוּ אֵייךְ אַרוּפְגֶעקוּמֶען, אוּנְד
עֶר הָאט גְרוֹיס צָארְן אִינְדֶעם עֶר וֵוייסְט אַז עֶר הָאט
אַ קְלֵיינֶע צֵייט:
13 אוּנְד וֶוען דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג הָאט גֶעזֶעהֶען אַז זִיא
אִיז אוֹיף דֶער עֶרְד גֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען, הָאט זִיא
דִיא פְרוֹיא פֶערְפָאלְגְט וָואס הָאט גֶעוִוינֶען דֶעם זָכָר:
14 אוּנְד מֶען הָאט צוּ דֶער פְרוֹיא גֶעגֶעבֶּען דִיא צְוֵוייא
פְלִיגֶעל פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען אָדְלֶער, כְּדֵי זִיא זָאל אִין
דֶער מִדְבָּר אַרֵיין פְלִיהֶען צוּ אִיהְר אָרְט, וְואוּ זִיא אִיז
דֶערְנֶעהְרְט אַ צֵייט אוּנְד צֵייטֶען אוּנְד אַ הַאלְבֶּע צֵייט
15 פוּן פָאר דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג: אוּנְד דִיא שְׁלַאנְג הָאט
אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען אַ שְׁטְרוֹים וַואסֶער נָאךְ דֶער פְרוֹיא,
כְּדֵי זִיא זָאל פוּן דֶעם שְׁטְרוֹים אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט וֶוערֶען:
16 אוּנְד דִיא עֶרְד הָאט דֶער פְרוֹיא גֶעהָאלְפֶען, אוּנְד הָאט
אִיהְר מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט אוּנְד הָאט אֵיינְגֶעשְׁלוּנְגֶען דֶעם
שְׁטְרוֹים וָואס דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג הָאט פוּן אִיהְר מוֹיל
17 אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען: אוּנְד דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג הָאט אוֹיף
דֶער פְרוֹיא גֶעצָארְנְט, אוּנְד אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען מִיט אִיהְרֶע אִיבְּרִיגֶע זָאמֶען, וָואס הַאלְטֶען
דִיא גֶעבָּאטֶע פוּן גָאט אוּנְד הָאבֶּען דָאס צֵייגְנִיס פוּן
יֵשׁוּעַ:

## קאפיטעל יג

אוּנְד זִיא אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם זַאמְד פוּן דֶעם יַם. 1
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ חַיָה אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן
דֶעם יַם, וָואס הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן
הֶערְנֶער, אוּנְד אוֹיף אִיהְרֶע הֶערְנֶער צֶעהְן קְרוֹינֶען, אוּנְד
אוֹיף אִיהְרֶע קֶעפּ נֶעמֶען פוּן לֶעסְטֶערוּנְג: אוּנְד דִיא 2
חַיָה וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אִיז גְלֵייךְ צוּ אַ לֶעמְ־
פֶּערְט, אוּנְד אִיהְרֶע פִּיס גְלֵייךְ וִויא דִיא פִּיס פוּן אַ
בֶּער, אוּנְד אִיהְר מוֹיל וִויא דָאס מוֹיל פוּן אַ לֵייבּ.
אוּנְד דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אִיהְרֶע
קְרַאפְט אוּנְד אִיהְר שְׁטוּהְל אוּנְד גְרוֹיסֶע מַאכְט: אוּנְד 3
אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע פוּן אִיהְרֶע קֶעפּ אַזוֹי וִויא
פַארְוָואוּנְדֶערְט צוּם טוֹיט, אוּנְד דִיא פְּלָאג פוּן זֵיין
טוֹיט אִיז גֶעהֵיילְט גֶעוָוארֶען. אוּנְד דִיא גַאנְצֶע עֶרְד
אִיז אִיבֶּער דִיא חַיָה פֶערְוָואוּנְדֶערְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד 4
זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ דֶער דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג וֵוייל
זִיא הָאט גֶעגֶעבֶּען דִיא מַאכְט צוּ דֶער חַיָה, אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען זִיךְ גֶעבּוּקְט צוּ דֶער חַיָה אוּנְד גֶעזָאגְט, וֶוער
אִיז גְלֵייךְ צוּ דֶער חַיָה, אוּנְד וֶוער קָאן מִיט אִיהְר
מִלְחָמָה הַאלְטֶען? אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַ 5
מוֹיל וָואס הָאט גֶערֶעט גְרוֹיסֶע זַאכֶען אוּנְד לֶעסְטֶע־
רוּנְגֶען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר מַאכְט גֶעגֶעבֶּען מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען צְוֵויא אוּנְד פִירְצִיג חֲדָשִׁים: אוּנְד זִיא 6
הָאט אִיהְר מוֹיל אוֹיפְגֶעמַאכְט צוּ לֶעסְטֶערוּנְגֶען קֶעגֶען
גָאט, צוּ לֶעסְטֶערֶען זֵיין נָאמֶען אוּנְד זֵיין מִשְׁכָּן, אוּנְד דִיא
וָואס וְואוֹינֶען אִים הִימֶעל: אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר גֶע־ 7
גֶעבֶּען אַז זִיא זָאל מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא הֵיילִיגֶע
אוּנְד זָאל זֵייא אִיבֶּערְוָועלְטִיגֶען, אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר
מַאכְט גֶעגֶעבֶּען אִיבֶּער יֶעדֶען שֵׁבֶט אוּנְד מִשְׁפָּחָה אוּנְד
לָשׁוֹן אוּנְד פָאלְק: אוּנְד אַלֶע אֵיינְוְואוֹינֶער פוּן דֶער 8
עֶרְד בִּיקֶען זִיךְ צוּ אִיהְר, וֶועמֶעס נֶעמֶען זֶענֶען נִיט
אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען אִים בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען פוּן דֶעם
לַאם וֶועלְכֶעס אִיז גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען פוּן דֶער גְרִינְ־
דוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט:

9 װֶען אֵיינֶער הָאט אֵיין אוֹיעֶר צוּ הֶערֶען לָאז עֶר הֶע־
10 רֶען: װֶען אֵיינֶער אִיז צוּם גֶעפֶענְגְנִים צוּם גֶעפֶענְגְנִים
גֶעהְט עֶר אַװֶעק; װֶען אֵיינֶער װֶעט מִיט דֶעם שְׁװֶערְד
טֶעטֶען דֶער מוּז מִיט דֶעם שְׁװֶערְד גֶעטֶעטֶעט װֶערֶען.
דָא אִיז דִיא גֶעדוּלְד אוּנְד דֶער גְלוֹיבֶּען פוּן דִיא
הֵיילִיגֶע:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיינֶע אַנְדֶערֶע חַיָה פוּן דֶער
עֶרְד אַרוֹיסְקוּמֶען, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט צְװֵייא הֶערְנֶער
גְלֵייךְ װִיא אַ לַאם, אוּנְד הָאט גֶערֶעט אַזוֹי װִיא אַ
12 דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג: אוּנְד דִיא מַאכְט פוּן דִיא עֶרְשְׁטֶע
חַיָה טְהוּט זִיא אִין גַאנְצֶען פָאר זִיךְ. אוּנְד זִיא מַאכְט
דִיא עֶרְד אוּנְד דִיא װָאס װְאוֹינֶען דְרִינֶען אַז זֵייא זָא־
לֶען זִיךְ בִּיקֶען צוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע חַיָה, פוּן װֶעלְכֶע דִיא
13 טֶעטְלִיכֶע װְאוּנְד אִיז גֶעהֵיילְט גֶעװָארֶען: אוּנְד זִיא
טְהוּט גְרוֹיסֶע צֵייכֶען אַז זִיא זָאל אוֹיךְ מַאכֶען פֵייעֶר
אַרוּפְּקוּמֶען אוֹיף דֶער עֶרְד פוּן דֶעם הִימֶעל פָאר מֶענְ־
14 שֶׁען: אוּנְד זִיא בֶּעטְרִיבְּט דִיא װָאס װְאוֹינֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד דוּרְךְ דִיא צֵייכֶען װָאס זֶענֶען אִיהְר גֶעגֶעבֶּען
גֶעװָארֶען צוּ טְהוּן פָאר דֶער חַיָה, אוּנְד זִיא זָאגְט צוּ דִיא
װָאס װְאוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אַז זֵייא זָאלֶען מַאכֶען אַ
בִּילְד צוּ דֶער חַיָה, װָאס הָאט גֶעהַאט דִיא װְאוּנְד פוּן דֶעם
15 שְׁװֶערְד אוּנְד דָאךְ הָאט גֶעלֶעבְּט: אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר
גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל גֶעבֶּען אַ גֵייסְט צוּ דֶעם בִּילְד פוּן
דֶער חַיָה, כְּדֵי דָאס בִּילְד פוּן דֶער חַיָה זָאל רֶעדֶען אוּנְד
זָאל טְהוּן אַז װִיא פִילֶע װָאס װֶעלֶען זִיךְ נִיט בִּיקֶען
צוּ דֶעם בִּילְד פוּן דֶער חַיָה זָאלֶען גֶעטֶעטֶעט װֶערֶען:
16 אוּנְד זִיא מַאכְט אַלֶע, דִיא קְלֵיינֶע אוּנְד דִיא גְרוֹיסֶע,
דִיא רֵייכֶע אוּנְד דִיא אָרְמֶע, דִיא פְרֵייעֶ אוּנְד דִיא קְנֶעכְט,
אַז מֶען זָאל צוּ זֵייא גֶעבֶּען אַ צֵייכֶען אוֹיף זֵייעֶר רֶעכְטֶע
17 הַאנְד אָדֶער אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערֶען: אוּנְד אַז קֵיין מֶענְשׁ
זָאל נִיט קֶענֶען קוֹיפֶען אָדֶער פַארְקוֹיפֶען חוּץ דֶער װָאס
הָאט דֶעם צֵייכֶען, דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער חַיָה, אָדֶער דִיא
18 צָאהְל פוּן זֵיין נָאמֶען: דָא אִיז חָכְמָה. דֶער װָאס הָאט
פֶערְשְׁטַאנְד לָאז עֶר בֶּערֶעכְנֶען דִיא צָאהְל פוּן דֶער

חַיָה, וָוארִין עֶס אִיז דִיא צָאהְל פוּן אַ מֶענְשׁ. אוּנְד אִיהְ־
רֶע צָאהְל אִיז זֶעקְס הוּנְדֶערְט אוּנְד זֶעקְס אוּנְד זֶעכְצִיג:

## קאפיטעל יד

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד זֶעה, דָאס לַאם אִיז
גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם בַּארְג צִיוֹן, אוּנְד מִיט אִיהְם
הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד, וָואס הָאבֶּען
זַיין נָאמֶען אוּנְד דֶעם נָאמֶען פוּן זַיין פָאטֶער גֶעשְׁרִי־
2 בֶּען אוֹיף זַייעֶרֶע שְׁטֶערֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ
קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל, אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶער
אוּנְד וִויא אַ קוֹל פוּן אַ גְרוֹיסֶען דוּנֶער, אוּנְד דָאס קוֹל
וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אִיז גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ וִויא דָאס
קוֹל פוּן הַארְפֶענְשְׁפִּילֶער וָואס שְׁפִּילֶען אוֹיף זַייעֶרֶע
3 הַארְפֶען: אוּנְד זַייא זִינְגֶען אַ נַייעֶס לִיד פָאר דֶעם שְׁטוּהְל
אוּנְד פָאר דִיא פִיעֶר חַיוֹת אוּנְד פָאר דִיא זְקֵנִים; אוּנְד
קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקָאנְט דִיזֶען גֶעזַאנְג לֶערְנֶען, נַייעֶרְט
דִיא הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג טוֹיזֶענְד דִיא
4 זֶענֶען פוּן דֶער עֶרְד אוֹיסְגֶעקוֹיפְט גֶעוָוארֶען: דִיזֶע
זֶענֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זִיךְ נִיט פֶערְאוּנְרֵיינִיגְט מִיט
פְרוֹיעֶן; וָוארִין זַייא זֶענֶען אַלְס יוּנְגְפְרוֹיעֶן. דִיזֶע זֶענֶען
דִיא וָואס פָאלְגֶען נָאךְ דֶעם לַאם וְואוּ אַהִין עֶר גֶעהְט.
דִיזֶע זֶענֶען פוּן צְוִוישֶׁען דִיא מֶענְשֶׁען אוֹיסְגֶעקוֹיפְט
גֶעוָוארֶען, אֵיינֶע עֶרְשְׁטֶע פְרוּכְט צוּ גָאט אוּנְד צוּ דֶעם
5 לַאם: אוּנְד אִין זַייעֶר מוֹיל אִיז נִיט קֵיין פַאלְשׁ גֶע־
פוּנֶען גֶעוָוארֶען; זַייא זֶענֶען אָהְן אַ פְלֶעק:
6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ פְלִיהֶען
אִין מִיטֶען פוּן דֶעם הִימֶעל וָואס הָאט גֶעהַאט אִין זַיין
מוֹיל דִיא עֶבִּיגֶע בְּשׂוּרָה טוֹבָה צוּ פְּרֶעדִיגֶען צוּ דִיא
וָואס וְואוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנְד צוּ אַלֶע גוֹיִם אוּנְד
7 שֵׁבֶט אוּנְד לָשׁוֹן אוּנְד פָאלְק: אוּנְד עֶר הָאט גֶעזָאגְט
מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל, פָארְכְט אֵייךְ פַאר גָאט אוּנְד גִיבְּט
אִיהְם כָּבוֹד, וָוארִין דִיא שָׁעָה פוּן זַיין מִשְׁפָּט אִיז גֶע־
קוּמֶען, אוּנְד בִּיקְט אֵייךְ צוּ אִיהְם, דָער הָאט גֶעמַאכְט
דֶעם הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְד אוּנְד דָאס יַם אוּנְד קְוֶועֶ־
לֶען פוּן וַואסֶער:

8 אוּנד איין אַנדערער מַלְאָךְ איז נאָכגעגאַנגען אוּנד האָט
געזאָגט, געפאַלען, געפאַלען איז בָּבֶל דיא גרויסע,
וואָס האָט אַלע פעלקער אָנגעטרוּנקען פוּן דעם ויין
פוּן דעם צאָרן פוּן איהרע הוּרעריי:
9 אוּנד איין אַנדערער איז זיי נאָכגעגאַנגען, אוּנד
האָט געזאָגט מיט אַ הויךְ קוֹל, ווען איינער בּוּקט זיךְ
צוּ דער חַיָה אוּנד צוּ זיין בִּילד אוּנד נעמט אַ צייכען
10 אויף זיין שטערען אָדער אויף זיינע האַנד: אַזוֹי זאָל
ער טרינקען פוּן דעם ווין פוּן דעם צאָרן פוּן גאָט,
וואָס איז געמישט געוואָרען קלאָר אים בּעכער פוּן
זיין צאָרן, אוּנד ער זאָל דוּרךְ פייער אוּנד שוועבעל
געפייניגט ווערען פאַר דיא היילִיגע מַלְאָכִים אוּנד פאַר
11 דעם לַאם: אוּנד דער רויךְ פוּן זייערע פייניגוּנג געהט
אויף פוּן עבּיגקייט צוּ עבּיגקייט, אוּנד דיא וואָס בּוי־
קען זיךְ צוּ דער חַיָה אוּנד צוּ איהר בִּילד, אוּנד איי־
נער וואָס נעמט אָן דעם צייכען פוּן איהר נאָמען,
האָבּען קיינע רוּהה טאָג אוּנד נאַכט:
12 דאָ איז דיא געדוּלד פוּן דיא היילִיגע וואָס היטען דיא
13 געבּאָטע פוּן גאָט אוּנד דעם גלויבּען פוּן יֵשׁוּעַ: אוּנד
איךְ האָבּ געהערט אַ קוֹל פוּן הימעל וואָס האָט גע־
זאָגט שרייבּ. געבּענשט זענען פוּן אַצוּנד אָן דיא טוֹי־
טע וועלכע שטאַרבּען אין דעם האַר. יאָ, זאָגט דער
גייסט, אַז זייא זאָלען רוּהען פוּן זייערע אַרבּייט;
וואָרין זייערע ווערק פאָלגען זייא נאָךְ:
14 אוּנד איךְ האָבּ געזעהען אוּנד זעה, אַ ווייסער וואָלקען,
אוּנד אויף דעם וואָלקען איז געזעסען איינער גליַיךְ
דעם בֶּן אָדָם, דער האָט געהאַט אַ גאָלדענע קרוין
אויף זיין קאָפּ, אוּנד אין זיינע האַנד אַ שאַרפעס
15 שניידמעסער: אוּנד איין אַנדערער מַלְאָךְ איז אַרויס־
געקוּמען פוּן דעם טעמפעל, אוּנד ער האָט געשריען
מיט אַ הויךְ קוֹל צוּ דעם וואָס איז געזעסען אויף
דעם וואָלקען, שיק אַרוֹיס דיין שניידמעסער אוּנד
שנייד, וואָרין דיא צייט איז געקוּמען צוּ שניידען,
וויל דער קאָרנשניט פוּן דער ערד איז טרוּקען

16 גֶעוָוארֶען: אוּנְד דָער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דָעם
וָואלְקֶען הָאט זַיין שְׁנֵיידְמֶעסֶער אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט צוּ
דָער עֶרְד, אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז גֶעשְׁנִיטֶען גֶעוָוארֶען:
17 אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער מַלְאָךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דָעם
טֶעמְפֶּעל וָואס אִיז אִים הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט אוֹיךְ
18 גֶעהַאט אַ שַׁארְפֶעס שְׁנֵיידְמֶעסֶער: אוּנְד אֵיין אַנְדֶערֶער
מַלְאָךְ אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן דָעם מִזְבֵּחַ, וֶועלְכֶער
הָאט מַאכְט גֶעהַאט אִיבֶּער דָעם פֵייעֶר, אוּנְד עֶר הָאט
גֶערוּפֶען מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל צוּ דֶעם וָואס הָאט דָאס
שַׁארְפֶע שְׁנֵיידְמֶעסֶער, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט, שִׁיק אַרוֹיס
דַיין שַׁארְפֶעס שְׁנֵיידְמֶעסֶער אוּנְד שְׁנֵייד דִיא ווֵיינְ־
טְרוֹיבֶּען פוּן דָעם ווֵיינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד, ווֵייל
19 אִיהְרֶע ווֵיינְטְרוֹיבֶּען זֶענֶען צֵייטִיג: אוּנְד דֶער מַלְאָךְ
הָאט זַיין שְׁנֵיידְמֶעסֶער גֶעוָוארְפֶען אוֹיף דֶער עֶרְד,
אוּנְד הָאט גֶעשְׁנִיטֶען דֶעם ווֵיינְשְׁטָאק פוּן דֶער עֶרְד,
אוּנְד הָאט אִיהְם גֶעוָוארְפֶען אִין דִיא גְרוֹיסֶע קֶעלְטֶער
20 פוּן דֶעם צָארְן פוּן גָאט: אוּנְד דִיא קֶעלְטֶער אִיז גֶע־
טְרֶעטֶען גֶעוָוארֶען אוֹיסֶעוֶוענִיג דֶער שְׁטָאט, אוּנְד בְּלוּט
אִיז פוּן דֶער קֶעלְטֶער אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען בִּיז צוּ דִיא
צוֹימֶען פוּן דִיא פֶערְד, אַזוֹי ווֵייט ווִיא טוֹיזֶענְד אוּנְד
זֶעקְס הוּנְדֶערְט אַקֶערְפֶעלְד:

קאפיטעל טו

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶעס צֵייכֶען אִים
הִימֶעל, גְרוֹיס אוּנְד ווּאוּנְדֶערְלִיךְ, זִיבֶּען מַלְאָכִים וֶועלְכֶע
הָאבֶּען גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען, ווֵייל דְרִי־
נֶען אִיז דֶערְפִילְט גֶעוָוארֶען דֶער צָארְן פוּן גָאט:
2 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַזוֹי ווִיא אַ גְלֶעזֶערְנֶעם יַם
גֶעמִישְׁט מִיט פֵייעֶר, אוּנְד דִיא וָואס הָאבֶּען אִיבֶּערְ־
וֶועלְטִיגְט קֶעגֶען דֶער חַיָה אוּנְד אִיהְר בִּילְד אוּנְד
דֶער צָאהְל פוּן אִיהְר נָאמֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען שְׁטֶע־
הֶען אוֹיף דֶעם גְלֶעזֶערְנֶעם יַם אוּנְד זֵייא הָאבֶּען גֶע־
3 הַאט הַארְפֶען פוּן גָאט: אוּנְד זֵייא זִינְגֶען דָאס לִיד
פוּן משֶׁה דֶעם קְנֶעכְט פוּן גָאט, אוּנְד דָאס לִיד פוּן
דֶעם לַאם, אוּנְד זָאגֶען,

גְרוֹים אוּנְד וְואוּנְדֶערְלִיךְ זֶענֶען דֵיינֶע וֶוערְק, אָ הַאר
גָאט דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, גֶערֶעכְט אוּנְד וָואהְרְהַאפְטִיג
4 זֶענֶען דֵיינֶע וֶועגֶען, קֶענִיג פוּן דִיא פֶעלְקֶער: וֶוער
וֶועט זִיךְ נִיט פַאר דִיר פָארְכְטֶען, אָ הַאר, אוּנְד
וֶועט נִיט גֶעבֶּען כָּבוֹד צוּ דֵיין נָאמֶען? וָוארִין דוּא
אַלֵיין בִּיסְט הֵיילִיג; וֵוייל אַלֶע פֶעלְקֶער וֶועלֶען
קוּמֶען אוּנְד וֶועלֶען זִיךְ פָאר דִיר בִּיקֶען, וֵוייל דֵיינֶע
רֶעכְטֶע מִשְׁפָּטִים זֶענֶען אַנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען:
5 אוּנְד דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען, אוּנְד דֶער טֶעמְ־
פֶּעל פוּן דֶעם מִשְׁכָּן פוּן דֶעם עֲדוּת אִים הִימֶעל אִיז
6 אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד עֶס זֶענֶען אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען
פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען
גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען, אָנְגֶעקְלֵייד אִין רֵיינֶע אוּנְד
פֵיינֶע לֵיינֶעוַואנְד אוּנְד אַרוּמְגֶעגַארְטֶעלְט מִיט גָאלְדֶענֶע
7 גַארְטְלֶען אַרוּם דִיא בְּרוּסְטֶען: אוּנְד אֵיינֶע פוּן דִיא
פִיעֶר חַיוֹת הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים
גָאלְדֶענֶע שָׁאלֶען, וָואס זֶענֶען פוּל מִיט דֶעם צָארְן
פוּן גָאט דֶער וָואס לֶעבְּט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט:
8 אוּנְד דֶער טֶעמְפֶּעל אִיז אָנְגֶעפִילְט גֶעוָוארֶען מִיט
רוֹיךְ פוּן וֶועגֶען דֶער הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט אוּנְד וֶועגֶ־
גֶען זֵיינֶע קְרַאפְט, אוּנְד קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעקֶענְט
אִים טֶעמְפֶּעל אַרֵיינְגֶעהֶען בִּיז דִיא זִיבֶּען פְּלָאגֶען פוּן
דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט:

קאפיטעל טז

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ הוֹיךְ קוֹל פוּן דֶעם טֶעמְפֶּעל,
וָואס הָאט גֶעזָאגְט צוּ דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים, גֶעהְט אוּנְד
גִיסְט אוֹיס דִיא זִיבֶּען שָׁאלֶען פוּן דֶעם צָארְן פוּן גָאט
אוֹיף דֶער עֶרְד:
2 אוּנְד דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְד הָאט
זַיינֶע שָׁאל אַוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד; אוּנְד עֶס
אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ שְׁלֶעכְטֶע אוּנְד שְׁמֶערְצְלִיכֶע וְואוּנְד
אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט דָאס צֵייכֶען
פוּן דֶער חַיָה, אוּנְד וָואס בּוּקֶען זִיךְ צוּ אִיהְר בִּילְד:
3 אוּנְד דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זַיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִים

יַם אוּנְד עֶס אִיז גֶעוָוארֶען בְּלוּט, גְלֵייךְ וִויא פוּן אַ טוֹיטֶען,
אוּנְד יֶעדֶע נְשָׁמָה פוּן לֶעבֶּען וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אִים
יַם אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען:
4 אוּנְד דֶער דְרִיטֶער הָאט זַיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען אִין
דִיא שְׁטְרוֹימֶען אוּנְד אִין דִיא קְוֶועלֶען פוּן וַואסֶער
אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעוָוארֶען בְּלוּט:
5 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם מַלְאָךְ פוּן דִיא וַואסֶער
זָאגֶען, גֶערֶעכְט בִּיסְט דוּא, דֶער דוּא בִּיסְט אוּנְד
בִּיסְט גֶעוֶועזֶען, דֶער הֵיילִיגֶער, וֵוייל דוּא הָאסְט דִיזֶע
6 גֶעמִשְׁפָּט: וֵוייל זַייא הָאבֶּען פֶערְגָאסֶען דָאס בְּלוּט
פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד דִיא נְבִיאִים, אוּנְד דוּא הָאסְט
זַייא גֶעגֶעבֶּען בְּלוּט צוּ טְרִינְקֶען; זַייא זֶענֶען עֶס וֶוערְט:
7 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט דֶעם מִזְבֵּחַ זָאגֶען, יָא, בֶּאֱמֶת,
הַאר אַלְמֶעכְטִיגֶער, וָואהְרְהַאפְטִיג אוּנְד גֶערֶעכְט זֶענֶען
דַיינֶע מִשְׁפָּטִים:
8 אוּנְד דֶער פִיעֶרְטֶער הָאט זַיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף
דֶער זוּן; אוּנְד מֶען הָאט אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל
9 דִיא מֶענְשֶׁען הֵייצֶען מִיט פֵייעֶר: אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען
זֶענֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶע הִיץ גֶעהֵייצְט גֶעוָוארֶען, אוּנְד
זַייא הָאבֶּען גֶעלֶעסְטֶערְט דֶעם נָאמֶען פוּן גָאט, דֶער
הָאט מַאכְט אִיבֶּער דִיזֶע פְּלָאגֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען
נִיט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אִיהְם לוֹיבּ אָפְּצוּגֶעבֶּען:
10 אוּנְד דֶער פִינְפְטֶער הָאט זַיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען
אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל פוּן דֶער חַיָה; אוּנְד אִיהְר קֶענִיגְ־
רַייךְ אִיז פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע
11 צוּנְגֶען גֶעבִּיסֶען פַאר פֵּיין: אוּנְד הָאבֶּען דֶעם גָאט פוּן
דֶעם הִימֶעל בֶּעלֶעסְטֶערְט פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע פֵּיין אוּנְד
וֶועגֶען זֵייעֶרֶע וְואוּנְדֶען, אוּנְד זַייא הָאבֶּען קֵיינֶע תְּשׁוּבָה
גֶעטְהוּן פוּן וֶועגֶען זֵייעֶרֶע וֶוערְק:
12 אוּנְד דֶער זֶעקְסְטֶער הָאט זַיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען
אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטְרוֹים פְּרָת; אוּנְד זַיין וַואסֶער
אִיז פֶערְטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען כְּדֵי דֶער וֶועג פוּן דִיא
מְלָכִים וָואס זֶענֶען פוּן מִזְרָח זָאל אָנְגֶעבְּרֵייט וֶוערֶען:
13 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַרוֹיסְקוּמֶען פוּן דֶעם מוֹיל

פוּן דֶער דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג אוּנְד פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דֶער
חַיָה אוּנְד פוּן דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם פַאלְשֶׁען נָבִיא,
14 דְרֵייא אוּנְרֵיינֶע גֵייסְטֶער גְלֵייךְ וִויא פְרֶעשׁ׃ וָוארִין
זֵייא זֶענֶען גֵייסְטֶער פוּן שֵׁדִים וָואס טְהוּן צֵייכֶען, אוּנְד
ווֶעלְכֶע גֶעהֶען אַרוֹיס צוּ דִיא מְלָכִים פוּן דֶער גַאנְצֶער
ווֶעלְט, כְּדֵי זֵייא אֵיינְצוּזַאמְלֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה פוּן
15 דֶעם גְרוֹיסֶען טָאג פוּן גָאט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען׃ זֶעה,
אִיךְ קוּם אַזוֹי וִויא אַ גַנָב; גֶעבֶּענְשְׁט אִיז דֶער וָואס
ווַאכְט אוּנְד הִיט זֵיינֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי עֶר זָאל נִיט
נַאקֶעט אַרוּמְגֶעהֶען, אוּנְד מֶען זָאל נִיט זֶעהֶען זֵיינֶע
16 שַׁאנְד׃ אוּנְד זֵייא הָאבֶּען זֵייא אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט אוֹיף
דֶעם אָרְט, וָואס הֵייסְט אוֹיף הֶעבְּרֶעאִישׁ הַר־מְגִדוֹן׃
17 אוּנְד דֶער זִיבֶּעטֶער הָאט זֵיינֶע שָׁאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף
דֶער לוּפְט אוּנְד אַ גְרוֹיס קוֹל אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פוּן
דֶעם שְׁטוּהְל אוֹיס דֶעם טֶעמְפֶּעל, אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
18 עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען׃ אוּנְד עֶס זֶענֶען גֶעוָוארֶען בְּלִיצֶען
אוּנְד קוֹלוֹת אוּנְד דוּנֶער, אוּנְד עֶס אִיז גֶעשֶׁעהֶען אַ
גְרוֹיס עֶרְדְצִיטֶערְנִים, וָואס אִיז נִיט אַזוֹי גֶעוֶועזֶען זִינְט
דִיא מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, אַ זֶעהְר
19 גְרוֹיסֶע עֶרְדְצִיטֶערְנִים׃ אוּנְד דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט אִיז
צוּטְהֵיילְט גֶעוָוארֶען אִין דְרֵייא חֲלָקִים, אוּנְד דִיא שְׁטֶעט
פוּן דִיא גוֹיִם זֶענֶען גֶעפַאלֶען; אוּנְד בָּבֶל דִיא גְרוֹיסֶע
אִיז פָאר גָאט דֶערְמָאהְנְט גֶעוָוארֶען, כְּדֵי אִיהְר צוּ גֶעבֶּען
דֶעם בֶּעכֶער פוּן דֶעם ווַיין פוּן דֶעם גְרִים פוּן זַיין צָארְן׃
20 אוּנְד יֶעדֶע אִינְזֶעל אִיז אַנְטְלָאפֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד דִיא
21 בֶּערְג זֶענֶען נִיט גֶעפִינֶען גֶעוָוארֶען׃ אוּנְד אַ גְרוֹיסֶער
הָאגֶעל, דְרִינֶען יֶעדֶער הָאגֶעלְשְׁטֵיין אִיז אַזוֹי שְׁוֶוער
וִויא אַ צֶענְטְנֶער, אִיז פוּן דֶעם הִימֶעל אַרוּפְגֶעקוּמֶען
אוֹיף דִיא מֶענְשֶׁען; אוּנְד דִיא מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גָאט
גֶעלֶעסְטֶערְט פוּן ווֶעגֶען דֶער פְּלָאג פוּן דֶעם הָאגֶעל,
וָוארִין זֵיינֶע פְּלָאג אִיז זֶעהְר גְרוֹיס גֶעוֶועזֶען׃

## קאפיטעל יז

1 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וָואס הָאבֶּען גֶעהַאט
דִיא זִיבֶּען שָׁאלֶען אִיז גֶעקוּמֶען אוּנְד הָאט מִיט מִיר

גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, קוּם אִיךְ װֶעל דִיר װַייזֶען דָאס מִשְׁפָּט
פוּן דֶער גְרוֹיסֶער זוֹנָה װֶעלְכֶע הָאט גֶעזֶעסֶען אוֹיף פִילֶע
2 װַאסֶער: מִיט װֶעלְכֶע דִיא מְלָכִים פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען
מְזַנֶה גֶעװֶעזֶען, אוּנְד דִיא װָאס װְאוֹינֶען אוֹיף דֶער עֶרְד
הָאבֶּען זִיךְ בֶּעטְרוּנְקֶען מִיט דֶעם װַיין פוּן אִיהְרֶע זְנוּת:
3 אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ אַװֶעקְגֶעפִיהְרְט אִים גַייסְט אִין דֶער
מִדְבָּר; אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ פְרוֹיא זִיצֶען אוֹיף אַ
רוֹיטֶע חַיָה, װָאס אִיז פוּל מִיט נֶעמֶען פוּן לֶעסְטֶערוּנְג,
אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד צֶעהְן הֶערְנֶער:
4 אוּנְד דִיא פְרוֹיא אִיז גֶעקְלֵיידְט גֶעװֶעזֶען אִין פוּרְפֶּער אוּנְד
רוֹיטֶע זַייד, אוּנְד בֶּעדֶעקְט מִיט גָאלְד אוּנְד טְהֵייעֶרֶע
שְׁטֵיינֶער אוּנְד פֶּערִיל, אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אִין אִיהְרֶע
הַאנְד אַ גָאלְדֶענֶעם בֶּעכֶער פוּל מִיט גְרֵייעֶל אוּנְד אוֹיךְ
5 דִיא אוּנְרֵיינִיגְקֵייטֶען פוּן אִיהְרֶע הוּרֶערֵייא: אוּנְד אוֹיף
אִיהְר שְׁטֶערְן אִיז אַ נָאמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, אַ סוֹד,
בָּבֶל דִיא גְרוֹיסֶע, דִיא מוּטֶער פוּן דִיא
הוּרֶען אוּנְד פוּן דִיא גְרֵייעֶל פוּן דֶער
6 עֶרְד: אוּנְד אִיךְ הָאבּ דִיא פְרוֹיא גֶעזֶעהֶען בֶּעטְרוּנְקֶען
מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן דִיא הֵיילִיגֶע אוּנְד מִיט דֶעם בְּלוּט פוּן
דִיא עֵדוּת פוּן יֵשׁוּעַ. אוּנְד װֶען אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעזֶעהֶען
הָאבּ אִיךְ מִיךְ פֶערְװְאוּנְדֶערְט מִיט אַ גְרוֹיס װְאוּנְדֶער:
7 אוּנְד דֶער מַלְאָךְ הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, װָארוּם הָאסְט דוּא
דִיךְ גֶעװְאוּנְדֶערְט? אִיךְ װֶעל דִיר זָאגֶען דֶעם סוֹד פוּן
דֶער פְרוֹיא אוּנְד פוּן דֶער חַיָה װָאס טְרָאגְט זִיא, װָאס
8 הָאט דִיא זִיבֶּען קֶעפּ אוּנְד דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער: דִיא חַיָה
װָאס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז גֶעװֶעזֶען אוּנְד אִיז נִיט,
אוּנְד װֶעט אַרוֹיפְקוּמֶען פוּן דֶעם אָפְּגְרוּנְד, אוּנְד גֶעהְט
אַװֶעק צוּם פֶערְדַארְבֶּען; אוּנְד דִיא װָאס װְאוֹינֶען אוֹיף
דֶער עֶרְד װֶעלֶען זִיךְ װְאוּנְדֶערְן װָאס זֵייעֶרֶע נֶעמֶען זֶענֶען
נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אִים בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען פוּן דֶער גְרִינְדוּנְג פוּן
דֶער װֶעלְט, װֶען זֵייא זֶעהֶען דִיא חַיָה, אַז זִיא אִיז גֶעװֶע־
זֶען אוּנְד אִיז נִיט אוּנְד װֶעט קוּמֶען:
9 דָא אִיז דֶער פֶערְשְׁטַאנְד װָאס הָאט חָכְמָה. דִיא זִיבֶּען
קֶעפּ זֶענֶען זִיבֶּען בֶּערְג אוֹיף װֶעלְכֶע דִיא פְרוֹיא זִיצְט:

10 אוּנְד עֶס זֶענֶען זִיבֶּען מְלָכִים, דִיא פִינְף זֶענֶען גֶעפַאלֶען,
דֶער אֵיינֶער אִיז, דֶער אַנְדֶערֶער אִיז נָאךְ נִיט גֶעקוּמֶען;
אוּנְד וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מוּז עֶר אַבִּיסֶעל בְּלֵייבֶּען:
11 אוּנְד דִיא חַיָה וָואס אִיז גֶעוֶועזֶען אוּנְד אִיז נִיט, זִיא אִיז
דִיא אַכְטֶע, אוּנְד אִיז פוּן דִיא זִיבֶּען, אוּנְד גֶעהְט אַוֶועק
12 צוּם פֶערְדַארְבֶּען: אוּנְד דִיא צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען זֶענֶען צֶעהְן מְלָכִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען
נָאךְ נִיט דֶערְהַאלְטֶען קֵיין קֶענִיגְרֵייךְ, נֵייעֶרְט זֵייא
דֶערְהַאלְטֶען מַאכְט אַלְס קֶענִיגֶע פַאר אַ שָׁעָה מִיט
13 דֶער חַיָה: אוּנְד דִיזֶע הָאבֶּען אֵיינֶע מֵיינוּנְג, אוּנְד
זֵייא גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע קְרַאפְט אוּנְד זֵייעֶרֶע מַאכְט צוּ דֶער
14 חַיָה: דִיזֶע וֶועלֶען מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶעם לַאם, אוּנְד
דָאס לַאם וֶועט זֵייא אִיבֶּערְוֶועלְטִיגֶען, וֵוייל עֶר אִיז
דֶער הַאר פוּן הַארֶען, אוּנְד דֶער קֶענִיג
פוּן קֶענִיגֶע, אוּנְד דִיא וָואס זֶענֶען מִיט אִיהְם
זֶענֶען בֶּערוּפֶען אוּנְד אוֹיסְדֶערְוֶועהְלְט אוּנְד גֶעטְרֵייא:
15 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיא וַואסֶער וָואס דוּא
הָאסְט גֶעזֶעהֶען, וְואוּ דִיא זוֹנָה זִיצְט, זֶענֶען פֶעלְקֶער
16 אוּנְד פֶערְזַאמְלוּנְגֶען אוּנְד גוֹיִם אוּנְד לְשׁוֹנוֹת: אוּנְד דִיא
צֶעהְן הֶערְנֶער וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אוּנְד דִיא חַיָה,
דִיזֶע וֶועלֶען דִיא חַיָה פֵיינְד הָאבֶּען, אוּנְד וֶועלֶען זִיא
וִויסְט אוּנְד נַאקֶעט מַאכֶען, אוּנְד וֶועלֶען אִיהְר פְלֵיישׁ
אוֹיפְעֶסֶען, אוּנְד וֶועלֶען זִיא מִיט פֵייעֶר פֶערְבְּרֶענֶען:
17 וָוארִין גָאט הָאט אִין זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער גֶעגֶעבֶּען אַז זֵייא
זָאלֶען טְהוּן זֵיינֶע עֵצָה, אוּנְד זֵייא זָאלֶען דֶערְהַאלְטֶען
אֵיין עֵצָה, אוּנְד זָאלֶען גֶעבֶּען זֵייעֶר קֶענִיגְרֵייךְ צוּ דֶער
חַיָה בִּיז דִיא וֶוערְטֶער פוּן גָאט וֶועלֶען אוֹיסְגֶעפִיהְרְט
18 וֶוערֶען: אוּנְד דִיא פְרוֹיא וָואס דוּא הָאסְט גֶעזֶעהֶען אִיז
דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט וָואס הָאט אַ קֶענִיגְרֵייךְ אִיבֶּער דִיא
קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד:

## קאפיטעל יח

1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶען אֵיין אַנְדֶערֶען מַלְאָךְ
אַרוּפְקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד עֶר הָאט גֶעהַאט
גְרוֹיסֶע מַאכְט, אוּנְד דִיא עֶרְד אִיז דֶערְלֵייכְטֶעט גֶעוָוארֶען

פוּן זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט: אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט 2
אַ שְׁטַארְקֶען קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט, גֶעפַאלֶען, גֶעפַאלֶען
אִיז בָּבֶל דִיא גְרוֹיסֶע, אוּנְד אִיז גֶעוָוארֶען אַ ווְאוֹינוּנְג פוּן
שֵׁדִים, אוּנְד אַ גֶעפֶענְגְנִיס פוּן יֶעדֶען אוּנְרֵיינֶען גֵייסְט,
אוּנְד אַ גֶעפֶענְגְנִיס פוּן אַלֶע אוּנְרֵיינֶע אוּנְד פֶערְהַאסְטֶע
פֶעגֶעל: וַוייל זִיא הָאט אַלֶע גוֹיִם גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען 3
פוּן דֶעם וַויין פוּן דֶעם צָארְן פוּן אִיהְר זְנוּת, אוּנְד דִיא
קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד הָאבֶּען זִיךְ מִיט אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶועז־
זֶען, אוּנְד דִיא סוֹחְרִים פוּן דֶער עֶרְד זֶענֶען רַייךְ גֶעוָוארֶען
פוּן דֶער קְרַאפְט פוּן אִיהְר שְׁטָאלְץ:
אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אֵיין אַנְדֶער קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל 4
זָאגֶען, קוּמְט אַרוֹיס פוּן אִיהְר, מֵיין פָאלְק, כְּדֵי אִיהְר
זָאלְט נִיט קֵיין טְהֵייל הָאבֶּען מִיט אִיהְרֶע זִינְד, אוּנְד זָאלְט
נִיט בֶּעקוּמֶען פוּן אִיהְרֶע פְּלָאגֶען: וַוייל אִיהְרֶע זִינְד 5
הָאבֶּען גֶעגְרֵייכְט בִּיז צוּם הִימֶעל, אוּנְד גָאט הָאט
גֶעדַאכְט אָן אִיהְרֶע אוּנְגֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען: פֶערְגֶעלְט 6
אִיהְר אַזוֹי וִויא זִיא הָאט אֵייךְ פֶערְגָאלְטֶען, אוּנְד
בֶּעצָאהְלְט אִיהְר דָאפֶּעלְט נָאךְ אִיהְרֶע וֶוערְק; מִיט דֶעם
בֶּעכֶער וָואס זִיא הָאט גֶעמִישְׁט מִישְׁט אִיהְר אָן אַ
דָאפֶּעלְטֶען: אַזוֹי פִיל וִויא זִיא הָאט זִיךְ פֶערְהֶערְלִיכְט 7
אוּנְד הָאט זִיךְ שְׁטָאלְץ בֶּעטְרָאגֶען, אַזוֹי גִיבְּט אִיהְר
פֵּיינִיגוּנְג אוּנְד טְרוֹיעֶר. וַוייל זִיא זָאגְט אִין אִיהְר הַארְץ,
אִיךְ זִיץ אַ מַלְכָּה אוּנְד בִּין נִיט קֵיינֶע אַלְמָנָה, אוּנְד וֶועל
נִיט קֵיין טְרוֹיעֶר זֶעהֶען: דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועלֶען אִיהְרֶע 8
פְּלָאגֶען קוּמֶען אִין אֵיין טָאג, טוֹיט אוּנְד טְרוֹיעֶר אוּנְד
הוּנְגֶער, אוּנְד אִין פֵייעֶר וֶועט זִיא גַאנְץ פֶערְבְּרֶענְט
וֶוערֶען; וָוארִין דָער הַאר גָאט, דֶער הָאט זִיא גֶעמִשְׁפָּט
אִיז מֶעכְטִיג:
אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד וָואס הָאבֶּען זִיךְ מִיט 9
אִיהְר מְזַנֶה גֶעוֶועזֶען אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ שְׁטָאלְץ בֶּעטְרָאגֶען
וֶועלֶען אִיבֶּער אִיהְר וֵויינֶען אוּנְד קְלָאגֶען, וֶוען זֵייא
וֶועלֶען זֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פוּן אִיהְרֶע פֶערְבְּרֶענוּנְג: אוּנְד 10
זֵייא שְׁטֶעהֶען פוּן וֵוייטֶען, וֶועגֶען דֶער פוּרְכְט פוּן אִיהְרֶע
פֵּיינִיגוּנְג, אוּנְד זָאגֶען, וֶועה, וֶועה, דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט,

בֶּבֶל דִיא שְׁטַארְקֶע שְׁטָאט, וָוארִין אִין אֵיינֶע שָׁעָה אִיז
11 דַיין מִשְׁפָּט גֶעקוּמֶען׃ אוּנְד דִיא סוֹחְרִים פוּן דֶער עֶרְד
וֵויינֶען אִיבֶּער אִיהְר אוּנְד קְלָאגֶען, וֵוייל קֵיינֶער קוֹיפְט
12 נִיט מֶעהְר דִיא סְחוֹרָה פוּן זֵייעֶרֶע הַאנְדְלוּנְג׃ סְחוֹרָה
פוּן גָאלְד, אוּנְד זִילְבֶּער, אוּנְד טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער, אוּנְד
פֶּערִיל, אוּנְד פֵיינֶע לֵיינְוַואנְד, אוּנְד פּוּרְפֶּער, אוּנְד זֵייד,
אוּנְד רוֹיטֶע זֵייד, אוּנְד פוּן אַלֶערְלֵייא טְהִינֶענְהָאלְץ, אוּנְד
אַלֶערְלֵייא כֵּלִים פוּן עֶלְפֶּענְבֵּיין, אוּנְד אַלֶערְלֵייא כֵּלִים
פוּן זֶעהְר טְהֵייעֶר הָאלְץ, אוּנְד פוּן קוּפֶּער, אוּנְד פוּן
13 אֵייזֶען, אוּנְד פוּן מַארְמֶעלְשְׁטֵיין׃ אוּנְד אוֹיךְ נִיט זֵייעֶר
צִימְרִינְד, אוּנְד נְכֹאת, אוּנְד קְטוֹרֶת אוּנְד מֹר, אוּנְד
וֵוייהְרוֹיךְ, אוּנְד וֵויין אוּנְד עֶהְל, אוּנְד זֶעמֶעלְמֶעל, אוּנְד
וֵוייץ, אוּנְד בְּהֵמוֹת, אוּנְד שָׁאף, אוּנְד סְחוֹרָה פוּן פֶּערְד,
אוּנְד וָואגֶען, אוּנְד לֵייבֶּער, אוּנְד אוֹיךְ נְשָׁמוֹת פוּן מֶענְשֶׁען׃
14 אוּנְד דָאס אוֹיפְּסְט וָואס דֵיין הַארְץ הָאט גֶעגְלוּסְט הָאט
זִיךְ פוּן דִיר אָפְּגֶעטְהוּן, אוּנְד אַלֶע פֵיינֶע שְׁפֵּייזֶען אוּנְד
לוֹיטֶערֶע זַאכֶען זֶענֶען פוּן דִיר פֶערְלוֹירֶען גֶעגַאנְגֶען,
אוּנְד דוּא וֶועסְט זֵייא קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר גֶעפִינֶען׃
15 דִיא סוֹחְרִים פוּן דִיזֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע זֶענֶען פוּן אִיהְר
רֵייךְ גֶעוָוארֶען, וֶועלֶען פוּן וֵוייטֶען שְׁטֶעהֶען וֶועגֶען
דֶער פוּרְכְט פוּן אִיהְרֶע פֵּיינִיגוּנְג, אוּנְד וֶועלֶען וֵויינֶען
16 אוּנְד קְלָאגֶען׃ אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זָאגֶען, וֶועה, וֶועה, דִיא
גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, וָואס אִיז גֶעקְלֵייד גֶעוֶועזֶען אִין פֵיינֶע
לֵיינְוַואנְד, אוּנְד פּוּרְפֶּער, אוּנְד רוֹיטֶע זֵייד, אוּנְד אִיז
בֶּעדֶעקְט גֶעוֶועזֶען מִיט גָאלְד אוּנְד טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער,
17 אוּנְד פֶּערִיל׃ וָוארִין אִין אֵיינֶע שָׁעָה אִיז אַזֶעלְכֶע
רֵייכְקֵייט פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען. אוּנְד יֶעדֶער שִׁיפְמֵייסְ־
טֶער אוּנְד יֶעדֶער וָואס שִׁיפְט זִיךְ צוּ אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען
אָרְט, אוּנְד דִיא מַאטְרָאזֶען אוּנְד אַלֶע וָואס אַרְבֵּייטֶען
18 אִים יַם זֶענֶען פוּן וֵוייטֶען גֶעשְׁטַאנֶען׃ אוּנְד וֶוען זֵייא
הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען דֶעם רוֹיךְ פוּן אִיהְרֶע פֶּערְבְּרֶענוּנְג
הָאבֶּען זֵייא גֶעשְׁרִיעֶן אוּנְד גֶעזָאגְט, וָואס פַאר אַ
19 שְׁטָאט אִיז גְלֵייךְ צוּ דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט? אוּנְד זֵייא
הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען שְׁטוֹיב אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפּ, אוּנְד

הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן, אוּנְד זַייא וָועלֶען וַויינֶען אוּנְד קְלָאגֶען
אוּנְד וָועלֶען זָאגֶען, וועה, וָועה, דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט,
אַלֶע וָואס הָאבֶּען דְרִינֶען גֶעהַאט דִיא שִׁיפֶען אוֹיף
דֶעם יַם זֶענֶען רַייךְ גֶעוָוארֶען וֶועגֶען אִיהְר טְהֵייעֶרִיגְ־
קַייט, וָוארִין אִין אֵיינֶע שָׁעָה אִיז זִיא פֶערְוִויסְט גֶעוָוארֶען:
20 פְרֵייעֶ דִיךְ אִיבֶּער אִיהְר, הִימֶעל, אוּנְד אִיהְר הֵיילִיגֶע
אוּנְד אִיהְר אַפָּאסְטֶעל אוּנְד אִיהְר נְבִיאִים; וַוייל גָאט
הָאט אֵייעֶר מִשְׁפָּט אִיבֶּער אִיהְר גֶעטְהוּן:
21 אוּנְד אַ שְׁטַארְקֶער מַלְאָךְ הָאט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁטֵיין
גְלֵייךְ וִויא אַ גְרוֹיסֶען מִיהְלְשְׁטֵיין, אוּנְד הָאט אִיהְם
אִים יַם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אוּנְד גֶעזָאגְט, אַזוֹי וֶועט בָּבֶל
דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט אִין אַ שְׁטוּרְם אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
וֶוערֶען, אוּנְד וֶועט קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר גֶעפִינֶען וֶוערֶען:
22 אוּנְד דָאס קוֹל פוּן הַארְפֶענְשְׁפִּילֶער, אוּנְד זִינְגֶער, אוּנְד
פֵייפֶער, אוּנְד הָארְנְבְּלָאזֶער, וֶועט אִין דִיר קֵיינְמָאל
נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט וֶוערֶען, אוּנְד קֵיין מֵייסְטֶער פוּן
אַלֶערְלֵייא קוּנְסְט וֶועט אִין דִיר קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר
גֶעפִינֶען וֶוערֶען, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן אַ מִיהְלְשְׁטֵיין
23 וֶועט אִין דִיר נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט וֶוערֶען: אוּנְד דָאס
לִיכְט פוּן אַ לָאמְפֶּע וֶועט זִיךְ אִין דִיר נִיט מֶעהְר
בֶּעוַוייזֶען, אוּנְד דָאס קוֹל פוּן אַ חָתָן אוּנְד פוּן
אַ כַּלָּה וֶועט אִין דִיר קֵיינְמָאל נִיט מֶעהְר גֶעהֶערְט
וֶוערֶען; וַוייל דֵיינֶע סוֹחֲרִים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דִיא
פִירְשְׁטֶען פוּן דֶער עֶרְד, וָוארִין דוּרְךְ דֵיין כִּשּׁוּף זֶע־
24 נֶען אַלֶע גוֹיִם פֶערְפִיהְרְט גֶעוָוארֶען: אוּנְד אִין אִיהְר
אִיז דָאס בְּלוּט פוּן נְבִיאִים אוּנְד הֵיילִיגֶע גֶעפִינֶען
גֶעוָוארֶען, אוּנְד פוּן אַלֶע וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער עֶרְד
גֶעשָׁאכְטֶען גֶעוָוארֶען:

קאפיטעל יט

1 נָאךְ דִיזֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַזוֹי וִויא אַ הוֹיךְ
קוֹל פוּן אַ גְרוֹיסֶע פֶערְזַאמְלוּנְג אִין הִימֶעל זָאגֶען,
הַלְלוּיָהּ; יְשׁוּעָה, אוּנְד הֶערְלִיכְקֵייט, אוּנְד קְרַאפְט
2 גֶעהֶערֶען צוּ אוּנְזֶער גָאט: וָוארִין זֵיינֶע מִשְׁפָּטִים
זֶענֶען וָואהְרְהַאפְטִיג אוּנְד גֶערֶעכְט; וַוייל עֶר הָאט

דִיא גְרוֹיסֶע זוֹנָה גֶעמִשְׁפָּט וָואס הָאט דִיא עֶרְד
פֶערְדָארְבֶּען מִיט אִיהְר זְנוּת, אוּנְד עֶר הָאט זִיךְ
נוֹקֵם גֶעוֶועזֶען פַאר דֶעם בְּלוּט פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט
פוּן אִיהְרֶע הַאנְד:
3 אוּנְד זַייא הָאבֶּען נָאךְ אַמָאל גֶעזָאגְט, הַלְלוּיָה. אוּנְד
אִיהְר רוֹיךְ גֶעהְט אוֹיף פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט:
4 אוּנְד דִיא פִיעֶר אוּנְד צְוַואנְצִיג זְקֵנִים אוּנְד דִיא פִיעֶר
חַיּוֹת זֶענֶען אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען, אוּנְד הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיקְט
צוּ גָאט דֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם שְׁטוּהְל, אוּנְד
5 הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אָמֵן, הַלְלוּיָה: אוּנְד אַ קוֹל אִיז אַרוֹיסְ־
גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם שְׁטוּהְל אוּנְד הָאט גֶעזָאגְט,
לוֹיבְּט אוּנְזֶער גָאט, אַלֶע זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא וָואס
פָארְכְטֶען זִיךְ פָאר אִיהְם, דִיא קְלֵיינֶע אוּנְד דִיא
גְרוֹיסֶע:
6 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פוּן פִיל
לֵייט, אוּנְד אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פוּן פִילֶע וַואסֶער, אוּנְד
אַזוֹי וִויא אַ קוֹל פוּן שְׁטַארְקֶע דוּנֶער וָואס הָאבֶּען
גֶעזָאגְט,
הַלְלוּיָה; וָוארִין דֶער הַאר אוּנְזֶער גָאט, דֶער אַלְ־
7 מֶעכְטִיגֶער הָאט גֶעהֶערְשְׁט: לָאזְט אוּנְס פְרֵייעֶן
אוּנְד פְרֶעהְלִיךְ זַיין, אוּנְד אִיהְם גֶעבֶּען דֶעם כָּבוֹד;
ווייל דִיא חֲתוּנָה פוּן דֶעם לַאם אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד
זַיין ווייבּ הָאט זִיךְ פַארְטִיג גֶעמַאכְט:
8 אוּנְד עֶס אִיז אִיהְר גֶעגֶעבֶּען אַז זִיא זָאל גֶעקְלֵייד
ווערֶען אִין פֵיינֶע אוּנְד רֵיינֶע לֵיינְוַואנְד; וָוארִין דִיא
לֵיינְוַואנְד אִיז דִיא גֶערֶעכְטִיגְקֵייטֶען פוּן דִיא הֵיילִיגֶע:
9 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ, גֶעבֶּענְשְׁט
זֶענֶען דִיא וָואס זֶענֶען גֶערוּפֶען צוּ דֶער מָאהְלְצֵייט
פוּן דֶער חֲתוּנָה פוּן דֶעם לַאם. אוּנְד עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע זֶענֶען דִיא וָואהְרְהַאפְטִיגֶע ווערְ־
10 טֶער פוּן גָאט: אוּנְד אִיךְ בִּין אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען פָאר
זַיינֶע פִיס מִיךְ צוּ אִיהְם צוּ בִּיקֶען; אוּנְד עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן; אִיךְ בִּין
אַ מִיטְקְנֶעכְט מִיט דִיר, אוּנְד מִיט דֵיינֶע בְּרִידֶער וָואס

הַאלְטֶען דָאס צֵייגְנִים פוּן יֵשׁוּעַ; בִּיק דִיךְ צוּ גָאט;
וָוארִין דָאס צֵייגְנִים פוּן יֵשׁוּעַ אִיז דֶער גֵייסְט פוּן דֶער
נְבוּאָה:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דֶעם הִימֶעל אוֹיפְגֶעמַאכְט,
אוּנְד זֶעה אַ וַוייס פֶערְד, אוּנְד דֶער וֶועלְכֶער אִיז אוֹיף
אִיהְם גֶעזֶעסֶען הָאט גֶעהֵייסֶען גֶעטְרֵייעֶר אוּנְד וָואהְרְ־
הַאפְטִיגֶער, אוּנְד אִין גֶערֶעכְטִיגְקֵייט רִיכְטֶעט עֶר אוּנְד
12 הַאלְט מִלְחָמָה: אוּנְד זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען וִויא
אַ פְלַאם פוּן פֵייעֶר, אוּנְד אוֹיף זַיין קָאפּ זֶענֶען פִילֶע
קְרוֹינֶען, אוּנְד עֶר הָאט אַ נָאמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען, וָואס קֵיי־
13 נֶער הָאט גֶעוְואוּסְט נוּר עֶר אַלֵיין: אוּנְד עֶר אִיז גֶעקְלֵייד
אִין אַ קְלֵייד אֵיינְגֶעטוּנְקֶען אִין בְּלוּט, אוּנְד זַיין נָאמֶען
14 אִיז גֶערוּפֶען, דָאס וָוארְט פוּן גָאט: אוּנְד דִיא
הֶערְשַׁאפְטֶען וָואס זֶענֶען אִין הִימֶעל זֶענֶען אִיהְם נָאכְ־
גֶעגַאנְגֶען אוֹיף וַוייסֶע פֶערְד, אוּנְד זַייא זֶענֶען גֶעקְלֵייד
15 אִין וַוייסֶע אוּנְד רֵיינֶע לֵיינְוַואנְד: אוּנְד פוּן זַיין מוֹיל אִיז
אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אַ שַׁארְפֶעס שְׁוֶוערְד, כְּדֵי עֶר זָאל דֶערְ־
מִיט שְׁלָאגֶען דִיא גוֹיִם; אוּנְד עֶר וֶועט אִיבֶּער זֵייא
הֶערְשֶׁען מִיט אֵיינֶע אֵייזֶערְנֶע רוּט: אוּנְד עֶר טְרֶעט
אַלֵיין דִיא וֵויינְקֶעלְטֶער פוּן דֶעם גְרִים פוּן דֶעם צָארְן
16 פוּן גָאט דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען: אוּנְד עֶר הָאט אוֹיף זַיין
קְלֵייד אוּנְד אוֹיף זַיין דִיעֶךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ נָאמֶען,
קֶענִיג פוּן קֶענִיגֶע אוּנְד הַאר פוּן הַארֶען:
17 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען שְׁטֶעהֶען אִין דֶער זוּן אַ מַלְאָךְ,
אוּנְד עֶר הָאט גֶעשְׁרִיעֶן מִיט אַ הוֹיךְ קוֹל אוּנְד גֶעזָאגְט
צוּ אַלֶע פֶעגֶעל וָואס פְלִיהֶען אַרוּם אִין מִיטֶען פוּן
דֶעם הִימֶעל, קוּמְט זַאמֶעלְט אֵייךְ אֵיין צוּ דִיא גְרוֹיסֶע
18 סְעוּדָה פוּן גָאט: כְּדֵי אִיהְר זָאלְט עֶסֶען דָאס פְלֵיישׁ
פוּן קֶענִיגֶע, אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ פוּן הוֹפְּטְמֶענֶער, אוּנְד
דָאס פְלֵיישׁ פוּן גִבּוֹרִים, אוּנְד דָאס פְלֵיישׁ פוּן פֶערְד,
אוּנְד פוּן דִיא וָואס זֶענֶען דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען, אוּנְד
דָאס פְלֵיישׁ פוּן אַלֶע פְרֵייעֶ אוּנְד קְנֶעכְט, פוּן קְלֵיינֶע
אוּנְד גְרוֹיסֶע:
19 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא חַיָה, אוּנְד דִיא מְלָכִים פוּן

דָער עֶרְד, אוּנְד זַייעֶרע הֶערְשַׁארֶען אֵיינְגֶעזַאמֶעלְט מִלְחָמָה
צוּ הַאלְטֶען מִיט דֶעם וָועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם
20 פֶערְד אוּנְד מִיט זַיינֶע הֶערְשַׁאר: אוּנְד דִיא חַיָה אִיז
גֶעפַאנְגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנְד מִיט אִיהְר דֶער פַאלְשֶׁער
נָבִיא וָואס הָאט גֶעטְהוּן פָאר אִיהְר דִיא צֵייכֶען, מִיט
וֶועלְכֶע עֶר הָאט פֶערְפִיהְרְט דִיא וָואס הָאבֶען אָנְגֶע־
נוּמֶען דָאס צֵייכֶען פוּן דֶער חַיָה, אוּנְד וָואס הָאבֶען
זִיךְ גֶעבִּיקְט צוּ אִיהְר בִּילְד; דִיא בֵּיידֶע זֶענֶען לֶעבֶּעדִיג
אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר וָואס בְּרֶענְט מִיט
21 שְׁוֶועבֶעל: אוּנְד דִיא אִיבְּרִיגֶע זֶענֶען גֶעהַרְגֶעט גֶעוָוארֶען
מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם
מוֹיל פוּן דֶעם וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶעם פֶערְד,
אוּנְד אַלֶע פֶעגֶעל זֶענֶען פוּן זַייעֶר פְלֵיישׁ זַאט גֶעוָוארֶען:

## קאפּיטעל כ

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ מַלְאָךְ אַרוּפְקוּמֶען פוּן דֶעם
הִימֶעל, וָואס הָאט גֶעהַאט דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן דֶעם אָפּ־
2 גְרוּנְד אוּנְד אַ גְרוֹיסֶע קֶעט אִין זַיינֶע הַאנְד: אוּנְד עֶר
הָאט גֶענוּמֶען דִיא דְרַאכֶענְשְׁלַאנְג, דִיא אַלְטֶע שְׁלַאנְג,
וָואס אִיז דֶער טֵייפֶעל אוּנְד דֶער שָׂטָן, אוּנְד עֶר הָאט
3 זִיא גֶעבּוּנְדֶען טוֹיזֶענְד יָאהְר: אוּנְד עֶר הָאט זִיא אַרֵיינְ־
גֶעוָוארְפֶען אִים אָפְּגְרוּנְד, אוּנְד הָאט אִיבֶּער זִיא פֶערְ־
שְׁלָאסֶען אוּנְד גֶעלֶעגְט אַ זִיגֶעל, כְּדֵי זִיא זָאל נִיט
מֶעהְר דִיא גוֹיִם פֶערְפִיהְרֶען בִּיז דִיא טוֹיזֶענְד יָאהְר
וֶועלֶען גֶעעֶנְדִיגְט וֶוערֶען, דֶערְנָאךְ מוּז זִיא אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען
וֶוערֶען פַאר אַ קְלֵיינֶע צֵייט:
4 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען שְׁטוּהְלֶען אוּנְד זֵייא זֶענֶען
אוֹיף זֵייא גֶעזֶעסֶען, אוּנְד דָאס מִשְׁפָּט אִיז זֵייא גֶעגֶע־
בֶּען, אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא נְשָׁמוֹת פוּן דִיא
וָואס זֶענֶען גֶעקֶעפְּט גֶעוָוארֶען וֶועגֶען דֶעם צֵייגְנִים
פוּן יֵשׁוּעַ אוּנְד וֶועגֶען דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, אוּנְד וָואס
הָאבֶּען זִיךְ נִיט גֶעבִּיקְט צוּ דֶער חַיָה אוּנְד נִיט צוּ
אִיהְר בִּילְד, אוּנְד וָואס הָאבֶען נִיט אָנְגֶענוּמֶען דָאס צֵיי־
כֶען אוֹיף זֵייעֶר שְׁטֶערֶען אוּנְד אוֹיף זֵייעֶרע הַאנְד.
אוּנְד זֵייא הָאבֶען גֶעלֶעבְּט, אוּנְד הַאבֶּען מִיט דֶעם מָשִׁיחַ

5 גֶעהֶערְשְׁט טוֹיזֶענְד יָאהְר: דִיא אִיבְּרִיגֶע טוֹיטֶע הָאבֶּען
נִיט גֶעלֶעבְּט בִּיז דִיא טוֹיזֶענְד יָאהְר הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט.
6 דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער אוֹיפְשְׁטַאנְד: גֶעבֶּענְשְׁט אוּנְד
הֵיילִיג אִיז דֶער וָועלְכֶער הָאט אַ טְהֵייל אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶע
אוֹיפְשְׁטַאנְד; אִיבֶּער דִיזֶע הָאט דֶער צְוֵוייטֶער טוֹיט
קֵיינֶע מַאכְט, נֵייעֶרְט זֵייא וָועלֶען זֵיין כֹּהֲנִים פוּן גָאט
אוּנְד פוּן דֶעם מָשִׁיחַ, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען מִיט אִיהְם
הֶערְשֶׁען דִיא טוֹיזֶענְד יָאהְר:
7 אוּנְד וֶוען דִיא טוֹיזֶענְד יָאהְר זֶענֶען גֶעעֶנְדִיגְט וֶועט
8 דֶער שָׂטָן פְרֵייא גֶעמַאכְט פוּן זֵיין גֶעפֶענְגְנִיס: אוּנְד
עֶר וֶועט אַרוֹיסְגֶעהֶען צוּ פֶערְפִיהְרֶען דִיא גוֹיִם וָואס
זֶענֶען אִין דִיא פִיעֶר עֶקֶען פוּן דֶער עֶרְד, גוֹג אוּנְד
מָגוֹג, זֵייא אֵיינְצוּזַאמְלֶען צוּ דִיא מִלְחָמָה, וָואס זֵייעֶר
9 צָאהְל אִיז אַזוֹי וִויא דֶער זַאנְד פוּן דֶעם יַם: אוּנְד
זֵייא זֶענֶען אוֹיפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער בְּרֵייט פוּן דֶער
עֶרְד, אוּנְד הָאבֶּען אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט דִיא מַחֲנֶה פוּן דִיא
הֵיילִיגֶע אוּנְד דִיא גֶעלִיבְּטֶע שְׁטָאט, אוּנְד עֶס אִיז
אַרוּפְגֶעקוּמֶען פֵייעֶר פוּן דֶעם הִימֶעל, אוּנְד הָאט זֵייא
10 פֶערבְּרֶענְט: אוּנְד דֶער שָׂטָן וָואס הָאט זֵייא פֶערְפִיהְרְט
אִיז אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶעוָוארֶען אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר
אוּנְד שְׁוֶועבֶּעל, וְואוּ דִיא חַיָה אוּנְד דֶער פַאלְשֶׁער
נָבִיא זֶענֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען וֶוערֶען גֶעפֵּיינִיגְט טָאג
אוּנְד נַאכְט פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט:
11 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ גְרוֹיסֶען וַוייסֶען שְׁטוּהְל,
אוּנְד דֶעם וֶועלְכֶער אִיז דְרוֹיף גֶעזֶעסֶען, אוּנְד פוּן
זֵיין פָּנִים זֶענֶען דִיא הִימֶעל אוּנְד עֶרְד אֶנְטְלָאפֶען,
אוּנְד עֶס אִיז פַאר זֵייא נִיט קֵיין אָרְט גֶעפִינֶען גֶע־
12 וָוארֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא טוֹיטֶע, דִיא
גְרוֹיסֶע אוּנְד דִיא קְלֵיינֶע, שְׁטֶעהֶען פָאר דֶעם שְׁטוּהְל,
אוּנְד דִיא בִּיכֶער זֶענֶען אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען; אוּנְד
אֵיין אַנְדֶערֶעס בּוּךְ אִיז אוֹיפְגֶעמַאכְט גֶעוָוארֶען, דָאס
אִיז דָאס סֵפֶר הַחַיִים; אוּנְד דִיא טוֹיטֶע זֶענֶען גֶעמִשְׁפָּט
גֶעוָוארֶען נָאךְ זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים אוֹיס דִיא זַאכֶען וָואס
13 זֶענֶען אִין דִיא בִּיכֶער גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוָוארֶען: אוּנְד דָאס

יַם הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע וָואס זֶענֶען אִין
אִיהְם, אוּנְד דֶער טוֹיט אוּנְד דֶער שְׁאוֹל הָאבֶּען אַרוֹיסְ־
גֶעגֶעבֶּען דִיא טוֹיטֶע וָואס זֶענֶען אִין זֵייא, אוּנְד אִיטְ־
לִיכֶער מֶענְשׁ אִיז גֶעמִשְׁפָּט גֶעוָוארֶען נָאךְ זֵיינֶע מַעֲשִׂים:
14 אוּנְד דֶער טוֹיט אוּנְד דֶער שְׁאוֹל זֶענֶען אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען
גֶעוָוארֶען אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר; דָאס אִיז דֶער צְוֵוייטֶער
15 טוֹיט: אוּנְד וֶוען אֵיינֶער אִיז נִיט גֶעפִינֶען אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען
אִים בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען דֶער אִיז אַרֵיינְגֶעוָוארְפֶען גֶע־
וָוארֶען אִים טֵייךְ פוּן פֵייעֶר:

## קאפיטעל כא

1 אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַ נֵייעֶן הִימֶעל אוּנְד אַ נֵייעֶ
עֶרְד, וָוארִין דֶער עֶרְשְׁטֶער הִימֶעל אוּנְד דִיא עֶרְשְׁטֶע
עֶרְד זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען, אוּנְד דָאס יַם אִיז נִיט מֶעהְר
2 פַארְהַאנֶען: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט
דָאס נֵייעֶ יְרוּשָׁלַיִם אַרוּפְּקוּמֶען פוּן דֶעם הִימֶעל פוּן
גָאט. אָנְגֶעבְּרֵייט גְלֵייךְ וִויא אַ כַּלָה וֶועלְכֶע אִיז גֶע־
3 צִיעֶרְט פַאר אִיהְר מַאן: אוּנְד אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַ
הוֹיךְ קוֹל פוּן דֶעם שְׁטוּהְל זָאגֶען, זֶעה דָאס מִשְׁכָּן פוּן
גָאט אִיז מִיט מֶענְשֶׁען, אוּנְד עֶר וֶועט מִיט זֵייא
וְואוֹינֶען, אוּנְד זֵייא וֶועלֶען זֵיין זֵיין פָאלְק, אוּנְד גָאט
אַלֵיין וֶועט מִיט זֵייא זֵיין, אוּנְד וֶועט זֵיין זֵייעֶר גָאט:
4 אוּנְד עֶר וֶועט אָפְּוִוישֶׁען אַלֶע טְרֶערֶען פוּן זֵייעֶרֶע
אוֹיגֶען, אוּנְד עֶס וֶועט נִיט מֶעהְר זֵיין קֵיין טוֹיט, אוּנְד
אוֹיךְ קֵיין קְלָאג, אוּנְד אוֹיךְ קֵיין גֶעשְׁרֵייא, אוּנְד אוֹיךְ
קֵיין פֵּיין; וָוארִין דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאכֶען זֶענֶען פֶערְגַאנְגֶען:
5 אוּנְד דֶער וֶועלְכֶער אִיז גֶעזֶעסֶען אוֹיףְ דֶעם שְׁטוּהְל
הָאט גֶעזָאגְט, זֶעה אִיךְ מַאךְ אַלֶע זַאכֶען נֵייא. אוּנְד
עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, שְׁרֵייבּ, ווייל דִיזֶע וֶוערְטֶער
6 זֶענֶען גֶעטְרֵייא אוּנְד וָואהְרְהַאפְטִיג: אוּנְד עֶר הָאט צוּ
מִיר גֶעזָאגְט, זֵייא זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶען, אִיךְ בִּין דִיא „א״
אוּנְד דִיא „ת״, דֶער אָנְהוֹיבּ אוּנְד דָאס עֶנְד; צוּ דֶעם
וָואס אִיז דוּרְשְׁטִיג וֶועל אִיךְ גֶעבֶּען פוּן דֶעם קְוַואל
7 פוּן דֶעם וַואסֶער פוּן לֶעבֶּען אוּמְזִיסְט: דֶער וָואס
אִיבֶּערְוֶועלְטִיגְט וֶועט יַרְשֶׁענֶען דִיזֶע זַאכֶען, אוּנְד אִיךְ

וֶועל זַיין זַיין גָאט, אוּנְד עֶר וֶועט זַיין מֵיין זוּהְן:
8 אָבֶּער דִיא פָּארְכְטְזַאמֶע, אוּנְד אוּנְגְלוֹיבִּיגֶע, אוּנְד אוּנְ־
ווִירְדִיגֶע, אוּנְד מֶערְדֶער, אוּנְד נוֹאֲפִים, אוּנְד צוֹיבֶּערֶער,
אוּנְד גֶעצֶענְדִינֶער, אוּנְד אַלֶע לִיגְנֶער וֶועלֶען הָאבֶּען
זַייעֶר טְהֵייל אִים טֵייךְ וָואס בְּרֶענְט מִיט פֵייעֶר אוּנְד
שְׁוֶועבֶּעל וָואס אִיז דֶער צְוֵויייטֶער טוֹיט:
9 אוּנְד אֵיינֶער פוּן דִיא זִיבֶּען מַלְאָכִים וֶועלְכֶע הָאבֶּען
גֶעהַאט דִיא זִיבֶּען שָׁאלֶען, וָואס זֶענֶען אָנְגֶעפִילְט מִיט
דִיא זִיבֶּען לֶעצְטֶע פְּלָאגֶען, אִיז גֶעקוּמֶען, אוּנְד הָאט מִיט
מִיר גֶערֶעט אוּנְד גֶעזָאגְט, קוּם אִיךְ וֶועל דִיר וֵוייזֶען דִיא
10 כַּלָה, דָאס וֵוייבּ פוּן דֶעם לַאם: אוּנְד עֶר הָאט מִיךְ
אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט אִים גֵייסְט צוּ אַ גְרוֹיסֶען אוּנְד הוֹיכֶען
בַּארְג, אוּנְד הָאט מִיר גֶעווִיזֶען דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטָאט, דָאס
הֵיילִיגֶע יְרוּשָׁלַיִם אַרוּפְּקוּמֶען פוּן גָאט פוּן דֶעם הִימֶעל:
11 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט; אִיהְר
לִיכְט אִיז גְלֵייךְ גֶעוֶועזֶען צוּ אַ זֶעהְר טְהֵייעֶרֶען שְׁטֵיין,
אַזוֹי ווִיא צוּ אַ יַשְׁפֵה שְׁטֵיין, לוֹיטֶער ווִיא קְרִיסְטָאל:
12 אוּנְד זִיא הָאט גֶעהַאט אַ גְרוֹיסֶע אוּנְד הוֹיכֶע מוֹיעֶר מִיט
צְוֶועלְף טוֹיעֶרֶען, אוּנְד אִיבֶּער דִיא טוֹיעֶרֶען זֶענְעֶן
גֶעוֶועזֶען צְוֶועלְף מַלְאָכִים, אוּנְד נֶעמֶען גֶעשְׁרִיבֶּען
וָואס זֶענֶען דִיא צְוֶועלְף נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלְף שְׁבָטִים
13 פוּן יִשְׂרָאֵל: פוּן מִזְרַח דְרֵייא טוֹיעֶרֶען, אוּנְד פוּן צָפוֹן
דְרֵייא טוֹיעֶרֶען, אוּנְד פוּן דָרוֹם דְרֵייא טוֹיעֶרֶען, אוּנְד פוּן
14 מַעֲרָב דְרֵייא טוֹיעֶרֶען: אוּנְד דִיא מוֹיעֶר פוּן דִיא שְׁטָאט
הָאט גֶעהַאט צְוֶועלְף גְרוּנְדְשְׁטֵיינֶער, אוּנְד אִיבֶּער זֵייא
דִיא צְוֶועלְף נֶעמֶען פוּן דִיא צְוֶועלְף אַפָּאסְטֶעל פוּן דֶעם
לַאם:
15 אוּנְד דֶער וָואס הָאט מִיט מִיר גֶערֶעט הָאט גֶעהַאט אַ
גָאלְדֶענֶעם רָאהְר פַאר אַ מָאָס, כְּדֵי עֶר זָאל מֶעסְטֶען דִיא
16 שְׁטָאט אוּנְד אִיהְרֶע טוֹיעֶרֶען אוּנְד אִיהְרֶע מוֹיעֶר: אוּנְד
דִיא שְׁטָאט אִיז פִיעֶר עֶקֶעדִיג אוּנְד אִיהְרֶע לֶענְג אִיז אַזוֹי
גְרוֹיס ווִיא אִיהְרֶע בְּרֵייט. אוּנְד עֶר הָאט דִיא שְׁטָאט
גֶעמָאסְטֶען מִיט דֶעם רָאהְר בִּיז צוּ צְוֶועלְף טוֹיזֶענְד
אַקֶער; אִיהְרֶע לֶענְג אוּנְד אִיהְרֶע בְּרֵייט אוּנְד אִיהְרֶע הוֹיךְ

17 זֶענֶען גְלֵייךְ גֶעװֶעזֶען: אוּנְד עֶר הָאט גֶעמָאסְטֶען אִיהְרֶע
מוֹיעֶר אוֹיף הוּנְדֶערְט אוּנְד פִיעֶר אוּנְד פִירְצִיג אֵיילֶען,
18 דָאס מָאָס פוּן אַ מֶענְשׁ, דָאס אִיז פוּן אַ מַלְאָךְ: אוּנְד
דָאס בּוֹיאוֶוערְק פוּן אִיהְרֶע מוֹיעֶר אִיז גֶעװֶעזֶען יַסְפִּים,
אוּנְד דִיא שְׁטָאט אִיז רֵיינֶעס גָאלְד, גְלֵייךְ װִיא קְלָאר
19 גְלָאז: דִיא גְרוּנְדְשְׁטֵיינֶער פוּן דֶער מוֹיעֶר פוּן דֶער
שְׁטָאט זֶענֶען גֶעצִיעֶרְט גֶעװֶעזֶען מִיט אַלֶערְלֵייא
טְהֵייעֶרֶע שְׁטֵיינֶער; דֶער עֶרְשְׁטֶער גְרוּנְדְשְׁטֵיין אִיז
גֶעװֶעזֶען יַאסְפִּיס, דֶער צְװֵייטֶער סַאפִּיר, דֶער דְרִיטֶער
20 כַּאלְצִידוֹן, דֶער פִיעֶרְטֶער סְמַארְגַאד: דֶער פִינְפְטֶער
סַארְדָאנִיקְס, דֶער זֶעקְסְטֶער סַארְדִיאָס, דֶער זִיבֶּעטֶער
כְּרִיזָאלִיט, דֶער אַכְטֶער אַ פֶּערִיל, דֶער נֵיינְטֶער אַ
טָאפַּאז, דֶער צֶעהְנְטֶער כְּרִיסָאפְּרַאס, דֶער עֶלְפְטֶער
21 הִיאַצִינְט, דֶער צְװֶעלְפְטֶער אַמֶעטְהִיסְט: אוּנְד דִיא
צְװֶעלְף טוֹיעֶרְן זֶענֶען גֶעװֶעזֶען צְװֶעלְף פֶּערִיל; יֶעדֶעס
טוֹיעֶר אִיז גֶעװֶעזֶען פוּן אֵיין פֶּערִיל. אוּנְד דִיא גַאס
פוּן דֶער שְׁטָאט אִיז גֶעװֶעזֶען רֵיינֶעס גָאלְד, גְלֵייךְ װִיא
שֵׁיינֶענְדִיגֶעס גְלָאז:
22 אוּנְד אִיךְ הָאבּ דְרִינֶען נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין טֶעמְפֶּעל;
װָארִין דֶער הַאר גָאט, דֶער אַלְמֶעכְטִיגֶער, אוּנְד דָאס
23 לַאם זֶענֶען אִיהְר טֶעמְפֶּעל: אוּנְד דִיא שְׁטָאט בֶּעדַארְף
נִיט דִיא זוּן אוּנְד אוֹיךְ נִיט דִיא לְבָנָה, אַז זֵייא זָאלֶען
פַאר אִיהְר שֵׁיינֶען; װָארִין דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן גָאט
הָאט זִיא בֶּעלֵייכְטֶעט, אוּנְד דָאס לַאם אִיז אִיהְרֶע
24 לַאמְפֶּע: אוּנְד דִיא גוֹיִם װֶעלֶען אַרוּמְגֶעהֶען בֵּייא אִיהְר
לִיכְט, אוּנְד דִיא קֶענִיגֶע פוּן דֶער עֶרְד בְּרֶענְגֶען צוּ
25 אִיהְר זֵייעֶרֶע הֶערְלִיכְקֵייט: אוּנְד אִיהְרֶע טוֹיעֶרֶען
װֶעלֶען נִיט פֶערְשְׁלָאסֶען װֶערֶען בֵּייא טָאג, װָארִין עֶס
26 װֶעט דָא נִיט זֵיין קֵיינֶע נַאכְט: אוּנְד זֵייא װֶעלֶען צוּ
אִיהְר בְּרֶענְגֶען דִיא הֶערְלִיכְקֵייט אוּנְד דֶעם כָּבוֹד פוּן
27 דִיא גוֹיִם: אוּנְד עֶס װֶעט אִין אִיהְר נִיט אַרֵיינְקוּמֶען
קֵיינֶע אוּנְרֵיינֶע זַאכֶען, אוּנְד נִיט דֶער װָאס טְהוּט אוּנְ־
װִירְדִיגְקֵייטֶען אוּנְד זָאגְט לִיגֶען, נֵייעֶרְט דִיא װָאס זֶענֶען
אֵיינְגֶעשְׁרִיבֶּען אִים בּוּךְ פוּן לֶעבֶּען פוּן דֶעם לַאם:

## קאפיטעל כב

1 אוּנְד עֶר הָאט מִיר גֶעווִיזֶען אַ שְׁטְרוֹים פוּן וַואסֶער פוּם
לֶעבֶּען, לוֹיטֶער וִויא קְרִיסְטָאל, וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען
2 פוּן דֶעם שְׁטוּהְל פוּן גָאט אוּנְד פוּן דֶעם לַאם: אִין מִיטֶען
פוּן זַיינֶע גַאס אוּנְד פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען פוּן דֶעם שְׁטְרוֹים,
אִיז גֶעוֶועזֶען אַ בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, וָואס הָאט גֶעהַאט
צְוֶועלְף פֵּירוֹת, אוּנְד הָאט גֶעגֶעבֶּען זַיינֶע פֵּירוֹת יֶעדֶען
חֹדֶשׁ, אוּנְד דִיא בְּלֶעטֶער פוּן דֶעם בּוֹים זֶענֶען גֶעוֶועזֶען
3 פַאר דִיא רְפוּאָה פוּן דִיא גוֹיִם: אוּנְד עֶס וֶועט נִיט
מֶעהְר זַיין קֵיין חֵרֶם, אוּנְד דֶרינֶען וֶועט זַיין דֶער שְׁטוּהְל
פוּן גָאט אוּנְד פוּן דֶעם לַאם, אוּנְד זַיינֶע קְנֶעכְט וֶועלֶען
4 אִיהְם דִינֶען: אוּנְד זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען זַיין פָּנִים, אוּנְד
5 זַיין נָאמֶען וֶועט זַיין אוֹיף זַייעֶרֶע שְׁטֶערֶען: אוּנְד עֶס
וֶועט נִיט מֶעהְר קֵיינֶע נַאכְט זַיין, אוּנְד זַייא בֶּעדַארְפֶען
נִיט קֵיין לִיכְט פוּן אַ לַאמְפֶּע, אוּנְד נִיט קֵיין לִיכְט פוּן
דֶער זוּן, וָוארִין דֶער הַאר גָאט וֶועט אִיבֶּער זַייא לֵייכְטֶען,
אוּנְד זַייא וֶועלֶען הֶערְשֶׁען פוּן עֶבִּיגְקֵייט צוּ עֶבִּיגְקֵייט:
6 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, דִיזֶע וֶוערְטֶער זֶענֶען
גֶעטְרֵייא אוּנְד וָואהְרְהַאפְטִיג, אוּנְד דֶער הַאר גָאט פוּן
דִיא גֵייסְטֶער פוּן דִיא נְבִיאִים הָאט גֶעשִׁיקְט זַיין
מַלְאָךְ צוּ ווייזֶען צוּ זַיינֶע קְנֶעכְט דָאס וָואס מוּז בַּאלְד
7 גֶעשֶׁעהֶען: אוּנְד זֶעה, אִיךְ קוּם גֶעשְׁוִינְד. גֶעבֶּענְשְׁט
אִיז דֶער וֶועלְכֶער הִיט דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶער נְבוּאָה
פוּן דִיזֶעם בּוּךְ:
8 אוּנְד אִיךְ יוֹחָנָן, בִּין דֶער וָואס הָאבּ דִיזֶע זַאכֶען גֶעזֶעהֶען
אוּנְד גֶעהֶערְט, אוּנְד וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אוּנְד גֶע־
זֶעהֶען, בִּין אִיךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען מִיךְ צוּ בִּיקֶען פָּאר
דִיא פִּיס פוּן דֶעם מַלְאָךְ וָואס הָאט מִיר דִיזֶע זַאכֶען
9 גֶעווִיזֶען: אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, זֶעה, דוּא
זָאלְסְט עֶס נִיט טְהוּן; אִיךְ בִּין דַיין מִיטְקְנֶעכְט אוּנְד אַ
חַבֵר פוּן דַיינֶע בְּרִידֶער דִיא נְבִיאִים, אוּנְד פוּן דִיא וָואס
הִיטֶען דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיזֶען בּוּךְ; בִּיק דִיךְ צוּ גָאט:
10 אוּנְד עֶר הָאט צוּ מִיר גֶעזָאגְט, פֶערְזִיגֶעל נִיט דִיא וֶוערְ־
טֶער פוּן דֶער נְבוּאָה פוּן דִיזֶען בּוּךְ; וָוארִין דִיא צֵייט

11 אִיז נָאהֶענְט׃ דֶער וָואס טְהוּט אוּנְרֶעכְט לָאז עֶר וַוייטֶער
אוּנְרֶעכְט טְהוּן; אוּנְד דָער וָואס אִיז אוּנְרֵיין, לָאז עֶר
וַוייטֶער אוּנְרֵיין זַיין; אוּנְד דָער וָואס אִיז גֶערֶעכְט לָאז
עֶר וַוייטֶער גֶערֶעכְטִיגְקֵייט טְהוּן, אוּנְד דֶער וָואס אִיז
12 הֵיילִיג לָאז עֶר וַוייטֶער הֵיילִיג זַיין׃ זֶעה אִיךְ קוּם
גֶעשְׁווִינְד; אוּנְד מֵיין לוֹין אִיז מִיט מִיר, צוּ בֶּעצָאהְלֶען
13 צוּ יֶעדֶעם אַזוֹי וִויא זַיינֶע וֶוערְק וֶועלֶען זַיין׃ אִיךְ בִּין
דִיא „א״ אוּנְד דִיא „ת״, דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּנְד דֶער
14 לֶעצְטֶער, דֶער אָנְהוֹיבּ אוּנְד דָאס עֶנְד׃ גֶעבֶּענְשְׁט זֶענֶען
דִיא וֶועלְכֶע וַואשֶׁען זַייעֶרֶע קְלֵיידֶער, כְּדֵי זֵייא זָאלֶען
הָאבֶּען דִיא מַאכְט צוּ דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד זָאלֶען
15 אַרֵיינְקוּמֶען דוּרְךְ דִיא טוֹיעֶרֶען אִין דִיא שְׁטָאט׃ דְרוֹיסֶען
זֶענֶען דִיא הִינְד, אוּנְד דִיא צוֹיבֶּערֶער, אוּנְד דִיא הוּרֶער,
אוּנְד דִיא מֶערְדֶער, אוּנְד דִיא גֶעצֶענְדִינֶער, אוּנְד אִיטְלִי־
כֶער וָואס לִיבְּט אוּנְד טְהוּט לִיגֶען׃
16 אִיךְ יֵשׁוּעַ הָאבּ גֶעשִׁיקְט מֵיין מַלְאָךְ אַז עֶר זָאל אֵייךְ
דִיזֶע זַאכֶען בֶּעצֵייגֶען אִין דִיא קְהִלוֹת. אִיךְ בִּין דִיא
וְואוּרְצֶעל אוּנְד דֶער שְׁפְּרָאצֶען פוּן דָוִד, דֶער גְלֶענְצֶענְ־
דִיגֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערֶען׃
17 אוּנְד דֶער גֵייסְט אוּנְד דִיא כַּלָּה זָאגֶען קוּם. אוּנְד דֶער
וָואס הֶערְט לָאז עֶר זָאגֶען קוּם. אוּנְד דֶער וָואס אִיז
דוּרְשְׁטִיג לָאז עֶר קוּמֶען; דֶער וָואס וִויל לָאז עֶר נֶעמֶען
דָאס וַואסֶער פוּן לֶעבֶּען אוּמְזוּיסְט׃
18 אִיךְ בֶּעצֵייג צוּ אִיטְלִיכֶען וָואס הֶערְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן
דֶער נְבוּאָה פוּן דִיזֶען בּוּךְ; וֶוען אֵיינֶער וֶועט דֶערְצוּ
צוּזֶעצֶען, אִיהם וֶועט גָאט צוּזֶעצֶען דִיא פְּלָאגֶען וָואס
19 זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ׃ אוּנְד וֶוען אֵיינֶער
וֶועט אַוֶועקְנֶעמֶען פוּן דִיא וֶוערְטֶער פוּן דֶעם בּוּךְ פוּן
דִיזֶער נְבוּאָה, זַיין טְהֵייל וֶועט גָאט אַוֶועקְנֶעמֶען פוּן
דֶעם בּוֹים פוּן לֶעבֶּען, אוּנְד פוּן דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט,
פוּן דִיא זַאכֶען וָואס זֶענֶען גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִיזֶען בּוּךְ׃
20 דֶער וֶועלְכֶער הָאט דִיזֶע זַאכֶען בֶּעצֵייגְט הָאט גֶעזָאגְט,
21 יָא, אִיךְ קוּם גֶעשְׁווִינְד. אָמֵן; קוּם הַאר יֵשׁוּעַ׃ דִיא גְנָאד
פוּן אוּנְזֶער הַאר יֵשׁוּעַ זָאל זַיין מִיט אַלֶע הֵיילִיגֶע; אָמֵן׃

